THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE





MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Lomzshe, ir oyfḳum un unṭergang / redaḳṭor, H. Soboṭḳa ; iberz. fun Hebreish durkh Yaʿaḳov Ḳopl Brukhanski. |
| IMPRINT | 880-02 Nyu-Yorḳ : Ameriḳaner ḳomiṭeṭ farn Lomzsher Pinḳes, 1957. |
| DESCRIPT | xix, 371 p. : ill. ; 32 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Łomźa. |
| | Łomża (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Łomźa. |
| ADD'L NAME | Sobotko, H. |
| | Lewinsky, Yom-Tov, 1899- |
| ADD'L TITLE | Lomza, in memory of the Jewish community |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# לאָמזשע

## איר אויפקום און אונטערגאַנג

רעדאקטאר

ה. סאבאטקא

איבערזעצט פון העברעאיש דורך

יעקב קאָפּל ברוכאַנסקי

ארויסגעגעבן פון

אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פנקס

ניו־יאָרק — 1957

# שטאָט לאָמזשע



# LOMZA

## *In Memory of the Jewish Community*

*Editor:* H. SOBOTKO

*Translated from the Hebrew by* J. K. BRUCHANSKY

*Published by the*

AMERICAN COMMITTEE FOR LOMZER PINKOS




***Printed in the U. S. A. by***

**SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.**

**21 EAST 4TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.**



# פאררעדע

אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג צו דר. יום טוב לעווינסקי דרוקן מיר איבער טיילן
פון זיין פאָררעדע אין דעם העברעאישן בוך

„ווען עס זיינען אָנגעקומען די איוב־בשורות, אַז דאָס פוילישע אידנטום איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצי־ס מיט זייערע העלפערס, און לאָמזשער אידן אין כלל, האָט דאָס האַרץ געקרעמפּט און די נשמה געוויטיקט: האָט דער מלאך־המות טאַקע אַזוי געזיגט ביים אויסמעקן די עקזיסטענץ פון מיליאָנען מענער, פרויען און קינדער — אַ דריטל פון פאָלק־ישראל?!

דאַן איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צווישן די ביסל איבערגעבליבענע לאָמזשער אין מדינת ישראל אויפצושטעלן אַן אָנדענק נאָך אונזער לאָמזשע, אַ זכרון נאָך אירע גרויסע פערזענלעכקייטן און וויכטיקע אינסטיטוציעס. דאָס זאָל זיין דער יתום־קדיש נאָך דער מוטער־שטאָט, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן; דער נר־תמיד נאָך דער הייליקער קהלה, וואָס האָט זיך מוסר־נפש געווען אויף קידוש־השם; די אייביקע באַשולדיקונג קעגן דייטשישן פאָלק, וואָס האָט פאַרלוירן דעם צלם אלקים און זיך פאַרוואַנדלט אין בלויזע קינ׳ס. דער פאַרבאַנד פון „עולי לאָמזשע" אין ישראל האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אָט דעם אָנדענק־בוך, און די אַרבעט האָבן זיי מיר איבערגעגעבן.

מיט יראת הכבוד האָב איך אָנגענומען די אויפגאַבע, וויל ווער בין איך, וואָס זאָל קענען אַוועקשטעלן אַן אָנדענק נאָך דער דאָזיקער גרויסער קהלה? און ווי אַזוי וועל איך דאָס קענען אַרומנעמען די גאַנצע שטאָט? וויל אויך די קוואַלן פון וואַנען צו שעפּן מאַטעריאַל זיינען צעשטערט געוואָרן אין טאָטאַלן חורבן פון דער קהלה. ס׳איז דאָך נישט געבליבן קיין פּינקס אָדער דאָקומענטן; ס׳איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין די אַרכיוון פון די שטאָט־געריכטן, אָדער פון די רעגירונגס־אַמטן, וואו אין משך פון דורות איז געווען אויפגעזאַמלט דאָקומענטן, וואָס זיינען נוגע דער אידישער באַפעלקערונג! אויך האָבן געפעלט די מאַטעריעלע מיטלען פאַר דער דאָזיקער אונטערנעמונג, און פונדעסטוועגן, אין קעגנזאַץ צו די אַלע שוועריקייטן, איז דער ווילן אויפצושטעלן דעם בוך געווען אין מיר זייער גרויס. איך האָב געהאַט בטחון אין לאָמזשער עולים, אַז זייער ליבע צו זייער מוטער־שטאָט און זייער איבערגעגעבנקייט צו אירע פערזענלעכקייטן און אַנשטאַלטן וועלן מיר נישט אַנטוישן.

איך האָב זיך געווענדעט נאָך מאַטעריאַלן צו די עלטערע אידן אין און אויסער ישראל, וואָס זיינען פאַרבליבן נאָכן אומקום פון אינזערע ברידער און שוועסטער אין פוילן. איך האָב געזוכט און זיך געגריבלט אין צענדליקער זאַמלונגען און פעריאָדישע אויסגאַבן, וואו ס׳איז נאָר געווען אַ זכר פון לאָמזשע, דאָרטן צו געפינען, אָנהויבנדיק פון „המגיד" פון ליק, „הלבנון" אין ירושלים און „כרמל" פון ווילנע, וואָס זיינען דערשינען אין מיטן דעם 19טן יאָרהונדערט, און ענדיקנדיק מיט „לאָמזשער שטימע", דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין לאָמזשע מיט עקשנות און התמדה קרוב צו צוויי צענדליק יאָר דורך א. דאָמאָוויטש ז״ל.

און ווירקלעך, דאָרטן האָב איך געפונען אַ סך מאַטעריאַלן פון לאָמזשער משכילים, און פילנדיקע עלעמענטן, עסקנים און לערער, עלטערע און זיידענע יונגעלייט. דאָס זיינען שריפטן וועגן מחלוקת׳ן אין דער קהלה, וועגן אויפנעמען רבנים און שוחטים, וועגן גרינדן נייע חברה׳ס, דעם מצב פון חינוך און הכנסת אורחים, הספדים אויף וויכטיקע מענטשן און להבדיל איבער שריפות און גניבות, געריכט־פּראָצעסן און צופאַלן. אויך פון ענציקלאָפּעדיעס און לעקסיקאָנען, ביכער פון היסטאָריע און סטאַטיסטיק, האָב איך אַרויסגענומען ידיעות וועגן דער שטאָט און דער אידישער באַפעלקערונג, כראָניקעס און דאַטעס, צופאַלן און געשעענישן.

אין צוגאָב האָב איך זיך געווענדעט מיט אַ באַזונדערן פּראָספּעקט אין העברעאיש און אין אידיש, — אַרויסגעגעבן דורכן קאָמיטעט פאַרן אָנדענק־בוך, צו אַלע לאָמזשער אין ישראל און אין אַנדערע לענדער, וואָס אַ טייל פון אים איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער אידישער פּרעסע פון אַלע לענדער: „גיט מאַטעריאַלן פאַרן בוך. שרייבט אין וועלכער שפּראַך עס איז אייך צום לייכטסטן; שרייבט זכרונות, ידיעות וואָס איר ווייסט, אָדער איר האָט געהערט וועגן לאָמזשער אידן, זייערע אָנשטאַלטן און זייערע טעטיקייטן".

צו דעם מאַטעריאַל וואָס איז אויפגעקליבן געוואָרן האָב איך צוגעגעבן מיינע ידיעות און זכרונות פון די צען יאָר, וואָס איך האָב געהאַט די זכיה צו וואוינען אין דער הייליקער קהילה, לאָמזשע, אין די יאָרן 1910׳—1900 און אויך אין דעם סך־הכל פון דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס איך האָב אויפגעקליבן אין שריפט און בעל־פּה. דאָס אַלץ איז געאָרדנט און סאָרטירט געוואָרן, איבערזעצט און סטיליִרט, איבערגעאַרבעט און איבערגעשריבן געוואָרן אין משך פון 6־7 יאָר. דאָס זיינען געווען יאָרן פון שווערער אַרבעט, ווייניק שלאָף און רו, אָבער אויך צייטן פון גייסטיקער צופרידנשטעלונג און שאַפונגס־פרייד, פון הייליקן געבאָט, וואָס האָט כסדר מיך געוועקט און גערופן: „דו דאַרפסט ענדיקן די אַרבעט!"

„...אין מיין אַרבעט פון צונויפשטעלן דאָס בוך, האָב איך זיך געשטעלט איין ציל: אַרומצונעמען די גאַנצע שטאָט און אירע שכונות, דעם כלל און דעם פּרט, דעם יחסן און דעם עמך־מענטש. אָן קיינע אונטערשיידן אין שטאַנד אָדער פּאַרטיי — אַלע זיינען גלייך וויכטיק.

זאַ סך מי האָב איך אַריינגעלייגט ביים אויפקלייבן און קאָנצענטרירן די בילדער פון פערזענלעכקייטן און פון גרופּען, לאַנדסמאַנשאַפטן און גאַסן, געזעלשאַפטלעכע געביידעס און אָנשטאַלטן. איך האָב געוואָלט, אַז טויזנטער אויגן פון לאָמזשער זאָלן קוקן אויף דעם לייענער פון דעם בוך, זיי זאָלן אַרויסברענגען זיינע דעראינערונגען און אויפלעבן דאָס פאַרגעסענע, זיי זאָלן פאָדערן דין־וחשבון פאַר דאָס פאַרגאָסענע בלוט".

„...ווי שוין געזאָגט, האָב איך זיך באַמיט איבערצוגעבן יעדע זאַך און נאָמען פון וועמען איך האָב עס געהערט, און מייסטענס צוגעבן זיין בילד. אין אַ סך פאַלן, וואו עס ווערט נישט דערמאָנט דער .נאָמען פון איבערגעבער — קומט עס פון שרייבער פון בוך".

„...דאָס יזכור־בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין העברעאיש — אין דער שפּראַך וואָס פאַראייניקט אונז אין מדינת ישראל און פאַרבינדט דעם דור מיט די יונגע דורות אונזערע, וועלכע פאַרשטייען נאָר העברעאיש, אויך אַ סך איבער דער וועלט, וועלכע לייענען גערן לשון קדש. די צווייטע אויפלאַגע וועט אַרויסגעגעבן ווערן אין אידיש".

דר. יום־טוב לעווינסקי

# אַמעריקאַנער קאָמיטעט
# פאַרן
# לאָמזשער פינקס

מ. ווייס ........................ פּאַרזיצער

ווּם. סיימאַן ........................ טרעזשורער

ה. סאָבאָטקאַ ........................ רעדאַקטאָר

מ. אַפּעלבאַום ........................ סעקרעטאַרין

רבי נ. ארענסאָן
סעם אַלפּערט
ס. אַלפּערן
נ. אַפּעלבאַום
דזש. באָבראָוו
ש. ביאַלי
ש. ברוכאַנסקי
מ. בריסמאַן
מ. גאָלדין
ה. גראָסמאַן
מ. דאַלאָוויץ

ש. וויליטש
ר. טאָקער
מ. טאָקער
ר. לעווטאַהן
מ. מאַרגאָלים
א. סאָבאָטקאַ
ס. סייבל
פ. סייבל
ס. פיגאַ
ל. קעלער
א. קרעמער

מ. ראָזען

## רעדאַקציע־קאָמיטעט

**ה. סאָבאָטקאַ**, רעדאַקטאָר

**ש. ווייס** — **ווּם. סיימאַן**

**מ. ראָזען** — **ש. ברוכאַנסקי**

# דערקלערונג פון אמעריקאנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פּנקס

ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אין ארץ־ישראל אַ קאָמיטעט אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך נאָך לאָמזשע, זיינען מיר געווען זייער צופרידן. מיר האָבן געפילט, אַז דאָס איז אַ הייליקע אַרבעט. ווער, אויב נישט מיר, זיינען געווען פאַרפליכטעט צו פאַראייביקן אונזער היימשטאָט?

מיר האָבן געמאַכט יעדע אָנשטרענגונג באַהילפיק צו זיין דעם ישראל־קאָמיטעט פינאַנציעל, לויט די מעגלעכקייטן וואָס מיר האָבן דאָ געקענט שאַפן. מיר האָבן אויך געמוטיקט אונזערע לאַנדסלייט דאָ אין אַמעריקע אַז זיי זאָלן שיקן אַרטיקלען, באַשרייבונגען, זכרונות, בילדער און אַנדערע מאַטעריאַלן וואָס קענען באַנוצט ווערן אין בוך.

דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן אין העברעאיש. עס איז אָבער געווען אַ נויטווענדיקייט דאָס צו האָבן אין אידישער איבערזעצונג, ווייל מיר זיינען איבערצייגט אַז די שפּראַך־פראַגע וועט זיין אַ גרויסער פאַקטאָר אין דעם דערפאָלג פון אַזאַ יזכור־בוך איבער דער וועלט. טאַקע דערפאַר ווייל דאָס איז אַזאַ גלענצנדער בוך האָבן מיר געוואָלט אַז אַלע זאָלן אים קענען לייענען און פאַרשטיין.

ווען דער העברעאישער בוך איז דערשינען האָבן מיר זיך נאָך מער איבערצייגט, אַז גערעכט זיינען געווען די טוער פון דעם „פאַרבאַנד פון לאָמזשער לאַנדסלייט אין ישראל“, ווען זיי האָבן געזאָגט אין זייער דערקלערונג, אַז:

„דער יזכור־בוך נאָך דער שטאָט לאָמזשע איז אַ נר תמיד, וואָס וועט נישט אויסגיין. דאָס בוך איז אַן אמת׳ער אוצר. אין אים זיינען פאַראייביקט אַלע גוטע און שיינע מידות פון דער לאָמזשער קהילה, אירע מנהגים און דער לעבנס־שטייגער, לויט וועלכן די לאָמזשער אידן האָבן זיך געפירט. אין דעם בוך ווערט דערציילט וועגן דער געשיכטע פון דער קהילה, אירע מאָמענטן און שטרייטיקייטן, ביאָגראַפיעס פון וויכטיקע פערזענלעכקייטן, שילדערונגען און כאַראַקטעריסטיקס פון אַ ריי פאָלקס־מענטשן. אין דעם בוך ווערט געשילדערט דער אויפקום און אונטערגאַנג פון דער ק״ק לאָמזשע, און דאָס אַלץ איז די פרוכט פון דער מחשבה און פעדער, ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, איניציאַטיוו און פלייס, מי און צייט פון איין איינציקן לאָמזשער, דר. יום טוב לעווינסקי.

גלייך ביים ערשטן אָנבליק אויפן ספר דערזעט מען דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון לאָמזשע. מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם, מיט אַ ציטער אין האַרצן, ווערן געלייענט די קאַפּיטלעך געשיכטע פון דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און מיט טיפן טרויער, מיט צער און ווייטיק ווערט מען דורכגענומען פון די באַשרייבונגען וועגן חורבן לאָמזשע. מיר באַגלייטן אונזערע מאַרטירער פון דער געטאָ ביז צו די וועלדער פון געלצין, צו די זעמבראָווער קאַזאַרמעס און צו די קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ (אָשווענטשים). פון די שילדערונגען וועגן דער פאַרטיליקונג, פון די עדות ביי דער פאַרניכטונג שרייט אַרויס פון די טיפענישן פון דער נשמה און עס קלינגט אָפּ איבער דער גאַנצער וועלט דער געשריי פון די קדושים: „ערד, זאָלסט נישט צודעקן אונזער בלוט“.

פון די אָפּגרונטן פון פאַרוויסטונג שוועבט פאַרביי אונזערע אויגן דאָס אויסזען פון דער שטאָט, אירע מענטשן, געביידעס און אינסטיטוציעס. אַ טיפע בענקשאַפט דערוועקט זיך נאָך יענע צייטן. עס ווילט זיך ווידער קומען אין גייסטיקן קאָנטאַקט מיט יענע מענטשן און געניסן פון דער לויטערקייט פון זייער תורה און חכמה. מיר פילן אַ טיפע אינערלעכע באַפרידיקונג, וואָס ס׳האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוברענגען פאַר דער אידישער עפנטלעכקייט כאָטש אַ קליינעם טייל פון לעבן פון דער לאָמזשער קהילה און פאַרהיטן דאָס אין אונזער זכרון פון אָפּגעמעקט ווערן און פון פאַרגעסן ווערן אויף אייביק.

עס איז נויטיק געווען אַזאַ בוך. לאָמזשע האָט נישט געטאָרט פאַרגעסן ווערן. דער דאָזיקער ציל איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט און אומבאַגרענעצטער מי וואָס עס האָט אַריינגעטאָן אין דעם דער אָריגינעלער מחבר פון דעם בוך, דער געלערנטער דר. יום טוב לעווינסקי. מיר, דער לעצטער דור לאָמזשער, וועלכער איז נאָך נאָענט צו אים און צו זיין קאָלאָסאַלער אַרבעט, קענען נישט אָפּשאַצן די דאָזיקע דערגרייכונג. דאָס איז פאַר די דורות וואָס וועלן קומען נאָך אונז צו טאָן. זיי וועלן בעסער און מער פאַרהערלעכן די דאָזיקע אַרבעט. פון אונזערע אַלעמענס הערצער קוועלט אָבער אַרויס אַ תפילה פאַר לעווינסקי׳ן, ער זאָל נאָך פיל יאָרן זוכה זיין צו זען די פרוכט פון זיין ליטעראַרישער שאַפונג“.

מיר, דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פּנקס, זיינען פולשטענדיק מסכים מיט אַלץ וואָס עס איז אויבן געזאָגט געוואָרן אי וועגן בוך אי וועגן זיין רעדאַקטאָר דר. לעווינסקי. מיר דריקן אים אויך אויס אונזערע געפילן פון דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג פאַר זיין גרויסן אויפטו. אָבער פון דער ערשטער מינוט וואָס מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן די פּלענער פאַר דעם העברעאישן בוך איז גלייך געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון אַרויסגעבן דעם בוך אין אַ אידישער איבערזעצונג.

מיט אמת׳דיקן יראת הכבוד און מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן דערמאָנען מיר דעם נאָמען פון פאָטער פון דעם געדאַנק אַרויסצוגעבן דעם יזכור־בוך אין אידישער איבערזעצונג, דעם נאָמען פון דר. אברהם גראָסמאַן. ער האָט נישט דערלעבט צו זען זיין באַגער פאַרווירקלעכט. זיין גייסט האָט אונז אָבער באַגלייט די גאַנצע צייט. אין זיין אָנדענק האָבן מיר געפילט אַ פאַרפליכטונג זיין אָנגעהויבענע אַרבעט צו פאַרענדיקן.

שווער איז געווען די אונטערנומענע אַרבעט. קודם כל האָבן מיר געדאַרפט פּאָפּולער מאַכן צווישן די לאָמזשער לאַנדסלייט אין אַמעריקע די אידייע פון אַזאַ בוך. מ׳האָט געדאַרפט דערוועקן

אין זיי אַ פֿאַרלאַנג צו האָבן אַזאַ ספר הזכרונות. די הויפּט שוועריקייט איז אָבער געווען — שאַפֿן די נויטיקע געלט־מיטלען אַזאַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג דורכצופֿירן.

לאַנג האָט געדויערט ביז מיר האָבן געקענט טראַכטן ממשות׳דיק וועגן גיין צום דרוק. מיר האָבן נישט געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אַ נייעם בוך; מיר האָבן בלויז געוואָלט איבערזעצן דעם העברעאישן מיט עטלעכע צוגאָבן און ענדערונגען. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת האָבן מיר געמוזט קומען צום באַשלוס, אַז דער איינציקער וועג וואָס קען מאַכן פֿינאַנציעל מעגלעך דעם בוך צו איבערזעצן און אַרויסגעבן איז ווען מיר וועלן דעם בוך פֿאַרקירצן בלייבנדיק טריי דעם אָריגינאַל. זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערן, — און מיר ווילן דאָס אונטערשטרייכן אַזוי קלאָר און שטאַרק ווי נאָר מעגלעך, — אַז עס קומט אַ גרויסן דאַנק דעם ישראל־קאָמיטעט און דר. לעווינסקי פֿאַר צושיקן אונז די קלישעס (קאַטס). ווען נישט דאָס וואָלטן מיר נישט געקענט טראַכטן וועגן אַרויסגעבן די אידישע איבערזעצונג פֿון לאָמזשער בוך אפילו אין אַ פֿאַרקירצטער פֿאָרם. מיר זיינען זיי זייער דאַנקבאַר פֿאַר דעם.

אפילו ווען מיר האָבן שוין ענדלעך באַשלאָסן דאָס איבערצוגעבן צו אַן איבערזעצער און געשלאָסן אַ קאָנטראַקט מיטן דרוקער, זיינען מיר נאָך געווען גאַנץ ווייט פֿון צו האָבן די נויטיקע סומע געלט וואָס עס פֿאָדערט זיך פֿאַר דעם. מיר האָבן אָבער לענגער נישט געטאָרט און נישט געוואָלט וואַרטן. פֿילנדיק אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צו די אָבאָנענטן, האָבן מיר נישט געוואָלט אַז עס זאָל זיך אפילו אויף איין מאָמענט אַריינ׳גנב׳ענען אַ געדאַנק צווישן די לאַנדסלייט, אַז די אידישע איבערזעצונג צו וועלכער זיי האָבן בייגעשטייערט וועט שוין קיינמאָל נישט דערשיינען.

צוליב אַ סך סיבות האָבן מיר געפֿונען פֿאַר נויטיק דאָס איבערצוזעצן אין אַמעריקע און מיר האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט אונזער חשוב׳ן בן־עיר קאָפּל ברוכאַנסקי, אַז ער זאָל אין אַ פֿאַר־קירצטער פֿאָרם איבערזעצן דעם העברעאישן בוך אין אידיש. ער האָט די אַרבעט געטאָן מיט התמדה און מיט פֿלייס. ער האָט דורכגעלעבט און מיטגעלעבט די אַלע פּאַסירונגען. אים איז געווען באַקאַנט יעדער ווינקל. ווען די איבערזעצונג איז געווען פֿאַרענדיקט האָבן מיר זיך איבערצייגט אַז די איבערזעצונג, כאָטש אַ פֿרייע, איז אָבער געווען פֿולשטענדיק געטריי דעם אָריגינאַל.

אַלס רעדאַקטאָר האָבן מיר באַשטימט איינעם פֿון די אָנגעזעענסטע טוער אין דער אידישער אַרבעטער און קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע, אונזער בן־עיר העניך סאָבאָטקאַ. ער האָט אַרויסגערופֿן אונזער אַלעמענס באַוואונדערונג מיט זיין איבערגעגעבנקייט, פֿלייס און באַהאַוונט־קייט אין דער אַרבעט פֿון צוזאַמענשטעלן דעם ספר. זיין גלענצנדיקע אַרבעט האָט פֿולשטענדיק באַרעכטיקט דעם אויסוואַל. סאָבאָטקאַ האָט זיך דערהויבן צו דער הויך פֿון זיין אויפֿגאַבע, האָט דורכגעפֿירט זיין אַרבעט גלענצנד און מייסטערהאַפֿטיק, און פֿון אונטער זיינע הענט איז אַרויס־געקומען אַ בוך, מיט וועלכן מיר קענען באמת שטאָלצירן.

פֿאַרצייכענען מיר דאָ מיט שטאָלץ און פֿאַרגעניגן אונזער טיפֿסטע אָנערקענונג און דאַנק־באַרקייט דעם חשוב׳ן לאָמזשער לאַנדסמאַן העניך סאָבאָטקאַ און ווינטשן אים לאַנגע, געזונטע און פֿרוכטבאַרע יאָרן אין זיין פֿאַרצווייגטער געזעלשאַפֿטלעכער און קולטור־טעטיקייט.

דער קאָמיטעט האָט אויך דורכגעמאַכט פֿאַרשידענע מאָמענטן. געווען צייטן ווען פֿאַר־צווייפֿלונג האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, אָבער עס האָבן זיך שטענדיק געפֿונען געציילטע וואָס האָבן נישט אויפֿגעגעבן די האָפֿענונג און געמוטיקט אַנדערע. זיי האָבן די גאַנצע צייט אומ־דערמידלעך געאַרבעט צו שאַפֿן די נויטיקע פֿאָנדן און פּאָפּולער מאַכן דעם געדאַנק צווישן די לאָמזשער אין אַמעריקע ווי וויכטיק עס איז צו פֿאַרענדיקן די אונטערנומענע מיסיע. זיי אַלעמען קומט דער גרעסטער שבח.

עס קומט אַ דאַנק צו פֿרוי מ. מאַרגאָליס, די ערשטע און לאַנג־יאָריקע סעקרעטאַרין פֿון קאָמיטעט; צו מאַלי אַפּעלבאַום, די איצטיקע סעקרעטאַרין;

צו הערשל פֿאַניץ און י. טאָביאַש פֿאַר די בילדער פֿון חורבן וואָס זיי האָבן בייגעטראָגן און געגעבן אונז אַ מעגלעכקייט צו זען אונזער חרוב־געוואָרענע היימשטאָט. די בילדער האָבן זיי גענומען ריזיקירנדיק דערביי מיט זייער לעבן; צו יוסף זיידענשטאַט פֿאַר די בילדער גענומען אין ישראל און צו אַלע איבעריקע וואָס האָבן באַרייכערט דעם בוך מיט פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער. באַזונדערס צו חבר מ. ראָזען פֿאַר זיין פֿיינער אַרבעט פֿון צייכענען די מאַפּע פֿון לאָמזשע (גע־דרוקט אויפֿן פֿאָדערבלאַט) פֿון געדאַנק, אָן וועלכן ס׳איז אָריגינאַל;

צו דזש. באָבראָוו ווי דעם קאַמפּיין־פֿירער צו שאַפֿן די נויטיקע פֿינאַנץ־מיטלען פֿאַרן בוך, און צו אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים וואָס האָבן אַזוי ברייטהאַרציק בייגעשטייערט פֿאַרן בוך.

אַמשטאַרקסטן דאַנקען מיר אַלע אַבאָנענטן וואָס האָבן אַרויסגעוויזן די געהעריקע מאָס געדולד און אויסדויער אין די אַלע יאָרן וואָס די צוגרייטונגען אַרויסצוגעבן דעם בוך זיינען אָנגעגאַנגען.

גרויס אָנערקענונג קומט אויך די פֿירער פֿון די וויכטיקסטע לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, ווי: לאָמזשער בראַנטש 216 אַרבעטער־רינג, פֿרויען־קלוב ביים בראַנטש 216, לאָמ־זשער צווייג 484 אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד, פֿרויען־קלוב ביים צווייג 484, לאָמ־זשער אייד סאָסייעטי, לאָמזשער שול, ווי אויך אַ צאָל יחידים וואָס האָבן מיט זייערע ביישטייע־רונגען פֿיל מיטגעהאָלפֿן אין אַרויסגעבן דעם בוך.

געבענטשט זאָלן זיין אַלע די וואָס האָבן נאָר געהאַט אַ שטיקל שייכות צו דער הייליקער אַרבעט פֿון אַרויסגעבן די אידישע אויסגאַבע פֿון בוך „לאָמזשע״.

אַמעריקאַנער קאָמיטעט פֿאַרן לאָמזשער פנקס

שמואל ווייס (שטשאַלקאַ)
פֿאָרזיצער

ווֹם. סיימאָן
קאַסירער

# דערקלערונג פון רעדאַקטאָר

דאָס באַשטימען מיר פאַר דעם רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע פון דעם אָנדענק־בוך נאָך דער שטאָט לאָמזשע האָב איך באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן כבוד וואָס די לאָמזשער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן ווען עס איז צוגעטיילט זייערן אַ בן־עיר. לאָמזשע איז דאָך פאַר מיר נישט בלויז אַ שטאָט פון שטיין און ציגל, — דאָס איז דאָך מיין געבורטס־שטאָט. דאָרט איז דאָך מיין וויגל געשטאַנען. דאָרט האָב איך דאָך מיין עלעמענטאַרע בילדונג און פּאָליטישע דערציאונג געקראָגן. פון דאָרט בין איך דאָך אַוועק אין דער וייטער וועלט מיט אַ באַגאַזש פון תורה און אידעאַליזם און דאָרט איז דאָך מיין גאַנצע משפחה אומגעקומען על קידוש השם.

געוויס וואָלט איך זיך נישט געקענט אונטערנעמען דורכצופירן אַזאַ קאָלאָסאַל־ריזיקע אַרבעט פון אַרויסגעבן דעם בוך, ווען נישט דער פאַקט וואָס איך האָב שוין געהאַט פאַר זיך אַ פאַרטיקן (העברעאישן) בוך, צוזאַמענגעשטעלט פון מיין יוגנט־חבר דר. יום טוב לעווינסקי אין ישראל, און אַן איבערזעצונג וואָס איז אויך געמאַכט געוואָרן פון אַזאַ חשוב׳ן לאָמזשער ווי יעקב קאָפּל ברוכאַנסקי.

מיין אויפגאַבע איז געווען טעכניש צוזאַמענצושטעלן דעם בוך, רעדאַגירן די נייע אַרטיקלען וואָס זיינען אין דער העברעאישער אויסגאַבע נישט אַריין און זען אַז עס זאָל בכלל ווי געהעריק אַרויסגעגעבן ווערן. איך האָב זיך באַמיט מיין אויפגאַבע צו דערפילן בשלמות. איך בין זיכער, אַז וואו נישט וואו האָבן זיך אַריינגעכאַפּט טעות׳ן (לאָמיר האָפן אַז נישט קיין ערנסטע), אָבער דאָס איז אומפאַרמיידלעך אין אָנבליק פון דעם פאַרנעם פון דער אונטערנעמונג. ספּעציעל נאָך ווען די מערסטע אַרבעט אַרום דעם בוך האָב איך געמוזט טאָן אין די שפּעטע נאַכט־שטונדן.

איצט, ווען דאָס בוך איז שוין פאַרטיק, פיל איך אַז אַ גרויסע זאַך איז דורך דעם אויפגעטאָן געוואָרן. עס האָט געמוזט פאַרצייכנט ווערן לדור דורות, און טאַקע אין דער שפּראַך פון פאָלק, אין דער אידישער שפּראַך, אַלץ וואָס האָט אין לאָמזשע געלעבט אין די בליענדיקע יאָרן און וואָס עס איז פון איר געוואָרן נאָכן חורבן.

איך וויל אויסדריקן מיין פערזענלעכן דאַנק און אָנערקענונג צו דעם רעדאַקציע־קאָמיטעט, וואָס האָט מיטגעהאָלפן און האָט זיך באַמיט טיילווייז צו פאַרלייכטערן מיין אַרבעט: צו שמואל וויס, לאַנג־יאָריקער פאָרזיצער פון קאָמיטעט, וואָס האָט מיט איבערגעגעבנקייט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט ביזן דערפאָלגרייכן סוף; צו וויליאַם סיימאָן, קאַסירער פון קאָמיטעט גלייך פון זיין גרינדונג און אומדערמידלעכער עסקן פאַרן בוך אַלע יאָרן וואָס דער קאָמיטעט האָט עקזיסטירט.

צו די שולזינגער ברידער, אייגנטימער פון דער דרוקעריי וואו דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן, צום פאַרוואַלטער אירוווינג הונגער און צום גאַנצן זעצער־און דרוקער־פּערסאָנאַל, פאַר דער פיינער מיטהילף און קאָאָפּעראַציע וואָס זיי האָבן מיר די גאַנצע צייט געגעבן.

זייענדיק איינגעהילט אין דעם אַלגעמיינעם טיפן טרויער וואָס וועט אונז אייביק באַגלייטן נאָך אונזערע משפּחות — די קדושים וטהורים, און אין דעם באַזונדערן טרויער נאָך מיין אייגענער משפחה, בין איך אָבער שטאָלץ מיט דעם וואָס איך האָב געקענט אויף אַזאַ ווירדיקן און הייליקן אופן מיטהעלפן צו פאַראייביקן זייער אָנדענק לדור דורות.

ה. סאבאטקא

# לאָמיר געבן אָנערקענונג וועמען אָנערקענונג קומט



**פאָלגנדע האָבן ברייטהאַרציק בייגעשטייערט פאַר דעם בוך :**

מאַרים אקער
סעם אלפערט
דזש. באָבראָוו
ש. באָנטשעק
שלמה ברוכאנסקי
דר. דזש. ס. טשיני
פעני סייבל
אסתר גראָסמאַן
דזשאָזעף לעווענטאַל
מ. וויים
ר. לעווטאהן
מ. בריזמאַן
מ. דאָלאָוויין
איזידאָר דזשאַקאָבי
נייטן פּאָדרוזשניק
מאַרים ראָזען
דזשייקאָב שיין
מאַרים שיינקאָפּ
וויליאַם סיימאָן
הענרי סאָבאָטקא
ראלף טאָקער
מ. וויאַטרע
לואי זעכנאָווין
מאַרים עפּשטיין
מאַרים גאָלדין
דזש. גאָלדבערג
מעקס איסמאַן
ס. און דזש. צוקערמאַן

# אינהאלט

## פּועלי־ציון־באַוועגונג



## השומר הצעיר אין לאָמזשע



## החלוץ אין לאָמזשע



## קאָמוניסטישע באַוועגונג



# פּערזאָנען און געשטאַלטן 250—207

## גייסטיקע פירער און שטאָט־פּאַרזאָרגער



## חברים



## כאַראַקטעריסטישע טיפּן



## נאָטיצן — פון א. ריוועס



## דערנידעריקטע און באַליידיקטע

# פאַרצייכנונג פון פּערזאָנען אויף די בילדער

## מ



## נ



## ס



## ע



## פּ



## פ

---

# בילדער אין דעם בוך און וואו זיי צו געפינען

## אין אָפּטיילונג געשיכטע

מאַפּע פון דער שטאָט לאָמזשע — פאָדער־בלאַט; פּאַנאָראַמע פון דער שטאָט (II־III); מאַפּע פון 15טן יאָרהונדערט (4); עמבלעם פון שטאָט (5); אַלגעמיינער אויסזען פון שטאָט (6); די בעדלאַך (7); מאַפּע און די געטאָ אין 1862 (38); ריבאַקי (9); זשידאָווסקי גאַס (10); אידישע געגנט אויף ריבאַקיס (10); זיאַזד (11); לאָמזשיצער שאָסיי (11); אַריינגאַנג צום נייעם בית־עולם (15); נאַראַדני דאָם (15) בונדיסטן אין יאָר 1905 (16); זוסמאַנאָוויטשעס שקאָלע (17); אַמאַטאָרן־גרופּע ביים „הזמיר" (17); דייטשע אָקופּאַציע פון לאָמזשע אין 1915 (19); אידישע אַרבעטער אונטער דייטשער אָקופּאַציע (20); פליכטלינגע אין לאָמזשע (21); אידישע סאָלדאַטן אין דער פוילישער אַרמיי (23); קבלת־פנים פאַרן פוילישן פּרעזידענט (23); דראָזשקאַרזשעס (26); גערשטנקער פאַמיליע (26); לאַנגע גאַס (26); לאָקאַל פון אידישער קהילה (27); פירער פון קהילה (28); סוחרים־פאַרבאַנד (29); קליינהענדלער־פאַרבאַנד (29); גמילת חסדים פאַרוואַלטונג (30); קאָמיטעט פון גמילת חסדים־קאַסע פאַר קליינהענדלער (30); פוילישע פיקעטן (31); קאָמיטעט פון אידישע צעכן (32); הילפס־קאָמיטעט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון סאָציאַלע רעכט (33); אַלגעמיינער הילפס־קאָמיטעט (34); פאַרשוועכטער בית־עולם (34).

## תורה און קולטור־אנשטאַלטן

חזן לוצקי מיט זיין כאָר (55); נייע תלמוד־תורה געביידע (56); לעצטע גבאים פון תלמוד־תורה (58); ישיבה־געביידע (60); השגחת יתומים (67); לעצטער קאָמיטעט פון השגחת יתומים (67) קינדער פון השגחת יתומים (69־70, 71, 72); בית הספר „תורה ודעת" (81, 82); גאָלדלוסט גימנאַזיע (84); שילער פון גאָלדלוסט גימנאַזיע (85, 86); פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער, (87 88); „התחיה" אָוונט־קורסן ( 89, 90); דייטשע אָוונט־קורסן (91); קינדער־גאָרטנס (92־93); אָרלאָווסקי׳ס פאַבריק (93); אַמאַטאָרן און דראַמאַטישע קרייזן (94, 95, 96, 97, 98); אברהם־יצחק קאַמינסקי׳ס מצבה (96); אידישע שרייבער (99); צייטשריפטן אין לאָמזשע (102).

## געבעט־הייזער, חברות און אינסטיטוציעס

גרויסער בית־המדרש (105); גרויסע שול (107,106); הכנסת אורחים (109); גמילת חסדים (110) מושב זקנים (111); טרעגער (113); אידישער שפּיטאָל (117); דאָקטוירים־פּערסאָנאַל (119); אַלגעמיינע קראַנקען־קאַסע (120); פאַרוואַלטונג פון לינת הצדק (121); חיים ראָטשילד מצבה (128); פייערלעשער (129); וואַסער־פירער (131); „מכבי" (132, 133, 134, 135, 136); „שטערן" (137); קאָמבאַטאַנטן פאַראיין (137); סטאַרא לאָמזשער ציגעלניע (139); פריזירער (140); וויאַטראַקן, אַלטער מאַרק (141); טרעגער און פישער (142); פאַרטייען: ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התחיה" (149, 150, 151, 152, 154, 155, 156); רעליגיעזע ציוניסטן (157, 158, 159, 160); רעוויזיאָניסטישער קאָמיטעט (161); „בונד", לאָמזשער טורמע (166); גרינדער פון אַרבעטער בילדונגס־פאַראיין" (168); אַריינגאַנג צום שפּאַציר־גאָרטן (170); בונדישער קאָמיטעט (171); בונדיסטן אומגעקומענע דורך די פּאָליאַקן (174); יוגנט־בונד „צוקונפט" (176) פאַרשטייער פון בונד (177); בונדישע לעגיטימאַציעס (178); א. ע. סאַבאָאַטקאָס מצבה (179); פּועלי־ציון — גרופּע חברים (183); גרופּע יוגנט פועלי־ציון (184); פּועלי־ציון קאָמיטעט (185); קאָמיטעט פון צעירי ציון און התאחדות (186, 187, 188); יוגנט־פאַראיין „פרייהייט" (189); ערשטער מאַי פייערונג (190); השומר הצעיר (191, 192, 193); הרצליה (194) „החלוץ" (196, 197, 198, 199, 200, 201); שול אין פלאַמען (202); דעפּאָק (204); קאָמוניסטישע שטאָט־רעגירונג (206); שאַכמאַטיסטן (206); פליכטלינגע אויפן אַלטן מאַרק (206).

## גייסטיקע פירער און שטאָט־פאַרזאָרגער

דאָקומענטן וועגן דער באַשטימונג פון א. מזרח אַלס הויפּט פון דער שטאָט־רעגירונג אין 1915 (214); משה־אהרן העפּנער (226); אַ גרופּע חברים מיט י. מילער (240).

## זכרונות און פאַרצייכענונגען

פוילישע סאָפּיאָרן ציען אַרויס אַן אויטאָבוס וואָס איז אַריינגעפאַלן אין בוג ביי אָסטראָווע (260); יונה ראָטשילדס מצבה (261); ניימאַרקס באָד (263); פּאַסמאַניקס קיאָסק (274) קלאַסן אין לאָמזשיצער פאָלקס־שול (275); בילדער פון אידן אין נאָוויגראַד (279).

## קאַפּיטלעך פון חורבן

פאַראָרדענונג וועגן דער געלער לאַטע (284); גרינער מאַרק נאָכן חורבן (248); היימלאָזע (285); אידן פאַרזאַמלט פאַר אַ נאַצישער אַקציע (285); פאַרפייניקטע אידן אין אָשוויענצים געלאָדן אויף וועגענער (286); קרעמאַטאָריע־אויוון (289); אוהל פון רבי מלכיאל אויפן נייעם בית־עולם (297); חרובע גאַסן (298); צלם אויפן קבר פון די אומגעקומענע אין געלטשין וואָס די פויערים האָבן אויפגעשטעלט (299); סטאַלינס באַגריסונג צום קאָמאַנדיר זאַכאַראָוו וואָס האָט פאַרנומען לאָמזשע (300); חורבן־בילדער (301, 303); לויה פון דעם אַש פון געלצין אין ישראל (304, 305, 306, 307); טרויער־קאָמפּאָזיציע נאָך לאָמזשע — חיים וואָלאָווסקי (309).

## לאָמזשער איבער דער וועלט

אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פּנקס (317); קאָמיטעט פון לאָמזשער עיד סאָסייעטי (320); גרינדער פון לאָמזשער בר. 216 א. ר. (321); עקזעקוטיווע און באַאַמטע פון לאָמזשער ברענטש 216 אַרבעטער רינג (322); פרויען קלוב פון לאָמזשער בר. 216 א. ר. (323); עקזעקוטיווע פון לאָמזשער צווייג 484, איד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד (325); פייערונג פון 40 יאָר לאָמזשער פאַראיין אין שיקאַגאָ (326); פאַראייניקטער לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט (328); צוזאַמענקונפט פון לאָמזשער אין מעקסיקע (331); פאַרוואַלטונג פון לאָמזשער פאַראיין אין אַרגענטינע (333); צוזאַמענקונפט אין אַרגענטינע לכבוד דאָס דערשיינען פון דער „לאָמזשער שטימע" (335); קאָמיטעט פון לאָמזשער אין פּאַריז (338); פייערונג לכבוד דער גרינדונג פון מדינת ישראל (339); צוזאַמענקונפט אין ישראל אין 1936 (341) גרופּע אַקטיווע טוער פון לאָמזשער אין ישראל (341); הרב ווילאַמאָווסקי אין ישראל (343); לאָמזשער אינטערנירטע אין ציפּערן (344); ערשטע לאָמזשער חלוצים אין ישראל (346); לאָמזשער אין דער ישראל־הגנה (347).

יום טוב לעווינסקי

# די געשיכטע פון אידן אין לאמזשע

## קאַפיטל 1
### אַריינפיר



לס אַ פאָלק, וואָס לעבט אין דיאַספאָראַ און איבעראַל אַלס אַ מינדערהייט, איז אונזער געשיכטע געוואָרן געמאַכט און נאָכמער געשריבן דורך אַנדערע, דורך דער מערהייט באַפעלקערונג פון יעדן לאַנד. אָט די מערהייט האָט, אין בעסטן פאַל, זיך באַצויגן צו אונז מיט ביטול. כמעט אַלע געשיכטע־שרייבער פון דעם שפעטן מיטלאַל־טער אין פוילן האָבן אונז איגנאָרירט, פאַרשוויגן. דער רעזול־טאַט איז, אַז מיר געפינען זייער ווינציק מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער אידישער לאַמזשע און די שטעטלעך אַרום.

צו דערמאָנען נאָר איניקע פון די פוילישע היסטאָריקער, צ. ב. קושיזשאַנאָווסקי אָדער זשעצשינאַווסקי (1861). און אפילו די שפעטערע, ווי שווידערסקי (1925), אַ ליבעראַל און אַ סאָציאַליסט, דערמאָנט נאָר די אידישע באַפעלקערונג אין זיין סטאַטיסטישן מאַטעריאַל.

פאַרשטייט זיך, אַנדערש זענען די אידישע היסטאָ־ריקער, ווי צ. ב. דר. רינגלבלום. ביי אים, אין זיין בוך: „די אידן אין וואַרשע פון אַלטע צייטן ביזן יאָר 1527" געפינט זיך אַ באַזונדער קאַפיטל וועגן די אידן אין לאַמ־זשע. אַזש ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט געפינען מיר אין „הצפירה", פון יאָר 1895 (תרנ"ה), אַן אַרטיקל פון גרשון בזשאַזאָווסקי, וואו ער דערציילט וועגן אַן אַלטן פאַלאַץ, וואָס איז אַמאָל געשטאַנען אויפן פלאַץ פון גרויסן בית מדרש. לויט אים האָט זיך געפונען אין לאַמזשע אין 16טן י. ה. אַרום 800 הייזער, 600 בעלי מלאכה'ס און 60 סוחרים.

## קאַפיטל 2
### אַנהויב פון אידישן ישוב אין פוילן

מען קען אָננעמען אַלס אַ ריכטיקע השערה, אַז דער אידישער ישוב אין לאַמזשע און אומגעגנט האָט זיך אָנגע־הויבן מיט דער וואַנדערונג פון אידן פון די גערמאַנישע לענדער בכלל קיין פוילן. דאָס איז פאָרגעקומען אין 10טן און 11טן יאָרהונדערט און נאָך מער אין די צייטן פון די קרייץ־צוגן. די שאלות ותשובות פון דער רבנישער ליטע־ראַטור אַנטהאַלטן פיל מאַטעריאַל צו באַשטעטיקן די דאָזיקע השערה. ווי דער שטייגער, זענען די אידישע ישובים פון אָנפאַנג איבעראַל געווען קליין אין צאָל און נידעריק אין תורה און חכמה, אַזוי ווי דער מצב פון די פוילישע ישובים בכלל (שאלות ותשובות מהר"ם מרוטנברג, חלק ג', סימן קי"ז).

די גערמאַנער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין יענע צייטן אין פוילן, האָבן גענאָסן פיל פריווילעגיעס דורך די פאַרשי־דענע אָפמאַכן פון זייערע פרינצן מיט די פוילישע הערשער. די אידן האָבן דאָס זעלבע געטאָן אויף זייער אופן, מיט שתדלנות, און אויך אַרויסבאַקומען פאַרשידענע הנחות. די



יום טוב לעווינסקי

פוילישע רעגירער האָבן געוואוסט אָפצושאַצן די אידישע פעאיקייטן צו האַנדל און מלאכה, וועלכע קענען ברענגען נוצן זייער לאַנד (ש. דובנוב, „דברי ימי עולם", כרך ה'). און ווייל די אידן אין דייטשלאַנד זענען געווען שטאַרק באַגרעניצט אין זייערע רעכט, האָט עס געבראַכט צו אַן אַלץ גרעסערער עמיגראַציע קיין פוילן, אַזוי אַז די קאַטוילישע היעראַרכיע האָט געזען אין דער אידישער פאַרמערונג אַ געפאַר פאַר זייערע גלויביקע, און זיי האָבן געזוכט אָפ־צוזונדערן די אידן אין געטאָס, מאַכן זיי טראָגן קענטיקע בגדים א. אז. וו.

לאַמזשער געגנט, מאַזאָוויע, איז אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער די גזרות, זייענדיק נאָענט צו דער גרעניץ פון די גערמאַנישע לענדער. דאָך איז דער מצב פון די אידן אין פוילן נאָך אַלץ געווען בעסער ווי אין די טעווטאָנישע לענדער אין דעם 14טן און 15טן י. ה. די קעניגן וול. לאָקיעטעק (1306—1333) און קאַזימיר דער גרויסער (1333—1370) האָבן געשאָנקען פריווילעגיעס צו די אידן. קאַזימיר האָט זיי אָנער־קענט אַלס באַזונדערע יורידישע קערפערשאַפט מיט אויטאָ־נאָמישע קהילות אין קראָקאָווע, פויזן, קאַליש און לוואָווע, וועלכע האָבן געדינט ווי פאַרלויפערס פאַר אַנדערע קהילות.

## קאַפיטל 3
### לאַגע פון די אידן אין מאַזאָוויע

מאַזאָוויע איז פון. די פריסטע צייטן געווען אַ באַ־זונדערע פראָווינץ ביז דער פאַראייניקונג פון פוילן און ליטע אין אָנפאַנג פון 16טן יאָרהונדערט — אַ געשעעניש, וואָס האָט געהאַט אַ קענטיקע ווירקונג אויפן לעבן פון די אידן. פריער, ביז דעם 14טן י. ה. האָט דער געביט נישט געהאַט קיין צוציאונגס־קראַפט צו אידישע וואַנדערער צוליב דעם נידעריקן מצב פון דער באַפעלקערונג בכלל. אָבער אין 14טן און 15טן יאָרהונדערט קומען שוין גרעסערע מאַסן זיך באַזעצן דאָרט, אַזוי אַז אין די געזעץ־ביכער פון יענע צייטן ווערן דערמאָנט פאַרשידענע שטעט, ווי: וואַרשע, ווישעגראַד, פלאָנסק א. אַ. ערשט ביים סוף פון 15טן יאָרהונדערט ווערט דערמאָנט די שטאָט לאַמזשע.

דער געזעצלעכער סטאַטוס פון די אידן אין מאַזאָוויע איז אין פיל הינזיכטן געווען בעסער ווי אין אַנדערע פּראָווינצן פון פּוילן. דאָ איז די יוריסדיקציע געלעגן אין די הענט פון דעם פּרינץ אַליין, וועלכער האָט אין פיל פאַלן פּראָטעזשירט די אידן פון די רשעות פון דעם קלער און דער שליאַכטע. די אידן, פאַרשטייט זיך, האָבן גוט באַצאָלט דערפאַר מיט ספּעציעלע צינזן.

ווען אַ איד איז גע׳משפּט געוואָרן אין געריכט אויפן פּרינצ׳ס נאָמען, פלעגט זיין אָנוועזנד אַ פאַרשטייער פון אידישן גלויבן. שווערן האָט ער געדאַרפט מיט אַ ספר־תורה אין האַנט אָדער אַנדערע הייליקע חפצים פון אַ שול. אַ רעליגיעזע פראַגע איז געמשפּט געוואָרן ביי אַ רב פון געגנט. אין פאַל אַז מען האָט געדאַרפט אָנפרעגן ביי אַ רב פון אַן אַנדער לאַנד איז געווען אַן אָפּצאָל.

די שליאַכטע האָט זיך נישט באַצויגן צו פיינטלעך צו די אידן, ווייל זיי האָבן באַקומען הלוואות פון די אידן אין נויט־פאַלן. צוליב דעם זעלבן טעם האָבן די פּויערים זיך אויך געהאַלטן סימפּאַטיש צו די אידן. אין קעגנזאַץ איז די שטאָטישע באַפעלקערונג געווען פיינטלעך צו די אידן, זעענדיק אין זיי קאָנקורענטן אין מסחר און מלאכה. די לעצטע זיינען אויך געווען באַווירקט פון די גערמאַנען. ביים סוף פון 15טן יאָרהונדערט, נאָכן גירוש וואַרשע, איז די לאַגע פון די אידן אין מאַזאָוויע געוואָרן ערגער. לאָמזשע איז דאַן געווען אָפּהענגיק פון פּלאָצק.

קאַפּיטל 4

# דער אָנפאַנג פון לאָמזשע

## 1. אַלט לאָמזשע

ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, ווערט לאָמזשע דערמאָנט אין געזעץ־ביכער פון 15טן יאָרהונדערט. עס איז כמעט ווי זיכער, אַז לאָמזשע איז געגרינדעט געוואָרן פיל פריער, אַרום דעם 10טן י. ה., אויף דעם אָרט וואו עס געפינט זיך היינט דער דאָרף סטאַראַ לאָמזשאַ, וואו ס׳איז געשטאַנען די ציעגעלנע (ציגל־פאַבריק) פון ה׳ בזשעזשינסקי. ס׳איז דאָ אַ גרונט צו דער השערה — אַ כראָניק פון שרייבער שפּאַנגעבערג, וואָס איז אויסגעקריצט אויף אַ שטיין אין לאַטייניש, געפונען אין אַן אַלטער קאַטוילישער קירכע, אויפן נאָמען פון הייליקן לאורענטי.

## 2. ניי לאָמזשע

אין צוועלפטן יאָרהונדערט האָט אָנגעהויבן צו אַנטשטיין לעבן דער אַלטער לאָמזשע אַ נייער ישוב — אין מיטן פון וועלדער, חיות, הירשן א. אַ., לעבן דעם טייך נאַרעוו, וואָס האָט די פאָרם פון אַ לאַטייניש S Krzywo Kolo.

אין יאָר 1805 זענען אַנטדעקט געוואָרן די רעשטלעך פון אַ פּאַלאַץ פון די פּוילישע קעניגן באָלעסלאַוו קענדזשערזשאַווי און זיין צווייטן זון (1148—1172). די אויסגראָבונג איז געמאַכט געוואָרן אויפן אָרט ביי דעם באַרג אויפן נאָמען פון דער קעניגין.

אַט דער נייער ישוב האָט זיך אַממייסטן אַנטוויקלט ביים שייד־וועג פון פּיאַנטניצאַ. פאַר אַ געוויסער צייט האָט עס געהייסן נאָווא לאָמזשאַ — ניי לאָמזשע. מיט דער צייט, ווען דער ישוב איז געוואָרן גרויס און מער וויכטיק, איז ער געוואָרן דער הויפּט פון די ביידע מיטן קורצן נאָמען — „לאָמזשע“, נאָר דער אַלטער דאָרף האָט אָנגעהאַלטן זיין אָריגינעלן נאָמען: „סטאַראַ לאָמזשאַ“.

## 3. די אַלטערטימלעכקייט פון „גרויסן בית מדרש“

אין יאָר 1340 האָט דער פּוילישער קעניג קאַזימיר דער גרויסער זיך געלאָזט אויפשטעלן אַ צווייטן פּאַלאַץ אויפן שטח פון די שפּעטערדיקע גאַסן: וואַזשיוואָדסקאַ, סענאַטאָרסקאַ און אַלטן מאַרק. אָט דער פּאַלאַץ איז געווען פאַרבונדן מיט דעם פריער דערמאָנטן דורך אַ פעסטונג — אַ וואַנט און טיפער גראָבן. מיט דער צייט זיינען ביידע פּאַלאַצן חרוב־געוואָרן. שפּעטער, אָבער, אין 15טן יאָרהונדערט, איז אַנטשטאַנען אַ אידישער ישוב אַרום די קעניגלעכע פּאַלאַצן, ווייל, ווי דער שטייגער דאַן, האָבן זיך די אידן געפילט זיכערער אונטערן שוץ פון די מלכים. דאָרטן האָבן זיי אויפגעבויט אַ שול, אַ בית עולם, וועלכע האָבן געדינט פאַר די נאָענטע אידישע ישובים, ווי פּיאָנטניצע, טשאַרנאָטשין א. אַ. אפילו שפּעטער, נאָכן גרוש לאָמזשע, איז דאָס נאָך אַלץ געווען אַ אָרט וואו מען האָט געמאַכט די טהרה פון די מתים, וועלכע זיינען נאָכדעם געפירט געוואָרן צום בית עולם פון שניאַדאָוואָ — אַ וויכטיקער אידישער ישוב באַוואוסט אין יענער צייט.

נאָכן באַנייען דעם אידישן ישוב אין לאָמזשע, אַרום 1812—1822, איז דער אַלטער בית עולם געעפנט געוואָרן. דאָס




מאַפּע פון דער שטאָט לאָמזשע אין 15טן יאָרהונדערט

1. וועג צו סטאַרע־לאָמזשע.
2. פּאַלאַץ פון קאַזימיעזש דעם גרויסן, אַרום וועלכן ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט דער אידישער ישוב.
3. אַלטער מאַרק.
4. קאַפּוצינסקער באַרג, דאַמאַלסטיקער איינציקער וועג צו פּיאָנטניצע און אומגעגנט.
5. בריקן אויפן נאַרעוו.
6. וועג צו געלצין.
7. וועג צו נאָוואָגראַד.
8. געגנט פון פישערלייט (ריבאַקי).

איז דער אַזוי גערופענער „אַלטער בית עולם", וואו עס האָט זיך פיל אָנגעזען די מצבה פון ר' שלמה־זלמן חסיד, „רבי זעמעלע" (דער בית־עולם מיט דער אָנגעזעענער מצבה איז אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן דורך די נאַציס און זייערע פוילישע העלפערס).

אויף די חורבות פון צווייטן פּאַלאַץ איז אויסגעבויט געוואָרן שפּעטער דער ערשטער בית מדרש אויף סענאַ־טאָרסקע גאַס. דאָס איז געווען „דער גרויסער בית מדרש". די אידן האָבן מיט דער צייט אָפּגעקויפט דעם גאַנצן שטח אַרום און דאָרט אויסגעבויט דאָס רוב פון זייערע געזעלשאַפטלעכע בנינים, ווי די תלמוד תורה, הכנסת אורחים, שפּיטאָל, שחיטה־שטוב, דעם הקדש און די ישיבה.

די פּאַלאַצן גופא האָבן נאָך הונדערטער יאָרן געדינט ווי שפּייכלערס און אַרכיוון פאַר לאָמזשע און די שטעט און שטעטלעך פון מאַזאָוויע. אין 1824 האָט די פוילישע רעגירונג איבערגעפירט דעם אַרכיוו־מאַטעריאַל צום טריבונאַל־בנין, ביי דעם וועלדל, וואו עס האָט זיך שפּעטער אויסגעפורעמט דער נייער מאַרק און דער פּאָסט־פּלאַץ.

### 4. צוויי פיינטלעכע מוניציפּאַליטעטן

פאַר אַ לאַנגער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע קאָנ־קורענץ צווישן די מוניציפּאַלע פירנדע קערפּערשאַפטן פון אַלט און ניי לאָמזשע. יעדע איינע האָט געשטרעבט צו פאַר־גרעסערן איר שטח מיט בנינים, פאַרבעסערן די אָרדנונגען און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אָבער די נייע לאָמזשע האָט זיך שנעלער און מער אַנטוויקלט אַ דאַנק די טאָפּאָ־גראַפישע באַדינגונגען און מיט דער צייט האָט זי זיך אויס־געצייכנט און געוואָרן פאַררעכנט פאַר איינער פון די שענסטע שטעט אין פוילן. אין אָנפאַנג פון 15טן י. ה. האָט זי צו־געצויגן צו זיך די פרייסישע קרייצלער, וועלכע האָבן פאַר אַ קורצער צייט זיך דאָ באַפעסטיקט מיט זייערע חיילות. אָבער שנעל ווערן זיי פאַרטריבן פון די פוילישע אויפ־שטענדלער. שפּעטער שטייגט לאָמזשע אין שטח און רייכטום און רעכנט זיך די צווייטע נאָך וואַרשע אין מאַזאָוויע. דעם מצב האָט זי צו פאַרדאַנקען די פרינצן פון מאַזאָוויע, וועלכע האָבן איר געשענקט פיל פּריווילעגיעס. אין 16טן י. ה. רייסט זיך איבער די דינאַסטיע פון די פרינצן און מאַזאָוויע ווערט אינקאָרפּאָרירט אין דער ברייטער מדינה פון פוילן. די הערשער פון פוילן האָבן שטאַרק באַגרעניצט די פּריווי־לעגיעס פון לאָמזשע און מיט דעם, אין 1526, פאַנגט זיך אָן די ירידה פון לאָמזשע.

### 5. דער נאָמען לאָמזשע

עס איז קיינמאָל נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן דער מקור פון דעם נאָמען לאָמזשע. אין אַלטע לאַטיינישע דאָקומענטן הייסט די שטאָט Lompsa אָדער Lompza; אין אידישע תעודות הייסט זי לאמזיי אָדער לאמזה.

אַ אידישע פאָלקס־לעגענדע ווייזט זיך אַזוי: „אַ ירושלמי־איד איז אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען די געגנט און געזען מענטשן אַרבעטן שווער ווי דער שטייגער פון בויערס. פרעגט ער זיי אין לשון קודש: „למה זה"? די בויערס האָבן ניט פאַרשטאַנען די פראַגע, זיי האָבן אָבער אָנגענומען די צוויי ווערטער אַלס אַ צייכן פון הימל צו רופן דעם פּלאַץ „לאָמזע".

עס ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז פון דאַן אָן האָבן לאָמזשער אידן באַקומען דעם צונאָמען „בעלנים", ד. ה. נייגעריקע, צו פרעגן אָפּט למה זה? צו וואָס איז דאָס, ווי דער ירושלמי. איין השערה וויל האָבן, אַז ווייל די שטאָט איז געבויט געוואָרן אין מיטן פון געדיכטע וועלדער, וואו מען האָט געדאַרפט אויסהאַקן די בוימער Lomzaton. מיט דער צייט האָבן זיך די ווערטער צוזאַמענגעצויגן און ס'איז געוואָרן Lomza.

### 6. דער עמבלעם פון לאָמזשע, אַ לויפנדיקער הירש

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער עמבלעם פאַר דער שטאָט לאָמזשע? עס לייגט זיך אויפן שכל אָנצונעמען, אַז, ווייל די שטאָט איז געבויט געוואָרן אין מיטן פון טיפע וועלדער וואו ס'זיינען געווען פיל הירשן און דאָס האָט



עמבלעם פון שטאָט — אַ לויפנדיקער הירש

פאַראורזאַכט אַ פּאַניק צווישן זיי און געמאַכט זיי אַנטלויפן פון די מענטשלעכע אַריינדרינגער, האָט די שטאָט אָנגע־נומען דעם לויפנדיקן הירש אַלס עמבלעם.

אין פויליש איז אַ הירש Jelen — האָבן פיל משפחות זיך געגעבן דעם פאַמיליע־נאָמען יעלען. דער ערשטער פון זיי, דוד יעלען, אַ זיידע פון פּראָפעסאָר דוד יעלען אין ישראל, האָט עמיגרירט פון לאָמזשע קיין ארץ ישראל אין יאָר 1834. ער פלעגט חתמענען זיין נאָמען ילין־טביא (הירש אין אַראַמיש).

קאַפּיטל 5

## די אידן פון לאָמזשע אין דער היסטאָריע אין יאָר 1494

לאָמזשע, אַלס אַ שטאָט וואו עס וואוינען אידן, ווערט דערמאָנט צום ערשטן מאָל אין דאָקומענטן פון הויכן גע־ריכט פון פּלאָצק אין יאָר 1494 (רנ"ד לפ"ק). דאָס מיינט נאָר אַז דאַן איז געווען די ערשטע געלעגנהייט דערצו, אָבער דער אידישער ישוב האָט שוין געוויס נאָך פריער עקזיסטירט. אין דעם 15טן יאָרהונדערט, ווען די שטאָט האָט זיך שוין גע־האַלטן אין אַנטוויקלען, האָט דער פרינץ באָלעסלאַוו, פאַרן שיינעם קבלת פנים, וואָס די שטאָט האָט אים געמאַכט, גע־שענקט צו דער שטאָט די אָפּצאָלונגען וואָס פילע ישובים פלעגן דאַרפן צאָלן ביים דורכפאָרן דעם בריק קיין פּיאָנטניצע און לאָמזשער תושבים זיינען אין גאַנצן באַפרייט געוואָרן פון דעם אָפּצאָל.

די הנהלה האָט פריי געמאַכט פאַר זיי דעם אימפּאָרט פון געהילצן, בהמות, וועב־שטאָפן א. אַ., אויך פון פרייסן, און דורך דעם איז די שטאָט געוואָקסן אין רייכטום. די אידן האָבן געקויפט די געהילצן פון די וועלדער אַרום לאָמזשע: צערוואָני בור, געלצין א. אַ., זיי געבונדן אין פּליטן און גע־פירט זיי אָנגעלאָדן מיט אַנדערע סחורות, ווי זאַלץ, האָניק, וואַקס, תבואות אויף די טייכן נארעוו, בוג, ווייכסעל קיין דאַנציג. דאָרט איז געווען אַ גאַס אויפן נאָמען פון דער שטאָט לאָמזשע.

די פרינצן פון מאַזאָוויע פלעגן קריגן גוטע אָפּצאָלונגען פון די אידן פון דעם האַנדל און דעריבער האָבן זיי באַשיצט די אידן פון די פּאָליאַקן, זייערע קאָנקורענטן.

די לעצטע, אין קעגנזאַץ צו די אידן, האָבן זיך אויפ־געפירט נישט ערלעך און פלעגן רייסן הויכע פּראָצענטער פון

זייערע מיטגלויבער, פאַר וואָס דער בישאָף פון פּלאָצק מוסר׳ט זיי שטאַרק אין אַ דאָקומענט פון 1491.

דער מסחר מיט לאָמזשער אידן האָט געבראַכט אידן פון אַנדערע שטעט פון פּוילן, אָדער פּרייסן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט דאָרט צייטווייליק אָדער אויף צו פאַרבלייבן, ווייל די אידישע רעכט איז דאָ ניט געווען באַגרעניצט טראָץ דער קעגנערשאַפט פון דעם קלער. אַ שול און אַנדערע נויטיקייטן פון אַ קהילה זיינען דאָ געווען צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פון אידישן רעליגיעזן לעבן.

ווי דער שטייגער אָבער איז געווען, איז ווי נאָר די אידישע באַפעלקערונג פלעגט זיך אַרויפאַרבעטן אין עקאָנאָמישן וואוילזיין, האָט מען אָנגעהויבן צו רודפ׳ן די אידן און לייגן שטרויכלונגען אויפן וועג פון זייערע אונטערנעמונגען. דער בישאָף פון פּלאָצק, אונטער וועמעס יוריסדיקציע לאָמזשע איז דאַן געווען, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו די ראַטמענער פון שטאָט ניט אָנצורירן די אידן. איין גלח שילער איז געוואָרן אַרעסטירט פאַר אָנפאַלן אויף אידן און געשטעלט צום משפט פאַרן בישאָף, וועלכער האָט אים באַשטראָפט מיט עטלעכע מאָנאַטן געפענגעניש. אָט דער עפּיזאָד איז דער ערשטער דערמאָנט צו ווערן אָפיציעל וועגן לאָמזשע. פיל יאָרן איז דער מסחר אין לאָמזשע געווען פריי פון צינזן, אַ זאַך וואָס האָט געבראַכט סוחרים פון לייפּציג, קעניגסבערג א. אַ. צו האַנדלען מיט לאָמזשע.

אָבער די לאַגע איז געוואָרן ערגער. אונטערן דרוק פון דער שליאַכטע און די גייסטלעכע פירער, האָט דער מאַגיסטראַט אין יאָר 1544 פאַרבאָטן די אידן צו קויפן הייזער און אויך אַרויפגעלייגט אַן אָפּצאָל פון 3 דינאַרן אויף „פרעמדע״, פאַרן אַריינפאָרן אין שטאָט (דאָס האָט מען אָנגערופן אידן מיט דעם נאָמען „פרעמדע״). אָט די באַגרענעצונגען זיינען געקומען מיט דער צושטימונג פון קעניג זיגמונד אַלס ענטפער אויף אַ פאָדערונג אַזוי צו טאָן. אונטער זיין שוץ איז אין פּיעטראַקאָוו פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון קאַטוילישע גייסטלעכע, וואו מען האָט באַשלאָסן צו פאָדערן אפילו צו פאַרשפּאַרן די „פרעמדע״ אין געטאָס אַזוי ווי אין דייטשלאַנד. די פאָלגן זיינען געווען: דאָס פאַלן פון האַנדל און מלאכה, ווייל עס האָט זיך נישט געלוינט פאַר די אידן צו קומען קיין לאָמזשע; דער פּוילישער צעך האָט פאַרווערט צו באַשעפטיקן אידן און באַשטראָפט פאַר עובר זיין אויף זייער סטאַטוט מיט 25 פונט וואַקס פאַר דער קירכע און אַ פאַס ביר פאַרן צעך.

עס זיינען דאַן אָנגעגאַנגען אויך רדיפות פון רעליגיעזן כאַראַקטער: איין קאַטוילישער גלח איז באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט דורך זיינע קאָלעגן, אין דאָרף „זאַוואַדי״, נאָענט פון לאָמזשע, פאַרן דערנענטערן זיך צום תנ״ך און לערנען פון אידן תורה. ביזן יאָר 1840 איז נאָך געשטאַנען דער שטיין ביי זיין קבר אַלס שאַנד־זייל פון יענעם גייסטלעכן. אייניקע יאָר שפּעטער איז אַ פרוי פאַרברענט געוואָרן אַלס אַ מכשפה, באַשולדיקט אין ברענגען אַ מגפה אין שטאָט (דאָקומענטן פון לאָמזשע, נומער 15, פון יאָר 1670).

פאַרשטייט זיך אַז די אידן אַלס כופרים אין קריסטנטום און געטריי צו זייער רעליגיע אין אַ קאַטויליש לאַנד, זיינען דאָך געוויס געווען שולדיק אין כלערליי פּאָלגן ווי: פאַרפלייצונגען פון נאַרעוו, מגפות, הונגער א.אַ.וו. פונדעסטוועגן האָט דער קעניג זיגמונד־אַווגוסטוס וועמעס מוטער האָט געוואוינט לעבן לאָמזשע, געשאָנקען דער שטאָט ספּעציעלע הנחות אין האַנדל, אויך אַ דערלויבעניש איינצואָרדענען יאַרידן דריי מאָל אין יאָר: אין דעם 8טן פון פעברואַר, מאַי און סעפּטעמבער. דאָס האָט געבראַכט אַן אויפשטייג אין מסחר מיט תבואה און מעל. דאָס לעצטע איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך 7 מילן פון אַרום לאָמזשע (אין אייניקע זיינען די מילנערס געווען אידן). אַ דריטל פון גאַנצן מעל האָט געדאַרפט געהערן צום אוצר פון שטאָט. יעדער איד האָט געדאַרפט אָפּצאָלן אַ טעקס פון 3 פּוילישע זלאָטעס.

## קאַפּיטל 6

## „דער סטאַטוט״ De non Tolerandis Judaeis 1556

דער קעניג זיגמונד, פון גרויס ליבע צו דער שטאָט לאָמזשע, האָט זיך צוגעהערט צו די פאָדערונגען פון זיינע אונטערטאַנען און געשאָנקען אַ סטאַטוט פאַר לאָמזשע אונטער דעם דערמאָנטן נאָמען. אין יענער צייט איז עס געווען געווענדט אָן יעדער שטאָט יאָ אָדער ניט צו טאָלערירן די אידן — אויפן גערמאַנישן שטייגער. שטעט האָבנדיק אַזוינע סטאַטוטן פלעגן דערלויבן אידן צו פאַרבלייבן נאָר 3 טעג, אַממייסטן אין דער צייט פון יאַרידן. נאָך דער באַשטימטער צייט האָט דער איד געדאַרפט פאַרלאָזן די שטאָט.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געשטויסן די אידן צו בויען פאַר זיך נייע ישובים לעבן די פאַרבאָטענע פאַר זיי. די אידן פון לאָמזשע האָבן זיך גענומען קאָנצענטרירן מערער אין פּיאָנטניצע. מיט דער צייט, ווען די שטרענגקייט האָט נאָכגעלאָזן, פלעגן אידן שוין בלייבן אין דער פאַרבאָטענער שטאָט נאָך דער באַשטימטער צייט. ביסלעכווייז זיינען די באַגרעניצונגען אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן און דער אידישער ישוב אין לאָמזשע איז ווידער געוואָקסן אָן אַ לעגאַלן סטאַטוט.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען ביז די צייטן פון קעניג זיגמונד וואזא דער 3טער. זייענדיק דערצויגן פון די יעזואיטן, האָט ער געהאַט אַן אָפענעם אויער פאַר די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן און האָט באַנייט די שטרענגקייט פון דעם



אַלגעמיינער אויסזען פון שטאָט

געזען פון פּיאַנטניצער שאָסיי



די „בעדלעך׳ ביים נאַרעוו … ין הינטערגרונט י שטאָט לאָמזשע

Non Tolerandis אַקט, און דעם 27טן אַפּריל 1598 (שנ״ח לפ״ק, זיינען אויף זיין באַפעל אַלע אידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון לאָמזשע. די מאָטיוון — באַוואוסטע: די אידן נעמען צו די פּרנסה פון די קריסטלעכע סוחרים און בעלי־מלאכה׳ס, פירן אַרונטער די קריסטן פון זייער גלויבן א.א.וו.

עס איז דאַן בכלל געווען אין פּוילן אַ יאָר פון רדיפות און עלילות דם זייענדיק אונטער דער השפּעה פון יעזואיט פּיאָטער סקארגא, וועלכער האָט געפּריידיקט אַ טאָטאלן גרוש פון אידן, רופנדיק זיי „בלוט זויגערס פון די פּאָליאַקן". דאָס זעלבע האָט געטאָן אַ געוויסער גלח מאַיעצקי אין זיינעם אַ בוך: „וועגן די אכזריות, רציחות און אָבערגלויבן ביי אידן". אין פּולטוסק זיינען דאַן אידן פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקער־הייט.

דאָך האָבן די אידן אין גאַנצן ניט איבערגעריסן זייערע האַנדלס באַציאונגען מיט לאָמזשע אויך נאָכן גרוש, ווייל צוויי טעג אין וואָך אין זיי געווען דערלויבט צו זיין אין שטאָט. פאַרן עובר זיין אויף די נייע געזעצן איז מען באַשטראָפט געוואָרן מיט קאָנפיסקירן די אידישע סחורות לטובת דער שטאָט־קאַסע. אפילו סוחרים פון אַנדערע שטעט און זאָגאַר פון פּרייסן איז געווען פאַרבאָטן צו האַנדלען מיט אידן.

אין דער צייט פון קעניג סטעפאַן באטארי, ווען עס זיינען אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן די תקנות פון פּוילישע צעכן, איז פאַרבאָטן געוואָרן אַריינצונעמען אידישע בעלי־מלאכה׳ס אַלס מיטגלידער. זיי האָבן נאָר געמעגט אַרבעטן צווישן אידן. אָבער אַן אָפּצאָל איז יאָ געווען אויף זיי צום פּוילישן צעך: 6 זלאָטעס, אַ פאַס פּולווער אָדער ביר פאַרן צעך און וואַקס פאַר ליכט צום קלויסטער. אין לאָמזשע איז גילטיק געוואָרן דער געזעץ דעם 17טן דעצעמבער 1578.

אין דער ליסטע פון בעל־מלאכה׳ס פון פּוילישן צעך, וואָס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן, ווערן אידן פאַרשוויגן. אויך געוויסע פּראָפעסיעס ווי וועבער, קירזשנערס, פאַרבערס, גאַרבערס, זאָטל מאַכערס, שניידערס און שוסטערס ווערן ניט דערמאָנט ביי די קריסטלעכע צעכן; מסתמא ווייל זיי זיינען געווען אידישע פּראָפעסיעס, איבערהויפּט די לעצטע צוויי זיינען געווען פולשטענדיק אין אידישע הענט (עס קען זיין, אַז פון דעם שטאַמט דאָס ווערטל אין פּויליש: Szewce i krawcy to nie ludzie. „שניידער און שוסטער זיינען ניט קיין מענטשן", ווייל זיי זיינען דאָך אידן).

קאַפּיטל 7

## לאָמזשע נאָכן גרוש

צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט איז לאָמזשע געוואָרן באַרימט אַלס אַ שיינע, גוט געאָרדנטע שטאָט מיט מוניציפּאַלע אַנשטאַלטן, ווי אַ באָד — אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך אין יענע צייטן; שפּייכלערס פאַר האַנדל מיט זאַלץ און אַ צענטראַלן זאַמל־פּונקט פון געווער פאַר גאַנץ מאַזאָוויע, אויך 2 שפּיטאָלן, 7 קירכן. די סאַמע באַוואוּסטע פון זיי: די פאַרנע, קאַפּוצינסקי א. אַ. איינע פון די 7 איז געווען די קירכע אויפן עק רזשאנדאָוואַ־זיאזד, וואָס האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים און צולעצט האָט מען זי גערופן די עוואַנגעלישע אָדער דייטשישע קירכע. די רוסן, ווען זיי האָבן געהערשט אין פּוילן, האָבן עס איבערגעגעבן די קירכע צו די עוואַנגעליקן. לאָמזשע האָט געהאַט איניקע קעניגלעכע שלעסער־פּאַלאַצן. אין יענער צייט איז אין לאָמזשע געווען 800 הייזער הילצערנע און געמויערטע. לויט א. קזשיזשאַנאָווסקי אין זיין בוך: Stara Polska האָט די באַפעלקערונג פון שטאָט דאַן דערגרייכט די צאָל פון 12,000.

מיטן פאַרטרייבן די אידן פון שטאָט האָט זיך אָנגעפאַנגען איר ירידה, ווייל די פּירער פון שטאָט, די שליאַכטע, האָבן אויסגענוצט די הכנסות פון די אָפּצאָלונגען פאַר זייערע עגאָאיסטישע צוועקן, אַזוי ווי די שטאָט וואָלט געווען זייער אייגנטום. דער דאָרף קופּיסקי איז געווען די רעזידענץ פון סטאַראָסטע, פון וואַנען ער האָט רעגירט מיט אַ שטאַרקער האַנט. די נאָענטע דערפער לאָמזשיצע, געלצין א.א. זיינען געוואָרן דאָס פּריוואַטע אייגנטום פון די גרויסע לאַנד־באַזיצער, וועלכע האָבן אונטעריאָכט און פאַראָרעמט די איינוואוינער.

### מגיפות

די ערשטע העלפט פון 17טן יאָרהונדערט איז געווען פול מיט מגיפות. אין יאָר 1600 האָט אויסגעבראָכן די ערשטע מגיפה נאָך אַ גרויסער פאַרפלייצונג פון נאַרעוו און נאָך אַ גרויסן הונגער. די גייסטלעכע האָבן דאַן פאַרזאַמלט די באַפעלקערונג אין די קירכן צו תפילה־טאָן אַז די מגיפה זאָל אויפהערן. פיל פון זיי האָבן אויסגעדריקט זייער איבער־צייגונג אַז גאָט האָט זיי געשטראָפט פאַר זייער שלעכטער באַציאונג צו אידן. אין 1618 איז אַ גרויסער טייל פון שטאָט אַוועק פון אַ פייער וואָס האָט אויסגעבראָכן אין אַ הויז אויף קרזשיווא קאלא וואָס האָט געהערט צו אַ אידן. די גרעסטע מגיפה האָט אויסגעבראָכן אין לאָמזשע אין 1624. דורך די פּלאָגן פון פּאָקן, טיפוס, כאָלערע, דזשומע, דיזענ־טעריע א.א. האָט די צאָל אומגעקומענע דערגרייכט איבער 5000. לויט די עצות פון די דאָקטוירים דאַן האָט מען געברענט אין די גאַסן יאַלאָווע צווייגן, שטיינער אויף וועלכע מען האָט געגאָסן עסיק און דער שטאַרקער ריח האָט עס געזאָלט אָפּהאַלטן די קראַנקהייטן פון פאַרשפּרייטן זיך. נאָך אַ סגולה האָבן די גייסטלעכע דאַן באַנוצט — קעפּ פון מתים פון דער מגיפה. פון אַלע שיכטן פון פאָלק האָט מען זיי גע־בראַכט פון די קברים אין קירכעס. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ קרבן דעם מלאך המות. קיין אידישע קעפּ האָט מען ניט געבראַכט, ווי דער מנהג אין אַנדערע שטעט — אַ באַווייז אַז ס׳זיינען דאַן ניט געווען קיין אידן אין לאָמזשע. דער בישאָף פון פּלאָצק האָט זיי באַשטראָפט פאַר דער לעצטער סגולה: ער האָט פאַרמאַכט די בית עולם׳ס און די קירכעס אויף 20 וואָכן. נאָך דער שרעקלעכער פּלאָג איז ניט געבליבן אין לאָמזשע מער ווי 500 נפשות.

## קאַפּיטל 8

# אינוואַזיעס און אויפשטאַנדן

אין יענע יאָרן האָט לאָמזשע, אַלס אַ שטאָט אויפן שיידוועג, געהאַט אויסצושטיין אויך פון אינוואַזיעס. אין 1595 האָט אטאמאַן נאַליווייקי אין דער שפּיץ פון קאָזאַקן־האָרדעס זיך אַריינגעריסן אין שטאָט צו נעמען נקמה פון די פּאַנעס, די שליאַכטע — די בלוט־זויגערס פון די אָרעמע פּויערים. זיי האָבן עטלעכע טעג גערויבט און געהרגעט. די אידישע איינוואוינער האָבן זיי זיכער ניט געשוינט. אין עטלעכע יאָר אַרום איז געקומען אַ צווייטער אַטאַמאַן אבלאמא, אַ דערציגענער פון נאַליווייקי, און געמאַכט נאָך גרעסערע חורבנות אין שטאָט. פיל פון דער שליאַכטע זיינען אומגעקומען און דער הויפּט פון שטאָט סאבאסטיען פּוזישקא, דער וואָס האָט געהאַט דורכגעפירט דעם גרוש אויף אידן מיט אַ צייט




מאַפּע פון דער שטאָט און די געטאָ אין יאָר 1862

לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק זיינען אין שטאָט דאַן געווען 3 מאַרקן, 14 גאַסן, 250 הייזער (מערסטנס הילצערנע) און עטלעכע צענדליק רעגירונגס געביידעס. די באַפעלקערונג האָט דאַן געציילט 2049 איינוואוינער און איז באַשטאַנען (אויסער מיליטער־לייט און באַאַמטע) פון 234 קריסטלעכע און 137 אידישע משפחות. דער מגן־דוד באַצייכנט דעם אָרט וואו דער אידישער בית עולם איז געווען, און די דערבייאיקע הויז — די שול.

פריער, איז זַריינגעפאַלן צו די קאָזאַקן אין געפאַנגענשאַפט. לויט דעם פּנקס פון שטאָט איז דאַן געבליבן אין לאָמזשע ניט מער ווי 2000 נפשות.

אין די יאָרן ת"ח־ת"ט (1648־49) האָבן אויך די באַנדעס פון באָגדאַן כמעלניצקי דערגרייכט די טויערן פון לאָמזשע. קיין אידישע קרבנות האָבן זיי ניט געקראָגן, ווייל ס'זיינען דאַן קיין אידן ניט געווען אין שטאָט.

אין 1657 האָבן די שוועדן געווילדעוועט אין שטאָט. אין 1666 האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד פון פּויערים קעגן דער שליאַכטע, לאַנד־באַזיצערס, וועלכע האָבן עקספּלואַטירט און געדריקט די פּויערים אָן רחמנות. שפּעטער אין 1711 האָט דער שבט קורפּיאַנער, פאַרלאָזנדיק זייערע לאַגערן אין די וועלדער, זיך אַרויסגעלאָזן אויף זייערע קריגס־זוואַנטורעס. אויך זיי האָבן חרוב־געמאַכט פיל געזעלשאַפטלעכע בנינים, פּאַלאַצן און צעשטערט די שטאָט לאָמזשע, סזאַוואַלק און פּלאָצק. די פּאָליאַקן האָבן זיי פאַרטריבן. אין 1733 האָבן זיי ווידער זַריינגעדרונגען אין לאָמזשע, גערויבט און צעשטערט. די רוסן און די פּרייסן האָבן זיי ניט געקענט בייקומען. אַן אומגעריכטע אַטאַקע פון די שוועדן האָט זיי באַזיגט. זייער פירער סטאַך קאַנווי איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט און אומגעבראַכט געוואָרן. אין 1922 האָט דער מאַגיסטראַט אַ נאָמען געגעבן אַ גאַס אין לאָמזשע אויף זיין נאָמען.

## קאַפּיטל 9

# אידן אין לאָמזשע אין די יאָרן 1731—1765

דער 17טער י. ה. איז געווען פול מיט אַקטיוויטעטן פון ועד ארבע ארצות. דאָס שטעטל טיקטין איז עס געווען די פירערין פון אַ גאַנצער ריי שטעטלעך ווי סטאַוויסק, וויסאָקי־מאַזאָוויעצק, ציעכאַנאָווצע א. אַ. אָבער לאָמזשע ווערט ניט דערמאָנט אין טיקטינער פּנקס, וואַרשיינלעך, ווייל עס זיינען דאַן קיין אידן אין לאָמזשע ניט געווען. ערשט אין יאָר 1731 (תצ"א) ווערט דערציילט, אין אַ דאָקומענט פון לאָמזשער מאַגיסטראַט, אַז די אידן ווערן באַשטייערט מיט 585 זל. קאָפּ־געלט לויט דער סומע וואָס זיי פלעגן צאָלן אין טיקטין צום ועד ארבע ארצות. מסתמא איז דאָס געווען דער שטייער וואָס אידן פלעגן צאָלן פאַר שטיין אין שטאָט 3 טעג אין דער וואָך. 8 יאָר שפּעטער האָט דער אידישער קאָפּ־שטייער באַטראָפן נאָר 250 זל. הייסט דאָס, אַז די אידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן קלענער מיט 57%. פון אַ שפּעטערער סטאַטיסטיק (אין 1765) איז צו זען, אַז אָפיציעל זיינען די אידן ניט געווען פאַררעכנט פאַר לאָמזשער בירגער און זיי פלעגן מסתמא קומען אין שטאָט צו האַנדלען בייטאָג און נעכטיקן זַנדערש־וואו.

## קאַפּיטל 10

# אונטער פּרייסישער הערשאַפט

ביים סוף פון 18טן י. ה., נאָך דער צווייטער צעטיילונג פון פּוילן, איז לאָמזשע רואינירט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון קאָשציושקאָ אויפשטאַנד קעגן די רוסן און פּרייסן. לאָמזשע האָט פיל בייגעטראָגן מיט מענטשן און פּראָדוקטן פאַר די אויפשטענדלער. אַרום אַ 1000 אָרעמע־לייט זיינען געבליבן

אין שטאָט אין עטלעכע צענדליק הילצערנע און ליימענע הייזער.

אין 1797 האָבן די פּרייסן פאַרנומען לאָמזשע און גע־וועלטיקט עלף יאָר. שצוצין איז דאַן געווען די קרייז־שטאָט און לאָמזשע איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ דאָרף. פּוילן בכלל איז ביי זיי געווען אַ נייע מזרח־פּרייסן, וועלכע איז באַשטאַנען פון 2 ראַיאָנען: פּלאָצק און ביאַליסטאָק. לאָמזשע האָט געהערט צו ביאַליסטאָקער ראַיאָן. אין זייער צייט זיינען קיין בנינים אין שטאָט ניט צוגעקומען. די באַפעלקערונג האָט זיי געהאַסט פאַר זייער אויסהאַקן די וועלדער אַרום.

## קאַפּיטל 11

# אין די צייטן פון נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט

אין יאָר 1807, נאָך נאַפּאָלעאָנס איינגעמען פּרייסן, וועלכע האָבן ביז דאַן געהערשט איבער פּוילן, איז געשאַפן געוואָרן דאָס אַזוי גערופענע פּוילישע פירשטנטום, וואָס זאָל באַ־שטיין פון 6 דעפּאַרטאַמענטן (גובערניעס), וואו עס זאָל ווערן איינגעפירט דער נאַפּאָלעאָנישער קאָדעקס. לאָמזשע איז געווען די הויפּט־שטאָט פון אַווגוסטאָווער דעפּאַרטאַמענט. אין דער שפּיץ פון דעם פירשטנטום איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן קעניג פרידריך אויגוסט פון סאַקסאָניע.

אָפיציעל איז די רעכט פון אידן אויסגעגלייכט געוואָרן מיט די רעכט פון פּאָליאַקן. אידן האָבן זיך טאַקע גענומען באַווייזן אין שטאָט, אָבער פאַר די פּוילישע פירער פון שטאָט איז דאָס געווען צו ליבעראַל און זיי האָבן מיט שתדלנות אויסגעווירקט ביי דעם קעניג, אַז כאָטש אויף צען יאָר זאָל דער אַלטער סטאַטוט פון לאָמזשע בלייבן אין קראַפט. דאַן איז דאָס געגעבן געוואָרן דער נאָמען רזשאַנדאָוואַ צו דער גאַס, וואו די רעגירונג האָט געהאַט איר זיך־פּלאַץ. פריער האָט זי געהייסן ציגן־גאַס.

נאָך פיל אומוועגדונגען זיינען די פּאָדערונגען פון די אידן געבראַכט געוואָרן פאַר נאַפּאָלעאָנען אַליין, וועלכער האָט געפּסקנ׳ט, דעם 17טן אָקטאָבער 1808, אַרויסצוטרייבן די אידן פון לאָמזשע, וועלכע האָבן זיך שווער אַנטוישט אין דעם פרייהייטליכן גייסט פון נאַפּאָלעאָנען.

די שנאה פון די פּוילישע הערשנדיגע קלאַסן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן זיך גאָר ניט גערעכנט מיט די קאָנסעקווענצן פון דעם גרוש פון די אידן. דאָס האָט פאַר־אָרעמט די שטאָט אויף אַזוי פיל, אַז ס׳איז פּאַקטיש ניט געווען צו באַצאָלן די באַאַמטע זייערע שכירות און ס׳האָט געמוזט דערקלערט ווערן אַ מאָראַטאָריום אויף פיר יאָר צוליב דער מאַסע באַנקראָטן (זע „יעווריעיסקאַ סטאַרינאַ״, אידן אין קעניגטום, וואַרשע, 1807—1812).

## די אידישע קהילה ווערט ווידער אויפגעריכט מיט נאַפּאָלעאָנס קומען קיין לאָמזשע אין 1812

אַ שטימונג לטובת אידן איז ווידער געקומען אין לאָמזשע מיט נאַפּאָלעאָנס קורצן ווייל אין שטאָט בעת זיין היסטאָ־רישן מאַרש אויף רוסלאַנד. אַ טייל פּאָליאַקן האָבן אים געשטיצט מיט מענטשן און פּראָוויאַנט, גלויבנדיק אין זיינע פרייהייטס־הבטחות.

עס איז דאַן אומגעגאַנגען דער באַוואוסטער לאָזונג Kochajmy sie (לאָמיר זיך ליבן איינס דעם אַנדערן). די אידן האָבן געוואוסט ווי אויסצוניצן די גינסטיקע קאָניוקטור און האָבן אויפסניי געגרינדעט זייער קהילה. די העכערע רעגירנדיקע פּערזענלעכקייטן, נאַפּאָלעאָן אַליין אויך, זיי־נען איינגעשטאַנען אין דער שענסטער הויז אויף רזשאַנדאָוואַ גאַס, דאָס הויז פון ר׳ יודל בלומאָוויץ (שפּעטער איז דאָ צום אָנדענקען אויפגעהאַנגען געוואָרן אַ שילד: „דאָ האָט זיך אויפגעהאַלטן נאַפּאָלעאָן״).

די אידישע קהילה פאַרוואַלטונג איז קוואַרטירט געוואָרן אויף וואַזיוואַדזקי גאַס לעבן קוואַרטאַל ריבאַקי. קליין און אָרעם, האָט די קהילה זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ דיין. אַ שווערערן ענין האָט מען געמוזט ברענגען פאַרן רב אין שניאַדאָוואַ, ר׳ זאב־וואָלף. אויך פּיאָנטניצע האָט געהאַט דאַן אַן אָנגעזעענעם אידישן ישוב. אַ ביסל אידן האָבן אויך שוין געוואוינט אין לאָמזשיצע.

### ריבאַקי

פאַר די אידן איז געוואָרן אַלץ שווערער צו פירן מסחר מיט לאָמזשע נאָר אין די 3 טעג אין וואָך, וואָס ס׳איז זיי געווען דערלויבט דורכן סטאַטוט פון לאָמזשע און אַליין וואוינען אין פּיאָנטניצע אָדער אַנדערש־וואו. אויך די קריסטלעכע סוחרים האָבן געהאַט שוועריקייטן מיטן וואַרטן אויף די אידן. עס איז דאַן אַנטשטאַנען דער דראַנג זיך צו באַזעצן אין דעם פישער דאָרף ריבאַקי, וואָס איז געווען גאַנץ אָפּגעזונדערט פון שטאָט דורך די בערג אַרום. ערשט אין 19טן י. ה. איז עס פאַראייניקט געוואָרן מיט דער שטאָט. צוויי טויערן, וואָס האָבן געדינט ווי אַ שוץ פאַר רוסן, פּרייסן און קורפּיען, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אידישע טויערן״, צו היטן אַז אידן זאָלן זיך ניט אריינגנבנען אין שטאָט. דער גרונט אַ בלאָטיקער, ווייל ער איז אָפט פאַרפלייצט געוואָרן פון טייך נאַרעוו און האָט געקאָסט מענטשלעכע קרבנות. דאָרט האָבן די אידן גענומען אויסבעסערן די פלעצער, וואָס זיי האָבן דאָרט געקויפט האָבן אויפגעשטעלט היבשע שפּייכלערס פאַר זייערע סחורות און אָפענע פלעצער פאַר געהילצן א. א. מען האָט אויפסניי אויפגעשטעלט די שול און קהל־שטיבל, וועלכע זיינען געשטאַנען אַמאָל, אין 15טן י. ה. זיי האָבן אויך



פישער דאָרף „ריבאַקי״, וואָס איז שפּעטער איינ־געשלאָסן געוואָרן אין שטאָט און איז געוואָרן אַ אידישע געגנט.



אידישע גאַס (זשידאָווסקאַ) אויף די „ריבאַקעס״

באַנייט דעם אַלטן בית־עולם. ריבאַקי איז געוואָרן אַ פאַר־בינדונגס ישוב צווישן אידן פון לאָמזשע און סטאַראַ־לאָמזשע. מיט די דערלויבענישן פון די מאַכטהאָבער האָבן די אידן זיך קאָנצענטרירט מער אין די פּלעצער העכערע און נאָענטע צו דער שטאָט אַרום. די גאַס האָט מען גערופן „זשידאָווסקאַ״. די עקן פון דער גאַס זיינען געווען אויפן קאַפּוצינסקי באַרג און וואַזיוואָדזקאַ גאַס, ביי דער „וואָדאָקאַטשקע״, וואָס איז שפּעטער אויפגעשטעלט געוואָרן צו רייניקן דאָס וואַסער פון נאַרעוו פאַר טרינק־וואַסער. אין פּיאָנטניצע האָט געוואוינט דער רייכערער און מער אָנגעזעענער עלעמענט: אידן בעלי־תורה, די כלי קודש, דער רב, די שוחטים. אין ריבאַקי דאַקעגן האָבן זיך קאָנצענטרירט די קלענערע סוחרים און די בעל מלאכה׳ס.

קאַפּיטל 12

## אין דעם קעניגרייך פון פּוילן אין 1815—1830

אין 1815, אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם 1טן פון רוסלאַנד, פאַנגט זיך אָן אַ נייער קורס אין דער פּאָליטיק פון פּוילן. אויס פירשטענטום — קרוין־פּוילן איז עס גע־וואָרן גערופן לויט אַ באַשלוס פון ווינער קאָנגרעס. זייענדיק אַ ליבעראַל אָדער צוליב פּאָליטישע כוונות האָט ער זיך באַצויגן צו אידן מיט חסד. לאָמזשע איז געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון דער וואָיעוואודסטוואָ פון אַווגוסטאָוו (יאַגוסטאָווע),

אידישער געגנט אויף „ריבאַקעס״ ביים ברעג טייך



און דאָס האָט אַריינגעבראַכט לעבן און פּרנסה אין שטאָט, כאָטש אָפיציעל האָט נאָך אַלץ עקזיסטירט פאַר לאָמזשע דער סטאַטוט פון מלך זיגמונט אויגוסט, פון פירשטענטום־פּוילן מיט אַלע זיינע באַגרעניצונגען פאַר אידן, ניט צו האַנדלען אָדער פּראָדוצירן אין די אייגענע אָדער געדונגענע גאַרזשעלניעס מיט שפּירטעס — פאַקטיש אָבער זיינען זיי ניט געשטערט געוואָרן אין זייערע אונטערנעמונגען אין דער צייט פון זייער זיין אין שטאָט.

קיין קלאָרע געזעצן וועגן פאַרבעסערן דעם מצב פון אידן זיינען נאָך ניט געשאַפן געוואָרן, אָבער אידן וואַרטן ניט מיט זייערע אונטערנעמונגען. זיי עפענען קראָמען פון מאַנופאַקטור, שפּייז, כלים א. אַנד. דער האַנדל מיט די פּויערים גייט אָן און מען שטערט זיי ניט. די שונאי ישראל האָבן ניט געקענט פיל אויפטאָן קעגן אידן, ווייל די טענדענץ איז דאַן געווען צו דערמוטיקן פרעמדע בעלי־מלאכה׳ס און סוחרים אין זייערע טעטיקייטן, ווי למשל באַפרייען זיי 6 יאָר פון צינזן אויך פון דינסט אין דער אַרמיי. דער הויפּט ציל, פאַרשטייט זיך, איז געווען כדי אויפצולעבן די פּוילישע חרוב׳דיקע שטעט.

כדי צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די אידן דורך ענ־דערן דעם לעגאַלן סטאַטוט האָט „די קאָמיסיע צו פאַר־בעסערן דעם שטאַנד פון אידן״ אין וואַרשע באַשלאָסן, אַז אידן דאַרפן זיך פריער „אויסמענטשלען״ מיט זייער חנוך, קליידונג א. א. וו. אפילו איינצלנע אידן, וואָס וועלן נאָכ־קומען די פאָדערונגען, קענען געניסן פון פּריווילעגיעס, אָבער דער רוסישער פאָרשטייער אין סענאַט, נאָוואָסעלצאָוו, האָט מבטל געמאַכט די החלטות. לויט אים דאַרף מען פריער געבן די אידן מעגליכקייטן צום לעבן און ערשט דאַן וועט מען פאָדערן פון זיי ענדערונגען אין זייער לעבנס־שטייגער.

קאַפּיטל 13

## לאָמזשער אידן אין געטאָ (1822)

ביסלעכווייז האָבן די שונאים פון אידן געווירקט אויף די געזעצגעבער אין קרוין־פּוילן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באַגרענעצן און באַרויבן די אידישע קהילות פון זייערע רעכט, באַזונדערס די רעכט צו דינען אין דער אַרמיי. לאָמזשער אַנטיסעמיטן האָבן אויסגעפּועלט ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר זאיאָנטשעק, אַז דער ריבאַקי־קוואַרטאַל זאָל זיך געפינען אונטער דער יוריסדיקציע פון שטאָט־מאַגיסט־ראַט. דעם 10טן דעצעמבער 1822 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די פאַראָרדנונג, אַז אַלע לאָמזשער אידן זאָלן זיך איבערציען אין ריבאַקי־קוואַרטאַל. אַזוי אַרום איז פון זיך אַליין אַנטשטאַנען אַ געטאָ פאַר לאָמזשער אידן, אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט. אָפיציעל אָבער איז דער סטאַטוט פון מלך זיגמונד אויגוסט 3 בטל געוואָרן, נאָר דאָס אידישע וואוינען איז באַגרעניצט געוואָרן צו ריבאַקי־קוואַרטאַל.

נאָך אַ געוויסער צייט איז דערלויבט געוואָרן די אידן זיך אויסצושפּרייטן און צו באַזעצן זיך אויף קשיווע־קאָלאָ, רעכטס און וואָזיוואָדזקאַ — לינקס. נאָך שפּעטער איז זיי דערלויבט געוואָרן צו וואוינען אויפן אַלטן מאַרק, זשאָנ־דאָווע, שקאָלנאַ, סענאַטאָרסקאַ ביז דוואָרנאַ. אין 1823־24 האָט די רעגירונג אָנגעפאַנגען בויען ביי דעם ווינקל זיאַזד־ריבאַקי טעקסטיל פאַבריקן — אַן אונטערנעמונג וואָס האָט זיך ניט איינגעגעבן. אַ צוקער פאַבריק איז דאָרטן אויפ־געשטעלט געוואָרן דורך ה׳ משה נאָווינסקי.

## קאַפּיטל 14

# צווישן איין אויפשטאַנד און צווייטן, 1830-62

די געפילן פון האַס קעגן אידן, וואָס איז געווען איינגעבוירן אין די פּוילישע שיכטן, האָבן צוריקגעהאַלטן די אידן אָנטיילצונעמען פיזיש אין די לעגיאָנען פון די אויפשטענדלער. אפילו די אויפרופן פון באַוואוסטן בערעק יאָסעלעוויץ, צו קעמפן קעגן די רוסן, האָבן ניט געווירקט. דאַקעגן מיט געלט, שפּייז, שיך און קליידער האָבן די אידן זיי יאָ געשטיצט. דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן און לאָמזשער ראַיאָן איז געוואָרן חרוב־מוחרב. דאַן זיינען שוין די אידן בישט געשטערט געוואָרן זיך צו באַזעצן איבער דער גאַנצער שטאָט. צוויי וועכנטלעכע יאַרידן זיינען צוריק איינגעשטעלט געוואָרן און האַנדל האָט ווידער אויפגעבליט. אין די 20 יאָר נאָך 1827 זיינען פאַרדרייפאַכט געוואָרן דורך די אידן די בנינים פון שטאָט, פיל פון זיי געמויערטע, אויפן אַלטן מאַרק. די אידן האָבן געקויפט פלעצער איבעראַל אָן שטערונגען. אין 1835 האָבן די בעלי־בתים פון לאָמזשע געגרינדעט אַ תלמוד־תורה־הויז פאַר 10 כיתות.

## קאַפּיטל 15

# לאָמזשע אונטער אַווגוסטאַוו (1837)

אין 1837 איז לאָמזשע ווידער אַרונטערגעפאַלן, צוזאַמען מיט סואוואַלק, אונטער דער וואָיעוואודסטוואָ פון אַווגוסטאַוו, וואָס האָט גורם געווען אַ ירידה אין מסחר און אַנטוויקלונג. צוליב דעם, וואָס פילע אינסטיטוציעס מיט זייערע באַאַמטע און סוחרים האָבן פאַרלאָזן די שטאָט. שפּעטער, אין 1839, נאָכן עפענען דעם אַווגוסטאַוו־קאַנאַל, וואָס האָט פאַראייניקט די טייכן ווייכסעל מיט דעם ניעמאַן און נאַרעוו, האָט דער מסחר מיט האָלץ און תבואה צוריק אויפגעשטיגן אַ דאַנק די פאַרבינדונגען פון ווייס־רוסלאַנד, פּרייסן, ליטע און פּוילן.

פילע פאַבריקן, אַרום צען אין צאָל, זיינען אין לאָמזשע אויפגעשטעלט געוואָרן: פון צוקער, לעדער, ביר, א. א. (איינער פון די יעניקע פאַבריקאַנטן איז געווען ר' זוסמאַן יעבץ, פאָטער פון דעם באַוואוסטן היסטאָריקער, זאב יעבץ). אַ גרויסער עקספּאָרט פון תבואה, געהילץ, פעל און פאַרשיידענע פעטצן קיין פּרייסן איז אָנגעגאַנגען, פון וואָס עס האָבן גענאָסן אי די אידן, אי די פּוילישע פּויערים.

דורכן קאַפּוצינסקי באַרג איז דאַן דורכגעגאַנגען דער באַוואוסטער וואַרשע־פּעטערבורג שאָסיי־טראַקט, מיט שטאַלן צום בייטן פערד ביי דער סטאַנציע און אַ האָטעל אויפן שפּעטערדיקן נייעם־מאַרק. נאָך אַ שלעכטן צופאַל מיט דעם רוסישן פּרינץ אַלעקסאַנדער, שפּעטער — צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער — פאַרנדיק באַרג־אַראָפּ פון קאַפּוצינסקי באַרג, איז דורך דער רוסישער מאַכט דורכגעשניטן געוואָרן דער וועג דורכן באַרג Zjazd, וואָס האָט זיך געבילדעט ווי אַ קאַנאַל — קיין פּיאַנטניצע און ווייטער. אין 1852 איז געעפענט געוואָרן אַ פּוילישע דרוקעריי דורך Mrochek וועלכע האָט שוין געהאַט אויך אידישע בוכשטאַבן. מיט 3 יאָר שפּעטער (1855), איז געגרינדעט געוואָרן דער „הכנסת אורחים", ווייל לאָמזשע איז שוין דאַן געווען אַ צוציאונגס אָרט און אויך אַ דורכפאָר שטאָט צו פילע אַנדערע שטעט און ס'איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט צו האָבן אַ הכנסת אורחים פאַר די אָרעמע דורכגייער, רבנים צווישן זיי.

וואָס ווייטער איז דער דראַנג נאָך פרייהייט געוואָרן אַלץ שטאַרקער ביים פּוילישן פאָלק. אין אַזעלכע פאַלן



דער „זיאַזד" („גראָבליע"), דורכגעשניטן און ברוקירט געוואָרן אין יאָר 1184

האָבן זיך געפונען פילע פון זיי גענויגט צו פאַרברידערונג מיט אידן. עס אָרגאַניזירן זיך גרופּן מיט לאָזונגען ווי „איין גאָט האָט אונז באַשאַפן", „איין גורל דערוואַרט אונז פון די מאסקאַלן אונזערע אונטערדריקער". פון אָנפאַנג אַרבעטן זיי אין אונטערגרונט אויך אין שולן. אידן איז שוין דאַן דערלויבט צו וואוינען אין גאַנץ פּוילן לויט אַ דעקרעט פון צאַר אַלעקסאַנדער 2, הגם די לאָמזשער געטאָ איז נאָך נישט בטל געוואָרן.

אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פון דערנעענטערונג צווישן אידן און פּאָליאַקן איז פאַרלאָפן אין לאָמזשע. כ' תמוז, תרכ"א מאכן אידן אַ פאַרזאַמלונג אין גרויסן בית מדרש, וואו דער רב דר. ר' אפרים עדעלשטיין לויבט דאָס פּוילישע פאָלק און זיין קאַמף פאַר פרייהייט. דאָרט ווערט געמאַכט אַן אזכרה דעם פּוילישן שרייבער יאָאכים לאַלעוואַל, דעם טרוימער פון פרייהייט און גלייכהייט פאַר אידן און אַנדערע פעלקער, אַזוי אַז אידן וועלן נאָך אַמאָל אויפבויען דאָס לאַנד פון זייערע אבות — ארץ ישראל. דאָס איז פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהייט פון פּוילישע נאָטאַבלען (לויט דעם העברעאישן זשורנאַל „הכרמל"). פיל אידישע יונגעלייט האָבן דאַן וואָלונטירט אין דעם פּוילישן אונטערגרונט.

אין יענער צייט עפענען זיך נייע גאַסן ווי ווייסקאַ, רעמבלין. דאָרטן און אויך אויף דעם נייעם מאַרק בויען אידן אויס גרויסע געמויערטע הייזער און שפּרייטען זיך אויס צום שפּאַציר־גאָרטן, צו לאָמזשיצע און אַנדערע גאַסן ווי געלצינסקאַ, סענאַטאָרסקאַ, רזשאַנדאָוואַ, קזשיווע־קאָלאַ, און דוואָרנאַ.

דער ליבעראַליזם וואָס האָט דאַן גענומען באַהערשן די פּוילישע מאַסן האָט אויך נישט געשטערט די אידן צו פאַרנעמען שטעלעס אין מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס. אויך

לאָמזשיצער שאָסיי



וואַל־רעכט האָט מען שוין צוגעטיילט דאָן די אידן. דעם 24טן סעפּטעמבער 1861 (תרכ״ב) איז פאָרגעקומען אין לאָמזשע צום ערשטן מאָל וואַלן צום Sejmik (באַראַטענדע קערפּער־שאַפט פאַרן ראַיאָן). פון 360 וואַל־באַרעכטיקטע זיינען דער־וויילט געוואָרן 4 פּערזאָן, איינער פון זיי אַ איד, ר׳ משה נאַווינסקי, מיט 306 שטימען, אַן אָנגעזעענער מאַן אַלס פּאַב־ריקאַנט. דעם 2טן אָקטאָבער פון ז. י. זיינען פאָרגעקומען וואַלן אין לאָמזשע צום מאַגיסטראַט. און ר׳ יהודה־לייב קויפמאַן איז דערווילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן און 3 אַנדערע — אַלס געהילף־ראַטמענער: ר׳ משה־לייב קאַלינסקי, אַ חבר און פריינט צו ר׳ יהושע יעלין אין ירושלים; ר׳ יעקב לוי ניימאַוויץ און ר׳ נחמן טיקאַצינער.

דער ראַטמאַן פון Sejmik ר׳ משה נאַווינסקי האָט אין 1865 זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע, נאָך דעם ווי זיין פאַבריק איז אָפּגעברענט געוואָרן. דער מאַגיסטראַט איז דאָן שטאַרק קריטיקירט געוואָרן אין די צייטונגען פאַר נישט העלפן אים אויפבויען צוריק זיין פאַבריק וואָס האָט געבראַכט שטאָלץ און, דער עיקר פּראָפיטן, פאַר דער שטאָט. אין אויפשטאַנד פון 1863 האָט ר׳ משה נאַווינסקי גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל מיט געלט, קליידער און שפּייז־צושטעלונגען צו די אויפשטענדלער. פאַר דעם און פאַר באַהאַלטן די פּוילישע קעמפער אין זיין הויז איז ער באַשטראָפט געוואָרן פון די רוסן („הכרמל״, שנה ב׳, נומער 14; „הצפירה״, שנה א׳, י׳ ניסן, תרכ״ב).

צוזאַמען מיט די גוטע אַנשטאַלטן וואָס האָבן מאַני־פעסטירט די גוטע מדות פון לאָמזשער בעלי־בתים ווי צ. ב. הכנסת־אורחים, תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער, האָבן זיך אויך גענומען באַווייזן סימנים פון עגאָאיזם און געלט־גייץ ביי זיי. די מער־פאַרמעגלעכע בעלי־בתים, וועלנדיק שפּאָרן פון אָרעמאַן, האָבן זיי אַרויסגעגעבן פּאַפּירענע פּרוטות, צו עטלעכע אין אַ גראָשן — די קלענסטע מטבע אין פּוילן. אָט די פּרוטות האָט דער אָרעמאַן־בעטלער גע־זאַלט, ביים פאַרלאָזן די שטאָט, אויסבייטן פאַר די רעגולערע מטבעות פון דער מדינה. אָט די פּאַפּירענע מטבעות האָבן, פאַרשטייט זיך, אין גאַנג פון האַנט צו האַנט זיך אָפּגעריבן און די גבירים האָבן זיי נישט געוואָלט צוריק אויס־טוישן. דער אָרעמאַן פלעגט פאַרלירן און די עשירים פלעגן פאַרדינען („הכרמל״ ,שנה ב׳, נומער 32).

קאַפּיטל 16

## משה מאָנטיפיאָרע אין לאָמזשע — 1846

אין יאָר 1846, אויף זיין רייזע קיין פעטערבורג, איז דער באַוואוסטער שתדלן פאַר אידישע רעכט אומעטום, דער ענגלישער נדיב משה מאָנטיפיאָרע, דורכגעפאָרן לאָמזשע שוין מיט דעם נייעם טראַקט דורכן זיאַזד. זיין ציל איז געווען צו משתדל־זיין זיך ביי דעם רוסישן צאַר פאַר די רעכטלאָזע אידן אין רוסלאַנד צו פאַרבעסערן זייער לאַגע פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. דער מיליטערישער עסקאַרט, וואָס האָט אים באַגלייט, זי״ענדיק פּראָטעזשירט דורך דער ענגלישער קע־ניגין וויקטאָריאַ, און זיין נאָמען אין אַלגעמיין האָבן געצונדן די פאַנטאַזיע פון די אידן אין יענער געגנט. פילע פירער פון שטעט אַרום זיינען געקומען קיין לאָמזשע צו ציען זיין אויפמערקזאַמקייט אויף די עוולות, און ער זאָל זיך באַמיען זיי אָפּצושאַפן. גלויבנדיק, אַז דער נדיב וועט זיך פאַרווילן אין שטאָט, האָט מען געמאַכט פילע הכנות מיט דער הילף פון ר׳ ישראל משה נאַווינסקי. אַ שיינע דירה ביי ר׳ משה קולינסקי, כשר׳ע מאכלים און נ. א. אויך האָט די קהילה צוגעגרייט פאַר אים מיט זיין פרוי יהודית אַן אַדרעס אויף פּאַרמעט און דער אַלטער רב ר׳ בנימין דיסקין האָט געזאָלט האַלטן שבת אַ דרשה לכבוד זיי אין גרויסן בית מדרש.

צו אַלעמענס באַדויערן האָט אָבער ר׳ משה מאָנטיפיאָרע געהאַט צייט צו פאַרווילן אין לאָמזע ניט מער ווי נאָר עטלעכע שעה׳ן, אין וועלכע ער האָט אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון דער קהילה אויף אַ פריינטלעכן שמועס. דער רב האָט אים געבענטשט מיט דער ברכה פון איינע פון די ימים־נוראים תפילות: „היה עם פיפיות שלוחי עמך בית ישראל, שלא יכשלו בלשונם״ (ג׳ זאָלסט זיין מיט די מיילער פון די שלוחים פון דיין פאָלק ישראל, אַז זיי זאָלן נישט געשטרויכלט ווערן מיט זייער צונג).

לויט אַ דערציילונג פון ר׳ טוביה פענסטער, אַן אַלטער בכבוד׳יקער בעל הבית פון לאָמזשע, איבערגעגעבן פון זיין פאָטער משה פענסטער, וואָס איז געווען דערביי, איז די באַגעגעניש מיט ר׳ משה מאָנטיפיאָרע פאָרגעקומען אויף פּלאַץ פּאָטשטאָווי, נעבן דער פּאָטשט: אין אַ גרויסאַרטיקער קאַרעטע איז געזעסן ר׳ משה מאָנטיפיאָרע, זיין פרוי יהודית, זיין סעקרעטאַר דר. לעווי און אַ דאָקטאָר־מעדיצינער. דאָס איז פאָרגעקומען ווען מען האָט געביטן די פערד פאַר דער ווייטערדיקער נסיעה. ר׳ ישראל־משה נאַווינסקי מיט אַ גרופּע פון די פני פון לאָמזשע, דערנעענטערנדיק זיך צו דער קאַרעטע, האָט אויסגערופן בוקנדיק זיך: „ברוך הבא״! און דערלאַנגט ר׳ משה מאָנטיפיאָרע׳ן אַ באַגריסונג־כתב. דער נדיב איז אַראָפּ פון דער קאַרעטע, צוגעמאַכט די טיר, נישט צו שטערן די רו פון זיין פרוי. דריקנדיק די האַנט פון ר׳ ישראל־משה נאַווינסקי, האָט ער געדאַנקט פאַר דעם כתב־ברכה. באַטראַכטנדיק זייער הויכגעשעצטן גאַסט האָבן זיי אים שפּעטער געשילדערט אַזוי: „זייער הויך געוואַקסן, אין די 60ער יאָרן, אָבער פול מיט ענערגיע און באַשאַנקען מיט אַ ספּעציעלן חן פון אַן אויסדערוויילטן איבערן פאָלק״. דער סעקרעטאַר דר. לעווי האָט אין דייטש דערקלערט ר׳ ישראל־משה׳ן אַז ס׳איז פאַר זיי אוממעגלעך צו פאַרווילן אין לאָמזשע און געהייסן איבערגעבן אַ דאַנק און אַ ברכה צו דער גאַנצער לאָמזשער קהילה. ר׳ משה מאָנטיפיאָרע האָט באַשטעטיקט די רייד פון זיין סעקרעטאַר און אויסגערופן צוויי מאָל אין ספרדיש׳ן דיאַלעקט אין העברעאיש: „לא נוכל להתמהמה״.



ר׳ יעקב משה פענסטער און זיין פרוי, עלטערן פון ר׳ טוביה פענסטער.

ווען די קאַרעטע מיט פרישע 6 פערד מיט אַ גרויסן פאַקעל פאָראויס אין האַנט פון אַ ספעציעלן רייטער, האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט, האָט דער סעקרעטאַר שטייענדיק אין טיר פון דער קאַרעטע אויסגערופן הויך: „שלום, יהודים! ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים“. דער גאַנצער קהל האָט געענטפערט מיט ברכות הויך אויפן קול און די קאַרעטע איז ביסלעכווייז נעלם געוואָרן אין דער נאַכט־פינסטערניש.

## קאַפיטל 17

# לאָמזשער אידן אין פּוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1863

דער אָנהויב פון דעם אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן אין לאָמזשע דעם 15טן יאַנואַר 1863. אַ גרויסע מאַסע פון פוילישע רעקרוטן צו דער רוסישער אַרמיי — אידן האָבן נאָך דאַן נישט גענאָסן די רעכט צו דינען אין דער אַרמיי — האָבן זיך צעבונטעוועט אונטער דעם אַיינפלוס פון פוילישע אַגיטאַטאָרן. זיי האָבן צעבראָכן די טירן און פענסטער, צעשלאָגן די פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געווען דאַן אין אַ קליינער צאָל דאָרטן, און זיינען אַנטלאָפן אין די וועלדער, צושטייענדיק צו פילע אַנדערע גרופן פון אויפשטענדלער. דער רוסישער גאַרניזאָן איז דאַן געווען קליין.

אין אַ חודש שפּעטער איז ער פאַרגרעסערט געוואָרן מיט סאַפּיאָרן, קאַוואַלעריע און אַ Sotnia קאָזאַקן. אַלס שטראָף פאַר דעם אויסברוך קעגן דער רוסישער מאַכט האָבן זיי אויסגערויבט קראָמען, פאַרנומען דירה׳ס אַרויסוואַרפנדיק די איינוואוינערס אָן רחמנות, פאַרשטייט זיך מערסטנס פון אידן. אַ דעלעגאַציע באַשטייענדיק פון שטאָט־פּרעזידענט, אַ גייסטלעכער און אַ אידישער סוחר, ה׳ קויפמאַן, האָט פּראָטעסטירט צו דער רוסישער מאַכט אָבער מען האָט איר אַרויסגעטריבן. דער אויפשטאַנד איז נאָך דעם געוואָקסן. אידן און פּאָליאַקן האָבן געאַרבעט צוזאַמען, ווי די פּאָלקס רעגירונג אין וואַרשע האָט זיי גערופן „פאַר איין פאָטערלאַנד מיט גלייכע רעכט פאַר אַלע“. 30 טויזנט פוילישע גולדן, קליידער און פוטערוואַרג איז צונויפגעקליבן געוואָרן פון צווישן אידישע סוחרים. אידישע פרויען האָבן גענייט וועש פאַר די אויפשטענדלער פון לייוונט, וואָס די קהילה און מאַנופאַקטוריסטן האָבן געשאָנקען. דאָקטאָר אדעלשטיין און דער הויפּט־רב פון וואַרשע, מייזעלס, אויך אַנדערע פלעגן פאַרזאַמלען אידן אין גרויסן בית מדרש און דרשנען פאַר זיי, מוטיקנדיק זיי אין דעם קאַמף פאַר דער פוילישער פרייהייט פון צאַרישן יאָך.

דערווייל זיינער אָנגעגאַנגען שלאַכטן צווישן די פוילישע פּאַרטיזאַנען מיט טיילן פון דער רוסישער אַרמיי. אַרום 7 קילאָמעטער פון זאַמבראָוו האָבן אַ 150 פּאַרטיזאַנען אַטאַקירט אַ רוסישע אָפּטיילונג. די רוסן זיינען צוריקגעטראָטן און האָבן אויסגעלאָזן זייער כעס אויף די אידן באַשולדיקנדיק זיי אין שפּיאָנירן פאַר די פּאָליאַקן. איינער פון זיי איז געווען ר׳ נחמן־יעקב ראַטבערג ז״ל, אַ זיידע פון דר. יום־טובֿ לעווינסקי. ער האָט ווירקלעך געדינט ווי אַ וועג־ווייזער פאַר די פּאַרטיזאַנער. אייניקע פון לאָמזשע האָבן זיך געפונען צווישן די 50 גימנאַזיסטן פון לאָמזשער גימנאַזיע, וואָס אַ רוסישע אַרמיי־אָפּטיילונג האָט געכאַפּט אין דאָרף וויגאָדאַ, און האָט זיי אַלעמען פאַרטיליקט. די רוסישע אכזריות האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם צאָרן פון די פּאָליאַקן און די רייען פון די פּאַרטיזאַנער זיינען געוואָקסן אין צאָל פון פּאָליאַקן און אידן פון די אַרומיקע שטעטלעך ווי יעדוואָבנאָ, סטאַוויסק, קאָלנע, א. א.

וועגן אַ סטאַוויסקער יונגנמאַן, הירש־בער, דערציילט דער שרייבער או״ר, ר׳ אליהו־וואָלף, אַז קריגנדיק פון די פּאַרטיזאַנער אַ גרויסע סומע געלט צו קויפן געווער אין פּרייסן, איז ער אַנטלאָפן פון דאָרטן קיין אַמעריקע. דער פאַקט האָט געמאַכט אַן אויפרעגנדיקן איינדרוק אויף די אידן.

אין דעצעמבער פון זעלבן יאָר איז לאָמזשער ראַיאָן אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם קאָמענדאַנט גאַניצקי, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן דורך דעם באַוואוסטן רוסישן תלין מוראַוויאָוו. די אידישע באַפעלקערונג האָט באַלד דערפילט זיין טעראָר. די טענה קעגן זיי איז געווען פאַר וואָס זיי אָנערקענען נישט די גוטע און יושרדיקע ממשלה פון די רוסישע צאַרן, נאָר ווילן בעסער זיין קנעכט צו די פוילישע פּריצים־פּאַנעס.

איינמאָל האָט ער פאַרזאַמלט אויפן Plac Pocztowy די מער אָנגעזעענע איינוואוינער פון לאָמזשע, פּאָליאַקן באַזונדער און אידן באַזונדער. אונטער דעם פחד פון אַ Sotnis קאַזאַקן מיט אויפגעהויבענע נאַגאַיקעס האָבן זיך אַלע אויפן באַפעל פון גאַניצקי׳ן אַראָפּגעלאָזן אויף די קני לכבוד דעם צאַר וואָס איז דאַן דערמאָנט געוואָרן אין אַ געבעט פון אַ רוסישן פּאָפּ. ער האָט דאַן געוואָרנט די קניענדיקע־צעשראָקענע, אַז פאַרניכטונג אָדער פאַרשיקונג קיין סיביר דראָט זיי אַלעמען, אויב זיי וועלן נישט אָפּשטעלן דעם בונט. 150 מאַן זיינען אַרעסטירט געוואָרן. הונדערט פון זיי אידן, אָנגעזעענע, פאַרמעגלעכע סוחרים מיט דעם דאָפּעלטן צוועק: אויסצופּרעסן געלט און צו וואַרפן אַ שרעק אויף די איבעריקע אידן זיי זאָלן זיך נישט חבר׳ן מיט די פּאָליאַקן. אין קורצן זיינען געבראַכט געוואָרן קיין לאָמזשע נאָך 1000 אַרעסטירטע, אַ העלפט פון זיי זיינען געווען אידן. 3 פון די פּרנסים פון לאָמזשער אידן זיינען געווען צווישן די אַרעסטירטע: הרב דר. אפרים אדלשטיין, ר׳ ישראל־משה נאָווינסקי און נחמן טיקאַצינער. דער ערשטער איז געווען אַזש צעבלוטיקט פון די קלעפּ, וואָס איז אויף אים געפאַלן. 30 אידן פון לאָמזשע און איר געגנט אַרום זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין וואַרשעווער ציטאַדעל. נאָך צענדליקער זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין גראָדנער טורמע. אַנדערע זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין סיביר. איין קאָלנער איד איז געהאַנגען געוואָרן אין מיטן פון אַלטן מאַרק פאַר זיין דינסט אַלס זשאַנדאַרם אין פוילישן מיליטער.

אין 1916 האָבן די פּאָליאַקן אויפגעשטעלט אויפן וועג צווישן לאָמזשע און זאַמבראָוו מצבות אויף זיין קבר און אויף די קברים פון אַנדערע אַזעלכע מאַרטירער.

דר. אפרים אַדעלשטיין איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון טורמע צו העלפן די אָנגעגריפענע פון דער מגפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן דאַן אין שטאָט, און די אַנדערע צוויי מיט אים זיינען באַפרייט געוואָרן נאָכן איינלייגן אַ גרויסע קויציע אַלס משכון.

נאָכ׳ן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד, איז איינגעטראָטן אַ רעאַקציע און דערשלאָגנקייט. די אידן האָבן זיך גיך אַנטוישט אין דער פאַרברידערונג מיט די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געזוכט די אידן אין זייער עת־צרה מיט דער האָפענונג געהאָלפן צו ווערן דורך זיי. די פוילישע אינטעליגענציע האָט פאַרלאָזן פוילן. די פויערים האָבן ווידער געזען אין דעם אידן נאָר שלעכטס און האָבן זיי גע׳מסר׳ט צו די רוסן.

לויט אַ פּלאַן האָט לאָמזשע מיט איר געגנט אַרום געדאַרפט אַריין אין פּראָצעס פון רוסיפיקאַציע. די אַווגוסטאָווער

וואַיעוואָודסטווע איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי: סובאַלק און לאָמזשע. אַ שטענדיקער גרויסער גאַרניזאָן פון מיליטער מיט אַן אַפיצירן קלוב איז אַיינגעשטעלט געוואָרן אין שטאָט. הונדערטער רוסישע באַאַמטע האָבן באַזעצט די אַמטן און ביוראָס. די רוסישע שפּראַך איז געוואָרן די הערשנדע איבעראַל, אויך אין די שולעס. פּוילישע נאַציאָנאַלע חגאות זיינען פאַרווערט געוואָרן צוזאַמען מיט דער פּוילישער פאָן. אַנשטאָט זיי זיינען רוסישע נאַציאָנאַלע ימים טובים מיט דער רוסישער פאָן געפייערט געוואָרן מיט ליכט אין די פענסטער ביינאַכט.

אידן, אַ דאַנק זייער אייגנשאַפט זיך צוצופּאַסן שנעל צו נייע הערשנדע באַדינגונגען, האָבן אַנטוויקלט אַ שטאַרקע טעטיקייט צוזאַמען מיט די רוסן. ווי אין אַ גובערנאַלער שטאָט האָבן אידן פאַרפילט די ערטער פון צושטעלער, שתדלנים, אַדוואָקאַטן, לערער אין רוסישער שפּראַך. אויסער וואָס פיל געשעפטן האָבן זיך געעפנט ווי דרוקערייען, האָטעלן א. ג. אַנד. באַנקען זיינען געעפנט געוואָרן. די רוסישע גימנאַזיע איז פילפאַך פאַרגרעסערט געוואָרן מיט שילער פון אַנדערע שטעט. די קהילה מיט אירע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס זיינען אויך פאַרגרעסערט געוואָרן.

## ר׳ דוד־יעקב יעלין פון לאָמזשע

פּיאָנער פון פּאָליטישן ציוניזם, אין יאָר 1863

„צווישן האַמער און קאָוואַדלע" — דאָס איז געווען די טראַגישע לאַגע פון די אידן אין פּוילן אין יענע צייטן. די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט זען די אידן אין זייערע רייען, קעמפנדיק קעגן דער דעספּאָטיע פון צאַר ווייל זיי וואוינען דאָך אויף פּוילישער ערד. אַנדערש האָבן זיי גע׳רודפ׳ט די אידן. פון דער צווייטער זייט האָבן די רוסישע מאַכט־האָבער זיך נוקם־געווען אין די אידן מיט דער גרעסטער אכזריות פאַרן העלפן די פּוילישע פּאַנעס און זיין עבדים לעבדים. אָט די טרויעריקע לאַגע פון די אידן האָט אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק פון אַ לאָמזשער איד אַ משכיל, קענער פון פיל שפּראַכן, ר׳ דוד־יעקב יעלין, אַז די גרויס־מאַכטן פון אייראָפּע דאַרפן העלפן דעם קליינעם געדריקטן פאָלק, די אידן, צוריק צו באַקומען זיין אַמאָליקע ארץ ישראל און ירושלים, וואו ער זאָל ווידער לעבן זיין זעלבסשטענדיקן, אַמאָליקן לעבן. פאַר דעם צוועק האָט ער אָנגעשריבן אַ מעמאָראַנדום אין עטלעכע שפּראַכן און אים געשיקט דורך דעם רוסישן גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פּוילן צו: נאַפּאָלעאָן דעם דריטן פון פראַנקרייך, צום רוסישן צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער, צום עסטרייכישן קעניג פראַנץ־יאָזעף דעם ערשטן און צו עליזאַבעט, די ענגלישע קעניגין.

צום באַדויערן איז אומבאַוואוסט וואָס עס איז געוואָרן פון דעם מעמאָראַנדום. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געפונען אין דעם אַרכיוו אין וואַרשע. ווען וואַרשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן איז דער גאַנצער אַרכיוו פאַרברענט געוואָרן. אין ישראל געפינט זיך אַ קאָפּיע פון אים.

## קאַפּיטל 18

## 1904—1864

די ליבעראַלע באַציאונגען צווישן דער פּוילישער געזעלשאַפט און די אידן האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די פּאָליאַקן, נאָך מער ווי פריער, האָבן געהאַסט די אידן פאַר זייער קאָאָפּערירן מיט דער רוסישער מאַכט. ביי די אידן ווידער איז דאָס געווען צום גונסטן פון זייער מאַטעריעלן וואוילזיין. זיי האָבן גוט געדענקט און נאָך געפילט די שנאה און די רשעות צו זיי ווען די פּאָליאַקן האָבן געהאַט די מאַכט אין זייערע הענט.

די רוסישע מאַכט־באַזיצער האָבן גערן אָנגענומען די לייסטונגען פון די אידן, ווי די באַזאָרגונג פון זייערע אַרמייען מיט אַלעם נויטיקן, אָדער אַנדערע נויטיקע אונטערנעמונגען — הגם קיין אָפיציעלע גלייכע רעכט איז זיי נאָך נישט געגעבן געוואָרן. די רוסן האָבן אַזוי אַרום איזאָלירט די פּאָליאַקן. אויך האָבן די רוסן פאַרקוקט און געלאָזן די אידן פירן זייער אינערלעך רעליגיעז־גייסטלעכן לעבן פריי לויט די אידישע אנשויאונגען און טראַדיציעס. עס איז נאָך אין די הויכע ספערן אין פּעטערבורג אַליין נישט געווען קלאָר צי מ׳זאָל פריער געבן די אידן גלייכבאַרעכטיקונג און דאַן וועלן זיי אַליין שוין ווערן מיט לייטן־גלייך (מיט קריסטן), אָדער מ׳זאָל פריער פאָדערן פון די אידן צו ווערן פיזיש און גייסטיק אויסערליך גלייך מיט די קריסטן און אַזוי אַרום ערשט דאַן ווערט־זיין די גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס מען וועט זיי שענקען.

פון צייט צו צייט פלעגט אַרויס אַ גזירה: צו אַיינפירן אַלגעמיינע סעקולערע שולן; אָדער, אַז דער רב פון שטאָט מוז קענען די לאַנד־שפּראַך, רוסיש; אָדער מען זאָל נישט אָפּגאָלן די האָר פון קאָפּ ביי אַ כלה אין איר חופּה־נאַכט. אַזוינע גזירות פלעגן די אידן אָפּשרייען מיט שתדלנות און אַ „מתנת־יד".

די אידישע פּרעסע אין יענער צייט, וואָס איז באַשטאַנען פון אֵיינעם אָדער צוויי העברעאישע צייטונגען, דער מער פּאָפּולערער פון זיי, דער „המליץ" 23, 12, 1880, אַנטהאַלט אַ קריטיק אויף די לאָמזשער שטאָטישע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען דאַן געווען און ווייזט אָן אויף די וואָס פעלן נאָך. למשל: די תלמוד־תורה באַזאָרגט נישט די אָרעמע קינדער מיט די סאַמע נויטיקע באַדערפענישן ווי שיך, ברויט; די אידישע סאָלדאַטן אין דער רוסישער אַרמיי פון לאָמזשע עסן פון טריפה׳ן קעסל און קיינער זאָרגט נישט פאַר זיי; עס איז נישטאָ קיין גמילות־חסדים אנשטאַלט, וואו דער אָרעמער הענדלער אָדער בעל־מלאכה זאָל קענען קריגן אַ קליינע הלוואה אָן פּראָצענט; די גרויסע שול, וואָס מען האָט געהאַט אָנגעפאַנגען צו בויען מיט 2 יאָר פריער, איז אָפּגעלייגט געוואָרן צוליב מחלוקת; צופיל למדנים זיינען דאָ אין שטאָט אָבער זייער ווייניק יודעי־ספר, ווייל מען רודפ׳ט פאַרן בלויזן לייענען דעם אהבת־ציון פון אַ. מאפּו.

ערשט אין יאָר 1888 איז געגרינדעט געוואָרן די חברה גמילות־חסדים מיט אַן אייגענעם בית מדרש אויסצולייען געלט אויף משכנות אָן פּראָצענט. אויך די חברה „לינת הצדק" איז דאַן געגרינדעט געוואָרן מיטן נאָבעלן ציל צו נעכטיקן ביי קראַנקע און אַזוי אַרום צו פאַרגרינגערן די קרובים פון די חולים. מיט אַ יאָר שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן די באַוואוסטע פאַר יאָרן „לאָמזשער ישיבה" לויטן מוסטער פון די גרויסע ישיבות אין ליטע (מער פּרטים אין אַ באַזונדערן פּרק).

אין 1892 איז געעפנט געוואָרן דער נייער „בית עולם" ביים שאָסיי קיין זאַמבראָוו. דער אַלטער „בית עולם" איז שוין לאַנג געווען איבערפולט, און די הערשנדע מאַכט האָט שוין פאַרווערט דאָרט מקבר־צו־זיין. דער ערשטער צו באַגראָבן ווערן אויפן נייעם בית־הקברות איז געווען אַ זאַמבראָווער איד, דוד אָפּענבערג׳ס אַ שוואָגער, וועלכער איז געהאַט געשטאָרבן אין לאָמזשער שפּיטאָל. דער אַלטער „בית


אַריינגאַנג צום נייעם בית עולם, דערעפנט געוואָרן אין 1892

עולם" מיט די אהל'ס פון די צדיקים איז געבליבן אונטער דער השגחה פון דער פרוי באַלעבאַנציכע, וועלכע פלעגט אָפּהיטן צו אַנצינדן דאָרטן ליכט יעדן פרייטאָג.

די פירער פון דער קהילה, באַזונדערס די רבנים, האָבן אויסגעאיבט אַן איינפלוס אויף דער אידישער יוגנט נישט צו לערנען אין דער גרויסער רוסישער גימנאַזיע, וואָס די רוסישע מאַכט האָט אויסגעבויט אויפן פלאַץ פון פיארי קאָלעגיום אויפן זיאזד. ווינציק עלטערן האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דעם אַנשטאַלט וואו מ'זאָט מייסטנס געדאַרפט מחלל־שבת־זיין און וואו דער קריסטלעכער גייסט איז געווען דער הערשנדער.

אין זעלבן יאָר 1892 האָט די דייטשע מאַכט זיך מער באַפעסטיקט מיטן אויסבויען אַ גרויסע טורמע פאַר אַלערליי פאַרברעכער.

## אַ ביסל סטאַטיסטיק

לויט דער אָפיציעלער ציילונג אין יאָר 1895/6, האָבן די אידן אין לאָמזע אויסגעמאַכט 9822 נפשות; קאַטאָליקן, פּראַוואָסלאַוונע און פּראָטעסטאַנטן — 10,725; רעגירונגס שולן 2־קלאַסיקע זיינען געווען 3. קיין אין אידישע שולע. די „חדרים" האָבן די רבנים פאַרזאָגט נישט אַנצוגעבן אין דער ציילונג. פון 5 דאָקטוירים זיינען 2 געווען אידישע; 5 אייבאַמען אידישע און קריסטלעכע 2. אַפּטייקן בלויז קריסטלעכע — 2; פאַבריקן פון זייף, ביר, ציגל, בערשט, 7 ווינט־מילן — דורכאויס אידישע; 80%־90% פון שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, שלאָסערס, שמידן, גאַרבערס, וועגענער־מאַכערס זיינען געווען אידן. אין לאָמזשע און דער נאָענטער זאַמבראָוו זיינען געשטאַנען: איין פּאָלק קאַוואַלעריע, 4 פּאָלקן אינפאַנטעריע, אַ בריגאַדע אַרטילעריע, עטלעכע סאָטניעס קאָזאַקן, א. נ. אַנד.

הכנסות פון מאַגיסטראַט זיינען געווען דאַן 38,518 רובל; הוצאות 37,036; הכנסה פון דער אידישער קהילה פון עטאַט (פאַרפליכטענדער שטייער פאַר דער קהילה פון אירע מיטגלידער) און אַנדערע הכנסות ווי: נדבות, פאַר קרקע אויפן „בית עולם", א. א. וו. — איז געווען 4376 רובל. מיט דעם געלט האָט מען אויסגעהאַלטן אַלע סאָרטן כלי־קודש ווי: רבנים, חזנים, שמשים, א. נ. אנד. אַזעלכע חברה'ס ווי גמילות־חסדים, הכנסת־אורחים, האָבן זיך מייסטנס אַליין אויסגעהאַלטן, דורך אייגענע מיטגלידער בייטראָגן און אונטערנעמונגען.

## דער מאָנאָפּאָל — די גזירה פון די שענקען

אין יאָר 1897 נעמט די רוסישע רעגירונגס־מאַכט אַריין די בראַנפן אינדוסטריע אין אירע הענט און גרינדעט דעם „מאָנאָפּאָל" אויף אויסאַרבעטן און פאַרקויפן אַלערליי שנאַפּסן. אַ געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן, וואָס פאַרבאָט אידן זיך באַשעפטיקן אין דער אינדוסטריע אָדער פאַרקויפן אויסגעאַרבעטן שנאַפּס און אַזוי אַרום, דורך דעם „מאָנאָפּאָל", ווערט צוגענומען פרנסה פון טויזנטער און טויזנטער אידן באַשעפטיקטע אין פאַבריצירן און פאַרקויפן שנאַפּס צו שענקערס.

די רעגירונג האָט פילפאַכיק פאַרגרעסערט דורך דעם „מאָנאָפּאָל" איר הכנסה, אָבער גלייכצייטיק פאַרמערט שיכרות צוליב דער ביליקייט פון דעם שנאַפּס. אַנפירנדע קרייזן פון רוסן, פּאָליאַקן און אידן האָבן געגרינדעט אַ „ניכטער" געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך באַמיט צו באַגרעניצן דאָס פאַרקויפן פון בראַנפן צו מינדעריעריקע, סאָלדאַטן און בכלל פאַרקויפן נאָר קליינע קוואַנטיטעטן.

די רוסישע מאַכט פון איר זייט האָט דאַן געהאַט אַ געלעגנהייט צו צייגן גרויסמוטיקייט און באַוויליקט געוויסע סכומים פון „מאָנאָפּאָל"־הכנסה פאַר געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע צוועקן. אין יאָר 1900 איז אויסגעבויט געוואָרן דאָס פאָלקס הויז Narodny Dom פאַר פאַרשידענע קלובן, פאַרווײלונגען און עפנטלעכע אונטערנעמונגען. אין 1898 האָט מען אָנגעפאַנגען בויען פיל קאַזאַרמעס אויפן וועג קיין שניאַדאָווע פאַר מיליטער. דאָס איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה פאַר פילע פאַרשידענע בראַנזשעס ווי: ציגל־אויסאַרבעטונג, סטאָלעריי, שלאָסעריי, א. אַ. וו.


„נאַראָדני דאָם" און דער גאָרטן, אויפגעשטעלט דורך די רוסן אין יאָר 1900.

אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן איז דאָס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הויך־שול פאַר אינזשענירן אין וואַלד לערע.

אויפן שוועל פון 20טן י. ה. האָט דער אנטיסעמיטיזם אָנגעהויבן אָנצונעמען מער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע פאָרמען. אונטער דער לאָזונג: „קריסט, קויף ביי אַ קריסט!" ווערט געגרינדעט אין לאָמזשע אַ פּוילישער סינדי־קאַט פאַר אַגריקולטור Syndikat Rolniczy — אַ קאָאָפּע־ראַטיוו, וואו דער פּוילישער פּויער זאָל קענען פאַרקויפן זיינע פּראָדוקטן און גלייכצייטיק קויפן די הצטרכות׳ן פאַר זיין אַרבעט אָדער פּערזענלעך, ווי: אַגריקולטורעלע מאַשינען, געצייג און אויך בגדים, שיך, א. א. די פּויערים, בדרך כלל, האָבן מער געהאַנדלט מיט אידישע סוחרים, וואו זיי פלעגן קריגן מער פאַר זייערע פּראָדוקטן און צאָלן וויניקער פאַר די אַרטיקלען, וואָס זיי פלעגן דאַרפן קויפן.

לויט דעם העברעאישן זשורנאַל „אחיאסף", שנת תרס"ג (1902), האָט די רוסישע מאַכט דורך איר בילדונגס נאַטשאַל־ניק פאַררופן צו זיך דעם רב און די מנהיגים פון דער קהילה און פאַרגעלייגט פאַר זיי אַ גאַנצן פּראָגראַם פון תיקונים אין חדר סיסטעם ווי: אַז דער מלמד זאָל באַזיצן אַלגעמיינע בילדונג פון אַ 2־קלאַסיק רעגירונגס שולע; מען זאָל לערנען רוסיש און אַריפמעטיק אין די חדרים; לערנען מאַקסימום 8 שעה אַ טאָג; אַז דער חדר זאָל זיין ריין און נישט האָבן צופיל קינדער און עס זאָל זיין אַן אויפזעער־קאָמיטעט איבער די חדרים. דער אידישער צד האָט נישט אָפּגעוואָרפן גלייך דעם פאָרשלאַג. ער האָט נאָר שפּעטער גוט זיך משתדל־געווען צו מבטל־מאַכן אָדער אָפּצושלעפּן דעם ענין ביז אַן אַלגעמיינער געזעץ וועגן די חדרים וועט אַרויסגעגעבן ווערן.

קאַפּיטל 19

## דאָס יאָר 1905

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דער גרויסער רוס־לאַנד איז געוואַקסן און פאַרכאַפּט אַלץ גרעסערע מאַסן אויך פון צווישן אידן אין פּוילן. דער „בונד", „פּועלי ציון" זיינען געווען שטאַרק טעטיק אויך אַנאַרכיסטן און פּ. פּ. ס. אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דער אידישער זייט שטייען אינטעליגענטן פון פאַרשידענע שיכטן: פריי־דערצויגענע פון דער רוסישער גימנאַזיע ווי בעלאַ באַגאַצקאַ, ברידער שטיינסאַפּיר, דר. קאַצענעלענבויגן׳ס זון; פון רעליגיעז־אידישע פירנדע קרייזן ווי אַן אייניקל פון דיין, ר׳ נח־צבי דיסקינד, גאָלדע, אויך די זין פון הרב מלכיאל טענענבוים און פון משגיח פון דער ישיבה ר׳ ישראל־לייב און נ. א.

אין יאָר 1905 ברעכן אויס סטרייקס פאַר קורצע אַרבעט שעה׳ן און העכערן לוין. אויך אין די קעלערן פון דער ישיבה דרינגט אַריין דער רעוואָלוציאָנערער גייסט אַזוי ווייט, אַז דאָרטן ווערן געבילדעט „קעמערלעך" און „ביר־זשעס" פאַר מיטינגען און דיסקוסיעס. ווען דער משגיח ר׳ ישראל־לייב דערטאַפּט אַמאָל אַזאַ בירזשע, בינדט מען אים הענט און פיס און מען פאַרשטאָפּט אים ס׳מויל ביזן סוף פון דעם מיטינג.

עס ברעכט אויס אַ גאַנצע רייע טעראָר־אַקטן ווי: דאָס באַפאַלן און באַרויבן די מלוכה־באַנק אין וויסאָקי־מאַזאָוויעצק מיט דער באַטייליקונג פון באַוואוסטן פּ.פּ.ס. פירער, שפּעטער פּרעזידענט פון פּוילישער רעפּובליק, יוזעף פּילסודסקי; די דערמאָרדונג פון דעם משומד־פּאָליסמאַן; דאָס פּאַטשן אין פּנים דעם פּאָליציי־מייסטער פראַנקענשטיין אין מיטן גאַס דורכן בונדיסט חיים ראַמאַצקי (איצט אין אַמעריקע); דאָס באַפאַלן דעם בריוונטרעגער „מרדכי־יושקע" כדי צו עקס־



בונדיסטקעס פון יאָר 1905

פּראָפּריאירן זיינע ווערטפולע בריוו און געלט־אַנווייזונגען — אַ זאַך וואָס איז נישט געלונגען צוליב דעם ווידערשטאַנד פון דעם באַפאַלענעם. ער האָט אָבער דאָך פאַרלאָרן אַ האַלבן פינגער פון דעם ביס פון ה׳ מאָעל.

די פּוילישע שילער פון גימנאַזיע פאַרלירן דאַן אַ סטרייק פאַר אַריינעמען דעם למוד פון דער פּוילישער שפּראַך אין דעם פּראָגראַם פון גימנאַזיע. אין רעזולטאַט ליידן די אידישע תלמידים הגם זיי האָבן זיך גאָר נישט באַטייליקט אין סטרייק צוליב דעם, וואָס מען האָט זיך מיט זיי פריער נישט באַ־ראַטן און אויך וויל דער מאָטיוו פון סטרייק איז געווען אַ פּויליש־נאַציאָנאַלער און נישט פון אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער. אין די שטעטלעך אַרום לאָמזשע ווי צ. ב. יעדוואַבנאַ, נאָוויגראַד זיינען אידישע אַרבעטער זייער אַקטיוו מיט די פּוילישע און נאָך מער אַן זיי און עס האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג איז אַ אידישע.

די קאָנסעקווענצן פון די אומרוען אין לאָמזשע זיינען געווען ווי אין גאַנץ רוסלאַנד — אונטערדריקונג. די, וואָס זיינען נישט פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אָדער איינגעזעצט אין טורמעס, אין וואַרשעווער ציטאַדעל, זיינען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, די פינסטערע רעאַקציאָנערע מאַכט פון צאַר איז געוואָרן מער דערדריקענד און דאָס יאָר 1905 איז גוט געדענקט געוואָרן.

קאַפּיטל 20

## 1914—1906

נאָכן דערשטיקן די רעוואָלוציע, האָבן זיך די געמיטער איינגעשטילט, אָבער דער אויפוואַך אין אידישן לעבן איז נישט איינגעשלאָפן צוריק. די אַרבעטער זיינען טעטיק אין געהיים, אָבער די ציוניסטישע אידייע פאַרשפּרייט זיך מער. עס ווייזן זיך דאַן די „מטיפים" — מאָדערנע מגידים, וואָס אַגיטירן פאַרן ציוניזם. אין 1908 ווערט געגרינדעט דער ציוניסטישער פאַראיין „התחיה", וואָס באַווירקט דאָס גע־זעלשאַפטלעכע לעבן וואָס ווייטער אַלץ מער. דער „הזמיר", אַ קלוב פאַר קונסט, קולטור, און פאַרווייליגונג, קאָנצענטרירט אַרום זיך די אינטעליגענציע פון אַסימילאַטאָרישע און נאַ־ציאָנאַל־ציוניסטישע געזינונג. דאָרט ווערן איינגעאָרדנט בינע־פאָרשטעלונגען, ליטעראַרישע אָוונטן, א. נ. אַנד.

דער דראַנג צו דערוואַרבן די רוסישע קולטור פילט זיך אין די קרייזן און פאַרגרעסערט די פאָלקס־שול אונטער ה׳ זוסמאַנאָוויץ. די פּראָצענט־נאָרמע פאַר אידישע שילער אין



רוסישע פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער (זוסמאַנאָוויטשעס שקאָלע)
אין צענטער: דירעקטאָר זוסמאַנאָוויץ, רעכטס פון אים: די לערערין שערעשעווסקי, לינקס פון אים דער לערער ישכר לעווינסקי



אַמאַטאָרן גרופּע ביים „הזמיר“
שטייענדיק, ערשטע רייע (פון לינקס): —, —, —, וויליאַמאָווסקי, זיבערנאַגל, קאַרבאָווסקי, —, יעלין, —
צווייטע רייע, זיצנדיק (פון לינקס): יעקב פּיאַנטניצקי, דר. שמעון גאָלדלוסט, יעקב זוסמאַנאָוויץ, —.

דער גימנאַזיע ווערט שוין איצט אויסגענוצט, אין פּוילן, הגם מייסטענס פאַר תלמידות און פון די קלענערע שטעטלעך. אידן לאָזן זיך אפילו קאָסטן אַריינצוברענגען מער גוי׳אישע שילער, כדי צו פאַרגרעסערן דורך דעם די פּראָצענט־נאָרמע און דערמעגלעכן זייערע קינדער צו געניסן פון בילדונג. דאָס גלייכן די פּוילישע האַנדלס־שולע פאַרגרעסערט די צאָל פון אידישע סטודענטן. די געזעלשאַפט „י. ק. אָ.“ (אידישע קאָלאָניזאַציע־אָרגאַניזאַציע) גרינדעט אַ פאַך־שולע מיט אַ ברייטן פּראָגראַם פון אַלגעמיינע למודים און אויך העברעאישע און רוסישע שפּראַכן. די לעצטע קעגנשטאַנדן ווערן אויך געלערנט אין די חדרים, תלמוד־תורה און ישיבה, הגם מער פון יוצא־וועגן.

אין זעלבן יאָר 1906 געניסן אידן דאָס ערשטע מאָל פּאָליטישע רעכט אין די אַלגעמיינע וואַלן צו דער דומע, כמו־פּאַרלאַמענט אין פּעטערבורג, וואָס צאַר ניקאָלאַי האָט געשאָנקען די אונטערטאַנען פון זיין גרויסער אימפּעריע, און דאָס נאָר פאַר די פאַרמעגלעכע. צוליב די אַנטיסעמיטישע טענדענצן פון דעם ענדעקישן וואַל־קאָמיטעט, האָבן די מערהייט פון די אידן אויף זייערע אסיפות אין די בתי־מדרשים באַשלאָסן צו וויילן אייגענע מענטשן. די אידן האָבן דאַן געבילדעט די 2טע פון די 3 קוריעס.

שפּעטער, אין יאָר 1910, צו דער 3טער דומע, כאָטש די אידן האָבן געהאַט די זעלבע צאָל ווילער ווי די פּאָליאַקן — 448, האָבן זיי געקראָגן נאָר 5 ראַט־געבער זיי זאָלן אויסקלייבן די דעפּוטאַטן קעגן 28 פּאָליאַקן. אונטער דעם מאַנטל „מפּני דרכי שלום“, פון שלום וועגן, האָט דער הכנעה־געפיל באַווירקט די אידן אינגאַנצן צו מוותר־זיין אויף זייער זכות וואָס זיי האָבן געקראָגן פון צאַר צו אויסוויילן אייגענע ראַט־געבער צו די אויטאָנאָמישע אנשטאַלטן פון שטאָט.

דער רוסישער באַאַמטנטום איז געווען אידן־ריין. אויסער משומדים, ווי: אורי קאָוונער, געוועזענער העברעאישער שרייבער — דר. פּערעלמאַנס שוועס אַ ברודער — האָט געדינט אין דעם פינאַנץ־מיניסטעריום־אַנשטאַלט (ער ליגט באַגראָבן אויפן פּראַוואָסלאַוונעם בית הקברות); איניקע פּאָליציסטן אָפענע און געהיימע, פון וועמען די אידישע געזעלשאַפט האָט געווייכט. נאָר אידן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער רוסיש־טערקישער אָדער יאַפּאַנישער מלחמה האָבן גענאָסן פּריווילעגיעס ווי צום ביישפּיל: משה קרעסט, וואָס זיין טאָכטער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער רוסישער גימנאַזיע אומזיסט; אַנדערע האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון פאַרקויפער אין די מאָנאָפּאָל קראָמען א. ד. ג.

קאַפּיטל 21

## די וועלט מלחמה 1914

אום תשעה באב תרע״ה (31טן יולי, 1914), איז אין לאָמזשע פּובליקירט געוואָרן דער אַריינטריט פון רוסלאַנד אין מלחמה מיט דייטשלאַנד־עסטרייך. גלייך איז דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד אין לאָמזשע צוליב דער נאָענטקייט פון מלחמה־טעאַטער, אין גאַנצן 30 קילאָמעטער. גלייכצייטיק איז אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון רעזערוויסטן גערופן געוואָרן. די גאַנצע סיטואַציע און גאַנג פון לעבן האָבן זיך געביטן פולשטענדיק: מאַניפעסטאַציעס פון רוסישע פּאַטריאָטן מיט פיינטלעכע אויסרופן קעגן אידן־שפּיאָנען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן, אין וואָס די פּאָליאַקן האָבן פיל מיטגעהאָלפן; מ׳האָט גענומען פיבערהאַפט אָנזאַמלען אַלערליי שפּייז־פּראָדוקטן אין רעזולטאַט — אַ גרויסער פּרייז־שטייגערונג. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די אַלץ גרעסערע פאָדערונג פון אַלע אַרטיקלען מצד דער גרויסער אַרמיי פון די רוסן, ספּעציעל דער גוואַרדייסקער קאָרפּוס, וואָס האָט זיך געפונען אין און אַרום לאָמזשע.

ביסלעכווייז איז דער מלחמה־טעאַטער צוגעקומען אַלץ נענטער צו דער שטאָט, וועלכע איז אויך געוואָרן דורך דעם אַ צייטווייליקע אַנטרינונג פאַר די איינוואוינער פון די קלענערע שטעטלעך, ווי יעדוואַבנא, נאָוויגראָד א. אַנד., וואָס זיינען חרוב־געוואָרן אין די שלאַכטן. הילף איז געקומען צו זיי פון דער קהילה אָפּגעבנדיק פאַר זייער צייטווייליקער וואוינונג די בתי־מדרשים און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; פון דער אָרגאַניזאַציע פון רוסישע שטעט; אויך פון דעם טאַטיאַנאַ־קאָמיטעט (אויפן נאָמען פון צאַר ניקאָלאַי׳ס עלטסטער טאָכטער). מיט דער צייט זיינען די פּליטים אַוועקגעשיקט געוואָרן טיפער אין רוסלאַנד, וואו אויך די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן. צו פאַרגרינגערן דעם לעצטן צוועק איז אויסגעבויט געוואָרן אַ באַן־צווייג פון סטאַנציע טשערוואָני־בור ביז לאָמזשע.

אין לאָמשזע, ווי איבעראַל אויפן רוסישן לאַנגן קריגס־פראָנט, זיינען אידן אָפט אַרעסטירט געוואָרן פאַר „שפּיאָנאַזש“ אויפן סמך בלויז פון די מסירות פון די פּאָליאַקן. דער רב גאָרדאָן אַליין און ה׳ איצי ביעליקאָווסקי, גוטער פריינט פון וויצע־גובערנאַטאָר, פלעגן זיי באַפרייען אָפט פון טויט־געפאַר וואָס עס האָט זיי געדראָט. ווי דער שטייגער האָט הרב גאָרדאָן גערופן די אידן צו תפילה־טאָן און צו מאַניפעסטירן זייערע פּאַטריאָטישע געפילן צו דער גרויסער רוסלאַנד, זייער פאָטערלאַנד, און צום צאַר. דאָס איז געטאָן געוואָרן ביי אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין שול אין דער אָנוועזנהייט פון פאָרשטייער פון דער רוסישער מיליטערישער און אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. די באַפעלקערונג אין שטאָט איז פאַרקלענערט געוואָרן, ווייל פילע פון זיי זיינען אַוועק טיפער אין רוסלאַנד אָדער אנדערע נישט־סטראַטעגישע פּלעצער.

אין 1915 איז שטאַרק טעטיק געוואָרן די דייטשישע לופט־מאַכט. מיטן ציל צו שעדיקן דעם פאַרקער פון רוסישן מיליטער, האָבן זיי געוואָרפן באָמבעס אָבער מייסטענס נישט טרעפנדיק אין זייער ציל, דערביי טויטנדיק אומשולדיקע פון דער ציווילער באַפעלקערונג און צעשטערנדיק נישט קיין מיליטערישע פּונקטן.

ביים סוף פון ערשטן מלחמה־יאָר, ענדע מאָנאַט יולי, האָט זיך אָנגעפאַנגען דער צוריקטריט פון דער רוסישער אַרמיי לאָזנדיק הינטער זיך פאַרברענטע שטעט און דערפער און פאַרוויסטע ערד. אין פילע ערטער פלעגן זיך די רוסן באַפעסטיקן פון איין זייט פון אַ געוויסן פונקט און די נאָכפאָלגענדע דייטשן — פון דער צווייטער. די שטאָט, איבער וועלכער עס איז פאָרגעקומען אַזאַ קאַמף, פלעגט געוויינלעך דערפון ליידן. דאָס זעלבע האָט געטראָפן מיט לאָמזשע. די באַפעלקערונג האָט זיך באַהאַלטן אין קעלערן און אַנדערע מער זיכערע געביידעס. אין די לעצטע שעה׳ן פון אָפּטרעטן האָט דער רוסישער קאָמענדאַנט גערופן אידן און פּאָליאַקן און זיי געראַטען צו אַיינאָרדענען אַ ציווילע־מיליץ, וואָס זאָל פאַרוואַלטן מיט דער שטאָט און אירע איינוואוינער. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז גלייך געשען.

דאָס מאָל, ווי שטענדיק אין אַן עת צרה, האָבן די פּאָליאַקן זיך געטיילט גלייך מיט די אידן אין די כיבודים. אין דער שפּיץ פון בירגער קאָמיטעט (Komitet Obywatelski) איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער פּריץ וואַטשינסקי. אין דער נאַכט פון 11טן אויגוסט 1915 האָבן זיך די איבערשיסונגען



ביי פיאַנטניצע. (די בריק אין פאָדערגרונט איז אַ צייטווייליקע, אויפגעשטעלט פון די דייטשן אין 1915, נאָך דעם ווי די אָפּטרעטנדיקע רוסן האָבן פאַרברענט דעם אַלטן בריק.)

איבערן שטאָט מיט די ליידיקע גאַסן פאַרשטאַרקט. די ביר־גער־מיליץ מיט די לענטעס אויף די אַרבל זיינען געשטאַנען אויף באַשטימטע פאָסטנס אין די קאָרידאָרן פון די געמויערטע הייזער. בחצי הלילה האָבן די רוסן פאַרלאָזן די שטאָט און גלייך האָט אַ דייטשישער אַרמיי־אַוואַנגאַרד זיי נאָכ־געפאָלגט, מאַרשירנדיק דירעקט צום מאַגיסטראַט. אויף דער אויפפאָדערונג פון זייער אָפיציר אים איבערצוגעבן, אַמ־ווינציקסטן אויף אַ סימבאָלישן אופן, דעם שליסל פון שטאָט בשלום, האָט מען אים דאָרט געגעבן די שליסלען פון די קלאַזעטן, נישט באַזיצנדיק קיינע אַנדערע שליסלען פון — שטאָט (לויט די עדות פון די אָנוועזנדע מיליציאַנטן)...

ווייטערע פאַקטן האָבן נאָכגעפאָלגט מיט אַ שנעלן טעמ־פּאָ. אין איינציקע שעה אַרום האָט זיך אַ גאַנצער דייטשישער



דייטשער אָבאָז גייט דורך דער לאַנגער גאַס צום אַלטן מאַרק.



דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונג ביים פאַרנעמען לאָמזשע אין 1915.

רעגימענט איינגעקוואַרטירט אין שטאָט. דעם 8טן סעפּטעמ־בער איז אַרויסגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע פון 60 טויזנט רובל אויף דער שטאָט און לעבעדיקע משכנות פון פּאָליאַקן און אידן זיינען אַרעסטירט געוואָרן מיט אַ וואָרע־נונג דערשאָסן צו ווערן, אויב די סומע וועט נישט באַצאָלט ווערן אין צייט. אויך דאָס מאָל, פאַרשטייט זיך, האָבן די פּאָליאַקן געטיילט שותפות מיט די אידן, צו באַצאָלן אַ גלייכע העלפט.

באַלד פאַנגט זיך אָן אַ רײ פון באַגרעניצונגען, קאָנפיס־קאַציעס און גזירות. וואו נאָר אַ מעטאַלענער אָביעקט איז געוואָרן קאָנפיסקירט. אַלע שפייז־אַרטיקלען, לעבעדיקע איינגעשלאָסן, און אויך יעדער אויסגעאַרבעטער אַרטיקל ווי מאַנופאַקטור, לעדער אָדער אַנדערע פּראָדוקטן וואָס קען ביישטראָגן צום אויפהאַלט פון מענטשן ווי נאַפּט, פעטס צו מאַכן זייף — אַלץ איז אַרויסגעפירט געוואָרן קיין דייטש־לאַנד אין שטאָט האָט אָנגעהויבן צו הערשן אַ שטאַרקער מאַנגל אין דעם אַלעם. וואו ס'איז נאָר מעגלעך געווען איז דערפונדן געוואָרן אַן ערזאַץ. ברויט האָט אַנטהאַלטן צו־



דער מאַגיסטראַט אויפן אַלטן מאַרק, וואו די דייטשן האָבן אין 1915 איבערגענומען די מאַכט איבער דער שטאָט לאָמזשע.

מישונגען פון: קאַרטאָפל, קאַשטאַנעס־מעל, זעגאַכץ פון האָלץ און דאָס האָט מען באַקומען קליינע ראַציאָנירטע פּאָרציעס. אָנשטאָט נאַפט איז גענוצט געוואָרן קאַרביד; אַנשטאָט צוקער — סאַכאַרין; שיך מיט הילצערנע זוילן, בגדים פון פּאַפּיר א. אַ. וו.

אַ קליינע פאַרגרינגערונג איז געקומען דורך די קליינע שכירות צו טויזנטער מענטשן וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט מאָביליזירט צו טאָן באַפעסטיקונגס־אַרבעט, אָדער אויסלייגן נייע שאָסייען אָדער בריקן. פ׳ן דער

געוואָרן אַלס מאַיאָר פון שטאָט. פאַר זיין געהילף — וול. סוכאזשעווסקי. צו זיי זיינען באַשטימט געוואָרן: 4 ראַטמענער־אַקטיווע (לאַווניקעס) 2 אידן: דר. ש. גאָלדלוסט און הירש עפּשטיין; 2 פּאָליאַקן: אל. כריסטאָווסקי און אַנטאָני קובאַרסקי. אַלס באַראַטנדע קערפּערשאַפט זיינען אויפגענומען געוואָרן 23 פּערזאָן, צווישן זיי — 10 אידן: מ. ביאַלי, הרב גאָרדאָן, ב. געלצינסקי, י. יפה, דר. וו. קאַרבאָווסקי, ג. קולקין, אברהם מזרח, מ. אָרלאָווסקי, וו. כוטאָרסקי און א. דאַמאָוויץ. פּ. כריניאָוויץ איז געוואָרן פּרעזידענט פון שטאָט.



אידישע אַרבעטס גרופּע אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע ביים לייגן רעלסן פאַר אַן אייזן־באַן.
זיי האָבן געמוזט טראָגן אַ ספּעציעלע אוניפאָרם היטל.

בירגער־מיליץ איז מיט דער צייט געוואָרן אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. פיל אידן האָבן דאָרט פאַרנומען וויכטיקע אַמטן ווי: סעגאַל, סאַנדלער, מענדל גלינקא, קושיצקי, קוואַשני, קאָלאָמבוס מ. רזשאָטקעוויץ, ראַדוואַנאָוויץ, א. אַנד. ר׳ אברהם מזרח, אַן ערן־מיטגליד פון דער מיליץ, איז באַשטימט געוואָרן דורכן דייטשישן קאָמענדאַנט אַלס הויפּט פון דער פּאָליציי. אין זיינע זכרונות גיט ער איבער דעם פאָלגענדן אַלגעמיינעם כאַראַקטעריסטישן פאַקט: ווען ער פלעגט באַפעלן זיינע אונטערגעאָרדנטע צוצושטעלן נויטיקע סכומען פון עסן, שלאָף־זאַכן, ווי קישנס, דעקעס, אָדער מעבל־אַרטיקלען פאַר די מיליטער־מענטשן פון דער דייטשישער אַרמיי — פלעגן די פּוילישע מיליציאַנטן אַלע מאָל קאָנפיסקירן די דערמאָנטע אַרטיקלען אין אידישע הייזער. דאַקעגן די אידישע מיליציאַנטן פלעגן קיינמאָל נישט גיין צו גויים.

ביים סוף פון 1915 איז דער בירגער־קאָמיטעט פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן און אַ דייטש, דר. לאַנגערהאַנס, איז באַשטימט

קיין געזעצגעבערישן כח האָבן זיי אַלע נישט געהאַט — די מאַכט האָט זיך געפונען אויסשליסלעך אין די הענט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט. דאָך, אין דעם הונגער־צושטאַנד וואָס האָט געהערשט אין שטאָט, האָבן די בירגערלעכע פאָרשטייער געקאָנט זיך משתדל זיין וועגן קריגן דערלויבענישען צו אַריינפירן פון דייטשלאַנד אייניקע אַרטיקלען ווי: זייף, שוועבעלעך, צוקער, א. אַנד. דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו פון שפּייז איז דאַן געעפנט געוואָרן דורך ר׳ כאַצקל וויינבערג, וואָס האָט געהאַט אַביסל פאַרגרינגערט דעם דוחק אין שפּייז.

און דאָ, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלגעמיינעם באַגרעניצטן לעבן, פול מיט שוועריקייטן אין מאַטעריעלן זין, איז די צייט געווען אַ גאָלדענע אין קולטורעל־גייסטיקן זין. די דייטשישע מאַכט־האָבער האָבן דערלויבט אַלע אַקטיוויטעטן אויפן געביט פון קולטור: צו עפענען קלובן, אגודה׳ס, ביבליאָטעקן, אָוונט־קורסן, קאָאָפּעראַטיוון, טעאַטער־גרופּן, ספּאָרט־פאַראיינען, אדג״ל.

## קאַפּיטל 22

# לאָמזשע אַלס פּליטים-צענטער

אין יענער צייט איז לאָמזשע געוואָרן אַ צענטראַלער פּונקט פאַר דער באַפעלקערונג פון פּאָליעסער שטעטלעך ווי: בריסק, פּינסק, טעליכאַן, באַראַנאָוויץ, א. נ. אַנד. צוליב מאָטיוון באַוואוסט צו די דייטשן אַליין זיינען די אַיינוואוינער, מייסטנס אידן, פון יענער געגנט אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין לאָמזשע און נאָכן דורכמאַכן אַ דעזינפּעקציע זיינען זיי צעשיקט געוואָרן אין לאָמזשער קאַזאַרמעס און אין די שטעכיקן דראָט אַרום די קאַזאַרמעס אויפן וועג צו שניאַדאָוואַ, וואו די היימלאָזע זיינען געווען איינגעקוואַרטירט. האָבן די דייטשן אויך נישט צוגעלאָזן קיין הילף פון לאָמזשער אַלטע תושבים צו זייערע אומגליקלעכע ברידער. דאָך אָבער, מיט דער צייט, האָט די לערערין ווישאָוואַטא ריזיקירט מיט איר פרייהייט, און איינגעאָרדנט אַ געהיימע עקספּעדיציע פון פּעקלעך עסנוואַרג און קליידער פון שטאָט צו די פּליטים און דורך די פּליטים. דער קהילה־קאָמיטעט האָט שפּעטער פיל געטאָן שוין מיט דער דערלויבעניש פון די דייטשן לטובת די פּליטים צו באַזאָרגן זיי מיט אַרבעט ביי שטעטלעך אַרום. נישט קוקנדיק אויפן שאַרפן מאַנגל אין לעבנס־מיטלען אין יענער צייט, האָט דאָך די לאָמזשער קהילה פאַרוואַלטונג אָרגאַניזירט אַ פאַרצווייגטע הילפס־טעטיקייט. די איבערגעגעבענע טוערס און גבאים פון דער ביליקער קיך זיינען געווען: אברהם גאָלדבערג (אברהמל דער בייגער), וועלכער האָט זיך נאָך דעם גערופן „דער פאָטער פון די פּליטים" צוליב זיין מסירות נפש פאַר זיי; חיים־יצחק גלינקא, חיים־כאַצקל ווראָנא, משה פּיאָנטקאָווסקי, א. נ. אַנד. די איינגעזעסענע לאָמזשער איינוואוינער האָבן זיך געטיילט מיט די פּליטים דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען אַנדערע פּליטים פון קלענערע פּוילישע שטעט וואָס זיינען חרוב־געוואָרן אין די קאַמפן אָדער עוואַקואירט געוואָרן.



גרופע פּליטים אין לאָמזשע פון די שטעט פּינסק, טעלעכאַן, באַראַנאָוויץ, בריסק א. אַ.

איינע פון די היימלאָזע, פרוי מנוחה האַלפּערין, שילדערט די טרויעריקע באַדינגונגען, אין וועלכע די פּליטים האָבן געלעבט אַ דאַנק די גזירות, וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט:

„איזאָלירט פולשטענדיק פון דער דרויסן־וועלט מיט דער דייטשישער מיליטער מאַכט אָדער פּריוואַט. די קינדער האָבן זיך געפונען אונטער דער השגחה פון דערציערס פון פרי ביז אָוונט. עלטערע, פון שול עלטער, זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די עקזיסטירנדע פאַרשידענע שולן, רעליגיעזע אָדער וועלטלעכע".

## קאַפּיטל 23

# דייטשישע דעקלאַראַציע וועגן פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט

דעם 4טן נאָוועמבער 1916 האָבן די דייטשן פּלוצלונג צונויפגערופן אַ דרינגנדע פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון אידן און פּאָליאַקן פון לאָמזשע, מאַזאָוויצק און קאָלנא. רעליגיעזע פירער ווי רבנים און אַנדערע בעלי־בתים זיינען שנעל געקומען צום קרייז־אַמט אין לאָמזשע. נישט וויסנדיק פאָראויס דעם ציל פון דער פאַרזאַמלונג זיינען, פאַרשטייט זיך, אַלע געווען צעשראָקן. באַלד זיינען דערשינען די דייטשישע מאַכט־האָבער ווי דער מיליטערישער גובערנאַטאָר, פאָן

שטאַנד, און אַנדערע אָפיצירן און הויכע באַאַמטע. דאָרטן האָט דער גובערנאַטאָר אַרויסגעלייענט פֿון אַ פּאַפּיר אין נאָמען פון קייזער ווילהעלם דער צווייטער, אַז עס ווערט געשענקט צו פוילן זעלבסטשטענדיקייט. די פאַרזאַמלטע האָבן דאָס אויפגענומען מיט צוריקגעהאַלטנקייט.

אין 3 וואָכן אַרום איז אָנגעקומען קיין לאָמזשע אַ פּאָלק פּילסודסקי־לעגיאָנערן פון עסטרייך־גאַליציע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל רידז־שמיגלי. נאָכן קבלת־פּנים אין צאכנאָווסקי׳ס רעסטאָראַן פאַר די אָפיצירן זיינען די לעגיאָנערן באַפאַלן די אידישע קראָמען און די אידישע מיידלעך. די אידן האָבן געשוויגן. אין גיכן איז דער לעגיאָן אַריבערגעפירט געוואָרן קיין זאַמבראָוו. נאָך דעם איז אָנגעקומען אַן אַנדער פּאָלק לעגיאָנערן, אונטער דעם גענעראַל ראָי. באַלד זיינען די לעגיאָנערן, צוליב זייער אראגאנטער אויפפירונג קעגן די דייטשן, פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן און די פון זיי, וועלכע האָבן נישט געוואָלט שווערן טרייקייט צו דייטשלאַנד, זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין קאָנצענטראַציע לאַגערן.

## קאַפּיטל 24

# וואַלן צום לאָמזשער שטאָט־ראַט אין 1917

אין מערץ 1917 האָבן די דייטשן דערקלערט נייע וואַלן צום לאָמזשער שטאָט־ראַט. די באַפעלקערונג איז איינגעטיילט געוואָרן אין 6 קוריעס לויט די שטאַנדן פֿון די איינוואוינער: הויך געבילדעטע; גרויסע סוחרים און פאַבריקאַנטן, קליינע סוחרים און בעלי־מלאכה׳ס, אייגנטימער פון הייזער, סטאַבילע לאָקאַטאָרן און די איבעריקע איינוואוינער פון שטאָט. אָט די אַלע קוריעס האָבן אויסגעקליבן 10 ראַט־מענער אידן: הרב גאָרדאָן, מ. ביאלי, פישל צעכאָנאָוויץ, א. דאַמאָוויץ, א. מזרח, צ. עפּשטיין, ש. גאָלדלוסט, י. קאַרבאָווסקי, ה׳ מאַרק, מ. אָרלאָווסקי. פּוילישע ראַט־מענער זיינען אויסגעקליבן געוואָרן 13. אויך דער פּאָרזיצער איז געווען אַ פּאָליאַק — סט. קורציוס. אויך זיינען דערוויילט געוואָרן 2 אידישע לאַווניקעס: דר. ש. גאָלדלוסט און צ. עפּשטיין. אויף זייער אָרט אין ראַט זיינען אַריין שלמה אורינסקי און פייוול קאַווקעוויץ. אַלס שטאָט־פּרעזידענט איז באַשטימט געוואָרן אַ דייטש: אָטאָ גראַו; וויצע פּרעזידענט — יאַן לאַכאָוויץ. אָט די כלומר׳שט לעגאַלע קערפּערשאַפט איז געווען באַגרעניצט אין איר מאַכט, ווייל זי איז געווען אויסשליסלעך דאָמינירט פון די דייטשן.

נאָכן שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום מיט רוסלאַנד, איז די שטאָט כעלם אַריבער צו רוסלאַנד; אין פּוילן זיינען דאַן פאָרגעקומען פּראָטעסטן קעגן דעם. הרב גאָרדאָן האָט אויך אַ פאַרזאַמלונג אין דער גרויסער שול אויך אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט קעגן דעם אין נאָמען פון לאָמזשער בירגער.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אונטערערדישע טעטיקייט פון די פּאָליאַקן פאַר אַן אויפשטאַנד קעגן דער דייטשישער מאַכט. אָט די קאָנספּיראַציע איז אויסבאַהאַלטן געוואָרן פון אידן. די פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע (Polska Organizacja Wojskowa) האָט דעם 3טן מערץ מאַניפעסטירט איר כח: צעבראָכן די פענצטער אין דייטשישע מאַכט־אַמטן. די דייטשן האָבן געענטפערט מיט אַ „קוירפיו" דורך די נעכט און אַ שטראָף פון צוואַנציק טויזנט מאַרק. צו דעם לעצטן האָבן די פּאָליאַקן געהאַלטן די אידן פאַר גלייכע שותפים.

## קאַפּיטל 25

# די אַנטוואָפענונג פון די דייטשן

### 11טן נאָוועמבער 1918

די P.O.W.־ איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, און ווי נאָר עס האָט זיך דערשפּירט די מפּלה פון די דייטשן אין דער מלחמה, האָבן די פּאָליאַקן, דעם 11טן נאָוועמבער 1918 אין אָוונט מיט רעוואָלווערן אין די הענט אַטאַקירט די דייטשן אין זייערע אַמטן און צוגענומען אַלע זייערע זאַכן ווי: געווער, קליידונג, געלט, עסנוואַרג, א. א. אַנדערע פּוילישע אָפּטיילונגען האָבן באַזעצט די בריקן איבערן נאַרעוו נישט צו דערלאָזן די דייטשן צו אַנטלויפן מיט וואָס עס איז. דער קרייז־שעף מיטן גובערנאַטאָר האָבן זיך אונטערגעגעבן. דער באַן־וואָקזאַל מיט די וואַגאָנעס און די שפּייכלערס זיינען אַריינגעפאַלן צו די פּאָליאַקן. נאָר איין דייטשישע אָפּטיילונג איז דערלויבט געוואָרן צו פאַרלאָזן פּוילן מיט וואָפן אַלס שמירה איבער די אַנדערע אַנטוואָפנטע דייטשן. אַ צוזאַמענשטויס איז דאָך פאָרגעקומען ביים בריק פון קאַלינאָוואַ וואו עס זיינען געפאַלן זעקס פּאָליאַקן צווישן וועלכע עס איז אויך געווען זייער קאָמאַנדיר, ל. קאָליוואָדאַ. פאָרשטייער פון די אידן האָבן אָנטיילגענומען אין דער לוויה פון די פּוילישע קעמפער אומגעבעטענערהייט. אידן האָבן זיך בכלל נישט באַטייליקט אין די קאַמפן.

## קאַפּיטל 26

# די ערשטע טעג פון פּוילישער הערשאַפט

אין דעם ציטווייליקן קאָמיטעט וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט לאָמזשע זיינען קיין אידן נישט געווען, אָבער צו שטיצן די פּוילישע אַרמיי זיינען די אידן גלייך אַיינגעלאַדן געוואָרן. די אידן האָבן עס געטאָן מיט אַ ברייטער האַנט מיט אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. אין קורצן זיינען אידן אויך גערופן געוואָרן צו אָנטיילנעמען אין דעם שטאָט־ראַט מיט 6 מיטגלידער. מ. טשאַרנעצקי פון פּ. פּ. ס. איז געוואָרן פּאָרזיצער פון ראַט און וול. שווידערסקי — דער פּרעזידענט פון שטאָט — אויך אַן אַרבעטער־טוער.

באַלד איז דער אידישער טייל פון שטאָט באַלאַגערט געוואָרן פון .P.O.W. זוכנדיק געווער האָבן זיי דערווייל צוגענומען אַזעלכע זאַכן ווי: קליידער, שיך און עסנוואַרג.

דעם 5טן מאַי זיינען פאָרגעקומען אָפיציעלע וואַלן צו דער שטאָט פאַרוואַלטונג. די וואַלן זיינען געווען גלייכע, געהיימע און פּראָפּאָרציאָנעלע. פון 24 אויסגעקליבענע זיינען געווען 12 אידן: ב. צוקערבוים, א. דאַמאָוויץ, הירש עפּשטיין, ה. פרענקעל, דר. ש. גאָלדלוסט, פּ. גייסט, א. גרינבערג, מ. גאָלדמאַן נ. קאַסטעלאַנסקי, ה. מאַרקעוויטש, ה. מאַרק, ר. פּוזשיץ. פאַרטרעטער זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: רוזשאַ, י. מ., ל. סעגאַלאָוויץ, וו. איבראַם, ח. שטיימאַן, דר. י. קאַרבאָווסקי זון מ. פירער. שווידערסקי איז אויסגעקליבן געוואָרן בירגער־מייסטער; הירש עפּשטיין — געהילף, דר. קאַרבאָווסקי — סעקרעטאַר און דר. פעלטין איז געוואָרן איינער פון די 3 לאַווניקעס. אַלס אַ שטאָט מיט 20 טויזנט איינוואוינער איז לאָמזשע דערקלערט געוואָרן אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע, זעלבסט־רעגירנדע שטאָט.

די אידן האָבן גענאָסן גלייכע רעכט אונטער דער ממשלה פון פּ. פּ. ס. און דער פּוילישער אַרמיי אין וועלכער אידישע בחורים האָבן געדינט אין איינקלאַנג מיט דער אויפפאָדערונג. די פּוילישע שפּראַך איז געוואָרן אומעטום די הערשנדע, אויך אין די אידישע שולן. דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט"



אידישע סאָלדאַטן אין דער פוילישער אַרמיי.
פון רעכטס : זעליק צירמאַן, משה יעלען, יהודה גאָלדבערג און משה קאַץ.

האָט פיל געהאָלפן צו פאַרגרינגערן דעם מאַנגל אין אַלעם נויטיקן וואָס עס האָט דאַן געהערשט אין אידישן לעבן. קיכן אין די שולן פאַר קינדער זיינען געעפנט געוואָרן. מען האָט אויסגעטיילט פיל נויטיקע שפייז אַרטיקלען, קליינע קרעדיט הלוואות אויף קליינע פראָצענטן; האַנט־וואַרשטאַטן זיינען געגרינדעט געוואָרן א. נ. אַנד.

צום ערשטן געזעצגעבערישן סיים זיינען די מערהייט אידן געגאַנגען מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אונטער דער לייטונג פון יצחק גרינבוים, אויסער דעם „בונד" און די פועלי ציון, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעלט אייגענע קאַנדידאַטן. אין רעזולטאַט איז קיין איינציקער אידישער דעפוטאַט נישט אויסגעוויילט געוואָרן פון גאַנצן לאָמזשער ראַיאָן. דער סיים האָט גלייך פון אָנפאַנג באַשלאָסן צו רופן 6 יאָר רעקרוטן פון 1896־1901 פאַר דער אַרמיי צו קעמפן קעגן די באָלשעוויקעס. הונדערטער יונגע בחורים זיינען אַוועק אין דער פוילישער אַרמיי. נאָר אַ קליינע צאָל האָט אויסגעמיטן די פליכט אַנטלויפנדיק פון פוילן אָדער פאַרזאָרגנדיק זיך מיט פאַלשע פאַספאָרטן.

## קאַפּיטל 27

# די באָלשעוויסטישע אינוואַזיע

אין דער מלחמה צווישן פוילן און רוסלאַנד אין 1920 איז די פוילישע אַרמיי געווען זיגרייך און האָט זיך שוין געהאַלטן אין דערנענטערן צום שוואַרצן ים, נאָכן איינגעמען קיעוו. אָבער די רוסן האָבן זיך געשטאַרקט און פאַרטרייבנדיק די פאָליאַקן פון די רוסישע גרעניצן האָבן זיי באַלד דערגרייכט די טויערן פון וואַרשע. דאַן איז געקומען פלוצלונג דער רוסישער צוריקטריט. לאָמזשע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן דעם 2טן אויגוסט. אייניקע טעג פאַר דעם האָבן די פוילישע אַרמייען פאַרלאָזן די שטאָט. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ בירגער מיליץ פון 200 מאַן מיט

אָנגעזעענע בעלי בתים פון שטאָט זיינען מקבל פנים דעם פוילישן פרעזידענט סטאַניסלאַוו וואָיצעכאָווסקי (1920).
פון רעכטס צו לינקס : ה. מאַרק, משה גאָלדמאַן, א. דאַמאָוויץ, י. טאַבליצקי, ה. עפשטיין, דער מורה־הוראה ר' אברהם יוסף צינאָוויץ (האַלטנדיק די ספר תורה אין האַנט, עטקאָוויץ און דר. ש. גאָלדלוסט.
(די פאָליאַקן האָבן ניט געוואָלט האָבן קיין געמישטע דעלעגאַציע פון פאָליאַקן און אידן.)



ק. דאָמבראָווסקי אַלס קאָמענדאַנט און אַ סאַניטאַרע אָפּטייל׳ונג פון 120 מאַן מיט דר. וועבער אַלס הויפּט. אין די לעצטע שעה׳ן, אַיינזעענדיק אַז די שטאָט וועט פיל ליידן פון אָנגריף מצד די רוסן, האָט דער פוילישער קאָמענדאַנט, פּאָלקאָווניק שליווינסקי, פאָרגעשלאָגן די אַיינוואוינער צו פאַרלאָזן די שטאָט לויט זייער ווילן מיטן וועג קיין שניאַדאָווע. די רוסן זיינען אַריין אין לאָמזשע מיט אַן אָפּטיילונג פון דייטשישער ספּאַרטאַקוסיסטן (קאָמוניסטן). אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, כמעט באָרוועס האָבן זיי גלייך קאָנפיסקירט און צעכאַפּט דאָס גאַנצע עסנוואַרג. אויף מאָרגן האָבן זיי געגרינדעט דעם רעווקאָם — רעוואָלוציאָנערן־קאָמוניסטישן־קאָמיטעט — און פאַרשידענע נויטיקע אַמטן פאַר: קאָמוניקאַציע, באַשפּייזונג, אינדוסטריע, אַרבעט און קולטור. אין רעווקאָם האָבן געאַרבעט אייניקע אידן ווי: נ. קאָסטעלאַנסקי, ש. מ׳שינסקי, פּ. גייסט, מ. ביאַלי א. אַנד.

אָבער איידער די רוסן האָבן נאָך באַוויזן צו אַיינאָרדנען ריכטיק זייער ממשלה און גרינטלעך אויסליידיקן די שטאָט, האָט אַ פוילישע אַרמיי פון וואַרשע באַוויזן, דעם 21טן אויגוסט, איינצונעמען צוריק זאַמבראָוו און מאַרשירן אויף לאָמזשע. אַן אַנדער אָפּטיילונג האָט פאַרנומען קאָלנאָ, כדי צו פאַרשטעלן דעם וועג פאַר די אַנטלויפנדע רוסן. דעם 22טן אויגוסט האָט דער טרויעריק־באַרימטער גענעראַל האַלער מיט דעם 59טן פּאָלק פאַרנומען לאָמזשע. עטלעכע יאָרן שפּעטער האָט דער לאָמזשער מאַגיסטראַט צוגעטיילט אַ גרויסן כבוד צום גענעראַל פאַר זיין באַפרייען לאָמזשע פון די באָלשעוויקעס. לויט די זכרונות פון ה׳ ניימאַוויץ האָט דאַן דער אידישער לאַווניק ר׳ צבי עפּשטיין אַרויסגעצייגט שטאָלץ און מוט און ער האָט נישט געגעבן די האַנט דעם גענעראַל פאַר זיינע אַנטיסעמיטישע טאַטן.

אַרום 70 פערזאָן פון דער באַפעלקערונג זיינען געפאַלן אין דעם לעצטן פוילישן אָנגריף. אַ קינסטלעריש־געמאָלן בילד פון דער לעצטער שלאַכט און פון דער באַפעלקערונג איז נאָכדעם אונטערגעטראָגן געוואָרן צום גענעראַל אין זיין קוואַרטיר אין אינאָווראָצלאַוו.

לויט די זכרונות פון ר׳ ישראל לעווינסקי, קען מען אָנגעבן די פאָלגנדע כאַראַקטער־שטריכן פון די באַציאונגען פון: 1) די רוסן צו דער באַפעלקערונג; 2) פון די אידן צו די גויים; און 3) פון די פּאָלאַקן צו די אידן און רוסן.

וועגן די רוסן גיט ער איבער, אַז נישט קוקנדיק אויף זייער זיין שלעכט באַזאָרגט מיט קליידונג און עסן האָבן זיי זיך פאַרטראָגן צו דער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין מיט אַ מעסיקער באַציאונג, נישט לייגנדיק אויף זיי קיין שטראָפן און קאָנטריבוציעס ווי די דייטשן. דאָס, וואָס זיי האָבן קאָנפיסקירט און צוגענומען פון שטאָט, איז געווען פון די באַלד־נויטיקע הצטרכות׳ן ווי עסן און קליידער.

מיט אַ שטאַרקער האַנט. דאַקעגן, האָבן זיי באַשטראָפט נאָר די העצערס קעגן זיי, די פוילישע גלחים און בישאָפן. דער לאָמזשער בישאָף איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט דורך דעם אַלטן ה׳ פלאַטוי, וואָס האָט גוט־געזאָגט פאַר אים. ער האָט נאָך דעם אים באַשטימט אַ פּענסיע פון 30 זלאָטעס אַ חודש פאַר זיין גאַנצן לעבן. פאַר רויבן האָבן זיי זייער שטרענג באַשטראָפט — מיט טויט, אפילו ווען דאָס זיינען געווען אייגענע סאָלדאַטן.

די אידן האָבן זיך באַצויגן צו די רוסן, ווי עס פאָדערט די פליכט פון אָנשטענדיקע לאָיאַלע בירגער אין באַצוג צו אַ מאַכט, וואָס קען באַצווינגען דעם ווילן פון די איינגענומענע־באַזיגטע און דורכפירן איר ווילן מיט רויער ברוטאַלער קראַפט. דאָס זיינען געווען די פונקציעס פון די אַלע פריער דערמאָנטע אידישע באַאַמטע פון רעווקאָם.

די פּאָליאַקן האָבן קיין מאָל נישט געביטן זייער פאַלשע צוויי־פנים׳דיקע באַציאונג צו די אידן: זיי האָבן זיי פאַרטראָגן טיילווייז ווי גלייכע נאָר אין אַן עת־צרה; ווי נאָר, אָבער, זיי זיינען געוואָרן פרייער, ווען מען האָט געקענט האָבן די אויבער־האַנט און טאָן שלעכטס צו די אידן, האָבן די פּאָליאַקן דאָס געטאָן אין דער גרעסטער אכזריות׳דיקער מאָס.

פאַקטן: א. ווען אַ פוילישער קאָמענדאַנט, פּאָליציי־שעף גייט מיט זיינע מיטהעלפער און קאָנפיסקירט פאַר די באָלשעוויקעס אַלערליי סחורות, טוט ער עס ביי אידישע סוחרים און נאָכן אָפּטרעטן פון די באָלשעוויקעס געשעט צו אים גאָרנישט. דאַקעגן פנחס גייסט ווערט פאַרמסר׳ט צו די פּאָליאַקן פאַר זיין געצוואונגען צו פאַרבלייבן אַלס הויפּט פון שפּייז־אַמט. ער ווערט אַרעסטירט און ווערט קוים געראַטעוועט פון טויט דורך ה׳ שמעון ראָזענטאַל.

ב. די אידן ראַטעווען פיל אָנגעזעענע פּאָליאַקן פון זיכערן טויט, ווי דער בישאָף, דורך ה׳ אשר פלאַטוי; די כאַמיליע פון פּילסודסקי — דורך ה׳ אברהם־הערש שיינקאָפּ. דאַקעגן מאַכט מען אַ בילבול אויף 3 אידן: ר׳ יוחנן קרישטאָל, דעם וואורשט־מאַכער, אין די 50קער יאָרן, אַ פאָטער פון 5 קינדער; עזריאל גראַדזשינסקי פון די עסיקמאַכערס, אַ פאָטער פון אַ זון; און דער 3טער, אינגסטער, טעוול בלומאָוויץ, 25 יאָר אַלט. דער שקר בבלבול איז געווען, אַז זיי האָבן געשאָסן אויף די פוילישע סאָלדאַטן. אַלע 3 אומשולדיקע נפשות ווערן געבראַכט אין מיטן דער נאַכט פון בלבול אין דעם געסל פון שפּיטאָל „שוויענטי דוך", צוגעשטעלט צו אַ וואַנט און דערשאָסן אָן שום אויספאָרשונג און משפּט. די


יוחנן קרישטאַל


חיים גראַדזשינסקי


טעוול בלומאָוויץ

קערפּערס ווערן דערנאָך אַרויסגעגעבן צו חברה־קדישא מיט אַ פאַרזאָג נישט צו מאַכן קיין לויה פאַר זיי.

ג. 3 ברידער סעגאַלאָוויץ און דער סאָלדאַט כמעלעווסקי ווערן געכאַפּט מיט פיל אנדערע אידן וואָס אַנטלויפן צוזאַמען מיט די רוסן פון די נאָכיאָגנדע פּאָליאַקן און ווערן אַלע דערשאָסן.

ד. ווען די שטאָט ווערט באַשאָסן דורך די אָנגרייפנדע פּאָליאַקן לאָזט זיך אַרויס דער פּוילישער ערב־רב איבער לאָמזשע און מ׳באַרויבט די אידן וויפל עס לאָזט זיך נאָר. די שטאָט איז געבליבן אין אַ דערדריקנדיקן צושטאַנד. פיל אָנגעזעענע אידן האָבן געשמאַכט אין טורמע פאַר קיין שום פאַרברעכן. א. צ. ב. איז דער אַלטער מושינסקי פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע פאַר דער זינד וואָס זיינע זין, ליבער און שלמה,ביידע קאָמוניסטן, זיינען אַנטלאָפן מיט די באָלשעוויקעס. ר׳ לייזער שמחה׳ס איניקל, נתן קאַסטעלאַנסקי, איז אויך אַנטלאָפן און געוואוינט אין ווילנע אונטער אַ פרעמדן נאָמען. ר׳ אברהם־יצחק רזשאַטקעוויץ איז געווען אין טויט־סכנה פאַר זיין זונס אַנטלויפן. משה פרידמאַן, זיינגעזעען ביי די פּאָליאַקן אַלס ערלעכער סוחר מיטן פּוילישן מיליטער, האָט אים געראַטעוועט מיט זיין ערבות וואָס ער האָט פאָרגעלייגט פאַר דעם פּוילישן מיליטערישן קאָמאַנדיר מיטן נאָמען גראַף. ער מיט נאָך אייניקע אַנדערע אָפיצירן זיינען נאָך דעם געקומען צו כל־נדרי אין שול וואו חזן הירשאָוו האָט מיט פיינעם געזאַנג מתפלל געווען. די פּוילישע געסט זיינען געווען אַנטציקט פון די מוזיקקלאַנגען און פון דאַן אָן האָבן זיי זיך באַצויגן בעסער צו אידן.

אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע איז לאָמזשער ביבליאָטעק פון „התחיה“ אויסגערויבט געוואָרן. פריער די רוסן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אויפן הויף פון „התחיה“, רזאַנדאָווע 18, האָבן צעשלעפּט רוסישע ביכער. דערנאָך, ווען די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען יענעם הויף, האָבן זיי גענוצט די ביכער פון ביבליאָטעק אָנשטאָט האָלץ צו קאָכן זייערע מאָלצייטן. ר׳ ישראל לעווינסקי האָט זיך קוים געראַטעוועט מיטן לעבן, ווען ער האָט פּרובירט זיי אָפּהאַלטן פון באַרבאַרישן טאַט, פאַרקלאָגנדיק די וואַנדאַלן פאַר זייער אָפיציר.

די באָלשעוויסטישע אינוואַזיע און די שרעקלעכע צייט פון דעם פּוילישן צוריקקומען זיינען לאַנג נישט פאַרגעסן געוואָרן פון די אידישע הערצער.

## קאַפּיטל 28

## 1934—1926

אין די וואַלן צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין פעברואַר 1926 זיינען אויסגעקליבן געוואָרן 13 אידן פון צווישן 29 מערסטנטייל די זעלבע פּערזאָנען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן אין פריערדיקע וואַלן. אהרן סעגאַל איז אויפגענומען געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער מיטן אַרכיוו און פרוי נעמי גייסט — אַלס אָנפירערן מיט די עלעקטרישע איינריכטונגען פון שטאָט.

פאַר די פּאָליאַקן אָבער איז דאָס געווען אַ צו־גרויסע רעפּרעזענטאַנץ, און מיט די באַוואוסטע צו דעם מיטלען האָבן זיי געאַרבעט דאָס צו פאַרקלענערן. די נאָענטע ישובים פון פּאָליאַקן ווי לאָמזשיצע, סקאָוראָנקי, זאַוואָדי, פּאַטשעיאָוואָ א. נ. אַנד. זיינען געוואָרן איינגעשלאָסן אין לאָמזשער ראַיאָן און אַזוי אַרום איז די פּוילישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט געוואָרן און האָבן געוויילט מער פאָרשטייער און די אידן זיינען רעדוצירט געוואָרן צו אַ קליינער מינדערהייט.

אין דער סטאַטיסטיק פון מאַגיסטראַט פון יענעם יאָר געפינען זיך אין לאָמזשע 1044 בנינים, 500 פון זיי — קראָמען און געשעפטס הייזער; 4752 דירות באַוואוינט פון 27 טויזנט נפשות — אַ דורכשניט פון 6־7 נפשות אין אַ דירה. אין שטאָט זיינען געווען 7 מאַרקן: אַלטער מאַרק מיט דער האַנדלסהאַלע, נייער מאַרק, שענקעוויץ פּלאַץ, ניי אַמעריקע (אויפן וועג צו זאַמבראָוו), ציגן מאַרק, פּאָסט־פּלאַץ און דער גרינער מאַרק ביי דעם אַלטן בית עולם, וועלכער האָט שפּעטער געדינט די נאַציס פאַר אַ קאָנצענטראַציע־פּלאַץ אויף שיקן די אידן צום טויט. אין 20 גאַסן פון 44 עקזיסטירנדע האָבן געוואוינט אידן.

דעם 20טן מאַי 1931 איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע קהילה־פאַרוואַלטונג. 8 וואַל־צעטלען האָבן פיגורירט: רעליגיעזע, ציוניסטן, „בונד“, פּועלי ציון, סוחרים, האַנטווערקער, אגודת ישראל און אַלעקסאַנדער חסידים. פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלן בלאָק זיינען דערוויילט געוואָרן 10 פּערנסים: צבי עפּשטיין, יצחק טאַבאָליצקי, חנוך אייזענשטאַט, יחיאל קמחי, פייוול סטריקאָווסקי, יעקב געלצינסקי, חנוך שערשעווסקי, צבי מאסק, אלטער שאַפּיראָ און יהושע־לייב לעווינסאָן. פון „בונד“ זיינען דערוויילט געוואָרן 2 קאַנדידאַטן. די קהילה פאַרוואַלטונג האָט זיך דאַן געפונען אין פינאַנציעלע שוועריקייטן און נישט געקענט אויסהאַלטן אירע אינסטיטוציעס און צאָלן שכירות צו די כלי־קודש און די באַאַמטע. איינע פון די סיבות איז געווען, וואָס די רעגירונג און דער מאַגיסטראַט האָבן כסדר פאַרקלענערט זייערע סובסידעס צו דער קהילה.

אין די וואַלן צו דער שטאָט פאַרוואַלטונג דעם 27טן מאַי 1934 זיינען דערוויילט געוואָרן 6 אידן אָנשטאָט 13: 4 פון אידישן בלאָק און 2 פון „בונד“. ה׳ וו. אָקון איז דערוויילט געוואָרן מיט פּוילישע שטימען פון דער וואַל־ליסטע B. B. (דעמאָקראַטן פון פּילסודסקי׳ס חסידים). די שטיצע צו די אידישע סאָציאַלע אינסטיטוציעס איז נאָך מער פאַרקלענערט געוואָרן און די באַזאָרגונג פון די יתומים, זקנים, קראַנקע א. אַנד. איז געפאַלן אויף דער קהילה. אַן אויסנאַם איז געווען דער אידישער שפּיטאָל. זיין שטיצע איז פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 400 זלאָטעס, אָנשטאָט די פריערדיקע 200, ווייל דער פּוילישער שפּיטאָל האָט נישט געקענט אַריינגעמען אַלע קראַנקע און פיל פּוילישע חולאים האָט דער מאַגיסטראַט געמוזט שיקן צום אידישן שפּיטאָל. וועגן אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן האָט שוין דער מאַגיסטראַט נישט געזאָרגט.

אין די נאָכקומענדיקע וואַלן צום סיים איז אין וואַלקאָמיטעט נישט באַשטימט געוואָרן קיין איד. פון 111 עלעקטאָרס פון לאָמזשער קרייז האָט מען באַוויליקט נאָר 3 פּלעצער פאַר אידן, וועלכע האָבן דאַן אויסגעמאַכט 40% פון שטאָט. ס׳זיינען באַשטימט געוואָרן: מ. פּאָסעסאָרסקי פון פּראָפּ. פאַראיינען, וו. קופּיעצקי, פון האַנטווערקער פאַראיין און נ. יאַבעק פון אסטראלענקע. די אידן האָבן מוחל געווען דעם כבוד און האָבן געגרינדעט אַן אייגענעם וואַל־קאָמיטעט פון ה. מ. קאַלינסקי, מ. גלינקא, ל. בלאוואט, נ. כץ, י. געלצינסקי, י. זיכני, נ. ראַפּאַלאָווסקי, א. כץ און וו. קופּיעצקי.




לאָמזשער
דראָזשקאַרזשעס



אַ חתונה ביי דער
פאַמיליע גערשטענגער
אין לאָמזשע.



קינדער אויף דער
לאַנגער גאַס.

קאַפּיטל 29

# לאָמזשע אויפן וועג פון אומקום

## דער מאַגיסטראַט

אין די וואַלן צום מאַגיסטראַט אין פרילינג 1939 איז באַוויליקט געוואָרן די אידן 9 מאַנדאַטן אין ראַט אָנשטאָט 13, וואָס איז זיי געקומען באַטרעפנדיק 40% פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. די רעזולטאַטן פון די וואַלן זיינען געווען אַ גרויסער געווינס פאַר די רעאַקציאָנערע כחות פון די פּאָליאַקן. דאַקעגן אין דער אידישער גאַס האָבן געזיגט די לינקע עלעמענטן. דער ערשטער א׳ז געווען דער „בונד“ מיט 4 מאַנדאַטן, פּועלי־ציון — 3. די איבעריקע — אַ בלאָק פון אגודת ישראל, מזרחי אלגעמיינע ציוניסטן נומער 2, רעוויזיאָניסטן, סוחרים־פּאַראיין, האַנטווערקער, וויצא, א. א. האָבן געקראָגן 2 מאַנדאַטן. די „התחיה“, גייענדיק אַליין צו די וואַלן, האָט באַקומען נאָר 278 שטימען — קיין פאָרשטייער. די אידישע דערוויילטע זיינען געווען: פון „בונד“ פּ. גייסט, מ. פּאָסעסאָרסקי, ל. כאַניעלסקי און מאָשקאָוויץ. פון פּועלי ציון: פּ. באומקאלער, י. נאָמבערג און ה. ווייזענפעלד. פון פאַראייניקטן אידישן בלאָק: י. בערענהאָלץ (רעוויזיאָניסטן) און נ. ראַפּאָלאָווסקי פון סוחרים פאַרבאַנד.

די ערשטע זיצונג פון נייעם שטאָט־ראַט איז געעפנט געוואָרן, ווען אין דער לופט פון פוילן האָט זיך געשפּירט דער נאַצישער טעראָר און אויף דער ערד האָט שוין אָפּגעהילכט דער געקלאַפּ פון די טעווטאָנישע שטיוול טריט. די אידישע לינקע ראַטמענער האָבן אָפּגעגעבן זייערע דעקלאַראַציעס, אַז זיי וועלן קעמפן גלייכצייטיק פאַר דער פרייהייט פון אַרבעטענדן עלעמענט און פון פוילן אַלס נאַציע — בכלל.

דער פּועלי ציוניסט י. נאָמבערג האָט נאָך צוגעגעבן, אַז זיין פּאַרטיי וועט קעמפן קעגן אַרויסשטויסן דעם אידישן עלעמענט פון זיין עקאָנאָמישער פּאָזיציע אין לעבן כדי צו צווינגען אים גיין קיין פּאַלעסטינע. ארץ ישראל וועלן די אידן אַליין מיט זייער פרייען ווילן בויען דורך פרייען אויסוואַל פון עולים־חלוצים. די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגעבראַכט אונטער אַן אבסטרוקציע מצד די פּוילישע מיטגלידער פון ראַט. דער ענדעקישער ראַטמאַן, אַ גלח, האָט געזאָגט אַז פוילן איז זייערע און אַלץ דאַרף זיין אין פּוילישע הענט, און נישט־קאַטאָליקן האָבן נישט קיין אָרט צווישן זיי, נאָר דאַרפן פאַרלאָזן פוילן. דר. טשאַרנעצקי, אַמאָליקער פּ. פּ. ס.־ניק, האָט אויך גערעכטפאַרטיקט דעם סלאָגאַן: „פוילן בלויז פאַר פּאָליאַקן“, אָבער — האָט ער דערקלערט — ס׳איז נישט איצט די צייט דערצו, איצט, ווען אַזאַ מעכטיקער פיינט הויבט אויף זיין שווערד איבער פוילן, דאַרפן די קעגנזאַצן צווישן די פּאָליאַקן און אידן געמעסיקט ווערן.

אין די וואַלן פאַר 4 לאַווניקעס — פּרעזידיום פון שטאָט פאַרוואַלטונג — האָבן די אידן דערוויילט ה. פּאָסעסאָרסקי — פאָרשטייער פון „בונד“. די פּוילישע ראַטמענער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער אויסוואַל פון אַ פּערזאָן — הגם די וואַלן זיינען געווען געהיימע און דעמאָקראַטישע — וואָס איז נישט קיין פּוילישער פּאַטריאָט און באַזיצט נישט די שפּראַך פון לאַנד. זיי האָבן געפאָדערט פּאָסעסאָרסקי׳ס רעזיגנאַציע, אָדער נייע וואַלן. די זיצונג א׳ז דאַן אָפּגעלייגט געוואָרן אויף מאָרגן. ס׳איז שוין געווען קלאָר, אַז אַ פּאָליאַק וועט אויסגעוויילט ווערן. פאַר דער אידישער באַפעלקערונג איז דער האָריזאָנט געוואָרן אַלץ טונקעלער, פינצטערער. די אַדמיניסטראַציע פון לאָמזשע און פיל אָפּטיילונגען זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן פון ביאַליסטאָקער וואָיעוואודסטווע צו וואַרשעווער, וואו דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען נאָך שטאַרקער.



לעצטער לאָקאַל פון דער אידישער קהילה אין לאָמזשע

## די אידישע קהילה

אין די סאַמע ערשטע יאָרן פון פוילנס זעלבסטשטענדיקייט זיינען געווען גוטע צייטן פאַר דער אידישער קהילה. זי איז געווען ווי אַ פעסטונג אין אייגנאַרטיקן לעבן פון אידן אויפן סאָציאַלן, רעליגיעזן און קולטורעלן געביט. אין דער פאַרוואַלטונג זיינען שטענדיק אָנגעגאַנגען וויכוחים, ווי אַזוי אָט די געביטן צו רעפאָרמירן, פאַרבעסערן און פאַרשענערן. אין 1936 זיינען אָט די אידילישע צייטן געווען אַ זאַך פון פאַרגאַנגענהייט. לאָמזשער אידישע געמיינדע איז דאַן געווען אין אָנמאַכט און צעשפּליטערט אין אירע כחות. אַוועקגייענדיק לאָזט איבער די אַלטע קהילה־פאַרוואַלטונג אַ דעפיציט פון פילע טויזנטער זלאָטעס, און אַ חוב פון 6 מאָנאַטן געהאַלט צו רבנים, כלי־קודש און די איבעריקע באַאמטע.

אין חודש אלול, תרצ״ו (1936) זיינען פאָרגעקומען וואַלן צו דער קהילה. 6 וואַל־ליסטעס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן פאַר 2013 וואַל באַרעכטיקטע פּערזאָנען. 1. רעליגיעזע וויילער, ווי: אגודת ישראל און מזרחי. 2. פּראָגרעסיווע ציוניסטן. 3. אומפּאַרטייאישע עסקנים, אָדער גבאים־ליסטע. 4. ״בונד„־ליסטע. 5. פּועלי־ציון ליסטע, 6. סוחרים־פאַראיין. די איבעריקע אָרגאַניזאַציע־פאַראיינען האָבן זיך אַריינגעכאַסט אין די דערמאָנטע רשימות.

די פּאָלגן פון די וואַלן זיינען געווען: פון 1421, 70% וויילער, האָט דער רעליגיעזער בלאָק געקראָגן 633 שטימען — 7 מאַנדאַטן. פון זי׳ לויט אַן אָפּמאַך 4 פ׳ן אגודה א׳ן 3 פון מזרחי. דעם 2טן פּלאַץ האָט פאַרנומען דער „בונד“ — 399 שטימען און 4 מאַנדאַטן. די פּועלי ציון זיינען געווען אויפן 3טן פּלאַץ מיט 178 שטימען — 2 מאַנדאַטן. א׳יפן 4טן פּלאַץ זיינען געקומען די אַלגעמיינע פּראָגרעסיווע ציוניסטן מיט 132 שטימען — 1 מאַנדאַט: דר. ש. גאָלדלוסט. דער צווייטער פון דער ליסטע, פאָרזיצער פון „התחיה“, י. דאַמאָוויץ, איז נישט דערוויילט געוואָרן. אויף דעם 5טן פּלאַץ קומען די סוחרים מיט 85 שטימען און 1 מאַנדאַט. די רשימה פון די גבאים מיט 50 שטימען דערווילן נ׳שט קיינעם.

עס האָט געהאַלטן דערביי צו מבטל מאַכן אינגאַנצן די וו׳׳לן, ווייל אין דער וואַל־אורנע זיינען געווען מער צעטלען ווי פּערזאָנען וואָס האָבן פאַקטיש געשטימט. נאָר אידן ז׳ינען דאָך רחמנים האָבן זיי דעם פאַקט נישט איבערגעגעבן צו דער מאכט און עס איז פאַרבליבן א סוד.

ביי אַזאַ צעשפּליטערונג פון דעות, איז שווער געווען צו פ׳׳רטיילן די הויפּט אַמטן. דר. גאָלדלוסט א׳ן נאָך אים



פירער פון דער לעצטער אידישער קהילה אין לאָמזשע

זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס): מאַרקעוויץ, מ. קאַלינסקי (ראש הקהל), הרב שאַצקעס, י. טאַבאַליצקי, קאַץ; שטייענדיק (רעכטס צו לינקס): סעקרעטאַר ראַבינאָוויץ, יעקב געלצינסקי, פנחס קוואַשני, יחיאל קאמכי.

נ. ראַפּאַלאָווסקי האָבן נישט געוואָלט אָננעמען דאָס פּרעזידענטשאַפט, ווייל ווייניק שטימען זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר יעדן פון זיי. די „בונד"־פאָרשטייער האָבן דעמאָנסטרירט מיט זייערע מלבושים און געלייענט רעזאָלוציעס קעגן אַנטי־סעמיטיזם און אויך קעגן פּוילישן און אידישן פאַשיזם, קלעריקאַליזם און ציוניזם. דאָס איז געשען גלייך ביי דער ערשטער זיצונג, ווען ה. קאַלינסקי (אגודה) האָט געפירט דעם פאָרזיץ. עס איז דאַן אין טומל אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּרעזידיום פון 6 לינקע פּרנסים: 4 פון „בונד" און 2 פון פּועלי־ציון — פון אנדערע פאַרטייען האָט קיינער נישט געוואָלט נעמען קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די פּוילישע מאַכט־האָבער האָבן נישט באַשטעטיקט דעם אויסוואַל. אויך אין די נאָכפאָלגנדע זיצונגען איז מען נישט געקומען צו קיין הסכם. דערצו נאָך האָבן די געסט אויף דער גאַלעריע אויך דעמאָנסטרירט מיט וואַרפן שטולן און פלעשער אויף ה' קאַלינסקי.

4 חדשים זיינען אַריבער און קיין פּרעזידיום איז נישט געוואָרן אויסגעקליבן. דאַן האָט די פּוילישע רעגירונגס־מאַכט זיך אַריינגעמישט און געשיקט איר רעפערענט פאַר רעליגיעזע קהילות, ה' טשערנעצקי. ער האָט גלייך באַפוילן צו האַלטן די זיצונגען ביי געשלאָסענע טירן און האָט גע־הייסן אויסקלייבן אַ קאָמיטעט פון 4 פּערזאָן צו פאַרטיילן די אַמטן אין דער קהילה. דער „בונד" און די פּועלי־ציון זיינען נישט אַריין אין דעם קאָמיטעט. דערווייל האָט, לויטן געזעץ, דער אַלטער ועד פון דער קהילה אויסגעאַרבעט דעם בודזשעט פאַרן יאָר 1937. אַ גאַנצער יאָר איז אַריבער און קיין פּרעזידיום פון דער נייער קהילה איז נישט אויסגעקליבן געוואָרן, ווייל מען האָט נישט געקענט קומען צו קיין הסכם. אָט דער מצב האָט געבראַכט אַ שטימונג פון דערדריקונג צווישן דער אידישער באַפעלקערונג, אויך חרפּה לגבי די פּוילישע מאַכט־האָבער.

מיטן אָנקומען פון יאָר 1938 איז געוואָרן דרינגנד דאָס איינשטעלן דעם בודזשעט, און דעם 20טן יאַנואַר איז צו־נויפגערופן געוואָרן אַ דרינגנדע זיצונג. שפּעט אין דער נאַכט איז אָנגענומען געוואָרן אַ בודזשעט און אַ רעזאָלוציע צו באַגריסן די גרינדונג פון אַ אידישן פאָלקס־קאָנגרעס פאַר זעלבסט־שוץ. דער „בונד" איז געווען שאַרף קעגן ביידע, און האָט עס גלייך מאַניפעסטירט מיט וואַרפן אויף ה"ה טאבאליצקי און קאלינסקי פלעשער און שפּיי־קעסטלעך. ביידע זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. דר. ש. גאָלדלוסט האָט אויסגעבראָכן אַ פענסטער און גערופן הילף פון פּאָליציי. די אָנגרייפער זיינען אַנטלאָפן. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל און אויף מאָרגן אַרעסטירט 3 מיטגלידער פון „בונד". דער ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדע האָט באַשטעטיקט דעם בודזשעט אויסער 100 זלאָטעס פאַרן מכבי־ספּאָרט פאַראיין, מאָטיווירנדיק, אַז אַ רעליגיעזע קהילה דאַרף נישט זאָרגן פאַר ספּאָרט. ער האָט געוואָרנט, אַז אויף די זיצונגען זאָל נישט געלייענט ווערן קיינע פּאָליטישע רע־זאָלוציעס — אין קעגנטייל וועט מען באַשטראָפט ווערן.

ערשט אין יאָר 1939, אַ יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער 2טער וועלט־מלחמה, האָט די קהילה באַוויזן צו־נויפשטעלן אַ פאַסיקן בודזשעט אין באַטרעף פון 60 טויזנט זלאָטעס, וועלנדיק צופרידנשטעלן די סאָציאַלע, רעליגיעזע און קולטורעלע באַדערפענישן פון אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. די וויכוחים אַרום די פאַרשידענע פּאָזיציעס האָבן געדויערט 3 טעג און 3 זיצונגען. די לעצטע זיצונג האָט אָנגעהאַלטן 3 נעכט.

די הויפּט קוואַלן פון הכנסה פאַר דער קהילה מיט אירע גרויסע הוצאות זיינען געווען: 1) 23.751 זלאָטעס פון עטאַט; 2) שחיטה אָפּצאָל פון שלאַכט־הויז און שחיטה־שטיבל ביים גרויסן בית מדרש — 21.600 זלאָטעס; 3) פון קבורה־געלט און בית־עולם־קרקע — 9000 זלאָטעס. אינאיינעם — 54.351 זלאָטעס.

די קהילה איז געווען געצוואונגען צו מאַכן גרעסערע הוצאות ווי די אָנגעגעבענע פאָראויס אין בודזשעט: עס האָבן זיך באַוויזן שפּאַלטן אין איי׳ניקע אידישע הייזער און די שטאָט־אינזשינערן האָבן געצוואונגען די בעלי־בתים צו רעמאָנטירן גלייך. צו דעם צוועק האָט מען געמוזט אָפּ־ליידיקן די הייזער און געבן די לאָקאַטאָרן צייטווייליקע דירות און אַנדערע הילף. דאָס אַלץ איז געפאַלן אויף דער קהילה. די זעלבע אינזשענירן, זוכנדיק נאָר אין אידישע הייזער, האָבן געפונען אַ שפּאַלט אין דער מזרח וואַנט פון דער גרויסער שול, און זיי האָבן פאַרבאָטן צו דאַוונען אין דער גאַנצער געביידע. נאָך פילע אָנשטרענגונגען איז די שול רעמאָנטירט געוואָרן. די שטאָט־מאַכט האָט דאַן ווידער גע־פאָדערט — אויסערלעכע פאַרשענערונג: אַ נייעם פּאַרקן, פלאַנצן נייע בוימער, פאַרזעצן בלומען. אין קעגנטייל וועט מען שליסן אינגאַנצן די שול. ד. ז. האָבן זיי געפאָדערט אַ נייעם בנין אויפן אָרט פון גרויסן אַלטן בית־מדרש און אויך אַ סאַניטאַרישע אָרדנונג אין דער גאַנצער סביבה. די קהילה איז נישט געווען אין שטאַנד דאָס אויסצופירן.

אַ גרויסער טייל פון דער קהילה־הכנסה איז געקומען פון כשר־שחיטה. אָבער די שחיטה איז געוואָרן באַגרעניצט דורך דעם מאַכט און די קהילה־קאַסע האָט עס גוט געפילט. עס איז באַשטימט געוואָרן 32 טויזנט קילאָגראַם רויע פלייש פאַר לאָמזשע פאַר אַ חודש. דאָס האָט געזאָלט אויסמאַכן 100 גראַם פאַר אַ פּערזאָן און נאָכן שחט'ן, טרייבערן און צופאַלן פון טריפה איז געבליבן סך הכל 50 גראַם פלייש פאַר אַ טאָג. די קצבים האָבן געסטרייקט זעכצן טעג פאָדערנדיק צו פאַר־גרעסערן די פלייש־קוואָטע פאַר לאָמזשע, אָבער אָן דערפאָלג. 2 שוחטים, זעליג קאָסאָוויץ און משה זשאפּינסקי, האָבן רי־זיקירט און געשאָכטן אָן דערלויבעניש, האָבן זיי געמוזט באַ־צאָלן שטראָף צו 500 זלאָטעס יעדער. עס זיינען אַוועק־געשטעלט געוואָרן וואַכן מען זאָל נישט אַריינברענגען פלייש פון קיין אַנדער אָרט, און אַזוי אַרום אויסהונגערן די אידישע באַפעלקערונג. פון 32 יאַטקעס, זיינען געבליבן נאָר 15 און 17 קצבים־אונטערנעמער זיינען געבליבן אָן ברויט. די

קהילה איז פאַראָרעמט געוואָרן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון הומאַניטעט און צער־בעלי־חיים.

פאַרשטייט זיך אַז צוליב מאַנגל אין פאָנדן זיינען די טעטיקייטן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג איינגעשרומפּן געוואָרן און איז געצוואונגען געווען צו זיין פאַסיוו אין צייט פון צרות הכלל, ווי: פאָגראָמען, פּיקעטן אידישע קראָמען נישט צולאָזן פוילישע קונדן, א. אַנד. זי האָט געדאַרפט אַכטונג געבן נאָר אויף רעליגיע־אָנגעלעגנהייטן. צום באַדויערן איז זי דאָ נישט געשטאַנען אויף דער געהעריקער דעמאָקראַטישער ניוואָ: אַ מערהייט האָט דאַן באַשטעטיקט אַן החלטה פון דער חברה שומרי־שבת אַרויפצולייגן אַ געזעלשאַפטלעכן און רעגיליעזן חרם אויף די קליינע קרעמלעך וואָס פאַרקויפן צייטונגען און סאָדע־וואַסער אום שבת אין דער זעלבער צייט, ווען אידישע אַדוואָקאַטן זיינען מחלל שבת בפרהסיה אין געריכט און אידישע קינדער פון פרומע עלטערן באַזוכן זייערע פוילישע שולן אום שבת׳ וואו מען שרייבט און מען איז מחלל שבת בכלל.

כדי צו הויבן דעם מוט פון די אידישע סאָלדאַטן אין דער פוילישער אַרמיי, איז יעדן זונטאָג איינגעאָרדנט געוואָרן צו דאַווענען בציבור אין דער גרויסער שול, און אין סדר־נאַכט פון פסח — אַ גרויסן סדר אין דעם תלמוד־תורה בנין, וואו די אידישע טעכטער האָבן פרייוויליק געהאָלפן.

עס האָבן זיך שוין דערנענטערט די טעג פון חורבן פון אידישן לעבן אין פוילן, און אָנשטאָט דער געוויילטער קהילה האָבן פאַר אַ קורצער צייט עקזיסטירט פאַשידענע קאָמיטעטן פון די אָקופּאַנטן ביז דעם פאַרשאָלטענעם יודענראַט, באַשטימט פון די מערדער־דייטשן, אין די ווענט פון דער געטאָ.

קאַפּיטל 30

# האַנדל און פאַבריקאַציע ערב דעם חורבן

## די אָרגאַניזירונג פון די סוחרים

שווער און ביטער זיינען געווען די וועגן פון האַנדל אין די לעצטע יאָרן פאַר דעם חורבן. ה׳ נ. ראַפּאַלאָווסקי האָט פאַרטראָטן דעם אָרט פון ה׳ נ. בזשעזשינסקי, פּרעזידענט פון סוחרים־פאַראיין. זיינע געהילפן: א. בענגעלסדאָרף, ט. בערמאַן, נ. קורטיזאַן, פּ. קוואַשני, ש. בערקמאַן, מ. צעכאַנאָוויץ, פּ. גאָראָדזשינסקי, פּ. ליכטענשטיין, ש. אורינסקי, ש. ד. מילער, ח. מאַלינאָוויץ, ש. העפּנער, י. בערענהאָלץ, א. ראַבינאָוויץ א. אַנד.

די טעטיקייטן פון סוחרים־פאַראיין זיינען באַשטאַנען אין שתדלנות צו פאַרקלענערן די צינזן (פּאָדאַטקעס) און פאַרגרינגערן דאָס באַקומען הלוואות אויף היפּאָטעקן. אין 1937 האָבן אויך די קליינע סוחרים זיך אָרגאַניזירט און געגרינדעט אַ קראַנקן־קאַסע מיט דער הילף פון די דאָקטוירים בערענזאָן, מענקעס און מייזנער און די אַפּטייקן פון זאַלקין און צוקערבוים. אויך האָבן זיי געגרינדעט אַן אינערלעכע ליי־קאַסע. די אַקטיווע מיטגלידער פון דעם קליינעם־סוחרים־פאַראיין זיינען געווען: אַ. כץ (ערשטער פּרעזידענט), יצחק רובינשטיין (פּרעזידענט אין די יאָרן 1938־1939), נאָמבערג, מ. פּאָסעסאָרסקי, מ. קרישטאָל, ש. מאָנקאַראָוויץ, ל. כאַלופאָוויץ, ב. בערמאַן, ד. ציגעלניצקי, י. ל. גוזשיקעוויץ, נ. ניימאַן י. בירענבוים, רייכמאַן, א. א.

## באַנקן און גמילות־חסדים קאַסעס

נאָך 3 באַנקן האָבן עקזיסטירט אין לאָמזשע צו העלפן דעם סוחר: קרעדיט־באַנק פאַר היפּאָטעקן אויף בער יאָסעלעוויץ גאַס נומער 2; קאָאָפּעראַטיווע באַנק, אויפן אַלטן מאַרק נומער 22, און גמילות־חסדים־קאַסע. די אַלע דריי האָבן געטאָן שלעכטע עסקים.

די באַנק־קרעדיטאָווי האָט זייער פיל געליטן פון טראַגישן טויט פון ה׳ הירש עפּשטיין און פיל קליינע סוחרים האָבן פאַרלאָרן זייערע לעצטע גראָשנס דאָרטן. דאָס האָט אַרויסגערופן פיל פאַרצווייפלונג און ביטערניש. אין די לעצטע יאָרן זיינען די פאָרשטייערס פון דער באַנק געווען מ. ביאַלי, א. בענגעלסדאָרף און פּ. גייסט. עס איז דערגאַנגען צו אַזאַ מצב, אַז די באַנק האָט נישט געקענט געבן קיין הלוואות און האָט נאָר געאַרבעט אופצומאָנען אַלטע חובות.

נישט אין קיין בעסערן מצב איז געווען די קאָאָפּעראַטיווע באַנק, אָדער קליינע בענקל. זי האָט אויך גאָרנישט געקענט העלפן די קרעדיט באַדערפטיקע. דער באַנק־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון 3 באַאַמטע מיט אַ מאָנאַטלעכן געהאַלט פאַר אַלע פון 120 זלאָטעס, וועלכער איז אויך נישט געווען צו באַצאָלן.

דאַקעגן איז די גמילות־חסדים קאַסע געווען אין אַ בעסערן הגם אויך שווערן מצב. אָט די קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1926 מיטן ציל צו געבן אָנלייען צו נויטבאַדערפטיקע אָן פּראָצענטן מיט אַ פאַרמעגלעכן גוטזאָגער; דעם גרינדונגס־פאָנד האָט געגעבן דער אַמעריקאַנער דזשאָינט. אין די ערשטע יאָרן איז דער מצב פון דער גמילות־



קאָמיטעט פון אידישן סוחרים פאַרבאַנד, געגרינדעט אין יאָר 1919
אין צענטער זיצט נחום ראַפּאַלאָווסקי; לינקס, טוביה בערמאַן; רעכטס, דער סעקרעטאַר פּנחס קוואַשני.



פאַרבאַנד פון אידישע קליינהענדלער, געגרינדעט אין 1937
דער דריטער פון רעכטס איז אברהם קאַץ.



פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט פון אַלגעמיינעם גמילות חסדים
אין צענטער — גבאי לייזער דוד לוריע.

חסדים קאַסע געווען אַ בליענדער. די צאָל הלוואות איז געוואָרן אַלץ גרעסער. די בעלי־חובות פלעגן באַצאָלן אין צייט. אין 10 יאָר פון איר גרינדונג איז די צאָל פון די הלוואות געשטיגן פון 60 ביז 600, פון 100 ביז 300 זלאָטעס צו אַ פּערזאָן און דער גאַנצער אומזאַץ האָט לעצטנס דערגרייכט ביז 34,407 זלאָטעס.

אָבער צוליב דעם שווערן עקאָנאָמישן מצב פון די אידן אין לאָמזשע און אויך צוליב די אַרומרייסענישן פון די עלעמענטן פון פאַרשידענע פאַרטייען וועגן דער העגעמאָניע איבער דער נוצלעכער אינסטיטוציע — איז דער צושטאַנד געוואָרן אַלץ ערגער. נאָכן טויט פון 2 פון די 5 חברים פון דער פאַרוואַלטונג: ה׳ עפּשטיין און א. נ. ראָזענבלום, זיינען אינקאָרפּאָרירט געוואָרן נאָך נייע 5 חברים. אָט די נייע נישט־געוויילטע מיטגלידער פון „בונד" און פועלי־ציון, קאָנקורירנדע עלעמענטן אין דער אידישער גאַס, האָבן אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די בעלי־חובות מצרף געווען נאָך 5 מיטגלידער צו די פריערדיקע 8. איז אַרויסגעקומען אַ פאַרוואַלטונג פון 13 חברים און נאָר 3 פון זיי לעגאַל געוויילטע.

נאָך פיר אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, מיט דער הילף פון אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־גמילות־חסדים־קאַסעס אין וואַרשע און נאָך אַ לאַנגן און שווערן משא־ומתן, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ וועד פון 9 חברים: בענגעלסדאָרף, פּאָסעסאָרסקי, פלאַטוי, גייסט, טאבאליצקי, קארניקס, ראָזענטאַל העפּנער און פעטליוק. דער „בונד" האָט געהאַט אַ מערהייט אין וועד. אָבער די טעטיקייטן פון דער קאַסע האָבן אָנגעפאַנגען צו איינשרומפּן. אַלס רעזולטאַט פון פאַרלוסט פון צוטרוי, וואָס די בעלי־חובות האָבן געפילט צו די חברים פון וועד, האָבן זיי אויפגעהערט צאָלן זייערע חובות.

נאָך אַ גמילות־חסדים אינסטיטוציע האָט עקזיסטירט, צו לייען אויף משכנות. אויך דאָ איז דער מצב פאַרערגערט געוואָרן: עס האָבן זיך אָנגעקליבן פיל משכנות, אָבער קיין געלט איז נישט געווען. אין די לעצטע יאָרן זיינען געווען אין דער פאַרוואַלטונג פון אָט דער אינסטיטוציע די ה"ה: ד. לוריע, ל. כץ, א. צערוואָנקא, מ. דימענט, א. בערמאַן, נ. ניימאַן, פ. ליכטנשטיין, י. ד. ריבאַק, א. גלישינסקי א. אַנד. אין 1937 איז די אינסטיטוציע באַגנבעט געוואָרן. 60% פון דעם באַטרעף האָט באַצאָלט די אַסעקוראַציע געזעלשאַפט.

די רעשט איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויפן קרעדיט פון די אָרעמע־לייט, וואָס האָבן געזוכט הילף.

אַ דריטע גמילות־חסדים קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן, נאָך פילע שתדלנות ביי דעם וואָיעוואָדע, פאַר קליינע סוחרים אָרגאַניזירט פאַר דעם צוועק. די פירער פון דעם גמילות־חסדים זיינען געווען: י. רובינשטיין, נ. ניימאַן, ש. מאנקאָוויץ, ל. כאלופּאָוויץ און א. כץ. פון 500 זלאָטעס איז באַשטאַנען דער גרינדונגס־פאָנד וואָס דער צענטראַלער קאָמיטעט פון קליינע סוחרים פון וואַרשע האָט געשיקט. די הלוואות זיינען באַשטאַנען פון 30 זלאָטעס אַ פּערזאָן.

צוליב דעם קאַטאַסטראָפאַלן מצב פון אַלע באַנקן און קאַסעס, איז אַנטשטאַנען אַ פּראָיעקט צונויפצוגיסן אַלע אין איין אינסטיטוציע: אַ קאָאָפּעראַטיווע ליי־באַנק. 2 ספּעציאַליסטן, פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע פון קאָאָפּעראַטיווע בענק אין וואַרשע, זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין לאָמזשע. זיי האָבן געהאָלפן גרינדן די פאַראייניקטע באַנק צוזאָגנדיק אַ געוויסע סומע פאַרן ערשטן פאָנד. אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: י. כץ, פּרעזידענט; מ. ה. פּשעפּשאָוויץ, געהילף, און מ. יודעלבוים. אַ קאָנטראָלאָרן קאָמיטעט איז אויסגעקליבן געוואָרן פון די חברים: ס. דונאָוויץ, פאָרזיצער; מ. ציבולסקי, נ. ראַפּאַלאָווסקי, מ. קאַלינסקי, ה. בערגער און מ. פּאָסעסאָרסקי. די גאַנצע פאַרוואַלטונג האָט געזאָלט שאַפן 5000 זלאָטעס און אויך קרעדיט אין אַנדערע צענטראַלע בענק. אָבער עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה און די אַלע סאָרטן טעטיקייטן ווערן אָפּגעשטעלט.

## אין געראַנגל מיט די פּיקעטן

פילע יאָרן איז אין פּוילן אָנגעגאַנגען די פיינטלעכע אַגיטאַציע צו באָיקאָטירן אידישן האַנדל און פּראָדוקציע אונטער דעם לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ". פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען זיינען געגרינדעט געוואָרן מיט דעם ציל צו דערווייטערן דעם פּוילישן קונד פון אידישן מסחר און מלאכה און צוציען אים צום פּוילישן.

פון 1936 איז די אַגיטאַציע איבערגעגאַנגען צו גוואַלדטאַטן. דער קלער האָט אָרגאַניזירט די יוגנט צו באַוואַכן, פּיקעטן אין מאַרק־ און יאַריד־טעג, ווען פּויערים קומען אין שטאָט פאַרקויפן און קויפן אין די אידישע קראָמען און נישט דערלאָזן פּוילישע קונדן צו זיי. אין די קלענערע שטעטלעך ווי שניאַדאָווע, זאַמבראָוו, אָסטראָוו, א. אנד. זיינען די אידישע הענדלער באַפאַלן געוואָרן פון די כוליגאַנישע יונגען, וועלכע האָבן צוגערויבט אָדער רואינירט די סחורות און נאָך צע־

קאָמיטעט פון גמילות חסדים קאַסע פאַר קליינהענדלער,
אָרגאַניזירט פון קליינהענדלער־אָנפירער יצחק רובינשטיין.



שלאָגן די אידישע הענדלער, וואָס האָבן פּרובירט זיך קעגנשטעלן. און דאָס אַלץ פאַר די אויגן פון דער פּאָליציי. פאַר פּראָטעסטירן קעגן אַ זעלכע טעראָר־מעשים איז מען געוואָרן באַשולדיקט אין באַליידיקן דעם איידעלן פּוילישן פאָלק אָדער די פּוילישע רעליגיע און מ׳איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין טורמע פאַר לאַנגע מאָנאַטן.

איינמאָל אַ פרייטיק, 6טן אויגוסט, 1937, האָט די פּוילישע יוגנט פון נארא אָרגאַניזאַציע באַלאַגערט די אידישע קראָמען אין לאָמזשע 5 שעה, פון 9 פרי ביז 2 נ. מ. פּוילישע אַרבעטער פון אָרלאָווסקי׳ס פאַבריק האָבן אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט און זיך געלאָזן גיין צום אַלטן מאַרק, כדי אָפּצושטעלן די כוליגאַנעס און געבן זיי אַ ווידערשטאַנד, אָבער די פּאָליציי האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג. דאָס האָט נאָך געהויבן דעם מוט פון די כוליגאַנישע פּאַטריאָטן און זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין די קראָמען און פאַרניכטעט סחורות. די קראָמען האָבן זיך געשלאָסן. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה און אַ שטימונג פון פּאָגראָם. אויף אַ דרינגנדער פאַרזאַמלונג פון סוחרים־פאַראיין האָט פּ. גאָראָדזינסקי מיט התלהבות גערופן צו קעמפן פאַר די רעכט צו עקזיסטירן און לעבן ווי פּוילישע בירגער, וואָס טראָגן דעם יאָך פון דער מדינה מיט צאָלן פּאָדאַטקעס און דערפילן אַנדערע פליכטן ביז פאַרגיסן בלוט פאַר דער גאַנצקייט פון פּוילן.

עס איז אויך גערופן געוואָרן אַ סימפּאַטיע־סטרייק מיט אַנדערע קהילות, וואָס ליידן אויפן זעלבן שטייגער: ס׳זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן אַלע אַרבעטן און אַלע קראָמען זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. די אידישע אינטעליגענציע האָט ביז דאַן זיך נישט באַטייליקט אין קאַמף קעגן דעם עפנטלעכן טעראָר אויף דער אידישער באַפעלקערונג. אַן אויסנאַם איז געווען דר. פעלטין, וועלכער, נישט קוקנדיק אויף זיין קראַנקהייט, האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פאַר מאַטעריעלער און יורידישער הילף צו געליטענע פון גוואַלד־טאַטן. פאַרזיצער איז געווען טאַקע דר. פעלטין; אַדוואָקאַט גראָבאַרט — וויצע פאָרזיצער; פּ. גייסט — סעקרעטאַר; א. בענגעלסדאָרף, קאַסירער. די איבעריקע מיטגלידער: א. דאַמאָוויץ, פּ. קוואשני, מ. קאַלינסקי, נ. ראַפּאָלאָווסקי און ז. רייכמאַן. זיי האָבן אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו דער אידישער באַפעלקערונג למען השם נישט צוריקטרעטן און זיך נישט אונטערגעבן צום טעראָר פון דעם קלער און די נארא־פאַשיסטן. אין פיל פאַלן האָבן זיי פּראָטעזשירט די באַפאַלענע אידן מיט דער הילף פון זייער אינטערווענץ ביי דער מאַכט. אויך האָבן זיי צונויפגעקליבן סומען געלט צו העלפן די געליטענע.

2 מאָנאַטן זיינען אַריבער שטיל, אָבער נאָך דעם האָבן זיך די טעראָר־אַקטן באַנייט. אין אַ פרייטיק, דעם 8טן אָקטאָבער, האָט זיך אַ מאַסע טעראָריסטן געוואָרפן אויף די אידן אין מאַרק און 111 זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. דר. טשאַרניעצקי, אַ פירער פון „אָזאָן", האָט פּרובירט ווירקן אויף די צעיושעטע מאַסן אָפּצושטעלן זייערע כוליגאַנישע שטיק, אָבער ער איז אַליין באַפאַלן געוואָרן מיט געשרייען „פאַראָבעק זשידאָווסקי" און ער האָט זיך אַליין קוים געראַטעוועט באַהאַלטנדיק זיך אין אַן אַפּטייק. דאָס גלחישע בלעטל האָט נאָך געטאַדלט דר. טשאַרניעצקי פאַר זיין נישט קריסטלעכער אינטערווענץ. עס איז דערגאַנגען אַזש צו די קינדער אין די פאָלקס־שולן, וועלכע זיינען באַפאַלן אידישע קינדער מיט מעסערס און האָבן ערנסט פאַרוואונדעט פיל פון זיי. מיט די כוליגאַנישע אָנפאַלן איז פאַרשטאָפּט געוואָרן דער קוואַל פון אידישער פּרנסה — דער האַנדל, און קיינער איז זיי נישט בייגעשטאַנען צו העלפן.



פּוילישע פּיקעטניקעס לאָזן ניט צו קריסטלעכע קונים צו אידישע געשעפטן. פרייטיק, 6טן אויגוסט 1937.

קאַפּיטל 31

## בעלי־מלאכות און אַרבעטער

אַזוי ווי איבעראַל, האָט אויך אין האַנטווערקעריי געערשט צווישן אידן און קריסטן. נאָך אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע האָבן אידישע האַנטווערקער זיך אָרגאַניזירט.

צו דערמאָנען די טיכטיקסטע טוער אויף דעם געביט: ה׳ סאַרקעס, היטלמאַכער און יעלין. חול־המועד פּסח, 1920, איז אין לאָמזשע פאָרגעקומען אַ קרייז־צוזאַמענפאָר פון בעלי־מלאכות און ס׳איז געלייגט געוואָרן אַ גרונט פאַר אַן אַקטיוון פאַראיין פון די מערסטע פאַכן אין אידישע הענט. פון דאַן אָן זיינען זיי געווען אַן אָרגאַניזאַציע אַקטיוו אין דער אידישער געזעלשאַפט און אין מאַגיסטראַט איז אין דער אידישער קאָלאָ געווען זייערער אַ פאָרשטייער. אין 1930 זיינען די חברים פון האַנטווערקער פאַרוואַלטונג געווען: ה״ה ל. יעשינאָווסקי פּ. זייפריינער, ט. שייקאַ, מ. טוכוועבער און ז. קופּיעצקי. ה. צעכאַנאָווסקי דער שניידער איז געווען זייער פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט.

אַלס רעזולטאַט פון אָרגאַניזירטן האַנטווערקערטום איז אויך געקומען מער אָרדנונג אין די רייען פון דעם אידישן אַרבעטער: אין אָננעמען אינגערע צום לערנען אַ פאַך, אין צאָלן זייער לוין, אין אַרבעט־צייט, א. ז. וו. אָבער די מאַכטהאָבער, אונטערן דרוק פון די פּוילישע האַנטווערקער, האָבן כסדר געזוכט אַרויפצולייגן שוועריקייטן אויף די אידישע בעלי־מלאכות, כדי אַרויסצורייסן דעם ביסן ברויט פון זיי. די ערשטע גזירה איז געווען, אַז יעדער האַנטווערקער מוז באַזיצן אַ פּאַטענט — אַ דאָקומענט וואָס זאָל אים דערלויבן צו אַרבעטן אין זיין פאַך. אָן דעם ווערט מען באַשטראָפט און מען פאַרלירט דאָס רעכט צו אַרבעטן. ווער האָט אָבער דאָס רעכט צו באַזיצן אַזאַ פּאַטענט? דאָס דאַרפן באַאַמטע און פּאָליציי באַשטימען.

אַ שפּעטערדיקע פאַראָרדנונג האָט באַשטימט, אַז נאָר די וואָס האָבן געהאַט אַ וואַרשטאַט אין לאָמזשע ביזן 15טן דעצ. 1927 מעגן קריגן פּאַטענטן פאַר זייער פאַך. אַנדערע קענען זיין נאָר לערן־יונגען אָדער אַרבעטער. די גזירה האָט געטראָפן צענדליקער אידישע בעל־מלאכות, וואָס האָבן געמוזט שליסן זייערע וואַרשטאַטן און זוכן אַרבעט ביי אַנדערע אָדער עמיגרירן. דעם 15טן מאַי 1930 איז געקומען אַ נייע גזירה. אַז אַ פּאַטענט איז נישט גענוג; מען דאַרף באַזיצן אַ דיפּלאָם כדי צו מעגן באַשעפטיקן אַרבעטער. די מערסטע בעל־מלאכות האָבן דאַן געמוזט אָוועקשיקן זייערע אַרבעטער.

נאָך פיל שתדלנות האָט מען די גזירה אָפּגעשריען ביז ענדע 1930. לויט דער אָפּשאַצונג פון קאַטוילישן בלעטל „ספּראַוואַ קאַטאָליצקאַ״, זיינען דאַן געווען אין לאָמזשע 250 אידישע וואַרשטאַטן און נאָר 101 קריסטלעכע.

ווער האָט געקענט אַרויסגעבן אַזוינע דיפּלאָמען? דער אָנערקענטער פּוילישער צעך לויט אַלטע אָנגענומענע כללים און עקזאַמענס אין באַטרעפנדער אַרבעט. קיין איד איז נישט אָנגענומען געוואָרן אין דעם צעך. דער אידישער צעך איז נישט אָנערקענט געוואָרן צו באַזיצן די אויטאָריטעט צו דיפּלאָמירן פאַך־לייט. ממילא איז פאַר אַ אידישן פאַכמאַן געווען אוממעגלעך צו קריגן אַ דיפּלאָם. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אינטער־פּאַרטייאישער שוץ־קאָמיטעט, אָבער זיי האָבן געהאַט ווייניק דערפאָלג.

דיפּלאָמאַס — דער רעזולטאַט פון דער נייסטער גזירה איז געווען, אַז פאַכמענער, עקספּערטן אויף אַלע געביטן פון האַנטווערקעריי און אַרבעט בכלל, נישט קוקנדיק וואָס פיל יאָרן האָבן זיי מיט צופרידנקייט פון די אָפּנעמער צוגעשטעלט זייער אַרבעט צו מלוכה מענער אָדער אפילו צו העכערע אָפיצירן פון דער אַרמיי — האָבן יעצט געמוזט פאַרמאַכן זייערע ווערקשטאַטן און גיין זיך פאַרשרייבן אַלס לערן־יונגען ביי די עטלעכע דיפּלאָם־באַזיצער. עס איז געווען זייער שווער פאַר אַ פערזאָן אפילו אין די מיטעלע יאָרן צו באַקומען אַ דיפּלאָם פאַר אַרבעט. די אינגערע אַרבעטער האָבן געמוזט גיין דערלערנען זייערע פאַכן אין די שטאָטישע פאַך־שולן, וואו עס איז נישט געווען אָפיציעל קיין באַגרע־ניצונג פאַר אידן. אָבער זיי האָבן דאָרט געטראָפן אַ פּוילישע סטודענטנשאַפט אָרגאַניזירט צו פאַרטרייבן די אידישע שילער מיט געשלעגן, אין דער אָנוועזנהייט פון די אינסטרוקטאָרן און דער פאַרוואַלטונג. „עס איז נישט געווען קיין קלעגער און קיין ריכטער״. אויף זייער ווענדונג קיין ביאַליסטאָק מיט אָנקלאַגעס צו דעם הויפּט אינספּעקטאָר וועגן בעלי־מלאכות, איז געקומען אַן ענטפער, אַז דאָס געזעץ באַגרעניצט נישט קיין אידן פון לערנען אין די פאַכשולן.

נאָך אומזיסטע אונטערהאַנדלונגען האָבן געזעלשאַפט־לעכע טוערס, נעמענדיק אין באַטראַכט די לאַגע פון יתומים, באַשלאָסן צו גרינדן קורסן פאַר דערלערנען פאַכן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קוראַטאָריום פון די ה״ה: מאַרק, בליאַש־קא, גאַרבאַרסקי, סטריקאָווסקי, לוריע, טאָביאַש. אויך פאַר־שטייער פון השגחת יתומים און שאשע יעלין פון קינדער־היים. נאָך פיל שתדלנות איז זיי געלונגען צו קריגן דאָס רעכט פאַר די קורסן־גראַדואירטע צו שטעלן זיך פאַר אַן עק־זאַמענירענדן קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון 2 קריסטן און 1 איד...

אויפזעער קאָמיטעט פון אידישע צעכן.
דער דריטער פון רעכטס איז משה ברוכאַנסקי, פאָרזיצער פון קאַמאַשן־מאַכער־צעך.



די געזעלשאַפט אָרט. אין 1938 איז געעפנט געוואָרן, מיט דער איניציאַטיווע פון ה. ש. סאַפּירשטיין, אַן אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט „אָרט״, וועמעס פּראָגראַם איז צו פאַרשפּרייטן מלאכה ביי אידן. די ערשטע פאַרוואַלטונג איז



שמחה סאַפּירשטיין

באַשטאַנען פון ה״ה: דר. פּיאָנטניצקי — פאָרזיצער; אינזשי־נירן אָרלאָווסקי און ראָזענטאַל — וויצע־פּרעזידענטן; אַד־וואָקאַט גראַובאַרד — קאַסירער.

די איבעריקע זיינען געווען: פּראָפ. אהרן, ביאַלי, פּרוי גייסט, סטאָלאַרציק און ליובין. די פאַרוואַלטונג האָט צו־געצויגן נאָך אַקטיווע סימפּאַטיקער, ווי: נאָמבערג, חנה מאַר־קעוויץ, א. נאווינסקי, י. ריבאַק. צום יאָר איז געעפנט געוואָרן אַ שולע פאַר טריקאָטאַזש. נאָך פּלענער זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן. ס׳איז שוין אָבער געווען שפּעט — דער חורבן איז שוין געווען נאָענט...

בעקערייען. אין 1936 האָט מען זיך גענומען צו די אידישע בעקערייען באַשולדיקנדיק, אַז אַלע 17 אידישע בעקערייען קומען נישט נאָך די סאַניטאַרישע פאָדערונגען און זיי טאָרן נישט באַקן. קיין שתדלנות האָט נישט גע־האָלפן. 10 פון זיי האָבן זיך פאַראייניקט און געבויט אַ קאָפּעראַטיווע מאָדערנע בעקעריי אויף ריבאַקעס. די אי־בעריקע 7 זיינען געבליבן אָן ברויט. אָבער אויך דער קאָאָ־פּעראַטיוו פון די 10 האָט נישט געקענט נאָכקומען די שטיי־גנדע פאָדערונגען פון דער מאַכט און געמוזט אָפּשטעלן דאָס בויען אויס מאַנגל אין געלט. מיט פיל מי האָבן זיי געקראָגן אַ הלוואה פון אַן אַגראַר־באַנק פאַר הויכע פּראָצענט אונטער פערזענלעכע און אַלגעמיינע ערבות. דאַן האָבן זיי פאַרענדיקט די אונטערנעמונג.

קצבים. דער פאַרבאָט אויף שחיטה האָט צוגערויבט דאָס ביסן ברויט פון 17 קצבים, בראש פון וועלכע זיינען געווען ה״ה: זאַלאָנדזש, מ. כהן, מ. סאפּקעוויץ, זאַלדשטיין, א. א.

שניידער. די פירער פון אידישן שניידער־צעך זיינען געווען ה״ה: פּ. מיכעלסאָן (סטאַרשי), ה. ליפּשיץ (געהילף), ח. פּעטליוק, י. לובין, מ. וואַרשאַווטשיק, מ. ווילי אַמאָווסקי, מ. ריבאַק. די שניידער האָבן פיל געליטן פון פּוילישער קאָנ־קורענץ און פון באַגרעניצונגען פון זייערע רעכט. נאָכן סטרייק אין 1936 האָבן די אידישע לערן־אינגלעך געאַרבעט 8 שעה אַ טאָג, אין קעגנזאַץ צו די קריסטלעכע, וועמענס אַרבעטס טאָג איז געווען 14 שעה און האָבן, פאַרשטייט זיך, כאַרדינט מער פון די אידישע.

דער אידישער צעך פון קאַמאַשן־שטעפּער און גאַר־בערס האָט געהאַט ווייניקער קאָנקורענץ. דאָ איז ה׳ משה ברוכאַנסקי געווען סטאַרשי און ה׳ ליפּשיץ — געהילף. די

איבעריקע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען י. גאָלדשטיין, י. רייציק און ל. כמעל.

דער צעך פון פוטער־מאַכער, קירזשנער און מאָדיסטקעס האָבן כמעט נישט געהאַט קיין קאָנקורענטן מצד די קריסטן. דאָרטן זיינען געווען די פירער: ט. שייקא (סטאַרשי), וו. דענמאַרק (געהילף), ל. מארציק, ש. אודאנער און פ. פענזוך.

די בעדנאַרעס און סטאָלאַרעס האָבן געהאַט אין זייער צעך אַלס סטאַרשי ח. פישנער.

דורך דער איניציאַטיווע פון דעם שניידער צעך האָבן די אידישע צעכן אינאיינעם באַנייט זייער קוואַרטיר מיט גרויס פּאַראַד. צו דער זעלבער צייט האָבן די שניידער באַנייט זייער פאָן. דאָס איז געווען אין אַפּריל 1937. פיל בעלי־מלאכות און עסקנים, אויך קריסטלעכע געסט, האָבן זיך באַטייליקט אין דער שמחה.

אויפן שוועל פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך דעם ווי לאָמזשער קרייז איז פאַראייניקט געוואָרן מיט וואַרשע, איז געווען אַ האָפענונג אויף אַן ענדערונג צום בעסערן אין מצב פון אידישן בעל מלאכה, ווייל די צענטראַלע פאַרוואַלטונג האָט געהאַט צוגעזאָגט צו אַ לאָמזשער צעכן־דעלעגאַציע נישט צו מאכן מער קיין דיסקרימינאַציעס צווישן אידן און קריסטן.

אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז דער מצב פון אידישן בעל־מלאכה דאַן געווען זייער טרויעריק. אַ קריסט האָט נישט איבערגעטראָטן דעם שוועל פון אַ אידישן האַנטווערקער. אויף די יאַרידן פלעגן פוילישע טעראָריסטן באַפאַלן די אידישע בעלי־מלאכות, צעשלאָגן זיי, צערויבן אָדער פאַרניכטן זייערע סחורות און פיל פון זיי, געטראָפענע פון דער דיפלאָמען־גזירה, זיינען געוואָרן פשוטע בעטלער. דאָס פאָלקס־ווערטל: „מלאכה — מלוכה“ איז געווען אמת פאַר די פאָליאַקן מיט זייער מלוכה...

## פאַראיין פון אידישע באַאַמטע

איינִיקע באַאַמטע, שרייבער, בוכהאַלטער האָבן זיך פאַראייניקט אין 1930. פון מלוכה׳שע אָדער שטאָטישע אַנשטאַלטן זיינען געווען גאָר ווינציק, ווייל קיין אידן האָבן, מיט זעלטענע אויסנאַמען, ניט געקענט אָנקומען דאָרטן אַלס באַאַמטע. די אידישע באַאַמטע האָבן זיך אָרגאַניזירט, אָן פאַרטייאישע אָדער סאָציאַליסטישע לאָזונגען, נאָר מיטן איינציקן ציל צו פאַרטיידיקן זייערע אייגענע רעכט. זיי האָבן אין זייער אָרגאַניזאַציע אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג פון: פּרוי צימערמאַן, גייסט, אייזנפעלד, אלטארזש און נאָמבערג. בוימקאלער, גוזאָווסקי און באגאן זיינען געווען דער רעוויזיע־קאָמיטעט. נישט האָבנדיק קיין גרויסן פעלד פון טעטיקייטן האָבן די מאַכט־האָבער ווינציק זיך גערעכנט מיט זיי, און אין 1938־39 איז דער פאַראיין אונטערגעגאַנגען.

### קאַפּיטל 32

# הילפס־קאָמיטעט

ווען דער דלות האָט שוין געפייפט אין אַלע ווינקעלעך פון לאָמזשער אידנטום, איז געגרינדעט געוואָרן, אין יאָר 1937, אַן אינטער־פּאַרטייאישער קאָמיטעט דורך דער איניציאַטיוו פון אַן אַמעריקאַניזירטן לאָמזשער־געבוירענער מר. סמיט, צו קריגן און פאַרטיילן הילף פון אַמעריקאַנער רעליף. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון מ. ביאַלי, פּ. גייסט, מ. פּאָסעסאָרסקי (בונד), א. דאַמאָוויץ (ציוניסט), וו. טאַבאָליצקי



הילפס־קאָמיטעט פאַר די אידן אין לאָמזע אין 1937 צו פאַרטיידיקן זייער סאָציאַלע און בירגערלעכע רעכט. אין אים זיינען פאַרטראָטן אַלע פאַרטייען און ריכטונגען. פאָרזיצער איז געווען אַדוואָקאַט בנימין גרובאַרד.

דריטער פון רעכטס (שטייענדיק): קוואַשני; זעקסטער פון רעכטס: משה ברוכאַנסקי; זיצנדיק, צווייטער פון רעכטס: י. געלצינסקי; פערטער פון רעכטס: ב. גרובאַרד, דאַמאָוויץ, טאַבאָליצקי און צעכאַנאָוויץ.

(מזרחי), מ. קאַלינסקי (אגודה), ל. פרוינד (פועלי־ציון), ראַפּאַלאָווסקי (סוחרים־פאַראיין).

565 משפחות האָבן גענאָסן פון דעם ערשטן סכום פון 325 דאָלאַר פון אַמעריקאַנער רעליף, צו וועלכן די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט צוגעלייגט 218 זל. דער 2טער סכום פון 1000 דאָלאַר איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן צו נצרכים. אין גיכן האָט אויפגעהערט צו קומען די אַמעריקאַנער הילף. דאָס געלט פלעגט קומען אויפן אַדרעס פון „בונד“. צוליב מחלוקת איז דער „בונד“ אַרויסגעטראָטן פון קאָמיטעט. הרב שאַצקעס, דער ערן־פאָרזיצער פון הילפס־קאָמיטעט, האָט צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און אויפגעוויזן, אַז אין אַזאַ עת צרה, ווי ביי די אידן אין פּוילן, דאַרף הערשן שלום צווישן אַלע קלאַסן, פּונקט אַזוי ווי אין דער צייט פון מבול האָבן מיט נח׳ן אין דער תיבה געלעבט בשלום אַלע אַנטקעגנגעזעצטע עלעמענטן־באַשעפענישן. זיינע רייד האָבן אויפן „בונד“ נישט געווירקט און די רעליף געלט האָט אויפגעהערט צו קומען. דער פאָרזיצער אַדוואָקאַט גראובאַרד איז דאַן געשיקט געוואָרן קיין אַמעריקע אויפצוקלערן דעם מצב. זיין מיסיע האָט ער דערפילט דערפאָלגרייך און דער קאָמיטעט האָט זיך אָרגאַניזירט פון דאָסניי: אַד. גראובארד — פאָרזיצער, פּ. גייסט — סעקרעטאַר, מ. ביאַלי — קאַסירער. צום קאָמיטעט זיינען קאָאָפּטירט געוואָרן ה״ה ש. אָרלאָווסקי, מ. קאַלינסקי, י. געלצינסקי און ד. הארמאַן (האַנטווערקער). דער צוזאמענבונד מיט אַמעריקאַנער רעליף איז געשטאַרקט געוואָרן. אין ווינטער פון 1938־1939 זיינען 497 משפחות געשטיצט געוואָרן פון דער סומע 6820 דאָלאַר פון אַמעריקאַנער און שטאָטישע הילף. אויך די אַנשטאַלטן השגחת־יתומים און תלמוד־תורה האָבן גענאָסן פון דער שטיצע, וואָס איז באַשטאַנען מייסטנס פון קוילן און מעדיצינישע באַהאַנדלונג. די אַממייסטן טעטיקע אין אַמעריקאַנער רעליף



פאַראייניקטער קאָמיטעט אין לאָמזשע, וואָס האָט פאַרטיילט אַמעריקאַנער הילף.
פון רעכטס צו לינקס: ראַיגאַ, טירנער, לובין, האַמערמאַן, קאַץ טשעכאַנאָוויץ, קאַלינסקי;
צענטער: גרובאַרד, הרב שאַצקעס, ראַפּאַלאָווסקי, דאַמאָוויץ, טאַבאָליצקי, קוואַשני,
פּרוינד און צוקערשטיין.

דאָ אין אַמעריקע זיינען געווען לאָמזשער אָפּשטאַמיקע: דר. א. גראָסמאַן, יעקב ראַס, פּרוי מ. הורוויץ, מ. גאָלדמאַן, מ. גאָל־דין, ה. גראָסמאַן, סאָבאָטקא, ווֹם. סיימאַן, ה׳ סמיט, ס. שניי־דער, רעוו. ראָזענבערג, וו. קירשענבוים און נאָך פיל אַנדערע. אויך מחוץ פון רעליף פאַראיין האָבן דאָ געהאָלפן ז. אַלט־שולד, פּרוי פּערל הורוויץ (עליה־השלום), א. א. מיט אַלגע־מיינער צושטימונג איז געגרינדעט געוואָרן אַ היים פאַר אָרעמע קינדער, וועמעס עלטערן גייען אַרבעטן און נאָך מער — גייען־אום גאַנצע טעג צו זוכן אַרבעט און ברויט.

פּסח פון 1939 איז געווען אַ שווערער נסיון פאַר דער לאָמזשער אידישער באַפעלקערונג. די 700 זל. פון אַמעריקאַנער דזשאָינט און 600 זלאָטעס שטיצע פון די לאָמזשער אין אַמעריקע און ארץ ישראל איז געווען ווי אַ טראָפּן אין ים. עס האָט געהערשט אַ״נפאַך הונגער צווישן די מאַסן. מוטערס האָבן מקנא געווען די יתומים־קינדער, וואָס האָבן ווער זאָל פאַר זיי זאָרגן. אַנדערע האָבן געוואָלט זיך נעמען דאָס לעבן כדי צו ברענגען זייערע קינדער צום גוטן מצב פון יתומים...

## קאַפּיטל 33

# „אַ בוקעט בלומען"

טאָמער איז געווען קנאַפּ די מלוכה־גזירות, דער גע־זעלשאַפטלעכער באָיקאָט פון די פּאָליאַקן און אין אַלגעמיין דאָס געיעג פון די מאַכט־האָבער אַרויסצורייסן דעם ביסן ברויט פון אידישן סוחר און בעל מלאכה, איז נאָך צוגעקומען טעראָר און כוליגאַניזם; אַ איד האָט נישט געקענט אַרויסגיין אין אָוונט פון זיין שטוב. פּוילישע שילער האָבן באַקומען אָנווייזונגען: „שלאָגט אידן, האָט נישט קיין רחמנות". אַ מעשה מיט אַ פּוילישן שילער פון פאָלקס־שול וואָס האָט דערשטאָכן מיט אַ מעסער אַ אידישן שילער, און די לערער האָבן אים פאַרטיידיקט און ער איז נישט באַשטראָפט געוואָרן. אויך דער גלח, דער רעליגיע־לערער, האָט אים פאַרגעבן זיין זינד, ווייל זיין כוונה איז געווען לשם־שמים...

### די פאַרשוועכונג פון בית־עולם

דער דעת הקהל איז געווען צוגעוואוינט צו צעשטערונג פון קברים אויפן אַלטן בית־עולם: זייענדיק פאַרלאָזן האָט עס נישט אויפגעריסן די אויגן. אָבער אַ חלול בית־קברות אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן אויף דעם נייעם בית עולם, וועלכער איז געווען באַנוצט פון דער לאָמזשער קהילה, האָט דערשיטערט די אידישע באַפעלקערונג. אין דער נאַכט פון 23טן מערץ 1938 (?) זיינען צעבראָכן געוואָרן מצבות פון 14 נפטרים, און 21 מצבות זיינען איבערגעקערט אָדער פאַרשמוציקט געוואָרן. די פּאָליציי־מאַכט האָט אָנגעפאַנגען אַן אויספאָרשונג וועגן דעם אָבער ס׳האָט נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן.



פאַרשוועכונג פון נייעם בית־עולם — קברים געשענדעט און מצבות צעבראָכן

## גירוש פון לאָמזשער פון דייטשלאַנד

ווען די נאַציס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוטרייבן די אין פּוילן־געבאָרענע אידן פון דייטשלאַנד, האָבן די אידן אין פּוילן רעאַגירט אויף דעם לויט דעם טראַדיציאָנעלן טרויער־ריקן שטייגער — תענית! אויך אין לאָמזשע איז דאָנערשטיק, ראש חודש ניסן, תרצ"ז (1937), אויסגערופן געוואָרן אַ תענית ציבור ווי אין גאַנץ פּוילן. די גרויסע שול איז געווען געפּאַקט מיט אידן. נאָכן לייענען „ויחל" ווי אין „אַ געבאָטענעם תענית" און יום־כפור־קטן־תפלות, האָט דער רב שאַצקעס גערופן די אידן צו תשובה און דער עיקר צו אחדות קעגן אונזערע שונאים אין אונזערע אייגענע רייען, ווייל דער שונא פאַרפאָלגט און ברענגט אום אַלע גלייך, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער איבערצייגונג אָדער סאָציאַלן שטאַנד. דאָס בלאָזן שופר ראש חודש ניסן האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע. צום באַדויערן אָבער איז פון דעם קיין אחדות אין די אידישע רייען נישט צושטאַנד געקומען.

## די ערשטע פּליטים

אין גיכן זיינען געבראַכט געוואָרן אין דעם געגנט אַרום דער גרענעץ־שטאָט ווינצענטי, נעבן קאַלנאַ, 8 משפחות פון לאָמזשע, וועלכע האָבן געוואוינט פילע יאָרן אין פּריסן. צווישן זיי זיינען געווען: מ. מושינסקי, פּאָדביעלסקי, פּאָסמאַניק, א. אַנד. זייער גאַנצער פאַרמעגן איז קאָנפיסקירט געוואָרן. נאָר 10 מאַרק איז דערלויבט געווען מיטצונעמען פאַר קליינע הוצאות. דער לאָמזשער מאַגיסטראַט האָט אפילו נישט געפונען פאַר נויטיק צו רעאַגירן אויף אַ גירוש פון אירע אידישע בירגער און אַ פּשיטא שוין, אַז ער האָט גאָרנישט געטאָן זיי צו העלפן.

אויף דער איניציאַטיוו פון דער פּרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצא" און אידישן געזעלשאַפטלעכן קלוב האָט זיך געגרינדעט אַ אידישער קאָמיטעט זיי צו העלפן. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון: מ. ביאַלי, אַדוואָקאַט מ. גאָלדבערג, מ. אָרלאָווסקי, מ. צעכאַנאָוויץ, ה. י. בערענהאָלץ, פּ. גייסט, דענטיסטין העלענאַ פּרישמאַן, מ. קאַלינסקי, י. כץ, פּאָסעסאָרסקי, א. אַנד. הרב שאַצקעס איז געווען ערן־פּאַרזיצער. אַזוי ווי די קאַטאַסטראָפע איז געווען אַן אַלגעמיין אידישע, אַזוי אויך איז די הילף געווען באַשטימט נישט נאָר פאַר לאָמזשער פּליטים, נאָר געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע צום צענטראַל קאָמיטעט. אין אַ קורצער צייט איז געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע 2000 זל. באַלד — נאָך אַמאָל די סומע און אייניקע קאַסטנס מיט קליידער. די תלמידים פון דער העברעאישער שולע „תורה ודעת" האָבן אָוועקגעשאָנקען זייער חנוכה־געלט די סומע פון 26.20 זל. צו די קינדער פון די פּליטים וואָס האָבן זיך אַרומגעוואָלגערט אין זבאָנשין. 13 פון זיי האָט מען אַריינגענומען אין „השגחת־יתומים".

אָבער נייע צרות האָבן אָוועקגערוקט די אַלטע און די וויכטיקע אַרבעט האָט אויפגעהערט. די באָיקאָט־באַוועגונג האָט קיין זאַך נישט אויסגעלאָזן. דער סינעמאַ־טעאַטער „מיראַזש" איז אַרויסגענומען געוואָרן פון די אַרענדאַרן בודניק און קאַכאַנאָוויץ. דאָס זעלבע — דער אויפקויף פון די פּעל אין שלאַכט־הויז איז צוגענומען געוואָרן פון ה. כץ און ליכטענשטיין און קריסטן האָבן פאַרנומען זייער אָרט.

עס איז דערגאַנגען צו אַזוינע אבסורדן אַז די פּאָליאַקן פון און אַרום פּיאַנטניצע האָבן נישט געוואָלט זיך קורירן ביי אַ אידישן דאָקטאָר פון זייער קרייז אַ באַשטימטער דאָרט פון דער מאַכט. ער איז געוואָרן אָפּגעזאָגט אַן קאָמפּענסאַציע און עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, ביז אַן אַנדער דאָקטאָר, אַ קריסט, האָט פאַרנומען זיין אָרט.

דער מאַגיסטראַט האָט געגעבן דערלויבעניש צו האַלטן פלאַקאַטן אויף די סלופּעס פון טעלעגראַף 3 חדשים. דאָרט איז געווען אַן אויפרוף צו פּאָליאַקן צו קויפן נאָר ביי קריסטן. אָפּענער טעראָר, אפילו נישט אַלס באַגלייטער פון באָיקאָט, איז געקומען פון צייט צו צייט. אין דער נאַכט פון 25טן אָקטאָבער 1938 איז מען באַפאַלן דעם בית־מדרש „חברה ש"ס" און אויסגעבראָכן מער פון 100 שויבן. קומענדיק נאָך אַלעמען, נישט טרעפנדיק שוין קיינעם, האָט די פּאָליציי אפילו נישט פּרובירט אויסצוגעפינען ווער די וואַנדאַלן זיינען געווען.

צום נייעם סיים האָבן די אידן אויסגעקליבן אַן אייגענעם וואַל־קאָמיטעט, ווייל די רעגירונג האָט נישט געפונען פאַר נויטיק צו באַשטימען אפילו איין איד אין אַלגעמיינעם וואַל־קאָמיטעט, נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם פאַקט, וואָס די אידן האָבן אויסגעמאַכט 35% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

## „מה יפית"

נישט קוקנדיק אויף די אַלע דיסקרימינאַציעס, באָיקאָט־אַקציעס און אַנדערע נגישות מצד דער פּוילישער מאַכט און באַפעלקערונג, האָבן די אידן דאָך דערפילט זייערע בירגער־פליכטן און נאָך אפילו מאַניפעסטירט זייער פּאַטריאָטיזם מער ווי געבוירענע קריסטן־פּאָליאַקן, איינגעשלאָסן די מיטגלידער פון „נאַרא". אין געלט־זאַמלונגען, אפילו פאַר ריין קריסטלעכע אינסטיטוציעס, האָבן די אידן בייגעטראָגן מערער ווי זייערע כחות. באַזונדערס האָבן זיי דאָס געצייגט אין די פייערונגען און זאַמלונגען צום זכרון־טאָג פון מאַרשאַל י. פּילסודסקי, ווען אידן האָבן אפילו זיך אָנגעשטרענגט און אַרויסגעוויזן סופּער־פּאַטריאָטיזם מיט רעדעס, זינגען פּוילישע פּאַטריאָטישע הימנעס און דאָס ליד „די בריגאַדע". אויך האָבן זיי געשענקט צוויי שווערע מאַשין־ביקסן צום 33טן פּאָלק קומענדיק פון לאַגער. אָבער דאָס אַלץ האָט נישט אָפּגעשוואַכט דעם אַנטיסעמיטישן גיפט פון די „נאַרא" חברה, וועלכע האָבן אויף דעם רעאַגירט אויף זייער אופן: די אידן האָבן געזויגן אונזער בלוט פאַר דורות און איצט ווילן זיי זיך אויסקויפן זייערע זינד מיט אַ טאָפּ לינדזן.

קאַפּיטל 34

# ווען דער הימל האָט זיך פאַרוואָלקנט

אויף נאָך אַ גרעסערן מאַסשטאַב האָבן די אידן מאַניפעסטירט זייער פּאַטריאָטיזם, עפּענענדיק זייערע הערצער און זייערע געלט־בייטלען און שענקענדיק גרויסע סומעס געלט פאַר באַשיצונגס־פלעצער פאַר דער באַפעלקערונג קעגן עראָפּלאַנען. אין דער צייט וואָס פאַר אונזערע יתומים־הייזער איז געווען גענוג צו שענקען אייניקע זלאָטעס פאַר ארץ־ישראל — גראָשנס זייער אומגערן — האָבן זיי פאַר דער באַשיצונג פון פּוילן געגעבן הונדערטער טויזנטער זלאָטעס, און דאָס אפילו נישט פאַרמעגלעכע. אין דער ערשטער וואָך פון דער רעגירונגס ווענדונג נאָך ביישטייערונגען איז געזאַמלט געוואָרן 120 טויזנט זלאָטעס. די אָרעמע תלמוד־תורה־קינדער, וועמען ס'איז געווען פאַרבאָטן צו קלייבן צווישן זיך גראָשנס פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד איינמאָל אַ חודש צוליב זייער אָרעמקייט — האָבן געמאַכט אַ קאַמפּיין און האָבן געשאַפן 2 רעגירונגס־באַנדס; קינדער פון דער אידישער

פאָלקס־שול נומער 7 האָבן געשאָנקען 380 זלאָטעס אין צוגאָב צו דעם גאַנצן קאַפּיטאַל, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין זייער שפּאָר־קאַסע 47.40 זלאָטעס — אַן אויסגוס פון פּאַטריאָטיזם! 65% פון דער קריסטלעכער פוילן האָט נאָך 2 וואָכן נישט געגעבן אַזוי פיל וויפיל די 35%, דער אידישער טייל פון פוילנס באַפעלקערונג האָבן געשאָנקען אין איין וואָך!

די אידן, די באָיקאָטירטע, באַרויבטע פון רעכט צו אַרבעטן פאַרן ביסן ברויט, טעראָריזירטע און פּאָגראָמירטע, האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע מאָס פאַרשטענדעניש, אָבער נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם אַלעם, איז דער בעסטיאַלישער האַס צו אידן נישט קלענער געוואָרן, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיינען די אידן אויסגעראָטן געוואָרן, פריער דורך דעם 33טן פּאָלק און דערנאָך דורך די נאַצים. אַזוי איז דאָס אויך געווען אין גאַנץ פוילן: די פּאָליאַקן, אַלע קלאַסן אָן אויסנאַם, און די נאַצים — ביידע האָבן געהאָלפן איינע די אַנדערע אין דער אויסראָטונג פון מזרח איראָפּעאישן אידנטום.



יום-טוב לעווינסקי

# יעדער דור מיט זיינע רבנים

## ר׳ שלמה זלמן ב״ר אהרן (ר׳ זלמלה חסיד)
### דער ערשטער רב פון לאָמזשע




ס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך פיל היסטאָריקער, אַז די לאָמזשער קהילה איז אַנטשטאַנען אומגעפער אין יאָר תקע״ב (1812), אין אַ צייט פון אומאָרדענונג, ווען די נאַפּאָ־לעאָנישע מחנות האָבן אַריינגע־דרונגען אין פוילן און רוסלאַנד. פון אָנפאַנג אַ קליינע קהילה, איז געווען גענוג אַ מורה־הוראה זאָל פּסק׳נען קלענערע שאלות. שווערע־רע שאלות פלעגט מען ברענגען קיין שניאַדאָווא פאַרן רב רבי זאב־וואָלף, אָסטראָווצער רב׳ס זון. אַזש אין 1817 (תקע״ז) האָט לאָמזשע נאָך נישט געהאַט קיין ראש־אב־בית־דין. אַ באַווייז דערצו: אַ לאָמזשער מאַן איז געשטאָרבן פאַרנדיק מיט אַ שיף אויפן באַלטישן ים. אַן עדות, וואָס האָט דעם מת אַריינגע־וואָרפן אין ים, האָט דעם פאַקט פעסטגעשטעלט פאַר אַ רב אין פראַנקפורט, דייטשלאַנד. איז כדי מתיר צו זיין די אלמנה חתונה־צו־האָבן, האָט דער שניאַדאָווער רב געמוזט זיך עוסק זיין מיט דעם „תקנת עגונות״ (פון אַ שאלה־תשובה אין ספר אגודת אזוב, חלק אבן העזר, פון ראב״ד דטיקטין און ביאַליסטאָק).

אין 1819 בערך, איז דער פּאָזנער רב, ר׳ עקיבא אייגער, געווען אין לאָמזשע אַ קורצע ווײַלע אויף זיין וועג צו דער חתונה פון זיין זון אין וואַרשע. לאָמזשער נכבדים האָבן ביי אים געבעטן בעת דער אויפנאַמע פאַר אים, ער זאָל ממליץ זיין עפּעס אַ רב, וואָס זאָל זיך פּאַסן פאַר לאָמזשע. ר׳ עקיבא אייגער האָט רעקאָמענדירט דאָן זיין תלמיד ר׳ זלמלה פרומאַק, חסיד. ווען ער האָט פאַרנומען דעם כסא רבנות פון לאָמזשע פלעגט ער זיצן על התורה ועל עבודה און זיך געמיט, אַז די לאָמזשער בעלי־בתים זאָלן אויך טאָן ווי ער.

וועגן זיין חסידות און פרישות זיינען אומגעגאַנגען פילע אגדות. מער פרטים וועגן ר׳ זלמלה׳ס רבנות זיינען נישט פאַראַן. אין זיין צייט איז די אידישע לאָמזשע געוואָרן גרעסער, אַריבער די שכונה פון ריבאַקי ביים נאַרעוו ; מער בתי־מדר־שים, אינסטיטוציעס פון חסד און צדקה, אַזוי אַז די צאָל אידן איז געוואָקסן. ר׳ זלמלה חסיד איז נפטר געוואָרן מפורסם ווי אַ גרויסער צדיק, ט״ו מרחשון ת״ר (1840). אויף זיי״ן קבר האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ שטיבל (אהל), דער ערשטער פון דעם מין אויפן אַלטן בית־עולם. פילע יאָרן נאָך זיין פּטירה פלעגן אידן קומען צו זיין אהל תפילה־טאָן און לייגן דאָרטן קוויטלעך, קורצע בקשות געשריבן אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר. אין דער חורבן־צייט פון לאָמזשע דורך די דייטשן, פלעגן פילע גע׳רודפ׳טע אידן זיך אויס־באַהאַלטן אין די אהלים אויפן בית עולם ביז זיי זיינען צעשטערט געוואָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטאָט. זיין מצבה איז נאָך געשטאַנען אַ לענגערע צייט נאָך דער צעשטע־רונג פון זיין אהל.

## הרב בנימין דיסקין

ר׳ בנימין דיסקין איז געווען לאָמזשער רב נאָך ר׳ זלמלה חסיד. ר׳ בנימין, געבוירן אין יאָר תקכ״ח (1769), איז געווען דער איינציקער זון ביי זיין פאָטער ר׳ לייב חסיד אין סלאָנים. זיין גאַנצע צייט האָט ער אָפּגעגעבן צו לערנען מיט זיין איינציקן זון בנימין. 13 יאָר איז ער אַלט געווען, ווען זיין פאָטער איז אויפגעגאַנגען קיין ארץ ישראל צו לערנען און פאַרטיפן זיך אין קבלה. פאַרן פאָרן האָט ער בנימינ׳ען חתונה־געמאַכט, צו זיין בר־מצוה.

מען דערציי״לט, אַז אויפן זעגל־שיף קיין ארץ ישראל האָט ער און אַן אַנדער צדיק זיין־גלייכן, ר׳ דוד־שלמה, מחבר פון „לבושי שרד״, זיך געטיילט מיט דער איינציקער גמרא, וואָס איז דאָרטן געווען : יעדער האָט גענומען אַ



מצבה פון ר׳ זעלמעלע חסיד, ערשטער רב אין לאָמזשע, געבליבן גאַנץ אויפן חרובן אַלטן בית עולם. לעבן דער מצבה זיצט יעקב טאָביאַש, ווען ער האָט באַזוכט לאָמזע נאָכן חורבן.

האלבע גמרא און געלערנט. דערנאך האבן זיי זיך געביטן. קומענדיק קיין ארץ ישראל האט ער זיך מתחבר געווען מיט די מקובלים אין צפת. דארטן איז ער געשטארבן יונג, אלט זייענדיק 36 יאר אין 1813, תקע״ג (מילואים לתולדות חכמי ירושלים, כרך ג׳, 77).

אין גראדנע איז ר׳ בנימין שנעל געווארן מפורסם אלס עילוי און גרויסער בעל־מדות און נאך גאר יונג איז ער אויפגענומען געווארן אלס רב אין דער שכונה פון דער אנדערער זייט פון טייך. דארטן איז ער געווארן א פאטער צו זיין זון ר׳ יהושע־לייב (1818). פון גראדנע איז ער אוועק קיין וואלקאוויסק אלס רב. דערנאך צוריק קיין גראדנע אלס ראב״ד. שפעטער איז ער אנגעקומען אין לאמזשע אלס ראב״ד. דארטן איז ער פארבליבן ביז זיין פטירה.

פאר זיין פארלאזן גראדנע האבן די בעלי־בתים, די לומדים, מיט וועמען ער פלעגט פארברענגען אין לערנען, זיך געזארגט וואס ער גייט זיי פארלאזן. זיי האבן פרובירט אים אפריידן פון גיין אין א קהילה נישט באוואוסט אין תורה. אבער אן דערפאלג. עס האט אויך נישט געהאלפן זייער אנווייזן אויף דער נישט־געלערנטקייט פון לאמזשער נכבדים, וואס האבן געשריבן גרייזיק די דאטע פון כתב רבנות: „י״א מנחם־א״, ווייל נאך תשעה באב שרייבט מען נאר — „אב״ (הרב הערצאג׳ס דערציילונג).

ר׳ בנימין האט אויפגעשטעלט גרויסע תלמידים. איינער פון זיי איז געווען ר׳ יצחק אלחנן ספעקטאר, רב פון קאוונע. ר׳ בנימין האט געהאט אן אריסטאקראטישן אויסזען און געטראגן שיינע און ריינע בגדים. געפירט א רייכן טיש שטענדיק מיט פיל אורחים. זיינע זין זיינען געווען: ר׳ יהושע יהודה־לייב, וואס האט גערירש׳נט זיין פלאץ, ר׳ אברהם שמואל, ר׳ זרח און ר׳ נח־יצחק וועלכער איז געווען א מורה־צדק אין לאמזשע.

די גרעסטע און ליבסטע מצוה ביי ר׳ בנימין דיסקין איז געווען צו לערנען מיט זיינע זין תורה ווי עס שטייט געשריבן ושננתם לבניך. ער האט עס געשטעלט העכער אפילו ווי דאווענען „כל נדרי״, ווייל ער האט געלאזט ווארטן די אידן אויף זיך בעת כל נדרי און צו אלעמענס דערשטוי־נונג גאר געלערנט מיט זיינע זין. קיין ספרים האט ער נישט געשריבן אבער זיינע חידושי תורה זיינען צעשפרייט אין שאלות־תשובות פון אנדערע רבנים פון זיין צייט.

בערך א יאר פאר זיין פטירה איז ער און נאך רבנים פון יענער גרויסער רוסלאנד אויסגעקליבן געווארן דורך דעם מיניסטער פון בילדונג אוואראוו אין 1843 צו באטראכטן דעם פראיעקט פון דער רעגירונג צו עפענען שקאלעס פאר אידישע קינדער אנשטאט חדרים. ר׳ בנימין, נישט וועלנדיק נעמען אויף זיך אחריות אין אזא קארדינאלער פראגע פאר אידן, האט זיך געמאכט קראנק. א דאקטאר האט באשטע־טיקט אז ער טאר נישט פארלאזן זיין בעט. אויף זיין ארט איז געפארן ר׳ איציקל פון וואלאזשין, ר׳ חיים וואלאזשינערס זון. די איבעריקע אנטיילנעמער אין יענער אסיפה זיינען געווען: ר׳ מנחם־מענדל פון ליובאוויץ, פירער פון חסידים אין ווייס־רוסלאנד, דר. מאקס ליליענטאל, ר׳ בצלאל שטערן, מנהל פון אידישער שולע אין אדעס, און ר׳ ישראל היילפערן פון בערדיטשעוו („הפלס״, תרס״ב, צווייטער יאר).

ר׳ בנימין דיסקין האט אויסגעפורעמט די לאמזשער קהילה און איר דערהויבן צו א הויכער מדרגה. ער האט אריינ־געבראכט אין איר דעם גייסט, כאראקטער פון קולטור און תורה אזוי ווי די ליטווישע שטעט האבן געהאט. א דאנק אים איז לאמזשע געראטעוועט געווארן פון חסידות און פא־נאטיזם און איז נישט געווען גלייך צו די ארומיקע שטעט ווי אסטראלענקא, אסטראוו, א. אנד. ר׳ בנימין דיסקין איז נפטר געווארן אין זיינע מיטעלע יארן צו 45 יאר. אויף זיין קבר איז געשטעלט געווארן אן אהל נאענט צו ר׳ זלמלה׳ס.

## הרב ר׳ יהושע יהודה לייב דיסקין

נאך ר׳ בנימין איז געווען אין לאמזשע ראב״ד זיין זון ר׳ יהושע־לייב. צו ערשט, באלד נאך דער פטירה פון זיין פאטער, איז ער נאר געווען רב, מורה צדק, אבער נישט ראב״ד, ווייל ער איז דאן אלט געווען אינגאנצן 25 יאר. לאמזשער קהילה האט דאן געזוכט א ראב״ד צייטווייליק צו העלפן דעם יונגן ר׳ יהושע־לייב. די שכירות פאר אזא שטעלע איז באשטאנען פון 6־8 רובל א וואך און א דירה



הרב ר׳ יהושע לייב דיסקין

מיט האלץ („המגיד״, תרי״ח, 1858, נר. 35). נישט קיין פריינט־לעכע באציאונגען האבן געהערשט צווישן רב און זיינע בעלי־בתים, און נאך 15 יאר רבנות אין לאמזשע פארלאזט ער די שטעלע און גייט קיין מעזריטש.

עטלעכע כאראקטעריסטישע פאקטן. איינמאל אום יום־טוב זיינען די נכבדי הקהל אריינגעקומען צום רב צו „בעטן גוט־יום־טוב״, ווי דער מנהג איז געווען, און דער רב האט בפירוש געזאגט אז ער וויל נישט זיי זאלן זיצן ביי אים אין הויז („המודיע״, נומ. 30).

א גביר, וואס האט נישט געקראגן גענוג כבוד פון רב לויט זיין גרויס עשירות, האט איינמאל ביינאכט אריינגע־ווארפן א שטיין אין זיין פענצטער פאראורזאכנדיק שרעק צום רב און זיינע בני־בית און אויך א קליינעם שאדן. דער רב האט עס געוואלט פארשווייגן, אבער דער גביר האט די זאך מפרסם־געווען אז „אימיצער״ האט געווארפן. ר׳ יהושע־לייב האט דאן אויסגעזידלט דעם גביר (איבערגעגעבן פון הרב יעקב־משה חרל״פ ז״ל).

ווען ר׳ ישראל סאלאנטער איז אויפן וועג צו טאן א שידוך פאר זיינעם א זון געווען א גאסט אין לאמזשע, האבן די נכבדי הקהל אים געוואלט מאכן פאר א שליח צו געבן ר׳ יהושע־לייב׳ן געלט ער זאל פארלאזן לאמזשע און גיין אין אן אנדער שטאט. ר׳ ישראל סאלאנטער האט זיי געשטראפט, וואס זיי זיינען צו גראב צו זייער רב, ווייל זיי זיינען שוין צופיל איינגעוואוינט מיט אים. בעסער וועט זיין זיי זאלן פארלאזן לאמזשע און זיי זאלן נישט מטריח זיין אן אדם גדול (דערציילט פון זעלבן).

אין מעזריטש האָט ר׳ יהושע־לייב דיסקין געדינט אַלס ראב״ד 3 יאָר, אויפן פלאַץ פון ר׳ יום־טוב ליפּמאַן היילפּערן. נאָך די 3 יאָר, אין 1861, ווערט ער אויפגענומען אויפן כסא־רבנות אין קאָוונא. אָבער אויך דאָרטן האָט ער נישט קיין מנוחה צוליב זיין נאַטור פון וועלן אַליין הערשן און קאָוונע איז געווען אַ שטאָט פון לומדים, משכילים און אויך תקיפים.

אָט איז אַ פאַקט: דער בעל־טאַקסע, דער איד וואָס האָט געהאַלטן אין אַרענדע דעם פלייש־אַפּצאָל, איז נישט געפעלן דעם נייעם רב און ער באַפעלט אים אָפּצוזאָגן זיך פון דער אַרענדע. יענער, אַ תקיף, ווי אַלע אין יענער קאַטעגאָריע אידן, פאַר׳מסר׳ט דעם רב פאַר דער מאַכט און דער גובערנאַטאָר פאַראָרדנט דעם רב צו פאַרלאָזן קאָוונע אין 48 שעה... ר׳ יהושע־לייב דיסקין קומט צוריק קיין לאָמזשע צו זיין ברודער, דער מורה־הוראה ר׳ נח־יצחק, נאָך אַ קורצן הערשן אין קאָוונע, עפּעס מער ווי אַ יאָר. לאָמזשער רבנות איז נאָך נישט געווען פאַרנומען. דאָס איז געווען אין 1863, אַ שווערע צייט פאַר פּוילן בכלל און פאַר אידן בפרט, צוליב די אויפשטאַנדן פון די פּאָליאַקן און די שטראָף עקספּעדיציעס פון די קאָזאַקן. די קהילה האָט דעם רב אויפגענומען פריינטלעך, אָבער דער רב האָט זיך שוין נישט געפילט אויף זיין פּלאַץ. ער שרייבט צו זיין פריינט, דעם אַווגוסטאָווער רב, ר׳ שמואל־אביגדור, אַז אין לאָמזשער קהילה הערשט שנאה און קאָנקורענץ ר״ל.

נאָך די דריי יאָר און אייניקע חדשים, אין 1866, האָט אים די שטאָט שקלאָוו געשיקט אַ כתב־רבנות און ער איז דאָרטן געווען ראב״ד די נאָכפאָלגנדע 8 יאָר. אין 1874 גייט ער אַריבער קיין בריסק, אַ כסא־רבנות פון די וויכטיקסטע אין פּוילן־ליטע. 4 יאָר איז ר׳ יהושע־לייב געווען דאָרטן רב; מען ווענדט זיך צו אים מיט שאלות פון נאָענט און ווייט. אין יאָר 1877 פאַרבענקט ער זיך נאָך ארץ ישראל און ער מיט זיינע בני בית גייען־אויף קיין ירושלים. אַן אַנדער נוסח דערציילט, אַז ר׳ יהושע־לייב האָט געמוזט עולה־זיין קיין ארץ ישראל, ווייל ער איז גערופן געוואָרן צו דין־וחשבון פאַר זיין רביצינ׳ס אַרויסגעבן איינגעלייגטע ביי אים געלט צו איין צד אָן דעם וויסן און הסכמה פון צווייטנס. האָט דער רב זיך מקדים געווען און אַוועק קיין ירושלים.

אָט דאָ האָט ער געפונען זיין אָרט: רבנים און לומדים האָבן באַשטימט דעם „לאָמזשער רב" פאַר אַ ראב״ד איבער דער אשכנזישער עדה. דאָס איז געווען דאָס יאָר 1888 (תרמ״ט) לויט די רבנישע טראַדיציאָנעלע חשבונות אַ יאָר פון שמיטה, ד. ה. אַ יאָר, וואָס עס איז פאַרבאָטן אין דער תורה צו באַאַרבעטן דעם ארץ־ישראל־באָדן. ס׳איז אָבער פאַראַן אַ חילוקי־דעות אין דער רבנישער וועלט צי דער תורה־געזעץ פון שמיטה איז אויך חל ווען אין ארץ ישראל וואוינען ווינציק אידן ווייל דער גרעסטער טייל איז צעשפּרייט אין גלות. דער קאָוונער רב ר׳ יצחק־אלחנן, צו הילף פון די ביסל ארץ ישראל קאָלאָניסטן, האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין מען זאָל זיך באַגיין מיט שמיטה אין ארץ ישראל אַזוי ווי מיט מכירת־חמץ איבעראַל — פאַרקויפן די אידישע פעלדער צו אַראַבער און זיי זאָלן זיי באַאַרבעטן. ר׳ יהושע־לייב דיסקין איז געווען אין ענין שמיטה, אַזוי ווי אַנדערע, אַ מחמיר און האָט פאַראָרדנט די ביסל אידישע קאָלאָניסטן צו רוען און הונגערן אַ גאַנצן יאָר. ער האָט מיט דעם אַרויסגערופן מחלוקת און שנאה מצד די חובבי־ציון איבעראַל. די רביצן, שרה, האָט אים געמוטיקט אין זיין קנאות און עקשנות. זי האָט אויך געוואוסט און זיך געמישט אין די רבנישע שאלות.

אין ירושלים איז ר׳ יהושע־לייב דיסקין געווען זייער טעטיק. ער גרינדעט און זאָרגט פאַר ישיבת אהל־משה. ער עפנט אַ בית־יתומים פאַר אָרעמע יתומים זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין נעץ פון „מיסיאָן". דער דיסקין „בית יתומים" עקזיסטירט נאָך היינט אין ירושלים. ר׳ יהושע־לייב׳ן האָט מען גערופן דאָרטן „דער בריסקער רב" הגם ער איז געווען מייסטן אין לאָמזשע און פאַרבליבן פאַרבונדן מיט לאָמזשע. ער האָט פאַרנומען די שטעלע פון דעם ראש הכולל פון חלוקה־אידן פון לאָמזשע־סובאַלק.

זייענדיק אַ גרויסער קנאי צו אַלץ וואָס איז טראַדיציאָנעל־אָרטאָדאָקסיש, האָט ער געקעמפט קעגן ביל״ויים, משכילים, א. אַנד. ער האָט אויסגעשלאָסן פון חלוקה־כולל, ד. ה. צוגענומען עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן ביי די וועלכע האָבן געשיקט אַ קינד אין אַ בית־ספר — אפילו אַזאַ, וואָס האָט זיך געפירט לויט דער מסורה. אַ קרבן פון זיינע קנאות איז אויך געווען ר׳ יהושע יעלין, געשטאַמט פון לאָמזשע, פאַרן שיקן זיין זון דוד (דער, וואָס איז שפּעטער געווען פּראָפעסאָר אין ירושלימער אוניווערסיטעט) צו לערנען די לאַנד־שפּראַך, חשבון און נאַטור־וויסנשאַפט אין בית־ספר למ״ל. ר׳ יהושע יעלין איז געפאָרן קיין אייראָפּע און זיך באַקלאָגט פאַר די תומכים פון כולל לאָמזשע־סובאַלק. ר׳ יהושע־לייב דיסקין איז געגאַנגען אַזוי ווייט ווי צו מחרים זיין און דערווייטערן פון חלוקה אַ כשר׳ן מלמד, וואָס האָט געלערנט תורה און יראת שמים מיט די קינדער פון בית ספר למ״ל. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס קעגנערשאַפט צו אים. שפּעטער, אין אַ הספד ביי זיין לוויה, האָט מען צעטראָגן אַן אַנדער ווערסיע, אַז נישט הרב דיסקין, נאָר אַנדערע האָבן דאָס אַלץ געטאָן אין זיין נאָמען פעלשנדיק זיין חתימה, א. ז. וו. אָבער ר׳ יהושע־לייב אַליין האָט פון דעם נישט געוואוסט (דוב יעלין אין „ירושלים לפני כארבעים שנה", זייטן 230—233).

אין יאָר 1898 איז ר׳ יהושע־לייב דיסקין קראַנק געוואָרן (זייענדיק שוין אין די 80קער). דאָקטוירים האָבן נישט געקענט העלפן. אויך אַלע סגולות, ווי דאָס צוגעבן אים אַ נאָמען חיים, אַריינגערעכנט, זיינען געווען אומזיסט. מען האָט איינגעאָרדנט אַ תענית פון די יתומים, תפלות ביים כותל־מערבי, אויף די קברים פון ר׳ שמעון בן יוחאי און ר׳ מאיר בעל הנס מיט בלאָזן שופר. מ׳האָט זיך געווענדעט אין לאָמזשע מתפלל־צו־זיין אויפן קבר פון זיין פאָטער ר׳ בנימין — אַלץ איז געווען אומזיסט, און שבת־צו־נאַכטס, כ״ט טבת תרנ״ח, איז ר׳ יהושע־יהודה־לייב דיסקין נפטר געוואָרן. זייער אַ גרויסע לויה איז פאָרגעקומען: פון אַלע כוללים און געמיינדעס האָבן זיך געצויגן מאַסן אידן. די קנאים האָבן נישט צוגעלאָזן צום מת קיינעם פון די וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין אַ בית ספר. אַרום 10 טויזנט פערזאָן האָבן זיך באַטייליקט אין דער לויה. דער אַלטיטשקער ר׳ ישראל סאַלאַנט האָט אים מספּיד געווען. אין זיינע שאלות ותשובות ברייננגט ער שאלות פון רבנים פון אָסטראָלענקאָ, וויזנאַ, נאָוואָגראַד, יעדוואָבנאַ. ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין לאָמזשע וועגן טויט פון ר׳ יהושע־יהודה־לייב דיסקין האָט מען אים מספּיד געווען ווי דער דין. אַלע קינדער וואָס זיינען געבוירן געוואָרן נאָך דעם, האָט מען גערופן אויף זיין נאָמען. מען האָט דערציילט, אַז מוצאי־שבת ווען ער איז נפטר געוואָרן אין ירושלים, האָט זיך דער נר־תמיד אין לאָמזשער גרויסן בית־מדרש פון זיך אַליין פאַרלאָשן.

# רבי אליהו חיים מייזעל

ר׳ אלי־חיים איז געווען איינער פון די גרעסטע רבנים אין דער גרויסער רוסלאַנד. געבוירן אין האָראָדאָק, ווילנער גובערניע, אין 1821. זיין פאָטער, אַ רייכער בעל־הבית, האָט געשטאַמט פון רבי ישראל פון ראזינאי. זיין מוטער, אַ טאָכטער פון ר׳ אליעזר גרייבער פון סלאָנים (מחבר פון „דרכי אליעזר"). צו 12 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פינסקער מיידל. ר׳ יעקב קאַרלינער גיט אים אַ כתב־סמיכה נאָכן פאַרהערן אים. דער זיווג איז נישט געווען געראָטן און ער גט זיך און הייראַט זיין ברודער׳ס טאָכטער. צו 19 יאָר ווערט ער רב אין האָראָדאָק.



ר׳ אליהו חיים מייזעל

שוין דאַן איז ער געווען מפורסם און האָט גענומען אָנטייל אין אַ רבנים צוזאַמענפאָר אין מינסק. אין 1853 ווערט ער רב אין דעריצין, גראָדנער גובערניע. אין 8 יאָר שפעטער פאַרנעמט ער דעם כסא־רבנות אין פרוזאַני פאַר די נאָכפאָלגנדע 6 יאָר. ער ברענגט אַריין דאָרט אָרדענונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און פירט איין פאַרבעסערונגען אין די אינסטיטוציעס. אין דער מגפה פון כאָלערע שטייט ער אין שפיץ פון רעטונג. ער גרינדעט אַ שפיטאָל ווי אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער סביבה. אַ דאַנק זיינע באַמיאונגען זיינען די מגפה־קרבנות געווען נישט פיל.

אין יאָר 1867 איז ער אָנגעקומען קיין לאָמזשע און געדינט די קהילה 12 יאָר. דאָ איז ער געווען באַליבט ביי אַלעמען, חסידים איינגעשלאָסן. ער האָט געקענט די רוסישע שפראַך און ער איז דעריבער געווען געאַכטעט ביי די מאַכט־האָבער, דעם גובערנאַטאָר און אַנדערע הויכע באַאַמטע.

אין זיין צייט איז געווען אַ געזעץ אין רוסלאַנד, אַז פאַר 400 רובל האָט יעדער זיך געקענט באַפרייען פון דינען אין דער אַרמיי ווען זיין צייט קומט. פאַרשטייט זיך, אַז נישט כל זיינען געווען ביכולת דאָס צו טאָן און האָבן געמוזט גיין דינען. ר׳ אלי־חיים האָט דעריבער געגרינדעט אַ פדיון שבויים פאָנד צו העלפן די נישט פאַרמעגלעכע אויך זיך אויסצוקויפן פון מיליטער דינסט.

זיינע קאַמפּיינס פאַר דעם פאָנד האָבן זיך געצויגן יעדעס יאָר פון שמחת־תורה ביז חנוכה, מיטן אָנטייל פון די שטעטלעך אַרום לאָמזשע מיט זייערע רבנים. אפילו ווען די רוסישע רעגירונג האָט געהעכערט די אויסלייז־סומע ביז 1000 רובל, האָט ר׳ אלי־חיים זיך נישט מייאש געווען. שבת־בראשית, גלייך נאָך שמחת תורה, נאָכן טשאָלנט, ווען אַלע בעלי־בתים שלאָפן דעם תענוג־שלאָף פון שבת, איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ גוי, וועלכער האָט געטראָגן אַ זעקל, אויך זיינע דיינים זיינען מיטגעגאַנגען. אַזוי פלעגט ער אַריינקומען צו די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים און אויפוועקנדיק פון שלאָף זיך געהייסן עפענען די אייזערנע קאַסע און אַרויסגעבן די סכומים וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פאַר פדיון שבויים. די אויפגעוועקטע, דערשראָקענע האָבן נישט געוואַגט צו אַנטזאָגן דעם רב מיט זיינע באַגלייטערס אין אַ׳אַ נויטיקייט, וואָס דער רב טוט אום שבת אפילו, און פלעגן געבן.

אַן אַנדער נוסח איז דאָ, אַז ער האָט די צו־שטוינען־מאַכנדיקע־זאַמלונג דורכגעפירט יום כפור צו כל נדרי: ער האָט נישט דערלויבט צו דאַוונען כל נדרי ביז מען וועט אים נישט שאַפן די נויטיקע סכומים פאַר פדיון שבויים. אידישע בחורים זאָלן נישט דאַרפן פאַרגיסן זייער בלוט, אָדער אויסשטיין צרות אין דער אַרמיי פאַרן צאַר.

דער פדיון שבויים פאָנד האָט געהאָלפן אויסלייזן אידן פון דינען „פאָניען" און אויך אויסקויפן אידן פון זיצן אין טורמע אָדער געווינען אַ משפט אין גוי׳אישן געריכט. אויסלייזן אַ לערנער פון דער אַרמיי אָדער אַזעלכן וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַ פאַמיליע, איז נישט געווען קיין אָפּהאַלט; וויפל ס׳איז געווען נויטיק האָט ר׳ אלי־חיים געשאַפן און געגעבן. ווען עס איז פאָרט נישט געווען די נויטיקע סומען אין באַרגעלט, האָט ר׳ אלי־חיים געמאַכט הלוואות ביי גבירים אָדער אין בענק און ער האָט גע׳חתמ׳עט די וועקסלען. ווען די דאַטע פון צאָלן איז געקומען און ער האָט נישט געהאַט קיין געלט, פלעגט ער מאַכן אַן אנלייע צו באַצאָלן די פעליקע וועקסלען. אַזוי אַרום פלעגט ער זיך פאַרוויקלען אין חובות אין די טויזנטער און צענער־טויזנטער רובל.

אין פאַרלויף פון 9 יאָר האָט ער געהאַט זיין איידעם, ר׳ גבריאל הלוי סעגאַל, דער וואַרשעווער עילוי, פאַר זיין סעקרעטאַר, וועלכער האָט אים פיל געהאָלפן. ער האָט גע׳שמ׳ט ווי אַ פשרה־מאַכער און אַ רודף־שלום. נאָכדעם איז ער געוואָרן שניאַדאָווער רב. ווען ר׳ אלי־חיים איז אַוועק קיין לאָדזש, האָט ער אַריבערגעבראַכט צו זיך ר׳ גבריאל׳ן. און ער איז דאָרטן פאַרבליבן אונטערן נאָמען: „דער שניאַדאָווער רב".

אין לאָמזשע האָט מען דערציילט וועגן ר׳ אלי־חיימס גאוניש איינפאַל: ער מיט נאָך נכבדי קהל זיינען גערופן געוואָרן פאַרן צאַר וועגן עפעס אַן ענין פון חנוך. ס׳איז גראַדע אויסגעקומען אום שבת. דער קייסער האָט מכבד געווען יעדן מיט אַ ציגאַר. אַלע האָבן אָנגעצונדן און גערויכערט צוליב כבוד המלכות. ר׳ אלי־חיים האָט ניט פאַררויכערט, נאָר פאַרבאַהאַלטן דעם ציגאַר. אויף דער פראַגע פון קייסער פאַרוואָס ער רויכערט נישט, האָט ער געענטפערט, אַז אַ מתנה פון אַ קעניג דאַרף מען גוט באַהאַלטן און נישט אַוועקלאָזן מיטן רויך.

נאָך ר׳ אלי־חיימס פאַרלאָזן לאָמזשע האָבן די פרנסים איינגעלאַדן דעם זאַמבראָווער רב, ר׳ ליפּא־חיים, ער זאָל צייטווייליק פירן די קהילה ענינים. די רוסישע מאַכט־האָבער האָבן אים נישט באַשטעטיקט צוליב זיין נישט פייאיקייט צו רעפּרעזענטירן די קהילה ווייל ער איז נישט געווען געלערנט אין וועלטלעכע לימודים. ער האָט צייטווייליק געדינט דער לאָמזשער קהילה אַלס רב ביז ר׳ אליעזר־שמחה ראַבינאָוויץ איז געוואָרן לאָמזשער רב. דאַן האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין זאַמבראָוו. זיין פּלאַץ אַלס רב האָט פאַרנומען זיין איידעם ר׳ דוד רעגענסבערג, וועלכער איז אומגעקומען דורך די דייטשן אין עלטער פון 90 יאָר.

## ר׳ נוח יצחק דיסקין

ר׳ נוח־יצחק (נוח־איצי) דיסקין איז געוואָרן מורה־הוראה אין לאָמזשע אין יאָר תרל״ד (1874). אין זיין אויסזען און קליידונג איז ער געווען אַ מוסטער פון פיינקייט אַזוי אויך אין זיינע מדות. להפוך פון זיין ברודער ר׳ יהושע־לייב איז ער געווען אַ פריינטלעכער און אַ מקיל אין שאלות. ער איז געווען אַ חובב־ציון, נישט ווי זיין ברודער און פלעגט זיך אַליין באַטייליקן אַלס רעדנער אין זייערע אסיפות. אין זיינע לעצטע יאָרן איז ער געווען שווער אויף דער שמיעה.

הרב ר׳ יצחק־אייזיק הלוי הערצאָג האָט דערציילט, אַז ווען ר׳ נוח־יצחק איז נפטר געוואָרן האָבן חברה־קדישא און די נכבדי הקהילה אים געוואָלט מקבר־זיין נעבן זיין פאָטער ר׳ בנימין ז״ל, אָבער ס׳איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אַ קבר צווישן די 3 אהלים ר׳ זלמלה׳ס, ר׳ בנימינ׳ס און מאַקאָווער רב׳ס. דאָרט האָט שטענדיק געברענט אַ נר תמיד. לאָמזשער חברה־קדישא קלערט וואָס צו טאָן עס זאָל זיין אַ נחת־רוח פאַרן זון צו רוען נעבן טאַטן, אָבער ווי אַזוי? זיי קוקן זיך אַרום — ערשט ס׳איז געוואָרן ברייטער דער פלאַץ גענוג פאַר אַ פערטן קבר. האָבן זיי אים דאָרטן מקבר געווען.

(לויט ר׳ טוביה פענסטער פון ר׳ נוח־יצחקס מקורבים)

וועגן ר׳ נוח־יצחקס באַצויבערנדער פערזענלעכקייט איז פיל דערציילט געוואָרן. וואו ער פלעגט זיך באַווייזן, איז ליכט און פרייד געקומען מיט אים. פּאָליציי פלעגן שטיין פאַר אים מיט „אַכטונג״, מיט די הענטביים שלייף פון קאָפּ ווי פאַר אַ גובערנאַטאָר. דער אַרטיסט־מאָלער באַגאַצקי האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף האָבן ראַפאַעל׳ס אָדער רעמבראַנדט׳ס פענזל צו קענען מאָלן די פּאַטריאַרכאַלישע פיגור פון ר׳ נוח־איצי׳ן. זיין ערשטע פרוי איז אים געשטאָרבן יונג. זיין צווייטע פרוי, מינדל־צירל, איז געווען אַ טאָכטער פון גרויסן גביר ר׳ איטשע לעוו פון וואָלקאָוויסק, זיינע אַ קרובה, אַ גרויסע געלערנטע און אַ שיינע. זיין פערזענלעכקייט האָט אויך זייער שטאַרק אויסגענומען ביי דעם פראַנקפורטער באַראָן ראָטשילד, ווען ער איז דאָרט געווען מיט נאָך אַ רב, ווייל ער האָט געקענט גוט דייטש. ער איז אַזוי געפעלן געוואָרן דעם באַראָן, אַז ער האָט אים פאָרגעלייגט צו ווערן רב אין פראַנקפורט. אָבער ר׳ נוח־יצחק האָט נישט אָנגענומען די פּראָפּאָזיציע. ער האָט בעסער געוואָלט פאַרבלייבן אין זיין געבורט־שטאָט לאָמזע.

## ר׳ אליעזר שמחה ראַבינאָוויץ

שווער איז געווען פאַר לאָמזשער פאָרשטייער צו געפינען אַ רב, וועלכער זאָל ראוי־זיין צו פאַרנעמען דעם כסא־רבנות פון ר׳ אלי־חיים מייזעל. נאָך לאַנגע און פילע אסיפות וועגן פאַרשידענע קאַנדידאַטן איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצונעמען ר׳ אליעזר־שמחה ראַבינאָוויץ, אַ געבוירענער אין קאָוונע, צו זיין דאָרט ראב״ד. אין זיין יוגנט שמ׳ט ער אַלס עילוי מופלג. יונג האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון ר׳ לוי יפה, וואָס שטאַמט פון מהר״ם יפה, מחבר פון לבושים. געגעסן קעסט ביי זיין שווער אין ראגאווא עטלעכע יאָר און דאָרטן זיך פאַרפאָלקאָמט אין תלמוד און פוסקים און אַלגעמיינער בילדונג. לערנט פלייסיק די רוסישע שפראַך און יוריספּרודענץ אַלס פאַרגלייך מיט די דיני התלמוד. אין גיכן נעמט מען אים אויף פאַר רב אין ראגאָוואָ. פון דאָרטן ווערט ער גענומען קיין שאדאָוואַ — אַ וויכטיקע שטאָט אין ליטע. אין דער זעלבער צייט האָט מען אים פאָרגעלייגט צו ווערן ראש ישיבה אין וואָלאָזשין.



רבי אליעזר שמחה ראַבינאָוויץ

איינמאָל אויף זיין וועג קיין וואַרשע מיטן שאָסיי קאָוונע־וואַרשע, שטעלט ער זיך אָפּ פאַר אַ ווייַלע אין סטאַוויסק, לאָמזשער גובערניע, און טרעפט דאָרט ר׳ אייזל חריף מיט נאָך רבנים פון דער סביבה. ר׳ אליעזר־שמחה האָט געפרעגט ר׳ אייזלען קשיות. ר׳ אייזל האָט פרובירט זיי פאַרענטפערן, אָבער ר׳ אליעזר־שמחה האָט זיי ווידער אָפּגעפרעגט (ער איז דאַן געווען נאָך גאָר יונג). ר׳ אייזל, נאָכן גוט באַטראַכטן זיין פרעגער, האָט דאַן זיך אויסגעדריקט: אָט האָבן מיר פאַר זיך אַ גאון.

ר׳ אליעזר־שמחה האָט אין 1869 פאַרנומען דעם כסא־רבנות אין סובאַלק, אויפן אָרט פון ר׳ שמואל מאָהילעווער, וואָס איז אַוועק קיין ביאַליסטאָק. פון סובאַלק, אַ שטאָט מיט לומדים און משכילים און באַוואוסט מיט איר מסחר, איז זיין נאָמען געוואָרן מפורסם איבער דער לענג און ברייט פון רוסלאַנד.

אין יאָר 1873 ווערט ער געלאַדן קיין קאָוונע צוזאַמען מיט ר׳ שמואל מאָהילעווער און אַנדערע גדולים צו באַטראַכטן די מיטלען קעגן דער גזירה פון דער רוסישער רעגירונג צו שליסן די „חדרים״ אין רוסלאַנד. אין דער צווייטער באַראַטונג אין ווילנע, אין ר׳ מתתיהו שטראַשונ׳ס הויז, איז געווען ר׳ אליעזר־שמחה פון די הויפּט רעדנער און פון די ערשטע חותמים אויף אַ ווענדונג צו באַראָן ראָטשילד אין פראַנקפורט ביים מיין, אַז ער זאָל ווירקן אויף באַראָן גינצבורג עפּעס צו טאָן וועגן דעם. דער לעצטער, דער־האַלטנדיק ראָטשילדס בריוו אין פאַריז, וואו ער איז דאַן געווען, פאָרט גלייך אָפּ קיין רוסלאַנד. אין דעם קאָמיטעט צו בעטן דעם באַראָן גינצבורג זיך משתדל צו זיין וועגן דעם זיינען געווען: ר׳ אליעזר־שמחה, ר׳ שמואל מאָהילעווער און ר׳ יעקב באריט פון ווילנע.

פון סובאַלק איז ער אָנגעקומען אין לאָמזשע אין יאָר 1877. ר׳ אליעזר־שמחה האָט געפירט זיין רבנות מיט גדלות און תקיפות קעגן רייכע, ווייל ער איז אַליין געווען רייך. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף 2 גאַסן מיט אַ ווינקל: דוואָרנאַ און פּלאַץ סענקעוויץ. די זעלבע האַלטונג האָט ער געהאַט לגבי די מאַכט־האָבער און צייטנווייז נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווייל ער איז געווען קלאָר אין רוסישער געזעצגעבונג. אַן אילוסטרירנדער עפּיזאָד: לאָמזשער גובערנאַטאָר, באַראָן העססען, האָט אים פאַראָרדנט צו מאַכן אַ צעמענט טראָטואַר אַרום זיין הויז, וואָס האָט ביז דאַן נישט געהאַט. וויסנדיק, אַז ס׳איז נישטאָ קיין געזעץ אים צו צווינגען דאָס צו טאָן, האָט דער רב נישט אויסגעפאָלגט די פאַראָרדענונג. האָט דער גובערנאַטאָר דערלאַנגט אויף אים אין געריכט, אָבער ר׳ אליעזר־שמחה האָט דאָרט

גע׳טענה׳ט זיינס און האָט געוואונען. דער באַליידיקטער גובערנאַטאָר האָט אַפּעלירט קעגן דעם אורטייל צום קרייז־געריכט און האָט געוואונען מיט דער הילף פֿון שוחד. ר׳ אליעזר שמחה האָט אַפּעלירט צום העכסטן געריכט אין פּעטערבורג און באַזירט זיינע טענות אויף דעם, אַז ס׳איז ניטאָ אַזאַ געזעץ צו צווינגען אַ רוסישן בירגער צו מאַכן אַ טראָטואַר. ר׳ אליעזר־שמחה האָט ענדלעך ווידער געוואונען קעגן גובערנאַטאָר. דאַן איז דער רב אַליין אַריבערגעגאַנגען צום גובערנאַטאָר און אים געלאָזט וויסן, אַז יעצט גייט ער טאָן לפנים משורת הדין, בעסער ווי דאָס געזעץ פֿאָדערט, און אין גיכן וועט זיין הויז האָבן אַ טראָטואַר. אַלע באַאַמטע פון דער גובערניע האָבן פון דאַן אָן גע׳יוכט זיך נוקם צו זיין אין רב פאַר זייער נידערלאַגע אין רוסישן געריכט, אָבער פאַר אַ לענגערער צייט האָבן זיי נישט געפונען קיין געלעגנהייט.

עס האָבן, צום באַדויערן, נישט געפעלט קיין אידן, וואָס זיינען געשטאַנען מיט נאַטשאַלסטוואָ, די מאַכט־האָבער. די דאָזיקע אידן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין בית־המדרש „מגן אברהם“, וואָס ר׳ זוסמאַן יעבץ איז געווען פון זיינע גרינדער (פאָטער פון באַוואוסטן שרייבער זאב יעבץ). איינמאָל האָבן די גבאים פון „מגן אברהם“, צווישן זיי הערש־בער געלצינסקי און דער גביר פּאָקראָווסקי, פאָרגעלייגט פאַר ר׳ אליעזר־שמחה׳ן אַ געוויסן חיים־מאיר פאַר אַ שוחט און דער רב האָט זיי אָפּגעזאָגט, און ווען זיי זיינען געוואָרן צודרינגלעך, האָט ער מיט כעס אַ זאָג געטאָן, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט זיין לאָמזשער רב, וועט חיים־מאיר נישט זיין קיין שוחט אין לאָמזשע. האָבן די בעלי־בתים אַלץ אָנגעשטאַנען און אים געענטפערט, אַז זיינע רבנות איז געבונדן מיט חיים־מאיר׳ס פאַרנעמען די שטעלע פון אַ שוחט אין לאָמזשע. האָט דער רב מיט שטאָלץ זיי געענטפערט, אַז ער שטייט נישט אין לאָמזשער רבנות. די „מגן־אברהם“ תקיפים האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם אויסדרוק ווי אָן אַן אוצר און גלייך געמאָלדן דעם גובערנאַטאָר, אַז ר׳ אליעזר־שמחה ראבינאָוויץ האָט זיך עפנטלעך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט.

פאַרן גובערנאַטאָר איז דאָס געווען דערפרייענדיקע נייעס. ער האָט עס אויך גלייך אויסגענוצט און געמאָלדן דעם שטאָט־פּרעזידענט, אַז ער זאָל גלייך אויפהערן צו צאָלן שכירות דעם רב און אַרויסשטעלן אים פֿון דער קהל׳שער דירה, וואָס ער פאַרנעמט איבערן גרויסן בית מדרש. גלייך זיינען געשיקט געוואָרן פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעלט דעם רב׳ס אַלע זאַכן אין גאַס פאַרן בית מדרש. אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי שנעל ווי מעגלעך, פּונקט פּרייטיק פאַר ליכט־בענטשן. עמך האָט זיך מאָמענטאַל דערוואוסט און געהאַנדלט שנעל: זיי האָבן אַריבערגעטראָגן זיינע מעבל און ספרים אַנטקעגן אין הויז פון הכנסת־אורחים ביז איבער שבת. און דאַן האָבן זיי געפונען אַ פּאַסנדע דירה פאַר אים. דער רב האָט רעאַגירט אויף דעם ענין און האָט געזאָגט צו די תקיפים: „איך בין אייך מוחל אויף דער בושה, וואָס איר האָט מיר פאַרשאַפט, אָבער איך וועל אייך קיינמאָל נישט שענקען אויף מיין ווייב׳ס חרפה, וואָס זי איז געווען אין גאַס אָן אַ דירה בעת ליכט־בענטשן. זאָל גאָט זיך אָננעמען פאַר איר צער“.

אין איינִיקע טעג אַרום איז ר׳ אליעזר־שמחה שוין געווען רב אין קאַלוואַריא, וואו ער האָט געלעבט במנוחה פֿיל יאָרן. דער גובערנאַטאָר האָט אים פאַרוואָרט צו זיין אויך „קאַזיאָנער“, שטאָטלעכער רב און ער איז געווען נאָר רעליגיעזער־גייסטלעכער רב. איידער נאָך ער איז אַריבער קיין קאַלוואַריא האָט ער דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע צום העכסטן געריכט קעגן די מעשים פון גובערנאַטאָר און האָט געוואונען, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט אים צו אָנטזאָגן פון זיין שטעלע. אָבער ר׳ אליעזר־שמחה האָט שוין אַליין נישט געוואָלט בלייבן אין לאָמזשע.

אין לאָמזשע זיינען געווען פאַרשפּרייט פילע מעשיות וועגן דער שטראָף וואָס איז געקומען אויף די וואָס האָבן געפירט מחלוקת מיטן רב: דער עשיר פּאָקווירסקי איז געשטאָרבן אַ בעטלער אין אַ מושב־זקנים אין פּאַריז. משה־לייב יאַקאָבי׳ס פרוי איז געשטאָרבן און גלייך נאָך איר איז ער אַליין אויך פּלוצלונג געשטאָרבן, ווייל ער האָט אָנגעזאַגט זיין פרוי איבערצובעטן דעם רב. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט איינעם אַ סלאַדאָוויץ. אַ באַוואוסטער שיכור פּוכניצקי האָט באַלעסטיקט דעם רב, וועלכער האָט אים געהייסן אַלס אַ שיכור זיך גיין לייגן שלאָפן, איז ער שוין נישט אויפגעשטאַנען פון יענער נאַכט־שלאָפן. הערש־בער געלצינסקי איז אַוועק באָרוועסערהייט אין טלית און תפילין און געפאַלן פאַרן רב׳ס פיס מיט געבעט און געוויין אַז ער זאָל אים מוחל־זיין. דער רב האָט אים מוחל־געווען.

איינִיקע יאָר נאָך זיין אַוועקגיין קיין קאַלוואַריע איז ר׳ אליעזר־שְׂמחה געקומען באַזוכן זיין טאָכטער און אַרומקוקן זיין פאַרמעגן. די נכבדי העיר זיינען דאַן געגאַנגען 6 וויאָרסט צופוס אים מקבל־פנים זיין. דער רב איז געווען גערירט פון דעם קבלת־פנים. ער איז אַרויס פון זיין קאָטש, זיך אויסגעמישט מיט די לאָמזשער און געגאַנגען צופוס אין שטאָט אַריין צוזאַמען מיט זיי. צוקומענדיק צום נייעם מאַרק האָט ער דערזען צופעליק דעם פּרעזידענט פון שטאָט און אַ פרעג געטאָן: „ער לעבט נאָך?“ — אין אַ שעה אַרום איז דער פּרעזידענט געשטאָרבן פון אַ פאַל צעברעכנדיק זיינע פיס. דעם גובערנאַטאָרס טאָכטער איז אַראָפּגעפאַלן פון פערד אויף וועלכן זי האָט געריטן, ווען ער איז צעווילדעוועט געוואָרן, און צעבראָכן אַ פוס. זיין זון איז געשטאָרבן פון שנעלער שווינדזוכט.

ר׳ טוביה פענסטער, וואָס האָט געקענט ר׳ אליעזר־שמחה׳ן פּנים־אל־פּנים, האָט דערציילט, אַז דער רב האָט געהאַט אָפּגעדרוקט אַ בראָשור קעגן די רעגירונגס רבנים, וואָס שרייבן איין אידישע קינדער מיט נישט ריכטיקע רוסישע נעמען. זיין שטוב איז געווען פאַרזאָרגט מיט העברעאישע און רוסישע צייטונגען. זיינע טעכטער זיינען געווען געבילדעט וועלטלעך און געקענט אויך פראַנצויזיש.

ר׳ משה גאָלדין, אַ זון פון ר׳ פּסח־איסר, ראש ישיבה פון מאַקאָוו, דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז ר׳ אליעזר־שמחה איז געווען אַ הדרת־פּנים, שלאַנק, מיט אַ שוואַרצער באָרד און לייכטנדן פּנים. דער גאַנצער קהל פלעגט אויפשטיין ווען ער פלעגט אַריינקומען אין בית־מדרש. די רביצן זייער אַן אידעלע אין כאַראַקטער און אַ געבילדעטע. דאָס זעלבע די טעכטער. זיי האָבן זיך נישט געהאַלטן גרויס. זיין איידעם ה. יפה איז געווען אַ פיינער טיפּ פון אַן עסקן באמונה מיט אַ גוט האַרץ און אַ למדן. דעם רב׳ס זון, יעקב, איז געווען אַ למדן אָבער געהאַסט רבנות. ער האָט נישט מצליח געווען און האָט עמיגרירט פון רוסלאַנד און געוואוינט אין אדינבורג.

אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ר׳ אליעזר־שמחה רעזיגנירט פון רבנות, האָט זיך באַזעצט אין לאָמזשע און געלעבט פון דער הכנסה פון זיינע הייזער. נאָך אַ יאָר און אַ האַלב, אין חודש אב, תרע״א (1911), איז ער נפטר געוואָרן. לאָמזשער האָבן געמאַכט אַ גרויסן הספד אויף אים.

# ר׳ יואל לייב הלוי הערצאָג

אין לאָנדאָנער „דזשואיש קראָניקל״ פון 12טן אָקטאָבער 1934 ווערט דערציילט: הרב ר׳ יואל־לייב הלוי הערצאָג איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע אין יאָר 1865. נאָך יונג און ער איז שוין געווען באַוואוסט ווי אַן עילוי און אויך אַלס רעדנער. אַלס מטיף האָט ער צוגעצויגן מאַסן צוהערער מיט זיינע פייערדיקע דרשות. ער האָט געלערנט אין די ישיבות פון סלאָבאָדקע און איישישאָק. האָט געהייראַט אַ



רב יואל לייב הלוי הערצאָג

בת־טובים, פון ר׳ אריה־לייב דער קברן. נאָך זיין חתונה האָט ער פאָרגעזעצט זיין לערנען אין כולל קאָוונע, וואו ער האָט געקראָגן אַ כתב־סמיכה אויף רבנות פון די גרויסע רבנים: ר׳ יצחק מאיר פון סלאָבאָדקע, א. ש. דיסקין פון וואָלקאָוויסק און ר׳ נוח־יצחק דיסקין פון לאָמזשע, וועלכן ער האָט געדינט אַלס געהילף. אין 1898 איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס רב אין די פאַראייניקטע שולן פון לידז, ענגלאַנד. פאַר די נאָכ־פאָלגנדע 13 יאָר האָט ער פיל אויפגעטאָן פאַר אמת׳ער אידישקייט און פאַר נויט־באַדערפטיקע אידן און איז דעריבער געווען באַליבט ביי אַלע אידן און גויים צוגלייך. באַזיצנדיק ברייטע אַלגעמיינע וויסנשאַפט און אַ טיפן פאַרשטאַנד האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס ריכטער אין דעם העכסטן קאָלע־גיום פון יאָרקשייר־ריכטערס. זיי פלעגן ברענגען פאַר אים וויכטיקע און קאָמפּליצירטע אידישע משפטים.

נאָך אין לאָמזשע זייענדיק, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן ווי אַ חלוץ צו דער באַוועגונג פון חובבי־ציון אין פוילן. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן זייענדיק אין לידז. ר׳ שמואל מאָהילע־ווער האָט זייער הויך געשאַצט זיינע טעטיקייטן אויפן געביט פון חיבת־ציון, באַזונדער מיט זיינע איינדרוקספולע דרשות, אַזוי אַז מען האָט אים גערופן המטיף הלאומי.

אין 1911 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן צו פאַרנעמען דעם רבנות־אַמט פון די פאַראייניקטע פוילישע קהילות אין פּאַריז. מיט זיינע באַצויבערנדע דרשות און פערזענלעכקייט, אין צוגאָב צו זיינע אומדערמידלעכע טעטיקייטן, האָט ער פיל געהאָלפן דעם אָרטאָדאָקסישן אידנטום זיך צו באַפעסטיקן אין פּאַריז. אין יענעם פּרוכטבאַרן פעריאָד האָט ער אַרויס־געגעבן אַ ספר „אמרי יואל״, אין 5 חלקים. דאָס זיינען דרשות און פאָרשונגען אין הלכה. שפּעטער זיינען נאָך געבליבן זיינע כתבים אויף דעם געביט. זיין הויז אין צענטער פון אידישן ישוב איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן, וואָס פלעגן קומען צו פרעגן עצות אויף פאַרשידענע געביטן און ער, מיט זיין גראַדן שכל, האָט זיי טאַקע געהאָלפן אין זייערע קאָמפּליצירטע ערנסטע ענינים.

נישט אומזיסט איז די אידישע לאָמזשע געווען שטאָלץ מיט איר אויסגעצייכנטן פּאַריזער רב. אין לאָמזשע האָבן די עלטערע דערמאָנט ר׳ יואל הערצאָג׳ן, ווען ער איז נאָך געווען אָרעם, אָבער זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. שטענדיק גע־גאַנגען ריין געקליידט, אַ שמח בחלקו. אויך זיין פרוי האָט געוואוסט פון „עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות״.

איינער פון די לאָמזשער משכילים האָט וועגן אים געשריבן אין „הצפירה״, ט״ו באב, תרנ״ה: „דער אידעאַל פון חיבת ציון און ישוב א״י איז שטאַרק געוואָרן אָנגענומען מייסטנס צווישן אונזער יוגנט אַ דאַנק דעם מטיף־לאומי, הרב יואל־לייב הערצאָג, יליד לאָמזשע, וועלכער מיט זיין גרויסן רעדנער טאַלאַנט קען גוט שילדערן פאַר זיינע צוהערערס דעם גליק, וואָס זיי קענען געפינען אין ישוב א״י לעבנדיק אַ נאָרמאַלן אידישן לעבן אין אונזער הייליק לאַנד. הלוואי וואָלטן מיר געהאַט פיל אַזוינע מטיפים״. דאָס זעלבע גיבן איבער צוהערערס פון זיינע דרשות אין „המליץ״ פון 11טן מאַי 1894 און 8טן דעצעמבער 1895. אויף אים איז מקויים גע־וואָרן דער אַלטער כלל: „אין נביא בעירו״. אָט דער ר׳ יואל־לייב הערצאָג איז עס געווען דער פאָטער פון מרן ר׳ יצחק־אייזיק הלוי הערצאָג, דער הויפּט רב פון מדינת ישראל.

ר׳ אברהם מזרח ז״ל האָט געהאַט געשריבן וועגן זיינעם אַ וויזיט ביי ר׳ יואל־לייב הערצאָג אין פּאַריז. אין לאָמזשע האָב איך נישט זוכה געווען צו קענען ר׳ יואל הערצאָג הגם ער איז געווען אַזוי באַרימט. פון אָנפאַנג איז ער געווען אַ זאָגער אין „חברה תהלים״, נאָך דעם אַ מטיף אין חובת־הלבבות־בית־מדרש ביי מושינסקין אויפן הויף. ווען ער האָט פאַרלאָזן לאָמזשע בין איך נאָך געווען יונג און ניי אין שטאָט. מען האָט דאַן פאַרגעשלאָגן פאַר מיין שווער, ר׳ חיים צעכאַנאָוויץ (דער פאַרבער), אַז איך זאָל ווערן דער מטיף אין בית מדרש חובת הלבבות. האָבנדיק געהערט די גרויסע מעלות פון ר׳ יואל הערצאָג האָב איך פשוט נישט געוואָלט פאַרנעמען אַזאַ הויכן פּאָסטן. אויסער דעם איז ער געווען אַן „עמך״ איד, אַן עכטער גייסטיקער פירער פון דעם המון־עם, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען זייערע געדאַנקען און פאַר־לאַנגען און האָט שטענדיק געפונען אַ רפואה און אַ טרייסט אין זייער טרויער און שוואַכקייט.

נאָך פילע יאָרן האָב איך אויף מיין וועג קיין אַמעריקע לטובת לאָמזשער ישיבה באַזוכט ר׳ יואל הערצאָג אַלס הויפּט רב פון פוילישע אידן. ער און זיין פרוי זיינען דאַן אויך געווען גבאי־צדקה באַשטימט פון „נדיב הידוע״, פּאַריזער באַראָן ראָטשילד. איך האָב אים איבערגעגעבן אַ גרוס פון לאָמזשער נכבדי העיר, וואָס האָבן אים געשעצט אין לאָמזשע, ווי דר. ש. גאָלדלוסט, א. דזאָמאָוויץ, די משפחה סטריקאָווסקי, א. אַנד. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אמת׳ער ליבשאַפט און איך האָב פאַרבראַכט אין זיין הויז עטלעכע טעג. ביי מיין אַוועקפאָרן האָט ער מיך באַגלייט צו דער באַן קיין שער־בורג. איך בין דאָרטן געווען אַן עדות ווי זיין פרוי האָט געמאַכט שלום צווישן מאַן־און־ווייב, וואָס זיינען געקומען זיך גט׳ן.

# הרב רבי מלכיאל טענענבוים

נאָך ר׳ אליעזר־שמחה ראַבינאָוויץ האָבן לאָמזשער בעלי־בתים לאַנג און שטאַרק געזוכט אַ רב, וועלכער זאָל זיין גרויס גענוג צו פאַרנעמען אַזאַ וויכטיקן כסא־רבנות ווי לאָמזשער. זיי האָבן ענדלעך געפונען אַזאַ אין רבי מלכיאל טענענבוים, דעם רב פון שטעטל באדקע, בילסקער קרייז, גראָדנער גובערניע, אויך אַ רבנות פון גדולים ווי ר׳ ירוחם אַלטשולער. ר׳ מלכיאל טענענבוים איז געבוירן געוואָרן אין שטעטעלע מאטעלע נעבן פינסק; די זעלבע מאטעלע, וואו דער ערשטער פרעזידענט פון מדינת ישראל, חיים ווייצמאַן ע״ה, איז געבוירן געוואָרן. זיי זיינען געווען שטיקלעך קרובים. געלערנט אין די ישיבות פון וואָלאָזשין, איישישאָק און יונג חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ רייכן אידישן פריץ אין יארמיץ נעבן שטעטל מיר (מער פאָלקסטימלעך דערמיר). ר׳ מלכיאל׳ן האָט ער באַזעצט אין קארליץ. אין איניקע יאָרן איז ער געוואָרן מפורסם ווי אַ גרויסער מופלג און די באדקער קהילה האָט אים געהאַט אַריינגעשיקט אַ כתב־רבנות. 14 יאָר איז ר׳ מלכיאל געווען רב אין באדקע, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסע געלעגנהייט צו פאָרזעצן זיין לערנען מיט התמדה, ווייל די רבנישע ענינים פון באדקע האָבן ביי אים נישט צוגענומען פיל צייט. אין יאָר תרמ״ז (1887) האָט לאָמזשער קהילה אים אויסדערוויילט אַלס איר רב.

23 יאָר איז ער געווען רב אין לאָמזשע, אַ שטאָט דאַן מיט בעלי־בתים לומדים און משכילים. פון לאָמזשע ווערט ער מפורסם איבער פוילן און רוסלאַנד. הונדערטער רבנים, צווישן זיי דער אדעסער רב, ר׳ חיים טשערנאָוויץ (רב צעיר), ווענדן זיך צו אים מיט זייערע שאלות און נעמען אָן זיינע תשובות, וועלכע זיינען באַגרינדעט אויף פשטות און שכל־הישר און פול מיט בקיאות.

אָט די שאלות ותשובות זאַמלט ער אויף און לאָזט זיי אָפּדרוקן אין 5 חלקים מיטן נאָמען „דברי מלכיאל״.

אַ גרויסע מאַטעריעלע שטיצע האָט אים געגעבן באדקער קהילה, זיין ערשטע שטעלע, אַז ער זאָל קענען אַרויסגעבן זיינע ספרים. אין דער הקדמה צום ערשטן חלק דריקט ער אויס אנערקענונג פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס זיי טוען מיט אים, לטובת הרחבת התורה און בעט ביי גאָט ער זאָל זיי באַצאָלן פאַר דעם. אויך לאָמזשער קהילה דאַנקט ער פאַר זייער הילף. צווישן די לאָמזשער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פינאַנציעלער הילף ר׳ משה ב״ר שמריהו ברעזינסקי, וועלכער האָט געדעקט דעם גרעסטן טייל פון די הוצאות צום דרוקן זיינע ספרים.

אין דער זעלבער הקדמה לויבט ר׳ מלכיאל דעם מעצנאַט און ער זאָגט אַז ער איז מפרסם זיין נאָמען אומגעבעטענערהייט, כדי ער זאָל זיין אַלס אַ גוטער ביישפּיל פאַר אַנדערע גבירים. די האַרציקע דאַנקבאַרקייט קומט צוליב דעם, ווייל מען האָט אים פאַרשפּאָרט אַרומצוואַגלען איבער די אידישע ישובים און זוכן־בעטן נדבנים־חותמים, ווי אַלע אַנדערע מחברים פלעגן טאָן.

ער האָט טאַקע נישט באַדאַרפט אַרומוואַנדערן איבער שטעט און שטעטלעך צו באַקענען לומדים מיט זיינע ספרים. זיינע שאלות ותשובות האָבן זיך שנעל פאַרשפּרייט אין דער רבנישער וועלט און די נאָכפראַגע אויף זיי איז געווען זייער גרויס, ווייל זיינס אַ פסק־דין האָבן רבנים אָנגענומען אַזוי ווי פון אַ גדול־הדור.

אָבער אָט די גרויסקייט פון זיין פאַרשטאַנד האָט ער באַוויזן נאָר אין די ראַמען פון הלכה, פון דער רבנישער ליטעראַטור. צו די נייע ווינטן, וואָס האָבן שוין שטאַרק געבלאָזן אין זיינע צייטן ווי די באַוועגונג פון השכלה, חיבת־ציון, א. אַנד. איז ער געווען אַ גרויסער קעגנער. ער האָט זיך געשטעלט קעגן יעדער נייער דערשיינונג אָדער שטרעבונג אין אידישן לעבן. עפּעס אַ חדר מתוקן, אַ ביבליאָטעק, חיבת ציון, אפילו שטעלן אַ טעלער ערב־יום־כפור לטובת ישוב ארץ ישראל — אַלץ האָט ער באַטראַכט ווי אפיקורסות און דחיקת הקץ (דאָס נישט וואַרטן אויף משיח׳ן ער זאָל אַלץ אַליין מיט נסים אָפּטאָן).

און מערקווירדיק: אָט די אויסגעהאַלטענע קנאות צו אַלץ וואָס איז אַלט און טראַדיציאָנעל, האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף זיינע אייגענע בני־בית, וועלכע זיינען גראַדע געגאַנגען אין די וועגן פון השכלה און זיך אויפגעפירט ווי פרייע אין באַצוג צו רעליגיע נישט רעכענענדיק זיך מיט דער אויפרעגונג, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן מצד זייער פאָטער און אויך פון פילע אין שטאָט. אָבער אַלע האָבן געוואָרפן די שולד פון דער באַדויערנסווערטער דערשיינונג אויף דער רביצין. זי איז טאַקע אַליין געווען אַ מאָדערנע משכלת און דעריבער האָט זי געהאַלטן אין איר הויז פּרי־וואַטע לערערס צו לערנען אירע קינדער רוסיש און אלגעמיינע בילדונג. דער רב אַליין איז געווען אָנגענומען ביי די מאַסן אַלס צדיק און הייליקער, אפילו אַלס אַ בעל מופת, וואָס העלפט שווערע געווינערינס צו האָבן בשלום זייערע קינדער; אַרויסטרייבן אַ דיבוק; אָפּשטעלן אַ מגיפה; באַפרייען פון פריזיוו (נישט צו ווערן אָנגענומען צו אַרמיי־דינסט); געפינען אַ בן־זוג פאַר אַן עלנטער אַלטער בתולה; בענטשן קינדערלאָזע פרויען —, וועגן די אַלע ענינים איז מען געגאַנגען צו ר׳ מלכיאל׳ן נאָך אַ סגולה אָדער אַ תפילה.

אין יאָר 1910 האָט די רוסישע רעגירונג פאַררופן די 6טע קאָנפערענץ פון די רוסישע רבנים אין פעטערבורג. ר׳ מלכיאל טענענבוים, פאַרשטייט זיך, איז געווען צווישן די אַלע וויכטיקע רבנים, וואָס האָבן זיך געדאַרפט באַטייליקן אין דעם צוזאַמענפאָר. אויף צוריקוועגס איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין רעזיצע נעבן וויטעבסק. די רעזיצער קהילה האָט, פאַרשטייט זיך, בכבוד גדול געוואָלט באַערדיקן אַזאַ גדול־הדור אויף איר בית־עולם. אָבער לאָמזשער, דערשטוינטע און דערשלאָגענע פון די נייעס, האָבן טעלעגראַפירט צום וויטעבסקער גובערנאַטאָר, בעטנדיק צו לאָזן אַריבערפירן דעם רב׳ס קערפּער קיין לאָמזשע.

פאַר די קרובים פון רב איז עס געווען נויטיק צו האָבן די לויה פון רב אין לאָמזשע, כדי מען זאָל קענען דאַן עפּעס טאָן פאַר דער צוקונפטיקער עקזיסטענץ פון דער אלמנה און קינדער פון רב. לאָמזשער קהילה האָט גע׳פועל׳ט. מען האָט געבראַכט מיט דער באַן דעם מת קיין צערוואָני באר. פון דאָרטן האָט מען געזאָלט און געדאַרפט אים גלייך ברענגען אויפן בית־עולם, וואָס איז אויפן וועג, ווייל מען טאָר נישט אַריבערפירן אַ מת פאַרביי אַ בית הקברות און נישט באַגראָבן. אַזוי האָבן געהאַלטן פיל פון די נכבדים. אָבער דעם רב׳ס פאַרערער אין דער מערהייט האָבן דעם מת אַראָפּגעפירט מיט אַ זייטיקן וועג נישט פאַרביי דעם בית עולם, נאָר מיטן שאָסיי צום „אוטשאַסטאָק״, צו די קאַזאַרמעס אויפן וועג קיין שניאדאווא, און דאָרט אַרום איז ער אַריינגעבראַכט געוואָרן אין גרויסן בית מדרש, וואו ער פלעגט דאַוונען ביים לעבן. דערווייל האָבן די מיטגלידער פון רב׳ס משפחה אויסגע׳פועל׳ט ביי די פרנסים פון שטאָט צו געבן דער אלמנה 10 טויזנט רובל, איינמאָליקע פאַרגיטיקונג, 3 טויזנט באַלד און דאָס איבעריקע אויסצוצאָלן אין פאַרלויף פון צייט. עס איז גע׳חתמ׳עט געוואָרן אַזאַ פאַרפליכטונג. די דירה איבערן

בית מדרש האָט לויט דער התחייבות געדאַרפט פאַרבלייבן ביי דער אלמנה פאַר איר גאַנצן לעבן.

צום באַדויערן האָבן די פּרנסים פון שטאָט נישט דערפילט זייער חוב ביז עס איז געקומען ר' חיים העלער'ס שווער, ה' דיסקין, און האָט באַצאָלט דעם גאַנצן חוב, כדי אַזוי אַרום אָפּצוקויפן די שטעלע פון רבנות פאַר זיין איידעם.

דער טויט פון ר' מלכיאל טענענבוים האָט געמאַכט אַ גרויסן און שווערן איינדרוק אין דער גאַנצער אידישער וועלט, וואָס האָט געפונען אויסדרוק אין די צייטונגען און הספדים אין שולן. אויך טרויער און תעניתים אין אַנדערע קהילות.

דאָס רעליגיעזע וואָכנבלאַט „המודיע" (תר"ע, נר. 2) גיט אַ באַריכט פון דער לויה פון ר' מלכיאל טענענבוים: זונטיק, ח' ניסן תר"ע (1910), אין אָוונט האָט מען געדאַרפט ברענגען דעם ארון קיין צערוואָני בור, וואָס איז 14 וויאָרסט פון לאָמזשע. דעם גאַנצן וועג האָבן זיך געצויגן מאַסן אידן צו דער סטאַנציע, פריער אויף וועגענער, שפּעטער צופוס. 8 אין אָוונט איז אָנגעקומען דער וואַגאָן מיטן ארון. פון דאָרטן האָט מען אים געטראָגן דעם גאַנצן וועג אַ גאַנצע נאַכט. 3 אַזייגער פאַרטאָג איז מען אָנגעקומען קיין לאָמזשע. דאַן האָט אויסגעבראָכן אַ יאָמער-געוויין אין שטאָט. ווען מען האָט אריינגעבראַכט דעם ארון אין גרויסן בית-מדרש זיינען הונדערטער הונדערטער אידן געקומען זען דעם ארון. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געזאָגט תהלים; אַלע איינוואוינער פון שטאָט זיינען געקומען. די שילער זיינען באַפרייט געוואָרן פון דער רוסישער גימנאַזיע און פּוילישער האַנדלס-שולע צו גיין צו דער לוויה. דער מורה-הוראה הרב יוסף צינאַוויץ און אַנדערע האָבן אים מספּיד געווען. די פּאָליציי וואָס איז געקומען האַלטן אָרדענונג איז געשטאַנען אָן אַרבעט. פון בית מדרש האָט מען געטראָגן דעם ארון אויף די הענט ביזן בית עולם. אויסצומיידן אַ געפערלעכן געדראַנג, האָט מען אַליין בידים אומגעלייגט דעם פּאַרקאַן, און דאָך נאָר על-פּי-נס איז נישט געשען קיין אומגליק צווישן דער גרויסער מאַסע פון טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט כדי צו זיין נענטער צום קבר. דאָרטן האָבן ווידער מספּיד געווען: סטאַוויסקער רב, נאָוואָגראַדער רב און זיין איידעם ה' מיידניצקי.

## נ אָ ט י צ ן

### די געשיכטע פון חדר מתוקן

די שטרעמונגען צו פאַרבעסערן און מאָדערניזירן דעם אידישן גייסטיקן לעבן האָבן אַרויסגערוקט די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט אויסצובעסערן דעם חנוך דורך גרינדן נייע חדרים וואו די מלמדים זאָלן זיין לערער פּעדאַגאָגן און וואו אויך אַלגעמיינע למודים זאָלן געלערנט ווערן. ווען דער געדאַנק איז אויך אין לאָמזשע רייף געוואָרן, האָט ער געפונען קעגנער צווישן די קנאים, אַלטע מלמדים וועלכע האָבן געציטערט פאַר זייער פּרנסה און פאַרן רב. דער רעגירונגס-אויפזעער אויף בילדונג האָט נישט געוואָלט באַשטעטיקן די עפענונג פון אַזאַ שולע. פאַרמעל האָט ער באַזירט זיין נישט איינשטימיקייט, וואָס דער רב איז קעגן און אָן זיין הסכמה קען ער נישט דערלויבן קיין דערציערס איבער אידישע קינדער. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט.

פלוצלונג רופט דער רעגירונגס פירער פון בילדונג די עלטערן, וואָס האָבן דערלאַנגט צו אים זייער בקשה, און מעלדעט זיי אַז ער האָט געביטן זיין שטעלונג צו דעם ענין: זיי קענען יאָ עפענען אַ נייעם טיפּ חדר. וואָס איז געשען? אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט, אַז מען האָט דעם באַאַמטן אונטערגעקויפט. אין דער אמת'ן איז געשען אָט וואָס: איינער פון די פאַרגעשריטענע משכילים, וואָס זיין האַרץ האָט געווייטיקט אויף די הפקרות אין אונזער קינדער-דערציאונג, דר. ש. גאָלדלוסט, האָט דערלאַנגט צו דעם בילדונגס-באַאַמטן פון דער רעגירונג עטלעכע ציטאַטן פון די ספרים דברי מלכיאל, איבערזעצט אין רוסיש, און האָט אויפגעקלערט אַז אַ רב, וואָס איז אַליין אָבערגלויבעריש און הייסט אַנדערע אויך פאַרהייליקן אָבערגלויבן דאַרף נישט זיין די אויטאָריטעט צו געבן זיין הסכמה אויף עפענען אַ מאָדערנעם-ליבעראַלן דערציאונגס אַנשטאַלט. דאָס האָט געווירקט, און די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן. אַלס מנהל פון חדר מתוקן איז באַשטימט געוואָרן ר' ישראל לעווינסקי, אַ משכיל און בן תורה פון זאַמבראָוו, אַ דיפּלאָמירטער לערער פון די רעגירונגס-אָרגאַנען איבער דערציאונג.

### „טשעפּוכאַ"

איינמאָל אין אַ מגיפה-צייט האָט מען, אַלס אַ סגולה, חתונה געמאַכט אויף דער ריבאַקי-גאַס אַן אָרעמע מיידל מיט אַ בחור אַ קאַליקע און מען האָט זיי געפירט דורך די גאַסן פון שטאָט מיט מוזיק און טענץ צו דעם בית עולם, וואו עס האָט געדאַרפט זיין די חופה. ר' מלכיאל איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פון דער פּראָצעסיע. צופעליק איז פאַרביי-געגאַנגען דער שטאָט-פּרעזידענט. האָט ער פאַרוואונדערט אַ פרעג געטאָן דעם רב אין רוסיש, וואָס איז דאָס? האָט אים דער רב געענטפערט: „טשעפּוכאַ" ד. מ. דאָס איז אַ נאַרישקייט...

### אום שבת תשובה

איינמאָל אום שבת-שובה, ווען דער גרויסער בית-מדרש איז געווען געפּאַקט מיט אידן, וואָס זיינען געקומען הערן דעם רב'ס דרשה, האָט ער נישט געוואָלט ריידן. ער איז נאָר אַרויפגעגאַנגען צום ארון-קודש, אַ קוש געטאָן דעם פּרוכת און אויסברעכנדיק מיט אַ געוויין אויסגערופן: אידן, איר זאָלט אויסבעטן אַ גוטן יאָר. איך קען נישט האַלטן פאַר אייך קיין מוסר-דרשה אין דער צייט, ווען מיינע אייגענע קינדער זיינען אַראָפּ פון דרך הישר און גייען נישט אין מיינע וועגן.

### „משה אמת ותורתו אמת"

עס איז אַמאָל געקומען צו ר' מלכיאל'ן ר' אברהמצי דער קצב אַן אויפגערעגטער: ער האָט גע'שחט'ן אַ גרויסן אָקס, וואָס האָט געקאָסט 150 רובל און מען האָט געפונען אַ סירכא אויף דער ריאה (די לונגען). ר' מלכיאל איז דאַן נישט געווען אין דעם בית-דין-צימער נאָר אַן אַנדער רב (ער איז שפּעטער געוואָרן רב אין שעדלעץ) און ער האָט געמאַכט טריפה דעם אָקס. אין אַ ווײלע אַרום איז אַריינגעקומען ר' מלכיאל און שנעל באַקוקט די ריאה און גע-פּסק'נט — כשר. יענער רב וואונדערט זיך: ס'טייטש, ס'איז אַ געפּסקנ'טע הלכה אַז עס איז טריפה. ר' מלכיאל נעמט אַרויס אַ ספר און גלייך אײפגעמישט וואו עס זאָגט זיך אַזוי ווי זיין פּסק.

ר' מלכיאל איז געווען קעגן זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן. ספּעציעל פרויען בילדער האָט ער פאַרווערט. עלטערן דאַרפן בעסער איבער'לאָזן נאָך זיך זכרונות פון גוטע מעשים און נישט בילדער (דברי מלכיאל ח' ג' סימן נ"ח). ער האָט אויך פאַרווערט פיל אָבערגלויבישע מנהגים און סגולות צו פּראַקטיצירן. תנצב"ה.

## הרב דר. חיים העלער

נאָך ר׳ מלכיאל׳ן זיינען שוין אין לאָמזשע געווען שטאַרקע שטרעמונגען צו פּראָגרעס און צו מאָדערניזירן ווי מעגלעך דאָס אידישע לעבן. פאַר אַזוינע אויפגאַבן איז נויטיק געווען אַ רב אַ למדן אָבער ער זאָל אויך זיין אַ געלערנטער אין אַלגעמיין כדי ער זאָל רעפּרעזענטירן די קהילה אויך פאַר די רעגירנדע קרייזן, אַמבעסטן — אַ רב און אַ דאָקטאָר צוזאַמען.

עס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן די קאַנדידאַטור פון הרב דר. חיים העלער, אַ חריף און אַ בקי אין גאַנץ תורה, ווי דער זקן ר׳ חיים מייזעל, אַמאָליקער לאָמשזער רב, האָט אויף אים געזאָגט, אַז מיט איין קוק זעט ער גאַנץ ש״ס. פיל בעלי־בתים זיינען געווען קעגן זיין קאַנדידאַטור, מורא־האָבנדיק פאַר זיין צופיל געלערנטקייט. אָבער זיין שווער, אַ גרויסער פאַבריקאַנט אין לאָדז, האָט געשאָטן מיט נדבות פאַר דער קהילה און האָט אויך געוואוסט ווי צו איינגעמען זיינע קעגנער און הרב דר. חיים העלער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר רב אין לאָמזשע.

מיט גרויס כבוד האָבן מאַסן אידן אים מקבל־פּנים געווען. אין דער גרויסער שול האָט מען אים אויפגענומען ווי אַ קעניג. מען האָט געלייענט פאַר אים דעם כתב־רבנות און געטרונקען לחיים. ר׳ שלמה בלאנקשטיין, אַ בכבודיקער בעל־הבית, האָט מכבד געווען דעם עולם מיט כרמל ווייַן מאָטיווירנדיק אַז כרמ״ל איז די ראשי תיבות פון: כבוד, רבנו, מעיר לאָמזשע. דער רב האָט געהאַלטן זיין ערשטע דרשה, וועלכע האָט צעוואַרעמט זיינע קעגנער זאָגנדיק: „נישטאָ זיין גלייכן אין תורה“. ר׳ חיים העלער איז שוין דאַן געווען באַוואוסט מיט זיינע פאָרשונגען איבער דעם רמב״ם, ספר תורה פון די שומרונים און זיין וויסנשאַפטלעכער ספר איבער דעם תרגום השבעים. די רבנישע וועלט, אַזוי אויך די געלערנטע, האָבן אים זייער הויך געשעצט.

ר׳ חיים העלער איז אין גיכן געוואָרן באַליבט ביי אַלע קלאַסן אידן. אויך זיינע פריעִרדיקע קעגנער זיינען געוואָרן זיינע פאַרערער און פילע פון זיי האָבן געבעטן ביי אים מחילה פאַר זייער פריערדיקער קעגנערשאַפט. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ מורה־הוראה אויף זיין שווער׳ס חשבון. ער האָט איינגעאָרדנט ביי זיך 2 קיכן אין באַזונדערע צימערן — אַ פליישיקע און אַ מילכיקע.

עס זיינען אָבער נאָך אַלץ געבליבן איניקע עסקנים, וואָס עס האָט זיי פאַרדראָסן פאַר נישט פרעגן זייער מיינונג ביים אויפנעמען ר׳ חיים העלער פאַר רב און זיי האָבן געגראָבן אונטער אים און פאַרשפּרייט רכילות. ר׳ לייבל קרעלנשטיין, אַן אַלטער שתדלן, האָט זיך באַרימט: „און איך זאָג אייך, אַז ר׳ חיים העלער וועט נישט מאריך־ימים־זיין אין לאָמזשע. ער איז צו גוט פאַר אונז“. איינמאָל איז ער אַריין צום רב און האָט גע׳טענה׳ט: „דו ביזט אַ טייערער רב. דיין כסא־רבנות האָט אָפּגעקאָסט דיין שווער 20 טויזנט רובל. פאַראַן בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך געגייט טכוירענע פוטערס פאַר די ,לאַ־יחרץ׳־געלט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דיין שווער“. די רייד האָבן געווירקט זייער שלעכט אויפן רב און ער האָט גלייך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן לאָמזשע. אין מיטן חודש תמוז איז ער אָנגעקומען און מוצאי יום־כפור האָט ער פאַרלאָזן לאָמזשער כסא־רבנות.

## הרב ר׳ יהודה לייב גאָרדין

אין „הצפירה“ פון 1913, נר. 152, שרייבט אַ קאָרעספּאָנדענט אלתר כץ: דער קאָמיטעט צו אויסקלייבן אַ רב אַרבעט זייער פּאַמעלעך. אַ גרויסע אָפּגעלאָזנקייט הערשט אין די קהל׳שע אינסטיטוציעס ווי תלמוד־תורה (די מלמדים באַקומען נישט קיין שכירות, „עסן טעג“), אין מושב־זקנים הויז ליגט דער דאַך אויפן קאָפּ. אַלץ וואַרט אויף אַ רב. און אָט איז אויסגעקליבן געוואָרן ר׳ דוד־כהנא שאפּירא פון סמאלאוויץ. אָבער איידער וואָס־ווען האָט אים קאָוונע אויסגעכאַפּט און געשיקט אַ כתב־רבנות. אַ צווייטער קאַנדידאַט



ר׳ יהודה לייב גאָרדין

ר׳ אליהו־אהרן מילייקאָווסקי פון גראַיעווע איז אַוועק קיין כאַרקאָוו פאַר אַ רב. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די קאַנדידאַטור פון ר׳ יהודה־לייב גארדין פון סמארגאָן און אַלע האָבן מסכים געווען.

די ערשטע רבנות זיינע איז געווען אין מיכאַלישאָק, נאָך דעם אין אַווגוסטאָוו, סובאַלקער גובערניע. מען האָט אים פאָרגעלייגט דאַן די רבנות אין אָסטראָוו, לאָמזשער גובערניע. דער „חפץ חיים“ איז דאַן געווען אין אווגוסטאוו, און אויף הרב גארדינ׳ס פראַגע צי זאָל ער אָננעמען די שטעלע פון רבנות אין אַ שטאָט פון חסידים, האָט אים דער „חפץ חיים“ געענטפערט: וואָס קען זיין מיט חסידים? זיי נעמען אַ ביסל בראנפן וועסטו אויך נעמען אַ ביסל בראנפן מיט זיי (ספר „על חפץ חיים“ זייט 279).

ער איז אָנגעקומען אין אָסטראָוו, וואו ער האָט קענענגעלערנט די חסידישע באַוועגונג. ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ העפט מיטן נאָמען: „וואָס איז אַזוינס חסידיזם“. פון אסטראוו איז ער אַוועק קיין סמארגאן און צולעצט קיין לאָמזשע. ער איז געווען באַוואוסט ווי אַ רב מיט אַלגעמיינער וויסנשאַפט. זיין העפט: „וואָס איז אַזוינס תלמוד“ איז געווען באַוואוסט אויך צווישן נישט אידן. אויפן בייליס־פּראָצעס האָבן אים ציטירט אי די באַשולדיקונג אי די פאַרטיידיקונג.

אַן אָרעמער אינגל, האָט ער זיך אַליין דערוואָרבן ברייטע ידיעות אין רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור און אויך אַלגעמיינע וויסנשאַפט ווי מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און ביאָלאָגיע. זיינע דרשות זיינען געווען אַ צוזאַמענשטעל פון תורה און וויסנשאַפט. אויך פריי־געזאנענע פלעגן אים הערן מיט גרויס צופרידנהייט. ער איז געווען אַ חובב־ציון און לויט אים וועלן אפילו די מחללי שבת אין ציון האָבן עולם הבא, ווייל זיי בויען הייזער און קאָלאָניעס אין ארץ ישראל. יעדער וואָס היט שבת אפילו נישט ווי דער דין, נאָר ווי עס איז גוט פאַר אים, איז אויך זיכער מיט עולם הבא (אין זמירות

פון פרייטיק־צו־נאַכט זאָגט דער מחבר: מקדש שבת כראוי לו, שומר שבת כדת — שכרו הרבה מאד).

שווער איז געווען ר׳ יהודה־לייב גאָרדינ׳ס לאַגע נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה. די פּאָליאַקן פלעגן מאַכן בלבולים און אויפרייצן די רוסן קעגן די אידן אַז זיי זיינען שפּיאָנען פאַר דייטשלאַנד, און זיי זיינען שולדיק אין די מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי. די רוסן פלעגן אַרעסטירן גרופּעס אידן אויפן גרונט פון פאַלשע מסירות פון פּאָליאַקן. הרב גאָרדין האָט געהאַט אַן אויפגאַבע צו זיין ביי דער מאַכט און באַפרייען זיי אויף זיין אחריות.

גלייך ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער געהאַלטן אַ פּאַטריאָטישע רעדע אין דער גרויסער שול, דעקאָרירט מיט רוסישע מלוכה־פאָנען, אין דער אָנוועזנהייט פון פילע הויך־ראַנגיקע אָפיצירן און ביי אַ געפּאַקטער שול מיט אידן. ווען דער גענעראַל בעזלאַדנאָוו האָט געוואָלט אַרויסטרייבן די אידן פון לאָמזשע אַלס די גרעניץ־שטאָט, איז הרב גאָרדין געפאָרן קיין ווילנע צום הויפּט־קאָמאַנדיר דאַנילאָוו מבטל צו מאַכן די גזירה, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון בעזלאַדנאָוו און אַראָפּנעמען דעם חשד פון שפּיאָנאַזש פון לאָמזשער אידן. דער שונא ישראל דאַנילאָוו האָט געזאָגט צום רב: „העגט אין דער הויך, האָסט אפשר אַ באָמבע אין דיין קעשענע און ביזט געקומען מיך הרג׳ענען?״ דער רב האָט אויפגעהויבן די הענט און גלייכצייטיק געזאָגט מיט שטאָלץ: „מיר האָבן נישט קיין באָמבעס און מיר פאַרגיסן נישט קיין בלוט. איך גאַראַנטיר פאַר מיין געמיינדע מיט מיין קאָפּ, אַז זיי זיינען נישט קיין פאַררעטער צו זייער פאָטערלאַנד. נעם מיך פאַר אַן ערב פאַר מיין געמיינדע, אויב דו ווילסט״. זיינע שטאָלצע רייד האָבן געווירקט. אַזוי האָט ער זיך מוסר נפש געווען פאַר די אידן פון אַ נאָענטער שטעטל צוליב אַ מסירה פון די פּאָליאַקן. גענעראַל מיאַסאיעדאָוו האָט דאָרט געוואָלט שיסן דעם רב.

איינמאָל, דעם ערשטן טאָג פסח אין יאָר 1915, האָבן קאָזאַקן געכאַפּט 41 אידן אין גאַס צו שווערער אַרבעט און שניידן וועלדער. הרב גאָרדין איז אַוועק צום גענעראַל וועגן זייער באַפרייאונג. דער גענעראַל האָט דערלויבט דעם רב צו דינגען אַרבעטער אָנשטאָט די געכאַפּטע אידן. דער רב האָט דאַן גע׳אסר׳ט צו דאַווענען מעריב אין אַלע שולן פון שטאָט, כדי מען זאָל גלייך אויפקלייבן די סומע, וואָס איז געווען נויטיק צום דינגען אַרבעטער. דער עולם איז געגאַנגען אַהיים ברענגען געלט און דער רב איז געגאַנגען אין איינ‏יקע שולן צונויפקלייבן דאָס געלט פאַר פּדיון שבויים. דאָס ערשטע איז ער אַרויף צום בית־מדרש „מגן אברהם״ צו די גבירים און האָט אַליין אַוועקגעלייגט זיין ערשטן ביי‏טראָג. נאָך אים האָבן שוין די איבעריקע זיך געהיילט צו געבן יעדער זיין נדבה און אין זעלבן אָוונט זיינען אַלע געכאַפּטע אידן אויסגעלייזט געוואָרן.

הרב גאָרדין פלעגט זיך נוהג־זיין צו האַלטן דרשות אָפט, נישט ווי אַלע אַנדערע רעליגיעזע רבנים פלעגן דרשנ׳ען נאָר שבת־הגדול און שבת־שובה. זיין מאָטיוו: אַמאָליקע זייגערס פלעגט מען דאַרפן אָנציען אַ פּאָר מאָל אין יאָר, היינט זיינען די זייגערס שוואַכע און מען דאַרף זיי אָנציען און אָנשטעלן יעדע וואָך אָדער צוויי וואָכן...

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט לאָמזשע האָט הרב גאָרדין געהאַט אַ נייע אויפגאַבע — זיך אויסצולערנען די דייטשישע שפּראַך, וועלכע ער האָט ביז דאַן נישט געקענט. ער האָט עס געדאַרפט זייער נויטיק, כדי ער זאָל קענען שטיין פאַר דער רעגירנדער מאַכט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ רב. אין אַ קורצער צייט האָט ער דאָס דערגרייכט (שפּעטער האָט ער אַזוי שנעל און גרינטלעך זיך אויסגעלערנט אויך פּויליש) אין אַזאַ מאָס, אַז ער פלעגט זיך אָפט טרעפן מיטן קרייז־שעף, ווילקינס, און האָט מיט אים פריינטלעך געשמועסט וועגן אידנטום און רעליגיע אין אַלגעמיין. ווילקינס איז געווען קלאָר אין אידישער היסטאָריע און גרעצ׳ס געשיכטע־ביכער זיינען שטענדיק געלעגן אויף זיין טיש.

הרב גאָרדין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קלאָרן פאַרשטאַנד און וויזיע. ער האָט קלאָר געזען, אַז די דייטשישע הערשאַפט איבער פּוילן וועט נישט דויערן און אידן וועלן מוזן לעבן צוזאַמען און אונטער דער הערשאַפט פון די פּאָליאַקן. ער האָט דעריבער געוואָרנט די אידן צו האָבן שוין גוטע באַציאונגען מיט די פּאָליאַקן, אפילו לפנים משורת הדין, צוליב שלום וועגן, טראָץ דעם וואָס די פּאָליאַקן האָבן ניט געהאַט קיין צופיל חן ביי די דייטשן. די דייטשן האָבן געגעבן פיל פרייהייט די אידן אין קולטורעלע טעטיקייטן, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט ביים צאַר, ווי: עפענען ביבליאָטעקן, שולן, קורסן, ספּאָרט און אַנדערע פאַראיינען. אויך עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס האָבן די אידן גענאָסן פון די דייטשן: צו האַנדלען און אימפּאָרטירן פון דייטשלאַנד פאַרשידענע סחורות אפילו גרעסערע אונטערנעמונגען, ווי בויען פאַרשידענע בנינים פאַר דער דייטשישער מאַכט, א. א. וו. מיט די וואָרענונגען האָט דער רב פיל אויפגעטאָן. שפּעטער ווען די דייטשן האָבן פאַרלאָזט פּוילן האָבן אידן געדענקט זייער רב׳ס פאָרזיכטיקייט, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט דעם גאַנג פון אונזערע נביאים.

אַ פאַקט אַלס אילוסטראַציע: ווען די דייטשן האָבן באַזעצט לאָמזשע, האָט אַ דייטשישער סאָלדאַט געבראַכט צו ה׳ א. מזרח אַ באַפעל פון דער מיליטערישער מאַכט אַז ער איז באַשטימט צו זיין דער הויפּט פון דער שטאָט־מיליץ. ה׳ מזרח איז גלייך אַוועק צו הרב גאָרדין פאַר אַן עצה, וועלכער האָט אים געראָטן אַז ער זאָל לאָזן וויסן די דייטשן, אַז ער נעמט אָן דעם אַמט, אָבער ער בעט, אַז גלייכצייטיק זאָל באַשטימט ווערן אויך אַ פּאָליאַק מיט גלייכער רעכט, למען השלום. דער קאָמענדאַנט האָט אַזוי געטאָן און באַשטימט דענטיסט סעלענס פאַרן צווייטן הויפּט פון דער מיליץ. אָט די טאַקטישע האַנדלונג מצד די אידן איז אָנערקענט געוואָרן פון די פּאָליאַקן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן און דער הויפּט פון בירגער־קאָמיטעט, כריסטאָוואָסקי, האָט עפנטלעך געדאַנקט ה׳ מזרח פאַר זיין האַנדלונג.

ס׳האָט געטראָפן, אַז דער רב האָט אויסגענוצט ה׳ מזרח׳ס הויכן אַמט לטובת אַן אָרעמאַן, וואָס האָט געקראָגן געשלאָגן פון אַ גביר, דער בעל־הבית פון זיין דירה. דער רב האָט באַפוילן ה׳ מזרח צו אַרעסטירן דעם גביר. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רב האָט געמאַכט אַ טעות, נישט אויספאָרשנדיק פריער די זאַך. ס׳איז גאָר געווען אַ בלבול. דאָס דערקלערט זיך מיט זיין תמימות און דערבאַרימקייט איבערן אָרעמאַן.

ה׳ מזרח האָט דערציילט: ווען ער האָט זיך באַקלאָגט פאַרן רב אויף עפּעס אַ חילול קודש אין שטאָט, איז ער באַלד אַרויס קעגן דעם זייער שאַרף. פאַרקערט, אויך ווען דער דעת הקהל איז געווען קעגן עפּעס אַ נייעם איינפיר. אַפילו אויב ער אַליין איז געווען פאַר דעם, האָט ער זיין מיינונג פאַרבויגן צוליב דעם דעת הקהל. אַ פאַקט: ער האָט געהייסן הרב ציגאָוויץ זאָל דרש׳נען קעגן דעם, אַז די משוררים פון כאָר אין דער גרויסער שול זאָלן טראָגן יאַרמולקעס און אַ ספּעציעלן טראַכט, ווי עס טראָגט דער כאָר אין ט׳אָמאַצ־

קער שול אין וואַרשע, ווייל די חסידים זיינען געווען קעגן דעם, ווי אַ רעפאָרם. אָבער ווען ה׳ מזרח האָט גלייך אַ פרעג געטאָן דעם קהל נאָך דער דרשה צי ווילן זיי יאַרמולקעס און אַלע האָבן געענטפערט יאָ, איז איינגעפירט געוואָרן דער אוניפאָרם, אַזוי ווי דער ועד פון שול האָט פון אָנפאַנג באַשלאָסן.

אויסער זיינע אויבנדערמאָנטע העפטן, האָט ער אויך אָנגעשריבן נאָך 3 ספרים שאלות ותשובות: „דגל יהודה“, „דברי יהודה“, „תשובות יהודה“, וועלכע האָבן זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען אין דער רבנישער וועלט.

אין יענער צייט איז געקומען קיין לאָמזשע אַ פאָרשטייער פון אַמעריקאַנער דזשאָינט, מר. הורוויץ. דער רב האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט וועגן זיין ברודער, אַ פראָפעסאָר אין שיקאַגער אוניווערסיטעט, פון וועמען ער האָט שוין לאַנג נישט באַקומען קיין בריוו. אין אַ יאָר שפּעטער לאָזט הורוויץ וויסן דעם רב וועגן זיין ברודער, דעם פּראָפעסאָר, און אויך אַז ער, דער פּראָפעסאָר, וויל נישט האָבן מער קיינע באַציאונגען מיטן רב. דער מאָטיוו — דעם רב׳ס צוויי זין אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד זיינען פּראָפּאַגאַנדיסטן־אַנאַרכיסטן אין אַמעריקע און זיי טוען עס להכעיס אים, נישט רעכענענדיק זיך מיט די וואָרענונגען און ביטעס פון פּראָפעסאָר. דערהערנדיק אַזאַ גרוס, האָט דער רב באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקאַ צו מאַכן שלום מיט זיין ברודער הגם ער איז געווען אינגער פון אים און דער רב האָט אים געהאָלפן מאַטעריעל דערגרייכן זיין קאַריערע. דער רב לערנט שוין אויך ענגליש און זוכט אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין אַמעריקע. אַזאַ געלעגנהייט מאַכט זיך אים: צו פאָרן אַלס משולח פון לאָמזשער ישיבה, וועלכע איז דאַן געווען אין גרויס נויט.

הרב גאָרדין איז געפאָרן און פיל אויפגעטאָן פאַר דער ישיבה. אַ סענסאַציע איז געווען די באַגעגעניש צווישן לאָמזשער רב און זיין אינגערן ברודער, פּראָפעסאָר פון שיקאַגער אוניווערסיטעט. די צייטונגען האָבן אויך אַרויסגעשטעלט אויף די ערשטע זייטן די פאָטאָגראַפיעס פון די ברידער, וועלכע זיינען זיך צעגאַנגען איבער גאַנץ אַמעריקע. שיקאַגאָ האָט אויסגעקליבן הרב גאָרדין פאַר איר הויפּט־רב.

נישט לאַנג האָט ר׳ יהודה־לייב גאָרדין געלעבט אין אַמעריקע. ער איז נפטר געוואָרן י׳ אייר, תרפ״ה. לאָמזשע איז געווען אין טיפן טרויער. עס האָבן אים מספּיד געווען הרב באַקשט, מורה־צדק הרב אברהם־יוסף צינאָוויץ, ראש ישיבה ר׳ יחיאל מרדכי און ר׳ פישל צעכאַנאָוויץ. צו זיין אָנדענקונג האָט מען געגרינדעט אַ קיך פאַר די תלמידים פון דער ישיבה מיטן נאָמען „בית־לחם־יהודה“. אין שיקאַגאָ האָט מען הרב גאָרדין מספּיד געווען ווי עס האָט געפּאַסט פאַר אים און מען האָט אויפגעזאַמלט און אַוועקגעשיקט זיין אַלמנה אַ געוויסע סומע געלט צו דערמעגלעכן איר צו אויפגיין קיין א״ץ ישראל צו איר טאָכטער בלומע, מוטער פון דוד־רזיאל, אַ גענעראַל אין ישראל׳ס אַרמיי. אין שיקאַגאָ דינט אַלס רב און ראש ישיבה זיין איידעם דעם זאמבראָוער רב׳ס זון, ר׳ חיים־דוד רעגענסבערג. זיין פרוי איז געווען אין איר צייט אַן אַקטיווע חברה אין „התחיה“.

הרב יהודה־לייב גאָרדין האָט מיט זיין אַוועקגיין פון לאָמזשע מיטגענומען מיט זיך די שיינקייט און דעם שטאָלץ פון לאָמזשער קהילה. שווערע צייטן זיינען אָנגעקומען פאַר אידן אין גאַנץ פוילן. לאָמזשער אידן, ווי איבעראַל, האָבן אָנגעפאַנגען צו עמיגרירן. די שטאָט איז געוואָרן אָרעם, די עקאָנאָמישע לאַגע אַלץ שווערער.

# הרב אברהם יוסף צינאָוויטש

אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט איז געווען הרב צינאָוויץ, וועלכער האָט פאַרנומען די שטעלע פון מורה־צדק (הוראה) אין לאָמזשע דורך אַ פּעריאָד פון 35 יאָר. געבוירן אין זאַמבראָוו ביי אַ רב־תלמיד־חכם ר׳ חיים־צבי, וועלכער איז געזעסן יום ולילה און געלערנט תורה און זיין פרוי האָט געהאַנדלט מיט מאַנופאַקטור און אויסגעהאַלטן דעם מאַן מיט די קינדער. נאָך שעה׳ן דאַווענען פלעגט ער אַרויפלייגן שערבלעך אויף



הרב אברהם יוסף צינאָוויטש

זיינע אויגן, וואָס מען טוט צו אַ טויטן ביי דער קבורה, כדי ער זאָל גוט געדענקען דעם טויט און תשובה־טאָן. ער פלעגט פאַסטן הפסקות און אָנבייסן ערשט נאָך מנחה. פון זיינע 4 זין איז ר׳ יוסף־אברהם געווען דער פּעאיקסטער און נאָך אין דער יוגנט איז ער געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה.

אין זיין יוגנט איז ער שוין געווען מורה־צדק אין אסטראָוו אַרום 20 יאָר, ביז זיין אָנקומען קיין לאָמזשע. נישט קוקנדיק אויף זיינע פליכטן ווי אַ מורה־צדק אין אַ גרויסער שטאָט, פלעגט ער אָפּגעבן פיל צייט צום לערנען. אַ פענאָמענאַלן זכרון האָט ער געהאַט. דריי גרויסע ווענט זיינען געווען פאַרנומען מיט ספרים פון רבנישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין ביבליאָטעק און ער האָט געדענקט יעדן ספר, זיין מחבר און דעם יאָר ווען עס איז געדרוקט געוואָרן. ער האָט ליב געהאַט צו זאַמלען פאַרשידענע סידורים, מחזורים, הגדות, חומשים און מאַנוסקריפּטן.

ער איז געווען אַ מזג־טוב און זיין האַרץ האָט געווייטיקט, ווען אַ אידן איז געטאָן געוואָרן שלעכטס פיזיש אָדער ווען ער האָט געהאַט אַ פאַרלוסט פון געלט. אַ פאַקט אַלס אילוסטראַציע: אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַמאָל גערופן געוואָרן צו קומען אין די פאָרטן און דאָרטן זאָגן ווידוי מיט אַ אידן, אַ פאַר׳משפּט׳ן צום טויט פאַר שפּיאָנאַזש. דער איד איז געווען אומשולדיק, און הרב צינאַוויץ איז צוריקגעקומען פון דאָרטן אין גאַנצן קראַנק און צעבראָכן און איז געלעגן צו בעט אַ לאַנגע צייט. צוליב זיין פיינעם כאַראַקטער איז ער געווען אַ גוטער פשרה־מאַכער אין סכסוכים. מען פלעגט קומען צו אים אויך פרעגן עצות, אָדער סתם שמועסן און נישט דווקא וועגן דינים. ער פלעגט פאַרבעטן צו זיך יונגע לומדים און פאַרברענגען מיט זיי אין שמועסן אין לערנען. דערוואַקסענע ישיבה־בחורים פלעגן קומען צו אים ער זאָל זיי אויספּרובירן אין לערנען. אַנדערע פלעגט ער נאַכהער געבן „סמיכה“. פיל יונגע רבנים פון דער סביבה זיינען געווען זיינע תלמידים.

זיין גוטסקייט האָט אים געבראַכט אין דער מחנה פון חובבי ציון, און ער איז געווען צווישן די 40 רבנים, וואָס האָבן אין זיינע צייטן גע'חתמ'עט אַ „קול קורא" לטובת „קרן קימת". ער האָט ליב געהאַט צו ליי'ענען „ספרים חיצונים", האָט געקענט רוסיש, פויליש און דייטש אַזוי, אַז ער פלעגט דערשיינען אין געריכט אַלס עקספּערט אין רעליגיעזע ענינים. ער פלעגט אויך איינשווערן סאָלדאַטן; ער פלעגט שטענדיק זיין אין די דעלעגאַציעס אויפצונעמען וויכטיקע פּערזאָנען. קאַפּוצינער מאָנאַכן פלעגן באַזוכן זיין הויז פאַר אַ דיסקוסיע אָדער פראַגן וועגן אידנטום. פילע פון זיי פלעגן רעדן העברעאיש און געוואוסט תלמוד און זוהר.

הרב צינאָוויץ האָט זיך אינטערעסירט אין מעדיצין־וויסנשאַפט. ער פלעגט לייענען ביכער אויף דעם געביט און האָט געשריבן חיבורים וועגן מעדיצין אין תלמוד. דר. קאַרבאָווסקי איז געווען זיין דאָקטאָר און גלייכצייטיק זיין מיט־שמועסער. 3 מאָנאַטן איז ער געלעגן אין וואַרשעווער שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע. דר. פרישמאַן, זיין כירורג, פלעגט אים וויזיטירן 2־3 שעה אַ טאָג און פאַרברענגען מיט אים אין געשפּרעכן.

זיינע קינדער, צוויי זין און פיר טעכטער, האָט ער אויפגעבראַכט אין גייסט פון תורה און טראַדיציע. זיין בכור ידידיה איז געווען אַ וואַרשעווער סוחר, אַ הייסער ציוניסט און האָט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועקגעשיקט זיינע 3 זין קיין ארץ ישראל. דער צווייטער זון, יעקב, האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע. זיין עלטסטע טאָכטער, נעמי, האָט חתונה געהאַט מיט דעם עילוי פון גאָוואָרוו, דוד ראָזענבלום, וואָס צוליב עניוות האָט ער נישט געוואָלט זיין קיין רב. זיין צווייטע טאָכטער, ברכה, האָט געהייראַט מיט יהושע מונדליאַק, אַ ברודער פון רעגינא מונדליאַק, די מאָלערין. זיינע אינגסטע 2 טעכטער, שיינדל און פעשע, זיינען געווען איבערגעגעבענע ציוניסטקעס אין בנות־ציון פון „התחיה" און האָבן געקענט העברעאיש און תנ"ך. געווען פאַרנומען מיט העלפן נויטבאַדערפטיקע, פּליטים, א. אַז. וו. די אינגסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט יחזקאל קאַפּלאַן פון קאָלנע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן רב אין פּאַדברעזע.

פון עניוות האָט הרב צינאָוויץ נישט פאַרעפנטלעכט זיינע חידושים אין תורה. זיין אייניקל שמואל־חיים ראָזענבלום האָט געלאָזט אָפּדרוקן זיין ספר „סלסלות יוסף". דער ספר איז זייער געליבט געוואָרן אין דער רבנישער וועלט. ער האָט נישט זוכה געווען אויפצוגיין קיין ארץ ישראל און דאָרטן פאַרענדיקן זיינע יאָרן. זיין פרוי, די איידעלע צדקת פון שצוצין, איז געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער רב איז אָבער געטריבן און געפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן צוגלייך מיט אַלע פון זיין קהילה. ס'איז נישט באַוואוסט וואו און ווען ער איז נפטר געוואָרן. תנצב"ה.

## רבי שלמה מאַרגאָליס־פּערלא

רבי שלמה בן אביגדור פּערלא איז געווען אַ מורה־צדק אין לאָמזשע אין די ערשטע יאָרן פון דער גרינדונג פון דער קהילה. ער איז נפטר געוואָרן ווי אַ קדוש אין יאָר תקצ"א (1831). זיין זון אשר פּערלא, געבוירן אין לאָמזשע אין יאָר 1794, איז געשטאָרבן אין 1880. דער פאָטער מיטן זון האָבן געקענט פויליש און זיינען געווען אָפיציעלע איבערזעצער פון אידישע דאָקומענטן אין לאָמזשער געריכט. זיין אייניקל, ר' מאיר־יעקב פּערלא, איז געווען אַ באַוואוסטער רב אין וואַרשע („המגיד", 1880, נר. 50).



הרב צינאָוויץ לערנט תורה מיט זיין אייניקל שמואל חיים ראָזענבלום.

## רבי אליהו ראָזענבערג

ר' אליהו ראָזענבערג איז געווען אַן איידעם פון הרב בנימין דיסקין. געווען אַ למדן און אַ חכם. געווען אַ מורה־צדק אָן שכירות אין לאָמזשע, פאַר דער צייט, וואָס זיין שוואָגער, ר' י. ל. דיסקין, איז אַוועק פון לאָמזשע קיין מעזריטש אין 1859. ער איז געווען אַ רייכער סוחר און אַ פּוילישער פּאַטריאָט. ער האָט איינגעאָרדנט אַן אזכרה אין גרויסן בית מדרש כ' תמוז, תרכ"א (1861), נאָכן טויט פון פוילישן שרייבער יאַאַכים ליילייוועל. פריער האָבן די קאַפּוצינער געמאַכט דאָס זעלבע ביי זיי אין קירכע און פון דאָרטן זיינען זיי געקומען מיט פיל גלחים און הויכע באַאַמטע אין גרויסן בית מדרש. דער רב האָט געלייענט פון אַ פּאַפּיר אַ הספד אין פּויליש און נאָך דעם האָט דער חזן ר' אברהם־משה בלושטיין געזונגען אל מלא און קאַפּיטלעך תהלים („כרמל", צווייטער יאָר, זייט 10).

## הרב דר. אפרים עדעלשטיין

(זע ווייטער אין אָפּטיילונג — דאָקטוירים.)

## ר' אברהם שמואל דיסקין

רבי אברהם־שמואל, זון פון ר' בנימין דיסקין, איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין לאָמזשע. נאָך אין זיין יוגנט איז מען געקומען פון נאָענט און פון ווייט צו הערן פון אים תורה. העלפנדיק פילע יאָרן זיין פאָטער און זיין ברודער אין זייער בית־דין־שטוב, איז ער געווען פאַררעכנט ווי אַ דיין אין שטאָט. אין יאָר 1865 האָט ער אָנגענומען אַ כתב־רבנות פון וואָלקאָוויסק, וואו זיין פאָטער איז געווען רב אין 1820. 22 יאָר האָט ער פאַרנומען דאָרטן דעם כסא־רבנות. זיין חיבור „לב בנימין" נאָך זיין פאָטער ר' בנימין האָט זייער אויסגענומען און איז געווען אַ האַנט־בוך פאַר יעדן רב. ער איז נפטר געוואָרן צו 70 יאָר י"ב טבת, תרמ"ז. אין לאָמזשע האָט מען אים שטאַרק מספּיד געווען.

## ר' יעקב גרובשטיין

הרב המאור הגדול ר' יעקב גרובשטיין איז געווען רב אין לאָמזשע. ער איז קראַנק געוואָרן און פאָרנדיק קיין ווין זיך צו קורירן, איז ער אין וועג, אין האָטעל אין קראַקאָוו, נפטר געוואָרן אויף זיין פופציקסטן יאָר. געווען אַ תלמיד פון ר' פּנחס יצחק מאַרגאָליס פון שצוצין. געווען אהוב למקום ונוח לבריות. קראָקאָווער רבנים האָבן אים מספּיד געווען ווי מען דאַרף און געשיקט טרייסט בריוו צו זיין משפּחה און צו דער לאָמזשער קהילה („הצפירה", י"א תשרי, תרמ"א — 1880).

## ר׳ יהושע העשל פּריימאַן

ר׳ יהושע־העשל פריימאַן (מען האָט אים גערופן ר׳ העשל וואַנסער) איז געווען באַליבט ביי מענטשן. געווען אַ גרויסער חובב־ציון. אין אַ באַריכט פון אדעסער קאָמיטעט ווערט דערמאָנט, אַז ער האָט געשיקט פון לאָמזשע פאַרן ישוב א״י 149.70 רובל. ער פלעגט דאַוונען אין הכנסת־אורחים, וואו ער פלעגט לערנען מיטן עולם אַ בלאַט גמרא. זיי׳נע דרשות זיינען שטענדיק געווען וועגן חיבת ציון.

## ר׳ עקיבא ראַבינאָוויץ (פּאָלטאַווער)

רבי עקיבא ראַבינאָוויץ איז געווען אַן איידעם פון ר׳ אליהו ראָזענבערג. געבוירן אין 1861 נעבן קאָוונא אין שטעטל שוללי. זיין פאָטער איז געוואָרן פיאַנטעניצער רב ווען ער איז אַלט געווען 5 יאָר. אַלס קינד איז עקיבא געווען באַוואוסט אַלס שרעקלעכער שטיפער אָבער גלייכצייטיק אַלס עילוי. געלערנט אין ישיבות און געוואָרן אַ מוסמך פון ר׳ דוד־שלמה יאסטראוו פון קאלוואריא.

אין 1881 איז ער געוואָרן אַן איידעם צו ר׳ אליהו ראָזענבערג, שוואָגער פון ר׳ י. ל. דיסקין. זייענדיק אַ סוחר און פאַרגעשריטן האָט ער געזאָרגט, אַז זיין איידעם זאָל לערנען שפּראַכן: רוסיש, פויליש, דייטש און לאַטייניש. אין 1889 איז עקיבא געשטאַנען צום עקזאַמען און געקראָגן דעם טיטול „רעגירונג־רב״. אַ קורצע צייט פּרובירט ער צו טאָן מסחר. שפּעטער איז ער אַ געוויסע צייט אין זיין שווערס הויז אַלס דיין־געהילף צום בית דין. נאָך זיין פאָטערס טויט ווערט ער רב אין פיאַנטניצע. ער נעמט זייער אויס מיט זיינע ציוניס־טישע דרשות. אין יאָר 1892 ווערט ער רב אין קנישין ביים פּרייסישן גרעניץ. אין 1893 ווערט ער רב אין פּאָלטאַווע אויף דער רעקאָמענדאַציע פון ר׳ שמואל מאָהילעווער.

פּאָלטאַווע מיט אירע שרייבער און משכילים איז שטאָלץ מיט ר׳ עקיבא ראַבינאָוויץ, וועלכער האָט דאָ געפונען אַ פעלד פאַר אַרבעט אויפן געביט פון פאָלקס־בילדונג און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. ער איז געווען אַ דעלעגאַט צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אין יאָר תרנ״ט (1898), אום חול־המועד סוכות, האַלט ער אַ ציוניסטישע רעדע. נאָך זיין ריידן שטיי׳ען צו פילע אידן צו דער חיבת־ציון באַוועגונג און פיל געלט ווערט געזאַמלט פאַר ישוב ארץ ישראל.

אָבער ערב דעם צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס, בעת אַ קאָנפערענץ פון חובבי ציון אין וואַרשע, קערט זיך ר׳ עקיבא ראַבינאָוויץ איבער און ווערט אַ שונא־ציון. דאָס איז געשען צוליב אַ טעות, וואָס ער האָט געמאַכט, ווען מען האָט אויס־געקליבן אַן אַנדער רב ראַבינאָוויץ צו אַ קאָמיסיע, און ער האָט געמיינט פון אָנפאַנג, אַז דאָס האָט מען אים געמיינט. ר׳ עקיבא האָט עס אָנגענומען אַלס אַ פערזענלעכע באַליי־דיקונג. צוערשט, אויפן 2טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט ער געפאָדערט, אַז אַ וועד פון רבנים זאָל אויפזען אויף די גייסטיק־קולטורעלע אַרבעטן פון ציוניסטן. זיין פאָרשלאָג איז נישט אָנגענומען געוואָרן. דאַן טרעט ער אַרויס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און ווערט אַ שונא־ציון.

ער גרינדעט אין פּאָלטאַווע 2 זשורנאַלן „הפּלס״ און „המודיע״ געווידמעט צו חידושי תורה און גלייכצייטיק צו קריטיקירן און באַשמוצן ציוניזם און ציוניסטן.

ר׳ עקיבא האָט געהאַט חברים און פריינט אין לאָמזשע, וועלכע פלעגן קאָרעספּאָנדירן מיט אים (איבערגעגעבן פון ר׳ ישראל לעווינסקי און ר׳ מאיר צוקראָוויץ).

## הרב ר׳ אהרן באַקשט

נאָך ר׳ יהודה־לייב גאָרדין איז אָנגעקומען אין לאָמזשע אַלס ראב״ד דער סובאַלקער רב, ר׳ אהרן באַקשט. געבוירן אין איוויע, אַ שטעטל לעבן ווילנע. נאָך אין זיין יוגנט האָט ער גע׳שמ׳ט אַלס „איוויער עילוי״, אַדער ר׳ אַרציק פון איוויע. ער האָט געלערנט אין ישיבות פון וואָלאָזשין און סלאָבאָדקע און איז געווען אַ מוסר׳ניק לויט קעלמער שיטה.

מען דערציילט, אַז לערנענדיק אין סלאָבאָדקע איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז ער איז געוואָרן פריגעזאָגנען לייענענדיק ביכער. דער ראש ישיבה מורא־האָבנדיק, אַז אַזאַ עילוי ווי ר׳ אַרציק זאָל טאַקע נישט קאַליע ווערן, האָט אים געשיקט צו ר׳ שמחה־זיסל קיין קעלם, אַז ער זאָל אים צוריקברענגען צום גוטן. אָבער ר׳ שמחה־זיסל, נאָכן פאַנאַנדערגלידערן אַרציק׳ן, שמועסנדיק מיט אים, האָט זיך צוריקגעצויגן פון עפּעס אויפטאָן מיטן מאַטיוו, אַז אַרציק איז אַ בר־סמכא, פולשטענ־דיק רייף, און ער קען נישט משפּיע זיין אויף אים.

די ערשטע רבנות־שטעלע האָט ער פאַרנומען אין שטעטל בייסיגאלע, אין ליטא, אין 1897. ער איז געווען דאָרטן אַקטיוו צו אָרגאַניזירן די יוגנט און איינפירן די מוסר־שיטה צווישן זיי. די משכילים האָבן זיך קעגנגעשטעלט און מפרסם געווען די זאַך אין „המליץ״. פון בייסיגאלע איז ער אַריבער קיין שאַדאווע, וואו ר׳ אליעזר־שמחה איז אַמאָל געווען רב. ר׳ אהרן באַקשט איז געווען באַליבט ביים „חפץ־חיים״ און פלעגט אים באַזוכן צו הערן זיינע חידושי תורה און פרעגן עצות אין זיין רבנות־פירונג.

אין 1915, אין מיטן דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען שאַדאווער אידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען און ר׳ אהרן באַקשט איז אויך אַוועק קיין רוסלאַנד. ער איז געוואָרן רב אין טולא, שפּעטער אין פּאָלטאַווע. אין 1921 קומט ער צוריק קיין פּוילן און ווערט רב אין סובאַלק. דאָ אָרגאַניזירט ער אַ גרופּע יונגע לומדים, אַ מין ישיבה עליונה, צו זאָגן פאַר זיי חידושי תורה. אין 1925 נעמט ער אָן דעם כתב רבנות אין לאָמזשע, וואו ער איז געווען זעקס יאָר. ער האָט זיך אָפּגעגעבן פיל מיט לערנען תלמוד און מוסר מיט בעלי בתים און ישיבה בחורים און געזאָרגט פאַר תורה בכלל.

ס׳איז אַמאָל, אום פסח, געקומען צו אים אַן אָרעמער איד מיט אַ שאלה: אין לעקעך וואָס זיין פרוי האָט געבאַקן האָט מען געפונען אַ קערנדל. דער רב און די בעלי־בתים, וואָס זיינען דאָרטן געווען, האָבן באַקוקט דאָס קערנדל און האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ קערנדל פון תבואה און דער רב האָט גע׳פסק׳נט, אַז ס׳איז חמצ׳דיק און אסור בהנאה. דער אָרעמאַן האָט זיך זייער געקימערט. פּלוצלונג קומט אַרויס פון דעם רביצינס חדר פרוי שרה קאַווקעוויץ(?) און זאָגט: רבי, איר זאָלט מיר מוחל זיין, דער לעקעך איז נישט קיין חמץ. דאָס איז אַ קערנדל פון אַ ציטרין, וואָס מען האָט אַריינגעקוועטשט אין דעם טייג פון לעקעך. מען האָט דאַן אויסגעפרעגט און גוט בודק געווען און געפונען, אַז עס איז טאַקע געווען אַ קערנדל פון אַ ציטרין. דער רב האָט געהאַט צער, פאַר וואָס ער האָט אַליין דאָס נישט באַמערקט און נאָך געהאַלטן פון אָנפאַנג פאַר אַ חוצפּה פון אַ פרוי צו זאָגן פאַרקערט ווי ער. אין תר״ץ (1930), איז ר׳ אהרן באַקשט אַוועק קיין שאַוועל, ליטע. אין יאָר תש״א איז ער אומגעקומען דורך די דייטשן.

## הרב משה שאצקעס

הרב משה שאצקעס איז געווען רב אין איוויע, ווילנער גובערניע. אין 1930 האָט ער צוזאַמען מיט אייניקע אַנדערע רבנים אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור פאַר לאָמזשער רבנות. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען צווישן די פּאַרטייען, איז ר׳ משה שאצקעס אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין לאָמזשער רב צוליב זיין אומפּאַרטייאישקייט. נאָר אַלעקסאַנדער חסידים זיינען געווען קעגן אים, אויסגעפינענדיק אַז ער באַשטייערט זיך יערלעך צום „קרן היסוד״.

מוצאי שבת, דעם 24טן אַפּריל, האָט מען אויף אַ זיצונג פון וועד הקהילה ענדלעך פאַרגעלייגט די קאַנדידאַטור פון הרב



הרב ר׳ משה שאצקעס

שאצקעס. ה׳ א. דאַמאַוויץ האָט פּרובירט אָפּהאַלטן דעם באַשלוס ביז איבער די נייע וואַלן צו דער קהילה, כדי דערווייל צו געפינען אַ קאַנדידאַט אַ חובב־ציון פאַר אַ רב. אָבער די מערהייט האָט גלייך אים אויסגעקליבן. דעם כתב רבנות האָבן געחתמ׳עט אויך די ציונים און „מזרחים״.

הרב שאצקעס איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1881. ער האָט געשטאַמט פון מיוחסים: אַן אייניקל פון מורה־צדק ר׳ יצחק שורוואַנטער פון ווילנע און אַ שטיף־זון צו ר׳ איצל פּעטערבורגער (ר׳ יצחק בלאַזער). ער האָט געלערנט אין ישיבות פון סלאָבאָדקע און טעלז. אין 1909 פאַרנעמט ער די שטעלע פון רבנות אין ליפּנישאָק, ווילנער גובערניע. פון דאָרטן איז ער אַריבער קיין איוויע און אין יאָר 1931 ווערט ער לאָמזשער רב.

ער איז געווען אַ גרויסער למדן און בקי אין פּוסקים, אויך אַ גוטער פאָלקס־רעדנער. ער האָט געקענט מאַכן אַ שווערן ענין אין הלכה צוגענגלעך פאַר פּשוט׳ע מענטשן.

אַ פאַקט אַלס אילוסטראַציע: אין דער דעלעגאַציע, וואָס איז אַרויסגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק אים מקבל־פּנים־זיין, האָט זיך געפונען אויך אַ פאַרשטייער פון האַנטווערקער, נישט קיין למדן. נאָכן רב׳ס זאָגן תורה פאַר דער דעלעגאַציע, האָט דער בעל־מלאכה, ווען מען האָט אים געפרעגט זיין מיינונג, געזאָגט אַז דער רב איז נישט קיין גרויסער למדן!? ער האָט עס מאָטיווירט מיט דעם פאַקט, וואָס ער האָט אים פאַרשטאַנען, ווען די פריערדיקע רבנים האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין.

שווער איז געווען די לאַגע פון די אידן אין גאַנץ פּוילן אין יענער צייט. לאָמזשע איז נישט געווען קיין אויסנאַם. די אידן זיינען געוואָרן באַיקאָטירט, טעראָריזירט; אַרום זייערע געשעפטן זיינען געשטאַנען פּוילישע כוליגאַנעס־פּאַטריאָטן און געפּיקעט, נישט צו דערלאָזן קיין פּאָליאַק צו זיי. אידן זיינען געווען באַרויבט פון די עלעמענטאַרסטע רעכט; שחיטה איז געווען גע׳אסר׳ט דורכן סיים.

לאָמזשער אידן האָבן עמיגרירט קיין ארץ ישראל, אַמעריקע, פראַנקרייך, לאַטיין־אַמעריקע. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געוואָרן איינגעשרומפּן. שטייער־צאָלער זיינען געוואָרן ווינציקער און אָרעמער, איז די קהילה געוואָרן אָרעמער און נישט געקענט אויסהאַלטן אירע אַנשטאַלטן. הרב שאצקעס האָט געטאָן זיינע פליכטן באמונה. ער האָט זיך באַטייליקט אין אסיפות און געטאָן פאַר די שטאָטישע אינסטיטוציעס ווי לייַ־קאַסעס, גמילות־חסדים, א. אַנד. שטענדיק האָט ער גערעדט וועגן אחדות און שלום צווישן די פּאַרטייען — אַנדערש, שטאַרקן מיר אונזערע שונאים. ער איז נישט געווען קיין קנאי, קיין רודף כבוד. אפילו צום „בונד״ האָט ער זיך באַצויגן גוט. איבעראַל האָט זיך געזען און געפילט די מיט־הילף פון מרא־דאתרא. אָבער ער האָט ווינציק וואָס געקענט העלפן ממשות׳דיק צוליב די שלעכטע עקאָנאָמישע אומשטענדן.

אין אָנפאַנג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטרינען קיין ווילנע, זיין געבורטס־שטאָט. פון דאָרטן האָט אים דער לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט אַריבערגעבראַכט מיט אַן עראָפּלאַן קיין ניו־יאָרק. דאָ פאַרנעמט ער אַ שטעלע אַלס רב אין אַ שול און איז אַ ראש־ישיבה אין ישיבת ר׳ יצחק אלחנן.

די גאַנצע צייט האַלט הרב שאצקעס אָן זיינע פאַרבינדונגען מיט לאָמזשער אין אַמעריקע. ער באַטייליקט זיך אין זייערע אסיפות און געבן הילף צו פליטים.

זיין אַנטלויפן פון זיין געמיינדע אין צייט פון צרת־הקהל, ווען זיין פאַרטרעטער, הרב ר׳ יוסף ציגאַנוויץ איז געווען אַלט און שוואַך, האָט זייער דערדריקט לאָמשזער אידן, וועלכע האָבן כסדר געשריען מיר האָבן נישט קיין רב, קיין מנהיג, מיר זיינען פאַרלאָרן. הרב שאצקעס האָט נאָך געוואָלט פאַרלאָזן לאָמזשע פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה צוליב דער שווערער לאַגע פון אידן אין פּוילן בכלל און צוליב דעם כסדר׳דיקן אונטערגאַנג פון דער לאָמזשער קהילה.

ר׳ אברהם מזרח האָט דערציילט, אַז דעם רב׳ס מקורבים האָבן אים געבעטן זיך צו משתדל־זיין פאַרן רב צו קריגן אַ כסא־רבנות אין חיפה, ארץ ישראל. אָבער אַזוי ווי ער האָט נישט גע׳שמ׳ט אַלס ציוני, איז דאָס געווען שווער צו דערגרייכן.

## די לעצטע רבנים אין לאָמזשע:

## הרב איידעלבערג און הרב וואַסערמאַן

אין יענע טעג האָט זיך געפונען אין געטאָ עפּעס אַ פּליט אַ רב, הרב איידעלבערג. מער פּרטים וועגן אים איז נישט באַוואוסט. לויט די עדות פון אַנטרונענע פון די מאָרד־פאַבריקן איז געקומען אין לאָמזשער געטאָ הרב וואַסערמאַן. ער האָט געוואוינט אין גרויסן בית־מדרש, וואו אַמאָליקע לאָמזשער גאונים האָבן געוואוינט. ער האָט געפירט לאָמזשער קהל. ער איז צוזאַמען מיט אַלע לאָמזשער אידן געבראַכט געוואָרן קיין זאַמבראַוו אין לאַגער און פון דאָרט קיין אָשוויענטשים, וואו ער איז אומגעקומען י״א־י״ב שבט, תש״ג (17־18טן יאַנואַר, 1943), צוזאַמען מיט דער קהילה.

דאָס איז די ענדע פון דער גאָלדערנער קייט פון רבנים אין משך פון 125 יאָר, צוזאַמען מיטן אומקום פון לאָמזשער קהילה.

# חזנים אין לאָמזשע

## ר׳ אברהם משה בלושטיין

אין די 60ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט אין לאָמזשע פאַרנומען די שטעלע פון חזנות ר׳ אברהם־משה בלושטיין. פּרטים וועגן אים זיינען נישט באַוואוסט. די זקנים פון פריערדיקן דור האָבן אים געריסט, אַז ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע און אָנגענעמע שטימע און אַז די גויים פלעגן קומען אים הערן אין שול אָדער ביי די פענצטער. אין דער אָפּטיילונג וועגן רבנים אין צייט פון מורה־צדק ר׳ אליהו ראָזענבערג, איז שוין דערציילט געוואָרן וועגן זיין אָנטייל אין אַן אזכרה נאָך אַ פּוילישן שרייבער. דאָ קען נאָר צוגעגעבן ווערן, אַז די פּוילישע גייסטלעכע האָבן אים דאַן פאַרגעלייגט, ער זאָל זיך באַטייליקן אין זייערן אַ קאָנצערט מיט נישט רעליגיעזן געזאַנג, אָבער ר׳ אברהם־משה האָט זיי אָפּגעזאָגט („הכרמל“, צווייטער יאָר, זייט 10).

## ר׳ חיים וואַסערצוג

ר׳ חיים וואַסערצוג איז געווען דער ערשטער חזן אין לאָמזשע וואָס איז געווען באַרימט אין דער ברייטער אידישער וועלט. פון אַלע שטעטלעך אַרום פלעגט מען אים קומען הערן דאַוונען. ער איז אָבער לאַנג נישט געווען אין לאָמזשע. ווילנע האָט אים איבערגענומען. ר׳ פּנחס מינקאָווסקי, אָדעסער חזן, באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז עס פלעגט אים אַרומנעמען אַ ציטער, ווען ער פלעגט זיך שטעלן דאַוונען אויפן אָרט, וואו ר׳ חיים לאָמזשער איז געשטאַנען.

ר׳ חיים וואַסערצוג איז געבוירן געוואָרן אין שעריץ, פּויזן, אין 1822. איז געוואָרן חזן אין לאָמזשע נאָך זייער יונג. מען איז זיך משער, אַז אידישע סוחרים פון פּויזן, זייענדיק אין לאָמזשע וועגן מסחר, האָבן דאָס רעקאָמענדירט דעם יונגן ר׳ חיים פאַר אַ חזן. עס נעמט זיך פון דעם וואָס אין לאָמזשער שול איז פיל יאָרן געהאַנגען אַ מנורה קינסטלעך אויסגעאַרבעט מיט דעם אויסזען ווי אַ רבנישער הוט, אַ מתנה פון פּויזנער סוחרים, וואָס פלעגן קומען דאָרטן דאַוונען.

ר׳ חיים לאָמזשער האָט פאַרפאַסט אַ סדר פון תפלות־געזאַנגען: „ספר שירי מקדש“ פאַר שבת, ימים טובים און ימים נוראים. צוליב מחלוקת אין קהל איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן. דאָרטן איז ער געווען חזן ראשון אין דער „נאָרד שול“ אונטערן נאָמען „חיים לאָמזשער“. וואַרשיינלעך האָט עס שלום עליכם אים געמיינט ווען ער רעדט וועגן לאָמזשער נאַכטיגאַל אין זיין בוך, „וואַנדער־שטערן“. אָפּשאַצונגען וועגן אים זיינען דאָ אין „הלבנון“, י״ד במרץ, 1879 און אין „דזשואיש קראָניקל“, נר. 496, 1879. ר׳ חיים וואַסערצוג איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1882 אין ברייטאָן, ענגלאַנד, אין עלטער פון 60 יאָר.

י. ברוכאַנסקי

## חזן ר׳ מאיר יאָסל פרידלאַנדער

נאָך ר׳ חיים וואַסערצוג האָט פאַרנומען לאָמזשער חזנות־שטעלע ר׳ מאיר־יאָסל פרידלאַנדער. פאַר דעם איז ער געווען חזן אין שצוצין, נעבן לאָמזשע. ער האָט געהאַט אַ מעכטיקע שטימע און זעלטענע פיאַנאָ־קאָלאָראַטור. ער איז געווען אַן אָריגינעלער טיפּ חזן. ערשטנס מיט זיין געפיל־טאַלאַנט. זינגען, דאַוונען פאַרן עמוד איז ביי אים געווען נישט אַ טייל פון זיין נשמה, נאָר זיין גאַנצער גייסטיקער וועזן. זיין זינגען אָדער רעציטירן, זאָגן (אַמאָליקע גרויסע עמוד קינסטלער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער „זאָגן“ תפלות אָדער פּיוט) איז געווען מיט אַזוי פיל געפיל און נשמה, וואָס מען האָט זעלטן ווען געהערט.

אַליין לאָזן טרערן, אָדער אַרויסברענגען טרערן ביי זיינע צוהערערס — די וואָס האָבן אים פאַרשטאַנען — איז געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, מערער נאָך אום ימים נוראים. ביי זיין אַרויסברענגען געזאַנג אָדער אַ רעציטאַטיוו איז ער געווען אין גאַנצן איבערוועלטיקט ווי פון אַ סטיכישער קראַפט צו אַזאַ מדרגה, אַז ווען אַ משורר האָט געמאַכט עפּעס אַ פעלער אין מיטן זינגען פלעגט ער מאָמענטאַל, פאַר אַ געפאַקטער שול, קריגן פון חזן אַ „זעץ“ מיטן פויסט. דאָס איז געקומען אַזוי ווי אַ שטורעם אין חזנ׳ס באַוואוסטזיין... דאָס אַלץ איז צוליב דער קראַפט, פולסיוקייט פון זיין געפיל־טאַלאַנט.

אַלס קאָמפּאָזיטאָר איז ער געווען אויסערגעוויינלעך שעפעריש. ער פלעגט כמעט שטענדיק זינגען מיט זיין כאָר אייגענע קאָמפּאָזיציעס, מייסטנס דועטן. אַ באַזונדערן טאַלאַנט האָט ער באַזעסן צו שאַפן דועטן, אַזוי אַז זעלטן ווער אין דער חזנישער וועלט איז געווען גלייך צו אים.

ווי אַלע גרויסע טאַלאַנטן איז ער געווען באַוואוסטזיניק וועגן זיין קענטשאַפט. אויסער די באַרימטע פלעגט ער אַלע חזנים מבטל זיין, דעריבער איז זעלטן ווער פון זיי געווען מיט אים באַפריינדעט אָדער נענטער באַקאַנט. און ווער שמועסט נאָך צו אַריינקוקן אין זיינע גרויסע קאַסטנס פול מיט נאָטן, זיינע קאָמפּאָזיציעס. ווער האָט עס גאָר זוכה געווען!?

אַן אויסנאַם איז געווען אַ ברודער פון דעם שרייבער, אַ זייער באַגאַבטער טאַלאַנטפולער מנגן, ר׳ מלכיאל ברוכאַנסקי. אָט דער ר׳ מלכיאל ע״ה איז געווען חזן־שוחט (ווייל „אין נביא בעירו“...) אין די שטעט: סעראַצקי, נאָווי־דוואָר, מאַקאָוו, ווישקאָוו. ער איז געווען באַרימט אין יענע שטעט און באַוואוסט צווישן די גרויסע חזנים, כאָר־דיריגענטן אין וואַרשע, אַלס באַצויבערנדיקער דאַוונער און אויסגעצייכנטער מוזיקער־כאָר פירער.

זיין נאָמען איז געווען באַרימט אין גאַנצן געגנט אַרום אויך אַלס מענטש מיט אַ פיינעם כאַראַקטער און עכט רעליגיעזער איד. זיין מוזיקאַלישן טאַלאַנט האָט ער געירש׳נט פון אונזער פאָטער, אליהו ע״ה, וועלכער האָט געזונגען אין כאָר פון ר׳ חיים וואַסערצוג (ר׳ חיים לאָמזשער) און איז אַזוי אַרום געקומען קיין לאָמזשע און פאַרבליבן דאָרט, ווערנדיק יעקב־קאָפּל שיינקאָפּ׳ס אַן איידעם. ער איז געווען אַ זעלטענער מנגן־חזן און מוזיקער. זיין איידעלע נשמה איז אים געקומען בירושה געוויס פון ביידן, פון אונזער פאָטער און מוטער, גוטע־רייזל ע״ה (פון די שיינקאָפּ׳ס), וועלכע איז געווען אַן אור־איניקל פון ערשטן לאָמזשער רב ר׳ זלמן חסיד (ר׳ זלמלה). זיינער אַ זון, אליהו ברוכאַנסקי, אין תל אביב, האָט אין זיין באַזיץ איניקע סידורים־קאָמפּאָזיציעס פאַר חזנים, וואָס זיינען געבליבן נאָך זיין זיידן און פאָטער ע״ה. ער איז אויך אַ פיינער מנגן אָבער מער חלוץ, נאָך פון די ערשטע 20קער יאָרן.

פאַר אָט־דעם עכטן מנגן פלעגט ר׳ מאיר־יאָסל עפענען אַלע זיינע אוצרות פון שאַפן. מיר האָבן געוואוינט אויף דער זעלבער גאַס — וואַזשוואָדזקאַ.

צוליב זיין שטאָלץ און איידעלן כאַראַקטער, איז ער שטענדיק געווען פאַרביטערט אויף קהל, וואָס האָט אים אויסגענוצט און געלאָזט לעבן אין דחקות, ווייל זיינע שכירות.

נישט קריגנדיק זיי נאָך אין צייט, זיינען געווען הונגער שכירות פאַר זיין היפשער פאַמיליע. אַנדערע הכנסות פון אַ חזן אין זיינע צייטן זיינען געקומען מיט בזיון און דערנידערונג ווי גיין פון שטוב צו שטוב נאָך חנוכה־געלט, מזכיר נשמות געלט; אָדער גיין אויף חתונות און ברית׳ן, אָפטמאָל אפילו נישט געבעטענערהייט, און באַקומען 3 אָדער 5 קאָפּיקעס פאַר מאַכן אַ „מי שברך".

אָט די פאַרביטערונג אין זיין נשמה אַז אַזאַ טאַלאַנטירטער חזן ווי ער איז, זאָל ווערן אַזוי אומ׳רחמנות׳דיק באַלוינט פון זיין קהילה, האָט אים אַמאָל, אין זיינע עלטערע יאָרן, ווען ער איז געווען קראַנק אויף זיין חוש השמיעה, גע־בראַכט דערצו, ער זאָל אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, אין אַן אויפגערעגטן מאָמענט, אַרויסטראָגן זיינע קאַסטנס מיט נאָטן און קאָמפּאָזיציעס, אין מיטן פון זיין גרויסן הויף, און — פאַרברענען זיי אויף אַש: „זאָל קיינער נישט געניסן פון די שאַפונגען פון אַזאַ געקריוודעטן, באַ־עול׳טן גרויסן טאַלאַנט; זאָל עס אַוועק מיטן רויך...!" דאָס האָט געזאָלט זיין כאָטש אַ שטיקל טרייסט פאַר אים.

## חזן הירשאָוו

נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, שוין נאָכן טויט פון ר׳ מאיר־יאָסל, איז די ערשטע אויפגאַבע פון נייעם פאָרגעשריטענעם וועד פון שול געווען גלייך צו קריגן אַ נייעם מאָדערנעם חזן, וואָס זאָל זיך פאַסן פאַר לאָמזשע. עס איז אַנגאַזשירט געוואָרן דער דיריגענט פון נאַזשיקס שול־כאָר אין וואַרשע, ה. הירשאָוו, אַ מאָדערנער מענטש, אַ משכיל, סימפּאַטיש אין זיין באַנעמונג מיט מענטשן, אָנ־שטענדיק געקליידט און דער עיקר אַ גרויסער מנגן אַליין צו דאַוונען און אַן אויסגעצייכנטער דיריגענט. הירשאוו האָט זייער אויסגענומען און לאָמזשע האָט אים געאַכטעט און גע־לויבט. מאַכט זיך אָבער, אַז אַ גאַסט פון גלאַזגוי, ענגלאַנד, האָט געהערט הירשאָוו׳ן דאַוונען. דער גאַסט איז געווען אַזוי אַנטציקט, אַז ער האָט אים פאָרגעלייגט די חזן־שטעלע אין זיין שטאָט מיט אַ פיל גרעסערן געהאַלט ווי ער האָט אין לאָמזשע. הירשאָוו האָט, פאַרשטייט זיך, איינגעשטימט און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער, באַקומענדיק די געהעריקע פּאַפּירן, פאַרלאָזן לאָמזשע און געוואָרן חזן אין גלאַזגוי.

## דער לעצטער חזן אין לאָמזשע, מיכאל לוצקי

ר׳ מיכאל בן יוסף אהרן לוצקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטעטל נעבן בריסק ביי אָרעמע עלטערן. זייענדיק נאָך יונג האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסע נייגונג צו נגינה און ער האָט אונטערגעהאָלפן אייניקע גוטע חזנים. נאָך זיין הייראַטן באַזעצט ער זיך אין ביאַליסטאָק, וואו ער זינגט אין חזן בערמאַנ׳ס כאָר. גלייכצייטיק דינט ער אַלס חזן שני. אויף



חזן מיכאל לוצקי

בערמאַנ׳ס רעקאָמענדאַציע אין 1904 ווערט ער חזן אין איינער פון די גרויסע שולן אין ביאַליסטאָק. נאָך 3 יאָר ווערט ער אויפגענומען אין דער שטאָט טאקמאק, קרים, רוסלאַנד. נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע קערט ער זיך צוריק קיין פוילן און ווערט חזן אין לאָמזשע.

חזן מיכאל לוצקי האָט באַזעסן אַ שטאַרקן און אָנגענעמען לירישן באַריטאָן. ער האָט זיך געהאַלטן אָן דעם נוסח פון די גרויסע חזנים ווי מינקאָווסקי, לעוואַנדאָווסקי, א. אַנד. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גוטן כאַראַקטער, באַליבט און געטריי צו דער אידישער טראַדיציע. איז אומגעקומען צו־זאַמען מיט זיין קהילה אין אָקטאָבער 1941.



חזן לוצקי מיט זיין כאָר און קאָמיטעט פון שול



די נייע תלמוד תורה געביידע.

# תלמוד־תורה

אין אָנפאַנג פון לאָמזשער קהילה האָט עקזיסטירט אַן אינסטיטוציע תלמוד־תורה, אַ לערן־אַנשטאַלט פאַר אידישע קינדער, ווי דער מנהג ביי אידן. אַ ספּעציעלער בנין פאַר דעם איז אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר תקצ״א (1831), אָבער נישט פאַרענדיקט, צוליב דער אומרואיקער צייט. עס איז געווען די צייט פון פּוילישן אויפשטאַנד. שלאַכטן זיינען פאָרגעקומען צווישן פּאָליאַקן און רוסן. דער פּוילישער קאָמאַנדיר, סאקין, האָט קאָנפיסקירט אַלע בוי־מאַטעריאַלן, אַריינגערעכנט אויך די בוי־מאַטעריאַלן פון תלמוד־תורה פאַר שוץ־פעסטונגען.

ער פאַרלירט די שלאַכט און אַנטלויפט קיין סטאַוויסק פאַרברענענדיק נאָך זיך די פּיאָנטניצער בריק. די רוסן קערן זיך גלייך צוריק. זייער גענעראַל, גאלגוד, באַשטראָפט דאַן לאָמזשער איינוואוינער צו צאָלן אַ גרויסע סומע געלט פאַרן העלפן די פּאָליאַקן. די קהילה קען ווידער נישט ענדיקן דעם בנין. ערשט אין 1834 איז געווען דער חנוכת־הבית. 90 יאָר איז געשטאַנען דער בנין. ער האָט געהאַט 10 לערן־חדרים, אַ סך צימערן און אַ דירה פאַר אַ משגיח. שפּעטער האָט מען זויפגעבויט נאָך אַ קלענערע הויז אין הויף פאַר 2 ערשטע כיתות.

דער ערשטער משגיח פאַר פילע יאָרן איז געווען ר׳ יצחק־מאיר, באַוואוסטער ערלעכער איד, איבערגעגעבן מיט זיין גאַנצן וועזן צו דעם אַנשטאַלט. אין זיינע צייטן זיינען שטענדיק געלעגן גרויסע לאַבנס ראָזעווע ברויט אין אַ צימער איבער די חדרים. פאַר יעדן קינד וואָס האָט געבעטן פלעגט מען אָפּשניידן אַ „מוציא״, ער זאָל נישט הונגערן. יעדן פרייטיק פלעגט ר׳ יצחק־מאיר צוזאַמען מיט די שטאַרקערע תלמוד־תורה אינגלעך אַרומגיין מיט זעק און קאָשיקעס איבער שפּייז־קראָמען, פישערס און קצבים און אויפזאַמלען עסנוואַרג, געשאנקען פאַר די אָרעמע קינדער. זיין זיידעם ר׳ דוד הירש קרעלענשטיין, אַ רב און ראש ישיבה, פלעגט אים העלפן. ר׳ יצחק מאיר פלעגט שטענדיק „אָפּריכטן חצות״. אין זיינע לעצטע יאָרן איז ער אויפגעגאַנגען קיין ארץ ישראל.

די מלמדים אין דער תלמוד־תורה זיינען געקומען פון דער סביבה: שניאַדאָווא, נאָוואָגראַד, יאַבלאָנקע, פּיאָנטניצע, אַנד. יעדער מלמד איז איינגעשטאַנען, געשלאָסן ביי אַ לאָמזשער אידן פאַר אַ רובל אַ „זמן״ (האַלב יאָר), וואס די תלמוד תורה הנהלה האָט באַצאָלט. געגעסן האָבן זיי מייסטנס „טעג״.

אייניקע פון די מלמדים זיינען געווען באַוואוסט אַלס פּעדאַגאָגן, גוטע מסבירים ווי: פייוול בראַנאווער, ר׳ביינוש (8טע כיתה), ר׳ לייבל ניסן (9טע כיתה), ר׳ ברוך יאבלאָנקער (10טע כיתה). ר׳ ברוכ׳ן האָט נאָכגעפאָלגט ר׳ גבריאל קאַרניקס, אַן אויסגעצייכנטער פשוט׳ער, העלדישער מענטש און — אַ שווימער, וואָס מען זעט זעלטן. זיינע תלמידים אין ים־התלמוד האָט ער אויך געלערנט שווימען אין נארעוו. שפּעטער האָט זיין אָרט פאַרנומען ר׳ חיים יענקל ליטאוער — אַ למדן מופלג, פּעדאַגאָג און געהאַט ידיעות אין אַלגעמיינער בילדונג. זאָלן נאָך דערמאָנט ווערן: ר׳ שמערל פיש פון נאָוואָגראַד (8טע כיתה), יעקב מלאך פון שניאדאווא (7טע כיתה), אלי נחום פון נאוואגראד (6טע כיתה), ר׳ יענקעל פון נאוואגראד (9טע כיתה).

אין דער ערשטער כיתה האָט מען אָנגענומען אינגלעך פון 5־6 יאָר. יעדן זמן איז אַ נאָרמאַלער תלמיד אַריבער אין אַ העכערער כיתה. די 10 כיתות האָט ער געענדיקט צו 12־13 יאָר. פון דאַנען איז ער אָנגעקומען אין דער ישיבה. אַנדערע תלמידים פלעגן פאַרבלייבן אין דער 10טער כיתה עטלעכע זמנים צוליב דער גוטער אונטערריכטונג פון די גוטע מלמדים. פון דער צווייטער זייט רוב תלמידים אָרעמע קינדער פלעגן שוין פון דער 7־8טער כיתה אַרויס פון תלמוד־תורה און אַוועקגיין צו בעלי־מלאכות, ווערן אַ „לערן אינגל״. תלמידים פון די לעצטע כיתות „פון דער פרעמד״ פלעגן עסן „טעג״.

די תלמוד־תורה קינדער זיינען געווען פאַרפליכטעט צו גיין זאָגן תהלים צו אַ קראַנקן אָדער אַ נפטר צו דער לויה. ביי אַ לויה פון אַן אָנגעזעענעם בעל־הבית פלעגן זיי גיין פאָראויס פאַר דעם ארון און שרייען כסדר: „צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו״. נאָך אַזאַ טרויער כבוד פלעגן די אבלים שענקען אַן אָנשטענדיקע נדבה פאַרן אַנשטאַלט און אויך טיילן שפּייז און קליינע מטבעות צווישן די קינדער. די גרעסערע, נאָך בר־מצוה קינדער, פלעגן גיין אין הויז פון די אבלים צו העלפן „מאַכן אַ מנין״.

אין די אָנפאַנגער און נאָכפאָלגנדע נידעריקע כיתות פלעגט מען לערנען לייענען, סידור, דאַוונען, חומש, חומש און רש״י, פסוקי־נביאים. אין דער 6טער כיתה פלעגט מען אָנפאַנגען גמרא. אין די לעצטע כיתות האָט מען געלערנט בלויז גמרא. יעדן שבת־בייטאָג זומער־צייט און שבת־צונאַכט ווינטער־צייט פלעגן בעלי־בתים לומדים קומען פאַרהערן די קינדער. צווישן די דאָזיקע בעלי־בתים זיינען געווען: ר׳ משה וועגנראָוויץ, ר׳ חיים לעוואוש, ר׳ אהרן־דוד אַמסטערדאַמסקי, ר׳ אלי־מאיר ראָזענבלום, ר׳ שמואל כאמאנטאוער, (סאַפּירשטיין), ר׳ ישראל־איסר סלוצקי, ר׳ משה כהן, ר׳ לייבל ביאַליסטאָצקי, א. נ. אַנד. ביים סוף פון זמן פלעגט זיין אַ סיום אין אייניקע כיתות. דער מלמד האָט געזאָגט דעם הדרן. די בעלי־בתים פלעגן זאָגן תורה. צו די קינדער האָט מען אויסגעטיילט חלה מיט הערינג, קיכל, אַביסל משקה און מען פלעגט זינגען זמירות און שירים. דער „זמן״ האָט זיך גערעכנט פון ראש חודש אייר ביז תשרי, און פון חשון ביז פסח. אין דערפרי פלעגט מען דאַוונען בציבור מיט די עלטערע תלמידים אין חדר פון דער 10טער כיתה, און איינער פון זיי פלעגט דאַוונען פאַרן עמוד. יעדן פרייטיק פלעגן די עלטערע תלמידים אַרומגיין מיט אַ פאַרשלאָסענער פּושקע איבער די הייזער צו קלייבן געלט פאַר דער תלמוד־תורה.

פילע בעלי־בתים זיינען געווען איבערגעגעבן צו דער תלמוד תורה און העלפן איינאָרדענען די אָרעמע תלמידים

פון די נאָענטע שטעטלעך. ס'זיינען געווען גבאים, וואָס זיינען געווען אײנגע̇נצן געווידמעט צו דער תלמוד־תורה ווי: ר' חיים לעוואוש, צושטעלער פאַר מיליטער, ר' הערש ווײרניצקי, ר' חיים כארין, ר' צבי פערלא, אמסטעדאמסקי, א. נ. אַנד. ר' הירש ווײרניצקי איז געווען גבאי ביז אין זיין טיפן עלטער. ער האָט אײנגעפירט, אַז מען זאָל לערנען אַלגעמיינע געגנשטאַנדן צווישן 11־12 אין דערפרי. ר' חיים כארין האָט עס שפּעטער מבטל־געווען. ער האָט אַמאָל אַנטזאָגט אַ מלמד געפינענדיק זיין אַרבעט נישט גענוג איבערגעגעבן. עס איז אַנטשטאַנען אַ קעגנערשאַפט און אַנדערע מלמדים האָבן דערקלערט אַ סימפּאַטיע־סטרייק. דער גבאי האָט געמוזט רעזיגנירן. נאָך אים איז געווען גבאי ר' צבי פערלא, וועלכער האָט פּרובירט אָבער נישט געקענט פאַרבעסערן דעם שלעכטן מצב אין תלמוד־תורה. בעל־בתים האָבן פּרובירט אײנפירן אַלגעמיינע למודים ווי די לאַנד־שפּראַך, אַריפמעטיק, היסטאָריע אָבער נישט געקענט.

אין יאָר 1880 זיינען געווען קריטיקירנדיקע קאָרעספּאָנדענציעס אין „המליץ" וועגן דעם כאַאָטישן צושטאַנד אין דער תלמוד־תורה. אויף איינעם אַזאַ אַרטיקל האָט דער שרייבער עקיבא סלאָנימסקי געמוזט שיקן אַן אָפּלייקענונג, אַז נישט ער, סלאָנימסקי, נאָר אַן אַנדערער, סמאָלינסקי, האָט עס געשריבן, ווײל די בעלי־בתים האָבן עס באַטראַכט ווי אַ מסירה און אים גערודפ'ט אין זיין פּרנסה. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ווידער געווען געדרוקט אַ קריטיקירנדער אַרטיקל אין „המליץ" וועגן דער אומאָרדענונג אין דער תלמוד־תורה: „די אָרעמע קינדער הונגערן, גייען ,באַקעט', ווערן געשמיסן מיט ריטער". נישט נאָר אַלגעמיינע למודים, אפילו תנ"ך לערנט מען נישט פון דער 7טער כיתה אָן, נאָר בלויז גמרא. אויך אין די נאָכפאָלגענדע יאָרן איז דער מצב אין דער ת"ת נישט בעסער געוואָרן („הצפירה" כ"א אדר ב', תרנ"ז — 1897 ; טבת תרנ"ח — 1898).

אין אָנפאַנג 1889 קלאָגט ווידער ר' אַלטער כץ אונטערן פּסעוודאָנים „פלוני וכהן" וועגן דעם כאַאָטישן צושטאַנד אין דער תלמוד־תורה. שפּעטער, אונטערן דרוק פון די רעגירונגס־אָרגאַנען, זיינען ענדלעך איינגעפירט געוואָרן אין די העכערע כיתות די למודים פון אַריפמעטיק און רוסיש אַ שעה אַ טאָג. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די שעה געשניטן צו האַלב, אום דאָס צו פאַרדעקן פון די מאַכט־אָרגאַנען, האָט מען געצאָלט דעם אָנגעשטעלטן לערער, ה' פינקעלשטיין, שכירות פאַר 2 גאַנצע שעה'ן (אָט דער ה' פינקעלשטיין איז געווען דער פאָטער פון דער אַקושערין סאַנדלער. איר מאַן, ה' סאַנדלער, איז געווען אָנגעשטעלט אין דער רוסישער „אָכראַנע", אַלס דער „געלערנטער איד"). דער לערער ה' פינקעלשטיין פלעגט ווערן אינפאָרמירט פריער, ווען דער בילונגס־אינספּעקטאָר וועט קומען קאָנטראָלירן די קענטעניש פון די תלמוד־תורה־קינדער אין אַלגעמיינע למודים. פלעגט ה' פינקעלשטיין צוגרייטן אַ פאַלשן טאָג־בוך, וואו ס'איז פאַרשריבן די פולע אָנוועזנהייט פון די קינדער און די פולע לעקציעס. פון אַנדערע חדרים פלעגט מען ברענגען צו די עקזאַמענס אין תלמוד־תורה קינדער, וואָס האָבן געקענט גוט דעם קורס און זיי האָבן געוויזן ווי גוט מען לערנט אין תלמוד תורה אַלגעמיינע געגנשטאַנדן. אַזוי פלעגט מען פאַלשעווען און נאַרן, כדי נישט מבטל־צו־זיין אידישע קינדער פון תורה.

צווישן די הכנסות פון דער תלמוד־תורה האָט פאַרנומען אַ גרויסן אָרט דאָס שחט'ען כפּרות אויף יום־כפּור. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין הויף פון תלמוד־תורה, וואו עטלעכע שוחטים פלעגן פאַר יום־כפּור שטיין און שחט'ן כפּרה־



אַ לעקציע אין אַריפמעטיקע אין דער תלמוד תורה.
הינטער זיי שטייט דער משגיח.

עופות פאַר דער גאַנצער שטאָט און די הכנסה צוזאַמען מיט דעם שמוץ, פעדערן און שלעכטן ריח האָט געהאַט די תלמוד־תורה.

אין די אָנפאַנגער יאָרן פון 20טן יאָרהונדערט איז געווען משגיח אין ת"ת אַן ערלעכער און גוט־האַרציקער מאַן ר' יהושע טויבמאַן, פריער אַ וואַליז־מאַכער אין פולטוסק. ער איז געווען אַן אַקטיווער מענטש, אָבער ווייט פון חינוך־געביט און נישט געהאַט קיין אַנונג ווי צו פירן אַזאַ אינסטיטוציע. די צאָל קינדער איז געוואָרן גרעסער, אַמייסטן פון אָרעמען שטאַנד, ווייל אין ת"ת האָבן זיי נישט נאָך נישט געדאַרפט צאָלן שכר־לימוד, נאָר האָבן נאָך געקראָגן עסן אַ געקעכץ בייטאָג און ברויט מער ווי איינמאָל. אַמאָל נאָך אַ פּאָר שיכלעך און אַ קאַפּאָטקע.

ווען די רעגירנדע מאַכט איז אַריבער צו די פּאָליאַקן, האָבן אָנגעפאַנגען צו בלאָזן נייע ווינטן. אפילו די קנאים האָבן גענומען פאַרשטיין, אַז אָרעמע קינדער זיינען נישט הפקר, מען דאַרף זיי דערציען „צו גאָט און צו לייט", ד. ה. אויסער תורה אויך מלאכה און אַנדערע ידיעות, וואָס זיינען נויטיק אין לעבן. די רעגירונג האָט פאַרווערט צו לערנען אין אַלטן בנין פון דער ת"ת. האָט מען צעשיקט די קינדער זאָלן לערנען דערווייל אין פּריוואַטע הייזער אָדער אין בתי־מדרשים און מען האָט אָנגעפאַנגען זאָרגן וועגן אַ נייעם בנין, וועלכער זאָל צופרידנשטעלן די פאָדערונגען פון דער צייט.

אין דער קהילה קאַסע איז נישט געווען קיין געלט פאַר אַזאַ צוועק. אָבער צוויי פּרנסים ר' חנוך איזענשטאט און ר' סענדער־מיכל בזשאזא האָבן זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אומצוװאַרפן דעם אַלטן בנין און בויען אַ נייע גרויסע געביידע, וואָס זאָל זיין פּאַסיק פאַר אַ מאָדערנעם דערציאונגס־אַנשטאַלט. ביידע האָבן גלייכצייטיק געגעבן אָנגעזעענע סומען געלט כדי צו זיין אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע.

אויסער דעם האָט נאָך ר' סענדער־מיכל אַוועקגעגעבן אַ גרויסע צאָל ציגל פאַר דעם צוועק. פון אָט די דאָזיקע ציגל האָט דער מאַגיסטראַט געזאָלט אויפבויען אַ מאָדערנע באָד בשותפות פאַר פּאָליאַקן און אידן. ר' סענדער־מיכל האָט עס געזאָלט אויפשטעלן דעם בנין. די גויים האָבן שפּעטער חרטה געקראָגן אויף דער שותפות. האָט ר' סענדער מיכל אַוועקגעגעבן די בוי־מאַטעריאַל צום בנין פון דער תלמיד־תורה. אַנדערע בעלי־בתים האָבן אויך צוגעלייגט סומעס און מען האָט אויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט רובל. דאַן איז מען צוגעטראָטן ענערגיש צום בויען. דער נייער בנין פון 3 שטאָק איז באַשטאַנען פון 12 קלאַס־צימערן, אַ שול־צימער,

אַ זאַל פאַר פאַרזאַמלונגען און פייערונגען. איבער די קלאַס־צימערן איז געווען אַ דירה פאַר אַ רב. די קעלער־צימערן האָבן געדינט פאַר אַ קיך־עס־זאַל פאַר ת״ת און ישיבה בחורים, אויך פאַר אידישע סאָלדאַטן פון דער פוילישער אַרמיי וואָס האָבן געדינט אין לאָמזשע.

עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ נייער פּראָגראַם וואָס האָט אויסער אידישע למודים אויך איינגעשלאָסן אַ פולן קורס פון אַלגעמיינע געגנשטאַנדן, געננוי ווי אין די רעגירונגס־פאָלקס־שולן; העברעאיש איז אין צוגאָב איינגעפירט געוואָרן ווי אַ פולער געגנשטאַנד. קוואַליפיצירטע לערער, באַשטעטיקטע דורך די רעגירונגס אָרגאַנען, האָבן אָנגעפירט מיט די למודים. דער אויפזעער איבער די למודים איז געווען ר׳ חיים־יעקב ליטאוער. דער משגיח ר׳ יהושע טויב־מאַן איז פלוצלונג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג ביים סוף פון אויפבויען דעם נייעם בנין. אַ קורצע צייט האָט פאַרנומען זיין אָרט, ה׳ יעקב־שלום, ר׳ ישראל־מײשקע דעם אָנאָראָד־ניקס אַן איידעם. ער איז געשטאָרבן יונג נאָך אַן אָפּעראַציע אין וואַרשע.

דער וועד פון די גבאים פון תלמוד־תורה איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער קהילה: מ. קאַלינסקי, הירש מאַרק, אליהו־מאיר ראָזענבלום, פייוועל קאַווקעוויץ און דר. פּרושצאנסקי (דענטיסט). די למודים האָבן זיך געבעסערט אַלץ מער און די תלמוד־תורה האָט גע׳שמ׳ט אַלס אַ בעסערע פאָלקס־שול. די מער פּראָגרעסיווע פּרנסים האָבן פאָרגעשלאָגן אַז די תלמוד־תורה זאָל אַריבערגיין אונטערן אויפזיכט פון דער קהילה, כדי צו זיכערן דעם בודזשעט און דעם גייסט פון דער אינסטיטוציע. אָבער די תלמוד־תורה איז פאַרבליבן אין רשות פון דעם באַזונדערן תלמוד־תורה־וועד.

אויך שפּעטער, אין דער טרויעריקער צייט פון דער געטאָ, איז דער בנין פון תלמוד־תורה געשטאַנען. דער אומגליקלעכער יודענראַט פלעגט אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען דאָרט. דאָס איז דאַן געווען דאָס איינציקע אָרט צו לערנען פאַר די אידישע קינדער. דער בנין איז חרוב געוואָרן מיט דעם חורבן פון דער גאַנצער אידישער לאָמזשע, נאָר דער ווינקל־שטיין איז געבליבן.

יעקב ק. ברוכאַנסקי

# לזכר דער אַלטער תלמוד־תורה

(איר משגיח ר׳ איטשע מאיר, און מיין רבי ר׳ גבריאל קארניקס ז״ל)

אַלס אַן אָרעמער יתום מיט אַ גוט קעפּל האָב איך געלערנט אין די העכערע כיתות פון דער באַרימטער תלמוד־תורה. דער משגיח איז דאַן געווען אַן עלטערער איד, העכער פון מיטעלן וואוקס, מיט אַביסל אַ געבויגענער פּלייצע און אַ שיטער גרוילעך בערדל, אַ גרויסער למדן און ירא־שמים. זיין נאָמען איז געווען ר׳ יצחק־מאיר — ר׳ איטשע־מאיר. זיין פאַמיליע נאָמען האָט מען קיין מאָל נישט דערמאָנט (די פרומע אידן פלעגט מען רופן נאָר מיט די אידישע נעמען).

אָט דער ר׳ איטשע־מאיר איז שטענדיק געווען „אויף זיינע פיס״, געווידמעט זיין גאַנצן וועזן צו זיין אויפגאַבע. מען האָט אים געקענט זען אין איינער פון די כיתות; אין הויף, וואוהין חברה־קליינוואַרג פלעגן זיך אַרויסקריגן פון דעם כסדר׳דיקן לערנען און שפּילן אין קנעפּלעך מייסטענס, ער פלעגט זיי מיט אַ פּאַסעק אין האַנט, נאָר צום אָפּשרעקן, אַריינטרייבן צוריק אין די כיתות; אָדער גאָר אין איינעם פון די בוידעם־שטיבלעך פון זיין דירה, וואו ער פלעגט שניידן „מוציא׳ס״ פון די גרויסע לאבנס ראָזעווע ברויט און געבן די קינדער וואָס זייענדיק הונגעריק, פלעגן בעטן אַ שטיקל ברויט (די תלמידים פון ת״ת זיינען בדרך כלל געווען פון אָרעמע הייזער — די פאַרמעגלעכע פלעגן לערנען אין פּריוואַטע חדרים).

דאָס פאַרזאָרגן מיט ברויט די אָרעמע תלמוד־תורה־קינדער איז דאַן געווען אַ וויכטיקער צווייג פון צדקה־געבן: אַז אימיצער איז געווען אין אַן עת צרה, פלעגט מען נאָכן תהלים־זאָגן מנדר־זיין ברויט פאַר די תלמוד־תורה קינדער אויפן פוד.

איין אָפּשניט פון יענער צייט האָט געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג אויף מיין דערציאונג. דאָס זיינען געווען די עטלעכע



לעצטע גבאים פון דער תלמוד תורה אין יאָר 1938.

„זמנים״ וואָס איך האָב געלערנט אין דער צענטער כיתה, ביי ר׳ גבריאל ז״ל.

ער איז געווען אַ זעלטן־פיינע פּערזענלעכקייט. פון מיטעלן וואוקס, אַ דיקער מיט אַ געל־גרוילעכער פיר־עקיקער באָרד, שטענדיק זויבער, געקעמט. אויפן נאָז ברילן, אָפּט בלויע, פון אונטער וועלכע עס האָבן אַלע מאָל מיט ליבשאַפט אַריבערגעקוקט אַ פּאָר גוטע וואַרעמע גרויע אויגן. געקליידט איז ער מייסטנס געווען אין אַ כאַלאַטל פון צייג (וואָס פאַר אַן אַנדער „סחורה״ איז אַ תלמוד־תורה־מלמד אין יענע צייטן געווען ביכולת צו טראָגן?) אָבער זויבער, אַזוי אויך זיינע קאַמאַשן אָדער שטיוול — שטענדיק ריין מיט אַ גלאַנץ.

זיצן ביים לערנען פלעגט ער אויף אַן אָרעם־שטול מייסטנס אָנגעלענט אויף אַ זייט אָביסל מיט זיין פּאַפּיראָס אין אַ שפּיצקע אין האַנט. די פּאַפּיראָסן פלעגט ער אַליין וויקלען. פון אַ שוואַרצער טאַבאַק־פּושקע פלעגט ער אַרויסנעמען אָביסל טאַבאַק און אַ בייגעלע שוים־פּאַפּיר אָדער אַפּרייסן אַזאַ פון אַ גרויסן בויגן, אויסלייגן די טאַבאַק אויפן פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, פאַרוויקלען און צוקלעפּן מיטן באַנעצן מיטן צונג און די ליפּן. ביי אונז קינדער איז עס געווען אַן אַטראַקציע. באַזונדערס, ווען ער פלעגט גלייך אָנצינדן אַ שוועבעלע, פאַררויכערן און רינגלעך פון בלויען רויך פלעגן זיך אויפהייבן און זיך צעשפּרייטן מיט אַ געשמאַקן ריח איבערן שטוב.

עס איז געווען צו באַוואונדערן, וואָס די גאַנצע הכנה צו דערפילן זיין תאוה צו רויכערן האָט נישט אָפּגעשטעלט אויף איין מאָמענט זיין באַאַבאַכטן די קינדער (די לאַנגע בענק צום זיצן און די שמאָלע־לאַנגע טישן צו האַלטן די ספרים זיינען געשטאַנען ווי אַ חית און דער רבי אין אָנהויבאין מיטן, אַזוי אַז ער האָט שטענדיק געהאַט אַלעמען פאַר זיינע אויגן) און נאָכפאָלגן זיי מיטן לייענען און דערקלערן די גמרא אויסוויניק. עס איז געווען מערקווירדיק, ווי ער פלעגט ציטירן ווערטלעך דעם טעקסט פון דער גמרא און רש״י. ווען נויטיק פלעגט ער אויך ברענגען אַ תוספות, אָדער מהרש״א. איך ווייס פון אַמווינציקסטן 6 אַזוינע פּאָפּולערע גמרות וואָס ער האָט געקענט אויסוויניק. ער האָט געשמ׳ט אַלס אויסגעצייכנטער גמרא־מלמד, וועלכער האָט אַנטוויקלט זיינע תלמידים אין דרך הפשט און שכל הישר.

אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט האָט באַזעסן אָט דער דאָזיקער מלמד: ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער ספּאָרטלער־שווימער. וואונדער איבער וואונדער איז געווען צו זען זיינע קונצן און אויסדויער אין שווימען איבערן נארעוו. מען האָט געזאָגט אַז ער איז געווען אַ גיבור.

איין מאָמענט פון יענער צייט וועל איך אַרויסהויבן, ווייל ער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פון די תלמידים צום לערנען און פון משגיח ר׳ איטשע מאיר צו זיינע פליכטן, און אויך ווי אַזוי לאָמזשער אידן האָבן זיך פאַרהאַלטן בנוגע לערנען.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט מייסטנס פרייטיק־צו־נאַכט פלעגן מיר, אַ גרופּע תלמידים מתמידים פון דער 10טער כיתה, „זיצן משמורים״, ד. ה. אויפזיין דעם גרעסטן טייל פון דער נאַכט און איבער׳חזר׳ן, וואָס מיר האָבן געלערנט דורך דער וואָך. ביי דער ליכט פון אַ בליך־לאָמפּ (אַ נאַפטלאָמפּ מיט אַ קיילעכדיקן ברייטן קנויט אין אַ קיילעכדיקער מאַשינקע) פלעגן מיר זיצן און לערנען מיט חשק פון 8־9 אין אָונט ביז 3־4 פאַרטאָג. ר׳ איטשע־מאיר פלעגט כמעט אויפזיין מיט אונז גלייך. אַלע ווײַלע פלעגט ער אַריינקומען אין אונזער כיתה און זען צי מיר לערנען מיט אַן אמת. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז מען פלעגט אָפּעסן די פרייטיק־צו־נאַכטס׳דיקע סעודה אַרום 6 אין אָוונט און מיר זיינען אַוודאי הונגעריק — פלעגט ער אונז משמר׳ניקעס טיילן יעדן אַ מוציא חלה, נישט קיין ראָזעווע ברויט, לכבוד שבת. נאָכן אונטערלענען דאָס האַרץ מיט דעם געשמאַקן ביסן, פלעגן מיר פאָרזעצן אונזער לערנען מיט מער חשק ביז 3־4 פאַרטאָג. דאַן פלעגן מיר גיין אַהיים צו כאַפּן אַ שלאָף פאַר אַ פּאָר שעה ביזן דאַווענען.

אַרויסקומענדיק פון תלמוד־תורה פלעגן מיר זען דעם בית מדרש פון „הכנסת אורחים״ אָנטקעגן גוט באַלויכטן מיט לאָמפּן איבער די טישן, וואו אידן פלעגן שוין זיצן און לערנען אַליין, אין חברה׳ס, מעביר־סדרה־זיין, אָדער גאָר זאָגן תהלים. דאָס זעלבע איז געווען אין דערבייאיקן גרויסן בית מדרש און אַלע אַנדערע בתי־מדרשים אינער דער אידישער לאָמזשע. חברה תהלים פלעגט זיך גוט לאָזן הערן מיטן תהלים־זאָגן בציבור.

ווען איך בין געווען אָביסל אינגער און מיין פאָטער ע״ה האָט נאָך געלעבט, פלעגט ער אויפשטיין און שפּעטער מיר אויך אויפוועקן אַרום 12־1 אין מיטן דער לאַנגער פרייטיק־צו־נאַכט און ביי אַ נאַפט לעמפּל פלעגט ער לערנען אַליין און אויך מיט מיר ביז דעם ערשטן מנין.

אין אַזאַ משמר פלעגט מיין מוטער ע״ה אונז מכבד־זיין מיט קיכל און טיי, אויב דער אויוון, וואָס מען האָט אָנגעהייצט פאַרנאַכט מיט טאָרף, איז נאָך געווען וואַרעם.

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעלעבט גייסטיק דער גרעסטער טייל פון מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום אין אַלע שטעט און שטעטלעך. אַלע זיינען זיי געווען אין אַ גרויסער מאָס דער בית היוצר לנשמת האומה, ווי ביאַליק דריקט זיך אויס וועגן וואָלאָזשין. ווי אַזוי איז דאָס אַלץ פאַרשניטן געוואָרן?!...

## אָוונט תלמוד־תורה „תפארת בחורים״

אין יאָר 1896 איז אין לאָמזשע געגרינדעט געוואָרן אַ יוגנט־חברה „תפארת בחורים״ מיט אַן אויפגאַבע צו לערנען אין אָוונט מיט די אָרעמע בעלי־מלאכה אינגלעך חומש־רש״י, שולחן ערוך, א. אַנד. דער פּלאַץ פאַר דעם דאַרפן דינען די בתי־מדרשים. די חברה האָט זיך געהאַט אירע גבאים, וואָס פלעגן זאָרגן וועגן דעם לערנען און גלייכצייטיק צו געבן די אָרעמע תלמידים עפּעס אָוונט־ברויט. די איניציאַטיווע פון דער אונטערנעמונג איז געקומען פון דעם מטיף־קנאי ר׳ אליקום־געצל, וועלכער האָט פאַרלאַנגט אַזוינע אַנשטאַלטן אין פיל שטעט. אין לאָמזשע האָט די חברה עקזיסטירט איבער 20 יאָר. די עסקנים און רביים לשם מצוה זיינען געווען ר׳ לייבל ביאַליסטאָצקי און ה׳ לעווינזאָן, מעל־סוחר.

## תלמוד־תורה פאַר רעגירונגס רבנים

ווען די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעפאַנגען שטרענג צו פאָדערן אַ בילדונגס צענז פון נייע רבנים, איז געעפנט געוואָרן אין לאָמזשע אַן אַנשטאַלט, וואו יונגע רבנים זאָלן קענען קריגן די בילדונג, אָדער צו ווערן עקזאַמענירט, ווען זיי וועלן אַליין לערנען דעם נויטיקן קורס. אָט דעם בילדונגס אַנשטאַלט האָט מען גערופן „תלמוד־תורה פאַר רבנים״. זי איז געשטאַנען אונטערן רשות פון דער בילדונגס־דירעקציע פון דער רעגירונג. דער לערער זוסמאַנאָוויץ איז געווען דער הויפּט פון דער אינסטיטוציע און אויך דער עקזאַמענירער.



די ישיבה געביידע

# די גרויסע לאָמזשער ישיבה

אַזוי ווי אין פילע שטעט און שטעטלעך, האָט לאָמזשע פון אָנפאַנג אויך געהאַט אַ ישיבה קטנה. יונגע בחורים זיינען געזעסן און געלערנט אין אַ בית מדרש גמרא אונטערן אויפזיכט פון אַ ראש־ישיבה און בעלי בתים לערנער. די ערשטע ישיבה קטנה אין לאָמזשע איז געווען אין דעם מגן־אברהם בית מדרש. נאָכדעם, לויט ר׳ אליהו־וואָלף ראַבינאָוויץ אין זיינע זכרונות, אין גרויסן בית־מדרש. לאָמזשער רבנים זאָגן אַ שיעור, אַ פּילפּול פאַר אַ קיבוץ פון לערנער. אָבער לאָמזשע איז שפּעטער אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין אויסגעצייכנט פון אַלע אַנדערע שטעט אין פוילן; אין לאָמזשע איז געגרינדעט געוואָרן אַ גרויסע ישיבה לויטן מוסטער פון די גרויסע ישיבות אין ליטע, ווי וואָלאָזשין, מיר, סלאָבאָדקע א. אַנד.

אין צוויי הינזיכטן האָט זיך לאָמזשער ישיבה אונטערשיידט פון די דערמאָנטע ליטווישע ישיבות. ערשטנס: אין לאָמזשער ישיבה האָבן די בחורים, וועלכע זיינען ס׳רוב געקומען פון אַנדערע שטעט, געגעסן „טעג״ און די הנהלה פון דער ישיבה האָט זיי געצאָלט קליינע סומען פאַר אַנדערע הצטרכות׳ן. אין די ליטווישע ישיבות האָבן די בחורים באַקומען געוויסע סומען פאַר זייער אויסהאַלט — עסן און אַ סטאַנציע. די אַנדערע נויטיקייטן האָבן זיי באַפרידיקט מיט קלענערע סומען וואָס זיי פלעגן באַקומען פון זייערע היימען.

צווייטנס: אין מעטאָד, אָדער סדר פון לערנען. אין די ליטווישע ישיבות זיינען נישט געווען קיין כיתות. מען האָט אַליין געלערנט פאַר זיך אָדער צוויי בחברותא. אַ צווייטער ראשי־ישיבה מופלגים פלעגן זאָגן צו איינמאָל אין וואָך אַ פּלפּול פאַר אַ גרעסערער גרופּע בחורים, וועלכע פלעגן נאָכן אויסהערן זיך מפלפל־זיין, דיסקוטירן מיט דעם ראש ישיבה. לויט די וויכוחים פלעגן שוין די ראשי־ישיבה וויסן, וואו דער בחור, דער דיסקוטאַנט, האַלט אין לערנען. אַמאָל פלעגט אויך אַ משגיח זיך דורכשמועסן מיט אַ בחור און דערגיין צי ער איז מצליח אין לערנען.

אַנדערש איז עס אָבער געווען אין לאָמזשער ישיבה. דאָ זיינען געווען כיתות. דער גמרא־מלמד פון דער כיתה האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים דעם בלאַט־גמרא, אָדער די סוגיא, וואָס זיי האָבן געדאַרפט פריער אַליין דורכלייענען, לערנען (עס האָט זיך גערופן: „מאַכן אַ לייענען״). דער רבי פון דער כיתה האָט עס געדאַרפט באַלייכטן, פאַרטיפן מיט קשיות און מפרשים. זיינע צוהערער האָבן געוויינטלעך געפרעגט, אָדער ער האָט זיי געפרעגט, אויך געהייסן לייענען און דערקלערן פאַר דער כיתה.

לאָמזשע ישיבה איז געוואָרן מפורסם איבער פוילן און ליטע און פון אומעטום זיינען יונגעלייט געקומען אַהער לערנען. פילע פון אירע תלמידים זיינען שפּעטער, נאָכן פאַרזעצן אין אַנדערע ישיבות, געוואָרן רבנים. דער גרינדער פון דער ישיבה, וואָס האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין דער רבנישער וועלט, איז געווען אליעזר — ר׳ לייזער שולאָוויץ.

גלייך פון אָנפאַנג האָט ר׳ לייזער אָנגעשטעלט ראשי־ישיבה, מלמדים, באַרימטע פון אומעטום נישט רעכנענדיק זיך מיט דער קעגנערשאַפט פון לאָמזשער גמרא־מלמדים, פאַר־



רב לייזער (גרינדער פון דער ישיבה)

וואָס מען האָט זיי איגנאָרירט. די ערשטע ראשי־ישיבות, גמרא מלמדים זיינען געווען: ר׳ אהרן פון קאָוונע, אַ גרויסער מופלג. ווען ער איז אויף דער עלטער פאַראַליזירט געוואָרן פלעגן אים די ישיבה־בחורים ברענגען־צו־טראָגן צום שיעור; ר׳ רפאל פון פּיאַנטניצע; ר׳ משה בריקער; ר׳ פּסח־איסר געלצינסקי; ר׳ נתן־נטע חילינאָוויץ; ר׳ בערל־הירש, אַן איידעם פון ערשטן ת״ת משגיח; ר׳ ניסן און ר׳ ישראל־לייב אגולסקי; ר׳ דוד־טעוול דיינאָווסקי, א. אַנד. שפּעטער האָבן ר׳ לייזער׳ס איידעמס אויך פאַרנומען שטעלעס צווישן די שיעור־זאָגער: ר׳ יחיאל־מיכל גאָרדאָן און ר׳ יהושע־זעליג ראָק. עס האָבן אויך פיל בייגעטראָגן די ראשי־ישיבות ר׳ עוזר, דער משגיח ר׳ משה ראָזענשטיין און ר׳ לייזער אגולסקי.

ר׳ לייזער שולאָוויץ איז געבוירן געוואָרן אין קאַלנאַ, נעבן לאָמזשע, אין 1848. זייענדיק נאָך אַ אינגל איז זיין פאָטער אַריבער קיין פּיאַנטניצע. ער האָט געשטאַמט פון אַ רבנים־משפּחה. זיין מוטער איז געשטאָרבן ווען ער איז געווען 9 יאָר אַלט, און זיין פאָטער שיקט אים דאַן צו זיין רייכן פעטער וויערניצקי אין לאָמזשע. ר׳ אליעזר־שמחה, לאָמזשער רב, שיקט אים דאַן קיין ביאַליסטאָק אין דער ישיבה פאַר אינגלעך. ער לערנט דאָרטן 4 יאָר. ווען ער איז 14 יאָר אַלט, ווערט בטל די ישיבה אין ביאַליסטאָק און לייזער קערט זיך צוריק קיין לאָמזשע. שפּעטער שיקט אים דער רב קיין וואָלאָזשין. פון דחקות און התמדה ווערט ער קראַנק און ר׳ נפתלי־צבי־יהודה בערלין, ראש ישיבה, זעט צו דערהאַלטן אים אויפן חשבון פון דער ישיבה.

נאָך 5 יאָר אין וואָלאָזשין איז זיך מתחתן מיט אים ר׳ אייזיק טאַל, אַ גביר, וואָס האָט אים נאָך געקענט אין ביאַליסטאָק. 2000 רובל און 10 יאָר קעסט גיט ער זיין איידעם ר׳ לייזער׳ן ער זאָל קענען פאַרזעצן זיין לערנען און אויסוואַקסן גרויס. אין ביאַליסטאָק דינגט ער מיט ר׳ נפתלי הירץ הלוי, שפּעטער רב אין יפו, ארץ־ישראל, אַ צימער אין זיי זיצן

און לערנען מיט התמדה, אָפּמאַכנדיק נישט אָנצונעמען קיין רבנות שטעלע. ר׳ לייזער איז שוין דאַן אַ פאָטער פון קינדער און דאָך פאָרט ער אַוועק קיין איישישאָק און לערנט דאָרט מיט התמדה, נעכטיקנדיק אין בית מדרש. מען לייגט אים פאָר דאָרטן אַ רבנות־שטעלע, ער נעמט נישט אָן. ער האָט צער און פאָרט אַוועק קיין קעלם צו ר׳ לייבעלע חסיד. דאָרטן נעכטיקט ער ווידער אין קלויז און לערנט מיט התמדה. ער באַקענט זיך מיט ר׳ שמחה זיסל דעם מוסר׳ניק.

3 יאָר שפּעטער פאָרט ער אַהיים לויט דער פאָדע־רונג פון זיין שווער. נאָך אַ קורצער צייט זאָגט ר׳ לייזער ווידער אָפּ אַ פאָרשלאַג פון אַ רבנות־כתב פון שטעטל כא־ראשץ, נישט קוקנדיק אויף זיין פאַרגרעסערטער משפּחה און שווערן פינאַנציעלן צושטאַנד פון זיין שווער. זיין מאָטיוו: ער איז נישט ראוי. ער פאָרט ווידער אַוועק פון זיין פרוי און קינדער קיין מעמעל צו ר׳ ישראל סאַלאַנטער, ער טוט עס אין געהיים, ווייל זיין שווער איז קעגן דעם. בריוו פלעגט ער נאַכהער שיקן אויף אַן אַנדער אַדרעס, ווי ער האָט אָפּ־געמאַכט מיט זיין פרוי. אין פאַרלויף פון יאָרן איז ר׳ לייזער געווען ר׳ ישראל׳ס גבאי אין אַלע ענינים, אויך איבער זיינע נאָענטע תלמידים.

מען לייגט אים דאַן פאָר די שטעלע פון משגיח אין וואָלאָזשינער ישיבה, אָנערקענענדיק זיינע פעאיקייטן פאַר סיס־טעם און דיסציפּלין. ר׳ לייזער אַנטזאַגט מורא־האָבנדיק פאַר מחלוקת. ער אַנטזאַגט אויך דעם באַוואוּסטן נדיב ר׳ פישל לאפין, ר׳ ישראל׳ס אַ חסיד, מיטצוגיין מיט אים קיין ארץ־ישראל וואו ער וועט ר׳ לייזער׳ן אויסהאַלטן מיט אַ עם נויטיקן. זיין מאָטיוו: „אַל תבטחו בנדיבים״. און אויך ווייל ער האָט פיל אויפצוטאָן אין גלות.

אין צווישן קריגט ער אַ ירושה פון זיין פעטער 3000 רובל. די סומע צוזאַמען מיט דעם רעשט פון זיין נדן־געלט מאַכן אים פריי פון דאגת הפרנסה און ר׳ לייזער קלערט שוין גרויסע זאַכן צו פאַרשפּרייטן תורה. ער באַזעצט זיך אין לאָמזשע און פאַנגט אָן צו אָרגאַניזירן יונגעלייט בני־תורה. ר׳ זרח בראַווערמאַן, אַ תלמיד פון ר׳ נחומ׳קע גראָדנער, שפּעטער איינער פון די ערשטע בויערס פון ישוב ארץ־ישראל, האָט אים געהאָלפן אין דעם. אויך ר׳ לייזער־שמחה׳ס זון, וואָס איז שפּעטער געוואָרן רב אין אַ שטאָט אין ענגלאַנד, און נאָך בעלי־בתים בני תורה. ר׳ לייזער בשותפות מיט ר׳ זרח׳ן מאַכן אַ געשעפט פון אַרמיי־בגדים. זיי אַליין זיינען געווען פאַרטאָן אין לערנען און דאָס געשעפט האָט געדאַרפט פירן אַ דריטער, אַ פרעמדע פערזאָן. דער מסחר האָט נישט מצליח געווען און די שותפים גייען אַרויס פון אים.

אין יאָר תרמ״ג, נאָך ר׳ ישראל׳ס פּטירה, האָט ר׳ לייזער באַשלאָסן צו גרינדן אין לאָמזשע אַ גרויסע ישיבה. אַזוי האָט אים געהייסן ר׳ ישראל ביי זיין לעבן. ר׳ זרח בראַווערמאַן האָט אים אין דעם געהאָלפן. אין פּוילן איז נישט געווען ביז דאַן קיין ישיבות, נישט רעכענענדיק די קלענערע צאָלן בחו־רים אָדער יונגעלייט, וואָס פלעגן לערנען אין די חסידי׳שע שטיבלעך אָדער אין רבי׳אישע הויפן. לאָמזשע האָט זיך מער געפּאַסט צו האָבן אַזאַ ישיבה פון ליטווישן שטייגער, ווייל לאָמזשער אידן זיינען געווען נענטער צום ליטווישן טיפּ אידן.

די ישיבה איז געעפנט געוואָרן אין אַ פּריוואַטן בית־מדרש פון ר׳ יעקב לעווקאָוויץ (שפּעטער האָט ר׳ משה אהרן העפנער אויסגעבויט דאָרטן זיין הויז). ווען דער בית־מדרש איז געוואָרן קליין פאַר דער אַלץ פאַרגרעסערטער צאָל תלמי־דים, איז די ישיבה אַריבער אין דעם הויז פון עקיבא־יעקב יאַקאָבי, אין דער זשאַנדאַווא גאַס. ר׳ לייזער קריגט אַריין 3000 רובל פון דעם נדבן ר׳ מאיר פערלא, און מיטן פאַר־מעגן פון ר׳ זרח בראַווערמאַן און נאָך אַ סומע געלט אַלס אַ הלוואה, האָט ער געקויפט אַ הויז אויסערן שטאָט און דאָרטן אַריבערגעפירט די ישיבה. כדי אויסצומיידן חשדים האָט ער פאַרשריבן דאָס הויז אויפן נאָמען פון סטאַוויסקער רב, רבי חיים־לייב מישקאָווסקי, זיין פריינט און יועץ אין אַלע ענינים פון דער ישיבה. שפּעטער האָט ר׳ לייזער צוגעבויט נאָך בני־נים פאַר שלאָף־צימערן פאַר די תלמידים און איינעם אַ גרויסן פאַר אַלע כיתות צוזאַמען צום לערנען.

די ישיבה איז געוואָרן מער און מער באַליבט ביי לאָמזשער אידן און פון דער סביבה; עס האָבן גענומען אַריינקומען גרע־סערע נדבות. איין אלמנה האָט אָפּגעגעבן איר גאַנצן פאַרמעגן פאַר דער ישיבה און אַליין איז זי אַוועק אין מושב־זקנים. ר׳ אשר, אַ פאַבריקאַנט פון ציגל אין קופּיסק, האָט געשאָנקען 30 טויזנט ציגל און זיין פרוי, פון כעס פאַר נישט פרעגן איר — 25 טויזנט. ר׳ הירש שיינבערג פון שצוצין האָט געשיקט 800 רובל. די צאָל תלמידים שטייגט — שוין 400. דאָס לערנען איז אויף אַ גוטער מדרגה אַ דאַנק דאָס אָנשטעלן מופלגים אַלס שיעור־זאָגער. אויסער די פריער דערמאָנטע האָט ר׳ לייזער נאָך אָנגעשטעלט ר׳ אברהם אליהו מאַרקאָוו׳ן, ר׳ שלמה קאָטלער, ר׳ אברהם פעקער און הרב מאָוושאָוויץ. צו דעם האָט ער זיך פאַרשאַפט משגיחים מוסר׳ניקעס.

ר׳ לייזער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די תלמי־דים, באַזיצנדיק פּסיכאָלאָגישע און פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן. אין די ערשטע יאָרן האַלט ער מוסר־געשפּרעכן מיט די תלמידים. שפּעטער האָט ער אויפגעהערט די געשפּרעכן אָבער אַלץ איז געווען אונטער זיין השגחה. זיין קאָנטאַקט מיט די בחורים איז געווען אין זיין באַזונדערן חדר אין דער ישיבה. ער פלעגט אַרומגיין און שטאַרק באַאָבאַכטן די תלמידים, אפילו ביינאַכט. ביים דאַוונען פלעגט ער שטיין מיטן פּנים צום קהל כדי צו באַטראַכטן די דאַוונער. ער פלעגט אָפט איבער־ראַשן די בחורים מיט זיינע וויזיטן אין זייערע צימערן אין דער ישיבה. אין אַ באַשטימטן טאָג פלעגן זיך די עלטערע בחורים צוזאַמענקומען אין אָונט ביי אים אין הויז צו הערן זיינע געדאַנקען אין מוסר. באַזיצנדיק אַ גרויסן רעדנער־טאַלאַנט, פלעגט ער מאַכן אַ טיפן איינדרוק אויף זיינע צו־הערערס. די ישיבה איז מיט דער צייט געוואָרן זייער באַרימט און געדינט אַלס מוסטער־ישיבה. ר׳ יוסף־יוזל הורוויץ האָט

ישיבה בחורים ביי זייערע שטענדערס ביים לערנען גמרא.



פאַרבראַכט דאָרט אַ לענגערע צייט. דערנאָך, ביים גרינדן זיינע ישיבות, האָט ער גענומען לאָמזשער ישיבה אַלס מוסטער.

ר׳ לייזער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט זיין ישיבה אַליין, ער האָט געגרינדעט אַ נעץ פון קלענערע מכינה־ישיבות צו לאָמזשער. אין לאָמזשער געגנט האָט ער געגרינדעט אַרום 12 אַזעלכע: אין אסטראווע, גרייעווע, וויזנע, יעדוואבנא, מאקאָוו, זאמבראוו נאָוואָגראָד סטאַוויסקי, קאלנא, שצוצין, א. א. ער האָט אויך געהאָלפן די חסידישע רביים פון גער, סאָכאַטשאָוו, אַלעקסאַנדראָוו, א. נ. גרינדן ישיבות אין זייערע ערטער. אַלע מכינה־ישיבות זיינען געווען אונטער דער דירעקטער השגחה פון ר׳ לייזער׳ן. ער פלעגט זיי באַזוכן איינמאָל אין חודש און אַלץ קאָנטראָלירן. די תלמידים פלעגן זיצן משמרים, כדי זיך צוגרייטן צו ר׳ לייזער׳ס פאַרהערן. דער „חפץ־חיים" האָט דאָס אויסגעפונען אין יאָר תרמ״ה זייענדיק אין נאָוואָגראָד, ווען ער איז אַריין אין אַ ווינטער־נאַכט 3 פאַרטאָג אין באַלויכטענעם בית־מדרש. שפּעטער ווען ער איז געווען אין לאָמזשע, האָט ער געקושט ר׳ לייזער׳ן פאַר זיינע דערגרייכונגען אין פאַרשפּרייטן תורה.

אויך די פינאַנציעלע אָנגעלעגנהייטן פון דער ישיבה זיינען געלעגן אויף ר׳ לייזער׳ן. שטענדיק איז ער געווען פאַרטונקען אין חובות און האָט געמוזט זיך ווענדן צו מע־צנאַטן נאָך געלט, וואָס ער פלעגט קריגן בכבוד. זיינע העל־פערס אויף דעם געביט זיינען געווען: ר׳ חיים־לייב פון סטאַוויסק, ר׳ אלי־חיים פון לאָדזש, פריער לאָמזשער רב, דער „חפץ־חיים", א. אַנד. גלייכצייטיק פלעגן פאָרן משולחים צו קלייבן געלט פאַר לאָמזשער ישיבה. אין דייטשלאַנד האָבן אים געשטיצט הרב דר. הילדעסהיימער, הרב דר. ברויער פון פראַנקפורט און באַראָן ראָטשילד. טראָץ דער הילף זיינען די ישיבה־חובות געוואָרן גרעסער און גרעסער. עס איז דערגאַנ־גען צו דעם אַז ער האָט אַמאָל שוין באַשלאָסן צו שליסן די ישיבה. ר׳ חיים־לייב פון סטאַוויסק האָט אים אָפּגעהאַלטן פון דעם. גייענדיק איינמאָל מיט אים אין מיטן דער נאַכט האָט ער אים אָנגעוויזן אַז אַלע בתי־מדרשים זיינען פינצטער, פאַרשלאָסן, נאָר די ישיבה איז באַלויכטן און נאָר פון דער

ישיבה הערט זיך דער קול פון תורה. ר׳ חיים־לייב האָט צוגעזאָגט צו העלפן און דאָס האָט געווירקט אויף ר׳ לייזער׳ן.

ווי אַלע עסקנים האָט ר׳ לייזער׳ן אויך נישט געפעלט קיין מחלוקת. ערשטנס, מצד די לאָמזשער גמרא־מלמדים, פאַר־וואָס מען האָט זיי נישט אָנגעשטעלט אין דער ישיבה. איי־ניקע פון זיי זיינען טאַקע געענטפערט געוואָרן. צווייטנס, האָבן די חסידים נישט פאַרטראָגן די פירונגען פון די ליט־ווישע ישיבות, וואו די בחורים זיינען געגאַנגען קורץ גע־קליידט אָן בערד און פיאות. אויך די מכינות האָבן זיך נישט געוואָלט פירן ווי ר׳ לייזער האָט געוואָלט, ד. ה. לויט דעם רוח פון מוסר, וואָס ער האָט גע׳ירש׳נט פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער.

איינע אַזאַ מכינה האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטאַר־קער און עפנטלעכער מחלוקה. דאָס איז געווען די קלענערע ישיבה אין מאַקאָוו, וואו ר׳ לייזער האָט אָנגעשטעלט זיינעם אַ באַקאַנטן נאָך פון ביאַליסטאָק, ר׳ נטעלע. אָט דער ר׳ נטעלע אויסנוצנדיק די גוטע געפילן צו אים מצד מאַקאָווער בעלי־בתים, וואָס האָבן אים באַטיטלט אדמו״ר, ווען זיי פלעגן אים דערמאָנען, האָט זיך דערפילט דערהויבן גענוג צו פירן זיין ישיבה זעלבסטשטענדיק. ר׳ לייזער האָט מורא־געהאַט דאָס זאָל נישט זיין ווי אַ סיגנאַל צו אַלע אַנדערע מכינה־מנהלים צו אַן אויפשטאַנד פאַר זעלבסטשטענדיקייט, האָט געקעמפט קעגן ר׳ נטעלען דורך הודעות, קול־קורא׳ס. ערשט די גדולי הדור: ר׳ אלי־חיים מייזל, ר׳ חיים־לייב מישקאָוווסקי, דער „חפץ־חיים" און ר׳ מרדכי פון סלאָנים האָבן גע׳פסק׳נט, אַז ר׳ לייזער איז גערעכט. נאָכן פסק האָט ער אַליין אויפגעגעבן דעם קאַמף. נאָך דעם איז ר׳ לייזער געווען קראַנק אַ לענגערע צייט און פיל פון זיינע אַנשטאַלטן זיינען אונטערגעגאַנגען.

אין די יאָרן תרנ״ז־תרנ״ח האָט מען אין די צייטונגען באַקעמפט די מוסר־שיטה, און פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ לייזער׳ס נאָמען איז נישט געשוינט געוואָרן. אין תרס״ו האָט מען אין דעם ביאַליסטאָקער בלאַט „דער וועג" פאַרשפּרייט ווענן אים רכילות׳ן. דער „חפץ חיים" איז גראַדע אין יענער צייט געווען אין לאָמזשע מיט זיין איידעם ר׳ אהרן און ער האָט מיט דער הילף פון די נכבדים פון שטאָט עפנטלעך אָפּגעלייקנט דעם שם־רע, וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אויף ר׳ לייזער׳ן.

ווען זיינע טעכטער זיינען אונטערגעוואַקסן האָט ר׳ לייזער גענומען חתנים גדולי תורה: ר׳ יחיאל־מרדכי גאָרדאָן און ר׳ יהושע זעליג רוך, וועלכע זיינען געוואָרן ראשי־ישיבה. נאָך אַ משגיח האָט ער אָנגעשטעלט, ר׳ משה ראָזענשטיין, אַ חניך פון קעלם. אָט די האָבן געהאָלפן ר׳ לייזער׳ן טראָגן דעם יאָך פון דער ישיבה.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט צעריבערגעפירט אַ טייל פון דער ישיבה קיין סימיאַטיץ. ווען די דייטשן דערנענטערן זיך צו דעם שטעטל, פאָרט ר׳ לייזער אַוועק אַליין טיפער אין רוסלאַנד און די ישיבה קומט צוריק קיין לאָמזשע און עקזיסטירט אונטער דער פירונג פון ר׳ יחיאל־מרדכי. ר׳ לייזער, זייענדיק שוין אַ בן־שבעים, זוכט אַלץ נישט קיין מנוחה, וואָס ער האָט געקענט געפינען אין כאַרקאָוו ביי זיין פאַרערער־פריינט ר׳ בנימין דייניש. ער גרינדעט אַ נייע ישיבה אין פרילוקי, טשערניגאָווער גובערניע, און פאָרט אַרום אין די שטעטלעך צו קריגן מיטלען צום אויסהאַלטן די ישיבה. זיין איידעם, ר׳ יהושע זעליג רוך, איז מיט ר׳ לייזער׳ן. אין דער צייט פון זיין אַרומפאָרן פירט זיין איידעם איבער די ישיבה קיין כאַרקאָוו. אין יאָר תרפ״א (1921) קומט ר׳ לייזער צוריק קיין לאָמזשע אין זיין ישיבה.



נאָך אַ בילד פון די ישיבה בחורים ביים לערנען.

## די ישיבה אין ארץ־ישראל

אין יאָר תרפ״ג (1923) איז ר׳ לייזער אויפגעגאַנגען קיין ארץ ישראל, זיך באַזעצט אין ירושלים און פאַרבראַכט זיין צייט על התורה. אויך גרינדעט ער אַ קרייז פון יונגעלייט צו לערנען דעם חובת הלבבות. ער לאָזט אָפּדרוקן דעם מסלת ישרים, וויכטיקסטער פּאָפּולערער מוסר ספר, אין אַ פאַר־בעסערטער אויפלאַגע. פאָרזעענדיק, אַז אין לאָמזשע וועט זיין ישיבה סוף־כל־סוף נישט האָבן קיין עקזיסטענץ פאַרטראַכט ער אַ פּלאַן צו אַריבערפירן איר קיין ארץ ישראל. זיין איידעם ר׳ יחיאל־מרדכי פאָרט וועגן דעם קיין אַמעריקע צו גע־פינען סימפּאַטיקער און מאַטעריעלע הילף דאָס דורכ־צופירן. איין רייכע, פרומי מילער פון פילאַדעלפיע, פאַר־פליכטעט זיך צו צאָלן 200 דאָלאַר יעדן חודש אויסצוהאַלטן 10 תלמידים אין דער ישיבה, וואָס מען וועט אַריבערפירן קיין ארץ־ישראל. לויט דער עצה פון אַלטיטשקן ר׳ זרח בראַווערמאַן, אַלטער פריינט פון ר׳ לייזער׳ן, קלייבט מען אויס די קאָלאָניע פתח־תקוה פאַר דעם פאַסענדן פּלאַץ פאַר דער ישיבה. ר׳ משה סעלאָר פון די אַלטע פתח־תקוה איינ־וואוינער שענקט אַוועק אַ גרויסן פּלאַץ פאַר דעם צוועק.

אין חודש כסלו 1926 איז געלייגט געוואָרן דער ווינקל־שטיין און 4 יאָר שפּעטער איז דער בנין פאַרענדיקט געוואָרן. ער באַשטייט פון 3 גאָרן, 20 חדרים און איין גרויסער זאַל פאַר לערנען און דאַוונען. די ישיבה עקזיסטירט נאָך הייַנט. שפּעטער האָט מען צוגעבויט נאָך הייזער צום שלאָפן פאַר די פּליטים. אין זעלבן יאָר זיינען אַריבערגעקומען די ערשטע 40 בחורים פון לאָמזשע מיט דעם ראש ישיבה ר׳ אליהו דוש־ניצער. די ענגלישע מאַנדאַטן־רעגירונג האָט נאָך דעם באַ־וויליקט נאָך סערטיפיקאַטן און פאַרן חורבן פון אידן אין אייראָפּע — נאָך 200 דערלויבענישן פאַר די גראַטעוועטע לומדי תורה.

ר׳ לייזער האָט נאָך זוכה געווען צו זען ביי זיין עלטער פון 82 יאָר די חנוכת הישיבה אין פתח־תקוה. אין יענעם יאָר איז ער נפטר געוואָרן און געקומען צו קבורה אויפן הר הזיתים אין ירושלים. פאַר אַ געוויסער צייט איז דער רב פון פתח־תקוה געווען דער מנהל פון דער ישיבה. אין חודש ניסן תשי״ב (1952) איז אויפגעגאַנגען פון אַמעריקע ר׳ יחיאל מרדכי גאָרדאָן קיין פתח־תקוה און פאַרנומען דעם פּאָסטן פון מנהל. דער ראש־ישיבה איז דער אינגסטער איידעם פון ר׳ לייזער׳ן, ר׳ משה־לייב עוזר.

## דער אַלטער משגיח, ר׳ ישראל לייב

ר׳ ישראל לייב אגולסקי, געבוירן אין 1850 אין קאָוונע, געלערנט אין די ישיבות פון ליטע, אַ תלמיד פון ר׳ יצחק־אלחנן, אַנהענגער פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער׳ס מוסר־שיטה, קומט־אָן אין לאָמזשער ישיבה אַלס משגיח און דינט 50 יאָר מיט מסירות. האָט פאַרנומען די שטעלע פון ראש ישיבה פון כיתה ב׳. פון דאַן רופט מען אים „דער אַלטער משגיח״. טויזנטער בחורים האָבן ביי אים געלערנט. שפּעטער זיינען זיי געוואָרן לומדים אָדער רבנים. ער׳איז געווען אַ גרויסער קנאי — קעגנער צו יעדער נייער שטרעבונג פון פאַרבעסערן די שיטה פון דערציאונג. ער פלעגט רודפ׳ן יעדער בחור, וואָס האָט געהאַט נייגונגען צו השכלה. זיין גאַנצער וועזן איז געווען געווידמעט צו אויפהאַלטן דאָס אַלטע, נאָר תלמוד און מוסר.

די קינדער פון זיין ערשטער פרוי זיינען אַלע געווען משכילים. פאַר דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ טייל פון דער ישיבה איז אַריבער קיין סימיאַטיץ,



דער „אַלטער משגיח״, ר׳ ישראל לייב אגולסקי

איז ר׳ ישראל־לייב געבליבן אין לאָמזשער ישיבה אויף זיין פּאָסטן. מיט פיל ענערגיע האָט ער געטראָגן דעם יאָך סיי פון אַ ראש ישיבה, סיי ווי אַ מנהל צו פאַרזאָרגן די פינאַנצן פון דער ישיבה. ער פלעגט אַרומפאָרן צו שאַפן געלט. זיין אינגסטער זון ר׳ לייזער האָט געהייראַט מיט ר׳ לייזער שולאָוויץ׳ס איייניקל. זיין איינציקער לעבנגעבליבענער זון מנחם אגולסקי איז אַן אַדוואָקאַט אין תל־אביב. ר׳ ישראל לייב איז נפטר געוואָרן ד׳ כסלו, תרצ״ו (1936), אין עלטער פון 85 יאָר.

## דער יונגער משגיח, ר׳ משה ראָזענשטיין

נאָך ר׳ ישראל־לייב׳ן, איז געווען אַ קורצע צ״יט משגיח אַ יונגער מאַן. מען האָט אים גערופן, „דער שוואַרצער מש־גיח״. ער איז געשטאָרבן יונג. נאָך אים איז אָנגעקומען פון ליטע ר׳ משה ראָזענשטיין. אים האָט מען גערופן „דער יונגער משגיח״. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מענטש. געקענט רוסיש און אַנדערע אַלגעמיינע למודים, אָבער איז



דער „יונגער משגיח״, ר׳ משה ראָזענשטיין
גייסטיקער פירער פון דער ישיבה,
מחבר פון ספר „מסתרי השחיטה״

געווען פאַרטאָן מיט זיין גאַנצער נשמה אין דער ישיבה. פלעגט זאָגן אַ שיעור פאַר די העכערע כיתות און אַכטונג געבן אַז די בחורים זאָלן גיין אין דרך התורה והמוסר. ער פלעגט האָבן געשפּרעכן מיט איינצלנע תלמידים און ווירקן אויף זיי מיט זיין גייסט. פלעגט זיך פייניקן אין פאַסטן. ער האָט איינגעפירט אַ וועד פאַר יעדער כיתה מיט דער אויפ־גאַבע צו פאַרשרייבן די בחורים וואָס פאַרברעכן קעגן אַ תקנה, וואָס פאַרשפּעטיקן צום דאַוונען און באַשטראָפן זיי מיט געלט אָדער צו דערווייטערן זיי פון שיעור פאַר עטלעכע טעג.

ר׳ משה ראָזענשטיין איז געווען דער לעצטער פון די פאַרשפּרייטערס פון ר׳ ישראל־סאַלאַנטער׳ס מוסר־שיטה.

ר׳ משה גאָלדין

## ר׳ פסח איסר געלצינסקי

פיר זין מיט איין טאָכטער זיינען געווען ביי ר׳ יצחק מרדכי געלצינסקי: פסח איסר, דער עלטסטער; עליע — גע־ווען אַ בעקער, משה שמואל און חיים דוד.

ר׳ פסח־איסר איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תר״ז (1847). נאָך חדרים האָט ער געלערנט אין ביאַליסטאָקער ישיבה, נאָכהער אין כאראשץ. האָט געהייראָט די טאָכטער פון ראַדזינער חסיד, ר׳ יעקב־יוסף ציבולקא, וועלכער האָט מיט גוואַלד געבראַכט דעם חתן אין חסידים־שטיבל צו דער חופה. קעגן ווילן פון חתנ׳ס פאָטער, וואָס איז באַשטאַנען אַז די חופה זאָל זיין נעבן גרויסן בית מדרש.



ר׳ פסח איסר געלצינסקי

צוערשט עוסק׳ט זיך דער יונגערמאַן אין מסחר מיט מעל. אַז ער איז נישט מצליח, ווערט ער גמרא־מלמד מיט די קינדער פון אַ גביר נעבן מישניץ. אין קורצן קומט ער צוריק קיין לאָמזשע און עפנט אַ חדר פאַר גמרא־אינגלעך און איז מצליח. ער ווערט באַרימט אַלס גרויסער מסביר, ווי צווישן אַנדערע גמרא־מלמדים: אברהמ׳ל מ״ס, יעקב־זאב, יוסף פיאַנטניצקי, א. אַנד. אין פרייער צייט שרייבט ר׳ פסח־איסר פירושים צו די מסכתות וואָס ער לערנט. ווען עס עפנט זיך די ישיבה ווערט ער אויפגענומען פאַר ראש ישיבה פון דער ערשטער כיתה און פאַרבלייבט אויף דער שטעלע עטלעכע צענדליק יאָר, 1884—1921.

ר׳ פסח־איסר איז געווען אַ ליבלעכער מענטש און אַ בן־בית אין ר׳ מלכיאל׳ס הויז. קהל האָט זיך גערעכנט מיט זיין דעה. ער האָט געוואוינט אין סענאַטאָרסקאַ גאַס אַנטקעגן דעם שפיטאָל און בית־מדרש. שפּעטער איז ער אַריבער אין איינעם פון די ישיבה־בנינים. ער איז געווען אַ מדקדק במצוות „מים שלנו״, ד. ה. וואַסער צו באַקן זיינע מצות פלעגט ער אַליין שעפּן אַ נאַכט פריער. איינמאָל האָט ער שיר נישט באַצאָלט מיטן לעבן שעפנדיק דאָס וואַסער אין טייך נאַרעוו, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען. איז ער אַריינ־געפאַלן אין טייך און איז ניצל געוואָרן נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך זיינעם אַ תלמיד, וועלכער האָט מיט זיינע געשרייען אַרויסגעבראַכט איינעם פון דער משפחה קאַרנעצקיס. זיי האָבן מיט אַ שטריק אונטער די אָרעמס אים אַרויסגעצויגן און אַריינגעלייגט אין אַ וואַרעמער בעט. ר׳ פסח־איסר איז פאַרבליבן דאַנקבאַר צו די קאַרנעצקיס אויף זיין גאַנצן לעבן. ער פלעגט לערנען משניות פאַר זייער געזונט.

ווען ער איז אַלט געוואָרן 75 יאָר האָט ער דורכגעלעבט מיט ווייטיק און אַנגסט פוילנ׳ס ווערן זעלבסטשטענדיק. געזעראַל האַלער׳ס זעלנער־בויאַנעס האָבן זיך צעריסן אין זיין הויז און האָבן געגומען אַרויסרייסן איינציקווייז די האָר פון זיין פּאַטריאַרכאַלער באָרד (דאָס פלעגן זיי טאָן איבעראַל, אויף די באַנען, אין די גאַסן א. אַז. וו.). זיין אַלטיטשקע פרוי נחמה־זלאַטע איז דאַן איינגעפאַלן אַ גליק־לעכער געדאַנק: זי האָט אַ נעם־געטאָן אַ שערל און געגעבן די גזלנים זאָגנדיק: „צו וואָס דאַרפט איר אַזאַ שווערע אַרבעט — שערט אים בעסער אָפּ די באָרד מיט אַמאָל״. די האַלערטשיקעס האָבן עפּעס זיך צוגעהערט, אָפּגעשאָרן אַ האַלבע באָרד און פאַרלאָזן דאָס הויז. אין יענער צייט האָט ער אויפגעהערט זאָגן זיין שיעור אין דער ישיבה און איז געזעסן אין הויז על התורה.

ר׳ פסח־איסר האָט זייער געגלוסט צו פאָרן קיין ארץ ישראל, אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. אלול, תרפ״ז (1927) איז ר׳ פסח־איסר נפטר געוואָרן. אַן ערן־קאָמיטעט פון זיינע תלמידים האָבן איינגעאָרדענט אַ גרויסע לויה לויט זיין ווערדע. רבנים פון שטאָט האָבן אים מספיד געווען.

## ר׳ יחיאל מרדכי גאָרדאָן, ר׳ יהושע זעליג רוך

ר׳ יחיאל־מרדכי גאָרדאָן, ר׳ לייזער׳ס עלטסטער איידעם, איז אַ בקי אין ש״ס און פּוסקים, אַ פּיקח אין וועלטלעכע זאַכן און אָנגענומען ביי מענטשן. פיל יאָרן האָט ער געזאָגט זיין שיעור אין די העכערע כיתות ד׳, ה׳ און צוזאַמען מיט זיין שוואָגער, ר׳ יהושע־זעליג רוך, האָבן זיי באַשיינט ר׳ לייזער׳ס הויז און דערהויבן די ישיבה צו אַ הויכער מדרגה. מיט זיין אַרט רעדן האָט ער פיל געווירקט אויף די תלמידים פון דער ישיבה צום גוטן. דאָס זעלבע אין שטאָט, מען האָט אים זייער געאַכטעט און זאָגאַר פאַרגעלייגט די רבנות־שטעלע אין די צייטן צווישן הרב גאָרדין און באַקשט אויך צווישן באַקשט און הרב שאצקעס. ר׳ יחיאל־מרדכי האָט ביידע מאָל אָפּגעזאָגט.



ר׳ יחיאל מרדכי גאָרדאָן



ר׳ יהושע זעליג רוך

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פיל געטאָן צו געפינען עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פאַר דער ישיבה. שפּעטער, ביי פוילנ׳ס זעלבסטשטענדיקייט, האָט ער געזאָרגט צו באַפרייען ישיבה־בחורים פון אַרמיי־דינסט. ער האָט אָנגעהאַלטן אַן אומפּאַרטייאישן גייסט אין דער הנהלה און נישט געלאָזן דער „אגודה״ צו מאַכן די ישיבה פאַר איר פעסטונג. ווען די ישיבה איז געווען אין פינאַנציעלע שוועריקייטן, האָט ער געליען געלט אין באַנק אויף זיין אחריות און האָט שפּעטער אָפּגעצאָלט. זיין זון איז געווען אַ חלוץ און אין די אומרוען פון תרצ״ו (1936) איז ער געווען אַן אויסעראָרדנטלעכער שוטר און איז געפאַלן פון אַן אַראַ־בישע קויל מיט די תפילין אויף זיך.

# שטיקלעך און ברעקלעך

## השכלה אין דער ישיבה

בנוגע די אַלגעמיינע למודים, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט געפאָדערט איינצופירן אין אידישע לערן־אַנשטאַלטן, האָט ר׳ לייזער שולאָוויץ געטאָן ווי די פירער פון תלמוד־תורה. פון אָנפאַנג, ווען ס׳איז געווען אַ סכנה, אַז די ישיבה וועט געשלאָסן ווערן, האָט ער געלאָזט לערנען די בחורים רוסישע בילדונג. אַביסל שפּעטער האָט ער געצאָלט די רו־סישע לערער אוקראַינסקי און זוסמאַנאָוויץ, אַז זיי זאָלן נישט שטערן די בחורים אין תורה.

## ר׳ לייזער דער שווייגער

ר׳ לייזער פלעגט זיין אָנוועזנד ביים פאַרהערן די בחורים אין „קעלער" פון דער ישיבה. ער פלעגט דאַן שווייגן. האָט מען אים גערופן „ר׳ לייזער דער שווייגער". אַנדערע האָבן געזאָגט אַז ער האָט פאַרגעסן זיין לערנען. אין אמת׳ן איז ער גאָר געווען אַן עניו. אַז מען פלעגט אים פרעגן אויף זיינע רייזעס פאַר דער ישיבה ווער ער איז, פלעגט ער ענטפערן: אַ פשוט׳ער איד פון לאָמזשע. ווען מען האָט אָבער אויסגעפונען ווער ער איז, פלעגט מען אים פיל כבוד אָפּגעבן.

וועגן זיין הויז האָט מען געזאָגט אַז עס ווערט געפירט זייער ברייט. אַן אַנדער נוסח איז געווען פאַרקערט — זייער בצמצום.

## אַ פּאַטש

די בחורים, וואָס פלעגן זיך נישט אויפפירן לויט דעם גייסט און תקנות פון דער ישיבה פלעגן אַריבערגעפירט ווערן אין אַן אַנדער ישיבה אָדער איינפאַך אַרויסגעטריבן ווערן, באַנוצנדיק אפילו פיזישע מאַכט. אַזוי האָט ר׳ לייזער בכבודו ובעצמו אַ פּאַטש געגעבן אַ בחור פון סקידל און פאַרן קאַרק אים אַרויסגעוואָרפן פון דער ישיבה, ווען ער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין פּלאַץ ווי ר׳ לייזער האָט אים געהייסן. דער בחור האָט געהאַט געשיקט אַ קאָרעספּאָנדענציע צו דער ביאַליסטאָקער צייטונג „דער וועג" קעגן דעם מוסר־רוח פון דער ישיבה.

## שטראָף

אַזוי ווי אין אַמאָליקע שולן, אין דעם מיטלאַלטער און אין צייט פון דער קונע, אַזוי איז אין דער ישיבה געווען אַ שטראָף־ווינקל. דאָס איז געווען אַ ווינקל נעבן טיר, אַרומ־געשטעלט מיט שטענדערס און אַ טיש. אין דער הויך אַן אויפשריפט: „מקום בזיון". דאָ האָט אַ ישיבה־בחור געדאַרפט זיצן אַלס שטראָף פאַר זיין זינד קעגן גאָט נאָכן ווערן געטאַדלט עפנטלעך. נעבן דעם חרפה־ווינקל איז געווען אַ שוואַרצע טאַבעלע, וואו עס פלעגן ווערן אַרויפגעשריבן די נעמען פון די בחורים, וואָס פלעגן זיך פאַרשפּעטיקן צום דאַווענען. אַנדע־רע בחורים פלעגן בעסער פאַרלאָזן אין גאַנצן די ישיבה אײדער דורכצוטראָגן אַזאַ עפנטלעכן בזיון. אַזוי האָט געטאָן ה׳ נחמן יאַקאָבי, תל־אביב („הצפירה", 1889, נומ. 275).

## קליינע ישיבה „עץ חיים"

פאַר אייניקע יאָר אַלס אַ מכינה צו דער גרויסער ישיבה האָט געדינט אַ ישיבה קטנה מיטן נאָמען „עץ חיים" אָנגע־פירט פון גוטע מלמדים: ר׳ יצחק־אהרן וויערזשבא און חיים־זאב רוזשא. אין די 3 כיתות פון „עץ חיים" האָט מען געלערנט אויסער גמרא אויך תנ״ך, די לאַנד־שפּראַך און אַריפמעטיק. פאַרנאַכט פלעגט מען לערנען מוסר. יעדן שבת אַן עקזאַמען אויף דער גמרא פון דער וואָך. אין די חדשים אדר און אלול גרויסע עקזאַמענס אין דער אָנוועזנהייט פון די מלמדים פון שטאָט. אַ גראַדואירטער פון דער „עץ חיים" האָט געקראָגן אַ דיפּלאָם מיטן טיטל: „גמיר וסביר", אַ געלערנטער און פאַרשטענדיקער. די תלמידים פון „עץ־חיים" זיינען געקומען מייסטנס פון בעלי־בתי׳שע הייזער ווייל דער שכר למוד דאָרטן איז געווען גאַנץ גרויס. די ישיבה עץ חיים האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען („הצפירה", י׳ טבת, 1896).

## פּורים אין דער ישיבה

אַזוי ווי אין אַנדערע גרויסע ישיבות פלעגט מען אין לאָמזשער ישיבה הוליען אום פּורים: טאַנצן, זינגען, אַ ספּעק־טאַקל־פאָרשטעלונג און דער עיקר מיט אַ פּורים־רב. איינער פון די בעסטע בחורים פלעגט געקרוינט ווערן פאַר רב אויף פּורים. בשעת דער סעודה פלעגט ער האַלטן „אַ דרשה", וואָס פלעגט געווינטלעך זיין פול מיט איראָניע, סאַרקאַזם איבער די פירער און פירונגען פון דער ישיבה. ר׳ לייזער האָט עס מיט דער צייט מבטל־געמאַכט, כלומר׳שט צוליב בטול־תורה. אָבער די אַנדערע טיילן פון דעם פּורים־פּראָג־ראַם זיינען אָנגעגאַנגען. די פאָרשטעלונגען פלעגן מייסטנס זיין „מכירת יוסף", „דוד און גלית", „אחשורש". אַלע הכנות צו די פאָרשטעלונגען פלעגן געמאַכט ווערן אין געהיים, אויסצובאַהאַלטן פון דער הנהלה. אין די מאָנאָלאָגן פון די פאָרשטעלונגען פלעגן ווערן אַריינגעפלאָכטן קריטיקירנדע שירים. אויך אין יום־טוב שבועות פלעגן זיין גרויסע פריי־לעכקייטן. מ׳פלעגט דאַן אויך זינגען אַ ליד אין אַראַמיש, תרגום־לשון „אורייתא, אורייתא ברתאי", וועלכן ר׳ יהושע יעלין, פאָטער פון ר׳ דוד יעלין, פּראָפעסאָר אין העברעאישן אוניווערזיטעט, האָט געהאַט אויסגעלערנט די ישיבה־בחורים בעת זיין וויזיט אין לאָמזשע אין יאָר תרכ״ז (1867).

## אברהם־משה דער שמש

אַזוי ווי ר׳ לייזער, איז אויך דער שמש פון דער ישיבה, אברהם־משה, געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו זיינע פליכטן. אַן אָרעמאַן מיט אַ שכירות פון 1 אָדער 2 רובל אַ וואָך, האָט ער געהאַלטן דעם בופעט אין דער ישיבה, וואו מיט דער הילף פון זיין פרוי לאה פלעגט אַ ישיבה בחור קריגן צו קויפן זאַלצקעס, גריטשאַנעס פּאַנטשקעס, שטיקלעך הערינג, זויערע אוגערקעס, א. ז. וו. אויך מילך און טיי. די בחורים פלעגן דערציילן שפּאַסיקע עפּיזאָדן וועגן דער ריינקייט פון די פלאָטקעלעך אָדער די פיש־קניידלעך וואָס לאה פלעגט אויסקאָכן און פאַרקויפן אין בופעט.

## „עסן טעג"

ווי שוין פריער געזאָגט, האָט דער גרעסטער טייל פון די נישט לאָמזשער בחורים געגעסן „טעג" — יעדן טאָג אין וואָך פלעגט ער עסן ביי אַן אַנדער בעל־בית. די „טעג" פלעגן זיי זיך איינשאַפן אַליין — גיין איבער די הייזער און בעטן „אַ טאָג" צו עסן — אָדער ר׳ יהודה סופינסקי, יהודה דער שדכן, פלעגט עס אויסגעפינען פאַר זיי. דער משולח חיים־כאַצקל ווראַנאַ פלעגט זיי באַזאָרגן מיט „שבתים". די גבירים ווי ר׳ משה־אהרן העפנער, ברכה בזשעזינסקאַ, אהרן סטריקאָווסקי — ארקע מעלער — א. נ. אַנד. פלעגן געבן אַ טאָג אין וואָך עסן צו 10 און מער ישיבה בחורים מיט

אַמאָל. אַזש קיין פּיאַנטניצע פלעגן ישיבה־בחורים גיין „עסן טעג".

אַ טאָג עסן איז באַשטאַנען מייסטנס פון אַן איבער־בייס אַרום 11 אַזייגער אין דערפרי און מיטאָג' אַרום 4 בייטאָג. פאַר אָווענט־עסן, וועטשערע, פלעגט דער בחור קריגן אַ האַלבן פיינברויט — אַ פונט — און 3 קאָפּיקעס, אַ סומע פון וועלכער דער בחור פלעגט נאָך אָפּשפּאָרן. אין די לעצטע יאָרן האָט די אינסטיטוציע „עסן טעג" פאַרלאָרן דעם באָדן: בחורים האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז אַן דערנידע־רונג צו גיין איבער די הייזער שנאָרען. האָט מען איינגע־אָרדענט אַ ביליגע קיך ביי דער ישיבה, דערנאָך אין דער תלמוד־תורה.

### השכלה־אפּיקורסות

אויסער גמרא און מוסר־ספרים איז אַלץ געווען פאַררעכנט אין דער ישיבה ווי אפּיקורסות. אפילו תנ"ך איז געווען טריף. „אַ בלאַט־צייטונג — איז געווען בלאָטע". שפּעטער, אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע 1916—1917, איז געווען דערלויבט צו לייענען דאָס בלאַט פון אגודת ישראל, „דער יוד". דאָרטן פלעגט שרייבן וועגן דער ישיבה נחמן ציגאָוויץ פון זאמבראווו. ווען עס האָט זיך געגרינדעט אין לאָמזשע דער „החלוץ המזרחי", האָבן 70 בחורים זיך איינגע־שריבן פאַר מיטגלידער. די הנהלה האָט זיי געוואָלט באַ־שטראָפן, נאָר די מזרחי פירער האָבן געווירקט, אַז מען זאָל זיי שענקען. אַ דאַנק דעם החלוץ זיינען עטלעכע צענדליק געבליבן לעבן, ווייל זיי זיינען באַצייטנס אויפגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל. אין לעצטן יאָר פאַרן חורבן פון מזרח־אייראָ־פּעאישן אידנטום, האָט דער מזרחי געהאַט פאַרקויפט 200 שקלים אין דער ישיבה.

### הלל צייטלין אין דער ישיבה

אין 1913 האָט הלל צייטלין געהאַלטן אַ רעפעראַט אין לאָמזשער „הזמיר". באַגלייט פון מדקדק אהרן־יעקב שאַפּיראָ, האָט צייטלין באַזוכט די ישיבה און גערעדט מיט די בחורים אין לערנען. דאָס האָט געמאַכט אויף זיי אַ שטאַרקן איינ־דרוק, האָבנדיק פאַר זיך אַ שרייבער־פילאָסאָף און אויך אַ גרויסער למדן און ירא־שמים, וועלכער טראָגט אפילו אַ באָרד. די התפעלות האָבן זיי אויסגעדריקט שטייענדיק גרופּן־ווייז. דער משגיח, ר' משה ראָזענשטיין, האָט מורא געהאַט טאָמער וועלן נאָך די בחורים וועלן לייענען צייטלינ'ס ווערק און דערנאָך אַנדערע שרייבער, האָט ער גלייך פאַררופן אַן אסיפה פון די בחורים אין קעלער פון דער ישיבה און זיי אויפגע־קלערט, אַז אַ תלמיד באַווייזט ווער זיין רבי איז. צייטלינ'ס תלמיד (מיינענדיק אהרן שאַפּיראָ) איז דאָך אַ גילוח, אַ רשע . . .

### ע. נ. פראַנק נישט אַריינגעלאָזן געוואָרן אין דער ישיבה

זומער פון יאָר 1914 האָט מען אין דער ישיבה געלייענט די קאָרעספּאָנדענציעס פון ע. נ. פראַנק אין „היינט" וועגן די ישיבות אין ליטע און פוילן, און מען האָט זיך געריכט אויף זיין קומען קיין לאָמזשע. זיין שיטה איז געווען אויסצופרעגן די בחורים און נישט די הנהלה, כדי אַזוי אַרום אויסגעפינען דעם אמת'ן צושטאַנד פון אַ ישיבה. ווען די נייעס האָט דער־גרייכט אַז ער איז אויפן וועג צו דער ישיבה, האָט דער משגיח באַפוילן צו פאַרשליסן די טירן און ער האָט אים אַליין אויפגענומען מיט שטרענגקייט און געהייסן, ער זאָל זוכן אַנדערע טעמעס צום שרייבן און צורו־לאָזן לומדי תורה.

### ש ד כ נ י ם

צייטנווייז פלעגט דערשיינען אַ בעל־גוף אין דער ישיבה און נעמען אַרומגיין צווישן די שורות פון די שטענדערס און זיך איינקוקן אין די בחורים; אַמאָל אויך כאַפּן אַ שמועס מיט איינעם — צוויי. מאָמענטאַל פלעגט זיך פאַרשפּרייטן די נייעס: „אַ שדכן". אַמאָל איז דאָס געווען דער מחותן אַליין זוכנדיק אַ חתן פאַר זיין טאָכטער. פילע בחורים האָבן דאַן, ביי זייער שאָקלען זיך „תנו רבנן", אויך צורעכט געמאַכט זייער קראַגן און רעקל וואַרפנדיק אַן אויג אויף דעם פרעמדן. אין קורצן פלעגט מען דערציילן: דער און דער איז געוואָרן אַ חתן מיט אַזוי־פיל און אַזוי־פיל נדן . . .

### גמילות־חסדים

אַ נוצלעכער אַנשטאַלט איז געווען אין דער ישיבה — די ליי־קאַסע פאַר די ישיבה־בחורים אויף משכנות און, פאַר־שטייט זיך, אָן פּראָצענט. יעדער בחור פלעגט צאָלן קליין־געלט פאַר דער אינסטיטוציע יעדן חודש. אויך די הנהלה פלעגט ביישטייערן פון צייט־צו־צייט געוויסע סומען. אין אַ נויט: צו באַצאָלן סטאַנציע־געלט, קויפן אַ פּאָר שיך, אַ בגד פלעגט אַ בחור קריגן צו לייען געלט אויף אַ משכון, וועלכער פלעגט ווערן אויסגעלייזט מיטן באַצאָלן די הלוואה אין דער באַשטימ־טער צייט. אין קעגנפאַל פלעגט דער משכון פאַרקויפט ווערן אין ליציטאַציע עפנטלעך אין דער ישיבה. די מודעות, מיט גרייזן, וועגן דעם אָדער אַנדערע זאַכן פלעגן געקלעפּט ווערן אויפן טיר.

### ר' חיים וועלוול הויסמאַנס קראָם

3 הייזער פאַר דער ישיבה אויפן ווינקל פון סענאַטאָרסקאַ גאַס איז געווען אַ שפּייז קראָם פון חיים וועלוול הויסמאַן. דאָס איז געווען אַ איד אַ יודע ספר און אַ שטיק משכיל. דאָרטן פלעגן קומען ישיבה־בחורים אין דערפרי און אין אָוונט קויפן עסן פאַר געלט אָדער אויף באָרג (אַנדערע לכתחילה נישט צו באַצאָלן). גלייכצייטיק פלעגט מען כאַפּן אַ שמועס מיט זיין עלטסטער טאָכטער און מיט אירע חברטעס, וואָס פלעגן קומען ספּעציעל פאַר דעם. די וואוינונג איז געווען איינס מיט דעם קרעמל. אָט די טרעפענישן פלעגן פאָרקומען מייסטנס אין אָוונט. די הנהלה פון דער ישיבה דערוויסנדיק זיך דערפון האָט גענומען לייגן אין חרם די וואָס באַזוכן חיים וועלוול'ס קראָם. ער פון זיין זייט איז אַרויס מיט אַ פּאַמפלעט קעגן דער הנהלה, וואָס נעמט צו זיין פרנסה. עס האָבן זיך געפונען „חברה" פון עמך, וואָס האָבן געהאַקט שויבן אין דער ישיבה, און ר' לייזער האָט נעבעך געמוזט אַראָפּנעמען דעם חרם.

# השגחת יתומים

נאָך אין די 80ער יאָרן האָט עקזיסטירט אין לאָמזשע אַ חברה דאַווענערס מיט אַ קליין בית־מדרש׳ל אין „מנין" פון פון משה־אהרן ראָזענשיין. די מיטגלידער פון דער חברה האָבן זיך גענומען צו מקיים־זיין די מצוה פון פאַרזאָרגן יתומים מיט עסן טעג, אַן אָרט אין תלמוד־תורה און לערנען זיי אַ מלאכה. פראַנק׳ס אַן איידעם האָט זיי געלערנט שלאָסעריי און ר׳ ישראל־הירש ווינדענבערג האָט זיי געלערנט סטאָלעריי. עס איז אָבער נאָך נישט געווען קיין פולע השגחה צו באַשיצן זיי פון שלעכטע מייסטערס און שאַפן פאַר זיי אַ משפחה־אַטמאָספערע.

אין יאָר 1893 האָבן זיך פאַרזאַמלט אייניקע זיידענע יונגעלייט: ליימע גרינשפּאַן, לייבל קרעלענשטיין, יוחנן גאַרבאַרסקי, א. אַנד. און באַשלאָסן צו גרינדן אַן אַנשטאַלט, וואָס זאָל זאָרגן וועגן יתומ׳ס אַלע הצטרכות׳ן, מאַטעריעלע און גייסטיקע, אַזוי ווי אַ היים. זיי האָבן אָנגעפאַנגען מיט אַ קליינעם בודזשעט פאַר „קיילעכדיקע יתומים". שנעל איז די צאָל יתומים געוואַקסן. גלייכצייטיק איז גרעסער געוואָרן די צאָל פון אַקטיווע חברים, וועלכע האָבן ענערגיש געאַרבעט צו געפינען די מיטלען אויסצוהאַלטן דעם אַנשטאַלט.

עס זיינען צוגעקומען: אהרן סטריקאָווסקי (אָרקע מעלער), וועלכער פלעגט יעדע וואָך שענקען מעל; סענדער מיכל בזשאַזא, יעקב שלמה און נפתלי גארבארסקי, שמואל בליאַשקאַ, לייב מלאַווסקי. אויסער דעם איז צוגעקומען אַ גרויסע צאָל חברים, וואָס פלעגן צאָלן חודש־געלט פאַר דעם אַנשטאַלט.

די שרייבער פון „המליץ" און „הצפירה" פון יענע צייטן רימען זייער שטאַרק די לאָמזשער פאַטערס פון די יתומים, וועלכע האָבן געלעבט צווישן זיך אין „גרויס ליבשאַפט", וואָס האָט פיל בייגעטראָגן צו מוטיקן זיי אין דער הייליקער אַרבעט. יעדן שבת פלעגט איינער פון די עסקנים געבן קידוש פאַר אַלע חברים. ימים טובים פלעגט מען האָבן פייערלעכע צוזאַמענקונפטן. שמחת־תורה האָט מען געהוליעט אין הויז פון ר׳ נפתלי גארבארסקי, אַ איד אַ למדן, מחבר פון ספר „דברי נפתלי".



לעצטער קאָמיטעט פון השגחת יתומים
זיצנדיק (רעכטס): אָרלאָווסקי, א. דאמאַוויץ, קאַץ, שמולקע בלאַשקע;
שטייענדיק: לעוואָקאָווסקי, קמחי און נתן פיאַנקע.

דאָס זאָרגן פאַר די יתומים איז געווען אַלזייטיק. דער נישט פעאיקער צום לערנען איז ביי זיין ווערן בר־מצוה אָוועקגעגעבן געוואָרן צו גוטע און פאַראַנטוואָרטלעכע בעלי־מלאכות. דעם פעאיקן יתום האָט מען געגעבן אַ מעגלעכקייט פאַרצווזעצן זיין לערנען, נאָך דער תלמוד־תורה אין דער ישיבה. מיטגלידער פלעגן באַזוכן אָפט די בעלי־מלאכות צו זען צי דער יתום ווערט ריכטיק באַהאַנדלט. אייניקע מאָל אין יאָר פלעגט מען איינאָרדענען קאַמפּיינען פאַר „השגחת יתומים". שבת־בראשית האָט זיך גערעכנט פאַרן שבת פון „השגחת־יתומים", ווען אין אַלע בתי־תפלה האָט מען ביי די עליות מנדר־געווען פאַר דער חברה געלט אָדער אַנדערע נויטיקע זאַכן. מאָטיוון פאַר וואָס שבת־בראשית: א) עס איז דער ערשטער ווינטער־שבת ווען מען דאַרף באַזאָרגן אַלץ פאַר די קומענדיקע מאָנאַטן; ב) ווייל אין סדרה בראשית ווערט דערציילט ווי די ערשטע מענטשן זיינען געוואָרן באַקליידט פון גאָט (ויעשה להם כתנות עור וילבישם), דאַרפן מיר זיך לערנען פון אים און באַקליידן די עלנטע, וואָס האָבן נישט ווער עס זאָל זיי געבן.

פון צייט צו צייט פלעגט מען זיך ווענדן צו גרויסע מעצענאַטן מיט דער פאָטאָגראַפיע פון אַנשטאַלט זיי זאָלן שיקן הילף, ווי צום באַראָן ראָטשילד אין פראַנקפורט, א. אַנד. דאָס כשר׳ן כלים אויף פסח איז אויך געווען איינער פון די וועגן צו שאַפן הכנסה פאַר דער חברה. אויפן הויף פון גרויסן בית מדרש פלעגט מען איינמויערן אַ זייער גרויסן קעסל, אָנפילן אים מיט וואַסער און גוט אונטערהייצן מיט גרויסע שצאַפּעס האָלץ. איידן פון די אָרעמיקע גאַסן, אַפילו פון די נידעריקע „ריבאַקעס", פלעגן ברענגען דאָרטן זייערע כלים, וואָס זיי האָבן געדאַרפט כשר׳ן אויף פסח. אויך די גרויסע וואַסער־קלאַדעס (פעסער) פלעגט מען דאַן כשר׳ן דאָרטן. דער הויפּט טוער ביי דעם כשר׳ן פלעגט זיין אברהמ׳ל דער שמש פון השגחת יתומים (גענויער וועגן דעם מערקווירדיקן מענטשן אין ווייטערדיקן אַרטיקל פון ה׳ שטשאַלקאַ־ווייס). דער אָפּצאָל פאַרן כשר׳ן פלעגט זיין לויט דער גרויס פון אַרטיקל. דאָס פלעגט אַריינטראָגן געוויסע סומען פאַר דער אינסטיטוציע יעדן יאָר פאַר פסח. אין די לעצטע יאָרן פלעגט מען איינאָרדענען בלומען פאַרקויפן איבער די גאַסן.

געוויינלעך פלעגט מען אָננעמען אַ יתום אין דער אינסטיטוציע יעדן חול המועד. די קרובים האָבן זיך געדאַרפט פאַרפליכטן צו האַלטן דעם יתום דאָרט לפחות 4 יאָר.



געביידע פון השגחת יתומים

מאיר שטשאלקע-ווייס (אַמעריקע)

# די אויפזיכט איבער יתומים

ביים גרינדן די חברה השגחת יתומים אין יאָר 1893 האָבן גענומען אנטייל אויסער די, וואָס זיינען פריער דערמאָנט געוואָרן, אויך די פאָלגענדע: הירש פיאנקא, ש. זימנאוויץ, י. עטקאָוויץ, ל. שאַפּיראָ, זיי האָבן אויפגענומען ר' אברהם מעלצערסקי פאַר משגיח. מען האָט אים גערופן „אברהמ'ל דער שמש". אַליין אַ תלמיד חכם מיט זעלטן גוטע מידות און ליבשאַפט צו יעדן מענטש, איז ער געווען ווי אַ פאָטער, וואָס טוט אַלץ פאַר זיינע קינדער־יתומים. ער האָט זיך אויסגעטויגט צו אַלץ. אויסערלעך שטרענג, דיסציפּלינאַריש. „דער שמש גייט!" — אַזאַ אויסרוף פלעגט אַרויסרופן אַ טויטע שטילקייט צווישן די קינדער, אָבער טיף אין האַרצן איז ער געווען פול מיט רחמנות צו יעדן יתום.



מאיר ווייס (שטשאַלקע)

ער האָט געוואוסט אַלע איינצלהייטן וועגן יעדן יתום פאַר זיין אָנקומען און האָט זיך אינטערעסירט מיט אים אויך נאָכן פאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט. פרייטיק בייטאָג פלעגט ער פירן אַלע קינדער אין באָד. ער פלעגט זיי דאָרט וואַשן, קעמען, בייטן די וועש. קומענדיק צוריק צו זייער היים, אין ר' כתריאל'ס הויז, סענאַטאָרסקאַ גאַס אַנטקעגן דער שול, פלעגט ער זיי אָנטאָן אין שבת־בגדים. שבת נאָכן דאַוונען פלעגן די יתומים ווערן פריי ביז 3 אַזייגער. דאַן — צוריק אין בית־מדרש צו לערנען און דאַוונען. אַזוי ווי אַ פאָטער האָט ער נישט פאַרטראָגן, אַז אימיצער, אפילו אַ גבאי, זאָל זיך אַריינמישן אין „זיינע זאַכן", ד. ה. שלאָגן אַ קינד אָדער אפילו זאָגן מוסר. האָבן אים די קינדער טאַקע אויך ליב געהאַט. דער אַנשטאַלט איז געווען נאָר פאַר אינגלעך יתומים. אין דעם גרויסן צימער, וואו אַלץ איז געטאָן געוואָרן, האָט מען אויך געדאַוונט און געלערנט.

ביים אָננעמען אַ יתום פלעגט מען אים פירן אין באָד, אָנטאָן ריינע זאַכן און זיין אוניפאָרם: אַ טונקל גרויען אויבערמאַנטל מיט אַ קיילעכדיקן היטל אין דער פאָרעם פון אַ קעסעלע מיט אַ גרינע טאַטשמע אַרום ביים אויבערשטן ראַנד. אַ אינגל אַזוי געקליידט האָט מען גערופן השגחה'ניק. אין זיין היטל אינווייניק, אויך אין די מלבושים, האָט יעדער יתום געהאַט זיין נומער, צו אידענטיפיצירן אים אין פאַל פון שלעכטער אויפפירונג. די יתומים פלעגן „עסן טעג". דער שמש פלעגט באַזוכן אַלע ערטער וואו „זיינע קינדער" האָבן געדאַרפט זיין צו קאָנטראָלירן ווער עס פעלט. ביי די בעלי־מלאכות פלעגט ער זיך נאָכפרעגן וועגן דער מלאכה, וואָס מען האָט אים געלערנט און צי צאָלט מען אים, ווען די צייט איז געווען צו צאָלן, פאַר דער אַרבעט, כדי דער יתום זאָל קענען ווערן זעלבסטשטענדיק וואָס פריער. ביים אויסקלייבן אַ מלאכה פאַרן יתום מיט שוואַכע פעאיקייטן צום לערנען, פלעגט מען זיך רעכענען מיט דער באַשטימונג פון „אברהמ'ל שמש" און נישט מיט די נייגונגען פון קינד. אין אָנפאַנג פון זיין לערן צייט, 2 יאָר, פלעגט דער יתום דאַרפן טאָן ביי זיין מייסטער אַלע שטוב־אַרבעטן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות מיטן פאַך. אַזוי איז געווען די פירעכץ מיט אַלע לערן אינגלעך. נאָך 2 יאָר דינען און לערנען פלעגט דער יתום קריגן געצאָלט 2־3 גילדן אַ וואָך. דער יתום פלעגט אָננעמען אַלץ פאַר ליב, אַבי פטור־צו־ווערן פון דער השגחה, ווערן אַ מענטש פאַר זיך.

וויסנדיק וואָס אַ לערן־אינגעל דאַרף אויסשטיין ביי זיין מייסטער, האָבן די גבאים פון השגחת יתומים געשטרעבט צו גרינדן אַליין אַ פאַך־שולע צו לערנען די קינדער און פאַרשפאָרן זיי די בזיונות און די ליידן. אַזוי האָבן זיי געעפנט אַ שלאָסעריי ווערקשטאַט אונטער דער לייטונג פון ה' שייפער, אַ באַוואוסטער מעכאַניק און גוטער מענטש. אָבער די אונטערנעמונג האָט נישט עקזיסטירט צוליב מאַנגל אין פינאַנצן. אַזוי ווי דער יתום־לערן־אינגל פלעגט נאָך אָנפאַנגען פאַרדינען פלעגט שוין די הנהלה 6 חדשים פאָרויס אים צוגרייטן פסיכאָלאָגיש צו זיין זעלבסטשטענדיקייט. איידער אַן אסיפה פלעגן אים די גבאים אויפקלערן זיין מצב ווי נויטיק עס איז ער זאָל איצט אַרבעטן פלייסיק, כדי צו דערגרייכן זיין ציל אין לעבן.

דאָס באַפרייען אַ יתום פון רשות פון השגחת יתומים איז מייסטנס געווען פיינלעך אי פאַר די גבאים אי פאַרן יתום. ביידע צדדים האָבן געוואוסט ווי עלנט־אָרעם ער איז אָן דער אויפזיכט פון דער חברה. ס'זיינען געווען פאַלן, ווען דער „זעלבסטשטענדיקער" פלעגט זיך קלאַמערן אפילו פאַר אַ גאַנצע נאַכט אָן די טירן פון אַנשטאַלט און פשוט נישט וועלן פאַרלאָזן דעם פלאַץ, וואו ער האָט געגאָסן אַזוי פיל פון זאָרגפעלטיקייט און כמו עלטערן, פילנדיק זיך עלנט, קעמפן פאַר דער עקזיסטענץ, צו וועלכן ער איז גאָר, גאָר נישט צוגעגרייט... אַזוינע פאַלן פלעגן אָבער זיין אויסנאַמען. בדרך כלל פלעגן די יתומים זיין צופרידן צו פאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט, וואָס האָט רעגולירט און קאָנטראָלירט זייער יעדער טאַט, און ווערן זעלבסטשטענדיק, פריי צו געהערן צו יוגנטלעכע פאַראיינען פון ספּאָרט א. אַנד. די גבאים האָבן זיך אָבער געמוזט האַלטן פרינציפּיעל ווי עס זיינען געווען די תקנות פון דער חברה.

פאַר אַ צייט פלעגט די חברה צולייגן געוויסע סומען שטיצע וואָכנטלעך צו די „פאַרדינסטן" פונם לערן אינגל. ער פלעגט אויך באַקומען אַ געשאַנק: אַ נייעם גאַרניטור, אַ פאָר־שיך, אַ פאַלטאָ, 3 פאָר ווייס־וועש. ער האָט אויך מיטגענומען מיט זיך זיין קישן און דעקע, וואָס ער האָט געהאַט געבראַכט ביי זיין אַריינטרעטן אין אַנשטאַלט. מען פלעגט אים מוטיקן ער זאָל נישט פאַרגעסן השגחת יתומים, קומען דאָרטן דאַוונען און עסן שבתים.

## קינדערהיים

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען אָנגעקומען אין לאָמזשע פיל פּליטים פון פינסק, בריסק, טעליכאַן, א. אַנד. איז פאַר זייערע אינגלעך געווען אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיי אַריינגענומען צו דערציען, ווי השגחת יתומים, תלמוד־תורה, און די קהילה האָט באַזאָרגט זייערע מאַטעריעלע פאָדערונגען. אָבער

די מיידלעך זיינען געווען ווי אויף הפקר. דאַן איז געגרינדעט געוואָרן אַ קינדערהיים פאַר מיידלעך. ד״ר יעקב יעלינ׳ס פרוי, שאַשע, איז געווען די הויפט אויפזעערין. אויך די לערערין זינאַ רויטבארד האָט פיל מי און ענערגיע אַריינגעטאָן אין דעם אַנשטאַלט. די קינדערהיים האָט עקזיסטירט פיל יאָרן און איז געוואָרן אונטערשטיצט פון מאַגיסטראַט. 50 מיידלעך זיינען דאָרט דערצויגן געוואָרן. נאָכן ענדיקן די פּוילישע פאָלקס־שולע האָט מען זיי געלערנט פּרויען־פאַכן, ווי ניי־טאָרינס, הוט־פוצערינס, און אַנדערע פאַכן.

אַ לענגערע צייט האָט די מערהייט פון די פירער פון „השגחת יתומים" און קינדערהיים קעגנגעשטעלט זיך דער פאָדערונג פון דער צענטאָ״ס (צענטראַל אָרגאַניזאַציע פון השגחה איבער יתומים) פון ביאַליסטאָק צו פאַראייניקן דיביידע אינסטיטוציעס כדי צו שפּאָרן הוצאות און צו קענען קאָאָרדינירן די למודים און דערציאונג. אָט אַזאַ פאַראיי־ניקונג איז ענדלעך פאָרגעקומען. אויף סענאַטאָרסקאַ גאַס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייער בנין פאַר יתומים. דאָרטן האָבן די יתומות פון קינדערהיים פאַרבראַכט דעם טאָג: עסן שפּילן, לערנען, א. א. פאַרנאַכט פלעגן זיי אַוועקגיין צו זייער אַלטן לאָקאַל אויף זאָקשיי גאַס. צוזאַמען פלעגן זיי צוגרייטן די פּראָגראַמען פון פייערונגען: דעקלאַמירן, זינ־גען, שפּילן, פאַרשטעלן אויף דער בינע. אין 1936 האָבן זיי צוזאַמען פאַרבראַכט אין זומער־וואַקאַנץ וויששיצקי. שפּע־טער, אונטערן דרוק פון שטאָטישע אָרגאַנען, ספּעציעל די „התחיה", איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן פולשטענדיק די ביידע אינסטיטוציעס. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ בשותפות׳דיקער וועד פון ה״ה ש. אורינסקי, ש. בליאַש־קאַ, לינע בזעזינסקי, נפתלי און יעקב־שלמה־גאַרבאַרסקי, א. דאַמאַוויץ, פרוי ש. יעלין, ה. מאַרק, ב. פּיאַנקע, דענטיסט קאַגאַן און י. קמחי. י. מאַרק איז געוואָרן פאָרזיצער, דר. קאַגאַן און א. דאַמאַוויץ — וויצע־פאָרזיצערס.

נייע תקנות זיינען איינגעפירט געוואָרן: 1) צו אויפזען איבער די יתומים אויך נאָכן פאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט; 2) די יתומים זאָלן זיך מער נישט באַטייליקן אין די לויות פון בעלי־בתים יחסנים; 3) די יתומים זאָלן מער נישט טראָגן קיין באַזונדערע אוניפאָרם־בגדים אָדער היטלען. די פינאַנציע־לע לאַגע פון אַנשטאַלט איז אָבער געוואָרן ערגער. דער מאַ־גיסטראַט האָט פאַרקלענערט די סובסידיע. פּריוואַטע נדבות זיינען אַריינגעקומען אַלץ ווינציקער צוליב דעם שלעכטן עקאָ־נאָמישן מצב. אין 1938 זיינען געווען אין דעם פאַראייניקטן אַנשטאַלט 30 אינגלעך און 19 מיידלעך. די גבאים האָבן גע־לייגט גוטע השגחה אויף די באַציאונגען צווישן די אינגלעך און די מיידלעך; די לעצטע האָבן געהאַט אַ באַזונדערן אַריינ־גאַנג. די דאָקטוירים פּיאָנטניצקי, העפּנער און בערעזנאַן האָבן נישט גענומען קיין געצאָלט פאַר זייער מעדיצינישער הילף.

### קינדערהיים פאַר יתומות

שוין אין 1918 איז דער אַנשטאַלט „השגחת יתומים" גע־וואָרן אַ היים פאַר יתומים אין אַ גרעסערער מאָס ווי פריער. אַלס רעזולטאַט פון נייעם לאָקאַל וואָס די חברה האָט געדונגען אין ראַטנער׳ס הויז, רזשאַנדאָוואַ גאַס. דאָ איז געווען מער רח־בות פאַר באַזונדערע שלאָף־צימערן, אַן עס־צימער און קיך. פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען פיל קינדער געוואָרן יתומים און פיל פון זיי פון די קלענערע שטעטלעך, נאָענטע און ווייטע, זיינען אַנטרונען געוואָרן קיין לאָמזשע, וועלכע איז געבליבן גאַנץ. דאַן איז אַ דאַנק דעם איבערגעגעבענעם עסקן דענטיסט ה׳ כאָטאַרסקי, געגרינדעט געוואָרן די „היים פאַר מיידלעך". מיט פלייס האָבן אים געהאָלפן: פרוי ש.



אַ גרופּע קינדער פון „השגחת יתומים" תלמידים פון דער תלמוד תורה אין דאָרף וויגאָדי ביי צערוואָני בור, זומער 1933.

יעלין, פרוי קאַרבאָווסקי, כץ און מענדל צעכאַנאָוויץ. אין דעם אַנשטאַלט האָבן אויך געפונען אַ היים עלנטע „לעבע־דיקע יתומים" — אַזעלכע קינדער וועמעס עלטערן פלעגן נישט קענען אויפפּאַסן אויף זיי, ווייל זיי פלעגן אַ גאַנצן טאָג זיין אַוועק ביי זייער אַרבעט. די היים פאַר מיידלעך האָט זיך געפונען אויף רעמבלין גאַס אין הויז פון ה׳ דונין. בילדונג האָבן די קינדער באַקומען אין חדר מתוקן אָדער אין די פּוילישע פאָלקס־שולן. אַזוי אַרום האָבן דאַן עקזיסטירט אין לאָמזשע צוויי באַזונדערע „קינדערהיימען".

### אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן

ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק זיינען מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט" איינגעפירט געוואָרן וויכטיקע ענדערונגען אין דער פירונג פון די דאָזיקע אַנש־טאַלטן. אויף דער איניציאַטיוו פון די עסקנים אליהו רומראַצקי און ראַשעל ראַבינאָוויץ, באַוואוסטע איבער גאַנץ ביאַליסטאָ־קער קרייז פאַר זייער איבערגעגעבנקייט לטובת יתומים, איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דער „צענטאָס" (צענטראַל געזעלשאַפט פאַר יתומים), און מיט זיין הילף איז דער השגחת יתומים פאַר־ברייטערט געוואָרן און איז אַריבער אין אַ גרעסערן לאָקאַל אין דעם הויז פון יאַקאַבי אויף רזשאַנדאָוואַ גאַס. אָבער עס איז נאָך אַלץ נישט געווען קיין פולע היים פאַר די יתומים, ווייל זיי האָבן נאָך אַלע געדאַרפט „עסן טעג". ביז דער „דזשאָינט" האָט גענומען ברייטער שטיצן דעם אַנשטאַלט און כסדר געשיקט שפּייז און מעדיקאַמענטן געגוג אויך פאַר די נאָכפאָלגנדיקע יאָרן, אַזש ביז 1931.

גלייכצייטיק מיט דער מאַטעריעלער שטיצע האָט דער „דזשאָינט", מיט ה׳ רומראַצקי׳ס מיטהילף, גענומען אַריינ־ברענגען ענדערונגען אין דעם גאַנצן סדר פון דער דער־ציאונג פון די יתומים. זייערע פּרינציפּן זיינען געווען: 1) דאָס אויפהאַלטן אַזאַ אַנשטאַלט ווי „השגחת יתומים" איז די פליכט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און עס טאָר נישט געפירט ווערן ווי אַ צדקה אינסטיטוציע דורך אַ צאָל גבאים. 2) די יתומים דאַרפן אַזוי דערצויגן ווערן אַז עס זאָל זיך נישט איינוואָרצלען אין זייער פּסיכאָלאָגיע אַ געפיל פון מינדערווערטיקייט בלויז צוליב דעם, וואָס זיי האָבן פאַרלאָרן זייערע עלטערן. אַלס פּועל־יוצא דאַרפן די קינדער שטיין

אונטער אָפטע באַזוכן פון דאָקטוירים און זומער מוזן זיי זיך געפינען אין זומער קאָלאָניעס (אַ ניי׳ער אידעאַל פאַר דער אַלטער אידישער פילאַנטראָפּיע). דעריבער מוזן אויך ווערן אָפּגעשאַפט די אוניפאָרם קליידונג פון השגחה׳ניק, דאָס וואָס טיילט פאַנאַנדער דעם יתום פון אַן אַנדער קינד וואָס איז גליקלעך מיט זיינע עלטערן.

אין די 20קער יאָרן איז די צאָל פון יתומים, וואָס האָבן געבעטן אָנגענומען ווערן אין השגחת יתומים, געוואָקסן אַזוי אַז עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ זיי אַריינצונעמען. די צייט צו אויפשטעלן געזעלשאַפטלעכע בנינים איז דאַן געווען אַ פּאַסיקע צוליב דער גינסטיקער עקאָנאָמישער לאַגע אין פּוילן בכלל. ר׳ סענדער־מיכל בזשאזא, דער פּרעזידענט פון תלמוד־תורה און השגחת יתומים, האָט טאַקע געוואוסט אויסצונוצן דעם מאָמענט און ווירקן אויפן „דזשאָינט" צו אויפשטעלן אַ יתומים־היים אין לאָמזשע. ביז 50 טויזנט זלאָטעס האָט „אַריינגעטריבן" דאָס פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל.

עס איז געווען אַ הערלעך בילד אונטער אַ שטימונג פון דערהויבונג דאָס לייגן דעם ווינקלשטיין פון דעם בנין אויף סענאַטאָרסקאַ נומ. 5. אידן האָבן זיך באַטייליקט האַרציק מיט נדבות ווער מיט „טעג אַרבעט", ווער מיט אַ טיר, אַ פענצטער, טראָגן ליים און ציגל א. נ. אַ. ביז דער בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט זיין גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ מיט אַלע זיינע צימערן און זאַלן. דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם זכות אַריבערצופירן דעם אַנשטאַלט פון יאַקאָבי׳ס הויז אין דעם נייעם בנין אין אָקטאָבער 1927.

אין איינקלאַנג מיט די פריער־דערמאָנטע פּרינציפּן, איז די פירונג פון אַנשטאַלט איבערגעגעבן געוואָרן צום שרייבער פון די שורות און אברהמ׳ל דער שמש האָט געהאַט צו באַזאָרגן נאָר די רעליגיעזע נויטיקייטן פון די יתומים. נאָך ני׳ע טוערס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן: אברהם קרעמער (וואַצעק), און רבקה ברויער, אַ פעאיקע פאַרפאַסערין פון פאָרשטעלונגען פאַר די קינדער פאַר חנוכה און פורים, אויך אַ גוטע זינגערין, איז באַשטימט געוואָרן אַלס די הויפּט ווירטין.

צו יענער צייט האָבן מיר נאָך אַ שווערן קאַמף אָפּגעשאַפט נאָך אַ פאַרעלטערטן מנהג אין דער אויסהאַלטונג פון דעם אַנשטאַלט — דאָס אַרומגיין פון שמש מיט 2 יתומים איבער די יאַטקעס יעדן דאָנערשטיק און בעטן פלייש פאַר די קינדער. אַזוי אַרום האָבן אָפּגעטראָטן די אַלטע דערנידעריקנדע וועגן אין דער פירונג פון „השגחת יתומים", און זייער פּלאַץ האָט פאַרנומען אַ מער מאָדערנער אופן פון באַהאַנדלען די קינדער — אַ נייע היים, וואו זיי האָבן גענאָסן זייער עסן און טרינקען ביי געדעקטע טישן מיט ווייסע טישטוכער, דערלאַנגט זיי בדרך כבוד, וואו שבת און יום־טוב האָבן זיך געהערט זיסע געזאַנגען פון זמירות און שירי ציון פון די פריילעכע קינדער.

שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך איבערגעגעבענע טוערינס: אסתר שטיינבערג (פון סאָדאַ־וואַסער פאַבריק) און דזובקעוויץ. די לעצטע האָט נאָך אַ יאָר הילף רעזיגנירט. אָבער פרוי שטיינבערג איז געבליבן פאַר יאָרן די מוטער פון די „יתומים", ווייל זי פלעגט זיי אַוועקגעבן איר כח און צייט. זי האָט געוואוסט און זיך אינטערעסירט מיט די שוואַכקייטן און באַזונדערע קאַפּריזן־פאַרלאַנגען פון יעדן יתום. זי פלעגט זיי באַזוכן אין צייט פון קראַנקייט, א. אַ. וו.

אַ דאַנק דעם „דזשאָינט" איז אין זבוינע געעפנט געוואָרן די ערשטע „זומער היים" פאַר יתומים. די אַלטע פירער פון „השגחת יתומים" זיינען געווען קעגן שיקן די קינדער אין אַ דאָרף פאַרן זומער צוליב 2 טעמים: 1) ביטול־תורה, די יתומים וועלן פאַר דער זומער־צייט נישט לערנען קיין תורה; 2) אָרעמע קינדער, נישט קיין יתומים, געניסן נישט פון די באַקוועמלעכקייטן פון זומער־וואוינונגען און יתומים דאַרפן נישט זיין פּריווילעגירט איבער דער מערהייט פון אידישע קינדער. מיר זיינען איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה: די יתומים זאָלן זיין נאָר 1 חודש אין זומער היים, און אברהמ׳ל דער שמש זאָל האָבן איבער זיי די השגחה זיי זאָלן דאַווענען און יעדן פרייטיק מעביר־סדרה־זיין.

די זומער היים איז געאָרדענט און געפירט געוואָרן אויפן שטייגער פון די פון „השומר" לאַגערן. דאָס פאַרברענגען אויף דער פרייער נאַטור פלעגט ווירקן צום גוטן אויפן געזונט־צושטאַנד פון די קינדער און אַריינברענגען אין זיי אַ גייסט פון חלוציזם. דער שרייבער פון די שורות טראָגט „די שולד" פון פאַרשפּרייטן אָט דעם אידעאַל פון חלוציזם צווישן די לערן־איינגלעך און די בעלי־מלאכות און אַגיטירן זיי זאָלן געהערן צו די הכשרה גרופּעס וואָס האָבן עקזיסטירט דאַן אין לאָמזשע. פיל פון די דערצויגענע אין דעם אַנשטאַלט האָבן טאַקע זיך אָנגעשלאָסן אין די הכשרה גרופּעס און אין 1934—1936 זיינען אויפגעגאַנגען קיין ארץ ישראל: משה ברום, קאמינסקי, יאַגאָדאָווסקי, א. נ. זיי זיינען געוואָרן דער בעסטער עלעמענט פון לאָמזשער חלוצים.

## הכנסות

דורך די באַמיאונגען פון לאַווניק הירש עפּשטיין, פּרעזידענט פון דער קהלה, און מיטהילף פון די מיטגלידער פון שטאָט־ראַט צבי מאַרק און פ. גייסט איז אויסגעפועל׳ט געוואָרן, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל אין זיין בודזשעט אויך אַריינשטעלן אַ סובסידיע פאַר דעם יתומים אַנשטאַלט, אַזוי ווי עס ווערט געשטיצט דאָס יתומים־הויז פון פּאָליאַקן. אין רעזולטאַט איז מיט דער הילף: פון „דזשאָינט", פון לאָמזשער קהילה־פאַרוואַלטונג, פאַרשידענע נדבות אין געלט און פּראָדוקטן און די דערמאָנטע סובסידיע פון מאַגיסטראַט — איז דער השגחת יתומים אַנשטאַלט אויפגעהאַלטן געוואָרן בדרך כבוד. צו דעם דאַרף מען אויך צורעכענען די הכנסות פון די מיטגלידס־צאָלונגען און פּושקעס וואָס האָבן זיך געפונען אין ס׳רוב הייזער, וואו מוטערס פלעגן אַריינוואַרפן זייער



קינדער פון „קינדערהיים" אין דאָרף וויגאָדי ביי צערוואָני בור מיט דער פאַרוואַלטערין קריסטאַל, 1933.



קינדער פון השגחת יתומים אין זומער־פלאַץ זבוינע, 1930.

אויבן אין צענטער שטייען: שטשאַלקא (ווייס) אַנפירער, רבקה ברויער, אברהם קרעמער.
זיצנדיק אין מיטן (רעכטס): מענדל צעכאַנאָוויץ, יעקב עטקאָוויץ, שאַפּיראָ, אסתר
שטיינבערג, דר. קאַרבאָווסקי, שרה קאַץ, דזשובקעוויץ, הירש מאַרק, פאָרזיצער, י. קמחי,
אַלטער קאַווקעוויץ און נתן פיאַנקא.



קינדער עסן מיטאָג אויף פרייער לופט.

מ ט זיי זיינען זייערע פאַרזאָרגער: הירש מאַרק, אסתר שטיינבערג, נתן פיאַנקע, אַלטער קאַווקעוויץ, שאַפּיראָ, יעקב עטקאָוויץ
(מיט זיין איינקל), מ. שטשאַלקא־ווייס, רבקה ברויער, אברהם ברויער און קאַפּלאַן, אויפזעער איבער כשרות.



עס־צימער אין השגחת יתומים, 1938.
רעכטס (שטייענדיק): פרוי בזשעזשינסקאַ, איבערגעגעבענע טוערין,
רבקה ברויער, אַנפירערין, און אברהם קרעמער, סעקרעטאַר.

קליין־געלט מיטן שטילן געבעט אַז זייערע קינדער זאָלן נישט זיין קיין יתומים... ה׳ ישמח פלעגט 4 מאָל אין יאָר אויס־ליידיקן די פּושקעס. די צאָל מיטגלידער אין דער חברה „השגחת יתומים" אין יענער צייט איז געווען 400. זיי פלעגן אָפּהאַלטן איין מאָל אין יאָר אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויסצוקלייבן אַ פאַרוואַלטונג.

נאָך 20 יאָר טעטיקייט אין „השגחת יתומים", האָב איך געפילט אַ בויטווענדיקייט צו פאַרשרייבן לזכרון די אַלע געשעענישן און אַנטוויקלונגען אין דער עקזיסטענץ פון דעם ליבן אַנשטאַלט. יעצט איז ער אין רשות פון פרעמדע, שונאים, אין רשות פון די פּאָליאַקן, וועלכע זיינען מטמא דעם בית מדרש׳ל דאָרטן מיט זייערע איקאָנעס און צלמים.

נאָכמער אָבער טוט דאָס האַרץ וויי אויף די נפשות וואָס זיינען פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט די נפשות פון גאַנצן מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום.

י. אַלטער

## פון די דעראינערונגען פון אַ השגחה׳ניק

אַ טיפן, שטאַרקן איינדרוק פלעגן מיר קריגן פון דעם זיסן דאַוונען פאַרן עמוד פון ר׳ שמואל בלאשקא פרייטיק פאַרנאַכט. אַמאָל האָט זיך אונז געדוכט ווי דאָס געזאַנג פון פייגעלעך און אַמאָל ווי אַן אומעט פון אַ פאַרוואָלקנטן האַרבסט־טאָג, ווען די קינדער האָבן געפילט דעם טרויעריקן צושטאַנד פון אַ השגחה׳ניק, פאַר׳יתומ׳ט, מיט אַ גרינער טאַשמע אויפן היטל — אַ צייכן פון עלנטקייט און דערני־דעריקונג.

פיל זיינען זיי געווען די קינדער, וואָס זיינען באַ־קרוינט געוואָרן מיטן נאָמען השגחה׳ניק, דורך די פופציק יאָר פון דער עקזיסטענץ פון השגחת יתומים. אָט דעם נאָמען האָבן זיי געפילט אויף זיך אויך שפעטער, נאָך אויסוואַקסן און ווערן צעשפּרייט איבער דער וועלט. אָבער גלייכצייטיק שטייען אויך פאַר מיינע אויגן די ליבע, איבערגעגעבענע מענער און פרויען, וואָס האָבן אַזוי האַרציק געדינט דעם אַנשטאַלט. אָט זיינען זיי: י. ש. גאַרבאַרסקי, ה. עטקאָוויץ, ס. מ. בזשאָזא, ב. בורשטין, ש. בלאשקא, א. קאַוקעוויץ, נ. פיאנקא א. נ. און דער לעצטער דער וויכטיקסטער, „פאָטער פון די יתומים", דער פעדאַנט און פאַרגעבער צוזאַמען — ר׳ אברהם דער שמש — אברהמ׳ל דער שמש. ערלעך און אָפן מיט זיין ליבע און האַס. אַ באַזונדער ליבשאַפט האָט ער געצייגט צו די פעאיקע ערלעכע קינדער; געבן זיי אַ גרע־סערע פּאָרציע אָדער אַ שענערן בגד, בעסערע שיך. אָבער אויך אַזאַ קינד פלעגט קריגן זיין שטראָף.

זאָל אַ יתום קראַנק ווערן — אברהמ׳ל דער שמש לויפט שוין ברענגען פּיוול שכנא׳ן דעם „רופא", אָדער דר. פעלטין, קריגט דעם רעצעפּט, אַביסל יויך פון אַן עוף א. אַ. וו. אַ אינגל איז געוואָרן שלעכט, אַנטלאָפן פון חדר — ווייסט דאָך אברהמ׳ל דער שמש, אַז ער וועט זיך מתחבר־זיין מיט אַנדערע „יאָפעס" און אין הונגער וועט ער דאָך גנב׳נען פון די טישן זיין מאַרק — שפּירט אברהמ׳ל נאָך דעם יתום און פאַקט אים. ער ברענגט אים „אַהיים", גיט אים אַ פאָרציע קלעפּ, וואָס אים קומט, אָבער באַלד ווינקט ער צו געבן דעם באַ־שטראָפטן עסן און טרינקען און בייט אים איבער זיינע וועש און בגדים. צומאָרגנס ברענגט ער אים צוריק אין חדר. פיל יתומים האָבן טאַקע צו פאַרדאַנקען אברהמ׳ל דעם שמש פאַר זיין ריכטיקער, פאָטערלעכער דערציאונג.

ר׳ אברהם דער שמש האָט געוויזן זיין שטייפקייט נישט נאָר אין באַצוג צו יתומים. זאָל אַ מייסטער, וואָס האָט גע־האַלטן ביי זיך אַ יתום פאַר אַ לערן־אינגל, אויסנוצן דעם יתום צופיל און מאַכן אים טאָן זאַכן וואָס געהערט נישט צו דער מלאכה — אברהמ׳ל שטראָפט באַלד גוט אויס דעם מייסטער און, אויב נויטיק, נעמט ער אַוועק דאָס קינד פון אים און גיט אים איבער צו אַן אַנדער בעל־מלאכה.

איך האָב געהאַט אַ באַזונדערן חן ביי אברהמ׳ל דעם שמש. זיין באַציאונג צו מיר איז געקומען דורך פּאָלגנדן צופאַל. אין יאָר 1920 אָדער 1921 איז געשיקט געוואָרן אַ גרופּע השגחה׳ניקעס אין אַ זומער־וואוינונג אויף אָפּרו, וואָס אַמעריקאַנער הילפס־אָרגאַנען האָבן געגרינדעט פאַר שול־קינדער, אין צערוואָני־בור. איך בין געווען אין דער גרופּע. האָבנדיק פריער געלערנט אין אַ בית־ספר עברי אין קאָלנא (ביי געדאַלקען), בין איך געווען מער געלערנט פון אַנדערע אין דער גרופּע און אברהמ׳ל דער שמש האָט מיך געמאַכט פאַר אַן אויפזעער איבער דער גרופּע. אין דער ראָל פון אַן „עלטסטן" האָב איך אַמאָל געשריבן אַ לשון־קודש׳דיקן בריוו צו אברהמ׳לען. פרעגט שוין נישט, וואָס דער מענטש האָט צעטאָן מיט מיין בריוו. ער האָט אים געטראָגן פון שטוב צו שטוב, פון גבאי צו גבאי, און געוויזן יעדן וואָס ער האָט געטראָפן אין גאַס און צום סוף האָט ער גענומען „גוטע זאַכן", אַריינגעזעצט זיך אין אַ וואָגן און אַוועק קיין צערוואָני־בור. דערזעענדיק מיך האָט ער מיר געהאַלזט און געקושט און דערציילט פון אַלעמענס התפעלות איבער מיין בריוו. איך האָב דאַן געקראָגן פון אים אַ דאָפּלטן חלק פון די „גוטע זאַכן". אַזאַ שמחה האָט דער גוטער מענטש אַרויסגעוויזן איבער מיינע קענטענישן.

די „קינדער" האָבן געהאַט צווישן זיך גרופּן פון ני־דעריקן שטאַנד און פון „יחסנים". די קינדער בעלי־מלאכות פלעגן זיך האַלטן באַזונדער, מער זעלבסטשטענדיק, קומען אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע יוגנטלעכע, גיין אין טעאַטער, אין קינאָ, שפּילן פוט־באָל. אַז אברהמ׳ל דער שמש האָט זיי געפּאַקט, האָט ער זיי באַשטראָפט.

„אַ לעבעדיקע וועלט" איז ביי אונז געווען, ווען אברהמ׳ל דער שמש איז אַוועק אַהיים שלאָפן. מיר האָבן דאַן דורכ־געפּירט פאַרשידענע שפּילערייען, פאָרשטעלונגען, כח־פאַר־מעסטונגען, א. אַ. איין מאָל, נאָך פיל הכנות, האָט אַ גרופּע קינדער פאָרגעשטעלט דעם ספּעקטאַקל „דוד און גלית". די אַקטיאָרן זיינען געווען אָנגעטאָן אין זייערע פּאַפּירענע קאָס־טיומען און געטראָגן הילצערנע שווערדן. דער שמש האָט עס אויסגעפונען, און מיר זיינען אַלע געווען אין שרעק פאַר דער שטראָף וואָס עס דערוואַרט אונז. אָבער, צו אונזער דער־שטוינונג, האָט ער אונז געהייסן דורכפירן נאָך אַמאָל די פאָרשטעלונג פאַר אים, זיין משפחה און אייניקע גבאים. זיי האָבן אַלע הנאה געהאַט פון אונזערע טאַלאַנטן און נאָך געלויבט אונז.

עס האָבן עקזיסטירט ביי אונז אויך אָוונט־קורסן פאַר די וואָס האָבן געלערנט אַ מלאכה. מען האָט דאָרטן געלערנט: העברעאיש, פויליש, אַריפמעטיק, א. אַנד. דער לערער בערל מאַרק האָט אין זיין צייט אויך געלערנט ליטעראַטור און עקאָנאָמישע וויסנשאַפט. ווען דער אַנשטאַלט איז אַריבער אין נייעם בנין, איז דער חינוך איבערגעגעבן געוואָרן צו אברהם קרעמער, שפּעטער — צו מאיר שטשאַלקאַ־ווייס (איצט אין אַמעריקע). צולעצט איז יעקב טאָביאַש, אַ פּראַקטיציר־טער לערער און דערציער, געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון השגחת יתומים. אונטער זיין פירונג האָט דער חינוך פּראָגרעסירט. ער האָט אויך אָרגאַניזירט אַ גרופּע קינדער וואָס פלעגט אַרויסגעבן אַ וואָכן־בלעטל מיטן נאָמען „אונזער ווינקל". אין דעם קינדער זשורנאַל „גרינינקע בוימעלעך", ווילנע, אַפּריל 1936, איז דערשינען אַן אָפּשאַצונג אויף „אונזער ווינקל". עס איז דאָרטן אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ גוטע ראַדיאָ, געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט אַ לייען־זאַל פאַר די קינדער, אַ דראַמאַטישע סעקציע, זומער

היימען, א. נ. ה׳ טאָביאַש האָט געפירט דעם אַנשטאַלט מיט גרויס הצלחה ביזן חורבן.

יוסף זיידענשטאַט

## יהושע יעקל פיגא (שאַרעק)

פון לאָמזשער השגחת יתומים ביז די קאַמפן ביי בערלין

שוין אין די קינדער־יאָרן פאַרלירט ער דעם פאָטער און דריי ברידער בלייבן זיי, כמעט אַלע קליינוואַרג! שאַרעק איז דער עלטסטער, ער איז דאַן אַלט געווען צוועלף יאָר. די מוטער בלייבט אין אַ שלעכטער לאַגע, גיט זי צוויי אַריין אין השגחת־יתומים; מיטן דריטן טרעפט אַן אומגליק: די וועשין גייט צום טייך וואַשן וועש, ער גייט מיט איר מיט, פאַלט אַריין אין טייך נאַרעוו און ווערט דערטרונקען.

שאַרעק זייענדיק אין השגחת־יתומים, האָט זיך נאָר געריסן צו ווערן פריי, נישט אונטער דיסציפּלין פון השגחת־יתומים, וואָס איז אין יענער צייט געווען זייער שטרענג. עס האָט זיך שוין דערוועקט ביי שאַרעק׳ן סאָציאַליסטישע געדאַנקען און פרייהייט־געפילן. אַלס יונגער אינגל טרעט ער אַריין אין סקאַוטן־גרופּע און העלפט מיטן גאַנצן ברען צו אָרגאַניזירן די סקאַוטן־אָרגאַניזאַציע. אַ סך צייט און מי האָט שאַרעק פיגא אַוועקגעגעבן פאַר דער לאָמזשער סקאַוטן־אָרגאַניזאַציע, אָבער זייענדיק אין סקאַוטן־קרייזן געפינט ער נישט זיין סאָציאַלע באַפרידיקונג. ער, אַלס השגחה׳ניק, פילט, ווי די רייכע קינדער דערווייטערן זיך פון אים, זונדערן זיך אָפּ פון אים. ער פילט עס אויף שריט און טריט. ער באַקומט שנעל אַ שטאַרקע שנאה צו בירגער־לעכער פוסטער גאווה און הויבט אָן זוכן אַ פרישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן (אָן געזעלשאַפט קען ער נישט לעבן אַפילו היינט, זייענדיק אין אַמעריקע). נישט לאַנג זוכנדיק, געפינט ער אין „בונד" זיין אידעאַל. מיט לייב און לעבן גיט ער זיך איבער דער אַרבעט. ער ווערט אַ געטרייער חבר. שטענדיק איז ער גרייט דער פאַרטיי צו העלפן מיט מעשים און געלד.

ביים גרויסן אַרעסט אין יאָר 1925 ווען מ׳האָט אַלע אַרעסטירטע געשלעפּט אין טערטאַק, אויף פּיאָנטניצער וועג, ווערט שאַרעק אויך אַרעסטירט און מען פייניקט אים ער זאָל אויסגעבן זיינע חברים, אָבער שאַרעק האַלט זיך שטאָל און אייזן ביי זיינס, אַז ער קען קיינעם נישט. ער האָט דורכגעמאַכט אַ סך צרות זיצנדיק אין תפיסה, אָבער נאָכן גרויסן הונגער־שטרייק אין לאָמזשער תפיסה, איז ער באַ־פרייט געוואָרן. אַרויסגייענדיק פון דער תפיסה, איז ער ווידער פאַרבליבן געטריי זיינע אידעאַלן.

אייניקע יאָר פאַר מיין אָפּפאָרן קיין ישראל, האָט שאַרעק חתונה געהאַט און באַזעצט זיך אין וואַרשע. ער האָט גע־קעמפט פאַר אַ בעסער און שענער לעבן. ער דערשלאָגט זיך צו אַ בעסער לעבן, האָט אַ שיין געראָטן טעכטערל, אָבער אין יאָר 1939 האָט שאַרעקן און זיין פאַמיליע אַן אומגליק געטראָפן. שאַרעק גייט קיין ביאַליסטאָק, ווערט אַרעסטירט פון דער סאָוויעטישער מאַכט און פאַרשיקט קיין טיף רוסלאַנד. זיצט ווייטער אין תפיסה און שמאַכט ווייטער אין קלעם פון צרות און הונגער. זיין פרוי און טעכטערל פירט מען אַוועק קיין מאַידאַנעק אין אויוון אַריין, די פאַמיליע ווערט פאַרניכטעט און פאַרברענט.

נאָך אַ פאָר יאָר אָפּזיצן אין רוסלאַנד, און אַרבעטן אויף קאַטאָרזשנע אַרבעט, קערט זיך שאַרעק אום אַ צעבראָ־

כענער און מידער, און שטעלט זיך פרייוויליק צו דער פוילישער וואַנדאַ־וואַסילעווסקי׳ס אַרמיי. נאָך שיקאָרסקי׳ס אָפּמאַך מיט רוסלאַנד קעמפט שאַרעק ווי אַ לייב מיט די היטלעריסטישע חיות. ער נעמט נקמה פאַר זיין ליבער פרוי, קינד, פאַר זיינע חברים און פאַר לאָמזשער אידן. שאַרעק באַקומט צוויי אויסצייכענונגען אויפן פראָנט ביי בערלין. זיין נאָמען ווערט באַוואוסט אין דער פוילישער אַרמיי און צווישן די פאַרטיזאַנען.



יהושע יעקל פיגא (שאַרעק) אַלס פוילישער סאָלדאַט

נאָכן פאַרנעמען בערלין, קומט ער אויף אַ קורצער צייט קיין ביאַליסטאָק. אויך דאָרט זיצט ניט שאַרעק מיט פאַרלייגטע הענט. ער אַרבעט אין קאָמיטעטן און אין אַלגעמיינער געזעלשאַפט. אָבער פאַר שאַרעק׳ן איז צו קליין דער פלאַץ; נישט געבליבן קיין חברים, די לופט שטיקט אים, ער קען נישט זיין מער אויף דער פאַרבלוטיקטער ערד פון זיינע נאָענטסטע און פריינד. שאַרעק באַשליסט צו פאָרן קיין אַמעריקע, און נאָך שווערע מאַטערנישן קומט ער קיין אַמעריקע און זוכט גלייך אויף די לאָמזשער געזעלשאַפט, אָן וועלכער ער קען נישט לעבן.

אין 1946 קומט ער קיין אַמעריקע מיט דער הילף פון „דזשאָינט“ און זוכט גלייך אויס זיינע אַמאָליקע חברים און בכלל לאָמזשער לאַנדסלייט. זיין ערשטע פאַרבינדונג איז מיט זיין לאַנגיאָריקן חבר און לערער סאָבאָטקאַ.

וויסנדיק אַז עס פונקציאָנירט אַ לאָמזשער רעליף קאָמיטע שטעלט ער זיך גלייך צו דער דיספּאָזיציע פון אָט דעם קאָמיטעט. גייט צו אָרגאַניזאַציעס און דערציילט זיי וועגן דעם לעבן און פיין פון די לעבנגעבליבענע לאָמזשער אין אייראָפּע. האָבנדיק אַליין דורכגעמאַכט די פאַרשידענע קאַמפן פון די פאַרטיזאַנער קעגן די נאַציס, ציט דאָס אים אויך צום „קאַצעטלער־פאַרבאַנד“ און ווערט דאָרט טעטיק.

ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער לאָמזשער צווייג 484 פון א. נ. א. פ. איז ער איינער פון די גרינדער און אַקטיווער טוער ביז היינט צו טאָג. ער איז אויך אַן אָנגעזעענער עקזעקוטיוו־מיטגליד אין דער לאָמזשער עיד סאָסייעטי.

ווען עס איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך נאָך לאָמזשע, איז ער געווען פון די באַגייסטערטסטע אָנהענגער פון דער אידייע און האָט פיל מיטגעהאָלפן אין דעם. באַזונדערס צייכנט ער זיך אויס אין דער אַרבעט אַרום דער אידישער אויסגאַבע.

# אידישע תלמידים אין פרעמדע שולן

## אין דער רוסישער גימנאַזיע

אַזוי ווי אומעטום, האָט לאָמזשע, ווי אַ גרעסערע שטאָט, געהאַט אַן עלעמענט פון פאַרמעגלעכע עלטערן, וואָס האָבן געשטרעבט צו געבן זייערע קינדער אַלגעמיינע בילדונג כדי צו דערגרייכן אַ קאַריערע פון דאָקטאָר, אינזשעניר, א. נ. אַ. דער אָרט פאַר דעם איז געווען די רוסישע גימנאַזיע. אין יאָר 1900 זיינען דאָרטן געווען 38 אידישע שילער. לויט ווי ה׳ א. ל. ביסקא שרייבט אין „הצפירה“ האָט די צאָל נישט דערגרייכט אפילו די פּראָצענט נאָרמע, וואָס האָט געקומט פאַר די אידן. אַ העלפט פון זיי זיינען געווען פון דער פרעמד. אין 1905 האָבן די פוילישע סטודענטן דאָרטן אָרגאַניזירט אַ סטרייק פאָדערנדיק צו אַריינגעמען אין פּראָגראַם פון די למודים אויך פוילישע געגנשטאַנדן. אידן האָבן נישט געסטרייקט. די פוילישע סטודענטן האָבן זיי דערפאַר אָנגערופן „מאָסקאַלע“ און אויך אַרויסגערופן געשלעגן מיט זיי.

אין די קלענערע קלאַסן איז די צאָל פון אידישע שילער שפּעטער געוואָרן אַביסל גרעסער. נאָר איינצלנע האָבן דורכגעמאַכט די אַלע 8 קלאַסן גימנאַזיע ווי: זוסמאַנאָוויטש׳עס, פאַטקין, דוד פיאַנטניצקי, שצענקו, וויינבערג, סלאמאַן, קלאַצקאַווסקי, וויינשטאָק, גוטמאַן, ראַזען, א. אַנד. אַזוי ווי גייסטלעכע פלעגן לערנען דאָגמאַטישע רעליגיע מיט די רוסישע און פוילישע שילער, אַזוי האָט ה׳ דאַנכין געלערנט אידישע רעליגיע מיט די אידישע קינדער (ער איז געווען אַן עם־הארץ, אָבער אַ מקורב צו דער מאַכט). צוליב דער קליינער באַדייטונג פון דעם אידישן רעליגיע־אונטעריכט אין גימנאַזיע, האָבן די אידישע עלטערן צוריקגעוויזן אַ פאָדערונג פון דער מאַכט צו צאָלן 10 רובל אַ מאָנאַט עקסטראַ פאַר דעם. זיי האָבן בעסער געוואָלט אַז אַ מלמד זאָל לערנען מיט די קינדער נאָך מיטאָג.

## די גימנאַזיע פאַר מיידלעך

די גימנאַזיע פאַר מיידלעך האָט געהאַט נאָר 7 קלאַסן, האָט געשטרעבט צוצוגרייטן די שילערינס פאַר לערערקעס און דעריבער זיינען דאָרטן געלערנט געוואָרן אויך פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק. עטלעכע צענדליק אידישע מיידלעך האָבן געענדיקט די גימנאַזיע, ווי ציפּרוג, לעווינסקי (אַ טאָכטער פון לערער ישכר לעווינסקי), קרעסט, קאַפּלאַן, א. אַנד. אין 1910 האָט דער רעוואָלוציאָנער מייזעל געוואָלט עפענען אַ פּראָ־גימנאַזיע פאַר אידישע קינדער אין לאָמזשע, אָבער די מאַכט האָט אים נישט געגעבן קיין דערלויבעניש.

דר. משה סלאמאַן

# רעוואָלוציאָנערע תלמידים

פון דער צייט פון דער רעוואָלוציע איז כדאי צו פאַרצייכענען די פאָלגנדע עפּיזאָדן איבערגעגעבן פון דר. מ. סלאמאַן.

1) איינמאָל איז געווען אַ לויה פון אַ פוילישן רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ גרויסער רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע. אידישע גימנאַזיסטן רעוואָלוציאָנעריש געשטימטע האָבן זיך אויך באַטייליקט. פיל פון זיי זיינען דאַן אַרעסטירט געוואָרן. צווישן זיי איז אויך געווען גאָלדע, ר׳ נח יצחק דיסקינ׳ס אַן איניקל. וועגן איר האָט דער מורה־צדק געזאָגט: „הלואי וואָלט ניקאָלאַי שלום

געמאַכט מיט מיין גאָלדען, דאַן וואָלט געגומען אַ סוף צו דער רעוואָלוציע..."

2) צוליב פּאַרזיכטיקייט האָבן די אידישע גימנאַזיסטן־רעוואָלוציאָנערן איינמאָל איינגעאָרדנט אַ פאַרזאַמלונג אין בית־המדרש חברה־ש״ס, כלומר׳שט וועגן ציוניזם. אין מיטן אַ רעדע קומט אַריין פסח דער שמש. דערזעט אַ בית־מדרש מיט בלויז גימנאַזיסטן, גיט ער אַ פרעג: „איר זייט געקומען דאַוונען? וואָס האָט איר צו טאָן מיט דאַוונען?" ענטפער: „איינער פון אונז האָט יאָרצייט". פסח דער שמש: „יאָרצייט שמאָרצייט, איך האָב מורא, אַז עפּעס אַנדערש האָט אייך אַהער געבראַכט".

דר. סלאָמאָן דערציילט אַז דער ציוניזם איז נישט געווען פאַרשפּרייט צווישן די גימנאַזיסטן.

## אין דער פּוילישער האַנדלס־שולע

ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט האָבן פּוילישע נאַציאָנאַליסטן, וויכנדיק פון די רוסיפיצירנדע מיטל־שולן, געגרינדעט אַן אייגענע פּוילישע האַנדלס־שולע. די רוסישע מאַכט האָט נישט אָנערקענט די מיטל־שולע, און דאָך איז זי געווען גוט באַזוכט פון פּוילישע און אידישע קינדער. די לעצטע זיינען געווען דאָרטן אָנגעזען, ווייל ס׳איז נישט נויטיק געווען דאָרט מחלל־שבת־זיין. פּאַראַלעל צו דער שולע איז אויך געווען אַ „פּאַנסיאָן", אַ מיטל־שולע פאַר מיידלעך. אין דיביידע מיטל־שולן איז נישט געווען קיין פּראָצענט־נאָרמע פאַר אידישע קינדער.

די דאָזיקע מיטל־שולן זיינען געווען ווי אַ נעסט, וואו עס איז אויסגעבריט געוואָרן די פּאַטריאָטישע יוגנט, וואָס האָט אין דער פּאַסיקער צייט געקעמפט פאַר פּוילנ׳ס זעלבסט־שטענדיקייט. ווען פּוילן איז געוואָרן פריי, זיינען די דאָזיקע מיטל־שולן געוואָרן מלוכה־אַנשטאַלטן. אידישע קינדער האָבן נאָך אַלץ באַזוכט די דאָזיקע מיטל־שולן הגם ס׳איז שוין געווען אַ אידישע גימנאַזיע.

## אינסטיטוט פאַר פעלד און וואַלד אינזשענירן

דאָס איז געווען אַ פעסטונג פון אַנטיסעמיטיזם. אידן האָבן דעריבער געוויכט פון דעם אַנשטאַלט. די, וועלכע האָבן פּרובירט דאָרטן לערנען, האָבן געמוזט אַרויס צוליב דער כוליגאַנישער אַטמאָספערע. אַזעלכער איז געווען נתן פּיורקאַ, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון אידישן שפּיטאָל. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער אינסטיטוט צוגעשטעלט כוליגאַנעס צו פּיקעטן אידישן האַנדל און מלאכה אונטערנעמונגען ווי אויך דורכפירן פּאָגראָם־אַקטן, ווי: פאַרניכטן אידיש האָב־און־גוטס, ראַבירן און שלאָגן. איינער פון זיי איז פאַרוואונדעט געוואָרן פון ה׳ וואָלף אקון און איין כוליגאַן איז געטויט געוואָרן דורך ה׳ מיאדעק.

## דער עספּעראַנטאָ־קרייז

דר. פּערלמאַן, דענטיסט, פון אָנפאַנג אַן אַקטיווער העבּ־רעאיסט נישט קענענדיק שאַפן פיל אָנהענגער צום ריידן העברעאיש, איז געוואָרן אַן עספּעראַנטיסט. באַווירקנדיק צוערשט זיינע פּאַציענטן, ווערט ער אַלץ מער און מער אַקטיוו אין פאַרשפּרייטן דעם אידעאַל פון פאַרברידערונג פון פעל־קער דורך רעדן איין שפּראַך, די עספּעראַנטאָ.

זיין געהילף איז געווען רבקה יודעלבוים. ביידע האָבן געעפנט קורסן צו לערנען די שפּראַך און אַזוי אַרום האָבן זיי געשאַפן אַ קענטיקע עספּעראַנטאָ באַוועגונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע עלעמענטן: שטודירנדע יוגנט, לערער, אַרבעטער, ישיבה בחורים, א. אַנד. חול־המועד פסח 1935 האָט דר. פּערלמאַן איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענקונפט פון גאַנצן לאָמזשער קרייז עספּעראַנטיסטן, אויף וועלכן עס זיינען געקומען אויך פיל געסט פון ביאַליסטאָק ווי: דער ברודער און טאָכטער פונם שעפער פון עספּעראַנטאָ דר. זאַמענהאָף (דער ברודער האָט געוואוינט אין וואַרשע).

די ביאַליסטאָקער האָבן געהאַט צוגעגרייט פאַר דעם צוזאַמענקונפט אַ פאַרשטעלונג, לידער, שפּילערייען אין עס־פּעראַנטאָ. דער צוזאַמענפאָר האָט געמאַכט אַ רושם אין לאָמזשע און די אָנהענגער האָבן זיך געמערט. אויך פּוילישע באַאַמטע האָבן אָנטיילגענומען. די באַוועגונג האָט אָבער נישט מאריך־ימים געווען, ווייל קעגן דעם עספּעראַנטאָ־אידעאַל, די פאַרברידערונג פון פעלקער, האָט דער פּוילישער שאָוויניזם געפּלייצט מיט האַס פון פעלקער. אַנטיסעמיטיזם האָט געהערשט אפילו צווישן די עספּעראַנטיסטן. דר. פּערל־מאַן האָט אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן פאַרלאָזן לאָמזשע. מ׳האָט געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן אין שטעטל גלובאָקע אין ליטע.




אַ גרופּע אָנהענגער פון אידיש אין דער פּוילישער פאָלקס־שול.

זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס): משה מושינסקי, קאַלוואַרייסקי, די לערער חמיעל און גאָסטעל, חיה בראַמזאָן און מאַלינאָוויץ.

שטייענדיק: ג. רובינשטיין, גלוכאָוויץ, פ. וואַווארסקי, ראַגינסקאַ, מינאַ ראָזענבערג, ש. קאַסאָוויץ און סאָניא גאָלדזאַק.

# די פּיאָנערן פון די העברעאישע שולן אין לאָמזשע

## מיידל־שולע פון פועה ראַקאָווסקי, 1889—1890

אין 1889 האָט געגרינדעט אין לאָמזשע פרוי פועה ראַקאָווסקי אַ העברעאישע שולע פאַר מיידלעך. דאָס איז געווען די ערשטע שולע פון דעם מין אין פּוילן. די גרינדערין איז



פועה ראַקאָווסקי, 24 יאָר אַלט, אָנפירערין פון אַ שולע אין לאָמזע אין די יאָרן 1889—1890.

געווען פון גרויסן יחוס: אַן אייניקל פון סטאַווי־סקער און פּראַצקער רב, ר' עזריאל־אריה, און אַ פּלימעניצע פון געלערנטן און שרייבער פון זאמבראוו ר' אברהם אבא ראַקאָווסקי.

די מעטאָדע פון עברית בעברית איז נאָך דאַן נישט געווען אין דער פּראַקטיק און די למודים זיינען אָנגעגאַנגען אין רוסיש, ד. ה. העברעאיש איז דערקלערט געוואָרן אין רוסיש. פרוי פועה האָט געהאַט אַן אַרויסהעלפערין, איר שוועסטער. די שולע האָט זיך גוט אַנטוויקלט. ביי דער שולע האָבן די שוועסטער ראַקאָווסקי געגרינדעט אַ קרייז פון דערוואַקסענע מיידלעך צו לערנען די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור, תנ"ך און אגדה. דאָס אַלץ איז אָנגעגאַנגען אין גייסט פון ציוניזם.

מיט 2 יאָר שפּעטער איז פועה ראַקאָווסקי איינגענומען געוואָרן דורך די חובבי־ציון „בני משה" אַלס פירערין פון בית הספר „יהודיה" אין וואַרשע און די לאָמזשער שולע ווערט געשלאָסן. די שולע מיט איר לערערין זיינען ביידע געווען די פּיאָנערן אין דער באַוועגונג פון גרינדן העברעאישע שולן אין מזרח אייראָפּע.

## אינגלעך־שולע פון יששכר לעווינסקי

אין 1895 איז געקומען פון אַווגוסטאָוו אַ יונגער משכיל יששכר לעווינסקי און האָט געעפנט אַ מאָדערנע שולע פון 2 קלאַסן פאַר אינגלעך. אין ערשטן קלאַס האָט מען געלערנט חומש מיט „דער קלאָרער איבערזעצונג", ד. ה. די דייטשישע איבערזעצונג פון מ. מענדעלסאָן, און העברעאיש לויט „גוטע און נוצלעכע ספרים". אין דעם 2טן קלאַס איז געלערנט געוואָרן תנ"ך מיט מענדעלסאָנ'ס „ביאור", העברעאיש, דקדוק, משנה, גמרא. אין צוגעגעבענע שעה'ן האָט מען געלערנט אויך רוסיש, דייטש, אַריפמעטיק, געאָגראַפיע און אידישע היסטאָריע מיט די „קענערס" פון אידישע למודים. די העברעאישע צייטונגען „הצופה" פון ט"ו באב, תרנ"ה און דער „המליץ" פון 31 יולי 1895 האָבן געלויבט דעם לערער און פּראָגראַם פון דער שולע. די שולע האָט אָבער נישט מאריך־ימים געווען צוליב די רדיפות פון די קנאים — דער לערער איז פאַר זיי נישט געווען גענוג פרום און די פּראָגראַם — נישט על טהרת המסורה.

אין יענע יאָרן זיינען אין לאָמזשע געווען אייניקע פּריוואַטע לערער פון רוסיש און אַנדערע אַלגעמיינע געגנשטאַנדן צו לערנען מיט קינדער נאָך די חדר שעה'ן: עקיבא סלאָנימסקי דער וואָס האָט קריטיקירט די פירונג פון תלמוד־תורה, איז געווען איינער. די אַנדערע זיינען געווען: ה' אוקראַאינסקי, לערער פון ר' מלכיאל'ס קינדער, און אברהם צבי פרענקל פון גראָדנע, וואָס פלעגט אויך לערנען העברעאיש און דקדוק. אָט דער ה' פרענקל איז געווען אַ חובב־ציון און ער האָט געגרינדעט אין לאָמזשע אַ קליינע נאַציאָנאַלע באַנק מיטן נאָמען „עולי רגלים", וואו יעדער מיטגליד פלעגט אַריינברענגען עטלעכע רובל אַ יאָר און צום סוף פון יעדן יאָר פלעגט מען דורכפירן אַ לאָטעריע. דאָס געווינס איז געווען אַ נסיעה קיין ארץ ישראל.

## די שולע „יהודיה"

אין 1897 האָט אַ גרופּע אידישע געבילדעטע טעכטער געגרינדעט אַ שולע פאַר אָרעמע מיידלעך, וועמען די עלטערן גיבן אַוועק ווען נאָך יונג פאַר „דינסט מיידלעך" אָדער פאַר אַרבעטערינס און זיי קענען נישט קריגן קיין אַנדער בילדונג. אין די וואָכעדיקע אָוונטן פלעגן זיי לערנען לייענען און שרייבן אידיש און רוסיש למודים, און שבת — חומש און פּרק. אָט די פיינע אַרבעט האָט געהאַט הצלחה און איז שטאַרק געלויבט געוואָרן פון דעם קאָרעספּאָנדענט „פלוני וכהן" אין „הצפירה", כ"ח תשרי, תרנ"ט (1898). די טוערינס פון דער גרופּע רופט ער אָן בנות ציון, וואָס באַנוגענען זיך נישט מיט אַליין שטודירן העברעאישע ליטעראַטור, אידישע היסטאָריע, א. נ. נאָר אַרבעטן איבערגעגעבן צו מאַכן אויך די קינדער פון די אָרעמע שיכטן צו קענען געניסן פון ליכטיקייט.

פרוי ד. ל. (צוליב פאַרזיכטיקייט איז נישט מפורסם־געוואָרן איר נאָמען אין פּוילן) האָט איבערגעגעבן פאַר דעם צוועק איר גאַנצע דירה. 50, שפּעטער 60 אָרעמע יונגע מיידלעך פלעגן דאָרטן קומען לערנען און דערוואַקסענע בעלי־בתי'שע געבילדעטע טעכטער פלעגן זיי אונטעררישטן פריי אָן לוין. די באַוואוסטע, מער אַקטיווע לערערינס זיינען געווען: ש. סטריקאָווסקי, דעם רב'ס ר' מלכיאל טענענבוים'ס טעכטער, דראָזדאָווסקאָ, בזשאזא, פ. צעשליוק, יאַקאָבי, שטיינסאַפיר, א. נ. די הויפּט לערערין איז געווען סאַלצע גאָלד־

לוסט, שפּעטער — דר. קאַצענעלענבויגנ׳ס פרוי. דער פּולער פּראָגראַם איז געווען: העברעאיש, תנ״ך, אגדה, היסטאָריע, רוסיש, אַריפמעטיק. גלייכצייטיק האָט מען געלערנט האַנט־אַרבעט: אויסנייען (העפטן), נייען, שטריקן. אָט דער אַנ־שטאַלט האָט זיך גוט אַנטוויקלט און געוואָרן באַוואוסט מיטן נאָמען די מיידל שולע „יהודיה״. זי האָט אַריינגענומען קינדער אָזויפיל, וויפיל דער לאָקאַל האָט געהאַט פּלאַץ. נאָך לערערינס זיינען שפּעטער צוגעקומען: א. לעוויוש, בזשאָזעק און פ. בזיראַווסקי.

אַלס צוגאַב צו דעם פּרייען — אַן געצאַלטן — אונטער־ריכט, האָט נאָך אַ קאָמיטעט פון פרויען ביי דער שולע געוואָרגט צו באַקומען פאַר די תלמידות קליידונג און שול־געצייג אַלס געשאַנק. אין זעלבן לאָקאַל זיינען געגעבן גע־וואָרן לעקציעס אין אידישער היסטאָריע פאַר חברות פון „בנות ציון״. אָט די לויבנס־פאַרדינטע אינסטיטוציע האָט עקזיסטירט ביז 1901.

(ביבליאָגראַפיע: „המליץ״, 21 נאָוועמבער, 1900; „הצ־פירה״, כ״ח תשרי, תרנ״ט; כ״ה חשון, תרנ״ט; כ׳ תמוז, תר״ס).

## די רוסישע פאָלקס־שולע

זומגעפער אין 1898 האָט די רוסישע רעגירונג געעפנט אין לאָמזשע אַ 2 קלאַסיקע פאָלקס־שולע פאַר אידישע קינדער אָן שכר־למוד. דער לאָקאַל פון דער שולע איז געווען אין יאַטקאָוואַ גאַס לעבן דעם דעפּאָ פון די פייער־לעשער. צו־ערשט איז דאָרטן געווען לערער אוקראַינסקי דערנאָך — זוסמאַנאָוויץ, אַ געענדיקטער פון דעם לערער־אינסטיטוט אין ווילנע און זשיטאָמיר, אַ וואַרעמער איד, ציוניסטיש געשטימט, אָבער נישט אַרויסווייזנדיק זיינע סימפּאַטיעס, כדי נישט צו פאַרלירן זיין חן אין די אויגן פון דער רעגירונגס־מאַכט. מיט אים האָט געאַרבעט דער לערער ישׂשכר לעווינסקי.

מייסטן האָבן די שולע באַזוכט מיידלעך. אין 1900 האָבן דאָרטן געלערנט 100 מיידלעך און 10 אינגלעך. די לעצטע האָבן געלערנט אין חדרים און תלמוד־תורה. נאָר עלטערן, אַסימילאַטאָריש געשטימטע, האָבן געשיקט זייערע אינגלעך אין דער רוסיפיצירנדער פאָלקס־שולע, אַדער אַזוינע וואָס זייערע אינגלעך האָבן גאַרנישט אויפגעטאָן אין די חדרים, פלעגן שיקן אין דער שולע, כדי זיי זאָלן נישט אויפוואַקסן אין גאַנצן אָן בילדונג. דער שרייבער א. ל. ביסקא („הצפירה״ כ״ג סיון, תר״ס — 1900) באַדויערט דעם פאַקט, וואָס נאָר פאַרמעגלעכע עלטערן געניסן פון אומזיסטער בילדונג, וואָס די רוסישע פאָלק־שולע גיט, און אָרעמע־לייט שפּאָרן אָפּ פון זייער עסן און צאָלן אין די חדרים. די לערער פון דער רעגירונגס־שולע זיינען דאָך אויך נאַציאָנאַלע אידן און ווייזן נישט קיין פרייקייט אין רעליגיע.

אין 1904 איז די צאָל פון תלמידות געשטיגן און עס איז אָנגעקומען אַ דריטער לערער, א. מאַסאַנזניק. אַ געוויסע צייט האָט דאָרטן אויך געלערנט די רעוואָלוציאָנערין בעלאַ באַגאַצקאַ. נאָך אַ קורצער צייט איז זי אַפּגעזאָגט געוואָרן פאַר אירע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן (שפּעטער גע־וואָרן פרוי מייזעל). נאָענט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ה׳ זוסמאַנאָוויץ אַראָפּ אויף פּענסיע צוליב זיין עלטער. זיין אָרט האָט פאַרנומען ה׳ גוטמאַן, אויך אַ בן־תורה, ציוני און עסקן. אין 1912 איז געעפנט געוואָרן אויף די וויאַטראַקן נאָך אַן אָפּטיילונג פון דער רוסישער פאָלקס־שולע. דאָרטן האָבן געלערנט די ה״ה י. גאָלדבערג און ביאַליסטאָצקי. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען די

לערער פון דער שולע אַלס רוסישע רעגירונגס־באַאַמטע עוואַקואירט געוואָרן טיף אין רוסלאַנד. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט עקזיסטירט אַ אידישע פאָלקס־שולע מיט פּויליש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך.

### לערער זוסמאַנאָוויץ

דער לערער זוסמאַנאָוויץ האָט געשטאַמט פון ליטע, גראַדואירט פון לערער־אינסטיטוט (ווילנע, זשיטאָמיר). גע־האָט אַ צאַרטן קול, קלוגע אויגן. נאָך ה׳ אוקראַינסקי איז ער געווען הויפּט פון דער רוסישער פאָלקס־שולע און געווען באַליבט ביי דער רוסישער מאַכט אַלס רוסיפיקאַטאָר.

ער איז אויך געווען באַשטימט פון בילדונגס־אינספּעקטאָר צו לערנען רוסיש אין דער ישיבה. ווי שוין פריער דער־ציילט פלעגט ער קריגן נישט שכר למוד נאָר שכר בטלה, פאַר נישט לערנען. אָנהויב „זמן״ פלעגט ער מאַכן אַ רשימה פון אַלע תלמידים, וואָס האָבן געקענט רוסיש פון פריער. נאָכדעם פלעגט ער דערשיינען פאַר אַ האַלבער שעה, פאַר־נאַכט, צו ווידערהאָלן מיט די בחורים־תלמידים דאָס, וואָס זיי האָבן געקענט פון פריער און לאַנג פאַרגעסן, כדי צו זיין גרייט פאַרן שול־אינספּעקטאָר פון דער רעגירונג. דער עיקר האָט מען געלערנט די טיטולן פון דער קייזערלעכער פאַמיליע (דאָס איז זייער שטאַרק פראַקטיצירט געוואָרן אין אַלע רע־גירונגס־שולן). זיינע 2 זין „ווי צוויי שיינע ביימער״, „איי־ביקע סטודענטן״, זיינען געווען זייער געזעלשאַפטלעך און פלעגן אָנטיילנעמען אין דער אַמאַטאָרן־דראַמאַטישער סעקציע פון „הזמיר״.

### לערער אברהם מאַסאַנזשניק

ה׳ אברהם־חיים מאַסאַנזשניק איז געבוירן געוואָרן אין סטאַוויסק נעבן לאָמזשע. ער איז דערצויגן געוואָרן טראַדי־ציאָנעל־רעליגיעז. געלערנט אין ווילנער ישיבה. דאָרטן זיך גענומען צו השכלה. שטייט צום עקזאַמען אין לאָמזשע און קריגט אַ דיפּלאָם אַלס לערער. צוערשט פאַרנעמט ער זיך מיט פּריוואַטע לעקציעס. פון יאָר 1904 ביז 1915 איז ער געווען לערער אין דער רוסישער פאָלקס־שולע. דאַן — אין



אברהם חיים מאַסאַנזשניק

מיטן דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווערנדיק עוואַקואירט קיין טיף רוסלאַנד — לערנט ער אידישע קינדער אין שולעס פון האָמעל, טולאַ, וולאַדימיר.

נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע דינט ער אַלס באַאַמטער ביי דער רוסישער רעגירונג. אין 1921 קומט ער צוריק קיין פּוילן און באַזעצט זיך אין לאָמזשע, וואו ער אַרבעט אַלס בוכ־האַלטער אין די קליינע בענק. שפּעטער ווערט ער אָנגענומען

אַלס העברעאישער לערער אין גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע און אויף די העברעאישע אָוונט־קורסן ביים „התחיה״.

נאָכן אויסברוך פון דער 2טער וועלט־מלחמה קומט ער מיט זיין פרוי קיין ביאַליסטאָק און פון דאַן אָן ווערן פאַרפאַלן זיינע שפורן. לויט יצחק וויערניק׳ס ידיעות, איז ער געווען צווישן די צעשאָסענע אין געלצין. אַנדערע באַהויפּטן, אַז ער איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָק.

ער איז געווען אַן ערלעכער אַרבעטער, אַ וואַרעמער ציוני. האָט אויפגעשעטלט פיל תלמידים. זיין זון, אַדוואָקאַט בנימין מאַסאָנזשניק, האָט זיך געראַטעוועט פון אומקום. געאַרבעט אַ געוויסע צייט אין „קרן קימת״ אין וואַרשע. אין 1948 איז ער אויפגעגאַנגען קיין מדינת ישראל.

אסנה זשוטקעוויץ

## זכרונות

### וועגן דער דערציאונג פון אידישע טעכטער

אין מיטן שפּילן זיך אַלס קינד, האָט מיין פאָטער מיך אַמאָל פלוצלונג אַוועקגענומען און געבראַכט אין אַן אַלט הויז ביי דער ענדע פון סענאַטאָרסקאַ גאַס. דאָס איז געווען אַ בעקעריי. אַ פרוי האָט געבאַקן דאָרט ברויט און איר מאַן איז געווען דער מלמד מיט מיידלעך. ער האָט אונז געלערנט לייענען אין סידור און עברי־טייטש. ער פלעגט זיצן אויף אַ בעטל, נאָענט זיינען געשטאַנען אַ טיש, צווי בענקלעך פאַר די תלמידות. איינע האָט געלערנט און איינע — געוואַרט אויף איר ריי. שנעל האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען. דער רבי האָט באַדויערט, וואָס איך בין נישט קיין אינגל, וואָלט איך געקענט זיין אַ למדן, אַ רב.

נאָך דעם האָט מיין פאָטער — אַליין זייער אַ פרומער, כסדר געזעסן און געלערנט תלמוד — מיך אַריינגעגעבן אין דער רוסישער פאָלקס־שולע. איך האָב זיך געפילט דער־הויבן. איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ ברוין קלייד מיט אַ שוואַרצן פאַרטוך. איך האָב געמאַכט גרויס פאַרשריט אין מיין לערנען.

איינמאָל האָבן מיר באַגעגנט צווישן די לערערס בעלאַ באַגאַטסקאַ, אַ באַ׳חנ׳טע בחור׳טע. זי האָט אונז געלערנט אַ געוויסע צייט רוסיש. זי איז שפּעטער דערוויטערט געוואָרן פון איר שטעלע פאַר אירע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן. נאָך אַ קורצן איבערייס פון לערנען, איז אָנגעקומען ה׳ א. ח. מאַסאָנזשניק. די רעוואָלוציאָנערן האָבן שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן זיין פאַרנעמען די שטעלע פון אַן איבערגעגעבענער רעוואָלוציאָנערין, וואָס שמאַכט אין טורמע. איינמאָל האָבן זיי מיט רעוואָלווערן אין די הענט, אין מיטן אַ לעקציע, אים באַפוילן צו פאַרלאָזן זיין פּאָסטן. זי׳ן מוטער פלעגט שטיין ביי די פענצטער און אַכטונג געבן צי מען טוט נישט קיין שלעכטס איר זון.

אין אַ מלוכה יום־טוב פלעגן מיר טראָגן ווייסע פאַרטוכער און גיין אין שולע געאָרדעט אין לאַנגע שורות. דאָרטן פלעגן מיר זינגען צוזאַמען מיטן חזן דעם רוסישן הימן אין דער אָנוועזנהייט פון הויכע רעגירונגס־באַאַמטע. איך האָב געענ־דיקט די רעגירונגס־פאָלקס־שולע מיט אויסצייכענונג. שפּע־טער בין איך מיט נאָך 2 שילערינס געשטאַנען צו די קאָנ־קורס־עקזאַמענס פון גאַנצן קרייז. דאָרטן האָב איך אויך אויסגעהאַלטן מיט אויסצייכענונג — אַ בוך מיטן אויטאָגראַף פון בילדונגס־אינספּעקטאָר פּאַלק. בעלקאָווסקי.

## מלמדים און לערער

אַזוי ווי אין יעדער גרעסערער אידישער שטאָט, זיינען אויך אין לאָמזשע געווען מלמדים פון קליינוואַרג (דרדקי מלמ־דים), חומש־רש״י, גמרא; און לערער פון „שרייבן״, וועלכע האָבן אַרומגענומען פיל געגנשטאַנדן פון שטוב־לערע ווי: אלף־בית... שרייבן בריוו לויטן בריוונשטעלער, לייענען און שרייבן שורות רוסיש און פּויליש... אין יענע צייטן פון גרויסער עמיגראַציע פון מזרח־איראָפּע קיין אַמעריקע איז געווען אַ „וויכטיקער״ געגנשטאַנד — שרייבן אַדרעסן קיין אַמעריקע.

אַ מערקווירדיקער טיפּ לערער פון אַט דער קאַטעגאָריע איז דאַן געווען איינער מיטן צונאָמען „סאַמאָכאָדל״ (קליינער אויטאָמאָביל), ווייל ער האָט געהאַט פיל לעקציעס צו האַלבע און פערטל שעה, און האָט געמוזט גיין שנעל כדי צו קענען זיין אומעטום אין צייט. אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון זיין פּאַפּירענעם „קעלנערל״ (אַ מין קראַגן וואָס איז דאַן געווען אין דער מאָדע) פלעגט ער פאַרשרייבן זיינע רעכע־נונגען מיט זיינע לעקציעס. ער איז געווען אַן ערלעכער, פרומער איד, פלעגט אָפט דאַוונען פאַרן עמוד אין „הכנסת אורחים״ בית מדרש.

אַ באַוואוסטער ,פּריוואַט־לערער איז דאַן געווען ה׳ גלאַ־באָץ, מחבר פון ספר „אמרי יושר״ (שפּריך־גלייכווערטער).

שפּעטער זיינען געווען פּריוואַטע לערער פון העכערער קאַטעגאָריע: א. ל. ביסקאַ, פריינקעל, סלאָנימסקי, (פריער דערמאָנט, מער ווי איינמאָל), פינקעלשטיין, סענדלערס שוואָר, באָגאַטסקי, זיין זון, י. אוסמאַן, ישראל שאַפּיראָ, ברודער פון שרה שאַפּיראָ־גאָעל, ליכטער, אברהם משה קרעמער, י. סאָבאָטקי׳ס מחותן, א. קוזאָווסקי (שפּעטער געאַרבעט אין וואַרשע אין אַ העברעאישער שולע, נאָכדעם עולה גע־ווען קיין ארץ ישראל), און א. י. שאַפּיראָ, שרייבער־פּעדאַ־גאָג, מחבר פון „ספר הדקדוק״, איינער פון די בעסטע ספרים אויף העברעאישער גראַמאַטיק.

ס׳זיינען אויך געווען סטודענטן פון די העכערע קלאַסן פון גימנאַזיע, עקסטערניקעס — געוועזענע ישיבה־בחורים וואָס פלעגן לערנען דעם גימנאַזיאַלן קורס פּריוואַט און שטיין צו די עקזאַמענס. דאָס זיינען אַלץ געווען פּריוואַטע לערער פון פאַרשידענע למודים, וואָס האָבן געהאַט פּרנסה פון פאַר־שפּרייטן „קולטור״ אין אידישע הייזער.

די רוסישע פאָלק־שולע האָט שפּעטער אַריינגענומען פיל קינדער און אַ צאָל גוטע לערער פון רוסיש. דאָס גלייכן האָט דער „חדר מתוקן״ שפּעטער באַשעפטיקט אַ צאָל עכט געלערנטע לערער אין דער העברעאישער קולטור און אַלגע־מיינע השכלה. די פּריוואַטע לערער פלעגן דאַרפן צוגרייטן קינדער צו די אַנשטאַלטן.



יוסף זיידענשטאַט

# מיינע מלמדים ביי וועמען מען האָט געהאַט „אַ פעולה"

## 1. דוד לייזער

ר׳ דוד לייזער סליפּאָוויץ (דוד לייזקע), מיין ערשטער מלמד, האָט געוואוינט אין ה׳ קולקינ׳ס הויף. ער איז געווען פון נידעריקן וואוקס, אַ דאַרער מיט אַ לאַנגער באָרד. אין די ברילן אויפן נאָז האָט שטענדיק געפעלט אַ גלעזל, און די „האָלאָבליעס" שטענדיק צוגעבונדן מיט דראָט. אַ קאַנטשיק פון 12 „לאָקשן" באַהעפט צו אַ קעלבענער פיסל איז געווען זייער גוט אָנגעזעצן אין זיין חדר. ער האָט געלערנט עברי און התחלת חומש. זיין „באַהעלפער" מיט אַלע פונקציעס, ווי העלפן ברענגען די קינדער אין חדר און אָפּפירן זיי אַהיים — איז געווען זיין ווייב, פייגע. דאָס איז געווען אַ הויכע פרוי מיט אַ ברייטן מויל און רויטן פנים, שטענדיק רעדעוודיק. צו דער אויפגאַבע האָט זי נאָך געהאַט אַ 10 אייגענע קינדער אויפצוברענגען.

דער „קלאַס־צימער", וואו מיר האָבן געלערנט, האָט געהאַט פּלאַץ פאַר אַרום 40 תלמידים, די דורכשניטלעכע צאָל פון דוד לייזער׳ס „חדר". טישן און בענק פאַר די קליינוואַרג, געלעגערס פאַר 4 קינדער, אַן אַלמער מיט ספרים און אַן אַלטן צעקראָכענעם פּאָטער־שטול פאַרן רבי׳ן צום זיצן און אַן „עשאַפּאָט" צום שמייסן, אַ 10־15 יעדן טאָג.

פאַר וואָס? פאַר זיין אַביסל לענגער אין דרויסן ביים אַרויסגיין; אָדער גיין אָן דערלויבעניש רייסן פרוכט פון נאָענטן ביאַליקאָווסקי׳ס סאָד; אָדער פאַר מיטגיין אַביסל מיט דער פּאַראַד־לויה פון אַ געשטאָרבענעם סאָלדאַט אום צו הערן דעם באַגראָבונגס־מאַרש, א. ז. וו. דער פאַרזינדיק־טער תלמיד פלעגט ווערן „איינגעלאַדן" פון רבי׳ן אַליין אַרויפצוגיין אויפן „עשאַפּאָט" און זיך לייגן. דער רבי פלעגט מייסטנס „אָפּצימבלען" 4 און אויפהערן, זאָגן מוסר דעם געשמיסענעם און וואָרענען, אַז נאָך אַמאָל וועט ער קריגן גאַנצע 10 שמיץ. דאָס קינד האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. מיט זיין שטאַרקער דיסציפּלין און פעאיקייט צו אונטערריכטן, האָט ער די קינדער אויסגעלערנט עברי און אַביסל חומש דורך דער באַשטימטער צייט. טאַטעס האָבן אים געגעבן זייערע קינדער.

## 2. וואָלף דער מלמד

נאָך 3־4 „זמנים" פלעגן דוד לייזקעס תלמידים אַריבער־גיין צו מיין פאָטער, וואָלף דער מלמד, אָדער צו בערעלען דעם מלמד (ער האָט זיך גערופן „דער מאָדערנער"), אָדער צום מלמד פון ברייענסק. צווישן דוד לייזקען און מיין פאָטער איז געווען אַ שטילער אָפּמאַך צו העלפן מיין פאָטער, אין וועמעס חדר מען האָט שוין געלערנט תנ״ך, דקדוק און רוסיש.

מיין פאָטער׳ס חדר איז געווען גערויִם, ריין, די ווענט געקאַלכט און באַהאָנגען מיט בילדער פון: משה מאָנטעפיאָרע, דר. הערצל, קייסער ניקאָלאַי דער 2טער מיט דער קעניגין וועמעס טיטולן מיר האָבן שטענדיק געלערנט. אויך אַ פּאָליצע מיט מעדיקאַמענטן איז געווען אָנגעשלאָגן אויף אַ וואַנט און אַ מודעה אַז עס איז אונטער דער אויפזיכט פון פעלדשער בערמאַן. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ שוואַרצער טאָוול מיט קרייד אויפן מאָדערנעם שול־אופן.



וואָלף זיידענשטאַט און זיין פרוי

די עלטער פון מיין פאָטער׳ס תלמידים איז געווען 8—12 יאָר. זיי פלעגן זיך פילן גוט ביי מיין טאַטן אין חדר, ווייל ער איז נישט געווען צו שטרענג צו זיי. זיין שטראָף פאַר שפּילן אין קוויטלעך בעת׳ן לערנען רש״י איז געווען אָנדרייען פאַרן לינקן אויער. אַלס רעזולטאַט פון דעם פלעגן די לינקע אויערן ביי די קינדער פאַרבלייבן לענגער, אויסגעצויגן. מיין מוטער ע״ה פלעגט זיך ניט מישן אין די ענינים פון חדר. זי פלעגט אָבער יאָ אויסנוצן אָפּט די קינדער צו העלפן איר אין דער אַרבעט ווי: אַראָפּטראָגן די וועש צום טייך, אַריינ־ברענגען אַ זאַק טאָרף פון שטאַל אָדער אַרויסנעמען די אַש פון אויוון, א. אַנד. מיין פאָטער ע״ה האָט געהאַט נישט קיין קליינע פאַמיליע — 8 קינדער, ווי דער שטייגער דאַן ביי מלמדים. ר׳ יצחק־אהרן דער מלמד האָט אַמאָל סאַרקאַסטיש אויפגעקלערט אָט די דערשיינונג, אַז די מלמדים זאָלן דינען אַלס ביישפּילן פאַר די עלטערן צו אָנפילן די חדרים מיט קינדער.

און נאָך אַלע שווערע און זאָרגפעלטיקע אַרבעטן פון מיין פאָטער — „צו אַ דריידל אויף שבת איז עס נישט געקומען". צו דעם האָט ער געמוזט אָנקומען נאָך אַ הלוואה ביי דוד לייזקע׳ן (אַמאָל איז געווען פאַרקערט), אָדער ביי אַ שכן, אַ פאָטער פון זיינעם אַ תלמיד, ווען דער לעצטער פלעגט נאָך שיטן זאַלץ אויף די וואונדן זאָגנדיק: זיי נישט קיין מלמד, וועסטו האָבן געלט. מייסטנס פלעגן רייכע קינדער לערנען ביי מיין טאַטן. ער פלעגט זיך מיט דעם שטאַרק רימען: „אַלע דאָקטוירים פון שטאָט האָבן דאָך ביי מיר געלערנט". נאָך מיין פאָטער׳ס בילדונג פלעגן זיי זיך נעמען צו אַלגעמיי־נער בילדונג. שפּעטער, נאָכן דערגרייכן זייערע קאַריערעס, פלעגן זיי אָפּט געדענקען מיין פאָטער און שיקן אים שלח־מנות.

אין דער פריִער צייט איז מיין פאָטער געווען אַ שדכן. אָבער אויף דעם פעלד איז ער געווען דער ריכטיקער שלים־מזל; אַלע זיינע זיווגים זיינען צעקראָכן געוואָרן. איינער, אַ זון פון מלמד א. י. גאָלדזוק, האָט זיך נאָך דער חופּה דערשאָסן און מיין פאָטער האָט נאָך געהאַט אויסצושטיין פון זיין מוטער חיה־ביילע מיטן מענה־לשון „צרות צרורות". זי האָט אים באַשולדיקט אין איר זונ׳ס טויט. אַנדערע שידוכים מיין טאַטנ׳ס האָבן זיך געענדיקט מיט גט׳ן, קריגערייען. אפילו אויף זיין עלטער, אין תל־אביב, האָט ער אויך דורכגעפירט אַזאַ קלאָגעדיקן שידוך: 3 טעג נאָך דער חתונה איז דער חתן אַנטלאָפן מיט דער כלה׳ס אַלע זאַכן און געלט און — ווי אין וואַסער אַריין ביזן היינטיקן טאָג.

## 3. באָנטשעק דער מלמד

נאָכן ענדיקן מיין טאַטנ׳ס חדר פלעגן די תלמידים אַרי־בער צו באָנטשעק, אָדער יצחק אהרן וויערזבא,ביידע באַוואוס־טע גמרא מלמדים. באָנטשעק איז געווען מיינער אַ פעטער, דעם

טאַטנ׳ס אַ שוואָגער, און איך בין אַריין צו אים אין חדר. ווי גרויס למדן אַזוי גרויס כעסן איז ער געווען. ווינציק ריידן און פיל קנייפּן מיטן גראָבן פינגער און — הנאה האָבן דערביי. יעדן 3 אַזייגער בייטאָג פלעגט ער טרינקען טיי — אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויפן טיש און ער פלעגט טרינקען גלאָז נאָך גלאָז ביזן דנאָ. נאָכ־דעם פלעגט ער פאַררויכערן די אייגענע געוויקלטע פּאַפּי־ראָסן מיטן באַוואוסטן שמעקעדיקן ריח...

פאַר אונז תלמידים איז דאַן געווען אַ שעת־הכושר צו כאַפּן אַ שפּיל אין קאָרטן, אָדער צו טאָן אַן אַנדער שט־פעריי. ווען ער פלעגט אימיצן כאַפּן ביי אַ זינד, אָדער נישט וויסן די גמרא איז — 10 קנייפּן געווען דער מינימום שטראָף. באָנטשעק׳ס תלמידים זיינען אַרויס פון זיין חדר באַגאַבט מיט גמרא־קענטעניש און סיניאַקעס אויפן גאַנצן קערפּער. קינ־דער האָבן טאַקע געציטערט ביים אָנקומען צו אים. אויך ר׳ יצחק אהרן וויערזבא, גמרא מלמד, האָט נישט „געשאַנע־וועט" די קינדער מיטן קאַנטשיק, אָבער קיינער איז נישט געקומען צו באָנטשעק׳ן. איך געדענק אים נאָך עד היום.

אַ גרויסן זכות האָט ער אָבער געהאַט: זיין זון איז דער פירער פון פועלי ציון און דער הויפּט פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין אַמעריקע.

### 4. דער בריאַנסקער מלמד

אַן אויסנאַם איז געווען דער מלמד פון בריאַנסק. ער איז געווען פון מיטל־וואוקס מיט אַ שיטערער באָרד און בלאַסן פנים. ער האָט קיינמאָל נישט ווײ־געטאָן קיין תלמיד. מ׳האָט עס צוגעשריבן צו דעם פאַקט, וואָס ער אַלס קינד האָט אַריינגעכאַפּט פיל מכות און יסורים און פון דעם האָט ער געלערנט, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע, נישט צו פּראַקטיצירן לייב־שטראָף אויף קינדער. אין נאַטור אַ שוויגער האָט ער אַזוי אויסגעשטעלט זיינע תלמידים. ווען אַ קינד האָט דאָך געדאַרפט באַשטראָפט ווערן פאַר עפּעס אַ זינד, פלעגט ער עס איבערגעבן צו זיין פרוי, וועלכע פלעגט אויף אים אַרויפ־לייגן אַן אַרבעט ווי צ. ב. ברענגען וואַסער פון ברונים, קאַרטאָפל פון קעלער, איינהייצן דעם אויוון, א. נ. אַ. פאַר אַ אינגל איז דאָס געווען אַ שווערע שטראָף, ווייל דער בריאַנסקער חדר איז געווען אויפן 3טן שטאָק, אין ה׳ נאָמ־בערג׳ס הויז, אויף זשאָנדאָווע גאַס.

### ישראל אוסמאַן

ער האָט געשטאַמט פון ווישקאָוו. אין יאָר 1906 בערך איז ער געקומען קיין לאָמזשע און זיך פאַרנומען מיט פּריוואַטע לעקציעס. ער איז געווען אָנגעזען אין אינטעליגענטע, ציוי־ניסטישע קרייזן, ווייל ער איז געווען אַ ליטעראַט. ער האָט געשריבן דערציילונגען פון חסידישן לעבן אין צייטלינ׳ס „אידישע וואָכנבלאַט". ער פלעגט זיך באַטייליקן אין אומ־לעגאַלע פאַרזאַמלונגען, רעדן אין שול פאַר ציוניזם. לערנען מיט דער יוגנט „עין יעקב" און דערקלערן די אגדות פון תלמוד לויט וויסנשאַפט און לאָגישן דענקען. אין 1909 האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע (לאָס אַנדזשעלעס). דאָרטן האָט ער פאָרגעזעצט זיין פּעדאַגאָגישע און ליטעראַרישע אַרבעטן אין „די צוקונפט", „הדאר". ער האָט איבערגעזעצט אין אידיש קאַרלייל׳ס „העלדן און זייער דינסט", אויך געדרוקט דער־ציילונגען אין העברעאיש מיט אויסגעצייכנטן סטיל.

אין זיין הויז, וואָס האָט געדינט ווי אַ קלוב פאַר געלערנטע און שרייבער, פלעגט ער שטענדיק דערמאָנען לאָמזשע, וואו ער האָט אַליין פיל געלערנט און געלערנט מיט אַנדערע. ער האָט זיך געגרייט צו עולה זיין קיין ישראל, אָבער נישט זוכה געווען. ער איז געשטאָרבן פון אַ לאַנגער קרענק אין יאָר תשי״א. אין לאָמזשע האָט ער געהאַט פיל פריינט און פאַרערער.

### פייוול־שכנא פּאַסמאַניק

ר׳ פייוול־שכנא פּאַסמאַניק איז געווען אַ „שם דבר" אין לאָמזשע צוליב זיינע אַקטיוויטעטן. אַן עסקן, אַ פעלדשער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ דאָקטאָר, פאַרשריבן רעצעפּטן און געקומען דורך דעם אין קאָנפליקטן מיט דאָקטוירים. ער איז געווען אַ מ״ס (מוכר ספרים) און אַרויסגעגעבן השכלה און פאָלק־ביכער צום לייענען פאַר געצאָלט פון זיין ביבליאָ־טעק. צו דעם אַלעמען איז ער אויך געווען אַ לערער פון קינדער פון „עמך" מייסטנס. פון די אַלע באַשעפטיקונגען האָט ער קוים געהאַט פּרנסה, ווי עס זאָגט דאָס פאָלקס־ווערטל: „פיל מלאכות און ווינציק ברכות".

יעדן חול־המועד פּסח, אָדער סוכות פלעגט ער אויסקלעפּן מודעות מיט רש״י־כתב אין העברעאיש און אין אידיש, אין וועלכע ער פלעגט מעורר־זיין דעם דעת הקהל וועגן חינוך פאַר זייערע קינדער צו מאַכן זיי גוטע אידן און ניצלעכע בירגער. פאַר דעם צוועק פלעגט ער עפענען אָוונט־קורסן ביי זיך אין הויז. די לימודים — אַלץ: לייענען און שרייבן אידיש, העברעאיש, רוסיש, בריוונשטעלער, אַדרעס קיין אַמעריקע, בוכהאַלטעריע א. נ. א. נ. שכר־למוד — צוגענגלעך. צייטנווייז פלעגט ער גאָר עפענען אַ שולע מיטן פּראָגראַם פון פאָלקס־שולן. מאַכט זיך אין מיטן לערנען רופט מען אים צו אַ קראַנקן, לאָזט ער איבער דעם קלאַס צו איינעם פון זיי־נע קינדער, וועלכע האָבן אים פאַרטראָטן, און יענער זעצט פאָר דאָס לערנען.

אַמאָל פלעגט ער גאָר „איבערלאָזן אַלץ־מיט־אַן־אַנדער", זיך אָפּשיידן פון אַלעמען און שרייבן שירים אין אַ גוטן מליצה׳דיקן העברעאיש וועגן ליבע, ציון, אָדער צו געלעגנ־הייטן פון אויסקלייבן אָדער שטאַרבן פון אַ רב, א. א. וו. מיט איניקע יאָרן צוריק האָט די רעדאַקציע פון אַמעריקאַנער „הדאר" געקראָגן אַ גאַנצן געשריבענעם בוך פון זיינע שירים.

### ר׳ משה־בער אַלפּערין

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אָנ־געקומען אין לאָמזשער תלמוד־תורה אַלס מלמד אַ פינסקער פליכטלינג, ר׳ משה בער אַלפּערין, דעם טוראָוווער רב׳ס אַ זון. אין זיין יוגנט האָט ער זיך „געשניטן" צו ווערן אַ צווייטער „בצלאל" מיט זיין מאָלן און שניצן. זיינע עלטערן האָבן אים בעסער געשיקט אין אַ ישיבה, וואו צו 18 יאָר איז ער שוין געווען אַ מוסמך אין רבנות. צו 20 יאָר האָט ער חתונה אין לוהישין און ווערט דאָרט גאָר — חזן־שוחט. צוליב אַ ברוך אין אַ האַנט ווערט ער פּסול צו זיין אַ שוחט און ווערט אַ גמרא־מלמד אין פּאָהאָסט, לעבן פּינסק. אין דער מלחמה ווערט ער פאַרוואָגלט קיין לאָמזשע, וואו ער פּראַקטיצירט זיינע מלמדות 18 יאָר אין תלמוד־תורה. גלייכ־צייטיק איז ער רב אויף די ריבאַקעס וואו ער לערנט מיטן „עולם" אין דאָרטיקן בית־מדרש. אין 1933 קערט ער זיך צוריק קיין לוהישין אַלס רבי פון סטאָלינער חסידים. דאָ פאַרענדיקט ער זיין חיבור „דברי אדם" (אד״ם, ר״ת: אַלפּערין דוב משה) און מיט דער הילף פון ר׳ ברוך עפּשטיין פון פּינסק איז עס געדרוקט געוואָרן. ר׳ משה בער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1940.



5טער קלאַס אין בית הספר „תורה ודעת" אין 1918.

אין מיטן די לערער: שטיקגאָלד, לערער פון פויליש (פון וואַרשע), ישראל לעווינסקי, יעקב שיינקאָפּ און יהודה ענאָוויץ.

די תלמידים שטייענדיק (פון רעכטס): קאַלוואַרייסקי, בצלאל צאַרקע, קרעמער, קיוואַשני, לעווינסקי, שטשאַלקע, דזשובקעוויץ. שיינקאָפּ, דזשובקעוויץ, ענאָוויץ, וויבראַנציק.

זיצנדיק (רעכטס): יודעלבוים, גוזאָווסקי, אָקון, סלאַוואַטיס און קאַלוואַרייסקי.

# בית הספר תורה ודעת (חדר מתוקן)

## אונטער דער לייטונג פון ר' ישראל לעווינסקי

דער גוט קוואַליפיצירטער און דיפּלאָמירטער פון דער רעגירונגס־מאַכט לערער, ישראל לעווינסקי, האָט צוערשט געעפנט אַ העברעאישע שולע אין יעדוואַבנאַ. די שולע האָט געהאַט 5 קלאַסן, אַרום 150 שילער און האָט געהאַט דערפאָלג. די רעגירונגס שול־אָרגאַנען זיינען געווען קעגן לעווינסקי'ן פאַר זיינע לינקע אידייען און אַ האַלב יאָר נאָך דעם גרינדן די שולע פאַרלאָזט ער יעדוואַבנא. אין אַ יאָר שפּעטער, אין 1909, עפנט ער אַ בית־ספר עברי אין לאָמזשע.

ס'האָבן אים געהאָלפן אין דעם די חשוב'ע בעלי־בתים: א. מזרח, א. דאָמאָוויץ, מלינאַרזעוויץ, דראזנין, צבי מאַרק, ל. כץ, דר. ש. גאָלדלוסט, י. געלצינסקי, ציפּרוק, צוקערברוים, בלאָדניעוויץ, יעלין, לעוואוש, גאָלדוואַסער, טשאַרקע, באָבראָווסקי, א. מאַרקעוויץ, וויבראַנציק א. אַנד. (די שוועריקייטן, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג צו קריגן די באַשטעטיקונג פון דער שול אינספּעקציע פון דער רעגירונג און וואָס האָט דאָך געבראַכט איר אָנערקענונג, איז געווען אַרומגעשריבן אין די נאָטיצן איבער ר' מלכיאל, לאָמזשער רב'ס טעטיקייטן). 3 קלאָסן זיינען געעפנט געוואָרן. ס'זיינען אַנגאַזשירט געוואָרן נאָך 2 העברעאישע לערער: י. שיינקאָפּ און י. ענאָוויץ. די לימודים זיינען געווען: העברעאיש, תנ"ך, תלמוד, העברעאישע ליטעראַטור, רוסיש, אַריפמעטיק און נאַטור־וויסנשאַפט. דער בית הספר האָט געהאַט דערפאָלג.

ס'איז אין גיכן געוואָרן ענג אין ערשטן לאָקאַל, אין הויף פון ווינקל־הויז דלוגאַ־יאַטקאָוואַ. דער צווייטער לאָקאַל, וואוהין ס'איז אַריבער דער חדר מתוקן, איז געווען אין טשאַרנעצקי'ס הויז אין ווינקל דלוגאַ־קרוטקאַ. חנוכה און פורים פלעגט דער חדר מתוקן איינאָרדענען פייערונגען מיט בינע־פאָרשטעלונגען דורך די אייגענע קינדער אין אַ גוט קלינגנדיקן העברעאיש, מיט געזאַנג און גימנאַסטיק. דאָס לעצטע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ה' אלעף. אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען געדאַרפט אָנשטעלן אַ 4טן לערער. דאָס איז געווען ה' פראַדלין, אַ גראַדואירטער פון גראָדנער לערער־קורסן, און צו אים ה' דוד ווינצימער. אויך האָט דער הדר מתוקן געמוזט זוכן פאַר זיך אַ גרעסערן לאָקאַל. אין איוואַניצקי'ס הויז אויף קרוטקע גאַס, וואו עס איז פריער געווען דער „הזמיר", איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער חדר מתוקן.

ווער נאָר עס האָט באַזוכט דעם חדר מתוקן — רבנים, ליטעראַטן, עסקנים — זיינען געווען זייער צופרידן. אָבער נאָך מער זיינען געווען צופרידן די עלטערן וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער דאָרטן לערנען, און זיי האָבן פיל געהאָלפן צו זיין אַנטוויקלונג. אויך זיין די אויספלוגן, וואָס דער חדר מתוקן פלעגט איינאָרדענען ל"ג בעומר אָדער אַנדערע טעג פּאַסיקע פאַר דעם צוועק, פלעגן זיי זיך באַטייליקן און העלפן. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז באַשטימט געוואָרן אַן אוניפאָרם פאַר די תלמידים פון חדר מתוקן. אין די לעצטע יאָרן האָט דער חדר מתוקן גענומען גיין באַרג אַרונטער צוליב דער קאָנקורענץ פון די מלוכה־פאָלקס־שולן, וואו די עלטערן האָבן נישט באַדאַרפט צאָלן שכר־לימוד.

איבער 30 יאָר האָט עקזיסטירט דער חדר מתוקן, ביז דעם חורבן פון לאָמזשע. די גרינדער־לערער האָבן פאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט; י. שיינקאָפּ איז געשטאָרבן פון אַ לאַנגער קראַנקייט; י. ענאָוויץ האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך באַשעפטיקט מייסטנס מיט לערנען העברעאיש; ר' ישראל לעווינסקי האָט עולה געווען קיין ישראל אין 1936. דער לעצטער מנהל פון חדר מתוקן איז געווען ר' דוד ווינצימער, אַ משכיל מיט ברייטע ידיעות אין העברעאישער ליטעראַטור. דער בית־הספר „תורה ודעת" (חדר מתוקן) האָט אַרויסגעגעבן פילע תלמידים מיט תורה און חכמה, יונגע בוימעלעך פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט געדינט ווי אַ מוסטער אַנשטאַלט פון חינוך.

## די לערער פון חדר מתוקן

### ר' ישראל לעווינסקי

ר' ישראל לעווינסקי איז געבוירן געוואָרן אין דאָרף קאַזידלא לעבן מישניץ־אָסטראָלענקאָ אין 1871. ער האָט געלערנט אין חדרים, אין לאָמזשער און אַנדערע ישיבות. געקומען קיין ווילנע. זיינע עלטערן, זייער פרומע, זיצן דאַן „שבעה" נאָך אים, וויסנדיק אַז ווילנע איז אַ שטאָט פון אפּיקורסים. ער לערנט דאָרטן אין בית מדרש פון גחש"א (גמילות חסדים של אמת). צוזאַמען מיט נאָך חברים לערנט ער אַלגעמיינע למודים.

אַ באַזונדערע השפעה האָט דאָרטן אויף אים איינער אַ. העלפאַנט, שפּעטער באַוואוסטער „בונדיסט" א. ליטוואַק, גרינדער פון „בונד" און „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן" אין ווילנע. לעווינסקי איז צוגעשטאַנען צו די „קאָמיטעטן" און געהאָלפן פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די מאַסן. אין 1892 קומט ער אַ היים צום „פּריזיוו". ער איז צוגענומען געוואָרן און געשיקט קיין מאָסקווע אין דעם גרענאַדירן־פּאָלק „ראָסטאָוו". נאָך עטלעכע חדשים ווערט ער באַפרייט פון פּאָלק און קערט זיך אום אַהיים. האָט חתונה מיט צפּורה, איינציקע טאָכטער פון ר' נחמן ראַטבערג פון זאַמבראָוו, אַן אָנגעזעענער, פאַרמעגלעכער בעל־בית, טראַנספּאָרטירער פון לאַדונג פון און צו צעכאָנאָווצער באַן.

אין זאַמבראָוו איז ישראל לעווינסקי איינער פון די פירנדע משכילים, אַן אַריינגייער אין הויז פון ר' אַברהם

ראקאווסקי. ווי ס׳רוב יונגע־לייט אין יענע צייטן, פרובירט ער צוערשט זיין מזל אין מסחר מיט תבואה. איז נישט מצליח און ווערט לערער פון רוסיש און מאַטעמאַטיק אין די חדרים פון שטעטל. אַלס חובב־ציון איז ער צווישן די גרינדער פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט ראַ־קאָווסקי, ב. כהן, שלמה און זיין זון ל. בלומענראָזען, י. קאַר־לינסקי א. נ. אַ. אין 1903 שטייט ער צום עקזאַמען אין פּול־טוסקער גימנאַזיע און באַקומט אַ דיפּלאָם אַלס לערער פון רוסיש און אַלגעמיינע למודים. צוליב זיינע ציוניסטישע און לינקיסטישע אנשויאונגען וויל ער נישט אָננעמען קיין שטעלע אין אַ רעגירונגס שולע. אין 1905 מוז ער זיך אויסבאַהאַלטן פון דער רוסישער „אָכראַנע” צוליב זיינע „סאָציאַליסטישע” טעטיקייטן. אין 1908 גרינדעט ער אַ העברעאישע שולע אין יעדוואַבנא, וואו די מאַכט וויל אים נישט באַשטעטיקן. אַ יאָר שפּעטער ווערט ער מנהל פון בית ספר „תורה ודעת” (חדר מתוקן) אין לאָמזשע און אַרבעט דאָרטן אַלס לערער און מנהל ביז 1936, ווען ער האָט עולה געווען קיין ישראל.

אויסער דעם חדר מתוקן איז ער זייער אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, געווען דער מורשה פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, העלפט גרינדן די העברעאישע אָוונט־קורסן און איז בכלל אַן עסקן אין פעלד פון חינוך און העברעאישער קולטור. אין מדינת ישראל איז ער טעטיק אַלס פאָרזיצער פון קרייז „עולי לאָמזשע” און אַלס ליטעראַט פון דערציילונגען און איבערזעצונגען. זייענדיק באַליבט ביי זיינע שטאָט־לייט מאַכן זיי לכבוד אים אַ באַנקעט צו זיין 75טן געבורטס־טאָג, ז׳ אדר, 1946, אין „בית החלוצות” און שרייבן אים איין אין „ספר הזהב”.

ר׳ ישראל לעווינסקי באַטייליקט זיך אין צוזאַמענשטעלן די העברעאישע אויסגאַבע פון לאָמזשער פּינקס. שרייבט פיל נאָטיצן און ביאָגראַפיעס פון לאָמזשער עולים און נאָך מער פון פליטים וועגן זייערע איבערלעבונגען. אין די נאָטיצן פון א. מזרח פאַרן פּינקס געפינען זיך געוויסע שטריכן וועגן ר׳ ישראל לעווינסקי, וואָס מאַכן דאָס בילד פולשטענ־דיקער. ער איז זייער באַליבט ביי אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג, אפילו ביי די זייער פרומע. זיין איבערגעגעבנקייט צום ציוניזם איז געווען אַן אַ גרעניץ, ער האָט גאָרנישט געוואוסט פון מידקייט.



גרופּע לערער אין תורה ודעת, 1937.
שטייענדיק (רעכטס): —, אברהם שיינקאָפּ, שרה ניימאַוויץ.
זיצנדיק: גאָלדזאַק, טרעסטאַנאָוויץ און וויינצימער.

## יעקב שיינקאָפּ

י. שיינקאָפּ איז געווען פון אַ מיוחס׳דיקער משפּחה. זיין פאָטער, לייב־הערשל דער שוחט, אַ גוטער בעל תפילה און בעל קורא אין ספר (ר׳ מלכיאל האָט אין זיין צייט פאַר־ווערט אים צו לייענען אין ספר תורה, וויל ער האָט געקענט גאַנץ תורה מיט די טעמי הקריאה און אַלע קלענסטע פּרטים פון דקדוק־אויף אויסווייניק). ווען נאָך יונג קריגט ער אַ סך קענטעניש אין רוסיש און אין העברעאיש. זייענדיק אַן איבערצייגטער פועלי־ציוניסט גרינדעט ער אַ פּועלי־ציוניס־טישן פאַראיין אין לאָמזשע אין 1903—1904 און פאַרבלייבט זייער טעאָרעטיקער. ער האָט חתונה געהאַט מיט יעדוואַבנער חזן־שוחט׳ס טאָכטער. קענענדיק נאָטן העלפט ער זיין שווער אין זיינע נגינות. דאָרטן גיט ער אויך פּריוואַט לעקציעס. ער קומט אַן אַלס העברעאישער לערער אין חדר מתוקן אין לאָמזשע, וואו ער איז באַליבט ביי זיינע תלמידים און ביי יעדן, וואָס איז געקומען מיט אים אין פאַרבינדונג. ער האָט באַזעסן פעדאַגאָגישע פעאיקייטן, ברייטע ידיעות אין שפּראַכן און אַן איידעלן כאַראַקטער. אין 1915 פאַרעפנטלעכט ער דעם פּראָגראַם פון פועלי ציוניזם. ער איז אויך געווען אַ חבר אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לערער. אַ לאַנגע שווערע קראַנקייט האָט אים פאַרצערט און אין 1933, זייענדיק אין מיטעלן עלטער, איז ער געשטאָרבן. זיין אָרט אין חדר מתוקן פאַרנעמט זיין זון אברהם.

## דוד וויינצימער

ד. וויינצימער איז געבוירן געוואָרן אין אסטראָלענקע אין אַ חסידישער משפּחה. האָט געלערנט פיל תלמוד, נאָך דעם השכלה, לאַנד שפּראַך און ענגליש. נאָכן ענדיקן „עסן־קעסט” איז ער געוואָרן אַ לערער. צוזאַמען מיט יוסף פאַניץ גרינדעט ער אַ העברעאישע שולע אין קאָלנע. שפּעטער קומט ער אָן אין לאָמזשער חדר מתוקן אַלס העברעאישער לערער און פאַרבלייבט אַזעלכער איבער 20 יאָר, ביזן חורבן פון לאָמזשע. ווען ר׳ ישראל לעווינסקי איז עולה קיין מדינת ישראל פאַר־נעמט ד. וויינצימער דעם פּלאַץ פון מנהל פון חדר מתוקן.

ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוני, האָט באַזעסן אַ גוט הארץ צו העלפן דעם צווייטן. געווען אַ גוטער בעל תפלה און בעל קריאה, טעמפּעראַמענטפול, מיט אַ פיינעם הומאָר. ער האָט געהאָפט עולה צו זיין קיין ישראל צו זיין עלטסטער טאָכטער אין תל־אביב. ער האָט אָבער נישט זוכה געווען צו דעם און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע לאָמזשער.

4טער קלאַס אין תורה ודעת אין יאָר 1938.
לערער דוד וויינצימער פירט אָן מיטן קלאַס.



### יהודה ענאָוויין

י. ענאָוויץ איז געווען אַ שוואָגער צו יעקב שיינקאָפּ, אַ זון פון אַ משפחה פון סוחרים. האָט געלערנט תורה, השכלה, פויליש און בוכפירונג. ער אַרבעט אַ צייט אַלס בוכהאַלטער ביי די ברידער וויבראַנציק, שפּעטער קומט ער אַן אַלס העברעאישער לערער אין חדר מתוקן און אַרבעט דאָרטן ביז זיין עמיגרירן קיין אַמעריקע אין יאָר 1924. דאָרטן איז ער געווען מנהל פון תלמוד־תורה אין ניו־הייווען און וואָטערבורי, און איז דאָרטן געשטאָרבן פון האַרץ־קראַנקייט. געווען אַ מיטגליד אין וועד פון „התחיה". ער איז געווען שיין אין זיין אויסזען, קליידונג און מעשים.

זיין עלטסטער זון, אַ גראַדואירטער פון גאָלדלוסט'ס גימנאַזיע, האָט געלערנט אין העברעאישן אוניווערזיטעט. ער ענדיקט מעדיצין אין בעלגיע און פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר אין דער שווייץ. ער שטאַרבט דאָרטן גאָר יונג. פרוי ענאָוויץ, טאָכטער פון ר' לייב־הערשל שוחט, אַ געלערנטע פרוי, איז אַן איבערגעגעבענע חברה אין בנות־ציון, אין ניו־יאָרק.

### יהושע גאָלדזוק

י. גאָלדזוק איז געווען אברהם־יצחק מלמד'ס אַ זון. האָט פאַרלאָזן די ישיבה און זיך גענומען צו אַלגעמיינע למודים. ער עקזאַמענירט זיך אין פולטוסקער גימנאַזיע און קריגט אַ לערער דיפּלאָם. דינט אַלס לערער אין רוסישער פאָלקס־שולע אין יעדוואבנא. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק טיפער אין רוסלאַנד און קערט זיך צוריק מיט זיין משפחה ווען פוילן ווערט זעלבסטשטענדיק. זיינע פעאיקע קינדער זיינען געווען אַקטיווע קאָמוניסטן און די פוילישע מאַכט האָט זיי גע'רודפ'ט. נישט קענענדיק די פוילישע שפּראַך איז ער אַנגעקומען אין חדר מתוקן. ער האָט מיט דער צייט אויפגעגעבן זיינע קאָמוניסטישע אידייען און געוואָרן אַ ציוניסט. ער איז געווען אַ גוטער לערער. ער איז אומגעקומען אין אַשוויענצים.

### דבורה טרעסטאַנאָוויץ

זי איז געווען אַ קענערין פון רוסיש, פויליש און העברעאיש. נאָך איר חתונה איז זי אַנגעקומען אַלס לערערין פון פויליש אין חדר מתוקן. זי איז געווען אויסגעצייכנט מיט אירע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן. זי איז אומגעקומען אין אַשוויענצים.

## בית הספר „חינוך"

### אָנגעפירט פון ה' יעקב ק. ברוכאַנסקי און ה' נפתלי וויינבערג

אין אָנפאַנג פון פוילן'ס זעלבסטשטענדיקייט האָבן די דערמאָנטע לערער, חברים פון „התחיה", געעפנט אַ העברעאישע שולע אין ציוניסטישן גייסט און ווען זי עקזיסטירט לענגער וואָלט זי געדאַרפט זיין לויטן מוסטער פון חדר מתוקן. דער לעצטער, אַלס איינגעפונדעוועטער אַנשטאַלט, האָט געהאַט די מיטהילף און שטיצע פון די קרייזן, וועלכע האָבן געקענט און געוואָלט העלפן. אַזוי ווי זייער צאָל איז זייער באַגרעניצט, איז אויסגעקומען, אַז די נייע שולע „חינוך" איז געווען אָנגעוויזן אויף אירע אייגענע כחות, אויף זיך אַליין. אַזאַ צושטאַנד איז פאַר אַ נייער שולע זייער נישט גינסטיק, און די „חינוך" האָט לאַנג נישט עקזיסטירט. אין גיכן (אין יאָר 1928), הגם אָנגעשטעלט שוין לענגער אין דר. גאָלדלוסט'ס גימנאַזיע, פאַרלאָזט ה' י. ברוכאַנסקי פוילן און עמיגרירט קיין אַמעריקע. דאָרטן פאַרנעמט ער זיך אויסשליסלעך מיט לערעריי פון אידישע למודים אין פאַרשידענע ישיבות.

ה' נ. וויינבערג בלייבט געטריי די אידייע פון העברעאישער דערציאונג און שפּעטער, אין 1938, עפנט ער אַן אָפּטיילונג פון די „תרבות" שולן. אין דער פאַרוואַלטונג פון דער „תרבות" גייען אַריין: נ. וויינבערג — פאָרזיצער; שרה דראזנין — וויצע פאָרזיצערין; צירלין שלום — סעקרעטאַר; חנה מאַרקעוויטש — קאַסירער און יוסף ריבאַק. אָבער די צייט פון חורבן איז שוין געווען צו נאָענט עפּעס אויפצוטאָן.

## די העברעאישע שולע

### פון ה' יצחק סאָבאָטקי

יצחק סאבאטקי איז געבוירן געוואָרן אין 1872 אין פיאַנטניצע. ווי אַלע אידישע אינגלעך אין יענע צייטן האָט ער געלערנט אין חדרים און ישיבות. זייענדיק אָנגעלייענט מיט השכלה ביכער איז ער געוואָרן „פריי". ווען נאָך



יצחק סאָבאָטקי

יונג האָט ער שוין געמוזט טראָגן דעם יאָך פון פרנסה און געגעבן פּריוואַטע לעקציעס אין העברעאיש. ער האָט געהייראַט דבורה'קע די נייטאָרקע און געוואָרן אַ לאָמזשער תושב. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין פיל געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. געאַרבעט ענערגיש אין „ביקור חולים", שומרי חולים און שפּיטאָל אַלס ברודער־סאַניטאַר. גלייכצייטיק איז ער זייער אַקטיוו אין ציוניסטישע טעטיקייטן ווי אין קרן קימת. אין חברה תהלים איז ער געווען דער רבי פון אַ גרופּע משניות־לערנערס און צו דעם אַלעם נאָך אַ מיטגליד אין חברה לינת הצדק און חברה קדישא.

אָט די פילזייטיקע אַקטיוויטעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון י. סאבאטקי דעם אידעאַליסט. אָבער אין פּראַקטישן לעבן האָט ער זיך פאַרנומען מיט געבן פּריוואַט לעקציעס אין העברעאיש, רוסיש, חשבון א. א. און זיין פרוי, אַן אשת־חיל, האָט געניייט קליידער פאַר געקליבענע קליענטינס.

נאָכן לערנען אויף די דייטשישע פּעדאַגאָגישע קורסן אין 1916 האָט ער, בשותפות מיט ה' נפתלי וויינבערג און לאה בורשטין, געעפנט אַ בית ספר עברי, וועלכער האָט לאַנג נישט עקזיסטירט. י. סאבאטקי איז געווען אָנגעשטעלט אין די פוילישע פאָלקס־שולן אַלס לערער פון רעליגיע און אידישקייט. ער אַרבעט דאָרט ביז 1930, ווען ער עמיגרירט קיין אַמעריקע צו זיין זון העניאָך סאָבאָטקי, וואו ער איז געשטאָרבן. י. סאבאטקי איז געווען אָנגענומען אין פיל קרייזן אין לאָמזשע אַלס אינטעליגענטער געזעלשאַפטלעכער טוער פון די „עוסקים בצרכי צבור באמונה".



גאָלדלוסט גימנאַזיע אויף דוואָרנע גאַס.

# די אידיש־פּוילישע גימנאַזיע

## געגרינדעט פון דר. שמעון גאָלדלוסט
## (1940—1916)

אין דער צײַט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין 1916 האָט דר. פון כעמיע שמעון גאָלדלוסט געעפנט אַ פּוילישע גימנאַזיע פאַר אידישע קינדער. די פּוילישע האַנדלס־שולע האָט ניט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן יוגנט־מאַטעריאַל פאַר בילדונג צווישן די אידישע רייען. פילע עלטערן האָבן געשטרעבט צו געבן זייערע קינדער אַלגעמיינע בילדונג אָבער מיט אַ געוויסן פּראָגראַם פון אידישע למודים און אויך אין אַ אידישער אַטמאָספערע. דר. שמעון גאָלדלוסט האָט טאַקע געשטעלט זיך דעם ציל צו לערנען אין דער גימנאַזיע, וואָס ער האָט געעפנט: העברעאיש, ליטעראַטור, איינשליסנדיק אויך תלמוד, און אידישע געשיכטע, אַזוי אַז דער אַנשטאַלט זאָל דערציען אַ אידישע נאַציאָנאַל־העברעאישע אינטעליגענץ. אַלס אַן אויסערלעכן צייכן פון אָט דעם ציוניסטיש־נאַציאָנאַלן גייסט פון דער גימנאַזיע האָבן די שילער געדאַרפט טראָגן אוני־פאָרם־היטלען פון ווייס־בלוי קאָלירן און אַ מגן דוד.

זייענדיק אַ דיפּלאָמירטער פון בערלינער אוניווערסיטעט, האָט דר. גאָלדלוסט באַקומען דורך די דייטשן אונטערשטיצונג מיט מעבל־אויסשטאַטונג און אַנדערע פּעדאַגאָגישע געצייג פון דער פריערדיקער רוסישער גימנאַזיע. עטלעכע צענדליק תלמידים האָבן זיך פאַרשריבן פון אָנפאַנג. דאָס זיינען געווען די, וועלכע די סטודענטן וויינשטאָק אין ראזען האָבן געהאַט צוגעגרייט אויף זייערע קורסן צו די נידעריקע קלאַסן פון אַ פּוילישער גימנאַזיע.

די פּוילישע געזעלשאַפט האָט דאַן געאָטעמט מיטן נאַציאָנאַלן גייסט און שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיקייט. עס איז דעריבער געווען פּאַסיק, אַז דער אַנשטאַלט זאָל זיין באַזירט אויף אַן עכט־פּוילישן גייסט. די ערשטע לערער, אַסימילאַטאָריש־געשטימטע, האָבן טאַקע גוט אָפּגעהיט אָט דעם כאַראַקטער. צווישן די לערער זיינען אויך געווען אידיש־נאַציאָנאַל געשטימטע, צ. ב. פרוי דר. סידליס פון „בנות ציון“; מאַרגאָליס — „מזרחי“; געסטעל און פרענקל — פּועלי־ציון; סאַמסאָנאָוויץ און האמער — קאָמוניסטן, און פרוינד — לינקע פּועלי ציון.

די גימנאַזיע איז געווען אַ קאָ־עדוקאַציע פאַר אינגלעך און מיידלעך. אַ דריטל פון די פאַרשריבענע זיינען געווען פון די שטעטלעך אַרום לאָמזשע. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך די רעזולטאַטן שוין געלאָזט גוט אָנזען; אין פאַרשידענע קולטורעלע אונטערנעמונגען פון נאַציאָנאַלן אָדער לינקן כאַראַקטער זיינען די שילער פון גימנאַזיע געווען טעטיק.

די פּוילישע מלוכה־אָרגאַנען האָבן נישט געהאַט קיין גוטע געפילן צו דער גימנאַזיע, טיילווייז צוליב דעם נאַציאָנאַליסטיש־ציוניסטישן, און טיילווייז צוליב דעם בונדישן אָדער קאָמוניסטישן גייסט, וואָס עס האָט געהערשט צווישן די מאַטוריסטן. אַלס רעזולטאַט איז אַוועקגענומען געוואָרן פון דער גימנאַזיע דאָס מלוכה־רעכט פון אַ מיטל־שולע און די תלמידים פון די העכערע קלאַסן האָבן איר פאַרלאָזן און זיינען אַוועק לערנען אין אַנדערע רעכטלעך־אָנערקענטע מיטל־שולעס פון ביאַליסטאָק, וואַרשע, ווילנע, א. אַנד. כדי צו באַקומען די נויטיקע פאַר זיי דיפּלאָמעס. דורך דעם איז דער פינאַנציעלער מצב פון דער גימנאַזיע געוואָרן פאַרערגערט; אין רעזולטאַט איז אויך די מדרגה פון איר בילדונג אַרונטער, ווייל די דירעקציע האָט געמוזט אָנשטעלן ביליקערע, נישט קיין קוואַליפיצירטע לערער.

עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז דר. גאָלדלוסט זאָל אָפּלאָזן די גימנאַזיע. נאָר אַ דאַנק דר. שוואַלב, דער פּעדאַגאָגישער הויפּט פון דער גימנאַזיע, איז זי נישט געשלאָסן געוואָרן. ער האָט גענומען אָנשטעלן צוריק גוטע, קוואַליפיצירטע לערער, צווישן זיי דר. שווערדפינגער, אַ געענדיקטער פון פּוילישן אוניווערסיטעט און אויך די שולע פאַר יודאַאיזם. דאָך נאָענט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַרן חורבן, איז שוין נישט געווען אין דער גימנאַזיע קיין 8טער קלאַס און די עלטערע תלמידים זיינען אַוועק אין פאַרשידענע מיטל־שולן.

דורך דער צייט, וואָס די גימנאַזיע האָט געהאַט פולע מלוכה־רעכט, האָבן גראַדואירט 10 תלמידים. זיי זיינען: יצחק ביאַלי, מ. גייסט, א. ציגאָוויץ, העלענאַ צענדלער, ג. זאלאנדזש, י. צוקערברוים, ל. ציטרינבערג, ז. קאזינסקי און ברידער ראפּאַלאווסקי. די גימנאַזיע האָט עקזיסטירט אויך אין דער טרויעריקער געטאָ. דער הויפּט לערער אין יענער צייט פאַר אידישע למודים איז געווען י. טאַביאש וועלכער האָט זיך שפּעטער געראַטעוועט פון אומקום און איז היינט אַ הויפּט לערער אין אַ בית ספר אין צפת, מדינת ישראל. דר. גאָלדלוסט איז געשטאָרבן אין זאמבראווער לאַגער פון טיפוס, וואָס איז דאַן געווען פאַרשפּרייט צווישן די צונויפגעטריבענע לאָמזשער אידן. די געביידע פון דער גימנאַזיע איז געבליבן, נאָר דער אויבערשטער שטאָק איז באַשעדיקט געוואָרן.





קלאַס פון דער אידישער
גימנאַזיע אין 1921.

ע רייע (שטייענדיק פון רעכטס):
נעדזוויאַדאָוויץ, ־רדכי דאָרפמאַן,
מזרח, יעקב יודעלבוים, אהרן
אייזיק צוקערברוים. צווייטע
חוה לאַווסקי, שפרה צירמאַן,
גאָרדאָן, רבקה צעכאַנאָוויץ, שיי־
בערשטיין (ב־אַלי), שרה פרענ־
טויבע זובערסקי, שרה גאָלד־
דריטע רייע (זיצנדיק): הינדע
י, שיינע נאגישאָווער, אַנפירער
באָרקאָווסקי, הלבנה יאַשטשאָמב,
ווײדענבוים און חיה גאָלדבערג.
רייע: מאַשע ביאַליסטאָצקי
די פרוי בורשטיין, אין ישראל),
אלעף, שפרה צעכאַנאָווסקי א.
נחמה ראָזען.



6טער קלאַס אין גאָלדלוסט גימנאַזיע, 1938.

די שילער צינאָוויץ, האנדליט, בוכבינדער, פשעפשאָוויץ,
גאָלדמאַן, כמילעווסקי, יאַקאָבי א. אַ.



אַ גרופּע שילער פון דער גאָלדלוסט גימנאַזיע
אין זייער ספּעציעלער אוניפאָרם.



שילערינס פון דער אידיש פוילישער גימנאַזיע פון דר. גאָלדלוסט.
אין צענטער זיצן: דר. ש. גאָלדלוסט, אָנפירער פון דער גימנאַזיע, און לערערין דר. סאנדלעס.



7טער קלאַס מיט די לערער פון דער גימנאַזיע אין יאָר 1920.
צווישן די לערער געפינען זיך: גיטעלסאָן, קאַגאַן, האָלצאַפּל, האַמער, דימענטשטיין א. אַ.



לערערינס פון דער פוילישער פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער אין לאָמזשע, 1918.
אָנפירערין (זיצנדיק פערטע פון רעכטס): רבקה פיאַנטניצקי.

# אידיש-פוילישע פאָלקס-שולע

נאָך אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (1915—1917) האָט דער מאַגיסטראַט צוזאַמען מיטן קולטור־אַמט פון דער אָקופּאַציע־מאַכט געעפנט אַ פאָלקס־שולע פאַר אידישע קינדער מיט פויליש אַלס הויפּט שפּראַך. די לערערינס פון דער שולע זיינען געווען מייסטנס שילערינס פון פוילישן פּאַנסיאָן (האַנדלס־שולע פאַר מיידלעך): בורשטין, קאַפּלאַן, עפּשטיין, נאָמבערג, ווישאוואַטי, סאָקאָלאָווער, קאַווקעוויץ זשילקעוויץ א. א. ה׳ יצחק סאבאטקי איז באַשטימט געוואָרן צו לערנען אידישקייט: שרייבן און לייענען העברעאיש, חומש און דינים. די שולע האָט זיך געפונען אין ה׳ יאפּע׳ס הויז, פּלאַץ־סיענקעוויץ. די פירערין איז געווען רבקה פיאַנטניצקא (איצט אין מדינת ישראל). די שולע האָט זיך גוט אַנטוויקלט און הונדערטער אידישע קינדער, מייסטנס מיידלעך, האָבן דאָרט געלערנט און דערצויגן געוואָרן אין פוילישן גייסט.

די פוילישע שול־אָרגאַנען האָבן אָבער נישט פאַרגונען, אַז די אידישע קינדער זאָלן לערנען אפילו אַ מינימום פון אידישקייט באַצאָלט דורכן מאַגיסטראַט און דער בודזשעט פאַר דעם געגנשטאַנד איז כסדר געשניטן געוואָרן. עס איז דערגאַנגען צו דעם אַז אָט די פאָלקס־שולן פאַר אידישע קינדער זיינען געוואָרן אַ רעזערוואואַר פון אַסימילאַציע. אָט דער באַדויערנסווערטער פאַקט איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָט באַווירקט דר. ש. גאָלדלוסט צו גרינדן אַ פאָלקס־שולע מיט אַ מער עכטן פּראָגראַם פון אידישע לימודים און אידישן גייסט (דערמאָנט אין קאַפּיטל וועגן דר. גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע). די צייט איז אָבער אויסגעלאָפן, דער חורבן האָט שוין געוואַרט...

ערשט אין יאָר 1931 האָבן די עלטערן זיך געכאַפּט, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן אום צו געבן זייערע קינדער אַ וועלכע עס איז אידישע דערציאונג און זיי זיינען באַשטאַנען אפילו צו טראָגן די הוצאות: אין די נאָך־מיטאָג שטונדן זאָל געגעבן ווערן עקסטראַ צייט, קורסן, פאַר אידישע לימודים אַזוי ווי אין אַמעריקאַנער תלמוד־תורה. נאָך אַ לאַנגער שתדלנות האָט ענדלעך די פוילישע שול־מאַכט איינגעשטימט צו דעם פּלאַן און עס זיינען געעפנט געוואָרן אַזוינע אָוונט־קורסן פאַר מיידלעך, מייסטנס, אין לאָקאַל פון „מזרחי" אויף פּאָטשטאָוואַ נומ. 1. אינגלעך האָבן געלערנט, מייסטנס, אין „חדרים", תלמוד־תורה׳ס אָדער פּריוואַט.

לויט דעם באַריכט פון דער רעגירונגס דערציאונגס־אָרגאַנען פון יאָר 1926 האָבן 626 קינדער געלערנט אין די שטאָטישע שולן. 410 אין תלמוד־תורה, 220 אין חדר מתוקן און 220 אין דר. גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע. נאָך 1000 קינדער האָבן געלערנט אין חדרים, האַנטווערקער־שולן, אין דער ישיבה און אין נישט אידישע שולן.



אַ גרופּע לערער און שילער פון דער פוילישער פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער.



אַ קלאַס פון דער פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער אין דער פוילישער שפּראַך.
אין מיטן זיצן די לערער גאָלדזוק, סאָקאָלאָווער, קאַהאַנע, קאַפּלאַן און סאָבאָטקי.



קלאַס פון דער פוילישער פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער אין 1918.
אין מיטן די לערערין סאָקאָלאָווער.




ערשטע גרופּע פון די העברעאישע אָוונט־קורסן צווישן די יאָרן 1916—1919.
ערשטע שורה (שטייענדיק פון רעכטס): צוקערברוים רחל (קוואַשני), שושנה אייזענפעלד, בייער, קשאנזשקעוויץ, לעווינסקי כימע (טאָכטער פון ר׳ מרדכי זעליק, שניידערשער רבי), לעווינסקי (דעם זעלבנס אַן אייניקל). צווייטע רייע: זוטקעוויץ (טעזעבוים) יהודית, יעלען, קאצאַנעק שיינע, שעניאַק (חיים וועלוולס טאָכטער), שאַפּיראָ (גאָעל) שרה, קוזינסקי, טרעסטאַנאָוויץ. דריטע רייע: פּעציגער (סאַפּירשטיין), צעכאַנאָווסקאַ, פייגע בליאַשקאַ, די שוועסטער צינאָוויץ (דעם מורה הוראה׳ס טעכטער), זימנאָוויץ (גאָלדבערג). פערטע רייע: בראַנצע פּאַסמאַניק, אָסנע זשוטקעוויץ (ביבער), קאַץ, די לערער: יעקב ברוכאַנסקי, —, יהודה ענאָוויץ, ישראל לעווינסקי, וויינצימער, קאַוקעוויץ, רחל גלינקאַ, חוה ווראַנאַ. פינפטע רייע (אונטן): קאָקאָשקאַ, שוועסטער קאַלוואַרייסקי, חנה ציעכאַנאָווסקאַ, גיטל באָגושעוויץ, פּיורקאַ, מלכה יעלען, פ. גלינקאַ (ציילינגאָלד).

# העברעאישע אָוונט־קורסן ביים „התחיה“

אין יאָר 1915, אָנפאַנג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָבן חברים פון „התחיה“ געגרינדעט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע צו לערנען העברעאיש, תנ״ך, העברעאישע ליטעראַטור און אידישע היסטאָריע. די לערער זיינען געווען: י. לעווינסקי, י. ענאָוויץ, י. ברוכאַנסקי, דוד וויינציימער. שפּעטער האָט ה׳ גאָלדזוק פאַרנומען דעם פּלאַץ פון י. ענאָוויץ נאָך זיין עמיגרירן קיין אַמעריקע. אָט די קורסן האָבן זיך אַנטוויקלט צו אַן אויסערגעוויינלעכער מדרגה, אַזוי אַז אין די יאָרן 1916—1936 האָבן 1500 תלמידות דורכגעמאַכט אַ פולן 3־יאָר פּראָגראַם פון די קורסן. זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז יעדן יאָר פלעגן גראַדואירן אַ צאָל תלמידות. עס פלעגט דאַן פאָרקומען אַ פייערונג מיט אַ מוזיקאַלישער פאָרשטעלונג אין העברעאיש. די וועלכע האָבן געלערנט אויף די קורסן זיינען געוואָרן נאָך דעם אַקטיווע ציוניסטינס. אויסער די „התחיה“ קורסן האָבן אויך עקזיסטירט קורסן ביים „החלוץ“, „מזרחי“, „פּועלי ציון“, „אגודת ישראל“ און „בונד“ (זיי ווערן אַלע דערמאָנט צוזאַמען מיט די זכרונות וועגן זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיי אויפגעהאַלטן).

דער דערפאָלג פון די „התחיה“־קורסן איז געווען געמישט מיט דראַמאַטישע מאָמענטן. די ערשטע גראַדואירטע (מחזור ראשון) האָבן נאָך דער גראַנדיעזער פייערונג און גרויסאַרטיקן באַנקעט מיטן אָנטייל פון הויפּט חברים פון „התחיה“, זיך נישט געוואָלט שיידן מיט דעם אַנשטאַלט און האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן תלמידות פון העכערע קורסן, וועלכע די „התחיה“ האָט פאַר זיי געעפנט (זיי זיינען אַלע געווען דערוואַקסענע כלה־מיידלעך). אויף די דאָזיקע העכערע קורסן האָבן די תלמידות זיך פאַרפאָלקאָמט אין תנ״ך (נביאים אחרונים), העברעאישע ליטעראַטור און אידישע היסטאָריע. די לערער אויף די קורסן זיינען געווען י. ברוכאַנסקי און י. ענאָוויץ.

בלויז איין יאָר (1918) זיינען אָנגעגאַנגען מיט דערפאָלג די לימודים אויף די דאָזיקע פאַרפאָלקאָמונגס־קורסן. אין 1919 פאַרלאָזט י. ברוכאַנסקי לאָמזשע. ער ווערט אַנגאַזשירט דורכן ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אַלס מנהל־לערער פון העברעאישע אָוונט־קורסן ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָם. מיט 2 יאָר שפּעטער, אין 1921, קערט ער זיך אום צוריק קיין לאָמזשע, זיין היים (דערווייל האָט ער אויסגעמיטן די אַלע ליידן, וואָס די באָלשעוויסטישע אינוואַזיע אין פוילן האָט פאַראורזאַכט צו לאָמזשער איינוואוינער, ווייל אין ראַדאָם האָבן די באָלשעוויקעס נישט דערגרייכט). די העכערע העברעאישע קורסן עפענען זיך דאַן ווידער, אָבער אויך נאָר אויף אַ יאָר. עס האָט שוין אויסגעפעלט צווישן די תלמידות דער עלעמענט, וואָס וואָלט זיך געקענט ווידמענען צו העכערע לימודים אין העברעאיש. די עלעמענטאַרע קורסן האָבן, ווי שוין פריער דערמאָנט, עקזיסטירט ביז 1936.




7טע גרופּע פון די העברעאישע אָוונט־קורסן (1925—1927).

ערשטע רייע (שטייענדיק): —, גראַנד, גאָלדע קוטינסקי, טויבע קוז־נסקי, שטייגמאַן, קאַצאַנעק (גילארי), וועגראַוויץ. צווייטע רייע: בוים, די לערער: י. גאָלדזוק, י. לעווינסקי, ד. ווײַנצימער, י. ברוכאַנסקי, שוואַרץ. דריטע רייע: מאיאַק, זילבערשטיין, אורה גלינקא, —, שניאַק, —, קאָווקעוויץ.




8טע גרופּע פון די העברעאישע אָוונט־קורסן (1926—1930).

ערשטע רייע (שטייענדיק): קשאָנשקעוויץ, לעווינסקי (מאַצמאַן) העניא, —, קאַץ. צווייטע רייע: אָזנאָוויץ, די לערער: ווײַנצימער, גאָלדזוק, בוכבינדער, לייוויק. דריטע רייע: פינקאָוויץ, העלפמאַן און קאַצאַק.



זומער־קורסן פאַר לערער פון לאָמזשע און אומגעגנט, איינגעאָרדנט פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביי דער דייטשער אַרמיי, אונטער דער אויפזיכט פון א. מאָריץ, דייטשער דירעקטאָר איבער קולטור און דערציאונג.

## פאַרפאָלקאָמונגס־קורסן פאַר לערער

אין אָנפאַנג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין 1916 האָבן די דייטשן פאַר דער זומער־צייט געעפנט פאַרפאָלקאָמונגס־קורסן פאַר לערער, פוילישע באַזונדער און אידישע באַזונדער. דער ציל איז געווען אַ טאָפּלטער: צו אויסבילדן בעסערע לערער, און פאַרשפּרייטן דייטשטום אין די שולן. אַרום 70 לערער זיינען געקומען פון די שטעטלעך וואָס אַרום לאָמזשע. דר. מאָריץ, דירעקטאָר פון דערציאונגס־אָפּטיילונג, האָט געלערנט פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק; זיין געהילף, ניוויעש, האָט געלערנט מעטאָדיק; פּראָפעסאָר שימאַנסקי — געאָגראַפיע און באָטאַניק; דר. גאָלדלוסט — היסטאָריע און געשיכטע פון פּעדאַגאָגיק. תלמידים־לערער האָבן געקראָגן דיפּלאָמעס נאָכן ענדיקן. דער זעלבער קורס איז געגעבן געוואָרן אין זומער פון 1917.

אין יענער צייט איז אין לאָמזשע געגרינדעט געוואָרן אַ אידישער פּראָפעסיאָנעלער לערער־פאַראיין, וועלכער האָט לאַנג נישט עקזיסטירט צוליב די רייסערייען צווישן די נאַציאָנאַל געשטימטע און בונדיסטישע לערער.



דייטשע קורסן

אין מיטן דער לערער און פּרינציפּאַל נעוויאַש.



פורים־אָוונט פאַר קינדער אין יאָר 1938, אַראַנזשירט פון דער אָפּטיילונג פון קרן קימת לישראל.

## קינדערגאָרטנס

אין יאָר 1910 האָט ר׳ אליעזר דימענטשטיין, אַ איד אַ סוחר פון קוילן, אָבער אַ משכיל און אַ פּיקח, געעפנט אין לאָמזשע אַ העברעאישן גן־ילדים. עס איז געווען ביי אים אַ הויפּט־כּלל, אַז דער קינדער־גאָרטן איז די אינסטיטוציע, וואָס פורעמט אויס דאָס געשטאַלט און כאַראַקטער פון פאָלק. די לערערינס אין דעם קינדער־גאָרטן זיינען געווען זיינע 2 טעכטער, וועלכע ער האָט געהאַט געשיקט אַזש קיין אדעס צו שטודירן אין דעם נאָר וואָס געעפנטן אינסטיטוט פאַר אויסבילדונג פון קינדער־גאָרטן־דערציערינס.

### העברעאישער קינדער־גאָרטן ביים „התחיה"

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (1915) איז מיט דער מיטהילף פון „התחיה" געעפנט געוואָרן אַ העברעאישער קינדער־גאָרטן אויפן נאָמען פון „שלום עלי־כם" דורך ה׳ גלויבערמאַן, אַ פינסקער יונגערמאַן, וועלכער האָט געהאַט געענדיקט פּרעבל־קורסן אין קיעוו. צווי העל־פערינס האָט ער געהאַט: עטעל און דינה שימאַנוואָוויץ.

ס׳איז געווען אַן אויסנאַם דערשיינונג — אַ מאַן אַ פּרעב־ליסט. אַזוי זיינען אויך געווען אויסטערליש זיינע פירונגען. ער פאַרשווינדט פון לאָמזשע, אָבער די „שלום עליכם" פּרעבל־שולע אַנטוויקלט זיך אָן אים. פרוי אַנעט פון וואַרשע, אַ פּועלי־ציוניסטקע, פאַרנעמט זיין אָרט. דער קינדער־גאָרטן האָט עקזיסטירט אין לאָמזשע אַ לאַנגע צייט.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז געעפנט געוואָרן אַ פּוילישע פּרעבל־שולע פאַר אידישע קינדער. איר אָנפי־רערין איז געווען נאטאנזאָן. נישט קוקנדיק אויף דעם אַריינדרינגען פון דער פּוילישער שפּראַך אַלץ מער אין די אידישע הייזער, האָט דער פּוילישער קינדער־גאָרטן נישט עקזיסטירט מער ווי אַ יאָר. דאַקעגן דער „שלום עליכם" גן ילדים האָט אָנגעהאַלטן זיין עקזיסטענץ דורך דער ליבשאַפט און מיטהילף פון די עלטערן.



פייערונג פון קינדער גאָרטן ביים „התחיה" אין יאָר 1938.



השגחת יתומים און קינדער־היים אויף אַ שבועות אויספלוג אין וואַלד.
(אין צענטער דער אָנ־פירער יעקב טאָב־אַש)

# פאַך־שולע

אין 1909 איז געעפנט געוואָרן אַ שולע צו לערנען פאַכן די אָרעמע קינדער מייסטנס פון תלמוד־תורה. די פאַך־שולע האָט זיך געפונען נעבן ה. מ. אָרלאָווסקי'ס פאַבריק פון גיסערייַ און שלאָסערייַ, וואָס האָט געדינט פאַר פּראַקטיק. די שולע איז אַנטשטאַנען מיט דער הילף פון דער געזעלשאַפט יק"א און מיט דער איניציאַטיוו פון ה' סענדער־מיכל בזשאָזא. די פאַכן זיינען געווען: שלאָסערייַ און סטאָלערייַ.

אין אַ קורצער צייט האָט די שולע זיך דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען, ווייל זי האָט געגעבן אירע שילער אַ גוטע צוגרייטונג צום לעבן. קינדער האָבן ליב געהאַט די אוניפאָרם פון דער שולע: שוואַרצע סחורה מיט בלויע זוימען־עקן. אינזשעניר ראָזענבערג, אַ גראַדואירטער פון וואַרשעווער וואַוועלבערגס טעכנישער שולע, איז געווען דער פירער. די אַלגעמיינע למודים, אויסער די פאַכן, זיינען באַשטאַנען פון רוסיש און אַריפמעטיק. זייער לערער איז געווען ה' באָגאַצקי. י. שיינקאָפּ און י. ענאָוויץ האָבן געלערנט תנ"ך און העברע־איש. עס איז דאַן אַנטשטאַנען אַ פאָרשלאַג צו אַריבערפירן אַהין די קינדער פון השגחת־יתומים און די תלמוד־תורה גראַדואירטע. דער פלאַן איז נישט רעאַליזירט געוואָרן. נאָך 4־5 יאָר האָט די מדרגה פון דער פאַך שולע אָנגעפאַנגען צו ווערן נידעריקער און נאָענט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך די שולע פאַרמאַכט. נאָך פאַר דעם האָט מען פּרובירט עפענען אַן אַנשטאַלט אויפן זאַיאַזד צו לערנען שמידערייַ מיט אָרעמע קינדער.

25טער יובילייַ פון דער פאַבריק אויסצובילדן טעכניקער און מאַשיניסטן, געגרינדעט פון מאיר אָרלאָווסקי.
אויף דעם בילד געפינען זיך: בובעק עפנער, האַלצמאַן, זיידענשטאַט, גלינקא, טאַביאַש, בלומאָוויץ, י. סאַפּירשטיין, שפרה צירמאַן, לייבל סאַפּירשטיין און נאָך אַנדערע. אונטן רעכטס און לינקס די געביידעס פון דער שולע, ביי די זייטן די מאַשינען, אין מיטן [illegible]



# די געשיכטע פון אידישן טעאַטער אין לאָמזשע

נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, ווען די רעפּרעסיעס איבער די אַקטיווע און פאַרדעכטיקטע סאָציאַליסטן, בונדיסטן און פּועלי־ציוניסטן האָבן זיך גע־שטאַרקט מצד דער צאַרישער מאַכט, האָט די רעוואָלוציאָנערע יוגנט איינגעשרומפּן איר טעטיקייט אין קליינע געהיימע קעמערלעך, וואו עס זיינען געקומען צום אויסדרוק מיינונגען, שטרעבונגען און אידעאָלאָגיעס וועגן פאַרשידענע פּראָבלע־מען פאַר דער צוקונפט פון דער מענטשהייט בכלל און פון אידישן פאָלק בפרט.

אין יענער צייט איז אָנגעקומען קיין לאָמזע אַ טרופּע מיט וואַנדערנדע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט אי־דישע ספּעקטאַקלען (פאַר דער צאַרישער מאַכט האָט עס געהייסן „דייטשישער טעאַטער“, צוליב דעם פאַרדייטשטן אידיש, אין וועלכן זיי האָבן געשפּילט און איז געווען דערלויבט אַלס קולטור־פאַרשפּרייטנדער פאַקטאָר). אָט די פאָרשטעלונ־גען אין צאכאנסקי'ס טעאַטער האָבן אויפגעוועקט אין דער יוגנט דרימלענדיקע כחות און ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ גרופּע אַמאַטאָרן פון אידישן טעאַטער. די מער אויסגעצייכנטע צווישן זיי זיינען געווען: ראובן מאזור, רחל־לאה פלאטוי (איצט אין אַמעריקע), אַלטע וואלאוויץ, חיים־זעליג וואלאוויץ, גיטל גאלדינג, אברהמ'ל באָגושעוויץ, א. אַנד. די ערשטע פאָרשטעלונג האָט געזאָלט זיין „שולמית“ פון א. גאָלדפאדען. נאָך לאַנג־דויערנדע הכנות איז אויפגעפירט געוואָרן די אָפּע־רעטע „שולמית“, וועלכע האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. די גאַנצע משפחה וואלאוויץ האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ טאַלאַנטירטער צו טעאַטער־קונסט.

## דראַמאַטישער אַמאַטאָרן־קרייז ביים „הזמיר“

נאָך דער אונטערדריקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט דער אינטעליגענטער טייל פון דער פּוילישער באַפעל־קערונג גענומען בילדן קלובן און קרייזן, וואו דורך פאַר־שידענע קולטור און קונסט אונטערנעמונגען זיינען געקומען צום אויסדרוק די געפילן און שטרעבונגען פון פּוילישן פאָלק.



אַקטיאָרן אין ווילנע.
(רעכטס): י. איברי, דיריגענט זיסקינד און ל. יאַשינאַווסקי.

דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען ביי אידן. דאַן איז גע־גרינדעט געוואָרן דער קלוב „הזמיר“ (צו ערשט אויף לאנגע גאַס אין יאַקובאָווסקי'ס הויז, נאָכדעם אויף קרוטקא גאַס וואו עס האָט זיך שפּעטער געפונען דער „חדר מתוקן“). די אויפגאַבע פון „הזמיר“ איז געווען צו פלעגן די נאַציאָנאַלע זעלבסטווירדע פון די אידן דורך קולטורעלע מיטלען. פילע אַסימילאַטאָרישע אינטעליגענטן (ווי דר. קאַרבאָווסקי) זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו דעם קלוב. דעם טאָן האָבן געשטעלט און אויך אָנגעפירט די מער נאַציאָנאַל־געשטימטע אינטע־ליגענטן, ווי דר .פעלטין און דר. ש. גאָלדלוסט.

עס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן פייערונגען לכבוד די ימים־טובים און אָפטע פאָרשטעלונגען. הינדע ראָטשילד פלעגט זיך אויסצייכענען מיט פאָרלעזן שלום־עליכם־מאָנאָלאָגן. אַ סטרונע אָרקעסטער פאָרמירט זיך, וועלכער גיט אויסגע־צייכנטע קאָנצערטן. דער דראַמאַטישער קרייז פון הזמיר שטייגט גאָר הויך. אונטער דער אָנפירונג פונם רוסיפיצירטן י. זוסמאַנאָוויץ, סטודענט פון רוסישן אוניווערסיטעט, ווערט געשטעלט אין צאכאנסקי'ס טעאַטער אין אידיש אין 1909־1910 דאָס סצענישע ווערק „משיח'ס צייטן“ פון ש. אַש, „דאָס גליק“ פון פשיבישעווסקי, „אַגענטן“ און „צעזייט און צע־שפּרייט“ פון שלום עליכם, „דער אייביקער וואַנדערער“ פון אָסיפּ דומאָוו, „יאַנקעל דער שמיד“ פון פּ. הירשביין, א. נ. אַ. י. פּיאָנטניצקי (איצט אין ישראל), איינער פון דעם קרייז, האָט שפּעטער, אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, געגרינדעט ביים „התחיה“ אַזאַ העברעאישע דראַמאַטישע סעקציע וועלכע האָט אויפגעפירט „טעדאלינדא“ (איבערגע־זעצט דורך יעקב בערג), „יובילעאום פון אַ לערער“ א. אַ.



מיטגלידער פון „הזמיר“ וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פאָרשטעלונג פון „יאַנקל דער שמיד“.

אין דער גרופּע געפינען זיך: וואַלאַוויץ, סארקעס, קליין, קאַץ, הינדע ראָטשילד, י. ניימאָוויץ, משה גאָלדמאַן, מענדל צעכאַ־נאַוויץ, לוסטיג, זילבערנאגל, זוסמאַנאַוויץ, ראכלין (נעמען פון די איבעריקע אומבאַקאַנט).



העברעאישע דראַמאַטישע סעקציע ביים „התחיה" אין יאָר 1917.
שטייענדיק (רעכטס): חיים יצחק גלינקא, רבקה מלינאַרציק, צאַרקע, באַבראָווסקי, יעקב סאַפּירשטיין. זיצנדיק: נפתלי ווײַנבערג, יעקב קאַווקעוויץ (נריה), יעקב פּיאַנטניצקי (גבעולי), פּעצינער (סאַפּירשטיין), יצחק סטריקאָווסקי.

## אַמאַטאָרן־קרייז אין דער צייט פון דייטשישער אָקופּאַציע, 1916—1918

אין יענע יאָרן, ווען ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרטייען צווישן דער אידישער באַפעלקערונג, האָט יעדע פאַרטיי געהאַט אירע קרייזן פאַר ליטעראַטור, דראַמע, א. אַ. וו. דער אַמאַטאָרן קרייז האָט נישט געהאַט קיין באַפאַרבונג פון קיין פאַרטיי, נאָר פאַר ריינער טעאַטער־קונסט.

נייע שטערן דערשיינען דאַן אויף דער אידישער בינע אין לאָמזשע: י. מלינאַרציק, הערשעלע וואָלאָוויץ, חיים וואָלאָווסקי, שרה גאָלדשטיין. דער צוניפקום־פלאַץ איז געווען ביים שניידער יאשינאָווסקי אויפן „נייעם מאַרק", וועלכער איז געווען אַליין אַן אַמאַטאָר, פון די ערשטע פאָרשטעלער פון „שולמית". צוגלייך מיט אים האָבן זיינע קינדער אויך באַזעסן נייגונגען צו דער בינע. הערשעלע וואלאוויץ, באַזיצנדיק ברייטע ידיעות אין מוזיק און פיינעם טאַלאַנט פאַר דראַמע, ווערט די צענטראַלע פיגור פון דעם אַמאַטאָרן קרייז. ער אָרדנט איין קאָנצערטן, גרינדעט כאָרן, שרייבט אייגענע קאָמפּאָזיציעס, פאַרנעמט דעם פלאַץ פון דיריגענט ביים חזן הירשאָוו. אויסער די פירנדע ראָל פלעגט ער אויך אַליין אויספירן מיטן גרעסטן דערפאָלג טראַגישע, דראַמאַטישע און הומאָריסטישע ראָלן פון גאָרדאָנ'ס פּיעסעס, טראָץ דעם האָרב אויף זיין פּלייצע. אַ סך פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן פלעגן מקנא־זיין הערשעלע'ס טאַלאַנט. דער אַמאַטאָרן קרייז האָט פאָרגעשטעלט אין יענער צייט אין צאַכאַנסקי'ס טעאַטער־לאָקאַל: דעם „ישיבה בחור", „אַ אידישע האַרץ", „גאָט, מענטש און טייוול", „כאַסיע די יתומה", א. אַ. אויסערלעכן גלאַנץ האָבן צוגעגעבן צו די פאָרשטעלונגען דער דייטשיש מיליטערישער אָרקעסטער מיטן אידישן קאַפּעלע־מייסטער שטאלקאָפּ, און די אידישע פייער־לעשער מיט זייערע מעשענע גלאַנציקע היטלען, וועלכע האָבן „באַוואַכט" דעם איבערגעפּאַקטן טעאַטער.

יעדער שפּילער איז געווען אויסגעצייכנט, אַ „שטערן" אין זיינע ראָלן: מלינארציק (פאָטאָגראַפיסט בערנאַרדי), אַלס ליבהאָבער; הינדע ראָטשילד — אַלס דערבאַרעמדיקע מוטער; שרה גאָלדשטיין איז געווען באַליבט ביי די צושויער מיט איר האַרציקייט און פיינעם געפיל; רייזקע מאזור (איצט — פרוי וויסאָצקי אין ישראל) מיט איר סאָפּראַנאָ שטימע; יאַשינאָווסקי — אַלס סופליאר; ניימאָוויץ — אַלס רעזשיסאָר און סופליאר. ער האָט אַליין אָנגעשריבן אַ פאָרשטעלונג, „טרעקאַליער האָטעל", לויטן טעאַטער־שטיק „בערדיטשעווער האָטעלן" פון שלום עליכם, וועלכע די אַמאַטאָרן גרופּע האָט מיט דערפאָלג אויפגעפירט אייניקע מאָל.

### אין צייט פון פוילנס זעלבסטשטענדיקייט

אין אָנפאַנג פון פוילנ'ס זעלבסטשטענדיקייט צייכנט זיך אויס די דראַמאַטישע סעקציע פון פועלי־ציוניסטישער אַרבעטער־היים, רזשאַנדאָווא גאַס. אין מיטן פון די הייסע וויכוחים וועגן די וואַלן צום ערשטן פוילישן סיים שטעלט פאַר די דערמאָנטע סעקציע ביי צאכאנסקי'ן „די געבראָכענע הערצער" מיט גרויס דערפאָלג, צו וועלכן עס האָט בייגעטראָגן דר. ש. יוריס, ווײַלנדיק דאַן אין לאָמזשע אַלס דעלעגאַט פון פּ. צ. ק. ער האָט דערביי געהאַלטן אַן אינהאַלטסרייכע רעדע וועלכע האָט באַגייסטערט דעם עולם. אין יענער צייט האָט זיך צוריקגעקערט פון דער דייטשישער געפענגעניש דער מאלער פנחס זיידענשטאדט, וועלכער האָט זיך געווידמעט דעם אידישן טעאַטער. ער האָט געשפּילט הויפּט־ראָלן אין „דאָרפס־יונג", „פישקע דער קרומער", צוויי קונילעמל, א. נ.



לאָמזשער אַמאַטאָרן אין אַ פאָרשטעלונג פון „די מוטער” פון דוד פינסקי
מיט דער באַטייליקונג פון אסתר רחל קאַמינסקי.

ערשטע רייע (רעכטס) שטייענדיק: גאָלדבערג, גיטל ראָטשילד, חיים וואָלאָווסקי, כיניץ, אברהם אָפּענבערג, יצחק מאַזור. צווייטע רייע: הינדע ראָטשילד, יעקב מלינאַרציק, הילדא זילבערשטיין, אסתר רחל קאַמינסקאַ, אַלטקע פערשטענבערג (פערלבערג), טרה גאָלדשטיין (סאָקאָל).

## אסתר־רחל קאַמינסקאַ אין לאָמזשע, 1918—1926

לאָמזשער בירגער־קלוב, וואָס האָט געטאָן פיל פילאַנט־ראָפּישע אַרבעט, האָט געשטיצט דעם לאָמזשער דראַמאַטישן אַמאַטאָרן־קרייז און האָט געהאָלפן אויפפירן אין צאַכאַנסקי׳ס „רעדוטא” טעאַטער וועלט באַרימטע פיעסן ווי: „דער פאָטער” פון סטרינדבערג, „אירא מירצאָוואַ”, „אַנאַ קאַרענינאַ”. דער קרייז האָט פאַרבעטן קיין לאָמזשע צו שפּילן מיט די אַמאַטאָרן די באַוואוסטע אַרטיסטקע אסתר־רחל קאַמינסקאַ מיט איר טאָכטער אידאַ און איר גאַנצן אַנסאַמבל. זיי האָבן אויפ־געפירט אין לאָמזשע די באַוואוסטע טעאַטער־פּיעסן אין וועלכע א. ר. קאַמינסקאַ האָט זיך אויסגעצייכנט: „מירעלע אפרת”, „די שחיטה”, „טערעזאַ ראַקין”, א. אַנד.

אסתר־רחל קאַמינסקאַ׳ס שפּילן צוזאַמען מיט די אַמאַ־טאָרן האָט שטאַרק באַגייסטערט די שפּילער, זיי האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ וויכטיקער געשעעניש. דאָס איז מעגלעך געווען צוליב דעם גוטן ווילן און עניוות פון דער גרויסער אַרטיסטין.

אַ טראַגישער צופאַל האָט נאָך מער צוגעבונדן א. ר. קאַמינסקאַ צו לאָמזשע. איר מאַן, אברהם־יצחק קאַמינסקי, איז אין יאָר 1918 געפאָרן אין אַ ווינטער־טאָג פון וויסאָקי־מאַזאָ־וויעצק קיין לאָמזשע. ער האָט זיך פאַרקילט אויפן וועג און איז געריין אין אידישן שפּיטאָל אין לאָמזשע און דאָרטן געשטאָרבן. די לאָמזשער אַמאַטאָרן האָבן אים איינגעאָרדנט אַ גרויסע לוויה ד״ר. גאָלדלוסט האָט אים מספּיד געווען. אייניקע מאָל איז א. ר. קאַמינסקאַ נאָך דעם געקומען קיין לאָמזשע שפּילן טעאַטער פאַר ריין פילאַנטראָפּישע צוועקן. אפילו פאַר אַ נייעם „גדר” אַרום בית עלמין. זי האָט פאַר דעם צוועק געשפּילט „די מוטער”, פון פינסקי. צום אַוועקשטעלן אַ מצבה אויף איר מאַנ׳ס קבר איז זי געקומען מיט איר גאַנצער משפּחה.

אין יענער צייט האָט אליעזר שאַפּיראָ איינגעלאַדן פון וואַרשע דעם אַרטיסט יצחק נאָזשיק, וועלכער האָט געשפּילט מיט די אַמאַטאָרן אין דעם „דיבוק”. דער דערפאָלג איז געווען נישט קלענער ווי פון פּראָפעסיאָנעלע שפּילער.

אויפדעקונג פון דער מצבה אויפן קבר פון באַרימטן אַקטיאָר אברהם יצחק קאַמינסקי אין יאָר 1918.

רעכטס: רייזקע מאַזור (וויסאָצקי), כיניץ, פּירער, י. מלינאַרציק, צוויי פון דער פאַמיליע קאַמינסקי (פון וואַרשע), ז. וואָלאָווסקי, פאַרוואַלטער פון דעם קאַמינסקי טעאַטער אין וואַרשע, ראָזענפעלד, יוסף קאַמינסקי (זיין זון), אסתר־רחל קאַמינסקי, אידאַ קאַמינסקי, די שוועסטער פון פאַרשטאָרבענעם א. אָפּענבערג, אַלטקע פערשטענבערג און הינדע ראָטשילד.






דראַמאַטישע סטקציע ביים אַרבעטער היים.

ערשטע רייע (רעכטס) שטייענדיק: מ. באַראַנאָוויץ, מיכל בוכבינדער, יעקב צוקערשטיין, עווריעוויץ, מיכל ברעקמאַן, קאַפּלאַנסקי, פרענקעל. צווייטע רייע: לאה קרעמער, חיים וואַלאָווסקי, יצחק לעווינסקי, הערשל וואַלאָוויץ, שיינע ברוקאַרזש. דריטע רייע (אונטן): גאָלדשטיין, שטייגמאַן, רבקה ברויער, אסתר וואַלאָוויץ, אַלטקע פערשטענבערג, פרומקע שיינקאָפּ (לעווינסקי), יעקב פערעלבערג.

## אויסגעוואַנדערטע שטערן

חיים וואָלאָווסקי איז געווען אַ טאַלאַנטירטער פידל־שפּי־לער און בינע אַרטיסט. זיין לערער פאַר פידל־שפּילן איז געווען ה׳ פידלער, מיט וועמען ער פלעגט שפּילן אין פּוילישן קינאָ־טעאַטער מיראַזש און אויף קאָנצערטן. דעם טאַלאַנט צו דער בינע האָט ער גע׳ירש׳נט פון זיין פאָטער, יואל דער בדחן, באַרימט מיט זיין טאַלאַנט, וואָס ער פלעגט וויזן אויף חתונות און פלעגט באַוואונדערט ווערן פון די צושויער. נאָך הערשעלע וואָלאָוויצ׳ס עמיגרירן קיין אַמעריקע איז חיים וואָלאָווסקי געווען די טרייב־קראַפט פון אַמאַטאָרן קרייז בכלל און פון דער דראַמאַטישער סעקציע ביי די פּועלי־ציון בפרט: אַלס אָרגאַניזאַטאָר־רעזשיסאָר האָט ער צוגעצויגן נייע כחות צו דער לאָמזשער בינע: אסתר וואָלאָוויץ (איצט אין אַמעריקע), יצחק מאַזור, אלתר זאלאנץ, מאַקס טוכוועבער (איצט אין ישראל) און אַלטקע פערשטענבערג (וועגן איר אַ באַזונדערע כאַראַקטעריסטיק). אונטער זיין לייטונג האָט דער אַמאַטאָרן־קרייז געוואַגט אויפצופירן די סאַמע ערנסטע און וויכטיקע טעאַטער פּיעסן ווי „תקיעת כף״ די „פּוסטע קרעטשמע״, א. אַ. וו. חיים וואָלאָווסקי עמיגרירט שפּעטער קיין אַרגענטינע, וואו ער גייט אָן מיט זיינע טאַלאַנטירטע טעטיקייטן.

אַלטער מאעל, וואָס האָט פריער געהאַט אָנגעשריבן אַ באַנד לידער, דערשיינט אַלס פּיעסן־שרייבער. ער פאַרפאַסט אַ פאָרשטעלונג אין 5 אַקטן „אָהן אַ היים״, אַן אָפּשפּיגלונג פון לעבן פון די פּליטים אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. א. מאעל עמיגרירט שפּעטער קיין אַמעריקע, וואו ער שפּילט אין מאָריס שוואַרצ׳ס טרופּע אין „דיבוק״. נאָך אַ דראַמאַטורג האָט דאַן זיך באַוויזן — אליעזר שאַפּיראָ. ער איז געווען דער ערשטער איניציאַטאָר פון דעם אַמאַטאָרן־קרייז אין לאָמזשע, וועלכער האָט צווישן פילע אַנדערע אויך אויפגעפירט זיינע אַ פאָרשטעלונג.

דער בונדישער „גראָסער קלוב״ האָט אויך געהאַט אַ דראַ־מאַטישע סעקציע וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט הויפּטזעכלעך אין שפּילן איין־אַקטערס.

גלייך נאָך פּוילנ׳ס באַפרייאונג ווען עס האָבן געבלאָזן פרייע ווינטן אין פּוילן האָט די דראַמאַטישע סעקציע אויפ־געפירט אין צאַכאַנסקי׳ס טעאַטער אַ פּיעסע אין 3 אַקטן „אַ קרבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג״, געשריבן פון ה׳ סאָבאָטקי און נאָטקע זבינאָוויטש.

אויסגעצייכנט אין דער דראַמאַטישער סעקציע פון בונ־דישן קלוב האָבן זיך די שפּילער משה ראכלין, חיים זבי־נאָוויטש, י. ליבערמאַן און נעמי פיגא (היינט מרס. זעכ־נאָוויטץ אין אַמעריקע).

## רייזקע מאַזור

זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר טאַלאַנט פאַר דער בינע אָבער נאָך מער מיט איר סאָפּראַנאָ־שטימע מיט וועלכער זי פלעגט אויפטרעטן סאָלאָ אויף קאָנצערטן אין „התחיה“ אָדער אין דועטן מיט זימקע צעשלוק. זי פלעגט באַגייסטערן די צוהערער. ווען זי וואָלט געהאַט טעאַטראַלע אויסבילדונג, וואָלט זי דערגרייכט די גרעסטע מדרגה אַלס אַרטיסטין. איצט איז זי פרוי וויסאָצקי אין ישראל, אַ שוועגערין פון מ. מאַרגאָלעס, דער בעסטער אַקטיאָר אין דעם אַנסאַמבל פון טעאַטער „אהל“.

## אַלטקע פערשטענבערג

נאָך אין דער יוגנט האָט זי אַרויסגעוויזן אירע פעאיקייטן אין קינדערשע פאָרשטעלונגען. אַריינטרעטנדיק אין פועלי ציון האָט הערשעלע וואָלאָוויץ און חיים וואָלאָווסקי איר אַריינגעצויגן אין דראַמאַטישן קרייז. זי האָט גלייך אַרויסגעוויזן זייער גרויסן טאַלאַנט. פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן האָבן נישט געוואָלט גלויבן, אַז זי איז אַן אַמאַטאָרן־שפּילערין. א. ר. קאַמינסקאַ האָט איר אָנגעטרויט צו שפּילן מיט איר צוזאַמען ערנסטע ראָלן אין „מירעלע אפרת“ און אין „די שחיטה“. זי האָט נישט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג אַריינצוטרעטן אין קאַמינסקאַ׳ס אַנסאַמבל. אָנשטאָט דעם האָט זי אויסדערוויילט צו זיין אין ישראל. איצט איז זי פרוי פערעלבערג.

## יצחק עברי

יצחק עברי (איצט אין ישראל) האָט באַזעסן אַן איינגעבוירענעם טאַלאַנט צום טעאַטער. נאָך אין זיינע אינגליאָרן, אין חדר, האָט ער פאָרגעשטעלט „שלמה המלך“, „גלית הפלשתי“. צו 16 יאָר שטעלט ער פאָר אַן אייגענעם ספּעקטאַקל, אין זיין געבורטס שטאָט נאָוואָגראַד: „אַ בן יחיד צערייסט זיינע קייטן“. שפּעטער פירט ער אויף אין לאָמזשע „דער בעל תשובה“. דאָס לעצטע איז אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין אייגענער לאַגע, וואָס ער דאַרף זיך פאַרשטעלן פאַר אַ פרומען בחור אין זיין הויז. ער אָרגאַניזירט אין לאָמזשע דראַמאַטישע קרייזן און שפּילט אַליין אין פיל טעאַטער פאָרשטעלונגען. נאָך אַמאַטאָרן האָבן דאַן געשפּילט מיט אים: יאַקאָבינסקי, חן, אסתר וואָלאָוויץ, אָפּענבערג, חיניץ, יאשינאָווסקי לייבל, דיריזשאָר זיסקינד, דבורה לוצקי, די שוועסטער ראָטשילד, א. נ. י. עברי איז אַיינגעלאַדן געוואָרן צו שפּילן אין „יונג טעאַטער“ פון מיכאל וייכערט, אָבער ער האָט אויסגעקליבן צו זיין אין ישראל.

## ביים סוף

אין די לעצטע 10 יאָר פאַרן חורבן איז שוין נישט געווען אין לאָמזשע קיין אַמאַטאָרן־קרייז, נאָר די וואָס ביי די לערן אינסטיטוציעס אָדער ביי „החלוץ“, „השומר הצעיר“, „בונד“, „פועלי ציון“. פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן פלעגן צייטנווייז אַראָפּקומען און שפּילן. זיי פלעגן שטענדיק האָבן פיל צושויער. די טאַלאַנטירטע אַמאַטאָרן זיינען מייסטנס אַוועק קיין אַמעריקע, אַרגענטינע און ארץ ישראל. די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע און די פּאָליטישע גזרות אויף דער אידישער באַפעלקערונג האָבן דערדריקט דעם שפּיל־גייסט ביי די אידן.

דראַמאַטישע סטודיאָ ביים „אַרבעטער היים“, 1917.

ערשטע רייע (רעכטס) שטייענדיק: א. ניימאַנאָוויץ, דוד מאָהעל, אַלטער פליישער, קאַץ, ברוכאַנסקי. צווייטע רייע: ז. מאַרציק פרומקע שיינקאָפּ (לעווינסקי), ד. אנט, א. עווריעוויץ, ג. שטייגמאַן, יעשענאָווסקי. דריטע רייע (זיצנדיק): חיים וואָלאָווסקי, הערשל וואָלאָוויץ, דר. ש. יוריס (דאַן געוויילט אין לאָמזשע), משה פירער מיט זיין טאָכטער, און יאָסל עווריעוויץ.



# לאָמזשער שרייבער און צייטונגען

פון די פילע לאָמזשער קאָרעספּאָנדענטן אין לעצטן דור האָבן זיך אַרויסגעהויבן וואָלף־בער דראַזדאָווסקי, אַגענט פון וואַרשעווער „היינט", און פייוול־שכנא פּאַסמאַניק, וועלכער פלעגט שיקן קאָרעספּאָנדענציעס וועגן לאָמזשער אידישער געמיינדע אין „הצפירה" און אידישע צייטונגען. אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אויסגעצייכנט שמחה סאַפּירשטיין מיט־רעדאַקטאָר פון „לאָמזשער שטימע", וועלכער איז אויך געווען אַקטיוו אין אָרגאַניזירן האַנטווערקער א. אַנד. ער האָט באַזעסן אַן אָפּענעם אויג און אַ שאַרפע פּעדער און איז אַזוי אַרום געשטאַנען אויף דער וואַך צו רעאַגירן מיט שטאָלץ אויף יעדער נעגאַטיווער דערשיינונג אין אידישן לאַגער און אויך



יונגע אידישע שרייבער וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דעם „טייפון".

פון רעכטס צו לינקס שטייענדיק: פּאָסעסאָרסקי, פּיקאַל, ח. גלישינסקי, פרידמאַן (היינט ז. וואָלף אין אַרגענטינע), א. ניימאָוויץ (ריוועס). זיצנדיק: ש. זאַראָמב, אַהרן מאַרק און ירחמיאל שטייגמאַן.

צווישן דער פוילישער געזעלשאַפט. אַ צווייטער צו אים איז געווען ליאָן בלאַוואַט פון „השומר הצעיר".

אויך אין פריערדיקן דור האָבן נישט געפעלט קיין קאָרעספּאָנדענטן פון לאָמזשע. לויטן שרייבער לעווקאָוויץ (אברבנאל), „הצפירה", 1878, נומ. 1, איז לאָמזשע געווען אין יענע יאָרן אַ קהילה מיט געאָרדנטע אינסטיטוציעס, און קאָרעספּאָנדענציעס דערשיינען זעלטן אין דער פּרעסע וועגן איר אויס מאַנגל אין מאַטעריאַל. קהילות מיט מחלוקת'ן שטעלן צו גענוג מאַטעריאַל, לאָמזע דאַקעגן איז געווען אַ שטאָט פון שלום ושלוה, אחדות וריעות...

פונדעסטוועגן האָבן מיר פאַרצייכנט 40 שרייבער פון לאָמזשע אין די בענדער פון „המליץ", „הצפירה" און „הכרמל". איינציקע מיט זייערע אמת'ע נעמען און אַנדערע אונטער פּסעוודאָנימען, כדי נישט צו ווערן פאַרפאָלגט פאַר זייערע קריטיקירנדע בריוו, ווי עס געטראָפן מיט עקיבא סלאָנימסקי, וועלכער איז גע'רודפ'ט געוואָרן פאַר אַ קאָרעספּאָנדענציע אונטערן פּסעוודאָנים סמולינסקי (מער וועגן דעם אין דער אָפּטיילונג וועגן דער תלמוד תורה). ער האָט געהאַט גליק וואָס די צייטונג האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן זיין אמת'ן נאָמען, אַנדערש וואָלט מען פון אים די פרנסה צוגענומען און פאַרשריבן אין חברה־קדישא־פּנקס צו ווערן באַגראָבן „קבורת חמור", ד. ה. נעבן פאַרקאַן פון בית עולם.

פאָלגנדע זיינען די נעמען פון די שרייבער, וואָס האָבן פאַרשפּרייט דעם נאָמען פון לאָמזשע, לויטן אלף־בית: י. אברבנאל, זיין אמת'ער נאָמען איז אברהם־יצחק בן א. לעווקאָוויץ — ראשי תיבות — אברבנאל, „הצפירה" און „המליץ", 1877, 1878. — בזשאָזאָווסקי א. ג. — אַ יעדוואַבנער, היינט אין ישראל — „הצפירה", 1894. זיין זון יוסף באַגוזאָווסקי — דאָקטאָר אין פּתח־תקוה, זיין אייניקל איז געווען אַ קעמפער אין דער באַפרייאונג'ס באַוועגונג אין מאַנדאַט־צייט, געזעסן אין טורמע פיל יאָרן. — באַרביץ בנימין, „הצפירה" 1881 — ביסקא א. ל. „הצפירה" מייסטנס אין 1900. — בערמאַן ברוך־יצחק „המליץ" 1884 — דאָמאָוויץ יצחק, פאָטער פון פירער פון ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָמזשע, איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוני, משכיל, מטיף אין פיל חברות — „המליץ" 1890. — דאָמאָביץ אב"י, א. דאָמאָוויץ, אב"י ראשי תיבות אברהם בן יצחק, הויפּט פון ציוניסטישער באַוועגונג „התחיה", רעדאַקטאָר פון „לאָמזשער שטימע". ערשטע קאָרעספּאָנדענציע אין „המליץ", 8 נאָוועמבער 1896 וועגן די עוולות אין רעקרוטירונג־סדר, וואָס אפילו די אָרעמע, אָפּט איינציקע שפּייזערס פון משפּחות ווערן גענומען צו מיליטער־דינסט אָנשטאָט די רייכע, וואָס בלייבן אין זייערע היימען. — היילפּערין אייזיק, „המליץ" 1900. — יאַקאָבי י. ל., „המליץ" 1900. — כהן ב. — בנימין כהן, זאַבלודאָווער רב'ס אַ זון, ה. שעניאַק'ס איידעם פון זאַמבראָוו, „המליץ" 1895. ער האָט פיל געליטן פון דעם וואָס זיין זון מיטן נאָמען „חיים פּול" איז נישט געווען ביים קלאָרן זינען. — לעוויטאַנסקי אברהם־יעקב, פּסעוודאָנים „לעווי־

טאַן", „המליץ" 7טן מאַי 1881, „הצפירה" ט' בשבט 1883. — לעווקאָוויץ יעקב־אברהם, פריער דערמאָנט, אברבנאל. — לעוואָוויץ נחמיה שמואל, געשטאַמט פון קאלנא, „הצפירה" 1879 און ווייטער, באַוואוסט אין אַמעריקע אַלס זאַמלער פון אידישן הומאָר, מחבר פון ספרים „השומע יצחק", „ספר שעשועים" און ביאָגראַפיע פון ר' יהודה־אריה פון מודינא. — מילער — לבנון 1872. ניימאַרק א. — המליץ 1883. סלאָנומסקי עקיבא, העברעאישער און רוסישער לערער אין רייכע הייזער — המליץ 1880. סמאלונסקי עקיבא, פריער דערמאָנט. פיינגאָלד בן־ציון — „הצפירה" 1883. פריימאַן אברהם־יוסף — „הצפירה" 1880. — פריינקל יצחק־לייב — „הכרמל" 5טן יאָר ה' אדר 1864. — קאטלער — „הצפירה" 1893. — קלאצקאווסקי ישראל, אַגענט און קאָרעספּאָנדענט פון לאָמזשע און איר סביבה — „הצפירה" 1896 — רזאַטקעוויץ בנימין — "הצפירה" 1884, נומ. 33 וועגן די אָפּטע שריפות אין שטאָט.

## פּסעוודאָנימען

פּאָלגנדע פּסעוודאָנימען געפינען זיך אין די העברעאישע צייטונגען פון צווייטן העלפט פון 19טן יאָרהונדערט: אב־סאָן — מסתמא אַבראַמסאָן — „המליץ" און „הצפירה". — „איש פלוני וכהן", אָדער „פלוני וכהן" — אַלתר כץ, פריער דערמאָנט. — אי"ש אמ"ת — „הצפירה" תרנ"ח. — א"ך ב. — „הצפירה" 1896. — בן עיר — „הצפירה" תרנ"ו־נ"ז. — בן פורת — המליץ 1870 ז' באווגוסט. — גר־ותושב — "הצפירה" תרנ"ח ו' בשבט. — חובב ציון, „המליץ" 1894. — נ. ס. — „המליץ" 28 במאי 1894. — מ. מ. — „המליץ" יוני 1891, „הצפירה" ט"ו שבט 1896. — פלוני — „המליץ" 27 יאַנואַר 1894. — „זה־שמי", דאָס איז מסתמא געווען שמואל־נחמן יאקאבי — „הצפירה" 1886. — ל. — ב„הצפירה" 1897, א. א. הצופה — „הצפירה", תרנ"ה, נומ. 166.

א. ריוועס (ניימאָוויץ)

# אונזער ליטעראַרישער קרייז

(יזכור־פראַגמענטן נאָך דריי חברים)

### משה פיינצייג (שמואל זאראמב)

אין תוך זיינעם איז ער געווען אַ טראַגישע געשטאַלט, פול מיט ווידערשפּרוכן וואָס האָט געבראַכט צו פאַרפּלאָנטערנישן און צו קידער־ווידער מיט זיינע פריינט און באַקאַנטע. האָט געאַכטעט דעם „בונד" (מאָטל ביאַלי האָט זיך געלאָזט קאָסטן צו באַפרייען אים פון אַרעסט פאַר אַרויסדרייען זיך פון פוילישן מיליטער) און גלייכצייטיק געווען אַקטיוו אין פּעריאָדישע אויסגאַבן פון „החלוץ". זעצט איבער שירים פון העברעאיש און טראָגט זיך אַרום מיט פאַרשידענע מאַנוסקריפּטן. זיינע געשטאַלטן מאָלט ער שטענדיק מיט תנ"ך־פאַרבן. פיל פון זיינע שירים האָט ער נישט זוכה־געווען אַרויסצוגעבן אפילו אין אַ זאַמלונג, ד. ז. זיינע אָפּהאַנדלונגען און נאָטיצן.

ער האָט אויך געהאָלפן און געשטיצט יונגע שרייבער, וועלכע האָבן שפּעטער געהערט צום שרייבער פאַראיין פון טלאָמאַצקע 13. אין די בנינים פון וואַרשעווער געטאָ זיינען פאַרברענט געוואָרן זיינע שאַפונגען. לויט בערל מאַרק'ן איז זאראמב אומגעקומען אין נעסוויזש צוזאַמען מיטן שרייבער ש. וואלמאַן. זיי זיינען געווען צווישן די אידן וואָס האָבן געקעמפט מיט די נאַציס.

## „טייפון" — קונסט־ליטעראַרישע זאַמלונג

ש. זאראמב'ס הויז איז געווען אַ קלוב־אכסניה פאַר יונגע ליטעראַטן אָדער פאַר די וואָס האָבן געהאַט די אומרו, אַמביציע צו זיין אַ ליטעראַט. זיי האָבן אין זאראמב'ן געהאַט אַ פאָטער און אַ מדריך. זיין מיינונג איז געווען אָנגענומען, ווייל זיינע לידער זיינען דאָך שוין געדרוקט געווען אין וואַרשעווער „אַלמאַנאַך". ווען אהרן מאַרק איז צוריקגעקומען פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, איז אין זיינעם אַ שמועס מיט ש. זאראמב צייטיק געוואָרן דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אין לאָמזשע אַ זאַמל־בוך פאַר ליטעראַטור. נאָך פון פריער זיינען מיר ביידע, מאַרק און איך, געווען טעטיק אין פּועלי־ציון און אין זשורנאַל „האַמער". צו אונז איז צוגעקומען דער יונגער ח. וואָלף, וועלכער איז איצט אין אַרגענטינע, וואו ער האָט אַרויסגעגעבן די ביכער: „די סאָציאַליסטישע מאָראַל" און „דער ביאָלאָגישער באַגריף פון מענטשן אין דער געזעלשאַפט", און ירחמיאל שטייגמאַן, אַ פיין פילנדער יונגערמאַן מיט אַ פּאָעטישער נשמה. פון צייט צו צייט פלעגן דערשיינען זיינע שירים אין „לאָמזשער שטימע" און אין אַנדערע צייטונגען. נאָך איינער איז צוגעשטאַנען — דער מאלער חיים גלישינסקי. אַזוי אַרום האָט זיך געגרינדעט אין לאָמזשע אין 1923 די ליטעראַרישע זאַמלונג, וואָס לויט דעם ליטעראַרישן גייסט פון יענער צייט האָט מען אַ נאָמען געגעבן „טייפון".

טייפון

קונסט־ליטעראַרישע זאמלונג

רעדאקציע קאלעגיום

פארלאג היימיש

לאמזש

1923

א

דרוק ד. ציפרין, לאמזש.

נישט גלויבנדיק אין אונזערע אייגענע כחות, האָבן מיר אַלע געשריבן אונטער פּסעוודאָנימען. ווי גרויס איז אָבער געווען אונזער איבעראַשונג, ווען מיר האָבן געלייענט אַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג פון „טייפון" מיט זיינע מיטאַרבעטער. 30 יאָר זיינען שוין אַריבער פון יענעם באַשיידענעם אָנפאַנג אין ליטעראַרישער שאַפונג. נאָך דעם איז יעדער פון אונז געוואָקסן אין זיין ווינקל. אהרן מאַרק האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס איבערזעצער. ער איז אין 1934 געשטאָרבן אויף זיין

34טן יאָר אין ווילנע. שמואל זאַראָמב און ירחמיאל שטייגמאַן זיינען אומגעקומען דורך די נאַציס.

### אהרן מאַרק

אינערלעך און אויסערלעך שטורמיש און אָן אַ פּגם. פון זיין יוגנט געשריבן פערזן מיט גראַמען. באַזעסן אַ גרעסערן טאַלאַנט פון אויסדרוק אין העברעאיש און פּויליש ווי אין אידיש. דערצויגן געוואָרן איז ער אין אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער הויז, וואָס אַן אַריסטאָקראַטישער חן האָט עס באַצירט. און דאָס איז איבערגעגאַנגען בירושה. זיין אינגערער ברודער, בערל מאַרק, איז געווען אַ שרייבער־דענקער, קולטור־עסקן שפּעטער — דער הויפּט פון אידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן. נאָך אַלס תלמיד האָט אהרן פאַרנומען אַן אָרט פון אַ מדריך פון יוגנט אין פּועלי־ציון, וואו ער האָט אויך אָנגעפאַנגען זיין ליטעראַרישע טעטיקייט.

זיין פאָלקאָמענהייט האָט ער דערגרייכט אין איבערזעצונגען: 10 בענדער „זשאַן קריסטאָף" פון ראָמען ראָלאַן; אייניקע שריפטן פון קנוט האמסאן, א. אַנד. אייניקע פון זיינע איבערזעצונגען זיינען פאַרבליבן נישט געדרוקט. אייניקע לידער פון ווערליין, באלדער און קראשינסקי האָט ער איבערגעזעצט אין אידיש. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ גאַנצן אידיש־פּוילישן ווערטער־בוך. פאַר זיין שטורמישן גייסט איז עס אָבער נישט גענוג געווען. גיט ער זיך איבער צו פאָרשן די אידישע ליטעראַטור כדי צו דינען די אידישע שולע, פאַר וועלכער ער באַאַרבעט די שאַפונגען פון מענדעלע און שלום עליכם.

פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, וואו ער שטודירט געזעצגעבונג און ליטעראַטור, קומט ער קיין ווילנע, וואו ער פאַרנעמט אַן ערשט־קלאַסיקן אָרט אַלס לערער אין רעאַל־גימנאַזיע פון צ. ב. ק. (צענטראַל בילדונגס קאָמיטעט) און אין ליצעאום. ער ווערט דאָרטן אויך אַן עסקן פון הויכן גראַד, קולטור און גייסטיקער פירער פון דער יוגנט און מיט אַלעם דעם אַרבעט ער נאָך אין „ווילנער טאָג". אָט די אַזוי־פילזייטיקע שטורמישע פערזענלעכקייט שטאַרבט פון אַ בלוט־קראַנקייט פלוצלונג אַלט זייענדיק בלויז 34 יאָר.

### ירחמיאל שטייגמאַן

אַזוי ווי אַלע אינטעליגענטע אידישע בחורים אין פּוילישן מיליטער איז ירחמיאל שטייגמאַן פאַרשפּאַרט געוואָרן נאָכן צוריקקומען אין לאַגער יאַבלאָנאַ, וואו ער האָט געליטן פיזיש און גייסטיק. ער האָט געבראַכט פון דאָרטן רשימות פון די פּייניקונגען, וואָס אַ אידישער סאָלדאַט ליידט זיך אויס אין דער פּוילישער אַרמיי. ער אַליין האָט אָנגענומען די יסורים מיט ליבשאַפט, שטענדיק האָט זיין פּנים געהאַט אַ מעפיסטאָפעל־שמייכל.

ער האָט געשריבן שירים און זיי אַרויסגעגעבן אין ביכער־פאַרלאַג „בזשאָזאַ" אין וואַרשע (סענדער מיכל׳ס זון) צוזאַמען מיט זיין בוך „די גאָלדענע פעדים". זיינע לידער זיינען פול מיט קהלת־יאוש (הבל הבלים). ער האָט נישט געקענט שלום־מאַכן מיט זיין גורל. געבענקט נאָך ארץ ישראל און נישט געקענט גיין אַהין צוליב זיין אַלטער מאַמען און שוועסטער נישט וועלנדיק זיי פאַרלאָזן.

אין 1931 איז אין קלאצקינ׳ס פאַרלאַג אַרויס אַ צווייט בוך זיינס מיט לידער פאַר קינדער מיט פאָטאָגראַפיעס און בילדער פון מאלער א. גוטערמאַן. דאָס בוך איז הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן פון דער קריטיק.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער אַלס סאָלדאַט אין דער פּוילישער אַרמיי אַריינגעפאַלן אין געפענגעניש אין דייטשלאַנד. ער איז פון דאָרטן אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן ערגעץ אין אַ פּויליש שטעטל ביים בוג, וואו פון דער צווייטער זייט זיינען געווען די רוסן. לויט די ידיעות פון ב. מאַרק, האָט שטייגמאַן געוואָלט אַריבער דעם טייך צו די רוסן — פון דאַן זיינען פאַרשוואונדן זיינע שפּורן.

## ביבליאָטעקן

נאָך אין 1894 האָבן יונגע משכילים געגרינדעט אין לאָמזשע אַ ביבליאָטעק און לויטן „המליץ" און „הצפירה" תרנ"ו, י' טבת, ט"ו בשבט, האָבן זיי דאַן אויפגעזאַמלט אַרום 500 ביכער פון די בעסטע העברעאישע שרייבער און ביסלעך אין אידיש און רוסיש. לייען־געלט איז געווען 20 קאָפּיקעס אַ חודש אָדער 5 ק. פאַר אַ בוך. אָרעמע קינדער האָבן געקראָגן הנחות אָדער אומזיסט.

אומגעפער אין 1905 האָבן די אַרבעטער געגרינדעט אַ ביבליאָטעק מיט אַ לייען־זאַל אונטער דער אויפזיכט פון מ. ביאלי און דאָמאָוויץ. שפּעטער איז די ביבליאָטעק אַריבער צום „בונד", וועלכע האָט געדינט ווי אַ קוואַל פון וויסן פאַר די אַרבעטער ביזן חורבן. זי האָט זיך גערעכנט פאַר איינער פון די גרעסטע אַרבעטער ביבליאָטעקן אין פּוילן.

אין יענער צייט האָבן אויך די ציוניסטן געעפנט אַ העברעאישע ביבליאָטעק וועלכע איז געווען פילע יאָרן נישט לעגאַל און זיך געפונען אויפן בוידעם־שטיבל פון ה' באָבראָווסקי. די ביבליאָטעק איז דערנאָך אַריבער צום „התחיה" און איז געווען אַ קוואַל פון השכלה פאַר מאַסן לייענער.

אויך פייוול־שכנא פאסמאניק האָט איינגעאָרדנט אין זיין בוך־געשעפט אַן אויסלייענדע ביכער ביבליאָטעק פאַר געצאָלט. דאָס זעלבע האָט געטאָן אברהמ׳ל מ"ס, פּרוזבאלאוויץ, מיט זיין אוצר־ספרים אויף יאַטקאָוואַ גאַס. ביבליאָטעקן זיינען אויך געווען ביים „חדר מתוקן", פאָלקס־שולן, אין דער גימנאַזיע, „השגחת יתומים" פאַר אייגענע תלמידים. עס איז אויך געווען אַ שטאָטישע ביבליאָטעק „טשיטעלניאַ" פון וואַנען די יוגנט האָט געשעפּט וויסן.



# זשורנאַלן און צייטשריפטן אַרויסגעגעבן אין לאָמזשע

פרייז

# לאָמזשער וואָכער

Łomża, 21-go sierpnia 1938 roku

---

פרייז 20 גר.

№ 6.

Łomżer Sztyme – Głos Łomżyński

# לאָמזשער שטימע

Piątek 23 czerwca 1939 r.

---

№ 1. פרייז 30 גר. Łomżer Arbeter-Trybune.

# לאָמזשער ארבעטער-טריבונע

— ערשיינט 1 מאָל אין חודש —

Adres red. i Admin.: „Łomżer Arbeter-Trybune". I. Nowberg, Łomża Senatorska № 9

KWIECIEŃ 1929 אפריל

---

№ 1. Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem. Łomżer-Wort.

# לאָמזשער וואָרט

אונפּאַרטייאיש דעמאָקראַטיש-בלאַט — ערשיינט 2 מאָל א חודש.

Adres Redakcji: „Łomzer Wort" Dawid Bagan, Łomża Stary Rynek 15

Czwartek 30 stycznia 1930 r. ערשטאג א' שבט תר"צ

---

Jednodniówka. פרייז 15 גר. Łomżer Lecte Najes.

# לאָמזשער לעצטע נייעס

Piątek 15 maja 1931 r. פרייטאג כ"ח אייר תרצ"א.

---

פרייז 50 גר. „Jednodniówka" Dos Idysze Łomża

# דאָס יידישע לאָמזשע

Łomża, 13 lutego 1925

---

Jednodniówka. פרייז 20 גר. „ŁOMŻER-LEBEN"

# לאָמזשער לעבן

אָרטאָדאָקסיש מאָנאַטס שריפט.

Łomża, w kwietniu 1938 roku.

---

№ 1. פרייז 30 גר. UNZER WORT

# אונזער וואָרט

אָרטאָדאָקסיש-מאָנאַטסבלאַט.

ŁOMŻA 25 GRUDNIA 1924

---

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem Cena 20 gr.

№ 23. Łomża, 10 czerwca 1934 r., niedziela. Rok VI

# PRZEGLĄD ŁOMŻYŃSKI

PRAWEM NACZELNEM DOBRO PAŃSTWA

ILUSTROWANY TYGODNIK POWIAT.: łomżyńskiego, ostrołęckiego, ostrowskiego, szczuczyńskiego i wysoko-mazowieckiego.

---

№ 8. Łomża, dnia 18 Lutego 1922 roku. Rok III.

# GAZETA ŁOMŻYŃSKA

Pismo poświęcone zagadnieniom życia narodowego Ziemi Łomżyńskiej w zakresie politycznym, społecznym i kulturalnym.

# דער גרויסער בית המדרש



אין 19טן יאָרהונדערט האָט די ניי־גע־גרינדעטע לאָמזשער קהילה אָפּגע־קויפט דעם פּלאַץ, וואָס האָט שפּע־טער אַנטהאַלטן די סענאַטאָרסקע און שקאָלנע גאַסן. דאָרטן האָבן זיך גע־פונען אַלטע פאַרלאָזענע פּאַלאַצן און רעגירונגס־בנינים. דאָרטן איז אויפ־געבויט געוואָרן דאָס ערשטע געבעט־הויז. אידן האָבן פון דאַן אָן גערופן די דאָזיקע גאַס — „שול־גאַס".

אין 1841־1842 איז אויפגעבויט געוואָרן אַ שיינער בית מדרש מיט דער הילף פון פילע בעלי־בתים מנדבים אין געלט אָדער אַרבעט. איינער, ר' משה פרידמאַן, אַ גלעזער, האָט אַלס נדבה אַריינגעשטעלט שויבן און אין זעלבן יאָר (תר"ב) איז ער געשטאָרבן. אויך קלענערע בתי־מדרשים זיינען שפּעטער צוגעבויט געוואָרן. אָבער דעם ערשטן האָט מען גערופן דער גרויסער בית מדרש. דאָרטן האָבן געדאַוונט: דער רב, די ראשי הקהל, א. א. אַרום דעם בית מדרש האָבן זיך געפונען די קהל'שע אינסטיטוציעס: בית־דין שטיבל, דער הקדש, דאָס שחיטה־שטיבל, שפּיטאָל, תלמוד־תורה, הכנסת אורחים, די ישיבה, א. א. דער גרויסער בית־מדרש האָט אויך געדינט פאַר פאָלקס פאַרזאַמלונגען פאַר אַלערליי צוועקן.

אין 1863, נאָכן אונטערדריקן דעם פוילישן אויפשטאַנד, האָט די צאַרישע מאַכט פאַר'חתמ'עט דעם גרויסן בית־מדרש



דער גרויסער בית המדרש

אויפגעבויט אין 1831 אויף די רואינען פון פּאַלאַץ פון קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן. אויבן אויפן אויבער־שטיבל איז געווען דאָס קהל'שע שטיבל, דעם רב'ס וואוינונג און די בית דין שטוב.

צוליב אַ מסירה, אַז עס איז אַ זאַמל־פּלאַץ פאַר די אויפשטענד־לער און פאַר געווער. אָבער נאָך אַן אינטערווענץ און אַ „מתן בסתר" איז ער צוריק געעפנט געוואָרן.

## חברה תורה

איבערן גרויסן בית־מדרש האָט פאַרנומען אַ קליינעם טייל די „חברה תורה" פאַר אידן צו לערנען בין מנחה למעריב חומש מיט רש"י לויט דער סדרה פון דער וואָך.

## חברה בדק הבית

אין אַ ווינקל פון בנין פון גרויסן בית־מדרש האָט זיך איינגעשטעלט אַ קליינער בית מדרש בדק הבית. דאָ האָבן געדאַוונט עמך, מיינסטנס פון נאָענט אַרום: בעלי־עגלות, פישערס, קצבים, א. ד. ג. אַ רבי פלעגט לערנען איבערהויפּט שבתים מיטן עולם. דער לעצטער גבאי דאָרטן איז געווען יאָסל סלאָמצעוויץ, אַ „גבור אַ איד", אויסגעמישט מיט אַלעמען, אויך מיט פּאָליציי.

אין לעצטן דור איז דער גרויסער בית־מדרש אַרונטער פון זיין מדרגה. פילע בעלי־בתים האָבן זיך באַזעצט אין ווייטערע שכונות: אַרום נייעם מאַרק, ווייסקא גאַס, א. אַ. וו. און האָבן געעפנט קליינע מנינים נענטער צו זיי. פיל אידן האָבן בעסער געדאַוונט אין דער גרויסער שול „חברה ש"ס". אויך האָבן פאַרשידענע מחלוקת'ן אין ענינים פון קהל ווי אַרום דעם רב ר' אליעזר־שמחה, אָדער וועגן שוחטים דער־ווייטערט פיל בעלי־בתים פון גרויסן בית מדרש. לעצטענס האָט ער אויסגעזען ווי אַן איבערבלייבעניש פון אַן אַלטער פעסטונג. דער גרויסער בית מדרש איז געשטאַנען הונדערט יאָר אויף זיין פונדאַמענט ביזן חורבן.



דער עמוד און דער ארון הקודש אין גרויסן בית המדרש

# לאָמזשער גרויסע שול

אין 1859 (תרי״ט) האָט אַ גרופּע בעלי־בתים אָפּגעקויפט אַ פּלאַץ פון דער רעגירונג אויף דעם ווינקל־גאַס סענאַטאָרס־קאַ־געלצינסקאַ נעבן אַלטן מאַרק צו בויען דאָרט אַ נייע גרויסע שול. די אַלטע שול, וואו שפּעטער איז געשטאַנען דער הכנסת אורחים, איז געווען צו קליין פאַר לאָמזשער קהילה. צוליב די אומרוען דורך די פּוילישע אויפשטאַנדן און די צאַרישע רעפּרעסיעס, האָט זיך די אַרבעט ערשט אָנגעהויבן אין יאָר 1879 (תרל״ט), אַ דאַנק די התעוררות פון נדיבים און ר׳ אליעזר־שמחה ראַבינאָוויץ, דער דאַמאָלסדיקער לאָמזשער רב. אין „הצפירה״, כ״ד תמוז תרל״ט, ווערט צוגעשריבן די וויכטיקע געשעעניש צו דער איניציאַטיווע פון דערמאָנטן רב און מורה־צדק ר׳ נח־יצחק דיסקין, ישראל־משה נאָווינסקי, ר׳ צבי קופּיעצקי און ר׳ צבי טרוסקער. עס האָט געדאַרפט קאָסטן אַרום 60 טויזנט רובל.

צ. קופּיעצקי האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט צו דעם צוועק פון זאַמלען געלט, מאַטעריאַלן און אַכטונג געבן אויף דער אַרבעט. און אַלץ האָט געדאַרפט אָפּגעטאָן ווערן אין 2 חדשים פאַר ראש השנה כדי מען זאָל דאָרט שוין קענען דאַווענען (לאָמזשער קהל האָט אָנערקענט זיין גרויסע טעטיקייט און אויף זיין מצבה אויפן אַלטן בית־עולם האָט מען אויסגעקריצט די שול אין מיניאַטור).

ר׳ צבי קופּיעצקי איז נישט געווען אַליין אין זיינע אויפגאַבן. מיט אים זיינען געווען: ר׳ לייבצע קאַרבאָווסקי (פאָטער פון דאָקטאָר), ר׳ חיים־זלמן יעלין, ר׳ לייזער בזיראָווסקי און ר׳ מאיר בורשטין. קיין זאַך איז נישט געווען שווער פאַר די דאָזיקע מענטשן, כדי צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל — אַ נייע שול פאַר לאָמזשע! אָבער ס׳איז עפּעס נישט געווען קיין הצלחה. פּאָליאַקן האָבן געפאָדערט דורכן געריכט דעם פּלאַץ פאַר קריסטלעכע הייליקע צוועקן, מאָטיווירנדיק, אַז דאָס איז געווען מאַיאַראַטן ערד — פּריצישע. אַלס באַווייזן האָבן זיי געבראַכט די טיילן פון קריסטלעכע מתים, וואָס מען האָט געפונען גראָבנדיק דעם פונדאַמענט, און אויך אַ קליינעם קעלער מיט פלעשער וויין. אָבער לסוף האָבן די אידן געוואונען אין געריכט, די אַרבעט האָט זיך אָבער געשלעפּט אַרום 2 יאָר. לויט „המליץ״ פון 22טן דעצעמבער 1880 האָט אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן די בעלי־בתים אַזוי ווי מען האָט נאָר אַרויפגעשטעלט דעם דאַך. מען האָט אויפגעהערט צו ברענגען נדבות און די אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט. צו דעם האָט נאָך אויסגעבראָכן אַ שריפה אין דעם בנין און נאָר אַ דאַנק דער מי פון די אידישע פייער־לעשער איז עס איינגעלאָשן געוואָרן. דערביי האָט זיך ספּעציעל מוסר־נפש געווען ר׳ אלי־צמח וורובעל, געוועזענער שמש, אַ איד אַ גבר, פון די הויפּטן פון די פייער־לעשער. ער האָט ממש געשטעלט זיין לעבן אין געפאַר אָנהענגענדיק זיך אָן סופיט צום לעשן דעם פייער און באַלד איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד און נאָר דורך אַ נס איז ער געבליבן גאַנץ. איניקע יאָרן האָט מען דאָרט געדאַווענט אָן אַ סופיט, אָן אַ פּאַסיקן ארון קודש און פּאַסיקע בענק.

דאַן האָבן זיך דערוועקט די געפילן פון „עמך״ און איינער פון זיי, ר׳ יצחק קולאַק דער שוסטער, האָט זיך „איינגעשפּאַנט״ צו קלייבן פּרוטות פון שטוב צו שטוב פאַרן ארון קודש. גלייכצייטיק האָט ר׳ לייבצי קאַרבאָווסקי געזאַמלט געלט צווישן די רייכע. מיט דער צייט, אַז עס איז שוין געווען מיט וואָס צו קויפן מאַטעריאַל, האָבן זיך פאַרזאַמלט די קינסטלער־בעלי־מלאכה אויסצואַרבעטן פּלענער פאַר דער הייליקער אַרבעט: ה׳ זאַסלאַווסקי דער טאָקאַרשניצער; ר׳ ישראל באַגאַצקי, א מומחה אין פאַרבן און גאָלד־שמידעריי; ר׳ זעליג־לייב וויבראַנציק און אברהם פּיוּול פּיורקאָ, אַן עקספּערט סטאָליער און אַן עכט פיינער, באַליבטער מענטש, און דער באַוואוסטער שלאָסער ר׳ שמשון שייפּער מיט זיין זון יעקב־נתן. דער פאַרבן־סוחר, ר׳ חיים צעכאַנאוויץ, ר׳ אברהם מזרח׳ס שווער, האָט געשאָנקען ריינע גאָלדפאַרב פאַר עטלעכע הונדערט רובל. עס איז צעטיילט געוואָרן די אַרבעט. יעדער האָט דערפילט זיין אויפגאַבע און דער ארון קודש איז פאַרטיק געוואָרן. אַלע האָבן באַוואונדערט זיין שיינקייט. דער הויפּט מבין־אויפזעער איבער דער גאַנצער אַרבעט איז געווען ר׳ ל. קאַרבאָווסקי מיט זיינע איינגעבוירענער מבינות אויף קונסט. ר׳ אהרן אקון האָט געשאָנקען די שיינע מנורה.



דער ארון הקודש אין דער גרויסער שול

אַ לענגערע צייט האָט מען שוין געדאַווענט אין שול און עס האָט קיינעם נישט געקימערט, וואָס מען שטייט אויף דער גאָלער ערד, נישט אויף קיין דיל. ביז אַ צופעליקער מגיד האָט גערעדט אין שול און האָט געוואָרנט זיינע צוהערערס, אַז טאָמער קומט פלוצלונג משיח, און וואָס אידן דאַרפן דאָך גלויבן, און אַלע קהילות וועלן זיך פאַרזאַמלען אין זייערע שולן און אַוועקפליען אַזוי קיין ארץ ישראל, וועלן לאָמזשער אידן בלייבן אויף דער ערד, נאָר די שול וועט אַליין פליען, ווייל זי האָט דאָך נישט קיין דיל... אָט דאָס שטיקל מגידות האָט געווירקט, און ר׳ הערש־בער געלצינסקי איז אַוועק קיין יעזשאַרק צום זעג־מיל, וואו ער האָט געקראָגן ברעטער אויסצולייגן אַ דיל אין שול. ר׳ ל. קאַרבאָווסקי האָט געשאָנקען טרעפּ פאַר דער ווייבער־שול.

אַ תקנה איז איינגעפירט געוואָרן אין שול: דער וואָס איז צוגעגאַנגען צום עמוד דאַווענען האָט געדאַרפט אָנטאָן אַ ספּעציעלן מאַנטל און זיך אַרומגאַרטלען. אַ קורצע צייט פאַר

דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ה׳ דיסקין פון לאָדזש געשאָנקען אַן אײזערנעם גדר אַרום שול. ער האָט עס געטאָן, כדי אַזוי אַרום באַאײנפלוסן לאָמזשער בעלי־בתים זײ זאָלן װעלן האָבן זײן אײדעם ר׳ חיים העלער פאַר רב אין שטאָט. אין יאָר 1918 האָט אַגראָנאָם יצחק לעװינסקי באַאַרבעט די ערד, װאָס אין דעם גדר און פאַרפלאַנצט דאָרטן בלומען און בױמעלעך. אין 1913 האָט מען אױסגעבױט נײַע בתי־כסאות בײַ דער שול פאַרן געלט פון ה׳ פײקוס. װאָס איז געװען טמא צו נוצן פאַר אַן אַנדער צװעק פון שול נױטי־קײטן.

װען ר׳ אלי־צמח װרובעל האָט זיך גענויטיקט אין געלט האָט ער פאַרקױפט זײַן פּלאַץ, װאָס האָט זיך געגרעניצט מיט דער שול, צו אַ חזירים קײלער. פאַר דער האַנדלונג האָט קהל אים אַנטזאַגט פון שמשות. ר׳ לײזער בזיראָװסקי האָט אָנגעגעבן אין געריכט אַ קלאַגע קעגן דעם מסחר מיט דער טענה, אַז קהל האָט דעם דין פון בר־מצר (דער נאָנטסטער שכן איז בילכער צו קױפן לאַנד). דאָס געריכט האָט געפּסק׳נט יחלוקו: העלפט צום אידישן קהל און העלפט צום גױ.

אין 1916, בעת דער דײטשישער אָקופּאַציע, האָט דער נײַער דעמאָקראַטישער װעד פון שול אײַנגעשאַפט מאָדערנע שײנע בענק פאַר דער שול. צװישן די אָנפירנדע מיטגלידער זײַנען דאַן געװען ר׳ אברהם מזרח, ר׳ אלי זײדענשטאַט, ר׳ מאיר אָרלאָװסקי. די דײטשן האָבן באַװיליקט האָלץ־מאַטעריאַל און ה׳ יודעלבױם האָט זײ געמאַכט. נײַע סדרים זײַנען אײַנגעפירט געװאָרן. אַ גרױסער טעפּיך איז אױסגעלײגט געװאָרן איבער דער גאַנצער לענג פון דורכגאַנג, װאָס אין מיטן פון שול. אױך עלעקטרישע באַלײכטונג איז אַרײַנגעפירט געװאָרן אין שול. דאַן איז אױך אַ מאָדערנער חזן אָנגעקומען אין לאָמזשער שול, ה׳ הירשאָװ (מער װעגן אים



די גרויסע שול (פון 1879 ביז 1939).

אין אָפּטײלונג פון חזנים). ימים נוראים און שמחת תורה איז די שול געװען געפּאַקט מיט מתפּללים. אַרמײ־אָפיצירן אָדער אַנדערע מלוכה־באַאַמטע באַזוכנדיק די שול בײַ פאַרשידענע געלעגנהײטן פלעגן לױבן די אָרדענונג פון שול. אין 1920 האָט ר׳ משה פרידמאַן, אַ פּיאָנער אין אױסאַרבעטונגען פון בעטאָן אין ארץ ישראל, געשאָנקען בעטאָן־טרעפּ צום אַרײַנגאַנג פון שול. פיל האָט אױך געטאָן ר׳ אלי זײדענשטאַט.

אין די לעצטע פאַרװאַלטונגען פון שול זײַנען געװען טעטיק: א. מזרח — פאָרזיצער; ח. ראָזענשײן — װיצע־פאָרזיצער; דר. ש. גאָלדלוסט, נאָטע דזשובקעװיץ, חיים װעלװל בורשטין, אהרן גלינקא, ישראל לעװינסקי (אַ יאָר פאַר זײַן אױפגײן קײן ישראל), ד. ז. קאַפּלאַן, נ. ראַפּאַלאָװסקי, א. מאַרקעװיץ, י. כץ, ע. גראַטש, דער פידל־שפּילער, א. נ.

אין די לעצטע יאָרן איז די גרױסע שול געװען אַ גוטער אָנהאַלט פאַר ציוניזם, איבערהױפּט פאַרן קרן קימת, דורך די נדרים. שפּעטער איז עס געװאָרן אײַנגעפירט אױך אין אַנדערע שולן. אָט דער שײנער כמעט־בית־המקדש איז חרוב געװאָרן צוזאַמען מיטן אומקום פון די, װאָס האָבן אים געבױט און אױסגעהאַלטן.

## „חברה תהלים"

אַזױ װי די שײנע בעלי־בתים האָבן געהאַט זײער חברה־ש״ס, „מגן־אברהם", אַזױ האָט „עמך", די שוסטער, שנײַדער, װאַסער־פירער, א. אַנד. געהאַט זײערע געבעט־הײזער, חברות. אין רעכטן װינקל פון דער גרױסער שול איז געװען אַ בית־מדרש „חברה תהלים" — פריער אין אַ געדונגענער דירה אױף סענאַטאָרסקע. די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון די זעלבע עלעמענטן. אײנע פון די הױפּט תקנות פון דער חברה איז געװען אַז אירע מיטגלידער דאַרפן זיך צונױפקומען בײַ אַ נפטר: אין זײַן הױז, שפּיטאָל, הקדש, און זאָגן תהלים פאַר זײַן נשמה אין דער צוגעפּאַסטער צײַט, פאַרטאָג. געװײנלעך פלעגט מען װעקן די חברים אין מיטן דער נאַכט אין רעגן אָדער שנײ און אױסשרײַען צו זײ: „קומט זאָגן תהלים!" און די ערלעכע פּשוט׳ע אידן פלעגן זיך אױפרײַסן פון שלאָף און גײן.

אָבער נישט נאָר תהלים זאָגן, נאָר אױך דאַװנען און לערנען מיט אַ רבי׳ן האָבן די חברים אײַנגעפירט אין בית מדרש זײערן. פון אַ שטיק פאַרטאָג און אױך אַ גאַנצן טאָג האָבן דאָרטן אידן געדאַװנט מיטן מנין, אבלים, אָדער יאָר־צײַטן, אָדער „פאַר זיך", װײַל עס איז געװען נאָענט צום „אַלטן מאַרק", װאו דער גרעסטער טײל פון אָט די פּשוט׳ע אידן האָבן געהאַט זײערע פּרנסות. אַן איבערגעגעבנקײט און אַ ליבשאַפט צו אַלץ און צו אַלעם האָבן באַהערשט די גבאים פון דער חברה. דאָס האָט מען געקענט זען אױף זײערע פּנים׳ער בעת זײערע טעטיקײטן, און אױך אױף די װענט מיטן סופיט, װעלכע זײַנען געװען קינסטלעך אױסגעמאָלן אַזױ, אַז מען האָט געקענט פילן דעם אָטעם־צוג פון דוד המלך, בעל התהלים: פאַרשידענע מוזיק־אינסטרומענטן מיט די פּסוקים פון תהלים, א. אַ. װ. אָט די מאָלערײַ איז געװען אַ נדבה פון ראַגינעצקי דער מאָלער.

דעם צװײטן טאָג שבועות, דוד המלך׳ס יאָרצײַט לױט דער מסורה, פלעגן די מיטגלידער פון חברה־תהלים זיך פאַרזאַמלען אין זײער בית מדרש און אױסזאָגן דעם גאַנצן תהלים; דערבײַ האָבן געברענט 150 ליכט, לױט דער צאָל קאַפּיטלעך אין תהלים. פּסוק־בײַ־פּסוק — אַ פּסוק דער

שליח־צבור ביים עמוד און אַ פסוק דער קהל מיט אַ באַקאַנטן, „מינאַר" ניגון און מיט גרויס דביקות. נאָכן ענדיקן דעם תהלים איז געגעבן געוואָרן אַ צובייס פון חלה מיט ראָזשינקעס געבאַקן, הערינג און ביר פון אַ פעסל געצאַפּט. דאָס זעלבע איז געגעבן געוואָרן שמחת־תורה, פּורים אָדער ביי אַ סיום הספר.

ווי שוין געזאָגט האָט די חברה זיך ניט באַנוגנט מיט בלויז תהלים זאָגן. ס'איז אויך געווען אָנגעשטעלט אַ רבי צו לערנען מיטן עולם, אויסגעזעצט אַרום אַ לאַנגן טיש און מער נאָך שטייענדיקע צוהערער. די למודים: תהלים דערקלערט אויפן מגיד'ישן שטייגער מיט מדרשים און אגדות; קיצור שלחן ערוך, משניות און עין יעקב. צו לויב דאַרף מען דערמאָנען איניקע רבנים. צוערשט ר' יואל הלוי הערצאָג, פאָטער פון הרב הראשי פון מדינת ישראל, וועלכער האָט דאָרטן געלערנט פיל יאָרן מיטן עולם און האָט גלייכצייטיק מיט ליבשאַפט אַגיטירט פאַר ישוב־ארץ־ישראל. אויך האָבן דאָרטן געלערנט ר' שבתי'לע דער מגיד, ר' צערוואַניעץ דער מלמד, פריער דער פאָטער און שפּעטער דער זון; ר' חיים־וועלוול הויסמאַן, פאָטער פון הערשל גראָסמאַן, לערער און עסקן אין אַמעריקע.

צו דערמאָנען צו גוטן אויך די גבאים, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן פון זייער צייט מי און געלט טאָג טעגלעך פאַר דער חברה: ר' אברהמ'ל שיסער, ר' גדליהו בוכבינדער, ר' מענדל קליין ר' זלמן זדאַנאָוויץ, ר' יצחק סאבאטקא, וועלכער פלעגט פיל טאָן צו פאַרשפּרייטן חיבת ציון צווישן די אויפגערופענע צום ספר מנדר צו זיין פאַרן קרן קימת. צולעצט — ר' געצל דער שמש, וואָס חברה־תהלים איז ביי אים געווען בילכער פון זיין הויזגעזינד...

ווען לאָמזשער אידן זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין געטאָ, נישט קענענדיק צוקומען צו זייער בית מדרש, האָבן די חברים פאָרגעזעצט זייערע הייליקע פונקציעס אין געהיים.

## חברה קדישא

אין יאָר תקצ"ג (1833) איז אין לאָמזשע געגרינדעט געוואָרן די חברה קדישא. ווי שוין פריער דערמאָנט, פלעגט מען ביז דאַן פירן מתים קיין שניאַדאָוואַ און דאָרטן מאַכן די טהרה און די קבורה. אין יענעם יאָר האָט די הערשנדע מאַכט דערלויבט די אידן צו פאַרלייגן אַ בית־עולם (דער אַלטער בית עולם). ווען די שול איז אויפגעבויט געוואָרן, האָט די חברה קדישא פאַרנומען דעם לינקן ווינקל ביים אַריינגאַנג פון שול. דאָס איז געווען אַ לענגלעכער שמאָלער צימער וואו די חברה פלעגט אָפּהאַלטן אירע אסיפות. דאָס חברה־קדישא שטיבל איז אויך געווען אַ בית מדרש'ל צום דאַוונען. באַזונדערס פלעגט עס אָנגעפילט ווערן ווינטער צייט שבת ווייל דאָרט פלעגט מען הייצן דעם אויוון.

צוליב חיזוק החברה זיינען יעדן יאָר איינגעאָרדנט געוואָרן 3 סעודות. איינע אום ל"ג בעומר, ר' שמעון בר יוחאי'ס יאָר־צייט. אַ צווייטע — חול המועד פסח אויסצוקלייבן גבאים. און אַ דריטע, אַ גרויסע סעודה איז געמאַכט געוואָרן ערב ראש חודש שבט. אויסער די חברים פלעגן אויך איינגעלאַדן ווערן די נכבדי הקהל און די כלי־קודש. צוליב די פיל אָנטיילנעמער פלעגט די סעודה פאָרקומען אין גרויסן בית־מדרש, נאָך פאַסטן דעם גאַנצן טאָג.

דער סדר־היום אין יענעם טאָג איז געווען אַזוי: אין דער פרי האָבן חברה־קדישא געדאַוונט בצבור, געזאָגט סליחות ספּעציעל געשאַפענע פאַר דעם. נאָכן דאַוונען איז גאַנץ חברה־קדישא אַוועק אויפן בית־עולם. שפּעטער ווען ס'איז צוגעקומען אַ נייער בית עולם, פלעגט מען גיין אויף ביידע און מתפלל זיין אויף די קברים. צו מנחה זיינען זיי געווען צוריק אין בית מדרש, וואו מען האָט געדאַוונט מנחה ווי אין אַ תענית צבור. גלייך נאָך מעריב איז פאָרגעקומען די סעודה, וועלכע איז באַשטאַנען פון די בעסטע מאכלים אויפן ברייטסטן פאַרנעם. אַלץ האָט צוגעגרייט מיכל דער סאַרוועך, גרויסער געניטער קוכער אין לאָמזשע און צוגרייטער אויף חתונות און אַנדערע שמחות. אויסער עסן און טרינקען אויפן ברייטסטן שטייגער האָבן נאָך כלי־זמרים געשפּילט אַלערליי אידישע שטיקער און יואל'קע דער בדחן האָט פריילעך געמאַכט דעם עולם מיט וויצן און מימיק.

אָט די גראַנדיעזע סעודה איין מאָל אין יאָר האָט געגעבן כח און סבלנות צו די מיטגלידער פון חברה־קדישא צו טאָן זייער שווערע איבערמענטשלעכע אַרבעט אַ גאַנצן יאָר.

די פאָלגענדע נעמען דאַרפן פאַרשריבן ווערן לזכרון, נעמען פון בעלי־בתים, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון חברה־קדישא און האָבן דערפילט זייערע אויפגאַבן מיט מסירות פילע יאָרן: ר' חיים־זלמן יעלען, ר' הערש בערגעלצינסקי און זיין זון, ר' נתן (נאָסקע) פּאָדראַטשיק, ר' לייבל קאַנטאָר, ר' צבי עפּשטיין, א. אַנד. אָבער באַזונדערס זאָל דערמאָנט ווערן ר' משה־דן בר' אהרן אליעזר שיינקאָפּ, לאָמזשער שוחט, פון די עלטערע גבאים, פאַר זיין איבערגעגעבנקייט צו די עניים פון דער חברה. ער איז אויך געווען באַשטימט פון דער מאַכט צו פירן די ביכער פון דער אידישער באַפעלקערונג, געבוירענע און געשטאָרבענע, און אויפן סמך פון זיינעם אַ צעטל פלעגט דער מאַגיסטראַט אַרויסגעבן אָפּיציעלע געבורט אָדער טויט־דאָקומענטן.

ווי איבעראַל האָט די חברה קדישא געהאַט פרויען מיטגלידער, וועלכע האָבן „געטאָן דאָס רעכט" צו פרויען נפטרות. די מער באַוואוסטע פון די נשים צדקניות פון דער חברה־קדישא זיינען געווען: ריקל די נייטאָרקע, ר' משה־דנ'ס פרוי; רבקה, ר' משה ניימאַרק'ס פרוי, און אייגע די נייטאָרקע.

אין יאָר תרצ"ג (1932) האָט די לאָמזשער חברה קדישא געפייערט איר הונדערט־יעריקן יובילייו מיט גרויס פּאַראַד. פילע הונדערטער נפטרים זיינען דערמאָנט געוואָרן, וועלכע האָבן מיט טריישאַפט בייגעטראָגן צו דער חברה־קדישא אין פאַרלויף פון די פאַרלאָפענע הונדערט יאָר. קיינער האָט נאָך דאַן נישט געוואוסט, אַז 10 יאָר שפּעטער וועט אָט די גאַנצע הייליקע געמיינדע ווערן אומגעבראַכט און זיי וועלן שוין נישט באַגלייטן קיינעם צו אייביקער רו.

## בית מדרש חברה ש"ס

דער חברה־ש"ס־בית־מדרש איז געשטאַנען אין יאַטקאָוואַגאַס. אויסערלעך אָפּגעלאָזן, די קאָלירטע שויבן אין די גרויסע פענצטער מייסטנס פאַרשטויבט. דאָס זעלבע אינוויייניק: דער סופיט און די ווענט שוואַרץ פון שטויב. צוויי קיילעכדיקע גרויסע אויוונס באַדעקט מיט בלעך זיינען געשטאַנען ביי דער וואַנט פון ווייבער־שול און צווישן זיי — בענק פאַר די האָרפאַשנע אָרעמע אידן צו זיצן און וואַרעמען זיך, פאַר אַנדערע אפילו ביינאַכט. עס איז געווען אַזוי ווי אַן הכנסת אורחים. אָט דער בית מדרש האָט געדינט נישט נאָר פאַר אַן אָרט צו דאַוונען און לערנען, נאָר אויך ווי אַ לאָקאַל פאַר באַראַטונגען און גרויסע אסיפות וועגן קהל'שע ענינים. דאָ האָבן געדאַוונט און געלערנט די נכבדים פון לאָמזשער גע־

מיינדע, די רייכע ווי: ר׳ צבי עפשטיין, וויצע פאַרזיצער פון מאַגיסטראַט, הויפט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, אייגנטימער פון אַ היפּאָטעקן באַנק; ר׳ שלמה בורשטין, ר׳ משה־אהרן העפנער גרויסער סוחר און בעל צדקה; ר׳ יצחק טאבאליצקי, אַ מיטגליד פון וועד הקהילה און וויצע פאָרזיצער פון „מזרחי״; ר׳ אברהם יאקאבי, ר׳ חיים לעוויוש, ה׳ ציעשליוק, ר׳ הערש־בער געלצינסקי מיט זיין זון יעקב; ר׳ יודל בלומאָוויץ, ר׳ מענדל גאָלדמאַן, ר׳ חנוך שערעשעווסקי און ר׳ טוביה בערמאַן.

צוליב דער אָפטער אָנוועזנהייט פון די נכבדים פון דער קהילה, פלעגט דאָרטן דערליידיקט ווערן דרינגנדע ווענדונגען נאָך הילף: אַן אָרעמאַן דאַרף רופן אַ דאָקטאָר און האָט נישט צו באַצאָלן, קומט ער אין חברה ש״ס, ווענדעט זיך צו ה׳ טאבאליצקי, וועלכער גיט אים אַ צעטל פאַר אַ דאָקטאָר־געצאָלט און פאַרן אַפּטייק צו קריגן רפואות. אָדער אַן אָרעמער בעל־מלאכה האָט נישט צו באַצאָלן „אַ קוואַרטאַל״ דירה־געלט, קומט ער אין חברה־ש״ס, גייט אַרויף אויף דער בימה, איז מעכב הקריאה (לאָזט נישט לייענען אין ספר תורה) אום שבת, האַלט אָפּ דעם גאַנצן עולם פון אָנגיין מיטן דאַוונען. דערווייל ריידן זיך דורך די שיינע בעלי־בתים און מען געפינט אַן אויסוועג, ווי אַזוי צו דערפילן די נויטווענדונג פון דעם אָרעמאַן. אַזוי פלעגן דאָרט אויך אַנדערע דרינגנדע און וויכטיקע ענינים דערליידיקט ווערן, ווי צ. ב.: הכנסת כלה (חתונה מאַכן אַן אָרעמע יתומה), פדיון שבויים (אַרויסנעמען אימיצן פון אַרעסט), א. ד. ג.

דער נאָמען „חברה ש״ס״ איז געקומען צום בית מדרש, ווייל די פיינע בעלי־בתים האָבן דאָרטן שטענדיק געלערנט ש״ס, תלמוד. אַ גאַנץ פיינער ביישפּיל איז געווען ר׳ משה־אהרן העפנער, וועלכער פלעגט פון 4 אַזייגער יעדן פאַרטאָג לערנען ש״ס ביזן דאַוונען מיט ותיקין (דעם ערשטן מנין). אויך אַנדערע בעלי־בתים פלעגן זיך אַזוי נוהג זיין.

אָבער אויך „עמך״ האָט געהאַט אַן אָרט אין חברה ש״ס, אויף די לעצטע בענק. זיי פלעגן ליב האָבן זיך צוהערן צו אַ וויכוח אין לערנען צווישן די לומדים בין מנחה למעריב, און גלייכצייטיק אָנוואַרעמען זייערע געפרוירענע ביינער, ווייל אין די הייזער פון פיל פון זיי איז נישט געווען קיין האָלץ צום הייצן. דער שמש ר׳ פסח פליישער האָט נאָר געזאָרגט וועגן זמן תפילה אַ קלאַפּ־צו־טאָן מיטן גרויסן הילצערנעם האַמער — אַ נדבה פון שוסטער סאקאליאק — אויפן בימה. צו די אַנדערע זאַכן איז נישט געווען זיין דאגה, אַזוי אַז אפילו די שטאָט משוגענע ווי „שמולי״, פלעגן געפינען אַן אָרט דאָרטן צום שלאָפן אויף דער ערד אָדער אויף אַ באַנק. די „נשים צדקניות״, באַזונדערס אײַגע די נייטאָרקע, פלעגט פאַר זייערטוועגן ברענגען אין דער פרי עפּעס צום עסן. אויך מיין מוטער ע״ה פלעגט טאָן דאָס זעלבע.

אַזוי איז די חברה ש״ס געווען אויסערלעך אַלט אָפּגעלאָזן, אָבער אינווייניק האָט דאָרט שטאַרק געשלאָגן דער פּולס פון אידישן לעבן פון די „פּני״ און פון „עמך״.

## בית מדרש מגן אברהם

איבערן חברה־ש״ס איז געווען אַ בית מדרש פון קלענערער מאָס „מגן אברהם״. די מיטגלידער — בלויזע לומדים, תקיפים. אָט דער בית־מדרש איז געווען אַן אָפּשטאַמונג פון אַ קליינעם „מנין״, וואָס ר׳ זוסמאַן יעבץ, פאָטער פון שרייבער און היסטאָריקער זאב יעבץ, האָט געהאַט געגרינדעט, אָבער צוליב מחלוקת איז ער גלייך בטל געוואָרן. די מגן אברהם בעלי־בתים פלעגן אַלע פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, לערנען דעם ספר „מגן אברהם״ און פון דעם א״ז צו זיי געקומען דער נאָמען. די שטענדיקע בעלי־בתים פון דעם בית מדרש זיינען געווען: אברהם דווארקעס, משה־צבי דראזדאווסקי, חייקל שטרויסבערג, יצחק ביאלי, שמעון פּאָקראָיסקי, איטשע־מאיר כץ, שלמה־הערש פעצינער, משה־לייב יאקאבי, מנחם יוסף ליכטער, צבי מאַרק, חנוך אייזענשטאַט, גאָלדבערג, קאַוואָקעוויץ, א. אַנד.

נישט שטענדיק זיינען די „מגן־אברהם״ בעלי־בתים געווען תקיפים; זיי האָבן אויך אָפּט ליב געהאַט אַ גוטע הלצה. פאַר אַ ביישפּיל: ווען דער גבאי פון חברה ש״ס איז אַמאָל אַרויף אין מגן אברהם נאָך דירה־געלט און איז אַרויף אויפן בוידעם צו זען צי עס רעגנט אַריין, ווי ה׳ פּיוול קאַוואָקעוויץ האָט זיך באַקלאָגט, האָט ער אים, דעם גבאי פון חברה־ש״ס, פאַרשפּאַרט און געהאַלטן אויפן בוידעם ביז ער האָט מוותר געווען (געשאָנקען) אויף די דירה־געלט. דער שבת פ׳ לך־לך, וואו עס ווערט געזאָגט אין דער תורה: „אנכי מגן לך״, איז געווען אַ פייערלעכער שבת ביי דער חברה „מגן אברהם״.

## הכנסת אורחים

איינע פון די עלטסטע חברות אין לאָמזשע. דער בנין איז באַשטאַנען פון 2 טיילן: איינער מיט עטלעכע צימערן פאַר אָרעמע אורחים און דער צווייטער איז געווען אַ בית־מדרש — אַ שטילער, אַ ריינער, וואו עס האָבן געדאַוונט אָנזעענדיקע בעלי־בתים און ערלעכע בעלי־מלאכות. אַ גאַנצן טאָג זיינען דאָרט געווען לומדים אָבער נישט פיל, ווייל דער בנין פון הכנסת אורחים איז געשטאַנען נישט אין צענטער פון שטאָט, און די עסקנים האָבן מייסטנס געוואוינט אַוועק פון דעם געגנט. פיל יאָרן איז דאָרטן געזעסן און געלערנט אַ „פּרוש״ טעג און נעכט. ער פלעגט דאַוונען שעה׳ן לויטן נוסח פון מקובלים „בית אל״ אין ירושלים. אין אָוונט פלעגט ער לערנען מיטן עולם בעלי־מלאכות „עין יעקב״. ער האָט



הכנסת אורחים געביידע

אויפגעבויט אין די יאָרן 1855־56, האָט עקזיסטירט אַרום 84 יאָר, ביזן חורבן לאָמזשע. דאָרט איז געווען אַ פּלאַץ צום דאַווענען, אַן אכסניה פאַר אָרעמע אורחים און אַ דירה פאַרן שמש. לעצטער גבאי איז געווען שאול שימאַנאָוויץ.

געהאַלטן אין שרייבן אַ לעקסיקאָן פון העברעאיש מיט ראשי תיבות.

די בעלי בתים עסקנים פון הכנסת אורחים זײַנען געווען: משה־לייב ראַפּאַלאָווסקי, גבאי; כאַצקעל זדאַלעקער, אַמסטער־דאַמסקי, הערצקע אַלטשולד, דוד צבי זשאַטקעוויץ, סלאַוואַ־טיס, א. נ. אַנד. זיי האָבן נישט געהאַט גענוג מיטלען אָנ־צופירן די אינסטיטוציע אויף אַ ברייטערן פאַרנעם אַזוי, אַז אין „המליץ" — 13. 12. 1880 — ווערט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער אומאָרדענונג אין דער אינסטיטוציע, עס ווערט נישט געזאָרגט פאַרן אָרעמאַן. לויט דער תקנה פון אַנשטאַלט האָט יעדער אורח, וואָס איז געקומען אין דער חברה, געדאַרפט קריגן פון גבאי אַ צעטל צו נעכטיקן 3 נעכט און קריגן 3 מאָלצייטן.

די מיטגלידער פון דער חברה האָבן געהאַט אַ פליכט צו קומען אַם ווינציקסטן איין מאָל אין חודש אַכטונג צו געבן, אַז די טעטיקייטן פון דער חברה זאָלן גיין כשורה. טראָץ דעם איז די אַרבעט אין גרעסטן טייל געטאָן געוואָרן דורכן שמש. ער האָט געטאָן אַלץ וואָס נאָר נויטיק מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, נישט ווי אַ געוויינלעכער באַצאָלטער טוער. ער האָט געזאָרגט, אַז דער אָרעמאַן, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין אַ צייטווײַליקער היים, זאָל עס קריגן אויפן אָרענטלעכן אופן. באַזונדער השגחה פלעגט ער געבן אויף אָרעמע רבנים — מחברים פון ספרים, וואָס פלעגן גיין איבערן שטאָט מיט זייערע חיבורים און קלייבן נדבות; אָדער אָרעמע מגידים, מטיפים, וואָס פלעגן גיין איבער די הייזער נאָך נדבות — זיי פלעגט דער שמש מקרב־זיין מיט דרך ארץ און ליבשאַפט. איינער פון דעם סאָרט שמשים איז געווען פיל יאָרן ר' פּייוול סטאַליאַר, אַ איד אַ תלמיד־חכם, וואָס איז אויך געווען אַ רבי אין בית־מדרש פון דער חברה. ער פלעגט לערנען מיטן עולם משניות, שולחן ערוך, א. אַנד. ער האָט פיל געטאָן פאַרן הכנסת אורחים.

אויך דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן איינער פון די גבאים ר' צדוק סטאַליאַרציק (אַ זיידע פון ר' אברהם ניימאַוויץ, וואָס איז געווען איינער פון דער תלמוד־תורה גבאים), וועל־כער האָט פיל געטאָן פאַרן הכנסת אורחים. ער איז טאַקע געווען אַ בעל־מלאכה, אָבער גלייכצייטיק אַ למדן, וואָס פלעגט ליב האָבן צו שרייבן הגהות, קאָמענטאַרן אויף די זייטן אָדער עקן פון די בלעטער פון די ספרים.

## חברה גמילות חסדים (גמ"ח)

פון שטענדיק האָבן עקזיסטירט קליינע חברות פון גמי־לות חסדים ביי יעדער חברה אָדער בית מדרש, אָבער ערשט אין יאָר תרמ"ג (1883) איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַלגעמיינע „חברה גמ"ח". נאָך אין יאָר תרמ"א (1880) קלאָגט אָן דער שרייבער „פלוני וכהן" אין „המליץ" די לאָמזשער געמיינדע פאַר וואָס ס'איז נישטאָ ביי איר קיין גמ"ח, וואו אָרעמע בעלי־מלאכות, קליינע הענדלער, זאָלן קענען קריגן הלוואות אָן פּראָ־צענט, כדי נישט צו דאַרפן צאָלן צו די פּראָצענטניקעס די הויט־שניידערישע הויכע פּראָצענטן. אָבער ערשט אין יאָר תרמ"ג (1883) איז געגרינדעט געוואָרן די אַלגעמיינע חברה גמ"ח.

די חברה גמ"ח האָט זיך אויסגעבויט אַ הויז מיט אַ בית־מדרש אויף שקאָלנאַ גאַס נאָענט צום גרויסן בית מדרש. די מער באַוואוסטע גבאים דאָרטן זיינען געווען: ר' סענדער־מיכאל בזשאַ, ר' לייב קאַווינסקי, אַלתר מאַרקעוויץ, א. א. פון די לעצטע גבאים איז באַוואוסט ניסל ראָזענבלום.



גמילות חסדים געביידע

האָט עקזיסטירט איבער 50 יאָר. האָט געהאַט אַן אייגענעם בית המדרש און צימערן צו האַלטן די משכונות.

די תקנות פון דער חברה זיינען געווען: יעדער איינער האָט געקענט קריגן אַן אנלייע אויף אַ משכון אָן פּראָצענט. נאָך אַ באַשטימטער צייט, אַז דער משכון איז נישט אויסגע־לייזט געוואָרן דורך אָפּצאָלן דעם חוב, איז דער משכון פאַרקויפט געוואָרן אויף אַ ליציטאַציע. וועגן אַזוינע עפנט־לעכע אויספאַרקויפונגען פלעגט די חברה אויסקלעפּן מודעות אין אַלע בתי־מדרשים. די ליציטאַציעס פלעגן פאָרקומען אין אַ צייט, ווען ס'רוב אידן זיינען נישט געווען באַשעפטיקט, צ. ב. שבת־צו־נאַכטס, אין אַ טאָג פון אַ תענית אָדער חול המועד.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען קהל האָט זיך זייער גענויטיקט, האָט דער גמ"ח געקראָגן אַ געוויסן סכום געלט פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט". שפּעטער ווען אַנדערע קרעדיט־בענק זיינען געעפנט געוואָרן האָט דער גמ"ח פאַר־קלענערט זיינע טעטיקייטן, אָבער די חברה האָט שטענדיק דערפילט אירע אויפגאַבן צו העלפן יעדן נצרך ביז דער ענדע פון דער קהילה. אפילו אין דער טרויעריקער געטאָ האָט דער „גמ"ח" פונקציאָנירט (זע פריער וועגן בענק און גמ"ח).

## מושב זקנים

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1894 איז אויף דער איניציאַ־טיווע פון ה' פּייוול־שכנא פּאַסמאַניק געגרינדעט געוואָרן אַ קליינע חברה צו זאָרגן פאַר אַלטע לייט. נאָך פיל מי איז דעם 1טן יולי 1895 („המליץ" 31. 7. 1895; „הצפירה" ו' שבט תרנ"ו — 1896) מיט פאַראַד געעפנט געוואָרן אַ מושב זקנים פאַר 4 מענער און 3 פרויען. ה' פּאַסמאַניק איז איינשטימיק אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער. דאָס איז געווען אין אַ קליין הילצערן הויז.

ענדע יאָר 1915, אין דער דייטשישער אָקופּאַציע צייט, איז דער אַנשטאַלט פיל פאַרגרעסערט געוואָרן מיט לאָמזשער און אויך די זקנים פון די שטעטלעך אַרום. ווען פּוילן איז



לעצטע פאַרוואַלטונג פון מושב זקנים אין לאָמזשע.
דריטער פון רעכטס דער פאָרזיצער לעווינסאָן.

געוואָרן זעלבסטשטענדיק האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג געקויפט אַ הויז פאַר אַ מושב־זקנים, און שפּעטער, צוליב די פילע וואָס האָבן זיך גענויטיקט, האָט מען צוגעגעבן נאָך 2 אָפּטיילונגען אין הויז פון ה' אברהם סענדאק אויף פּאַליאָוואַ גאַס און אין דונינ'ס הויז אויף וויעסקאַ־גאַס. אַן איבערגעגעבענער גבאי פון מושב־זקנים איז געווען ר' מאיר צעכאַנאָוויץ און פון די פרויען האָט זיך זייער אויסגעצייכנט פרוי אַמסטערדאַמסקי.

דער שטאָט מאַגיסטראַט פלעגט אונטערן דרוק פון די אידישע ראַטמענער סובסידירן טיילווייז דעם מושב־זקנים. דער גרעסטער טייל פון די פאָנדן פאַרן מושב־זקנים פלעגט קומען פון די נדרים מייסטנס ביי די עליות צום ספר תורה שבת און יום טוב. אויך האָט די קהילה פאַרוואַלטונג אַסיגנירט אָנשטענדיקע סומען. נאָענט צום חורבן א'ז די סובסידיע פון מאַגיסטראַט באַשטאַנען פון 2800 זל. אָן די הוצאות פון אַדמיניסטראַציע האָט אויסהאַלטן אַ פּערזאָן געקאָסט 9 זל. אַ מאָנאַט. ס'זיינען געווען 14 מענער און 7 פרויען אין מושב־זקנים.

אין די לעצטע מאָנאַטן פאַרן חורבן זיינען צוגעקומען פיל זקנים אין אַנשטאַלט און עס איז געוואָרן שווער אים אויסצוהאַלטן. דער דעפיציט איז דאַן געדעקט געוואָרן דורך דעם, וואָס די קרעמער, סוחרים א. אַנד. פלעגן שענקען דעם אַנשטאַלט די חובות, וואָס ס'איז זיי געקומען פאַר זייערע פּראָדוקטן. אין די לעצטע יאָרן זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון מושב־זקנים: דוד בראמזאן, יצחק בזשאזעק, סיראק, לעווינזאָן, פייוול ליכטענשטיין, י. ש. לעווקאָווסקי. דוד בראמזאן איז פאַר זיין מי און איבערגעגעבנקייט פאַרן אַנשטאַלט גערופן געוואָרן „פאָטער פון די אַלטע". ער איז גלייכצייטיק געווען אַקטיוו אין קאָמיטעט פון „צענטאס" (פאַר יתומים), אַ מיטגליד אין קוראטאריום פון שפּיטאָל, אַ מיטגליד אין וועד פון דער קהילה און אַ גבאי אין „מגן אברהם". ער איז נפטר געוואָרן אין פעברואַר 1938.

עס דאַרף דאָ דערציילט ווערן, אַז חברה־קדישא האָט געפאָדערט פיל געלט פאַר זיין קרקע און זיינע בני־בית האָבן אים געבראַכט צו קבורה אין סטאַוויסק זיין געבורטסשטאָט.



אידן לערנען תורה אין בית המדרש פון מושב זקנים.





איינוואוינער פון מושב זקנים ביים עסן — רעכטס: אַלטע מענער; לינקס: אַלטע פרויען.

## חברה „קרבן עצים"

אין 1869 איז געווען זייער אַ שטאַרקער ווינטער. אָרעמע־לייט האָבן געליטן הונגער און קעלט, ווייל ווינציק האָלץ און טאָרף איז אַריינגעקומען אין שטאָט. האָבן בעלי־בתים רחמנים געגרינדעט אַ חברה אויפצוקלייבן נדבות צו קויפן הייץ־מאַטעריאַל פאַר אָרעמע־לייט („הצפירה", טבת, תר"מ — 1869).

## אַ ביליקע קיך פאַר אָרעמע לייט

אין יאָר 1894 האָבן גוט־האַרציקע, ליבע פרויען, אויף דער איניציאַטיווע פון פרוי מ. נאַטאַנזאָן, געגרינדעט אַ ביליגע קיך פאַר אָרעמע לייט. בעל־בתישע טעכטער פלעגן ברענגען עסנוואַרג און געהאָלפן עס צוגרייטן און דערלאַנגען צום טיש. אָבער אויס מאַנגל אין מיטלען און עסקנים האָט די קיך עקזיסטירט נאָר איין ווינטער („המליץ", 1894).

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט עקזיסטירט אַ ביליגע קיך פאַר אומפאַרמעגלעכע, וועלכע איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער קהילה און אויך די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אונטערגעשטיצט. פון דער ציוניס־טישער יוגנט האָבן דאָרטן געאַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט חיים גלינקא און יעקב סאַפּירשטיין.

אויך אין דער געטאָ איז געווען אַ ביליגע קיך, וואָס פלעגט אויסטיילן מער ווי טויזנט אומזיסטע מאָלצייטן יעדן טאָג. דאַן זיינען די אָנפירערינס געווען פרוי בעלא בזשע־זשינסקא, זינא קאַקאַשקא, קאַרבאָווסקאַ, א. אַנד. יעדער איינער האָט געהאָלפן מיט וואָס מעגלעך. פיל יונגוואַרג האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַרן אַריינברייינגען שפּייז אין געטאָ.

## „מחזיקי עניים"

דער אַלטיטשקער יודל בלומאָוויץ מיט צוויי געטרייע חברים האָבן זיך צונויפגערעדט און צוזאַמען געגרינדעט אַ חברה „מחזיקי עניים". די אויפגאַבע פון דער חברה פון 3 פערזאָן איז געווען צו העלפן אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן זיך געשעמט צו בעטן הילף. צענדליקע משפחות האָבן באַ־קומען „מתן בסתר" הילף, ד. ה. אין געהיים. אין חברה־ש"ס פלעגט ער, יודל בלומאָוויץ, זיצן און לערנען און גלייכצייטיק פאַרטיילן הילף לויט די אָנווייזונגען פון זיינע געהילפן. די פאָנדן פאַר דער הילף האָבן זיי אויך אַריינגעקראָגן אין געהיים. אייגע די נייטאָרקע (וואו נאָר הילף — איז זי געווען) און ה' יאַקובינסקי האָבן דערטראָגן צו דער „חברה" ווער ס'זיינען די נויטבאַדערפטיקע. די הכנסה פון דעם „קאָמי־טעט" איז געווען קליין, 60 זלאָטעס אַ מאָנאַט און די הוצאות — 100 זל. אין צייטן ווי ערב אַ יום־טוב — 200 זל. פון וואַנען מען האָט דאָס באַקומען אָט די סומען איז נישט באַוואוסט, ווייל קיין ביכער זיינען נישט געפירט געוואָרן.

אין יאָר 1935 איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט וואָס האָט געזאָרגט פאַר אָרעמע־לייט. ה' אקון איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט. זיינע געהילפן זיינען געווען ה' פירער און אַלתר לעוו. זיי האָבן באַשטימט אַ מאָנאַטלעכע שטיצע פאַר יעדן אָרעמאַן און אים פאַרשפּאָרט אַרומגיין איבער די הייזער. דאָס רוב אָרעמעלייט האָבן איינגעשטימט אויף דער רעפאָרם. נאָר אייניקע זיינען געבליבן פאַר'עקשנ'ט אין זייער שפלות.

## הילף־אַנשטאַלטן פאַר אידישע סאָלדאַטן

אין לאָמזשע זיינען געשטאַנען עטלעכע פּאָלקן פון רוסישן מיליטער, וואו ס'האָבן אויך געדינט פיל אידן (באַראָן גינז־בורג'ס זון האָט געדינט אין דראַגונער פּאָלק). ס'זיינען געווען גוטהאַרציקע אידן, וואָס האָבן אויפגעפּאַסט, אַז די אידישע סאָלדאַטן זאָלן האָבן וואו צו עסן אין ימים־טובים, ספּעציעל פּסח, ווען זיי זיינען באַפרייט פון דינסט. די אידישע סאָל־דאַטן פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין דער גרויסער שול, פון וואַנען מען פלעגט צעשיקן טיילן פון זיי אין פאַרשידענע בתי־מדרשים און דאָרטן פלעגן די גבאים באַשטעלן די בעלי־בתים, וואָס פלעגן נאָכן דאַוונען מיטרופן מיט זיך אַ היים איינעם אָדער מער. אין ימים נוראים האָט מען איינ־געאָרדנט פאַר זיי אויך אַ באַזונדערן מנין. אַ גאַנצן יאָר האָט מען נישט געזאָרגט פאַר די אידישע סאָלדאַטן.

אין „המליץ" פון 23טן דעצעמבער 1880 באַקלאָגט זיך אַ שרייבער, אַז פילע אידישע סאָלדאַטן פייניקן זיך פון הונגער, אָדער עסן טרוקן ברויט אַבי נישט צו עסן די טריפות פון „קעסל". אויך איז נישטאָ ווער ס'זאָל זאָרגן אַז מען זאָל זיי באַפרייען פון אַרבעט אום שבת. ערשט אין יאָר 1881 האָט לאָמזשער רב, ר' אליעזר־שמחה, אויסגעווירקטביים שטאָטישן קאָמאַנדיר צו באַפרייען זיי אום שבת פון שווערער אַרבעט, לויטן געזעץ פון גראַף באַרג פון יאָר 1886.

אין דער צייט פון ר' מלכיאל טענענבוים'ס רבנות איז איינגעאָרדנט געוואָרן „אַ כשר'ער קעסל", אַ כשר'ע קיך, פאַר אידישע סאָלדאַטן. עס פלעגן געשיקט ווערן משולחים אין די שטעטלעך אַרום צו קלייבן געלט פאַר דעם צוועק.

אין דעם ענין פון רעקרוטירן אידישע סאָלדאַטן האָט פיל געטאָן צו ברענגען אָרדענונג לאָמזשער רב, ר' אלי־חיים מייזעל (אין באַשרייבונג וועגן זיינע רבנות איז געווען דער־ציילט פילע פּרטים). עס האָט ביז דאַן געהערשט אַ גרויסע הפקרות אין דערפילן די פליכט פון דינען אין מיליטער. ווי די צייטונגס־שרייבער באַקלאָגן זיך אויף יענער צייט, האָבן די ראשי הקהל פאַרנאַכלעסיקט די ביכער פון דער אידישער באַפעלקערונג. זיי פלעגן נישט אויסמעקן די געשטאָרבענע אָדער די וואָס פלעגן עמיגרירן, אַזוי אַז אין „פּריזיוו"־צייט פלעגן די ביכער ציינגן אַ גרעסערע באַפעלקערונג און מ'האָט געמוזט צושטעלן אַ גרעסערע צאָל רעקרוטן. דורך דעם פלעגן די וואָס האָבן געדאַרפט פּריווילעגירט ווערן, ווי צ. ב. איינציקע זין, אָדער שפּייזער פון דער פאַמיליע, נישט קענען געניסן פון זייער זכות צו זיין פריי, ווייל מיט זיי האָט מען געמוזט פאַרפילן די קוואָטע (דאַמאָוויץ אין „המליץ" פון 8טן נאָוועמבער, 1896).

אַ גאַנץ באַדייטנדע צאָל בחורים פלעגן, אָנשטאָט אַליין זיך שטעלן צו ווערן באַטראַכט, „שטעלן אַ מלאך", ד. ה. שיקן אימיצן אַ בעל־מום, וועלכער פלעגט געוויינלעך באַפרייט ווערן אָבער דעם דאָקומענט פלעגט ער א־בערגעבן צו דעם וועלכער האָט אים געשיקט, פאַרשטייט זיך, פאַר אַ גוטער באַלוינונג. אויך פלעגן אַנדערע זיך מאַכן פיזישע פעלערן אין זייער אייגענעם קערפּער, כדי צו ווערן אויסגעבראַקירט. (זע שפּעטער אין מ. גאָלדינ'ס באַשרייבונג וועגן די מאַכערס.) די אַלע דערשיינונגען האָבן דערוועקט שטאַרקע געפילן פון אַנטיסעמיטיזם צווישן דער אַרמיי און אַנדערע רעגירונגס־אָרגאַנען.

אין יאָר 1900, נאָך אַזאַ שלעכטן איינדרוק וואָס די אי־דישע רעקרוטן האָבן געמאַכט אויף די מיטגלידער פון דער רעקרוטן־קאָמיסיע, האָט דער גובערנאַטאָר, העסען, פאַר כעס צונויפגערופן אַלע רבנים פון לאָמזשער גובערניע, און זיי

שטאַרק אויסגע׳מוסר׳ט, פאַר וואָס זיי דערפילן נישט זייער חוב צו דער רעגירונג און זען, אַז די אידישע בחורים זאָלן זיך נישט מאַכן פאַר קאַליקעס אָדער ברענגען אויף זיך שווינדזוכט דורך צערן זיך, כדי נישט צו דינען אין דער אַרמיי. די רבנים, פאַרשעמטע, האָבן צוגעזאָגט צו ווירקן אויף זייערע געמיינדעס אין זייערע דרשות און אויך אַרויס־צוגעבן בראָשורן אין אידיש און רוסיש, אַז עס איז אַ הייליקער חוב צו דינען דעם מלכות, וואו אידן לעבן („המליץ" 1896, 11, 6; „הצפירה", א׳ טבת, תרנ"ז).

אין די שפּעטערע יאָרן פלעגט איינגעאָרדנט ווערן, איבערהויפּט אויף פּסח, אַ כשר׳ע קיך פאַר אידישע סאָלדאַטן. די פאָנדן פאַר דעם צוועק זיינען געקומען טיילווייז פון מעות חטים פון דער קהילה, און אַ טייל פלעגט קומען פון די מיליטער אָרגאַנען וואָס פלעגן איבערגעבן דאָס געלט, וואָס די אידישע סאָלדאַטן שפּאָרן איין דער אַרמיי נישט עסנדיק די סאָלדאַטסקע עסן, און אויך געוויסע פּראָדוקטן ווי קאַרטאָפל, צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן. אידישע טעכטער פלעגן מאַכן אָנגענעם דעם איינזאַמען אידישן סאָלדאַט זיין יום־טוב. אין די לעצטע יאָרן איז די סאָלדאַטן־קיך איינגעאָרדנט געוואָרן אין נייעם בנין פון דער תלמוד־תורה, וואו עס פלעגן עסן די קינדער פון תלמוד־תורה און די ישיבה־בחורים.

## מסילת ישרים

ביי די שטיינערנע טרעפּ פון קשיווא־קאַלא צו ריבאַקי־גאַס האָט זיך געפונען אַ בית מדרש פון בעלי־מלאכות „מסילת ישרים". די חברה איז געגרינדעט געוואָרן דורך ה׳ פלאַצעק, וועלכער האָט ביי זיך אין הויז אויך געהאַט אַ קליינעם בית־מדרש צו לערנען און דאַווענען. אַלע טאָג פלעגן דאָרטן קומען פּשוט׳ע אידן צו לערנען אין דעם מוסר־ספר „מסילת ישרים" פון ר׳ משה־חיים לוצאַטו. דאָס לערנען דעם ספר איז געווען פאַרשפּרייט אין פיל ישיבות, אויך אין לאָמזשער. איינער פון די רביים אין דער חברה איז געווען ר׳ משה־יצחק סאָקאָלאָוויץ פון פיאַנטניצע.

## חברה שניידערס

לאָמזשער שניידערס זיינען געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה. אויך די פּוילישע אַריסטאָקראַטן און מיליטער־לייט האָבן באַשטעלט ביי זיי זייערע קליידער. די שניידערס האָבן געלעבט צווישן זיך ברידערלעך. זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערן בית מדרש, וואו זיי פלעגן דאַווענען, אויף זשאַנדאַרוואַ גאַס, אויפן הויף פון ר׳ צבי עפּשטיין, מייסטנס שבת און יום טוב. זייער גבאי איז געווען ר׳ משה חיים לעווינסקי.

## חברה מזהירי שבת

לאָמזשע איז געווען, ווי אַלע שטעט אין פּוילן, אַ רעליגיעז־פרומע שטאָט. שבת און יום טוב זיינען אַלע קראָמען, אַלע וואַרשטאַטן געווען געשלאָסן. אָבער ס׳פלעגט טרעפן אַ בעל־מלאכה האָט זיך פאַרשפּעטיקט מיט אַרויסענדיקן זיין אַרבעט, אָדער אַ קרעמער גראָד פרייטיק פאַר ליכט־צינדן האָט גע־האַט פיל קונים און פאַרשפּעטיקט צו שליסן זיין קראָם, איז געווען אַ „חברה מזהירי שבת", וועמעס מיטגלידער פלעגן וואָרענען די פאַרשפּעטיקטע, אַז ס׳איז שוין צייט צו מאַכן שבת. ד. ז. פלעגן זיי וואָרענען בעלי־עגלות, טרעגערס און אַנדערע. די מזהירי שבת פלעגן אפילו אַריינגיין אין קהל׳שן מרחץ און צעיאָגן די פאַרשפּעטיקטע. בראש פון דער חברה איז געשטאַנען דער לאָמזשער רב הגאון ר׳ אליעזר שמחה און דער מורה־צדק ר׳ יהושע העשיל פריימאַן („הצפירה" ב׳ טבת תרמ"ג).

## חובת הלבבות

אויף זשאַנדאַרוואַ גאַס אין הויף פון ר׳ יעקב מושינסקי, איז געווען פיל יאָרן אַ קליינער בית מדרש „חובת הלבבות". דאָרטן האָט געלערנט אין זיין צייט ר׳ יואל־הלוי הערצאָג, פאָטער פון הרב הראשי אין ישראל, און גלייכצייטיק גע־דרש׳נט זיינע ציוניסטישע דרשות. דאָרטן פלעגט דאַווענען ר׳ יצחק דאַמאַוויץ, פאָטער פון א. דאַמאַוויץ, פאָרזיצער פון „התחיה". דאָרטן איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָמזשע. אויך שכנא פישער׳ס איידעם, ה׳ בוכבינדער, פלעגט דאָרטן דרש׳נען; ער פלעגט צוציען גרויסע מאַסן צוהערער. איינער פון די איבער־געגעבענע גבאים פון דער חברה איז געווען ה׳ בוכבינדער, דער „אַלטער בעדנאַר".

## „פּועלי צדק"

אין קעלער פון גמילות־חסדים־בית־מדרש האָט זיך געפונען אַ חברה „פּועלי צדק", וואָס איז באַשטאַנען פון טרעגער, באַרימט מיט זייער שטאַרקייט און האַרטקייט. שבת האָבן זיי אָבער אָפּגעהיט ווי עכטע פיינע אידן. זיי האָבן געהאַט אַ רבי, ה׳ טשערוואָנעץ דער מלמד (ער האָט אויך געלערנט אין חברה־תהלים), וועלכער פלעגט מיט זיי לערנען די סדרה פון דער וואָך. אין די לעצטע צייטן פלעגט ר׳ אברהם מזרח לערנען מיט זיי ביז ער איז אויפ־געגאַנגען קיין ישראל. פון דער חברה פּועלי צדק האָבן זיך זָפּגעטיילט אייניקע און זיך אַריינגעקליבן אין אַן אַנדער בית מדרש, ס׳איז נישט באַוואוסט וואו.



לאָמזשער טרעגער אין 1916

דריטער (זיצנדיק פון לינקס) איז „משיח" דער טרעגער, דער קעניג פון די לאָמזשער טרעגער.

## משה גאָלדמאַן

# די חסידישע געמיינדע אין לאָמזשע

געווידמעט דעם טייערן אָנדענק פון מיין פאָטער־רבי, ר׳ יעקב־יוסף גאָלדמאַן ז״ל.

איך בין געוואָקסן און דערצויגן געוואָרן אין חסידישן גייסט און שטייגער. פון מיין פריסטער יוגנט האָב איך זיך צוגעקוקט און קענען געלערנט די חסידישע באַוועגונג,



משה גאָלדמאַן

דעם אַרט לעבן פון לאָמזשער חסידים און זייער פירונג. איצט, ווען אַלץ איז אומגעבראַכט, ליגט אויף מיר אַ הייליקער חוב אַוועקצושטעלן אַ מצבה פאַר זיי, אַ גייסטיקע אָנדענקונג, צוזאַמען מיט די אַנדערע טיילן פון אידישן קהל אין לאָמזשע.

### דער צוזאַמענשטעל פון דער חסידישער געמיינדע

לאָמזשער חסידים האָבן באַלאַנגט צו פיל חסידישע הויפן: גער, סאָקאָלאָוו, אַלעקסאַנדער, ראַדזימין, אַמשינאוואַ, אָטוואָצק א. נ. זייער גאַנצע צאָל איז געווען אַרום 4 מנינים. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען צוגעקומען אַ צאָל פון די נאָענטע שטעטלעך אַרום. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געווען קליינע סוחרים, קרעמער, וואָס האָבן שווער געאַרבעט אויף זייער פרנסה. מיט קליינע אויסנאַמען, איז נישט געווען צווישן זיי קיין פאַרמעגלעכע.

### חסידים־שטיבלעך

ווי איבעראַל האָבן זיי געהאַט זייערע שטיבלעך צום דאַוונען, לויט נוסח ספרד. זיי האָבן געטראָגן בערד און פאות און בכלל געווען שטרענג געהיט אין פרומקייט. זיי פלעגן דאַוונען אַלע צוזאַמען, הגם פילע אין פאַרשידענע נוסחאות, לויט דעם רבי׳ן פון זייער אָנגעהעריקייט. איינמאָל, צוליב אַ מחלוקת וועגן אָט דעם נוסח פון דאַוונען, האָבן די סאָקאָלאָווער חסידים זיך אָפּגעטיילט אין אַ באַזונדער שטיבל. ווי חסידים איבעראַל, האָבן די לאָמזשער נישט מקפיד געווען צופיל אויף תפלה בציבור און זמן תפלה אָדער צו שטיין אויף איין אָרט מיט הכנעה בעת׳ן דאַוונען ווי עס פאָדערט דער שלחן ערוך ביי די מתנגדים. פילע האָבן געדאַוונט נאָך לאַנגע הכנות, הויך אויפן קול, אַרומגייענדיק מיט התלהבות.

### קבלת שבת

יעדן פרייטיק נאָך האַלבן טאָג האָט מען שוין ביי זיי זיך געגרייט צום שבת: שניידן די נעגל, גיין אין מקוה, א. א. וו. שפּעטער האָט מען אָנגעטאָן אַ לאַנגע קאַפּאָטע פון אַטלס (אטלס — ראשי תיבות: אַך טוב לישראל סלה) און אַ סאַמעטענע היטל (סמוט — ראשי תיבות: סור מרע ועשה טוב...). דאָס דאַוונען פון פרייטיק־צו־נאַכט איז געווען לויטן אַלגעמיינעם חסידישן נוסח, מיט גרויס התלהבות, דביקות און מיט געזאַנג פון אַלע אָנוועזנדע. אַהיים איז מען געגאַנגען אַ ביסל שפּעטער ווי פון אַנדערע שולן. אַ גרויסער טייל פון זיי פלעגט האָבן אַן אורח אויף שבת, אַן אָרעמאַן אָדער אַ ישיבה־בחור. די פרייטיק־צו־נאַכטס׳דיקע סעודה איז געווען באַלעבט מיט פיל זמירות־געזאַנגען און חסידישע ניגונים. ווי אַלע פרומע אידן יודעי ספר, פלעגן זיי אויפשטיין פאַרטאָג און ביי דער שיין פון אַ נאַפט לאָמפּ מעביר־סדרה זיין, לערנען מדרש, זוהר, א. אַ. שפּעטער פלעגן ס׳רוב פון זיי גיין אין מקוה און דאַן אָנגעטאָן די טליתים אונטער די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, איז מען געגאַנגען אין הויז פון „סופר סת״ם" (סופר פון ספרי תורה, תפילין, מזוזות) צו טרינקען טיי, געהאַלטן הייס אויף אַ ספּעציעלן כשר׳ן־שבת׳דיקן אופן. פון דאָרטן איז מען ערשט געגאַנגען אין „שטיבל" דאַוונען. עס פלעגט טרעפן אַן עיכוב הקריאה צוליב אַ סכסוך צווישן איינעם און אַנדערן. אָבער ביידע צדדים פלעגן שטענדיק שנעל שלום מאַכן איינשטימענדיק צו אַ בוררות געריכט פון אייגענע. נאָכן דאַוונען מיט געזאַנג און התלהבות פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען ביי איינעם פון די חסידים צו עסן בחברותא. אַממייסטן פלעגט עס זיין ביי ר׳ מאיר חסיד, „אַ פאַרברענטער" קנאי־חסיד און אַ למדן, וועלכער פלעגט אויך זאָגן תורה ביים עסן אַזוי ווי אַ רבי. די אָנוועזנדע פלעגן זיך באַטייליקן מיט שאלות. נאָכן עסן איז מען געגאַנגען אַהיים געניסן פון „שינה בשבת תענוג".

### מוצאי שבת

נאָך מנחה אין „שטיבל" האָט מען געגעסן שלש סעודות, אָבער מער ווי דאָס עסן איז אַנגעגאַנגען דאָס זינגען זמירות, נגונים און תורה זאָגן. דאַוונען מעריב און הבדלה — ווי ביי אַלע פרומע אידן. שפּעטער פלעגט מען קומען איינער צום אַנדערן טרינקען טיי און שמועסן וועגן פאַרשידענע ענינים ווי חינוך הבנים אין פרומען אידישן וועג; וועגן דער לאַגע פון אידן בכלל; וועגן משיח׳ס קומען מיט רמזים פון פאַרשידענע צדיקים־רביים. פאַר האַלבער נאַכט פלעגט מען עסן סעודת־מלוה־מלכה, וואָס איז אויך באַשטאַנען מער פון זמירות, פזמונים און שירים פון שבת ווי פון עסן. מיט ברכות פאַר אַ „גוטער וואָך" איז מען זיך צעגאַנגען יעדער צו זיין היים, פול מיט דאַגת־פרנסה אָבער אויך מיט גרויס בטחון אין גאָט.

### די שבחים און אמונה אין רבי׳ן

דער יסוד פון חסידיזם איז אמונה אין צדיקים רביים. דאָס איז געווען אויך ביי לאָמזשער חסידים. אַלץ איז ביי זיי געטאָן געוואָרן לויט די אָנווייזונגען און עצות פון צדיק־רבי: צי אין אונטערנעמען עפּעס אַ מסחר, טאָן אַ שידוך מיט אַ קינד, אפילו אין מעדיצינישע אָנגעלעגנהייטן איז דעם רבי׳ס אַן עצה געווען די וויכטיקסטע. ווען אַ חסיד פלעגט זיך שטאַרק פאַרבענקען צו זען דעם ליכטיקן פנים און הערן די הייליקע רייד פון זיין רבי׳ן, פלעגט ער אַלץ און אַלעמען איבערלאָזן און אַוועקגיין אָדער פאָרן צו אים. אין אַ „קוויטל" פלעגט דער חסיד דערציילן דעם רבי׳ן אין קורצע ווערטער זיינע דאגות, פאַרלאַנגען. דורכן משמש זיינעם אָדער אַליין פלעגט דער רבי אַרויסזאָגן זיין מיינונג, עצה אָדער ברכה, וועלכע דער חסיד האָט מקבל געווען מיטן פולסטן

בטחון ווייל „צדיק גוזר והקב״ה מקיים״... אַם־מייסטן פלעגן די חסידים זיך וועלן אָנקוויקן, באַהעפטן מיט דער קדושה און חכמה פונם רבי׳ן אין דער צייט פון ימים נוראים, ווייל ווער אַנדערש קען זיין אַ מליץ־יושר פאַר אידן אין הימל, אויב ניט דער רבי? דאָס איז געווען די חסידישע שיטה און גאַנג אין לעבן אין אַלגעמיין און אויך ביי לאָמזשער חסידים.

## די ערשטע סליחות נאַכט

שבת־צו־נאַכט, ווען מ׳פלעגט אָנהייבן זאָגן סליחות, איז אין „שטיבל״ שוין געווען אַ שטימונג פון ימים נוראים. ר׳ משה־זרח, אַ צדיק־נסתר, ירא־שמים און למדן, איז געווען דער שליח־ציבור. ער שטייט פאַרן עמוד און וועקט ביי יעדן איד התלהבות און דביקות, וואָס דריקט זיך אויס אין קולות און געבעט צום רבונו־של־עולם. נאָך די סליחות ווערט געפּראַוועט אַ מלווה־מלכה סעודה אין „שטיבל״ צו וועלכער יעדער האָט געבראַכט פון זיין הויז די שיריים פון שבת.

איינע פון די חסידישע פרויען פלעגט קאָכן אַ גוטן באָרשטש לכבוד דער סעודת־מצוה. מיר, יונגוואַרג, פלעגן דאָן עסן פרישע בייגל פון זאמבראווער בעקער. מען האָט געזאָגט, אַז דער אַלטער חסיד ר׳ יאיר, וואָס פלעגט נעכטיקן אין „שטיבל״, האָט אַ גאַנצן יאָר זיך „דערנערט״ פון דער סעודה פון דער מלוה־מלכה.

## ר׳ מענדל שאַפּיראָ

נאָך דער מלוה־מלכה און זמירות פלעגט מען דערציילן שבחים פון רביים. אין דעם האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט ר׳ מענדל שאַפּיראָ. ער האָט באַזעסן אַ גרויסן טאַלאַנט צו דערציילן און גלייכצייטיק אויסטייטשן די סודות אין רמזים פון די רבי׳שע זאָגעכצן. מען פלעגט זיך ווינטשן איינער דעם אַנדערן אַ כתיבה־וחתימה־טובה אין גיין אַהיים.

נאָך ימים נוראים ווען פילע חסידים פלעגן קומען צוריק פון זייערע רביים, פלעגן זיי דערצייל׳ן פון די הייליקע השפּעות וואָס זייערע צדיקים פלעגן פאַרשפּרייטן איבער די חסידים, אורחים. אָבער מער פון אַלע האָט ר׳ מענדל שאַפּיראָ דערציילט, און ווען ער דערציילט שטייען אַלע דס־דים פאַרגאַפּטע און שלינגען יעדעס וואָרט.

## כפּרות שעכטן

אין אָוונט פאַר ערב יום כפּור פלעגן די חסידים ברענגען זייערע כפּרה־עופות אין ר׳ מאיר חסיד׳ס הויז. ר׳ יוסף דער „ווישקאָווער שוחט״, ראַדזינער חסיד, למדן און בעל מידות פלעגט אַליין קומען און זיי שעכטן. אויך אַ גאַנצן יאָר האָבן די חסידים געגעסן נאָר פון זיין שחיטה.

## צו „כל נדרי״

מיין פאָטער ז״ל פלעגט זיך נוהג זיין צו גיסן טרערן ביים עפענען דעם ארון קודש צו „כל נדרי״ („שערי דמעות לא ננעלו״). אַזוי איז געווען מיט פילע עכט פרומע אידן. אָבער ר׳ הילל, ר׳ מאיר חסיד׳ס איידעם (געשטאָרבן זייער יונג) פלעגט גאָר זינגען דאָן ווי אין תהלים זאָגט זיך „וגילו ברעדה״.

## שמחת תורה

דאָס אמת׳ע התלהבות׳דיקע זינגען און טאַנצן איז פאַרגעקומען ביי די חסידים אום שמחת תורה ביי וועלכע ר׳ מאיר ראָזענבלום (אומגעקומען דורך די נאַציס) האָט זיך אויסגעצייכנט.

## מצות מצוה

ערב פּסח איז ביי די חסידים געווען אַ גרויסע שמחה מיטן מקיים זיין אַ גרויסע מצוה, באַקן מצות־מצוה. דאָס איז פאָרגעקומען אין ר׳ תנחום׳ס בעקעריי. חסידים אָנגעטאָן אין יום־טוב בגדים פלעגן קומען און זיך עוסק זיין אין דעם אויסבאַקן פון שמורה־מעל מצות פאַר די סדרים. דערביי האָט מען געזאָגט הלל און געזונגען פאַרשידענע זמירות. יעדער חסיד האָט באַקומען 6 מצות פאַר יעדער סדר־נאַכט.

## סיום הש״ס

אַ וויכטיקע תקנה איז געווען איינגעפירט צווישן לאָמזשער חסידים — יעדער איינער האָט גענומען אויף זיך דורכצולערנען אַ גמרא פון ש״ס און ענדיקן אין אַ באַשטימטער צייט, אַזוי אַז דאָס גאַנצע קהל חסידים זאָל דורכלערנען גאַנץ ש״ס אין דער צייט. דאָן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שמחת־הסיום, מיט משקה און ריקודים.

## טלית אַלם משכון

אַ הילצערנער קופער פאַרשלאָסן מיט אַ גרויסן אייזערנעם שלאָס איז געווען אין „שטיבל״. דאָרטן פלעגט דער גבאי נאָכן דאַווענען פאַרשליסן די טליתים פון די, וואָס האָבן צוגעזאָגט ביי די עליות נדרים און נישט געהאַט באַצאָלט.

## אין דער צייט פון רדיפות

ס׳זיינען געווען צייטן, ווען די מאַכט־אָרגאַנען האָבן גע׳רודפ׳ט די חסידים אָננעמענדיק, אַז ס׳איז אַ סעקטע פון געהיימע רעוואָלוציאָנערן. אין מיטן דאַווענען אין „שטיבל״ פלעגן קומען פּאָליציי צעטרייבן די מתפללים. אין אַזוינע צייטן פלעגט דער עולם חסידים זיך צוזאַמענקומען דאַווענען אין פריוואַטע הייזער. איינמאָל אין אַ צייט פון אַזוינע רדיפות איז פאַרגעקומען דאָס ימים־נוראים דאַווענען אין הויז פון ברכה בזשעזשינסקי אויסערן שטאָט.

## די הלבשה

די חסידים האָבן זייער מקפּיד געווען אויף די אויסערלעכקייטן. מען האָט געמוזט טראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס. אין קורצע מלבושים האָט מען נישט אַריינגעלאָזן צום דאַווענען. דאָס זעלבע האָט מען גע׳רודפ׳ט יונגוואַרג מיט קורצע פּיאות, אָפּגעגאָלטע בערד און אויך די וואָס האָבן געטראָגן ווייסע קעלנערלעך. איינמאָל בעת קבלת שבת האָט ר׳ משה אָנגעהויבן שרייען געוואַלד: „אַ שלעכטער ריח, שקץ שפּירט זיך״. דאָס האָט ער געמיינט דעם שרייבער, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַ ריח פון שמעקעדיקע זייף, מיט וועלכע ער האָט זיך געוואַשן לכבוד שבת.

## הויך פּאָליטיק

אין דער צייט פון די וואַלן צו דער ערשטער רוסישער דומע (רוסישער כמו פּאַרלאַמענט, וואָס דער צאַר האָט באַוויליקט אַלס אַ שריט צו קאָנסטיטוציאָנעלער פרייהייט) האָבן די חסידים אויסגעקליבן ה׳ מענדל הייטלער אַלס געלערנטער און ידען, אַז ער זאָל אויפקלערן פאַר די חסידים די וויכטיקע ענדערונגען, וואָס עס ווערן דערוואַרטעט אין דער רוסישער

# אַדוואָקאַטן אין לאַמזשע

עס האָבן נישט געפעלט אין לאָמזשער געמיינדע אַזעלכע, וואָס פלעגן וויסן ווי זיך משתדל צו זיין אין געריכט, אַדמיניסטראַטיווע אָדער פּאָליציי אָרגאַנען צו דערפילן דאָס געזעץ. ה׳ לייבל קרעלענשטיין איז געווען אַ שתדלן; אַנדערע האָבן זיך אָנגערופן ווינקל־אַדוואָקאַטן; נאָך אַנדערע זיינען געווען גוטע „פּראָשעניע“ שרייבער, ד. ה. זיי פלעגן אויסדריקן אין אַ שריפטלעכער ביטע אין אַ פיינעם סטיל און האַנטשריפט די אָנקלאַגע און די ביטע פון דעם פערזאָן אויפן סמך פון געזעץ. אַזעלכע זיינען געווען ישראל׳קע פאלק, בעל קורא אין חברה תהלים; יצחק לייב ראַבינאָוויץ, יצחק דאָמאָוויץ (איצקע פּראָשעניע־שרייבער), אברהם דאָמאָוויצע׳ס פאָטער (דער זון פלעגט זיך אויך פאַרנעמען מיט דעם); אייזענפעלד, טורעק, א. אַנד.

דער ערשטער אידישער אַדוואָקאַט אין לאָמזשע, אין צייט פון פוילנ׳ס זעלבסטשטענדיקייט ביזן אויפשטאַנד אין יאָר 1863, איז געווען ר׳ אליהו ראָזענטאַל פון יאשינאָווקאַ. ער איז געווען באַליבט ביי די פּאָליאַקן. זיין טאָכטער האָט געהייראַט מיטן רב און דאָקטאָר, אפרים עדעלשטיין.

אין דער צייט פון רוסישער הערשאַפט איז דער ערשטער אָנגעזעענער אַדוואָקאַט געווען ר׳ יוסף מאַרעצקי, זייער אַ פרומער איד, אָבער צוליב ברייטע ידיעות אין געזעצגעבונג האָט מען אים דערלויבט צו זיין עפנטלעך אין געריכט אַ פּאַרטיידיקער נישט אַכטנדיק וואָס ער באַזיצט נישט קיין אָפיציעלן דיפּלאָם פאַר דעם. אַ צווייטער אַדוואָקאַט איז געווען אין זיין צייט, שוין אַ דיפּלאָמירטער, שאכנאראוויץ, אַן אַסימילירטער. ער האָט אין קעגנזאַץ צו ה׳ מאַרעצקי, זיך אונטערגעשריבן אונטער אַ געריכט דעציזיע אום שבת און האָט צוליב דעם פאַרלאָרן דורכן הויפּט־ריכטער זיין רעכט צו פאַרטיידיקונג, מיטן מאָטיוו, אַז מען קען נישט טרויען אַ מענטשן, וואָס שעצט גרינג זיין רעליגיע. ער האָט נאָכדעם פאַרלאָזן לאָמזשע. זיין זון איז געווען אַ קורצע צייט אַ פּראָקוראָטאָר ביי די געהיימע פּאָליציי אָרגאַנען. ער איז דורכגעפאַלן און אַרויסגעטריבן געוואָרן פון גימנאַזיע. נאָך אַן אַדוואָקאַט איז פאַרן זעלבן פרייען טאַט דערוווייטערט געוואָרן פון געריכט — ה׳ סעגאַל, הויפּט פון די פייער־לעשער. ער איז נאָך דעם פאַרבליבן מיט דערפאָלג אַ שרייבער פון ביטעס (פּראָשעניעס). פילע יאָרן איז געווען אַ געשוואָרענער אַדוואָקאַט ביים קרייז געריכט ה׳ קלינקאָוושטיין. ער איז געווען באַוואוסט אין גאַנצן געגענט, איז אויך געווען געלערנט אין תלמוד, א חובב ציון. ביי אים אין הויז פלעגן פאָרקומען די אסיפות פון חובבי ציון.

אַ פריוואַטער אָנגעזעענער אַדוואָקאַט איז געווען ה׳ קולקין פון קאַלנא. ער איז רייך געוואָרן פון זיין פּראַפּעסיע. זיינע פילע הייזער איינע לעבן די אַנדערע האָבן געבילדעט אַ באַזונדער שכונה — „קולקינ׳ס הויף“. דאָרטן פלעגן פאָרקומען גרויסע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. זיין זון האָט אים געהאָלפן אין דער פּראָפעסיע. (זע באַשרייבונג „קולקינ׳ס הויף“, פון מנוחה אַלפערין.)

ה׳ קאַקאשקא האָט באַקומען דאָס רעכט פון אַ געשוואוירענעם אַדוואָקאַט דורך דער שתדלנות פון גובערנאַטאָר הענס׳ס טאָכטער אין פּעטערבורג. דער באַוואוסטער אין רוסלאַנד אַדוואָקאַט מ. ווינאַווער איז געשטאַנען צום עקזאַמען צוזאַמען מיט ה׳ קאַקאשקא. אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז געווען ה׳ גאָלדבערג אַדוואָקאַט און נאָך אינגערע ווי מ. קארבאווסקי, דעם דאָקטאָר׳ס זון; קרומער, זון פון פאָטאָגראַפיסט „רעמבראַנדט“; קאַלוואַרייסקי, מ. מושינסקי, א. אַנד.

אַלס אַן עסקן אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, האָט זיך אויסגעצייכנט אַדוואָקאַט גראַובאַרד. אַמייסטן איז ער געווען טעטיק אין שוץ קאָמיטעט, און אין הילפס קאָמיטעט. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי און געשטאַנען אין ווילנע, וואו ער האָט אָרגאַניזירט דעם הילפס־קאָמיטעט פאַר פּליטים. דער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט פון אַמעריקע האָט אים געשיקט אַ וויזע מיט אַ באַצאָלטן בילעט אויף אַן עראָפּלאַן און אַזוי איז ער ניצל געוואָרן פון אומקום.

---

מדינה. האָט ער איינמאָל בין מנחה למעריב אין „שטיבל“ געהייסן די יונגוואַרג זאָל אַרויסגיין און ער האָט דערקלערט פאַר די דערוואָקסענע, וואָס פאַרא פּאָליטישע ענדערונגען ס׳זיינען צו דערוואַרטן. און איין חסיד האָט צוגעגעבן, אַז מען זעט ממש בחוש די התחלה פון ביאת המשיח. אַלס באַווייז האָט ער געגעבן דעם פאַקט, וואָס דאָס בילד פון קיסר צייגט אַז ער איז דאָס דער מלך אדום, וואָס לויט די הייליקע ספרים דאַרף ער פאַלן פאַרן קומען פון משיח.

## קעגנזייטיקע הילף, חבר׳שאַפט

די גאַנצע חסידישע געמיינדע האָט געלעבט אין פריינטשאַפט און צוטרוי. די שמחה פון איינעם איז געווען אַלעמענס שמחה. ד. ז. אין איינעמס צרה האָבן זיך אַלע באַטייליקט. אַן אינטימע פריינטשאַפט האָט געהערשט צווישן זיי אַלע. יעדער איז געווען פאַראינטערעסירט באמת אין דעם צווייטנס לאַגע און אים געהאָלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך. אין „שטיבל“ איז געווען אַ גמ״ח און הילפס־קאַסע, צו וועלכער יעדער חסיד האָט געצאָלט וואָכן אָפּצאָל. ווען איינער איז געווען אין פינאַנציעלער נויט, האָט ער באַקומען הילף. אַ גמילות חסד האָט מען שטענדיק געגעבן אין צייט און מיטן גאַנצן האַרצן.

דאָס אַלץ האָב איך פאַרצייכנט צו פאַראייביקן דאָס לעבן און שאַפן פון אָט דער געמיינדע פון פשוט׳ע ערלעכע אידן מיט וואַרעמע הערצער, וואָס האָבן שטאַרק געקלאַפּט מיט ליבשאַפט צו גאָט, מענטש און איד.

# פ י ק ו ח נ פ ש

## דער אַלטער שפּיטאָל

אין דער 2טער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט איז אויפ־געשטעלט געוואָרן, אויף סענאַטאָרסקאַ גאַס, צווישן אַלטן בית מדרש און תלמוד תורה, אַ שפּיטאָל פאַר לאָמזשער אידישע איינוואוינער אין די ישובים אַרום. ס׳איז געווען אַ הילצערן, נישט גרויס הויז; צוויי דאָקטוירים האָבן דאָרטן פּראַקטי־צירט: איינער אַ רב און אַ דאָקטאָר, דר. אפרים עדעלשטיין, דער צווייטער — אַ משומד, דר. לאַנדינסקי. ביידע זיינען געווען זייער איבערגעגעבן צו זייער אויפגאַבע: צו פאַרבע־סערן דעם אַנשטאַלט. די קראַנקע זיינען מייסטנס געווען נישט פאַרמעגלעכע, פאַר וועלכע די קהילה האָט געזאָרגט. אויך קראַנקע פון די שטעטלעך אַרום פלעגן אַריינגענומען ווערן. אַלס פאַרמאַצעווטן האָבן דאָרטן געדינט ר׳ ראובן אפּיקורס, אַ איד אַ צדיק. נאָך אים איז געווען דאָרטן ה׳ בערמאַן דער פעלדשער. זיי פלעגן אויך העלפן די דאָקטוירים מיט נעכטיקן אָפט ביי די קראַנקע. שפּעטער האָבן פיל גע־האָלפן אין דער סאַניטאַרישער אַרבעט פייוול־שכנא פּאָס־מאַניק און יצחק סאַבאַטקאַ.

אין יאָר תרל״ד (1874) האָט באַראָן דוד גינזבורג, וואָס האָט געדינט אין לאָמזשער פּאָלק, באַזוכט דעם שפּיטאָל און געשאָנקען 50 רובל („המליץ״ 1874, נומ. 14).

אברהם יוסף פריימאַן דערציילט אין „המליץ״ פון 8טן אַפּריל, 1880, אַז פרויען צדקניות האָבן פיל געטאָן פאַרן שפּיטאָל. אויף דער איניציאַטיווע פון ר׳ צבי קופּיעצקי׳ס פרוי, שרה, און די אלמנה נאָך ר׳ צבי וויערניצקי, האָבן זיי געגרינדעט אַ פרויען קאָמיטעט אויפצופּאַסן אויף די קראַנקע און דערהאָלנדיקע. דער קאָמיטעט האָט אויך אָרגאַניזירט אַ זאַמלונג־אַקציע איבערן גאַנצן שטאָט פון אַלערליי בעט־באַצוג, דעקעס, בעטגעוואַנט, וועש און אַנדערע נויטיקע זאַכן פאַרן שפּיטאָל מיט גרויס דערפאָלג. דורך נדרים ביי עליות אין די בתי־מדרשים, געשאָנקען פון מאַטעריאַל און אַרבעט איז דער שפּיטאָל אויפגעריכט געוואָרן. עס איז אויך דאַן איינגעשטעלט געוואָרן אַ פרויען וואַך אויפצופּאַסן אויף די קראַנקע און אויף דער ריינקייט און אָרדענונג אין שפּיטאָל. יעדע פרוי אין איר ריי. דאָסגלייכן האָבן זיי דורכגעפירט אַ זאַמלונג פון אַלערליי פּרוכט זאַפטן, איינגעמאַכצן, א. אַ. דערקוויקונגס־ און נאַרהאַפטיקע שפּייזן פאַר די קראַנקע און נאָך מער פאַר די, וואָס דאַרפן זיך דערהאָלן נאָך זייער קראַנקייט צו קענען געזונט ווערן און מיט דער צייט קענען אַרבעטן. שבת האָט מען געבראַכט פאַר זיי אַלע אין אַ גוטן שפּיטאָל זיינען פאַראַן אין לאָמזשער שפּיטאָל. דאָס איז נוגע דער קענטשאַפט פון די דאָקטוירים און אויך זייער איבערגעגעבנקייט. אויך ה׳ א. ג. בזשאָזאָווסקי אין „הצפי־רה״, כ״ד תמוז 1895 שרייבט אין זעלבן גייסט.

## דער נייער שפּיטאָל

לאָמזשער אידישע באַפעלקערונג איז מיט דער צייט גע־וואָרן גרעסער און דער שפּיטאָל איז דורך דעם געוואָרן צו קליין אַריינצונעמען אַלע די וואָס האָבן זיך געווענדעט. עס זיינען צוגעקומען נאָך דאָקטוירים: דר. קאַצענעלענבאָגען פון גראַיעוואָ, דר. גאָלדלוסט׳ס שוואָגער; נאָך אים איז גע־קומען דר. שפּייזן. איין פרוי האָט זיך אונטערגענומען פרייוויליק צו זיין די שטענדיקע פאַרוואַלטערין פון שפּיטאָל (איר נאָמען איז נישט באַקאַנט).

דער שפּיטאָל פלעגט אויך באַדינען פּאָליאַקן און דערפאַר פלעגן זיי שענקען נדבות פאַרן שפּיטאָל. אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט דער קריסט, פאַרמאַצעווט ה׳ טאָק. דעם 7 אויגוסט, 1888 האָט דר. קלינקאָווסטיין אים מספּיד געווען אין נאָמען פון דער אידישער געמיינדע. ער האָט דערציילט, אַז ער פלעגט געבן 50% הנחות פאַר די קראַנקע פון אידישן שפּיטאָל און אויף רעצעפּטן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אידישן שפּיטאָל („המליץ״ 15 אויגוסט, 1888). דער סאַניטאַרער צושטאַנד פון שפּיטאָל איז געוואָרן אַלץ בעסער אויף אַזוי פיל, אַז אין „המליץ״ 27 יוני 1894 שרייבט ה׳ „פלוני״ אַז אַלע מעלות, וואָס דאָקטוירים ווינטשן צו זען קומען ר׳ לייבצע קאַרבאָווסקי׳ס זון, דר. י. קאַרבאָווסקי (די ערשטע 3 יאָר האָט ער געאַרבעט אַלס נדבה אָן באַלוינונג). זיי האָבן פאַרשטאַרקט די פאָדערונגען צו פאַרגרעסערן דעם אַנשטאַלט.

אין יאָר תרנ״ב (1892) איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַ־מענט פאַר אַ נייעם גרעסערן בנין פאַר אַ שפּיטאָל אויפן זעלבן פּלאַץ נאָר אָוועקגערוקט פון גאַס, כדי צו האָבן אין פראָנט אַ גאָרטן מיט ביימער. 6 יאָר האָט זיך געצויגן דאָס



אידישער שפּיטאָל אין לאָמזשע

דער ווינקלשטיין איז געלייגט געוואָרן אין 1892. דער בנין איז פאַרענדיקט געוואָרן אין 1897 און איז צעשטערט געוואָרן פון די נאַציס אין 1940.

בויען צוליבן מאַנגל אין פאָנדן. ה׳ נחמן טיקאצינער האָט זיך דאַן אויסגעצייכנט מיט זיין גוטהאַרציקייט: ער האָט געשאָנקען פאַרן בנין פון שפיטאָל 2 מאָל אַזויפיל, וויפיל אַלע בעלי בתים צוזאַמען וועלן בייטראגן. אויך דער אָרעמער ר׳ בנימין מוליאר האָט פיל געשאָנקען — זיין אַרבעט אַלס נדבה. אַ גרופּע בעלי־בתים און די פריער־דערמאָנטע נייע דאָקטוירים האָבן שטאַרק זיך באַמיט צו באַקומען די נויטיקע סומעס געלט צום פאַרענדיקן דעם בנין. אין „הצפירה״, ו׳ שבט, תרנ״ו (1896) דערציילט „גר ותושב״, אַז דער בנין ווערט שוין פאַרענדיקט און איצט איז די דאגה פון די דאָקטוירים ווי איינצושאַפן אַלע נויטיקע מעדיקאַמענטן און כירורגישע אינסטרומענטן. פאַר דעם צוועק האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ טאַנץ־אָוונט, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט 160 רובל.

כ״ג אלול, תרנ״ז, איז געפייערט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד דער „חנוכת הבית״ פון נייעם שפיטאָל מיט דער באַטייליקונג פון ראשי הקהל, רבנים און וויכטיקע פערזאָנען פון לאָמזשער סביבה; אויך באַאַמטע פון דער רעגירונג פון מאַגיסטראַט. דער נייער שפיטאָל איז באַשטאַנען פון דריי שטאָק. דער אונטערשטער — האָט געהאַט צימערן פאַר דער דינערשאַפט, קיך, וואַש־צימער, סטעריליזירונג צימער, שפּייכלער פאַר וועש און אַ בית־מדרש. ערשטער שטאָק האָט געהאַט: אַ זיצונגס־זאַל, דאָקטאָר׳ס צימער, אַפּטייק, אָפּעראַציע צימער, אַ גרויסן זאַל פאַר אַן אַמבולאַטאָריע (צו געבן מעדיצינישע הילף צו די וועלכע פאַרבלייבן נישט אין שפיטאָל) און גרויסע און קליינע צימערן פאַר קראַנקע. צווייטער שטאָק האָט אַנטהאַלטן צימערן פאַר קראַנקע. דריטער שטאָק האָט געהאַט אַ בוידעם פאַר טריקענען וועש, אַ שפּייכלער פאַר די בגדים פון די קראַנקע און נאָך צימערן. דער גאַנצער שפיטאָל האָט געהאַט פּלאַץ פאַר 100 בעטן. ביי דעם „חנוכת־הבית״ זיינען געווען פאַרנומען 50 בעטן. אַלץ איז געווען ניי, ריין, שיין, גוט. די דערמאָנטע דאָקטוירים דאַרפן דערמאָנט ווערן מיט דאַנק און ברכה פאַר זייער מי צו שאַפן דאָס אַלץ.

## עסקנים און פאַרוואַלטער

אין אַלטן שפיטאָל זיינען געווען באַרימט מיטגלידער פון קוראַטאָריום אַלס די גבאים פון ביקור חולים: ר׳ רפאל בעליקאָווסקי, כאַצקל זדאלעקער און משה־לייב יאקאבי. אין נייעם שפיטאָל זיינען געווען די פירער־גבאים: זדאלעקער, משה ניימאַרק און אברהם כהן. שפּעטער איז צו זיי צוגעקומען ה׳ מענדל ראָזענשיין. אויך ר׳ צבי עפּשטיין, יעקב געלצינסקי און א. מזרח זיינען געווען פילע יאָרן די הויפּט פיגורן פון קוראַטאָריום. ה׳ מזרח, אַלס אויסגעהאַלטענער ציוני, האָט נישט דערלאָזן, אַז אויפן שפיטאָל זאָל זיין אַ שילד אין פויליש “Szpital Zydowski”, נאָר אין אונזער פאָלקס־שפּראַך: „אידישער שפיטאָל״.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן געאַרבעט איבערגעגעבן די פרויען: חיה־שיינע קאַוווקעוויץ (מוטער פון יעקב נריה) און פרוי פון דר. י. קאַרבאָווסקי. זיי האָבן פון דאָס ניי אָרגאַניזירט דעם פרויען קאָמיטעט צו זאָרגן וועגן גוטע נאַרהאַפטע שפּייז פאַר קראַנקע און דערהאָלנדע. אויך האָט פיל בייגעטראָגן מיט ענערגיע און געלט דער אַלטער ר׳ דוד־צבי זשאַטקעוויץ, איינער פון די גבאים אַ איד אַ למדן און אַ גומל־חסד. אין יאָר תר״ס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאַרוויילונגס־אָוונט אום חנוכה, וועלכער האָט



דוד הערש זשוטקעוויץ
גבאי פון שפיטאָל.

אַריינגעבראַכט ריינע הכנסה 400 רובל פאַרן שפיטאָל („הצפירה״ פעברואַר, 1900, נומ. 34).

אין נייעם שפיטאָל האָט פילע יאָרן מיט איבערגעגעבנקייט געאַרבעט אַלס פאַרוואַלטער און ביכער־פירער ה׳ טוביה קליאַן, אַ ערלעכער באַשיידענער מענטש. נאָך אים האָט אויפן זעלבן פּאָסטן געדינט ה׳ חיים ראָטשילד, אַ וואַרעמהאַרציקער מענטש, וואָס האָט מיט זיין גוטסקייט און פעאיקייטן פיל אויפגעטאָן פאַרן שפיטאָל, באַזונדערס אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאַן האָט די רוסישע מיליטער־מאַכט פאַרנומען אַ טייל פון שפיטאָל, אויף וועלכן ס׳איז אַרויפגעצויגן געוואָרן די פאָן פון רויטן קרייץ, אַלס וואָרענונג נישט צו באָמבאַרדירן דעם שפיטאָל. סטודענט מייזעל איז באַשטימט געוואָרן פון גענעראַל בעזלאַדנאָוו אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אָרדענונג פון שפיטאָל. נאָך ראַטשילד׳ס טויט איז אָנגעקומען אַלס אַטענדאַנט ה׳ נתן פיורקא, וועלכער האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַרן שפיטאָל מיט זיינע פעאיקייטן און איבערגעגעבנקייט ביז דער אינוואַזיע פון די דייטשן אין 1939. אויך דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן נאָך אַ געטרייער דינער פאַרן שפיטאָל, ר׳ משה־יאָסל וויניצקי (שפּעטער מער וועגן אים).

גוטשע אבקעווין

# דער שפיטאָל אין זיין לעצטער תקופה

אין 1929 האָב איך געענדיקט אין וואַרשע דעם רעגירונגס־אינסטיטוט אַלס באַרעמהאַרציקע שוועסטער־סאַניטאַרין און אָקושערין. איך בין דאַן אָנגעקומען אין אידישן שפיטאָל אין לאָמזשע אַלס פאַרוואַלטערין און אָקושערין וואו איך האָב געאַרבעט ביז 1933. די 4 יאָר האָבן איבערגעלאָזן אין מיר טיפע אומפאַרגעסלעכע איינדרוקן.

## דער קוראַטאָריום

די אָנפירונג פון שפיטאָל איז באַשטאַנען פון 2 קאָמיטעטן אַן אינערלעכער און אַן אויסערלעכער, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט דעם שפיטאָל פאַר דער מאַכט און מוניציפּאַלע אָרגאַנען דורך געקליבענע אָנגעזעענע עסקנים. ה׳ י. געלצינסקי און ה׳ טאבאליצקי זיינען געווען די הויפּט פאָרשטייער אין די לעצטע יאָרן. זיי האָבן פיל אויפגעטאָן פאַר דעם שפיטאָל.

## דער מעדיצינישער און אַדמיניסטראַטיווער פּערסאָנאַל

ה׳ פיורקא, אַ משכיל און אַקטיווער ציוניסט, איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דעם אינערלעכן קוראַטאָריום, ד.



מעדיצינישער און אַדמיניסטראַטיווער פערסאָנאַל פון אידישן שפּיטאָל
זיצנדיק (רעכטס): דר. פּיאַנטניצקי, יעקב געלצינסקי, דר. פעלטין, נתן פיורקא. שטייענדיק: גוטשע אבקעוויץ, דר. עפּנער, דאָראַ מולאווקסי, דר. מ. קאַרבאַווסקי, דער זון דער אויגן דאָקטאָר, דר. מענקעס, גימפּל.

ה. מעדיציינישער און אַדמיניסטראַטיווער צוזאַמענשטעל. ער האָט באַזעסן די נויטיקע גוטע פעאיקייטן צו זיין דער אינ־טענדאַנט פון שפּיטאָל. דער הויפּט פון מעדיצינישן פּערסאָ־נאַל איז געווען דר. קארבאווסקי; זיין געהילף — דר. פעלטין. ביידע האָבן זייער פיל אויפגעטאָן פאַרן שפּיטאָל מיט זייער קענטעניש, ענערגיע און איבערגעגעבנקייט. צו זיי איז צו־געקומען דר. דוד פיאנטניצקי, הייסער ציוני און אַ געזעל־שאַפטלעכער טוער מיט אַן עכטער אידיש־פאָלקסטימלעכער נשמה.

## אָפּטיילונג פאַר קימפּעטאָרינס

דער פעאיקער יונגער אַקושער דאָקטאָר עפּנער, מיט געוויסער מיטהילף פון דער שרייבערין, האָט פאַרטראַכט און אויפגעשטעלט אָט די אָפּטיילונג אין שפּיטאָל. ביז דאַן איז יעדע פרוי „געגאַנגען־צו־קינד" אין איר הויז מיט דער מיטהילף פון פרויען אַקושערקעס. אין שווערע פאַלן האָט מען גערופן אַ דאָקטאָר. אין גאָר קאָמפּליצירטע פאַלן פלעגט מען די געווינערין נעמען קיין וואַרשע אין שפּיטאָל פאַר אַזעלכע פאַלן. אָט די אָפּטיילונג אויסגעשטאַט מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען און אינסטרומענטן איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. שוין אין ערשטן יאָר פון איר פונקציאָ־נירונג האָבן 400 פרויען דורכגעמאַכט דאָרטן זייערע קימפּעט־אָפּעראַציעס, צו אַלעמענס גרויסער צופרידנקייט. אסתר גרינגראָז איז געווען אַ לענגערע צייט אקושערין אין שפּיטאָל.

## די כירורגישע אָפּטיילונג

די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט זיך אויך שטאַרק אַנטוויקלט. ס'איז געוואָרן נויטיק און מען האָט אָנגעשטעלט נאָך אַ דאָקטאָר־כירורג, דר. מענקעס, וועלכער איז געוואָרן באַוואוסט מיט זיינע דערפאָלגרייכע אָפּעראַציעס. ער האָט נאָך מער אויסגעבעסערט און פאַרשענערט די דאָזיקע אָפּטיילונג. צוליב דעם גוטן נאָמען פון שפּיטאָל פלעגן קומען פיל יונגע דאָק־טוירים אָנבאָטן זייער הילף ווי: דר. קאווקעוויץ, בערענ־זאָן, בערמאַן א. אַנד. אויך פיל קריסטן אַנטיסעמיטן פלעגן ווערן געהיילט ווערן אין אידישן שפּיטאָל דורך אידישע דאָקטוירים, הגם זיי האָבן געהאַט זייער אייגענעם שפּיטאָל „שוויענטי דוך".

## אויגן־קראַנקייטן אָפּטיילונג

נאָך אַן אָפּטיילונג, פאַר אויגן־קראַנקייטן, איז געעפנט געוואָרן, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם אויגן־דאָקטאָר מ. קארבאווסקי, אַ זון פון דר. י. קארבאווסקי, וועלכער האָט אויך זייער פיל אויפגעטאָן אַזוי, אַז די אָפּטיילונג האָט געדינט פאַר אַ מוסטער אין גאַנצן געגנט.

די אַנטוויקלונג און דערפאָלג פון שפּיטאָל איז געווען, אין פיל הינזיכטן, דער רעזולטאַט פון די שטענדיקע פאָדע־רונגען פון די דאָקטוירים צו אויסברייטערן און פאַרבעסערן. ה' פיורקא פלעגט אָפט באַנוצן זיין שלאָג־וואָרט: „מען דאַרף שאַפן יש מאין".

## עפּידעמישע קראַנקייטן

די אָפּטיילונג איז אָנגעפירט געוואָרן זייער טיכטיק דורך דר. פעלטין.

## די רעגירונג פאַרגינט נישט די אידן דעם דערפאָלגרייכן אַנשטאַלט

דער דערפאָלג פון דער עפּידעמישער אָפּטיילונג האָט דערוועקט אַ גרויסע קנאה צווישן אָנפירערס פון די זעלבע



אויסגעברייטערטע פאַרוואַלטונג פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער קראַנקען־קאַסע אין לאָמזשע. (*KASA CHORYCH*)

(צווישן די אידישע פאָרשטייער געפינען זיך מרדכי פאָסטאַרסקי, בערל קאָרניגס, יונה ראַטשילד, יאַפע־שניצער א. אנד.)

אָפּטיילונגען אין די רעגירונגס אַנשטאַלטן, און זיי האָבן גענומען פאָדערן, אַז דער גאַנצער אידישער שפּיטאָל זאָל ווערן אַ רעגירונגס שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן פאַרן גאַנצן קרייז פון לאָמזשע. אַ צירקולאַר פון דעם דערמאָנטן רעגירונגס־אַמט איז געלייענט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דעם קוראַטאָריום, אין וועלכן עס ווערט אויסגערעכנט די דרוק־מיטלען וואָס עס ווערן אָנגענומען צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל. דר. י. קאַרבאַווסקי, דער פּאָטער, הגם אַ האַלבער אַסימילאַטאָר, האָט אַן אויפגערעגטער פאַרזיכערט די פאַרזאַמלטע, אַז עס וועט נישט געשען אַזאַ אומרעכט אַוועקצונעמען דעם אַנשטאַלט, וואָס אידן האָבן מיט זייערע בלוטיקע גראָשנס אַנטוויקלט, און אַוועקגעבן די גויים. ער האָט פאָרגעשלאָגן צו איינאָרדענען אַ צוזאַמענקום מיט די רעגירונגס באַאַמטע, וואָס פירן דעם קנאה־קאַמף ביי אַ צובייס און — עס וועט זיין גוט. ער האָט געמוטיקט די אָנוועזנדע זיך נישט מיאש צו זיין. דער שפּיטאָל וועט בלייבן ביי אונז, ווייל ער איז אונזערער, האָט ער געזאָגט.

אויף דעם צוזאַמענקום האָט דר. קאַרבאַווסקי אָנגעוויזן מיט פּאַטאָס די עולה, וואָס עס גייט געטאָן ווערן צו דער אידישער באַפעלקערונג. מען טאָר ניט ביי איר צונעמען דעם טייערן, מיט אַזוי פיל מי און אָנשטרענגונג דורך אַ לאַנגע רייע יאָרן שווער געשאַפענעם אוצר. זיינע רייד האָבן געמאַכט אַ גוטע ווירקונג אויף די פאַרזאַמלטע און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן נישט נאָר צו איבערלאָזן דעם שפּיטאָל ביי די אידן נאָר אויך צו פאַרגרעסערן די רעגירונגס־שטיצע פאַר אים.

## דר. גראָסמאַנ'ס באַזוך אין שפּיטאָל

אין יאָר 1934 האָט דר. גראָסמאַן פון אַמעריקע, באַזוכנדיק לאָמזשע, באַזוכט דעם שפּיטאָל, וועלכער האָט אים, ווי אַ דאָקטאָר, זייער אינטערעסירט. אַ צוזאַמענקום פון גאַנצן פּערסאָנאַל פון דאָקטוירים, שוועסטער, פעלדשער און עסקנים איז איינגעאָרדנט געוואָרן מיט דעם גאַסט. ער האָט געקראָגן אַ באַריכט וועגן דעם צושטאַנד פון שפּיטאָל, ווי דערפאָלגרייך די מעדיצינישע אויפזיכט איז, און די באַציאונג פון די מאַכט־אָרגאַנען צום אַנשטאַלט. דער באַריכט האָט געמאַכט אויף אים אַ גוטן איינדרוק און ער האָט איבערגעגעבן אַ באַשיידענע מתנה פאַרן שפּיטאָל פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־רינג און זיינע אַן אייגענע מתנה. ער האָט צוגעזאָגט, אַז נאָכן צוריקקומען קיין אַמעריקע וועט ער איינאָרדענען אַ זאַמלונג־קאַמפּיין פאַרן שפּיטאָל. דר. קאַרבאַווסקי האָט אים געדאַנקט און אויסגעדריקט זיין גלויבן אין דר. גראָסמאַנ'ס שיינעם צוזאָג.

## אידישע קראַנקע אין פּוילישע שפּיטעלער

אין פּוילישן שפּיטאָל „שוויענטי דוך", וואָס איז געווען אויסגעהאַלטן פון מאַגיסטראַט און סיימיק, פלעגט מען אַריינגעמען אויך אידישע קראַנקע. אָבער נישט פיל אידן פלעגן זיך ווענדן דאָרט צוליב דער אומגעבונג און אַטמאָספערע. פיל קאַטוילישע צלמים און קריסטלעכע הייליקע בילדער זיינען געהאַנגען איבעראַל; נאָכמער צוליב די טריפה עסן, וואָס מען האָט, נאַטירלעך, דאָרטן געגעבן די קראַנקע. די אידן פלעגן מער זיך ווענדן צו די כירורגישע אָפּטיילונגען, ווייל געניטע און גוטע דאָקטוירים פלעגן דאָרטן אַרבעטן. דאָרטן פלעגט דערלויבט זיין אַריינצוברענגען אייגענע עסן. נאָך אייניקע פּוילישע שפּיטעלער זיינען געווען אין לאָמזשע (אַלץ אויף די נעמען פון קאַטוילישע הייליקע, ווי „שוויענטי וואָיצעך", „שוויענטי ראָך") פאַר פאַרשיידענע קראַנקייטן. אויך אַ שפּיטאָל פאַר אויגן קראַנקייטן איז געווען — איבעראַל פלעגן אידן ווערן אָנגענומען.

## אַלגעמיינע קראַנקן־קאַסע

אין דער אַלגעמיינער קראַנקן־קאַסע אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג זיינען געווען הונדערטער אידן מיטגלידער. אין יאָר 1926 זיינען געווען 3300 מיטגלידער — פון זיי איבער טויזנט אידן.

## דער הקדש

אַזוי ווי אַלע קהילות האָט לאָמזשע אויך פאַרמאָגט אַן „אַנשטאַלט" פאַר אָרעמע אומהיילבאַרע אָדער אַנשטעקנדע קראַנקע. אַ „הקדש" איז שטענדיק געווען אַ סינאָנים פאַר אַ שמוציק נעסט פון קראַנקייטן, וואָס איז אין אַ הפקר צו־שטאַנד. לאָמזשער „הקדש" איז געשטאַנען אויף שקאָלנא גאַס הינטער דעם גרויסן בית־מדרש לעבן „גמילות חסדים". דאָס איז געווען אַ קליין ברעטער־שטיבל מיט אַ שטרויענעם דאַך. באָרעמהאַרציקע פרויען פלעגן ברענגען אַהין געקעכץ, ברויט, ציבעלעס, פרוכט, א. אַ. ביים באַנייען זיך מיט אַ בגד אָדער שיך פלעגט מען אַהין ברענגען די אַלטע צעריסענע. אין „הקדש" פלעגט מען אויך מאַכן די „טהרה" פֿ׳ן מתים אויסער לאָמזשע. שפּעטער, ווען מען האָט אויסגעגלייכט די גאַסן און געמאַכט טראָטואַרן, האָט מען דאָס הקדש־שטיבל צענומען און דער „אַנשטאַלט" איז אַריבער צום אַלטן בית עולם. שפּיטאָל־מתים פלעגט מען מטהר־זיין אין די נאָענטע געביידעס אַמייסטן אין הויז פון „קראַוונאַני".

וועגן הקדש דערציילט ה׳ משה פרידמאַן, אַז ווען ער איז אַלט געווען 4 יאָר, האָט זיך אים געמאַכט אַ „פּיסטעל" אויף אַ פוס. דאָקטוירים האָבן עס נישט געקענט אויסהיילן. האָט מען אים, לויט דער עצה פון ווייבער, געבראַכט אין הקדש אַ׳ן מען האָט אַרויפגעלייגט אויף דער מכה אַ טויטנס האַנט, וואָס מען האָט דאָרטן געבראַכט פאַר דער „טהרה". עד היום ווייס ער נישט צי די רפואות פון די דאָקטוירים אָדער די טויטע האַנט האָט אים געהאָלפן.

## חברה ביקור־חולים

ווי שוין פריער דערמאָנט האָט ביים שפּיטאָל עקזיסטירט אַ חברה „ביקור־חולים", וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו זאָרגן פאַרן שפּיטאָל מיט זאַמלען פאָנדן, און פאַר די קראַנקע צו זיין לעבן זיי דורך די נעכט און העלפן מיט וואָס נויטיק. די חברה האָט געדאַוונט אין אַ באַזונדערן מנין. מיטגלידער זיינען באַשטאַנען פון בעסערע בעלי־בתים און בעלי־מלאכות, פון זיי האָט זיך געבילדעט דער קוראַטאָריום.

## חברה שומרי־חולים

די חברה, האָט געהאַט פאַר אירע אויפגאַבן צו זאָרגן פאַר די קראַנקע, זיין לעבן זיי און טאָן פאַר זיי וואָס מעגלעך. ס׳רוב חברים פון „שומרי חולים" זיינען געווען „עמך"־מענטשן: טרעגער, בעל־עגלות, קליינע קרעמער, א. אַ. וו., וועלכע נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט פלעגט שענקען אַ נאַכט־אויפזיין און הילף פאַר אַ קראַנקן. יעדערער איז געגאַנגען לויט זיין ריי. די חברה האָט געהאַט איר מנין אין שפּיטאָל, כדי אויך די קראַנקע זאָלן קענען דאַוונען.

שבת פרשת וירא איז געווען דער פייערלעכער שבת פאַר די חברה׳ס „ביקור חולים" און „שומרי חולים" (אין אגדת חז״ל ווערט דערקלערט, אַז דער אויסדרוק „וירא אליו ד׳ ", מיינט אַז גאָט האָט מבקר־חולה געווען אברהם׳ען אונזער אַלטן פאָטער). אין אַלע שולן, בתי־מדרשים, האָבן אידן ביי די עליות מנדר־געווען פאַר די חברה׳ס. די גבאים האָבן געגעבן קידוש מיט כיבוד פאַר די מיטגלידער. ווען אַ קראַנקער האָט געגוסס׳ט ר״ל, פלעגן די חברים אויפוועקן דאָקטוירים נאָך הילף, אָדער מענטשן צו זאָגן תהלים, אפּריסן און בעטן פאַרן אָרון קודש. שבת אין דער פרי פלעגן מלמדים קומען און לייענען פאַר די קראַנקע די סדרה א׳ן נשים צדקניות פלעגן שבת־ביי־טאָג לייענען דעם „צאינה וראינה" פאַר קראַנקע פרויען.

## חברה לינת הצדק

די אויפגאַבן פון דער חברה זיינען געווען די זעלבע ווי פון די פריער דערמאָנטע מיט דעם אונטערשייד, וואָס די לעצטע האָט געטאָן אירע גוטע אַרבעטן פאַר די קראַנקע, וואָס פלעגן צוליב פאַרשיידענע סיבות נישט גיין אין שפּיטאָל נאָר ליגן אין בעט אין זייערע היימען: זיין מיטן קראַנקן, באַזונדערס ביינאַכט, ווען די אייגענע פון שטוב זיינען אויסגעמאַטערט פון גאַנצן טאָג אַרומגיין אַרום דעם קראַנקן אין טאָן שטוב זאַכן; קריגן פאַר אים אַ דאָקטאָר אָדער רפואות אומזיסט אָדער אויף רעדוצירטע פּרייזן.

פיל אָנהענגער האָט די חברה געהאַט: אין די ערשטע 5 מאָנאַטן פון איר גרינדונג — 220 מיטגלידער. אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג זיינען געווען ה׳ קויפמאַן, ליבער כץ און פריער דערמאָנטער לערער א. ד. פריינקל (פון די ערשטע חובבי ציון). ווען די חברה האָט אַריינבאַקומען מער פאָנדן, פלעגט זי אויסטיילן צו קראַנקע פאַרשיידענע עסנוואַרג א׳ן געטראַנקען צו שטאַרקן ווי ווין, צוקער, איינגעמאַכץ, א. אַ. וו. אויך צו דערמעגלעכן שוואַכע צו פאַרברענגען זומער־צייט „אויף פרישע לופט" אין צערוואָני בור, א. אַ. דאָקטאָר י. קאַרבאַווסקי, דער חברה׳ס שטענדיקער דאָקטאָר, האָט פון אָנפאַנג נישט גענומען קיין געלט פאַר זיינע וויזיטן. שפּעטער פלעגט ער נעמען אַ קליינעם האָנאָראַר פאַר יעדן קראַנקן, צו וועמען די חברה פלעגט אים שיקן.

אויפן 4טן יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט זיך געווידמעט דער חברה מיט זיין גאַנצן וועזן, און פיל געשאָנקען פון זיין פאַרמעגן, ר׳ משה פיאַנטקאָווסקי, קרעמער און פאַרוואַלטער פון ה׳ יעקב מושינסקי׳ס הויז, וואו די חברה האָט געהאַט איר מנין און ער איז געווען דער גבאי. זיין פרוי האָט א׳ם פיל געהאָלפן אין זיינע טעטיקייטן.

פילע יאָרן זיינען אין דער פאַרוואַלטונג געווען: ל. כץ, אלי־מאיר ראָזענבלום, יצחק ראָזען — איידעם פון זלמן יעווריעיוויץ, יצחק סאָבאָטקי, א. אַנד. שבת פ׳ בשלח איז געווען דער פייערונג־שבת פון דער חברה „לינת הצדק" (אין סדרה בשלח ווערט געזאָגט: „כל המחלה... כי אני ד׳ רופאך"). אין אַלע שולן און בתי־מדרשים האָט מען ביי די עליות מנדר געווען פאַר דער חברה („הצפירה" ו׳ שבט, י״ט אב תרנ״ו; „המליץ", 12 אַפּריל, 1895).

פאַרוואַלטונג פון לינת הצדק אין לאָמזשע אין יאָר 1935
זיצנדיק (רעכטס): יצחק ראַזען, ליבער קאַץ, יעקב געלצינסקי, שמולקע בלאשקע.
שטייענדיק: דניאל פאַסמאַניק, חיים מאַקאָפּסקי.



# דאָקטוירים אין לאָמזשע

## דר. אפרים עדעלשטיין
### ערשטער אידישער דאָקטאָר אין לאָמזשע

אַ גרויסן זכות האָט לאָמזשע געהאַט, וואָס צו איר איז אָנגעקומען אין 1844 אַ אידישער דאָקטאָר, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען רב, משכיל און אַ געלערנטער בכלל, אַ בקי אין ש״ס און פוסקים און דערצו נאָך אַ ירא שמים באמת, און צו דעם אַלעם געווען שטאָלץ מיט זיין אידישקייט. דאָס איז געווען דער רב־דאָקטאָר אפרים בן זאַנוויל עדעלשטיין. דאָס איז געווען אַ זעלטענער טיפּ, ווייל אַ דאָקטאָר אין יענע צייטן איז געווען דער סינאָנים פון אַסימילאַציע, וואָס שעמט זיך מיט אידישקייט און האַלט זיך ווייט פון אידן.

45 יאָר האָט דר. עדעלשטיין געדינט אין לאָמזשער קהילה אַלס דאָקטאָר, מלוכה־רב און געזעלשאַפטלעכער טוער. מען קען דריבער זאָגן אַז אין אַ גרויסער מאָס האָט לאָמזשע אים צו פאַרדאַנקען פאַר איר שנעלער אַנטוויקלונג אין 19טן יאָר־הונדערט אויף די געביטן פון קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אירע פאָרגעשריטענע און געלערנטע בעלי־בתים, אירע אַנשטאַלטן פאַר תורה, אירע רבנים און לערער באַרימטע אין פּוילן. דאָקטאָר עדעלשטיין איז געווען אַן אַקטיווער עסקן אין די אַלע אַנשטאַלטן אויסער זיין געטרייען דינסט אין שפּיטאָל. ער איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון לאָמזשער קהל פאַר דער רעגירונג, באַליבט און געאַכטעט אין דער פּוילישער געזעלשאַפט בכלל און צווישן די דאָקטוירים בפרט, ווייל ער איז געווען אַקטיוו אין דער פּוילישער געהיימער באַוועגונג קעגן דער רוסישער טיראַניע — אַ פּאַטריאָט פון פּוילישן פאָלק. דאָס האָט אים טאַקע באַרימט געמאַכט איבער גאַנץ פּוילן.

דר. עדעלשטיין איז געבוירן געוואָרן אין סטאַווויסק, אין 1803, ביי ר׳ זאַנוויל, אַ איד אַ למדן און ירא־שמים, וועלכער האָט דערצויגן זיין זון אין זיין גייסט. צו דרייצן יאָר איז אפרים שוין געווען באַרימט אַלס עילוי. זיין פאָטער מאַכט אים דאַן חתונה מיט אַ טאָכטער פון אַן אָנגעזעענעם בעל־בית פון לובלין. אפרים עסט קעסט און לערנט אין בית־מדרש, גרייטנדיק זיך צו זיין אַ גרויסער רב.

צופעליק פאַלט אַריין אין זיין האַנט אַ לשון־קודש׳דיק ספר׳ל „מעשה טוביה״ פון דר. טוביה בן משה הכהן (געדרוקט אין ווענעדיג, אין 1708), וועלכער באַהאַנדלט, צווישן אַנדערע, אויך מעטאַפיזיק, אַסטראָנאָמיע, געאָגראַפיע און אויך מעדיצין. דאָס לעצטע האָט שטאַרק באַאיינפלוסט אפרים׳ען. דער מחבר דערציילט דאָרטן, ווי אַזוי ער האָט פאַרלאָזן מיט זיינעם אַ חבר די ישיבה, וואו זיי האָבן געלערנט, און זיינען אַנטלאָפן קיין פּריסן מיט אַ נדר צו שטודירן דאָקטאָר און אַזוי אַרום ווייזן דער וועלט, אַז אידן קענען אויך אַרויסגעבן פון זיך גוטע דאָקטוירים און נאַטור פאָרשער.

אפרים האָט זיך גענומען גוט אין געדאַנק אָט דעם מוטיקן, געוואַגטן שריט פונם שרייבער. ער הויבט אָן צו לערנען דייטש, פּויליש, מאַטעמאַטיק צוזאַמען מיט ש״ס און פוסקים. צו 20 יאָר קריגט ער סמיכה אויף רבנות און ווערט נעלם, פאַרזיכערנדיק זיין פרוי אין אַ בריוו, אַז נאָכן דערגרייכן זיין ציל, וועט ער זיך צוריקקערן צו איר. איי̇ניקע יאָרן איז זיין פרוי אַן עגונה. מיט דער צייט אָבער האָט זיך זיין שווער דערוואוסט, אַז זיין איידעם לערנט מעדיצין אין ווינער אוניווערסיטעט. ער קומט אַהין אַרויסצוקריגן פון אים אַ גט פאַר זיין טאָכטער, מאָטיווירנדיק, אַז ניִשט ער און ניִשט זיין טאָכטער ווילן האָבן צוטאָן מיט אַפּיקורסים. נאָכן גט׳ן זיין פרוי, האָט אפרים נאָך מער געלערנט מיט התמדה סיי מעדיצין און סיי תלמוד און פילאָסאָפיע. ס׳איז ניִשט באַוואוסט פון וואָס אפרים האָט זיך אויסגעהאַלטן.

ענדיקנדיק דעם אוניווערסיטעט אין 1835, קומט אפרים צוריק קיין פּוילן. האַלט אויס אין דעם באַוואוסטן וואַרשעווער אוניווערסיטעט דעם פּוילישן מעדיציניִשן עקזאַמען און ווערט אַן אָנערקענטער דאָקטאָר. ער באַזעצט זיך אין סטאַווויסק, זיין געבורטס שטעטל, וועלכע קען אים אָבער ניִשט געבן קיין פּרנסה. ער קומט קיין לאָמזשע און, צו אַלעמענס וואונדער, זעצט ער זיך לערנען אין בית מדרש: קורץ געקליידט, געגאָלט, ממש אַ דייטש, זיצט און לערנט, איז אַ בקי אין ש״ס און פוסקים, דעם רמב״ם, און קען פּסק׳נען שאלות. דער־וויסנדיק זיך, אַז ער איז אַ געענדיקטער דאָקטאָר אין ווין, אָנערקענט אויך אין פּוילן, ווערט ער גלייך אָנגעשטעלט מיט אַ גוטן געהאַלט אין שפּיטאָל. ער באַקומט, לויט זיין ביטע, אַן אַוואַנס־סומע, כדי צו אָפּצאָלן דעם כתובה־חוב צו זיין געוועזענער פרוי. פּראַקטיצירנדיק אַלס דאָקטאָר רעדט ער צו די אידישע קראַנקע אידיש. ער גייט יעדן טאָג דאַווענען אין בית מדרש. האַלט דרשות שבת אין בית־מדרש — רב און דאָקטאָר!

מיט דער צייט האָט ער חתונה, צום צווייטן מאָל, מיט שושנה, אַ טאָכטער פון אַדוואָקאַט ראָזענטאַל, וועלכע גע־בוירט אים אַ זון אַלכסנדר. זי שטאַרבט יונג.

דר. אפרים עדעלשטיין איז נפטר געוואָרן ג׳ באב, תרמ״ג (1883), אויף זיין 80טן יאָר. אַ גרויסער טרויער איז דאַן געווען אין לאָמזשע. לויט ב. סמאָלינסקי, „הצפירה״, י״ח אב, תרמ״ג, האָט די גאַנצע שטאָט, אידן און פּאָליאַקן, זיך באַטייליקט אין זיין לויה. דער שטאָטישער רב, רבי אליעזר שמחה ראַבינאָוויץ, און אַנדערע האָבן מספּיד געווען. אויפן בית עולם האָט אים אין נאָמען פון דער פּוילישער געזעל־שאַפט און זיינע דאָקטוירים־קאָלעגן מספּיד געווען דער פּוילישער דאָקטאָר מיכאלאָווסקי. לויט נ. סאָקאָלאָוו, רע־דאַקטאָר פון „האסיף״, תרמ״ה, זייט 135, זיינען אין זיין צייט אומגעגאַנגען משלים און וויצן פון דר. עדעלשטיין, אין וועלכע ס׳איז אויסגעדריקט געוואָרן פּיקחות און קלאָרער פאַרשטאַנד אין וועלטלעכע אָנגעלעגנהייטן.

## פאַרמאַצעווט ראובן אפיקורס

אַ איד אַ משכיל, פאַראינטערעסירט אין וויסנשאַפט, מקרב־געווען יונגע משכילים. פילע האָט ער אַליין געלערנט אָן געצאָלט אַלגעמיינע למודים. אַ סך ישיבה־בחורים זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער ישיבה פאַר לערנען זיך ביי אים. ר׳ לייזער׳ס פון דער ישיבה אַן אויפרוף האָט געוואָרנט: ווער ס׳וועט אַריבערטרעטן דעם שוועל פון „טריפה׳נעם אידן״, וועט אַרויסגעטריבן ווערן פון דער ישיבה. ראובן אַליין איז געוואָרנט צו זיי̇ן אין חרם און בלייבן אָן פּרנסה אויב ער וועט ניִשט אויפהערן אַראָפּפירן ישיבה־בחורים פון וועג.

ראובן אפיקורס איז געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן וועזן צום שפּיטאָל. ער האָט געהאָלפן די דאָקטוירים מיט אַלע אַרבעטן, וואָס אַ פעלדשער־סאַניטאַר דאַרף און קען טאָן. גלייכצייטיק האָט ער געטאָן די גאַנצע פאַרמאַצעווטישע אַרבעט פאַרן שפּיטאָל. ער איז געווען אַזוי באַוואוסט און

אָנגעטרויט, אַז ווען נאָר אימיצער איז קראַנק געוואָרן, פלעגט מען אים זאָגן: „גיי צו ראובנ׳ען״.

דער נאָמען אַפּיקורס איז צו אים געקומען צוליב זיין קענען שפּראַכן און לייענען ביכער. אָבער באמת איז ער געווען זייער אַ פרומער. זיינע צוויי זין זיינען אויפגעגאַנגען קיין ירושלים און געוואוינט אין דער אַלטער שטאָט.

נאָך זיין פרוי׳ס טויט, פריידע, איז ר׳ ראובן אַוועק קיין ביאַליסטאָק און געזעסן איינזאַם אין בית מדרש און געלערנט. מיט זיין פרומקייט, זיין צדקה און היילן קראַנקע אומזיסט, איז ער געוואָרן באַרימט אַלס איינער פון די „ל״ו צדיקים״. נאָך זיין טויט האָט מען אים מספּיד געווען ווי ער האָט פאַרדינט. אויף זיין קבר פלעגן אידן לייגן קוויטלעך, אַז ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר פאַר זיי (איבערגעגעבן פון ה׳ סלאַוואטיס).

## דר. קאַצענעלענבויגן

גענבוירן אין גראַיעווא אין 1853. געלערנט אין ישיבות. זיך גענומען צו השכלה. געלערנט אין קעניגסבערגער אוניווערסיטעט מעדיצין צוזאַמען מיט זיין ברודער. אין לאָמזשע



דר. הערמאַן קאַצענעלענבויגען

אַלס דאָקטאָר איז ער אָנגעקומען אין יאָר 1885 און געדינט דער באַפעלקערונג 28 יאָר.

ער איז געווען איבערגעגעבן צום אידישן שפּיטאָל, אָבער ער איז נישט געווען קיין עסקן אין דער געזעלשאַפט. ער האָט באַזעסן אַ גוטן הומאָר און האָט ליב געהאַט צו מאַכן שפּאַס מיט זיינע פּאַציענטן. דער פאָלגנדער קוריאָז איז כאַראַקטעריסטיש.

דר. קאצנעלענבויגן טרעפט אַמאָל אין גאַס ה׳ משה פיאנקא, הערינג סוחר, באַוואוסט אַלס זייער קאַרגער מענטש. פרעגט אים דר. קאַצענעלענבויגן וואָס ער מאַכט. ה׳ פּיאָנקא דענקט, ער קען איצט שפּאָרן די קאָסטן פון אַ וויזיט און באַקלאָגט זיך, אַז ער ליידט אויף בויך־ווייטיק. דער דאָקטאָר הייסט אים צומאַכן די אויגן, עפענען ס׳מויל און אַרויסשטעקן דעם צונג. דער דאָקטאָר טראָגט זיך מאָמענטאַל אָפּ און ה׳ פּיאָנקא בלייבט שטיין אין מיטן גאַס מיטן צונג אַרויסגעשטעקט...

דר. קאַצענעלענבויגן איז געווען אַ קאָלעגע צו דר. לאַנדינסקי. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס כירורג און אקושער. ווען דר. קארבאַווסקי איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל זיינען זיי ביידע געוואָרן גוטע חברים־פריינט. ווי ס׳רוב דאָקטוירים אין יענער צייט, איז ער געווען אַן אַסימילאַטאָר, שטענדיק גערעדט פויליש, ווייט פון שול און קהילה ענינים אין דאָך איז ער געווען באַליבט ביי אַלע, אידן און קריסטן. אָפט איז ער געווען אַ דערפאָלגרייכער שתדלן פאַר אידן מבטל־צו־זיין גזירות, ווייל ער פלעגט פאַרברענגען און זיך חבר׳ן מיטן גובערנאַטאָר, פּאָליציי־מייסטער און אַנדערע הויכע באַאַמטע ביי די קאָרטן שפּילן אין קלוב פון לייבצע קאַרבאַווסקי. פיל אידישע קינדער זיינען אָנגענומען געוואָרן אין דער רוסישער גימנאַזיע איבער דער נאָרמע פון אידן, אַ דאַנק זיין פריינטשאַפט מיט דעם דירעקטאָר פון גימנאַזיע. אין זיין מעדיצינישער פּראַקטיק איז ער געווען דערפאָלגרייך אויף אַזוי פיל, אַז פון די שטעטלעך אַרום לאָמזשע פלעגט מען קומען מיט קאָטשן אים אַרויסנעמען, און דאַן פלעגן אין שטעטל זיך צונויפזאַמלען אַלע חולאים באַטראַכט צו ווערן פון אים.

זיינע פיר זין האָבן געלערנט אין גימנאַזיע און ער האָט געשעפּט נחת פון זיי פאָרנדיק שפּאַצירן אין זיין קאָטש אָדער ווינטער־צייט אין זיין שליטן. אָבער 3 פון זיי: נתן, רפאל, עמנואל האָט זיין פרוי, פאַרלאָזנדיק אים, מיטגענומען מיט זיך קיין שווייצאַריע. מיט אים איז געבליבן הערץ, וועלכער, נאָך לערנענדיק אין 7טן קלאַס גימנאַזיע, איז שוין געווען צווישן די גרינדער פון „בונד״ אין לאָמזשע. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן פוילן, ווייל די רוסישע מאַכט האָט אים געוואָלט אַרעסטירן, חושד־זייענדיק אים אין האָבן אַ האַנט אין אַטענטאַט אויפן משומד־פּאָליציאַנט (דערמאָנט פריער אין קאַפּיטל היסטאָריע פון לאָמזשע). פון דייטשלאַנד קומט ער קיין בעלגיע, וואו ער ענדיקט אינזשעניר און אַרבעט אַלס אַזעלכער אין פּאַריז. אין 1918, נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, קומט ער קיין מאָסקווע און ווערט אָנגעשטעלט אַלס אינזשעניר ביי דער רעגירונג. אין 1939 ווערט ער ליקווידירט דורך דער „טשעקאַ״ אַלס טראָצקיסט אָדער שפּיאָן. זיין ברודער, רפאל, געפינט זיך אין מדינת ישראל.

דר. קאצנעלענבויגן האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט דר. גאָלדלוסט׳ס שוועסטער סאלצא. פון דאַן אָן ווערט ער גענויגט מער צו אידישקייט און צום ציוניזם, ווייל זיין צווייטע פרוי איז געווען פון די פירערינס פון „בנות ציון״ און זייער רעליגיעז. מ׳האָט דערציילט, אַז ער האָט איינגעריכט ביי זיך אַ נייע קיך מיט באַזונדערע פליישיקע און מילכיקע טישן. ער האָט געהאַט מיט זיין צווייטער פרוי אַ טאָכטער שושנה, און אַ זון מיכאל, וועלכער איז שפּעטער אין דער געטאָ ביי די דייטשן געשטאָרבן פון טובערקולאָזיס.

אין יאָר 1911 האָט מיטן דר. פּאַסירט אַן אומגליק אויפן וועג צו אַ קראַנקן פּריץ. די פערד זיינען געוואָרן ווילד אין אַ געלאָף און איבערגעקערט זיין קאָטש. ער איז פון דאַן קראַנק געווען אויפן האַרץ. מיט 2 יאָר שפּעטער, אין אַ געוויסן פרימאָרגן, האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי, אַז היינט שטאַרבט ער. נאָכן אונטערזוכן אייניקע קראַנקע לייגט ער זיך אַוועק אין בעט און שטאַרבט.

לויט ר׳ טוביה פענסטער׳ס דערציילונגען, האָט דער דאָקטאָר געהאַלטן שטאַרק פון פאָרגעפיל, אַנען, ווייל, לויט זיין אינטערפּרעטאַציע, האָט נאָר דורך אַזאַ פאָרגעפיל יוסף הצדיק זיך דערוואוסט, אַז זיין פאָטער, יעקב אבינו, איז קראַנק ווי עס שטייט אין פּסוק: „ויאמר ליוסף הנה אביך חולה״, נישט דערקלערנדיק ווער ס׳האָט עס געזאָגט יוסף׳ן. דאָס מיינט אַנען, האָבן אַ פאָרגעפיל דורך פאַרבאָרגענע כחות, וואָס מען קען נישט דערקלערן, אַזוי ווי די כחות פון היפּנאָטיזם, אָדער אפילו ווי דער געדאַנק פון פאָטער טראָגט זיך איבער צום זון אַזוי ווי ראַדיאָ־כוואַליעס. אויך האָט ה׳ פענסטער איבערגעגעבן, אַז דער דאָקטאָר פלעגט זיך האַלטן גרויס מיט זיין משפחה־יחוס וואָס האָט דערגרייכט אַזש ביז ר׳ שאול וואהל אָדער קאַצנעלענבויגן וואָס, לויט דער לעגענדע, איז ער געווען קעניג פון פוילן איין טאָג. אין די שפּעטערע יאָרן האָט דער דאָקטאָר אַדאָפּטירט אַן אָרעמע מיידל, אסתר מאַרקוס, און האָט איר דערצויגן.

די קראַנקע, וואָס פלעגן צו אים קומען פאַר אונטערזוכונג אום שבת פלעגן אַוועקלייגן 20 קאָפּיקעס אויפן



דר. הערמאַן קאַצענעלענבויגן מיט זיינע דריי זין אויף אַ ווינטער־שפּאַציר אין אַ שליטן.

פענצטער כדי צו פאַרמיידן דעם דאָקטאָר פון חילול שבת דורך נעמען די מטבע אין האַנט. ווען ער פלעגט אונטער־זוכן אַ קראַנקן אַ זונטיק אין דערפרי, פלעגט ער פרעגן, וואָס עס הערט זיך דאָרטן, אויף יענער וועלט, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז אַ איד, וואָס עסט זיך אָן שבת מיטן פעטן טשאָלענט און טרינקט זיך אָן מיט טייך־וואַסער און שטייט אויף זונטיק אַ לעבעדיקער, איז עס ממש ווי ער וואָלט געווען געשטאָרבן און געקומען צוריק פון „עולם האמת".

זייענדיק אַמאָל אין קעלן, דייטשלאַנד, האָט ער דאָרטן אויסגעזוכט אַן אַלטן אידן, וואָס זיין זון, ה' בלאַנק אין לאָמזשע, האָט אים שוין לאַנג פאַררעכנט פאַר טויט. מען האָט אין לאָמזשע געזאָגט, אַז אליהו הנביא האָט צוגעהאָלפן דר. קאַצנעלענבויגן אין דער זאַך.

## דר. לאָנדינסקי

פון זיין ביאָגראַפיע איז קיין פּרטים נישט באַוואוסט. געבוירן אין לאָדזש. געלערנט אין ישיבות. געקומען קיין לאָמזשע אין צייט פון דר. עדעלשטיין. ער איז געווען אַ קלוגער, אַ לץ און אַ משומד. ער האָט פּראַקטיצירט צווישן גויים, אין פּוילישן שפּיטאָל „שוויענטי דוך". זיין בילד האָט מען דאָרטן אויפגעהאַנגען נאָך זיין טויט. אויך צווישן אידן האָט ער פּראַקטיצירט, אין שפּיטאָל און פּריוואַט. מיט אי־דישע חולאים פלעגט ער ליב האָבן צו ריידן אידיש און זיך וויצלען. ער איז נישט געווען טעטיק אין געזעלשאַפט־לעכע ענינים.

דר. לאַנדינסקי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 80 יאָר און איז באַגראָבן געוואָרן אויפן קאַטוילישן בית־הקברות. אויף זיין מצבה איז שפּעטער געוואָרן אויסגעקריצט דאָס וואָרט "Zyd". עס איז דערציילט געוואָרן, אַז אויף זיין לויה זיינען נאָכגעגאַנגען אויך פרומע אידן. די חסיד'קע צירל האָט דערקלערט די זאַך, אַז מען דאַרף דעם משומד אָפּצאָלן וואָס עס קומט אים פאַר זיין גוטס אויף דער וועלט, כדי ער זאָל אין עולם הבא נישט האָבן קיין רעכענונגען מיט אידן.

## דר. שטיינבערג

נאָך אַ דאָקטאָר אַ משומד איז געווען אין לאָמזשע, וועלכער איז געווען אַ מיליטער־דאָקטאָר אין אולאַנער פּאָלק. ער האָט זיך גע'חבר'ט מיט אידן און געטאָן טובות צו אידן. ער איז אַרויסגערופן געוואָרן קיין פּעטערבורג, וואו ער האָט געקראָגן דעם טיטול גענעראַל.

## דר. יהודה (יוליאַן) קאַרבאָווסקי

אַ געבוירענער אַ לאָמזשער. זיין פאָטער ר' לייבצע פון אַווגוסטאָווא. פון אָנפאַנג אַ קעלנער, און — אַן עם־הארץ, קוים געלייענט עברי, אָבער אַן עסקן אין געזעל־שאַפטלעכע ענינים. ער איז געווען איבערגעגעבן צו די אַנשטאַלטן ווי שפּיטאָל און שול, ספּעציעל צו דער אויס־שטאַטונג פון אַ פיינעם ארון קודש, מיט זיין איינגעבוירענעם חוש פאַר שיינקייט. ער איז שטענדיק געגאַנגען געקליידט עלעגאַנט, מיט אַ צילינדער־הוט און אין אַ פראַק. פאַר די אידישע אינסטיטוציעס האָט ער אויך געפאָדערט זיי זאָלן זיין עלעגאַנט, ריין און שיין.

8 בנים האָט ער דערצויגן אין די גימנאַזיעס און או־ניווערסיטעטן פאַר דאָקטוירים און פאַרמאַצעווטן אין פאַר־שידענע שטעט אין פוילן. אין כשרות איז ער געווען אָפּ־געהיט. אויך מיט די 9 טעג איז ער געווען שטרענג. זייענדיק אַ כהן פלעגט ער מיט זיינע בנים אויפגיין צום דוכנ'ען און איבערן גאַנצן שול פלעגט זיך הערן זייער ברומען. אין די פרייטיקן פלעגט ער קומען קאָנטראָלירן צי זיין שנור דר. יוליאַנ'ס פרוי, אַ טאָכטער פון ה' זיי־דענבייטעל פון וואַרשע, בענטשט שבת־ליכט.

ר' לייבצע איז געווען אייגנטימער פון שענסטן האָטעל אין לאָמזשע, האָטעל פּאָלסקי, וואו בלויז קריסטלעכע דיג־ניטאָרן פלעגן איינשטיין. ער פלעגט זיך באַקלאָגן וואָס נאָר גלחים שטייען־איין ביי אים און אַנדערע רייכע פּריי־צים, אָבער קיין מאָל נישט קיין רב. ווען יוליאַן, יהודה, האָט געענדיקט אוניווערסיטעט אין וואַרשע און פּעטער־בורג אין יאָר 1894, האָט זיין רייכער פאָטער אים איינ־געאָרדנט אין לאָמזשע. 3 יאָר האָט דר. י. קאַרבאָווסקי געהיילט אָרעמע קראַנקע אומזיסט. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן אין אידישן שפּיטאָל ווען ער איז געוואָרן באַוואוסט און באַליבט ביי דער אידישער באַפעלקערונג.

אַ דאַנק דער שטיצע פון זיין גוטן, רייכן פאָטער האָט ער זיך געקענטווידמענען אין גאַנצן צו דער מעדיציני־שער וויסנשאַפט און האָט אויך פיל בייגעטראָגן צו פאַר־זאָרגן דעם שפּיטאָל מיט די נויטיקע מאָדערנע אינסטרו־מענטן. פיל אַרבעט און מי האָט ער געשאָנקען צו פאַר־שנעלערן דעם נייעם בנין פאַרן שפּיטאָל. ער פלעגט איינ־אָרדענען פאַרוויילונגס־אָוונטן און קאָנצערטן און די הכנסה איז געגאַנגען פאַרן שפּיטאָל. אויך פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע הילפס־חברה'ס האָט ער געדינט אומ־זיסט. באַזוכנדיק אָפט די אָרעמע קראַנקע אויף ריבאַקיס, האָט ער אַלעמען דאָרטן געקענט און איז געווען ביי זיי באַליבט. אויף די שטיינערנע טרעפּ צו די ריבאַקיס האָט ער געזאָגט, אַז זיי זיינען אַ גרויסע געפאַר פאַר די וואָס דאַרפן גיין אויף זיי.

דער שפּיטאָל איז געווען זיין ליבלינג. נאָך דר. קאַצנעלענבויגנ'ס טויט איז ער געוואָרן דער הויפּט דאָקטאָר. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער מאָביליזירט גע־וואָרן אין דער רוסישער אַרמיי, וואו ער האָט געדינט מיטן טיטול פּאָלקאָווניק, אָנפירנדיק מיט אַ גרויסן שפּי־טאָל. נאָך דער רעוואָלוציע קומט ער צוריק מיט זיינע 2 זין קיין לאָמזשע.

זיי האָבן געקראָגן אַן עכטע פּוילישע דערציאונג, ווייל זייער פאָטער איז געווען אַסימילאַטאָריש געזאנען, הגם ער האָט ליב געהאַט די אידישע מאַסן און אויך געשעצט די

העברעאישע קולטור. ער פלעגט אַמאָל קומען אין שול צו „יזכור" און זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם אינהאַלט פון די תפילות. דערפאַר זיינען זיינע זין געווען אין גאַנצן פרעמד צו אידישקייט און האָבן אַפילו נישט געקענט לייענען אין סידור. זיין עלטערער זון, אַ גוטער אויגן דאָקטאָר, איז געווען אַ פּוילישער פּאַטריאָט און האָט וואָ־לונטירט צו דינען אין פּוילישן לעגיאָן, וואָס איז אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אין רוסלאַנד. ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ שלאַכט און איז פאַרבליבן אַ הינקעדיקער. זיין ברודער איז געווען אַן אַדוואָקאַט.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך דערנענטערט צו נאַציאָנאַלער אידישקייט. צוגעבראַכט צו דעם האָט אים די פיינטלעכע באַציאונגען פון די פּאָליאַקן צו די אידן, זייער באָיקאָט, אָנפאַלן, גזירות, א. אַ. וו. נישט קוקנדיק אויף דעם אידישן פּאַטריאָטיזם פאַר פּוילן. עס זיינען אים מיאוס געוואָרן זיינע פּוילישע פריינט צווישן די דאָקטוירים און אַנדערע עלעמענטן פון דער פּוילישער העכערער גע־זעלשאַפט (ס'איז שוין פריער דערציילט געוואָרן מיט וואָס פאַר אַ ביטערקייט און אַנטשלאָסנקייט ער האָט גע־קעמפט קעגן די פּוילישע אָרגאַנען, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרנומען אָוועקצורויבן דעם שפּיטאָל פון אידן און מאַכן פאַר אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט — אין קאַפּיטל וועגן שפּי־טאָל). מ'האָט דערציילט, אַז ער האָט אויפגעהערט צו קומען אין פּוילישע הייזער פון דאַן אָן.

דר. קאַרבאָווסקי איז געשטאָרבן אין פרילינג פון 1937. אין זיין יאָרצייט־טאָג האָבן זיינע בני בית געשאָנקען 2 בעטן מיט דער גאַנצער מאָדערנער כירורגישער אויס־שטאַטונג צום אידישן שפּיטאָל אויף זיין נאָמען.

## דר. שמעון פעלטין

דר. שמעון פעלטין, אַן אײדעם פון פרוי ברכה בזשע־זשינסקאַ, איז געקומען קיין לאָמזשע, נאָכן פּראַקטיצירן זיין פּראָפעסיע אין ביאַליסטאָק, אין יאָר 1907. ער איז געווען אַ טיפּיש־אידישער דאָקטאָר פון פיינעם שניט: אַן איבער־געגעבענער געזעלשאַפטלעכער טוער און נישט געלט־גייציק. זיין האָנאָראַר פלעגן אים די קראַנקע אַריינטאָן אין קעשענע אָדער אין האַנט און ער פלעגט נישט נאָכקוקן וויפיל, און דאָס איז אָנגעגאַנגען אַפילו אין דער צייט, ווען ער האָט געלעבט אין נויט. אויף דער טענה פון זיינע קאָלעגן־דאָק־טוירים, אַז ער מאַכט זיי קאַליע די מערכה, האָט ער גע־ענטפערט: „סיי ווי פאַרלירן מיר אונזער געלט אין קאָרטן־שפּילן. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס איר פאַרלירט מער, און איך וויינוקער".

ער איז געווען פאַרזיצער פון קלוב „הזמיר" פון זיין גרינדונג אין יאָר 1909 ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט געדינט ווי אַ מיליטער דאָקטאָר אין רוסלאַנד. ער איז אויך געווען פאַרזיצער אין אַנדערע סאָציאַלע און הילף־חברות. ווען ער איז שפּעטער קראַנק געוואָרן אויפן האַרץ, האָט ער נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אין דער געזעלשאַפט. ער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון זעלבסט־שוץ קעגן די פּוילישע אָנפאַלער אויף אידן אין צייט פון די יאַרידן אין מאַרק־טעג, און קעגן די פּיקעטן וואָס די פּאָליאַקן פלעגן שטעלן ביי די אידישע געשעפטן. מיט שטאָלץ האָט ער זיי פאַרטיידיקט אין דער צייט, ווען אַנדערע אינגערע און געזונטערע פון אים האָבן מורא געהאַט. ער האָט באַ־טראַכט די טעטיקייטן אויף דעם געביט אַלס דאָס איינציקע פעלד, וואו אַלע שיכטן און קלאַסן קענען אַרבעטן פאַראייניקט אַלס אידן. זיין זון, מיעטעק, איז געווען אַקטיוו אין „מכבי" און אַנדערע ספּאָרט פאַראיינען. לויט ווי מען האָט דערציילט, לעבט ער און אַרבעט אַלס אינזשעניר אין איינער פון די פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

דר. ש. פעלטין איז געשטאָרבן דעם 4טן יאַנואַר 1938. דר. גאָלדלוסט האָט אין זיין הספד אויף אים צווישן די פילע מעלות וואָס זיינען שוין דערמאָנט געוואָרן, אויך אַרויס־געבראַכט דעם פאַקט, וואָס דר. ש. פעלטין האָט געשטאַמט פון אַן אַסימילאַטאָרישער משפחה פון וואַרשע־גראַיעווע. זיי־נער אַ קרוב איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער אַסימילאַ־טאָרישער צייטונג „איזראַעליטאַ", און פון „יוטשענקאַ". נאָך אַ קוזין זיינער, פּראָפעסאָר פון גריכישער פילאָלאָגיע, האָט זיך געהאַט גע'שמד'ט פון התפעלות, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זען אַ באַפרייטע פּוילן. אין קעגנזאַץ איז דר. פעלטין געווען אַ שטאָלצער איד, נישט געבויגן דעם קאָפּ און נישט גע'חנפ'ט דעם פּוילישן פריץ. און מערקווירדיק, וואָס דורך זיין שטאָלצקייט איז ער נאָך מער געאַכטעט געוואָרן אַפילו פון די פּאָליאַקן פון דער העכערער געזעלשאַפט, וואָס זיינען געקומען זיך באַטייליקן אין זיין לויה.

## דר. דוד פּיאַנטניצקי

ער איז געווען דער עלטסטער זון פון ציוניסט־שן עסקן ר' נחמן פּיאַנטניצקי. דערצויגן געוואָרן אין נאַציאָנאַלן גייסט. געענדיקט גימנאַזיע אין יאָר 1910. שטודירט מעדיצין אין בערלין און קומט צוריק קיין לאָמזשע אין 1916. פּראַקטיצירט



דר. דוד פּיאַנטניצקי

זיין פּראָפעסיע אין גאַניאַנדז, אסטראוו מאַזאָוויעצק און קומט צוריק קיין לאָמזשע. ער פאַרנעמט דר. קאַרבאָווסקי'ס פּלאַץ אין שפּיטאָל, ווען יענער ווערט מאָביליזירט אין דער אַרמיי אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער אַרבעט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, העלפט גרינדן די „צעירי־ציון" ביים „התחיה" און איז אַ חבר אין דער פאַרוואַלטונג. אין 1919 איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און געדינט אַלס דאָקטאָר אין מיליטערישן שפּיטאָל אין סלאָנים. נאָך דער רוסיש־פּוילישער מלחמה קומט ער צוריק קיין לאָמזשע און פאַרנעמט ווידער זיין אָרט אין לאָמזשער געמיינדע: ער ווערט איינער פון די פירער פון שפּיטאָל און דינט מיט איבערגעבנקייט, באַזונדערס די אָרעמע קראַנקע, אַלס אינערלעכער און הויט דאָקטאָר. ער איז געווען, אַן האָנאָראַר, דער דאָקטאָר פון „מכבי" און פון ארץ ישראל אַמט, ד. ה. אַלע באַשטעטיקטע סערטיפיקאַטן

צו עליה קיין ארץ ישראל פון לאָמזשע און איר סביבה, זיינען דורך אים אונטערזוכט געוואָרן.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערט ער ווידער גערופן צו דינסט אין דער פּוילישער אַרמיי, וואו ער פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די רוסן און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע 10,000 פּוילישע אָפיצירן אין כאַטין, לעבן סמאָלענסק דורך די רוסן.

## דר. בנימין ליכטער

זיין פאָטער, ר׳ נחום־יוסף ליכטער, אַ איד אַ למדן און אַ משכיל, פון די „מגן־אברהם״ מתפללים, איז געווען אַן אָרעמאַן, פלעגט פאַרקויפן לאָטעריע־צעטלען פון גערער און אַלעקסאַנדער רביים. זיין פרוי פלעגט אים העלפן אין פרנסה, זי פלעגט מאַכן שניפּסן. ער האָט געהאַט צוויי זין עקסטערנס. דער עלטערער, דוד־מאיר, איז געשטאָרבן יונג פון טובערקולאָזיס נאָכן ענדיקן דעם יורידישן פאַקולטעט דורך קאָרעספּאָנדענץ. ער איז געווען אַ פירער פון „די ציוניסטישע יוגנט״ ביים „התחיה״. ער האָט עס געהאַט טעלעגראַפירט צום 10טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1911: „איר באַשליסט, און מיר וועלן אויספירן״, וואָס עס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער ציוניסטישער וועלט.

דער צווייטער זון, בנימין, איז געווען אַ מערקווירדיקער טיפּ: אַ מתמיד נישט נאָר אין תלמוד אַליין, נאָר אויך אין אַלגעמיינע לימודים, און אָפּגעזונדערט פון מענטשן. צוליב די שוועריקייטן, וואָס די צאַרישע רעגירונג פלעגט מאַכן פאַר די אידישע עקסטערנס צו קריגן דעם מאטורע דיפּלאָם, האָט בנימין פריער אויסגעהאַלטן אַן עקזאַמען אויף לערער אין אָנפאַנגער־שולן. ער האָט דאַן באַקומען אַ שטעלע אין סטאַוויסק אַלס רעגירונגס־לערער פאַר אידישע קינדער, וואָס עס האָט אים געגעבן אַ באַדן פאַר זיין עקזיסטענץ און דערמעגלעכט צו שטודירן ווייטער. צווישן די סטאַוויסקער אידן דערוועקט ער פאַרוואונדערונג: „אַן עלטערער בחור, זייער פרום, לערנט אין באַשטימטע צייטן אין בית מדרש — און זו רעגירונגס־לערער?!״

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער עוואַקויִרט געוואָרן קיין טיף רוסלאַנד ווי אַלע רעגירונגס לערער. דאָרטן ענדיקט ער זיין גימנאַזיע־קורס, שטודירט מעדיצין אין מאָסקווער אוניווערסיטעט און קריגט זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם. נאָכן שלום־אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און פּוילן קערט ער זיך צוריק קיין לאָמזשע, וואו ער פּראַקטיצירט זיין פּראָפעסיע. ער צייכנט זיך אויס אויפן געביט פון נייערע מעטאָדן צו היילן לונגען קראַנקייטן. אָבער די פּוילישע רעגירונגס אָרגאַנען פאָדערן פון אים אַ ספּעציעלן דאָקטאָר־עקזאַמען אין אַ פּוילישן אוניווערסיטעט. נאָך איניקע יאָרן וואַרטן צו קריגן די דערלויבעניש און נאָך 2 יאָר פּראַקטיצירן און דורכמאַכן עקזאַמען אין ווילנער אוניווערסיטעט, קערט ער זיך אום קיין לאָמזשע שוין אַ געענדיקטער דאָקטאָר גוט אויך פאַר פּוילן.

פון דאַן אָן גיט ער זיך איבער צו זיין פּראָפעסיע, ספּעציעל שטודירט ער און עקספּערימענטירט מיט נייע מיטלען כאַר טובערקולאָזיס־קראַנקייט, און לאָזט דרוקן אַרטיקלען וועגן דעם אין פּוילישע זשורנאַלן. מען זעט אים זעלטן, אויסער פאַרנאַכט שפּאַצירן איינזאַם אויסערן שטאָט. אַמאָל דערשיינט זיינער אַן אַרטיקל אין „לאָמזשער שטימע״ וועגן היגיענע־פראַגן און דערציאונג און וועגן אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

דר. ב. ליכטער איז געווען אַ מיטגליד אין אַלע פילאַנטראָפּישע חברה׳ס אין שטאָט און געהיילט ביי זיי אָן האָנאָראַר און פלעגט נאָך שיקן זיינע רפואות. ער איז פאַרבליבן פרום ווי אַמאָל און פלעגט ווי אַמאָל לערנען אין „מגן אברהם״. אפילו זיינע דאָקטוירים־קאָלעגן פלעגן האָבן שוועריקייטן ביים פאַרבינדן זיך מיט אים. מ׳האָט דערציילט, אַז פאַרן חורבן האָט ער געהייראַט. ער איז פאַרבליבן אין געטאָ און איז אומגעקומען, אַזוי ווי פילע לאָמזשער, אין חודש אויגוסט, 1941.

## ציין־דאָקטאָר, משה פּערעלמאַן

פון ווילנע איז ער געקומען און פּראַקטיצירט זיין פּראָפעסיע אין לאָמזשע. ער איז געווען געאַכטעט ביי אַלע, וואָס האָבן אים געקענט, צוליב זיינע פיינע מידות און איידעלער באַציאונג צו מענטשן. צוליב זיינע גייסטע און בעסטע אויסשטאַטונגען פון זיין קאַבינעט, האָט ער צוגעצויגן פּאַציענטן פון אידן און פון פּאָליאַקן אפילו פון די העכסטע באַאמטע. ער האָט גערעדט מיט זיינע בני־בית רוסיש, הגם ער און זיין פרוי האָבן געשטאַמט פון אַן עכט אידישער סביבה. זיין פרוי איז געווען אַ פּלימעניצע פון שרייבער־קריטיקער א. א. קאָוונער, וועלכער, צוליב גייסטיקע פאַרדרייעניש, האָט זיך געטויפט. ער האָט געדינט אַלס באַאַמטער אין לאָמזשער קאַנאַצייסטוואָ. אין קעגנזאַץ צו די אידישע דאָקטוירים אין לאָמזשע, וועלכע זיינען געווען שטאַרק פּאָלאָניזירט, האָט דר. פּערלמאַן שטאַרק געהאַלטן פון דער רוסישער קולטור. ער פלעגט זיך דערווייטערן פון די אידישע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען און קרייזן.

אָבער פּלוצלונג איז פאָרגעקומען אין אים אַן ענדערונג. ער ווערט ציוניסטיש געשטימט, שליסט זיך אָן אין „התחיה״, לערנט העברעאיש און, האָבנדיק ידיעות נאָך פון פריער, רעדט ער מיט זיינע פּאַציענטן נאָר העברעאיש. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע 1916—1918 איז ער געווען חבר אין וועד פון „התחיה״ און אַקטיוו אין ספּאָרט־פאַראיין „מכבי״.

שפּעטער קומט ווידער פאָר אַן ענדערונג אין דר. פּערלמאַן — ער ווערט אַן עספּעראַנטיסט (מער וועגן זיינע אַקטיוויטעטן אויף דעם געביט איז שוין געווען דערציילט פריער אין אָפּשניט „עספּעראַנטאָ־קרייז״). שפּעטער רייסט ער איבער מיט „התחיה״ און ווערט אַ ציוניסט־רעוויזיאָניסט. אין אַ יומא־דפגרא פלעגט ער מאַרשירן אין דער שפּיץ פון זייערע גרופּן אָנגעטאָן אין אוניפאָרם פון ביתר סאָלדאַטן.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער געהאַט פאַרלאָרן זיינע פּאַציענטן, וועלכע פלעגן בעסער גיין צו די נייע פּוילישע דענטיסטן און ער פאַרלאָזט לאָמזשע זוכנדיק ערגעץ זיך איינצואָרדענען (מער פּרטים אין פריער דערמאָנטן אָפּשניט). זיין טאָכטער, צילע, פרוי פון אַ בריסקער אַדוואָקאַט, איז געשטאָרבן אין דער צייט פון דער 2טער וועלט־מלחמה, אין רוסלאַנד. זיין זון, אינזשעניר יוסף, האָט זיך באַזעצט אין מדינת־ישראל נאָך זיין ענדיקן אין בעלגיע דעם אוניווערסיטעט. ער איז געווען דערפאָלגרייך אויף זיין פּאָסטן אַלס בוי־אינזשעניר ביי דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג. שפּעטער איז ער געוואָרן אָנגעשטעלט ביי דער אידישער אַגענטור, וועלכע האָט אים געשיקט קיין פראַנקרייך צו קויפן אַמעריקאַנער לאַגער־אויסשטאַטונגען פאַר די אידישע נייע עולים. צוריקפליענדיק איז ער אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־אומגליק.

## לעצטע דאָקטוירים

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן זיינען געווען אין לאָמזשע נאָך אידישע דאָקטוירים. אייניקע פון זיי לאָמזשער געבוירענע.

### דר. מ. קאַרבאָווסקי

אויגן ספּעציאַליסט (מער פּרטים וועגן אים שוין פריער אָנגעגעבן).

### דר. יוסף העפּנער

ער האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג פאַר געווינע־רינס אין אידישן שפּיטאָל (מער פּרטים דערציילט שוין פריער אין אָפּשניט וועגן דער דאָזיקער אָפּטיילונג אין נייעם שפּיטאָל).

### דר. בערענזאָן

זון פון ׳ מאַנופאַקטור־סוחר, איידעם פון רב באַקשט. ער האָט פּראַקטיצירט אין אידישן שפּיטאָל אין וואַרשע. ער האָט פיל געהאָלפן אָרעמע קראַנקע און איז געווען דאָקטאָר אין „השגחת יתומים״ אָן האָנאָראַר.

### דר. מ. ש. בערמאַן

אַ זון פון ר׳ טוביה בערמאַן. ער א׳ז געווען באַרימט אַלס כירורג. איז געווען אָרדינאַטאָר פון אידישן שפּיטאָל. ער איז אומגעקומען דורך די דייטשן.

### דר. אברהם מענקעס

באַוואוסט אַלס כירורג, מיטגליד פון „יודענראַט״. פאַר־שוואונדן געוואָרן.

### דר. דוד קנוט

איידעם פון ה׳ ראָזענטאַל. ער האָט זיך געראַטעוועט פון אומקום. היינט איז ער אין מדינת ישראל. זיין פרוי איז שרה, פריער בלומאָוויץ.

### דר. שמעון קאָסאָוויץ

איידעם פון ה׳ בראַמזאָן. געענדיקט ווילנער אוניווער־סיטעט. אַ קורצע צייט פּראַקטיצירט ער אין לאָמזשע, נאָכדעם אין קאַלנע, וואו ער איז געוואָרן באַרימט. ער איז אומגעקומען אין חורבן.

### דר. קאַווקעוויץ

געבוירן אין יעדוואַבנאַ. געענדיקט ווילנער אוניווער־סיטעט. איז געווען אַ גוטער אינערלעכער דאָקטאָר.

### דר. לאַבשין

ער איז געווען אַ הויט און אינערלעכער דאָקטאָר.

### דר. מייזנער

ער איז געווען אַ קינדער־דאָקטאָר.

### דר. כוטאַרסקי — דענטיסט

איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער און קולטור עסקן.

### דר. פרושצאַנסקי — דענטיסט

איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער און ציוניסטישער עסקן.

**דר. ש. פערשט, דר. ר. בעהם, דר. ל. פעפער ; דענטיסטן : ציפרוג און העלענאַ פרישמאַן**

## פעלדשערס אין לאָמזשע

### בערמאַן דער פעלדשער

בערמאַן איז געווען פעלדשער אין אידישן שפּיטאָל אייניקע צענדליק יאָרן און האָט זיך ספּעציאַליזירט אין היילונג פון פאַרשידענע קראַנקייטן מיטאַרבעטנדיק מיט פילע דאָקטוירים : לאָנדינסקי, קאַצענעלענבויגן, קאַרבאָווסקי און פעלטין. פיל מאָל איז ער גערופן געוואָרן פון די דאָק־טוירים בייצווזיין מיט זיי ביי די קאָנסיליומס. די מאָסן האָבן געהאַט פיל צוטרוי צו אים. גלייכצייטיק א׳ז ער געווען פאַרמאַצעווט אין שפּיטאָל. אין די לעצטע יאָרן, נישט קע־נענדיק באַזוכן קראַנקע, האָט ער געעפנט אַ „פריזורי״ אויף פאַרנא־גאַס. אין זיין צייט איז געווען נאָך אַ פעלדשער אין שפּיטאָל, אַ פרומער איד מיט אַ לאַנגע באָרד, ר׳ פינחס, וועלכער איז אויך געווען געניט אין זיין פאַך און איבער־געגעבן צום שפּיטאָל. נאָך בערמאַנ׳ס טויט איז אָנגעשטעלט געוואָרן אַ דיפּלאָמירטער פעלדשער־ספּעציאַליסט, ה׳ גימפּעל, וועלכער האָט פריער געאַרבעט אין אידישן שפּיטאָל אין וואַרשע.

אַ געהילף־פעלדשער צו בערמאַנ׳ען איז געווען אין שפּיטאָל משה יאָסל ווינצקי, זיין פרוי האָט געהייסן גיטל, ביים צונאָמען, משה־יאָסעליכע. לויט דער דערציילונג פון ר׳ ישראל לעווינסקי איז זי געווען פון די נשים צדקניות, וואָס האָבן געטאָן פיל גוטס פאַר נויטבאַדערפטיקע. זי פלעגט אויפקלייבן פון בעל־בתי׳שע הייזער שפּייז פאַר אָרעמע קראַנקע און אויך פאַר די קרובים פון די קראַנקע געבראַכטע פון שטעטלעך אַרום לאָמזשע. אָט די קרובים, ס׳רוב אָרעמע, האָבן זיך געגויטיקט אין אַ מאַלצייט און אַ פּלאַץ זיך אָפּצורוען. דאָס זעלבע האָט זי געהאָלפן מיט די צונויפגע־קליבענע שפּייז אידישע אַרעסטירטע. שפּעטער האָט זי צוזאַמען מיט איר מאַן אויפגערודערט דעם עולם וועגן דעם ענין און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון בעלי־בתים פאַר דעם צוועק, אין דער שפּיץ פון וועלכן ס׳זיינען געשטאַנען ר׳ משה פיאַנטקאָווסקי, אברהמ׳ל מ״ס און איר משה־יאָסל.

אַזוי אַרום האָבן זיי אַמאָל איינגעאָרדנט אַ סדר־סעודה פאַר 15 אַרעסטירטע. אויך הרב מלכיאל האָט איר געגעבן 15 רובל פון מעות־חטים פאַר דעם צוועק. שפּעטער האָט די אַרבעט איבערגענומען פרוי אייגע די נייטאַרקע. משה־יאָסעליכע האָט אויך אָנגעהאַלטן השגחה אויף ר׳ ברוך יאַבלאָנקער׳ס זון, דער פרוש, וואָס איז געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט. אין „השגחת יתומים״ האָט זי געזאָרגט פאַר דער ריינקייט פון די קעפּ פון די השגחה׳ניקעס און צוגעאָב־שפּייז פאַר זיי. אַלס אָנערקענונג האָט מען פאַרשריבן איר נאָמען אין גאָלדענעם בוך פון דער חברה.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן איר מאַן און משה פיאַנטקאָווסקי, סוכות צייט, געמאַכט אַ מאַלצייט אין אַ הויף פאַר 70 מאָביליזירטע אידישע סאָלדאַטן פון די דאָזיקע צונויפגעקליבענע שפּייזן. זי אַליין האָט געגעבן עסן 6 מענטשן. שבת האָט מען זיי צעטיילט אין הייזער. שפּעטער אין דער מלחמה־צייט האָט זי געזאָרגט פאַר די אַנטלאָפענע.

אירע קינדער האָט זי דערצויגן אין דעם וועג פון גוטהאַרציקייט אַזוי, אַז איר זון האָט אַמאָל אַוועקגעגעבן זיין בעט צו אַ פאַרוואונדעטן סאָלדאַט און ער אַליין איז געלעגן

אויף דער ערד. דער זעלבער זון, אברהם־צבי, האָט פאַר זײַן אַוועקפאָרן קיין אַרגענטינע איר איבערגעגעבן 200 זלאָטעס, וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט, זי זאָל צעטיילן צווישן אָרעמע־לייט.

משה־יאָסעליכע איז געווען זייער פרום. זי האָט נישט דערלאָזן איר מאַן זאָל גאָלן די בערד פון אידן. אײנמאָל, ווען זי איז גערופן געוואָרן קיין קאַלינאַוואַ אַלס פעלדשערקע צו אַ קראַנקער קריסטין אום שבת, האָט זי נישט געוואָלט גיין. דער גוי, מאַן פון דער קראַנקער ווייב, איז אַוועק צום רב צו פאַרקלאָגן משה־יאָסעליכע׳ן. דער רב האָט געהאַלטן אַז זי טוט ווי דער אידישער דין. ערשט, ווען זי האָט דערזען 3 שטערן אין הימל, איז זי אַוועק, געשטעלט באַנקעס דער גויע און זי איז געזונט געוואָרן. ווען איר מאַן איז געשטאָרבן, האָט מען אים געמאַכט אַ לויה מיט גרויס כבוד: מען האָט אים געטראָגן אויף די הענט, ווי מען טוט צום גרעסטן רב. איר איידעם אין ישראל האָט שפּעטער געשיקט אַ סערטי־פיקאַט פאַר עליה פאַר איר אָדער פאַר זײַן מוטער. דורך אַ גורל האָט משה־יאָסעליכע זוכה געווען. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט דער זכות פון איר מאַן, דעם צדיק, גורם געווען זי זאָל געווינען דעם סערטיפיקאַט. זי האָט עולה געווען קיין ישראל.

אויך אין ישראל האָט זי נישט אויפגעהערט אירע וואויל־טעטיקייטן. אַזוי דערציילט ר׳ ישראל לעווינסקי, אַז ער האָט איר אַמאָל געטראָפן אין אַ ספרים־קראָם קויפנדיק אַ ש״ס פאַר אַן אָרעמען רב פאַר אירע אָפּגעשפּאָרטע 10 פונט און 400 פּרוטות.

נאָך אַ פעלדשער פון אַלטן דור דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן: יצחק גאָלדשטיין. וועלכער איז צוליב מאַכן פיזישע פעלערן צו רעקרוטן כדי אויסצומיידן מיליטער־דינסט, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. קומענדיק אַ קראַנקער צוריק איז ער אין קורצן געשטאָרבן. לויט זײַן צוואה איז זײַן הויז אויף קשיווע־קאָלאָ געוואָרן אַ בית־מדרש. אַנגעפירט מיט אָט דעם בית המדרש האָט ר׳ יצחק סאָבאָטקי, אַ לאַנג־יאָריקער פריינט פון יצחק גאָלדשטיין. ער איז געווען בכלל אַ גוטהאַרציקער און געטאָן פיל טובות. זײַן זון איז געווען אַקטיוו אין „מכבי״.

### ר׳ פייוול שכנא פּאַסמאַניק

געהערט אויך אין דער רשימה. ער איז געווען זייער אָנגענומען ביי די מאַסן. אָפטמאָל פלעגן זיי וועלן אים בעסער איידער אַן אמת׳ן דאָקטאָר. אין פאַלן אפילו ווען זיינער אַ פּאַציענט איז געשטאָרבן פון זײַן קוראַציע, פלעגט מען זאָגן: „וואָס קען מען טאָן, ס׳איז אַ גאָט־זאַך״... (מער וועגן אים אין דער אָפּטיילונג פון שולן און לערער).

### מיכאל פיגא (מיכל סאַרווער)

ער האָט זיך אויך באַשעפטיקט טיילווייז מיט פעלדשער־טעטיקייטן ווי באַנקעס־שטעלן, מאַסאַזשירן, שטעלן פּיאַווקעס. זײַן פרוי פלעגט אים אין דעם צוהעלפן. ער איז אויך געווען אַ גוטער „שמייסער״, אַ „פּאַרשטשיק״ אין שוויץ־באָד. זײַן הויפּט פרנסה האָט ער געצויגן פון צוגרייטן און סערווירן חתונות און אַנדערע גרעסערע שמחה־מאָלצייטן. ער פלעגט אויך לופטערן און „איינפּרירן״ אין די רייכע הייזער די ווינטער־מלבושים פאַרן זומער צו פאַרהיטן פון מילבן־שעדיקונג.

### ל. קיימאַן

אין די לעצטע יאָרן האָט ער פּראַקטיצירט אַלס פעלדשער מיט דערפאָלג. ער איז געווען ראַזענשיינ׳ס איידעם. ער האָט זיינע קענטשאַפטן זיך דערוואָרבן דורך זעלבסט־בילדונג.

### שוועסטער־פעלדשערין דבורה מלאַווסקאַ

צווישן די שוועסטער סאַניטאַרינס אין אידישן שפּיטאָל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר קענטעניש און איבערגע־געבנקייט דבורה, טאָכטער פון ר׳ אריה מלאַווסקי. זי האָט זיך דערוואָרבן די אַכטונג און ליבע פון די דאָקטוירים און פון די קראַנקע. איר פּראַקטיק אין אידישן שפּיטאָל האָט איר געהאָלפן אין אירע עקזאַמענס אין ביאַליסטאָק צו באַ־קומען אַ דיפּלאָם אַלס רעגירונגס־סאַניטאַרין. נאָך דעם זעצט זי פאָר איר דינסט אין אידישן שפּיטאָל. איר מאַן איז געווען אַ טעכניק־דענטיסט פון וואַרשע. זי האָט כסדר גע־שטרעבט צו עולה־זיין קיין ישראל, אָבער האָט עס נישט רעאַליזירט. זי איז אומגעקומען מיט איר מאַן אין 1942.



אויפדעקונג פון דער מצבה אויפן קבר פון חיים ראָטשילד צום ערשטן יאָרצייט אין 1933.
איז געווען וויכטיקער מיטגליד פון אידישן שפּיטאָל פּערסאָנאַל. איז אויך געווען טעטיק צווישן די „אַנטאַטאָרן״. אַ ברודער פון הינדע און גיטל ראָטשילד.



די פייערלעשער־קאָמאַנדע אין לאָמזשע. צווישן זיי זיינען פאַראַן אַ סך אידן.

# דער פייער־לעשער פאַראיין

## שריפות אין לאָמזע

אייניקע גרויסע שריפות וואָס האָבן געטראָפן אין לאָמזשע, זיינען פאַרשריבן אין די כראָניקעס. די ערשטע — אין יאָר 1538, ווען די גאַנצע שטאָט איז אַוועק אין פלאַמען. קעניג זיגמונט דער 1טער האָט דאַן באַפרייט די שטאָט פון צינזן פאַר 8 יאָר נאָכדעם, כדי זי זאָל זיך קענען אָפּבויען. אַ צווייטע שריפה פון גרויסן פאַרנעם איז אויסגעבראָכן דעם 19טן יוני 1678. שפּעטער אין יאָר 1865 איז די גאַנצע אידישע שכונה אויף ריבאַקי־גאַס פאַרברענט געוואָרן און 200 משפחות זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. דאַן איז אויך פאַרברענט געוואָרן די גרויסע צוקער־פאַבריק פון משה נאָווינסקי און איבער 200 אַרבעטער זיינען געבליבן אָן ברויט.

אין „הצפירה" פון יאָר 1884, נומ. 33, דערציילט ר׳ בנימין זשאָטקעוויץ וועגן 3 שריפות אין לאָמזשע אין דער אידישער שכונה איינע נאָך דער אַנדערער. וועגן דער דריטער שריפה ווערט אויך דערציילט אין „המליץ", י״א אלול, תרמ״ד, אַז 20 הייזער זיינען אַוועק מיטן רויך און 30 נפשות זיינען געבליבן אָן אַ דאַך. אין חודש חשון, 1899, האָט ווידער אַ פייער פאַרניכטעט 50 הייזער.

צוליב די שריפות אין כל־נדרי נעכט אַלס רעזולטאַט פון לאָזן די הייזער פאַרשלאָסן אויף גאָט׳ס באַראָט מיט ברענענדיקע ליכט אין זיי, ווייל אַלע זיינען דאַן געווען אין שול, האָט דער רב ר׳ מלכיאל טענענבוים געמאַכט אַ תקנה אין לאָמזשע צו שליסן אַלע עזרות־נשים (ווייבער־שולן) פאַר דער צייט פון כל־נדרי תפילות. ווען די שריפות זיינען פאָרגעקומען (אין י. וויבראַנציק׳ס הויז אויף דוואָרנא־געל־צינסקאַ גאַס, און אויף זשאַנדאָוואַ אין הויז פון דוד־יעקב יעלין) האָט ר׳ מלכיאל מתיר־געווען און געהייסן די אידישע „פייער־לעשער" צו לעשן דעם פייער אום יום־כפור. פרומע ווייבער פלעגן זיך פון דאַן אָן צונויפקלייבן אין גרויסע הויפן און דאָרטן אָפּריכטן זייערע כל־נדרי געבעטן.

נאָך אַנדערע שריפות זיינען געווען באַוואוסט אין לאָמזשע: די שריפה פון „סקאַטינג־רינג" פון ה׳ טשעשלוק; די שריפה פון די בעדער אויפן גראבליע; פון זייף־פאַבריק פון סיני זדאלעקער. לאָמזשער פייער־לעשער פלעגן לעשן שריפות נישט נאָר אין לאָמזשע, נאָר אויך אין די ישובים אַרום לאָמזשע, וואו מען פלעגט זיי אַרויסרופן.

## גרינדונג פון פייער־לעשער פאַראיין

פאַקטיש איז דער פאַראיין געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1879. מיט אַ יאָר שפּעטער באַדויערט ה׳ נ. ש. ליבאָוויץ אין „הצפירה", א׳ חשון, 1880, וואָס אַ צו קליינע צאָל אידן באַטייליקן זיך אין דעם פאַראיין פרעגנדיק: „ווער וועט לעשן די אָפטע שריפות אין די אידישע הייזער?" עס שיינט, אַז די סיבה איז געווען, וואָס אידן האָבן מורא געהאַט טאָמער וועט זיי אויסקומען מחלל־שבת זיין אין פאַל פון אַ שריפה אום שבת. אין 1881 האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה אום שבת און אידן האָבן זיך נישט באַטייליקט אין לעשן זי. 6 הייזער

און 15 שטאַלן זיינען דאַן אָפּגעברענט געוואָרן. נאָר אַ דאַנק דער גרויסער מי פון ה׳ ל. טאַק (פּאָליאַק) האָט זיך איינגעגעבן צו לאָקאַליזירן דעם פייער. ד׳ פּאָליאַקן האָבן דאַן טאָלערירט די רעליגיעזע געפילן פון זייערע אידישע חברים, וועלכע זיינען שוין דאַן געווען אין אַן אַנזעענדיקער צאָל.

פון אָנפאַנג האָבן די פייער־לעשער, ביים אויסברוך פון אַ שריפה, געדאַרפט רעקווירירן פערד פון די ערשטע אונטערן האַנט, פון בעלי־עגלות אָדער פויערים און פעסער פאַר וואַסער פון די וואַסער־פירער, וועלכע, ביים ערשטן פייער אַלאַרם, פלעגן פּרובירן אַנטלויפן, זיך אויסבאַהאַלטן. די פּוילישע רעגירונג האָט געשאַנקען דעם מאַגיסטראַט איניקע פערד פאַר פאַרשיידענער טראַנספּאָרט־אַרבעט, וועלכע די פייער־לעשער פלעגן אויך באַנוצן אין שריפה־צייט.

שפּעטער, לויט אַן אָרדער פון מאַגיסטראַט, פלעגן די וואַסער־פירער דאַרפן איבערלאָזן דורך די נעכט זייערע וועגענער און פולע פעסער מיט וואַסער אויפן אַלטן מאַרק, כדי צו האָבן גרייט פאַר די פייער־לעשער אין פאַל פון אַ פּלוצלונגדיקער שריפה אין מיטן נאַכט. אין 1921 האָבן אידישע קאָמוניסטן קאָנפיסקירט די פערד און ש. מושינסקי און נאָטע קאַסטילאַנסקי זיינען רייטנדיק אויף זיי אַנטלאָפן.

יעדן זונטיק אָדער אַנדערע פאַראַדנע טעג פלעגן די פייער־לעשער איינאָרדענען שפּאַציר־אויספלוגן, אָדער פייער־רונגען דורך פּראָבעס. דער ערשטער צו קומען אָנגעטאָן אין זיין אוניפאָרם און אויפרודערן די באַפעלקערונג מיט בלאָזן אין די טראָמייטן אָדער קלאַפּן אין די פּויקן, פלעגט באַקומען אַ פּריז.

אין 1936 זיינען געווען 30 אידן אַקטיווע מיטגלידער און עטלעכע צענדליק פּאַסיווע, וואָס האָבן געצאָלט יערלעכן אָפּצאָל צום פאַראיין. דאַן איז די באַציאונג צו די אידישע מיטגלידער נאָך געווען אַ טאָלעראַנט־גוטע. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, צווישן די רוסישע און דייטשישע מאַכטן, האָט מען געהאַט באַשטימט ר׳ אהרן גלינקאַ צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר שריפות וואָס ס׳וועלן אויסברעכן.

איינמאָל אויף אַ טרויער־פאַרזאַמלונג נאָך מאַרשאַל פּילסודסקי׳ס טויט האָט אַ פּוילישער פייער־לעשער אַ זאָג־געטאָן: „געשטאָרבן דער דזיאַדעק״ (זיידע, אַזוי פלעגט מען רופן פּילסודסקי׳ן). איצט וועט זיין אַן ענדע צו די אידן״. די אידישע פייער־לעשער פילנדיק זיך פאַרשעמט, האָבן אָנגעקלאָגט דעם באַליידיקער צו אַ חברים געריכט. דער קאָמענדאַנט האָט גערופן אַ ספּעציעלע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ער האָט דערקלערט, אַז דער חבר וואָס האָט באַליידיקט אידן זאָל אָדער אויסדריקן חרטה און בעטן אַנטשולדיקונג, אָדער אָפּגעבן זיין היטל און אוניפאָרם — פאַרלאָזן דעם פאַראיין. דער באַליידיקער האָט אויסגעקליבן דאָס לעצטע. אַלע חברים האָבן אים אַרויסבאַגלייט מיט אַ קאַצן־יאָמער.

דער שמש פון פאַראיין־לאָקאַל איז געווען אַ משומד מיטן נאָמען ליאָנעק, וועלכער איז געווען זייער איבערגעגעבן זיין אויפגאַבע, און דאָך האָבן סיי די אידן, סיי די גויים אים נישט פאַרטראָגן פאַר זיין שמד. זיי פלעגן אים רופן: „זשידאָווסקי קוגעל״. זיין ברודער ר׳ שמחה שניידער איז געווען אַן עכט רעליגיעזער איד און פלעגט יעדן שבת ברענגען פאַר די אַרעסטירטע עסן.

אָט איז אַ רשימה פון אידישע מיטגלידער פון פייער־לעשער פאַראיין: לייבצי קאַרבאָווסקי (פּאָטער פון דאָקטאָר), וואַפינסקי דער שניידער, אלי־צמח וורובעל, דער שמש, היטל־מאַכער סאַרקעס, פייוול בעליקאָווסקי, ער איז געווען הויפּט פון דער אָפּטיילונג צו היטן דאָס פאַרמעגן פון די „אָפּגעברענטע״, „געטראָפענע״ פון אַ שריפה. ער האָט אויך געזאָרגט וועגן די סעודות, וואָס דער פאַראיין פלעגט מאַכן פון צייט צו צייט. סעגאַל מיט זיינע זין, אלתר בעלגער — היטל־מאַכער, פייוול פרידמאַן — היטל־מאַכער, דוד־יעקב יעלין, יהושע מלינאַרזעוויץ, יעקב בלומאָוויץ, באַגאַצקי דער פאַרבער, וויאַדראַ, ברוך בורשטין, שלמה קופּעצקי, נאָטקע דזשובקעוויץ, מיכאל האַראָוויץ — דער שערער, משה פרידמאַן — ער האָט געקראָגן אַ פּריז פון 20 רובל אין יאָר 1896 פאַר אויסלעשן אַ פייער אויף די וויאַטראַקען; יוסף סלאָמצעוויץ — אַ איד אַ גבר, אַ תקיף, חיים פּיאַנטקאָווסקי, סענדאַק (דער זון), ברידער קוזשיצקי, פּאָטער און ברידער פּשעפּשאָוויץ, משה געלצינסקי, ב. גאָגאָוויץ, בענגעלסדאָרף, אהרן גלינקאַ — 20 יאָר געווען אַקטיוו און געאַכטעט פון אַלעמען; ראַטאָוויץ (איטשע־מאַמע), אָרלאָווסקי, דענטיסט בעהם, לוסטיק דער פידל־שפּילער, פּערשטענבערג, ראַפּאַ־לאָווסקי, א. אַנד.

אין די לעצטע יאָרן איז דער גאַנצער פאַראיין געוואָרן אַנטיסעמיטיש. אין 1939 אין טעג ווען עס איז פול געוואָרן 60 יאָר זינט זיין גרינדונג, איז אָנגענומען געוואָרן אַן איינשטימיקע רעזאָלוציע איינצופירן דעם „אַרישן״ פּאַ־ראַגראַף, ד. ה. אַז נאָר קריסטן קענען זיין מיטגלידער אין דעם פייער־לעשער פאַראיין און אַלע אידישע מיטגלידער מוזן אין פאַרלויף פון אַ וואָך אומקערן זייערע אוניפאָרמען, היטלען, צייכנס און אויסצייכענונגען. אַזוי אַרום איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער גוטער טראַדיציע פון געמיינזאַמען העלפן ראַטעווען מענטשן פון אומגליק פון שריפות. נאָך 30 יאָרן פון דינען דער אינסטיטוציע פון הומאַניטאַרע טעטיקייטן מיט איבערגעגעבנקייט און ענערגיע, האָבן די אידן געמוזט איר פאַרלאָזן. נאָר פּאַסיווע מיטגלידערשאַפט פון אידן איז פון דאַן אָן טאָלערירט געוואָרן, ד. ה. נאָר צאָלן צו דעם פאַראיין.

יוסף זיידענשטאַט

## די אידישע פייער־לעשער

איניקע אידישע פייער־לעשער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ענערגיע, איבערגעגעבנקייט און אפילו מיט ליבשאַפט צו זייער הומאַניטאַרישער אויפגאַבע, וואָס זיי האָבן



יוסף זיידענשטאַט

פרייוויליג אויף זיך גענומען. זיי פלעגן שטאָלצירן מיט זייערע ראָלען, וואָס זיי פלעגן אויספירן בעת שריפות אפילו ווען זיי פלעגן זיך אַריינוואַרפן אין אַ סכנה פאַר זייער אייגן סאַמען לעבן.

ר׳ אלי־צמח וורובעל האָט באַקומען פיל מאָל דאַנק־צייכנס און מעדאַלן פאַר זיין מסירות־נפש ביי גרויסע שריפות (מער וועגן אים — אין דעם קאַפּיטל וועגן לאָמזשער נייע שול). אין די ערשטע יאָרן, ווען אידן זיינען געווען דער רוב פון לאָמזשער באַפעלקערונג, האָט זיך זייער ראָלע אָנגעזען גאַנץ שטאַרק אויך אין פייער לעשונג, זיי זיינען געווען די מער ריזיקירנדיקע מיט זיך און שטענדיק געווען די ערשטע אויפן נויטיקן פלאַץ. דער נאָמען משה געלצינסקי איז געווען גע־אַכטעט פון יעדן. אַלע מאָל, ווען די פייער־לעשער פלעגן מאַכן פּראָבעס, פלעגט ער קריגן אַ פּריז פאַר זיין אַרויפקלע־טערן מיט שטריק־לייטערס אין פאַרלויף פון 5 מינוט אויפן 4־שטאָקיגן טורעם און מאַכן זיין פייער אַלאַרם.

ס׳זיינען געווען גאַנצע משפחות פייער־לעשער — עלטערן און זייערע זין. די משפחה פשעפשאָוויץ האָט געהאַט געציילט 10 מיטגלידער; ברידער קופּיעצקי; סעגאַל דער אַלטער מיט זיינע זין יוסף און אהרן. אָט דער סעגאַל, דער אָפיצער פון די פייער־לעשער מיט זיינע מעדאַלן אויף זיין שיינעם אוני־פאָרם, מיט דער גרויסער האַק אין לעדערנער שייד אויפן זייט און קליינעם בלאַנקענדיקן טראָמייטל אויף אַ רויטן שנירל און אויפן קאָפּ אַ בליאַסקנדיקער מעשענער העלמעט — ווי שטאָלץ איז ער דאָס געווען מיט די אַלע אומבאַפלעקטע אויספּוצונגען! אויך ה׳ משה פרידמאַן איז געווען פון די אויסגעצייכנטע אין זיינע 30 יאָר אַקטיוון דינסט אַלס פייער־לעשער. ער האָט אַמאָל באַוויזן צוצושטעלן פון אַ נאָענטן הויף וואַסער אין אַ גרויסער שריפה, ווען די וואַסער־פירער האָבן נישט באַוויזן אַזוי שנעל צו ברענגען פון ווייטן טייך, פאַר וועלכן ער האָט געקראָגן אַ פּריז פון 25 רובל. יהושע מלינאַרזשעוויץ, „דער שיינער בחור״ (אַזוי האָט מען אים גערופן ווייל ער איז טאַקע געווען אַ שיינער) פלעגט פאַר־געסן אָן זיין שיינקייט און ווערן גוט פאַרשוויצט און פאַר־שמוצט בעת זיין אַריינוואַרפן זיך אין פייער צו ראַטעווען.

יצחק ראַטאָוויץ (איטשע־מאמע) מיט זיין גוטהאַרציקייט און גוטן הומאָר האָט זיך אויסגעצייכנט אויף זיין געביט: סאַניטאַרן־טעטיקייטן. ער פלעגט באַגלייטן די פייער־לעשער אויף זייערע אויספלוגן מיט אַ סאַניטאַרן־וואַליזקעלע און אַ רויטן־קרייץ אויף זיין אַרבל. „איך האָב ליב די פּאַליאַקן״, פלעגט ער זיך וויצלען: „און איך בין גרייט צו באַנדאַזשירן זייערע וואונדן, שניידן זייערע געדערים און פאַרהאַלטן זייערע בלוטונגען״. ער איז אומגעקומען אין דעם טראַגישן צופאַל מיטן אויטאָבוס, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין בוג.

גאַגאָוויץ, אַלס קאַסירער פון דעם פייער־לעשער פאַראיין, פלעגט אפילו נישט אין צייט פון אַ שריפה, זיך אויספּוצן אין זיין אוניפאָרם מיט דעם מעשענעם קאַסקעט אויפן קאָפּ און גיין איינקאַסירן מיטגלידס אָפּצאָל.

דער אַלטער סאַרקעס, דער היטל־מאַכער, איז געווען דער וועטעראַן פון פאַראיין. ער האָט דאָרטן געדינט 40 יאָר און איז געווען דער הויפּט־אָפיציר פון די אידישע פייער־לעשער. אין זיין לויה האָט זיך באַטייליקט דער גאַנצער פייער־לעשער פאַראיין מיט דער פולער אויסשטאַטונג און אָרקעסטער.

יוסף סלאָמצעוויץ (המנ׳קע דער פישער), מייסטנס אַביסל אָנגעטרונקען, שטענדיק געשריען בעת׳ן ריידן, האָט געהאַט די רויטע אָפּצייכענונג אויף זיין קראַגן — אַ צייכן אַלס קעמפער מיטן פייער אין דער געפערלעכסטער פאַזע.

אהרן גלינקא — שטענדיק דער ערשטער אויפן פלאַץ. ער האָט נישט געוואוסט וואָס ס׳מיינט געפאַר אין לעשן אַ שריפה אָדער ראַטעווען, ער איז געווען געאַכטעט פון יעדן. איצט, אין ישראל, זיצט ער אָפט ביים ברעג ים און קוקט אין דער ווייטקייט דערמאָנענדיק זיך אָן יענע גוטע העלדישע צייטן.

אַן אָרקעסטער האָבן די פייער־לעשער געהאַט, אין וועלכן אייניקע אידישע כלי־זמר האָבן זיך באַטייליקט: א. ראכלין (אין אַמעריקע); עזרא גראַץ, גבאי פון שול; ברידער ראַפּאַלאָווסקי און אייניקע לאָמזשיצער כלי־זמר. דער אָרקעסטער, הגם מען פלעגט נישט האַלטן צופיל פון אים, פלעגט אַריינברענגען געלט דעם פאַראיין דורך פייערונגען, קאָנצערטן, א. אַ. וו.

די פייער־לעשער פלעגן אויספירן אַנדערע פונקציעס אויך: זיי פלעגן האַלטן אָרדענונג בעת אסיפות, וואַלן, רע־ליגיעזע פּראָצעסיעס און זייערע אַ דעלעגאַציע פלעגט זיין אָנוועזנד בעת אַ טעאַטער פאָרשטעלונג צו היטן פון שריפות. אין זעלטענע פאַלן, ווען רעגירונגען האָבן זיך געביטן, ווי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ביים אָפּטרעטן פון די רוסן און די שטאָט האָט זיך אַליין רעגירט, פלעגן די פייער־לעשער זיין דער הויפּט כח, וואָס האָט אויפגעהאַלטן אָרדענונג.

איין קוריאָז איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן. אין 1920, בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, האָט אַ קאָזאַק פון בודיאָנאָוו׳ס מחנה צוגאַלאָפּירט צום אַלטן סעגאַל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ פּאָסטן אָנגעטאָן אין זיין אוניפאָרם, שרייענדיק: „אַרונטער מיט די עפּאָלעטן!״ קיינע דערקלע־רונגען, אַז דאָס איז אַ בירגער־אַמט־צייכן און נישט פון דער צאַרישער אַרמיי, האָבן נישט געהאָלפן. דער קאָזאַק האָט מיט אַ מעסער אַראָפּגעשניטן די עפּאָלעטן און צוגעגעבן מיט כעס, אַז ווען ער וואָלט אים געטראָפן אַזוי אָנגעטאָן אויסערן שטאָט, וואָלט ער אים דעם קאָפּ אָפּגעשניטן.

לאָמזשער פייער־לעשער האָבן שטענדיק געהאַט דערפאָלג אין פאַרלעשן שריפות, אַ דאַנק זייער איבערגעגעבנקייט צו דער הומאַניטאַרער אויפגאַבע. אין די לעצטע יאָרן איז ר׳ מאיר אָרלאָווסקי געווען קאָמענדאַנט איבער די פייער־לעשער. ער האָט פיל בייגעטראָגן אין געלט און ענערגיע צום גונסטן פון זייער פאַראיין.



פיניע דער וואַסער־פירער צאַפּט וואַסער פון פעסל פאַר אַ באַלעבאָסטע.

די פעסלעך פלעגט מען נוזן איבערלאַזן איבער נאַכט אויפן אַלטן מאַרק פול מיט וואַסער, ער זאַל זיין גרייט אין פאַל פון אַ שריפה.



מיטגלידער פון „מכבי“ אין יאר 1918.

# אידישע ספארט־קלובן אין לאמזשע

## ספארט־פאראיין „מכבי“

### דער אנפאנג

ווי יעדע התחלה, איז דער „מכבי“ באשטאנען פון א יוגנט־גרופע פון: ברידער מושינסקי, ש. קרעמער, יום־טוב לעווינסקי, אפענבערג, י. קאזינסקי, מארציק, טאביאש, קא־קאשקא, י. לעוואוויץ. די איבונג־שפראך איז געווען אידיש. טורן־פלאץ — אויסערן שטאט אויף די פלעצער פון פאבריק פון ברידער קאזינסקי. עס האט געטראגן דעם כאראקטער פון א סקאוטן־גרופע. מיט דעם וואוקס פון דער גרופע, איז אויפגעקומען דער געדאנק צו גרינדן א ספארט־פאראיין, ווי אין אנדערע שטעט. ס'איז גערופן געווארן א פארזאמלונג פון די פאראינטערעסירטע אין ספארט אין „התחיה“, וועלכע איז דאן געווען דער צענטער פון קולטורעלע און געזעלשאפט־לעכע טעטיקייטן אין לאמזשע. דער פארזיצער איז געווען דר. פערעלמאן — דאן אומפארטייאיש.

עס זיינען אנטשטאנען שטורמישע דעבאטן. די ציוניסטיש געשטימטע האבן געפאדערט, אז די איבונג־שפראך זאל זיין העברעאיש, ווי דער „מכבי“ אין ווארשע. אידישיסטן דאקעגן האבן געפאדערט אידיש אלס טורנירן־שפראך. ס'איז באשלאסן געווארן, אז די שפראך פון „מכבי“ זאל זיין אידיש, כדי צו דערמעגלעכן גרעסערע מאסן צו זיין חברים אין „מכבי“. אלס אינסטרוקטאר איז אנגעשטעלט געווארן ה' פרענקעל, א לערער פון ספארט, אן אקטיווער לינקער „פועל־ציוניסט“.

צווישן די אקטיווע מיטגלידער אין „מכבי“ האבן זיך אויסגעצייכנט: גאלדשטיין, יעלין, צירמאן, פאסמאניק, די שוועסטער און זייער ברודער יצחק עווריייעוויץ, כץ, א. אנד. די מלחמה צווישן פוילן און רוסלאנד, 1919־21, האט געבראכט א קריזיס איבערהויפט אין „מכבי“, ווייל פיל יונגע בחורים זיינען מאביליזירט געווארן אין דער פוילישער ארמיי. אויך האבן פיל עמיגרירט. דורך דער צייט פון דער באלשעוויסטישער אינוואזיע איז דער „מכבי“ אינגאנצן געווען געשלאסן.

נאך דער מלחמה, ווען ס'איז געווארן רואיקער, איז דער „מכבי“ ווידער געעפנט געווארן. א דאנק דר. פיאנטניצקי'ס איניציאטיוו דורך זיין ארטיקל אין „לאמזשער שטימע“, 12טן פעברואר, 1923, איז אין „רעדוטא“ אפגעהאלטן געווארן א גרויסע פייערונג און ס'זיינען דאן ארגאניזירט געווארן 2 נייע אפטיילונגען פאר: פוס־באל, און קארב־באל. די ערשטע גרופע האט זיך גוט אנטוויקלט אזוי, אז אין כחות־פארמעסט (מעטש) צווישן מכבי און 33טן לאמזשער פאלק, האט דער „מכבי“ באקומען א גוטן נאמען, הגם זיי האבן פארלארן 2—1 צום גונסטן פון פאלק. די צווייטע פארמעסט־שפיל איז פארגעקומען אין אסטראלענקא מיט דעם אידישן ספארט־פאראיין „נארעוו“ מיט דער באטייליקונג פון פוילישן גאר־ניזאן־אוילאנער. אין דעם פארמעסט האט געוואונען דער „מכבי“ 1:4. קיין לאמזשע האבן זיי זיך צוריקגעקערט זייער שטאלץ מיט אזא נצחון.

די אויסגעצייכנטע אין דעם שפילן זיי'נען געווען: מ. פעלטין, קאניא, מזרח, יאסטשאמב, פעפער (הגם ער האט געשפילט מיט א צעבראכענער האנט), א. אנד.

די פוילישע רעגירונג האט נישט געוואלט באשטעטיקן



„מכבי״־גרופּע אויף אַן אויספלוג אין צערוואַני בורער וואַלד.



אויספלוג פון „מכבי״ אין געלצינער וואַלד, אַרום 1919.



גרופּע פרויען מיטגלידער פון „מכבי" פירן דורך אַן איבונג.
רעכטס: ליובאַ קאַלוואַרייסקאַ, חנה צעכאַנאָווסקאַ, זארעמבאַוויץ, זינא בראָיטבאַרד, לאה בורשטיין, מאַרקעוויץ און קיילע קאַלוואַרייסקאַ.

די סטאַטוטן פון „מכבי". זי האָט אָנערקענט אַ „אידישן ספּאָרט פאַראיין" נישט מער. חיים ראָטשילד האָט אומזיסט זיך שטאַרק משתדל געווען וועגן דעם.

אין מערץ, 1924, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אַקטיווע פאַרוואַלטונג פון: ח. ראָטשילד — פּאָרזיצער, מ. פעלטין — וויצע פּאָרזיצער, ז. צימערמאַן — קאַסירער, דר. ד. פּיאַנטניצקי, משה מראַזאָוויץ און כץ. זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ פּראַכטפולן אויספלוג קיין צערוואָני־בור מיט דער באַטייליקונג פון רייטער און וועלאָסיפּעדיסטן. דער „מכבי" האָט דאַן געציילט 310 חברים: 140 אַלטע און 170 יונגע. ס'זיינען צוגעקומען נייע סעקציעס פון וועלאָסיפּעדיסטן, שווימער, גימנאַסטיק, שאַך־מאַט, דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען א. אַנד. אין אַ פּאַרמעסט־שפּיל צווישן „מכבי" און "סטשעלעץ" האָט „מכבי" געהאַט אַ פולן נצחון.

אין מערץ 1925 זיינען אַריין אין „מכבי"־פאַרוואַלטונג נייע כחות: ב. סטריקאָווסקי ש. ראָזענוואַסער, דענטיסט פערשט — פּאָרזיצער, און ראַטשטיין. דער ל"ג בעומר־אויספלוג פון יענעם פרילינג קיין צערוואָני בור האָט איבערגעלאָזן אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. אַלע אָנטיילנעמער זיינען געווען אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען און ספּעציעלע היטלען. סטריקאָווסקי איז געווען קאָמענדאַנט. כץ — קאָמענדאַנט פון די ציקליסטן און גאָלדשטיין פון טורנירער אין גימנאַסטיק. צוריק איז מען געקומען מיט שטורקאַצן, אין דער באַגלייטונג פון אַן אָרקעסטער־מוזיק. אָפּהאַלטנדיקע מענטשן אין שטאָט האָבן זיי אויפגענומען מיט אָוואַציעס. דער „מכבי" איז דאַן געשטאַנען אויף דער העכסטער שטאַפּל פון זיין אַנטוויקלונג.

אין 1927 איז ווידער אַנטשטאַנען אַ ירידה אין „מכבי" צוליב אַ וויכוח צווישן ציוניסטן און לינקע וועגן דעם קאָליר פון דער פאָן וואָס „מכבי" זאָל האָבן: ווייס־בלוי, רויט אָדער ווייס־בלוי־רויט. פּאָרזיצער פון פאַראיין איז דאַן געווען מ. מראַזאָוויץ; סעקרעטאַר — י. פּאַסמאַניק.

דעצעמבער, 1928 איז דער „מכבי" געשלאָסן געוואָרן צוליב מאַנגל אין אַקטיוויטעט. נישט לאַנג נאָך דעם אַנטשטייט אַ קאָמיטעט, וועלכער קומט אין קאָנטאַקט מיטן צ. ק. פון „מכבי" אין וואַרשע. דער צ. ק. שטימט איין צו עפענען אין לאָמזשע אַ צווייג. די ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדסטווע באַשטעטיקט דעם פאַראיין אין לאָמזשע. דער קאָמיטעט האָט געדונגען פאַרן „מכבי" דעם לאָקאַל פון אַמאָליקן „הזמיר" און עס פאַנגען זיך אָן אינטערעסאַנטע טעטיקייטן.

אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אַריין: דר. י. שור, דר. מ. קאַרבאָווסקי, ח. ראָטשילד, ד. נאַגישאַוועך, י. ראַטנער, א. גוזאָווסקי און ג. רובינשטיין. אין קורצן איז דער „מכבי" אַרויף צוריק אויף זיין געהעריקן שטאַנד. די טענדענץ איז געגאַנגען אַלץ מער צום ציוניסטישן גייסט.

אין 1931 באַשליסט דער פאַראיין איינצואָרדענען אַ וואָך געווידמעט דעם „מכבי" מיט דער באַטייליקונג פון: „התחיה", „מזרחי", „השומר הדתי", האַנטווערקער פאַראיין, א. אַנד. אין וועד פאַר דעם זיינען געווען דאַן: א. דאָמאָוויץ, דר. שור, דר. מ. קאַרבאָווסקי, דענטיסט ר. בעהם און אַ. זאַבלודסקי. דעם 3טן יאַנואַר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאַקעל־פּאַראַד און צומאָרגנס — אַ פייערלעכע תפילה אין דער גרויסער שול. אין דער שפּיץ פון „מכבי" איז דאַן געשטאַנען מ. פרישמאַן, מאַן פון דענטיסטין ציפּרוק. אין דער פאַרוואַלטונג זיינען דאַן צוגעקומען פּראָפ. יאַנעס, נאַווינסקי, ל. יאַשינאָווסקי, פּ. שימיאַוויץ, מ. קיילער, א. אַנד.

אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן אַ סיכסוך צווישן די חברות פון „מכבי". ר. סטריקאָווסקאַ איז אַרויס און האָט געגרינדעט אַ נייע ספּאָרט־גרופּע פאַר פרויען מיטן נאָמען „חוה" (מער וועגן דעם — שפּעטער). פרוי שימיאַוויץ איז פאַרבליבן אין שפּיץ פון פרויען „מכבי". מען גייט דאַן אַריבער אין אַן אַנדער לאָקאַל אויף קאָסציושקאַ גאַס נומ. 11. ווען ה' פרישמאַן ווערט מיד פאַרנעמט אַדוואָקאַט גראָבאַרד זיין פּלאַץ. ער הויבט ווידער אויף דעם שטאַנד פון „מכבי", און די אינסטרוקטאָרן גרינבערג און שימיאַוויץ מאַכן הכנות צו פייערן דעם יובילײ.



פאַרוואַלטונג פון „מכבי", אַרום 1921—1922.
זיצנדיק (פון רעכטס): חנה צעכאַנאָווסקי, חיים ראָטשילד, מאָטל רזשאָטקעוויץ, גאָלדשטיין. שטייענדיק (רעכטס): אָנפירער פרענקעל, (לינקס) פוכאַלסקי.

# די פייערונג פון 20טן יוביליי פון „מכבי״

לכבוד דעם איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וועמעס מיטגלידער זיינען געווען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס: די קהילה, „התחיה״, „מזרחי״, „פועלי ציון״, „החלוץ״, פרויען־פאַראיין, „וויצא״, „מזרחי החלוץ״, „השומר הצעיר״, „השומר הלאומי״. דר. ש. גאָלד־לוסט איז געווען פאָרזיצער, דר. פעלטין — וויצע־פאָרזיצער, אַדוואָקאַט גראובארד, פראָפ. יאנעס, י. טאבליצקי, א. דאָ־מאָוויץ, י. געלצינסקי, נ. ראפּאלאָווסקי, ל. פּעפּער, ז. לאָ־דעלסקי און דר. שוואַלב.

די פייערונגען האָבן זיך אָנגעפאַנגען שמיני־עצרת מיט אַ יוביליי־פאַרזאַמלונג אין שול. צוערשט ווערט געמאַכט אַן אזכרה נאָך די אַקטיווע פאַרשטאָרבענע מיטגלידער פון „מכבי״: דענטיסט כוטארסקי, חיים ראטשילד — עקאָנאָמי־שער פאַרוואַלטער פון שפּיטאָל, אהרן יעלין, דראזדאָווסקי און משה צעשלוק.

דעם 10טן אָקטאָבער 1936, נאָך סוכות, קומט פאָר אין „הויז פון סאָלדאַט״ אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע. מיט דער באַטייליקונג פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און הויכגע־שטעלטע פּערזענלעכקייטן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט און פון דער אַרמיי. דר. גאָלדלוסט איז געווען פאָרזיצער און ביי זיינע זייטן די רעספּעקטאַבלע געסט. אַלע פאַרזאַמלטע זיינען געשטאַנען ווען עס איז פאָרגעקומען דער „חנוכת הדגל״ וועלכע איז געגעבן געוואָרן אַלס מתנה צום „מכבי״. די פאָרשטייער פון דער רעגירונג האָבן געקראָגן דעם כבוד צו באַהעפטן די פאַן צום שטעקן מיט גאָלדענע נעגל.

ביי דער אויפגעוויקלטער, אויסגעהאפטענער בלוי־ווייסער פאַן האַלט דר. גאָלדלוסט אַ פייערלעכע רעדע אין פּויליש וועגן די צילן פון „מכבי״ און זיין פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער געזעלשאַפט און צו דער מדינה און ענדיקט מיט פּאַט־ריאָטישע אויסרופן פאַר דער מדינה, איר פּרעזידענט און הויפּט פון דער אַרמיי. דער אָרקעסטער פון 33טן פּאָלק האָט געשפּילט דעם פּוילישן הימן און התקווה. אָט די באַטייליקונג אין דער פייערונג מצד דער פּוילישער מאַכט מיטן אַרמיי אָרקעסטער, אָן געצאָלט, איז געווען אַ באַווייז אויף דער קאָרעקטער באַציאונג צו די אידישע געזעלשאַפט־לעכע אָדער קולטורעלע טעטיקייטן מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג אין יענע צייטן.

אַ דריטע מאַניפעסטאַציע פון דער פייערונג איז פאָר־געקומען מיט אַ פּאַראַד און פאַקעלן און מיט דעמאָנסטרירן אויף אַ פּלאַטפאָרמע פאַרשיידענע צווייגן פון ספּאָרט דורך



פּרע.ענטירונג פון אַ „מכבי״־פאָן אין פאַרבינדונג מיטן 20־יאָריקן יובילײ 1916—1936.



AKT FUNDACYJNY

Działo się w Łomży, dnia 19 października 1936 r., gdy dowódcą 18-ej dywizji piechoty był generał Czesław Młot-Fijałkowski, Starostą powiatowym łomżyńskim – Stanisław Kaucki, prezydentem miasta Łomży – Jan Janicki, dowódcą 33 pułku piechoty pułkownik – Stanisław Kayanowicz, prezesem Gminy Wyznaniowej Żydowskiej – Mendel Kaliński, przewodniczącym Obywatelskiego Komitetu Uczczenia Dwudziestolecia „Makabi" w Łomży – Dr. Szymon Goldlust, prezesem Komitetu Centralnego „Makabi" w Warszawie – adwokat Dr. Henryk Rozmaryn, prezesem Egzekutywy Okręgu Białostockiego „Makabi" w Białymstoku – dyrektor Samuel Połoński, prezesem Żydowskiego Towarzystwa Gimnastyczno-Sportowego „Makabi" w Łomży – adwokat Benjamin Graubart –

Staraniem Społeczeństwa Żydowskiego przy poparciu władz i dzięki ofiarności członków dla upamiętnienia dwudziestolecia Żydowskiego Towarzystwa Gimnastyczno-Sportowego „Makabi" w Łomży celem ugruntowania podstaw jego rozwoju i utrwalenia zasad lojalnej współpracy z władzami – sztandar klubowy ufundowany i temuż Towarzystwu przekazany został.

Dowódca 18-ej dywizji piechoty: | Starosta Powiatowy Łomżyński:

Prezydent miasta Łomży: | Dowódca 33 pułku piechoty:

Prezes Gminy Wyznaniowej Żydowskiej w Łomży: | Przewodniczący Obywatelskiego Komitetu Uczczenia Dwudziestolecia „Makabi" w Łomży:

Prezes Komitetu Centralnego „Makabi" w Warszawie: | Prezes Egzekutywy Okręgu Białostockiego „Makabi" w Białymstoku:

Prezes Żydowskiego Towarzystwa Gimnastyczno-Sportowego „Makabi" w Łomży

דאָקומענט וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער אָפיציעלער „מכבי״ פאָן, פּרעזענטירט צום 20 יאָריקן יובילײ פון „מכבי״.

דער דאָקומענט איז אונטערגעשריבן פון הויכע רעגירונגס־באַמטע, מיליטערישע פירער און אידישע עסקנים.

דער פאָן־טרעגער, איינער פון די פּאָפּולערסטע ספּאָרטלער אין שטאָט — הערשל פאניץ.



פאַרשיידענע גרופּן פון „מכבי״. די מיידלעך וואָס האָבן זיך דאַן אויסגעצייכנט: כמעלעווסקאַ, בזשאָזאָווסקאַ, עטקאָוויץ, העקטנער. די בחורים אויסגעצייכנטע: קיילער, לעוויוש, פרידמאַן, פאַניץ, ווילקאָמירסקי, בזשאָזאָווסקי, פאַלנבערג און דער אינגערער גאָלדשטיין.

די פּיי־ערונגען האָבן סטימולירט דעם „מכבי״ מיט ענערגיע און פאַרזעען צו אַרבעט. אויף דער נאָכפאָלגנדער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער וועד: הערמאַן בערגער — פאָרזיצער, ל. יאשינאָווסקי, פּ. כץ, ה. בערמאַן, י. ריבאַק, ה. בזשאָזאָווסקי, חברה רייזל מאַרקעוויץ און מ. קיילער.

## „מכבי״ אין „התחיה״

אין יאָר 1937 איז פאַרקלענערט געוואָרן די צאָל מיט־גלידער אין „התחיה״ און, צוליב די זעלבע סיבות, אויך אין „מכבי״. פילע חברים האָבן אויסגעוואַנדערט צוליב דער אַלץ־מער־פאַרערגערטער אידישער לאַגע פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. די „מכבי״־מיטגלידער האָבן באַשלאָסן אַריינצוציען זיך אין „התחיה״ און ווערן אַ שותף צום דעם לאָקאַל, ווייל אַליין האָט דער „מכבי״ נישט געקענט טראָגן די הוצאות פון אָנהאַלטן אַ באַזונדערע דירה. דעם 22טן יאַנואַר 1938 איז פאָרגעקומען דער „חנוכת הבית״ פון ביידע שותפים. מיט פּאַראַד זיינען אַויף דער פּלאַטפאָרמע פּרעזענטירט געוואָרן די פאָנען פון „התחיה״ און „מכבי״. יעקב סאַפּירשטיין איז געווען פאָרזיצער. אַלס אינסטרוקטאָרן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אָפיציר פעלדמאַן און פּאָדרוזניק.

אין אָנפאַנג פון 1939 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די 23טע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „מכבי״ מיטגלידער. דאָס איז אויך געווען די לעצטע פאַרן חורבן. אין לעצטן וועד זיינען אַריין די חברים: מ. פרישמאַן — פאָרזיצער, הערמאַן בערגער און ל. יעשינאָווסקי — געהילפן; י. בורשטין — סעקרעטאַר, מאַגיסטער זאַלקין (אַפּטייקער) — קאַסירער, י. ריבאַק — רעפערענט וועגן ענינים פון ספּאָרט און זאַמלונגען לטובת דעם מושב „מכבי״ אין ארץ ישראל, נחמן אָלטאַזש — רעפע־רענט וועגן קולטור טעטיקייטן, ל. דילאַטיצקי — פאַרוואַלטער, צ. העפנער און י. פלאַטאָו — חברים.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער „מכבי״ אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, ווייל זיינע מיטגלי־דער זיינען מאָביליזירט געוואָרן. מיט דער אָקופּאַציע פון די רוסן איז דער „מכבי״ אָפיציעל געשלאָסן געוואָרן. שפּעטער ביי די נאַציס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו האָבן וועלכע עס איז אָרגאַניזאַציעס.

## „עוואַ״ — „חוה״

דאָס איז דער נאָמען פון אַ פרויען ספּאָרט־גרופּע וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון „מכבי״, ווי פריער דערמאָנט, און געגרינדעט אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט. די אָנפירערינס פון דער גרופּע „חוה״ זיינען געווען פעשע סאַפּירשטיין — פאָר־זיצערין, פייגעל דונאָוויץ, נחמה פרוינד, שיינע כמעלעוויץ (רעפערענטין וועגן ספּאָרט), פערל באַזאַן, פייגל שעניאַק און ב. ליכטענשטיין. אָט די כחות־צעברעקלונג האָט נישט גע־בראַכט קיין הצלחה.

## ה פ ו ע ל

די דאָזיקע ספּאָרט־גרופּע ביי די פועלי־ציון האָט אויך עקזיסטירט נאָר אַ קורצע צייט צוליב דעם נאָר־וואָס דערמאָנטן טעם. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן קען אַ ציל דערגרייכט ווערן נאָר מיט דער פאַראייניקטער באַטייליקונג פון אַלע פאַראינטערעסירטע כחות.



גימנאַסטישע איבונגען פון אַ גרופּע פרויען ספּאָרטלער ביים „מכבי״ אין נייעם ספּאָרט־פּלאַץ אין לאָמזשע.




אויסשטעלונג פון ישראל פרוכטן פאַרן קרן הקימת אויף דער איניציאַטיוו פון ספּאָרט קלוב „חוה״.
אין צענטער: גיטל באָגושעוויץ.

אַרבעטער ספּאָרט פאַראיין „הפועל״.
אין מיטן דער צווייטער (שטייענדיק): אָנפירער קוואַשני.





באָקסער גרופּעביים ספּאָרט פאַראיין „שטערן".

שטייענדיק (רעכטס): נחום קאַץ, חיים גלינקא, משה ראָזענטאַל, ישראל אינוועטאַרזש, דוד ברום, י. ראָזענטאַל, מתתי׳ לעוו, י. יעדוואַבניק, י. ראַבינאָוויץ, גזיוואַץ (אָנפירער פון די באָקסער אין פוילן). זיצנדיק: ש. בערגמאַן, סענדער גלינקע, פלטיאל קאלאצעק.

## „שטערן" — ספּאָרט־קלוב פאַר אַרבעטער

דער אַרבעטער עלעמענט אין „מכבי" איז געווען ווינציק, דעריבער האָבן אַרבעטער אויף דער איניציאַטיוו פון נחום כץ געגרינדעט אין 1930 אַ קלוב פון אַרבעטער פאַר ספּאָרט צוועקן מיטן נאָמען „שטערן". דער צ. ק. פון די לינקע פּועלי ציון האָט געשיקט פון וואַרשע אינסטרוקטאָרן פריימאַן און גזשיוואַץ און אויך ספּאָרט מכשירים. אָט דער „שטערן" פאַראיין האָט זיך שנעל אַנטוויקלט און איז געוואָרן באַרימט. די חברים פון „שטערן" האָבן דערפילט אויך פונקציעס פון זעלבסט־שוץ אין דער צייט פון פּוילישע שיקאַנעריי און אָנפאַלן. די אָנפירער פון „שטערן" זיינען געווען דער פריער דערמאָנטער כץ, חיים גלינקא און יעקב ראָזענטאַל (דער לעצטער האָט זיך געראַטעוועט און איז איצט אין אויסטראַליע). דער ספּאָרט קלוב „שטערן" האָט עקזיסטירט 3 יאָר (איבער־געגעבן פון ה׳ יוסף זיידענשטאט).

## לאָמזשע — אַן אויטאָנאָמישער ראַיאָן פאַר פוט־באָל

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אַנטשטאַנען אַ נויטווענדיקייט צו גרינדן אין לאָמזשע אַן אויטאָנאָמישע קער־פּערשאַפט פאַר פוס־באָל, וואָס זאָל באַשטיין פון די קלענערע גרופּעס פון לאָמזשע און פון איר סביבה. די סיבה פון דעם פּראָיעקט איז געווען, וואָס די מלוכה האָט געענדערט די אַדמיניסטראַטיוו־געאָגראַפישע איינטיילונג פון דער לאָמזשער סטאַראָסטווע. פאַר דעם צוועק איז גערופן געוואָרן אַ צו־זאַמענקום פון די דערמאָנטע ספּאָרט־גרופּעס קיין לאָמזשע — אידן און פּאָליאַקן. געעפנט דעם צוזאַמענקום האָט דער פּרעזידענט פון לאָמזשער מאַגיסטראַט, יאַניצקי. משה קיילער האָט רעפערירט וועגן דער נויטיקייט פון איינשטעלן אַזאַ אויטאָנאָמישע קערפּערשאַפט. אידן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די דעבאַטן, אָבער ווען ס׳איז געקומען צו די וואַלן, איז אויסגעקליבן געוואָרן נאָר 1 איד פון די 9 מיט־גלידער אין דער פאַרוואַלטונג — משה קיילער.

## בירגער־קלוב

לאָמזשער אידישער אומפּאַרטייאישער מיטלשטאַנד איז געווען צו קליין אַרויסצואווייזן שטאַרקערע צייכנס פון לעבן, דעריבער האָבן די פאַרשיידענע קלובן, גרעסערע אָדער קלע־נערע, נישט געהאַט קיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייט. די גאַנצע אידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן זיינען געקומען צום אויסדרוק דורך די פּאַרטייען ווי ציוניסטן, „בונד" פּועלי־ציון, א. אַנד. דעם זעלבן גורל האָט אויך געטיילט דער „בירגער קלוב" אפילו מיט זיין שיינער דירה. אויסער קאָרטן שפּילן און אַ גוטן בופעט האָט דער קלוב נישט געלייסטעט. ער איז שנעל פאַרשוואונדן.

## פאַראיין פון אידישע קעמפער

אין מאָנאַט פעברואַר 1934 האָט זיך געעפנט פּיי׳ערלעך אַ קלוב מיט דעם נאָמען „פאַראיין פון אידישע קעמפער". דאָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע געוועזענע סאָלדאַטן־קעמפער אין דער פּוילישער אַרמיי מיטן ציל צו זיין אַקטיוו און מאַניפעסטירן זייער פּאַטריאָטיזם צו דער פּוילן פון פּיל־סודסקי׳ס און רידז שמיגלי׳ס אידעאָלאָגיעס. זיי האָבן זיך אויך משתדל געווען, אַז אידישע סאָלדאַטן אין דער פּוילישער אַרמיי זאָלן באַפרייט ווערן אום זונטיק און פּוילישע חגאות, כדי זיי זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין שול און אָפּריכטן תפילות פאַרן וואוילזיין פון פּוילן.

די איניציאַטאָרן, אַקטיווע מיטגלידער פון דער גרופּע, זיי׳נען געווען: אַד. קאַרבאָווסקי, דר. מענקעס, פעפער, קאַוו־קעוויץ, אַדוואָקאַט גאָלדבערג, ג. לאַדעלסקי, ה. יעוורייעוויץ, ד. מאָהעל, א. כץ, י. פּאַסמאַניק, ש. ניימאַרק, צירמאַן, ל. בלאַוואַט, גרושניעווסקי, ש. מאַרקעוויץ, א. גלישינסקי, נ. צו־קערברוים, מ. דימענטשטיין, י. שטייגמאַן, י. לובין, נ. גרינ־בערג, א. אַנד.

דעם 19טן יוני האָבן זיי געפייערט זייער „חנוכת הבית" אויף פּיעראַצקא גאַס נומ. 2. הויכע פּוילישע באַאַמטע האָבן זיך באַטייליקט.

## אידיש־געזעלשאַפטלעכער קלוב

אין מאָנאַט יולי, 1938 האָבן רעשטלעך פון בירגער־קלוב זיך צוזאַמענגענומען מיט נאָך אומפּאַרטייאישע און האָבן געגרינדעט אָט דעם דערמאָנטן קלוב. די גרינדערס זיינען געווען: א. בענגעלסדאָרף, אינזשעניר בזשעזשינסקי, מ. בודניק, ח. בערגער, א. דונאָוויץ, מ. פרידמאַן, אַדוואָקאַט קאַרבאָווסקי, י. קאַכאַנאָוויץ, א. נאָווינסקי, וו. אקון, ל. פעפער, אינזש. מ. ראָזענטאַל. אָבער דער קלוב האָט אויך געהאַט אַ קורצע עקזיסטענץ.

קאָמבאַטאַנטן פאַראיין

(אויסגעדינטע אידישע סאָלדאַטן פון דער פּוילישער אַרמיי)

שטייענדיק (רעכטס): ש. מאנקאראוויץ, דימענטשטיין, נ. צוקערברוים ליובין.
זיצנדיק: שטייגמאַן, מ. קאַרבאָווסקי, פעפער, ל. בעלוואט, אברהם הערש גאָלדבערג.



# אידישע אינדוסטריע און האַנדל אין לאָמזשע

לאָמזשע איז געווען באַוואוסט פון הונדערטער יאָרן מיט איר האַנדל. אין מיטן 16טן י. ה. זיינען געווען אין לאָמזשע גרויסע שפּייכלערס פון זאַלץ (אימפּאָרטירט פון בוכנע און ווישליצא), וואָס פלעגן באַזאָרגן פילע שטעט. ד. ז. האָט לאָמזשע צוגעשטעלט ביר, וואָס זי פלעגט אַריינפירן פון דאַנציג אָן אָפּצאָל, אָדער פון אָרטיקע ברויערייען. סוף פון 18טן י. ה. איז אָנגעגאַנגען אין לאָמזשע אַ גרויסער האַנדל מיט תבואה, וואָס איז געפירט געוואָרן מיטן נאַרעוו פון פּרייסן. אין דעם מסחר זיינען געווען באַוואוסט די אידישע סוחרים דוד הייזלער און יואל וועבער. פיל אידישע סוחרים פלעגן דאַן פאָרן צו די יערלעכע לייפּציגער יאַרידן. שפּעטער אין 19טן י. ה. שטעלט אויף ר׳ ישראל־משה נאַווינסקי אַ גרויסע פאַבריק פון צוקער, וואָס גיט אַרבעט צו 200 אַרבעטער אויסער פילע אַנדערע אָנגעשטעלטע און שרייבער. זיין שותף איז געווען ר׳ משה קולינסקי, געהילף־ראַטמאַן פון מאַגיסטראַט. עס איז שוין פריער דערציילט געוואָרן וועגן דער שריפה פון דער פאַבריק און די קאָנסעקווענצן פון דעם („הצפירה״, ח׳ ניסן, תרכ״ב, נומ. 10 ; „הכרמל״, 2טער יאָר, זייט 106).

נאָך פילע אונטערנעמונגען האָבן עקזיסטירט : פאַבריקן פון ציגל, זייף ; ביר און שפּירט ברויערייען און מילן. אויפן וועג קיין זאמבראוו זיינען געטריבן געוואָרן אייניקע ווינט־מילן פון אידישע בעלי־בתים. די געגנט האָט דערפאַר געהייסן „וויעטראַקען״ ד. ה. די ווינט מילן. שפּעטער זיינען דאָרטן אַנטשטאַנען דאַמף אָדער מאָטאָר־מילן.

באַוואוסט איז געווען דער אייגנטימער פון אייניקע מילן פון דאָרטן — ר׳ משה בזשעזינסקי, אַ איד אַן עשיר־נדבן פאַר געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פּריוואַטע נויטבאַדערפטיקע. פופציק ישיבה־בחורים פלעגן עסן ביי זיין טיש יעדן טאָג. ער האָט אויך געפירט אַ פאַבריק פון ציגל און דאַכעווקעס אין סטאַראַ־לאָמזשע. ער האָט אויך געבויט קאַזאַרמעס פאַרן רוסישן מיליטער און געווען אַ צושטעלער פון עסענוואַרג פאַר זיי. נאָך זיין פּטירה האָט אים ר׳ יואל הלוי הערצאָג (פאָטער פון היינטיקן רב־ראשי פון מדינת ישראל) מספּיד געווען און אַ גאַנצע קאָמפּאַניע רוסישע סאָלדאַטן האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו, אַלס אָנערקענונג פאַר זיין ערלעכקייט.

נאָך מילנער זיינען געווען : י. מ. אַלטשולד, מ. נאָמבערג, ד. געלצינסקי (געהאַט אַ מאַשינאָווע מיל), מ. באָגושעוויץ (געטריבן אַ מאָטאָר־מיל), פּ. חנוך, בענגעלסדאָרף, ציבולסקי, מ. צעכאַנאָוויץ, א. אַנד. צוליב דער פאַרגרעסערונג האָט בזשעזינסקי׳ס מיל צוגעקראָגן שותפים : ש. ווערזשבאָוויץ און י. עטקאָוויץ. אייניקע פון די מילן האָבן אויך געמאָלן בעבלעך. ספּעציעל אַזעלכע מילן זיינען געווען סענדלער׳ס אויפן קאָפּוצינסקי באַרג און מ. גאלאמבעג׳ס לעבן סענאַטאָרסקא גאַס. אויך אויף דער אַנדערער זייט פון לאָמזשע, אויף ווייסקי, איז געווען אַ ווינט־מיל, וואָס האָט געהערט צו אַן ערליכן איד, זבאנאוויץ (דער ווייסקער מילנער).

## פאַבריקן פון אויל

אויך פאַבריקן צו אויספּרעסן אויל פון פלאַקס־זאָמען, מאָן א. א. זאָמען זיינען געווען אין געוויסע צאָלן אין לאָמזשע. ר׳ דוד געלצינסקי האָט געהאַט אַזאַ פאַבריקל אויף פאַציאַווע ; ישמח און טרעסטאנאָוויץ אויפן „זיאזד״, מאַרקוס — אויף „קשיווא־קאלא״. אויך אין פיאַנטניצא און אין לאָמזשיצאַ זיינען געווען אַזעלכע „פּרעס־הייזער״ : אין פיאָנטניצא איז געווען ה׳ נאוויץ דער בעל־הבית ; ר׳ פּסח יערוזאַלימסקי אין לאָמזשיצא. זיין זון האָט געהאַט אַן אָפּטיילונג אין לאָמזשע.

## זייף־ און ציקאָריע־פאַבריקן

סיני זדאלעקער (זייפנזידער) האָט געהאַט אַזאַ פאַבריק אויף די „וויעטראַקן״. נאָך אַ שריפה (פריער דערמאָנט) איז זי פאַרגרעסערט געוואָרן. נאָך זייף פאַבריקן האָבן געהערט צו ש. שטופּלער, שפּעטער צו ה׳ שטיין, דערנאָך צו ה׳ מאַלינאָוויץ. ה׳ נאַטאַנזאָן האָט פאַבריצירט ציקאָריע. נאָך אַ שריפה פון דער פאַבריק איז דאָרטן אויפגעשטעלט געוואָרן אַ תיפלה פאַרן אלאנעצקען פאָלק, וועלכע איז געוואָרן אַ „סאָלדאַטן הויז״ אין דער צייט פון פּוילישער זעלבסטשטענדיקייט.

## זעג־מילן און האָלץ־סקלאַדן

ר׳ ישראל־ניסן ווייַנבערג איז געווען דער ערשטער צו באַטרייבן אַ פאַבריק פון זעגן קלעצער אויף פאַציאַווא. נאָך אַ שריפה האָט זי זיין זון אָפּגעבויט און פאַרקויפט צו ה׳ י. ביאלי און משה־אהרן העפנער. נאָבן לעצטנס טויט איז זיין שותפות אַריבער צו זיין איידעם ה׳ ראגינסקי. ביאַלי׳ס טאַרטאַק איז געווען באַוואוסט אין גאַנצן געגנט. שפּעטער האָט די רעגירונג אויסגעבויט אַזאַ פאַבריק לעבן נארעוו. די ה״ה פאקרויסקי, שאַרקאנסקי, ל. בזשאָזא, א. אַנד. האָבן געפירט אַ גרויסן האַנדל מיט געהילץ פאַר בוי־צוועקן, וואָס זיי האָבן געהאַט ליגן אויף גרויסע אָפענע פלעצער. סוחרים מיט באַהייצונג־האָלץ אָדער טאָרף, זיינען געווען : רובינשטיין, פּ. נאָמבערג, שימאַנאָוויץ, בורשטינאָוויץ, בראמזאָן, י. בלומאָוויץ מיט זיין זון, א. ראָזענפעלד, מ. סרעבראָוויץ, מ. מאַרקעוויץ, א. נ.

## סטאָלערײ־ און שלאָסערײ־וואַרשטאַטן

אַ צאָל מייסטער־סטאָלערס זיינען געווען אין לאָמזשע. די מער־באַוואוסטע : ר׳ א. פּ. פיורקא, סטאלארציק פאָטער און זון, ז. ל. וויבראַנציק מיט זיינע זין, אלתר פאניץ (אייגע דער נייטאָרקעס מאַן), פּנחס „דער סטאָלער״ מיט זיין זון, משה־הירש — אויף די ריבאַקי. אַ מעכאַנישע סטאָלערײ האָבן געהאַט די שותפים יודעלבוים און קאָסאָוויץ.

## שלאָסער־מייסטער

באַוואוסטע אין לאָמזשער סביבה זיינען געווען ר׳ שמשון שופר מיט זיין זון. מאיר אָרלאָווסקי האָט געהאַט אַ מעכאַנישע שלאָסערײ, וואָס האָט געדינט פאַר אַ צייט אַלס לערן פּלאַץ פאַר דער פאַך שולע, וואָס די געזעלשאַפט י.ק.א. האָט געעפנט שפּעטער אין לאָמזשע. מיט דער צייט האָט זיך פון דער מעכאַנישער שלאָסערײ אַנטוויקלט אַ גרויסע פאַבריק פון אַגריקולטור אינסטרומענטן באַוואוסט אין פּוילן.

ה׳ ראַכלין האָט נאָך זיין ענדיקן מיליטער־דינסט געהייראַט מיט ה׳ דימענטשטיינ׳ס טאָכטער. צוערשט געאַרבעט אין אָרלאָווסקי׳ס שלאָסערײ און שפּעטער אַליין געעפנט אַן אייגענעם וואַרשטאַט אויף וואזיוואָדזקאַ אין אַלטן מאַרק.

אויסער די דערמאָנטע זיינען געווען נאָך מייסטער־שלאָסערס : ר׳ יואל גלוכאָוויץ (אומגעקומען פון אַן אויפרייס פון אַ באַלאָן מיט בענזין), יאַבלאָנאָוויץ, אהרן גילינקא, מ. מאַסאָנזשניק (ביי יאַקובען אויפן הויף), האָלאַנדסקי, וויניצקי און „חנא שלייפער״. דער לעצטער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט

אויסאַרבעטן מעסער, שערלעך, העק, א. אַנד. ער פלעגט אויך שלייפן חלפים (שוחטים פלעגן קומען צו אים פון דער גאַנצער סביבה), גאָל־מעסער׳ס, א. אַנד.

## ציגל און דאַכעווקעס

די דאָזיקע אינדוסטריע איז געווען אין אידישע הענט. די גרעסטע פאַבריק פון די אַרטיקלען האָט געהערט צו ר׳ נחום בזשעזינסקי, זון פון פריער דערמאָנטן ר׳ משה בזשע־זינסקי. אויף לאָמזשיצער וועג האָט געהאַט אַזאַ פאַבריק ר׳ ה. ב. געלצינסקי. שפּעטער איז זי איבערגעגאַנגען צו ר׳ ח. ז. יעלין, און נאָכדעם צו ה׳ בענגעלסדאָרף. אויפן וועג צו סטאַרא־לאָמזשא איז געווען ב. זאלאנדז׳ס פאַבריק. ר׳ אשר „ציגל־מאַכער" האָט אויסגעאַרבעט זיינע ציגל אויף אַ מער פרימיטיוון אופן. אויך דאכעווקעס און, פון בעטאָן און צעמענט, פלאַטן פאַר טראטואַרן, טרעפּ, א. אַ. וו. זיינען דאָרטן פאַבריצירט געוואָרן. די לעצטע אינדוסטריע האָבן לאָמזשער חלוצים, נאָכן אויסלערנען דאָ, איבערגעפלאַנצט אין ארץ ישראל. דאָס גלייכן האָט געטאָן ר׳ משה פרידמאַן. ער האָט געלערנט מיט אַנדערע די אינדוסטריע.

ה׳ ישראל יפה, אָפיצער אין דער אַרמיי פון מדינת ישראל, פריער הויפּט־טעכניקער אין בזשעזינסקי׳ס פאַבריק, האָט



ישראל שניצער־יפה
געבוירן אין לאָמזשע — ליוטענאַנט
אין דער „הגנה" אין ישראל.

איבערגעגעבן: „ביי ה׳ נחום בזשעזינסקי (מייסטן האָט מען עס גערופן אויפן נאָמען פון זיין מוטער, ברכה) האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט פּאָליאַקן אונטער אידישער פירערשאַפט. אַלס הויפּט טעכניקער האָב איך פּרובירט ווירקן אויף מיין בעל־הבית, ער זאָל צונעמען אויך אידען צו דער אַרבעט. פון אָנפאַנג האָט ער נישט געוואָלט איינשטימען מאָטיווירנדיק, אַז די אַרבעט איז צו שווער פאַר אידן. אין יאָר 1931 האָבן זיך 2 קיבוצים פון „החלוץ": „שחרור" און „בדרך" געווענדעט צו ה׳ נ. בזשעזינסקי נאָך אַרבעט. דורך מיין שתדלנות האָט ער אָנגענומען 20 חלוצות. איך האָב זיי איינגעאָרדנט צו אַרבעטן זונטיק אָנשטאָט שבת. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער אַרבעט און געווען אַ מוסטער פאַר די גויים. נאָך דעם זיינען נאָך אידן אָנגעקומען צו אַרבעטן: זילקעוויץ, פּארזאן, א. אַנד. די חברים פון קיבוץ זיינען אַלע אויפגעגאַנגען קיין ישראל און ס׳רוב פון זיי טוען דאָרטן די זעלבע אַרבעט. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די פריער דערמאָנטע 3 ציגל־פאַבריקן זיך פאַראייניקט אין אַ קאָאָפּע־ראַטיוו און האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג".

## בוימוואָל און לעדער פאַבריקן

אַ גרויסע וואַטע־פאַבריק האָבן באַטריבן די ברידער קוזינסקי. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע 1916־1917 איז די פאַבריק צוגעפּאַסט געוואָרן צו טריקענען פרוכט, בשותפות מיט ה׳ ל. סארוג.

## גאַרבעריי

אַ באַשטימטן פּלאַץ האָט פאַרנומען גאַרבעריי אין לאָמזשע. באַוואוסט איז געווען ר׳ אברהם בייגער. אויסער אַלס פאַכמאַן — אויך ווי אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן און „פאָטער פון די אָרעמע", איבערהויפּט אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (מער וועגן זיינע גוטהאַרציקע טעטיקייטן שוין דערציילט פריער). זיין פאַבריק איז געווען דאָס וויגעלע פון פּועלי־ציון. אויך חיים צעכאַנאָוויטש׳עס זון האָט געהאַט אַ גאַרבעריי. לעצטנס, זיינען ווינציקער געוואָרן די גאַרבערייען צוליב די אויפגעקומענע גרויסע לעדער־פאַבריקן אין פּוילן.

## שניידער און היטל־מאַכער

פיל שניידער זיינען געווען אין לאָמזשע אויף באַשטעלונג (מער וועגן זיי ווערט דערציילט אין אַן אַנדער אָרט) אָדער גרייטע — טאַנדעט. פון די לעצטע זיינען געווען: זעליג וויבראַנציק מיט זיינע זין, פעלטינאָוויץ חנוך, שמעון־יוסף ברוקאַרזש מיט זיינע זין, די ברידער דויף, אַדעל, קאָלניאַק, די ברידער האלדאק, י. אפּעלבוים מיט זיין זון, שייקע דער קירזשנער, א. אַנד.

באַשטעלטע שניידער זיינען געווען באַוואוסט: די ברידער קופּיעצקי, קאָקאָשקאַ, טאָביאַש, גאַבאָוויץ (אַ פּלימעניק פון באַוואוסטן סקולפּטאָר יוסף גאבאוויץ), קוואשני, פּיאנט־קאָווסקי, פּעטליוק, א. נ. „זכריה דער שניידער" האָט אויס־פאַריכט אַלטע בגדים און האָט זיי פאַרקויפט, אַן ערלעכער איד — „מלביש ערומים" פאַר אָרעמע־לייט.

צען היטל־מאַכער זיינען געווען אין לאָמזשע. די מער־באַוואוסטע פון זיי זיינען געווען, יעלין און סארקעס. האָבן אויסגעאַרבעט היטלען פון אַלע פאַסאָנען, פאַר אידן, גויים, מיליטער, באַאמטע, פאַר זומער און ווינטער סעזאָנען. אָט די פאַכן זיינען געווען כמעט אויסשליסלעך אין אידישע הענט. איין באַוואוסטער פּוילישער שניידער איז געווען, געדראָוויץ, וואָס האָט געלערנט ביי אידן (ער איז געווען אַן אַנטיסעמיט). אין די לעצטע יאָרן זיינען זיי געוואָרן מערער.

חלוצים פון קיבוץ „בדרך" ווערן געלערנט צו מאַכן ציגל
אין סטאַראַ־לאָמזשער ציגעלניע.
אין צענטער: י. שניצער.



## פוטער און וועב־מאַנופאַקטור

דער האַנדל מיט די סחורות איז געווען אויסשליסלעך אין אידישע הענט. באַוואוסט זיינען געווען די גרויסע הורט־סקלאַדן פון זונדל בערמאַן און זיין זון טוביה, פון ה׳ ווײַנשטאָק, ברידער נאַטאַן, בערנזאָן, פלאַטוי, יוסף יעלין, וויינבערג, חיים־זלמן יעלין, אדל לאַקס, ש. אַפּעלבוים (יע־שינאָווקער), א. נ. אייניקע פון די דערמאָנטע האָבן באַזעסן אַקציעס פון די פאַבריקן אין לאָדזש, זשיראַדאָוו, א. אַנד. און זיינען געווען אַגענטן אין לאָמזשע.

## פעל־הענדלער

באַוואוסטע פון זיי זיינען געווען: „ראובן פעלהענדלער", מ. בורשטין, ח. וו. בורשטין, צבי קאַווקעוויץ, קאַלינסקי, יעקב שיינקאָפּ, סאַפּירשטיין (פאָטער פון יעקב און שמחה), יצחק ליכטענשטיין (ער האָט געהאַלטן די קאָנצעסיע צו קויפן די פעלן פון לאָמזשער שלאַכט־הויז), י. זדראַיעוויץ. אין הויף פון ה׳ דוד יעלין, רזשאַנדאָווער אַלטער מאַרק, איז געווען אַ פאַבריק פון קנעפּלעך וואו עס האָבן געאַרבעט אַרום 100 מענטשן. אין 1905 האָט דאָרטן אויסגעבראָכן אַ גרויסער סטרייק. די סאָציאַליסטן זיינען דאַן געווען טעטיק אין דער פאַבריק.

## ש ו ס ט ע ר

די לאָמזשער אידישע שוסטערס זיינען געווען באַרימט, אַזוי אַז זייער פיל פּאָליאַקן פלעגן ביי זיי נייען שיך. ה׳ גאָרדאָן דער שוסטער איז געווען באַרימט אויך אַלס גוטער שפילער אין „שאַך־מאַט". אידישע טאַנדעט־שוסטעריי האָט זיך געלאָזט אָנזען אויף די מערק און יאַרידן.

## ש ט ע פּ ע ר

זיי זיינען געווען דורכאויס אידן. די באַוואוסטע: ה׳ שימאַנאָוויץ, גרשון גאָלדבערג, גאַרבאַרסקי, מ. ברוכאַנסקי, פּשעפּשאָוויץ, א. נ.

פון די שניידער דאַרף באַזונדערס דערמאָנט ווערן ר׳ אברהם סענדאַץ וועלכער איז געשטאָרבן ווי אַ מאַרטירער: די נאַציס האָבן אים גענומען ווען ער איז געווען אָנגעטאָן אין טלית און תפילין און אין דער שפּיץ פון אַ אידישן מאַרש, האָבן זיי אים געצוואונגען דורך שלאָגן עד זאָל טאַנצן, זינגען, גיין אויף אַלע פיר, לויפן ביז ער איז געפאַלן טויט.

## שפּייז־אַרטיקלען

דער תבואה־האַנדל איז צוערשט געווען אין אידישע הענט, ביז דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג פון די „ענדע־קעס" („נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן") וואָס האָט, מיט גוואַלד איבער די פויערים, אַרויסגעריסן דעם מסחר פון אידישע הענט. פון די באַוואוסטע מעל־ און תבואה־סוחרים זיינען געווען: „אַרקע מעלער" — אהרן סטריקאָווסקי, אַ גרויסער בעל־צדקה (שוין דערמאָנט פריער). זיינע מיטהעלפער זיינען געווען זיין זון פייוול און זיינע איידעמס י. מלינאַרזשעוויץ און דראזנין, באַוואוסטע חובבי ציון און געזעלשאַפטלעכע עסקנים. נאָך זיינען געווען: צעכאַנאָוויץ — אַ גרויסער בעל צדקה, ציבולסקי, ווישאוואטי, ברוך־יוסף לעוו, וועלכער איז געפאָרן אין אַ שליחות פון חובבי־ציון אויסצוקוקן און צו קויפן נחלות אין ארץ־ישראל נאָר צוליבן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז עס נישט צושטאַנד געקומען. נאָך פון דער גרופּע: ב. צארקע מיטן זון און איידעם גאָלדבערג; ר׳ צבי מאַרק (פאָטער פון ליטעראַט אהרן מאַרק און עסקן בערל מאַרק); שמעון וויערזשבאָוויץ, חיים־יצחק זשאַטקעוויץ (היינט אין ישראל); י. מאַרקס און ראובן כץ.

## פריזירער־שערער

דער פאַך איז אויך געווען מייסטנס אין אידישע הענט. צו דערמאָנען: משה קרעסט — משה העס, דער ערשטער צונאָמען איז צו אים געקומען צוליב זיין קרייץ, וואָס ער האָט באַקומען אין רוסישן מיליטער אין דער טערקישער מלחמה. ער פלעגט שערן ישיבה־בחורים פאַר אַ האַלבן פּרייז. אַנדערע שערער: מאריץ פירער, אַן אַקטיווער פּועל־ציוניסט און אַ ראַטמאַן אין לאָמזשער שטאָט־ראַט. ער איז געזעסן מער ווי אַ יאָר אין תפיסה אַלס פאַרדעכטיקטער אין קאָמוניזם. געשטאָרבן אין 1936. נאָך שערער: זאַבלודאָווסקי, פון די רעשטלעך פון רעוואָלוציאָנערן פון 1905; מיכאל הורוויץ, פינקעלשטיין, מאַקס טוכוועבער, פּועל־ציוניסט — היינט אין רמלה, ישראל; משה יאָסל פון שפּיטאָל, בערמאַן דער פעלדשער אין זיינע לעצטע יאָרן.



פריזירער אין לאָמזשע אין יאָר 1935

שטייענדיק (פון רעכטס): וויינשטיין, ח. רוזגי, —, יהושע הורוויץ (מיכאלס זון), —. זיצנדיק: מיכאל הורוויץ, מאָריס פירער און מאַקס טוכוועבער.



די „האַלעס" אויפן מאַרק, וואו עס זיינען געווען קאָנצענטרירט די אידישע הענדלער



אַ ווינט־מיל אויף די וויאַטראַקן

אויפן וועג קיין זאמבראָוו זיינען געווען אַ צאָל ווינט־מילן. פון דעם נעמט זיך דער נאָמען וויאַטראַקי. אַלע האָבן באַלאַנגט צו אידן.

## הורט־סוחרים פון קאָלאָניאַל־סחורה

זיי זיינען געווען: מענדל בוטקאָווסקי, גרויסער סוחר מיט וואַגאָנען צוקער, אַ מיליאָנער. ער האָט פאַרלאָרן זיין פאַרמעגן אין רוסלאַנד ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע; ר' משה אהרן העפנער, ער פלעגט באַציען זיינע אַלע מינים סחורה, אויך מאַנופאַקטור, פון ערשטן קוואַל. הורט סוחרים מיט הערינג זיינען געווען משה פיאנקא, יאקאבי, שטראַקס — אַלע באַוואוסטע ערלעכע סוחרים. נאַפט סוחרים זיינען געווען יאקאבי, גלינקא, בזשאזאָווסקי און ראָזענשמיט. אייניקע האָבן געהאַט אייגענע ציסטערנע־וואַגאָנעס אין צערוואָני בור ביי דער באַן סטאַנציע.

## פאַרבן און כעמיקאַלן

סוחרים פון די אַרטיקלען זיינען געווען ר' חיים צעכאַנאָוויץ און זיין איידעם א. מזרח, וועלכער, צוזאַמען מיט דר. גאָלדלוסט, האָבן געעפנט אין צערוואָני־בור אַ פאַבריק פון פאַרבן און לאַקן. אויך פיאנקא מיט זיינע זין האָבן געהאַנדלט מיט פאַרבן בשותפות מיט קליין.

## סאָדאַ פאַבריקלעך

האָבן געהאַט שטיינבערג אויף פארנא גאַס, הערש יאַקאָבסאָן אין קולקינס הויף, בירנבוים (מיטן צונאָמען „מאַשינקע") אויף וואזיוואָדזקאַ־גאַס. זיין פאָטער איז געווען בצלאל דער מעד־מאַכער. ער פלעגט מאַכן מעד און וויין פון ראָזשינקעס פאַר פסח. זיין זון האָט עס אָנגעהאַלטן.

נאָכן איינפירן אין דער רוסישער אימפעריע דעם מאָנאָפּאָל אויף בראַנפן, ליקער, שפּיריטעס, האָבן אַ צאָל אידן אויסגעאַרבעט און פאַרקויפט בראַנפן פאַר אידישע שמחות, נישט קוקנדיק אויף דער שווערער שטראָף, וואָס האָט זיי געדראָט פאַר דעם מצד דער מאַכט. זיי זיינען געווען ישראל פּאשעק, „מתתיהו דער חסיד", ברוך מאָרגענשטערן, לאַסקי דער חסיד, העלפמאַן, פּרוי פון „רוטמאַן דער וויין־מאַכער", וועלכער איז אויך געווען אַ משולח פאַר לאָמזשער ישיבה.

אויך צוקערקעס פאַבריקלעך זיינען געווען. זייערע אייגנטימער: פישל צעכאנאָוויץ, זעלענעץ, גלינקא, א. אַנד.

אַ טרעגער טראָגט אַ זאַק מעל



אידן פאָרן אויף אַ יריד.





לאָמזשער טרעגערס — סימבאָל פון אידישער גבורה



שווימט אַ פישער אויפן טייך נאַרעוו (לאָמזשע אין הינטערגרונט)

# ח י ב ת   צ י ו ן

## 1863

### מעמאָראַנדום פון ר' דוד יעלין פון לאָמזשע צו די רעגירער פון דער וועלט וועגן העלפן די אידן צוריק צו באַקומען זייער פאָטער־לאַנד, ארץ־ישראל




ווישן די אידן פון פוילן זיינען געהאַט דערגאַנגען די סענטימענטן פון נאַפּאָלעאָן דעם 3טן און זיין פרוי, ווי אויך פון עסטרייכישן מאָנאַרך וועגן צוריקברענגען אידן קיין ארץ ישראל און אפילו אויפצובויען אויפסניי דעם בית המקדש. ר' דוד־יענקל יעלין, לאָמזשער תושב, האָט אויפן סמך פון די דאָזיקע ידיעות (מער פּרטים אין דער אָפּטיילונג: היסטאָריע פון לאָמזשע) אַוועקגעשיקט אַ מעמאָראַנדום אין יאָר 1863 מיט אַ ביטע צו די הויפּט־הערשער אין יענער צייט פון פראַנקרייך, עסטרייך, ענגלאַנד און רוסלאַנד, אַז זיי זאָלן פאַרווירקלעכן די אידישע שטרעבונגען צו באַזיצן ווידער ארץ ישראל. אויך זאָל מען דערווייל דערלויבן די אידן זיך צו קליידן אין זייערע נאַציאָנאַלע טראַכטן (פריער האָט די רוסישע מאַכט עס געהאַט פאַרבאָטן).

אין 1872, אונטערן איינדרוק פון העברעאישן בוך „עם עולם" פון פרץ סמאָלענסקי'ן, האָבן זיך אין פיל שטעט פון דער גרויסער רוסלאַנד געגרינדעט ציוניסטישע אגודות מיטן זעלבן נאָמען. אין יענעם יאָר האָבן זיך פאַרזאַמלט משכילים, אידעאַליסטן פון גראָדנע, ביאַליסטאָק, לאָמזשע און האָבן געגרינדעט אַ חברה „דורשי ציון וירושלים". אין לאָמזשע איז דאַן געעפנט געוואָרן אַ צווייג פון איר, און דאָס איז געווען די ערשטע ציוניסטישע אגודה אין לאָמזשע.

פון אָנפאַנג איז זי באַשטאַנען פון בלויז צען חברים. יעדער חבר האָט געצאָלט צוויי רובל מיט 40 קאָפּיקעס חודש. אַ לאָטעריע פלעגט פאָרקומען אין צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע און דער „זוכה־בגורל" האָט געקראָגן 120 רובל אויף הוצאות אויפצוגיין קיין ארץ־ישראל, באַזוכן דאָרטן די הייליקע פלעצער און ברענגען אַ גרוס צוריקקומענדיק („הלבנון", 9טער יאָרגאַנג, נומ. 2, תרל"ב).

אין „הצפירה" פון 1895 שרייבט בזשאזאווסקי וועגן אַ מטיף, קלמן־דוד מאָהעל, וואָס רעדט אַ קלאָרן העברעאיש, אַז יעדן שבת האַלט ער פלאַמענדיקע רעדעס פאַר חיבת־ציון אין בית־מדרש פון „חובבי־ציון". דער בית־מדרש האָט זיך געגרינדעט אין 1891 אין אַ פריוואַטער וואוינונג פאַר 100 רובל „אַ יאָר דירה געלט". שפּעטער האָט אַן איבערגעגעבענער חבר, זעליג־לייב וויבראַנציק („דער געבילדעטער סטאָלער") געשאָנקען זיין גרויסן וואַרשטאַט־צימער צו ווערן באַנוצט אַלס בית־מדרש אין שבתים און ימים טובים. פאַרנאַכט, ערב שבת און יום־טוב, פלעגט עס ווערן אויפגערוימט, מיט טישן באַדעקטע מיט ווייסע טישטוכער און בענק. די אַזוי אַרום אָפּגעשפּאָרטע דירה־געלט פלעגט גיין פאַר ישוב־ארץ־ישראל.

די אַקטיווע טוער דאַן זיינען געווען ר' יצחק דאמאָוויץ (פאָטער פון אברהם דאמאָוויץ ז"ל), ר' נחמן פיאָנטניצקי, די מורי־הוראות ר' יהושע־העשל פריימאַן, און ר' נח־יצחק דיסקין, הרב יואל הערצאָג, רב און מטיף אין חברה תהלים („המליץ", 1890. 6. 10; 1894. 5. 11; „הצפירה", ט"ו מנחם אב, תרנ"ה; „המליץ", 1895. 12. 8).

לכבוד דעם 70טן יובל פון ר' שמואל מאָהילעווער, איז פאָרגעקומען אין לאָמזשע אַ שיינע פאַרזאַמלונג און אַ סעודה. ר' נח־יצחק דיסקין האָט ברייט אַרומגערעדט די וויכטיקייט פון ארץ ישראל פאַר אידן און אַז עס איז אַ חוב אויף יעדן אידן צו שטיצן און טאָן פאַר דעם רעיון. נאָך אים האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות ר' יואל־הלוי הערצאָג. מען האָט געזאַמלט 40 רובל לטובת „גן שמואל", אַ קאָלאָניע אויף ר' שמואל מאָהילעווער'ס נאָמען („המליץ", 1894. 5. 11).

### עולי רגלים

דאָס איז געווען אַ ציוניסטישע חברה געגרינדעט אין 1896 דורך א. צ. פריינקל. זי האָט געהאַט 50 חברים. יעדער חבר האָט געצאָלט מאָנאַטלעך אַ געוויסן סכום. ווען ס'איז שוין געווען גענוג געלט אויף הוצאות קיין ארץ ישראל, האָט מען געצויגן גורל און דער געווינער האָט באַקומען דאָס געלט אויף דער נסיעה, און צוריק קומענדיק פלעגט ער אָפּגעבן אַ באַריכט („המליץ", 1896. 9. 4).

### בנות ציון

וועגן די טעטיקייטן פון בחורות ציוניסטינס אויפן געביט פון פאַרשפּרייטן העברעאישע קולטור און אידישע היסטאָריע צווישן זיך אַליין און צווישן אָרעמע קליינע מיידלעך, איז געווען דערציילט פריער אין פאַראַגראַף וועגן בית הספר „יהודיה".

### צעירי חובבי ציון

בחורים האָבן זיך מתקנא געווען אין די „בנות־ציון" און האָבן געגרינדעט אין 1900 אַ שולע פאַר אָרעמע קליינע אינגלעך. אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג. אין יאָר 1897, אום מוצאי־סוכות, ביי אַ קאָנצערט־אָוונט, האָבן זיי צוזאַמענגעקליבן אַ געוויסע סומע געלט פאַר ישוב ארץ ישראל („הצפירה", חשון, תרנ"ט — א. ל. ביסקו).

### בית מדרש פון ר' נחמן פיאָנטניצקי

נאָך איניקע יאָרן ווי דער „חובבי־ציון"־בית־מדרש איז געווען אין וואַרשטאַט־צימער פון ה' ז. ל. וויבראַנציק, איז דער ציוניסטישער קרייז געוואָקסן אין צאָל און ס'איז געוואָרן נויטיק אַ גרעסערע דירה פאַרן בית־מדרש און ער האָט געפונען אַן אָרט ביי ר' מאיר צעכאַנאָוויץ'ן אין חברה־ש"ס־געסל. פון דאָרטן איז ער אַריבער אין הויף פון ה' משה־אהרן העפנער. גבאי איז געווען ר' נחמן פיאנטניצקי. וועגן יענע צייטן זאָגט עדות ר' משה פרידמאַן, אַז זיי זיינען געווען שיינע און אַקטיווע. ער געדענקט ווי איינדרוקספול ס'פלעגן זיין די תשעה־באב צוזאַמענקומען צו קינות, ווען דר. ש. גאָלדלוסט פלעגט פאַר זיי ריידן. פורים פלעגן זיי צאָלן מחצית השקל און שיקן שלח־מנות פאַר ארץ־ישראל.

### חובבות ציון

פון צווישן פילע חובבות ציון דאַרף איינע דאָ אויסגעטיילט ווערן צום גוטן. אַ פרוי מיטן נאָמען חיה־רבקה מאַרקוס האָט געאַרבעט זייער שווער אַלס שניידערין צו

אויסהאַלטן איר קראַנקן מאַן און זייערע קינדער. איר ליבע צו ארץ ישראל איז געווען אויך זייער שטאַרק און זי האָט געשפּאָרט פון אירע מאָגערע הכנסות אויף הוצאות צו אויפגיין קיין ארץ ישראל. זי האָט מיטגענומען מיט זיך איר 15־יאָריקע טאָכטער. זיי האָבן דאָרט מתפּלל געווען אויף די הייליקע קברים און צוריקגעקומען. פרוי מאַרקוס איז געווען פול מיט התלהבות וועגן ארץ ישראל און האָט באַשלאָסן אויסצופאַרקויפן אירע אָרעמע זאַכן און אויפגיין קיין ארץ ישראל נאָך אַמאָל צו באַזעצן זיך דאָרטן. איר מאַן איז דערווייל געשטאָרבן. חיה־רבקה איז, קעגן אַלע שוועריקייטן, אויפגעגאַנגען מיט אירע 3 קינדער קיין ארץ ישראל און זיך באַזעצט אין אַלט ירושלים. איר טאָכטער, זלאַטע, לעבט נאָך אין מאה שערים, ירושלים.

## שטריכן פון אהרן פאַטקינ׳ס לעבן

(באַזירט אויף זיין אייגענער באַשרייבונג)

### דער אָנהויב

אהרן פאַטקין געבוירן אין אַ שטעטל לעבן סמאָלענסק איז אָנגעקומען אין 1898 אין לאָמזשער גימנאַזיע אין 2טן קלאַס, אויסנוצנדיק אַ פּלאַץ אין דער נאָך נישט פאַרפולטער נאָרמע פאַר אידן. זייענדיק ציוניסטיש איבערצייגט, ווייל ער איז געווען אָנגעלערנט אין תנ״ך, תלמוד און אידישע היסטאָריע, איז ער אַריין אין אַ ציוניסטישער סביבה — אין הויז פון אַדוואָקאַט קלינקאָווּשטיין.

הגם נאָך זייער יונג נעמט ער שוין אָנטייל אין געהיימע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען. אויף איינער אַזאַ פאַרזאַמלונג האָט ער דעקלאַמירט דעם פּאָעט דאַליצקי׳ס אַ שיר און דר. ש. גאָלדלוסט, דאַן נאָך אַ סטודענט פון בערלינער אוניווערסיטעט, האָט איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון ציוניסטישן קאָנגרעס, וואו ער איז געווען אַלס באַאָבאַכטער. צווישן די ציוניסטן זיינען נאָך דאַן געווען מאָטל ביאַלי (שפּעטער — פירער פון „בונד") און דוד באגאן, העברעאישער שרייבער, מוסמך פון דוד פרישמאַן (שפּעטער איז ער געוואָרן אַ קעגנער פון ציוניזם). די „חובבי שפת עבר" און „חובבי ציון" זיינען דאַן געווען צוזאַמען.

אין יאָר 1900 האָלט א. פאַטקין שוין אַליין אַ פלאַמענדיקע רעדע אין רוסיש אויף אַ גרויסער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג. אין זומער־וואַקאַציע פון 1901, אַלס גימנאַזיסט פון 5טן קלאַס, איז ער געפאָרן קיין דרוסקעניק. ער האָט זיך אויסגעהאַלטן פון געבן לעקציעס אין רייכע הייזער. נאָך אַ צאָל פּאָליטישע געשפּרעכן מיט פאַרשיידענע פּערזענלעכקייטן האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַ געהיימען צוזאַמענקום אין וואַרשע אין דער צייט פון די ניי־יאָר חגאות. אין דעם צוזאַמענקום דאַן האָבן זיך באַטייליקט יצחק גרינבוים (דאַן נאָך אַ סטודענט), דער צוקונפטיקער ציוניסטישער מנהיג, און ערליך, דער שפּעטערדיקער פירער פון „בונד". די געשפּרעכן דאָרט זיינען געווען קעגן דעם צאַרישן רעזשים. אין גימנאַזיע האָט א. פאַטקין צוגעשטעלט אַ צעטל פון אַ דאָקטאָר, אַז זיין פאָטער איז געלעגן אַ קראַנקער אין וואַרשע און דעריבער איז ער געווען דאָרטן און נישט אין זיין שטעטל, וואו ער האָט געזאָלט זיין לויט זיין ביטע און דערלויבעניש פון דער גימנאַזיע.

אין יאָר 1903, שוין אין 7טן קלאַס, אין די זומער וואַקאַציעס, איז ער ווידער געווען אין דרוסקעניק און צופעליק געוואוינט אין איין צימער מיין חיים וויצמאַנ׳ס ברודער, שמואל, און געהאַט לעקציעס ביי דער פאַמיליע ווייצמאַן, די ברידער לעשצינסקי, שמואל טשאַרני (ניגער) און נאָך אַנדערע, שפּעטער באַרימט געוואָרענע פּערזענלעכקייטן. אָט די גרופּע האָט דאַן געגרינדעט די פּאַרטיי ס. ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) און א. פאַטקין איז געוואָרן אַ מיטגליד דאָרטן.

אין לאָמזשע האָט איינער פון די גימנאַזיסטן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דער אכסניה פאַר שילער אויסער לאָמזשע („אָבשטשע־זשיטיע" אין רוסיש), דער גימנאַזיסט



אהרן פאַטקין

שאַכנאָוויץ (נאָך וועגן אים אין דעם אָפּשניט „לאָמזשער גימנאַזיע"), אַ זון פון אַדוואָקאַט שאַכנאָוויץ, גע׳מסר׳ט זיינע חברים פון דאָרטן, אַז זיי זיינען רעוואָלוציאָנערן. מען האָט פאַטקינען נאָכגעשפּירט פון דאַן און שפּעטער האָט מען אים געכאַפּט אָנטיילנעמענדיק אין אַ געהיימער פאַרזאַמלונג אין וואַרשע און אַרעסטירט. דאָס מאָל איז ער אַרויסגעלאָזן געוואָרן פריי נאָך עטלעכע טעג. שפּעטער אָבער, שוין אַלס סטודענט פון 8טן קלאַס, איז ער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון גימנאַזיע נאָך דעם ווי מען האָט אויף זיין סטאַנציע געפונען אין זיינע זאַכן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. אַ פּוילישע דעלעגאַציע האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים ביים דירעקטאָר און גע׳פּועל׳ט, אַז מען זאָל אים צולאָזן צו די מאַטורע־עקזאַמענס בתנאי, ער זאָל אויפהערן זיינע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן. ער איז דאַן אַריין וואוינען אין אַ צימער ביי ה׳ קאַקאַשקאַ, וואו ער איז שפּעטער אָנגעקומען אַלס איידעם.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין לאָמזשע, ווי איבעראַל, איז געוואָרן ברייטער, אינטענסיווער. די אידישע רעוואָלוציאָנערן פלעגן אָפּהאַלטן זייערע אסיפות אין די שולן. לאָמזשער ישיבה איז געגנוצט געוואָרן דורכן „בונד". די חברה ש״ס איז געווען פאַר ס. ס. איין מאָל ביי אַזאַ פאַרזאַמלונג בעת דעם שבת׳דיקן דאַווענען, אָפּהאַלטנדיק קריאת התורה, איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע צווישן אַ „בונד"־אַגיטאַטאָר און ס. ס. א. פאַטקין האָט אים געענטפערט, אַז פריער וועט מען געפינען אַ טעריטאָריע פאַר אידן, נאָך דעם וועט מען גיין קיין ארץ ישראל און דאָרטן מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. אויף דעם האָט איינער פון די מתפּללים אויסגערופן: „גוט, מיר זיי׳נען מסכים, אָבער דערווייל לאָזט אונז ענדיקן דעם דאַווענען" . . .

אין אויגוסט 1905 איז געווען אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציע מיט דער באַטייליקונג פון פּ. פּ. ס., „בונד", „פּועלי־ציון" און ס. ס. צווישן פילע אָנטיילנעמער איז ער אויך אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן אין „רויטן מויער" 30 טעג. די אַרבעטער באַוועגונג איז געוואָרן שטאַרקער. פיל פון די רייכערע און אינטעליגענטערע עלעמענטן זיינען אויס אידעאַליזם און סימפּאַטיע מיט די עקספּלאָטירטע, צוגעשטאַנען צו די באַוועגונגען און געהאָלפן דעם אַרבעטער.

אברהם דאַמאָוויץ

# 30 יאָר ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התחיה" אין לאָמזשע

דאָס פאָלגנדע איז דער תמצית פון אַן אַרטיקל פון ר׳ אברהם דאַמאָוויץ געדרוקט אין „לאָמזשער שטימע" דעם 23טן יוני 1939 לכבוד דעם דרייסיקסטן יובל פון „התחיה".

„די התחיה אַלס ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1909. פריער, אין דער „חיבת־ציון" תקופה, האָט לאָמזשע געהאַט אַ חברה מיטן זעלבן נאָמען. נאָכדעם איז זי געוואָרן דער „פּאַלעסטינע־אָדעסער קאָמיטעט", וועמעס הויפּט עסקנים זיינען געווען: די דיינים ר׳ יהושע־העשל פריימאַן, ר׳ נח־יצחק דיסקין; יצחק דאַמאָוויץ, מיין פאָטער ע"ה און ר׳ נחמן פּיאַנטניצקי. אויך י. וויינבערג, מ. ל. וויינבערג, א. ר. קאַלניאַק, ש. מ. לאַווסקי, ל. גרינשפּאַן, ח. ב. כהניא, ראָזענבלום, ל. קוזינסקי, מ. יאַקאָבסאָן, ב. סאַליסטאָווסקי, מ. צעכאַנאָוויץ, א. א.

צו דער יוגנט האָט געהערט: ב. כהן, ד. קאַלניאַק, ה. יאַנושעווסקי, ש. וויאַדראָ, פּ. סטריקאָווסקי, דר. ש. גאָלדלוסט, ד. באַגאַן, די ברידער מנחם און מאָטל ביאַלי (דער בונד איז נאָך דאַן נישט געווען), נ. דראַזדאָווסקי, דענטיסט א. קאַגאַן און איך. ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אומלעגאַל וואָכנבלאַט „המבשר". פאַר דעם צוועק איז גענוצט געוואָרן דער העקטאָגראַף פון אַלאַנעצקי־פאָלק, צוגעשטעלט דורך אַ סאָלדאַט־רעדאַקטאָר דב"ש, דוד באַגאַן. די יוגנט האָט זיך אויך געהאַט איינגעשאַפט אַ ביבליאָטעק.

נאָכן 1טן ציוניסטישן קאָנגרעס זיינען לאָמזשער „חובבי ציון" געוואָרן „פּאָליטישע ציוניסטן" בייטנדיק זייער נאָמען אויף „אַגודת ציון" און זייער בית מדרש אויף „תפארת ציון". די לעגאַלע אַרבעט פאַר דעם פּאַלעסטינער־אָדעסער קאָמיטעט איז פאַרגעזעצט געוואָרן. אויך האָט מען פאַרגרעסערט די צאָל אַבאָנאַמענטן אויף דעם המליץ" און געשיקט דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס (נ. פּיאַנטניצקי און דר. ש. גאָלדלוסט). נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון בעלי־בתים־קנאים איז די ציוניסטישע באַוועגונג געוואָרן ברייטער. אַזוי זיינען צוגעשטאַנען נאָך: אַדוואָקאַט קלינקאָוושטיין, דער דירעקטאָר פון דער אידיש־רוסישער פאָלקסשולע זוסמאַנאָוויץ, אהרן פאַטקין, שוועסטער פון דר. גאָלדלוסט, סאָלצע, פרוי פון מאָטל ביאַלי, קאַגאַן, פריילין בורשטין שרה דראַזדאָווסקי, בזיראָווסקי׳ס עלטסטער זון, א. מאָסאָנזניק, יעקב מושינסקי און זיין שטיף־פאָטער אהרן לוריע, משה דראַזני, ליבער כץ, שמואל בליאַשקאַ, א. מזרח, קאַרנגאָלד און פאַר אַ צייט נחמן און אביגדור שאַרקאָנסקי.

די פּאָליטישע שטורם־ווינטן אין די יאָרן 1905—1907 און דער אוגאַנדאַ־קריזיס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אויך דר. הערצל׳ס טויט האָבן געווירקט שלעכט אויף פיל פון די ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך נאָך דערצו געשראָקן פאַר די רעפּרעסיעס פון דער צאַרישער מאַכט אַזוי, אַז די „אַגודת ציון" שליסט זיך און נישט מער ווי 3 חברים זיינען געבליבן. דאָס זיינען געווען נ. פּיאַנטניצקי, יצחק דאַמאָוויץ און איך אברהם זיין זון . . .

לויט אַן עצה פון העברעאישן לערער, האסמאַן (שוין דערמאָנט אין אָפּטיילונג וועגן לערער), האָבן מיר געגרינדעט אַ קלוב פאַר „קולטור טעטיקייטן" — „הזמיר" כדי צו פאַרמאַסקירן פאַר דער מאַכט אונזער ציוניסטישע אַרבעט. אָבער האָבנדיק צופיל שטערונגען פאַר אונזער עכטער אַרבעט, גרינדן מיר אַ „קולטור ווינקל" „עבריה" פאַר אונזער צוועק. די גרינדונגס פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין קולקין׳ס הויף, אין אברהמ׳ל בלומאָוויץ׳עס דירה. דער טיש איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַזוי, אַז עס זאָל אויסקוקן ווי אַ תנאים־שמחה. אַ בחור און אַ מיידל האָבן זיך געאָפּערט און אָנגענומען צו זיין „חתן כלה" אין פאַל די פאַרזאַמלונג פאַלט דורך.

אין יענער צייט שטאַרבט מיין יונגער פאָטער, 55 יאָר אַלט, און נאָר 2 אַקטיווע ציוניסטן זיינען געבליבן צו טראָגן

צו דערמאָנען דעם קליינעם קוריאָז: די רייכע טאָכטער זלאַטע בזשעזינסקאַ, וואָס איר האָט נישט געפעלט פון כל טוב, פלעגט אַרומלויפן און שרייען: „גיט אַ כאָטש אַ שטיקעלע אַגיטאַציע!"

אין אָקטאָבער 1905 האָבן זיך גענומען קאָנסאָלידירן די סאָציאַליסטישע כחות, כדי צו וואָרענען די שוואַרצע רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו מאַכן אַ פּאָגראָם אין לאָמזשע לויטן מוסטער פון: שעדלעץ, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט. פאַר דעם דאָזיקן צוועק איז פאָרגעקומען אין אַ וואַלד אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון פאַראייניקטע רעוואָלוציאָנערע גרופּן פון פּאָליאַקן און אידן, וואו ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ מיט געווער. דאָס געווער זאָל צוגעגנב׳עט ווערן פון מיליטער און פּאָליציי. א. פאַטקין איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס הויפּט. דעם 11טן דעצעמבער איז ער שוין געווען אַרעסטירט, נאָך אַ רעוויזיע אין זיין צימער, און ער איז אָפּגעזעסן 14 מאָנאַטן אין טורמע. אומבאַקאַנטע מענטשן פלעגן אים צושטעלן עסן און לייען מאַטעריאַל.

נאָכן אַרויסקומען אויף דער פריי, האָט ער געפונען אַן אַנדער צושטאַנד אין שטאָט. די רעאַקציע האָט איבעראַל געהערשט. ער האָט דאַן פאַרלאָזן לאָמזשע, אַוועק קיין מאָסקווע און געלערנט יוריספּרודענץ אין מאָסקווער אוניווערסיטעט.

אין 1923 פאַרלאָזט ער רוסלאַנד, קומט קיין בערלין, פון דאָרטן מאַכט ער אַ קורצן באַזוך אין לאָמזשע וואו ער געפינט אַ נייעם דור; כמעט קיינער האָט אים נישט געדענקט. ער איז דאַן געווען אַ הייסער ציוניסט און געזוכט אַרבעט פאַר ארץ ישראל און העברעאישער קולטור. נאָך אין מאָסקווע איז ער געווען זייער טעטיק אויף די געביטן: ער האָט אונטערשטיצט העברעאישע שרייבער, געווען איניציאַטאָר און העלפער פון דער „הבימה".

פון בערלין איז ער אַוועק קיין מעלבורן, אויסטראַליע, וואו ער איז געווען אַ קאָנסולאַר און שותף אין אַ גרויסער האַנדלס פירמע. גלייכצייטיק איז ער געווען זייער טעטיק אַלס ציוניסטישער עסקן: רעדאַקטירט אַ מאָנאַט־שריפט „די זייאָניסט" און גיט אַרויס אין ענגליש זיין בוך: „מאַטעריאַלן פאַר דער אידיש־רוסישער אַרבעטער באַוועגונג". ער האָט אויך געהאָלפן דעם אידישן טעאַטער.

אין 1949 באַזוכט ער מדינת ישראל, וואו ער ווערט אויפגענומען מיט כבוד מצד די פירנדע פּערזענלעכקייטן, זיינע אַמאָליקע פריינט, און דורך לאָמזשער גרופּן. ער האָט אָנגעוואָרפן פּלענער פאַר דער אַנטוויקלונג פון ישראל. באַשליסט צו באַזעצן זיך דאָרט. ער העלפט אויך אין צונויפשטעלן דעם לאָמזשער פנקס אין העברעאיש. אָבער פּלוצלונג שטאַרבט ער אין 1950 — זכרונו לברכה.

דעם יאָך — ר׳ נ. פיאַנטניצקי און איך. שפּעטער שטייט צו אינז צו דער דערמאָנטער לערער האסמאן. מיר באַשליסן צו גרינדן אַן עכטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „התחיה" פאַר ציוניסטישער אַרבעט אויף דער אידישער גאַס. צו די דערמאָנטע 3 קומען־צו: יעקב פיאַנטניצקי (היינט



נחמן און ליבע פיאַנטניצקי

הייסט ער גבעולי אין ישראל), דער סטודענט דוד מאיר ליכטער, ברוך־מרדכי מאַרקעוויץ, נחמן בוטקאָווסקי, ישראל מאגענצא (היינט אין ישראל — מגן), מ. פינקעלשטיין — עקסטערן פון רייגראד, י. זאליצקי, י. קוזיצקי, י. שאַפּיראָ, ז. ב. דראזדאווסקי מיט זיין שוועסטער דבורה, א. קלאן, זיין שוואָגער לעוויטא, א. נ.

די גרינדונגס פאַרזאַמלונג קומט פאָר אין הויז פון נ. פיאַנטניצקי. דאָס מאָל האָט עס געדאַרפט אויסזען ווי אַ חתונה־שמחה ביי פיאַנטניצקי׳ס אַ טאָכטער, טאָמער ווערט די פאַרזאַמלונג אויפגעדעקט פון דער „אָכראַנע". אויף צומאָרגנס איז טאַקע געקומען אַן עלטסטער פון דער פּאָליציי, קאפּאראָווסקי, אויסצוגעפינען „וועגן דער געהיימער פאַרזאַמלונג זיך צו פאַרבינדן מיטן טערק קעגן רוסישן צאַר" און די פיאַנטניצקי׳ס האָבן אים געצייגט אַ פאָטאָגראַפיע פון זייער טאָכטער, וואָס איז געווען דאַן אין אויסלאַנד, מיט איר חתן, און געזאָגט אַז פאַר זייער כבוד וועגן איז דאָס געווען די שמחה־פאַרזאַמלונג. מען האָט אים אויך מכבד געווען מיט לעקעך און בראנפן. זיי האָבן אים אויך געגעבן, אויף זיין פאָדערונג, אַ רשימה פון די געסט אָנטיילנעמער אין דער שמחה, פאַרשטייט זיך אַן אויסגעטראַכטע. די לעצטע זיינען געוואָרנט געוואָרן וועגן דעם.

מיט דער גרינדונג פון „התחיה" הויבט זיך אָן אַן אינטענסיווע טעטיקייט צווישן דער יוגנט. פילע שליסן זיך אָן, נישט אַכטנדיק אויף די געפאַרן פון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע. די טעטיקייטן פאַרשפּרייטן זיך אין דער אידישער געזעלשאַפט און דריקן זיך אויס אין אַלע אונז באַקאַנטע פאָרמען ווי פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, פאַרקויפן שקלים, שאַפן געלט פאַר „קרן קימת" א. אַ. וו. עס איז אויך דאַן באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ בית ספר עברי וואָס זאָל דערציען דעם יונגן דור אין העברעאיש־ציוניסטישן גייסט.

נאָכן טויט פון ר׳ נחמן פיאַנטניצקי, אין 1910, זיינען די באַדינגונגען פאַר ציוניסטישע טעטיקייטן געוואָרן ערגער, צוליב דער שטאַרקער נאָכשפּירונג פון דער אָכראַנע. עס האָבן געפעלט די פערזאָנען, וואָס זאָלן זיין גרייט זיך איינצושטעלן אין סכנה צו ווערן אַרעסטירט פאַר האָבן ביי זיך אַ געהיימע פאַרזאַמלונג אפילו מיטן פאַרמאַסקירן זי אַלס תנאים אָדער חתונה. דוד־מאיר ליכטער, דער פּאָרזיצער פון „התחיה", איז אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ געהיימער קאָנפערענץ פון ציוניסטישער יוגנט אין לאָדזש. ער איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן נאָך אַ מאָנאַט „זיצן", נאָכדעם ווי די אָרגאַניזירער פון דער קאָנפערענץ האָבן גענומען די גאַנצע שולד אויף זיך. ה׳ ליכטער, נאָך פון פריער אַ קראַנקער א׳יף די לונגען, איז אַרויס אין גאַנצן אַ צעבראָכענער און האָט געמוזט אויסגעלאָזן ווערן פון אַקטיווער אַרבעט.

אַזוי אַרום איז די גאַנצע ריזיקאַלישע אַרבעט געפאַלן אויף מיר. אין מיין הויז פלעגן פאָרקומען די געהיימע פאַרזאַמלונגען, בעת וועלכע מיין פרוי פלעגט שטיין אויפן באַלקאָן און אויסקוקן זיך די אויגן צי אַ זשאַנדאַרם אָדער אַ פּאָליציאַנט גייט. די אָכראַנע האָט זיך סיי ווי דערוואוסט פון אונזער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט און האָט גענומען פאַרהאַלטן און צענזורירן די קאָרעספּאָנדענץ אויף מיין נאָמען. דער אָפיציעלער צענזאָר, ה׳ סאנדלער, איז אַמאָל געקומען מיך וואָרענען, אַז מען קען פּלוצלונג קומען אויף אַ רעוויזיע אין מיין הויז, און האָט מיר גע׳עצה׳ט אויסצוראַמען און פאַרניכטן אַלע ציוניסטישע זאַכן פון מיין הויז. איך האָב באַהאַלטן דעם ציוניסטישן אַרכיוו און קאָרעספּאָנדענץ צו מיר איז פון דאַן אָן געקומען אויף אַן אַנדער אַדרעס.

אין 1914 א׳ז דער „התחיה" אַריין אין אַ צימער פון „הזמיר"־לאָקאַל אַלס ליטעראַרישע סעקציע. אָבער באַלד ברעכט אויס די וועלט־מלחמה און דער „הזמיר" שליסט זיך. אַלע ציוניסטישע אַרבעטן האָבן אויפגעהערט צוליב די שרעקלעכע רעפּרעסיעס פון דער אַרמיי־אָכראַנע אויף ציוניסטן. עס איז דערגאַנגען צו פאַרשיקונגען קיין סיביר, צו ווערן געהאַלטן אין תפיסה אַלס משכון אָדער אפילו צו טויט־שטראָף. איינמאָל האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין באטקאָווסקי׳ס הויז אויפן אַלטן מאַרק. זשאַנדאַרמען האָבן טאַקע אַרומגערינגלט דאָס הויז. דאָס רוב פאַרזאַמלטע האָבן זיך „אַרויסגעדרייט", אָבער 4 זיינען אַרעסטירט געוואָרן און נאָך מיט השתדלות און „כאָבאַר" זיינען זיי — פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

די חברים פון „התחיה" האָבן זיך דאַן איבערגעגעבן צו אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן ווי, צו העלפן פּליטים, וואָס זיינען אַנטלאָפן קיין לאָמזשע פון אַרומיקע שטעטלעך, נאָענטע צום פראָנט. מיר האָבן געעפנט אין לאָמזשע אַ צוויַיג פון מאָסקווער הילפס־קאָמיטעט. אַלס צייטווייליקע דירות האָבן מיר גענוצט דעם ישיבה־בנין. פיל נישט־ציוניסטן האָבן געהאָלפן אין דער באַרעמהאַרציקער אַרבעט. כ׳ תמוז יענעם יאָר האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַן אזכרה נאָך דר. הערצל אויפן דאַך פון דער ישיבה.

גלייך מיט דער דייטשער אָקופּאַציע פון לאָמזשע איז „אַרויף אַ נייע הויט" אויף דער לאָמזשער אידישער געזעלשאַפט. די „התחיה" איז אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן אַלס יוגנט אָרגאַניזאַציע צו פאַרשפּרייטן אידישע קולטור. עס הויבן זיך גלייך אָן אינטענסיווע פאַרצווייגטע טעטיקייטן: די ביבליאָטעק ווערט פאַרגרעסערט דורך אַ זאַמלונג פון ביכער; ס׳עפענען זיך העברעאישע אָוונט־קורסן; אַ העברעאישער גן־ילדים אויפן נאָמען פון „שלום עליכם", וועלכער איז געשטאָרבן נישט לאַנג פאַר דעם. מיר דינגען אַ גרויסן לאָקאַל, פאַסיק פאַר גרויסע צוזאַמענקונפטן. מיר שליסן זיך אָן אין ציוניסטישן צ. ק. אין וואַרשא.

אויסער די דערמאָנטע ציוניסטיש־קולטורעלע אַרבעט איז „התחיה" געוואָרן דער אַקטיווסטער כח אין אַנדערע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, און באַווירקט אומדירעקט



פאַרוואַלטונג פון „התחיה" אין לאָמזשע אין יאָר 1916

שטייענדיק (לינקס): נ. פיורקא, קאַווקעוויץ, מ. גאָלדמאַן, מ. בוכהענדלער, ח. י. גלינקא, אסנא זשוטקעוויץ, יעקב ברוכאַנסקי, יעקב סאַפּירשטיין, חיים ראָטשילד, יהודה ענאָוויץ, צינאָוויץ, פּ. קוואַשני; זיצנדיק (לינקס): באַטקאָווסקי, ב. מ. מאַרקעוויץ, י. קאַווקעוויץ, א. דאמאַוויץ, י. פּיאַנטניצקי, נ. וויינבערג, ברוכאַנסקי.

אויך אַנדערע באַוועגונגען זיך צו אָרגאַניזירן ווי „מזרחי" און „אגודה". אין דעם לאָקאַל פון „התחיה" ווערן אָרגאַניזירט די „פועלי ציון" מיט אַ בלוי־ווייסער פאָן לויטן נוסח מינסק. אויף אונזער איניציאַטיוו ווערט געגרינדעט דער ספּאָרט־פאַראיין „מכבי", דער האַנטווערקער פאַראיין, דער ערשטער שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו וואָס האָט באַצוועקט צו פאַרגרינגערן זיינע מיטגלידער צו באַקומען פאַרשידענע שפּייז־אַרטיקלען, ווייל אַלץ איז געווען צוגעטיילט, ראַציאָנירט אויף קאַרטס אין זייער קליינע דאָזעס. „התחיה" חברים מיט חיים־יצחק גלינקא בראש גרינדן אַ פאָלקס־קיך פאַר אָרעמע לייט. אויספלוגן ווערן איינגעאָרדנט מיט דער בלוי־ווייסער פאָן, וואָס ציען צו גרויסע מאַסן, א. נ. א.

אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע ווערן אַלע „התחיה"־טעטיקייטן פולשטענדיק אָפּגעשטעלט: איר לאָקאַל רעקווירירט; די ביבליאָטעק ווערט באַרויבט פון פיל ביכער וועלכע די פוילישע סאָלדאַטן נוצן אַלס ברען־מאַטעריאַל און נאָר די מסירות־נפש פון די חברים ראַטעווען אָפּ די רעשט ביכער.

נאָכן פאַרטרייבן די רוסן ווערט די לאַגע ביסלעכווייז נאָרמאַל.

דער „התחיה"־לאָקאַל אויף דער רזשאָנדאָווער גאַס אין לאָמזשע





אַ גרופּע ציוניסטישע יוגנט, 1921.

שטייענדיק (רעכטס): יום טוב לעווינסקי (אין פוילישער מיליטערישער אוניפאָרם), רחל גלינקע, י. ראָזענבלום, אסתר קראַסנאָבארסקי. זיצנדיק: עלקע מייזנער, מרים ראָזענבלום.



אַקטיווע טוער אין „התחיה" אין 1918.

שטייענדיק (רעכטס): בורשטיין, ד. בלומראזן, מ. גאַרבאַרסקי, פנחס קוואַשני, — זיצנדיק: י. סאַפירשטיין, טאָביאַש, קאַץ, משה גאָלדמאַן, נחום גאָלדמאַן.



פאַרוואַלטונג פון „התחיה" אַרום דעם יאָר 1928

שטייענדיק (פון רעכטס): ח. א. באָבראָווסקי, זרח בריק, י. סאַפירשטיין, מאַרקעוויץ, ברוכאַנסקי, קאַפּלאַנסקי, קאַץ, נ. פּורקאַ.
זיצנדיק: פייגע בליאַשקאַ, י. לעווינסקי, מ. אָרלאָווסקי, א. דאַמאַווויץ, א. מזרח, תמרה יאַקאָבסאָן.

# דריי יאַנקעלעך



יעקב פּיאַנטניצקי



יעקב קאַווקעוויץ



יעקב סאַפּירשטיין

דעם 12טן נאָוועמבער 1920 פּייערט די „התחיה" אַ „חנוכת הבית" אין צוריק־באַקומענעם לאָקאַל און זי פאַרנעמט ווידער איר פריערדיקן פּלאַץ אין לאָמזשער אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויסער די פריער אויסגערעכנטע טעטיקייטן העלפט „התחיה" פיל דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט" אין זיינע אונטערנעמונגען צום גונסטן די אָרעמע שיכטן, און דינט אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע גרופּן. מיט דער השתדלות פון „התחיה" ווערט געגרינדעט ביי דער קהילה אַ ראַט, וואָס ווירקט אויס אַז אַ ירושה־הויז פון ה' דונין גייט איבער צו דער קהילה און נישט צום פּוילישן קרייז־סיימיק. אַ גרויסע דערציערישע השפּעה אויף דער לאָמזשער געזעלשאַפטלעכער מיינונג און טעטיקייטן האָט געהאַט די וועכנטלעכע צייטונג „לאָמזשער שטימע" וואָס איז דערשינען 19 יאָר כסדר.

דאָ איז אַ רשימה פון די חברים, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער טעטיקייט פאַרן „התחיה": יעקב פּיאַנטניצקי, יעקב קאַווקעוויץ, יעקב סאַפּירשטיין, וועלכער איז געבליבן זייער אַקטיוו ביז דער לעצטער מינוט, זימקע צעשלוק, חיים־יצחק גלינקא, חיים־אליעזר באָבראָווסקי, אין וועמעס צימער, 16 אַלטער מאַרק, איז אין דער צייט פון דער רוסיש־צאַרישער דעספּאָטיע געהאַלטן געוואָרן דער ציוניסטישער אַרכיוו און די ביבליאָטעק, און נפתלי וויינבערג. די דאָזיקע האָבן געטראָגן דעם יאָך. נאָך איבערגעגעבענע אַקטיווע חברים: אליעזר קליאַן, יעקב בערג (ער האָט פיל געטאָן מיט מסירות־נפש אין די דערמאָנטע סכנה־צייטן פאַרן קרן קימת), ר' ישראל לעווינסקי מיט זיין זון יום־טוב, משה גאָלדמאַן, מיכאל סרעבראָוויץ, יצחק סטריקאָווסקי, נתן פּיורקאָ, נחמן באַטקאָווסקי, חוה דוואָרקעס־סרעבראָוויץ, שרה



אויספלוג פון „התחיה" מיטגלידער אין יעגנאַצאָווער וואַלד, שבועות 1917.



העברעאישע אָוונט־קורסן ביים „התחיה״

אין צענטער זיצן 4 לערער (רעכטס צו לינקס): יעקב ק. ברוכאַנסקי, יהודה ענאָוויץ, ישראל לעווינסקי און דוד וויינצימער.



רעדאַקציע פון דער „לאָמזשער שטימע״, אָנגעהויבן צו דערשיינען אין 1920

שטייענדיק (רעכטס): י. ראָזענבלום, נ. וויינבערג, ש. סאַפיר־שטיין. זיצנדיק: יעקב סאַפירשטיין, אַדוואָקאַט גרובאַרד, רעדאַקטאָר א. דאָמאָוויץ, שאול לעווין און אלתר שאפּיראָ.



אַ גרופּע ציוניסטקעס אין לאָמזשע

שטייענדיק (רעכטס): תחה יאַקאָבסאָן־באטקאָווסקאַ, רבקה גענכאַנאָווסקא, דינה שימאא ג׳יץ־גלינקא, אסנא זשאַטקעוויץ. זיצנדיק: דר. סעדלים, ־וה דוואַרקעס, בובע (פרוי פון יעקב געלצינסקי).

ביאלי, פּנחס קוואשני, פייגע בליאשקא־קאַפּלאַן, תמרה יאַ־קובסאָן־באטקאָווסקי, יהודה ענאָוויץ, יעקב מלינאַרזעוויץ און זיין פרוי הינדע, אברהם מזרח, יהודה כץ (היינט אין ישראל), גיטל באגושעוויץ, קיילע קאלווארייסקא, חנה צעכאַנאָווסקאַ, מאיר אָרלאָווסקי, מענדל ביאלי, שמואל פּערשט, אסנע רזשאַטקעוויץ, פּעשקע סאַפּירשטיין, זעלדע גאָלדשטיין, חנה מאַרקעוויץ, וו. לאדעלסקי, ב. קאַפּלאַנסקי, ישראל ליאכאָווער, רחל גלינקא, ווישאוואטא, בורשטין, יצחק מאַרק, ברידער גאָלדמאַן, טאביאש, צוקערברוים, י. לוואָוויץ, פישל גאָראָ־דזינסקי, חיים ראָטשילד, א. אַנד.

עס איז שווער אויסצושרייבן און אָפּשאַצן אַלע טעטי־קייטן און אויפטואונגען פון „התחיה" סיי אויפן פעלד פון ריינעם ציוניזם און סיי אויף די אַלע אַנדערע געביטן פון פּאָליטיש־קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער קהילה און אין אַלגעמיינעם שטאָט־ראַט.

ביים „התחיה" האָבן עקזיסטירט 2 יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „די ציוניסטישע יוגנט" און דער אַלגעמיינער ציוניסטישער „חלוץ", וועלכע האָבן געקראָגן הילף און דער עיקר ציו־ניסטישע דערציאונג. איבער הונדערט משפחות־חברים פון „התחיה" האָבן עולה געווען קיין מדינת ישראל, וואו זיי בויען דאָס לאַנד און ווערן אליין אויפגעבויט.

# כראָניק פון טעטיקייטן

## אַ ל"ג־בעומר אויספלוג אין יאָר 1917 קיין געלצין

אין תרע"ז האָט דער וועד פון „התחיה" באַשלאָסן צו פייערן ל"ג בעומר מיט אַ פּאַראַד טראָגנדיק די בלוי־ווייסע פאָן, און פאַרענדיקן מיט אַן אויספלוג אין געלצינער וואַלד, עס זאָל אַזוי אַרום טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַל־ציוניסטישער דעמאָנסטראַציע. די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט עס דערלויבט, ווייל עס האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין איר פּאָליטישן קורס, וואָס זי האָט דאַן אָנגעהאַלטן.

יצחק סטריקאָווסקי איז געווען דער הויפּט אָרגאַניזאַטאָר. עס האָבן אָנטייל גענומען: „התחיה"־חברים, אַלע אידישע שולן, די תלמידות פון די העברעאישע אָוונט־קורסן ביים „התחיה", „מכבי"־חברים, און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. עס איז דאַן געווען אַ צייט ווען עס איז געווען אַ דוחק אין אַלע מאַטעריעלע הצטרכות'ן: די שפּייז־פּאָרציעס זיינען געווען זייער מאָגערע; מען איז געגאַנגען קרועה־בלועה, אין היל־צערנע קלאמפּעס, אָבער די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, מען האָט זיך געפילט באַפרייט פון דער צאַרישער דעספּאָ־טישער מאַכט, און מיט גרויסע האָפענונגען פאַר דער צוקונפט.

אין וואַלד זיינען פאָרגעקומען ספּאָרט־איבונגען; א. דאָ־מאָוויץ האָט רעפערירט וועגן דער וויכטיקייט פון דער צייט. נאָך אַנדערע פאַרוויילונגען זיינען פאָרגעקומען דעם טאָג. צוריקקומענדיק אין אָוונט מיט ברענענדיקע פאַקעלן, האָבן טויזנטער אידן אין שטאָט מקבל־פּנים געווען די מאַרשירנדע.

האָבן די אָנטיילנעמער אין יענעם אויספלוג געקענט זיך אפילו פאָרשטעלן, אַז מיט 25 יאָר שפּעטער וועלן די זעלבע „קולטורעלע" דייטשן דאָ אין דעם זעלבן וואַלד צע־שיסן טויזנטער אידן? (איבערגעגעבן פון י. לעווינסקי).

אין יאָר 1918 (ב' אייר, תרע"ח) האָט „התחיה" איינגע־אָרדנט אַ טרויער־טאָג נאָך דעם ציוניסטישן מנהיג דר. יחיאל טשלענאָוו. פאָרלעך האָבן פאַרקויפט אויף די גאַסן צייכנס, און די גאַנצע הכנסה פון 450 מאַרק איז אָפּגעגעבן געוואָרן אויפצובויען אַן אַרבעטער־הויז אויפן נאָמען פון נפטר.

## אַ רעפערענדום וועגן ארץ ישראל, 1918

אין דעם זעלבן יאָר איז אין די זומער־מאָנאַטן דורכ־געפירט געוואָרן, לויט דער אויפפאָדערונג פון ציוניסטישן צ. ק. אין וואַרשע, אַ רעפערענדום. די פּוילישע אידן האָבן געדאַרפט דערקלערן, אַז זיי ווילן ארץ ישראל זאָל איבער־געגעבן ווערן צום אידישן פאָלק. די דעקלעראַציעס אויף וועלכע אידן האָבן נאָר געדאַרפט חתמ'ענען זייערע נעמען, זיינען געווען געדרוקט אין אידיש, פּויליש און ענגליש און געזאָלט איבערגעגעבן ווערן צום „פעלקער־בונד". די אַרבעט האָט דורכגעפירט די „התחיה". צענדליקער פאָרלעך האָבן געזאַמלט אונטערשריפטן אין לאָמזשע, פּיאָנטניצא און לאָמ־זשיצא.

דער „בונד" און די „אגודה" האָבן פאַרשפּרייט אויפרופן קעגן דעם רעפערענדום. זייער מיינונג איז געווען, אַז דאָס וועט שטעלן אין סכנה די אידן אין פּוילן, ווייל דאָס וועט אויסגעטייטשט ווערן פאַרראַט צו פּוילן. דאָך האָבן 3956 דערוואַקסענע, פון 18 יאָר און העכער, גע'חתמ'עט די דעק־לאַראַציעס. גלייכצייטיק איז געזאַמלט געוואָרן געלט פאַר די מלחמה־געליטענע אין ארץ־ישראל („הצפירה", 1918, נומ. 21).

## „סאַן רעמאָ" פייערונג אין לאָמזשע

דאָס איינשליסן די „באַלפור־דעקלאַראַציע" אין דעם שלום אָפּמאַך מיט טערקיי אין סאַן רעמא האָט אַרויסגערופן גרויס פרייד צווישן גאַנצן אידנטום אין פּוילן. אין לאָמזשע איז די געשעעניש געפייערט געוואָרן אין דער גרויסער שול מיט תפילות, הלל, און ספּעציעלע קאַפּיטלעך־תהלים אין דער אָנוועזנהייט פון אַרום 3000 פּערזאָן און אַ דרשה פון רב יהודה־לייב גאָרדאָן וועגן שיבת ציון. מיט „התקוה" געזאַנג האָט זיך די פייערונג געענדיקט.

די ל"ג בעומר פייערונג אין יענעם יאָר איז אויך פאָר־געקומען אין אַ געהויבענער שטימונג. אין דער גרויסער שול קומט פאָר אין דערפרי אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אויף וועלכער ה' פישל צעכאָנאָוויץ האָט גערעדט. בייטאָג קומט פאָר אין „התחיה" אַ יוגנט־צוזאַמענקום, ביי וועלכן עס רעדן די לערער ענאָוויץ, וויינבערג, וויינצימער און לעווינסקי. פאַרנאַכט קומט פאָר אין דער אידיש־פּוילישער גימנאַזיע פון דר. גאָלדלוסט אַ פאַרזאַמלונג פון „השומר הצעיר". עס רעדן דר. גאָלדלוסט און חיים־יצחק גלינקא. צו מנחה — נאָך אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין שול. אויף דער בימה — די פאָן פון „התחיה". ס'האָבן גערעדט א. דאָמאָוויץ, מ. מאַר־קעוויץ, סטריקאָווסקי און סאַפּירשטיין.

עס ווערט געגרינדעט אַ קאָמיטעט פאַר „גאולה־פאָנד", אין וועלכן ס'גייען אַריין פאָרשטייער פון: „התחיה", „מזרחי", „הרצליה", „בנות ציון", „אגודת הנשים", „וויצא", האַנט־ווערקער פאַראיין און פון פאַרשידענע בתי־מדרשים (י. סאַפּירשטיין, „הצפירה", 1920).

## געסט

כמעט אַלע באַוואוסטע ציוניסטישע מנהיגים האָבן באַ־זוכט לאָמזשע אין צוזאַמענהאַנג מיט ציוניסטישע אַקציעס. לאַנג האָט מען געדענקט די באַזוכן פון דר. גאָטליב, יצחק גרינבוים, אַדוואָקאַט האַרטגלאַס, יוסף העפטמאַן, נתן ביסט־ריצקי, אַדוואָקאַט קאָרנגרין און אויך פיל ליטעראַטן און אַנדערע עסקנים. מער איינדרוקספול איז געווען דער באַזוך פון אַ קרן היסוד דעלעגאַציע, מערץ 1927, פון ש. טשערנאָ־וויץ (פסעוודאָנים) און גראָבאָווסקי. הונדערטער אידן זיינען אַרויס זיי מקבל־פּנים זיין מיט ה' הערש עפּשטיין, וויצע־

פאַרזיצער פון לאָמזשער שטאָט־ראַט, בראש. שבת דעם 5טן מערץ האָבן זיי געוועדט אין דער גרויסער שול פאַר אַ 2000 קעפּיקן עולם. ביי אַ גלאָז טיי שבת־צו־נאַכטס אין ה' אָר־לאָווסקי'ס הויז האָט זיך אָנגעפאַנגען די זאַמלונג, וועלכע האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. זיי האָבן אויך אָנטיילגענומען אין דער אַקאַדעמיע אין אָנדענק פון די תל־חי גבורים פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

י. קאַטאַנסקי

## די אַרבעט פאַרן קרן קימת אין לאָמזשע

דאָס קליינן געלט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד אין לאָמזשע האָט געפאָדערט פיל ענערגיע צוליב דער גלייכגילטיקייט פון פיל ציוניסטן און ווידערשטאַנד פון קעגנער. מיר האָבן אָרגאַניזירט די שול־יוגנט פאַר דעם ציל (די פרומע אידן האָבן זיי גערופן „שקאָצימלעך"). צו אָט דעם יוגנט־קרייז פאַר קרן־קיימת האָבן געהערט אפילו קינדער פון עלטערן באַוואוסט מיט זייער קעגנערשאַפט צום ציוניזם, ווי פ. גייסט, מ. ביאַלי. זיי פלעגן קומען שבת בייטאָג אין „התחיה" צו נעמען אָנווייזונגען און מוטיקונג אין זייער אַרבעט. כמעט יעדן חודש פלעגן גיין פאָרלעך אויסצולײדיקן די „בלויע פושקעס". עס פלעגט אָפט טרעפן, אַז ביי ציוניסטן פלעגן זיי געפינען ליידיקע פושקעס און ביי „סתם־אידן" — פולע מיט קליין־געלט.

אַמשווערסטן איז אָנגעקומען דאָס קליינן געלט פאַרן נאַציאָנאַלן פאָנד אויף חתונות. די דאָזיקע אויפגאַבע פלעגט דערפילן פילע יאָרן דער ק. ק. קאָמיסאַר אַליין, ה' י. לעווינסקי, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ענערגיע און נישט נתפּעל ווערן פון קעגנערשאַפט. דער פאָלגנדער עפּיזאָד איז כאַראַקטעריסטיש: אויף אַ חתונה פון אַ בונדיסט אויף די ריבאַקעס האָב איך מורא געהאַט צו גיין זאַמלען פאַרן נאַציאָנאַלן פאָנד „מען זאָל מיר נישט אַרויסוואַרפן". ר' י. לעווינסקי איז אָבער אָנגעשטאַנען, „אַז נאָר אויף אַזאַ חתונה איז די אויפגאַבע צו זאַמלען געלט, ביי ציוניסטן אָדער סימפּאַטיקער איז דאָך קיין קונץ נישט!" מיר זיינען געגאַנגען און געמאַכט שיין געלט. דער חתן אַליין האָט געמאַכט די באַמערקונג: „ציוניזם איז טאַקע אַן אוטאָפּיע, אָבער קויפן ערד פאַר אידישע אַרבעטער דאַרפן מיר אייך העלפן".

כמעט יעדעס יאָר צווישן פורים און פסח פלעגט איינ־געאָרדנט ווערן אַ „באַזאַר" פאַרן נאַציאָנאַלן פאָנד, וועלכער פלעגט אַריינברענגען, אויסער אַ פייערלעכע שטימונג אין דער אידישער געזעלשאַפט, אויך גוטע הכנסות. אַלע ספּאָרט אָרגאַניזאַציעס ווי: „מכבי", „השומר הצעיר", „חוה", „וויצא" פלעגן זיך באַטייליקן מיט פאַרשיידענע פאָרשטעלונגען. די מיטגלידער פון „בית״ר" פלעגן אָפט שטערן. אַממערסטן האָבן זיי אַרויסגעוויזן זייער פיינטשאַפט צו ציוניסטישע אונטערנעמונגען. ביים לעצטן באַזאַר, דעם 4טן מערץ 1939, אין דעם „הויז פאַרן פוילישן סאָלדאַט" האָבן זיי באַשעדיקט און פאַרניכטעט פיל סחורה, אַזוי אַז מען האָט געמוזט אַרויס־רופן פּאָליציי, און 8 פון זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן. נישט איין מאָל האָבן די „בנות ציון" איינגעאָרדנט קינדער־פייע־רונגען בעת די באַזאַרן.



טוער פון קרן קימת לישראל געזעגענען זיך מיט יצחק סאַבאַטקי צו זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע

שטייענדיק (פון רעכטס): —, אלטער שאפירא, ברינסקי, אלטע זלאטניקעוויטש העלפמאן, י. בערנהאלץ, י. קאטאנסקי. זיצנדיק: דוד נאגעשאייבער, חוה מילנער (בערנשטיין), ישראל לעווינסקי, יצחק סאבאטקא, מ. קאלינסקי, עלקע קוזינקי. אונטן: לייוויק, ש. גיזונער, —.




טועו׳ פון „באַזאַר״ פאַרן קרן קימת לישראל פייערן זייערע אַ דערפאָלגרייכע אונטערנעמונג.

ישראל לעווינסקי

## ווי אַזוי מיר האָבן איינגענומען לאָמזשיצא

דאָס שטעטל לאָמזשיצא, אַרום 2 וויאָרסט פון לאָמזשע, האָט געהאַט אַ אידישע באַפעלקערונג פון אַרום 200 משפחות, מייסטן פון זיי האָראָפּאַשנע רעליגיעזע אידן. די יוגנט דאַקעגן איז געווען פאַרכאַפּט פון לינקע אידעען ווי „בונד״, קאָמוניזם. דער ציוניזם איז דאָרט נישט געווען פּאָפּולער.

איינמאָל איז דערהאַלטן געוואָרן אַ בריוו פון ציוניסטישן צ. ק., וועלכער האָט פאַרלאַנגט פון אונז צו מאַכן זאַמלונגען פאַרן ק. ק. אין לאָמזשיצא. אַלס הויפּט פון ק. ק. קאָמיטעט האָב איך געווירקט אויף די חברים א. דאָמאָוויץ און פּייוול סטריקאָווסקי, זיי זאָלן מיטגיין מיט מיר קיין לאָמזשיצא און ריידן אין בית מדרש וועגן ציוניזם.

שבת פרי פ׳ משפטים זיינען מיר 3, נישט אַכטנדיק אויף דעם גרויסן שניי, אַוועק קיין לאָמזשיצא. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָבן מיר דורכגעמאַכט די פּאָר וויאָרסט און אָנגעקומען אויסגעמאַטערטע צום דאַוונען אין שטעטל. ה׳ סאלארציק האָט אונז פאָרגעשטעלט פאַרן קהל און דערקלערט וועגן וואָס מיר זיינען געקומען. פאַרן לייענען זיינען אַרויף אויפן בימה און גערעדט: א. דאָמאָוויץ — וועגן די נויטיקייטן פון האָבן אַן אייגן לאַנד; פ. סטריקאָווסקי האָט אויפגעוויזן, אַז נאָר אין ארץ ישראל וועלן מיר קענען אָפּהיטן אונזער תורה ווי ס׳דאַרף־צו־זיין; איך האָב גערעדט פון דער סדרה. אייניקע בחורים האָבן פּרובירט אונז שטערן מיט אויסרופן: „משיח איז שוין געקומען!״; „מיר האָבן דאָ ארץ ישראל״!״; „ענגלאַנד נאַרט אונז אָפּ!״. דער רב, פון אָנפאַנג שטיל קוקנדיק אין אַ ספר, האָט זיך פּלוצלונג אויפגעכאַפּט, אויסגעזידלט די שטערער און געהייסן זיי אַרויסוואַרפן. איך בין געווען קעגן אַרויסוואַרפן. זיי זיינען שטיל געוואָרן.

די גבאים האָבן אַפּעלירט צו די וועלכע מען וועט אויפרופן צום ספר, זיי זאָלן מנדר זיין פאַרן ק. ק. קיינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט. מיר האָבן מנדר געווען פאַרן בית מדרש און ק. ק. ה׳ סאלארציק, פון אָנפאַנג נישט זייער צופרידן (ווייל ער וואָלט בעסער געוואָלט אַ דעלעגאַט פון וואַרשע איידער לאָמזשער בעלי־בתים), זעענדיק אונזער דערפאָלג איז אויך געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. פון דאַן אָן איז די אַרבעט פאַרן ק. ק. אין לאָמזשיצא אָנגעגאַנגען נאָרמאַל. לכבוד דער „דעראָבערונג״ פון לאָמזשיצא האָבן די ציונים געפייערט יענעם שבת־צו־נאַכט מיט „לאַטקעס״.

### אַן עיקול אויף „התחיה״ פאַרמעגן אין יאָר 1937

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן, צוליב דער פאַרערגערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע, איז אין „התחיה״ בודזשעט אַנטשטאַנען אַ דעפיציט פון 2000 זלאָטעס נישט באַצאָלטע מלוכה־צינזן (פּאָדאַטקעס). דער צינזן־אינספּעקטאָר האָט פאַרשלאָסן און פאַר׳חתמ׳עט דעם „התחיה״־לאָקאַל מיט די מעבל, דעם גאַנצן אַרכיוו און אַלע ביכער אין דער ביבליאָטעק. אָבער בלויז געציילטע טעג זיינען אַריבער און אייניקע איבערגעגעבענע חברים האָבן געשאַפן די סומע,



טוער פון קרן קימת לישראל געזעגענען זיך מיט ה׳ ישראל לעווינסקי צו זיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל.

צענטער (זיצנדיק) ישראל לעווינסקי.

אָפּגעצאָלט דער רעגירונג און די „התחיה" האָט נישט אויפ־געהערט צו פונקציאָנירן אפילו איין וואָך.

## „אַ שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער"

אין 1938, נאָכן אויפגיין קיין ישראל פון סעקרעטאַר פאַרן קרן קימת ה׳ קאַטאַנסקי, איז אויסגעקליבן געוואָרן נ. וויינבערג אויף זיין אָרט. ער האָט געהערט צו דער „הת־אחדות", אַ ציוניסטישע גרופּע מיט אַ רעכטער פּלאַטפאָרם. די לינקע גרופּן ווי „פּועלי ציון", „השומר הצעיר", „החלוץ" זיינען געווען קעגן און זיי האָבן פאַרלאָזן די זיצונג אַלס צייכן פון פּראָטעסט. אָבער זייער גרויסע ליבע צו ארץ ישראל און איבערגעגעבנקייט צו ק. ק. האָט זיי צוריקגעבראַכט אין 2 טעג אַרום. ה׳ וויינבערג איז נאָכדעם געוואָרן נעענטער צו די לינקע.

## „וויצא"

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין „בנות־ציון". די איני־ציאַטאָרינס זיינען געווען פרוי רעגענסבערג, טאָכטער פון הרב גאָרדאָן, דר. סעדליס, לערער אין גאָלדלוסט׳ס גימנאַ־זיע, פרוי מלינאַרזשעוויץ, אסנע רזשאַטקעוויץ. האָבנדיק באַ־קומען אַ גוטע ציוניסטישע הכשרה פלעגן זיי העלפן מיט טעכנישער אַרבעט ביי די ליטעראַרישע קאָנצערט־אָוונטן, קבלת־פּנים׳ס פאַר גרויסע פערזענלעכקייטן. אין יאָר 1928 איז די גרופּע „בנות ציון" אַריבער צו „וויצא" און אָנגעגאַנגען מיט די זעלבע טעטיקייטן. דעם 16טן פעברואַר 1938 האָט די „וויצא" געפייערט איר 10־יאָריקן יובל אויף אַ פיינעם אופן אין „התחיה". פרוי אסתר בערמאַן (פרוי פון ה׳ טוביה בער־



געזעגענונג מיט רחל גלינקא. אַראַנזשירט פון קרן קימת לישראל קאָמיטעט
אין דער גרופּע געפינען זיך: ציבולקא, צוויקלעוויץ, דימענטשטיין, קאָטאַנסקי, י. לעווינסקי, פרום, קרישטאַל, קוזינסקי, רוצקי, מלינאַרזשעוויץ, מילער, ליפשיץ, קרעמער א. א.

מאַן) איז געווען פּאַרזיצערין. נאָך איר האָבן גערעדט: פּרוי געלצינסקי, וויצע פּאַרזיצערין; דר. העלענאַ פרישמאַן, סעק־רעטאַרין; דר. שולמית לעוויטא, פּאַרזיצערין פון „וויצאָ״ אין פּוילן. נאָך אַן אזכּרה נאָך די געפאַלענע אין ארץ־ישראל זיינען געזונגען געוואָרן ציון אין פאָלקס שירים.

שמחה סאַפּירשטיין

## די פייערונג פון 30טן יובל־יאָר פון „התחיה״

אָט דער יום־טוב איז געפייערט געוואָרן ו׳ תמוז תרצ״ט, 23טן יוני 1939, דורך דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון לאָמזשע. אפילו קעגנערס האָבן אויסגעדריקט כּבוד און ברכות. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער גרויסער שול מיט אַן אזכּרה נאָך 27 חברים, וואָס זיינען געשטאָרבן דורך די 30 יאָר. די שול איז געווען געפּאַקט. חזן לוצקי האָט דורכגעפירט די אַזכּרה און א. דאָמאָוויץ האָט צווישן אַנדערס געזאָגט: „עטלעכע דורות זע איך פאַר מיר אַרום. זייערע אידעלע נשמות שוועבן דאָ — נשמות וואָס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ הויכן אידעאַל״. אין אָוונט איז געווען אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג מיט אַ באַנקעט אין די דעקאָרירטע צימערן פון „התחיה״ מיטן אָנטייל פון ספּעציעל־געקומענע דעלעגאַטן לכבוד דער פייערונג פון ציוניסטישן צ. ק. און הויפּט ביוראָ פון ק. ק. (קליארמאַן) און הויפּט־ביוראָ פון קרן היסוד (א. זילבערבערג).

עס זיינען אָנגעקומען ברכות פון אַ סך חברים און חברות און פון וויכטיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. פון מדינת ישראל איז געקומען אַ בשותּפות־ברכה פון וועד פאַר „התחיה״, וואָס ר׳ ישראל לעווינסקי האָט אָרגאַניזירט מיט אַ צוגאָב פון אַ סומע געלט פאַר דער „התחיה״ ביבליאָטעק און אַ קבלה אויף אַן אַבאָנאַמענט אויף טעגלעכע ישראל־צייטונגען פאַרן לייען־זאַל פון „התחיה״. עס האָבן געחתמ׳עט אַ גרויסע צאָל לאָמזשער וואָס האָבן זיך געפונען אין ישראל. דער וועד האָט אויך אויפגעקליבן אַ שיינע מתּנה פאַר „התחיה״ ביבליאָטעק — איבער 300 ביכער.

אין דעם יובל־נומער פון „לאָמזשער שטימע״ האָבן זיך באַטייליקט מיט ברכות: יצחק גרינבוים מיט אַ נדבה פון 50 זלאָטעס פאַר דער „התחיה״ ביבליאָטעק, דר. א. לויטערבאַך, הויפּט פון אָרגאַניזיר־דעפּאַרטמענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, און נ. ביסטריצקי פון ק. ק. פון ירושלים.

פיל וואָכן נאָך דער פייערונג האָבן זיך געהערט די אָפּקלאַנגען פון דעם יובל יום־טוב. צענדליקער בריוו און טעלעגראַמעס און נדבות פאַר די „התחיה״ אַנשטאַלטן זיינען דערהאַלטן געוואָרן טעגלעך. וואויל צו די אויגן וואָס האָבן דאָס אַלץ געזען (אשרי עין ראתה כל אלה).

### דער לעצטער וועד פון „התחיה״

צום לעצטן וועד פון „התחיה״, אין אָנפאַנג פון יאָר 1939, זיינען דערוויילט געוואָרן די חברים: א. דאָמאָוויץ — פאָרזיצער, מ. אָרלאָווסקי און י. לאדעלסקי — וויצע פּאָרזיצער, יוליאַן כץ — סעקרעטאַר, מ. בורשטינאָוויץ — קאַסירער, יעקב סאַפּירשטיין און ה. בערגער.

די לעצטע אַקציע פאַרן „קרן היסוד״ איז אָנגעהויבן געוואָרן מיטן באַזוך און רעפעראַט פון דר. שיפּער. די לעצטע אַקציע פאַר ק. ק. „הגלילה״ האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פירער פון די פּועלי־ציון אין אַמעריקע ברוך צוקערמאַן און יעקב כהן פון צ. ק. פון ק. ק. אין וואַרשע.

### די לעצטע טעטיקייטן

אין די לעצטע וואַלן צום 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס (23טן יולי 1939), האָבן זיך באַטייליקט 1091 שקל־צאָלער (פון 2301) — ,% 84. די ליגע פאַר דער אַרבעטענדער ארץ ישראל האָט געקראָגן 473 שטימען; „מזרחי״ — 264 שטימען; אַלגעמיינע ציוניסטן — 173 שטימען; אַלגעמיינע ציוניסטן נומ. 2 — 59 שטימען; לינקע „פּועלי ציון״ — 122 שטימען, ד. ה. די לינקע האָבן געהאַט אַ מערהייט שטימען. ווער ס׳האָט געזאָלט זיין דער דעלעגאַט צום קאָנגרעס, איז נישט באַוואוסט.

## דער מזרחי פאַראיין אין לאָמזשע

די „חובבי ציון״ באַוועגונג איז אין איר אָנפאַנג געווען אַ „מזרחי״ באַוועגונג. אַלע ציון־טעטיקייטן זיינען אָנגעגאַנגען אין בית מדרש „מגן אברהם״, וואו כמעט אַלע זיינען געווען איבערצייגטע ציוניסטן; שפּעטער זיינען זיי אַריין אין „התחיה״. אין 1917 ווערט געגרינדעט אין וואַרשע די „מזרחי״ אָרגאַניזאַציע. פון דאַן אָן אַרבעט פיל ה׳ וואָלף דראָזדאָווסקי, הגם אַ חבר פון „התחיה״, צו גרינדן אין לאָמזשע אַ „מזרחי״ אָרגאַניזאַציע. אים האָבן געהאָלפן בעלי־בתים ציוניסטן ווי עפּלבוים, הערש מאַרק, טאבאליצקי, אייזנשטאַט, א. אַ. זיי האָבן געגרינדעט אַ „מזרחי״־אָפּטיילונג אין לאָמזשע לויט דעם פּראָגראַם וואָס ה׳ לעווין־עפּשטיין פון וואַרשע האָט איבערגעגעבן צו ה׳ דראָזדאָווסקי. 20 חברים האָבן זיך דאַן געשיידט מיטן „התחיה״ ווערנדיק חברים אין „מזרחי״.

מיט דער הילף פון ה׳ שצעראַנסקי, מיטגליד פון צ. ק. פון „מזרחי״ אין וואַרשע, זיינען די היגע „מזרחי״־מיטגלידער צוגעטראָטן צו מעשים. דער ערשטער ציל פון „מזרחי״ איז געווען: צו דעראָבערן די קהילה־פאַרוואַלטונג.

אין דעם ערשטן יאָר פון אגודת „מזרחי״ עקזיסטענץ האָבן זיי פאַרקויפט אין שטאָט 300 שקלים; מיט דעם זיינען די מזרחי׳סטן געוואָרן אַ כח אין דער אידישער געזעלשאַפט, מיט וועלכן מען האָט זיך געמוזט רעכענען. ביז דאַן איז דאָס געווען די „התחיה״. זיי האָבן געדונגען אַ לאָקאַל פונקט קעגנאיבער „התחיה״. אויפן מזרח־וואַנט פון גרויסן זאַל איז געהאָנגען דאָס בילד פון דר. הערצל, אָבער מיט אַ ציליג־



יוגנט גרופּע פון „השומר הדתי״
אונטן (אין מיטן): משה זשעלאַזאָ (געפאַלן אין שלאַכט ביים פאַרטיידיקן מדינת ישראל אין 1948).

דער־הוט אויפן קאָפּ, וואָס דער פאָטאָגראַפיסט האָט צוגע־שטעלט.

אין ערשטן „מזרחי"־וועד זיינען אַריין די חברים: טאבא־ליצקי — פאָרזיצער, פישל צעכאַנאָוויץ און חנוך אייזנשטאַט — וויצע פאָרזיצער, הערש מאַרק — סעקרעטאַר, חיים בור־שטיין — קאַסירער, פייוול קאַוואָקעוויץ, שמואל אפּלבוים, חיים מלינאַרציק און דענטיסט דר. פּרושצאַנסקי. פון דאַן אָן זיינען די טעטיקייטן פון „מזרחי" געוואָרן שטאַרקער און זייער השפּעה איז געווען קענטיק אין יעדן בית־מדרש, זיי האָבן דורכגעפירט אַז בעת עליות זאָל מען מנדר־זיין פאַר ארץ ישראל־פאָנדן. די „אגודת ישראל" איז נאָך דאַן געווען שוואַך און האָט נישט געקענט קאָנקורירן מיטן „מזרחי". אין אַלגעמיינע ציוניסטישע ענינים איז „מזרחי" שטענדיק געגאַנגען צוזאַמען מיטן „התחיה". אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג האָט דער „מזרחי" צוזאַמען מיטן „התחיה" פיל יאָרן געבילדעט אַ מערהייט. נאָר אין די לעצטע 10 יאָר האָט די „אגודה" מיט דער הילף פון רב פאַרנומען אַ גרעסערן אָרט. גלייכצייטיק האָבן זיך דאָרט אויך געשטאַרקט די לינקע עלעמענטן, דער „בונד", „פּועלי ציון" און „צעירי ציון". אין פעלד פון חינוך האָט „מזרחי" געהאַט אַ גרעסערע השפּעה, איבערהויפּט אין דער תלמוד תורה. אונטער זיין השפּעה איז לאָמזשער ישיבה אַריבער קיין מדינת ישראל (פּתח־תקוה). די בחורים זיינען דורכגעדרונגען מיטן אידעאַל פון „ארץ ישראל על פּי־התורה". דער ראש פון לאָמזשער „מזרחי", ר' פייוול סטריקאָווסקי, האָט אָפּגעגעבן דעם „מזרחי" פיל ענער־גיע, צייט און פינאַנציעלע אונטערשטיצונג.

אין יאָר 1935 (ח'־ט' סיון תרצ"ה) איז פאַררופן געוואָרן אין לאָמזשע אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „מזרחי" פון לאָמזשער געגנט. 400 דעלעגאַטן זיינען געקומען. אויך ה' ח. אייזנ־שטאַט, וועלכער איז א חבר פון צ. ק. אין וואַרשע.

ווי אומעטום, האָט אויך אין לאָמזשע עקזיסטירט אַ פרויען „מזרחי" און אַ „צעירי מזרחי". די לעצטע זיינען באַשטאַנען מייסטנס פון ישיבה בחורים און פון חסידישע יוגנט. שפּעטער איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ „פּועל מזרחי" און „השומר הדתי".

ווען די סערטיפיקאַטן פאַר עליה זיינען געגעבן געוואָרן מייסטנס צו די חלוצים מיט אַ הכשרה, האָט די יוגנט פון „מזרחי" קרייזן פּרובירט גרינדן אַן אייגענעם „החלוץ המז־רחי" מיט הכשרה פאַר זייערע חברים, אָבער ס'איז זיי נישט געלונגען, ווייל די יוגנט האָט בעסער אויסגעקליבן דעם אַלגעמיינעם „החלוץ" מיט זיינע גוט־איינגעאָרדנטע הכשרה־פּונקטן און קיבוצים אין פילע שטעט פון פּוילן און אויך זומער־לאַגערן פאַר אינסטרוקטאָרן.

אין „לאָמזשער שטימע" (ט"ז טבת, תרצ"ה), איז געווען איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן די טעטיקייטן פון „החלוץ המזרחי" און פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען. אין נייעם וועד זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ציפּורה קאציאק — פאָרזיצער, יוסף ציבולקא — סעקרעטאַר, י. ליפּשיץ — קאַסירער, חיים־מאיר העלפּמאַן, ח. ז. שעניאַק און י. ראַבינאָוויץ. פון צייט־צו־צייט פלעגט דער „מזרחי" אַרויסגעבן זיין אייגענע צייטונג, צ. ב. פאַר וואַלן צו דער קהילה אָדער שטאָט־ראַט.



„החלוץ המזרחי" און „השומר הדתי"

זיצנדיק פון רעכטס: שמואל מאַלינאָוויץ, הינטער אים שטייט עזריאל פּאָדביעלסקי, גדליהו האוסמאַן, יעקב ראַדזינסקי (פון וואַרשעווער צענטראַלע), משה קאַראָנא, אויף אים שפּאַרט זיך אָן יעקב פרידמאַן און ראָזענבלום.



10־יאָריקע יובליי־פאַרזאַמלונג פון דעם „החלוץ המזרחי" און „השומר הדתי" אין לאָמזשע אין יאָר 1935

שטייענדיק (רעכטס): חביבה גאָזאָווסקא, ראָזא מינקאָווסקא, חיים־מאיר העלפמאַן, יעקב ראַבינאָ־וויץ, מרים פרימאַן, דינה זשעלאָזא. זיצנדיק: יוסף ציבולסקי, הענעך אייזענשטאַט, פירער פון „מזרחי", יעקב ראַדזינסקי (אומגעקומען בעת דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד), משה קראַנע (פון דער נאַציאָנאַלער אָנפירונג פון „השומר הדתי") און יצחק ראָזענבלום.



אַ גרופּע פון „החלוץ המזרחי"

שטייענדיק (רעכטס): הערש פרידכאַי, יעקב פריד־כאַי, משה אבקעוויץ, אביגדור לעווינסקי, יצחק ראָזענבלום, עזריאל פּאָדביעלסקי. זיצנדיק: יעקב ראַבינאָוויטש, רחל ראָזענבלום־פרידכאַי, יאָפע, קראַוויצינסקאַ־בריינסקי און חיים־מאיר העלפמאַן. דריטע רייע (אונטן): גיטל לייוויק, שרה בזשאָזאָ־זאָליצקאַ.

אויספלוג פון „השומר הדתי", ל"ג בעומר 1929.





יוגנט גרופע פון „השומר הדתי".
אין צענטער דער אָנפירער יעקב ראַבינאָוויץ (רעכטס) און יצחק ראָזענבלום.

## „אגודת ישראל"

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַראָפּגעקומען קיין לאָמזשע דר. קאַרליבאַך. ער האָט צונויפגעבראַכט פרומע אידן אין הרב גאָרדאָנ'ס הויז און געגרינדעט פון די, וואָס האָבן מיט אים איינגעשטימט, אַן אָפּטיילונג פון „אגודת ישראל". אויך צווישן די ישיבה־בחורים האָט ער געפונען אָנהענגער, וועלכע האָבן געהאָלפן פאַרשפרייטן דעם „אגודה" אָרגאַן „דער יודע". אַנדערע צייט־שריפטן זיינען געווען פאַרבאָטן אין דער ישיבה. די „אגודה" איז געוואָרן אַ קאָנקורענט צום „מזרחי". איבער־הויפּט ווען די עליה קיין ארץ ישראל איז געוואָרן באַגרעניצט, האָבן די אַנטי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס ווי די „אגודה" און דער „בונד" געוואונען מער אָנהאַלט אין דער אידישער גאַס.

די אגודה איז געשטיצט געוואָרן פון הרב באַקשט און פון דער פּוילישער מאַכט. זי פלעגט דאַן וויילן מער דעלע־גאַטן צום קהילה־ראַט. אין די לעצטע יאָרן איז אַן „אגודה"־מיטגליד, מענדל קאַלינסקי, געווען דער פאָרזיצער פון דער קהילה מיט דער באַשטעטיקונג פון דער פּוילישער רעגירונג. ער פלעגט פיל שטערן יעדע הילף וואָס האָט געטראָגן אַ ברייטערן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, שוין אָפּגערעדט פון אַ ציוניסטישן כאַראַקטער. אויך אין דער טרויעריקער געטאָ האָט עקזיסטירט די „אגודה".




ל"ג בעומר אויספלוג פון „השומר הלאומי", 1932.




מושטירונגען אין דער קבוצת „דבורה" פון „השומר הדתי".

רעכטס : יוסף סרעבראָוויץ, לאה בודאָוויץ, מאַשא צאַרני, חנה בינשטיין, יפה אייזענשטאַט, זאגאָווסקי, חביבה פאָדביעלעוויץ, שיינע יענטע ווּרובעל, גוזאָווסקאָ מינע, פייגל ציבולסקאָ, שרה טשאַרני, צעכאַנאָוויץ שרה, חנה פרידמאַן, שושנה מינקאָווסקי, נעמי גילדא, יעקב ראַבינאָוויץ (אויפזעער), דוד שלמה סקרוצקאָווסקי (עלטסטער פון דער גרופע), שלמה בן נון.

## די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג אין לאָמזשע

ווען אין גאַנץ פוילן האָט זיך פאַרשפּרייט די באַוועגונג איז אויך אין לאָמזשע געגרינדעט געוואָרן אַ „בית"ר"־גרופּע און אַ „ברית החייל" פאַראיין פון באַפרייטע סאָלדאַטן. זייער טעטיקייט איז באַשטאַנען פון איינאָרדענען רעפעראַטן און אויפנעמען אינסטרוקטאָרן פון וואַרשע, און ווייזן אַ קעגנער־שאַפט צו פילע אַרבעטן פון ציוניסטן. די „ביתרים" פלעגן אויך איינאָרדענען פאַראַדן (אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען), אויס־פלוגן, פייערונגען, א. אַ. וו. זייערע אַקטיווע חברים זיינען געווען משה גלינקא, נחמן לעווינסקי (היינט אין ישראל), מ. גארבארסקי. דער לעצטער איז געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג אויך אין ישראל. געווען אַרעסטירט אין עכור־פעסטונג און פאַרשיקט אין עריטרעאַ. ער איז אומגעקומען אין אַן אומגליקס־פאַל אויפן וועג בעת זיין דינסט אין צה"ל. נאָך חברים : געמיינערמאַן פלטיאל, ברום מיכאל, גראיעווסקי שמואל, ווראנע צבי, די שוועסטער מרים און רחל שטיינבערג (אַלע אין ישראל).

פאַר אַ קורצער צייט האָט עקזיסטירט אין לאָמזשע אויך דער „ברית הקנאים" פון גראָסמאַנ'ס שיטה. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע רעוויזיאָניסטן זיינען געווען שמחה אָרלאָווסקי און משה גלינקא. אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אין דער צייט פון די ארץ ישראל'דיקע אומרוען איז זי ווידער געוואָרן אַקטיוו. די רעוויזיאָניסטן זיינען געווען קעגן דער טאַקטיק פון „נאָר ענטפערן און פאַרטיידיקן זיך קעגן די אַראַבער", די אַזוי גערופענע „הבלגה" אין ארץ ישראל.

ווען עס איז אויסגעפירט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער שלמה בן יוסף, האָבן די רעוויזיאָניסטן איינגעאָרדנט אַ גרויסע טרויער פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל־גענומען ציוניסטישע גרופּן פון אַלע שאַטירונגען, אויך „אגו־דת ישראל" און די קהילה. דער טרויער איז געווען אָנגע־זען. די קראָמען פאַרמאַכט און די באַוועגונג אין די אידישע גאַסן אָפּגעשטעלט. דאָס איז געווען די לעצטע אסיפה מיטן אָנטייל פון אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. נאָר ארץ־ישראל אַלס פאַקטאָר האָט עס געקענט אַרויסברענגען.



זיצונג פון אַן ענגער גרופּע פון „השומר הלאומי", 1929.

שטייענדיק (רעכטס) : רובינשטיין, פערקאָל, י. פערקאָל ; זיצנדיק : ראָזענבלום־לוצקאָ, פעשקע ציבולסקאָ, אלקנה דראזנין, שאר, גאָלדוואַסער.



רעוויזיאָניסטישער קאָמיטעט אין לאָמזשע

רעכטס : ציפרוג, יוסף בערענהאָלץ, משה גלינקא, שמחה אַרלאָווסקי, דלאָ־טיצקי און מאיר ליכטענשטיין.

ה. סאַבאַטקאַ

# דער „בונד“ אין לאָמזשע

עס איז נישט קיין לייכטער ענין צו שרייבן די געשיכטע פון „בונד“ אין לאָמזשע. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע דערפאַר, ווייל דאָס נעמט אַרום 4 עפּאָכעס און יעדע עפּאָכע האָט געהאַט אַ באַזונדערע ווירקונג. מען האָט געמוזט לעבן



הענעך סאַבאַטקאַ

אין דעם, כדי דאָס גרינטלעך צו קענען באַשרייבן. אַ צווייטע שוועריקייט איז דאָס, וואָס קיינער פון אונז האָט נישט דערוואַרט, אַז לאָמזשע זאָל, ווי אַ אידישע קהילה, אינגאַנצן חרוב ווערן און קיינער פון אונז אין אויסלאַנד האָט נישט געזאַמלט קיין אַרכיוו און דאָקומענטן, אויף וועלכע מען זאָל קענען בויען אַן אָפּהאַנדלונגען וועגן „בונד“ אין לאָמזשע.

טיילן פון דעם, וואָס דאָ וועט דערציילט ווערן, וועט זיין געבויט אויף זכרונות פון בונדיסטן, ווי דוד דאָמאָוויטש, מאיר טרייבער, מרדכי זשעלאזקע, א. אַנד. וועלכע געפינען זיך אין פאַרשידענע לענדער אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט און האָבן זיך באַטייליקט אין די בונדישע באַוועגונגען אין די אַלע עפּאָכעס. גאַנץ מעגלעך, אַז עס וועלן זיך אַריינכאַפּן אומפּינקטלעכקייטן אין דאַטעס און אפילו אין געשיכטלעכע פּאַסירונגען, אָבער אין אַלגעמיין גענומען וועט דאָס געבן די לייענער אַ באַגריף וועגן דער ראָל, וואָס דער „בונד“ האָט געשפּילט אין לאָמזשע.

ווי עס איז אויבן אָנגעמערקט געוואָרן, האָבן מיר געהאַט 4 עפּאָכעס אין לעבן פון דער „בונדישער אָרגאַניזאַציע“ אין לאָמזשע. זיי זיינען:

1. די צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע (5טער יאָר).
2. נאָכן צוזאַמענברוך פון דער רעוואָלוציע.
3. די צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (1טע וועלט־מלחמה).
4. אונטער די פּאָליאַקן.

## די ערשטע עפּאָכע

דאָס אידישע לעבן אין לאָמזשע איז אין סוף 19טן יאָרהונדערט געווען ווי אַ טראָפּן וואַסער ענלעך צו דעם לעבן פון די אידן אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. רעליגיע האָט באַהערשט די היים, די גאַס און אין אַ גרויסער מאָס אפילו די פּרנסה. לאָמזשע איז נישט געווען קיין אינדוסטריעלע שטאָט. אין איר גרעסטער מערהייט איז דאָס אידישע לאָמזשע באַשטאַנען פון קרעמערס און קליינע בעלי־מלאכות. קיין אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער לעבן איז אין יענע יאָרן כמעט ווי ניט געווען. דער בית־המדרש איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר יונגע און אַלטע. דאָרט האָט מען אַלע ענינים דערליידיקט: פון אַ שידוך ביז דעם פאַרפלאָנטערטסטן פּאָליטישן ענין. פון צייט צו צייט פלעגט די שטאָט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף איבער אַ מחלוקה אָדער אַן אַנדערער אויסטערלישער פּאַסירונג און נאָך דעם ווידער געשמאַק איינשלאָפן.

באַזונדער טראַגיש איז געווען דער גורל פון דער יוגנט. ווי יעדע יוגנט, אַזוי זיינען אויך לאָמזשער יוגנטלעכע געווען פול מיט לעבן, מיט ענערגיע און אַ טיפן אינערלעכן דראַנג צו פאָרשריט. אָבער דאָס לעבן איז פאַר זיי געווען זייער מאָנאָטאָן. דאָס ביסל בילדונג, וואָס זיי האָבן געקראָגן, איז געווען דער חדר, תלמוד־תורה. די אַמביציע פון די מערסטע עלטערן איז בלויז געווען צו דערלעבן דעם טאָג, ווען זייערע קינדער יועלן אַריין אין דער ישיבה.

די רייכערע בעלי־בתים פון שטאָט האָבן געגעבן זייערע קינדער אַ וועלטלעכע בילדונג דורך פּריוואַטע לערער אָדער גימנאַזיע, אָבער די ווייט גרעסטע מערהייט זיינען געווען געזעלשאַפטלעך צוריקגעשטאַנען און אין אַ גרויסער מאָס אַנאַלפאַבעטיש.

אַרבעט איז געווען אַ בזיון. מיט ווייטיק אין האַרצן און מיט טרערן אין די אויגן פלעגן עלטערן אָפּגעבן זייער קינד צו ווערן אַ בעל־מלאכה. ווען דער חלף איז שוין געלעגן אויפן האַלדז, ווען קיין אַנדער אויסוועג איז שוין נישט געווען, האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן דאָס קינד פאַר אַן אַרבעטער.

עס רעדט זיך אַזוי אַן אַרבעטער. עס לעבן נאָך היינט מענטשן, ספּעציעל אין אַמעריקע, וואָס געדענקען גוט די צייט, ווען מ׳איז געווען אַ לערן־אינגל. שבעה מדורי גיהנום האָט אַזאַ איינער געמוזט דורכגיין ביז ער האָט זוכה געווען אָנערקענט צו ווערן אַלס „פאָלנער אַרבעטער“. בלויז די, וואָס האָבן דאָס אַליין אַדורכגעמאַכט, ווייסן דעם טעם פון זיין אַ „לערן־אינגל“. אַזאַ צייט וועט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען, אָבער פאַר דער געשיכטע דאַרף דאָס פאַרשריבן ווערן.

ווען אַ פאָטער אָדער אַ מוטער פלעגט אָפּגעבן דאָס קינד צום שוסטער, שניידער, סטאָלאַר, אָדער שניידערקע, פלעגט דאָס אין מערסטע פאַלן זיין אויף עטלעכע יאָר אין גאַנצן אָן געלט, בלויז פאַרן עסן און שלאָפן אָדער פאַר זייער ווינציק באַצאָלט. אין מערסטע פאַלן איז דאָס געווען בלויז פאַרן עסן און שלאָפן. מען פלעגט זאָגן דעם מייסטער, אַז ער קען טאָן מיטן קינד וואָס ער וויל, ווייל פון איצט אָן איז דער „מייסטער“ דער טאַטע און די „מייסטעראָווע“ די מאַמע. דאָס קינד, מערסטנטייל נאָך זייער יונג, פלעגט געפינען די נייע היים גאַנץ אַנדערש, ווי די אַלטע. דאָ איז מער נישט געווען די פריינטלעכקייט פון אַ פאָטער און צערטלעכקייט פון אַ מוטער, נאָר די שטרענגקייט און בייזקייט פון אַ באַלע־

באַס, צוזאַמען מיט רשעות פון דער באַלעבאַסטע. הונגער, דערנידערונג און זייער אָפט אויך קלעפּ זיינען געווען די מעטאָדן, מיט וועלכע מען האָט זיך באַנוצט, אויסצולערנען דעם לערן־אינגל די מלאכה. אַלע האָבן זיך איבער אים „איזדעקעוועט". ווי קאָנטאָניסטן, פלעגן זיי ביינאַכט אויפן געלעגער זיך גוט אויסוויינען, כדי אויף מאָרגן ווידער קענען אָנהויבן אַ טאָג פון אַרבעט געמישט מיט פּיין.

## די לאַגע פון אַרבעטער בכלל

דאָס איז געווען אַן איבערגאַנגס צייט. פריער אָדער שפּעטער איז דער לערן אינגל געוואָרן אַ „געזעלן", וועלכער האָט געמוזט אָדער בלייבן אַרבעטן דאָרט, וואו ער האָט זיך אויסגעלערנט, אָדער זיך פאַרדינגען ערגעץ אַנדערש (בלויז די, וואָס פלעגן טאָן אַ גוטן שידוך אָדער אַן אַנדער נס האָט זיי געטראָפן, האָבן געקענט טראַכטן וועגן עפענען אַ וואַר־שטאַט פאַר זיך אַליין).

די לאַגע פון דעם אַרבעטער איז געווען אין יענע יאָרן אַ שוידערלעכע אין פּוילן זינען פון וואָרט. מען האָט געפּראַ־צעוועט פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט. נישט די אַרבעטס צייט און נישט דער לוין זיינען געווען פון פריער באַשטימט. ווען דער בעל־הבית אָדער בעל־הבית'טע האָט אַראָפּגעדרייט דעם קנויט פון נאַפט־לאָמפּ האָט מען געוואוסט, אַז עס איז צייט צו גיין אַהיים און צוריקקומען פאַרטאָג.

קיין דעה אין לעבן פון שטאָט אָדער אין לעבן פון דער געזעלשאַפט האָט דער אַרבעטער נישט געהאַט. די אַרבעטער זיינען שטענדיק באַצייכנט געוואָרן, ווי דער „המון", וועלכער טאָר אין קיין זאַך קיין דעה נישט האָבן: אין שול אָדער אין בית־המדרש מוז ער שטיין ביים טיר, אַן עליה קען ער קריגן אָדער ווען מען לייענט די „תוכחה" אָדער שמחת תורה עם כל הנערים. אין אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיטן עפנט־לעכן לעבן פון דער אידישער לאָמזע איז די גאַנצע דעה געווען אין די הענט פון די רייכע בעלי־בתים און כלי קודש.

## ערשטע סימנים פון פּראָטעסט

די עקאָנאָמישע לאַגע, גע'כופל'ט מיט דער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט, האָט געמאַכט דאָס לעבן פון די אידן אומ־דערטרעגלעך. צוליב די רדיפות און אונטערדריקונגען פון „צאַריזם" זיינען די אידישע אַרבעטער געווען דאָפּלט פאַר־שקלאַפט: ווי אַרבעטער און ווי אידן. עס האָט געמוזט קומען אַן אינערלעכער אויפרייס.

די אינטעליגענטערע אַרבעטער האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו אַזאַ אַרט לעבן. זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל קודם כל צו פאַרלייכטערן די אַרבעטס באַדינגונגען פון דעם אידישן אַרבעטער, דערציען אים און מאַכן באַוואוסט־זיניק געניג, ער זאָל קענען העלפן אין דעם קאַמף זיך צו באַפרייען פון צאַרישן יאָך.

זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די אידישע ישובים פון רוסלאַנד, ליטע און פּוילן מיט אַן אויפגאַבע צו הויבן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון די פאָלקס־מאַסן, אויסבעסערן און פאַרלייכטערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די אַרבעטער און דערוועקן ביי דער יוגנט די רעוואָלוציאָנערע געפילן קעגן אַלץ, וואָס איז שלעכט אין אידישן לעבן. מיט באַזונדערער שאַרפקייט איז צוגעגרייט געוואָרן דער שפּעטער אַזוי גוט באַקאַנטער אין דער געשיכטע אויפשטאַנד קעגן „צאַריזם".

אין יאָר 1897 איז געגרינדעט געוואָרן דער „אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער בונד" פון רוסלאַנד, ליטע און פּוילן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן באַקאַנט אין דער וועלט אַלס „דער בונד". ווי אַ בליץ, וואָס שניידט אַדורך די פינצטערניש, אַזוי האָט די גרינדונג פון „בונד" געווירקט אויפן לעבן פון די אידישע אַרבעטער. זיי האָבן אינסטינקטיוו דערפילט אַז דער „בונד" איז געקומען צו זיי ווי אַ דערלייזער. עס האָט נישט גענומען לאַנג און די גרויסע מאַסן „עצמות היבשות" האָבן געקראָגן אַ רוח חיים.

צוויי לאָזונגען האָט דער „בונד" געוואָרפן צווישן די מאַסן:

1. קאַמף קעגן עקספּלואָטאַציע. 2. קאַמף קעגן צאַ־ריזם. ביידע זיינען געווען שווערע און געפערלעכע אויפגאַבן. פּאַקטיש האָט דאָס באַדייט צוויי רעוואָלוציעס. די ערשטע האָט באַדייט אַ רעוואָלוציע קעגן דעם אָנגענומענעם שטייגער אין אידישן לעבן און די צווייטע האָט געמיינט אַ רעוואָלוציע קעגן מעכטיקן רוסישן צאַריזם.

עס איז שווער צו זאָגן, ווי אַזוי די ערשטע בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָמזשע איז געגרינדעט געוואָרן. קיינער ווייס נישט, ווייל אַלץ האָט געמוזט זיין שטרענג קאָנספּיראַטיוו. אין אַזאַ אַטמאָספערע פון קאָנספּיראַציע איז שטענדיק שווער צו וויסן ווער איז ווער; באַזונדערס געהיים זיינען געווען די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַ „פּסעוודאָנים" אָדער אַ פּאַרטיי נאָמען. בלויז גע־ציילטע האָבן געוואוסט ווער די הויפּט־פירער פון „בונד" אין לאָמזשע זיינען. פונדעסטוועגן איז באַוואוסט אַ צעטל פון נעמען, וועלכע האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין די יאָרן 1903, 1904 און 1905.

איינער פון די פּאָפּולערסטע נעמען אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבליבן ווי אַ סימבאָל פאַר אַלע שפּעטערדיקע דורות לאָמזשער בונדיסטן, איז געווען מאָטל ביאלי (זיין פּאַרטיי נאָמען — דער ווייסער). געקומען פון אַ רייכער פּאַמיליע (זיינע עלטערן זיינען געווען די אייגנ־

מאָטל ביאַלי

טימער פון אַ טאַרטאַק), האָט ער, נישט קוקנדיק אויף אַלע געפאַרן, זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און איז דערפאַר נישט נאָר באַליבט געוואָרן ביי די מאַסן, נאָר אים איז אויך געלונגען צו פאַראינטערע־סירן און אַריינציען אַ באַדייטנדן טייל פון דער אינטעליגענץ אין דער בונדישער באַוועגונג (ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון בונדישן ראַיאָנעם קאָמיטעט פון גאַנץ פּוילן; ביי דער אַרבעט איז ער טאַקע אַרעסטירט געוואָרן).

דער צווייטער וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער, איז יונה טענענבוים, רב מלכיאל'ס זון. אויב ביאַלי איז געווען באַקאַנט צווישן די מאַסן ווי איינער, וואָס האָט געוואַגט זיך איינצורייסן מיט זיינע רייכע עלטערן, האָט „יונה דעם

רב׳ס״ גע׳שמ׳ט מיט דעם וואָס ער האָט געוואַגט זיך קעגנצושטעלן זיינע רעליגיעזע עלטערן.

כון די אַנדערע היינט באַוואוסטע בונדישע טוער א־ן פירער פון יענער צייט זיינען באַקאַנט די נעמען פון: משה׳קע בריזמאַן, ל. ראָזענבערג (קאַרל מאַרק), ביידע אין אַמעריקע, חיים ראמאצקי (געשטאָרבן לעצטנס אין אַמעריקע), יונה׳לע דער סטאָלאַר (טראַגיש אומגעקומען אין לאָמזשע) און דר. קאַצענעלענבויגנ׳ס זון.

פון די פרויען, וועמעס נעמען עס זיינען געבליבן אין דער געשיכטע פון „בונד״ אין לאָמזשע פון יענער צייט, זיינען: חנה־רחל — די מאַמע פון „בונד״, מאַלקע, נחום שיינקער׳ס טאָכטער, און עטקעלע פינקלשטיין.

## די ווירקונג פון „בונד״ אויפן אַלגעמיינעם לעבן

אין די ערשטע צייטן האָט די אַלגעמיינע אידישע באַפעלקערונג געקוקט אויף די „בונדיסטן״ מיט אַ געפיל פון ביטול. די באַציאונג פון די עלטערן צו די קינדער, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער „בונדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג״, איז אין אָנהויב געווען מער חוזק, ווי שרעק: „זיי וועלן דאָס אַרונטערוואַרפן ניקאָלייען״ האָבן זיי געזאָגט. פון טאָג צו טאָג אָבער איז דער כח פון „בונד״ געוואָקסן און איז אַריינגעדרונגען אין יעדן ווינקל פון דער אידישער און אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

די אַרבעטער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין „סכאָדקעס״ לויט זייערע פאַכן. פאַר יעדן פאַך איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער פּלאַץ, וואו זיך צוזאַמענקומען און דערליידיקן זייערע פאַך ענינים. אַ געמישטן איינדרוק האָט געמאַכט אויף דער באַפעלקערונג דאָס אָרגאַניזירן די דינסט־מיידלעך אין אַ באַזונדערער סכאָדקע. עס איז שווער געווען פאַר זיי זיך פאָרצושטעלן, אַז אַ דינסט־מיידל זאָל שטעלן באַדינגונגען דער בעל־הבית׳טע. אָבער ווען די חברים פלעגן קומען רופן די דינסט־מיידלעך צו פאַרזאַמלונגען, האָבן די בעל־הבית׳טעס איינגעזען, אַז דאָס איז מער נישט קיין שפּאָס און האָבן אָנגעהויבן נאָכגעבן די פאָדערונגען. פון צייט צו צייט פלעגן אויסברעכן סטרייקס אין פאַרשידענע פאַכן. עס פלעגט זיך פאַרנאַנדערפלאַקערן אַ קאַמף ניט נאָר אין גאַס, צווישן אַרבעטער און בעל־הבית, נאָר עס פלעגן אויך אויסברעכן מחלוקת׳ן אין די בתי־מדרשים צווישן ביידע צדדים און אין אַ סך פאַלן פלעגן די מחלוקת׳ן אויך אַריינדרינגען אין די היימען. טאַטעס און קינדער זיינען געוואָרן צוויי וועלטן. דער קאָמיטעט פון „בונד״ האָט באַשטימט פאַר יעדן פאַך זיינעם אַ פאָרשטייער, וועלכער האָט צוזאַמען מיטן קאָמיטעט פון די אַרבעטער פון דעם באַשטימטן פאַך אָנגעפירט מיטן עקאָנאָמישן קאַמף און אויפגעקלערט זיי וועגן זייערע פּאָליטישע אויפגאַבן. דאָס זיינען געווען די אַזוי גערופענע „בירזשעס״.

דער לאָזונג וואָס האָט אַמשטאַרקסטן געווירקט אויף דער ברייטער מאַסע אַרבעטער איז געווען: אַ קירצערער אַרבעטס־טאָג פאַר אַ גרעסערן לוין. דאָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט די מאַסן, וועלכע פלעגן אַרבעטן פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויך די פאָדערונגען פון אַ געזיכערטן לוין פאַר דער אַרבעט האָט געפונען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג צווישן די אַרבעטער, וועמעס לוין עס איז געווען כמעט אַ נישטיקער.

דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ שטאַרקע צעטומלעניש צווישן די בעלי־בתים. אין אָנהויב האָבן זיי אַליין נישט געוואוסט, וואָס פאַראַ שטעלונג צו נעמען. צי זאָלן זיי זיך באַציען צו די „שוסטער יונגעץ״ און „שניידער יונגעץ״ מיט גרינגשעצונג אָדער זיי געבן דעם פּסק, וואָס עס קומט זיי. עס האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער ענין איז אַ סך ערנסטער, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

די אַרבעטער יוגנט האָט אונטער דער ווירקונג פון „בונד״ דערזען אַ ניי לעבן. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר זיי געעפנט. זיי האָבן דערהערט רייד, וואָס האָבן דערוועקט אין זיי זייער מענטשלעכע ווירדע און האָבן זיי געלערנט אויסצונוצן די מאַכט, וואָס זיי באַזיצן. זייער גאַנצער לעבן איז איינגעוויקלט געוואָרן אין אַ גוואַלדיקער ראָמאַנטיק. זיי האָבן אָנגעהויבן חלומ׳ען וועגן אַן אַנדער לעבן אין אַן אַנדער וועלט. דער אַרבעטער האָט אויך דערפילט זיין עקאָנאָמישן כח און די שטאָט האָט איינגעזען, אַז דאָס איז שוין גאָרנישט קיין שפּילכל.

פאַראַלעל מיט דער אָרגאַניזירונג פון די עקאָנאָמישע סכאָדקעס האָט דער „בונד״ אויך אַנטוויקלט אין לאָמזשע די פּאָליטישע טעטיקייט. עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די בעסטע מענטשן פון די פאַך קאָמיטעטן און זיי זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער פּאַרטיי, כדי צו אַנטוויקלען זיי פאַר דעם פּאָליטישן קאַמף.

די פּאָליטישע צוזאַמענקונפטן אָדער „סכאָדקעס״, פלעגן פאָרקומען אין פאַרשידענע פּלעצער, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי. די זיכערסטע פּלעצער זיינען געווען די וועלדער אַרום לאָמזשע. דער קאַלינאָווער וואַלד, דער יעגנאָצאָווער וואַלד און אַנדערע פאַרבאָרגענע נאַטור־פּלעצער, זיינען געווען די זאַמל־פּונקטן, וואו די „בונדיסטן״ פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן ביי אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. די קאָנספּיראַציע אַרום דעם איז געווען זייער שטרענג. אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט צו דעם פּלאַץ, וואו די פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן, זיינען געווען אויסגעשטעלט „בונדישע וועכטער״, וועלכע האָבן באַדאַרפט דורך ספּעציעלע סיגנאַלן געבן צו וויסן איינער דעם צווייטן וועגן פאַרדעכטיקטע פּערזאָנען אָדער וועגן אָנקום פון דער פּאָליציי. די „בונדיסטן״ האָבן צו יעדער פאַרזאַמלונג געהאַט אַ ספּעציעלן „פּאַראָל״ לויט וועלכן מען האָט זיך געקענט דערקענען. דאָרטן פלעגן דורכגעפירט ווערן ערשטע מאַי פייערונגען און פייערונגען פון אַנדערע אַרבעטער ימים־טובים, אויך רעפעראַטן וועגן דעם פּראָגראַם און צילן פון „בונד״.

נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט דורכצופירן אָפטע אַלגעמיינע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, פלעגט די אָרגאַניזאַציע פון צייט צו צייט איינאָרדענען אַן אויספלוג פון שיפלעך אויפן טייך נארעוו, וואו חברים און חבר׳טעס פלעגן שיפלענדיק זיך אויפן טייך ווייט אַוועק פון שטאָט, זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער און זיך פילן פריי אויסצושרייען אין דער הויך די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען.

אין שטאָט גופא פלעגט די בונדישע אָרגאַניזאַציע איינאָרדענען פון צייט צו צייט קלענערע פאַרזאַמלונגען, ביי וועלכע די פּראַקטישע און טעכנישע „בונדישע אַרבעט״ איז אַרומגערעדט געוואָרן. קיינער האָט אָבער נישט געוואוסט ווער עס מאַכט די אַלע באַשלוסן און פּלענער. וואָס די די גרופּן האָבן יאָ געוואוסט איז, אַז די באַפעלן פון דעם „פאַרבינדונגס מאַן״, דעם „קאָמיטעטשיק״ זיינען הייליק. מען טאָר קיין פראַגן נישט פרעגן און זיי מוזן פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן. דער לאָמזשער קאָמיטעט פון „בונד״ האָט איינגעשטעלט אַ פולן אַפּאַראַט אין שטאָט מיט אַ העקטאָגראַף (אַ קליינע געהיימע דרוקעריי), אַ געהיימען קאָמיטעט,

געהיימע פאַרבינדונגען סיי מיטן צענטראַל קאָמיטעט, סיי מיט די גרופּן אין און אַרום לאָמזשע און האָט אָנגעהויבן אויסשפּרייטן זיין השפּעה אויפן גאַנצן לאָמזשער ראַיאָן.

עס איז מערקווירדיק, טראָץ דעם, וואָס דער עלעמענט איז געווען אין זיין גרעסטער צאָל אומבאַוואוסטזיניק און וויניק אָדער גאָרנישט געבילדעט, האָט ער זיך אַנטוויקלט צו דער העכסטער שטופע פון קאָנספּיראַציע. די לערע פון קאָנספּיראַציע האָט באַגלייט די „בונדיסטן" אויף זייער גאַנצן לעבן, וואו נאָר זיי האָבן זיך אין די שפּעטערדיקע צייטן געפונען.

צוויי עלעמענטן האָבן געגעבן אַ ווידערשטאַנד דער בונדישער באַוועגונג: די בעלי־בתים און די צאַרישע רעגירונג. ביידע האָבן דערפילט, אַז די פּיילן פון „בונד" זיינען געצילט אין זיי. די בעלי־בתים האָבן נישט געקענט באַגרייפן די חוצפּה פון די געזעלן צו פאַרלאַנגען מער געלט און ווינציקער שטונדן, אַ מענטשלעכע באַציאונג צו זיי און אַ דעה אין שטאָט. די בעלי־בתים האָבן פּרובירט אָפּשטעלן די טעטיקייט פון „בונד" דורך אָנרייצן אויף די „בונדיסטן" די אונטערוועלט יונגען. די צאַרישע רעגירונג — דורך איר „גובערנאַטאָר", פּאָליציי־מייסטער און „פּריסטאוו" — האָט אין דער „קראַמאַלע" דערזען די געפאַר פאַר דעם גאַנצן רעזשים. און אויך די פּאָליציי האָט דערקלערט אַן אָפענעם קריג קעגן „בונד".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עס איז געווען לייכטער זיך צו ספּראַווען מיט דער אונטערוועלט, ווי מיט דער פּאָליציי, ווייל נאָך דעם ווי די אונטערוועלט־מענטשן האָבן געקראָגן עטלעכע מאָל גוט אָנגעבראָכן די ביינער, האָבן זיי איינגעזען, אַז דאָס איז „אַ שפּיל פאַרן טייוול" און נישט נאָר האָבן זיי דעם קאַמף קעגן „בונד" אויפגעגעבן, נאָר מיט דער הילף פון פּראָפּאַגאַנדע זיינען איניקע פון זיי איבערגעגאַנגען אין די רייען פון „בונד" און זיינען שפּעטער געוואָרן איבערגעגעבענע און העלדישע קעמפער אין דער „זעלבסטשוץ".

גאַנץ אַנדערש איז געווען דער קאַמף מיט דער פּאָליציי. לאָמזשע איז געשטעלט געוואָרן אונטער קריגס־צושטאַנד. עס זיינען געבראַכט געוואָרן ספּעציעלע „סאָטניעס קאָזאַקן". די שטאָט איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט שפּיאָנען. געפאַרן האָבן געלויערט אויף יעדן איינעם, אָבער דער צאַריזם האָט געמאַכט אַ טעות אין חשבון. אָנשטאָט אָנצושרעקן די „בונדיסטן", האָט דאָס נאָך מער פאַרנאַנדערגעבלאָזן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַזאַרד־שפּיל צווישן דעם „בונד" און דער פּאָליציי. אין די טעג פלעגט זיין שטיל און רואיק, דערפאַר אָבער פלעגן די נעכט ברויזן מיט פיבערישער טעטיקייט. דאָס קלאַפּן פון די „קאָזאַצקע פערדישע פּאַדקאָוועס" איבער די מיט שטיין־ברוקירטע לאָמזשער גאַסן האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף דער באַפעלקערונג, אָבער ניט אויף די „בונדיסטן". אין אַזוינע נעכט פלעגן אין פאַרשידענע הייזער, ווי אין קולקינ׳ס הויף, אין ליבעק׳ס פאָטאָגראַפישע סטודיאָ אויף רעמבלין, אין דר. קאַצענעלענבויגנ׳ס זונ׳ס צימער און אַנדערע קאָנספּיראַטיווע וואוינונגען זיצן גרופּן „בונדיסטן", וועלכע פלעגן אויף העקטאָגראַפן דרוקן פּראָקלאַמאַציעס, צוגרייטן פאָנען, אויסאַרבעטן פּלענער און אַרויסשיקן שטאַפעטן. מיט איין וואָרט, צוגרייטן די בונדישע טעטיקייט פאַרן קומענדיקן טאָג. און וואָס מער קאָזאַקן און שפּיאָנען עס פלעגן זיין אויף די גאַסן, אַלץ מער פלעגט די שטאָט אין פרימאָרגן זיין פאַרפּלייצט מיט פּראָקלאַמאַציעס.



הערץ קאַצענעלענבויגן
(דר. קאַצענעלענבויגנ׳ס זון, איינער פון די געהיימע פירער פון „בונד" אין לאָמזשע אין 1905)

## אַרעסטן און פּראָוואָקאַציעס

קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז ניט אויסגעהיט פון דורכפאַלן. אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי, וואָס ווערט אַ מאַסן באַוועגונג, קען ניט אויסגעהיט ווערן פון פּראָוואָקאַטאָרן אָדער אומפאָרזיכטיקע עלעמענטן, וועלכע דערפירן פון צייט צו צייט צו אַ דורכפאַל. אויך דער „בונד" אין לאָמזשע האָט געהאַט אייניקע פּראָוואָקאַציעס, ביי וועלכע אַ צאָל „בונדיסטן" זיינען אַרעסטירט געוואָרן, געזעסן אין לאָמזשער טורמע און זיינען פאַרשיקט געוואָרן אויף „סיביר". רעוויזיעס אין די היימען פון פאַרדעכטיקטע „בונדיסטן" איז געוואָרן אַ טאָג טעגלעכע דערשיינונג. אין מיטן דער נאַכט פלעגט פּלוצלונג אַ הויז אָדער אַ גאַס אַרומגערינגלט ווערן און פּאָליציי, געהיים אַגענטן און „זשאַנדאַרמען" פלעגן אַדורכפירן די רעוויזיעס. זייער זעלטן אָבער פלעגט זיך זיי איינגעבן צו געפינען דאָס אָדער דעם, וועמען זיי האָבן געזוכט, ווייל דער בונדישער אַפּאַראַט אין לאָמזשע האָט אַזוי גוט פונקציאָנירט, אַז אַ מעגלעכער דורכפאַל איז פאַרהיט געוואָרן אין פאָראויס.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן עטלעכע מאָמענטן, ווען אַ גרויסע צאָל „בונדיסטן" זיינען אַרעסטירט געוואָרן. דער ערשטער גרויסער אַרעסט איז געווען אַרום דער מעשה יעדוואָבנא.

אין דעם שטעטל יעדוואָבנא, באַוואוסט אַלס „הענטשקע־פאַבריק שטעטל", וואָס האָט זיך געפונען אַ פּופצן וויאָרסט פון לאָמזשע, האָבן די בעלי־בתים געצוואונגען די אַרבעטער צו קומען אַרבעטן שבת־צו־נאַכט. די אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם אָבער עס האָט זיי ניט געהאָלפן. ווען זיי האָבן זיך איינמאָל צוזאַמענגענומען און האָבן באַשלאָסן נישט צו פאָלגן, האָבן זיי דערפאַר געכאַפּט קלעפּ פון די בעלי־בתים. די יעדוואָבנער אַרבעטער האָבן געלאָזט וויסן דער לאָמזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" וועגן דער פּאַסירונג. דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט גלייך מאָביליזירט דעם „באָיעוואָי אָטריאַד" און מיט אַ וואָך שפּעטער האָבן זיי שבת זיך אַוועקגעלאָזט קיין יעדוואָבנא צו באַשיצן די יעדוואָבנער אַרבעטער, ווען זיי וועלן זיך ווידער אַנטזאַגן צו גיין אַרבעטן שבת־צו־נאַכט. זיכער, אַלס רעזולטאַט פון אַ מסירה, האָט די פּאָליציי זיך דערוואוסט וועגן דעם און אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף שנעל קיין יעדוואָבנא. די „בונדיסטן" זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן פון פאַרשידענע זייטן און זיינען געווען געצוואונגען דורך די פעלדער זיך צוריקציען קיין לאָמזשע. דעמאָלט איז אַ גרויסע צאָל געוואָרן אַרעסטירט און געזעסן אַ לאַנגע צייט אין טורמע.

דער צווייטער פאַל איז געווען, ווען אַ פירער פון די פוילישע אַרבעטער, אַ סטודענט, איז אַנטלאָפן פון לאָמזשע און אויפן וועג קיין אָסטראָלענקאָ איז ער, באָדנדיק זיך, דערטרונקען געוואָרן. זיין קערפּער איז געבראַכט געוואָרן צוריק קיין לאָמזשע און אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן דעמאָנסטראַטיוו זיך צו באַטייליקן אין דער לויה. ווען די טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן אים באַגלייט, זיינען אָנגעקומען צום קאַטוילישן צמענטאַר אויף די וויאַטראַקן, זיינען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון פּאָליציי, מיליטער און קאָזאַקן און אויך דאָרט זיינען אַ צאָל בונדיסטן אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. איינצלנע אַרעסטן פון די „בונדיסטן" זיינען פאָרגעקומען, אמת זייער זעלטן, דאָך פלעגט פון צייט צו צייט ווער עס איז פון די בונדישע טוער אַרעסטירט ווערן, מערסטנס צוליב אומפאָרזיכטיקייט, און אָפּזיצן אַ געוויסע צייט אין טורמע.

ווען מירריידן וועגן דער לאָמזשער טורמע, האָט זי פאַרדינט מען זאָל אַ פּאָר ווערטער וועגן איר פאַרלירן. אין לאָמזשע איז געווען אַ טורמע· אַן אַלטמאָדישע, אויף דער וויעסקע גאַס, צוגעפּאַסט פאַר קליינע אומבאַדייטנדע פאַרברעכער. ווען עס האָט פּאַסירט, אַז איינער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן פון אַן ערנסטן כאַראַקטער איז די אַלטע טורמע נישט געווען קיין זיכערער פּלאַץ פאַר אים. די צאַרישע הער־שער אין לאָמזשער גובערניע האָבן איינגעזען, אַז ס'איז נויטיק פאַר זיי צו האָבן אַ טורמע, וועלכע זאָל קענען אַריינעמען גענוג אַרעסטאַנטן און זאָל זיין געזיכערט, אַז קיין אַרעסטאַנט וועט פון דאָרט ניט קענען אַנטלויפן. עס איז אויפגעבויט געוואָרן די שפּעטער באַרימט געוואָרענע „לאָמזשער טורמע" אויפן „אוטשאַסטאָק", וואָס האָט געפירט צו די לאָמזשער מיליטערישע קאַזאַרמעס. שפּעטער איז די לאָמזשער טורמע געוואָרן אַ שם דבר איבער גאַנץ פוילן און אפילו רוסלאַנד. אין יענער צייט איז דאָס געווען איינע פון די „מאָדערנסטע טורמעס". אין איר האָבן געהאַט די זכיה צו זיצן זייער באַרימטע רעוואָלוציאָנערן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אויך באַרימטע בונדישע פירער.

טראָץ אַלע פאָרזיכטס מיטלען איז דאָך אין יאָר 1904 פאָרגעקומען אַן אויפשטאַנד פון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אין דער לאָמזשער טורמע. ווען די אַרעסטירטע זיינען געווען אויף זייער טעגלעכן שפּאַציר האָבן זיי זיך איינמאָל אַנטזאַגט אַריינצוגיין צוריק אין די קאַמערן ביז דער „נאַטשאַלניק" פון טורמע וועט אויפנעמען זייערע אַ דעלעגאַציע און אויס־הערן די פאַרלאַנגען אין באַדינגונגען, וואָס די אַרעסטאַנטן האָבן אים צו שטעלן. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת, זעענדיק די צַנטשלאָסנקייט פון די אַרעסטאַנטן און מורא האָבנדיק פאַר העכערער „נאַטשאַלסטווע", האָט דער נאַטשאַלניק אויפגענו־מען זייער דעלעגאַציע, נאָכגעגעבן אַ טייל פון די פאָדערונגען און דער בונט איז איינגעשטילט געוואָרן. דאָס האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אין שטאָט.

אומקערנדיק זיך צוריק צו די רעוואָלוציאָנערע אַקטן פון יענעם דור „בונדיסטן" איז וויכטיק צו דערציילן דעם אַקט פון חיים ראָמאצקי, וועלכער האָט אין מיטן גאַס געפּאַטשט דעם לאָמזשער פּאָליציי־מייסטער, פאָן פראַנקענשטיין, דערפאַר וואָס ער האָט ניט אַראָפּגענומען דאָס היטל, ווען דע־מאָנסטראַנטן האָבן אַרויפגעצויגן די רויטע פאָן.



חיים ראמאַצקי אויף קאַטאָרגע אין סיביר

אַן אָפטע דערשיינונג איז געווען דאָס וואַרפן „פּעטאַר־דעס". דאָס איז געווען היימיש געמאַכטע אויפרייס שטאָף אין אַ פאַרמאַכטער בלעכענער פושקע. דאָס פלעגט אויפרייסן מיט אַ קראַך אָבער אָן געפאַר פאַר מענטשלעכע לעבנס. מערסטנס פלעגן די „פּעטאַרדעס" געוואָרפן ווערן לעבן יאַנקאָווסקיס צוקערניע, אויפן נייעם מאַרק, ווען די אָפיצירן פלעגן דאָרט זיצן און פאַרברענגען.

איינער פון די איינדרוקספולע מאָמענטן אין דער גע־שיכטע פון „בונד" אין לאָמזשע פון יענער צייט איז מעווען דער אַרעסט פון מאַלקע נחום שיינקער'ס, חיים ראָמאצקי און נאָך איניקע, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרן פון דעם פּאָליציאַנט, וואָס איז געווען באַקאַנט צו אַלעמען אונטערן נאָמען: „דער משומד". קענענדיק גוט די אידישע שפּראַך פלעגט ער פאַרשטעלטערהייט, אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער, זיך אַרומדרייען אין די גאַסן צווישן מענטשן און אויסשפּיאָ־



די לאָמזשער טורמע „דאָס רויטע הויז" — (CZERWONIAK)

נירן וועגן אומלעגאַלע צוזאַמענקונפטן, וואָס דאַרפן פאָרקומען. אַזוי אַרום האָט ער אויסגעפונען, אַז אַ געוויסן אָוונט וועט מען אין אַ געוויסן פלאַץ זיך צוזאַמענקומען. דאָס איז געווען ערב אַ פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע, צו וועלכער מען האָט זיך צוגעגרייט. שפּעט ביינאַכט האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר און ריידנדיק אַ גוטן אידיש געגעבן אַ געוויסן צייכן, וועלכן קיינער האָט נישט פאַרדעכטיקט. ווען די, וואָס האָבן זיך געפונען אינעווייניק, האָבן געעפנט די טיר, האָבן זיי דערזען דעם שרעקלעכן טעות, וואָס זיי האָבן געמאַכט אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. דאָרט האָט מען אויסגעגנייט די בונדישע פאָן. אַלע זיינען אַרעסטירט געוואָרן. ביים פּראָצעס האָט חיים ראָמאַצקי גענומען אויף זיך די גאַנצע שולד און איז פאַר דעם פאַראורטיילט געוואָרן אויף קאַטאָרגע קיין סיביר. דעם משומד׳ס סוף איז געווען אַזאַ, ווי ער האָט פאַרדינט: די פּאָליטישע פאַרטייען האָבן איבער אים אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל. אין אַ שיינעם פרימאָרגן (פרייטיק איז דאָס געווען, אין אַ מאַרק טאָג) האָט אַ ביאַליסטאָקער מיטגליד פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן (ס. ר.) אַריינגעיאָגט עטלעכע קוילן אין זיין האַרצן און אים גלייך דערהרג׳עט.

עס האָט זיך אָנגערוקט די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה פון יאָר 1904. די מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי אין מאַנדזשוריע האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין לאַנד. די צאַרישע רעגירונג האָט זיך געפילט געצוואונגען נאָכצולאָזן אַביסל פון דעם שטרענגן רעזשים. אין אָקטאָבער 1905 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די קאָנסטיטוציע, וואָס צאַר ניקאָליי דער צווייטער האָט געגעבן צו אַלע בירגער פון רוסלאַנד. צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פאַרטייען האָט אויך דער לאָמזשער „בונד“ צוגעגרייט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אויפן אַלטן מאַרק צו פייערן דעם זיג. צוזאַמען מיט די לאָזונגען פון אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע און דירעקטע וואַלן, איז צום ערשטן מאָל אַרויסגערוקט געוואָרן די פאָדערונג פון אַן אַכט שעה׳דיקן אַרבעטס טאָג. דער „צאַר“ האָט אָבער גלייך חרטה געהאַט און אָנגעהויבן דערטרינקען די רעוואָלוציע אין בלוט.

## דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע

נאָך דעם, ווי די רעוואָלוציע איז דורכגעפאַלן, האָט איבער גאַנץ רוסלאַנד זיך פאַרנאַנדערגעגאָסן אַ כוואַליע פון רעאַקציע. אַ שטרענגע שטראָף־עקספּעדיציע איז אַרומגעפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך זיך נוקם צו זיין אָן די רעוואָלוציאָנערן. די פּאָליטישע פאַרטייען זיינען זיך פאַרנאַנדערגעפאַלן. ווער עס איז ניט אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן, איז אַנטלאָפן, וואו נאָר עס איז געווען אַ מעגלעכקייט צו לויפן. מען איז געלאָפן קיין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, אָבער די ווייט־גרעסטע מערהייט פון דער לאָמזשער יוגנט האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. די, וואָס זיינען געבליבן, האָבן אויפגעגעבן דעם פּאָליטישן קאַמף און האָבן זיך גרופּירט מערסטנס אַרום דער ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך געפונען אַ לענגערע צייט אין מושינסקי׳ס הויז אויפן נייעם מאַרק. שפּעטער, ווען עס האָבן זיך אַביסל איינגעשטילט די פאַרפאָלגונגען, איז יאָ דערלויבט געוואָרן אַ באַגרעניצטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין לאָמזשע, אָבער פון קיין רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער טעטיקייט האָט קיין רייד נישט געקענט זיין.

אַזוי האָט זיך געצויגן דער פּאָליטישער שטילשטאַנד ביזן יאָר 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

## די דייטשישע אָקופּאַציע

אין יאָר 1916, ווען די דייטשישע אַרמיי האָט פאַרנומען לאָמזשע, איז אויפגעקומען אַ דור „אשר לא ידע את יוסף“. פאַר זיי איז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געווען פרעמד, ווייל זיי זיינען נאָך קליינע קינדער געווען אין יענע יאָרן. זיי זיינען אויך געווען אומדערפאַרן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווייל אין די מלחמה יאָרן, ווען דער „צאַריזם“ האָט באַשולדיקט אַלע אידן אין שפּיאָנאַזש, איז קיין געלעגנהייט פאַר זיי נישט געווען געזעלשאַפטלעך זיך צו אַנטוויקלען. דערפאַר איז נאָכן אַריינקום פון די דייטשן דער דראַנג צו בילדונג דערגאַנגען ביי דער לאָמזשער אַרבעטער יוגנט צו דער העכסטער שטופע. אָבער אויך דעם באַגער איז אין די ערשטע צייטן געווען שווער צו באַפרידיקן. זייענדיק אַרבעטסלאָז און טיילווייז הונגעריק, איז די אַרבעטער יוגנט געווען געצוואונגען זיך צו פאַרדינגען צום דייטש אויף פאַרשידענע אַרבעטן. זיי זיינען געווען צעזייט און צעשפּרייט אויף פאַרשידענע וועגן און שאָסייען: אַ טייל האָבן געאַרבעט אויף צוואַנגס אַרבעט, אַ טייל — אויפן נאָוויגראַדער שאָסיי, אַנדערע — אַרום פּיאָנטניצע. גרויסע גרופּן זיינען געווען באַשעפטיקט ביים פאַרריכטן די בריקן אויפן נאַרעוו אין און אַרום לאָמזשע, אַזוי אַז עס איז אוממעגלעך געווען אָנצוהויבן אַ וועלכע ס׳איז פאָרם פון אָרגאַניזאַציע אָדער בילדונגס טעטיקייט.

## דער אָנהויב פון אַ נייער באַוועגונג

עטלעכע יונגע לייט, צווישן זיי זיינען געווען ל. בורשטינאָוויטש, א. ניימאַנאָוויטש, איטשע קוואַשנע, יודל גאָלדבערג, שלמה׳קע ניימאַרק, שלמה׳קע ברוכאַנסקי, האָבן שפּאַצירנדיק אויפן „דעפּטאַק“ זיך דורכגערעדט וועגן דער נויט און אומעט וואָס זיי באַגעגענען אויף שריט און טריט אין די היימען, אין גאַס און אין זייער גאַנצן לעבן. זיי האָבן באַשלאָסן צו שאַפן פאַר זיך עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָל קענען באַטראַכט ווערן ווי אַ גייסטיקע היים. זיי האָבן געדונגען אַ צימערל אין אַן אויבער־שטיבל, ביי טוביה בערמאַן, האָבן דאָרט איינגעאָרדנט אַ שטיקל לייען־זאַל, האָבן אַפילו פּרובירט זיך אָננעמען די קריוודע פון באַ׳עוולה׳טע אַרבעטער, אָבער מער ווי עטלעכע מאָנאַטן האָבן זיי דאָס ניט געקענט אָנהאַלטן.

אַ טראַגישער צופאַל האָט געגעבן אַ שטויס דער לאָמזשער יוגנט, ספּעציעל דער אַרבעטער יוגנט, זיך צו אָרגאַניזירן. עס האָט פּאַסירט אַן אומגליקספאַל מיט אַ יוגנטלעכן. זיין נאָמען איז געווען יעקב אימיאַק. אַרבעטנדיק אויפן נאָווי־גראַדער שאָסיי, איז ער דערדריקט געוואָרן אויף טויט פון אַ „קאָלייקע“, וועלכע איז באַנוצט געוואָרן איבערצופירן די בוי־מאַטעריאַלן.

זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע פון זיינע חברים און האָבן געטראַכט וועגן געפינען אַ וועג זיך צוזאַמענצוהאַלטן כדי, ווען עס פּאַסירט עפּעס מיט אימיצן, זאָל ער ניט זיין עלנט און אַליין. דעם געדאַנק האָבן זיי פאַרשפּרייט צווישן זייערע חברים. אַזוי אַרום איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גענוגנדיקע אין צאָל גרופּע, וואָס האָט געדונגען אַ דירה פון צוויי צימערן אין הויז פון אַברהם סענדאַק, אויף פּאָלאָווע גאַס. דאָרט פלעגן זיך צוזאַמענקומען די יוגנטלעכע אַרבעטער, זיצן אויפן באַלקאָן, זיך איינהערן צו דער מוזיק, וואָס עס פלעגט שפּילן דער מיליטערישער אָרקעסטער אין שפּאַציר־גאָרטן און נישט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך.

ביסלעכווייז האָט די גרופּע אָנגעהויבן באַקומען אַן אויסגעפורעמטע געשטאַלט. מיט דער גרופּע האָבן זיך פאַראינטע־



גרינדער פון
„אַרבעטער בילדונגס־פּאַראיין"
געגרינדעט אין 1917

פון רעכטס צו לינקס (זיצנדיק): י. מילצערסקי, י. פינקעלשטיין, פּ. גייסט, —, שיינקאָפּ. (שטייענדיק): מ. יאַשינאָווסקי, קופּעצקי, ש. ניימאַרק און קוואַשני.

רעסירט צוויי וועטעראַנען פון דער לאָמזשער אַרבעטער באַוועגונג: פּנחס גייסט, דער „עסעסאָוועץ", און יונה׳לע ראָטשילד, דער „בונדאָוועץ".ביידע האָבן אָנגעהויבן אויף אַן אומדירעקטן אופן פּראָפּאַגאַנדירן זייערע לאַנג־יאָריקע אידעאישע איבערצייגונגען. מאָטל ביאַלי איז צום אָנהויב אָפיציעל מיט דער גרופּע נישט געווען פאַרבונדן. אָבער וויסנדיק זיין פאַרגאַנגענהייט, זיינען דעלעגירט געוואָרן צו אים די צוויי אַקטיווע טוער פון דער גרופּע — שלמה׳קע ניימאַרק און לייבל בורשטינאָוויטש — איבערצוגעבן אים וועגן דער אַנטשטייאונג פון דעם פאַראיין און בעטן אים צו העלפן די צימערן אויסמעבלירן.

הערנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ביאַלי צו זיי געזאָגט: „דער טאַרטאַק איז אייערער און אַלע מאַטעריאַלן, וואָס איר דאַרפט אויף אויסצומעבלירן דעם לאָקאַל, קענט איר קומען נעמען". עס זיינען צונויפגערופן געוואָרן די עקספּערטן־סטאָלאַרעס מיט יונה׳לען אין דער שפּיץ. עס איז אויסגערעכנט געוואָרן וויפל מאַטעריאַל עס איז נויטיק אויף צו מאַכן טישן, בענק און אַנדערע נויטיקע איינריכטונגען. די זעלבע צוויי זיינען אַוועק מיט אַ וואָגן אין „טאַרטאַק", געבראַכט דעם מאַטעריאַל און די סטאָלאַרעס האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן.

מיט דער צייט האָבן זיך אין פאַראיין געשאַפן גרופּן, וועלכע זיינען געווען אַן אָנזאָג פון דער אַנטשטייאונג פון אַ פּאָליטישער באַוועגונג. בלייבן אין די צימערן איז געוואָרן אוממעגלעך: ערשטנס דערפאַר, ווייל דער לאָקאַל האָט אָנגעהויבן ווערן צו קליין פאַר דעם שטראָם פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אָן דעם פאַראיין אָנגעשלאָסן; אויך דערפאַר, ווייל קעגנאיבער איז געווען איינקוואַרטירט די דייטשישע געהיים־פּאָליציי פאַר דער שטאָט לאָמזשע, אין וועמענס שכנות עס האָט זיך נישט געגלוסט צו זיין. דער לאָקאַל איז אויפגעגעבן געוואָרן און עס איז גענומען געוואָרן אַ פיל גרעסערער לאָקאַל אויף דער רזשאָנדאָווער גאַס ביי פרוי ביאַלאָסטאָצקי. דער לאָקאַל איז אָפיציעל לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער דייטשישער מאַכט אונטערן נאָמען: „אַרבעטער בילדונגס־פאַראיין".

ניט נאָר די מאַסן אַרבעטער האָבן גענומען שטראָמען אין דעם פאַראיין, נאָר אויך די פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט זיך אָן דעם פאַראיין אָנגעשלאָסן.

אונטערן איינפלוס פון פּנחס גייסט האָבן זיך מיט דעם פאַראיין פאַראינטערעסירט: יעקב־שיע ראָזענטאַל, איטשע קאָכאַנאָוויטש, מאַרקעוויטש, לייקע גאָלדבערג (שפּעטער, פרוי גייסט), חנה סאָקאָלאָווער (שפּעטער, פרוי מאַרקעוויטש), בישקע ראָזען, שלמה מושינסקי און הינדע ראָטשילד. עס איז דערוויילט געוואָרן אַ געזעצלעכע פאַרוואַלטונג און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעגאַלע טעטיקייט.

אַביסל שפּעטער, ווען די פירער פון דער יוגנט־ביבליאָטעק האָבן איינגעזען, אַז דער „אַרבעטער בילדונגס־פאַראיין" איז אַן איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציע פון אַ מאַסן כאַראַקטער, האָבן זיי באַשלאָסן איבערצוגעבן די ביבליאָטעק צו דעם „פאַראיין" און שטעלן זי אינגאַנצן אונטער דער אויפזיכט פון דער פאַרוואַלטונג.

## די אַנטשטייאונג פון פּאָליטישע גרופּירונגען

די אַרבעטער, וואָס זיינען געוואָרן מיטגלידער אין דעם „בילדונגס פאַראיין", זיינען נישט געקומען אַהין אַלס רעזולטאַט פון זייערע איבערצייגונגען, זיי זיינען הויפּטזעכלעך געוואָרן מיטגלידער דערפאַר, ווייל זיי האָבן אין דעם „פאַראיין" געזען אַ פּלאַץ, וואו זיי וועלן זיך קענען אַלזייטיק אויסלעבן. די פאַרוואַלטונג האָט איינגעטיילט איר אַרבעט אין דריי טיילן:

1. אָרגאַניזיר אַרבעט — אַריינציען וואָס מער יוגנטלעכע.
2. בילדונגס און אויפקלערונג.
3. פאַרוויילונגען.

אַלע דריי אַרבעטן זיינען געווען לייכט אַדורכצופירן. די מאַסן האָבן אָן אויפהער געשטראָמט אין פאַראיין. די בילדונגס און אויפקלערונגס אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם פעאיקן פּנחס גייסט און מיט די פאַרוויילונגען האָט אָנגעפירט דער באַגאַבטער הערשל וואָלאָוויטש.

עס איז נאַטירלעך אַז פּנחס גייסט, וועלכער איז פון זיין יוגנט אָן געווען אַן „עסעסאָוועץ", זאָל פירן די אויפקלערונגס־אַרבעט אַזוי, אַז די אידעע פון טעריטאָריאַליזם זאָל קריגן דעם געהעריקן אָפּקלאַנג. קעגן אים האָט זיך נעבאַך מיט שוואַכע כחות געראַנגלט דער איינפאַכער סטאָלאַר אַרבעטער, אָבער פאַנאַטישער בונדיסט, יונה׳לע ראָטשילד.

דער דורכשניטלעכער מיטגליד פון פאַראיין האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימפּאַטיעס צו דעם אָדער יענעם פּאָפּולער



יונה (יונה׳לע) ראָטשילד אין לאָמזשער טורמע
(אונטער דער „צאַרישער״ הערשאַפט)

געוואָרענעם טוער, צו דער אָדער יענער פּאָליטישער אידעאָ־לאָגיע. די עסעסאָווצעס האָבן אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע לעקטאָרן און האָבן אין דער שטיל אָנגעהויבן בויען אַ ס. ס.׳אישע פּאַרטיי. אינסטינקטיוו האָט אַ גרופּע אַרבעטער, מיטגלידער פון פאַראיין, דערפילט אַז די טעריטאָריאַליסטישע אידעע איז נישט צוגעפּאַסט צו זייער לעבנס־אויפפאַסונג; דערצו נאָך האָבן זיי זיך אָנגעהערט וועגן דעם בונדישן ראָמאַנטיזם, ספּעציעל וועגן דער „לעגענדע ביאַלי״ און אין אַ געוויסן אָוונט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פינף מענטשן און האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע. די פינף זיינען געווען: יונה ראָטשילד, הענאַך סאבאטקא, לייזער סעגאַלאָוויטש, גרשון בערל קארניקס און עטקעלע פינקעלשטיין.

אין דער נאַכט פון ערשטן סדר, אין פּסח פון יאָר 1917, איז אין יונה׳לע ראָטשילד׳ס וואוינונג אויף דער קרוטקער גאַס, אין טוביה בערמאַנ׳ס הויז, אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע גרויסע גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון דער באַנייטער אומלעגאַלער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין לאָמזשע.

דער אָרגאַניזיר קאָמיטעט האָט דעלעגירט די חברים: ה. סאבאטקא און גרשון בערל קאָרניקס צו אינפאָרמירן ביאַלי׳ן וועגן דער פאַרזאַמלונג און באַאיינפלוסן אים, אַז ער זאָל קומען און אויפקלערן די פאַרזאַמלטע, וואָס עס מיינט „בונד״ און וואָס עס מיינט צו זיין אַ „בונדיסט״. די, וואָס זיינען ביי יענער פאַרזאַמלונג געווען, וועלן דעם מאָמענט קיינמאָל אין זייער לעבן נישט פאַרגעסן. פאַר אַ סך פון די פאַרזאַמלטע זיינען אפשר ביאַלי׳ס רייד געווען אומפאַר־שטענדלעך, אָבער פון דעם פייער אין די אויגן האָט מען געקענט זען, אַז יעדער איינער באַגרייפט, וואָס דאָ קומט פאָר. אַ שעה צייט האָט ביאַלי גערעדט. אין זיין שטימע האָבן אַ סך פון די פאַרזאַמלטע געהערט קלאַנגען פון יענע רעוואָלוציאָנערע יאָרן אין וועלכע זייערע עלטערע ברידער און שוועסטער האָבן זיך באַטייליקט. אין יענער נאַכט זיינען אַ סך קינדער געקומען אַהיים, ווען זייערע טאַטעס האָבן שוין געהאַלטן אין מיטן אָפּריכטן דעם סדר, אָבער אין

דער ליל שמורים, אין יענער סדר־נאַכט איז ווידער געבוירן געוואָרן די „בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָמזשע״.

דער „אַרבעטער בילדונגס פאַראיין״ איז פּאַקטיש געווען דער צענטראַלער פונקט פון דער לאָמזשער אַרבעטער־יוגנט. צו די צוויי גרופּן אין פאַראיין איז אין גיכן צוגעקומען אַ דריטע. די מער נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע מיטגלידער פון דעם „בילדונגס פאַראיין״ האָבן פאָרמירט אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער פירערשאַפט פון „פּועלי־ציון״ און האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערער אָרגאַניזאַציע.

געבליבן אין פאַראיין זיינען די צוויי גרופּן: די „עס־עס״ אָדער ווי זיי האָבן זיך שפּעטער גערופן די „פאַראייניקטע״ און דער „בונד״. צווישן די צוויי גרופּן איז געשלאָסן געוואָרן אַ נישט אָנגריף אָפּמאַך. יעדע גרופּע האָט געמעגט פריי פּראָפּאַגאַנדירן איר אידעאָלאָגיע און ווערבירן מיטגלידער אין די רייען פון „בילדונגס פאַראיין״. פּאָליטיש אָבער האָט יעדע גרופּע געפירט אַ זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט.

לאָמזשע האָט קיין אייגענעם אידישן טעאַטער נישט געהאַט. פון צייט צו צייט פלעגן קומען קיין לאָמזשע גאַסט־ראָלירנדיקע טרופּן אַרטיסטן. דערפאַר אָבער האָט לאָמזשע געהאַט אַן אַמאַטאָרן טרופּע, וועלכע האָט זיך געקענט פאַרגלייכן אפילו צו פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן. אין שפּיץ פון דער טרופּע איז געשטאַנען יאַנקל מלינאַרטשיק. צוזאַמען מיט הערשל וואָלאָוויטש און הינדע ראָטשילד פלעגן זיי דורכפירן פון צייט צו צייט טעאַטער־פאָרשטעלונגען. דער „אַרבעטער בילדונגס פאַראיין״ האָט איינגעלאַדן הערשל וואָלאָוויטש און הינדע ראָטשילד אָנצופירן מיט דער פאַר־ווייַלונגס טעטיקייט פאַר די מיטגלידער. אַ דאַנק זיי ביידן און מיט דער מיטהילף פון פידל שפּילער, חיים וואָלאָווסקי, זיינען דורכגעפירט געוואָרן אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע און מוזיקאַלישע פאַרווייַלונגס פּראָגראַמען.

דער „בונד״ איז געוואָקסן מיט אַ ריזיקער שנעלקייט. אויך דער נייער לאָקאַל איז געוואָרן צו קליין אַריינצונעמען די גרויסע צאָל נייע מיטגלידער. אין יאָר 1917 האָט דער „אַרבעטער בילדונגס פאַראיין״ זיך אַריינגעצויגן אין דעם לאָקאַל פון געוועזענעם „הזמיר״, וועלכער האָט עקזיסטירט פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאַקובאָווסקי׳ס הויז אויף דער לאַנגער גאַס. דאָס איז געווען דער גרעסטער לאָקאַל, וואָס לאָמזשע האָט געהאַט, צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע.

ערשט דאַן האָט די פּאָליטישע און קולטורעלע טעטי־קייט זיך פאַרנאַנדערגעוואָקסן אין פולן שוואונג. די קול־טורעלע און פאַרווייַלונגס־טעטיקייטן זיינען געפירט געוואָרן דורך אַ געמיינזאַמער פאַרוואַלטונג פאַר דער גרויסער מיט־גלידערשאַפט פון פאַראיין. פאַר פּאָליטישער אַרבעט אָבער האָט יעדע גרופּע געהאַט איר באַזונדערן קאָמיטעט, וועלכער פלעגט קריגן אַ באַשטימטן צימער אָנצופירן די פּאַרטיי־אַרבעט. אַזוי ווי דער גרויסער זאַל פון פאַראיין האָט געקענט אַרייננעמען עטלעכע הונדערט מענטשן, פלעגן כמעט יעדע וואָך דורכגעפירט ווערן לעקציעס אין אויפקלערונגען אויף פאַרשידענע טעמעס. זייער פּאָפּולער זיינען אין יענער צייט געוואָרן די לעקציעס, וואָס יעקב ישעיה ראָזענטאַל פלעגט געבן אויף וויסנשאַפטלעכע טעמעס, באַזונדערס די טעמע וועגן איינשטיינ׳ס „רעלאַטיוויטעט טעאָריע״.

אין גאַנג און אין דער אַנטוויקלונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן טוער און פירער פון די רייען פון די מאַסן גופא. שווער צו געדענקען אַלעמענס

נעמען, אָבער זאָלן פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון די, וואָס האָבן מיט זייער איבערגעגעבנקייט, מיט זייער אידעאַליזם גע־האָלפן אַוועקשטעלן די לאָמזשער בונדישע אָרגאַניזאַציע אויף דער הויך, אויף וועלכער זי איז געשטאַנען. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון: לייבל סטאלארטשיק, וועלכער איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, וואו ער האָט זיך אַקטיוו באַ־טייליקט אין דער „מערץ רעוואָלוציע" פון יאָר 1917, און איז געווען אַ פאָרשטייער אין איינעם פון די סאָלדאַטן־ראטן אין דער קערענסקי־עפּאָכע, דוד דאָמאָוויטש און בערל ברום, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון דייטשישער געפאַנג־שאַפט, בערטשע קאָלטשעק, משה ראכלין און יונה'לע ראָט־שילד. פון דעם אינגערן דור: הענאַך סאבאטקא, גרשון בערל קאָרניקס, יאַנקל דזשערזשגאָווסקי, לייבל צעכאַנאָוויטש, חיים טשערוואנקע, א. ליבערמאַן, א. שניידער, בערטשע קרעמער, ש. פיגא, די ברידער יצחק און חיים לובין, שלמה געלצינסקי, די ברידער נאָטע און חיים זבענאָוויטש. צווישן די „בונדיסטקעס" האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די חבר'טעס: חוה קאָלטשעק, די דריי שוועסטער: זלאַטקע, נאימע און שיינטשע פיגא, די שוועסטער: חנה און אסתר גענזלער, הינדע פינקעלשטיין, חייטשע קרעמער (היינט אידא סאבאטקא), די שוועסטער: עטקעלע און פייגע פינקעלשטיין און מנוחה האַלפערן פון פינסק.

אַ באַזונדער אָנגעזעענעם אָרט אין דער לאָמזשער אָרגאַ־ניזאַציע פון „בונד" האָט פאַרנומען די פאַמיליע סעגאַלאָוויטש. דער פאָטער, די מוטער און אַלע פיר זין: בערל, לייזער, ישעיה און וועלוול זיינען געווען אַקטיווע און אָנגעזעענע מיטגלידער אין „בונד" (וועגן זייער טראַגישן סוף וועט אויסקומען שרייבן אַביסל שפּעטער).

אַ נייע גרופּע אינטעליגענטן האָט זיך דערנענטערט צו דער „בונדישער באַוועגונג" און איז געוואָרן אַ טייל פון דער אָרגאַניזאַציע. צו די פריער שוין אָנגעשלאָסענע אינ־טעליגענטן: מאָטל ביאַלי, שלאמע מושינסקי, בישקע ראָזען און קאסטעלאנסקי, זיינען צוגעקומען: מרדכי פּאָסעסארסקי, שמואל זאראמב, זלאַטקע ברזשעזשינסקי און ראָזע קאגאַן.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן קריגן אַן השפּעה אויף דעם אַלגעמיינעם לעבן אין שטאָט. די פּאָליטי־שע טעטיקייט האָט געמוזט געפירט ווערן אין געהיים, ווייל די דייטשישע אָקופּאַנטישע מאַכט איז געווען זייער שטרענג און האָט נישט דערלאָזט קיין שום עפנטלעכע פּאָליטישע אַקטיוויטעט.

די „לעבנס־פראַגן", דער צענטראַלער אָרגאַן פון „בונד", איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ סך עקזעמפּלאַרן צווישן דער לאָמזשער אַרבעטערשאַפט. דער „בונד" איז ווידער גע־וואָרן אַ כּישוף־וואָרט. עס האָט צוריק אויפגעלעבט די בונדישע ראָמאַנטיק און זיין אַ „בונדיסט" האָט ווידער געמיינט זיין אַ רעוואָלוציאָנער אויף אַלע געביטן פון לעבן. נאָך אַן איבעררייס פון איבער צען יאָר, איז אין דער שטיל צוגעגרייט געוואָרן די ערשטע מאַי פייערונג. דאָס האָט געזאָלט זיין די ערשטע אומלעגאַלע, אָבער עפנטלעכע דע־מאָנסטראַציע פון די לאָמזשער אַרבעטער אין טאָג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום טוב, דעם „ערשטן מאַי".

דאָס איז געווען אַמי 1917, 11 אַזייגער אין דער פרי. פון אַלע זייטן האָבן גענומען שטראָמען „פּאָרלעך" צום שפּאַציר גאָרטן. דאָרט האָבן אַלע, דורך אַ סיגנאַל, אָנגעטאָן רויטע שלייפלעך אויף די לאַצן און פון די זייטיקע שטעגלעך האָט די מאַסע אָנגעהויבן זיך צו ציען צו דער הויפּט אַלעע. קורץ פאַר דעם, ווי די רעדנער האָבן געדאַרפט אָנהויבן האַלטן זייערע רעדעס, האָבן זיך אויף די באַלקאָנען, קעגן איבער דעם שפּאַציר גאָרטן, באַוויזן דייטשישע אָפיצירן, וועלכע זיינען אין יענע הייזער איינגעשטאַנען און האָבן אָנגעהויבן שרייען צו די פאַרזאַמלטע, זיי זאָלן זיך פאַרנאַנדער־גיין. זייענדיק זיכער, אַז די דייטשישע אָפיצירן וועלן גלייך אַרויסרופן די סאָלדאַטן, וואָס זיינען געווען איינקוואַרטירט אויף פּלאָווע גאַס, נישט ווייט פון שפּאַציר גאָרטן, האָבן די אָנפירער פון דער דעמאָנסטראַציע גלייך אויפן מאָמענט באַשלאָסן איבערצואוואַרפן די מאַסע דעמאָנסטראַנטן אין אַן אַנדער פּלאַץ. מיט אויסגעשרייען: „נידער מיטן דייטש, נידער מיטן אָקופּאַנט", זיינען די דעמאָנסטראַנטן אַוועק צו די בערג אויפן וועג צום „אוטשאַסטאָק", נישט ווייט פון דער נייער טורמע. דאָרט אויף די בערג זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן וואַכן און אונטן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מאַסן מיטינג, ביי וועלכן עס האָבן גערעדט: מאַטעס מושינסקי פון די „פאַראייניקטע" און ה. סאבאטקא פון „בונד". ווען דייטשישע סאָלדאַטן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום פּלאַץ, איז די פאַרזאַמלונג שוין געווען פאָראיבער און דער עולם האָט אַוועקגעשפּאַצירט אין פאַרשידענע ריכטונגען.

עטלעכע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן זיינען פאָרגעקומען אין פאַרבינדונג מיט אָט דער מאַי־פייערונג. דאָס פאַרנאַנדער־שיקן פּראָקלאַמאַציעס איבער די שטעט און שטעטלעך פון פוילן איז פאַר דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" געווען אַן ערנסטער ענין. די דייטשישע געהיים פּאָליציי האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף אַלע די, וואָס פלעגן פירן פּעקלעך אויף די באַנען. זיי האָבן דאָס געטאָן צוליב דעם שמוגל, וואָס איז אָנגעגאַנגען און אויך צוליב דער פאַר־שאַרפטער פּאָליטישער טעטיקייט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט.

קורץ פאַר דעם ערשטן מאַי איז אין לאָקאַל פון „בילדונגס פאַראיין", געקומען אַ היפּש־דיקלעך מיידל און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן בונדיסט אין לאָמזשע. נאָך דעם, ווי זי האָט געגעבן אַ באַשטימטן צייכן, האָט מען איר צוזאַמענגעבראַכט מיט דעם חבר. זי האָט געבעטן מען זאָל איר אַוועקפירן אין אַ באַזונדערן צימער. זי איז געבראַכט געוואָרן אין אַ פּריוואַט הויז פון איינער פון די „בונדישע" חבר'טעס און דאָרט האָט זי אויסגעטאָן פון זיך אירע קליידער און איר גאַנצער קערפּער איז געווען



אַריינגאַנג צום שפּאַציר־גאָרטן.



בונדישער קאָמיטעט אין לאָמזשע
אין יאָר 1920

פון רעכטס: בערל ברום, לייבל סטאָלאַרציק, העניאך סאבאָטקא, מרדכי פאַסעסאַרסקי און גרשון בערל קאָרניקס.

אַרומגעוויקלט מיט פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן פון צענטער, פון וואַרשע, פאַר דעם גאַנצן לאָמזשער ראַיאָן. איבעריק צו זאָגן, אַז ווען זי האָט אָנגעטאָן צוריק אירע קליידער האָט זי אויסגעזען גאַנץ אַנדערש: אַ דינע, שלאַנקע מיידל.

דער צווייטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע טעג שפּעטער: אין דער נאַכט פאַרן ערשטן מאַי זיינען פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן פּראָקלאַמאַציעס איבער אַלע גאַסן פון שטאָט און אויף אַלע רעגירונגס־אַמטן. ווען די דייטשן האָבן דערזען די פּראָקלאַמאַציעס ביים אַריינגאַנג צום „קרייזאַמט“, האָבן זיי דאָס זייער פאָרזיכטיק אַראָפּגענומען פון דער וואַנט און האָבן גערופן בישקע ראָזען, וועלכער האָט געקענט גוט די דייטשע שפּראַך, אַז ער זאָל דאָס איבערזעצן אין דייטש און זיי דערקלערן דעם אינהאַלט פון דער פּראָקלאַמאַציע. (זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז ראָזען איז איינער פון די פירער פון „בונד“.)

איינע פון די וויכטיקע אויפגאַבן פון דער „בונדישער“ אָרגאַניזאַציע איז געווען צו ברענגען רעפערענטן, וועלכע זאָלן דורך זייערע רעפעראַטן פּאָפּולאַריזירן די „בונדישע“ אידעאָלאָגיע און גלייכצייטיק צעמענטירן די אָרגאַניזאַציע. דער ערשטער בונדישער רעפערענט, וואָס איז געקומען קיין לאָמזשע, איז געווען הערשל הימלפאַרב (איצט אין ניו־יאָרק). זיינע אַרויסטרעטונגען האָבן שטענדיק געלאָזן אַ טיפן רושם אין שטאָט. זיין רעפעראַט אויף דער טעמע: „תורה, ציון און לשון קודש“, אין וועלכן ער האָט פאַרנאַנדערגעגלידערט די גאַנצע בונדישע אויפפאַסונג פון לעבן, אין קעגנזאַץ צו די אויפפאַסונגען פון די רעליגיעזע און נאַציאָנאַליסטישע ריכטונגען, האָט אויפגעשטורעמט די אַרבעטער־מאַסן און האָט זיי געבראַכט אין די רייען פון „בונד“.

אַ וויכטיקע געשעעניש אין לעבן פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז געווען דאָס קומען פון וולאַדימיר מעדעם קיין לאָמזשע. די גאַנצע בונדישע אָרגאַניזאַציע איז אַרויס



די פאַרשפּרייטער אין לאָמזשע פון דער בונדישער טעגלעכער צייטונג אין פוילן ,לעבנס־פראַגן׳

אים באַגעגענען. טשאַכאַנסקיס טעאַטער, וואו מעדעם האָט געהאַלטן זיין רעפעראַט אויף דער טעמע: „דער ציוניזם", האָט געצויגן אַ געוואַלדיק גרויסן עולם. עס איז געווען אַ פּאַסירונג אין שטאָט.

צווישן די אַנדערע אָנגעזעענע בונדישע לעקטאָרן, וואָס האָבן באַזוכט לאָמזשע אין יענע יאָרן זיינען געווען: ב. מיכאַלעוויטש, א. זיגעלבוים, מ. אָרזשעך, נ. שאַפראַן, י. ליפּשיטץ, חבר'טע דינה, בראָנקע און פיל אַנדערע.

## דער „בונד" אין לאָמזשער ראַיאָן

אויך אין שטעטלעך אַרום לאָמזשע האָבן אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן בונדישע אָרגאַניזאַציעס. אין יאָר 1917 איז פאָרגעקומען די ערשטע ראַיאָן־קאָנפערענץ פון די „בונדישע" אָרגאַניזאַציעס אין לאָמזשער ראַיאָן, צו וועלכער עס זיינען געקומען דעלעגאַטן פון לאָמזשע, סטאַוויסק, זעמבראָווע, אָסטראָלענקע, זאַראָמב, אָסטראָוו און גראַיעווע.

די ערשטע ראַיאָן־קאָנפערענץ פון לאָמזשער ראַיאָן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין הויז פון חוה קלאַטשעק, אויף דער שקאָלנע גאַס. צוליב פאָרזיכטיקייט זיינען די דעלעגאַטן געקומען פאַרטאָג און זיינען נישט אַרויס פון וואוינונג ביז עס איז געוואָרן פינסטער. צוויי זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, אָבער כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט מאָטל ביאַלי ביי־צוזיין ביי איין זיצונג, ווייל צוליב קאָנספּיראַציע האָט ער נישט געקענט קומען, איז די דריטע זיצונג אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין „טאַרטאַק", ביי מאָטל ביאַלי אין הויז.

אין יאָר 1918 האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט דער קאַמף צווישן דער פוילישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע: „פּ. אָ. וו." („פּאָלסקאַ אָרגאַניזאַציאַ וואָסקאָוואַ") קעגן דער אָקופּאַציע מאַכט. צוליב דעם כסדרדיקן איבערפאַל און סאַבאָטאַזש אַרבעט, וואָס די געהיימע פוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פלעגט אַדורכפירן, איז לאָמזשע געשטעלט געוואָרן אונטער קריגס־צושטאַנד. דאָס האָט באַדייטנד געשטערט די אַרבעט פון „בונד". די לאָמזשער „בונדישע אָרגאַניזאַציע" האָט מיט דער „פּ. אָ. וו." נישט מיטגעאַרבעט. דער „בונד" איז אָבער געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די „פּעפּעסאָווצעס" און צוזאַמען מיט זיי געפירט דעם קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן.

נאָך דער פאַרשפּילטער מלחמה און דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז פאָרגעקומען דער אָפענער אויפשטאַנד פון די פּאָלאַקן קעגן דייטש. ווען דער הויפּט־פירער פון דער „פּ. אָ. וו." אין לאָמזשע איז דערשאָסן געוואָרן, האָט די „פּ. אָ. וו." אָפיציעל איינגעלאַדן דעם לאָמזשער „בונד" זיך צו באַטייליקן אין דער לויה, וואָס זיי האָבן אַראַנזשירט. דאָס האָט פאַקטיש געמיינט אַן אָפיציעלע אָנערקענונג צום „בונד", ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאָלפן אין דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון פוילן.

## דער „בונד" אין באַפרייטן פוילן

נאָך דעם ווי דער דייטש איז פאַרטריבן געוואָרן און פוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, זיינען די פּאָליטישע פּאַרטייען אַרויס פריי אין דער עפנטלעכקייט. אויף דער פוילישער גאַס איז די „פּ. פּ. עס." געוואָרן די אָפיציעלע פּאַרטיי פון פוילישן אַרבעטער און אויף דער אידישער גאַס האָט דער „בונד" אָנגעהויבן לעגאַל פירן זיין טעטיקייט. אין פוילן איז אין יענער צייט געשאַפן געוואָרן די „פּ. פּ. עס־אישע מאָראַטשעווסקי־רעגירונג" און אין אַלע גרעסערע שטעט פון פוילן האָבן די אַרבעטער איבערגענומען די שטאָט פאַרוואַלטונגען.

אין לאָמזשע איז דער „פּעפּעסאָוויעץ" שווידערסקי געוואָרן דער פּרעזידענט פון מאַגיסטראַט. ער האָט געשאַפן די „פאָלקס־מיליץ" (מיליציאַ לודאָוואַ), וועלכע איז פאַקטיש געווען אַ באַוואָפנטע אַרבעטער־מיליץ, און די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן זיך געפילט פריי אין פולן זין פון וואָרט.

דער ערשטער מאַי פון יאָר 1919 איז געפייערט געוואָרן געמיינזאַם מיט די פוילישע אַרבעטער דורך ריזיקע מאַניפעסטאַציעס. אָנגעהויבן האָט זיך די דעמאָנסטראַציע פון דער געביידע פון דער „אַלטער טורמע", וואו עס האָט זיך איצט געפונען דער לאָקאַל פון דער פּ. פּ. עס." (פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) און אירע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען און האָט זיך געצויגן איבערן „נייעם מאַרק" דורך דער „לאַנגער גאַס" צום „אַלטן מאַרק", וואו פאַרן מאַגיסטראַט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ריזיקער מיטינג. פאַרשטעלטע פּראָוואָקאַטאָרן האָבן פּרובירט דורך אַ פּראָוואָקאַציע די דעמאָנסטראַציע אויפצורייסן, אָבער די שנעלע האַנדלונג פון דער באַוואָפנטער „לודאָווע מיליציע", וועלכע האָט באַגלייט די דעמאָנסטראַציע און דאָס דערשיינען פון שטאָט פּרעזידענט צוזאַמען מיטן קאָמיסאַר פון דער „לודאָווער מיליציע" אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָט באַרואיקט די דעמאָנסטראַנטן און האָט צעשטערט די פּלענער פון די פּראָוואָקאַטאַרז. די דעמאנסטראנטן האבן, נאכן אַפּהאַלטן אַ ריזיקע מאַסן־פאַרזאַמלונג, זיך צוריקגעקערט דורך דער „דוואָרנער גאַס" צוריק צום לאָקאַל פון די פוילישע אַרבעטער, וואו די דעמאנסטראציע איז אויפגעלייזט געוואָרן. פון דאַמאָלט אָן איז איינגעשטעלט געוואָרן אַן אייגענע פאַרבינדונג צווישן „בונד" און פּ. פּ. עס", וואָס האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט.

די אידיליע צווישן „בונד" און די „פאַראייניקטע", וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסע צייט, האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך אָפּקילן. דער אידעאָלאָגישער קאַמף איז געוואָרן שאַרפער און אָפענער. אַנשטאָט געמיינזאַמער אַרבעט פאַרן „בילדונגס־פאַריין" איז יעדער איינער געוואָרן מער פאַראינטערעסירט אין דער פּאַרטיי־אַרבעט ביז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו ליקווידירן דעם געמיינזאַמען לאָקאַל און יעדע פּאַרטיי זאָל זיך גיין איר אייגענעם באַזונדערן וועג.

דער „בונד" האָט געדונגען אַ פּאַסיקן לאָקאַל אין זדאַלעקער'ס הויז אויפן אַלטן מאַרק. דאָרט איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן די שוין דאַמאָלס רייכע ביבליאָטעק, וועלכע איז נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט די „פאַראייניקטע" איבערגעגעבן געוואָרן אינגאַנצן אין רשות פון „בונד", דערפאַר ווייל דער „בונד" איז אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן כוח אין אַלגעמיינעם לעבן אין שטאָט. כדי צו אונטערשטרייכן דעם „בונדישן" כאַראַקטער פון דעם נייעם לאָקאַל, איז ער לעגאַליזירט געוואָרן אונטערן נאָמען „גראָסער־קלוב" אין אָנדענק פון דעם פאַרשטאָרבענעם „בונדישן" פירער, בראָניסלאַוו גראָסער, און די ביבליאָטעק איז אָנגערופן געוואָרן „מעדעם ביבליאָטעק" אויפן נאָמען פון וולאַדימיר מעדעם.

אין דעם לאָקאַל האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט אַ טעטיקייט אויף אַלע געביטן. עס איז אָנגעשטעלט געוואָרן הערשל וואָלאָוויטש אָנצופירן מיטן דראַמאַטישן קרייז און י. שטיינוואָרצל אַלס דיריגענט פון דעם „גראָסער־כאָר".ביידע קולטור־אינסטיטוציעס זיינען שנעל פּאָפּולער געוואָרן אין שטאָט און זייערע אונטערנעמונגען האָבן געצייגן אַ באַדייטנדן עולם. די מיטגלידער פון „גראָסער־קלוב" האָבן דאָרט געקראָגן בילדונג, פאַרווייַלונג און פּאָליטישע דערציאונג. די פּאַרטיי האָט פון דאָרט אָנגעפירט מיט דער „בונדישער" טעטיקייט אין שטאָט.

אין יאָר 1920 איז אויסגעבראָכן די אָפענע מלחמה צווישן רוסלאַנד מיט פוילן. אַ גרויסע צאָל מיטגלידער איז דאַן מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי. דאָס האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך אָפּגעשוואַכט אויך די „בונדישע אָרגאַניזאַציע", אָבער די פאַרבליבענע האָבן אונטער אַלע פייערן פון דער פוילישער דעפענסיווע פאָרגעזעצט די אַרבעט.

## די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

גלייך ווי עס איז אַנשטאַנען די „בונדישע" אָרגאַניזאַציע איז אויך געקומען דער געדאַנק וועגן גרינדן „פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען" אין די פאַכן, אין וועלכע די אידישע אַרבעטער־יוגנט איז געווען אַממערסטן פאַרטראָטן.

נאָך אין דער צייט, ווען די דייטשן זיינען געווען אין לאָמזשע, איז שוין געגרינדעט געוואָרן אַ ביוראָ, וועלכע זאָל אַרבעטן אין דער ריכטונג. דער סעקרעטאַר פון ביוראָ איז געווען א. שניידער פון קאָלנע (שפּעטער אין בריסק; אומגעבראַכט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן). ווען דער „בונד" האָט געהאַט זיין אייגענעם לאָקאַל איז אויך די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פאַנאַנדערגעוואָקסן געוואָרן. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון שוסטער־אַרבעטער, קאַמאַשן־מאַכער, שניידערס, האָלץ־אַרבעטער און די באַשעפטיקטע אין די דערנערונגס־פאַכן. יעדער פאַך האָט געהאַט זיין פאַרוואַלטונג און אַלע פאַכן האָבן געגרינדעט אַ צענטראַלע ביוראָ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט.

דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער צענטראַלער ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז געווען דער שרייבער פון די שורות. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אויך אַנטשטאַנען אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די טראַנספּאָרט־אַרבעטער אָדער, ווי זיי זיינען געווען באַקאַנט אין לאָמזשע אונטערן נאָמען „לאָמזשער טרעגער. ביי דער גרינדונג פון דעם פאַראיין און בעת זיין אויפהאַלט האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע דער באַפולמעכטיקטער פון דער צענטראַלע פון די טראַנספּאָרט־אַרבעטער אין פוילן, חבר ב. טאַבאַטשינסקי, איצט איינער פון די פירער פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, וועלכער פלעגט אָפט קומען קיין לאָמזשע פון ביאַליסטאָק אין די אינטערעסן פון „בונד".

אין די ערשטע יאָרן, ווען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען אַנטשטאַנען, איז ווערט זיך אָפּצושטעלן אויף איינער פון די ערשטע אויפגאַבן וואָס די פאַכן האָבן זיך געשטעלט, דאָס איז געווען: דאָס אָפּשאַפן דעם „חול־חמועד־מאַרק". עס איז געווען אַן אָנגענומענער מנהג, אַז חול־המועד סוכות זאָלן די אַרבעטער פון לאָמזשע און פון די שטעטלעך אַרום אַרויסקומען אויפן אַלטן מאַרק און דאָרט פלעגן די בעלי־הבתים זיי דינגען אויפן זמן אָדער אויפן יאָר. דער האַנדל פלעגט פאָרקומען מערסטנס אין די שענקן. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע אָט דעם סיסטעם אָפּצושאַפן, ווייל מען האָט געקענט אָפּזאָגן דעם אַרבעטער צו יעדער צייט, ווען דער זמן האָט זיך געענדיקט. לויט דעם סיסטעם האָט מען געקענט אַרונטעררייקן די לוינען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. דאָס אָפּשאַפן דעם זמן־סיסטעם איז נישט לייכט אָנגעקומען, אָבער עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער „מאַרק" און די בעלי־הבתים האָבן זיך געמוזט ווענדן צום פאַראיין, ווען זיי האָבן געוואָלט אָנשטעלן אַרבעטער.

די טעטיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז די מלחמה צווישן רוסלאַנד און פוילן איז געוואָרן פאַרשאַרפט, און כמעט די גאַנצע יוגנט איז מאָביליזירט געוואָרן.



אַ גרופּע מיטגלידער פון „בונד" (1916).
פון לינקס: חייטשע קרעמער, עטקעלע פינקעלשטיין, „יאַנקל", אסתר גענזלער, פייגל פינקעלשטיין. אין פאָדערגרונט זיצנדיק: חנה גענזלער.

## די אינוואַזיע פון דער רוסישער אַרמיי

אין יולי 1920 האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען לאָמזשע. ווי עס פירט זיך ביי די קאָמוניסטן, ווען זיי ווילן געפינען דעם צוטרוי פון די אַרבעטער אין פאַרנומענע לענדער, האָט די „באָלשעוויסטישע" מאַכט, וואָס האָט איבערגענומען לאָמזשע, דערלויבט אַלע פּאָליטישע פאַרטייען צו עקזיסטירן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן די הערשנדיקע פּאַרטיי. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן דער „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט) מיט פאָרשטייער פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן באַדאַרפט פאַרוואַלטן מיט די ציווילע ענינים, אונטער דער אויפזיכט פון „קאָמוניסטישע פּאָליטישע קאָמיסאַרן". אין דעם „רעווקאָם" זיינען אויך געווען פאַרטראָטן די צוויי פּאָפּולערע אַרבעטער פירער: מאָטל ביאַלי און פנחס גייסט, וועלכע האָבן שפּעטער דערפאַר שיר נישט באַצאָלט מיטן לעבן.

דער „בונד" האָט זיך גלייך איבערצויגן צוריק אין דעם פריערדיקן לאָקאַל אויף דער לאַנגער גאַס, אָבער נאָך איידער ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך ווי געהעריק איינצואָרדנען, האָט די רויטע אַרמיי געמוזט אָפּטרעטן פון לאָמזשע און צוזאַמען מיט איר איז אַוועק פון שטאָט כמעט די גאַנצע יוגנט אויס מורא פאַר דער צוריקקומענדער פוילישער אַרמיי. אַלץ וואָס ס'איז געלונגען צו ראַטעווען, זיינען געווען די ביכער פון ביבליאָטעק און דעם „בונדישן" אַרכיוו, וועלכן ש. פיגא מיט נאָך עטלעכע חברים האָבן אין זעק איבערגעטראָגן אין הויז פון חוה קאָלאַטשעק און זי האָט דאָס אונטער די גרעסטע געפאַרן אויסבאַהאַלטן.

## דער „בונד" נאָך דער רוסיש־פוילישער מלחמה

אַז די מורא פון דער אידישער יוגנט אין לאָמזשע פאַר דער צוריקקומענדער פוילישער אַרמיי איז געווען אַ באַרעכטיקטע האָט זיך אַרויסגעוויזן גלייך ווי די פּאָליאַקן האָבן זיך גענומען דערנענטערן. די ערשטע טראַגישע פּאַסירונג מיט אַ גרופּע „בונדיסטן" איז פאָרגעקומען אין דאָרף באַרגלאָווע, הינטער גראַיעווע. די פוילישע אַרמיי האָט אָפּגעשניטן דעם וועג און האָט אויסער די אָפּטרעטנדיקע רו־

סישע סאָלדאַטן, אויף פאַרכאַפּט אַ גרופּע אַנטלויפנדיקע יוגנט. צווישן זיי זיינען געווען די 5 „בונדיסטן״: דריי ברידער לייזער, ישעיה און וועלוול סעגאַלאָוויטש, חיים־לייזער שאַפּיראָ און נחום כמיעלעווסקי. טראַגיש איז געווען זייער אומקום. די „האַלערטשיקעס״ האָבן זיך אויף דעם שוידערלעכסטן אופן „איזדעקעוועט״ איבער זיי. אַמטראַגישסטן האָט זיך דאָס אָפּגערופן אויף דער פאַמיליע סעגאַלאָוויטש. דריי פון די פיר זין זיינען אין דער גרופּע געווען און אַלע זיינען זיי אומגעקומען. דער פאָטער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער מרה־שחורה און די מוטער איז פון צער גערירט געוואָרן פון זינען.

דאָס איז בלויז געווען אַן אָנהויב. די פּאָליאַקן, פאַרנעמענדיק לאָמזשע, האָבן מיט אַ ווילדער נקמה זיך גענומען אָפּרעכענען מיט דער אידישער באַפעלקערונג. מענטשן זיינען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די היימען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט יוחנן קריסטאָל (דער קישקעמאַכער), חיים גאָראָדזינסקי (דער עסיק מאַכער), און טעוול בלימאָוויטץ. זיי זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ שוידערלעכן אופן נישט זייענדיק שולדיק אין קיין פאַרברעכן. די אידישע באַפעלקערונג איז געווען שרעקלעך אָנגעשראָגן און טעראָריזירט.

ביסלעכוויז האָט זיך איינגעשטעלט אָרדנונג אין שטאָט, אַ ציווילע אַדמיניסטראַציע האָט צוריק אָנגעהויבן פאַרוואַלטן מיט די שטאָט ענינים און איינע פון די ערשטע אויפגאַבן איז געווען אָנצוהויבן גע‏זעצלעך שיקאַנירן די אידישע באַפעלקערונג.

אַרעסטן האָבן זיך אָנגעהויבן אויף רעכטס און אויף לינקס. יעדער איינער, אויף וועמען נאָר זיי האָבן געהאַט דעם מינדסטן חשד, איז אַרעסטירט געוואָרן. דער אַממערסטן באַרימט געוואָרענער אַרעסט און פּראָצעס איז געווען פון די צוויי חברים: מאָטל ביאַלי און פּנחס גייסט, וועלכע זיינען געווען וויכטיקע פיגורן אין לאָמזשער „רעווקאָם״.

נישט נאָר דאָס געריכט און די לאָמזשער באַפעלקערונג האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן אַרעסט פון ביאַלי־גייסט, נאָר די גאַנצע פּוילישע פּרעסע איז אין דעם פּראָצעס פאַראינטערעסירט געוואָרן. געהאַנדלט האָט זיך וועגן דעם, וואָס די באַשולדיקטע האָבן געטענה׳ט, אַז ווען זיי וואָלטן דערלאָזן דערצו, אַז דער „רעווקאָם״ זאָל זיין אינגאַנצן אין קאָמוניסטישע הענט, אָדער אַז די קאָמוניסטישע מיליטערישע מאַכט זאָל פאַרוואַלטן מיט דער שטאָט, וואָלט לאָמזשע אין איניגע טעג אויסגעליידיקט געוואָרן פון אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ ווערט. די קראָמען און אפילו די פּריוואַטע הייזער וואָלטן אויף אַ „געזעצלעכן״ אופן צעראַבירט געוואָרן. מיט זייער זיין אין „רעווקאָם״ האָבן זיי פּאַקטיש געראַטעוועט לאָמזשע פון אַן עקאָנאָמישן אונטערגאַנג. אַרום דעם האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטע דעבאַטע אין דער פּוילישער פּרעסע און אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. דער סוף איז געווען, אַז אַלע האָבן זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון די טענות און אין זייער אומשולד. די באַשולדיקטע זיינען באַפרייט געוואָרן.

אַן ענלעכער פּראָצעס איז פאָרגעקומען איבער אַ פירער פון „בונד״ אין קאָלנע. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרראַט צו פּוילן דערפאַר, ווייל ווען די באָלשעוויקעס זיינען געווען אין קאָלנע איז ער געווען איינער פון די וויכסטיקסטע פּאָליציי באַאַמטע אין שטאָט. זיין פּראָצעס איז שוין פאָרגעקומען מיט אַלע קליפּערלעך. נאָכן אָפּזיצן חדשים אין דער לאָמזשער טורמע, איז ער געשטעלט געוואָרן צו אַן אָפענעם געריכט. אַדוואָקאַט האָניגוויל (היינט אין אַמעריקע) האָט אים פאַרטיידיקט און נאָכדעם, ווי עס איז באַוויזן געוואָרן, אַז מיט זיין אָנטייל אין דער קאָלנער פּאָליציי זיינען אַ סך פאַרמעגנס אויסגעהיט געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי, איז אויך ער באַפרייט געוואָרן.

צוליב די אַרעסטן און פּראָצעסן איז נויטיק געווען צו שאַפן אַ „בונדישן רויטן קרייץ״, וואָס האָט קודם באַזאָרגט מיט שפּייז און אַנדערע נויטיקע זאַכן די אַרעסטירטע און האָט זיי אויך באַזאָרגט מיט פאַרטיידיקער אין געריכט. צו דעם „בונדישן רויטן קרייץ״ האָבן זיך געווענדעט אַלע אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועמענס מיטגלידער זיינען געווען אַרעסטירט, איינשליסנדיק אויך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. דער „בונדישער רויטער קרייץ״ האָט געזאָרגט פאַר אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע, אָן אונטערשייד צו וועלכער פּאָליטישער ריכטונג זיי האָבן געהערט. צו וויכטיקע פּראָצעסן איבער קאָמוניסטן איז אפילו געקומען דער באַרימטער בונדישער פירער, אַדוואָקאַט הענריק הערליך, זיי פאַרטיידיקן אין געריכט (דערפאַר האָבן די קאָמוניסטן אים שפּעטער אָפּגעצאָלט; זיי האָבן אים צוזאַמען מיט וויקטאָר אַלטערן אָן אַ משפּט דערשאָסן אין קויבישעוו אין יאָר 1941).

מאָראַליש האָט דער „רויטער קרייץ״ געהויבן דעם פּרעסטיזש פון „בונד״. ביסלעכוויז האָבן זיך צוריקגעקערט גרופּן פון דער אַנטלאָפענער יוגנט און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן סמנים פון פּאָליטישער אַקטיוויטעט.

אַזוי ווי קעגן דער „פּראָפעסיאָנעלער״ באַוועגונג איז די פּוילישע מאַכט נישט געווען אַזוי פאַרביטערט, ווי קעגן דער פּאָליטישער, איז די ערשטע אויפגאַבע, וואָס די צוריקגע־




לאָמזשער קדושים אומגעקומען דורך די פּאָליאַקן אין 1920

5 בונדיסטן דערהרגעט געוואָרן דעם 5טן סעפּטעמבער 1920 אין באַרגעלאָווע ביי גראַיעוואָ. אויבן (פון רעכטס): די דריי ברידער הערש לייזער, ישעיהו יעקב און וועלוול סעגאַלאָוויץ. אונטן: נחום כמילעווסקי און חיים לייזער שאַפּיראָ.

קומענע „בונדיסטן“ האָבן זיך געשטעלט, געווען ווידער אויפצולעבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען. עס זיינען געשאַפן געוואָרן דריי פאַראיינען: פון נאָדל, לעדער און האָלץ־בראַנזשעס, וועלכע האָבן זיך לעגאַליזירט און וועלכע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ צימער אין דער פּריוואַטער וואוינונג פון דוד דאָמאָוויטש, אויף דער „קזשיווע קאָלאָ“ גאַס. אַרום די דריי פאַראיינען האָבן זיך ווידער גענומען גרופּירן די „בונדיסטן“. אינגיכן איז ווידער געשאַפן געוואָרן אַ „בונדישע


דוד דאַמאָוויץ

גרופּע“. די פאַראיינען זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן צו די קאלאטשקעס אין הויז. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די ביבליאָטעק. אַ פּאָליטישער לעבן איז באַנייט געוואָרן אויף אַלע געביטן.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. ס'איז זיי געלונגען צו באַזייטיקן די מורא פאַר פאַרפאָלגונגען און די מאַסן האָבן ווידער גענומען שטראָמען אין די פאַראיינען. אין יענער צייט האָט זיך אין לאָמזשע געפונען דער בונדישער טוער, י. שאַטאַן (היינט אין קאַנאַדע), וועלכער איז געשיקט געוואָרן פון די צענטראַלע בונדישע אינסטאַנצן מיטצואַרבעטן מיט דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. פאָרמעל איז ער געווען אַ בוכהאַלטער פון בונדישן אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוו „איינסקייט“. אָבער פאַקטיש האָט ער אָנגעפירט מיט דער בונדישער טעטיקייט אין שטאָט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן דערקלערט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, כדי צו אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער, וואָס זיינען נאָך נישט געווען אָרגאַניזירט. אַ גרויסער מאַסן־מיטינג איז גערופן געוואָרן אין לאָקאַל פון די „פּועלי ציון“, ביי וועלכן פאַרטרעטער פון אַלע פאַראיינען האָבן גערעדט צו די שטרייקערס. אָבער דורך אַ פּראָוואָקאַציע האָט די פּאָליציי זיך דערוואוסט וועגן דעם מיטינג, דאָס גאַנצע הויז איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן, אַלע אָנוועזנדע זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן און פּערזענלעך רעווידירט געוואָרן און דער חבר שאַטאַן, צוזאַמען מיט איינעם נישט קיין לאָמזשער, וועמענס נאָמען עס איז אין שטאָט געווען ווינציק באַקאַנט, נאָר מען האָט אים גערופן „דער חלוץ“, זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די פּראָוואָקאַציע האָט געהאַט פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג. אָנשטאָט אָנצושרעקן, האָט דאָס פאַרשטאַרקט דעם בונטאַרן גייסט ביי די מאַסן.

אַ צווייטער לאַנג־פאַרצויגענער שטרייק איז געפירט געוואָרן אין דער לאָמזשער צוקערלעך־פאַבריק פון פּישל צעכאַנאָוויטש. דער אייגנטימער פון דער פאַבריק איז געווען פאַר'עקשנ'ט און האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן די גערעכטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער אין זיין פאַבריק פאַר אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג און אַ בעסערן לוין. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז געלונגען דעם שטרייק צו פאַרענדיקן.

אַ מערקווירדיקער פאַל האָט פּאַסירט אין דער שטאָט קאָלנע: די צענטראַל־ביוראָ פון לאָמזשע האָט אויך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין די שטעט און שטעטלעך אַרום אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אויך אין קאָלנע איז אַזאַ פאַראיין געגרינדעט געוואָרן. די שניידער אַרבעטער האָבן דערקלערט אַ שטרייק פאַר דער אָנערקענונג פון זייער פאַראיין. איינער פון די שטרייקערס איז געווען אַ זון, וואָס האָט געאַרבעט ביים טאַטן. דער קאַמף צווישן טאַטן און זון האָט זיך צעפלאַקערט אַזוי, אַז דער טאַטע האָט גע'מסור'ט די פירער פון שטרייק פאַר דער פּאָליציי. די פּאָליציי האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך אַרעסטירט דעם שטרייק־קאָמיטעט, צווישן וועלכן עס איז אויך געווען זיין זון. אַלע אַרעסטירטע זיינען געבראַכט געוואָרן אין לאָמזשער טורמע. נאָכדעם, ווי עס איז געלונגען דעם „בונדישן רויטן קרייץ“ זיי צו באַפרייען, האָט דער זון קאַטעגאָריש זיך אנטזאַגט צו גיין צוריק צו זיין פאָטער און ער האָט זיך איינגעאָרדנט אין לאָמזשע.

## דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו

צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס די „בונדישע אָרגאַניזאַציע“ האָט ווידער אויפגעלעבט, איז געווען דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו „איינסקייט“, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער רזשאָנדאָווער גאַס, אין קאַנאַרעקס הויז. אין דער קראָם איז פאַרקויפט געוואָרן שפּייז און אַנדערע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך צו פּרייזן, זייער צוגענגלעכע פאַר דער אַרבעטער באַפעלקערונג. די אָנגעשטעלטע אין דעם קאָאָפּעראַטיוו זיינען געווען דוד דאָמאָוויטש און אַלטער קרעמער. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אויך געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביים פאַנאַנדערטיילן די מלבושים, וואָס דער „פּיפּלס


אַלטער קרעמער

רעליף־קאָמיטעט“ פון אַמעריקע האָט צוגעשיקט פאַר דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג. אַלע אין שטאָט האָבן געהאַט דעם פולסטן צוטרוי צו דער פאַרוואַלטונג פון קאָאָפּעראַטיוו, סיי וואָס אָנבאַלאַנגט דעם קאַמף קעגן יקרות, ווי אויך די ערלעכקייט און אומפּאַרטייאישקייט ביים פאַנאַנדערטיילן די געשיקטע מלבושים־פּעקלעך פון אַמעריקע.

## „רעכטע“ און „לינקע“ אין בונד

אין יענער צייט איז אין „בונד“ פאָרגעקומען אַן אינערלעכער קאַמף צווישן די דריי גרופּירונגען אַרום דער פראַגע פון די 21 פּונקטן, וואָס דער „קאָמינטערן“ האָט פאַרלאַנגט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז זיי זאָלן אָננעמען, אַלס אָנשלוס־באַדינגונגען. די לאָמזשער אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ „רעכטע“. ביים אומלעגאַלן צוזאַמענפאָר פון „בונד“ אין דאַנציג האָט די פראַגע געדאַרפט ענדגילטיק

באַשלאָסן ווערן. די דעבאַטע אין דער פּאַרטיי אַרום דעם איז געווען אַ שאַרפע און אָפטמאָל אַ פאַרביטערטע.

פאַר יעדער פון די דריי גרופּירונגען אין דער פּאַרטיי איז דאָס דערוויילן אירע דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר געווען אַ וויכטיקע אויפגאַבע. פאַר דעם צוועק איז גערופן געוואָרן אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון אַלע אָרגאַניזאַציעס אין לאָמזשער ראַיאָן. די פּאָליציי האָט געהאַלטן אַן אויג אויפן „בונד". עס איז שווער געווען אָפּצוהאַלטן די ראַיאָן־קאָנפערענץ אויף אַן עפנטלעכן פלאַץ. באַזונדערס פאָרזיכטיק האָט מען געמוזט זיין דערפאַר, ווייל צו דער קאָנפערענץ זיינען געקומען די וויכטיקסטע מענטשן פון צענטראַל קאָמיטעט, די פירער: נח פּאָרטנאָי, פאָרזיצער, באַקאַנט אונטערן נאָמען חבר „יוזעף", און דער סעקרעטאָר פון צענטראַל־קאָמיטעט, עמנואל נאָוואָגרודזקי. פון די קאָמ־בונדיסטן איז געקומען ישעיהו זאָמבראָווסקי (קאָמאַשנמאַכער). צוליב זיכערקייט איז די קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי מאָטל ביאַלי אין הויז. דעם זעלבן טאָג, וואָס די קאָנפערענץ האָט זיך געדאַרפט עפענען, האָט מאָטל ביאַלי צוגעגרייט אַ געבורטסטאָג־פייערונג פאַר זיין זון יצחק. צו אים אין הויז זיינען דאַן געקומען אַ סך קינדער און געסט. דאָס האָט לייכטער געמאַכט פאַר די דעלעגאַטן פון דער בונדישער קאָנפערענץ צו קומען אַהין, נישט דערוועקנדיק קיין שום חשד פון דער פּאָליציי. אין דעם גרויסן צימער האָבן די געסט זיך געוויילט, נישט וויסנדיק, אַז אין מאָטל ביאַלי'ס פּריוואַטן קאַבינעט זיצן די פירער פון „בונד" אין לאָמזשער ראַיאָן צוזאַמען מיט די וויכטיקסטע פירער פון „בונד" אין פּוילן און דיסקוטירן וויכטיקע פּראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

געזיגט אויף דער לאָמזשער ראַיאָן קאָנפערענץ האָט דער רעכטער פליגל פון „בונד" און ה. סאָבאָטקאָ איז דערוויילט געוואָרן צו פאַרטרעטן דעם לאָמזשער ראַיאָן ביים „בונדישן צוזאַמענפאָר" אין דאַנציג.

### די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט"

דורך דער גאַנצער צייט, וואָס די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט, האָט פּאַראַלעל מיט איר עקזיסטירט דער יוגנט בונד „צוקונפט". די אויפגאַבן פון דער „צוקונפט" אָרגאַניזאַציע איז געווען אויסצואיבן איר השפעה אויף די יינגערע אַרבעטער, וועלכע האָבן צוליב זייער עלטער נאָך נישט געקענט באַלאַנגען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָדער אין דער פּאָליטישער פּאַרטיי.

די יוגנט אָרגאַניזאַציע, „צוקונפט" האָט ווערבירט אירע מיטגלידער פון צווישן לערן־אינגלעך אין די וואַרשטאַטן און צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט.

זיי האָבן עקזיסטירט, ווי אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַזונדערן קאָמיטעט און מיט ספּעציפישע אויפגאַבן. אידעאָלאָגיש און פּאָליטיש איז די „צוקונפט אָרגאַניזאַציע" געשטאַנען פולשטענדיק אונטער דער השפעה פון „בונד". אַמבעסטן האָבן זיך די „צוקונפטיסטן" אויסגעצייכנט ביי אומלעגאַלער אַרבעט. צי דאָס איז געווען ביים פאַנאַנדערקלעפּן אָדער פאַנאַנדערטיילן פּראָקלאַמאַציעס, צי דאָס איז געווען ביים היטן פאַרזאַמלונגען פון אַ פּאָליצייאישן איבערפאַל און אַפילו ביי אַ האַלב לעגאַלער טעטיקייט, ווי דעמאָנסטראַציעס און אַנדערע עפנטליכע צוזאַמענקונפטן, האָבן די „צוקונפטיסטן" צוליב זייער יוגנטלעכקייט און געוואַגטקייט פיל געהאָלפן אין די דערפאָלגן פון דער אומלעגאַלער און האַלב־לעגאַלער טעטיקייט פון „בונד" און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

די סאַמע ערשטע גרינדער פון „צוקונפט־בונד" אין לאָמזשע אין יאָר 1918 זיינען געווען: ליבער מושינסקי, אהרן מאַרק און אברהם'עלע סאָבאָטקאָ. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען צווישן די אָנפירער פון דער „צוקונפט" אָרגאַניזאַציע אויך געווען די חברים: פּאָטאַשעוויטש, זיבערט, קובערסקי, קאָלקאָ און דוד צוקערמאַן.

דער יוגנט בונד „צוקונפט" האָט צווישן די מינדעריעריקע אויסגעאיבט פונקט אַזאַ איינפלוס, ווי דער „בונד" צווישן די דערוואַקסענע.

### דער סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד („סקיף")

פונקט אַזוי, ווי פאַרן „בונד" איז נויטיק געווען אַריינצוציען די מינדעריעריקע און זיי דערציען אין בונדישן גייסט כדי, ווען זיי וועלן עלטער ווערן, זאָלן זיי גלייך קענען, ווי באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, אַריינטרעטן אין „בונד", אַזוי האָט אויך דער „יוגנט בונד צוקונפט" זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון קינדער, וועלכע זאָלן אין זייער יוגנט איינזאַפּן אין זיך דעם סאָציאַליסטישן גייסט. די מיטגלידער פאַר דער אָרגאַניזאַציע זיינען ווערבירט געוואָרן פון צווישן די שול־קינדער.

### אידישע אַרבעטער פרוי „יאַף"

נישט אַלע פרויען, וואָס האָבן געפילט אַ נאָענטקייט צום „בונד", האָבן געקענט צו דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע באַגאַנגען. זיי האָבן אָבער געווירקט אויף זייער אופן, דורך זיך באַטייליקן אין די אַקציעס, וואָס דער „בונד" האָט געפירט אין קאַמף קעגן יקרות און אויף אַנדערע געביטן, וואָס האָט ונגערירט די היים און די פאַמיליע. די אינטעליגענטערע אַרבעטס־פרויען האָבן אויך געוואָלט העלפן די צוריקגעשטאַנענע זיך אַנטוויקלען געזעלשאַפטלעך און קולטורעל. פאַר דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַרבעטס־פרויען, וועלכע האָבן געמאַכט פאַר זייער אויפגאַבע צו געבן די פרויען בילדונג, געזעלשאַפטלעכע דערציאונג און פּאָליטישן באַוואוסטזיין.

די „יאַף" אָרגאַניזאַציע האָט געהאָלפן דעם „בונד" אַריינדרינגען אין די היימען פון דער אידישער אָרעמקייט אויף די „ריבאַקעס", אויף „וואָזשיוואָדסקי גאַס", אויף „זשידאָווסקי גאַס" און אין די אַנדערע געגענטן פון דער אידישער אָרימקייט.

קאָמיטעט פון יוגנט־„בונד" „צוקונפט" אין לאָמזשע

אין צענטער: ליבער מושינסקי. צווישן די איבעריקע זיינען: זישקע גאָלדבערג, אברהם אליהו סאָבאָטקאָ, סטודענט לעווין, ש. זורקעוויץ, ברויער, בורשטיין.





פאָרשטייער פון „בונד" און פראָפ. פאַראיינען געזעגנען זיך מיט הענעך סאָבאָטקא (צענטער) צו זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע.

## דער „בונד" און זיין איינפלוס בעת די וואַלן

די סימפּאַטיעס פאַרן „בונד" צווישן דער לאָמזשער באַפעלקערונג זיינען געווען זייער שטאַרק, באַזונדערס צווישן דער לאָמזשער אָרימקייט, ווייל דער „בונד" האָט זייער שאַרף רעאַגירט אויף אַלע עוולות, וואָס די שטאָט־רעגירונג, די אידישע גמינע און די אַנדערע שטאָט פאַרזאָרגער זיינען באַגאַנגען קעגן זיי. נישט אַלע אָבער האָבן געקענט זיין אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי. זעלבסטפאַרשטענדלעך, צוליב אַ סך טעמים האָבן אַ גרויסע צאָל האַנטווערקער, קליינע געשעפטס־לייט און אַפילו טיילן פון די אַרבעטער נישט געטאָרט זיך עפנטלעך דעקלאַרירן אַלס „בונדיסטן", אַפילו נישט אַלס סימפּאַטיקער, ווייל דאָס וואָלט געמיינט פאַר זיי אַ שטערונג אין פּרנסה. דערפאַר אָבער ווען דעם „בונד" פלעגט אויסקומען דורכצופירן וועלכע עס איז וואַל־קאַמפּאַניע, וואו די אָפּשטימונג איז געווען אַ געהיימע, האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן דער געוואַלדיקער איינפלוס, וואָס דער „בונד" האָט געהאַט אויף דער אידישער באַפעלקערונג. בעת די סיים־וואַלן פלעגט די אַזוי פּאָפּולער געוואָרענע בונדישע ליסטע "4" קריגן אַ געוואַלדיק גרויסע צאָל שטימען. אין שטאָט־ראַט האָט דער „בונד" דערווילט 3 ראַט־מענער. דאָס זיינען געווען די „בונדיסטן": פּנחס גייסט, מרדכי פּאָסעסאַרסקי און כאַניעלסקי. אין ערשטן לאָמזשער שטאָט־ראַט האָט דעם „בונד" פאַרטראָטן דער חבר קאַסטעלאַנסקי (שפּעטער אומגעקומען דורך די באָלשעוויקעס). דער איינפלוס פון „בונד" אין שטאָט־ראַט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווי פאַרביטערט די „ענדעקעס" זיינען געווען אויף די אידישע ראַטמענער בכלל און אויף די בונדישע בפרט, זיינען זיי דאָך געווען געצוואונגען צו באַווילקן דער בונדישער פראַקציע אין שטאָט־ראַט אַ „לאַווניק". דער לאַווניק איז געווען פּנחס גייסט.

ביי די ערשטע וואַלן צו דער אידישער גמינע, ווען אַלע אידישע פּאַרטייען האָבן געפירט אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער ליסטע פון „בונד", איז דאָך דעם „בונד" געלונגען צו דערווילן זיינעם אַ ראַטמאַן — יונה'לע ראָטשילד (אין די שפּעטערדיקע גמינע־וואַלן האָט דער „בונד" דערווילט פיל מער פאָרטרעטער).

## די ראָל פון „בונד" אין אַלגעמיינעם לעבן פון שטאָט

איינע פון די ברענענדיקסטע פראַגן, וואָס איז געשטאַנען פאַר דער אידישער באַפעלקערונג אין לאָמזשע, איז געווען דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. ווי באַוואוסט האָט לאָמזשער געגנט נאָך פון פריער געשמט אַלס איינער פון די אַנטיסעמיטישע געגנטן אין פוילן. דער באַרימטער גלח לוטאָסלאַווסקי, איינער פון די וואָרט־זאָגער פון פוילישן אַנטיסעמיטיזם, איז געווען דער אייגנטימער פון דאָרף דראָזדאָווע לעבן לאָמזשע. ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגענומען אַן אָרגאַניזירטע פאָרם און די באָיקאָט באַוועגונג קעגן אידן האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן ווי אַ ברודיקע כוואַליע איבער לאָמזשע, האָט דער „בונד" באַשלאָסן אָנצוהייבן אַן אָפענעם קאַמף קעגן דעם.

ביי די אידישע קראָמען אין די מאַרק־טעג פלעגן די אַנטיסעמיטן אַוועקשטעלן „פּיקעטניקעס", וועלכע פלעגן

נישט נאָר טעראָריזירן די אידן, נאָר אויך די קריסטלעכע באַ־פעלקערונג, באַזונדערס די פויערים, וואָס פלעגן קומען אויפן מאַרק צו האַנדלען מיט די אידן.

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן מערן די איבערפאַלן פון די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס אויף אידן, ספּעציעל אין די אָוונט שעה׳ן, ווען עס האָט בכלל זיך אָנגעהויבן מערקן אַ פּאָגראָם־שטימונג, האָט דער „בונד" צוזאַמען מיט דער „פּע. פּע. עס." (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) אונטער דער פירערשאַפט פון דעם זייער פּאָפּולערן פּוילישן סאָציאַליסט דר. טשאַר־נעצקי, אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ פון פּוילישע און אידישע אַרבעטער אויף צו געבן אַ פיזישן ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס. דאָס האָט געהאַט אַ געהעריקע ווירקונג. נאָכדעם, ווי זיי האָבן עטלעכע מאָל גוט אָנגעבראָכן די ביינער די פּיקעטן, זיינען זיי פאַרשוואונדן געוואָרן פון די גאַסן.

אויך אַ קאַמף פאַר „רעכט אויף אַרבעט" האָט דער „בונד" געפירט מיט אַ באַזונדערער עקשנות. די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער האַלב פאַשיסטישער פּוילישער רעגירונג האָט אויסגעשלאָסן די אידן פון אַלע מלוכה׳שע און שטאָטי־שע אַרבעטן. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרום דעם אַנט־




לעגיטימאַציעס און מיטגלידס־קאַרטן פון פאַרשידענע בונדישע אינסטיטוציעס אין לאַמושע, אויסגעשטעלט אויפן נאָמען פון הענאך סאָבאָטקא.

וויקלט אַ ברייטע קאַמפּאַניע. ערשטנס טאַקע כדי צו קריגן באַשעפטיקונג פאַר אידישע אַרבעטער אין די מלוכה׳שע און שטאָטישע אונטערנעמונגען און אויך אויפצודעקן פאַר דער עפנטלעכקייט די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער פּיל־סודסקי־רעגירונג.

פון צייט צו צייט פלעגט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אַרויסגעבן אַ צייטשריפט געווידמעט די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג.

אין אידישן לעבן האָט דער „בונד" געפירט אַ קאַמף אין דער געמיינדע צו באַפרייען אָדער פאַרלייכטערן די נישט־פאַרמעגלעכע אַרבעטער און האַנטווערקער פון שטייער־לאַסט. דער „בונד" האָט אויך ביז דעם חורבן לאַמושע געפירט אַ קאַמף אין די אַלע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט געבן הילף צו די נויטבאַדערפטיקע און קראַנקע, אַז די הילף זאָל פאַרטיילט ווערן אויף אַ מענטשלעכן און יושר׳דיקן אופן.

צוויי גרויסע לוויות פון בונדיסטן זיינען פאָרגעקומען אין לאַמושע. די לוויה פון יונה׳לע ראָטשילד, ווען ער איז דערטרונקען געוואָרן, און די לוויה פון אברהם עלע סאָבאָט־קאַ, וועמען די חברה קדישא האָט זיך אַנטזאָגט מקבר צו זיין, ווייל די בונדיסטן וועלן טראָגן פאָנען ביי דער לוויה. די בונדיסטן האָבן אַליין געגראָבן דעם קבר און אים גע־בראַכט צו קבורה.

### דער אונטערגאַנג פון „בונד"

אַזוי האָט דער „בונד" געלעבט און געווירקט ביזן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. מיטן אַריינקום פון די „נאַציס" איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אידישע געזעל־שאַפטלעכע לעבן און אויך די טעטיקייט פון „בונד". נאָך דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך, ווען לאַמושע איז אָפּגעגעבן געוואָרן צו רוסלאַנד, האָט די סאָוויעטישע מאַכט נישט נאָר אויפגעלייזט דעם „בונד", ווי אַן אָרגאַניזאַציע, נאָר זי האָט קודם כל ליקווידירט די פירער. די חברים פנחס גייסט, מרדכי פּאָסעסאַרסקי, סטאָלאַרטשיק, פּאָטאַשעוויטש און די איבעריקע זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד, פון וואַנען זיי זיינען שוין מער נישט צוריקגעקומען. זייערע פאַמיליעס זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר און ווען די „נאַציס" זיינען אין יוני 1941 באַפאַלן רוסלאַנד און זיינען אַריינגעקומען צוריק אין לאַמושע איז די אַרבעט פאַר זיי שוין געווען אָפּ־געטאָן דורך די קאָמוניסטן. אַלץ, וואָס פאַר זיי איז געבליבן צו טאָן, איז געווען צו שאַפן די געטאָ און אַוועקפירן די לאַמ־זשער אידן קיין „אָשוויענטשים" צו פאַרברענען זיי אין די קאַלך־אויוונס.

די געשיכטע פון „בונד" אין לאַמושע איז מיט טויזנטער פעדים געווען געבונדן מיט דעם רענעסאַנס פון אידישן לעבן אין שטאָט. עס איז געווען אַ שטיק ראָמאַנטיק פון דער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צו דער וועלט. דער „בונד" אין לאַמושע האָט געהאַט זיינע דראַמאַטישע מאָמענטן, זיינע רעוואָלוציאָנערע אַקציעס און אַ קולטורעלע דערהייבונג. „בונד" איז אַ שטיק לאַמושע אין יעדער הינזיכט און אויף יעדן געביט.

חורבן לאַמושע מיינט אויך חורבן פּוילן. מיטן אונ־טערגאַנג פון אידישן ישוב אין פּוילן איז אויך אונטערגע־גאַנגען דער „בונד" און מיטן אונטערגאַנג פון דער אידישער לאַמזשע איז אויך אונטערגעגאַנגען די לאַמזשער אָרגאַני־זאַציע פון „בונד".



מצבה אויפדעקונג אויפן קבר פון אברהם אליהו סאָבאָטקא.
רעכטס איז זיין בילד. אויפשריפט: איבערגעגעבענער רעוואָלוציאָנער, פירער פון יוגנט־בונד „צוקונפט“ אין לאָמזשע. געשטאָרבן 31 אָקטאָבער 1928. אלט געווען 25 יאָר.

מאיר טרייבער

# דער „בונד“ אין לאָמזשע ערב דעם צווייטן וועלט־קריג

## (איי ניקע פאַרצייכענונגען פון אַ בונדישן אַקטיוויסט)

פאַר אַלטע לאָמזשער לאַנדסלייט וויל איך פון אָנהויב אויפקלערן, אַז אַליין בין איך נישט קיין געבוירענער לאָמזשער, און דאָך אַ לאָמזשער. געהאַט די זכיה — זייט 1935 מיטצולעבן די לעצטע פאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג מיט דער לאָמזשער אידישער באַפעלקערונג, מיטמאַכן אַלע זייערע פריידן און ליידן (אפילו דאַן ווען איך האָב שוין מער נישט געוואוינט אין לאָמזשע). איז עס טאַקע פאַר מיר היינט אַ כבוד אָנצונעמען די ווענדונג פון מיין חבר און פריינט סאָבאָטקי, פון ניו־יאָרק, אָנצושרייבן אַ פּאָר שורות וועגן בונדישן לעבן אין לאָמזשע, פון די לעצטע פאָר יאָר ערב דער טראַגישער פאַרניכטונג. און זאָל דאָס דינען אויך אָנשטאָט אַ בלומען־קראַנץ אויף די אומבאַקאַנטע הייליקע קברים פון אונזערע טייערע לאָמזשער חברים און פריינט פון „בונד“, פאַרפייניקטע אין די יאָרן פון שרעקלעכן פאָלקס־אומגליק.

אין יאָר 1936 בין איך געקומען קיין לאָמזשע, אַלס שליח פון לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייִנען אין פּוילן, מיטן ציל צו פאַרשטאַרקן די טעטיקייט פון די אידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען. כ׳בין געוואָרן רעקאָמענדירט אויך פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד“ אין פּוילן פאַר פאַרשיידענע אַרבעטן. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין פּוילן — און ספּעציעל זיין אידישער טייל, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן און אין זיין גרעסטער מערהייט געווען אונטערן בונדישן איינפלוס — איז געווען אַ קלאַסן־באַוואוסטזיניקע, לויטן סאָציאַליסטישן גייסט. במילא איז קלאָר אַז סיי אין דער פּראָפעסיאָנעלער, ווי אין דער פּאָליטישער באַוועגונג האָט דער „בונד“ געהאַט די אַמביציע, אַז די טעטיקייט זאָל געפירט ווערן אין ענגן קאָנטאַקט מיט די פּוילישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, איבערהויפּט מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס זיינען געווען די שטורעמדיקסטע יאָרן פאַרן אינער־לעכן לעבן פון לאַנד. פון איין זייט איז די אַרבעטער־באַוועגונג געגאַנגען פאָראויס און האָט דעראָבערט כסדר אַ אַלץ גרעסערן איינפלוס. אויך אויף דער אידישער גאַס האָט דער „בונד“ דאַן אַרום זיך קאָנצענטרירט דעם גרעסטן טייל פון דער אַרבעטנדיקער אידישער באַפעלקערונג אין פּוילן, פון וועלכן דאָס לאָמזשער אידישע לעבן איז געווען אַ רינגעלע אין דער גרויסער גאָלדענער קייט.

פון דער צווייטער זייט, האָט די פּוילישע רעאַקציע — אונטערן שטאַרקן איינפלוס פון היטלעריסטישן שכן — געהעצט די ווילדסטע אינסטינקטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג לטובת די פאַשיסטיש־היטלעריסטישע פּלענער, באַגלייט מיט די באַרימטע אַנטי־אידישע עקסצעסן. די טרויעריק באַרימטע אַנטי־אידישע באָיקאָטן, פּאָגראָמען און מערדערישע אָנפאַלן קעגן אידן האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן אַריבערטראָגן פון די היסטאָריש באַרימט־געוואָרענע שטעט: פּשיטיק, מינסק־מאַזאָוויעצק, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע קיין טשיזשעוו, ווסיאָקי מאַזאָוויעצק, זאַראָמב, קאָלנע, שניאַדאָווע, אָסטראָלענקע און אַנדערע שטעטלעך אַרום לאָמזשער קרייז. דער צענטראַל־פּונקט פון דער גיפטיקער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע איז טאַקע געווען לאָמזשע. אויך דער פינאַל פון אָט די אַלע געשעענישן האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אונזער לאָמזשע. אין דאָרטיקן קרייז־געריכט האָבן די אידישע אַדוואָקאַטן, געזעלשאַפטלעכע טוער אויסגעשריען זייער פּראָטעסט קעגן פאַרברעכן לגבי דער אידישער באַפעלקערונג, קעגן רעזשים אין לאַנד, וואָס טאָלערירט אָט דאָס אַלץ. אויך די פּאָגראָמשטשיקעס, צוזאַמען מיט זייערע פּאַרטיידיקער — די ענדעקישע פירער — האָבן דעם לאָמזשער קרייז־געריכט אויסגענוצט צו דעמאָנסטרירן מיט זייער אַנטיסעמיטישער תורה. אָט אין דער אָנגעצויגענער אַטמאָספער איז דעם „בונד“ אויסגעקומען צו דערפילן זיין היסטאָרישער שליחות.

***

דער איינפלוס פון „בונד“ אין לאָמזשע פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג איז געווען געוואַלטיק גרויס סיי אין פּאָליטישן, סיי אין עקאָנאָמישן לעבן פון שטאָט. אי׳ן דער שטאָט־פּאָליטיק האָט מען די ראָלע פון „בונד“ אָנגעזען

אויך אין פּראָפעסיאָנעלן און אין קולטורעלן לעבן צווישן די אידישע אַרבעטער האָט דער „בונד" פיל אויפגעטאָן.

אויף זשאַנדאָווע 16 האָט דער „בונד" געהאַט זיין פּאַרטיי־לאָקאַל פון פיר גרויסע צימערן. דאָרט האָט אויך זיך גרופּירט די סאָציאַליסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציע — „יוגנט בונד צוקונפט", און די סאָציאַליסטישע קינדער אָרגאַניזאַציע „סקיף". אויפן זעלבן אַדרעס האָט אויך געפירט איר טעטיקייט די געזעלשאַפט „קולטור־ליגע" מיט אַ גרויסער רייכער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון „וולאַדימיר מעדעם". ס'איז געווען אַן אמת'ער נחת־רוח ווען מען איז אין די אָוונטן אַרויפגעקומען אין די דערמאָנטע לאָקאַלן. אָט געפינען זיך עלטערע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אויף פּראָפעסיאָנעלע פאַך־פאַרזאַמלונגען. אין אַ צווייטן לאָקאַל זיצן אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן און לייענען די טעגלעכע פּרעסע, טוישן ביכער פון ביבליאָטעק. אין אַן אַנדערן צימער זיצן יוגנטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן צוליבן שווערן פאַראָרעמטן לעבן ביי זייערע עלטערן, נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען זייערע עלעמענטאַרסטע אויסשולונג און פאַרברענגען זייער פרייע צייט אין די אָוונטן ביי אָוונט־קורסן, איינגעאָרדנט פון „יוגנט־בונד־צוקונפט". אָט די יוגנט און די אַרבעטער־קינדער האָבן טאַקע זיך געלערנט פלייסיק און אין אַ קורצער צייט געקענט שרייבן און לייענען אַ אידיש בוך.

אין יאָר 1936 האָט דער „בונד" אָנגעפירט מיט די ספּעציעל אידישע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען ווי: שניידער־אַרבעטער פאַראיין, האָלץ־פאַראיין (סטאָלאַרעס און בעדנאַרעס), לעדער־פאַראיין (שוסטער־שטעפּער), האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַראיין און צוזאַמען מיט פּ.פּ.ס. אויך אָנגעפירט מיטן פאַראיין פון עפנטלעכע אַרבעטער, צו וועלכן ס'האָבן אויך געהערט איבער זעקס־הונדערט פּוילישע אַרבעטער. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פּאָליטישן אוןווירטשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט און מיט זיי האָבן זיך געמוזט רעכענען סיי די פאַבריקאַנטן — די אַרבעטס־געבער — ווי אויך די שטאָט בעלי־בתים. זאָלן ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן די טייערע חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין שפּיץ פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, זיי אָרגאַניזירט און רעפּרעזענטירט אין צייטן פון אַקציעס און שטרייקן. כמעט אַלע מיטן אויסנאַם פון צוויי, דריי, זיינען אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע באַנדיטן, אָדער פאַרענדיקט זייער לעבן אויף רוסישער פאַרשיקונג, אין סאָוועטישע תפיסות.

אָט זיינען זיי, וועמענס נעמען איך געדענק. אברהם דאַמיאַן, זעלדע ריקאָטשין, מאיר קאַפּלאַן, חנא מענדעלסאָן, צערקע קאָזשיצאַ־טרייבער (די לעצטע — מיין לעבנס־באַגלייטערין) — אַלע די פון שניידער־פאַראיין (ח. מענדעלסאָן אין אַרגענטינע, צערקע אין בראַזיל), שטיבעלמאַן און ישראל'קע פון לעדער־פאַראיין, פּסח אימיאַק, לייבל וויערזשבא און לייבל סטאָליאַרטשיק — פון סטאָלער־פאַראיין. סעקרעטאַר פון אַלע פיר פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז געווען דער שרייבער פון די שורות. און אחרון, אחרון חביב, דער אומפאַרגעסלעכער בונדישער ראַטמאַן, מרדכי פּאָסעסאָרסקי, וועלכער איז געווען פּאָרזיצער פון צענטראַל־ראָט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ זייער קלוגער מענטש, הגם נישט קיין מאַסן־רעדנער, אָבער אַן אויסגעשולטער טוער צו וועמענס עצה אַלע האָבן זיך מיט דרך־ארץ צוגעהערט און אָן וועמענס הילף ס'איז שווער געווען צו ליקווידירן אַ שטרייק, ווייל נישט בלויז די אַרבעטער, נאָר אפילו די בעלי־בתים האָבן צו אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ. ער איז געווען באַלערנד און האָט באַזעסן אַ סך וועלטלעך וויסן, געהאַט אויך סמיכות־רבנות. סאָציאַליסטישע אַרבעט, רעוואָלוציאָנערער קאַמף איז געווען דער אינהאַלט פון זיין לעבן, איז געזעסן אַ סך מאָל אין תפיסה, אָבער אַ סוף געמאַכט צו זיין קעמפעריש לעבן האָבן גראָד די סאָוועטן, וועלכע האָבן נאָך זייער אָקופּירן לאָמזשע, אין יאָר 1939, אים פאַרשיקט און אומגעבראַכט אין די סאָוועטישע לאַגערן אָדער תפיסות.

**
*

אויפן קולטור־געביט איז די אַרבעט געווען אַ סיסטעמאַטישע. די קעסטל־אָוונטן וואָס פלעגן פאָרקומען אין בונדישן לאָקאַל יעדע וואָך האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. דאָרט פלעגן פאָרקומען חבריש־געמיטלעכע שמועסן און דיסקוסיעס איבער פאַרשיידענע אַקטועלע, פּאָליטישע און קולטורעלע טעמעס. מען פלעגט שטענדיק פון זיי אַוועק אַ צופרידענער, מיט אַ קלאָרן בליק אויף אַלע פּראָבלעמען. חוץ דעם איז יעדע צווייטע וואָך געלייענט געוואָרן לעקציעס איבער פאַרשיידענע טעמעס אין שייכות צו דער אידישער און אייראָפּעאישער ליטעראַטור. אויפן דאָזיקן געביט האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט דער בונדישער ראַטמאַן און געזעלשאַפטלעכער טוער אין לאָמזשע, פּנחס גייסט, וועלכער איז אין זיין גאַנצן מהות באמת געווען אַ גייסטרייכע־מענטש (אויך ער איז אַ קרבן פון סאָוועטישער אומגערעכטיקייט; ער איז דורך די סאָוועטן אָפּגערוימט געוואָרן צוזאַמען מיטן דערמאָנטן בונדישן ראַטמאַן מרדכי פּאָסעסאָרסקי).

**
*

אַ גאָר גרויסע ראָלע האָט געשפּילט די בונדישע פראַקציע אין לאָמזשער שטאָט־ראַט און די בונדישע פראַקציע אין דער אידישער קהלה. שטאָטישע ראַטמענער האָט דער „בונד" געהאַט דריי, און קהלה־ראַטמענער פיר. די רעפּרעזענטאַנטן מצד דעם „בונד" אין שטאָט־ראַט זיינען געווען: פּאָסעסאַרסקי, גייסט און לייבל כאַנעלסקי (אַן איידעם פון באַקאַנטן בונדישן טוער און רעוואָלוציאָנער אין לאָמזשע פון 1905, יונה ראָטשילד), און אין דער אידישער קהלה האָבן דעם „בונד" רעפּרעזענטירט: מרדכי פּאָסעסאַרסקי, פּיוועלאָוויטש, לייבל סטאָלאַרטשיק און מאָטל ביאַלי (וועגן דער טעטיקייט פון לעצטן וואָלט מען גאָר אַ סך געקענט און געדאַרפט שרייבן; איך לאָז עס איבער פאַר אַלטע לאָמזשער). אָט אַרום די אַלע דערמאָנטע בונדישע שליחים — סיי אין שטאָט־ראַט, סיי אין דער קהילה — האָט זיך גרופּירט די גאַנצע אידישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. אין אַלע צרות האָט מען ביים „בונד" געזוכט הילף און טאַקע געפונען. די בונדישע ראַטמענער האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין צייט, מי און ענערגיע, כדי צו לינדערן די נויטן פון די וואָס האָבן זיך צו זיי געווענדעט. אַלץ איז פאַרניכטעט געוואָרן, צוזאַמען מיט זייערע לעבנס. ס'איז מיר שווער צו אָפּערירן מיט ציפערן, אָבער איך זע איצט פאַר מיינע אויגן אַלע דאָקומענטן פון בונדישן סעקרעטאַריאַט, וועלכע קענען באַשטעטיקן וועגן הונדערטער אינטערווענצן און אַקציעס, וואָס זענען פּראָקלאַמירט און דורכגעפירט געוואָרן דורך די בונדישע ראַטמענער, לטובת דער פאַראָרעמטער אידישער באַפעלקערונג אין לאָמזשע.

וואו זיינען זיי איצט מיינע טייערע, אומפאַרגעסלעכע חברים פון „בונד" אין לאָמזשע?!

*****

די פּאָפּולאַריטעט איז געווען גרויס און די אידישע באַפעלקערונג — צווישן זיי אפילו אַ גרויסער חסידישער טייל — האָט מיט אַכטונג און דאַנקבאַרקייט זיך באַצויגן צו דער טעטיקייט פון „בונד". איך געדענק אין יאָר 1936 ווען אין לאָמזשע זיינען פאָרגעקומען קהלה־וואַלן: יעדער בונדישער וואַל־מיטינג איז געווען אַ געשעעניש אין שטאָט; די לאָקאַלן געפּאַקט; מאַסן מענטשן וועלכע האָבן צו דער פּאַרטיי נישט באַלאַנגט, האָבן ווי סימפּאַטיקער געהאָלפן אין דער וואַל־אַרבעט. גענוג צו דערמאָנען אַז דעם לעצטן שבת ערב דעם וואַל־טאָג זיינען אין לאָמזשע פאָרגעקומען זעכצן וואַל־פאַרזאַמלונגען, אָרגאַניזירט דורך דעם קאָמיטעט פון „בונד" און סימפּאַטיקער. די איינוואוינער פון אָרעמסטן שטאָט־טייל ריבאַקי, וואָזשיוואצקאַ א"אַנד, האָבן אַליין אָרגאַניזירט וואַל־פאַרזאַמלונגען און געבעטן דעם בונדישן וואַל־קאָמיטעט ער זאָל צושיקן רעדנער פאַר די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען.

**1936—1937**

ווען די שטעטלעך אַרום לאָמזשע האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסהויבן מיט זייערע ווילדע אַנטי־אידישע עקסצעסן, איז די לופט אין לאָמזשע געוואָרן ענגער. אָט איז אַ ידיעה וועגן אַ פּאָגראָם אין טשיזעוו און אַ צווייט מאָל אַן ענלעכע ידיעה פון זאַראָמב־קאָשטשעלני, ווידעראַמאָל פון וויסאָקי־מאַזאָוויעצק און דאָ אַ נייע כוואַליע פון עקסצעסן קעגן אידן אין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק אאַז"וו. ווי שוין דערמאָנט, האָט דער פינאַל פון די אַלע געשעענישן זיך אָפּגעשפּילט אין לאָמזשער־קרייז געריכט. ס'איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר אַז די גאַנצע אַנטיסעמיטישע אַקציע ווערט אינסטרואירט אין לאָמזשע. האָט דער „בונד" גענומען די איניציאַטיוו, צוזאַמען מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, צו אָרגאַניזירן אַ פּויליש־אידישע קאָנפערענץ צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אַזאַ קאָנפערענץ האָבן מיר אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט פּ. פּ. ס. צו וועלכער ס'זענען דעלעגירט געוואָרן פון דער צענטראַלע אין וואַרשע דער פירער פון „בונד", וויקטאָר אַלטער, און דער פירער פון פּ. פּ. ס., זיגמונט זאַרעמבאַ. סיי פון דער שטאָט לאָמזשע און סיי פון ראַיאָן זיינען זיך צונויפגעפאָרן די געוויילטע דעלעגאַטן פון די אידישע און פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פון פאַרשידענע פּויערישע אָרגאַניזאַציעס, פון ערדלאָזע פּויערישע אַרבעטער אאַז"וו. ביז צו דער קאָנפערענץ זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ סך געמיינזאַמע מאַסן־מיטינגען צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אָבער אין סאַמע לעצטן טאָג פון דער קאָנפערענץ איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט אַז די קאָנפערענץ איז פאַרבאָטן. מיט צאָרן און פּראָטעסט זיינען אַלע דעלעגאַטן צוריקגעפאָרן אויף זייערע ערטער. צו דער אַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם, געפירט דורכן „בונד" אין לאָמזשע, דאַרף אויך פאַרשריבן ווערן פאָלגנדעס: פאַרן לאָמזשער קרייז־געריכט ווערן יעדע וואָך געבראַכט די צעווילדעוועטע כוליגאַנעס, וועמענס הענט זיינען שוין פאַרבלוטיקט פון זייערע אָנפאַלן אויף די אידן. זיי שפּילן די ראָלע פון פּאַטריאָטישע העלדן, אין קאַמף פאַר פּוילנס נאַציאָנאַלע אינטערעסן. זיי ווערן אָפּטמאָל פאַרגעשטעלט דורך זייערע אַדוואָקאַטן — ענדעקישע פירער — אַלס באַעוולטע מצד די אידישע בלוטזויגער. דאַן קומט לויט דער איניציאַטיוו פון „בונד" (צום באַרימטן וויסאָקי־מאַזאָוויעצקער פּראָצעס) דער בונדישער פירער און אַדוואָקאַט הענריק ערליך אַלס ציוויל־מאָנער מצד דער געליטענער אידישער באַפעלקערונג אין לאָמזשע און שרייט אויס דעם גאַנצן פּיין און צאָרן קעגן די אַנטיסעמיטישע העצער און פּאָגראָמטשיקעס, וועלכע האָבן אַ מעגלעכקייט צו ווילדעווען נאָר אַדאַנק דער טאָלעראַנץ וואָס ס'ווייזן אַרויס צו זיי דער מלוכה־רעזשים און די אָרטיקע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען. די רעדע פון בונדישן טוער האָט דאַן געמאַכט אַ רושם אין לאַנד. בעת זיינע אַרויסטרעטונגען אין געריכט האָבן זיך פאַרזאַמלט הונדערטער אידישע און פּוילישע אַרבעטער. אויך די שונאים האָבן זיך פאַרזאַמלט. אַלע אָן אויסנאַם: ריכטער, פּראָקוראָרן און אַדוואָקאַטן פון גאַנצן ראַיאָן זיינען דאַן געקומען צו ערליכ'ס רעדע, וויסנדיק אַז דאָ רעדט די שטימע פון אָרגאַניזירטן כוח צווישן די אידישע מאַסן אין פּוילן.

זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָמזשע האָט געהאַט אַן אָרגאַניזירטן באַוואָפנטן זעלבסט־שוץ, גרייט צום עווענטועלן ווידערשטאַנד, וועלכער איז אגב דורך די פאַשיסטן אַ ביסל איבערגעשאַצט געוואָרן, און דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די כוליגאַנעס, וועלכע האָבן פאָראויס געוואוסט אַז דאָס וואָס ס'איז זיי טיילווייז געלונגען אין וויסאָקי, טשיזשעוו, שניאַדאָווע, וועט זיי נישט געלינגען אין אָרגאַניזירטן לאָמזשע, און זיי האָבן טאַקע אין לאָמזשע נישט געוואַגט צו פּראָוואָצירן אַנטי־אידישע אומרוען. זאָלן ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן די פּוילישע טוער וואָס האָבן אונז געהאָלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט: טיבאָראָווסקי, רידזינסקי און דר. טשאַרניעצקי פון פּ. פּ. ס. און קאָזשעק ווירוואָס פון די קאָמוניסטן.

*****

אָט אַזויפיל וועגן דעם לעבעדיקן ביזן קריג לאָמזשע. אַ סך זאַכן זיינען נאָך פריש אין זכרון, וועלכע וואָלטן געדאַרפט פאַרצייכנט ווערן. ס'וואָלטן געדאַרפט פאַרצייכנט ווערן אַנדערע אַרבעטן וואָס האָבן נישט קיין דירעקטן שייכות מיט בונדישער איניציאַטיוו, נאָר מיט בונדישן אָנטייל. כ'האָב אויך געזען לאָמזשע אין 1939—1940 אונטער סאָוועטישער ממשלה, וואו מיינע נעכטיקע „פריינט", די קאָמוניסטישע מיטאַרבעטער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, האָבן מיך גאָר איצט געוואָלט אַרעסטירן, בלויז אַ דאַנק אַ טייל ערלעכע מענטשן (אויך קאָמוניסטן וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט אַזוי שנעל פאַרסמען) וואָס האָבן מיר באַצייטנס צו וויסן געגעבן, איז זיי דאָס נישט געלונגען.

געזען לאָמזשע אַ צעשטערטע, אַ פאַרניכטעטע דורך די דייטשע אַרמייען. לאָמזשער אידישע יוגנט פאַרברענט, לאָמזשער אידן היימלאָזע, דאַכלאָזע. געזען אויך ווי אַזוי די משפּחות פון די לאָמזשער געזעלשאַפטלעכע טוער (דערין הונדערטער אידישע פרויען און קינדער) ווערן געשלעפּט צום באַן־הויף צו טראַנספּאָרטירן זיי אין ווייטן סיביר אַלס שעדלעכן עלעמענטן פאַרן סאָוועטישן גן־עדן! אונזער טראַגישער גורל: שעדלעך פאַר היטלערן און שעדלעך פאַר דעם סאָוועטישן רעזשים... אָט דאָס איז געווען מיין לעצטער בליק אויף לאָמזשע. אוודאי דאַרף דאָס פאַרצייכנט ווערן. איך פּרוּוו עס איבערלאָזן פאַר אַ צווייטער געלעגנהייט

און לסוף זאָל מיר דער לייענער מוחל זיין אויב ס'פעלן אַביסל פּינקטלעכע דאַטעס אָדער וויכטיקע נעמען. ס'איז דאָך שווער נאָך אַזויפיל קאָשמאַר־פולע יאָרן, נאָכן וואַנדערן איבער אַזויפיל פאַרבלוטיקטע פעלדער, לאַגערן און תפיסות צו קענען געדענקען גענויע דאַטן און ציפערן.

# די פּועלי־ציון באַוועגונג אין לאָמזשע

## אין די יאָרן 1903—1905

### איבערגעגעבן פון בבל און זיין פרוי

(גרינדער פון פּועלי־ציון אין לאָמזשע אין יאָר 1903)

אין אָנפאַנג פון 20טן יאָרהונדערט איז לאָמזשע געווען אַ שטילע שטאָט. רעליגיע איז געווען דאָמינירנד אין דעם סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן (מער ברייטערע שילדערונגען — אין פריערדיקן קאַפּיטל וועגן „בונד"). די ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט שוין עקזיסטירט אין לאָמזשע, האָט



ראובן פוזשיץ, באַקאַנט
אונטער פסעוודאָנים „בבל"

ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם אידישן אַרבעטער, זיינע פּראָבלעמען, זיין דערציאונג. אויב ס'זיינען געווען אַרבעטער מיט נייגונגען צו חיבת־ציון, זיינען זיי נישט אויפגעוועקט געוואָרן צו מעשים, און מיט דער צייט זיינען זיי אַריין אין דער בונדישער באַוועגונג.

אין די יאָרן 1903—1905 איז געקומען אַ מיידל פון גראָדנע, אַן אַרבעטאָרין אין שערעשעווסקיס ציגאַרעטן־פאַבריק, צו־גאַסט צו איר פעטער ר' אברהם גאָלדבערג („אברהם דער בייגער"), אייגנטימער פון אַ לעדער־פאַבריקל. דער גאַסט, זייענדיק אַליין אַן אַקטיווע חברה אין „פּועלי־ציון" באַוועגונג, האָט באַשלאָסן אויפצוקלערן די אַרבעטער ביי איר פעטער וועגן זייער לאַגע, וואָס מוזן אַרבעטן 16 שעה אַ טאָג און קומען אַהיים פאַרמאַטערטע, אויסגעשעפּטע מיט גראָשנדיקע שכירות.

איינער פון די אַרבעטער ביי ר' אברהם גאָלדבערג איז געווען ראובן פוזשיץ (מיטן צונאָמען „בבל", איצט אין ישראל) וועלכער איז געווען באַליבט מיט זיין מוסטערהאַפטער ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט. צו אים האָט דער פעטער געהייסן זיין שוועסטער־קינד ריידן וועגן די ענינים (געמיינט האָט ער צו שליסן אַ שידוך צווישן זיי ביידע). נאָך דעם ווי פוזשיץ האָט זיך גוט צוגעהערט צו אירע רייד און געלייענט אירע בראָשורן און ביכלעך, וואָס זי האָט אים געגעבן, איז אים געוואָרן קלאָר דער מצב פון אַרבעטער און אַז מען דאַרף עפּעס טאָן דערצו.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט „אברהם דער בייגער" געשריבן תנאים מיט זיין שוועסטער־קינד און ראובן פוזשיץ. ער איז דאַן פאַרבעטן געוואָרן אויף אַ שבת קיין גראָדנע צו זיינע מחותנים, וואו ער האָט פאַרבראַכט צוויי וואָכן און זיך באַקענט מיט דער פּועלי־ציון באַוועגונג, אָנטייל גענומען אין פאַרזאַמלונגען און געהערט לעקציעס. קומענדיק צוריק קיין לאָמזשע, האָט ער מיטגעבראַכט „פּועלי־ציון" ליטעראַטור, וואָס ער אַליין האָט גוט אויסגעלערנט. אין די שבתים פלעגט ער לייענען פאַר אַרבעטער־גרופּן די בראָשורן און ביכלעך וועגן סאָציאַליזם, ציוניזם, פירן וויכוחים מיטן „בונד" אאַז״וו. די צוהערער האָבן זיך געקוויקט מיט זיינע רייד.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ראובן געגרינדעט אַ „פּועלי־ציון פאַרטיי, וועלכע האָט דאַן געציילט אַרום 20 חברים. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען, ווי דער שטייגער, קאָנספּיראַטיוו. נאָך סוכות, קומענדיק צוריק פון אַ וויזיט אין גראָדנע, האָט ער מיטגעבראַכט נייע אויפקלערונגס־ליטעראַטור און ידיעות וועגן דער פּ. צ. אָרגאַניזאַציע. נישט קוקנדיק צוליבן וועטער אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען אויסערן שטאָט, האָבן די פּועלי־ציוניסטן גענוצט אַלס פאַרטיי־בירזשע דעם נייעם מאַרק. די באַוועגונג איז געוואָקסן און ראובנען איז אויסגעקומען אַליין אָנצופירן מיט דער אַרבעט, ווייל די מער אינטעליגענטע כוחות פלעגן אַריבערגיין צום „בונד".

ראובן האָט זיך דאַן געווענדעט צו מאָטל ביאַלי נאָך קולטורעלער הילף. ביאַלי האָט אים אויסגעקוקט צו זיין נייטראַל. אָבער ער האָט אָפּגעזאָגט, מאָטיווירנדיק, אַז פריער דאַרף מען דעם אַרבעטער בילדן און אַזוי אויפקלערן, אַז ער זאָל אַליין פאַרשטיין די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע לאַגע בכלל און זיין מצב בפרט, און דאַן וועט ער אַליין אויסקלייבן זיין פאַרטיי אָנגעהעריקייט. דער אָפּזאָג האָט נישט שטאַרק אַנטמוטיקט ראובנען, ער האָט דעם געדאַנק צו זוכן הילף נישט אויפגעגעבן. ער האָט זיך געווענדט צום מעכאַניק־שלאָסער, יעקב־נתן שיפּער, אַן אָנגעלייענטער אין אַרבעטער־ליטעראַטור און ציוניסטיש געשטימט. ער ווערט ראובנ'ס פריינט און



יעקב נתן שיפּער, גרינדער
פון „פּועלי ציון" אין יאָר 1903

העלפער אין דער פירונג פון פּ. צ.־באַוועגונג. ראובנ'ס קאָנספּיראַטיווער פסעוודאָנים איז געווען „בבל", געענדערט פון „בעבעלע" זיין קינדערשער צונאָמען.

ראובן איז געווען באַליבט ביי די אַרבעטער אַפילו פון „בונד". די פּ. צ. באַוועגונג איז דורך אים געוואָקסן און זיך אַנטוויקלט. אָפט פלעגן די פּ. צ. איינאָרדענען דיסקוסיע־

אָוונטן מיטן „בונד“ און בראש איז געשטאַנען מאָטל ביאַלי. דער דאָזיקער פאַקט וועגן ביאַלי איז אין יענער צייט דערמאָנט געוואָרן אין פּ. צ. אָרגאַן אין מינסק. ביאַלי האָט אָנגעקלאָגט בבל׳ן פאַר אַ פּאַרטיי־געריכט פאַר אויפדעקן זיין נאָמען צו דער מאַכט אַלס פירער פון אַ סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, אַ סאָרט מסירה. דער משפּט איז פאָרגעקומען אין גראָדנע פאַר חברים פון צ. ק. בבל איז ריינגעוואַשן געוואָרן מיטן מאָטיוו, אַז אויך צווישן די חברים פון „בונד“ האָט בבל אין געהיים דערציילט וועגן ביאַליס ראָל אַלס פירער, אַזוי אַז דאָס הייסט נישט מסר׳ן פאַר דער אָכראַנע.

אַליין אַן אַרבעטער, האָט בבל געהאַט אַן השפּעה אויף אַלע אַנדערע אַרבעטער אין דער לעדער בראַנזשע, ווי גאַרבער, שוסטער א. אַז. וו. ער האָט אָרגאַניזירט אַ שטרייק פאַר אַ 10 שעה׳דיקן אַרבעטס־טאָג און גרעסערע שכירות. אַרום 300 אַרבעטער האָבן פאַרלאָזט די אַרבעט. דער שטרייק האָט געהאַט דערפאָלג. די אַרבעט־געבער האָבן נאָכגעגעבן די פאָדערונגען. דאָס געווינען דעם שטרייק האָט שטאַרק געהויבן דעם פּרעסטיזש פון פּועלי־ציון אין לאָמזשע, און צענדליקער אַרבעטער האָבן אָנגעפילט די רייען פון דער פּאַרטיי. אויך אינטעליגענטע כוחות, ווי די ברידער גייסט, דער העברעאישער לערער יעקב שיינקאָפּ האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין איר.

אַ קורצע צייט נאָך דעם האָבן חברים פון פּ. צ. אָנגעהויבן סימפּאַטיזירן מיט ס. ס. איין מאָל אין אַ שבת־טאָג איז פאָרגעקומען איינער פון די וויכטיקסטע וויכוחים צווישן די טרעגער פון ביידע שטרעמונגען און נאָך דעם — אַ שפּאַלטונג: „בבליסטן“ און ס. ס. די ברידער גייסט זיינען אַוועק צו ס. ס. נאָך דער שפּאַלטונג האָבן די פּ. צ. פאָרגעזעצט זייער אַקטיוויטעט צווישן די אַרבעטער־מאַסן. זיי גרינדן אַן אָפּטיילונג אין נאָוואָגראָד און אָרגאַניזירן דאָרטן אַ שטרייק פון שניידער, שוסטער, שטעפּער אאַז״וו. אַן איינגעלאַדענע דעלעגאַציע פון לאָמזשער פּ. צ. גייט אַרויס אַהין צו פירן דעם שטרייק. די פּאָליציי דערוויסט זיך פון דעם און באַפּאַלט זיי אין וועג. כמעט אַלעמען גיט זיך איין צו באַהאַלטן צווישן די תבואה און אין די פעלדער, נאָר בערל קאָלאָצעק פאַלט אַריין אין די פּאָליצייאישע הענט און זיצט אָפּ פיר חדשים אין טורמע.

איינער פון די אַנטרונענע קומט ביינאַכט קיין לאָמזשע און גיט איבער די משפּחות פון דער דעלעגאַציע, אַז די פּאָליציי זוכט די אַנטלאָפענע און וואָרנט זיי אַז מען זאָל אויסרוימען פון הויז אַלע פאַרדעכטיקטע זאַכן. בבל׳ס פרוי האָט דאַן געכאַפּט די גאַנצע פּועלי־ציוניסטישע ביבליאָטעק פון איר מאַן און באַהאַלטן אין די מעטאַלענע פעסער פון נאַפט און שמירעכץ, וואָס זיינען געשטאַנען אין הויף פון מיראָווסקיס פאַבריק. נאָך אַ נאַכט קריכן צווישן די תבואה זיינען זיי אָנגעקומען פאַרטאָג קיין לאָמזשע אויסגעמוטשעטע, דערשעפּטע. פּאָליציי האָט דורכגעפירט זוכונגען אין אַ סך הייזער. ביי אברהם דער בייגער האָט זי געזוכט צו אַרעסטירן בבל׳ן. אָבער ער האָט אין זיין פּאַספּאָרט גאָר געהייסן ראובן פּוזשיץ און אַזוי אַרום געבליבן פריי. דריי יאָר איז די אָרגאַניזאַציע געווען טעטיק. מיטן זיג פון דער רעאַקציע אין יאָר 1905, עמיגרירן אַ סך אַקטיווע חברים קיין אַמעריקע. יעדער פאַר זיך בלייבט טריי דעם אידעאַל פון פּ. צ. אָבער די אָרגאַניזאַציע לייזט זיך אויף.

עס איז כדאי דערמאָנט צו ווערן, אַז ווען חבר בערל קאָלאָצעק איז געזעסן אין טורמע האָבן די מיטגלידער פון פּ. צ. אָרגאַניזירט שטיצע פאַר זיין משפּחה און פלעגן אים טראָגן עסן.

גרופּע חברים פון „פּועלי ציון“ אין יאָר 1917.

ערשטע רייע (רעכטס) שטייענדיק: נ. פּאָדביעלעוויץ, ה. עווריעוויץ, א. פליישער, נ. וויבראַנציק, צוקערשטיין, ש. י. בורשטיין, מיכל בוכבינדער, פּ. לעפּטאַן, ש. ברוכאַנסקי, לענסקי; צווייטע רייע: ש. מאַרקעוויץ, שטריקמאַן, ח. וואַלאָווסקי, פּראַגעל, סלאָנימסקי; דריטע רייע (זיצנדיק): י. גאָלדבערג, א. מאַרציק, י. לעווינסקי, סענדער פּיאַנקאַ, אברהם ניימאַנאָוויץ, מיכל בערקמאַן, ל. בורשטיינאָוויץ.





קאָמיטעט און גרינדער פון ספּאָרט־קלוב „שטערן" („גוויאַזדאַ") אין לאָמזשע.
שטייענדיק (רעכטס): מ. לעוו, ד. ברוקאַרזש, ח. גלינקא, א. יאַשטשאָמב; זיצנדיק:
י. זיידענשטאַט, נ. קאַץ, ד. צאַדוק, ג. לוסטיק, ש. פיגא, מ. גאָלדברוך.

א. ריווועס

# די באַנייאונג פון דער פועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי אין 1915

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, סוף יאָר 1915, צוזאַמען מיט דעם אויפבלי פ ן אידיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן בכלל, איז אויך צוריקגעקומען צום לעבן די פּ. צ. באַוועגונג. געשען איז דאָס אַ דאַנק די עלטערע חברים, ווי נתן שייפער און יעקב שיינקאָפּ. אויך האָבן אַ סך חברים פון „התחיה", סאָציאַליסטיש איבערצייגטע, פיל מיטגעהאָלפן צו גרינדן און אויפלעבן פון דאָסניי די פּ. צ. פּאַרטיי אין לאָמזשע: די חברים יעקב מילער, זאב גאָעלמאַן, יום־טוב לעווינסקי א. אַ.

פאַר אַ געוויסער צייט איז די פּראָגראַם פון דער באַנייטער פּאַרטיי געווען אַ רעכטע: אָנערקענונג פון העברעאיש ווי דעם א"י אַרבעטערס שפּראַך און פון אידישע שולן אין גלות. די בלוי־ווייסע פאָן איז די נאַציאָנאַלע פאָן נאָר מיט אַ רויטער לענטע אַלס צוגאָב. די בילדער פון דר. הערצל און קאַרל מאַרקס באַגלייך דאַרפן הענגען אין פּ. צ. לאָקאַל. אָט די פּראָגראַם האָט דר. זשיטלאָווסקי פאָרגעלייגט פאַר די פועלי־ציון אין אַמעריקע. שפּעטער אָבער זיינען אַריין אין פּ. צ. עלעמענטן פון „אַרבעטער־בילדונגס־פאַריין", וועלכע האָבן נישט גענוג געפלעגט דעם ציוניסטישן אידעאַל

גרופּע יונגע „פועלי ציוניסטן"
רעכטס (זיצנדיק): מאַרקוס, קראָנענבערג, קאַגאַן.



און זיי האָבן געשטויסן די פּאַרטיי מער צו לינקס: אָנשטאָט „קרן קימת איז געוואָרן „קופּא"י — קופּת פועלי א"י (פּאַלעסטינע אַרבעטער־פאָנד).

דער פּ. צ. לאָקאַל האָט זיך גערופן „אַרבעטער היים". דאָרטן פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן פיל באַוואוסטזיניקע אַרבעטער ביי די וויכוחים אין דער „טיי־האַלע". נאָך אַ סך לאַנגע דיסקוסיעס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען דעם פּראָגראַם פון וואַרשעווער צ. ק. וועלכער האָט געהערט צו דער לינקער ריכטונג. מיט דער הילף פון דעלעגאַט פון וואַרשע, ח' טויבנשלאק, איז די גאַנצע פריערדיקע רעכטע ריכטונג ליקווידירט געוואָרן און די לינקע פּלאַטפאָרמע האָט פאַרנומען איר פּלאַץ: אויפן אָרט פון דר. הערצלס בילד האָט מען אויפגעהאָנגען דאָס בילד פון בער באָראָכאָוו; די פאָן — אין גאַנצן רויט; אויס מיט העברעאיש! דער ערשטער מאַי איז די איינציקע פּראָלעטאַרישע פייערונג; דאָ אין גלות קעמפן מיר גלייך מיט אַלע פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע עלעמענטן און אין פּאָלעסטינע וועלן מיר פאַרווירקלעכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

די מערהייט חברים, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען אַ סך אַנטלאָפענע פון בריסק, ה' טויבנשלאַק'ס שטאָט־קאָלעגן, האָבן אָנגענומען דעם נייעם פּראָגראַם. די מינדערהייט אָבער, געוועזענע חברים פון „התחיה", האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטיי און געגרינדעט אַ „צעירי ציון" פּאַרטיי.

די „פועלי ציון" פּאַרטיי איז געוואָקסן מיט דער הילף פון וואַרשעווער צ. ק. אינסטרוקטאָרן, ווי „גרשון דואַ דער רויטער", וועמען מען האָט אבזיכטלעך דערקלערט אַלס געשטאָרבענעם, כדי צו פאַרפירן די פּאָליציי וואָס האָט אים געזוכט; ה' קראָל אאַז"וו. אין לאָמזשער סביבה זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן אָפּטיילונגען פון פּ. צ., און די לאָמזשער פּאַרטיי־פאַרוואַלטונג איז געוואָרן אַ מין צענטראַל־קאָמיטעט פון ראַיאָן, וועלכער האָט ווירקלעך צוזאַמענגערופן ראַיאָן־קאָנפערענצן, צו וועלכער צענדליקער דעלעגאַטן פלעגן קומען מיט דער באַטייליקונג פון וואַרשעווער צ. ק. דעלעגאַטן.

אַ וויכטיקן אָרט צווישן די לעצטע פאַרנעמט דר. א. ש. יוריס, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד און איז געשיקט געוואָרן קיין לאָמזשע צו שטאַרקן די פּ. צ. באַוועגונג. זיינע טיפזיניקע רעפעראַטן און געשפּרעכן האָבן צוגעצויגן מאַסן צוהערער. די איינדרוקן זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַז יאָרן שפּעטער האָט מען זיך געטיילט מיט זיי. ווען פוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק און עס זיינען פאָרגעקומען וואַלן צום סיים האָבן די פּ. צ. גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל און אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט קעגן דער פאַראייניקטער נאַציאָנאַלער ליסטע נומער 9. מיט די עטלעכע הונדערט שטימען, וואָס זיי האָבן געצויגן, האָבן זיי נאָר געשעדיקט די דערמאָנטע ליסטע מיט ה' הערשל פאַרבשטיין, אַ מזרחי, אַלס קאַנדידאַט. געוואונען פון דעם האָבן נאָר די פּאָליאַקן. די פועלי ציון האָבן זיך באַטייליקט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, געעפנט אַן אַרבעטער קיך, אָוונטקורסן פאַר אַרבעטער, אַ קאָאָפּעראַטיוו, אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן, „דער האַמער", אָנגעפירט אַ דראַמאַטישע סעקציע, אַ כאָר אאַז"וו. אין ערשטן מאַי האָבן זיי דעמאָנסטרירט אַלס באַזונדערע איינהייט, צוזאַמען מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּן.

פון די אַקטיווע טוער אין דער פּ. צ. באַוועגונג דאַרף מען רעכענען: נחמן און נתן וויבראַנצעק, יצחק לעווינסקי, יצחק פערלבערג און זיין חבר'טע אַלטקע פערשטנבערג, די ברידער יעווריעוויץ, מאָריס פירער, פרומקע שיינקאָפּ.



פועלי־ציון״ קאָמיטעט פאַר דער שפּאַלטונג, געגרינדעט אין 1917.
זיי טראָגן אין לאַץ אַ ווייס־בלוי־רויטע אָפּצייכענונג. שטייענדיק (פון רעכטס): נתן קאַסטעלאַנסקי (שפּעטער אַריבער צום „בונד״), ניסן מראַזאָוויץ, ניימאַנאָוויץ; זיצנדיק: מאָטל רזשוטקעוויץ, משה גאָלדמאַן, יעקב שיינקאָפּ (פאָרזיצער), נחמן וויבראַנציק און שקליאַנסקי.

אלתר פליישער, אברהם ניימאָוויץ, סענדער פּיאַנקאַ, ד. מאָהעל, א. צוקערשטיין, חיים וואָלאָווסקי, שלמה ברוכאַנסקי, ש. י. בורשטיין אאַז״וו. אַ געוויסע צייט האָט געאַרבעט אין דער באַוועגונג ה׳ שאול אַמסטערדאַם, וועלכער איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

מאיר לעווינסקי

## לינקע און רעכטע

די רעכטע „פּועלי ציון״, האָבנדיק קעגן זיך די „צעירי־ציון״ פון רעכטס און פּועלי ציון לינקס, זיינען פאַרבליבן אַ קליינע פּאַרטיי. די לעצטע, אין קעגנטייל, האָבן זיך געשטאַרקט אין דער צאָל חברים צוגלייך מיט זייערע אַקטיוויטעטן אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע ווי אין שטאָט־ראַט, קהלה, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אאַז״וו. אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע זיינען פיל פון זייערע חברים אַריין אין „רעווקאָם״. שפּעטער ביים אָפּטרעטן זיינען אַ סך פון פּ. צ. אַנטלאָפן מיט די באָלשעוויקעס קיין רוסלאַנד אָדער עמיגרירט אין אַנדערע לענדער. אָבער די פאַרערגערונג פון לעבנס־באַדינגונגען אין פּוילן האָט אויך געצוואונגען אַ סך חברים פון „החלוץ״ און „העובד״ צו עמיגרירן. דאָס האָט נאָך מער פאַראורזאַכט פאַרלוסטן אין די רייען פון פּ. צ. אַזוי, אַז זיי האָבן געמוזט אויפגעבן זייער דירה אויף זשאַנדאָווע 18 און איבערציען זיך אין אַ קלענערער דירה. עס האָט זיי נישט געהאָלפן אפילו די גרינדונג פון ספּאָרט־פאַראיינען „שטערן״ כדי אויפצולעבן די פּאַרטיי.

מיט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער מצב פון די לינקע פּ. צ. נאָך שוואַכער געוואָרן. דאַקעגן האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו שטאַרקן די רעכטע פּ. צ., וועלכע האָבן געקראָגן אַ השפּעה אין א״י אַמטן, וואו ס׳זיינען פאַרטיילט געוואָרן די סערטיפיקאַטן פאַר עליה. ביי די רעכטע „פּועלי ציון״ האָט זיך אָרגאַניזירט די יוגנט־באַוועגונג „חרות״ מיט די פירנדע חברים: ג. אורינסקי, גראַבאַטאָוויטש, מ. לעווינסקי, גילער, פרידמאַן אאַז״וו.

ווען פיל אַקטיווע חברים פאַרלאָזן לאָמזשע ווערט דער רעכטער פאַראיין פון פּ. צ. ווידער אויפגעלייזט. אין יאָר 1924 שטאַרקט ער זיך ווידער אַ דאַנק דער ענערגישער טעטיקייט פון י. אָרקאָוו און מ. לעווינסקי. אין נייעם וועד דאַן זיינען אַריין די חברים: ב. סופינסקי, א. שאַפּיראָ, צוקערשטיין, גילערד, יאַבלאָנאָוויץ און מ. גערשטענקאָרן. די דערלויבעניש פון דער מאַכט פאַר דער פּ. צ. פּאַרטיי פון די רעכטע איז געווען אויף חבר מ. גערשטענקאָרנס נאָמען אַלס אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. שפּעטער פאַראייניקן זיך די רעכטע פּ. צ. מיט די צ. צ. און פאַרנעמען זייער לאָקאַל אויף זשאַנדאָווע נומער 14.



י. יאַגודסקי — טוער אין לאָמזשער „פּועלי ציון״ און „החלוץ״, קאָמאַנדיר אין „הגנה״ אין ירושלים.

# צעירי ציון, צ. ס. און התאחדות

כדי צו פאַרהיטן אַז אַ סך חברים פון „התחיה“, גענייגטע צו לינקיזם צוליב זייער שוואַכן הינטערגרונט אין ציוניזם־לערע, זאָלן נישט אַוועקגיין צום „בונד“, איז אין „התחיה“ אַנטשטאַנען אַ נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן אַ יוגנט, וואָס זאָל טראָגןביידע אידעאַלן: ציוניזם און סאָציאַליזם. אָט די מיסיע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו חבר משה גאָלדמאַן, אַן אָנגעשטעלטער אין ה׳ טוביה בערמאַנ׳ס מאַנופאַקטור געשעפט, וואָס אַלס אומגייער צווישן יונגוואַרג פון זיין שטאַנד, האָט אַרויסגערופן צוטרוי מצד אַרבעטער עלעמענטן.

אין דעצעמבער 1918 איז אין „התחיה“ געגרינדעט געוואָרן דער „צעירי ציון“ פאַריין. צום ערשטן וועד פון צ. צ. זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: מ. גאָלדמאַן, יעקב מילער, דר. פּיאָנטניצקי, ד. קוואַשני, א. ז. גאעלמאַן, ל. אַלעף און יום־טוב לעווינסקי. אויך זיינען דאָרטן געווען טעטיק: יעקב סאַפּירשטיין, וועמען דער צ. ק. האָט שפּעטער באַשטימט אַלס אינסטרוקטאָר פאַר דער פּראָווינץ, נפתלי וויינבערג, אלעזר קליאן אאַז״וו.

דער ערשטער „פּראָלעטאַריער“ אָנגענומען צו ווערן אַלס חבר אין צ. צ. איז געווען דער לערן־אינגל, יודקע דער שוסטער... וואָס האָט געמאַכט אַ רושם. שפּעטער זיינען אַריין אין צ. צ. אַרבעטער ממש ווי שמידן, שניידער, אָנגעשטעלטע אין געשעפטן אאַז״וו. פּלענער זיינען צוגעגרייט געוואָרן פון יעקב מילער צו אָרגאַניזירן די טרעגער, שמשים, שפּיטאָל אָנגעשטעלטע איידער דער „בונד“ נעמט זיי איבער אין זיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אָבער די עלעמענטן זיינען געווען זייער אָפּגעשטאַנען קולטורעל־געזעלשאַפטלעך. באַזונדער זיינען דאָס געווען די טרעגער — אַ רויער ווילדער עלעמענט, וואָס איז געווען ווייט פון זיין פאַרבונדן מיט יעדער באַוועגונג. פיל ענערגיע איז דערייבער אויסגענוצט געוואָרן צו אויסברייטערן די אַרבעט אין „החלוץ“ דורך גאעלמאַן און לעווינסקי. נישט זעלטן פלעגט דער צ. צ. פאַראַנשטאַלטן אין שטאָט רעפעראַטן פון צ. ק. דעלעגאַטן ווי: זאב אייזענבערג (דאָס איז געווען ברזיל, וואָס איז שפּעטער דערטרונקען געוואָרן אין ירקון אין תל־אביב), אייגעס, פּראָוואַלסקי, ירוחמזאן אאַז״וו. די „באַפרייאונג“, אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, איז גוט פאַרשפּרייט געוואָרן.

אין יאָר 1919 זיינען די צ. צ. פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אין צ. צ. סאָציאַליסטן, לינקע און התאחדות — רעכטע. דאָס איז געשען נאָך אַ סך וויכוחים־פאַרזאַמלונגען. די צווייטע לאַנדעס־קאָנפערענץ פון צ. צ. האָט געזאָלט דעצידירן די פּאָליטישע ריכט־ליניע פון דער באַוועגונג, צו וועלכער לאָמזשער צ. צ. האָבן געשיקט 2 דעלעגאַטן: קוזינסקי, געענדיקט אַגראָנאָם־שולע אין מקוה־ישראל, א״י — פון דער רעכטער ריכטונג, און יום־טוב לעווינסקי פון דער לינקער. די קאָנפערענץ האָט נישט געקענט קומען צו קיין באַשלוס און אַזוי איז די לאַגע געבליבן אין לאָמזשער צ. צ. שפּעטער, ווען אין די שטעטלעך אַרום זיינען אָרגאַניזירט גע־



קאָמיטעט פון „צעירי־ציון“ אין לאָמזשע אין 1920

שטייענדיק (רעכטס): עקיבא בירשטיין, א. גאָעלמאַן, אפרים צוקער, אפרים ווילאַזאָווסקי. זיצנדיק: מאָטל זשוטקעוויץ, יעקב מילער, ליפּע מונדליאַק, משה גאָלדמאַן, פּנחס קוואַשני, חיים אלעף.



קאָמיטעט פון „צעירי־ציון“ אין לאָמזשע אַרום 1924
רעכטס: יצחק מאַרקעוויץ, אייזענפעלד, פעליא גלינקא, גרשון בורשטיין, שרה שאַפּיראָ, איסר ראָזען, אייזענפעלד.

וואָרן אָפּטיילונגען פון צ. צ., איז צונויפגערופן געוואָרן קיין לאָמזשע אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ, צו וועלכער ס׳זיינען געקומען דעלעגאַטן פון: אָסטראָלענקע, אָסטראָוו, יעדוואָבנע, קאָלנע, זאַמבראָוו, וויסאָקי מאַזאָוויעצק אאַז״וו. פון צ. ק. איז געשיקט געוואָרן ה׳ אלענבערג פון לאָדזש און גאָראָדזינסקי, לערער אין פּיאָנטניצע. דער צוזאַמענפאָר האָט געמאַכט אַ רושם אין שטאָט וואו ס׳זיינען דאַן איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרזאַמלונגען און אָוונטן.

ווי שוין געזאָגט, האָט דער פאַראיין פון צ. צ. עקזיסטירט אַ געוויסע צייט אין התחיה־לאָקאַל. אָבער שפּעטער, ווען די צאָל חברים און זייערע טעטיקייטן זיינען געוואָקסן, איז געוואָרן נויטיק אַ באַזונדערע דירה און אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט. כדי אויסצומיידן שוועריקייטן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פיגורירן פאַר דער מאַכט אַלס אַ צווייג פון שטיצער פון דעם „העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים“. צו דעם צוועק האָט מען אָנגעגעבן פיקטיוו די נעמען פון די אַקאַדעמיקער: דר. פעלטין און דר. ש. גאָלדלוסט אַלס הויפּט־אָנפירער פון דעם פאַראיין. מיט דער שתדלנות פון ר׳ ישראל יפה ביים סטאַראָסטע איז דער פאַראיין לעגאַליזירט געוואָרן אין אייניקע טעג. דאַן איז די צ. צ. פּאַרטיי אַרויס פאַר זיך אין אַ לאָקאַל אין הויז פון שלייער, וואו ס׳איז אַמאָל געהאַט געווען דער „גן־ילדים“ אויפן נאָמען פון „שלום עליכם“. עס איז אויך געעפנט געוואָרן אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם פאַר ציוניסטישע קאָנסומער אויפן אָרט פון ש. בלאָשקי׳ס קראָם אויפן הויף פון ה׳ בידערמאַן. אַלס פאַרוואַלטער איז באַשטימט געוואָרן פּ. קוואַשני.

אין איין צייט האָט צ. צ. גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַקציע פון זאַמלען ווערקצייג פאַר א״י. עטלעכע קאַסטענס מיט געצייג זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן. די דאָזיקע אַקציע האָט פאַרשאַפט דעם צ. צ. גרויס אָנערקענונג אין שטאָט. גלייכצייטיק איז דאַן אויסגעפונען געוואָרן ווי גרויס עס זיינען געווען די סימפּאַטיעס פון בעלי־מלאכה׳ס פאַר ארץ ישראל.

אין יאָר 1920 זיינען אַ סך חברים פון צ. צ. מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי און די אַקטיוויטעט פון דער פּאַרטיי איז געפאַלן, ווי בכלל אין די פאַראיינען פון יונגע מענער. אויך זיינען פיל אַוועק אין אַנדערע לענדער. אָבער דערפאַר איז צוגעקומען אַן אַנדערער אַקטיווער כח פאַר צ. צ.

דאָס איז געווען ה׳ ליפּא מונדליאַק פון וואַרשע, אַן ענערגישער טוער פון צ. צ. באַוועגונג אין פּוילן. ה׳ מונדליאַק איז באַשטימט געוואָרן צו דינען אין לאָמזשע אין 33טן פּולק. אַלס שרייבער אין אַ ביוראָ האָט ער געהאַט גענוג צייט צו ווידמען דער צ. צ. פּאַרטיי אין לאָמזשע און האָט ווירקלעך אַ סך געוואוסט און געהאָלפן דעם פאַראיין צו זיין מער אַקטיוו. אין יענער צייט איז צושטאַנד געקומען די צעטיילונג אין וואַרשעווער צ. ק. אויף צ. ס., צ. צ. און התאחדות. אַ סך חברים פון „התחיה“ זיינען צוגעשטאַנען צו התאחדות, אָבער די מערהייט איז געבליבן ביי די צ. ס.

איינער פון די זייער איבערגעגעבענע חברים אין צ. צ. איז געווען ישראל מאַרקאָוויץ. מיט אַ פּאָטערלעכער זאָרגפעליקייט האָט ער געאַרבעט פאַר דער פּאַרטיי, פיל מאָל האָט ער געצאָלט דירה־געלד פון זיין קעשענע, ער פלעגט פאַרשפּרייטן דעם צ. צ. אָרגאַן, איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען און לעקציעס, און נאָך באַזאָרגן די ריינקייט און אָרדנונג פון לאָקאַל. אַ וויכטיקע אַקציע האָבן די צ. צ. דורכגעפירט אין יאָר 1921. עטלעכע צענדליק חלוצים זיינען געהאַט געשיקט געוואָרן פון אוקראַאינע קיין לאָמזשע אויפצונעמען דאָ הכשרה. האָט דער צ. צ. פאַראיין זיי באַזאָרגט מיט דירה׳ס, עסן אומזיסט און אַלעם נויטיקן פאַר דער צייט פון זייער הכשרה אַרבעט.

נאָך אייניקע יאָר פון וויכוחים און שטרעבונגען איז דאָך צושטאַנד געקומען די פאַראייניקונג צ. צ. צ. ס. מיט די רעכטע „פועלי ציון“ און אַזוי אַרום האָבן זיי געבילדעט אין לאָמזשע אַ שטאַרקע און אַקטיווע פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט אַ השפעה אויף דעם „החלוץ“ אין דער שטו־




קאָמיטעט פון צ. ס., צ. צ. אין לאָמזשע אין יאָר 1925
זיצנדיק (רעכטס): ישראל מאַרקעוויץ, י. טאָביאַש, משה גאָלדמאַן, —, מאָטל רזשאַטקעוויץ. שטייענדיק: קראָנענבערג און אייזענפּדל.

דירנדיקער יוגנט. באַטיילנדיק זיך אין די וואַלן צו דער קהילה און שטאָט־ראַט, האָט די פאַראייניקטע פּאַרטיי אויס־געקליבן אייניקע דעלעגאַטן. אין קעגנטייל איז די צ. צ.־„התאחדות" געבליבן אַ קליינע פּאַרטיי, וועלכע האָט קיינ־מאָל נישט אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט ביי אַק־ציעס. נאָר אין פּראַקטישער, ציוניסטישער אַרבעט ווי „קרן קימת", „קרן היסוד", פּאַלעסטינע־אַמט און אין דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י האָט זיך אָנגעזען איר איינפלוס. דער פירער פון התאחדות ביזן חורבן איז געווען נפתלי וויינבערג.

יאַגאָדאָווסקי

## די טעטיקייטן פון די פאַראייניקטע פּ. צ. און צ. ס.

אַ סך צאַנקערייען זיינען פאָרגעקומען אין דער פאַר־אייניקטער פּאַרטיי ביז די צוויי פריער באַזונדערע גרופּן האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן און געוואָרן פּאַקטיש אַן איינ־הייטלעכע פּאַרטיי. אין יאָר 1927 האָט די פּאַרטיי אָרגאַ־ניזירט דעם ערשטן פאַך, דעם שטעפּער־פאַך, האָבנדיק דאָר־טען אַ מערהייט און נאָך אַ קורצן שטרייק האָט די פּאַרטיי געוואונען אַ קענטיקע פאַרבעסערונג אין די אַרבעט־באַדינ־גונגען — אַ 8 שעה׳דיקן אַרבעט־טאָג. אַ גרויסן חלק האָט אין דעם געהאַט חבר יצחק נאָמבערג דורך זיינע אונטער־האַנדלונגען, וואָס ער האָט געפירט מיט די מייסטערס און אַרבעט־אינספּעקטאָר מצד דער מאַכט. די אַקציע האָט גע־האַט איר השפּעה אויף די אַרבעטער עלמענטן אין שטאָט.

דער „בונד", מורא האָבנדיק פאַר קאָנקורענץ, האָט אָנגע־הויבן צו אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון נאָדל־אַרבעטער, לעדער־אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. די פּ. צ. חברים האָבן זיך באַטייליקט אין די אַרבעטן דורך צוויי דעלעגאַטן: אייזענפעלד און מושציצקי, וועלכע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין לאָמזשע.

די אָפּשוואַכונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל אַלס רעזולטאַט פון אַלגעמיינעם קריזיס אין לאַנד און אַ דאַנק די אינערלעכע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעלערן, האָט די פאַראייניקטע פּאַרטיי געמוזט אויפגעבן דעם גרויסן לאָקאַל אויף זשאָנדאָווע 14 און זיך אַריינציען אין אַ קליינער דירה אין קולקינ׳ס הויף. עס פלעגט טאַקע זיין צו ענג פאַר דער גרויסער צאָל באַזוכער ביי די פרייטאָג־צו־נאַכטיקע ליטע־ראַרישע אָוונטן, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די חברים: י. סאַפירשטיין, קראָנענבערג, פּאָדבעלעוויץ, פּערל מאַרקוס, צוקערשטיין, און איבערהויפּט חבר מאַזור, וועלכער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען דורך זיינע אַרטיסטישע פאָר־שטעלונגען. די פאַראייניקטע פּאַרטיי האָט געעפנט אַ קורס פאַר עספּעראַנטאָ שפּראַך, מיט דר. פּערלמאַן דעם דענטיסט אַלס הויפּט און לערער.

דער ווינטער אין יאָר 1928־1929 איז געווען זייער אַ קאַלטער און אַלס צוגאָב האָט געהערשט אַ שטאַרקע אַרבעטלאָזיקייט; עס איז געווען אַ מאַנגל אין באַהייצונגס־מאַטעריאַל און שפּייז. האָבן די אַרבעטער און אָרעמע לייט בכלל געפאָדערט הילף פון מאַגיסטראַט. אַלע אַרבעטער פאַר־איינען האָבן גענומען רעגיסטרירן נויטבאַדערפטיקע. אָבער די פּ. פּ. ס. און דער „בונד" האָבן נישט געלאָזט דעם מאַ־

גיסטראַט אָנערקענען די ליסטן פון פּ. צ. און די לינקע כדי אַזוי אַרום זאָל געגעבן ווערן הילף נאָר צו די פאַרשריבענע דורכן „בונד" און פּ. פּ. ס. דער פאַקט ווען ער איז געוואָרן באַוואוסט, האָט אויפגערעגט די אַרבעטער־מאַסן פון שטאָט און זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג. חבר יצחק נאָמבערג האָט גערעדט צו די פאַרזאַמלטע אין פּויליש. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך די צוהערער אַוועקגעלאָזט מיט אַ דעמאָנסטראַציע צום מאַגיסטראַט, אָבער זיי זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער פּאָליציי, וועלכע האָט מיט אַרויסגעצויגענע שווערדן פאַנאַנדערגעטריבן דעם המון. אייניקע זיינען לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. מען האָט עס אָנגענומען פאַר אַ רעוואָלוציע. די קראָמען האָבן זיך געשלאָסן און דער אַלטער מאַרק איז אָפּגעליידיקט געוואָרן פון די „גאַסן־שטייער" (הענדלער). נאָכן צוריקשטעלן אָרדענונג האָט דער מאַגיסטראַט נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די דעמאָנסטראַנטן און האָט דערקלערט אַ נייע רעגיסטראַציע פון די נויטבאַדערפטיקע דורך אַלע פּאַרטייען. דאָס איז געווען די ערשטע אַקציע פון די פּ. צ. בשותפות מיט די פּוילישע אַרבעטער אַוועקצונעמען דעם מאָנאָפּאָל פון בונד" און פּ. פּ. ס. איבער די אַרבעטער מאַסן, סיי אידישע און סיי פּוילישע.

## די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" ביי די „פּועלי ציון"

אין יאָר 1927 האָט די פאַראייניקטע פּ. צ. פּאַרטיי געגרינדעט די יוגנט באַוועגונג „פרייהייט", וועלכע האָט צוזאַמענגעהאַלטן די א. ס. י. (אידישע סאָציאַליסטישע יוגנט פון פּ. צ.) און צ. ס. י. (ציוניסטיש־סאָצ. יוגנט פון צ. צ. צ. ס.). אָט די נייע באַוועגונג האָט צוגעצויגן שול־ און אַרבעטער־יוגנט וועלכע האָבן דאָרטן געהערט לעקציעס איבער ליטעראַטור און האַנטווערקעריי. די באַוועגונג איז אָנגעפירט געוואָרן פון ישראל מאַרקעוויץ, מ. לעווינסקי, י. טאָביאַש. י. צוקערשטיין און י. נאָמבערג. די פעאיקע אינסטרוקטאָרן האָבן זיך שפּעטער דערהויבן און געוואָרן פירנדיקע כוחות אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג.

אין יאָר 1928 האָט די „פרייהייט" געגרינדעט דעם פאַראיין „רויטער סקאַוט" פאַר קינדער וואָס זיינען אַוועק פון שולע און אַריין פּריציייטיק אין „לעבנס קאַמף". מ'האָט זיי געלערנט ווי צו זיין נוצלעך פאַר זייערע עלטערן און פאַר זיך דורך לערנען אַ פאַך. מען האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט קורסן צו לערנען שרייבן, לייענען, חשבון און היסטאָריע. כדי צו פאַרשטאַרקן די דאָזיקע טעטיקייטן האָט די „פרייהייט" זיך פאַרבונדן מיט ענלעכע פּוילישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס ביי פּ פּ. ס. ט. או. ר.

אין יאָר 1929 האָט די „פרייהייט" אָפּגעהאַלטן די ערשטע ראַיאָן־קאָנפערענץ פון לאָמזשער סביבה מיט דער באַטייליקונג פון הונדערטער יוגנט־דעלעגאַטן. דאָס איז געווען אַ שיינע אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע פאַר דעם פּ. צ. אידעאַל. אַ סעקרעטאַריאַט פאַר אַלע ענינים פון „פרייהייט" איז אויסגעקליבן געוואָרן פון די חברים: יאַגאָדאָווסקי, מושציצקי פון לאָמזשע און יצחק דאָמב פון זאַמבראָוו. די חברים האָבן דערפילט זייערע אויפגאַבן ביז זייער עליה. נאָך דעם האָבן די מיטגלידער פון „פרייהייט" אָנגעפילט די רייען פון צ. צ., פּ. צ., החלוץ, די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א"י און ספּאָרט־פאַראיינען. נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די „פרייהייט" געאַרבעט קאָנספּיראַטיוו, שפּעטער אַלס פּאַרטיזאַנער. זייער ווייניק פון זיי זיינען געבליבן לעבן.

## די דעמאָנסטראַציע פון ערשטן מאַי

אין יאָר 1929 האָבן די פּ. צ. באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַן ערשטער מאַי דעמאָנסטראַציע. באַזונדער דערפאַר ווייל דער „בונד" און פּ. פּ. ס. האָבן נישט געוואָלט לעגאַליזירן די צוויי פאָנען און די פּלאַקאַטן מיט א"י־אויפשריפטן; אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַרזאַמלונג איז דאַן פאָרגעקומען אין „קולקינס הויף". ס'האָבן גערעדט: מאַרקעוויץ, צוקערשטיין, נאָמבערג און יאַגאָדאָווסקי. אין מיטן איז דערהאַלטן געוואָרן אַן איינלאַדונג פון פּ. פּ. ס. זיך צו פאַראייניקן מיט זיי אין דער אַלגעמיינער דעמאָנסטראַציע. די חברים פון „החלוץ" און „השומר הצעיר" זיינען מיטגעגאַנגען. אין די ערשטע רייען האָט זיך דאַן אָנגעזען אַ גרופּע סטודענטן מיט די חברים מושינסקי און קאָלוואָרייסקי אין דער שפּיץ.

ווען די פּ. צ. זיינען צוגעקומען צום זאַמל־פּונקט, ביים „פאָלקס־הויז" (נאַראָדני דאָם אָדער דאָם לודאָווי), האָט דער



ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט־פאַראיין „פרייהייט" ביי די „פּועלי־ציון" אין לאָמזשע.




1־טער מאַי־דעמאָנסטראַציע פון מיטגלידער פאַר דער אַרבעטערשאַפט
אין ארץ־ישראל אין 1932

פאָרשטייער פון פּ. פּ. ס., אונטער דער ווירקונג פון „בונד", געשלאָסן די פאַרזאַמלונג, כדי נישט צו דערלאָזן די פּ. צ. רעדן. אָבער חבר צוקערשטיין איז אַרויף אויף דער טריבונע און געעפנט אויפסניי די פאַרזאַמלונג. דער „בונד" און פּ. פּ. ס. זיינען אַוועק, אָבער די אידישע מאַסן זיינען געבליבן אויפן פלאַץ און נאָך דעם מאַרשירט אונטער די פאָנען פון פּ. צ. ס'איז צום סוף אַרויסגעקומען אַ גרויסער נצחון פאַר דער פּ. צ. פאַרטיי, וועלכע איז אַרויס צו דער פייערונג מיט הונדערט מאַן און צוריקגעקומען מיט פינף הונדערט. פּ'ן דאַן אָן האָבן דער „בונד" און פּ. פּ. ס. זיך געמוזט רעכענען מיט די פּ. צ. כוחות און אַריינגעמען זיי אין דער פירונג פון די קראַנקען־קאַסעס. דער ערשטער ציוניסטישער פאָרשטייער דאָרטן איז געווען חבר י. שניצער; שפּעטער האָבן דאָרטן אָנטיילגענומען די חברים נאָמבערג און אייזנפעלד.

## די וואַלן צו דער קהילה

צו די קהילה־וואַלן אין יאָר 1932 האָט די פּ. צ. פאַרטיי אויסגעקליבן פינף דעלעגאַטן. דאָס איז געווען אַ בולטער אויסדרוק פון צוטרוי צו פּ. צ. מצד די אידישע מאַסן; די דערוויילטע זיינען געווען: טאָביאַש, טוכוועבער, יעוורעיעוויץ און מאַרקעוויץ. זייערע פאַרטרעטער: ראָזענ־פעלד, זילבערנאַגל און פלאַטוי. די חברים טאָביאַש און פשעפשאָוויטש זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, צוזאַמען מיט ה' קוזינסקי פון די פּראָגרע־סיווע (קליינע בעלי־מלאכה'ס). טאָביאַש איז אויך געוואָרן סעקרעטאַר פון דער קהילה, ער האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף דורך קופּאָנען אויף ברויט, קוילן, האָלץ און הילף פאַר קימפעטאָרינס. די קהילה האָט איינגעאָרדנט דערהאָלונגס אַנשטאַלטן פאַר קינדער צוזאַ־מען מיט „צענטוס" (אַ צענטראַלער אַנשטאַלט פאַר דעם צוועק). די קהילה האָט באַשטימט אין איר בודזשעט סומען פאַר ציוניסטישע צוועקן, ווי: אַרבעטנדיקער א"י, „החלוץ", הכשרה קיבוצים, און פאַר עליה צוועקן. די פּ. צ. פאַרטיי האָט אָרגאַניזירט דעם פאַראיין „העובד" פאַר קליינע בעלי מלאכה'ס צוצוגרייטן זיי צו עליה קיין א"י. דאָסגלייכן זיי־נען אָרגאַניזירט געוואָרן די פּראָפעסיעס פון שניידער, שטע־פער, סטאָליער, טרעגער, שערער און אָנגעשטעלטע.

אין יאָר 1937 האָט אַ גרופּע פוילישע סטודענטן אויס־געבראָכן די שויבן פון דער גרויסער שול. אַלס נקמה האָט אַ משוגענער אידישע פרוי צעבראָכן אַ פענסטער פון „אוני־טאַס". דער פּאָליציי־הויפּט האָט גערופן צו זיך ה' טאָביאַש און האָט פון אים געפאָדערט, אַז די אידן זאָלן גוט־מאכן דעם שאָדן אין „אוניטאַס". ה' טאָביאַש האָט פּראָטעסטירט צוליב: 1) די פּאָליציי האָט גאָרנישט געטאָן אַז מען זאָל פאַרריכטן די שול־פענסטער; 2) די שטאָט איז פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר די מעשים פון אַ גייסטיק־קראַנקן, ווייל זי האָט נישט געזאָרגט איר צו האַלטן אין אַ פאַסיקן אַנשטאַלט. דער פּאָליציי־הויפּט האָט געוואָרנט ה' טאָביאַש, אַז אויב אין זעקס שעה וועט דער שאָדן נישט גוט־געמאַכט ווערן, נעמט ער פון זיך אַראָפּ די אחריות פאַר אַלץ וואָס עס וועט פּאַסירן נאָכדעם. אָבער די פּ. צ. האָבן אַוועקגעשטעלט זייערע חברים און חברות פון דער „אַרבעטנדיקער א"י־ליגע" און פון די הכשרה־קיבוצים אַלס זעלבסט־שוץ און די דראָ־אונג איז נישט אויסגעפירט געוואָרן.

ס'איז געענדיקט די תקופה פון פּראָלעטאַרישן־ציוניזם אין לאָמזשע — אַ תקופה פון דריי דורות פון טרוימער, קעמפער און פאַרווירקלעכער. ס'לעבט נאָך צווישן אונז דער שאַפער און וועטעראַן פון דער באַוועגונג, ראובן פּוזשיץ („בבל"), וועלכן ס'איז צו פאַרדאַנקען וואָס די פּ. צ. האָבן אויפגעשטעלט אַ דור פון „חלוצים", זומפּן־טרוקענער, בוי־ערס פון שאָסייען, שטעט און דערפער, קעמפער אין די רייען פון דער „הגנה" פאַר ישראל'ס זעלבסטשטענדיקייט.

# די באַוועגונג פון „השומר הצעיר“ אין לאָמזשע

דוד נאַגישאַוועֶר

## דער „השומר הצעיר“ אין די יאָרן 1918—1930

אין יאָר 1917 איז געגרינדעט געוואָרן אין לאָמזשע די יוגנט באַוועגונג „השומר הצעיר“ מיט אַ פּאָליטישער באַ־פאַרבונג. די ספּאָרט־אינסטרוקטאָרן זיינען געווען ה׳ פרענקל,



דוד נאַגישאַווער

לערער פון גימנאַסטיק אין גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע, און משה צעשלוק, אַ געענדיקטער פון דער פּוילישער האַנדלס־שולע, וועלכער האָט אַלס סטודענט פון וואַרשעווער אוני־ווערסיטעט און שפּעטער אַלס דאָקטאָר, זיך אין גאַנצן דער־ווייטערט פון אידישקייט און אידן. די דערציאונג און קול־טורעלע לערע האָבן אויסגעפירט „התחיה“־מיטגלידער: דר. י. קאַוּקעוויץ, אברהם מזרח און חיים־יצחק גלינקא (היינט אין ישראל).

אין יאָר 1918 ווערט לאָמזשער „השומר הצעיר“ פאַר־אייניקט מיטן צ. ק. פון דער באַוועגונג. אין „השומר“ האָבן געפונען אַ פּאַסיקן אָרט די יוגנט־עלעמענטן פון די שולן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין אַ סך אַקטיוויטעטן פון נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ספּעציעל אין זאַמ־לען פאַר נאַציאָנאַלע פאָנדן. זיי האָבן געהאַט צו קעמפן מיט זייערע עלטערן, וועלכע זיינען געווען קעגן, אַז שילער זאָלן זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע טעטיקייטן. די „השומר־הצעיר׳ניקעס“ האָבן אַרויסגעגעבן אַ בראָשור מיטן נאָמען: „אל־על“. דער לייט־אַרטיקל האָט געהאַט אַ קעפּל„ אל תשמע בני מוסר אביך“ (אין קעגנזאַץ צום באַוואוסטן פּסוק אין משלי — „שמע בני מוסר אביך“). די פרומע האָבן קיינמאָל נישט געקענט מוחל זיין די פירער פון „השומר הצעיר“. אין משך פון דער צייט האָט דער „השומר“ אָנגענומען אַן אידעאָלאָגיע, וואָס האָט אים דערווייטערט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

די פאַרזאַמלונגען פון „השומר הצעיר“ פלעגן פאָרקו־מען אין די שטאָט־גערטענער אָדער אין „מכבי“־לאָקאַל. אין יאָר 1921 האָט דער „השומר“ געדונגען אַ דירה אין סטריקאָווסקיס הויז אויף שול־גאַס און אין יאָר 1923 האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין דר. קאַווקעוויצעס הויז אויף לאַנ־גע גאַס. אין יענער צייט האָבן אַלע אַנדערע באַוועגונגען אַרויסגעקראָגן לעגאַליזאַציעס. דער „השומר הצעיר“ האָט



ערשטע מיטגלידער פון „השומר הצעיר“ אין לאָמזשע

ערשטע רייע (שטייענדיק פון רעכטס): צעשלוק, צפורה קאַווקעוויץ, צאכאנסקא, זובערסקא, אַנפירער משה׳קע צעשלוק, צעכאַ־נאָוויץ, נאַגישאַווער, אלעף און אַפּענבערג. צווייטע רייע (זיצנדיק): שרה צירמאַן, רחל בוכהענדלער, שפרה צירמאַן, בלומאָוויץ, מאַשאַ ביאַליסטאָצקי, יאַקובי, הורוויץ. דריטע רייע: גאָלדבערג, מאנק, גאָלדבערג, אַלעף, נאָמבערג, זובערסקא.

אַזעלכעס נישט געקראָגן און זיינע טעטיקייטן האָבן געמוזט זיין קאָנספּיראַטיוו. פונדעסטוועגן האָט עס נישט דערווייטערט דער יוגנט פון מיטגלידערשאַפט און צו זיין אַקטיוו אין דעם פאַראיין. די פּאָליציי האָט נאָכגעשפּירט דעם פאַראיין. איינמאָל איז דורכגעפאַלן זייערע אַ געהיימע פאַרזאַמלונג אויף די „וויטראַקן״; די יונגערע חברים האָבן דאַן געמוזט צעקייען און אַראָפּשלינגען דעם פּראָטאָקאָל און די פּראָקלאַמאַציעס פון צ. ק., זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. שפּעטער איז אַ דאַנק רבקה בוכהענדלער לעגאַליזירט געוואָרן דער „השומר הצעיר״ אונטערן נאָמען: „תרבות״ און האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ דירה אויף פּולאַווע גאַס נומער 18. פאָנדן פאַר דעם צוועק האָט ער אַרויסבאַקומען פון דער הכנסה פון אַ קאָנצערט דורכגעפירט פון קיפּניס־זעליגפעלד.

אין יאָר 1923 האָט דער „השומר הצעיר״ געשיקט די חברה צפורה קאַווקעוויץ קיין קעלן, דייטשלאַנד, צו שטודירן דאָרט אַגראָנאָמיע. זי איז געווען די ערשטע עולה באַשטימט צו ווערן קיין ארץ־ישראל פון „השומר הצעיר״־מיטגלידער. היינט איז זי פון די אַקטיווסטע חברות אין קיבוץ „עין שמר״. אין די יאָרן 1926־1929 איז אַ סך קולטורעלע און דערציערישע אַרבעט געטאָן געוואָרן אין „השומר הצעיר״ דורך שמועסן, פאַרזאַמלונגען, אויספלוגן, אאַז״וו מיט דער מיטהילף פון צ. ק. און מיט די אָרטיקע כוחות, ווי: יעקב צעכאַנאָווסקי, יוסף שנייוויס און מאיר ענאָוויץ זון פון לערער יהודה ענאָוויץ (געשטאָרבן אַלס דאָקטאָר אין יאָר 1949 אין דער שווייץ). די שפּאַציר־מאַרשן פון „השומר הצעיר״ האָבן שטענדיק צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון עולם מיט זייער קאַפּעליע, פייפלעך און פּויקן אין דער שפּיץ (איינגעשטודירט געוואָרן אין צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה דורך דעם אידישן קאַפּעל־מייסטער ה׳ שטאָלקאָפּף). מען האָט דאָס גערופן „די שטרויענע מוזיק״. די אויספלוגן פלעגן גיין קיין יעגנאָצאָווע, געלצין, זאַוואָד.

די הויפּט אויפגאַבן פון „השומר הצעיר״ זיינען געווען צו געבן די מיטגלידער אַ גוטע חלוצים־הכשרה. צו דעם צוועק פלעגן זיך צוזאַמענקומען די פאַרשיידענע אָנפירער פון קלענערע און גרעסערע גרופּן פון לאַנד און פאַרברענגען אין אַ מושב אַ חודש צייט כדי אויסצואַרבעטן פּלענער פאַר די אַקטיוויטעטן און אויך ווי אַזוי צו דערציען גוטע אינסטרוקטאָרן. לאָמזשער אָנפירער פלעגן אויך אָנטיילנעמען אין אַזוינע צוזאַמענקונפטן. אַמאָל פלעגט דער לאָמזשער פאַראיין אַליין פאַר זיך איינאָרדענען אין צערוואָני־בור, נאָווגאָראָד א. אַ. וו. אַזעלכע צוזאַמענקונפטן.

אין יאָר 1927 זיינען איייניקע עלטערע „שומרים״ אריין אין החלוץ פאַר הכשרה אין ביאַלאָשיווע און דאָרטן זיך אויסגעבילדעט אַלס אַ גרופּע אינסטרוקטאָרן. די מער באַוואוסטע פון זיי: שרה סטריקאָווסקי, אריה מאָרגענשטערן א. אַ. די וואָס האָבן זיך אַנטזאגט אויפצונעמען הכשרה־אַרבעט אין „החלוץ״ זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פאַראיין. מיט דער מיטהילף פון פּאַטראָנאַט־מיטגליד אהרן כהנא איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אַגריקולטור־הכשרה־פּונקט אין קישעלניצער הויף און איייניקע פירער פון דער באַוועגונג האָבן דאָרטן געקראָגן זייער הכשרה פאַר זייער עליה. דער אַממערסטן באַוואוסטער איז געווען יעקב ריפּטין (היינט אייינער פון די מפ״ם־פירער אין מדינת ישראל און אַ כנסת־דעפּוטאַט).

אין אַלגעמיין איז לאָמזשער „השומר הצעיר״ פאַראיין געוואָקסן און זיך אַנטוויקלט אויפן שטייגער ווי אַנדערע ענ־

נאָך אַ גרופּע פון „השומר הצעיר״ אין לאָמזשע

ערשטע רייע (שטייענדיק): אסתר ווײדענבוים, יעקב צעכאַנאָווסקי, מלכה גלינקא, יעקב יודלבוים, דאָרפמאַן, צוקערברוים, יעקב זימאַן, אלקנה דראזנין. צווייטע רייע (זיצנדיק): פרומע פעצינער, חיים יצחק גלינקא, צעשלוק, דר. יעקב קאַווקעוויץ (פאָרזיצער פון „השומר הצעיר״), נאָמבערג, רחל קאַווקעוויץ. דריטע רייע: צפורה קאַווקעוויץ, רבקה בוכהענדלער, שפרה צירמאַן, שפרה צעכאַנאָווסקא.



לעכע פאַראיינען. נישט אַלע מיטגלידער האָבן פאַרווירקלעכט אין ישראל די אידעאַלן פון „השומר הצעיר". פון די וואָס זיינען עולה געווען קיין א"י האָבן זיך איינקע, ווי אַ גרופּע, באַזעצט אין „עין השופט", און אַנדערע ווי אינדיווידועלע עולים — אין פאַרשיידענע קיבוצים. נאָך אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין שטאָט, ווי: רבקה בוכהענדלער, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות אאַז"וו.

אליעזר בורשי (בורשטיין)

## „השומר הצעיר" אין די יאָרן 1930—1939

אין יאָר 1932 האָב איך אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן אין דער הנהלה פון קן (פאַראיין) אין לאָמזשע, צוזאַמען מיט די חברים לעוויטאַ, וויערשבאַ, י. צערווין, מ. זלאָטניקעוויץ. נאָך דער עליה פון אונזערע בעסערע חברים איז אונזער אַרבעט געוואָרן שווער. דער הויפּט פון קן פאַר דער מאַכט איז געווען ה' ליאָן בלאַוואַט. ער איז געווען זייער איבערגעגעבן דעם פאַראיין. מיר האָבן געהאַט אונזער קוואַרטיר אויף גלעצינסקי גאַס נומער 14. מיר האָבן געציילט אַרום 140 חברים, צעטיילט אין גרופּעס מיט פאַרשיידענע נעמען. די גרופּע „הסנה" (דער דאָרן) פלעגט באַזאָרגן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט ווי, ריינקייט און פאַרריכטן די מעבל. מיר האָבן זיי מקנא געווען. פרייטאָג־צו־נאַכטס איז געווען „לעבעדיק" אין קן צוליב די שירים און טענץ. יעדער ווינטער־אָדער זומער־מושב האָט געפאָדערט הכנות פון וואָכן און איבער אַלץ — פינאַנציעלע מיטלען אין דער שותפות'דיקער קאַסע.

בנוגע שפּייז האָט יעדער חבר געשלעפּט פון זיין היים וואָס און וויפל עס האָט זיך געלאָזט. מיר זיינען שטענדיק געווען צופרידענע. דער עיקר איז ביי אונז געווען די שפּאַציר־אויספלוגן און דאָס פאַרברענגען לענגערע צייטן אין לאַגערן. אונז איז געווען געשמאַק די ביטער־זיס־זויערע געקעכטס, אפילו ווען דאָס איז געווען שוואַרץ־פאַרברענט. מיר פלעגן צוריקקומען פון אַזעלכע אויספלוגן אָפּגעברענטע פון דער זון, מונטערע און פול מיט ענערגיע. נאָר אונזערע עלטערן האָבן זיך געזאָרגט וועגן אונזערע איינגעפאַלענע פּנימער, צעשניטענע פיס און צעריסענע בגדים. אָבער זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט און אונז אַלץ מוחל געווען, און האָבן פאַרקוקט די „גניבה'ס" פון קיך און די שפּייז־שאַפעס. יעדן יאָר האָבן מיר געשיקט חברים אין די מושבות. אונזערע זומער־לאַגערן אין די פאַרשיידענע דערפער דערוועקן נאָך היינט אין אונז אָנגענעמע, פריידיקע זכרונות. אונזערע ליטעראַרישע געשפּרעכן זיינען פאַרבליבן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונגען.

מיר האָבן אויך געזאָרגט וועגן מאַטעריעלן מצב פון אונזערע חברים. דעם מס פאַר דער באַוועגונג האָט יעדער געצאָלט לויט זיינע מעגלעכקייטן. ווען נויטיק, האָבן מיר געשטיצט אין געהיים כדי נישט צו באַליידיקן דעם וואָס האָט נישט געקענט צאָלן. אַלס אילוסטראַציע: איין שומר פון דער גרופּע „בני הגליל", אַ זון פון אַן אָרעמען לערער, אַ מטופל מיט פיל קינדער, האָט געטראָגן ווינטער־צייט קורצע ספּאָרט־הויזן און לייכטע ספּאָרט־שיך, טענה'נדיק אַז ער טוט עס צוליב זיין ליבשאַפט צו ספּאָרט. מיר האָבן געוואוסט, אַז די סיבה איז די אָרעמקייט פון זיינע עלטערן, וואָס זיינען נישט ביכולת צו קליידן אים. האָבן מיר אים געקויפט וואַרעמע זאַכן פון דער קאַסע פון פאַראיין, אָבער ער האָט דאָס נישט אָנגענומען, ווייל ער האָט זיך געשעמט. האָבן מיר אים גערופן צו אַ געהיימען משפט פאַר חברים פון דער גרופּע.



אַ גרופּע פירערינס פון „השומר הצעיר" אין לאָמזשע

(רעכטס): צפורה קאַווקעוויץ, מלכה גלינקא, רייזקע צעשלוק, תמרה ראשבאם, שפרה צירמאַן, פאַדרוזשניק, און טרעסטאַנאָוויץ.

דער פסק־דין איז געווען, אַז דער קן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין געזונט און ער מוז אָננעמען די זאַכן. און סך־הכל זיינען מיר דאַן אַלט געווען 15־16 יאָר.

אַ גרויסע הילף האָבן מיר באַקומען פון די הכשרה־קיבוצים, וואָס זיינען געווען אין לאָמזשע, ווי: „לשחרור", „בדרך", „במולדי", „המשמרת" (היינט זיינען זיי אין ישראל). ה' קאָפּעלאָוויץ איז געווען פאַר אונז ממש ווי אַ פאָטער. מיר האָבן זיך געראַנגלט מיט גרויסע שוועריקייטן, געליטן קעלט, הונגער, און נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן צו די פאָדערונגען פון די פרומע אין שטאָט און טאָן תשובה, בכדי צו קריגן שטיצע פון דער קהילה און אַנדערע אַנשטאַלטן. אונזערע „איבונגען" זיינען געווען שווערע אַרבעט, ווי האַקן האָלץ, טראָגן שווערע משאות אאַז"וו. נישט איין מאָל, ווען אַ חלוץ האָט פאַרגעלייגט פאַר אַ בעל־הבית צו האַקן זיין האָלץ אין אַ פראָסט, האָט ער געקראָגן אַן ענטפער: ביי מיר וועלן אידישע קינדער אין אַ פראָסט קיין האָלץ נישט האַקן. מוטערס האָבן נישט איין מאָל געוויינט איבער זייערע קינדער: „אַזאַ אידעל פּנים, אַזעלכע ווייכינקע הענט — דאָס זיינען פאַר אַ שולע און נישט פאַר אַזוינע שווערע אַרבעטן".

ס'זיינען אָבער געווען מענטשן וואָס האָבן אונז געהאָלפן: דר. פיאַנטניצקי פלעגט אונז היילן אומזיסט און אויך זאָרגן פאַר אונז ווי אַ פאָטער. ה' קאָפּעלאָוויץ איז געווען ביי אונז אַן ערן־בירגער און שטענדיק אונז געהאָלפן. איינמאָל האָט אויסגעבראָכן אין אַ קיבוץ אַ טיפוס־עפּידעמיע. די קראַנקע האָט מען אַוועקגענומען אין שפּיטאָל, אָבער דער געזונטהייטס־אַמט פון דער רעגירונג האָט צוליב פאַרזיכטיקייט אַרויסגעוואָרפן דעם קיבוץ פון זיין לאָקאַל. זיינען מיר געבליבן אין דרויסן, אָבער אונזער אַרבעט האָבן מיר נישט פאַרלאָזן. די הילף וואָס מיר האָבן געקראָגן פון די קיבוצים איז געווען זייער וויכטיק, איבערהויפּט אין גייסטיקן זין, ווייל נאָך דער עליה פון אונזערע חברים זיינען מיר געבליבן אָן אינסטרוקטאָרן און די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן פאַרכאַפּן אַלץ מער הערצער.

איינמאָל האָט אונז געשיקט אונזער הויפּט־קאָמיטעט אַן אינסטרוקטאָר, אַ זייער ראַפינירטער און איבערגעגעבענער חבר, חיים שיף. ער האָט אויפגעריכט דעם קן מיט זיין ענערגיע. ער האָט גלייך געגרינדעט פאַרשיידענע קורסן. אָבער צו אונזער גרויסן צער איז ער קראַנק געוואָרן. מען האָט אים גענומען אין שפּיטאָל, ער איז אָבער געוואָרן ערגער. האָט מען אים געפירט קיין וואַרשע אין שפּיטאָל, וואו ער איז באַלד געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג און שווינדזוכט.



רעליגיעזע אָוונט־קורסן פאַר די אידישע קינדער אין דער פוילישער פאָלקשול
אין צענטער זיצן די לערער י. טאָביאַש און שמחה באַקשט.

אין די לעצטע יאָרן בין איך געווען טעטיק אין דער לאַנדעס־באַוועגונג. איך בין אַריין אין אַן הכשרה־קיבוץ אין אָסטראָלענקע, וואו איך האָב באַקומען אומעטיקע ידיעות וועגן לאָמזשער קן — נישט געווען קיין פירער און וועמען צו פירן. ווען איך בין אין יאַנואַר 1939 געקומען קיין לאָמ־זשע זיך געזעגענען, האָב איך געפונען אַ הייפל חברים, אָבער אָן יאוש. די חברים האָבן געוואוסט, אַז עס וועלן זיין פאָרזעצערס פון „השומר" אידעאַל. פסח האָט דער „השומר הצעיר" נאָך געפייערט דעם דריטן יאָר פון דער מסדה עק־זיסטענץ. צו אונזער באַדויערן זיינען שוין אין לאָמזשע און אין גאַנץ פוילן מער נישט געווען ווער עס זאָל פאָרזעצן די טעטיקייטן פון „השומר הצעיר".

(קיבוץ „גל און", ישראל)

## „השומר הלאומי"

אין יאָר 1927 האָט דער „השומר הצעיר" אָנגענומען אַ ראַדיקאַל־לינקע פלאַטפאָרם. עס איז דאַן אַנטשטאַנען אַ נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ סקויטן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין מערער נאַציאָנאַל אין גייסט פון אַלגעמיינעם ציוניזם. ה' א. דאָמאָוויץ, פאָרזיצער פון „התחיה", האָט אָפּגעהאַלטן אַ צוזאַמענקום מיט די יונגע לייט: אלקנה דראָזנין, רחל פערקאַל, עלקע קוזינסקע, רחל ראָזענבלום, פעשקע ציבולקאַ א. נ. א. נאָך אַ שמועס און אַ מיינונגס־אויסטויש איז גע־גרינדעט געוואָרן דער „השומר הלאומי". ווען דער פאַקט איז באַוואוסט געוואָרן, האָבן צענדליקער פון ציוניסטישער יוגנט און דערוואַקסענע זיך פאַרשריבן אַלס חברים אין דעם פאַראיין, אַזוי אַז אין אַ קורצער צייט האָט ער געציילט צוויי הונדערט חברים. אויפקלערונגס־אַרבעט האָט זיך אָנגעפאַנ־גען. ס'איז געלערנט געוואָרן געאָגראַפיע פון ארץ ישראל, העברעאיש, אידישע היסטאָריע. אַלע מיטגלידער האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין ציוניסטישער אַרבעט, זאַמלען פאָנדן פאַר ארץ־ישראל א. א. גרויס געוויכט איז געלייגט געוואָרן צו פאַרשפרייטן דעם ציוניסטישן אידעאַל צווישן דער שול־יוגנט. די פאָלגענדע חברים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער איבערגעגעבנקייט: רחל פערקאַל, רחל ראָזענבלום, עלקע קוזינסקי, פעשקע ציבולקאַ, יעקב פערקאַל, שמואל גאָלדוואַסער, מנחם פלאָטאָו, נחום גראָדזאַנאָווסקי, א. נ.

די אַלע האָבן זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל און העלפן בויען דאָס לאַנד. אַ סך האָבן נישט זוכה געווען דערצו און זיינען אומגעקומען ווי קדושים: חיים אָסאָויעצקי, צבי גאָלדוואַסער (ישראל גאָלדוואַסער איז אין אויסטראַליע), משה מילער, שרגא שער, יוסף וורָאנאַ א. נ. דער „השומר הלאומי" האָט דערפילט אַ וויכטיקע אויפגאַבע אין זיין צייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און איז געווען אַ ביישפיל פאַר אַנדערע.

## „העברי הצעיר" און „הרצליה"

אין יאָר 1917 איז אין לאָמזשע געגרינדעט געוואָרן אַ יוגנט פאַראיין „העברי הצעיר" דורך בנימין סאַפירשטיין, מאיר לעווינסקי א. א. אין יענער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן נאָך אַ יוגנט־פאַראיין פון שול־יוגנט דורך מאַרציק, בנימין בורשטיין, פיוואָוואַרסקי און אַנדערע. שפּעטער האָבן דיביידע גרופּן זיך פאַראייניקט אונטערן נאָמען „הרצליה", וועלכע האָט עקזיסטירט פינף יאָר. פאַר דער צייט איז זי געווען זייער טעטיק צווישן דער שול־יוגנט. נאָך דעם זיינען די חברים אַריין טיילווייז אין צ. צ. (לינקע), „פועלי־ציון" און „השומר הצעיר".



„הרצליה" יוגנט־גרופּע אַרום דעם יאָר 1920
שטייענדיק, ערשטע רייע (רעכטס): קאקאשקע, טאָביאַש, י. ברוכאַנסקי, פיוואָווארסקי, בלומאָוויץ, מאַרציק, מאַשאַ ביאַליסטאָצ־קאַ, אהרן מאַרק און ראָזענוואַסער. צווייטע רייע: שטייגמאַן, יאַשטשאָמב, געלצינסקי, ראטנער, העלענאַ יאַשטשאָמב, דימענט־שטיין. דריטע רייע: שאַפּיראָ, אָפּענבערג, צוקערבערג, אלקנה מלינאַרזשעוויץ.

# דער „החלוץ“ אין לאמזשע

מאיר לעווינסקי

## 20 יאָר „החלוץ“ אין לאָמזשע (1939—1919)

### דער אָנהויב (1920—1919)

אין לעצטן יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע איז די לופט אין פוילן געווען אָנגעלאָדן מיט האָפנונגען צו רעאַליזירן די ציוניסטישע שטרעבונגען וועגן א״י. עס זאָל האָבן געקומען דר. האַנטקע קיין פוילן צו אָרגאַניזירן ציוניסטיש־דייטשישע קאַדרען אידישע לעגיאָנערן פאַר א״י.



מאיר לעווינסקי

דאָס איז געווען דייטשישע פּראָפּאַגאַנדע אָפּצוציען דעם אינטערעס פון אידן אין מזרח־אייראָפּע פון דעם וואָס איז ווירקלעך פאָרגעקומען דערווייל אין געהיים אין די קאַבינעטן פון ווייצמאַן־סאָקאָלאָוו־ראָטשילד און באַלפור, לאָיד דזשאָרדזש, סמוטס, וועגן דער נאָענטער באַלפור־דעקלאַראַציע אויפצוריכטן אין ארץ ישראל אַ אידישע נאַציאָנאַלע היים. די נאַציאָנאַל־ציוניסטיש־דענקענדיקע יוגנט האָט שוין מער ווי געטרוימט — זי האָט געפילט, אַז עס קומט די צייט פאַר צוגרייטן זיך צו טאָן ממשותדיקס פאַרן אויפבוי פון א״י — דער אידעאַל פון „החלוץ“.

אויף דער איניציאַטיוו פון אברהם גאָעלמאַן, יום־טוב לעווינסקי, דראָזדאָווסקי, יוסף וויינבערג, שמואל צוקערמאַן, זימנאָוויץ, קשאָנסקעוויץ, א. א., איז דער געדאַנק פאָרגעבראַכט געוואָרן פאַר די אינגערע חברים פון „התחיה“. גאָעלמאַן מיט זיינע בקיאות אין „הפועל הצעיר“ און יום־טוב לעווינסקי האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די חברים־צוהערער און דער באַדן איז צוגעגרייט געוואָרן אין יאָר 1918 פאַר דער גרינדונג פון „החלוץ“. די אַקטיווע טוער דאַן זיינען געווען די חברים מונק, קוזינסקי (דער אַגראָנאָם פון „מקוה ישראל“־שול אין א״י) און יצחק לעווינסקי. די חברים האָבן אָנגעפאַנגען צו פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט אין לאָמזשער סביבה און לערנען פּראָדוקטיווע מלאכה׳ס פאַר ארץ ישראל.

אָבער באַלד הויבן זיך אָן מאָביליזאַציעס צו דער פּוילישער אַרמיי און גלייך נאָך דעם די מלחמה צווישן פוילן און די סאָוויעטן. דער „החלוץ“ צעפאַלט זיך. שפּעטער, אין אויגוסט 1919, ווערט די אָרגאַניזאַציע אויפסניי געגרינדעט און עקזיסטירט אַרום צוואַנציק יאָר. מען איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט פאַבריקאַנטן ווי, אָרלאָווסקי, ראָכלין, שופר און מיט ערד־באַזיצער, אַז זיי זאָלן העלפן דעם „החלוץ“ לערנען פאַכן אָדער ערד־אַרבעט.

די אינוואַזיע פון די באָלשעוויקעס האָט די אַרבעט אָפּגעשטעלט. נאָך דער מלחמה איז זי פאָרגעזעצט געוואָרן. נאָך אונטערהאַנדלונגען האָבן זיךביידע „החלוץ“ אָרגאַניזאַציעס פאַראייניקט מיט אַ וועד אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען: „החלוץ“. זיינע מיטגלידער זיינען געווען: שמחה פעלכאָוויץ, בנימין עירוני, בערל זשאַטקעוויץ (חדרה)) מאיר לעווינסקי און יצחק נאָמבערג.

די באַציאונג פון די עלטערן צו זייערע יונגע בחורים, וועלכע זיינען אַריינגעטראָטן אין „החלוץ“ און האָבן געמוזט זיך לערנען אַ מלאכה אָדער אַרבעטן אין פעלד, איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקע. אייניקע האָבן פּרובירט דאָס צו באַקעמפן, נישט קענענדיק צוזען זייערע זינדלעך פאַרשוואַרצטע און פאַרמאַטערטע פון דער אַרבעט; אַנדערע האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון זייערע עלטערן און האָבן פאַרלאָזן די אָרגאַניזאַציע; אַ סך אָבער זיינען געבליבן אויסגעהאַלטן אין זייער אידעאַל, און האָבן אַפילו פאַרלאָזן זייערע באַקוועמע היימען ביי זייערע בעלי־בתישע עלטערן. אַ סך עלטערן האָבן געוואוסט אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון „החלוץ“ און האָבן זיך באַצויגן צו אונזערע חברים מיט אַכטונג.

דער „החלוץ“ האָט געקראָגן אַ צייטווייליקע דירה אין חדר מתוקן. דאָרטן, אונטער דער הנהלה פון ר׳ ישראל לעווינסקי, זיינען געעפנט געוואָרן קורסן פאַר די חלוצים, וואו זיי האָבן געלערנט העברעאיש, תנ״ך, אידישע היסטאָריע, געאָגראַפיע, היסטאָריע פון א״י און די געשיכטע פון ציוניזם. דאָס רוב חברים זיינען געווען גאָר יונגע — פון 15־17, מיט איינצעלנע אויסנאַמען עלטערע. און דעריבער האָט דער צ. ק. פון „החלוץ“ אין פוילן נישט איינגעשטימט אַריינצונעמען דעם לאָמזשער „החלוץ“ אונטער זיין אָנפירונג. אָבער דער וועד האָט נישט אויפגעגעבן זיינע שטרעבונגען און זיינע טעטיקייטן צו דערגרייכן דעם ציל.

מיט געוויסע אָנשטרענגונגען האָט דער „החלוץ“ זיך פאַרשאַפט די שלאָסעריי פון ה׳ יאַבלאָנאָוויץ, וואו אַכט חלוצים האָבן געאַרבעט און זיך געלערנט שלאָסעריי. די איבעריקע האָבן געאַרבעט ביי סטאָלעריי און עלעקטרישע פאַכן. בייטאָג האָבן זיי געאַרבעט און אין אָוונט געלערנט אויף די קורסן, אָפּגעהאַלטן געשפּרעכן, דיסקוסיעס אויף פאַרשיידענע טעמעס, אָדער געזונגען א״י שירים. אין יאָר 1921 זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צוויי „החלוץ“ אָוונטן. אויף איינעם איז אויפגעפירט געוואָרן ה׳ מאָהעל׳ס אַ פאָרשטעלונג: „נאָר אין ארץ ישראל“, וועלכע איז באַשטאַנען פון רעדעס, אויסצוגן פון דער פּרעסע און רעפּאָרטאַזשן פון לעבן אין ארץ ישראל. ס׳האָבן זיך אין דעם באַטייליקט די אַמאַטאָרן וואָלינסקי און וואָלאָוויץ. דער עולם האָט עס גוט אויפגענומען.

אין יענער צייט איז אָנגעקומען קיין לאָמזשע אַ גרופּע חלוצים פון אוקראַינע, דאָס איז געווען אַ טייל פון אַ גרעסערער צאָל חלוצים, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד קיין פוילן אָן דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג, און דער צ. ק. פון „החלוץ“ האָט זיי געמוזט צעשפּרייטן אין קלענערע גרופּן אין פאַרשיידענע פּראָווינץ־שטעטלעך, אויס־




חלוצים פון אוקראַינע אין לאָמזשע אין יאָר 1921 פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיטן קאָמיטעט
פאַר חלוצים אין לאָמזשע

ערשטע רייע (שטייענדיק): חלוצים פון אוקראַינע. צווייטע רייע (שטייענדיק) רעכטס צו לינקס: שמואל מיקונים (היינט פירער פון די קאָמוניסטן אין ישראל), —, —, —, בערמאַן, פייגע בליאַשקא —, מ. גאָלדמאַן. דריטע רייע (זיצנדיק): פנחס קוואַשני, פייוול סטריקאָווסקי, נתן פיורקא, הענאָך אייזענשטאַט, אברהם דאמאַוויץ, נ. וויינבערג, חיים יצחק גלינקא און י. סאַפירשטיין.
פערטע רייע: סאַפירשטיין, יהודית זוטקעוויץ, עקיבא בורשטיין, בן־דוד, פיורקא, רבקה צעכאַנאָווסקא.

צובאַהאַלטן זיי פון דער מאַכט ביז עס וועט אָנקומען פאַר זיי סערטיפיקאַטן. די נויטיקע הכשרה האָבן זיי שוין מיטגע־מאַכט. די גרופּע חלוצים האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין חדר מתוקן, שטענדיקע אכסניה פאַר חלוצים און ציוניסטישע אַרבעט. אַדאַנק דער מי פון די צ. צ. און „התחיה"־חברים זיינען זיי באַזאָרגט געוואָרן מיט זייערע הצטרכות׳ן. זיי האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט און האָבן געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף די לאָמזשער חלוצים. צווישן די אוקראַינער חלו־צים האָבן זיך געפונען גוטע רעדנער ווי: דיטיענקא, שטע־רען, ש. מיקונים (היינט פון די קאָמוניסטישע פירער אין מדינת ישראל), וועלכע פלעגן באַווירקן די יוגנט צו חלו־ציזם. עס זיינען דאַן צוגעקומען אַ צאָל עלטערע חברים אין „החלוץ". אויף דער ביטע פון דער אוקראַינער גרופּע האָט דער צ. ק. באַשטעטיקט דעם לאָמזשער „החלוץ" אַלס זיינס אַן אָפּטיילונג, מאָטיווירנדיק, אַז אין דעם יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער לאָמזשער „החלוץ" אַרויסגעוויזן אַר־בעטס־פעאיקייט און איבערגעגעבנקייט, וואָס פאַרדינט אָנער־קענונג און ברכה. דער לאָמזשער „החלוץ" האָט זיך גע־רעכנט פאַר איינעם פון די אַקטיווסטע אָרגאַניזאַציעס פון דעם מין.



גרופּע חלוצים פון אוקראַינע, געקומען קיין לאָמזשע אין יאָר 1921, און האָבן געוואַרט צו קריגן די מעגלעכקייט צו אויפגיין קיין ארץ־ישראל. די „צעירי ציון" האָבן זיי באַ־זאָרגט מיט עסן און נאַכטלעגער.

אַ קורצע צייט נאָך דעם האָט דער לאָמזשער „החלוץ" זיך באַטייליקט אין דער לאַנד־קאָנפערענץ פון „החלוץ" אין פּוילן, אויף וועלכער ס'האָט געדאַרפט באַשלאָסן ווערן די ריכטונג פון „החלוץ" בכלל, צי זאָל זי זיין אַ סאָציאַליסטישע אָדער אַן אַלגעמיינע ציוניסטישע. דער לאָמזשער חבר זשאַטקעוויץ האָט געזאָלט פאַרטיידיקן די סאָציאַליסטישע פּלאַטפאָרם פון לאָמזשער פאַראיין. צוליב דער מיינונגס־פאַרשידנקייט האָט די קאָנפערענץ נישט אָנגענומען קיין באַשלוס און די פראַגע איז געבליבן פאַר דער נאָענטער קאָנפערענץ צו אַנטשיידן.

לאָמזשער „החלוץ" האָט זיך באַמיט צו קריגן סערטיפיקאַטן פאַר זיינע חברים, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אַ הכשרה, אגב נישט קיין פולשטענדיקע. דער ערשטער חבר באַשטעטיקט צו ווערן פאַר עליה איז געווען מאיר מאַרגולעס פון אָסטראָלענקאַ. ער איז אין ישראל פון די הויפּטאַקטיאָרן אין טעאַטער „אהל". ווייטער זיינען באַשטעטיקט געוואָרן די חברים: בנימין גראָדזינסקי (עירוני), יצחק כמעלעווסקי. זיי זיינען צוגעשטאַנען צו אַכט חלוצים פון אוקראַינע. די ערשטע עליה פון לאָמזשער חלוצים איז באַערט געוואָרן מיט אַן אָפּשייד־באַנקעט און מיט ברכות, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. באַגריסט האָבן: א. דאַמאַוויץ, אלף, גאָעלמאַן, גאָלדמאַן, אורינסקי, מונדליאַק ליפּע, פאַרשטייער פון די אוקראַינער חלוצים א. א. אין דערפרי האָבן טויזנטער זיך פאַרזאַמלט ביים וואָקזאַל צו באַגלייטן די עולים מיט שירים און ברכות. אָט דער אָפּשייד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקער מאַניפעסטאַציע פאַר ציוניזם בכלל. די צאָל חברים אין „החלוץ" איז געוואָרן גרעסער. אויך חברות זיינען אַריינגעטראָטן אין פאַראיין, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַ סך לעבן און זייער נוצלעכע טעטיקייטן. אין אַ קורצער צייט שפּעטער זיינען באַשטעטיקט געוואָרן אַ צווייטע און גלייך אַ דריטע עליה — אַרום דרייסיק חברים. צווישן זיי זיינען געווען די אַקטיוווסטע חברים: זשאַטקעוויץ, מאַלישקעוויץ, שמחה גאָלדמאַן, פרידמאַן, קיטאַיעוויץ, פּעטלוק אאַז"וו.

## 1923

דער לאָמזשער „החלוץ" האָט ממשיך געווען זיין פּרוכטבאַרע אַרבעט טראָץ דעם קריזיס אין ציוניזם בכלל, וואָס האָט זיך דאַן אויסגעדריקט אין באַגרענעצן די עליה, די שלעכטע ידיעות פון א"י, וואָס איז נאָך מער אויפגעבלאָזן געוואָרן דורך די קעגנער, ווי דער „בונד", „פאַראייניקטע", האָבן גאָר געווירקט אַז די רייען פון פאַראיין זיינען געוואָרן גרעסער. פאַלקס־פאַרזאַמלונגען זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן מיט רעדנער אויפצוקלערן די לאַגע.

אַ קינאָ־פילם פון דעם א"י אויפבוי, איז געוויזן געוואָרן אין צעכאַנסקי'ס טעאַטער מיט דער באַטייליקונג פון „מכבי"־אָרקעסטער און חזן הירשאַוו'ס כאָר, אויך רעדעס פון ציוניסטישע פירער. דאָס בילד האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף די צושויער צווישן וועלכע ס'זיינען געווען אויך אַ סך פּאָלאַקן, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט צו זען ווי א"י ווערט געבויט. אין יענער צייט האָבן עולה געווען קיין א"י שמחה פעלכאָוויץ, די חברות שוואַרץ, אַן אייניקל פון ר' אליעזר פון דער ישיבה און רבקה מאַלאָווסקי. אויך אַ ראַיאָן צוזאַמענקום איז פאָרגעקומען מיט די „החלוץ" חברים פון יעדוואַבנע, זאַמבראָוו, סטאַווסקי, קאָלנע, אָסטראָלענקע און לאָמזשע אַלס צענטראַלע פון ראַיאָן. דער צ. ק. פון וואַרשע האָט דעלעגירט דעם חבר מאַושעוויץ. פון לאָמזשע האָבן אָנטייל גענומען די חברים: מ. לעווינסקי, פעלכאָוויץ, גראַנאַטאָוויץ (לערער אין אָמע־ריקע), סויקאַ, רעמבאַ, בן־אדם א. אַ. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט דער ליטעראַט יוסף העפטמאַן, סעקרעטאַר פון „החלוץ" אין פּוילן, באַזוכט לאָמזשע וואו ער האָט אַלס צוריקגעקומענער פון א"י באַריכטעט וועגן דער לאַגע דאָרטן. אַ טרויער פאַרזאַמלונג נאָך יוסף טרומפּעלדאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין וועלכער ער האָט זיך באַטייליקט.



קאָמיטעט פון אַלגעמיינעם ציוניסטישן „החלוץ" אין לאָמזשע

## 1924

אין דעם יאָר האָט זיך געשטאַרקט די עליה פון „פאַרמעגלעכע". אַ פּערזאָן, וואָס האָט געהאַט צו באַווייזן דריי טויזנט פונט, האָט געקענט קריגן אַ דערלויבניש עולה צו זיין קיין א"י אַ גרויסע צאָל פון מיטל־קלאַס — קליינע סוחרים, בעלי מלאכה'ס — האָבן דאַן עמיגרירט קיין א"י. דאָס ווערט גערופן אין דער געשיכטע פון ציוניזם „די פערטע עליה", אָדער „גראַבסקי'ס עליה" (גראַבסקי, פּוילישער פינאַנץ מיניסטער, פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אויפמאַנונג פון די פּאָדאַטקעס). אָבער פאַר אַרבעטער עלעמענטן, ווי חלוצים, איז די עליה געווען זייער באַשרענקט. די צוקונפט פון פּוילישן אידנטום איז געווען — פּאָליטיש און עקאָנאָמיש — אַ פינסטערע. די רייען פון „החלוץ" זיינען געוואָרן אַלץ גרעסער. אַ סך הכשרה־פונקטן זיינען איינגעשטעלט געוואָרן. צו קריגן אַ סערטיפיקאַט פאַר עליה איז געווען אַן אידעאַל. זיינען דאַן געגרינדעט געוואָרן „החלוץ הציוני" און „החלוץ המזרחי" מיט דער האָפענונג, אַז דורך פּאַרטיי שתדלנות וועט מען זוכה זיין צו אַ סערטיפיקאַט. עס האָט אָבער ווייניק געהאָלפן. דער אַלגעמיינער סכום פון סערטיפיקאַטן פאַר גאַנץ פּוילן איז געווען זייער באַגרענעצט. די צאָל חלוצים מיטגלידער אין לאָמזשע און אין איר סביבה איז דאַן געווען אַכט הונדערט. די אָנפירער זיינען דאַן געווען דוד קראָנענבערג, גרשון רוזצקי, אלתר שפּירא, יעקב ברוכאַנסקי, קאַלוואַרייסקי א. אַ.

## 1927—1928

ארץ ישראל אין יענער צייט איז נאָך נישט געווען אַנטוויקלט און צוגעגרייט פאַר דער עליה פון קליינע סוחרים און בעלי מלאכה'ס און זייער אַ סך פון דער פערטער




העברעאישע אָוונט־קורסן ביים לאָמזשער „החלוץ" אין יאָר 1929

שטייענדיק (אויבן, רעכטס): מילער, שטראַזענבערג, —, רזשאַטקעוויץ, מלכיאל, —, —, פלאַצענקא, ריבזוק. צווייטע רייע: אַקון, דראַזדאָווסקי גיטל, אלאני דוב, דער לערער קאגאַן, מילער. דריטע רייע: גילארי, ריבאק, ברזשאַזאַ, אברהם קאַצאַק און מאַיאַק דוד.

עליה האָבן נישט מצליח געווען אין זייערע אונטערנעמונגען, און נישט באַזיצנדיק קיין ציוניסטישן יסוד און אידעאָליסטישע שטאַנדהאַפטיקייט, האָבן זיי פאַרלאָזן ארץ ישראל פול מיט אַנטוישונג און קריטיק אויפן ציוניזם. די שונאי ציון פון רעכט און פון לינקס האָבן זיך געפרייט מיטן „באַנקראָט" פון ציוניזם. פאַרן „החלוץ" איז דאָס געווען אַ שלעכטע צייט נישט קוקנדיק אויף דעם פאַקט, וואָס פון די „חלוצים עולים" האָט קיינער נישט פאַרלאָזן א״י. דער „בונד" האָט אָנגעפאַנגען צו אויסאיבן אַלץ מער השפעה אויף דער אידישער גאַס, אויף דער יוגנט. אָט די שטימונג האָט זיך געלאָזט דערקענען אין די וואַלן צו די שטאָט־ראַטן און קהילות. הילף איז געווען דרינגנד נויטיק.

ווען איך בין אין יענעם יאָר צוריקגעקומען פון מיין דינסט אין דער פוילישער אַרמיי האָט אונזער צ. ק. מיך נישט געלאָזן צוריקגיין צו מיינע לימודים, נאָר איך האָב געמוזט זיך שטעלן צום דינסט פון „החלוץ" אידעאַל. איך קום קיין לאָמזשע. מיר האָבן דאַן געמאַכט אין אונזער פאַראיין אַ גרינטלעכע רייניקונג פון די שוואַכע אין כאַראַקטער און צווייפעלהאַפטע עלעמענטן. פון צוויי הונדערט מיטגלידער בלייבן מיר פופציק: דרייסיק פון „החלוץ" און צוואַנציק פון „החלוץ הצעיר". די אַרבעט איז געווען שווער. די לינקע צוזאַמען מיט די צוריקגעקומענע פון א״י האָבן ממש געשטערט די אַרבעט. זיי פלעגן אויפרייסן יעדע פאַרזאַמלונג. כדי אויפצוקלערן דעם מצב פון ציוניזם איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך אונזער פאַרמיטלונג אַן „עפנטלעכער משפט איבער דער פערטער עליה" אין זאַל פון „הזמיר" אין צוויי המשכים. דער עולם האָט זיך באַטייליקט אין גרויסע מאַסן, וועלכע האָבן אָנגעפילט דעם זאַל און דערבייאיקע צימערן און קאָרידאָרן.

פון די רעכטע זיינען געווען: לערער מאָסאָנזניק — פאָרזיצער, דר. פיאָנטניצקי און געסטעל, לערער אין דר. גאָלדגלוסט׳ס גימנאַזיע. אָנקלאָגער נפתלי וויינבערג האָט באַשולדיקט די אידן אין מאַנגל אין געדולד און שטאַנדהאַפטיקייט (עמא פזיזא) בנוגע דעם אידעאַל פון אויפריכטן זיך און אויפבויען אַן אייגן היים־לאַנד. א. דאַמאָוויץ, א. מזרח און פ. סריקאָווסקי זיינען געווען די אַדוואָקאַטן פאַר די עולים־חוזרים. עדות זיינען געווען פון די פאַרזאַמלטע און אייניקע פון די צוריקגעקומענע פון א״י ווי כמעלעווסקי, גאָלדבערג, פיאַנקאַ א. אַ. דער „משפט" האָט אָפּגעריי ניקט די אַטמאָספערע און האָט אונז געהאָלפן אין אונזער אַרבעט פאַר דער צוקונפט.

## 1926—1925

אין יענעם יאָר איז אַנטשטאַנען אַ דערוואַכונג אין די הכשרה אַקטיוויטעטן פון „החלוץ" און „החלוץ הצעיר". און יעדן שבת איז פאָרגעקומען אַ שפּאַציר־גאַנג אין דערפער און שטעטלעך אַרום לאָמזשע. דער „בונד" און די קאָמוניסטן האָבן נישט איין מאָל פאַרפירט מיט די חלוצים קריגערייען און געשלעגן, אַמאָל — בלוטיקע אויך. אין דער זעלבער צייט האָט דער שליח פון ק. ק., נתן ביסטריצקי, באַזוכט לאָמזשע. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ סך לעבעדיקייט צווישן דער יוגנט מיט זיינע געשפּרעכן מיט די חברים. אויך בן ארי האָט באַזוכט לאָמזשע. צום סוף פון יענעם יאָר האָבן אַרום 45 חלוצים עולה געווען קיין א״י. די הכשרה פונקטן דאַן זיינען געווען — גראָכאָוו און קלאָסאָוו, און אַ גרויסער גאָרטן ביי לאָמזשע וואו די „החלוץ־הצעיר" חברים האָבן געאַרבעט. מיר האָבן געהאַט אַ „החלוץ פאָנד" צו דעקן אָדער העלפן אין עליה אָדער הכשרה אויסגאַבן. די קוואַלן פון די פאָנדן זיינען געווען: דערפאָלגרייכע פאָרשטעלונגען, אָפטמאָל אויך בלומען־טעג. פאַר דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרן אַן „אגודה למען החלוץ", אין דער שפּיץ פון וועלכער ס׳זיינען געשטאַנען באַוואוסטע לאַנגיעריקע ציוניסטן ווי נפתלי וויינבערג, מאָסאָנזניק, י. לעווינסקי, ג. אורינסקי, א. אַ. זיי האָבן אַ סך אויפגעטאָן פאַרן „החלוץ".

עס איז דאַן אַנטשטאַנען אַן אידעאָלאָגישע פראַגע וועגן דער שיטה פון „החלוץ" אין א״י: צי דאַרף אַ „חלוץ" זיך אָנשליסן אין אַ „קיבוץ מאוחד" אָדער זיין אַ חבר פון די קבוצות. אויף דער טעמע זיינען פאָרגעקומען אייניקע דיסקוסיעס אויף די חברים פאַרזאַמלונגען. צו דער פערטער לאַנדעס־קאָנפערענץ פון „החלוץ" אין יענעם יאָר זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די דעלעגאַטן: מאיר לעווינסקי, נח אקון און בנימין סטריקאָווסקי. פאַר דעם איז געשלאָסן געוואָרן אַ הסכם צווישן „החלוץ" און „השומר הצעיר" פון וועלכן צוואַנציק חברים זיינען אַריין אין „החלוץ". צוליב דער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל חברים אין „החלוץ" איז די דירה אויפן „קאַפּוצינסקי־באַרג" געוואָרן צו קליין און דער „החלוץ" האָט אויסגענוצט די גוטסקייט פון דעם האַנטווערקער פאַראיין צו איינאָרדענען אסיפות, לעקציעס, פאָרשטעלונגען אין זייער לאָקאַל. דאָס האָט אַ סך געהאָלפן דעם „החלוץ". די דיסציפּלין אין פאַראיין איז געווען שטאַרק; ווער ס׳האָט נישט געלערנט העברעאיש אָדער נישט אויסגעפאָלגט די תקנות איז אויסגעשלאָסן געוואָרן. די חברים האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין זאַמלונגען פאַר ק. ק. און „קרן היסוד". די קאַמפּאַניע פאַר „קרן החלוץ" איז געווען זייער דערפאָלגרייך אין יענעם יאָר.

צום צענטן יאָר פון „החלוץ" עקזיסטענץ, אַפּריל 1928, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין „התחיה" אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט: נ. וויינבערג, דר. ש. אורינסקי, סאַפּירשטיין און נאָמבערג מיטן „החלוץ" כאָר און אַ פאָרשטעלונג „על המשמר", אויסגעפירט פון דער „החלוץ" דראַמאַטישער סעקציע. צום סוף אויך אַ לעבעדיק בילד „דער טרוים פון יוסף טרומפּעלדאָר", סצעניזירט פון חבר מ. מאַזור.

לאָמזשער „החלוץ" איז געוואָרן באַרימט און געדינט אַלס אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע אָפּטיילונגען. דער „החלוץ"־אָרגאַן „העתיד" האָט זייער גערימט דעם לאָמזשער סניף אַלס איינער פון די בעסטע, וואָס נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל דורך געניטע חברים אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס, ספּעציעל אין די שווערע קריזיס־צייטן. אין חודש



אויספלוג פון אַלגעמיינעם ציוניסטישן „החלוץ ביים התחיה“ אין צערוואָני־ן אין יאָר 1933

מאי פון יענעם יאָר איז געעפנט געוואָרן אַ מושבה פאַר אינסטרוקטאָרן ביים לאָמזשער „החלוץ“. פון גאַנץ פוילן זיינען געקומען חלוצים דאָ צו קריגן הכשרה און לערע פון „חלוציזם“. פאַר עטלעכע הונדערט זלאָטעס האָט מען אָפּגעדונגען מיליטער־קאַזאַרמעס, וואו הונדערטער יונגע־לייט זיינען איינגעקוואַרטירט געוואָרן צו הערן די לעקציעס. די אָנפירער פון דער אינסטרוקטאָרן־מושבה זיינען געווען: חבר מאירי פון די „הגנה“־אָנפירער אין ארץ־ישראל און די חברה פאָעטין, פאַניאַ בערגשטיין (געשטאָרבן אין 1950 אין „גבת“). אָבער לאָמזשער חלוצים זיינען געווען די אַקטיווע כחות, וועלכע האָבן פּאַקטיש איינגעאָרדנט די מושבה און באַזאָרגט איר מיט אַלע הצטרכות׳ן.

די לערער אויף די קורסן וואָס די תלמידים אינסטרוקטאָרן האָבן אויפגענומען אין דער מושבה זיינען געווען: דר. ש. גאָלדלוסט (געלערנט געאָגראַפיע פון א״י); נפתלי וויינבערג — תנ״ך; מאָסאָנזניק — אידישע היסטאָריע; ישראל לעווינסקי — העברעאישע ליטעראַטור; אורינסקי — פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אידישן סאָציאַליזם; בערל מאַרק — אַלגעמיינע ליטעראַטור; מאיר לעווינסקי — געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין א״י. די מכבי אינסטרוקטאָרן האָבן זיי געגעבן איבונגען אין ספּאָרט און גימנאַסטיק. אָט די גאַנצע אונטערנעמונג האָט אַריינגעבראַכט אין שטאָט אַ לעבעדיקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזען אויף די אסיפות און אָוונטן אין וועלכע די הכשרה מיטגלידער האָבן זיך באַטייליקט.

די געשעענישן אין ארץ ישראל אין חודש אויגוסט האָבן אויפגעשטורעמט די אידישע געזעלשאַפט. אַ ריזיקע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע איז גערופן געוואָרן, וועלכע האָט געמוזט אָפּגעהאַלטן ווערן אויף דריי פלעצער: אין „התחיה“־זאַל, אויפן הויף און אין „החלוץ“־לאָקאַל. די חברים, וועלכע זיינען באַשטעטיקט געוואָרן צו עליה, האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי באַלד אָפּשיקן, כדי צו קענען העלפן די „הגנה“ אין איר קאַמף. אויך אַנדערע ציוניסטישע אגודות האָבן גערופן אַזעלכע פאַרזאַמלונגען. גאָר אַ ריזיקע אסיפה איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין קולקינ׳ס הויף אין וועלכער טאָביאַש, נאָמבערג און מאַרקעוויץ, חברים פון פּועלי־ציון, האָבן זיך באַטייליקט אַלס רעדנער; פון „התאחדות“ האָבן גערעדט: נ. וויינבערג און פ. קוואַשני; פון „החלוץ“ — מ. לעווינסקי און פאַניאַ בערגשטיין. די פאַרזאַמלונג האָט געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

אין איניקע טעג אַרום איז מען געגאַנגען אָפּשיקן די חברים באַשטעטיקטע צו דער עליה. אין „בירגער־קלוב“ איז געגעבן געוואָרן אַן אָפּשיידס באַנקעט לכבוד די חלוצים־עולים. אין געפּאַקטן זאַל האָבן גערעדט מיט גרויס התלהבות: צבי עפּשטיין — ראש הקהל, דר. פּיאָנטניצקי, י. טאָבליצקי, י. לעווינסקי, סקרוצקאָווסקי, טאָביאַש, י. צוקערשטיין און ב. מהרש״ק פון „החלוץ“. נאָך דעם האָט דער „החלוץ“ פאַראיין איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־אָוונט פאַר זיינע חברים־עולים. אויף צומאָרגנס האָבן טויזנטער לאָמזשער באַגלייט די עולים צום באַן. דער צוג האָט גערירט אונטערן געזאַנג פון „התקוה“. די עולים זיינען געווען: אָקון, גיליאַרי, פּוזיק, דער שרייבער פון די שורות א. אַ. דער איינדרוק פון דעם אָפּשייד איז געווען אומגעהויער, אָנשטאָט די בלוטיקע געשעענישן אין א״י זאָלן אָפּשרעקן און אָפּהאַלטן, האָבן זיי גאָר אויפגעמונטערט און צוגעאיילט די חלוצים עולה צו זיין כדי זיך צו באַטייליקן אין דער באַשיצונג פון ישוב.

איך האָב פאַרלאָזן מיין היים און נישט מער זוכה געווען צו זען מיין טייערע מוטער, צפורה ע״ה. איר הויז איז געווען אַ גאַסט־הויז פאַר יעדן „חלוץ“. דאָרט האָט ער געפונען נישט נאָר עסן און אַ געלעגער, נאָר אויך אַ מוטערלעכע אַטמאָספערע. איך האָב אויך מער ניט זוכה געווען צו זען מיין ברודער יצחק, וועלכער איז דערטרונקען געוואָרן אין בוג אין יאָר 1934; און מיין שוועסטער שרה, וועלכע איז געשטאָרבן יונג אין וואַרשע אין זעלבן יאָר.



צפורה־רחל לעווינסקי

## 1939—1929

במשך די צען יאָר איז די „החלוץ“ באַוועגונג אין לאָמזשע אָנגעגאַנגען מיט אירע אַקטיוויטעטן לויט איר רוטין. נאָך דער עליה פון די אַקטיווע חברים איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער וועד פון די חברים: שטראָזענבערג, קאָצאַק, סטריקאָווסקאַ שרה, זאַבלודאָווסקי, נאָוואָגרודזקי, בראָמבערג. דער קאָנטאַקט מיט די געוועזענע חברים אין א״י איז אָנגעהאַלטן געוואָרן. מיט דעם שרייבערס הילף זיינען זיי אָרגאַניזירט געוואָרן צו העלפן דעם לאָמזשער „החלוץ“ מיט אַלע מעגלעכקייטן. דריי בלעטער „למען החלוץ בלומזה“ זיינען דאָ אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער באַטייליקונג פון די חלוצים אין א״י: זשאָטקעוויץ, עקיבא בן דוד (בורשטין), פרידמאַן, בן ארי, מר־מרו (גאָזשעלצאַני) ראָזן, מערעמינסקי, דער שרייבער פון די שורות א. אַ.

שליחים פון וואַרשע פלעגן באַזוכן לאָמזשער „החלוץ“, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין הכשרה און עליה. אָבער די שטאָט איז געוואָרן אַלץ ליידיקער. די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילן און נאָך מער די אידישע איז געוואָרן ערגער און ערגער. די אידן האָבן עמיגרירט קיין לאַטיין־אַמעריקע, מערב־איראָפּע און אין אַנדערע לענדער. אָבער די מערהייט פון דער אידישער יוגנט האָט עולה געווען קיין א״י אויף לעגאַלע אָדער אומלעגאַלע וועגן.



„החלוץ הצעיר" געזעגנט זיך מיט מאיר לעווינסקי צו זיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל
אויגוסט 1929

דריטע רייע (אין מיטן פון רעכטס: קאָציאַק, פּוזשיץ, שניידער, ברזשאָזאַ, נ. ווײַנבערג,
מאסאָנזשניק, מאיר לעווינסקי, פּייוול פּוזשיץ, שלמה פלאצענקא, שאפּיראָ, אברהם פלאַצענקאָ.

אין 1932 האָט דער „החלוץ" געגרינדעט אַ ספּאָרט־גרופּע אויפן נאָמען „הפּועל", ענלעך צום „הפּועל" אין א"י. דער „החלוץ" ספּאָרט פאַראיין האָט געציילט אַרום דריי הונדערט חברים. אין יענער צייט האָט לאָמזשער „החלוץ" געעפנט אין נאָוואָגראָד אַ מושבה פאַר אינסטרוקטאָרן אונטער דער אָנפירונג פון בן־ארי און בראָסלאַווסקי פון א"י.

לאָמזשער חלוצים זיינען נישט געווען איבערקלייבעריש אין זייער הכשרה אַרבעט: שווערע אָדער גרינגע אַרבעט, מיט גרעסערע אונטערנעמונגען ווי אָרלאָווסקי'ס פאַבריק, אָדער קלענערע וואַרשטאַטן, אַפילו — האָלץ־האַקן. דעריבער זיינען נישט איין מאָל פאָרגעקומען קריגערייען מיט די „בונד" חברים פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פאַר וואָס די חלוצים אַרבעטן פאַר נידעריקע לוינען און אַזוי־אַרום ברענגען זיי שאָדן דעם אַרבעטערס לעבנס־באַדינגונגען. זיי פלעגן נאָך אָנשיקן אויף זיי די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אָבער די חלוצים האָבן פאָרגעזעצט זייער הכשרה דורך שווערער אַרבעט, ביז די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיי אַריינגענומען אַלס מיטגלידער.

כמעט שטענדיק איז דער „החלוץ" געגאַנגען מיט די „פּועלי ציון" (צ. ס.) און מיט „השומר הצעיר", און תמיד געהאַט סכסוכים מיט „ברית טרומפּעלדאָר" און „ברית החיל", ווי דער שטייגער איז געווען אין גאַנץ פּוילן.

אין 1934 איז געגרינדעט געוואָרן ביים „החלוץ" דורך די האַנטווערקער דער „העובד". די אַרבעט האָט געשטאַרקט דעם „החלוץ" און געגעבן גוטן מאַטעריאַל פאַר עליה, אויספילנדיק די רייען פון די חברים־עולים. עס איז כסדר געווען אַ פּראָבלעם ווי אַזוי אַלעמען צו באַשטעטיקן עולה צו זיין. אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן־קאָמיטעט האָט מען שוין גענומען מאַכן פּלענער וועגן גרינדן אַן הכשרה קיבוץ אין לאָמזשע, וואו מען האָט זיך געגרייט צו פייערן אין יאָר 1940 דעם צוואַנציקסטן יובל־יאָר פון לאָמזשער „החלוץ" מיט דער באַטייליקונג פון א"י חברים. אָבער די מלחמה האָט אַלע פּלענער צונישט געמאַכט.

## „החלוץ הצעיר"

אין יאָר 1924 איז אין לאָמזשע געגרינדעט געוואָרן דער „החלוץ הצעיר" דורך אריה מאָרגענשטערן, גיליאַרי, און קוטינסקי. דער פאַראיין האָט געפירט אַן אינטעסיווע טעטיקייט אויפן פעלד פון קולטור און הכשרה. דער „החלוץ" האָט געשטיצט זיין „אינגערן ברודער־פאַראיין" מיט אַלץ: דירה, סעקרעטאַריאַט, אָרגאַניזאַציע, פאַרזאַמלונגען אאַז"וו. אָפט איז פאָרגעקומען די פייערלעכע צערעמאָניע ביים איבערפירן אַ חבר פון „החלוץ הצעיר" אין „החלוץ" ווען דער חבר האָט דערגרייכט די געפאָדערטע עלטער. ביים פיאָנטניצער שאָסיי איז געדונגען געוואָרן אַ גרויסער שטח לאַנד פאַר גערטנעריי און די יונגע חברים האָבן דאָרטן געאַרבעט מיט פלייס און מסירת נפש אין רייען, ווייל ס'איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אַלע צו אַרבעטן. זייער אַקטיוו איז דאָרט געווען חבר באַראַנאָוויץ (היינט אין שדה נחום אין ישראל). זיין איבערגעגעבנקייט איז געווען אומפאַרגלייכלעך. דער „החלוץ הצעיר" איז געווען אַ גוטער רעזערוואואַר פון גוטע חברים פאַרן „החלוץ". אַ סך פון זיינע חברים פאַרנעמען היינט וויכטיקע פּאָזיציעס אין פאַרשיידענע פּראָדוקטיווע אַרבעטן.

קאָמיטעט פון „העובד" (עלטערע חלוצים)

זיצנדיק (פון רעכטס): משה לעווין, פּרוינד, מיאדאַווניק, גראָדזינסקי. שטייענדיק: —, רוצקי, קופּעצקי.






יזכור

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן אַ סך גוטע נשמות פון די „החלוץ"־חברים, וואָס האָבן נישט זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, הגם זיי זיינען דורכגעגאַנגען זייער הכשרה. די מערדערלעכע האַנט פון די טעווטאָנען האָט זיי פאַר־טיליקט: גניאַזדאָוויץ, יוסף גרושקאַ, יוסף וורובעל, אברהם באָוואָגראָדזקי, יחזקאל ריבאַק, עטקע כץ, העניע און עטקע בזשאָזאַ, אריה גאָלדשטיין, משה סוואוואַלסקי, יעקב גאָלד־שטיין, פאָדביעלאָוויץ, איטקע ראטשטיין, יהודית טוכוועבער, זלמן זילקעוויץ, יצחק נאָמבערג, שרה ניימאַרק, דוד גאָלד־מאַן, שמואל באנק, יוסף פעטלאַק, קרידל, לופסקאַ, נחום כץ, רובינשטיין שמחה, באגאן און אַ סך וואָס מיר געדענקען נישט זייערע נעמען.

אויך זאָל דאָ דערמאָנט ווערן די נשמות פון אַ צאָל חברים, וואָס זיינען געשטאָרבן אין א"י: — — — חיים גראָדזינסקי (עירוני), זון פון ציוניסטישן עסקן פישל גראָדזינסקי, געשטאָרבן ח' טבת תשי"ב, איז געווען אַ פליי־סיקער, באַשיידענער חלוץ. עולה געווען אין יאָר 1925, געאַרבעט אין שווערע באַדינגונגען, קיינמאָל זיך נישט באַ־קלאָגט. אומגעקומען אין אַן אומגליקס־צופאַל אויף אַ וועג. — — — שטערן — אַן אוקראַינער חלוץ, געווען אַקטיוו אין לאָמזשער פאַראיין, זיך געהאַלטן מיט די לאָמזשער חלוצים אויך אין א"י, געהייראַט די „החלוץ"־חברה פון לאָמזשע, חוה מאַלישקעוויץ, אויך אומגעקומען אין אַן אומגליקס־פאַל, גיי־ענדיק צו דער אַרבעט ביים פתח־תקוה שאָסיי. — — — שיינע אָרלאָווסקאַ — חברה פון וועד פון לאָמזשער „החלוץ" אין 1925—1928, געהאַט אַ לאַנגע הכשרה, געפירט אַ שווע־רע מלחמה מיט אירע פאַנאַטישע עלטערן וועגן איר עליה קיין א"י, געשטאָרבן אין אַ קימפעט אין ירושלים אין יאָר 1930. — — — גאָלדע ברום — חברה אין וועד פון לאָמ־זשער „החלוץ" און פון וועד פון ראַיאָן, וועמענס הכשרה־פונקטן זי האָט צוזאַמענגעהאַלטן, געווען איבערגעגעבן צו דער באַוועגונג מיט דער גאַנצער נשמה. עולה געווען אין יאָר 1933 און זיך באַזעצט אין „כפר חסידים", קראַנק געוואָרן אויף אַן אומהיילבאַרער קראַנקייט און געשטאָרבן אָנהויב יאָר 1950. האָט איבערגעלאָזן צוויי קינדער. — — — שמחה פעלאַכאָוויץ — געווען איינער פון די גרינדער פון לאָמזשער „החלוץ", סעקרעטאַר פון לאָמזשער ראַיאָן־קאָמיטעט פון „החלוץ" אין 1920—1923. אין א"י האָט ער אָרגאַניזירט אַ קבוצה פון לאָמזשער חלוצים אין „גדוד העבודה". געווען באַוואוסט אַלס איינער פון די בעסטע שטיינהאַקער אין ירו־שלים. געווען חבר אין צ. ק. פון „גדוד העבודה" צוזאַמען מיט יהודה קאָפעלאָוויץ, מ. שווייגער, י. פעלד א. אַ. גע־שריבן רשימות אין די צייטונגען פון „גדוד העבודה". ווען דער „גדוד" האָט זיך געשפּאָלטן איז ער אַריבער אין דער פראַקציע און געוואָרן טעטיק אין קאָמוניסטישן צ. ק. האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 131 מאַן און פאַרלאָזן ארץ ישראל. ער איז אַוועק קיין בירא־בידזשאַן. — — — די אַלע האָבן געהאָלפן בויען אונזער לאַנד. זאָלן זייערע נשמות פאַר־געדענקט ווערן אויף אייביק.

יונגע חלוצים פון „החלוץ הצעיר" אין לאָמזשע, ל"ג בעומר, 925
ערשטע רייע (אויבן, רעכטס): —, יאַקאָבינסקי, —, יצחק שניאַדאָוויץ, רחל בלוו
געלצינסקי, קאָווקעוויץ. צווייטע רייע: משה זשעליאזא, רחל מאַרקוס, לייב מאָרגנ
—, מזרח. דריטע רייע: קאָזלאָוויץ, פייוול פּוזשיץ, לעפקאָ, שניאַדאָוויץ.



י. יאַגאָדאָוויסקי
(איבערגעגעבן פון אַנטלאָפענע געראַטעוועטע)

# חברים פון דעם „אַרבעטנדיקן ארץ ישראל" אין געהיים

### דער טראַגישער טויט פון ישראל מאַרקעוויץ

ערב דעם מלחמה אויסברוך אין יאָר 1939 איז אָפּגע־שטעלט געוואָרן יעדע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. חברים פון „פּועלי ציון" און פון דעם אַרבעטנדיקן א"י זיינען נאָך גע־ווען אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט. ווען די רוסן האָבן שפּעטער באַזעצט לאָמזשע, זיינען אַ סך פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר: בונדיסטן, טראָצקיסטן, פּועלי ציון ווי, נאַמבערג, צוקערשטיין און גאָראָדזינסקי. כדי אויסצומיידן אַן אַרעסט און פאַר־שיקונג איז חבר ישראל מאַרקעוויץ אַראָפּגעשפּרונגען פון דריטן שטאָק און איז געשטאָרבן אין צימער פון רבקה גאָראָדזינסקי, וואָס האָט געדינט ווי אַ געהיימער קלוב פון דער באַוועגונג. דאָרטן פלעגט מען אויפכאַפּן ידיעות פון א"י דורך אַ געהיימער ראַדיאָ.

### באַשיצונג פון שבת־רו

די רוסישע מאַכט האָט איינגעשטעלט אַ פינף־טאָגיקע אַרבעט־וואָך אויף אַ פּראָבע. די פּוילישע סטודענטן האָבן דאָס אויסגענוצט און ניט געקומען זונטיק אין די קלאַסן. האָט די רוסישע אָקופּאַציע־מאַכט איינגעפירט אַ זעקס טאָ־גיקע אַרבעטס־וואָך. די פּועלי־ציוניסטן: טאַביאַש און פּרווינד האָבן אין געהיים אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון די שילער פון גימנאַזיע און מען האָט באַשלאָסן נישט צו קו־מען צו די לימודים שבת. אין דעם קאָמיטעט זיינען אַריין מיטגלידער פון „השומר הצעיר", „החלוץ הצעיר" און „פריי־הייט": א. שאַפּיראָ, איטקע טאַביאַש, בלומאָוויץ'עס טאָכטער, כהן פון נאָוואָגראָד, ראָזענבלום פון אָסטראָלענקע. בלויז גע־ציילטע קינדער זיינען געקומען שבת אין די קלאַסן. די מאַכט האָט געוואָרנט אַראָפּצוזעצן טאַביאַש'ן און פרווינד פון זייערע שטעלעס אויב די שילער וועלן שטרייקן פאַר שבת־רו. האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן אַז די תלמידים זאָלן קומען אין קלאַסן נאָר אָן ביכער; נישט צו האָבן קיינע לעק־ציעס, נאָר מען זאָל זינגען א"י שירים.

### דער לעצטער ל"ג־בעומר שפּאַציר

אין יענעם יאָר אין ל"ג בעומר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין יעגנאַצאָווער וואַלד, וואו עס האָבן אָנטייל גענומען יונגעלייט פון אַרבעטנדיקן א"י און פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען אין ציוניזם, יעדער מיט איר אויפגעוויקלטער פאָן. אַרום צוויי הונדערט יונגעלייט אונ־טער דער פירונג פון די „פּועלי ציון" האָבן געהערט די רעדעס פון: פרווינד, יעקב און איטקע טאַביאַש, כהן פון נאָוואָגראָד און אסתרזאָן צום לעצטן מאָל.

### דאָס לעצטע מאָל „התקוה" געזאַנג אין לאָמזשע

דאָס איז געווען אַן אָוונט פאַר דעם ווי די רוסן זיינען געגאַנגען אומוואָרפן די חורבות פון דער לאָמזשער שול, וואָס די נאַציס האָבן געהאַט פאַרברענט, כדי צו פאַרמיידן קאַטאַ־סטראָפעס פאַר די פאַרבייגייער. ה' טאַביאַש, פּרנס פון דער קהילה, איז אַריין אין שול צו זיין דאָרטן דאָס לעצטע מאָל. ער האָט דערזען פאַר זיך נחום פּיעטרושקע, „דעם שטאָט משוגענעם". אויף טאַביאַש'ס פראַגע וואָס ער טוט דאָ, האָט נחום געענטפערט: „איך בין געקומען זיך געזע־גענען מיט דער שול, מאָרגן צעוואָרפט מען דאָך די ווענט, דו ביזט געקומען צו טאָן דאָס זעלבע, לאָמיר ביידע זינגען



„די שול אין פלאַמען"
געצייכנט פון משה רובינשטיין, אַ לאָמזשער (איצט אין אַרגענטינע)

‚התקוה' און זאָלן אונזערע שונאים צעפּלאַצט ווערן", נחום פּיעטרושקע האָט אָנגעהויבן הויך אויפן קול: „כל עוד בלבב פנימה"... און טאַביאַש האָט מיטגעזונגען. דאָס איז געווען דאָס לעצטע געזאַנג פון „התקוה" אין דער גרויסער לאָמזשער חרובדיקער שול.

### נקמה און העלדן־טאַטן

אין דער צייט פון דער דייטשישער חורבן־הערשאַפט איז שוין נישט געווען קיינער פון די אַקטיווע פּועלי ציו־ניסטן; טייל זיינען געווען אין די טורמעס, טייל זיינען אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און די איבעריקע צעשפּרייט איבער־ראַל. פאַרבליבן זיינען נאָר גרופּן פון אַרבעטנדיקן א"י און געאַרבעט קאָנספּיראַטיוו. מערסטנס זיינען דאָס געווען חברים פון „השומר הצעיר": אסתרזאָן, שאַפּיראָ, איטקע טאַביאַש, ווילאַמאָווסקי, מאהעל א. אַ. זיי זיינען געווען פאַר־בונדן מיט די פאַרטיזאַנער אין די וועלדער. זיי האָבן אויך דורכגעפירט אַ נקמה־אַקט קעגן פּויערים פון אַ פּוילישן דאָרף, וואו עס איז דערמאָרדעט און באַרויבט געוואָרן דער שליח פון יודן־ראַט ליכטנשטיין, ווען ער איז געפאָרן איינקויפן תבואה פאַר דער לאָמזשער ליידנדיקער באַפעלקערונג אין געטאָ. אין מיטן דער נאַכט זיינען זיי אַריין אין דאָרף, וואו דער מאָרד און רויב איז באַגאַנגען געוואָרן, זיי האָבן געטויט דעם מערדער, אָפּגענומען דאָס געלד און צוריקגעקערט דער קהילה. איינער פון די אידישע פּאָליציי־לייט אין געטאָ, מ. ש., האָט דעם פאַקט דערטראָגן צו די דייטשן. אָבער די זעלבע גרופּע האָט דעם מסור אָפּגערוימט: אייניקע איד. פּאָליציסטן האָבן אים פאַרנאַרט אויף אַ שפּאַציר קיין סטאַראַ־לאָמזשע, פון וואַנען ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. זיי האָבן נאָך פאַרן שפּאַציר צוגעגרייט אַ גרוב פאַר אים. פון די טויט־לאַגערן זיינען אויך געקומען גרוסן וועגן די חברים: פּערל־שטיין דער סטאָליער, ראָטשילד דער שמיד (מען האָט אים גערופן יאַנקל בוסקי), אַ חבר פון פ. צ. און פון פאַראיין „שטערן". מ'האָט דערציילט, אַז זיי האָבן אָנטיילגענומען אין דער צעשטערונג פון די קרעמאַטאָריע־אויוונס אין אוישוויטץ.

# די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין לאָמזשע

ג. יעלניאַק (פּוילן)

## בלעטער פון ספר הזכרונות

אין די יאָרן 1918—1919 האָבן צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד געבראַכט קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל קיין פּוילן. פון די ערשטע אַקטיווע קאָמוניסטישע טוער אין לאָמזשע איז געווען סאַמסאָנאָוויץ, לערער פון דר. גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע, וועלכער האָט מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט צוגע־צויגן עלעמענטן מיט לינקע שטרעמונגען, סיי פּוילישע און סיי אידישע. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און האָט פאַרלאָזן לאָמ־זשע (ער האָט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו). נאָך אַ קורצער צייט אין ווילנע, איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד, וואו ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די רייען פון ק. פּ. ד.

אין 1919 האָבן אַ גרופּע „בונדיסטן" און „צוקונפטיסטן" זיך אָפּגעשפּאָלטן פון זייער פּאַרטיי. זיי האָבן געגרינ־דעט אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אין זייער שפּיץ איז גע־שטאַנען ליבער מושינסקי, שילער פון גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע.



ליבער מושינסקי

פירער פון די קאָמוניסטן אין לאָמזשע און שפּעטער וויכטי־קער טוער אין דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

אַ הייסער פּראָפּאַגאַנדיסט און גוטער רעדנער, האָט ער צו־געצויגן סיי פּוילישע און סיי אידישע שילער, וועלכע האָבן געבילדעט אַן אָרגאַניזירטן כּוח. פּאַרטריבן פון גימנאַזיע פאַר זיינע קאָמוניסטישע טעטיקייטן, עקזאַמענירט ער זיך אַלס עקסטערן אין ביאַליסטאָק און קריגט זיין מאַטורע־דיפּלאָם. קומט אָן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויפן מאַטעמאַטישן פאַקולטעט. דאָרטן פאַרנעמט ער שנעל אַ שליסל־פּאָזיציע אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג: ער ווערט אַלגעמיינער סעקרעטאַר. ווערט אַרעסטירט איינ־קע מאָל און ווערט פאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע אויף דריי יאָר. אַרויסגעקומען איז ער פיזיש צעבראָכן אָבער נישט גייסטיק. קומט קיין פּאַריז און אַרבעט דאָרטן צווישן די פּוילישע עמיגראַנטן. אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט שטייט ער צו צו די פּאַרטיזאַנער, ווערט געכאַפּט און אַוועקגעשיקט קיין בירקענאַו אין דאָרטן קומט זיין סוף בעת ער האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמוניסטישן אויפשטאַנד. ער האָט געהאַט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן פון אַ רעוואָלוציאָנערן פירער.

איך בין צוגעשטאַנען צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין 1922—1923, ווייל זייער השפּעה איז געווען שטאַרק צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט און אויך ביי די שוואַכע אַרבעטער צווישן די אָרעמע מאַסן. די מער אַקטיווע מיט־גלידער זיינען געווען: גבריאל (געזעסן פינף יאָר אין לאָד־זשער תפיסה), אסתר „די קולאַווע פון קשיווע־קאָלאָ", דניאל, סטאָלער אין שול־גאַס, רבקה און יוסף פּאַניאַצעק, די שוועס־טער פיינציג, שרה „די גרויסע". די שילער: טאָפּאָל (שיי־קע) „דעם שניידערס זון", איז שפּעטער געווען אַקטיוו צווישן די קאָמוניסטיש געשטימטע סטודענטן אין בעלגיע, קאָ־בערסקי, נימצאָוויץ, יצחק בראַמזאָן, שרה צימערמאַן א. אַ.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געקעמפט קעגן דער פּוילישער רעאַקציאָנערער דערדריקנדער רעגירונג. דאָס גע־ריכט איז כּסדר געווען באַשעפטיקט מיט אָנקלאָגעס קעגן די קאָמוניסטישע מיטגלידער. איינמאָל, אין יאָר 1924, זיינען געכאַפּט און אַרעסטירט געוואָרן אַ סך יונגע קאָמוניסטן אין דער פּאָסט־געביידע ווען זיי זיינען געקומען אָפּנעמען זייער פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל. אַ סך שילער פון גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע זיינען דאַן „אַריינגעפאַלן". ביי זייער משפּט האָט אַדוואָקאַט דוראַטש זיי פאַרטיידיקט. אַ סך שילער זיינען דאַן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון גימנאַזיע. דער פּעדאַגאָגי־שער ראַט האָט גאָרנישט געוואוסט אַז איינער פון זיינע מיט־גלידער איז עס דער, וואָס פירט אָן מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין גאַנצן ביאַליסטאָקער ראַיאָן, הגם אין לאָמזשע גופא איז ער נישט געווען אַקטיוו.

נישט קוקנדיק אויף די רדיפות מצד דער מאַכט, האָט די באַוועגונג זיך פאַרברייטערט צווישן אַרבעטער און אינ־טעליגענץ. מערער אַקטיוו זיינען דאַן געווען: הורוויץ (גע־זעסן אַ סך יאָרן אין טורמע און אין קאַרטוז בערעזע), ס. גאָלד־זאַק און זיין ברודער שמואל; „קיזשאַק" מיט זיין פרוי זיינען געווען טעטיק אין געהיים אָרום רוטקי (ער האָט זיך אַליין פאַרברענט, נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקערהייט צו די נאַ־ציס); די שוועסטער חיה און ברײנדל, שניידערס טעכטער פון די ריבאַקי און נאָך אַנדערע.

די טעטיקייטן פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג האָט זיך אויסגעצייכנט אין דעמאָנסטראַציעס, פאַרשפּרייטן פּראָ־פּאַגאַנדע מאַטעריאַל צווישן אַרבעטער אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אויך אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואו די קאָמוניסטן האָבן אָפט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. די שטודירנדיקע יוגנט האָט געדינט דער באַוועגונג ווי אינ־סטרוקטאָרן, לעקטאָרן און אויך אַלס דיסקוטאַנטן ביי פאַר־זאַמלונגען פון „בונד" און „פּועלי ציון". די קאָמוניסטישע קעמערלעך האָבן זיך איינגעבירגערט אין די ספּאָרט פאַר־איינען, אין די סעקציעס פאַר ליטעראַטור, היסטאָריע, שאָך־מאַט א. ד. ג.

אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָבן זיך געפונען אויך חסידישע קינדער. איינער אַזאַ, שעפּסל, געוואוינט נעבן חסידים־שטיבל, מיט זיינע חסידישע מלבושים און לאַנגע געקרייזלטע פאות, איז געווען זייער „געשיקט" אין אויסטיילן אַגיטאַציע־מאַטעריאַל און האָט אויך אויסגעפירט ריזיקאַלישע מיסיעס, נישט אַרויסרופנדיק קיין חשד אויף זיך מצד דער פּאָליציי. די פאַרזאַמלונגען פון דער קאָמ. פּאַרטיי, אַזוי ווי ביי אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פלעגן זיין מיינסטנס אויסערן שטאָט. די פייערונג פון ערשטן מאַי אין 1925 איז פאָרגעקומען אין אַ הויף פון דער לאַנגער־גאַס נאָענט צום פּאָליציי־אַמט. פון „דעפּטאַק" נייער



דער „דעפּטאַק" אויפן נייעם מאַרק, אויך פּלאַץ קאָשטשיושקאָ

מאַרק האָבן די אָנטיילנעמער זיך אַריינבאַקומען אין דעם הויף. דאָרטן האָבן גערעדט די „גרויסע שרה", סטודענט נימצאָוויץ א. אַ.

די „גרויסע שרה", זלמן חסיד׳ס טאָכטער, אייניקל פון ר׳ מאיר חסיד (ראש פון די חסידים אין לאָמזשע), איז געווען איבערגעגעבן דער באַוועגונג מיט איר גאַנצן וועזן. זי פלעגט דערשיינען אויף די פאַרזאַמלונגען פון „בונד", „פּועלי ציון" אַלס אָפּאָנענטין. איבערהויפּט איז זי געווען טעטיק אין שאַפן הילף פאַר פּאָליטישע אַרעסטאַנטן ווי עסן, לייען מאַטעריאַל אאַז"וו. אויך פאַר די באַפרייטע פון לאָמזשער טורמע פלעגט זי זאָרגן זיי זאָלן האָבן אַ בגד, עסן, אַ פּלאַץ צו אַרבעטן און, ווען נויטיק, רייזע הוצאות. אויך „פייגעלע" און אַנדערע חברים זיינען געווען טעטיק אויף דעם געביט. אין 1926־27 איז בערל מאַרק געשטאַנען אין שפּיץ פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון „מאָפּר" (רויטע הילף). די פּעקלעך פלעגן ווערן פאַרטיילט אין טורמע גלייך צווישן אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן דורכן „קאָמונאַ־קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך אויסגעקעמפט זיין שטאַנד דורך הונגער־שטרייקס, דעמאָנסטראַציעס, סקאַנדאַלן אאַז"וו.

געשפּרעכן, קאָמוניקאַציעס אַפילו לעקציעס פלעגן פאָרקומען צווישן די חברים אויף פאַרשידענע וועגן און מיטלען, אַזוי ווי אַלע אַרעסטירטע פלעגן זיך נוהג זיין אין אַלע טורמעס: זיי פלעגן קלאַפּן אין די ווענט לויט דעם אלף־בית פון מאָרס (דערפינדער פון טעלעגראַף), בעת שפּאַצירגאַנגען אאַז"וו. ידיעות פון דרויסן (גריפּסן) פלעגן ווערן אַריינגעבראַכט אין די עסנס, ציגאַרעטן אאַז"וו. די ידיעות פלעגן געשריבן ווערן אויף אַ געהיימען שיפרירטן אופן, אָפט געביטן צוליב פאָרזיכטיקייט. די אַרעסטאַנטן פלעגן אַזוי אַרום זיין אָרגאַניזירט און אייניק אין זייער קאַמף פאַר זייערע פאָדערונגען צום אויסבעסערן זייערע באַדינגונגען.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, זיינען אין לאָמזשער טורמע „געזעסן" אַרעסטירטע פון פאַרשיידענע שטעט און גראַדן ווי מאַריאַן בוטשעק, הויפּט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון גאַנץ פוילן; קאַנעווסקי און ראָטקאָווסקי (העלדן פון ציטאַדעל), לעאָן פאַסטערנאַק (קאָמוניסטישער פּאָעט פון אוקראַינע) א. א. וועלכע, דורך פאַרשיידענע קאָנטאַקטן מיט די פרייע חברים, האָבן זיי געוואוסט צו אָרגאַניזירן זייערע דעמאָנסטראַציעס, פּראָטעסטן אין טורמע. סיאָמע גאָלדזוק און רבקה פּאָניאַצעק, פירער פון לאָמזשער קאָמוניסטן, זיינען אָפּגעזעסן 5—6 יאָר אין לאָמזשער טורמע.

סיאָמע גאָלדזוק, זון פון לערער גאָלדזוק, איז געווען באַהאַוונט אין סאָציאַליזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אין פּרינציפּן פון מאַרקסיזם, רעדנער און שטאַרקער אָפּאָנענט, אינסטרוקטאָר פון אַלע „קעמערלעך" פון גאַנצן ראַיאָן פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אאַז"וו. נאָכן פריי ווערן איז ער אַוועק מיט זיין פרוי, טאָכטער פון ראָטאָוויץ דעם שוסטער, קיין וואַרשע, דאָרט געאַרבעט אַלס שלאָסער, און אַגיטירט צווישן די מעטאַל־אַרבעטער. ער וואָלונטירט אין דער רויטער אַרמיי און איז געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַציס.

רבקה פּאָניאַצעק, דערציערין אין אַ יתומים אַנשטאַלט, אַ טאָכטער פון אַ שווערן אַרבעטער פון וואָזשעוואָדזקע גאַס, איז זי פול מיט ענערגיע געווען איבערגעגעבן צו דער באַוועגונג. נאָכן פאַרלאָזן די טורמע אַ קראַנקע אויף שווינדזוכט און אַ צעבראָכענע האָט זי פאָרגעזעצט די פּאַרטיי־אַרבעט אין די ערגסטע באַדינגונגען. זי איז געווען אַ דעלעגאַטין צו דער ביאַלאָסטאָקער „נאַראָדנאַיאַ סאָבראַניאַ". זי איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

אין לאָמזשער טורמע זיינען געזעסן אויך „קיזשאַק" (אויבן דערמאָנט), פּאָלאַך — זייגערמאַכער׳ס זון פון לאַנגער גאַס, מיטגליד פון פאַרוואַלטונג און הויפּט פון אידישע ענינים, די ברידער כץ, פרידמאַן, בערקמאַן, כאַלאַפּאָוויץ, סטשאַלקאַ, איידעם פון אידיש־פּוילישן רעדאַקטאָר פון קראָקע, דר. קנאַפּער, הויפּט פון ראַיאָן־קאָמיטעט, גאָלאָמבעק, צימערמאַן (געאַרבעט אין אָרלאָווסקי׳ס פאַבריק), גאָלאָמבעק, הולאַך בנימין און הורוויץ. זיי זיינען אַלע געפאַלן אין מלחמה קעגן די נאַציס ביי סלאָנים אין יאָר 1941.

אין לאָמזשער טורמע איז „געזעסן" אייניקע יאָרן הערשל סמאָליאַר, זון פון דוד סמאָליאַר פון זאַמבראָוו, געזעלשאַפטלעכער עסקן. אַלס שילער פון גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע איז ער געווען טעטיק אין דער קאָמ. באַוועגונג צווישן יוגנט אין לאָמזשע, זאַמבראָוו און אַרום דער סביבה; באַוואוסט געוואָרן שפּעטער אַלס פירער פון פּאַרטיזאַנער אין מינסק. אַ סך מאָל איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן און געקראָגן אויסצייכנונגען. היינט איז ער הויפּט פון צ. ק. פון פוילישע אידן אין וואַרשע, רעדנער און צייטונגס־רעפּאָרטער.



הערשל סמאָליאַר

הויפּט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די אידן אין פוילן

צייטנווייז פלעגן וויכטיקע אַקטיווע חברים, צוליב זיכערקייט צוועקן, אָדער זוכנדיק ארבעט, מוזן פאַרלאָזן לאָמזשע. אין נייע חברים פלעגן פאַרנעמען זייערע פּלעצער, צווישן וועלכע ס׳פלעגן זיך געפינען פּראָוואָקאַטאָרן. די פּאַרטיי איז דעריבער געווען זייער פאָרזיכטיק אין אירע באַציאונגען צו זיי. איינער אַזאַ נייער, ליפּשיץ, איז געקומען פון ביאַליסטאָק. די פּאַרטיי חברים האָבן געהאַט אַ חשד אויף אים און ניט אָנגענומען אים אַלס מיטגליד. לויט דער עצה פון דער געהיים־פּאָליציי („דעפענסיווע) האָט ליפּשיץ אַליין פאַרפאַסט אַ ליסטע פון „קאָמוניסטן", אַרויסגעלאָזן פּאַלשע אויפרופן אין אידיש און פויליש, וועלכע האָבן גע־

רופן אָפּצורייסן די „קרעסן“ (די געגנטן, באַוואוינט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן) פון דער פוילישער מדינה און פאַראייניקן זיי מיט די סאָוויעטן (די פּאָסטולאַטן זיינען גאַרנישט געווען אין קאָמוניסטישן פּראָגראַם), גערופן צו אויפשטאַנד, רעוואָלוציע. אַ גרויסע צאָל אָפענע און געהיימע פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַרויסגעלאָזן איבערן שטאָט, געזוכט אין אידישע הייזער און אַרעסטירט דריי הונדערט מאַן, אַוועקגעפירט זיי אין אַ שטאַרקער פראָסט־נאַכט אין זעגמיל (טאַרטאַק) ביים נאַרעוו.

די פּאָליציי האָט אָנגעווענדעט אינקוויזיציע פּייניקונגען קעגן די אומשולדיקע אַרעסטירטע. אַזעלכע פּייניקונגען ווי: אַריינשפּריצן וואַסער אין קערפּער מיט רערן דורכן נאָז, מויל און אויערן; צודריקן גלידער פון קערפּער מיט פאַרמאַכטע טירן; אויפהענגען פאַר די פיס מיטן קאָפּ אַראָפּ א. אַז. וו., פאַרלאַנגענדיק פון זיי אונטערשרייבן אַז זיי זיינען אָנפירנדיקע קאָמוניסטן. איניקע האָבן אונטערגעשריבן אַלץ וואָס מ׳האָט זיי דיקטירט. איינער פון די געפּייניקטע האָט אַפילו דערציילט, אַז דער שוחט און רב פון שטאָט זיינען פירער ביי די קאָמוניסטן און מ׳איז טאַקע געגאַנגען זיי אַרעסטירן. אַ סך מיטגלידער פון „בונד“ און „פועלי ציון“, אַלע פריזיר־שערער, די ברידער קאָסאָוויץ פון טאַרטאַק נעבן וואָקזאַל, די ברידער כאַדאַקעוויץ א. אַ. זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אַ סך פון די אַלטע אַרעסטאַנטן האָט מען אַוועקגעשיקט אין אַנדערע טורמעס, כדי צו מאַכן אָן אָרט פאַר די נייע פון דער דערמאָנטער אַבלאַווע. איניקע צענדליק זיינען באַפרייט געוואָרן, נישט האָבנדיק קעגן זיי קיין שום באַוויזן. דער גרעסטער טייל איז געזעסן אין טורמע אָן אַ משפט. דער סיים אַפילו האָט נישט געפּועלט מען זאָל זיי שטעלן שנעל צו אַ משפט, ווייל ביי אַ משפט וואָלט באַוויזן געוואָרן עפנטלעך דער דורכפאַל פון דער גרויסער פּראָוואָקאַציע. אַזוי האָט דאָס געהייסן אַז די אידן זיינען קאָמוניסטן.

די „קאָמונאַ“ האָט אָרגאַניזירט די אַרעסטירטע און זיי האָבן אָנגעפאַנגען אַ הונגער־שטרייק, סקאַנדאַלעווען דורך ברעכן טירן, פענצטער, כלים. די אַלטע אַרעסטאַנטן, פאַרשטייט זיך, זיינען צוגעשטאַנען צו די אַקציעס. אויך אויסער דער טורמע האָבן די קאָמוניסטן אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס פון די משפחות פון די אַרעסטירטע. פּאָליציי־כוחות זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך מיליטער, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער הויפּט פּראָקוראָר האָט אַליין געמוזט קומען און איינשטילן די געמיטער. ער האָט באַפרייט אַרום הונדערט מאַן מיט קויציע (ערבות) ביזן משפט.

ערשט מיט אָנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דער משפט איבער די אַרעסטירטע דורך דער פּראָוואָקאַציע. באַוואוסטע אַדוואָקאַטן פון וואַרשע, אידן און פּאָלאַקן, זיינען אויפגעטראָטן צו פאַרטיידיקן די אַרעסטירטע, ווי: שמיאַראָווסקי, פּאַסכאַלסקי, דוראַטש, טשערניכאָוו, האָניגוויל, אויך אַדוואָקאַט גאָלדבערג פון לאָמזשע א. אַ. זיי האָבן אויפגעוויזן די פעלשונג אין די דאָקומענטן און אין די אַנדערע באַווייזן פון פּראָוואָקאַטאָר ליפּשיץ; זיי האָבן אַרויסגעבראַכט אַז די פּאָליציי האָט אָנגעווענדט אומדערהערטע, שוידערלעכע אינקוויזיטאָרישע פּייניקונגס־מעטאָדן, כדי דורך צוואַנג אַרויסצובאַקומען די ווידוים פון די געפּייניקטע. אַפילו יערזשי אָר (אָרינסקי) דער משומד, דער עקספּערט אין אידישע ענינים מצד דער באַשולדיקונג, האָט גאָרנישט אויפגעטאָן. טשערניכאָוו (אין יענער צייט פאָרזיצער פון ליטעראַטן און רעפּאָרטער פאַראיין אין ווילנע) האָט באַוויזן אָר׳ס אומוויסנקייט. דער סוף איז געווען: נאָר עטלעכע ווירקלעכע קאָמוניסטן זיינען פאַר׳משפט געוואָרן ווי: ס. גאָלדזאַק, ר. פּאָניאַצעק, כץ א. אַנד. דער רעזולטאַט פון דעם פּראָצעס איז געווען אַ דערנידעריקונג פאַר דער פּאָליציי און אַ דערהויבונג פאַרן קאָמוניזם.

אין 1928 האָב איך פאַרלאָזן לאָמזשע. די פאַרערגערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין פוילן און די פאַרשטאַרקונג פון די פאַשיסטישע מעטאָדן פון דער רעגירונג האָבן געשטויסן די יוגנט אין די רייען פון קאָמוניזם. די פוילישע פּ. פּ. ס. פּאַרטיי האָט זיך געשפּאָלטן און אַ טייל מיט דר. טשאַרניעצקי זיינען אַוועק רעכטס צו דער פּאַרטיי „אָזאָן“ און אַן אַנדער טייל איז אַוועק לינקס צו די קאָמוניסטן, מערערע פון זיי האָבן באַשיצט די אידן אין דער צייט פון כוליגאַניזם און פּיקעטן מצד די רעאַקציאָנערע פאַשיסטישע עלעמענטן. די זעלבע האָבן זיך אויך באַמיט צו העלפן די אידן אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט אין דער טרויעריקער געטאָ.

בעת מיין באַזוך אין לאָמזשע אין יאָר 1934, פּסח צייט, איז פאָרגעקומען אויף דעם הויף פון פישל צעכאַנאָוויץ׳ס צוקערקעס־פאַבריק אַ געהיימער צוזאַמענקום פון דער פּראָגרעסיווער יוגנט מיט דער באַטייליגונג פון בערל מאַרק פון וואַרשע און צבי לעווינסקי פון בעלגיע, הויפּט סעקרעטאַר פון „געזערד“ (אָרגאַניזאַציע פון איד. מאַסן), און דער רעדאַקטאָר פון אָרגאַן „געזערד“ אונטערן פּסעוודאָנים „הירש צאַלסקי“. בערל מאַרק האָט רעפערירט וועגן אַקטועלע פּאָליטישע פראַגן און לעווינסקי — וועגן „געזערד“־באַוועגונג און אירע צילן אין פוילן (ער איז געווען פון אירע גרינדער). ער האָט שפּעטער געהאָלפן גרינדן דעם „אַגראָיד“ אין פוילן און געווען מיטגליד פון צ. ק. ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין אָרגאַן פון „אַגראָיד, דער איבערבוי“ און אין דער טעגלעכער צייטונג „פריינד“.

די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט דאַן פּראָגרעסירט אין לאָמזשע, עס זיינען פאַרשפּרייט און געלייענט געוואָרן די פּראָגרעסיווע לעגאַלע און האַלב לעגאַלע זשורנאַלן: „אַרבעטער טריבונע“, „איבערבוי“, „ליטעראַרישע טריבונע“ — קאָמוניסטישע אין גייסט.

דער גורל פון די אידישע קאָמוניסטן אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט איז געווען דער זעלבער גורל וואָס פון אַלע אידן. דאָ און דאָרטן באַוויזן זיי זיך אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער, אין די געטאָס און אין די מאָרדלאַגערן. איניקע פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט און זעצן פאָר זייערע טעטיקייטן ביז היינט ווי: הערשל סמאָליאַר — היינט פאָרזיצער פון איד. צ. ק. אין דער פוילישער „פאָלקס־רעגירונג“.

שמואל גאָלדזאַק, סיאָמ׳ס ברודער, איז אַוועק קיין קראָקע און פון דאָרטן קיין פראַנקרייך, וואו ער איז געווען טעטיק אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פירער פון דער פּראָגרעסיווער צייטונג „די נייע פרעסע“ אונטערן פּסעוודאָנים „צאַרני“. ער האָט געקעמפט אין אונטערגרונט קעגן די נאַציס. היינט איז ער איינער פון די הויפּטן פון אינטערנאַציאָנאַלן פאַראיין פון קעמפער קעגן היטלעריזם און פאַר די קרבנות פון היטלער־טעראָר, אונטערן פּסעוודאָנים „קובאַלסקי“.

פּולקאָווניק גרשון אליף (מיט זיין צונאָמען בוליק אָדער בולקאָוויאַק) האָט אָרגאַניזירט אין די צייטן פון דער נאַצישער הערשאַפט פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, איז פאַרוואונדעט געוואָרן עטלעכע מאָל אין שלאַכטן. איז געשיקט געוואָרן פון דער פוילישער רעגירונג איניקע מאָל קיין אַמעריקע, און ישראל.



הויפּט פון דער לאָמזשער שטאָט־רעגירונג, דער קאָמוניסטישער טוער אַנטאָן
דעפּטולאַ, ביים קבר פון די אומגעבראַכטע אידן אין געלצינער וואַלד

אין צענטער (צווייטער פון רעכטס) שטייענדיק: משה קאַלער, געלצינער סאָלטיס, יעקב טאָביאַש,
און קאָמוניסטישע מיליציאָנערן אין לאָמזשע אין יאָר 1947.



שאַכמאַטיסטן

שטייענדיק (רעכטס): שמעון גאָסאָוויץ, כאַדקעוויץ. זיצנדיק: ליטווינסקי,
הערשל לעווינסקי, יצחק בראַמזאָן און שמואל גאָלדזוק.



פּליכטלינגע אויפן אַלטן מאַרק ביים מאַגיסטראַט

גרישאַ דזשירזשגאָווסקי, דירעקטאָר פון אויסלענדישן האַנדל מיט מאָטאָרן, האָט אַמאָל געקעמפט אין די רייען פון דער רעפּובליק אין שפּאַניע. זיין שוועסטער פּאָליאַ, דאָקטאָרקע, געווען אַקטיוו אין אונטערגרונט אין פראַנקרייך אין צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה אַלס פאַרבינדערין פון הויפּט־ביוראָ פון אידישן סעקטאָר אין פראַנצויזישן אונטערגרונט (היינט הויפּט פון פאַרמאַקולאָגישער לאַבאַראַטאָריע אין וואַרשע).

אין לאָדזש, דוכט זיך, זיינען טעטיק היינט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט שרה פיינצוויג, וועלכע איז געזעסן אין לאָמזשער טורמע עטלעכע יאָר, און זלאַטקע אומאַנאָוואַ וועלכע איז געזעסן פינף יאָר אין בריסקער טורמע (באַוואוסט געוואָרן אין פּראָצעס פון רעגינאַ קאַפּלאַן).

אין איוואַנאָוו וואָזנעסענסק (ברה״מ) אַרבעט אַלס הויפּט אינזשיניער אין דער טעקסטיל־פאַבריק יצחק בראַזאָן, זון פון האָלץ סוחר פון דוואָרנע גאַס.

עס איז כדאי צו דערציילן מער פּרטים וועגן איינעם פון די אַקטיווע פּערזענלעכקייטן פון דער קאָמ. באַוועגונג. דאָס איז בערל מאַרק, וועלכער פאַרנעמט אַ זייער אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק.



בערל מאַרק

פירער פון היסטאָרישן אינסטיטוט אין קאָמוניסטישן פּוילן

נאָך אין יאָר 1934 איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דער „ליטעראַרישער טריבונע״, אַ פּראָגרעסיווע צייטונג פון איד. שרייבער. אין יאָר 1935 האָט ער רעדאַגירט דעם „פריינד״ צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּראָגרעסיווע שרייבער, צווישן זיי דער פּאָעט אלתר קאַציזנע און נאָך. אין יאָר 1938 איז ער געווען אַ חבר אין רעדאַקציע פון „ליטעראַרישע בלעטער״, נאָך דעם ווי נחמן מייזל איז אַוועק קיין אַמעריקע. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה איז ער אַנטלאָפן קיין מאָסקווע מיט זיין פרוי. דאָרטן האָט ער זיך איבערגעגעבן צו דער אַרבעט פון הילף פאַר איד. פּליטים. איז געווען איינער פון די אָנפירער פון „קאָמיטעט פאַר פּוילישע אידן״. נאָך דער מלחמה קומט ער צוריק קיין פּוילן און ער איז דאָרטן היינט פון די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן פון די פּוילישע אידן. אין די יאָרן 1946—1949 איז ער געווען הויפּט רעדאַקטאָר פון „דאָס נייע לעבן״, אָרגאַן פון אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען צווישן די פּוילישע אידן. פון 1947 איז ער הויפּט פון „איד. ליטעראַרישן און רעפּאָרטער פאַראיין״. פון 1949 שטייט ער אין שפּיץ פון „איד. היסטאָרישן אינסטיטוט״. ער רעדאַגירט זיינע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבן און איז באַוואוסט אַלס ערנסטער פאָרשער פון דער געשיכטע פון אידישן אומקום, אַלס שרייבער און רעפּאָרטער. איז אויך אַקטיוו אין פּ. פּ. ר.

# פערזאָנען און געשטאַלטן

מיר האָבן נישט אין אונזער באַזיץ די פנקסים פון קהל און חברה׳ס, אין וועלכע ס׳זיינען פאַרשריבן געוואָרן לזכרון הונדערטער חברים. די פנקסים זיינען פאַרניכטעט. מיט דעם אָנדענק פון די באַוואוסטע עסקנים זיינען נישט פאַרשריבן געוואָרן אַ סך פסעוודאָנימס, עמך־מענטשן, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען צו טאָן צדקה און מעשים טובים; נסתרים וואָס האָבן געזאָרגט צו געבן אַ שטיקל ברויט ז׳עם אָרימאַן און אַ בגד דעם נצרך, רפואה׳ס פאַר קראַנקע, טרייסט צו אבלים און אומגליקלעכע און מתן בסתר, כדי נישט צו פאַרשעמען.

נאָר איינצלנע, צו אונזער גרויס באַדויערן, זיינען פאַרשריבן געוואָרן. זאָל אָבער דער אָנדענק פון די אַלע נשמות ביישוועבן פאַר אונזערע מחשבה׳ס ביים לייענען דאָס דאָזיקע בוך: פון די פרנסים, ראשי־הקהל ביז די האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער — אַלעמענס זכות זאָל אונז ביישטיין לעולם ועד.

# גייסטיקע פירער און שטאַט־פאַרזאָרגער

יום־טוב לעווינסקי

## הרב יצחק־אייזיק הלוי הערצאָג

### (הויפּט־רב פון דער אשכנזישער געמיינדע אין ישראל)



רב יצחק אייזיק שליט״א איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע כ״ח כסלו, תרמ״ט (1888). זיין פאָטער ר׳ יואל און זיין מוטער מרים האָבן אים דערצויגן ע״פ התורה והיראה. צו דריי יאָר פלעגט אים זיין פאָטער ברענגען אין די שבתים און ימים־טובים צו רבנים לומדים צום פאַרהערן, ווייל ער האָט אַרויסגעוויזן פעאיקייטן פון אַן עילוי און צו ניין יאָר איז ער שוין געווען קלאָר אין צוויי סדרים ש״ס.



הרב יצחק אייזיק הלוי הערצאָג

אין יאָר 1899 האָט ר׳ יואל מיט זיין משפּחה פאַרלאָזן לאָמזשע און אַוועק קיין לידס, ענגלאַנד, צו פאַרנעמען דאָרט אַ שטעלע פון רבנות (מער וועגן אים — אין אָפּטיילונג וועגן רבנים). דאָס אינגל, יצחק־אייזיק, זעצט פאָר זיין לערנען תורה פון טאַטן און לערנט אויך וועלטלעכע ידיעות. אין אַ צייט אַרום ענדיקט ער מיט אַן אויסצייכנונג דעם יורידיש־פילאָסאָפיש־געזעלשאַפטלעכן פאַקולטעט און גלייכצייטיק קריגט ער סמיכה אויף רבנות. הגם אין איראָפּעאישע ישיבות האָט ער נישט געלערנט נאָר אין דער סביבה פון זיין פאָטער און דורך זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן ווערט ער דאָך איינער פון די גדולים אין חכמת ישראל אין ענגלאַנד.

צו צוואַנציק יאָר ווערט ער שוין אויפגענומען פאַר רב אין בעלפאַסט און פון דאָרטן קומט ער אַן אין דובלין, אירלאַנד. אין יאָר 1934 ווערט ער גערופן צו פאַרנעמען די רבנות שטעלע פון הרב קוק, אַלס הויפּט רב פון דער אשכנזישער געמיינדע אין ארץ ישראל. דאָ איז ער גלייך געוואָרן באַליבט אַ דאַנק זיין איבערגעגעבנקייט נישט נאָר צו זיינע רעליגיעזע אויפגאַבן, נאָר אויך צו אַלגעמיין אידיש־געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. מיט זיינע אַרטיקלען און ראַדיאָ־רעדעס האָט ער געמוטיקט דאָס א״י אידנטום און געשטאַרקט דעם גייסט פון תורה. מיט דער מאַנדאַט־רעגירונג האָט ער אונטערגעהאַנדלט מיט שטאָלץ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שליח פון אידישן פאָלק. ער איז דערשינען פאַר די אויספאָרשונג־קאָמיסיעס מיט ווירדע ווי אַ הויפּט רב. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ריזיקירט ער און פאָרט איינינקע מאָל קיין איראָפּע צו ראַטעווען אידן.

איין מאָל איז ער געפאָרן קיין ענגלאַנד, האָט זיך משתדל געווען און געפּועלט ביי דעם רוסישן אַמבאַסאַדאָר, מייסקי, אַז רוסלאַנד זאָל דערלויבן די מלחמה אַנטרונענע רבנים און ישיבה־תלמידים פון פּוילן און ליטע צו קומען דורך רוסלאַנד אין ווייטן מזרח. אין פראַנקרייך האָט זשאָרזש בידאָ, דער פּרעמיער מיניסטער, גענויגט זיין קאָפּ פאַר הרב הערצאָג און האָט פאַרלאַנגט ער זאָל אים בענטשן, ווייל ער אָנערקענט, אַז ער איז אַ הייליקער מענטש.

אַ צווייט מאָל איז ער געפאָרן קיין איראָפּע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה צו ראַטעווען אידישע קינדער פון שמד, ד. ה. די וואָס גלחים האָבן באַהאַלטן אין מאָנאַסטירן אָדער קלויסטערס און גיבן זיי נישט צוריק צו אידן. ער איז דערשינען פאַרן פּויפּסט. ס׳איז געווען אַ שווערע, דעליקאַטע שליחות, ווייל דער קאַטוילישער קלער האָט געהאַלטן, אַז גאָט האָט זיי איבערגעגעבן די איד. קינדער צו ראַטעווען זיי נישט נאָר פיזיש, פון אומקום דורך די נאַציס, נאָר אויך צו ראַטעווען זייערע נשמות פאַרן קאַטאָליציזם. מיט שטאָלץ האָט ער אַרגומענטירט מיטן פּויפּסט, אַז וואָס די קאַטוילישע היעראַרכיע שטיצט זיך אויפן פסוק „ונתתי לכם לב חדש״ (אין יחזקאל, ד׳, ל״ו) אַז דאָס זאָל מיינען קריסטענטום, וואָלט עס געווען אמת, ווען ביידע, דער געבער און דער נעמער, ווילן דאָס, אָבער אין דעם פאַל מיט די באַהאַלטענע אידישע קינדער וויל דאָך נאָר איין צד, דער נעמער, און דעם מקבל צווינגט מען דאָך. דער פּויפּסט האָט געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט אים און צוגעזאָגט צו דערפילן זיין בקשה. ער איז אויך געפאָרן קיין אַמעריקע און האָט אַ סך באַווירקט דאָס היגע אידנטום צו געבן די נויטיקע הילף פאַר מדינת ישראל, זי זאָל קענען אַבסאָרבירן די גרויסע צאָל נייע עולים פון די אַראַבישע לענדער, וואָס מען האָט אַריבערגעבראַכט נאָך דער באַפרייאונגס מלחמה.

ווען די נאַצישע חיילות זיינען געשטאַנען ביי אלאַמיין, נישט ווייט פון א״י און דעם א״י ישוב האָט געדראָט די גרעסטע סכנה פון פאַרניכטונג, האָט הרב הערצאָג זיך געפונען אויסער די גרענעצן פון א״י. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט, ווען מען האָט אים געבעטן ער זאָל נישט פאָרן קיין א״י אין סכנה, און דערקלערט זיין טיפע אמונה, אַז דאָס הייליקע לאַנד וועט ניצול ווערן. נאָכן אָנקומען פלעגט ער גיין צום כותל־מערבי תפילה טאָן, נישט קוקנדיק, וואָס עס איז פּשוט געווען אַ טויט געפאַר אַרויסצוגיין אין גאַס וואו ס׳פלעגן פאַלן קרבנות יעדן טאָג.

הרב הערצאָג פילט אַ צוגעבונדענקייט און אַ ליבשאַפט צו לאָמזשע, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיין קינדהייט און געקראָגן זיין ערשטע דערציאונג (גירסא דינקותא).

ישראל לעווינסקי

## צבי עפשטיין
### (ראש הקהל און וויצע־פּרעזידענט פון שטאָט)

אַן אײדעלע אַריסטאָקראַטישע פּערזענלעכקייט פון רבנים־גזע איז געווען ר׳ הירש עפשטיין. אַ שטאָלצער איד, איבערגעגעבן צו זיין פאָלק און זיינע גייסטיקע אוצרות. אַ שטענדיקער דאַווענער פון חברה־ש״ס, הויפּט פון דער אידישער קהלה און אַ מיטגליד אין דעם פּרעזידיום פון מאַגיסטראַט.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען באַוואוסט אַלס באַנקיר: „ה׳ עפשטיין און שותפים״. שטאַנדהאַפ־טיק און ערלעך אויפן געביט פון היפּאָטעקן הלוואות, האָט ער אויך געפירט גרויסע געשעפטן מיט אויסהאַקן וועלדער פאַר בוי־מאַטעריאַלן אָדער צו פירן אין פליטן (געהילץ) קיין אויסלאַנד. ווען די רוסן האָבן אָנגעהויבן צו עוואַקויִרן לאָמזשע, אין יאָר 1915, האָט ער איבערגעוויזן זיין קאַפּי־טאַל פון צוויי הונדערט טויזנט רובל קיין רוסלאַנד אין פּע־טערסבורגער באַנקען און שפּעטער אין דער אָקטאָבער רע־וואָלוציע איז עס אינגאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען.

די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אים באַשטימט פאַר פּרעזידענט פון לאָמזשע. ער האָט דאַן געפירט די פינאַנציעלע אינטערעסן און בודזשעט פון שטאָט מיט גרויס דערפאָלג, אָן דעפיציטן, און האָט געקראָגן אָנערקענונג פון דער מאַכט און פון דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג. נאָך דער דייטשישער אָקופּאַציע איז ה׳ עפשטיין אויסגעקליבן געוואָרן מיט נאָך זיבן אידן אין שטאָט־ראַט. ווידער איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס וויצע פּרעזידענט און פירער פון פינאַנציעלן אָפּטייל פון מאַגיסטראַט, אָנערקענענדיק זיין טאַלאַנט אויף דעם געביט. ער האָט אַ סך פאַרבעסערט דעם פינאַנציעלן מצב פון שטאָט אַזוי, אַז זי איז געווען דאַן די איינציקע שטאָט אין פּוילן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין דעפיציט אין בודזשעט. דער צוטרוי צום מאַגיסטראַט איז אַזוי פיל געוואָקסן אַז פון איבעראַל זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן צום מאַגיסטראַט אַנלייעס פאַר די נויטיקע אויס־בעסערונגען אין קאַנאַליזאַציע, סאַניטאַציע א. אַ. פּראָיעקטן. פון אַזאַ הלוואה האָט דער מאַגיסטראַט אויפגעבויט די האַנדלס־האַלעס אויפן אַלטן מאַרק, וואָס האָט אַריינגע־בראַכט אַ באַדייטנדע הכנסה אין דער שטאָט־קאַסע.

אין דער אידישער קהלה איז ער איינשטימיק אויס־געקליבן געוואָרן אַלס דער הויפּט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן עכט־גרויסער פּערזענלעכקייט פון דער מנהיגים־קאַטעגאָריע. ער איז געווען אַ גרויסער עניו און האָט יעדן אויפגענומען האַרציק סיי אין מאַגיסטראַט און סיי אין דער איד. קהילה. צענדליקער מענטשן פלעגן אָפּוואַרטן אין דער פרי ביי זיין אַרויסגיין פון חברה ש״ס מיט פאַרשיידענע בקשות אָדער איינווענדונגען קעגן די הויכע פּאָדאַטקעס, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. ה׳ עפשטיין האָט זיך צוגעהערט צו יעדנס רייד און גלייך דערליידיקט וואָס מעגלעך.

עס פלעגט טרעפן, אַז אָרעמע פרויען אין גרויסע פרעסט פלעגן קומען אין חברה ש״ס אין גרויסע צאָלן צו פאָדערן פון ה׳ עפשטיין הייצונגס־מאַטעריאַל, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן. איינמאָל פרייטאָג נאָך קבלת שבת האָבן דעמאָנסטרירט אין חברה ש״ס אַלע טרעגער מיט זייערע פרויען און נישט געלאָזן ה׳ עפשטיין גיין אַהיים ביז ער וועט הייסן די בעקערס זאָלן אַרויסגעבן ברויט און חלות פאַר זייערע קינדער, ווייל זיי האָבן אַ גאַנצע וואָך גאָרנישט פאַרדינט. ה׳ עפשטיין האָט קיין קרום וואָרט נישט געזאָגט צו די וואָס לאָזן אים נישט אין מנוחה אפילו פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָר האָט דערפילט זייער פאָדערונג. ער האָט דאָך געוואוסט אַז די נויט טרייבט זיי דאָס צו טאָן. אָט די אייגנשאַפט פון פאַרטראָגן, כדי צופרידנצושטעלן אַנדערע, האָט ער אָנגעווענדעט אויך אין קהלה־פראַגן צו פאַרמיידן מחלוקת.

פונדעסטוועגן, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך גע־שטאַרקט אין פּוילן און דער וואַל־סיסטעם צום שטאָט־ראַט איז אַזוי צוגעשניטן געוואָרן, אַז קיין איד זאָל נישט דער־וויילט ווערן, האָבן די פּאָליאַקן נישט אויסגענוצט די גע־ניטקייט און קענטעניש פון ה׳ עפשטיין צו פירן די פינאַנצן פון שטאָט. זיי האָבן ליבערשט געפאָדערט פון פינאַנץ מי־ניסטעריום צו דעקן די דעפיציטן, ווען זיי זיינען געשטאַ־נען פאַר באַנקראָט. אין דער אידישער געזעלשאַפט אָבער איז ה׳ עפשטיין פאַרבליבן באַליבט און געאַכטעט ביז זיין טויט.

זיין קייט פון צרות האָט זיך אָנגעהויבן מיטן טויט פון זיין זון אין רוסלאַנד אין אָנהויב פון דעם באָלשעוויסטישן רעזשים. נאָך דעם איז זיין איינציקע טאָכטער — אַ שיינהייט און באַגאַבט מיט אַ מוזיקאַלישן טאַלאַנט — אַראָפּ פון זינען און אַריינגעגעבן געוואָרן אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע. פון גרויס צער איז זיין פרוי געשטאָרבן. ער האָט שוין נישט געקענט איינשטילן זיין טרויער מיט געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט. דערצו נאָך איז זיין היפּאָטעקן־באַנק דער־גאַנגען צו אַ קאַטאַסטראָפאַלן צושטאַנד צוליב זיין גלויבן אין מענטשן און אַלע זיינע באַמיאונגען צו באַקומען פרישן קאַפּיטאַל האָבן זיך נישט איינגעגעבן. און צרות־הכלל, די שווערע לאַגע פון אידן אין פּוילן האָבן גאָר דערדריקט זיין געמיט.

און אין דער נאַכט פון 17טן פעברואַר 1936 האָט ר׳ צבי עפשטיין, דער שטאָלץ פון לאָמזשער פרנסים, זיך גענומען דאָס לעבן אין אַ האָטעל אין ביאַליסטאָק. אין אַ בריוו וואָס ער האָט געלאָזן, שרייבט ער, אַז ער גיט צוריק דאָס לעצטע, וואָס איז אים געבליבן — דאָס לעבן, וואָס ער קען שוין מער נישט טראָגן, און בעט קיינעם נישט צו באַשולדיקן אין זיין טויט. די פּרעסע אין ארץ ישראל איז געווען פול מיט דער טרויעריקער ידיעה אין חודש אדר תרצ״ו.

דער באַרימטער העברעאישער פּאָעט יצחק למדן האָט פאַרפאַסט אַ גרעסערן שיר אויף דער טראַגישער געשעעניש אין זיין ספר „במעלה עקרבים״, וואו ער דריקט אויס גע־פילן פון פּראָטעסטירנדיקער פאַרביטערטקייט און יאוש אויף די טראַגישע באַדינגונגען, אין וועלכע אידן אין פּוילן געפינען זיך; באַדינגונגען, וואָס האָבן אַמיינסטן צוגעבראַכט צו דעם טראַגישן זעלבסטמאָרד פון אַ אידישן פרנס הקהל פון שענסטן קאַליבער.

אברהם מזרח

## אברהם דאַמאָווין
### (ראש פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָמשזע)

אַ זון פון ציוניסטישן פּיאָנער און וועטעראַן, ר׳ יצחק דאַמאָוויץ, איז אברהם געווען אַ תלמיד פון הרב ר׳ יואל הלוי הערצאָג. האָבנדיק גרויסן טאַלאַנט און ווילן האָט ער אַליין זיך דערוואָרבן ברייטע אַלגעמיינע ידיעות און האָט באַזעסן אין וואָרט און שריפט רוסיש, פּויליש, דייטש און ענגליש. ער האָט געדינט אַלס בוכפירער אין דער באַנק פון ברידער שאַרקאַנסקי. דערצו נאָך האָט ער זיך ספּעציאַלי־

זירט אין וויסן און אויסטייטשן די רוסישע און שטאָטישע געזעצגעבונגען.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרמאַכט זיך שאַרקאַנסקיס באַנק און ה׳ דאָמאָוויץ ווערט אַ יורידישער קאָנסולאַר דורך שרייבן ביטעס (פּראָשעניעס). ער באַזיצט אָבער אַ געוואַלדיקע איבערגעגעבנקייט צום ציוניסטישן אידעאַל און צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ווידמעט ער דעריבער זיין צייט מער לטובת הכלל, ווי פאַר זיינע פּריוואַטע אינטערעסן. ער איז געווען די נשמה פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָמזשע און אין איר סביבה. אויף זיינע אַקסלען האָט ער געטראָגן אָט די באַוועגונג ביז זיין לעצטן אָטעם צוג, ערגעץ וואו אויפן וועג פון זיין אַנטלויפן. ער איז געווען פאָרזיצער פון „התחיה" זיין גאַנץ לעבן, פּרנס פון דער קהילה, אַ שטאָט־ראַטמאַן, אַ מיטגליד פון דער שול־פאַרוואַלטונג, רעדאַקטאָר פון „לאָמזשער שטימע", וואָס נאָר אַדאַנק זיין עקשנות איז זי דערשינען צוויי צענדליק יאָרן, אַ מיטגליד אין דער הנהלה פון די חברה׳ס גמ"ח, השגחת יתומים, מושב זקנים א. אַ. וו.

אַלע האָבן אים רעספּעקטירט פאַר זיין אמת׳דיקייט און גראָדן שכל, וועלכע האָבן אים אָפט באַוועגט איינצושטימען אָדער אונטערצושטיצן פאָרשלאַגן פון זיינע קעגנערס פון לינקס, פּ. גייסט און פּאָסאַרסקי, ווען זיין געוויסן האָט אים דיקטירט, אַז עס וועט אַרויסקומען פון דעם אַ טובה פאַר די כּאַסן. דאָס זעלבע האָבן זיי אָפט אונטערשטיצט זיינע פאָרשלאַגן, אָנערקענענדיק זיינע ערלעכע, ערנסטע כוונות. ער איז געווען ווירקלעך דער מנהיג פון גאַנצן אידישן ציבור אין לאָמזשע. אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער קיינמאָל נישט געזוכט זיין אייגענעם נוצן, נאָר לטובת הכלל.

די דאָזיקע מעשים זיינען געווען זיינע קינדער — קיין אַנדערע האָט ער נישט געהאַט. פון אָט די קינדער האָט ער און זיין איבערגעגעבענע פרוי געשעפּט נחת. זי איז געווען זיין געהילף און שטיצערין אין אַלע זיינע טעטיקייטן.

משה גאָלדמאַן

## שטריכן אין דער געשטאַלטונג פון דאַמאָוויץ

אַ הייליקער ציטער באַהערשט מיך ווען איך נעם זיך צו־ריינטראַכטן אין דער גייסטיקער געשטאַלטונג פון דער גרויסער פערזענלעכקייט, וואָס האָט מיט אומפאַרגלייכבאַרער איבערגעגעבנקייט געטראָגן זיין גאַנצן לעבן די פאָן פון ציוניזם אין אונזער שטאָט.

איך געדענק דעם איינדרוק פון זיינער אַ רעדע וועגן באַזעלער פּראָגראַם אויף אַ קאָנספּיראַטיוון צוזאַמענקום פון חברים. יעדעס וואָרט איז געווען „געוואויגן און געמאָסטן" און איז איינגעקריצט געוואָרן אין מיין מוח.

זיין הויז איז געווען דאָס פאַרזאַמלונג־הויז פון ציוניזם. יעדן דאָנערשטאָג פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען ביי געגרייטע טישן מיט כיבוד, כלומר׳שט ווי אַ סעודה וואָלט פאָרגעקומען. ער פלעגט עפענען די זיצונגען, אָפּגעבן אַ באַריכט פון די לעצטע געשעענישן אין דער אַלגעמיינער און לאָקאַלער ציוניסטישער באַוועגונג. דאַן האָט יעדער פון אונז אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זיינע אויפגאַבן וואָס ער האָט געהאַט צו טאָן. א. דאָמאָוויץ איז אָפט געווען דער פאַרמיטלער, ווען ס׳פלעגן אויסברעכן מיינונגס־פאַרשידנקייטן.

זיין פרוי, אַ פּאַסנדער גלייכער חבר צו אים, איז געשטאַנען אויף דער וואַך און פלעגט אַלע ווייַלע אַרויסגיין אויפן באַלקאָן אַכטונג געבן צי עמיצער פון דער אָכראַנע דער־נענטערט זיך נישט (דאָס באַציט זיך צו דער צייט פון דער צאַרישער הערשאַפט ווען ס׳איז געווען פאַרבאָטן יעדע ציוניסטישע טעטיקייט). די דראָענדיקע שטראָפן פאַר אַזעלכע פאַרזאַמלונגען (טורמע אָדער סיביר) האָבן נישט אָפּגעשראָקן דאָס פאָרפאָלק; אויך די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט אויף זיין נאָמען (ביז אַ וואָרענונג פון ה׳ סענדלער, איד. פאַרטרויאונגס־מאַן אין דער אָכראַנע, ער זאָל מער נישט אָנגיין מיט דעם). אָט די מסירת נפש, פאַרשטייט זיך, האָט געווירקט אויף אונז, יונגע חברים, אַז אויך מיר זאָלן טאָן ציוניסטישע פליכטן אויפן זעלבן אופן.

א. דאָמאָוויץ׳ס ענערגיע און אַקטיוויטעטן זיינען געווען אומאויסשעפּבאַר. אייניקע פאַקטן וועלן דאָס באַשטעטיקן. אין יאָר 1912, בערך, האָט ער באַווירקט דר. קאַרבאָווסקי און דר. פעלטין, כמעט קעגנער פון ציוניסטישן אידעאַל, אַרויסצוקריגן אַ דערלויבניש פון פּאָליציי מייסטער, פּאָלקאָווניק טאַרנאָווסקי, אויף אַ ליטעראַריש־מוזיקאַליש־דראַמאַטישן אָוונט. די הכנסה זאָל גיין פאַר „הילף צו אָרעמע אידן אין פּאַלעסטינע און סיריע". דער פּאָליציי־מייסטער האָט אַליין נאָכדעם אַוועקגעשיקט דורך פּאָסט דאָס געלד צום „אָדעסער קאָמיטעט" פאַרן ישוב אין א"י.

דורך זיין השפעה האָט דער „הזמיר", קלוב פון דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס איז דאַן געווען זייער ווייט פון ציוניזם, פאַרדונגען איינעם פון זיינע זאַלן צו דער „התחיה" גרופּע פאַר ליטעראַרישער אַרבעט און פאַר דער ביבליאָטעק. דאָס איז געווען נויטיק, ווייל דאָס ביבליאָטעקצימערל פון חבר אליעזר באָבראָווסקי אויפן אַלטן מאַרק איז געווען צו קליין.

עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט מלחמה. אַ שטראָם פון פּליטים קומט אָן אין לאָמזשע. עס ווערט אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר אַ שפּיטאָל פון מיליטער־לייט, און ה׳ דאָמאָוויץ׳ס הויז פאַרנעמט ווידער זיין אַמאָליקן פּלאַץ: עס ווערט אַ לייען־זאַל, וואו ער לייענט פאָר אונז ציוניסטישע אויסגאַבן ווי „דאָס אידישע פאָלק", „ראַזסוויעט", ער דערלאָזט נישט פאַרשלעפערן דעם ציוניסטישן גייסט אין אונז.

אָבער מיט זיין גאַנצן גלאַנץ און דינאַמישן כוח דערשיינט ער, ווען די דייטשן באַזעצן לאָמזשע. עס איז דאַן נישט געווען קיין געביט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און פון ציוניזם, וואָס א. דאָמאָוויץ זאָל אין דעם נישט נעמען דעם גרעסטן אָנטייל. אויף זיין איניציאַטיוו ווערט געגרינדעט אַ ברייטע קערפּערשאַפט ביי דער קהילה — אַ מין מיניאַטור פּאַרלאַמענט — וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע צו דיסקוטירן די טעטיקייטן פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, קאָנצענטרירן די אויפזיכט און קאָנטראָל אויף די אָנשטאַלטן און אויך צו געבן פאָרשלאַגן דעם וועד פון דער קהילה. די דאָזיקע קערפּערשאַפט האָט געבראַכט אַ סך נוצן אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאָמזשע. ער איז אויך געווען זייער אַקטיוו אין שטאָט־ראַט, וואו אַלע, אידן און פּאָליאַקן, אַפילו קעגנער האָבן זיך באַצויגן צו אים מיטן גרעסטן כבוד, אָנערקענענדיק זיין ערלעכקייט, שכל הישר און איבערגעגעבנקייט פאַר דער טובה פון די פאָלקס־מאַסן. דאָרטן פלעגט ער מיט די ראַטמענער, נאָענטע צו אים, דיסקוטירן אין פאָראויס וועגן יעדן פּונקט פון טאָג־אָרדענונג און באַשליסן ווי מען זאָל שטימען.

ווען מען האָט געדאַרפט נוצן מוט און אומדערשראָקנקייט צווישן פיינטלעכע פּאָליאַקן, האָט ער דאָס באַנוצט, ווי עס

ז׳יז געווען דער פאַל אין דער פיינטלעכער אַטמאָספער נאָך דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע. אויף אַ שטאָט־ראַט זיצונג איז געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאַג אויסצושליסן די אידישע ראַטמענער פון מאַגיסטראַט. ה׳ דאָמאָוויץ האָט מיט מוטיקייט אַפעלירט צום געוויסן און פאַרשטאַנד פון די פּאָליאַקן און אויפגעוויזן, וואָס זיי דאַרפן יאָ און דאַרפן נישט טאָן אין דער אומגליקלעכער צייט. זיינע רייד האָבן געמאַכט דעם געוואונטשענעם איינדרוק.

דאָס זיינען עטלעכע פראַגמענטן, וואָס איך האָב געהאַט מוסף צו זיין צו די זכרונות פון זיין רייכער לעבנס־מגילה. ז׳. דאָמאָוויץ איז געווען אַן אויסערגעווייגלעכער גערטנער וועמענס פלאַנצן זיינען איבערגעפלאַנצט געוואָרן אין אונזער פאָטערלאַנד אין צפון און אין נגב, אין שטאָט און אין דאָרף, אויף באַרג און טאָל, וואו זיי האָבן בייגעטראָגן צום בנין און באַשיצונג פון ישראל. ער אַליין אָבער, דער גוטער, ליבער גערטנער, איז פאַרשניטן געוואָרן דורך מענטשן־חיות (לויט פישל גאָרדזינסקי׳ס דערציילונג איז ער און זיין פרוי אומגעקומען פון אַ דייטשישער באָמבע אין גאַטש, אַנטלויפנדיק פון לאָמזשע).

זיין קבר ווייסן מיר נישט, פונקט ווי די קברים פון אַלע אַנדערע מנהיגים. אָבער זיינע, ווי זייערע מעשים, וועלן פאַרבלייבן מיט אונז אויף אייביק.

יום־טוב לעווינסקי

# דר. שמעון גאָלדלוסט
## (פּרנס הקהל און דערציער)

דר. שמעון גאָלדלוסט (הלוי) איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע אין יאָר 1870 בערך. ווען נאָך זייענדיק זייער יונג, זיינען זיינע עלטערן זיך צעגאַנגען און ער מיט זיין שוועסטער זיינען דערצויגן געוואָרן אין זיין זיידנס הויז, ר׳ נחמיה באָרקאָווסקי. אין זיין קינדהייט האָט ער געלערנט אַ סך תורה. איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ יואל הלוי הערצאָג, פאָטער פון הרב הראשי אין מדינת ישראל. אויך אַלגעמיינע לימודים האָט ער געלערנט. אַרויסווייזנדיק גרויסע פעאיקייטן, האָט זיין זיידע געדונגען פאַר אים פּריוואַטע לערער פון גימנאַזיע. אַזוי אַרום האָט ער נישט געדאַרפט מחלל־שבת־זיין. און אַזוי, אַלס עקסטערן, האָט ער אויסגעהאַלטן דעם מאַטורעקזאַמען און איז דערנאָך אָנגעקומען אין בערלינער אוניווערסיטעט צו שטודירן כעמיע.

שמעון טרעט דאָרטן אַריין אין קרייז פון חובבי־ציון סטודענטן. ער ווערט אַ חבר צו פּראָפעסאָר היינריך לעווע (פון די ערשטע חובבי־ציון, געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1951), דר. זלאָציסטי, ל. מאָצקין, דר. ביראַם (מנהל פון רעאַל שולע אין חיפה). אַ געוויסע צייט איז ער געשטאַנען אין פריינטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען אויך מיט פּראָפ. חיים ווייצמאַן.

נאָכן באַקומען זיין דאָקטאָראַט־דיפּלאָם, אַרבעט ער אין בערלין אַרום 10 יאָר אין זיין אייגענער לאַבאָראַטאָריע. דורך דער צייט פלעגט ער אָפט קומען קיין לאָמזשע. ער איז צוויי מאָל דערוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון לאָמזשער חובבי ציון צום ציוניסטישן קאָנגרעס, דערנאָך פלעגט ער קומען אָפּגעבן באַריכטן. אַזוי אַרום איז ער געווען פאַרבונדן אי מיט לאָמזשע אי מיט די ציוניסטישע מנהיגים פון בערלין.

אין 1908 באַזעצט ער זיך אין לאָמזשע. נישט זייענדיק קיין סימפּאַטיקער פון די רוסיפיקאַטאָרישע שטימונגען שליסט ער זיך אָן אין די ציוניסטישע קאָנספּיראַטיווע קרייזן



דר. שמעון גאָלדלוסט

און ווערט טעטיק אַלס רעדנער און לעקטאָר אין העברעאיש און אין אידיש אויף היסטאָרישע און ליטעראַרישע טעמעס. אין „הזמיר" העלפט ער איינאָרדענען אָוונטן, פאָרשטעלונגען פון זיינע איבערזעצונגען. אָבער צו קיין פרנסה איז דאָס אַלץ נישט געקומען, ווייל די נישט־איד. פאַבריקאַנטן האָבן אים קיין שטעלע נישט געוואָלט געבן און אידישע פאַבריקאַנטן האָבן נישט געדאַרפט קיין כעמיסטן. מען האָט אים באַדויערט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן די פרנסה כעמיע און נישט געוואָרן קיין דאָקטאָר, אָדער עפּעס אַנדערש.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע איז ער געווען דער איינציקער בירגער אין לאָמזשע און איר סביבה, וואָס האָט געקענט אָנגיין אויף אַן אָנשטענדיקן אופן מיט די דייטשן און איז געווען אַ גוטער שליח פאַר זיינע ברידער — אידן. די דייטשן האָבן אים רעספּעקטירט און געוואָלט מאַכן פאַרן שטאָט־פּרעזידענט, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד „מפני דרכי שלום", נישט צו אַנטאַגאָניזירן די פּאָליאַקן. אין דער פּראַקטיק אָבער האָט ער פיל געלייסטעט פאַר דער שטאָט.

דורך זיין איניציאַטיוו האָט די דייטשישע מאַכט געעפנט פּעדאַגאָגישע פאָרפאָלקאָמונגס־קורסן, אויף וועלכע עס האָבן געלערנט איד. לערער און מלמדים, פּריוואַטע אָדער פון אַלערליי אַנשטאַלטן. די קורסן האָבן אַזוי אַרום געטראָגן אויך אַ נאַציאָנאַלן איד. כאַראַקטער (מערער וועגן די קורסן — אין דער אָפּטיילונג „אכסניה של תורה") און זיי האָבן סטימולירט צו עפענען העברעאישע שולן אין לאָמזשע און אין איר סביבה.

די קרוין פון זיינע טעטיקייטן איז געווען די גימנאַזיע מיט פּויליש אַלס אונטערריכט־שפּראַך, וואָס ער האָט געגרינדעט אין יענער צייט און אָנגעפירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. די גימנאַזיע האָט דערצויגן פולע איד. קינדער, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן דאָקטוירים, אינזשינערן, אַדוואָקאַטן אאַז״וו. פון די תלמידים זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען פּאָליטישע טוער, ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן (מער וועגן דער גימנאַזיע אין דער פריער דערמאָנטער אָפּטיילונג).

אין די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט דר. גאָלדלוסט אָנגעהאַלטן אַ זייער וויכטיקן שטאַנד אין דער קהלה און מאַגיסטראַט וואו ער איז געווען אַ סך מאָל לאַווניק, אויך אין וועד אין דעם שטאָטישן ציוניסטישן קאָמיטעט. דר. גאָלדלוסט האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך אַרטיקלען אין „לאָמזשער שטימע" אין אַנדערע ליטעראַרישע אויסגאַבן, ווי אויך שירים. ער פלעגט ריידן און רעפערירן אין אידיש, העברעאיש און פּויליש. ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן פירט

ער דעם פאָרזיץ ביי צוזאַמענקונפטן. ער איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה.

זיין שוועסטער סאַלציע איז געווען באַרימט מיט איר אַקטיוויטעט אויפן געביט פון פאַרשפּרייטן גוטע דערציאונג און קולטור צווישן די אָרעמע קינדער. זי האָט געגרינדעט און אָנגעפירט אַ פרייע שול פאַר אָרעמע מיידלעך. זי איז געוואָרן שפּעטער די צווייטע פרוי פון דר. קאַצענעלענבויגן, וועמען זי האָט באַווירקט זיך צו דערנענטערן צום טראַדיציאָנעלן, פרומען שטייגער לעבן. סאַלציע האָט אים געבוירן אַ טאָכטער, שושנה, אַ דענטיסטין, און אַ זון, מיכאל, אַן אַדוואָקאַט, וועלכער איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט.

אין עלטער פון 65 יאָר האָט דר. גאָלדלוסט געהייראַט מיט זיין סעקרעטאַרין, העלענקע יאַסטשאָמב, וועלכע האָט זיך אין אים פאַרליבט פאַר זיינע גייסטיקע מעלות און פערזענלעכע אייגנשאַפטן, נישט רעכענענדיק זיך מיט זיין נישט צו־גוטן געזונט און פינאַנציעלן מצב. ער האָט זיך משתדל געווען צו קריגן אַ סערטיפיקאַט פאַר עליה, אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

אין דער טרויעריקער געטאָ איז דר. גאָלדלוסט אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן „יודנראַט“ אָבער ער איז געווען פולשטענדיק פּאַסיוו און געהאַלטן אין איין וויינען. ער איז געווען אינגאַנצן אַנטוישט און צעבראָכן, ער האָט פאַרלוירן זיין גלויבן און האָפענונגען אין דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע און קולטור. זיין יונגע פרוי איז געשטאָרבן אין דער געטאָ. ער האָט אויך געהאַט איר גורל, ער איז קראַנק געוואָרן אין דער פלעקן־טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין זאַמבראָווער לאַגער, וואו לאָמזשער אידן זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן. אויף דער לוויה, וואָס לאָמזשער אידן האָבן פאַר אים איינגעאָרדנט, האָבן זיי צוגעטשעפּעט צוויי שטיקער אַלטע לייוונט, אַ ווייסע און אַ בלויע, און געטראָגן אַלס די ציון־פאָן. זיי האָבן אים מיט איר אַרומגעוויקלט, זינגענדיק די „התקוה“, און אים מקבר געווען אויפן פוילישן צווינטער וואָס איז געווען נאָענט צום לאַגער. אויך סאַלציע איז געשטאָרבן אין זעלבן לאַגער.



דר. גאָלדלוסט און זיין פרוי העלענאַ אין זייער חתונה־טאָג

# אברהם מזרח

## (פון די פרנסים פון שטאָט)

אברהם מזרח איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1880 אין מינסק ביי אָרעמע, שווער אַרבעטענדיקע, אָבער אָרנטלעכע עלטערן. ביז 20 יאָר האָט ער געלערנט אין ישיבות ש״ס



אברהם מזרח

און פוסקים און געלערנט השכלה־ביכער. נאָכן באַפרייען זיך פון מיליטער, ענדערט ער זיין נאָמען אויף „מזרח“ און האַלט זיך אויף פון מגידות, ווייל ער האָט געהאַט אַ נייגונג און טאַלאַנט צום ריידן. און אַזוי וואַנדערט ער אַלס מגיד און קומט אָן קיין זאַמבראָוו, וואו ער האָט זייער אויסגענומען מיט זיינע דרשות. מען לייגט אים פאָר צו פאַרבלייבן אַלס מגיד פון שטאָט. דער פאָרשלאַג געפעלט אים, ווייל ער האָט דאָרטן געפונען משכילים מיט וועמען זיך צו חבר׳ן ווי: שרייבער אבא ראַקאָווסקי, וואָס האָט איבערגעזעצט פון ענגליש אין העברעאיש דאָס בוך פון לאָרד ביקענספעלד „דוד אַלרואי“, די פאַמיליע צוקראָוויץ, בלומראָזן, ציגאָוויץ, דעם מלמד, פישל דאַנילעוויץ און דער עיקר — ישראל לעווינסקי, מיט וועמען ער האָט זיך באַפריינדעט אויף זיין גאַנץ לעבן. דער באַוואוסטער מכניס אורחים ר׳ אברהם־שלמה דזשענצאַל האָט אים געגעבן קוואַטיר אין זיין הויז. אַ סך בעלי־בתים האָבן זיך געשדכנ׳ט צו אים מיט זייערע טעכטער. פורים ווערט ער אויסגעקליבן פאַר „פורים רב“. אין אָט דער ראָל צייכנט ער זיך אויס מיט זיין חריפות און הומאָר־טאַלאַנט און מען „טראָגט אים ממש אויף די הענט“ פון אַנטציקונג. ער דענקט שוין נישט מער וועגן זיין אַמאָליקער שטרעבונג צו פאָרן קיין דייטשלאַנד. ער איז זיך משדך מיט איינעם פון לאָמזשער נכבדים, מיטן פאַרבן סוחר צעכאַנאָוויץ.

אין לאָמזשע הויבט זיך אָן זיין אינטענסיוו לעבן. בעלי־בתים פון חברה ש״ס און „מגן־אברהם“ האָבן אין אים געפונען דעם בעל כשרון און געשיקטן חבר און מען האָט אָנגענומען זיינע מיינונגען און דעות. ער העלפט זיין שווער אין מסחר און גלייכצייטיק לערנט ער תורה און השכלה. ער באַפריינדעט זיך מיט ר׳ יצחק דאָמאָוויץ און נחמן פיאָנטניצקי און העלפט זיי אין דער ציוניסטישער אַרבעט.

אין יאָר 1908 ווערט ער אַ גוטער חבר מיט דר. ש.

גאָלדלוסט, וועלכער איז דאַן געקומען פון בערלין, און זיי גרינדן ביידע אַ לאַבאָראַטאָריע אין צערוואָני־בור אונטערן נאָמען „גוויאַזדאַ" (שטערן) פאַר כעמישע אויסאַרבעטונגען. צוזאַמען האָבן זיי געפּלאַנט אונטערנעמונגען צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן דאָס לעבן פון די איד. מאַסן. א. מזרח איז געווען איינער פון די גרינדער פון בית־ספר „תורה ודעת" (הדר מתוקן) און פון די פירער פון „הזמיר". ער האָט געהאָלפן, אין זיין צייט, דעם „התחיה" צו קריגן איינעם פון די זאַלן פון „הזמיר". אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע העלפט ער באַנייען די „התחיה".

אין יענער צייט איז א. מזרח געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע פרנסים פון שטאָט און מיט דער הילף פון א. דאָמאָוויץ און איניקע יונגע לייט פאַרמיידט ער אַ סך גזירות אויף אידן מצד דער רוסישער מיליטערישער מאַכט און שפּעטער מצד דער דייטשישער. אַלס איינער פון די הויפּטן פון בירגער קאָמיטעט האָט ער געזאָרגט צו שאַפן שפּייז פאַר דער באַפעלקערונג, אָרדענונג און ריינקייט אין שטאָט. די דייטשן האָבן אָנערקענט זיינע פאַרוואַלטונגס־פעאיקייטן און האָבן אים באַשטימט פאַר דעם הויפּט פון פּאָליציי (בירגער מיליץ) און בירגער קאָמיטעט (לויט דער עצה פון הרב גאָרדאָן האָט ער אָנגענומען דעם פּאָסטן בתנאי, אַז אַ כאַליאַק זאָל אויך באַשטימט ווערן פאַרן זעלבן אַמט „מפני דרכי שלום" (מער וועגן דעם — אין אָפּטיילונג „אכסניה של תורה").

פון דאַן אָן ווערט ער איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן אין דער איד. קהילה. ער האָט אַלע מעגלעכקייטן איינצושטעלן אָרדענונג און פּראָגרעס אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלס פּרעזידענט פון דער שול־פאַרוואַלטונג האָט ער אויך דאָרטן אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט און געמאַכט איר פאַר אַ פאָלק־טריבונע. ער איז געווען אַ פּערזענלעכער פריינט מיט די רבנים: דר. העלער, גאָרדאָן, באַקשיט, שאַצקעס.

אין יאָר 1928 האָט א. מזרח זיך געגרייט צו פאָרן קיין אַמעריקע צו זען זיך מיט זיין שוועסטער. ער האָט איינגעשטימט צו דינען פאַראיינוועגס אַלס שליח צו העלפן דער ישיבה און צו באַקומען אַ הלוואה פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר פאַר דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אויסצובעסערן שטאָטישע אָנשטאַלטן און אַנדערע אונטערנעמונגען. די „איטאַ" האָט געלויבט ה' מזרח, ווען אַפילו אַן אַנטיסעמיטישער מאַגיסטראַט טרויט אָן אַזאַ וויכטיקע מיסיע. פון דער צווייטער זייט האָט דאָס אַנטי־ציוניסטישע בלעטל „דאָס וואָרט", אונטער דער רעדאַקציע פון ה' באַגאַן, קריטיקירט די פאַרשטייענדיקע אונטערנעמונג אַריינצוברענגען אַמעריקאַניש געלט אין אַ גויאישער שטאָט. צום סוף האָט דאָס פּוילישע פינאַנץ־מיניסטעריום נישט דערלאָזט, אַז אַ ציוניסט זאָל זיין אַ פּוילישער הלוואה פאַרזאָרגער.

א. מזרח האָט דערצויגן זיינע קינדער אין ציוניסטישן גייסט. זיבן פון זיי זיינען עולה געווען קיין ישראל אַלס חלוצים. נאָר איין זון איז געבליבן אין אַרגענטינע. אין יאָר 1934 איז ער מיט זיין פרוי עולה געווען קיין ארץ ישראל און זיך באַזעצט אין חיפה. געזעגענונגס־אָוונטן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צו זיין אָפּשייד פון וועד פון דער גרויסער שול, וועלכער האָט אים באַשאָנקען מיטן טיטל „ערן פּרעזידענט" אויף זיין גאַנצן לעבן; דער וועד פון דער קהילה, פון „התחיה" און אַנדערע נאַציאָנאַלע אָנשטאַלטן, אַפילו זיינע אָפּאָנענטן פון „בונד", „פאַראייניקטע" און פון אַסימילאַטאָרן־לאַגער, האָבן אים געוואונטשן דאָס בעסטע.

מען האָט געפּלאַנצט אויף זיין נאָמען בוימער אין „הערצל וואַלד". מען האָט אים געגעבן אַן אַלבום מיט די אויטאָגראַפן פון וויכטיקע פּערזענלעכקייטן און אַנדערע מתנות. די גאַנצע שטאָט איז געקומען צום באַן צו באַגלייטן א. מזרח מיט זיין פרוי. מען האָט דאַן געזאָגט, אַז מיט מזרח'ס פאַרלאָזן די שטאָט טוט זיך אָפּ איר שיין, איר גלאַנץ, איר שיינקייט.

וואוינענדיק אין חיפה האָט ער געשיקט אַן אַנטוויקלונגס־פּלאַן צום וועד פון הדר הכרמל און געדענקט געהאָלפן צו ווערן דורך דעם. אָבער מען האָט אים אַפילו נישט מזכה געווען מיט אַן ענטפער. ער פלעגט אָפט קומען קיין תל־אביב צו דעם „לאָמזשער פאַראיין" אָנטיילצונעמען אין זיינע טעטיקייטן. זיין האַרץ האָט אים אָבער אויפגעהערט צו דינען. ער האָט דאָך געזונט צו ווערן, כדי צו לעבן אין א"י וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. ער האָט זיך געפרייט מיט יעדער נייער דערגרייכונג אין לאַנד, ווי גרינדונג פון אַ נייעם ישוב, יעדע עליה אויפן באָדן א"י. יעדעס נייע הויז אין תל־אביב האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ פרייד, ווי עס וואָלט געווען זיין הויז. איבערהויפּט איז ער געווען גליקלעך, ווען זיינע עלף איניקלעך האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום אים.


Bestallungs-Urkunde

Lomza, den 1. Januar 1916

Hierdurch ernenne ich
Herrn A. Misrach in Lomza
zum Stadtverordneten
der Stadt Lomza gemäß §§. 16. 17. 18. 19. 30. u. 39. der Städteordnung für das Gebiet des General-Gouvernements Warschau vom 19. Juni u. 8. September 1915.

Der Kreischef

דאָקומענט וואָס דער דייטשער קרייז־שעף האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1915, אין וועלכן א. מזרח ווערט באַשטימט אַלס דער הויפּט פון דער שטאָט־רעגירונג

## דאָס הויז פון פּיאָנטניצקי
### אַ הויז פאַר ציוניזם

יוסף (ר' יאָסעלע) פּיאָנטניצקי איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט פּיאָנטניצע. זיין פאָטער, ר' משה, איז געווען אַ איד אַ למדן און אַ סוחר. ר' יאָסעלע האָט פאַרבראַכט זיינע יאָרן אין לאָמזשע, געלערנט תלמוד אין ישיבות. האָט זיך דערוואָרבן אויך השכלה. איז געווען אַ גמרא מלמד מיט גרעסערע אינגלעך. ער איז אויך געווען אַ שיינער מליצה־שרייבער אין סטיל און אין גייסט. ער האָט מחבר געווען צוויי ספרים: „נחל ערבים" אין יאָר 1870 און „שארית יוסף" אין 1890, וועלכע ער האָט אָפּגעדרוקט מיט דער שטיצע פון די נכבדים פון לאָמזשע און איר סביבה, ווייל ער איז אַליין געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. ער איז געווען שאַרפזיניק אין זיינע געדאַנקען און פול מיט הומאָר. זיינע ספרים זיינען פאַרזען מיט הסכמות פון לאָמזשער גדולי־הרבנים ווי: ר' אלי'־חיים מייזל, ר' אליעזר־שמחה ראַבינאָוויץ, דאַן רב אין קאַלוואַריע, ר' נח־איצי דיסקין, מורה־צדק אין לאָמזשע, הרב מיכאל טענענבוים און אויך פון אַנדערע שטעט.

### ר' נחמן פּיאָנטניצקי

ר' נחמן, ר' יאָסעלע'ס זון, איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע אין 1860. ער האָט געקראָגן אַ רעליגיעזע דערציאונג. געלערנט ביי זיין פאָטער. אָבער ער איז געוואָרן „פריי" און אַנטוישט זיינע עלטערן, וואָס האָבן געהאָפט אים צו מאַכן פאַר אַ רב. נאָך אין זיין יוגנט איז ער געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון חיבת ציון. ער האָט געהייראַט ליבע בערנאַצקי. זי איז געווען אַ באַרימטע שניידערקע פאַר דעם רייכערן קלאַס פרויען. זי האָט באַשעפטיקט אייניקע העל־פערינס און איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן צום ציוניזם. זייער הויז איז געוואָרן אַ זאַמל־פּונקט פאַר חובבי־ציון, נישט אַכטנדיק די ריזיקע מצד דער צאַרישער אָכ־ראַנע. שבת און יום־טוב איז געווען ביי אים אין שטוב אַ „מנין" פון ציוניסטן, וועלכע פלעגן מנדר זיין פאַר ישוב א"י און גלייכצייטיק זיך באַראַטן אין ענינים פון חיבת ציון. ר' נחמן איז געווען דער פאָרשטייער פון „אָדעסער־פּאַלעסטינער קאָמיטעט" אין דעם לאָמזשער ראַיאָן; אויך פון „קאָלאָניאַל־באַנק" צו פאַרקויפן אַקציעס. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע קאָנפערענצן אין רוסלאַנד. צוויי מאָל איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס און האָט גענומען אָנטייל אין די וויכוחים.

אין יאָר 1904, אונטערן איינדרוק פון די פּאָגראָמען, באַשליסט ער עולה צו זיין קיין א"י. ער קומט אָן דאָרטן אָבער ער האָט נישט גענוג קאַפּיטאַל צו באַצאָלן פאַר אַ נחלה לויט די דאַמאָלדיקע הויכע פּרייזן פאַר לאַנד. ער פאָלגט די עצה פון ה' קאַלוואַרייסקי, באַראָן ראָטשילד'ס פאַרטרעטער אין זיינע א"י קאָלאָניעס, און קומט צוריק קיין לאָמזשע מיטן ציל צו באַקומען דעם נויטיקן סכום געלט. ער גיט דאַן אָפּ אַ באַריכט פון א"י אין שול און אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען. ער ווערט נאָכדעם קראַנק און פאָרט קיין בערלין זיך קורירן. נאָך אַן אָפּעראַציע שטאַרבט ער צו 52 יאָר. זיין טויט האָט געמאַכט אַ שווערן, טרויעריקן איינדרוק. זיין פּלאַץ אין דער חובבי־ציון באַוועגונג פאַרנעמט ר' יצחק דאָמאָוויץ, פאָטער פון א. דאָמאָוויץ.

ר' נחמן האָט דערצויגן זיינע קינדער, צוויי זין און איין טאָכטער, אין ציוניסטישן גייסט און זיי געגעבן אַלגעמיינע בילדונג (וועגן זיין עלטערן זון, דוד, איז דערציילט געוואָרן באַריכות אין אָפּטיילונג וועגן דאָקטוירים). דער אינגערער זון יעקב (אין ישראל איז זיין צונאָמען גבעולי) איז געווען פון די בינע־אַמאַטאָרן נאָך אין „הזמיר" און פון די גרינדער פון „התחיה" און פון אירע הויפּט עסקנים. ער האָט געאַרבעט אין א"י אַמט אין וואַרשע, אין „דזשאָינט" און איז עולה געווען קיין א"י אין 1924. זיינע זין נחמן און שאול האָבן אָנטייל גענומען אין דער באַפרייאונגס־מלחמה אין דער פאַרטיידיקונג פון נגב. זיין שוועסטער, איצט אין ישראל, איז אין פּוילן געווען פירערין פון די פאָלקס־שולן פאַר אידישע קינדער.

## ישראל יפה (שניצער)
### תורה וגדולה במקום אחד

ר' ישראל יפה ז"ל איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרכ"ה (1865) אין שטעטל ראָגאָווו, ווילקאָמירער קרייז, ליטע. זיין פאָ־טער איז געווען דער גאון ר' זלמן־משה, זון פון גאון ר' לוי. זיין מוטער איז געווען די צדיקת חוה, טאָכטער פון ר' יצחק וואָלאָזשינער (גערופן ר' איצעלע וואָלאָזשינער). דאָס אינגל ישראל איז אויפגעצויגן געוואָרן אין תורה און חכמה און



ר' זלמן משה יפה (פאָטער) — ר' ישראל יפה (זון)

זיין פעטער ר' אליעזר־שמחה ראַבינאָוויץ, לאָמזשער רב, שפּעטער אין קאַלוואַריע, האָט אים גענומען פאַר אַ חתן צו צו זיין טאָכטער העניע. נאָך זיין חתונה האָט ער געוואוינט אַ קורצע צייט אין קאַלוואַריע, שפּעטער אין ראָגאָוו. פאַר אַ צייט האָט ער אָנגעפירט מיט דעם גרויסן „הויף" פון גביר פון שטעטל שוויאַדישץ, לעבן פּאָניעוויזש. אָבער זייענדיק צו דעליקאַט אין זיין כאַראַקטער, זאָגט ער זיך אָפּ פון דער שטעלע, וואו מען דאַרף קענען באַפעלן און געוועלטיקן, און ער קומט קיין לאָמזשע, וואו זיין שווער, ר' אליעזר־שמחה, דער רב פון שטאָט, גיט אים איבער צו פאַרוואַל־טען מיט זיין גרויסער הויז אויף דוואָרנע נומער 6. דאָס איז געווען אין יאָר 1906 (תרס"ט).

צוליב עניוות האָט ער געאַרבעט לטובת הכלל נישט ווי אַ דערוויילטער פּרנס נאָר אינדיווידועל. זיין וואוילטע־טיקייט האָט אים דערפירט צו דער מדרגה גערופן צו ווערן „אַ פאָטער צו יתומים און אַ ברודער צו יעדן נויטבאַ־דערפטיקן". אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ סך פאַמיליע־מענער זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, האָט ר' י. יפה זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן שטיצן די משפּחות פון די מאָביליזירטע. קיינע שוועריקייטן האָבן נישט עקזיסטירט פאַר אים; בייטאָג, ביינאַכט, אין

קעלער אָדער אויפֿן בוידעם שטיבל איז ער אַליין געגאַנגען מיט זיין מאָנאַטלעכער שטיצע צו די באַדערפֿטיקע. ער האָט אַזש באַקומען אַ צונאָמען: „ישראל יפה פון די זאַפּאַסנע ווייבער״.

אַליין האָט ער געלעבט זייער באַשיידן, אפילו אין הלבשה. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער געטראָגן, ווי מערסטע אָרעמע — קלאָמפּעס. אויך אין זיין היים האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט גאַסטפריינטלעכקייט. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן צו עסן אָדער צו געניסן פון כיבוד. זיין פאַרמעגן איז געשטאַנען צו דינסט, ווי אַ גמילות־חסדים־קאַסע, אויסצולייען געלט אָן פּראָצענט אויף משכנות. ווען ס׳איז געקומען ווינטער און דער שולדיקער איז נישט געקומען אָפּנעמען זיין פוטער, וואָס ער האָט פאַרמשכנט אין זומער, פלעגט ר׳ י. יפה שיקן אים רופן, הייסן אים נעמען דעם פעלץ. „ס׳איז דאָך קאַלט, פלעגט ער באַרואיקן דעם בעל־חוב, וועסט באַצאָלן דיין חוב אויך אָן אַ משכון״. פאַרשטייט זיך, אַז איניקע אַזעלכע בעלי־חובות פלעגן טאַקע אויסנוצן זיין איידלקייט און נישט באַצאָלן. ר׳ י. יפה האָט אָבער נישט געצויגן פון דעם קיין נעגאַטיווע שלוסן און האָט נישט פאַרמאַכט זיין טיר פאַר די באַדערפטיקע אין הלוואות.

ער האָט געהאַט, ווי ער האָט עס גערופן, אַ „גלות־רשימה״, דאָס איז געווען אַ לאַנגער, לאַנגער צעטל מיט נעמען פון די, וואָס האָבן ביי אים געליען געלד און נישט צוריקגעגעבן. דאָרטן זיינען געווען די נעמען פון אָרעמע־לייט בעלי־מלאכות, בעלי־בתים, רבנים, ישיבה־בחורים און נישט ווייניק קריסטן, דאָקטוירים, אַפּטייקער א. אַ. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט און געגעבן פאַר יעדן צוועק, אַפילו פאַר בויען אַ קירכע, ווען קריסטן האָבן ביי אים געבעטן. אויך פאַרמעגלעכע זיינען געקומען צו אים נאָך אַן ערבות אין אַ באַנק אָדער אַזוי אַ גרויסע הלוואה.

ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער פוילישער האַנדלס־באַנק. הגם ער פלעגט אָפט ליידן פאַרלוסטן פון אַזעלכע „טובות״, איז ער דאָך געבליבן דער זעלבער. אין 1931 האָט ער פאַרלוירן אַזוי אַרום גרויסע סומען — אַרום אַכציק טויזנט זל. און ער איז פאַראָרעמט געוואָרן. אויך קליינוואַרג האָבן געגנאָסן פון זיין גוטסקייט ביים טיילן מתנות פאַר ימים־טובים. צענדליקער יונגע פאָרלעך האָבן געקראָגן פון אים „דרשה געשאַנק״ ביי זייערע חתונות. ער פלעגט דאַוונען אין חברה „לינת הצדק״ און ער פלעגט קומען דער ערשטער צום דאַווענען, ווייל ער האָט געהאַלטן דעם שליסל. דאָרטן האָט ער זיך גע׳עסק׳ט מיט וואוילטעטיקייטן און קיינמאָל נישט געוואָלט ווערן אויסגעקליבן צו דער קהילה, אָדער מאַגיסטראַט. ער איז געווען אַ קוזין צו מ. יפה, קאָמיסאַר פאַר אויסערלעכע ענינים אין סאָוויעט־רוסלאַנד, מיט וועמען ער האָט קאָרעספּאָנדירט ביז צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. זיינע בריוו האָט ער אָפּגעהיט.

דער שטאָטישער געריכט, אָנערקענענדיק זיינע גייסטיקע מעלות, זיין פּראַקטישן שכל האָט אים באַווירקט אָנצונעמען דעם אַמט פון אַ געשוואוירענעם ריכטער. ר׳ י. יפה איז געווען קינדערלאָז און נאָך זיין פרוי׳ס טויט איז ער געבליבן איינזאַם. ער האָט געליטן אויף צוקער־קראַנקייט. איינמאָל, גייענדיק אין גאַס, האָט ער זיך צעקלאַפּט זיין פוס אין אַ שטיין און האָט, וואַרשיינלעך, געקראָגן אַ בלוט־פאַרגיפטונג. די דאָקטוירים האָבן אים געהייסן פאָרן קיין וואַרשע צו מאַכן אַן אָפּעראַציע. ווען ער האָט נאָך צען טעג דערפילט אַז ער גייט שטאַרבן, האָט ער געבעטן מען זאָל אים שנעל צוריקברענגען קיין לאָמזשע, וואו ער איז נפטר געוואָרן. די גאַנצע שטאָט האָט אים באַגלייט צו זיין רו. פרומע אידן האָבן אים באַקלאָגט, ווייל ער איז געווען אַ ירא־שמים, למדנים האָבן געהאַט אין אים אַ גוטן חבר, אַ גרויסן למדן, וועלכער איז „געזעסן און געלערנט״. אויך די פרייע, פּראָגרעסיווע האָבן באַדויערט דעם פאַרלוסט פון אַ מענטשן, וואָס איז אין גאַנצן געווען געווידמעט צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע.

ישראל לעווינסקי

## אייגע די נייטאָרקע
### (בעלת צדקה ומעשים טובים)

אייגע, פרוי פון אלתר פאניץ, איז געווען אַ נידעריקע, דאַרע, אַ וועש נייטאָרקע פאַר פאַרמעגלעכע בעלנים ווי אָפיצירן, רעגירונגס־באַאַמטע א. אַ. זי האָט אויפגעהאָדעוועט פיר זין און אַ טאָכטער אין תורה און מעשים טובים. זי האָט באַשעפטיקט צוויי אַרבעטערינס און האָט געהאַט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט דער דערציאונג פון אירע קינדער. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכע אידישע בעל־בתישע משפחה. אַזוי איז עס געגאַנגען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין יאָר 1914, דעם ערשטן טאָג סוכות, האָט געגאָסן אַ גרויסער רעגן און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו ציען די רעשטלעך פון דער צעשלאָגענער רוסישער אַרמיי ביי „די מאַזורער אָזערעס״, אָפּגעריסן, נאַס, אָן שיך, הונגעריקע און אויסגעשעפּטע. אידישע אינגלעך זיינען געשטאַנען ביי „קול־קינס־הויף״ און געקוקט אויף די רוסישע דערשלאָגענע העלדן. אידישע סאָלדאַטן זיינען צוגעגאַנגען און געבעטן טיי. די פרויען דערוויסנדיק זיך דאָס, האָבן אויפגעמונטערט די אינגלעך זיי זאָלן עפּעס טאָן פאַר די נויט־ליידנדיקע סאָלדאַטן, און נישט בלויז קוקן. אייגעס זון, נתן, איז געלאָפן אַהיים און דערציילט זיין מוטער, וואָס עס קומט דאָ פאָר. אייגע האָט דאַן דערפילט עפּעס אַ וואַרעמקייט אין האַרץ און געזאָגט צום זון: „מ׳דאַרף טאָן!״ און האָט אים געגעבן קאָרבן (קאָשיקעס) מיט טעפּלעך און געהייסן גיין פון שטוב צו שטוב אויפצוקלייבן עסנוואַרג פאַר די סאָלדאַטן. נתן האָט מיטגערופן נאָך אינגלעך און זיי זיינען געגאַנגען פון שטוב־צו־שטוב אין קולקינ׳ס און ביאַליקאָווסקי׳ס הויפן. די פרויען האָבן אַוועקגעגעבן וואָס זיי האָבן אָנגעגרייט אויף יום־טוב. מען האָט אַריינגענומען די אידישע סאָלדאַטן צום בעדנאַר און צו וואָפּצי דעם קופערשמיד, געגעבן זיי עסן, טרינקען און ריינע וועש. אייגע האָט דאַן אַכטונג געגעבן אויף אַלעמען.

באַלד הויבט זיך אָן די דייטשישע אינוואַזיע פון פוילן, און גלייך ווערט לאָמזשע אַ זאַמל־פונקט פון אַנטלאָפענע — היימלאָזע פון די ישובים לעבן פראָנט. אייגע׳ן לאָזט עס נישט רוען. זי רופט אירע חברטעס צו העלפן די „צעבראָכענע״ מיט עסן, קליידער, דירות און איבערהויפּט פאַרזאָרגן דאָס נויטיקע פאַר די קינדער.

צוליבן מאַנגל אין אַלערליי לעבנס־פּראָדוקטן אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט זיך געשאַפן אַ „שוואַרצער מאַרק״, וואו עס איז אָנגעגאַנגען אַ האַנדל מיט די דאָזיקע אַרטיקלען. די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט עס באַקעמפט. אַ סך זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין טורמע פאַר דעם דאָזיקן מסחר. אייגע די נייטאָרקע האָט אויף זיי גרויס רחמנות און ברענגט זיי וואָס זיי דאַרפן, אפילו בריוו

פון זייערע משפחות. דאָס קען זי דערגרייכן אַ דאַנק דעם, וואָס זי קען זיך מיט דעם טורמע פאַרוואַלטער, פאַר וועמעס משפחה זי פלעגט נייען וועש. די דאָזיקע טעטיקייטן זעצט זי פאָר אויך שפּעטער אין דער פרייער פוילן. זי מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן אַדמיניסטראַטיווע, פּאָ־ליטישע אָדער אַנדערע אַרעסטאַנטן. זי העלפט אַלעמען.

פאַנדען פאַר דער וואוילטעטיקער אַרבעט האָט זי זיך געשאַפן פון נדבות דאָנערשטאָגס און פרייטאָגס פון די קונים פון פיש און פלייש „אין די יאַטקעס". אויך האָט זי געהאַט פאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס פלעגן איר צאָלן כּאַנאַטלעך. פרייטאָג פלעגט זי אָנקאָכן טעפּ און קעסלען געקעכטס פאַר די אַרעסטאַנטן און ברוך־זעליג „דער תּם" פלעגט עס מיט זיינע העלפער אַריבערברענגען אין טורמע. דאָרטן פלעגן פאַר איר „געעפנט ווערן טיר און טויער" מיט באַגריסונגען פון פערסאָנאַל אַזוי ווי פאַר די הויפּט אינספעקטאָרן. דורך איר שתדלנות האָט ר' הירש עפּשטיין, פאָרזיצער פון דער קהלה, באַשטימט ר' לייבל כהן פרידמאַן פאַר אַ שליח־ציבור צו דאַווענען פאַר די אַרעסטאַנטן שבתים און ימים־טובים. ער האָט געהאַט דערלויבניש פריי אַריינ־צוקומען אין טורמע. אייגע איז געווען זייער געאַכטעט סיי ביי די טורמע־אויטאָריטעטן סיי ביי די אַרעסטאַנטן, קריסט־לעכע אַזוי גוט ווי אידישע, ווייל יעדער האָט אָנער־קענט איר געטריישאַפט.

זי האָט אַמאָל געטראָפן אין קראָם פון ה' פישל גאָראָ־דזינסקי דעם טורמע־פאַרוואַלטער וועלכער האָט זיך באַגריסט צו איר מיט רעספּעקט און געפרעגט וואָס זי מאַכט. אייגע קלאַפּט אים לייכט איבערן פּלייצע מיט אַ קאָמפּלימענט, אַז אַזאַ גוטער בחור הויבט אָן קאַליע ווערן און באַקלאָגט זיך פאַר גאָראָדזינסקי'ן, אַז ער, דער פאַרוואַלטער, האָט לעצטנס פאַרווערט די אַרעסטאַנטן צו דאַווענען מיט אַ „מנין". ה' גאָראָדזינסקי מאַכט זיך ווי ער שטוינט צו הערן וועגן „אַזאַ וואוילן מענטשן אַזאַ שלעכטע האַנדלונג". דער טורמע פאַרוואַלטער האָט זיך גלייך פאַרענטפערט, אַז דאָס איז נאָר געטאָן געוואָרן צייטווייליק, צוליב דעם רעמאָנט אין טורמע, און אייגע האָט פאַרענדיקט מיט אַ גלעט איבערן פּלייצע: „איך האָב דאָך געזאָגט, אַז דו ביזט אַ וואוילער בחור".

די פוילישע פּאָליציי־מאַכט האָט אַ מאָל אַרעסטירט צענדליקער איד. בחורים אויפן פאַרדאַכט פון קאָמוניזם, און זיי פאַרשפּאַרט אין טורמע. די שמירה איז דאַן פאַר־שטאַרקט געוואָרן און איין טורמע־וועכטער האָט זיך דער־לויבט צו זוכן אין די כלים פון אייגע און לייבל־כהן און טאַקע געפונען אַ צאָל בריוו צו די אַרעסטירטע. פון דאַן אָן האָט מען איר שוין נישט דערלויבט אַריינצוקומען צו די אַרעסטאַנטן, אָבער אינווייניק אין טורמע האָט זי נאָך אַלץ געקענט פריי אַריינגיין.

ווען די אַרעסטאַנטן פלעגן ענדיקן זייער טערמין פון „זיצן", פלעגט אייגע זיי העלפן מיט ציווילע קליידער, עט־לעכע טעג עסן און ווען נויטיק, מיט הוצאות אויף זייער רייזע. אָט די מידה פון העלפן די אומגליקלעכע איז געוואָרן ביי אייגע'ן מיט דער צייט נאָך שטאַרקער און האָט אַריינ־גענומען אויך געדריקטע אויף דער פריי. יעדער פאַרביטער־טער אין זיין אָרעמקייט, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין שפּייז, קליידער, באַהייצונג, אָדער וואָס האָט נישט געקענט באַצאָלן אַ דאָקטאָר פאַר אונטערזוכן אַ קראַנקן מיטגליד אין דער משפּחה, אָדער ער דאַרף זיין אין שפּיטאָל פאַר אַ לענגערער צייט און מען וויל אים נישט אַריינגעמען — אין אַלע פאַלן פלעגט מען קומען צו אייגע'ן, וועלכע פלעגט מיט ר' י. געלצינסקי, פירער פון שפּיטאָל, אָדער ר' ה. עפּשטיין, פאָרזיצער פון דער קהלה, שוין אַלץ דערליידיקן לטובת דעם אָרעמאַן.

אָט די וואוילטעטיקייטן האָבן צוגענומען פיל צייט ביי אייגע'ן און זי האָט די אַרבעט פאַר אירע קונדן איבערגע־לאָזן צו אירע העלפערינס; זי האָט נאָר איבערגעקוקט צי אַלץ איז ווי מען דאַרף. באַלד אין דערפרי איז זי געווען אין חברה ש"ס, ביים ערשטן און טיילמאָל ביים צווייטן „מנין", כּדי גלייך אין דער פרי צו דערליידיקן איר גוטהאַרציקע שתדלנות'ן מיט די ראשי־הקהל (איר האָט מען דערלויבט צו דאַווענען צווישן די מאַנסבילן צוליב די מצוות, אין וועלכע זי האָט זיך דאָרטן געדאַרפט עוסק זיין). ווען זי איז געווען פאַרנומען מיט דרינגנדיקע ענינים און אַ סך פּרויען מיט נויטיקע בקשות פלעגן אָנקומען, פלעגט זי זיך פאַרבינדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל צו ווייזן, אַז זי האָט אַ קאָפּ־ווייטאָג און זי קען זיי דאָסמאָל נישט אויסהערן. פונ־דעסטוועגן פלעגט זי די גאָר נויטיקע אויפנעמען.

אייגע איז געווען אַ גבאי'טע אין חברה־קדישא און אַלע תכריכים פלעגן דורך איר גענייט ווערן. ביי אַ פּלוצ־לונגן טויט אָדער אין יום־טוב פלעגט אייגע צושטעלן תכריכים פון איר זאַפּאַס. מיט אַ שמייכל פלעגט זי זאָגן: „אויך די אייביקע קליידער נעמט מען פון איר".

אייגע איז געווען באַגאַבט מיט אַ שאַרפן אויג צו וויסן און דערקענען ווער עס נויטיקט זיך באמת אין שטיי־צע און ווער נישט. אַן אויסנאַרער פלעגט זי אויסשטראָפן און אַוועקשיקן ליידיק. אייגע איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

יום־טוב לעווינסקי

## ש. באָנטשעק

### פון די פירער פון „פּועלי ציון" און נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

ש. באָנטשעק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 אין לאָמזשע. זיין פאָטער „באָנטשעק דער מלמד" איז געווען פון די בעסטע מלמדים אין לאָמזשע (גענויער וועגן דעם —



ש. באָנטשעק

אין אָפּטיילונג „אַכסניה פון תורה"). זייענדיק נאָך יונג, דרייצן יאָר אַלט, האָט ער פאַרלאָזן זיין פאָטערס הויז און געאַרבעט אין וואַרשע. פון דאָרט איז ער אַוועק קיין אַמע־ריקע, אויסשטייענדיק אַלע צרות פון אַן אָרעמען עמיגראַנט.

ער איז נישט אויסגעמישט געוואָרן אין דעם ים פון די ניי־געקומענע, וואָס האָבן נאָר געזוכט צו „מאַכן אַ

לעבן" און „גיין אין ביזנעס". ער האָט זיך אַליין אַרויסגעהויבן פון די מאַסן צו אַרבעטן פאַר, און שפּעטער צו פירן די אידישע פּראָלעטאַריש־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט. לויט זיין פּיקחות און שנעלער תפיסה האָט ער זיך געקענט אַרויפאַרבעטן צו זיין רייך. ער האָט אָבער זיינע פעאיקייטן אויסגענוצט פאַר דער טובה פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג און דאָס אידישע פאָלק.

צו דעם איז ער אויך געבענטשט געווען פון דער נאַטור מיט פּשטות, אינטימער פאָלקסטימלעכקייט און איידעלן הומאָר, שטענדיק טרעפנדיק אין ציל. די מעלות האָבן אים באַליבט געמאַכט ביי אַלע, וואָס זיינען געקומען מיט אים אין באַרירונג. ער איז דער מנהיג, וואָס קען מיט געציילטע, וויציק־קלוגע ווערטער, מער באַווירקן ווי אַנדערע מיט זייערע שווער־געוויכטיקע פּראָגראַמאַטיש־טעאָרעטישע אָדער אַנאַליטיש־סטאַטיסטישע רעדעס.

די דאָזיקע מעלות, אין צוגאָב נאָך צו זיין וואונדערלעכן זכרון אַרויסצוברענגען פון דער פאַרגאַנגענהייט אינצידענטן און געשעענישן און באַלויכטן זיי מיט זיין לייכטן הומאָר, האָבן אים דערמעגלעכט צו לייזן אַ סך קריזיסן פאַר דער צייט וואָס ער געפינט זיך אין דער „פּועלי־ציון" באַוועגונג, אין דער צייט ווען חברים, גרויסע טעאָרעטיקער, זיינען אַנטוישט געוואָרן אין דעם פּראָלעטאַריש־ציוניסטישן אידעאַל ווי דר. זשיטלאָווסקי, חיים קאַנטאָראָוויץ א. אַנד. אָדער ווען אין דער אַרבעטער באַוועגונג אין ארץ ישראל און אין ציוניזם בכלל איז אַנטשטאַנען אַ קריזיס און האָט פאַראורזאַכט יאוש און פּעסימיזם אין די רייען פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער לאַגער, איז ער, ש. באַנטשעק, געשטאַנען ווי אַ פעלזן־פעסטער ים־ברעג, אָן וועלכן די שטורמישע כוואַליעס ווערן צעשמעטערט.

ש. באַנטשעק איז נישט פון די, אפילו צווישן זיינע חברים, וואָס זיינען „יוצא" מיט זייערע פליכטן פאַר דער באַוועגונג מיט געלט־זאַמלונגען פאַר ארץ־ישראל־צוועקן, וואָס זיינען טאַקע וויכטיקע אַקציעס.

באַנטשעק היט אָפּ און דערפילט אַלע מצוות — שולן פון אַרבעטער פאַרבאַנד, נאַציאָנאַל פאָנד זאַמלונגען, שקלים פאַרקויף, קאַמפּיין פאַרן א"י אַרבעטער, פאַר אַ שיכון אין א"י. אויסער די גרויסע פינאַנציעלע קאַמפּיינען, ווי דער „געווערקשאַפט קאַמפּיין" א. ד. ג. איבעראַל איז ש. באַנטשעק דאָ און פירט אָן. און ס'איז נישטאָ קיין אסיפה, צוזאַמענקום, וואו זיינער אַ וויץ, הומאָריסטישע באַמערקונג זאָל נישט צירקולירן — עס מאַכט נישט אויס אויב אַפילו מען האָט עס שוין אַמאָל געהערט.

ש. באַנטשעק איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ ווייב, גנענדל, וואָס איז אויך אַזוי אין אירע שיינע מידות און מעשים. זייער הויז איז אָפן פאַר דער באַוועגונג אין ניו־יאָרק, וואו יעדער אורח פון ארץ־ישראל ווערט אויפגענומען אויפן געהעריקן אופן, אָנפאַנגענדיק פון פּרעמיער בן גוריון, פאָרזיצער פון כנסת שפּרינצאַק און ענדיקנדיק מיט יעדן שליח, וואָס קומט אַהער מיט אַ וויכטיקער שליחות.

דער סעקרעטאַר פון ניו־יאָרקער אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, בנימין טעלער, כאַראַקטעריזירט באַנטשעק'ן אַזוי: „אונזער חבר באַנטשעק איז אַ מאָדערנע אויסגאַבע פון דעם אידן מיטן רויטן שנופּ־טוך, וואָס דערוועקט שטענדיק דערשטוינונג. פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַזוי פיל סבלנות און צייט צו פאַרנעמען די צרות פון צווייטן? זיין הילף איז נישט מיט טרייסט־ווערטער אַליין, נאָר ממשות'דיקע הילף, און נישט נאָר צו זיינע חברים און פריינט, נאָר אויך צו אַזעלכע, וואָס ער האָט זיי נישט געזען אָדער געהערט פון זיי. ס'איז גענוג צו טעלעפאָנירן צו אים וועגן אימיצן און חבר באַנטשעק איז שוין אַקטיוו וועגן אים".

„חבר באַנטשעק'ס אַדרעס־און־טעלעפאָן־ביכעלע איז אַ שם־דבר צווישן איד. אַרבעטער — אַן אַמט פאַר זיך אַליין. דאָרטן זיינען פאַראַן די אַדרעסן און טעלעפאָן־נומערן פון די, צו וועלכע ער ווענדט זיך נאָך הילף, אָדער באַטייליקן זיך אין אונטערנעמונגען פאַר יחידים אין זייערע נויטן, וו. צ. ב. אַ שטעלע פאַר אַרבעט, ספּעציעלע מעדיצינישע באַהאַנדלונג, אַרויסגעבן אַ בוך און אויך פאַר אַנשטאַלטן. ס'איז גענוג זיך נאָר צו ווענדן צו חבר באַנטשעק, און גלייך זעצט ער זיך אַוועק מיט זיין ביכעלע און „לייגט איין וועלטן" אויפן טעלעפאָן. דאָס ביכעלע איז דעריבער אויך דער צויבער־שליסל צו קאַמפּיינען, באַנקעטן, טעאַטער בענעפיטן. פיל אונטערנעמונגען זיינען אַ דערפאָלג אַלס רעזולטאַט פון זיין רופן און ריידן מיט פּערזאָנען וועמעס נעמען עס געפינט זיך אין זיין ביכעלע.

וואו ער אַרבעט מוז אים, לויטן קאָנטראַקט וואָס ער מאַכט גלייך אין אָנהייב, אויסער זיינע שכירות אויך געגעבן ווערן אַ טישל און אַ טעלעפאָן פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די פירמע, וואָס האַלט נישט דעם פּונקט פון אָפּמאַך, פאַרלאָזט ער זי גלייך.

50 יאָר שטייט חבר באַנטשעק ביי דער אַרבעט אין ניו־יאָרק. זיין אַרבעט איז געווען מיט הצלחה. פאַר דער צייט האָט ער זוכה געווען צו דער פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל.

ביים אַנטשטיין פון מדינת־ישראל, נאָכן עולה זיין פון שרייבער דוד פינסקי קיין ישראל, איז חבר ש. באַנטשעק אויסגעקליבן געוואָרן צו פאַרנעמען זיין אָרט אַלס פירער פון דעם „אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד" אין אַמעריקע. לאָמזשער זיינען שטאָלץ מיט חבר ש. באַנטשעק.

ישראל לעווינסקי

## ר' סענדער מיכל בזשאָזאַ

העכער ווי מיטל־וואוקס, אַ ברייט־פּלייציקער, פולער, קיילעכדיקער פּנים מיט אַ לאַנגער אין צוויי־פאַנאַנדערגעטיילטער — און שטענדיק ריין־פאַרקעמטער — בלאָנדער באָרד, מיט אַ געשפּאָלטענער קאַפּאָטע (סורדוט) ביז די קני, פול מיט באַוועגונג און ענערגיע, אַרויסרופנדיק רעספּעקט צו זיך פון יעדן פאַרבייגייענדיקן — דאָס איז אין קורצן די געשטאַלט שטריכן פון ר' סענדער־מיכל בזשאָזאַ.

ער האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער משפחה. אין דער יוגנט האָט מען אים גערופן דער „שלימזל", אָבער נאָך זיין חתונה מיט ר' זעליג ראָזענטאַל'ס (באַשוק'ס) טאָכטער האָבן זיך עפּעס אויפגעוועקט אין אים גרויסע פעאיקייטן און ענערגיע צו בויען און אונטערנעמען. דעם ערשטן שטויס צו דעם האָט אים געגעבן זיין שוויגער. זי האָט אים געעצה'ט ער זאָל ווערן אַ צושטעלער (פּאָדראַטשיק) צו פאַרזאָרגן דעם פּוילישן שפּיטאָל מיט זיינע הצטרכות'ן. ער הערט זיך צו, קומט אין שפּיטאָל „אַלס ליידנדער אויף וויטיקן אין זיין קערפּער". איינע פון די באַרמהערציקע־שוועסטער גיט אים עפּעס ביז דעם דאָקטאָר'ס אונטערזוכונג. סענדער נעמט אַרויס אַ דריי רובל־פּאַפּירל און גיט אַ נדבה פאַרן שפּיטאָל. אַ ווילע שפּעטער און דער דאָקטאָר באַטראַכט אים שוין אויסער דער ריי דורך דער רעקאָמענדאַציע פון דער

באַרמהערציקער שוועסטער. סענדער קלאָגט זיך, אַז דער ווייטאָג איז איבעראַל אין זיין גאַנצן גוף, און דער דאָקטאָר פאַרשרייבט אים רעצעפּטן. סענדער באַרואיקט זיך און גיט ווידער נאָך אַ גרעסערע נדבה פאַרן שפּיטאָל. אַזוי טוט ער נאָך אייניקע מאָל ווען ער האָט געלעגנהייטן צו שענקען נדבות פאַרן שפּיטאָל. דאָרטן ווייסט מען שוין, אַז סענדער בזשאָזאַ איז אַ פיינער מאַן, אַ נדבן פאַרן שפּיטאָל, און אַז עס קומט אָן די צייט, ווען מען קאָנקורירט צו קריגן די באַשטימונג פון אַ צושטעלער פון לעבנס־פּראָדוקטן צום שפּיטאָל, קריגט ער דעם „פּאָדריאַט".

סענדער שטעלט צו די לעבנס־פּראָדוקטן פאַרן שפּיטאָל פון ערשטן סאָרט און ער שטעלט זייער צופרידן די שפּיטאָל־אָנפירער. דער צוטרוי צו אים וואַקסט און מען גיט אים איבער דאָס צושטעלן אויך אַלע אַנדערע נויטיקע זאַכן אַזוי, אַז קיינער אויסער אים האַנדלט שוין נישט מיטן שפּיטאָל. זיין גוטע רעפּוטאַציע דערגרייכט צום גובערנאַטאָר, וועלכער גיט אים איבער גרויסע באַשטעלונגען און אונטערנעמונגען, וואָס דערגרייכן די סומען פון אַ סך טויזענטער רובל ווי: ברוקירן גאַסן, צושטעלן באַהייצונג־מאַטעריאַל צו אַלע אָפּטיילונגען פון דער גובערניע. ער נעמט צו שותפים, וועלכע לייגן אַריין אין דעם גרעסערע קאַפּיטאַלן, אָבער די קאָנטראַקטן ווערן געשריבן אויף זיין, סענדער'ס נאָמען. ער פירט אַ פיינעם לעבן און פאַרדינט גאַנץ גוט.

זיינע פעאיקייטן באַווייזן זיך נאָך מער, ווען מען גיט אים איבער צו בויען אַ שטאָטישע טורמע, ווייל די אַלטע ווערט אומזיכער צו האַלטן דאָרטן אַרעסטאַנטן. ר' סענדער ווייזט אַרויס, צו דער באַוואונדערונג פון דעם אַרכיטעקט און די בוי־אַרבעטער, זייער אַ גוטן פאַרשטאַנד אויפן געביט פון בויען. ווען די געביידע איז פאַרענדיקט, דריקט זיך דער גובערנאַטאָר אויס אַ דאַנק אין אַ ספּעציעלן בריוו, און די זאַך ווערט אָפּגעדרוקט אין דער גאַזעט פון דער גובערניע. ר' סענדער־מיכל נעמט שוין אָן נאָר גרויסע געשעפטן פון גובערניע פאַרוואַלטונג. ווען אַזעלכע זיינען נישטאָ, נעמט ער זיך צו פּריוואַטע אונטערנעמונגען. ער קויפט אָפּ אַ פּלאַץ באַוואָקסן מיט אַלערליי ווילדע גראָזן פאַר שפּאָט ביליק, בויט דאָרטן אויס אַ גרויס דריי־גאָרנדיק הויז מיט דירות פאַר גובערנאַלע באַאַמטע. ווען דאָס הויז ווערט פאַרטיק פאַרקויפט ער עס מיט אַ גוטן ריווח, וואָס דערמעגלעכט אים אָנצוגיין מיט בויען נייע הייזער אין אַנדערע גאַסן פון שטאָט. אַלע געביידעס ווערן פון אים פאַרקויפט מיט פאַרדינסט. אויסערן שטאָט קויפט ער אַ גרויסן זומפּיקן פּלאַץ, פאַרשטייט זיך פאַר זייער אַ ביליקן פּרייז, וועלכן ער לאָזט רייניקן און מאַכן צוגעפּאַסט צום בויען. דאָרטן שטעלט ער אויף צוועלף 3־און־4 גאָרנדיקע־הייזער — אַ גאַנצע גאַס — קאַזאַרמעס פאַר די אַרטילעריסטן, זייערע אָפיצירן און אַ לערער־סעמינאַר.

צו בויען אויף אַזאַ גרויסן פאַרנעם דאַרף מען האָבן זייער אַ גרויסן קאַפּיטאַל, וועלכן ר' סענדער־מיכל שאַפט זיך פון הלוואות אין בענק און אויך פון אַריינקריגן געלדער פון נישט פאַרמעגלעכע אָפּשפּאָרער, נדנ'ס פון אָרעמע כלות וועלכע ער נוצט אַלס אַנלייעס פאַר אַ קליינעם פּראָצענט. עס איז אָבער געקומען אַ קריזיס אין זיינע געשעפטן. ער איז געבליבן שטעקן מיט הייזער, נישט געפינענדיק קיין קונים אויף זיי, אויך אָן לאָקאַטאָרן פאַר די דירות. ר' סענדער־מיכל האָט נישט געקענט צאָלן זיינע הובות און האָט באַנקראָטירט. עס האָבן אַפילו נישט געהאָלפן די געוויינען פון די מאַמעס פון די אָרעמע כלה'ס, וואָס האָבן אים אָנגעטרויט זייער פאַרמעגן, די נדנ'ס פאַר זייערע טעכטער. אָבער נאָכן שטורעם ווערן די געמיטער רואיק, און ר' סענדער־מיכל „קומט־דורך" מיט זיינע בעלי־חובות צו צאָלן זיי אַ טייל פון זיינע שולדן. ער קריגט ווידער צוטרוי און מען לייגט ווידער איין ביי אים אָפּשפּאָרונגען. ער ווערט אויסגעקליבן פאַר אַ פּרנס פון שטאָט. ער ווייזט אַרויס אַ סך אַקטיוויטעט, איבערהויפּט אויפן געביט פון פּראָדוקטיוויזירן די יוגנט. מיט זיין שתדלנות און ענערגיע עפענט די יק"א געזעלשאַפט אין לאָמזשע אַ פאַך־שולע פאַר אָרעמע קינדער צו לערנען זיי מלאכה'ס אויפן מאָדערנעם שטייגער. אַדאַנק זיין שתדלנות האָט די יק"א אַריינגענומען אין אירע אַגראָנאָם־שולן אין אויסלאַנד אַ צאָל אידישע אינגלעך. דער זון פון דעם שרייבער פון דעם אַרטיקל, יצחק, איז געווען איינער פון זיי. יצחק האָט געלערנט אַגראָנאָמיע אין דייטשלאַנד לעבן האַנאָווער, אייניקע זיינען געשיקט געוואָרן צו לערנען אַגריקולטור אין אַ יק"א שול זיין מקוה־ישראל.

ר' סענדער־מיכל איז געווען פון די ערשטע עסקנים אין חברה „השגחת יתומים". פון אָנפאַנג האָט זי אויפגעהאַלטן אַ 20 קינדער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די צאָל יתומים שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. אין יענער צייט ווערט געגרינדעט אַ וועלט־פאַרבאַנד פאַרן אויפזיכט איבער יתומים, און ר' סענדער־מיכל ווערט גלייך באַשטימט פאַר דעם הויפּט פון אַלע יתומים־אַנשטאַלטן פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן, וואָס שליסט אויך איין לאָמזשער צווייג. ער איז זיך משתדל צו קריגן פון וועלט־פאַרבאַנד אַ גרעסערע סומע געלד פאַר לאָמזשער חברה צו קענען אויסהאַלטן די יתומים פון לאָמזשע און איר סביבה. ביי אַ גרויסער אסיפה פון לאָמזשער בעלי־בתים און גבירים פאָדערט ער פון זיי בייצוטראָגן פאָנדן פאַר אַ נייעם מאָדערנעם בנין פאַר די יתומים. זיין אַפּיל האָט דערפאָלג. עס ווערן גלייך געשאַפן באַדייטנדיקע סומען. אויך פון אַנדערע בעלי־בתים איבערן שטאָט ווערט געקליבן געלט פאַר דעם צוועק. ר' סענדער־מיכל באַקומט, מיט אַ סך שתדלנות, אַ שטאָטישן פּלאַץ פאַר דער חברה „השגחת יתומים" און עס ווערט אויפגעשטעלט אַ פיינער בנין מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פאַר הונדערט קינדער. דאָרטן זיינען געווען שלאָף־צימערן, זאַלן צו פאַרברענגען, צום צוגרייטן לעקציעס, אונטעררי‏כט־קלאַסן אאַז"וו. איין גאָרן איז געווען באַשטימט פאַר וואַרשטאַטן צו לערנען פאַרשיידענע מלאכה'ס. דאָס לעצטע איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. שפּעטער האָט מען אַהער אַריבערגעבראַכט יתומים, וועלכע זיינען פריער געווען אין אַן אַנדער לאָקאַל. דאָס איז געטאָן געוואָרן לויט אַ פאָדערונג פון „יתומים־וועלט־פאַרבאַנד".

באַלד נעמט זיך ר' סענדער־מיכל צום בויען אַ נייע תלמוד תורה, ווייל דער אַלטער בנין האַלט שוין ביים איינפאַלן. ער פאָדערט אויף די בעלי־בתים צו שענקען נדבות פאַר דעם צוועק. זיי ענטפערן גערן דעם רוף (מער וועגן דעם אין אָפּטיילונג „אכסניה פון תורה"). נאָכן אַרויסבאַקומען דעם פּלאַץ פאַר ביליק ווערט אויפגעבויט אַ גרויסער מאָדערנער בנין פון 3 גאָרן מיט הויכע, ברייטע, ליכטיקע צימערן און אַ גרויסער הויף צום שפּילן און ספּאָרט־איבונגען; אויסער די אידישע לימודים, ווערט דאָרט געלערנט אַלע געגנשטאַנדן ווי אין די פאָלקס־שולן. אַ פרויען־קאָמיטעט ווערט געגרינדעט צו באַזאָרגן די אָרעמע פאַרלאָזענע קינדער מיט זייערע הצטרכות'ן. אַרום פינף הונדערט קינדער לערנען אין תלמוד־תורה, כמעט אַלע פון

לאָמזשע. די פריוואַטע חדרים ווערן געשלאָסן אויסער דעם „חדר מתוקן" וואו עס לערנען הונדערט און פופציק קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן. ר׳ סענדער־מיכל איז אויך געווען גבאי אין גמ״ח, וואָס פלעגט אויסלייען קליינע סומעס אויף משכנות אָן פּראָצענט.

ר׳ סענדער־מיכל׳ס עלטסטער זון איז געווען צווישן די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געשטרעבט צו שטירצן די צאַרישע מאַכט מיט טעראָריסטישע אַקטן. ער איז פאַר זיין אָנטייל נעמען אין אַזאַ אַקט פאַר׳משפט געוואָרן צו דער תליה. ר׳ סענדער־מיכל, דורך זיינע פאַרבינדונגען מיט די הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, האָט אים אָפּגעראַטעוועט און באַפרייט. שפּעטער גרינדעט ער אַ ביכער פאַרלאַג אין וואַרשע מיטן נאָמען: „פאַרלאַג חיים בזשאָזאַ".

אויף זיין עלטער האָט ר׳ סענדער־מיכל פאַרקויפט זיינע הייזער אין לאָמזשע און אַריבער קיין וואַרשע, וואו ער האָט פאַרגעזעצט זיינע בוי־געשעפטן. ער איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

## יצחק טאַבאַליצקי

ר׳ יצחק טאַבאַליצקי איז געווען אַן איידעם פון ר׳ נפתלי כץ, אַ נדיב און למדן. י. טאַבאַליצקי איז געווען אַ שלאַנקער און הדרת פנים׳דיקער איד, שטענדיק שיין און ריין געקליידט. ער האָט אַרויסגערופן צו זיך באַוואונדערונג און רעספּעקט. געשטאַמט האָט ער פון אַ מיוחס׳דיקער משפחה אין שטעטעלע קאַרטוז־בערעזע, לעבן בריסק (שפּעטער איז עס געוואָרן באַוואוסט דורך דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואו די פּוילישע ענדעקישע רעגירונג האָט געפּייניקט אירע געגנער). ער האָט געקראָגן, ווי דער שטייגער דאַן, אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג אין חדרים און ישיבות. ער האָט געלערנט אייניקע יאָר אין וואָלאָזשין מיט ח. נ. ביאַליק׳ן צוזאַמען. ווען ער האָט געענדיקט עסן קעסט ביי זיין שווער, האָט ער ווי אַ סך אַנדערע, ענלעכע צו אים, זיך פאַרנומען מיט אויסלייען געלט אויף פּראָצענט פון קאַפּיטאַל פון זיין נדן און ירושה פון זיין רייכן שווער. אויך האָט ער אינוועסטירט גרויסע סומען אין מלוכה־אַקציעס.

אַ דאַנק זיין איידלקייט אין כאַראַקטער און באַנעמונג, האָט ער געהאַט אַ סך פאַרהערער. די אָרעמע־לייט האָבן אים פאַרערלעכט פאַר זיין זאָרגן וועגן זיי. אין 1916, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס „מזרחי" רעפּרעזענטאַנט צו דער קהלה און איז געוואָרן איר קאַסירער און דער הויפּט פון קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף. פון גאָר פריען מאָרגן זיינען געשטאַנען ביי דער קהלה אַ סך מענער און פרויען מיט פאַרשיידענע קלאַגעס און ביטעס.

די הילף־זוכנדע פלעגן קומען צו אים נישט נאָר אין קהלה שטוב, זיי פלעגן אים אָפּוואַרטן אין גאַס אָדער אין חברה ש״ס און ער האָט געמוזט אויסהערן זייערע קריוודעס און אפילו אויך דערפילן אויפן אָרט, מיט אַ צעטל, אָדער אַרויסנעמען געלט פון זיין קעשענע און געבן אויף ברויט, האָלץ אאז״וו.

אָט די סאָציאַלע הילף איז נישט געווען ר׳ י. טאַבאַליצקי׳ס גאַנצע קהלה׳שע טעטיקייט. ער איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן פון ברייטערן, איינשליסלעך אויך פּאָליטישן פאַרנעם. ער איז געווען וויצע־פּרעזיצער פון „מזרחי" און מיטגליד פון „קרן היסוד"־פאַרוואַלטונג.

טאַבאַליצקי איז אומגעקומען אין לאָמזשער געטאָ (מער וועגן דעם אין דער אָפּטיילונג חורבן לאָמזשע).

## צבי־הירש מאַרק

ר׳ צבי־הירש מאַרק, פאָטער פון די שרייבער אהרן און בערל מאַרק, איז געווען אַ בעל־מידות פון אויסערגעוויינלעכער פיינקייט. ער האָט געהערט געלאַסן, מיט שכל הישר און ווייכקייט און אַזוי אַרום האָט ער שטענדיק איבערצייגט זיין אָפּאָנענט. ער האָט באַזעסן די פעאיקייט דורכצודרינגען די סאַמע פאַרוויקלטע ענינים און געפינען אַ וועג זיי צו פאַראייפאַכן און אויסגלייכן. ער איז דעריבער געווען אָנגענומען אַלס אַ בורר (פאַרמיטלער) צווישן בעלי־דין אין פּראַקטישע סכסוכים. אַ ליבלעכער רעספּעקטפולער פּנים מיט אַ באָרד נישט צו־לאַנג, שטענדיק פיין צוגעקעמט און זויבער, מיט אַ פּאָר ליבע, גוטע בלויע אויגן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין שיינע, שטענדיק ריינע — אָן קיין־שפּרינקעלע — בגדים. אָנגעשפּאַרט אויף אַ גראָבן שטעקן פלעגט ער ביי די פאַרבייגייער אַרויסרופן גרויס כבוד צו זיך.

ער האָט געשטאַמט פון ראַדזילאָוו, פון די נכבדים פון שטעטל. זיין פאָטער ר׳ איסר־זעליג האָט אים דערצויגן אין חדרים און ישיבות. ר׳ צ. ה. מאַרק האָט זיך אויך איינטערעסירט אין השכלה און געלערנט העברעאיש, רוסיש און פּויליש. ער האָט אויך ליב געהאַט צו לייענען אידיש, איבערהויפּט „שלום עליכם", וועלכער איז שטענדיק געווען אויף זיין טיש, צוזאַמען מיט דער העברעאישער ליטעראַטור.

טראָץ דעם איז ער אָבער געווען שטרענג רעליגיעז. זיין פרוי איז געווען אַ טאָכטער פון ר׳ אברהם־משה בלומראָזן, אַ איד אַ גביר, אַ משכיל און אַ הייסער ציוניסט פון זאַמבראָוו. פאַר אַ געוויסער צייט האָט ער דאָרטן געוואוינט. שפּעטער איז ער אַריבער קיין לאָמזשע, וואו ער האָט געעפנט אַ שפּייכלער פון מעל, וואָס ער פלעגט באַציען וואַגאָנענווייז פון רוסלאַנד. דער דאָזיקער געשעפט האָט אים געגעבן שיין פּרנסה. אין בית מדרש „מגן דוד", וואו ער פלעגט דאַוונען, פלעגט ער האָבן זיינע באַשטימטע שעה׳ן אין דער פרי און פאַרנאַכט צו לערנען זיין שיעור גמרא און אַנדערע ספרים, ווייל זיין געשעפט האָט פון אים נישט געפאָדערט צו־פיל צייט. זיין הויז איז געווען אַ מוסטער פון ריינקייט, אָרדענונג און ליבלעכער אַטמאָספערע, וואָס זיין פרוי רחל־לאה האָט דאָרטן אָנגעהאַלטן (זי איז געווען אַ יוגנט־פריינדינע פון דעם שרייבער).

זיינע דריי זין האָט ער געגעבן אַ טראַדיציאָנעלע העברעאישע און אַלגעמיינע דערציאונג. ער איז געווען פון די קאָמפּעטער פאַר דער גרינדונג פון „חדר מתוקן" און איז געווען אַ חבר אין דער הנהלה. ער איז אויך געווען פאַרזיצער פון עלטערן־קאָמיטעט פון דר. גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע, אַ חבר פון וועד פון דער נייער תלמוד־תורה, איינער פון די גבאים פון „השגחת יתומים" וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער דערציאונג און בילדונג פּראָגראַמען. אומעטום האָט ער געוווירקט אַריינצוברענגען אויסבעסערונגען אַזוי אַז די אַנשטאַלטן זאָלן געבן אַ נאַציאָנאַל־אידישע און העברעאישע דערציאונג. העברעאיש איז דורך אים געוואָרן אַ פאַרפליכטנדיקער לימוד. די אַלגעמיינע לימודים זיינען איינגעשטעלט געוואָרן לויט דעם פּראָגראַם פון די אַלגעמיינע פאָלקס־שולן. די ת״ת איז געוואָרן אַ מאָדערנער לערן־אַנשטאַלט.

ר׳ צבי־הירש מאַרק איז געווען פון די ערשטע ציוניסטן אין דער סביבה. אַלס עכט־רעליגיעזער איד איז ער געווען דער פאָן־טרעגער פון „מזרחי". ער האָט נאָך געהאַט צייט פאַר טעגלעכער ציוניסטישער אַרבעט ווי פאַרקויפן שקלים, זאַמלען געלט פאַר ציוניסטישע פאָנדן, אויס־

לײדיקן נאַציאָנאַל־פאָנד פושקעס. אָנטײל נעמענדיק אין אַ דעלעגאַציע מיט י. טאַבאַליצקי און י. געלצינסקי בײם אויפ־נעמען ר׳ העשל פאַרבשטײן אין מאַלקין, איז ער דאָרטן אַרעס־טירט געוואָרן אַלס קאָמוניסט. ער איז באַפרײט געוואָרן אַ דאַנק דער באַמיאונג און גאַראַנטיע פון ה׳ פאַרבשטײן. אויך אין דער קהלה פאַרוואַלטונג און אין שטאָט־ראַט איז ער געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אַלס פאָרשטײער פון „מזרחי". אי־בעראַל איז ער געען אַקטיוו איבערגעגעבן צו קעמפן פאַר דער טובה פון דער געזעלשאַפט בכלל און די מאַסן בפרט.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווײטער וועלט־מלחמה, ווען די פוילישע רעגירונגען האָבן דורכגעפירט אַ פראָ־גראַם פון רואינירן דעם אידישן מסחר, איז ר׳ צ. ה. מאַרק פאַראָרעמט געוואָרן, אויך זײן געזונט־צושטאַנד איז פאַר־ערגערט געוואָרן און אין עלטער פון 66 יאָר, אײדער ס׳איז געקומען דער חורבן אויפן פוילישן אידנטום, איז ער געשטאָרבן, י״ט כסלו, תרצ״ח (1938). זײן עלטסטער זון, יצחק, איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָק. וועגן זײנע זין אהרן און בערל איז דערצײלט געוואָרן פריער.

## יהודה בלומאָוויץ

ר׳ יהודה בלומאָוויץ איז געווען אַ הויכער מיט אַ ברײטן שײנעם פנים און לאַנגער באָרד. אַ גביר, אַ למדן, פון די וויכטיקע מתפללים פון חברה ש״ס. פון אָנפאַנג אַ גמרא מלמד. ער נעמט זיך צו מסחר צוצושטעלן האָלץ צו פאַרשײדענע מלוכה־אַמטן און איז מצליח. די רוסן האָבן אים רעספּעקטירט. זײן הויז איז געווען דער עלטסטער פּאַלאַץ אין שטאָט, וואו נאַפּאָלעאָן דער ערשטער און צאַר אַלעקסאַנדער האָבן זיך אויפגעהאַלטן, ווען זײ זײנען פאַר־בײגעפאָרן לאָמזשע. אויף זײן הויז איז געווען צוגעקלאַפּט אַ שילד וועגן אָט די פּאַסירונגען. אין זײנע לעצטע יאָרן איז ער געווען טעטיק אין חברה „מחזיקי עניים". זײן לאָ־זונג איז געווען: עס זאָל נישט זײן קײן הונגעריקער אָדער נויטלײדנדיקער צווישן אונז. אַ סך בעלי־בתים האָבן אים געהאָלפן אין זײן חסד־אַרבעט.

ער האָט געהאַט פיר טעכטער, וועלכע ער האָט חתונה־געמאַכט מיט אָנשטענדיקע יונגע־לײט, און דרײ זין. זײן עלטסטער זון אברהמ׳ל, אויך אַ האָלץ־סוחר, איז געווען פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט. בײ אים פלעגן אָפּגע־האַלטן ווערן קאָנספּיראַטיווע אסיפות אין דער צײט פון צאַר. בײ אברהמ׳לען איז אײן זון פאַרלאָרן געגאַנגען, זײענדיק נאָך אַ קלײן אינגל, אין וואַלד פון צערוואָני בור. נאָך אַ זון, טעוול, אַ פּעאיקער יונגערמאַן, איז אומשולדיק געשאָסן געוואָרן אויפן סמך פון אַ בילבול, אַז ער האָט געשאָסן אויף פּוילישע סאָלדאַטן בעת דער באָלשעוויסטישער אינ־וואַזיע (זײן בילד געפינט זיך אויף זײט 24, געשיכטע פון לאָמזשע). דער דריטער זון זײנער געפינט זיך אין ישראל. נאָך אַ זון יודל׳ס, איסר, אַ בעל־תורה און גוטע מידות, האָט געהאַט אַ דרוקערײ־אונטערנעמונג אין אָסטראָלענקע, נאָכדעם אין לאָמזשע. ער איז געשטאָרבן יונג. זײן פרוי און זײן טאָכטער, שפּעטער א. מזרח׳ס שנור, געפינען זיך הײנט אין ישראל. זײן אינגסטער זון, יעקב, איז געווען אַ פרײדענקער און גענײגט צו אַסימילאַציע. יאַנקל׳ס אײנציקער זון האָט געענ־דיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין ווילנע. ער האָט געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנישע רײען קעגן די נאַציס. ער איז געווען פון די ערשטע צו אָרגאַניזירן אונטערשטיצונג און מעדיצינישער הילף צווישן די פּליטים אין די לאַגערן אין אײראָפּע, איצט געפינט ער זיך אין ישראל.

## הערש־בער געלצינסקי

אײנער פון די „נטורי קרתא", אַלטע תלמידי חכמים, איז געווען ר׳ הערש־בער געלצינסקי, דערצו — אַ הדרת־פּנים, משכיל און אויך אַ קנאי. ער איז געווען פון די גרינדער פון חברה ש״ס וואו ער האָט געדאַוונט און געזעסן און געלערנט. זײנע געשעפטן זײנען געווען באַנק־אָפּעראַציעס מיט זײן



הערש בער געלצינסקי

שותף פ. ראַטנער. אויך ער איז געווען אַ צושטעלער פאַר דער רוסישער אַרמײ. ער האָט געבויט די פעסטונגען בײם נאַרעוו, קאַזאַרמעס און שאָסײען אַרום דער שטאָט. ער האָט נישט געהערט צו די חובבי־ציון, אָבער ער האָט נישט געשטערט זײנע קינדער צו געהערן צו זײ. ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער דירעקציע פון דער רוסישער מלוכה־באַנק, און זײענדיק אַ קרוב־למלכות, ספּעציעל מיטן גו־בערנאַטאָר העסען, איז ער געווען אַ דערפּאָלגרײכער שתדלן צו העלפן דער אידישער באַפעלקערונג אין אַן עת צרה. זײן מײנונג אין קהלה׳שע ענינים איז געווען פון גרויס וויכ־טיקײט; מען האָט שטענדיק געזוכט זײן הסכמה בײם אויפ־נעמען אַ רב אָדער שוחט. אין חברה ש״ס איז ער געווען פון די הויפּט בעלי־בתים. ער פלעגט אויפּפּאַסן מען זאָל נישט רעדן בײם דאַווענען אָדער בײם לײענען די ספר־תורה. זײן אײדעם איז געווען דער אָסטראָלענקער רב.

זײנע זין פּינחס, יעקב און דוד, זײנען געגאַנגען אין זײנע וועגן אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. פּינחס האָט געהאַנדלט מיט פּוילישע פּריצים און געווען אַ מיטגליד אין דער רוסישער מלוכה־באַנק. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק קײן רוסלאַנד. זײן טאָכטער האָט זיך פון דאָרטן אַרויסגעקראָגן און עולה געווען קײן א״י. זי איז דאָרטן אַ טוערין אין „וויצאָ" אין חיפה.

יעקב געלצינסקי איז געווען פון די ראשי־קהל, פון די אָנגעזעענע מיטגלידער אין חברה־קדישא און פון די מנהיגים פון „מזרחי". אַממײנסטן האָט ער זיך איבערגע־געבן צום אידישן שפּיטאָל, פאַר וועלכן ער האָט געזאָרגט ביז זײן לעצטן טאָג.

זײן פרוי איז אויך געווען איבערגעגעבן צו צדקה און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זי איז געווען אַ חברה אין וועד פון „התחיה", „בנות ציון" און „וויצאָ". זײער אײנציקע טאָכטער, ליובקאַ, איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן אין תל־אביב אין יאָר 1938. יעקב געלצינסקי האָט זיך מוסר־נפש געווען על קידוש השם צוזאַמען מיט י. טאַבאַליצקי, (זע חורבן לאָמזשע). מיט זײ איז אויך אומגעקומען אײגע די נײטאָרקע.

דער דריטער זון, דוד געלצינסקי, איז געווען בענגעלסדאָרפ'ס אַן איידעם און זיין שותף אין אַ גרויסן מאָטאָרמיל. ער איז אויך געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. ער



דוד געלצינסקי

האָט עולה־געווען קיין א"י ער האָט דאָרטן געעפנט אין תל־אביב, אַ רעסטאָראַן, וועלכער איז געווען באַרימט מיט זיינע גוטע שפייזן און כשרות און האָט זיך גערופן אויף זיין פרוי'ס נאָמען „סאָניע'ס רעסטאָראַן".

ר' הערש־בער געלצינסקי האָט אין דעם עלטער פון 72 יאָר אויך עולה געווען קיין א"י און געוואוינט צוזאַמען מיט זיין זון וואו ער איז געזעסן על התורה ועל העבודה נאָך זיבן יאָר. ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב. זיין קבר איז דאָרטן אויפן אַלטן בית עולם.

## פייוול סטריקאָווסקי

ר' פייוול סטריקאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1876 א.ן איז געווען אַ בן־יחיד ביי זיין פאָטער „אַרקע דער מעלער", ר' אהרן סטריקאָווסקי. אָט דער אַרקע מעלער איז געווען פון די אָנגעזעענסטע אידן אין לאָמזשע, אַ גרויסער מעל־סוחר און אויך אַ גרויסער בעל צדקה. צענדליקער אורחים פון אַלע מינים פלעגן זיין ביי זיין טיש טעגלעך: סאָלדאַטן, דורכ־ייזנדיקע רבנים, תלמידי חכמים א.ן מער ווי אַלץ, תלמידים פון תלמוד תורה און ישיבה. צו דעם האָט ער נאָך ליב געהאַט צו שטיצן תלמידי־חכמים אין געהיים. דאָס האָט ער געירשנט פון זיין מוטער, אַ געלערנטע פרוי, אַ חובבת ציון.



פייוול סטריקאָווסקי

פייוול, אַרקע'ס זון, איז דערצויגן געוואָרן אין חדרים און ישיבות. צו 17 יאָר איז ער שוין געווען אין חיבת־ציון באַוועגונג, וואו ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער ביז זיין טויט. עס איז נישט געווען קיין איין ציוניסטישע אונטערנעמונג, וואו ער זאָל נישט זיין איינער פון די הויפט רעדנער. זיין פרוי לאה, אַ טאָכטער פון גראָדנער דיין, ר' אליעזר שאַפּירא, האָט אים געהאָלפן אין זיינע טעטיקייטן. ער איז געווען וויצע־פאָרזיצער פון לאָמזשער „מזרחי". ער האָט פיל געהאָלפן „קרן קימת"־אַקציעס. אַ סך יאָרן איז ער געווען פרנס פון דער קהלה, פרעזידענט אין היפּאָטעקן־באַנק, אַ חבר פון וועד פון השגחת יתומים און אַנדערע חברות. אַ דאַנק זיין אידעלער פרוי איז זייער הויז געווען אַ צוזאַמענקום־פּלאַץ פאַר געדריקטע, באַדערפטיקע און ציוניסטישע טעטיקייטן.

זיינע צוויי שוועסטער זיינען געגאַנגען אין די וועגן פון זייער ברודער: שרה דראָזנין איז געווען פון די פירערינס פון „וויצאָ" און הענציע מלינאַרזשעוויץ איז די פרוי פון ציוניסטישן עסקן יהושע מלינאַרזשעוויץ, איצט אין אַרגענטינע. זיין עלטסטער זון, יצחק, איז געווען פון די אַקטיווע חברים פון „התחיה" און אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר. ער איז אומגעקומען אין ווילנע דורך די נאַציס. זיין איידעם, דער לערער פרוינד, איז געווען פון די אַקטיווע טוער פאַר דער „ארבעטנדיקער ארץ ישראל". זיין אינגערער זון, בנימין, און זיינע צוויי טעכטער זיינען אין ישראל. ר' פייוול סטריקאָווסקי איז געשטאָרבן פּלוצלונג, ד' סיון תרצ"ו (1936). ביים סוף פון „שבעה" זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאָמזשע טרויער־פאַרזאַמלונגען נאָך אים. די קהלה־פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן אויפצוהענגען זיין בילד צוזאַמען מיטן בילד פון ר' צבי עפשטיין ז"ל.

## ר' מאיר צעכאַנאָוויץ

ר' מאיר צעכאַנאָוויץ איז געווען פון די אַקטיווסטע טוער אויפן חסד־געביט. נישט רייך — אַ בעל־הבית, מעל־סוחר און איינציקער צושטעלער פון אייוון פאַר לאָמזשע



מאיר צעכאַנאָוויץ

און איר סביבה. געווען אַן איבערגעגעבענער חבר אין גמ"ח, ת"ת, „ביקור חולים", „השגחת יתומים". אַ בר־אורין, האָט געלערנט אַ בלאַט־גמרא יעדן טאָג אין בית מדרש „מגן אברהם", געווען פון די ערשטע „חובב־ציון", אַ חבר פון „מזרחי", געווען אַ גוטער ביישטייער צו „קרן היסוד" און „קרן קימת".

אָט די אַלע טעטיקייטן איז נישט געווען די הויפּט אַרבעט פון ר' מאיר צעכאַנאָוויץ. זיין וואוילטעטיקייט געביט איז געווען דער „מושב זקנים", וועלכער האָט אים באַשעפטיקט אַ גאַנצן טאָג. גאָר פרי איז ער שוין געווען דאָרטן, אויסצוגעפינען ווי אַזוי זיינען געשלאָפן זיינע אַלטיטשקע,

וואָס זיי מאַכן. צי איז שוין צייט פאַר זיי איבערצובייסן? אאַז״וו. אָפט פלעגט ער דאַוונען מיט זיי צוזאַמען שחרית. אַליין פלעגט ער אַרומגיין איבער די יאַטקעס צו קריגן די חלקים פלייש, וואָס יעדער קצב פלעגט שענקען פאַר די זקנים לכבוד שבת. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן ביי די פישער, און קיינער האָט חלילה נישט אַנטזאָגט און געגעבן ווי ער האָט פאַרלאַנגט. אַ פרוי, קעכין פון מושב זקנים, פלעגט מיט אים מיטגיין מיט אַ גרויסן קאָרב און אַוועקטראָגן דאָס אַלץ אין אַנשטאַלט.

נישט אַזוי גרינג און שנעל איז אָנגעקומען ר׳ מאיר׳ן צו דערגרייכן פאַרן „מושב זקנים״ דעם צושטאַנד אין וועלכן ער האָט זיך געפונען לעצטנס. אָנגעהויבן האָט ער מיט צען זקנים אין אַ קליינער דירה, וואָס ער האָט געדונגען פאַר זיין אייגן געלד. נאָכדעם האָט ער געזוכט צו מאַכן פון דעם אַ חברה מיט מיטגלידער. דערווייל איז די צאָל זקנים, וועלכע מען האָט געמוזט אַריינגעמען אין אַנשטאַלט, געוואָקסן. ר׳ מאיר צעכאַנאָוויץ קען עס נישט צוזען, דאָס האַרץ גייט אים אויס פון רחמנות. ווען די קהלה שאַפט זיך איין אַ גרויסן בנין (הויז פון דונאָוויץ), באַזעצט ר׳ מאיר איין פליגל מיט זיין אַנשטאַלט, נאָכן דורכפירן דאָרטן אַלע נויטיקע פאַרבעסערונגען. די צאָל זקנים גרייכט שוין 60.

צו פאַרשפּאָרן די אַלטיטשקע די טירחה פון גיין, האָט ער איינגעאָרדנט דאָרטן אויך אַ שול, וואו די מיטגלידער פון אַנשטאַלט פלעגן דאַוונען אין די שבתים און ימים־טובים. אַ רבי׳ן האָט ר׳ מאיר געדונגען ער זאָל לערנען אין די אָוונטן און שבתים מיט די זקנים די סדרה פון דער וואָך, „חיי אדם״ און גרינגע מדרשים. ר׳ מאיר זאָרגט אויך פאַר די זקנות: נאָך אַ שווערן שטרייט מיט דער קהלה באַקומט ער פאַר זיי אַ לאָקאַל, וואָס עס האָט געזאָלט זיין אַ רעגירונגס־שול.

צו זאַמלען פאָנדן פאַר זיין אַנשטאַלט פלעגט ר׳ מאיר „לויפן״ איבערן שטאָט ווי אַ יונגערמאַנטשיק און באַקומענדיק די ביישטייערונגען פלעגט ער פאַרזיכערן די געבערס, אַז דערפאַר וועט מקוים ווערן זייער תפילה: „אַל תשליכנו לעת זקנה״. ערב יום כיפור איז ער אַליין געזעסן ביי דער קערה פאַר זיין מושב זקנים צו זען מען זאָל געבן וואָס מער און געוואונטשן יעדן אַ חתימה־טובה.

ר׳ מאיר צעכאַנאָוויץ איז אין זיין טיפן עלטער אומגעקומען פון די נאַציס.

## לייבל קרעלענשטיין

ר׳ לייבל קרעלענשטיין איז געווען אַ בר־אורין, פרום אָבער נישט פרעמד אין די גוישע חכמות, האָט באַהערשט רוסיש און פויליש. דאָס דאָזיקע וויסן האָט אים געדינט פאַר אַ קוואַל פון פרנסה: ער פלעגט שרייבן ביטעס (פּראָשעניעס) צו פאַרשיידענע אַמטן און געריכטן, אויך העלפן אַרויסבאַקומען האַנדל און מלאכה פּאַטענטן, פּאַספּאָרטן אאַז״וו. זיין פּאַטריאַרכאַלישער אויסזען מיט דער לאַנגער זילבערנער באָרד און זיין גוטער הומאָר מיט זיינע מעשיות דערציילן, האָבן אים באַליבט געמאַכט ביי אַלעמען. די באַאַמטע פלעגן זייער גערן דערליידיקן זיינע פאַרלאַנגען, ווייל ער פלעגט גוט צוגרייטן יעדן ענין מיט די נויטיקע דאָקומענטן און צו דעם זיי אויך אונטערדרוקן אַ „מתן בסתר״. אַלע מלוכה אַנשטאַלטן זיינען געווען אָפן פאַר אים. אויך ביים גובערנאַטאָר האָט ער געהאַט חן און ער פלעגט מבטל זיין יעדע גזירה, וועגן וועלכער קרעלענשטיין פלעגט זיך משתדל זיין ביי אים.

ר׳ ל. קרעלענשטיין האָט אַ סך געהאַלטן פון צדקה בסתר און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, ווען אין די בתי־מדרשים פלעגן דאַוונען מערערע און גרעסערע „מנינים״, פלעגט ער אַרומגיין פון איין בית מדרש אין צווייטן און קלייבן געלד פאַר נויטבאַדערפטיקע וואָס נאָר ער אַליין האָט געוואוסט פון זיי. ער פלעגט אויך לערנען בקביעות אין גרויסן בית מדרש אין דער פרי אָדער בין מנחה למעריב. ר׳ ל. קרעלענשטיין האָט נישט געהאַט קיין קינדער. זיינע גוטע טאַטן האָבן זיך ביי אַלעמען איינגעקריצט אין האַרצן.

## יעקב־שלמה גאַרבאַרסקי

ר׳ יעקב־שלמה גאַרבאַרסקי איז געווען אַ פשוטער בעל־מלאכה, אַ שטעפּער, האָט אָבער באַזעסן זעלטענע, פיינע מידות. האָט גערעדט געלאַסן ווי דער גרעסטער תלמיד חכם, דערצו נאָך מיט אַ וואַרעמען געזיכטס־אויסדרוק. געהאַט אַ „גאָלדן״ האַרץ, פול מיט דערבאַרעמדיקייט, וואָס ער האָט אויסגעגאָסן אויף די קינדער פון „השגחת יתומים״. קיינער פון די אַלע גבאים פון דאָזיקן וויכטיקן אַנשאַלט האָבן זיך נישט געקענט פאַרגלייכן צו אים אין דער מאָס פון איבערגעגעבנקייט צו די יתומים. ער איז געווען צו זיי אַ באַרמהערציקער פאָטער און חבר.

זיין פרוי האָט אים געשטאַרקט און געהאָלפן אין זיינע טעטיקייטן. זיין גאַנצע פרייע צייט האָט ער אַוועקגעגעבן צו די יתומים: געשמועסט מיט זיי, געגעבן זיי מתנות ווען ער פלעגט זיך צוריקקערן פון זיינע געשעפט־רייזעס פון וואַרשע. אַ דאַנק זיין באַמיאונג האָט מען אָנגעשטעלט ספּעציעלע לערער פון העברעאיש און אַלגעמיינע לימודים פאַר די קינדער־יתומים, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו בעלי־מלאכות, אָדער אַלס צוגאָב צו די לימודים פון תלמוד תורה, וואו די מערהייט יתומים האָבן געלערנט. איינִיקע פעאיקע יתומים האָט ער אַריינגעגעבן אין „חדר מתוקן״ און געצאָלט פאַר זיי. ביים איבערגעבן אַ יתום צו אַ בעל־מלאכה איז ער געווען ווי אַ פאָטער: ער האָט באַשטימט גוטע באַדינגונגען פאַר׳ן יתום, ער פלעגט אים זען אין דער צייט פון דער אַרבעט און אין רו צייט, ער פלעגט זיך קריגן מיטן מייסטער פאַר אַן עוולה, וואָס איז געטאָן געוואָרן צום יתום אאַז״וו. ער האָט כסדר געשטרעבט צו מאַכן דעם יתום זעלבסטשטענדיק.

זיין באַשעפטיקונג, שטעפּעריי, איז געווען פון גרעסערן פאַרנעם. ער פלעגט אַרויסגעבן אַרבעט אויך צו אַנדערע שטעפּער און שוסטער, אַזוי אַז ער האָט אויסגעפאַרטיקט גאַנצע שיך. זיין באַציאונג צו אַרבעטער איז געווען אַ איידעלע, אַ גוטע; קיין מאָל איז נישט פאָרגעקומען צווישן אים און זיינע אַרבעטער קיין סכסוך און אַוודאי נישט קיין שטרייק ווי ביי אַנדערע מייסטערס. זיינע אויסאַרבעטונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גוטער קוואַליטעט. זיין פרוי האָט אים נישט געבוירן קיין קינדער און זיי האָבן געהאָדעוועט צוויי יתומות, איר ברודער׳ס קינדער, און געגעבן זיי אַ מוסטערהאַפטיקע דערציאונג.

יעקב שלמה גאַרבאַרסקי איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוני. ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט אונטערשטיצט די ציוניסטישע פאָנדן, ווי „קרן היסוד״ און „קרן קימת״. אויך דעם „החלוץ״ האָט ער געהאָלפן. די דערוואַקסענע יתומים פלעגט ער העלפן אַריינצוקומען אין „הכשרה פונקטן״. ער איז אומגעקומען דורך די נאַציס. הי״ד.

## יעקב וויבראַנציק

ר׳ יעקב וויבראַנציק איז געווען אַן עכטער אידישער גלות־טיפּ. אַ נערוועזער, וואָס טוט אַלץ שנעל: גייט שנעל, לייכט, אַז ער רירט קוים אָן די ערד, דענקט שנעל און רעדט שנעל אַז ס׳איז אָפט שווער געווען צו „כאַפּן" וואָס ער זאָגט. צוזאַמען מיט זיין ברודער האָט ער גע‏ירשנט פון זיין פאָטער אַ רויכוואַרג געשעפט אויף דער לאַנגער גאַס. זיין ברודער אברהם־יוסף איז געווען דער היפוך פון אים, יעקב׳ן: אַ געלאַסענער, געגאַנגען געלאַסן, געטאָן געלאַסן, גערעדט פּאַמעלעך מיט ישוב־הדעת.

אויסער דעם האַנדל מיט פוטער איז י. וויבראַנציק געווען אַריינגעטאָן „איבערן קאָפּ" אין בויען וואו נאָר אַ ליידיקער פּלאַץ אָדער אַ זייער אַלטע שטוב געבויגט צום איינפאַלן, איז זיין אויפגאַבע געווען צו בויען דאָרט אַ ניי גרויס הויז. דעם פּלאַץ האָט ער שטענדיק אַרויסגעקראָגן פון אייגענטימער פאַר אַ ביליקן פּרייז. וויבראַנציק האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין מזומן־געלט אַפילו פאַר די סאַמע נויטיקע לעבנס־פּראָדוקטן, ווי ברויט, מילך, פלייש, אאַז״וו. אַלץ איז געגאַנגען אויף באָרג, אויף וועקסלען. אַזוי ווי ער האָט נאָר באַקומען דעם פּלאַץ, איז די רעשט געגאַנגען שוין לויט וויבראַנציק׳ס מעטאָדע: וועקסלען פאַר אַן הלוואה אין באַנק, פאַר דעם בוי מאַטעריאַל, פאַר די בוי־אַרבעטער, פאַר אַלץ וועקסלען. איידער דאָס גרויסע 3־אָדער 4־שטאָקיקע הויז איז נאָך פאַרטיק געוואָרן האָט שוין וויבראַנציק מייסטנס געפונען אַ קונה וועלכער האָט געצאָלט מיט מזומן־געלט און אַלץ איז געוואָרן אָפּגעצאָלט . . .

אין פאַל, חלילה, אַז אַזאַ קונה פאַר דעם נייעם הויז האָט זיך נישט געפונען האָט דאָך וויבראַנציק נישט געקענט צאָלן זיינע אַלע וועקסלען, האָט ער טאַקע באַנקראָטירט. אָבער באין ברירה פלעגן זיינע בעלי־חובות „דורכקומען" מיט אים און פלעגן נעמען אַ דריטל־פערטל פון דער סומע וואָס איז זיי געקומען. וויבראַנציק האָט שוין ווידער קרעדיט און גייט ווידער אויפשטעלן אַ נייעם גרויסן בנין אויפן זעלבן שטייגער. אָט דער דרך פון פירן געשעפטן איז אָנגעגאַנגען אויך אין זיין פוטערוואַרג קראָם.

אַלץ האָט ער גענומען אויף באָרג אויף וועקסלען. אַז ער האָט נישט געלייזט גענוג, האָט ער באַנקראָטירט, זיך דורכגעמיטלט און ווייטער גענומען סחורה אויף קרעדיט פון וואַרשע, אָדער אַנדערע קוועלן. דאָך איז ביסלעכווייז די סחורה אין זיין גרויסער קראָם געוואָרן אַלץ ווינציקער און ער האָט זי אַריבערגעפירט אין דעם בודעם־שטוב פון זיין וואוינונג.

י. וויבראַנציק איז געווען אַ יודע־ספר. ער האָט ליב געהאַט אַריינצוואַרפן אין זיינע געשפּרעכן אַ פּסוק פון תנ״ך, אַ מאמר חז״ל, אָדער גאָר אַ דערציילונג וועגן רבנים אָדער חסידים. ער איז געווען קלאָר אין דער פּאָליטיק פון די מלוכות. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע און פלעגטביישטייערן צו נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע פאָנדן. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע לאָמזשער דורך די נאַציס. הי״ד.

## מנחם־מענדל (אלתר) קאַצאַנעק

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1863, ווייזט אויס אין קאָצק. זיין פאָטער וועלכער איז געווען אַ משמש ביים רבי׳ן, איז געווען אַן אייניקל פון מנחם־מענדל מאָרגענשטערן, וואָס האָט געגרינדעט די דינאַסטיע פון קאָצקער רביים.

אלתר האָט נישט ליב געהאַט חסידות און איינמאָל, ווען זיין פאָטער האָט אים מיטגענומען קיין קאָצק צום רבי׳ן אויף ימים נוראים, איז ער גלייך אויף־צו־מאָרגנס נאָך ראש השנה אַנטלאָפן קיין מיר און זיך געזעצט לערנען. ר׳ חיים מילינאַרזשעוויץ (דער קופּיסקער) האָט אים גענומען פאַר אַן איידעם. ער איז געזעסן און געלערנט אין גרויסן בית מדרש און האָט אויך געזאָגט דאָרטן אַ שיעור אין גמרא. אין האַנדל איז ער געווען זייער געוויסנהאַפט און אַלע האָבן אים זייער געאַכטעט.

אין דער צייט פון דער טרויעריקער געטאָ איז ער גענומען געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך אַלטע לייט אויף דעם גרינעם מאַרק צו ווערן אומגעבראַכט. ער איז געפאַלן אין חלשות. די נאַציס האָבן דערלויבט צו נעמען אים אַהיים. אין דריי טעג שפּעטער איז ער געשטאָרבן, י׳ חשון, תש״ג. זיין אינגערער זון, אריה, און זיינע צוויי טעכטער שפרה גילאַרי און שרה וואַרנער זיינען אין ישראל. דאָרטן זיינען דאָ אויך צוויי קינדער פון זיין זון משה, איינער אַ פּאָליציאַנט אין חיפה, און זיינע אַ שוועסטער.

## טוביה בערמאַן

ר׳ טוביה בערמאַן איז געווען פון די גרויסע הורט־סוחרים פון מאַנופאַקטור אין לאָמזשע. דאָס האָט ער גע‏ירשנט פון זיין פאָטער, ר׳ זונדל בערמאַן, דאָס גרויסע הורט־מאַנופאַקטור געשעפט. פון גאַנץ לאָמזשער סביבה פלעגט מען קומען אַהער קויפן סחורות פאַר מזומנים אָדער קרעדיט. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר צדקה. זיין פרוי, אסתר, איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין. זי איז געווען פון די גרינדער פון „מושב זקנים" און נאָכדעם אַ סך געטאָן פאַרן אַנשטאַלט. דאָס גלייכן האָט זי געזאָרגט פאַרן חינוך פון יתומות מיט ברייטע ביישטייערונגען און פערזענלעכער מיטאַרבעט. 10 יאָר איז זי געווען פאָרזיצערין פון ציוניסטישן פרויען פאַרבאַנד „וויצאָ" פון טאָג פון זיין גרינדונג ביז איר טויט, אין עלטער פון 57 יאָר, אין 1938.

זיין זון חנוך (העניעק) האָט זיך אויסגעצייכנט ווען נאָך יונג אַלס דאָקטאָר,, באַזונדערס העלפנדיק אָרעמע. זיין פאָטער ר׳ טוביה איז אין דער חורבן־צייט, 1942, גענומען געוואָרן דורך די געשטאַפּאָ צום אומקום. דער דאָקטאָר האָט נישט געוואָלט לאָזן זיין אַלטן טאַטן גיין אַליין און איז מיטגעגאַנגען.ביידע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין געלצינער וואַלד. הי״ד.

## אברהם דוואָרקעס

ר׳ א. דוואָרקעס איז געווען אַ גרויסער הדרת־פּנים און זייער אַ באַשיידענער מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פיינע מידות. ער איז געווען אַ הייסער ציוניסט, פון די נכבדים פון די „מגן אברהם"־מתפּללים. ער האָט געהאַט אַ פיינעם גאַלאַנטעריע געשעפט אויף דוואָרנע גאַס פאַר אַריסטאָקראַטישע קונים. מייסטנס זיינען דאָס געווען קריסטן, ווייל זיי האָבן געהאַט גרויס צוטרוי צו אים. די קראָם איז געפירט געוואָרן הויפּטזעכלעך פון זיין פרוי און טאָכטער.

ר׳ צבי קאַווקעוויץ האָט איבערגעגעבן פאָלגענדן עפּיזאָד, וועלכער כאַראַקטעריזירט גענוי ר׳ א. דוואָרקעס: אַ גענעראַל׳ס אַ פרוי אין לאָמזשע איז געשטאָרבן און איר לוויה האָט געדאַרפט זיין שבת. זיינען געקומען אייניקע כרויען פון אָפיצירן צו ר׳ א. דוואָרקעס צו קויפן די נייטיקע קרעפּע־צייג און אַנדערע נויטיקע אַרטיקלען פאַר

דער לוויה. זאָגט צו זיי ר׳ א. דוואָרקעס: „היינט איז שבת איך קען גאָרנישט טאָן. נאָר איר דאַרפט דאָך זייער נויטיק אייערע זאַכן, טאָ נאַט אייך דעם שליסל פון מיין קראָם און גייט נעמט וואָס איר דאַרפט”. די פרויען האָבן אַזוי געטאָן. זיי האָבן גענומען פאַר עטלעכע הונדערט רובל סחורה און אַוועקגעגאַנגען. נאָך שבת זיינען זיי געקומען באַצאָלן, אָבער ר׳ א. דוואָרקעס האָט נישט געוואָלט נעמען פון זיי קיין געלט ווייל שבת מאַכט ער נישט קיין מסחר. די אַריסטאָקראַטישע פרויען האָבן אים פאָרגעלייגט ער זאָל דאָס געלט צעטיילן צווישן אָרימע לייט. אויך פון דעם האָט ער זיך אָפּגע־זאָגט, און ער האָט זיי געהייסן דאָס טאָן. זיינען זיי געגאַנגען און איבערגעגעבן דאָס געלט צו דער איד. קהלה פאַרוואַלטונג.

נאָך דעם ווי ר׳ א. דוואָרקעס האָט חתונה געמאַכט זיין איינציקע טאָכטער מיט ה׳ סערעבראָוויץ פון וויסאָקי מאַ־זאָוויעצקי האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון געשעפט־זאַכן און זיך אינגאַנצן געווידמעט צו לערנען און טאָן צדקה.

## אריה ביאַליסטאָצקי

ר׳ אריה־לייב ביאַלאָסטאָצקי איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ בעל־מידות, פון די מתמידים אין לאָמזשער ישיבה. זיין פרוי פייגע־ברײנע, מראָזאָוויצעס טאָכטער, איז געווען אַן אשת־חיל און געפירט אַ קראָם פון גלאָזוואַרג. אַזוי אַרום האָט זי באַפרייט איר מאַן פון עול הפרנסה און ער האָט געקענט זיצן על התורה. ער איז געווען דער אויפזעער אויף די לימודים אין תלמוד תורה, און פלעגט זיי פאַרהערן יעדן שבת. ער איז געווען פון די גרינדער פון חברה „תפארת בחורים”. ער איז געשטאָרבן יונג. זיינע צוויי טעכטער, חיה און רחל, זיינען אין קאַנאַדע. זיין טאָכטער מאַשקע, פרוי פון גרשון בורשטין, איז געשטאָרבן אין ישראל, תמוז תשי״ב, אויף איר 50טן יאָר.

## משה מאיר ראַטנער

ער איז געווען אַ שיינער, מיט אַ קלוגן אויסזען. שטענ־דיק שיין געקליידט, צוגעפּאַסט צו זיין נידעריקן וואוקס. ער איז געווען אַ שותף צו ר׳ ה. ב. געלצינסקי איז באַנק־געשעפטן. געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. זיין זון חיים איז געווען שותף מיט נ. דזובקעוויץ אין פראַכט־געשעפטן.

## חנוך (הענעך) שערעשעווסקי

געבוירן אין סלאָנים. איז געווען אַ קרוב צום טאַבאַק־פאַבריקאַנט שערעשעווסקי פון גראָדנע. ער האָט געלערנט אין סלאָנימער און אין אַנדערע ישיבות. איז געווען אַ גרויסער למדן און בעל מידות. ער האָט געהייראַט אַ טאָכטער פון ר׳ שמואל וויליאַמאָווסקי פון זאַמבראָוו און זיך באַזעצט אין לאָמזשע. צוזאַמען מיט ה׳ אורינסקי האָט ער אָנגעפירט אַ גרויסן טאַבאַק געשעפט, אַן אָפּטייל פון גראָדנער שערע־שעווסקי׳ס פאַבריק.

ר׳ ח. שערעשעווסקי פלעגט זיצן מיינסטנס און לערנען, איז אויך נישט געווען פרעמד אין דער השכלה ליטעראַטור. איז געווען פון די וותיקין מתפללים (דאַווענער ביים ערשטן מנין) אין חברה ש״ס. איז אויך געווען פון די ערשטע צען גרינדער פון „מזרחי”. ער פלעגט שאַפן אַ סך אָנהענגער פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג אויף זיינע מסחר־רייזעס. ער האָט אַ סך געטאָן אין וועד פון תלמוד־תורה און פיל געזאָרגט פאַר די אָרעמע קינדער סיי גייסטיק סיי מאַטעריעל.

## שאול עליאַשבערג

ער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה פון רבנים און גדולים, און איז געווען אַליין אַ למדן, משכיל, פיקח און שאַרפער מוח. ער איז געווען כלודניעוויצעס אַן איידעם און געפירט געלט־געשעפטן מיט פריצים. ער איז נישט געווען קיין גע־זעלשאַפטלעכער עסקן, דאָך האָבן אים אַלע ליב געהאַט פאַר זיין דערציילן מעשה׳לעך און זאָגן וויצן.

## ר׳ משה דוד סאָקאָלאָוויץ

ער איז געווען רב אין אַ שטעטל. נישט האָבנדיק קיין הצלחה אין רבנות, איז ער צוריקגעקומען קיין לאָמזשע און געלעבט אין אָרימקייט פון לערנען מיט חברות שבתים און אָוונטן, און פלעגט פאַרקויפן אתרוגים ערב סוכות. האַלטנדיק שטאַרק פון תורה מיט השכלה, האָט ער געגעבן זיינע קינדער אַ מער מאָדערנע נאַציאָנאַלע דערציאונג. ער האָט געלעבט באַשיידן און אָפּגעזונדערט. געווען אַ הייסער ציוני און פלעגט אָפּשפּאָרן פון עסן און אַוועקגעבן פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן. זיין נאַציאָנאַל־פאָנד־פושקע איז געווען אַ מוסטער פאַר אַלע — שטענדיק פול.

## שמואל מעסט

ער האָט געשטאַמט פון אָסטראָלענקע. חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין נאָוואָגראָד. איז געווען אַ תלמיד־חכם און אַ גוטהאַרציקער מענטש. געלעבט באַשיידן, געלערנט אין לאָמזשער ישיבה. אין נאָוויגראָד האָט ער געגרינדעט אַ חברה „תפארת־בחורים” צו לערנען אָרעמע קינדער מלאכה בייטאָג און תורה מיט מידות טובות אין אָוונט. אַלס אָנהענגער פון „השכלה”, גרינדעט ער דאָרטן אַ ביב־ליאָטעק. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַזעצט אין לאָמזשע. זיינע טעגלעכע טעטיקייטן זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי חלקים: תורה, מסחר מיט תבואה און מעשים טובים. ער איז געווען פון די מגן אברהם־מתפללים. זיינע קינדער האָט ער געגעבן אַ מאָדערנעם חינוך. זיינע צוויי טעכטער, חביבה און שרה, זיינען אין מדינת ישראל.

## ר׳ משה אהרן העפּנער

ר׳ מ. א. העפּנער איז געווען פון די חשובסטע בעלי־בתים אין לאָמזשע. ער האָט געפירט אַ גרויסן הורט־געשעפט פון קאָלאָניאַל און געוויסע מאַנופאַקטור סחורות פאַר דער גאַנצער סביבה. ער איז געווען באַרימט מיט זיינע מידות פאַר צדק, יושר און מענטשן ליבע, און אַלס בעל־צדקה פון גאָר, גאָר גרויסן פאַרנעם. ביי זיין טיש האָבן שטענדיק געגעסן צענדליקער ישיבה בחורים און אַ סך אורחים. ער איז געווען פון די אָנגעזעענסטע מתפללים פון חברה ש״ס, וואו ער פלעגט יעדן פאַרטאָג זיצן און לערנען ש״ס, אויסער וואָס ער פלעגט לערנען אין זיין הויז. אין דער שלעכטער עקאָנאָמישער צייט האָט ער איבערגעגעבן צו זיין פרוי, ליבע, אַ גמ״ח־פאָנד פון 3000 רובל, זי זאָל אַנטלייען אידן קלענערע סומען אויף משכנות אָדער וועקסלען, און צענדליקער געדריקטע קרעמער אָדער בעלי־מלאכות האָבן גענאָסן פון דעם גמ״ח.

אַזוי ווי אַ דונער פון אַ קלאָרן בלויען הימל איז גע־קומען די בשורה אַז ר׳ מ. א. העפּנער איז פּלוצים גע־שטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג. אויף דער גאַנצער שטאָט איז אַראָפּ אַ טרויער, אַלע קראָמען האָבן זיך געשלאָסן. אַלע



משה אהרן העפנער'ס מצבה אויפן נייעם בית־עולם

קינדער פון די חדרים און תלמוד־תורה האָבן אָנטייל גע־נומען אין זיין לוויה. אויך פון דער סביבה אַרום לאָמזשע איז מען געקומען אָנטיילנעמען אין זיין לוויה. אויפן בית־עלמין האָבן אים דאַן מספּיד געווען: דער לאָמזשער רב, הרב י. ל. גאָרדאָן, דער מורה־הוראה צינאָוויץ און ר' פּישל צעכאַנאָוויץ. די יורשים האָבן דאַן אָפּיציעל געמאָלדן, אַז זיי דערפילן דעם פּאַרלאַנג פון דעם נפטר און גיבן איבער די 1800 רבל, וואָס ער האָט געהאַט מנדר־געווען, אַלס בייטראַג צו אַ פאָנד פאַר אַ נייעם תלמוד־תורה בנין.

## ברידער הערשל און פייוול קאָווקעוויץ

ביידע זיינען געבוירן געוואָרן אין פּיאָנטניצע. זייער פאָטער האָט זיי געגעבן אַ גוטע טראַדיציאָנעלע דערציאונג אין ישיבות. ביידע האָבן זיך באַזעצט אין לאָמזשע. הערשל דער עלטסטער האָט געהאַט אַ לעדער־קראָם אויפן אַלטן מאַרק. ער איז געווען איבערגעגעבן צו פאַרזאָרגן די ישיבה און די ישיבה־בחורים מיט וואָס זיי נויטיקן זיך. אַ סך בחורים האָבן געגעסן ביי זיין טיש. ער איז געווען אַ פּיקח אַ איד און אַן אַריינגייער אין רבנישע הייזער, וואו ער פלעגט אָפט אָננעמען די אויפגאַבע צו זיין אַ בורר (פּאַרמיטלער) אין פאַרוויקלטע משפּטים. ער איז געווען גבאי אין גרויסן בית מדרש, וואו ער האָט געלערנט אין באַשטימטע שעה'ן פון טאָג.

אַן איינציקער זון, אַן עילוי אין לאָמזשער ישיבה, איז אים געשטאָרבן יונג. זיינע צוויי טעכטער זיינען ביי אים דערצויגן געוואָרן אין טראַדיציאָנעלן דרך. אויך השכלה האָט ער זיי געלאָזן לערנען. זיין עלטערער איידעם, תלמיד פון לאָמזשער ישיבה, איז הרב ציצאָוויץ אין תל־אביב. מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק איז ה' קאָווקעוויץ עולה געווען קיין א"י מיט זיין פרוי, דאָרט אויסצולעבן זייערע יאָרן צו־זאַמען. זיין פרוי'ס טויט ברענגט אויף אים אַ מצב פון טרויער און דערדריקונג, אפילו אין זיין טאָכטער'ס הויז. ער איז געווען אַקטיוו אין לאָמזשער עולים־פאַרבאַנד און האָט צוגעשטעלט אַ סך ידיעות און זכרונות פון לאָמזשע פאַר דעם דאָזיקן פּינקס. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1950. לאָמזשער עולים האָבן אים מספּיד געווען און אָפּגעגעבן אים דעם לעצטן כבוד.

פייוול קאָווקעוויץ האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־קראָם אויף דער לאַנגער גאַס, באַוואוסט פאַר ערלעכקייט אין פאַרלויף פון 50 יאָר. ער איז געווען אַן ענערגישער געזעל־שאַפטלעכער טוער: גבאי אין „מגן אברהם", חבר פון דער קהלה און מיטגליד פון שטאָט־ראַט, וואו ער פלעגט באַ־שיצן די איד. באַפעלקערונג און אָנקלאָגן די פאַרוואַלטונג פאַר נישט צולאָזן אידן צו שטאָטישע אַרבעטן און אַמטן. ער איז אויך געווען פאַרזיצער אין אַ סך געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אָנשטאַלטן.

אויך זיין פרוי, חיה־שיינע, איז געווען באַוואוסט אַלס געזעלשאַפטלעכע טוערין. זי איז געווען אַקטיוו אין איד. שפּיטאָל פאַר אָרעמע קימפּעטאָרינס און בכלל ביים אונטער־שטיצן און העלפן נויטבאַדערפטיקע, מיינסטנס אין געהיים. זייער הויז איז געווען אַן אכסניה פאַר עסקנים און רבנים, וועלכע פלעגן דורכפאָרן לאָמזשע. ר' פייוול קאָווקעוויץ איז געווען אַ הייסער ציוניסט, פון די אַקטיווע מזרחיסטן. נאָך די פּיאָנטניצקי'ס און דאָמאָוויץ'עס, איז זיין הויז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר ציוניסטן. זיינע קינדער, אַ זון יעקב, און דריי טעכטער האָט ער דערצויגן אין ציוניסטישן גייסט. די איינגסטע האָט ער געשיקט לערנען אַגראָנאָמיע אין „איקא"־שול אין דייטשלאַנד און ענדיקנדיק, איז זי אַוועק קיין א"י און אַריין אין אַ קיבוץ.

אין 1926 איז זיין פרוי געשטאָרבן. איז ער געפאָרן קיין ארץ־ישראל, געקויפט אַ פּרדס און פלעצער און זיך צוריק־געקערט קיין לאָמזשע צו ליקווידירן זיינע געשעפטן און פאַרקויפן זיין הויז. אין יאָר 1931 האָט ער עולה געווען קיין א"י און זיך באַזעצט אין רמתיים נאָענט צו זיינע קינדער: זיין זון יעקב און טעכטער גלינקאָ און קאַפּלאַנ־סקי. ער האָט פאַרלוירן זיין געלט, ווייל דער פּרדס האָט נישט געבראַכט קיין פּרוכט. דאָך האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו די נייע שווערע באַדינגונגען. ער האָט געגרינדעט אַ חברה ש"ס צו לערנען יעדן טאָג אַ בלאַט גמרא. ער איז געשטאָרבן פּלוצלונג אין עלטער פון 75 יאָר און באַערדיקט געוואָרן אין רמתיים.

## דר. יעקב קאָווקעוויץ (נריה)

יעקב נריה, פייוול קאָווקעוויץ'עס זון, איז געווען פון די זיילן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָמזשע. ער האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג. ער האָט גע־לערנט אין גראַדנער גימנאַזיע, ווייל דאָרטן האָט מען נישט געצוואונגען אידישע שילער צו שרייבן אין שבת. ווען נאָך גאָר יונג איז ער שוין אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער געווען פון די אַקטיווסטע חברים פון „התחיה" אַלס מוסטערהאַפטער סעקרעטאַר.

ער האָט שטודירט וועטערינאַריע אין וואַרשעווער אוני־ווערזיטעט ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־

מלחמה, און האָט געענדיקט זיין פּראָפעסיע אין ראָסטאָוו ערשט נאָך דער באַלשעוויסטישער איבערקערעניש, ווייל זיין וואַרשעווער פאַקולטעט איז געוואָרן איבערגעטראָגן דאָרטן. ער האָט אויסגעקליבן די פּראָפעסיע, ווייל זי איז געווען נויטיק אין ארץ־ישראל וואָס איז געווען זיין ענד־ציל זיך צו באַזעצן. נאָך אַ געוויסער צייט פון פּראַקטיצירן און פאַרפאָלקאָמונג האָט ער אין 1922 עולה געווען קיין א״י.

ער ברענגט דאָרטן אַ סך נוצן אַלס דר. וועטערינאַר און אינסטרוקטאָר פאַר קאָלאָניסטן. ער איז געווען זייער באַליבט און באַרימט צווישן אַלע קאָלאָניסטן. ער האָט געשאַפן צענדליקער העברעאישע טערמינען אין דער וועטערינאַריע. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל פאַר דער וויסנשאַפט אין העברעאיש. ער האָט אויך רעדאַקטירט אַזאַ בראָשור. ער איז געווען בכלל אַ גרויסער און טיפער פאָרשער אויפן געביט פון פי־צוכט און אַלע אַנדערע הויזבאַשעפענישן, איינגעשלאָסן בינען־צוכט.

אין רעננה האָט ער זיך אויסגעבויט אַ הויז אין קרייז פון זיין משפחה, פאָטער און שוועסטער און האָט דאָרטן געלעבט אַ שטילן באַשיידענעם לעבן. זיין אידעאַל איז געווען אויפצושטעלן אַ וועטערינאַריע־אינסטיטוט צו פאַרשען די בהמות און חיות פון ארץ ישראל און פון נאָענטן מזרח, וועלכער זאָל ברענגען אַ סך נוצן דאָס לאַנד. אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען פאָרזיצער פון וועטערינאַרן־פאַרבאַנד אין א״י, וועלכער האָט געציילט אַרום הונדערט דאָקטוירים.

פּלוצלונג אָבער איז די דאָזיקע פּולסיווע, פּרוכטבאַרע פערזענלעכקייט פאַרשניטן געוואָרן. אין יאָר 1942 איז געשען אַן אומגליקס־פאַל: אויף זיין וועג צו ברענגען הילף אין אַ ישוב ביינאַכט, אין דער צייט פון אומרוען, איז ער אַרויס פון זיין אויטאָמאָביל. ס׳איז געווען פינצטער־חושך. אַ מיליטערישער אויטאָמאָביל איז דורכגעלאָפן און האָט אים געטויט אויפן אָרט.

## אברהם העריש שיינקאָפּ

ער איז געווען אַן אור־אייניקל פון ר׳ זעלמעלע (ר׳ זלמן) חסיד, ערשטער לאָמזשער רב. ער איז געווען באַרימט מיט זיין ערלעכקייט אַלס סוחר אין לאָמזשע און איר סביבה. ער האָט אַ סך מאָל מקדש השם געווען צווישן קריסטן. ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון פרוכט, קאָלאָניאַל סחורות און געריכערטע פיש. ער האָט זיך דערוואָרבן גרויס צוטרוי מצד קריסטלעכע קונים ווי, באַאַמטע, אַרמיי־אָפיצירן אאַז״וו. זיינע זין זיינען געווען טאַלאַנטירט אין צייכענען און מאַלעריי. איינער פון זיי האָט געלערנט אין בצלאל־שולע אין ירושלים, וועלכער ער האָט געמוזט פאַרלאָזן צוליב זיין קראַנקייט און געקומען צוריק קיין לאָמזשע. איין טאָכטער זיינע איז דערטרונקען געוואָרן אין בוג צוזאַמען מיט איר שוואָגער, יצחק לעווינסקי. איין זון איז אין אַרגענטינע און אַ טאָכטער, ליבע, איז אין מדינת ישראל.

## הרב אביעזר ציצאָוויץ

ר׳ אביעזר ציצאָוויץ איז געבוירן געוואָרן אין 1892 אין צעכאַנאָווצע, ביים שטאָטישן רב ר׳ דוד. ער האָט געלערנט אין ישיבות אין ברײנסק, סלאָבאָדקע און געקראָגן סמיכה. אין לאָמזשער ישיבה איז ער געווען פון די בעסטע בחורים און ר׳ צבי קאַווקעוויץ האָט אים גענומען פאַר אַן אידעם. ער האָט אויך געלערנט אַלגעמיינע לימודים. אין יאָר 1923 קומט ער אָן אין בערלינער אוניווערסיטעט פאַר אַלגעמיינע הויכע לימודים און גלייכצייטיק לערנט ער אין אינסטיטוט פאַר העכערער וויסנשאַפט און יודאַאיקאַ אונטער דער לייטונג פון דר הרב חיים העלער, וועלכער איז געווען אַ קורצע צייט רב אין לאָמזשע.

נאָך זיין ענדיקן שטודירן, ווערט ער אויפגענומען פאַר רב און הויפּט פון ראַבינאַט אין דער גרויסער בערלינער קהלה. פון דאָרטן קומט ער אָן אין יאָר 1939 אין מדינת ישראל, וואו ער פאַרנעמט אַ רבנות־שטעלע אין תל־אביב. הרב ציצאָוויץ רעכנט זיך ווי דער בעסטער רב פון לאָמזשער עולים. ער נעמט אָנטייל אין זייערע אַסיפות און פאַראַנשטאַלטונגען אַזוי ווי אַ לאָמזשער.

## מענדל באָטקאָווסקי

ר׳ מענדל באָטקאָווסקי איז געווען זייער רייך, פון די חשובסטע בעלי־בתים פון גרויסן בית־מדרש. ער איז געווען אַ הורט־סוחר פון צוקער און אייניקע קאָלאָניאַל סחורות. זיין גאַנצן גרויסן פאַרמעגן, וועלכן מען האָט געשאַצט אין עטלעכע הונדערט טויזנט רובל, איז אים פאַרלוירן געגאַנגען אין דער רוסישער מלוכה־באַנק מיטן אָנקומען פון באָלשעוויסטישן רעזשים.

אין נאַטור אַ קאַרגער, האָט מען געדאַרפט וויסן ווי אַזוי זיך צו דינגען און רעדן מיט אים, כדי צו באַווירקן אים ער זאָל געבן גרעסערע סומען פאַר צדקה. נאָכן אַרויסגעבן די פאַרלאַנגטע סומען איז ער געווען צופרידן, וואָס דער יצר טוב האָט ביי אים געזיגט איבערן יצר־הרע פון קמצנות. ביי זיין טיש פלעגן „עסן טעג“ צענדליקער ישיבה בחורים. נישט איינמאָל האָט ער חתונה געמאַכט אָרעמע כלות געבענדיק זיי נדן און חתונה־הוצאות. זיין פרוי האָט נישט אָנגעטאָן קיין נייע קליידער ביז זי האָט נישט אַוועקגעשאָנקען די אַלטע צו אַן אָרעמער פרוי.

ר׳ צבי קאַווקעוויץ האָט איבערגעגעבן פאָלגנדן עפּיזאָד, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש. עס איז אַמאָל געקומען צו ר׳ מ. באָטקאָווסקי אַ איד און געבעטן 1000 רובל שטיצע פאַר זיינעם, באָטקאָווסקי׳ס, אַ קרוב אין א״י. ה׳ באָטקאָווסקי האָט אָנגעפאַנגען מיט 50 רובל. דער איד זאָגט ער וועט נישט נעמען אַזאַ נישטיקע סומע. ר׳ מ. ב. גיט אים 100 רובל. דער איד זיצט און נעמט נישט. ר׳ מ. ב. גייט אַוועק צו זיין קאַנטאָר. ער קומט צוריק — דער איד זיצט און דאָס געלט ליגט אויפן טיש. גיט ער אים צו נאָך 100 רובל, טוט אָן זיין מאַנטל און גייט אַרויס. ער קומט צוריק — דער איד זיצט, דאָס געלט איז אויפן טיש. ער לייגט אים צו נאָך 100 רובל און גייט אַרויס דאַווענען מנחה־מעריב. ער קומט צוריק — דער איד זיצט און דאָס געלט איז נישט גערירט. ר׳ מ. ב. רעדט גאָרנישט, נעמט אַרויס פון זיין אייזערנער קאַסע אַ טויזנט־רובל־אַסיגנאַציע און גיט דעם אידן, דערביי נעמט ער אים אַרום און קושנדיק זאָגט ער אים: „האָסט גוט געטאָן, וואָס דו האָסט זיך איינגעעקשנ׳ט; מיין קרוב נויטיקט זיך אין מיין שטיצע, אָבער מיין יצר הרע איז שטאַרקער. זאָלסט זיין געבענטשט פאַר העלפן מיר אים מנצח זיין“.

ביי אים איז געווען אַ גמילת־חסדים קאַסע פאַר קליינע קרעמער און בעלי־מלאכות אָן פּראָצענט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ געזעלשאַפטלעכער גמ״ח און פלעגן זיך היטן און באַצאָלן מייסטנס אין צייט. ווען אימיצער פלעגט נישט באַצאָלן אין צייט פלעגט ר׳ מ. ב. אים שיקן

רופן און הייסן באַצאָלן זיין חוב אין דער קאַסע און דאַן וועט ער אים לייען פון זיינע געלט. ער פלעגט זיצן און לערנען אין באַשטימטע שעה׳ן. נישט זעלטן אין שבת־צו־נאַכט פלעגט ער קומען פאַרהערן די תלמוד־תורה קינדער. אין אַזאַ וואָך פלעגט ער שיקן פאַר די מלמדים טיי און צוקער. זיינע זין: בערל און נחמן זיינען געווען ציונים. נחמן מיט זיין פרוי תמרה, פון הויז יאַקאָבסאָן, זיינען געווען אַ סך יאָרן אַקטיווע טוער אין „התחיה״.

## לייבל קאַנטאָר

ר׳ לייבל קאַנטאָר האָט געשטאַמט פון ביאַליסטאָק. חתונה געהאַט מיט יעקב־יהושע ראָזענטאַל׳ס שוועסטער. איז געווען אַ יונגערמאַן אַ למדן, משכיל און אַ בעל־מידות. זיין



לייבל קאַנטאָר

פרוי איז געווען אַן אשת־חיל און געזאָרגט פאַר פרנסה און ער איז געזעסן און געלערנט. ווי אַן עניו האָט ער ליב געהאַט עמך. ער האָט געלערנט אָן שכירות אין „חברה שוסטער״ און „חברה טרעגער״. זיין הויפט אָרט איז געווען חברה ש״ס, וואו ער האָט פאַרבראַכט דאָס רוב פון זיין טאָג. ימים נוראים פלעגט ער דאַוונען פאַרן עמוד לטובת אַ צדקה־אַנשטאַלט. פאַר זיין אַקטיוויטעט און איבערגעגעבנקייט צו דער חברה קדישא איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס הויפט־גבאי. אין זיין הויז פלעגן פאַרקומען די אסיפות. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין חברה תהלים, „לינת הצדק״, „שומר חולים״, „הלווית המת״. ער איז געווען אַ צענטראַלע פיגור אין לאָמזשער קהלה־לעבן.

צוליב זיין באַשיידנקייט און שכל הישר איז ער אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין אַ בורר ביים רב אין פאַרוויקלטע שווערע סכסוכים, אין ירושה־אָדער־שותפות־ענינים. ער איז קראַנק געוואָרן אויף אַסטמע, וואָס ס׳האָט פאַראורזאַכט זיין טויט אין עלטער פון 53 יאָר. אַלס אָנערקענונג פאַר זיינע וואוילטעטיקייטן און זיינע שיינע מידות איז זיין אָרון געטראָגן געוואָרן אויף די הענט דעם גאַנצן וועג פון זיין הויז ביזן בית עלמין נישט קוקנדיק אויפן גרויסן פראָסט.

## אהרן אָקון

אַ נידעריקער, מיט אַ קיילעכדיקן פנים און געלבלעך בערדל, פשוט געקליידט און שטענדיק רירעוודיק מיט אַ שנעלן טריט. ער איז געווען אַ טיפּישער עכטער איד פון אַלטן דור. גערעדט ווינציק, אָבער פיל געטאָן. זיין הויפט געשעפט איז געווען אויפצוקויפן אַלטע ברוך־מעטאַלן און זיי שיקן וואַגאָנענווייז צו די גיסערייען פון ראָדעם, וואַרשע, קעלץ. ער פלעגט געבן מעשר־צדקה פון זיינע גרעסערע פאַרדינסטן. ס׳איז נישט געווען קיין איין חברה, פאַר וועלכער ער האָט נישט בייגעשטייערט מיט אַ ברייטער האַנט. ער פלעגט געבן גמילת חסדים (הלוואות) אָן פראָצענט צו קליינע קרעמער און בעלי מלאכות. פאַר דער גרויסער שול, וואָס איז געבויט געוואָרן אויפן פלאַץ, וואָס זיין שווער בצלאל־אליעזר ברום האָט געהאַט געשענקט, האָט ר׳ אהרן אָקון פיל בייגעשטייערט: אַ ספר תורה האָט ער מיט גרויס פאַראַד אַריינגעבראַכט און אַ גרויסע זילבערנע מנורה מיט זיין נאָמען אויסגראַווירט. אַזוי ווי לייבל קרעלענשטיין, פלעגט ער אויך אַרומגיין איבער די בתי מדרשים יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און קלייבן פון די מתפללים קאָפּיקעס, צדקה פאַר שעמעוודיקע אביונים, מתן בסתר. ד. ז. פלעגט ער פורים דעם גרעסטן טייל פון טאָג אַרומגיין מיט זיינעם אַ פריינט, אַ גומל־חסד ווי ער, ר׳ חיים יצחק דער זייגער מאַכער, איבער די הייזער פון די מער פאַרמעגלעכע און קלייבן גרעסערע סומען צדקה פאַר דעם דערמאָנטן צוועק. ער איז אויך געווען שטאַרק טעטיק אין גמילת חסדים. אויסער דעם אַלעם איז ער געווען אַ שטענדיקער איינגייער, אַ בן־בית, ביים מורה־הוראה ר׳ נח־יצחק דיסקין ז״ל, ווייל ער איז געווען אין נאַטור אַ מוקיר רבנן און משמש תלמידי חכמים כדי צו לערנען זייערע מידות. ער פלעגט זייער אָפט דערציילן וועגן דער גרויסקייט און די מנהגים פון אָט דעם גרויסן גאון.

זיינע קינדער האָט ר׳ אהרן אָקון געגעבן אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג. איינער פון זיינע זין, גבריאל, האָט געלערנט מיט התמדה אין לאָמזשער ישיבה. דער עלטערער זון וועלוול, וועלכער האָט שטענדיק מיטגעהאָלפן אין די געשעפטן, איז געווען אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער עסקן אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, אַ מיטגליד פון צ. ק. פון פוילישן פאַרבאַנד אין רוסלאַנד, ער איז געווען זייער אַקטיוו אין אָרגאַניזירן דעם הילפס־קאָמיטעט פאַר פוילישע פליטים און גלייכצייטיק אַקטיוו אין דער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג פאַר פוילנ׳ס זעלבסטשטענדיקייט. ער האָט שפּעטער געקראָגן פון אינערן־מיניסטער פון פוילן אַן ערן אויסצייכנונג און אַ מעדאַל. אין יאָר 1936 איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון לאָמזשער שטאָט־ראַט. ער איז איצט אין ישראל. זיין אינגסטער זון, נח־יצחק (נאָמען נאָך ר׳ נח־יצחק דיסקין ז״ל) האָט עולה געווען אין א״י אַלס חלוץ אין יאָר 1929.

ר׳ אהרן אָקונ׳ס איידעמס זיינען ה׳ יעקב־קאָפּל ברוכאַנסקי, אַן אור־אור אייניקל פון ר׳ זעלמעלע (ר׳ זלמן חסיד), ערשטער לאָמזשער רב, אַ מוסמך פון ראַדינער און וואָלאָזשינער ישיבות, אַ דערפאָלגרייכער העברעאישער לערער אין אייניקע ישיבות. דער צווייטער איידעם איז געווען ר׳ יהודה מוזיקאַנט, אַן עילוי, אַ חניך פון נאָוואָרידאָקער ישיבה און אַ מוסמך פון ביאַליסטאָקער רב. ער מיט זיין פרוי שאָשקע און דריי קינדער זיינען אומגעקומען אין לאָמזשער חורבן. ר׳ אהרנ׳ס פרוי, שיינע שרה, מיט אירע זין וועלוול און גבריאל זיינען געהאַט פאַרשיקט געוואָרן פון דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע־מאַכט קיין סיביר אין יאָר 1940. זי איז דאָרט געשטאָרבן. גבריאל איז איצט אין אַמעריקע. ר׳ אהרן אָקון איז נפטר געוואָרן אין הויכן עלטער אין אַמעריקע אין יאָר 1950 (ראש השנה תש״י). זיין טאָכטער, טויבע ברוכאַנסקי, איז אַקטיוו אין אייניקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

## שמשון שופר און זיין זון יעקב

שמשון שופר איז געווען פון די קינסטלערישע טאַ־לאַנטן, וואָס צוליב די באַגרענעצטע, דריקנדע לעבנס־באַדינגונגען פון די אידן ווערן זיי פאַרוויאַנעט. זיין פאָטער, דוד סופר (פאַרגרייזט פון רוסיש אויף שופר), פון דער משפחה סופרים אין זאַבלודאָווע איז געווען אַן אייניקל פון אַ קאַנטאָניסט. פון זיין מוטערס צד האָט ער אָפּגעשטאַמט פון די באַוואוסטע ראָטשילדס. ווען דוד סופר האָט געענדיקט זיין לאַנגע מיליטער־דינסט אין אַרכאַנגעלסק, האָט אים, אויף זיין ביטע, די רעגירונג געהאָלפן זיך איינ־אָרדענען: זי האָט אים געגעבן אין אַרענדע די בעדלעך אויפן נאַרעוו. פון דעם האָט ער געצויגן זיין פּרנסה. זיין זון שמשון האָט געקראָגן, ווי דער שטייגער איז געווען, אַ



שמשון שופר

טראַדיציאָנעלע דערציאונג. ווען ער איז געוואָרן 13 יאָר האָט מען אים אָפּגעגעבן צו אַ קריסטלעכן מעכאַניק־שלאָסער צו לערנען דעם פאַך גרינטלעך און צו קריגן שפּעטער אַ האַנטווערקער־צעך דיפּלאָם. שמשון האָט גוט אויסגעלערנט דעם פאַך און געקראָגן פון שלאָסער־צעך אַ צייגעניש. ער האָט נאָך איבערגעשטיגן זיין מייסטער. אַלע שווערע אַרבעטן האָט מען געבראַכט צו אים. ער האָט געמאַכט די שלאָסעריי־אַרבעט און דער גרויסער שול און אויך, להבדיל, אין דער גרויסער טורמע, וואו ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קונסט־אַרבעט פון הויפּט אייזערנעם טויער. פאַר דעם האָט ער באַקומען אַ פּרייז פון דער רעגירונג. די לאָמזשער און פון איר סביבה, וועלכע האָבן געוואָלט באַזיצן אַ שלאָסער־פאַך־צייגעניש, כדי דורך דעם צו קריגן אַן דערלויבעניש צו וואוינען אין רוסלאַנד אויסערן תחום־המושב (באַשטימטע ראַיאָנען דערלויבט פאַר אידן צו וואוינען), פלעגן זיך ווענדן צו שמשון שופר. ער און נאָך אַ קריסט, אַ צעך־מייסטער, פלעגן אונטערשרייבן אַזאַ צייגעניש. ער האָט קיין געלט נישט גענומען, דעם קריסט האָט מען געצאָלט 5 רובל.

שמשון איז געווען אַ חובב ציון און האָט דעריבער באַזאָרגט זיין זון יעקב מיט אַן איידעלער מלאכה אַחוץ די שלאָסעריי, וואָס ער זאָל קענען פּראַקטיצירן אין א״י — ער האָט אים געלאָזט לערנען פאָטאָגראַפיע ביים פאָטאָ־גראַפיסט כאַדזקאָ. אים אַליין האָט דער ציוניסטישער צ. ק. נישט גע׳עצה׳ט עולה צו זיין, פאַרויסזאָגנדיק אים שווע־ריקייטן ביים איינאָרדענען זיך.

יעקב שופר איז פון דער „ענגלישער קרענק" אין זיין קינדהייט פאַרבליבן מיט אַ לייכטן פּעלער: ער האָט געמוזט זיך אָנשפּאַרן אויף אַ שטעקן ביים גיין. אָבער דאָס האָט אים נישט געשאַדט צו זיין אַן עקספּערט־שלאָסער. אַן די נויטיקע מאָדערנע מעכאַנישע געצייג און מאַשינען פלעגט ער מיט די הענט אויסאַרבעטן די שענסטע און קאָמפּ־ליצירטסטע זאַכן. נאָך זיין פאָטערס טויט איז ער געווען דער איינציקער מעכאַניק־שלאָסער, וואָס פלעגט אויספירן די וויכטיקסטע קאָמפּליצירטסטע אַרבעטן אין שטאָט פאַרן מאַגיסטראַט, שפּיטאָלן, דאָקטוירים, אַפּטייקערס אאַז״וו. אַלע פלעגן איבערגעבן זייערע אַרבעטן נאָר אים. אַלע שלאָסעריי אַרבעטן פון נייעם וואָקזאַל איז אים איבער־געגעבן געוואָרן. דער הויפּט אינזשינער האָט אים פאַרגעלייגט אַ שטעלע אין גדיניער פּאַרט־געביידעס און מאַגיסטראַט. ער איז געוואָרן באַשאָנקען מיט מעדאַלן פאַר זיין אַרבעט וואָס ער האָט געוויזן אויף אויסשטעלונגען אין וואַרשע און אַנדערע ערטער. ער איז געווען דער איינציקער אידי־שער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון צעך פון ביאַ־ליסטאָקער ראַיאָן. אַ סך „חלוצים" האָבן געקראָגן הכשרה אין זיין שלאָסעריי־ווערקשטאַט. דערנאָך האָבן זיי אין ישראל אַליין געעפנט ווערקשטאַטן פון שלאָסעריי אָדער געאַרבעט ביי אַנדערע מעכאַניקער.

שפּעטער, ווען די פּוילישע־רעגירונג האָט געפאָדערט פון בעלי־מלאכות פאַך־צייגענישן, איז יעקב שופר געווען דער איינציקער איד אין דער אָפיציעלער קאָמיסיע פאַר דעם, וועלכער פלעגט עקזאַמינירן די בעלי־מלאכות. אין דער „וויצאָ" אויסשטעלונג איז געווען זיינער אַ האַנט־פאַס — אַ קונסט־ווערק. אויך האָט ער דערפונדן אַ געהיימען שלאָס פאַר אַן אייזערנער קאַסע. ער איז אויך געווען אינסטרוק־טאָר אין דער פאַך־שולע, וואָס יק״א האָט געעפנט אין לאָמזשע.

יעקב־נתן שופר איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציו־ניסט נאָך פון דער צייט פון רוסישן צאַר, ווען ס׳איז געווען פאַרבאָטן ציוניסטישע טעטיקייטן. ער איז געווען פון די גרינדער פון פּועלי־ציון אין 1903־4 און געטאָן אַלע פּאָי־טיקע אומלעגאַלע אַרבעטן. צוליב זיין עלטער האָט ער נישט געקראָגן קיין סערטיפיקאַט פאַר עליה קיין א״י און ער האָט עס געטאָן אויף אַן אומלעגאַלן וועג, געמוזט צוריק־קומען פון די א״י פאַרטן מיט די מעפּילים (אומלעגאַלע עולים) קיין טריעסט, ביז ער איז ענדלעך אָנגעקומען קיין לבנון. פון דאָרטן האָט ער „געשוואָרצט" די גרענעץ קיין א״י, וואו ער איז אָנגעקומען נאָך צוויי מאָנאַטן וואַנדערן, אויסגעמאַטערט און אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה. ווען ער איז אַרויף אויף דער א״י ערד, איז ער אַנידערגעפאַלן, געקושט די זאַמד און געמאַכט אַ „שהחיינו" און האָט אויסגערופן, אַז דאָס איז דער גליקלעכסטער טאָג אין זיין לעבן.

נאָך אַ רייע שווערקייטן האָט ער זיך איינגעאָרדנט אַ ווערקשטאַט פון שלאָסעריי אין תל־אביב מיט נייע ווערק־צייג, ווייל זיינע אַלטע האָט זיין פרוי געדאַרפט פאַרקויפן אין לאָמזשע כדי צו באַצאָלן מלוכה־שטייערן און אויף הוצאות. אָבער זיין אַלטע פאַראַליזירנדיקע קראַנקייט האָט אים נישט געלאָזן לאַנג זיך אָנקווילן מיט זיין אויסגעבענקט־טער א״י. ער איז געשטאָרבן אין 1947 אַ גליקלעכער, וואָס זיין קבר איז אין ארץ ישראל. זיין איינציקע טאָכטער איז אַ לערערין אין תל־אביב.

## גיטל טויבע באָגושעוויץ

גיטל באָגושעוויץ איז געווען אַ טאָכטער פון מרדכי באָגושעוויץ, אַ פאַרמעגלעכער צושטעלער פאַר מיליטער און אייגנטימער פון אַ מאָטאָר־מיל „אויף די וויאַטראַקן". זיינע זין האָבן געקראָגן נאָר אַן אָנהייב פון אידישער דערציאונג, אָבער מיינסטנס אַן אַלגעמיינע. די טעכטער, ווי דער שטייגער אַמאָל, האָבן זיך געריסן אין די רוסי־פיצירנדע קרייזן. מיט דער דערעפנונג פון „התחיה" ווערט גיטל, איינע פון זיינע טעכטער, אַריינגעצויגן אין קרייז פון די ציוניסטיש געשטימטע דערוואַקסענע מיידלעך, קומט אָן אויף די העברעאישע אָוונט־קורסן, וואו זי לערנט מיט גרויס חשק און גלייכצייטיק ווערט זי איינע פון די אַקטיווסטע טוערינס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. זי איז געווען די ווירטשאַפט־און אָרדנונג־פירערין פון „התחיה" און נעמט אָנטייל אין אַלע קולטורעלע און פינאַנציעלע אונטערנעמונגען פון „התחיה". זי איז אויך געווען זייער טעטיק אין דער פרויען אָפטיילונג פון ספאָרט־פאַראיין „מכבי", „חוה" און אין דעם ציוניסטישן פרויען־פאַראיין „וויצאָ", אויך אין נאַציאָנאַל־פאָנד קאָמיסיע. צו פאַרדאַנקען איר, צוזאַמען מיט פרוי טאַבאַליצקי און פרוי דראַזנין, האָבן די באַזאַר־אונטערנעמונגען פאַר „וויצאָ" געהאַט גוטן דערפאָלג. זי האָט אויך נישט אויסגעפעלט ביי די „סדרים", וואָס די קהלה פלעגט איינאָרדענען פאַר די איד. סאָלדאַטן אין דער פוילישער אַרמיי, וואו זי פלעגט זיין זייער אַקטיוו.

ס'קומען אָן שלעכטע עקאָנאָמישע צייטן. ה' מ. באָגושעוויץ ווערט פאַראָרעמט אויף אַזוי פיל, אַז די פאַמיליע ליידט הונגער. גיטל'ס נדן גייט פאַרלאָרן ביי איינעם אַ פריץ, מיט וועלכן איר פאָטער פירט געשעפטן. קיינער אָבער דערקענט נישט אויף גיטל'ס פנים, וואָס איז שטענדיק שמייכלדיק און זייער אַקטיוו. נאָך אַ סך שתדלנות מצד ה' דאַמאַוויץ און דעם שרייבער פון די שורות, האָט ג. באָגושעוויץ באַקומען אַ סערטיפיקאַט פאַר עליה קיין א"י. דאָ האָט זי געטאָן אַלע אַרבעטן וועלכע האָבן איר דערמעגלעכט אַן עקזיסטענץ, ווי: פירן אַ ווירטשאַפט, דערציען קינדער און נאָך געהאַט צייט און געדולד צו לערנען אויף העכערע קורסן. זי ווערט אָבער קראַנק אויף אַן אומהיילבאַרער קראַנקייט. ס'העלפן איר נישט די זאָרגפעלטיקע מעדיציניש באַהאַנדלונג פון תל־אביב און „הדסה" שפיטאָלן און ירושלים. זי שטאַרבט יונג אין ירושלים. לאָמזשער עולים באַגלייטן איר צו איר אייביקער רו אויפן הר הזיתים. זיי אָרדענען איין אַ טרויער־אָוונט נאָך איר און גרינדן אַ ליי־קאַסע פאַר לאָמזשער נויטבאַדערפטיקע עולים אויף איר נאָמען. דאָס געלט וואָס מען האָט באַקומען פאַר אירע זאַכן איז אַריין אַלס טייל פון ליי־פאָנד. צום יאָר צייט האָבן די לאָמזשער עולים אויפגעשטעלט אַ מצבה אויף איר קבר.



גיטל טויבע באָגושעוויץ צווישן לאַנדסלייט אין תל־אביב.
רעכטס פון איר: יעטע לעווינסקי; לינקס פון איר: חיה גאָלדמאַן.

## רחל גלינקאָ (שמואל גלינקא'ס טאָכטער)

רחל גלינקאָ איז געווען יונג, חנעוודיק, מיט קלוגע אויגן. זי האָט געענדיקט די העברעאישע אָוונט־קורסן ביים „התחיה" און געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. זי איז אייניקע יאָר געווען חברה אין וועד פון „התחיה" און גענומען אַנטייל אין זאַמלונגען פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן. זי איז געווען איינע פון די גרינדער פון אַלגעמיין־ציוניסטישן „החלוץ", אונטער דער השגחה פון „התחיה". זי איז געוואָרן אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַטין צו דער ציוניסטישער לאַנד־קאָנפערענץ פון פוילן. זי פלעגט צוציען אַ סך יוגנטלעכע צום ציוניזם מיט איר שיין רעדן און האַרציקן שמייכלענדיקן פנים.

אין יאָר 1935 האָט זי זוכה געווען צו באַקומען מיטן הסכם פון אַלע ציוניסטישע גרופּן אַ סערטיפיקאַט פאַר עליה קיין א"י צו וועלכן זי האָט שטאַרק געשטרעבט. מען האָט איינגעאָרדנט פאַר איר אַן אָפּשיידס אָוונט און געשאָנקען איר אַ סך ברכות. אין א"י האָט זי געטאָן שווערע אַרבעטן איבער אירע פיזישע כוחות און זי איז קראַנק געוואָרן. דעם 3טן אלול, תרצ"ז (דעם 10טן אויגוסט 1937) איז זי יונגערהייט געשטאָרבן. דער לאָמזשער עולים־פאַרבאַנד האָט זיך באַטייליקט אין איר לוויה און געטרויערט אויף אירע יונגע פאַרשניטענע יאָרן. דערוויסנדיק זיך אין לאָמזשע, האָט די „להתחיה" מיט דער הילף פון אַ סך אַנדערע ציוניסטישע גרופּן איינגעאָרדנט אַ טרויער־אָנדענקונגס־אָוונט, י"ז אלול פון דעם דערמאָנטן יאָר.

## משה פרידמאַן

ה' משה פרידמאַן איז מיט רעכט פאַררעכנט פון די אָריגינעלע שעפער פון דער בעטאָן־צעמענט אינדוסטריע אין ארץ־ישראל. געבוירן אין 1873. זיין פאָטער איז אויך


משה פרידמאַן

געווען באַשעפטיקט אין דער זעלבער צעמענט־אינדוסטריע. זיין זון האָט געלערנט דעם זעלבן פאַך און שנעל איבערגעשטיגן זיין פאָטער. גאָר יונג האָט ער נאָך אַן עקזאַמען באַקומען אַ דיפּלאָם פון לאָמזשער צעך אַלס גאָר פעאיקער בויער און פּלאַסטערער. גלייך ווערט ער באַרימט אין רעגירונגס־קרייזן, וועלכע גיבן אים איבער אונטערנעמונגען פון דורכפירן רערן, אויסלייגן שאָסייען, טראָטואַרן א. ד. ג. די באַקאַנטשאַפט האָט אים דערמעגלעכט צו פועל'ן ביי דער מאַכט טובות פאַרן כלל.

ער איז געווען פון די ערשטע זיך אָנצושליסן אין חיבת־ציון באַוועגונג. ער האָט געקויפט אַ סך אַקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק. ווען זיין עלטסטער זון איז אויפגעוואַקסן, האָט ער שוין געוואָלט עולה זיין קיין א"י, אַריינטרעטן אין „הרצליה" גימנאַזיע און אַליין אַרבעטן ביי זיין פאַך. ה' מנחם שיינקין, צו וועמען ה' פרידמאַן האָט זיך געווענדעט נאָך אַן עצה, האָט אים אָפּגערעדט דערפון, מאָטיווירנדיק, אַז ביי די דאַמאָלדיקע באַדינגונגען אין א"י וועט ער נישט קענען פאַרדינען גענוג אויסצוהאַלטן זיין משפחה אין לאָמזשע, זיין זון אין „הרצליה" און זיך זעלבסט. ער גיט אַריין זיין זון אין דער רוסישער גימנאַזיע. ער האָט אַרויסבאַקומען אַ דערלויבניש פון די גימנאַזיע אויטאָריטעטן אָנצושטעלן אַ אידישן לערער פאַר אידישע לימודים אַזוי ווי קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן טוען פאַר זייערע אמונות. אָבער די איבעריקע עלטערן זיינען געווען קעגן דעם פּראָיעקט.

די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן אים פאַרגעלייגט אַ סך אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אים געקענט אַריינברענגען גאָר גרויסע פאַרדינסטן. אָבער אין יאָר 1920 ליקווידירט ער זיינע עסקים און באַשליסט עולה צו זיין קיין א"י מיט זיין גאַנצער משפחה. „איך פאָר בויען מיין פאָטערלאַנד", איז געווען זיין ענטפער צו דער רעגירונג. לויט דער עצה פון צענטראַלן ארץ ישראל־אַמט, שיקט ער זיינע געצייג קיין א"י דורך דער געזעלשאַפט „המעביר". ער באַקומט זיי צעבראָכענע, ווייל די געזעלשאַפט האָט דערוויי'ל באַנקראָטירט. דאָך איז ער נישט אַנטמוטיקט און האָט אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן אין א"י טראָטואַרן, רערן, דאַכאָוועקעס אאַז"וו. ער איז געוואָרן באַרימט. ער פאַרוויקלט זיך אין אַ סכסוך מיט דער הסתדרות און דאָס פאַרביטערט אים זיין לעבן. דערווייל האָט ער שוין אויפגעשטעלט אַ סך „תלמידים" פון בעטאָן אויסאַרבעטונגען, וועלכע האָבן געהאָט הצלחה אויף דעם געביט. זיינע קינדער דאַקעגן האָבן זיך נישט באַשעפטיקט מיט דער אינדוסטריע און ה' פרידמאַן איז איינזאַם.

אין דער צייט פון בלאַך־בלומענפעלד, אַלס מעיאָר פון תל־אביב, האָט אליעזר קאַפּלאַן אָפּגעשטעלט פרידמאַנ'ס אַרבעט פאַר דער עיריה. ער שטעלט זיך קעגן די אינסטרוקציעס פון הויפּט־אינזשעניער און קריגט אַ חודש אַרעסט. נישט קענענדיק אַנטוויקלען אַליין זיין פאַבריק און באַזאָרגן זי מיט מאָדערנע מאַשינען און ווערקצייג, באַשליסט ער צו ליקווידירן זיין פאַבריק.

דער טויט פון זיין זון שלמה, אַן אַדוואָקאַט, דינענדיק אין דער איד. בריגאַדע אין איטאַליע, כ"ו אייר, תש"ה, האָט אים אין גאַנצן דערדריקט. ה' פרידמאַן איז געבליבן אַ ריין הערצליאַנער ציוניסט נישט קוקנדיק אויף אַלע קריזיסן וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב ו' באב, תשי"ב עלנט און איינזאַם.

א. מזרח

## מענדל און מאַטל ביאַלי

מענדל און מאַטל, זיינען געווען ברידער, זין פון ר' יצחק ביאַלי, אַ גרויסער האָלץ סוחר, באַרימט אין פוילן און אין דייטשלאַנד. גייסטיק זיינען זיי געווען אין גאַנצן פאַרשיידן. מענדל האָט באַזעסן אַ ירושה פון זיין פאָטער, אַ זעג־מיל (טאַרטאַק) אין אָסטראָלענקע, וואו ער האָט געלעבט אין עושר און כבוד. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און געזעלשאַפטלעכער טוער. זיין הויז איז געווען אַ האָטעל פאַר ציוניסטישע עסקנים, אינסטרוקטאָרן, וואָס פלעגן דאָרטן קומען. ער איז געווען פון די ערשטע ביישטייערער פאַר ציוניסטישע און צדקה־פאָנדן נישט

נאָר אין אָסטרעלענקע, נאָר אויך אין לאָמזשע, וואו ער פלעגט אָפט קומען.

ער האָט אַוועקגעשיקט זיין זון קיין א״י און האָט זיך געגרייט אַליין אויך עולה צו זיין מיט זיין פרוי. ער האָט אָבער פאַרשפּעטיקט און איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

מאָטל זיין ברודער האָט געהאַט בירושה אויך אַזאַ פאַבריק אין לאָמזשע. פון זיין יוגנט, נאָך פון 1904 איז ער שוין געווען אַ פירער פון „בונד״. איז געווען אַ ווידער־שפּרעכנדיקער טיפּ מיט זיינע פירונגען: אַן אַקטיווער פירער פון „בונד״, איבערגעגעבן צו אַרבעטער און גלייכ־צייטיק נישט ווייט פון איד. טראַדיציאָנעלע מנהגים. ער פלעגט באַזוכן אַ שול, זיך לאָזן געבן אַן עליה, אַ מפטיר און מנדר זיין מיט אַ ברייטער האַנט פאַר דער שול, זיך גע׳חבר׳ט מיט ציוניסטן און געלאָזן זיין פרוי זיין אַ טוערין אין „התחיה״ אין „וויצאָ״, און פלעגט אַליין ביישטייערן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר ציוניסטישע צוועקן. ער האָט אויך אונטערהאַנדלט וועגן קויפן אַ נחלה אין א״י.

דאָך האָבן אים אַלע אידן און קריסטן געאַכטעט. ער איז געווען אַ מיטגליד אין שטאָט־ראַט און אין דער איד. קהילה און קאַסירער פון אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעט ווי אַ פאָרשטייער פון „בונד״. זיין מוטער האָט ער אַוועק־געשיקט קיין א״י. דאָס זעלבע האָט ער אויך געטאָן מיט זיין שוועסטער. די מוטער איז געשטאָרבן אין תל־אביב. אַליין איז ער אומגעקומען ערגעץ אַרום סלאָנים. זיין אַנדערע שוועסטער אין לאָמזשע, זלאַטע בזשעזשינסקי, פרוי פון נחום, איז אומגעקומען מיט אירע קינדער אין לאָמזשע.

## לואי אַלטשילער און די ברידער וואַרנער

אין לאָמזשע האָבן צירקולירט קלאַנגען וועגן אביונים, וואָס האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע און געוואָרן דאָרטן זייער רייך. אַזעלכער איז געווען לואי אַלטשילער. ער איז אָבער פאַרבליבן צוגעבונדען צו לאָמזשע זיין געבורטס־שטאָט. יעדן יאָר פלעגט ער שיקן הונדערטער דאָלאַר אויף פסח פאַר אָרעמע לייט, אויסער זיין שטיצע צו זיין משפחה. אַזוי אויך האָט ער געשיקט צו יעדער וואויל־טעטיקער אינסטיטוציע 100 דאָלאַר יעדן יאָר. ער האָט אַליין באַזוכט לאָמזשע עטלעכע מאָל. אויך פאַר די נאַציאָ־נאַלע פאָנדן האָט ער אַסך בייגעשטייערט. ער האָט געגעבן אַמאָל נ. סאָקאָלאָוו׳ן אַ טשעק פון 20 טויזנט דאָלאַר פאַרן קרן היסוד. אַזאַ סומע האָט ער געלאָזן פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד ביים שטאַרבן.

אין יאָר 1928 האָט דער שרייבער פון די שורות אים באַזוכט אין זיין פּאַלאַץ לעבן ניו־יאָרק, מיט דער כוונה צונויפצוברענגען דאָרט אייניקע עשירים, וועלכע האָבן געשטאַמט פון לאָמזשע. די וואַרנער־ברידער, די פילם־מאַג־נאַטן, זיינען אויך אָפּשטאַמיקע פון לאָמזשע.

## שאול לעווין

ער האָט געשטאַמט פון ווילנע. איז געווען ר׳ הערש עפּשטיינ׳ס אַ שוואָגער. ער האָט זיך באַזעצט אין לאָמזשע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען באַהאַוונט אין אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, און האָט געהאַט אַ סך פאַר־ערער און ידידים דורך זיינע פּאָפּולערע לעקציעס פאַר אַרבעטער און יוגנט אין ליטעראַטור, היסטאָריע, נאַטור־וויסנשאַפט, אַסטראָנאָמיע, פילאָזאָפיע און פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע. ער איז געווען אַ מאמין אין קאָסמאָפּאָליטיזם.

אָבער צו 70 יאָר האָט ער געביטן זיינע אידייען. דער אַנטיסעמיטיזם פון דער פּוילישער רעגירונג און באַפעל־קערונג האָבן אים אויסגעניכטערט און ער איז גע־וואָרן אַ ציוניסט. ער האָט מיטגעאַרבעט אין „לאָמזשער שטימע״, וואו ער פלעגט דרוקן זיינע פּאָפּולערע וויסנ־שאַפטלעכע אַרטיקלען. אַ סך זשורנאַלן פלעגן זיי איבער־דרוקן. אין 1938 איז ער געשטאָרבן אויף זיין 82טן יאָר. אַלע קרייזן האָבן זיך באַטייליקט אין זיין לוויה.

רחל ראָזענבלום־סלוצקי

## ר׳ דוד ראָזענבלום ז״ל

### דאָס הויז געזינט פון מיין פאָטער

געבוירן געוואָרן אין אַ משפחה אין גאָווערראָווע, וואו ס׳איז געווען תורה און גדולה. מיין פאָטער האָט מען גערופן אין זיין יוגנט „גאָווערראָווער עילוי״. ער האָט אָבער נישט געוואָלט זיין קיין רב. ער האָט חתונה געהאַט מיט לאָמזשער מורה־הוראה׳ס טאָכטער, נעמי ציגאָוויץ, און געוואוינט אין רוזשאַן. ער איז געווען אַ צושטעלער צו מיליטער. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז רוזשאַן חרוב געוואָרן און מיינע עלטערן זיינען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן קיין לאָמ־זשע. דאָ האָט מיין פאָטער פאַרבראַכט זיינע טעג אין תורה און טאָן צדקה, און אין דעם גייסט האָט ער דערצויגן זיינע קינדער. איך האָב געלערנט פון אים תורה אַזוי ווי אַ זון.

ווייסנדיק אַז אידן האָבן נישט קיין צוקונפט אין פּוילן, האָט ער מיר נישט געשטערט אין מיינע ציוניסטישע טע־טעטיקייטן, ווי גרינדן און אָנפירן מיט דעם „השומר הלאומי״. ווען איך בין עולה געווען קיין ישראל האָט ער מיר באַ־שאָנקען מיט ברכות. עטלעכע יאָרן שפּעטער האָט עולה געווען מיין אינגערער ברודער ישראל־יצחק, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין „השומר הדתי״ און „הפועל המזרחי״. מיין ברודער האָט זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צו תורה אין לאָמזשער, סלאָבּימער און ווידער לאָמזשער ישיבות. ער האָט געלערנט צוזאַמען מיטן זיידן און אים געהאָלפן אין ענינים פון רבנות און אים פאַרטראָטן אין די נויטיקע אַמטן. ער האָט נאָך געפונען צייט צו לערנען און שרייבן זיין חיבור „ביכורי שחר״, וואו ער ווייזט אַרויס גאָר גרויס למדנות, און סך־הכל איז ער דאַן אַלט געווען 23 יאָר.

מיינע עלטערן, מיינע צוויי שוועסטער מאַשע און צפורה, און מיין ברודער פנחס, האָבן נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייערע שטרעבונגען עולה צו זיין קיין א״י. פנחס איז אַנטלאָפן פון אַ קאָנצענטראַציע לאַגער אין דייטש־לאַנד, געקומען קיין ווילנע, וואו ער האָט געענדיקט אַ טעכנישע הויך־שול. ער האָט געזוכט וועגן אַרויסצורייסן זיך קיין א״י, אָבער די רוסיש דייטשישע מלחמה האָט אויסגעבראָכן און ער איז צוריקגעקומען קיין לאָמזשע. דאָרטן איז אונזער משפחה צוזאַמען מיט אַלע אידן פון לאָמזשע אומגעקומען דורך די נאַציס.

## ישראל־מענדל קליאַן (דער קאַפּיטקאָווניק)

ער איז געווען אַ רודף צדקה צוזאַמען מיט זיין פרוי, רבקה, יודל בלומאָוויצ׳ס אַ שוועסטער. ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער אין „חברה תהלים״, „חברה תורה״, „הכנסת

כלה״. ער פלעגט געבן ביי זיך אין הויז פאַר די חברה׳ס קידושים און סעודות פורים. זיין פרנסה האָט ער געצויגן פון עפנטלעכע אונטערנעמונגען און געזעלשאַפטלעכע אַר־בעטן. דעם נאָמען „קאָפּיטקאָוויניק״ האָט ער באַקומען ווייל



ישראל מענדל קליאַן

ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע דאָס אָפּנעמען אָפּצאָל פון יעדן פערד (וואָס באַזיצט קאָפּיטעס), וואָס דאַרף אַריבער־גיין דעם פּיאַנטניצער בריק קיין לאָמזשע. עס איז געגאַנגען וועגן אים אַ וויץ: „ישראל־מענדל קליאַן נעמט אָפּצאָל נאָר פון אָרעמע פאַרערס, אויף פערד מיט קאָפּיטעס, אָבער נישט פון רייכע, וואָס פאָרן אין אויטאָמאָבילן״.

זיין זון, אליעזר, איז געווען פון די אַקטיווע חברים אין „התחיה״, איבערהויפּט לטובת „קרן קימת״. אַן עלטסטער פון דער פּאָליציי, קאַפּאַראָווסקי, האָט אַמאָל געהאַט געוואָרנט זיין טאַטן ער זאָל אַכטונג געבן אויף זיין זון, וועלכער גייט אין „פאַרברעכערישע״ וועגן. אָבער דער טאַטע האָט זיך געפריייט מיט זיין זונ׳ס טעטיקייטן. זיין איידעם ר׳ יצחק לעוויטע איז געווען פון די הויפּט געזעלשאַפטלעכע עסקנים און איבערגעגעבנסטע ציוניסטן אין פּיאַנטניצע. ער האָט עולה געווען קיין א״י און האָט געוואוינט אין רחובות.

## ר׳ איטשע־מאיר כץ און זיין פרוי אסתר

ר׳ איטשע־מאיר כץ איז געווען אַ גרויסער סוחר פון אייזן פאַר לאָמזשע און איר סביבה. זיין הויז אויף לאַנגע גאַס איז געווען פון די גרעסטע אין שטאָט. אַ סך יאָרן איז דאָרטן געווען די קהלה מיט אירע אַמטן. ער האָט דאָרטן געהאַט אין הויף זיינע גרויסע שפּייכלערס מיט זיינע אייזן סחורות. ר׳ א. מ. כץ איז געשטאָרבן יונג און איבערגעלאָזט אַ גרויסע משפחה: פינף זין און צען טעכטער. זיין פרוי, אסתר, איז געווען אַ גרויסע אשת־חיל. זי האָט געפירט מיט הצלחה דאָס גרויסע געשעפט און אויפגעהאָדעוועט און אויסגעבן אַלע אירע קינדער מיט גוטן דערפאָלג. איר הויז איז געווען אַ מוסטער פון אָרדנונג און פיינקייט. זי איז געווען אַ בעלת־צדקה: צענדליקער אורחים, תלמי־דים פון ישיבה און תלמוד־תורה, האָבן געגעסן טעגלעך ביי איר טיש. אין 1937 איז זי געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר. אַ סך האָבן איר מספּיד געווען. די גאַנצע שטאָט האָט איר באַגלייט צו איר אייביקער רו. בעת דעם דייטשישן אָנגריף אויף לאָמזשע, האָבן זיך זייער אַ סך אידן באַהאַלטן אין די קעלערן פון דער גרויסער הויז. אָבער צום אומגליק איז אַ באָמבע געפאַלן אין יענעם הויף און זייער אַ סך זיינען אומגעקומען.

דוד סמילאַנסקי

## חיה, ר׳ מאיר חסיד׳ס טאָכטער

### (פון די ערשטע פּיאָנערן פון ראשון־לציון)

חיה, ר׳ מאיר חסיד׳ס טאָכטער, האָט חתונה געהאַט זייער יונג מיט מנחם־מענדל דאַווידזאָן, אין יאָר 1891. אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה פאַרלאָזט ער זיין פרוי און אַנטלויפט קיין א״י. אין 1894, נאָך אַ קריגעריי מיט איר פאָטער, פאָרט חיה מיט איר דריי יעריק מיידעלע צו איר מאַן, פריער אין „נס־ציונה״ און נאָך דעם אין „ראשון לציון״. דאַווידזאָן איז געווען זיבן יאָר אַן ערד אַרבעטער. די משפחה האָט שטאַרק געליטן פון מאַלאַריע. נישט קענענדיק ווערן זעלבסטשטענדיק, פאָרט ער אַוועק אין 1898 קיין ציפּערן, שאַפט זיך דאָרטן איין לאַנד און אָרדנט זיך איין. נאָך פינף יאָר איז די משפחה געוואָרן גרעסער. דאַווידזאָן קערט זיך אום קיין א״י כדי צו דערציען זיינע קינדער אין אַ ארץ־ישראלדיקער סביבה. ער באַזעצט זיך ווידער אין „ראשון לציון״. אין יאָר 1906 קריגט דאַווידזאָן אַ שטעלע אין אַן אויל און זייף־פאַבריק, „עתיד״. שפּעטער איז ער פון די ערשטע עולים אויף די פּרוכטבאַרע פעלדער פון נידעריקן גליל און ווערט דער הויפּט אויפזייער אויף די מאַנדלען־פּרדסים. אין סאַמע מיטן פון זיין אינטענסיווער אַרבעט ווערט ער קראַנק און שטאַרבט צו 44 יאָר. ווערט באַערדיקט אין ירושלים.

זיין פרוי חיה מיט אירע זיבן קינדער, איינס אַ יאָר אַלט, וואוינען אין ראשון לציון, פירט אַן אייגענע ווירט־שאַפט שטיל און באַשיידן. זי אַרבעט אין פעלד, אין גאָרטן און דערציט אירע קינדער צו זיין גוטע פלייסיקע ערד־אַרבעטער. אַלע אירע קינדער האָבן חתונה געהאַט אין „ראשון לציון״. מר. פ. וויגאָדסקי איז איינער פון אירע איידעמס. חיה דאַווידזאָן האָט זוכה געווען אויפצושעלן אין א״י דריי דורות, אַלע צוגעבונדן צו אַגריקולטור־ווירטשאַפט. דריי חדשים פאַר איר טויט האָט זי זוכה געווען צו זען איר זון אַלס אָפיציר צוריקקערנדיק זיך פון דינסט אין דער „אידישער בריגאַדע״.

בנימין סופינסקי

## יהודה דער שדכן

ער איז געווען אַ באַליבטער פאָלקסטימלעכער מענטש, וועלכער האָט געהאַט אייניקע באַשעפטיקונגען און דערפאַר אייניקע צונעמען. ר׳ יהודה „מגיד״ האָט ער געהייסן, ווייל



יהודה שדכן

ער פלעגט זיין אַ מגיד פאַר געוויסע נויטיקע אינסטיטוציעס ווי: „הכנסת אורחים״, „השגחת יתומים״, „גמילות חסדים״ אאַז״וו. זיין ציטירן אגדות חז״ל איז געווען מיט הומאָר.

מען האָט אים גערופן אויף יהודה דער שדכן, ווייל ער האָט משדך געווען ישיבה־בחורים מיט בעלי־בתים, צו עסן ביי זיי „טעג". ישיבה־בחורים פלעגן קומען צו אים שוין חול המועד פסח, אָדער סוכות, ער זאָל באַשטימען פאַר זיי טעג ביי די בעלי־בתים וואָס ער האָט געהאַלטן אויף אַ צעטל. דערוויסנדיק זיך, אַז אימיצער באַהאַנדלט נישט גוט זיין ישיבה־בחור, פלעגט ר' יהודה אים מוסר'ן. קענענדיק אַזוי אַרום אַלע ישיבה בחורים, האָט ער געדינט אויך אַלס שדכן ממש, מייסטנס פאַר די פון אַנדערע שטעט, וואָס פלעגן זיך ווענדן צו אים ער זאָל זיי שדכנ'ען אַ גוטן בחור פאַר זייערע טעכטער. אויף דעם געביט האָט ער געהאַט הצלחה.

פונקט אַזוי ווי ר' יהודה האָט געהאַט אַ חלק אין דער תורה דורך זיינע „טעג־שידוכים" און „חתן־שידוכים" אַזוי האָט ער אויך געזאָרגט פאַר פרומקייט: אין פאַרלויף פון 40 יאָר פלעגט ר' יהודה אַרומגיין, אין די ערגסטע וועטערן, איבער די גאַסן שבת פאַרטאָג און וועקן יעדן, אָנרופענדיק אים ביים נאָמען, ער זאָל אויפשטיין „לעבודת הבורא", דאָס האָט געמיינט אויפשטיין צו לערנען אָדער תהלים. שפּעטער פלעגט ער אַרומגיין איבער די חברות צו קאָנטראָלירן צי אַלע וועמען ער האָט אויפגעוועקט זיינען דאָ. טאָמער האָט אימיצער געפעלט, פלעגט ער גיין אין זיין הויז, אויסגעפינען די סיבה צי ער איז נישט ח"ו קראַנק, אָדער עפּעס אַנדערש. ער פלעגט באַשטעלן פאַר געצאָלט אימיצער זאָל דאָס טאָן פאַר אים, ווען ער פלעגט פאָרן ערגעץ אויף אַ שבת אַלס מגיד.

אסנת זשאַטקעוויץ־בונה

## מיינע זיידעס:

### דוד־הערש זשאַטקעוויץ פון געלצין

ער איז געווען מיין פאָטערס־פאָטער, אַן עושר, אייגנטימער פון אַ גרויסן גוט אין געלצין, זיבן קילאָמעטער פון לאָמזשע. די פעלדער פלעגט ער באַאַרבעטן מיט געדונגענע פויערים אָדער ער פלעגט זיי אָפּגעבן אין אַרענדע.



אסנת זשאַטקעוויץ־בונה

ער איז געווען אַ למדן, ירא שמים, מכניס אורחים פאַר די וואָס פלעגן פאַרבייפאָרן זיין הויז. ער האָט דאָרטן אויפגעהאַלטן אַ „מנין" פאַר די דאָרטיקע אידן. יעדן דאָנערשטיק פלעגט ער קומען קיין לאָמזשע טיילן צדקה צו אָרעמע אידן אויף שבת.

נאָך מיין באָבע־רבקה'ס טויט, בלייבנדיק איינזאַם, האָט מיין זיידע באַשלאָסן עולה צו זיין קיין א"י. ער ליקווידירט זיין גוט און צעטיילט זיין פאַרמעגן צווישן זיינע פיר קינדער: צוויי זין און צוויי טעכטער, לאָזנדיק פאַר זיך גענוג פאַר זיין לעבן. ער צעטיילט דאַן צדקה, באַזונדערס אין „הכנסת אורחים", וואו ער קויפט איין נייע בעטן, מאַטראַצן און דעקעס. ער ווירקט אויף זיין עלטסטן זון, אַליין אַ טאַטע פון אַן איינציקן זון, ער זאָל ליקווידירן זיינע עסקים און פאָרן מיט אים. אין יאָר 1909 נעמען זיי מיט אַ ספר־תורה און לאָזן זיך אין וועג.

אין א"י גליקט זיי נישט אָפּ: דער קלימאַט דינט זיי נישט, און זיי קרענקען. מיין זיידע וויל נאָך אַלץ בלייבן אין דעם הייליקן לאַנד, אָבער מיין פאָטער ווירקט אויף אים און ביידע קערן זיך צוריק קיין לאָמזשע. די ספר־תורה לאָזן זיי איבער אין „מאה שערים". זי איז נאָך היינט דאָרטן פאַראַן. מיין זיידע האָט געהאַט בדעה צוריק עולה צו זיין קיין א"י. דערווייל פאַרנעמט ער זיך בלויז מיט וואוילטעטיקייטן: יעדן טאָג קומט ער אין איד. שפּיטאָל און איז „מחיה" די קראַנקע מיט געזונטע עסן און דערקוויקונג. ער קויפט אָפּ דעם נאָענטן צום שפּיטאָל — פּלאַץ פון ישראל־נחום און בויט דאָרטן אַ גרויסן אייז־קעלער פאַרן שפּיטאָל. דאָס האָט ער געטאָן כדי צו פאַרמיידן אַ סיכסוך צווישן די שפּיטאָל־גבאים און ישראל־נחום. מיט דער צייט ווערט ער אויסגעקליבן פאַר הויפּט־גבאי פון שפּיטאָל, וואו ער פאַרברענגט דעם טאָג. ער פאַרוואַלטעט איבער אַלץ און אַלעמען און לייגט נאָך צו גרויסע סומען פון זיינע אייגענע. נישט קוקנדיק אויף זיין קפּדנות, האָבן אים אַלע זייער געאַכטעט, וויסנדיק זיין ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט צום שפּיטאָל. ער איז נפטר געוואָרן אין גוטן עלטער, 86 יאָר, תמוז, תרפ"א (1921).

### מרדכי בן אהרן יאַזשאַמבעק

דאָס איז געווען מיין צווייטער זיידע, מיין מוטער'ס פאָטער. ער האָט געשטאַמט פון דעם אָרעמען קלאַס, פון עמך, און זיך געהאַלטן אין פשטות, נישט קוקנדיק וואָס ער איז געווען רייך. ער האָט געהאַנדלט מיט תבואות, סעזאָן פּרוכטן, וואָס ער פלעגט ברענגען פון וואַרשע, און מיט פיש געבראַכט פון פּרייסן. ער פלעגט אויך האַלטן אין אַרענדע פעלדער און גערטנער.

אין זיינע געשעפטן איז ער געווען זייער ערלעך. ווען אימיצער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט נישט פאַרדינט פון זיינער אַ קניה ביי אים, פלעגט מיין זיידע אים רופן צו זיך, טרינקען מיט אים „לחיים" און אומקערן אים זיין קריוודע. ווען אַן אָרעמאַן האָט געבעטן ביי אים אַ נדבה, פלעגט ער אַריינשטעקן זיין האַנט אין קעשענע פול מיט קליינגעלט, אַרויסנעמען נישט ציילנדיק און געבן מיט אַ שמייכל. ס'איז נישט געווען קיין חברה, וואָס ער זאָל נישט ביישטייערן צו איר. אַמיינסטנס איז ער געווען אָפּגעגעבן צו העלפן מיט גמילות חסדים צו די אָרעמע און באַדערפטיקע. ביי איינעם איז אַ פערד „געפאַלן", אימיצער דאַרף אַלס קראַנקער פאָרן קיין וואַרשע צו אַ דאָקטאָר, אָדער פאַר אַן אָפּעראַציע, האָט מען געוואוסט זיך צו ווענדן צו ר' „מאָטקע פישער" און באַקומען אַ גמילת־חסד אָדער אַ נדבה. דער זיידע פלעגט נישט פאַרשרייבן וועמען ער אַנטלייט, טענה'נדיק צו מיין באָבע, שיינע, וועלכע פלעגט אים אויס'מוסר'ן פאַר וואָס ער טוט עס: „ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, וועט מיר דאָך סיווי אָוועקגעבן, אלא דער וואָס וועט נישט וועלן — איך וועל נישט גיין קלאָגן אַן אָרעמאַן". עס קומען בעלי־בתים מיט משכנות ווי, זילבערנע לייכטער, טיש־זילבערוואַרג נאָך אַן אַנלייע. מיין באָבע וועלכע פלעגט דעם משכון באַהאַלטן, פלעגט אים אָפּשיקן צוריק פאַר אַ

יום־טוב, אַפילו נישט באַצאָלטערהייט, כדי נישט צו פאַרשטערן דעם געדריקטן זיין יום־טוב. און וואָס מער צדקה און גמילת־חסדים מיין זיידע פלעגט טאָן, אַלץ רייכער איז ער געוואָרן. אַלס חבר אין „חברה תהלים", פלעגט מיין זיידע אַלע פאָר טעג זאָגן דאָרטן דעם יום תהלים און פאַרנאַכט לערנען אַ פרק משניות. אָרעמע, באַדערפטיקע האָבן שטאַרק באַוויינט זיין טויט.

י. זיידענשטאַט

## לייבל כהן פרידמאַן

ער איז געווען אַ צדיק־תמים. פאַר פרנסה האָט זיין פרוי מער גע׳דאגה׳ט ווי ער, ווייל ער איז געווען פאַרנומען מיט באַזאָרגן די ישיבה־בחורים וואו צו עסן שבת. ביי זיין טיש פלעגן עסן אַרום 20 בחורים. אַז ס׳איז נישט געווען פון וואַנען אָנצוגרייטן, פלעגט ער אַרומגיין איבער די קראָמען און יאַטקעס און אָנבאָרגן לרוב. צו זיין פרוי פלעגט ער לכתחילה זאָגן, אַז דאָס האָט מען אים געגעבן פאַר די ישיבה בחורים. שפּעטער האָט זי זיך געבראָכן דעם קאָפּ ווי אַזוי צו באַצאָלן. צוליב זיין צידקות פלעגט מען אים מכבד זיין מיט „פדיון הבן־מתנות" אַלס סגולה פאַר דעם קינד׳ס גוטסקייט און פרומקייט. פון זיין זיסער שטימע האָט ער נישט געמאַכט קיין פאַרדינסט — ער פלעגט דאַווענען פאַרן עמוד אין דער ישיבה שבתים און ימים־טובים.

מיט דער צייט, נאָך ביי דעם צאַר, האָט דער רב אים רעקאָמענדירט אַלס חזן־רב פאַר די אַרעסטירטע אין טורמע. דאָרטן האָט מען אָנערקענט זיין פרומע פערזענלעכקייט און מען האָט געהאַט גרויס צוטרוי צו אים. מען פלעגט ברענגען עסן די אַרעסטאַנטן. ביי זיין דאַווענען פלעגן זיך צונויפקומען די אַרעסטאַנטן גיכער צו כאַפּן אַ שמועס אָדער צו באַזאָרגן אַ צעטעלע דורך דעם חזן־רב, וואָס זיי פלעגן אַריינשטעקן אין זיינע קעשענעס אָן זיין וויסן. שפּעטער ביי זיך אין הויז געפינענדיק זיי, פלעגט ער שוין איבערגעבן צום ריכטיקן פּערזאָן. אָדער די אַרעסטאַנטן פלעגן „אַריינזאָגן" אין אים זייערע נויטיקע רייד און ער מיט זיינע גוטע מידות פלעגט שוין איבערגעבן וועמען מ׳דאַרף, אָדער די פאַראינטערעסירטע קרובים פלעגן אַליין קומען און געוואויר ווערן וואָס מען האָט גערעדט צו אים.

די טורמע־אויפזעער האָבן זיך אַמאָל געכאַפּט וועגן דער דאָזיקער ראָל וואָס דער רב־חזן פירט דורך פאַר די אַרעסטאַנטן און זיי האָבן אים באַזוכט ביי זיין אַרויסגיין און טאַקע געפונען אַ סך צעטעלעך. קענענדיק אָבער זיין ערלעכקייט, אַז ער טוט דאָס נאָר פון גוטסקייט, האָבן זיי אים נישט באַשטראָפט. זיי פלעגן אים נאָר באַזוכן, אָבער געלאָזט אָנגיין מיט זיינע טעטיקייטן. נאָכן באַפרייט ווערן פון טורמע פלעגן אַ סך פון די „געזעסענע" געדענקען אים און אַריינשיקן פּעקלעך מיט נויטיקע זאַכן, אָדער געלט „מתן בסתר". ער האָט שטענדיק געלעבט אין אָרעמקייט און אין צער, אָבער איז שטענדיק געווען צופרידן, ווייל „די ליידנדיקע אויף דער וועלט געניסן פון עולם־הבא", פלעגט ער שטענדיק זאָגן.

איינמאָל, אין יאָר 1938, גייענדיק פון זיין לערנען דעם שיעור אין דער ישיבה צו זיין היים, זיינען אים באַפאַלן פּוילישע כוליגאַנעס מיט געשרייען: „שלאָגט אידן" און אים צעשלאָגן און פאַרוואונדעט. עטלעכע וואָכן נאָך דעם איז ער געשטאָרבן פון די וואונדן. זיין טאָכטער, שיינהויז, איז אין מדינת־ישראל.

## אברהם צבי ראָגאָניצקי

ער איז געווען באַלאָדן מיט מצוות און מעשים טובים. אַלס גבאי פון חברה־תהלים, האָט ער געזאָרגט און באַזאָרגט דאָס נויטיקע, אַ סך מאָל מיט זיין אייגן געלט, ווען אין קאַסע האָט אויסגעפעלט. ער פלעגט זאָרגן פאַר באַהייצונג אין ווינטער, כדי אַ טרעגער, בעל עגלה, גאַסן־שטייער זאָלן זיך קענען אָנוואַרעמען אין די פרעסט. ער האָט געזען צו צאָלן שכירות דעם רבין, וואָס פלעגט לערנען מיט זיי משניות, אָדער תהלים בין מנחה־למעריב. אויך אין דער גרויסער שול האָט ער אויסער געלט אויך פיל ביי געטראָגן מיט אַרבעט פאַר דעם ארון־קודש. דאָס האָט ער געטאָן צוזאַמען מיט זיין זון גרשון־וועלוול. די גבאים פון שול האָבן אַלס צייכן פון אָנערקענונג און דאַנק צו אים מכבד געווען מיט אַ חזקה אויף נעילה־דאַווענען פאַרן עמוד, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן ביז זיין עולה זיין קיין א״י.

פאַר „השגחת יתומים" האָט ער פיל געטאָן: אין פרעסט אָדער ברענענדיקע היצן, פלעגט מען אים זען דאָנערשטיק און פרייטיק באַגלייט פון צוויי טרעגער מיט גרויסע קאָרבן אַרומגיין איבער די יאַטקעס און פישערס און זאַמלען עסן־נדבות פאַר „השגחת יתומים" קינדער. פאַר די ישיבה־בחורים האָט ער געזאָרגט, זיי זאָלן האָבן „טעג" און פאַר די תלמוד־תורה קינדער האָט ער געשאַפן שיכלעך און בגדים.

איינמאָל ווען די ישיבה איז געווען אין אַ נויט און ס׳איז נישט געווען צו צאָלן שכירות צו די רביים און וואָכערס צו די תלמידים, האָט ר׳ צבי ראָגאָניצקי געבראַכט צום ראש הישיבה דעם נדן פון זיין טאָכטער, דערקלערנדיק: „מיין טאָכטער וועט אי״ה אין דעם זכות קריגן אַ חתן אָן נדן, איך האָף אויך, אַז ווען ס׳וועט ווערן בעסער, וועט מען מיר צוריקקערן מיין געלד".

אין יאָר 1920 האָבן די פּאָליאַקן דער׳הרג׳עט זיין זון צוזאַמען מיט די ברידער סעגאַלאָוויץ. אויף זיין הויכער עלטער איז ער עולה געווען קיין א״י צו זיין טאָכטער אין תל־אביב. דאָרטן האָט ער פאָרגעזעצט זיינע וואוילטעטיקייטן. אויפן 86טן יאָר זיינעם איז ער געשטאָרבן. די געבליבענע אין לאָמזשע, צוויי זין מיט אַ טאָכטער, זיינען אומגעקומען אין חורבן.

## מיכאל סרעבראָוויץ

ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ משפחה פון לומדים און מיוחסים. איז געווען אַן איידעם פון סואוואַלקער רב, מאגענצא. אין יאָר 1910 האָט ער זיך באַזעצט אין לאָמזשע. ער איז געווען אַ גרויסער האָלץ־סוחר, אַ משכיל און חובב־ציון, פון די אָנגעזעענע חברים פון „התחיה" און אַ סך געזעלשאַפטלעכע און צדקה־אַנשטאַלטן, איז אָבער געווען אַן עניו. ער פלעגט אונטערשטיצן יונגע תלמידי־חכמים זיי זאָלן אויסברייטערן זייערע געביטן פון וויסנשאַפטן.

אין אָנהייב פון דער נאַצי־הערשאַפט איז ער אַנטלאָפן מיט זיין פאַמיליע צו זיין איידעם אין באַראַנאָוויץ, דר. ראַבינאָוויץ און זיין טאָכטער חיה. אָבער זיי זיינען שפּעטער אַלע דאָרטן אומגעקומען. זיין עלטסטער זון, יוסף, פון די צעירי ציון־עסקנים מיט רעוואָלוציאָנערע אידייען, וואָס ער האָט געבראַכט פון רוסלאַנד, איז דאָרטן ערגעץ אומגעקומען. זיין זון זלמן איז אין ישראל.

מ. סרעבראָוויץ׳עס שוואָגער, ישראל־חיים מאַגענצאַ, אַ פּאָעט און פּעדאַגאָג, איז אין לאָמזשע געווען פון די גרינדער פון „התחיה". ער איז נאָך דעם געווען אַקטיוו אין קולטורעלע און פּעדאַגאָגישע געביטן אין פּוילן, ליטע און טשעכאָסלאָוואַקיע. היינט איז ער אין ישראל.

## טוביה פענסטער

זיין פאָטער משה פענסטער האָט געוואוינט אין דאָרף סומאָווא לעבן זאַמבראָוו. איז געווען רייך. ער האָט אויסגעהאַלטן ביי זיך אַ בית מדרש, וואו ער פלעגט לערנען מיט די מתפללים יעדן שבת די סדרה פון דער וואָך. אין 1876 איז ער געפאָרן אַלס טוריסט קיין א״י — אין יענער צייט אַ זעלטענע דערשיינונג. קומענדיק צוריק האָט ער זיך אָנדערציילט אַ סך וואונדערס פון דעם הייליקן לאַנד. אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט ער זיך באַזעצט אין לאָמזשע. מען האָט אים גערופן: „דער אידישער פריץ״. דאָס גאַנצע לעבן זיינס איז געווען אַ קייט פון צדקה און חסד צו מענטשן. לאָמזשער קהלה האָט מיט גרויס כבוד אים מספיד געווען נאָך זיין טויט.

זיין זון, טוביה, איז אַלט געווען 13 יאָר, ווען זיין פּאָטער האָט אין יאָר 1881 זיך באַזעצט אין לאָמזשע. ער האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג. ער האָט געלערנט און גערעדט רוסיש, פויליש און פראַנצויזיש. נאָך זיין חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין וואָלקאָוויסק און געעפנט דאָרטן



טוביה פענסטער

אַ באַנק. נאָכן פאַלן פון דער צאַרישער רעגירונג, איז זיין פאַרמעגן פאַרלוירן געגאַנגען. פון רוסלאַנד קומט ער קיין בעלגיע, וואו ער האָט געוואוינט אַרום 25 יאָר. אין דער צייט פון דער נאַצישער ממשלה באַהאַלט ער זיך אויס ערגעץ אין אַ מאָנאַסטיר. אין 1951 קומט ער אָן אין בראַזיל צו זיין זון.

ט. פענסטער האָט פאַרעפענטלעכט אַ סך דערציילונגען און מעמואַרן אין העברעאיש און אין אַ זאַפטיקן אידיש, אין צייטונגען און זשורנאַלן, וועלכע האָבן אים געגעבן גרויס אָנזען. צו דעם אַלעם האָט ער אויך געהאַט אַלס צוגאָב אַ וואונדערלעכן זכרון און אַ זעלטענע קאַליגראַפישע האַנטשריפט. ער האָט אַריינגעגעבן אין דעם דאָזיקן לאָמזשער פינקס אַ סך פון זיינע מעמואַרן. זיין שוועסטער איז נחמן יאַקאָבי׳ס מוטער.

## חנוך אייזענשטאַט

געבוירן אין גראַיעווע. באַזעצט זיך אין לאָמזשע נאָך זיין ווערן ה׳ מאַלינאָוויצ׳עס איידעם. אין אַ קורצער צייט ווערט ער פון די הויפּט עסקנים און פרנסים פון לאָמזשער קהלה און פאַרנעמט דעם פלאַץ פון ר׳ סענדער־מיכל בזשאָזאַ אַלס ראש הקהל. אין „מגן אברהם״ פאַרשטאַרקט ער דעם ציוניזם. דורך זיין איניציאַטיוו ווערט אַריינגעבראַכט אין די פאַרוואַלטונגען פון קהל׳שע אַנשטאַלטן אַ מער דעמאָקראַטישער גייסט און אָרדענונג דורך פאַראויספלאַנירטע בודזשעטן. דאָס הויז פון „מושב זקנים״ איז



הענעך אייזענשטאַט

דורך אים איינגעשאַפן געוואָרן. ר׳ מאיר צעכאַנאָוויץ און פרוי אַמסטערדאַמסקי זיינען געווען די גבאים. ד. ז. איז דער בנין פון „תלמוד תורה״ אויפגעשטעלט געוואָרן אַדאַנק זיין ענערגיע און מיט דער מיטהילף פון ר׳ סענדער־מיכל בזשאזאַ. מיט זיין דעמאָקראַטישער באַנעמונג איז ער אַריינגעדרונגען אַפילו אין דער „חברה קדישא״. אויף זיין אייגענער אַחריות האָט ער געלאָזט אויסגראָבן אַ מת, שלמה סלאַמאָוויץ, און מקבר געווען אין אַן אַנדער קבר, נאָך דעם ווי זיינע בני־בית האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זיין גוט באַצאָלטער קבר איז צו־נאָענט צום פּאַרקאַן, און הרב שאַצקעס האָט געזאָגט אַז אַ רב פרעגט מען נישט אין אַזוינע ענינים. דער ראש החברה ר׳ חיים־זלמן יעלין איז געווען אין כעס אויף דער מעשה און געפאָדערט צו באַזייטיקן אייזענשטאַט׳ן פון דער חברה.

אויך אין דעם ענין שחיטה האָט ער אַריינגעבראַכט אָרדענונג און געמאַכט דעם קהל אַלס גאַנצן פאַרוואַלטער און די קיבוצים האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין דעה איבערן שוחט ווי אַמאָל. עס פלעגט דערגיין צום דעם אַז דער שוחט פלעגט זיך דאַרפן באַהאַלטן פאַר אַ צייט אויס מורא פאַרן כעס פון קצב, ווען ער פלעגט מאַכן טריף אַ בהמה. ר׳ ח. אייזענשטאַט האָט אויפגעשטעלט אַ נייע סאַניטאַרע שחיטה הויז פאַר עופות, וואו מען האָט פאַר אַ געוויסער איינצאָלונג באַקומען אַ צעטל, וואָס מען פלעגט געבן דעם שוחט אָנשטאָט, ווי פריער, געלט. דורך זיין איניציאַטיוו האָט די קהלה געעפנט אַ מין „קראַנקען־קאַסע״ פאַר אָרעמע לייט, וועלכע פלעגן דאָרט באַקומען אַ צעטל פאַר אַ דאָקטאָר און רפואות אין די אַפטייקן פון צוקערבראָט און זאַלקין, ווייל די קהלה האָט געזאָרגט נישט נאָר וועגן רעליגיעזע ענינים פון דער אידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך וועגן אַלגעמיינער סאָציאַלער הילף. ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט, איז אייזענשטאַט אין נאָמען פון דער קהלה אויפגעטרעטן פאַרן סטאַראָסטע און אויך פאַרן אינערן־מיניסטער און געפאָדערט שוץ פאַר דער איד. באַפעלקערונג און איר פאַרמעגן. אויך פאַרן „החלוץ״ און די „הכשרה״ פונקטן האָט די קהלה, אַ דאַנק אים, באַשטימט אַ סובסידיע.

ר׳ ח. אייזענשטאַט איז אַ סך יאָרן, ביז זיין עליה קיין א״י, געווען פאָרזיצער פון לאָמזשער „מזרחי״, חבר פון צ. ק. פון „מזרחי״ פון פוילן, חבר פון וועד פון אַלגעמיינעם „מזרחי״ און חבר פון דער איד. אַגענטור פאַר א״י. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס חבר פון לאַנדס־ראַט פון „קרן־היסוד״ פון פוילן. ער איז געווען „מזרחי״ דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס. אין ארץ ישראל איז ה׳ אייזענשטאַט טעטיק אין דעם „מזרחי״. ער דערפילט אַ וויכטיקע פונקציע אין דער הויפּט־הנהלה.

## מאיר אָרלאָווסקי

געבוירן אין פולטוסק, איז ער געקומען אין לאָמזשע אין 1908 אַלס אַגענט פון פוילישע פאַבריקן פון אַגרי־קולטור מאַשינען. אַ פּעאיקער און פלייסיקער, עפנט ער אַליין מיט דער צייט אַ קליין פאַבריקל מיט ה׳ ראַכלין אַלס הויפּט מעכאַניק. זיין שווער גראַסמאַן פון אָסטראָלענקאַ האָט געהאָלפן אין דעם. די אונטערנעמונג איז אַוועק מיט הצלחה, און ה׳ אָרלאָווסקי פירט שוין אַ פאַבריק, וואו ער באַשעפטיקט 500 אַרבעטער און עפנט אַ סך אַגענטורן אין פאַרשידענע שטעט אין פוילן. צו זיינע פוילישע אַרבע־טער און אידישע אַנגעשטעלטע באַציט ער זיך ווי אַ פאַטער, דעריבער האָבן אַלע גרויס רעספּעקט פאַר אים. חלוצים קריגן „הכשרה״ אין זיינע פאַבריקן.

ה׳ אָרלאָווסקי איז גלייכצייטיק געווען אַ געזעלשאַפט־לעכער עסקן און ציוני: ראַטמאַן אין לאָמזשער שטאָט־ראַט, פאָרזיצער אין פייערלעשער־קאָמאַנדע, חבר פון ציוניסטישער עקזעקוטיווע פון פוילן, וויצע פאָרזיצער אין „התחיה״. ער האָט בייגעשטייערט צו די ציוניסטישע פאָנדן מיט אַ ברייטער האַנט.

אין דער צייט פון „גראַבסקיס־עליה״ פאָרט ער קיין א״י אויסקוקן די מעגלעכקייטן פאַר אים זיך דאָרטן צו באַזעצן און פירן זיינע געשעפטן. ער קויפט דאָרטן לאַנד און קערט זיך צוריק קיין לאָמזשע, וואו ער פאַרברייטערט זיינע פאַבריקן. ער קויפט צו פלאַץ ביי ה׳ נ. בזשעזשינסקי און אויפן סמך פון צוזאָגן פון דער פוילישער מלוכה־באַנק צו געבן אים הילף דורך הלוואות, גייט ער אָן מיט זיינע פּלענער. באַלד געפינט ער זיך אין אַ קלעם, ווייל די רעגי־רונג האַלט נישט איר צוזאָג. ווי דערמאָנט אין אַן אַנדער פּלאַץ, דרייט ער זיך אַרויס מיט דער הילף פון פּריוואַטע הלוואות. זיינע זין: אינזשיניער שמואל און שמחה (ער איז געווען פירער פון לאָמזשער רעוויזיאָניסטן) האָבן אים גע־האָלפן אין זיינע טעטיקייטן.

די צווייטע וועלט־מלחמה ברעכט אויס און ה׳ אָרלאָווסקי אַלס ציוניסט ווערט פאַרשיקט מיט זיין פרוי, שנור, שמחה׳ס פרוי און אירע טעכטער, קיין סיביר. זיין זון שמחה ווערט אַרעסטירט אין רוסלאַנד און קומט אום. זיין זון, שמואל, איז געווען אַן אָפיציר אין דער פוילישער אַרמיי און געוואָרן באַרימט דורך זיין אַרונטערשיסן אַ דייטשישן עראָפּלאַן אין ערשטן טאָג פון זייער לופט־אַנגריף אויף לאָמזשע. ער איז דערנאָך אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן. ווען ער איז געוואָרן באַפרייט, איז ער באַשטימט געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער רעגירונג פון פוילן אַלס פירער פון מלוכה־פאַבריקן אין לאָדזש.

ה׳ אָרלאָווסקי איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, וואו ער האָט אַ סך געליטן, קיין לאָמזשע. פון דאָרטן האָט ער מיט זיין פרוי עמיגרירט קיין אַרגענטינע צו זיין טאָכטער און איידעם י. געלצינסקי. דאָרטן פּרו־בירט ער צו בויען אַ פאַבריק, אָבער ער רייסט איבער זיין פּלאַן און קומט קיין א״י צו זיין טאָכטער און איידעם, אַדוואָקאַט שאַליט (סלאָוואַטיס), וועלכער איז געקומען קיין ישראל פון דייטשלאַנד, וואו ער איז געווען אַ געפאַנגענער אַלס פוילישער מיליטער־מאַן. פרוי אָרלאָווסקי איז אַ צע־בראָכענע, אַ קראַנקע פון אַזוי פיל דורכמאַכן. זי שטאַרבט אין קורצן. ה׳ אָרלאָווסקי אָרדנט זיך איין אַלס אַנגעשטעלטער אין אַ האַנדלס־הויז. זיין גרויסע פאַבריק אין לאָמזשע איז אין באַזיץ פון פּאָליאַקן.

## אליהו זיידענשטאַט

געבוירן אין נאָוואָגראַד, פון „עמך״ מענטשן. ערלעך און פיין אין כאַראַקטער, זייער איבערגעגעבן לטובת הכלל, אָבער זייער באַשיידן און זוכט נישט קיין כבוד. ער איז געווען גבאי פון דער גרויסער שול. נאָך אין זיין יוגנט קומט ער אָן אין ר׳ זונדל בערמאַנ׳ס הורט געשעפט פון מאַ־נופאַקטור אַלס משרת און דערגייט ביז הויפּט פון די אָנ־געשטעלטע און סאַמע באַגלויבטער ביי ר׳ טוביה בערמאַן און זיין זון.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה ברעכט אויס, נעמט מיט זיך מיט ר׳ טוביה בערמאַן אַ טייל פון זיינע סחורות און טראָגט זיך איבער קיין רוסלאַנד. דאָ, אין לאָמזשע, בלייבט ר׳ א. זיידענשטאַט און פירט ווייטער בערמאַנ׳ס געשעפט מיט ערלעכקייט, איבערגעגעבנקייט, פּינקטלעכקייט און מיט גוטן דערפאָלג. ווען ר׳ טוביה בערמאַן קומט נאָך דער מלחמה צוריק און געפינט אויס ווי ערלעך און הצלחה׳דיק זיין אָנ־געשטעלטער האָט געפירט פאַר אים זי״ן געשעפט, שענקט ער אים, אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט, אַ גרויסן פּראָצענט פון ריווח און באַשטימט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פון גע־וויסע סאָרטן מאַנופאַקטור פאַר פרוי זיידענשטאַט, אויס־שליסלעך, צו פאַרקויפן.

ר׳ א. זיידענשטאַט גיט זיך אָפּ אַ סך מיט די ענינים פון שול, סיי מיט דער אויפהאַלטונג פון בנין, אָרדנונג, ריינקייט און סיי מיט דער פאַרוואַלטונג און פירונג, ווי: אויפמאָנען די נדרים און אַנדערע הכנסות, אויך דאָס צאָלן בעסערע שכירות און אין צייט צו אַלע אַנגעשטעלטע, ווי שמשים, חזן, משוררים אאַז״וו. ער פירט אויך איין מען זאָל מנדר זיין ביי „עליות״ לטובת ארץ ישראל.

אויף זיין עלטער, אין יאָר תרצ״ג (1933), ליקווידירט ר׳ א. זיידענשטאַט זיינע עסקים און אַלס „קאַפּיטאַליסט״ (די מאַנדאַט־רעגירונג האָט פריי אַריינגעלאָזט אין א״י מיט אַ פאַרמעגן פון טויזנט פונט און מער) איז ער עולה מיט זיין פרוי קיין א״י. אין זיין לעצטן שבת אַלס גבאי אין שול, אין חדש אלול, געזעגנט ער זיך האַרציק מיט די מתפללים. אויף צו־מאָרגנס מאַכן אים די גבאים פון שול אַ באַנקעט און דערלאַנגען אים אַן אָפּשיידס־בריוו פול מיט האַרציקע



אליה זיידענשטאַט און זיין פרוי באַאַרבעטן דעם גאָרטן ביי זייער הויז אין בני־ברק (ישראל).

ברכות און אָנערקענונג. אַ טאָג נאָך יום כיפור קומען זיי אָן אין א״י דאָרטן נעמט זיי אויף צו זיך אין הויז זיין געהילף פאַר אַ סך יאָרן ביי ר׳ טוביה בערמאַן ה׳, משה גאָלדמאַן. נאָך אַ חדש צייט וואוינען ביי אים, קויפט ר׳ א. זיידענשטאַט אַ הויז אין „בני ברק" און עפנט דאָרט אַ קראָם פון מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע. ער האָט הצלחה און ווערט באַרימט. דאָ ווערט ער אויך דערוויילט אַלס גבאי פון דער נייער שול, וואָס ער האָט פיל געהאָלפן מיט געלט און מי אויפצובויען. דאָס איז אַן אַשכנזישע שול מיט אַן עזרת־נשים און עלעקטרישע באַלייכטונג. פאַר זיין כבוד האָט מען אַ נאָמען געגעבן די שול: „אליהו הנביא׳ס שול" און דאָס געסל דאָרט: „דאָס געסל פון אליהו הנביא". ר׳ א. זיידענשטאַט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס גבאי פון שול אויף זיין גאַנצן לעבן. ער פירט זי מיט טיכטיקייט און איבערגעגעבנקייט אַזוי ווי פריער אין לאָמזשער שול.

## הרב פישל צעכאַנאָוויץ

ווער געדענקט נישט הרב פישל צעכאַנאָוויץ? געשיקט, קלוג, ברייט און טיף געלערנט אין תלמוד; נישט פרעמד אין השכלה, און קלוג אין וועלטלעכע ענינים מיט אַ געל בערדל און גרויליכן קאָפּ ווען נאָך יונג. זיין פאָטער איז געווען ר׳ יעקב פייוול מעל־סוחר אויף דער „לאַנגער גאַס". זיינע פעטערס זיינען געווען ר׳ חיים צעכאַנאָוויץ (חיים דער פאַרבער), דער מכניס אורחים, און מאיר צעכאַנאָוויץ, דער מעל סוחר, הויפּט טוער פון מושב זקנים (געשילדערט פריער אין דער אָפּטיילונג). ר׳ פישל פירט אָן מיט אַ פאַבריק פון צוקערקעס.

הרב פישל האָט געוואוסט ווי אַרויסצוברענגען זיין לומדות און וועלטלעכע ידיעות — ער איז געווען אַ דער־פאָלגרייכער רעדנער. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגט ער אין די ווינטערדיקע פרייטאָג־אָוונטן דרש׳ענען אין



פישל צעכאַנאָוויץ

חברה ש״ס מעינינא־דיומא, וואו ער פלעגט אַרויסברענגען ברייטע ידיעות אין תלמוד און אין השכלה. ער פלעגט צוציען אַ גרויסן עולם צוהערער, ווייל ס׳זיינען נאָך דאַן נישט געווען קיין פאַרטייען אָדער אַנדערע קלובן.

ער עמיגרירט קיין אַמעריקע און פאַרנעמט דאָרט אַ שטעלע אַלס רב אין אַ קהלה מיט גוטן דערפאָלג. ער האָט דאָרט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זיינע כתבים: חידושים אין תורה, שאלות ותשובות רעיונות אאַז״וו. דאָרט וואוינען אויך זיינע דריי זין. איינער פון זיי איז אַ דאָקטאָר־ספּעציאַליסט אין קענסער־קראַנקהייטן. זיין פרוי, איין זון און אַ טאָכטער, פאַרבליבענע אין לאָמזשע, זיינען אומגעקומען דורך די נאַציס. איין טאָכטער זיינע, ר׳ גדליה בוכבינדער׳ס שנור, איז אין ישראל.

# חברים

נחמה יאָסקאָוויץ־מאַליניאַק

## אברהם איסר יאָסקאָוויץ

אברהם איסר איז געבוירן געוואָרן אין פּיאָנטניצע אין יאָר 1909. זיין פאָטער ר׳ שלמה איז געווען אַ שוחט, אַ תלמיד חכם און אַ חזן מיט אַ זיסער שטימע. ער האָט



אברהם איסר יאָסקאָוויץ

געהאַט אַ געפיל פאַר מוזיק. ער האָט פאַרפאַסט מעלאָדיעס צו תפלות און לידער. ער איז אויך געווען אַ כאָר דיריגענט.

צו פיר יאָר איז אברהם איסר אַריין אין חדר און זייענדיק אַלט קוים פינף יאָר איז ער געוואָרן דער „סאָליסט" אין זיין טאַטנס כאָר. אין דער לאָמזשער ישיבה איז ער אַריין זייער יונג און האָט דאָרטן געלערנט ביז זיין פופצנטן יאָר. ער איז געווען באַוואוסט אַלס מתמיד און עלוי, אים האָט אָבער שטאַרק געצויגן צו השכלה, האָט ער זיך גענומען גרייטן צו דער גימנאַזיע.

זיין פרומער פאָטער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן צו דעם, אָבער ער האָט סוף כל סוף צוגעשטימט אַז ער זאָל אַריינטרעטן אין דעם ביאַליסטאָקער „תחכמוני" — אַ רע־ליגיעזע מיטל־שול, וואו מען לערנט אויך אַ סך תלמוד. געטראַכט האָט אברהם איסר צו פאָרן קיין בערלין, צו לערנען אין „בית מדרש לרבנים", אָבער נאָכן אָפּזיין איין יאָר אין ביאַליסטאָק, האָט ער באַשלאָסן בעסער צו פאָרן קיין ווילנע צו שטודירן אין „בית מדרש למורים" פון „תרבות".

ער האָט געלעבט אַן אָרעם לעבן, זיך דערנערט פון געבן לעקציעס. ער האָט אָבער פלייסיק זיך געלערנט שפּראַכן, זיך פאַרפּולקאָמט אין מוזיק, געדרוקט לידער אין פאַרשידענע פעריאָדיש ליטעראַרישע אויסגאַבן ווי דער „העולם", דער ניו־יאָרקער „הדואר", „גלים" און "זרמים". ער האָט אויך אַליין פאַרפאַסט די מוזיק צו די געדרוקטע לידער. נאָך אַ קורצן איבעררייס איז ער צוריקגעקומען קיין ווילנע שטודירן אין דאָרטיקן קאָנסערוואַטאָריום און זיך פאַרפולקאָמען אין מוזיק.



צוזאַמענקונפט לכבוד מאיר מאַרגאָליס (צווייטער פון לינקס), אַראַנזשירט פון לאָמזשער לאַנדסלייט אין תל־אביב אין יאָר 1950.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, ווען די ליטווינער האָבן פאַרכאַפּט ווילנע, האָט ער זיך אויס־געלערנט די ליטווישע שפּראַך. ער איז איינגעלאַדן געוואָרן צו ריידן אויף ראַדיאָ וועגן אידישער מוזיק און האָט דיריגירט דעם ראַדיאָ כאָר.

ווען די נאַציס זיינען אַריין קיין ווילנע, האָט ער גע־קענט אַנטלויפן קיין רוסלאַנד, ער האָט אָבער נישט געוואָלט איבערלאָזן זיין אַלטן, שוואַכן פאָטער, וואָס איז געווען מיט אים. זיינע קריסטלעכע חברים, מיטאַרבעטער ביים ראַדיאָ, האָבן געשאַפן פאַר אים אַן „אַרישן" פּאַספּאָרט, אָבער צוליב אַ מסירה איז ער געכאַפּט און אומגעבראַכט געוואָרן.

אין ישראל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ זאַמלונג פון זיינע העברעאישע לידער אונטערן נאָמען „פּרחים נוגים". די מערסטע פון זיינע שאַפונגען און קאָמפּאָזיציעס זיינען פאַרלוירן געגאַנגען.

## מאיר מאַרגאָלים

ער איז געבוירן געוואָרן אסרו־חג שבועות, תרס״ו, דעם דריטן מאַי 1906, אין אָסטראָלענקאָ. זיין מוטער פייגע איז געווען אַן אייניקל פון ר׳ דוד־מאיר קרולעוויצקי פון לאָמזשע, שפּעטער מגיד אין וואַרשע, מחבר פון ספר „דברי נגידים". מאיר האָט געקראָגן אַ העברעאיש־נאַציאָנאַלע דערציאונג און געלערנט אויך אַלגעמיינע לימודים. גלייך אין דער יוגנט ווייזט ער שוין אַרויס אַ נייגונג צו טעאַטער און באַטייליקט זיך אין אַמאַטאָרן פאָרשטעלונגען. ווען 16 יאָר אַלט, טרעט ער אַריין אין „החלוץ" אין לאָמזשע. ער איז נאָכדעם דער ערשטער אין דער באַוועגונג באַשטעטיקט צו ווערן צו עליה קיין ישראל, הגם דער צ. ק. איז געווען קעגן, צוליב זיין מינדעריעריקייט.

אין א״י שליסט ער זיך אָן אין „גדוד עבודה" אויפן נאָמען פון יוסף טרומפּעלדאָר, אַרבעט ביי שטיינהאַקעריי און אויף שאָסייען אין עמק. נאָך דער אַרבעט אין „גדוד" פלעגט ער אונטערהאַלטן זיינע חברים מיט אימיטירן ראָלן פון פאָלקס־טיפּן און טעאַטער פאָרשטעלונגען. זיי פלעגן אים רופן: „הערשעלע אָסטראָפּאָלער פון גדוד". אַ סך טעאַטער־קינסטלער, וואָס האָבן אים געזען בעת שפּילן זיינע ראָלן פלעגן אים צוריידן ער זאָל פאָרן זיך פאַרפאָלקאָמען אין טעאַטער־קונסט, אָבער מאַרגאָליס האָט נישט געוואָלט פאַר־לאָזן דאָס לאַנד.

נאָך דער גרינדונג פון אַרבעטער טעאַטער „אהל", ווערט ער אָנגענומען אַלס הויפּט־שפּילער און גייט איבער צוליב דעם אַרבעטן אין דער תל־אביבער־אָפּטיילונג פון „גדוד". אין קורצן ווערט מאַרגאָליס באַרימט אַלס דער פּעאיקסטער, טאַלאַנטירטסטער אַקטיאָר צו שפּילן פאַראַנט־וואָרטלעכסטע ראָלן. מאַרגאָליס איז אויך באַרימט אַלס קאָ־מענטירער אויפן ראַדיאָ. ער טרעט אויף מיט גרויסן דער־פאָלג ביי פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. ער איז אַ סך מאָל געלאַדן געוואָרן צו געבן פאָרשטעלונגען אין אייראָפּע און אין דרום אַפריקע. ער האָט געשפּילט אין דער אידישער „בריגאַדע" און פאַר די אַרעסטירטע דורך דער מאַנדאַטן־רעגירונג אין ציפּערן. זיין פרוי, ישראלה ליכטענשטיין איז אַ שוועסטערס־טאָכטער פון פּראָפ. ח. וויצמאַן.

מאַרגאָליס איז טעטיק אין פאַרבאַנד „עולי־לאָמזשע" און האָט אַ סך געהאָלפן מיט זיינע פעאיקייטן צו שאַפן דעם פאָנד אַרויסצוגעבן דעם העברעאישן פּינקס. צו זיין 30טן יובל פון זיין עולה זיין האָבן די לאָמזשער און אָסטראָלענקער עולים־פאַרבאַנדן, איינגעאָרדנט אַ שיינעם באַנקעט, אין וועלכען ס'האָבן אָנטייל גענומען שרייבער, קינסטלער, עסקנים און לאַנד־חברים.

משה גאָלדמאַן

## אליעזר באָבראָווסקי

ער איז געווען דער עלטסטער און אינטעליגענטסטער אין אַ משפּחה פון פאַרהאָרעוועטע מענטשן, וועלכע זיינען געווען שטאָלץ מיט אים. ער האָט געלערנט אין ישיבות, אָבער איז געוואָרן אַ משכיל און אַ גרויסער אָנהענגער־פאַרערער פון „אחד העם" מיט זיין שיטה „שלטון השכל". זיין רעדן איז געווען געלאַסן, דורכגעטראַכט און צום פּונקט. אַזוי איז ער געווען אויך אין זיינע רעפעראַטן. די פּינקט־לעכקייט זיינע האָט זיך אויך אָנגעזען אין זיין קליידונג — שטענדיק נעט. צום „התחיה" איז ער געווען איבערגעגעבן מיט זיין גאַנצן וועזן. אין דער צייט פון צאַר'ס רעזשים, ווען ציוניזם איז געווען אומלעגאַל, האָט ער געהאַלטן אין זיין צימער אויפן אַלטן מאַרק די ביבליאָטעק פון „התחיה" און דעם ציוניסטישן אַרכיוו. דאָרטן פלעגן זיך צוזאַמענ־קומען די ציוניסטן צו בייטן ביכער און אויפכאַפּן אינפאָר־מאַציע וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, דורך לייענען אַ צירקולאַר, אויפרוף אָדער פעריאָדישע אויסגאַבן פון א״י. ווען די „התחיה" איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט, אין צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז ער אויך געווען איינער פון די וויכטיקסטע און טעטיקסטע חברים. ער האָט חתונה געהאַט מיט דבורה מושינסקי. צו אַלעמענס באַדויערן איז ער געשטאָרבן זייער יונג.

## יעקב בערג

ער איז געקומען קיין לאָמזשע פון אַ קליינעם שטעטל, מישינעץ געווען אַ למדן, משכיל, זייער שטיל און באַשיידן. חתונה געהאַט אַלס „זיידענער יונגערמאַנטשיק", מיט דער טאָכטער פון ה׳ מאַזור. ער איז געווען אַן אַקטיווער חבר אין „התחיה". פריער, ביים צאַר'ס רעזשים, פלעגן אין זיין הויז פאָרקומען נישט זעלטן אומלעגאַלע ציוניסטישע פאַרזאַמ־לונגען. זיין פּרנסה האָט ער געהאַט פון העברעאיש לע־רעריי, מייסטנס פּריוואַטע לעקציעס. ער איז געווען קלאָר אין דער העברעאישער ליטעראַטור און אַ גוטער סטיליסט אין זיינע איבערזעצונגען פאַר דער „בימה עברית" ביים „התחיה". די איבערזעצונג פון „טעאָדאָלינדאַ" איז געווען אויסגעצייכנט. זיין צייט פלעגט ער מייסטנס פאַרברענגען אין „התחיה", וואו ער פלעגט ליב האָבן צו שפּילן שאַך. אָט דאָס איז געווען זיין פאַרברענגען און פאַרגעניגן אין זיין נישט צו־גליקלעכן לעבן. אַלע האָבן אים געאַכטעט פאַר זיינע פיינע מידות.



אַ גרופּע חברים מיט יעקב מילער.
זיצנדיק (פון רעכטס): דוד ריבאַק, גאָלדוואַסער, א. גאָעל, יעקב מילער, אייזענפעלד, — גרשון בורשטיין.

## יעקב מילער

ער איז געווען פון די טעאָרעטיקער ביי דער ציוניסטישער יוגנט. זיין אידעאַל איז געווען אויפשטעלן אין א״י אַן אַרבעטער געזעלשאַפט באַזירט אויף צדק און יושר. ער איז געווען אַ גוטער דיסקוטאַנט. געלערנט אין דער ישיבה און געוואָרן אַ משכיל. איינצקע יאָר איז ער געווען ביבליאָטעקאַר אין „התחיה״ און געוואוסט וואָס פאַר אַ בוך צו געבן צום מערסטן טייל פון די לייענערס. ער איז געווען פון די אָרגאַניזירער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, חבר פון וועד פון „צעירי ציון״. געשטאָרבן יונג פון טובערקולאָז.

## יעקב סאַפּירשטיין

ער איז אַריין אין „התחיה״ זייענדיק זייער יונג, נאָענט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, און פון דאַן אָן איז ער געווען פון די אינטעליגענטסטע אַקטיווע חברים. נאָך דעם ווי די „התחיה״ האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן עפּענטלעך איז ער געווען פון אירע הויפּט־רעדנער. אַ געוויסע צייט איז ער אויך געווען אַן אינסטרוקטאָר פון צ. ק. צו אָרגאַניזירן די ציוניסטישע באַוועגונג אין די קליינע שטעטלעך און אָנצופירן די קאַמפּאַניעס פאַר די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע פאָנדן. ער האָט חתונה געהאַט מיט פּעשע פּעצינער, אַן אַקטיווע חברה אין דער ציוניסטישער פרויען באַוועגונג, און אַ גוטע תלמידה פון די העברעאישע אָוונט־קורסן ביים „התחיה״. זיין באַשעפטיקונג איז געווען אַלס בוכהאַלטער אין מ. אָרלאָווסקי׳ס פאַבריק. ער מיט זיין פרוי זענען אומגעקומען דורך די נאַציס.

## נתן פּיורקא

ער איז געווען אַ בן־יחיד ביי פאַרמעגלעכע עלטערן, אייגענטימער פון אַ בעקעריי. איז געווען אַ געוויקסיקער שיינער בחור, קלוג און וויציק מיט גוטער פעאיקייטן, אָנגעלערנט מיט תורה, השכלה און שפּראַכן. פאַר אַ קורצער צייט לערנט ער אין דעם פּוילישן אינזשיניערן־אינסטיטוט, וועלכן ער פאַרלאָזט צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס עס הערשט דאָרט, איבערהויפּט צווישן די סטודענטן. נאָכן טויט פון חיים ראָטשילד איז ער געווען דער אינטענדאַנט פון לאָמזשער איד. שפּיטאָל. די שטעלע האָט ער אָנגעהאַלטן מיט גוטן דערפאָלג ביז זיינע לעצטע טעג. ער איז געווען אַן אַקטיווער חבר אין „התחיה״ מיט אַ סך אַכטונג.

## חיים יצחק גלינקא

זיין פאָטער שמואל גלינקאָ, האָט אים דערצויגן טראַדיציאָנעל, געלערנט אין דער ישיבה. געווען פון די זייער אַקטיווע חברים פון „התחיה״. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געווידמעט צו דער הילף פאַר פּליטים און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דעם פאָלקס־קיך־קאָמיטעט, וועלכער פלעגט אויסטיילן טעגלעך הונדערטער מאָלצייטן צו נויטבאַדערפטיקע. ח. י. גלינקאָ האָט חתונה געהאַט מיט לאה, בערל בורשטיין׳ס טאָכטער, אַ לערערין אין די פּוילישע פאָלקס־שולן פאַר אידישע קינדער. ער האָט נאָכדעם געאַרבעט אין אָסטראָוו אַלס בוכפירער. פון דאָרטן איז ער עולה קיין א״י און באַזעצט זיך אין „כפר יהושע״. זיין זון איז געווען דער אינגסטער אלוף אין דער מדינת ישראל־אַרמיי (צה״ל).

## פּנחס קוואַשני

פּ. קוואַשני האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג אין חדרים און ישיבות, געלערנט אַלגעמיינע ידיעות און בוך־פירונג. זיין פאָטער איז געווען פון די בעסערע מענערשניידער. אין נאַטור איז פּ. קוואַשני געווען אַן אָפּטימיסט גלויבנדיק, אַז דורכפאַלן אין לעבן דאַרפן דעם מענטשן לערנען אָבער נישט אַנטמוטיקן. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און הייראַט חיה־רחל, צוקערבראָמ׳ס טאָכטער, אַ חברה אין „התחיה״. ער ווערט אַ גאַלאַנטעריי קרעמער און האָט דערפאָלג. ער האָט גענוג צייט צו זיין אַ חבר אין וועד „התחיה״. אָריענטירנדיק זיך מערער צו לינקס, ווערט ער אַ פירער פון דער לאָמזשער צעירי־ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז דאָך פאַרבליבן מיט נ. וויינבערג אין התאחדות גרופּע, פון די רעכטע צ. צ. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד און סעקרעטאַר פון סוחרים־פאַראיין פאַרוואַלטונג, אויך אַ חבר אין דער קהלה און אין נאָך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס.

## אליעזר קליאָן

ער איז געווען אַ יתום מיט אַן איידעלער נשמה, אין גאַנצן געווידמעט צו חיבת ציון. נאָך אַלס אינגל אין דער ישיבה קטנה פון ר׳ יצחק אהרן וויעזשבאַ, האָט ער שוין



אלעזר קליאָן

אויסגעפירט ציוניסטישע שליחות׳ן. זיין גאַנצע איבערגעגעבנקייט האָט ער אַרויסגעוויזן צו „קרן קימת״: פאַרשפרייטן פּושקעס, אויסליידיקן זיי, זאַמלען געלט אויף חתונות, ברית׳ן, אין שולן און ביי אַנדערע פאַרזאַמלונגען.

ווען ער האָט געקראָגן פון דר. באָדנהיימער פון קעלן, הויפּט פון אַלגעמיינעם ק. ק., אַ דאַנק־בריוול פאַר זיין איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, איז ער געווען זייער גליקלעך. די זעלבע פרייד האָט אים באַהערשט געפינענדיק זיין נאָמען אין דעם דין־וחשבון איבער די קערה׳ס זאַמלונגען פאַרן ק. ק., ערב יום כיפור, וואָס ער פלעגט אָרגאַניזירן.

י. יאַגאָדאָווסקי

## ישראל מאַרקעוויץ

פון דער ציוניסטישער יוגנט, דורך „צעירי ציון", איז ער געקומען צו דעם באָראָכאָוו־מאַרקסיסטישן בליק אויף דער אידישער ווירקלעכקייט. ער איז געווען דער סימבאָל פון תמימות און יושר, איבערגעגעבן צו דער פאַרטיי מיט זיין גאַנצן לעבן. געווען אויך צו יעדן איינעם אַ חבר־פריינט. שטענדיק איז ער געווען דער ערשטער אין דער רייע, קיין זאַך איז נישט געווען צו־קליין פאַר אים. ער האָט נישט געוואוסט קיין אונטערשייד צווישן זיין פּריוואַט לעבן און דער פאַרטיי. אין דער קורצער צייט פון זיין וואוינען אין וואַרשע, אין 1928, איז ער אויך געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג.

דעם בעסטן טייל פון זיין קורצן לעבן האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר דער באַוועגונג. ער האָט דערצויגן אַ דור פון איבערגעגעבענע ציוניסטן פון זיין שניט, פון וועלכע אַ סך זיינען אין ישראל. ער איז געווען אַ געטרייער פאָרשטייער פון דער באַוועגונג, אויך אין דער קהלה און אַנדערע פאַרשיידענע אָנשטאַלטן. ליגענדיק אויפן קראַנקן בעט אין דער צייט פון דער רוסישער אָקופּאַציע, דינט זיין צימער פאַר אומלעגאַלער ציוניסטישער אַרבעט און ראַדיאָ אויפנעמונג פון א״י ידיעות. ער האָט נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זיין ציון־חלום. ער איז געפאַלן אין מיטן זיין אַרבעט לטובת דער באַוועגונג און דער פאַרווירקלעכונג פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם.

## נפתלי וויינבערג

זיין פאָטער, יחזקאל וויינבערג, איז געווען אַ יודע־ספר, אַ משכיל און אַן עסקן. נאָענט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה איז נפתלי צוריקגעקומען פון סלאָבאָדקער ישיבה, אָנגעלערנט און דורכגעדרונגען מיט חיבת ציון. ער טרעט



נפתלי וויינבערג, זיין פרוי און זון.

אַריין אין „התחיה" און ווערט אויף שטענדיק פון אירע אַקטיוויסטע חברים. ווי שוין דערמאָנט, איז ער אַוועק צו „צעירי ציון" און פאַרבליבן דאָרטן אין דער רעכטער גרופּע „התאחדות" און אַלס איר פאָרשטייער האָט ער אָנטיילגענומען אין די טעטיקייטן פון אַ סך עפנטלעכע סאָציאַלע אָנשטאַלטן. ער איז אויך געווען אַ חבר אין דער רעדאַקציע פון „לאָמזשער שטימע". ער איז געווען אַ העברעאישער לערער אין בית ספר „חינוך" צוזאַמען מיט י. ברוכאַנסקי, שפּעטער אין אַ בית ספר פון דער „תרבות" שיטה. געווען סעקרעטאַר פון פאַרטייאישן ק. ק. קאָמיטעט. ער איז אומגעקומען דורך די נאַציס. זיין ברודער איז אין ישראל.

## יצחק נאָמבערג

ער איז געווען פון די גרינדער פון „החלוץ" און פון „רעכטע פּועלי ציון" אין לאָמזשע, דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ וועגן פאַראייניקונג אין 1926. מיט זיין באַהערשן



יצחק נאָמבערג

די פּוילישע שפּראַך האָט ער גוט געקענט פאָרשטעלן דעם ציוניזם פאַר די גויים און איז געווען ווי דער „אַמבאַסאַדאָר" פון דער פאַרטיי, צו שאַפן גוטע באַציאונגען פאַר דער פאַרטיי. ער האָט אונטערשטיצט די באַוועגונג צו פאַרשפּרייטן מלאכה צווישן דער איד. יוגנט; איז געווען רעדאַקטאָר פון פאַרטיי־אָרגאַן „לאָמזשער וואָרט". י. נאָמבערג איז געווען אויסגעהאַלטן אין זיינע פּרינציפּן און זיך נישט אונטערגעגעבן אַפילו זייענדיק אַרעסטירט אין רוסלאַנד. נאָך דער אַלגעמיינער אַמנעסטיע איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און פון דאַן אָן ווערט ער פאַרשוואונדן. זיין פרוי און זון זיינען אין בעלגיע. זיין ברודער איז אין פראַנקרייך.

## יעקב צוקערשטיין

ער איז געווען אַ מאַן פון אַקטיוויטעט, דערצויגן אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג פון פּועלי ציון. איז געווען פון די גרינדער פון רעכטע פּועלי ציון און די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל אין לאָמזשע. ער איז געווען פון די פירער פון דער פאַרטיי און איר וואָרטזאָגער צווישן אַרבעטער. אַ באַזונדערע ליבע האָט ער געהאַט צו דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור. ער האָט געשריבן און פאַרעפנטלעכט איינצעלנע לידער אין „וועלט שפּיגל" און אַנדערע אויסגאַבעס אונטערן פּסעוודאָנים „ציצעראָן". ער פלעגט באַזוכן די שטעטלעך אַרום לאָמזשע און רעפערירן אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס. ער איז געווען פאָרשטייער פון דער פאַרטיי אין פאַרשידענע אָנשטאַלטן

און חבר פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. אין די מלחמה־יאָרן ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוויעטן־מאַכט, פון דאַן אָן איז ער פאַרשוואונדן.

## אליהו מאַזור

ער איז געווען פון די איבערגעגעבענע טוער פון „פּועלי ציון", אידישע ליטעראַטור און קולטור. ער איז געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די אידישע בינע־אַמאַטאָרן אַלס גרופּע טעאַטער־פאַרשטעלער אין לאָמזשע. אין זיין שפּילן און אין דעקלאַמירן איז ער געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה. ד. ג. אין זיינע רעפעראַטן און ליטעראַרישע רעצענזיעס, האָט ער אַרויסגעוויזן טיפן אַריינדרינגען אין זיינע אַנאַליזן. זיין אויפטרעטן איז געווען אַ טיפע איבערלעבונג. געווען אַ געטרייער פאַסנדיקער פאַרשטייער פון פּ. צ. באַליבט ביי אַלע שיכטן פון דער איד. באַפעלקערונג. זיין גורל איז אומבאַוואוסט.

יוסף זיידענשטאַט

## פּנחס זיידענשטאַט

פּנחס זיידענשטאַט, וואָלף דעם מלמדס זון, איז געווען אַ מאָלער מיט גרויס טאַלאַנט. ער האָט זיך געלערנט און פאַרפאָלקאָמט אין מאָלעריי־קונסט אין אָדעס, ווין, בערלין



פּנחס זיידענשטאַט

און געלעבט אין דחקות. איניקע פון זיינע שאַפונגען זיינען אָנערקענט געוואָרן פון גרויסע קינסטלער. ס'רוב האָט ער געמאָלן אידישע טיפּן ווי: „דער תלמיד חכם"; „אידן באַהאַלטען זיך אויס אין אַ קעלער פון הײדאַמאַקן, פּעטלורעס מענטשן, און אין אַ ווינקל דאָרטן ברענט אַ קליין ליכטל"; „אַ איד ריכט אָפּ חצות". דאָס לעצטע איז אויסגעשטעלט געוואָרן אויף קונסט־אויסשטעלונגען אין וואַרשע און אין ביאַליסטאָק. די דאָרטיקע קהלה האָט עס אָפּגעקויפט.

ער קערט זיך צוריק קיין לאָמזשע אין מאָלט; אָרדנט איין אַן אויסשטעלונג אויף „לאַנגער גאַס". ער באַטייליקט זיך אין טעאַטער־פאַרשטעלונגען און מאָלט די דעקאָראַציעס פון „דאָרפס־יונג", „פּוסטע קרעטשמע", „צווי קונע לעמלעך" א. אַ. ער האָט אַליין געשפּילט פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן. ער האָט נישט אויפגעהערט צו שטרעבן אַרויסצוגיין אין דער ברייטער וועלט און מער אַנטוויקלען זיינע פעאיקייטן. פּ. זיידענשטאַט איז אומגעקומען אין חורבן.

## אינזשעניר יוסף פּערלמאַן

יוסף־אליה פּערעלמאַן, אַ זון פון באַוואוסטן דענטיסט פּערעלמאַן, האָט געקראָגן אַ העברעאיש־נאַציאָנאַלע דערציאונג. געענדיקט מיט אויסצייכענונג די אידיש־פּוילישע גימנאַזיע פון עפּשטיין אין ווילנע און שטודירט פאַר אינזשעניר אין פּאָליטעכניקום אויפן נאָמען פון מ. מאַנטיפיאָרע ביים מלוכה אוניווערסיטעט אין ליעזש, בעלגיע. נאָך זיין ענדיקן מיט דער גרעסטער אויסצייכענונג, האָבן די פּראָפעסאָרן אים פאָראויסגעזאָגט אַ גלענצענדיקע צוקונפט און פאַרגעלייגט צו פאַרבלייבן אין פּאָליטעכניקום אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אין וויסנשאַפט. אַ געוויסע צייט האָט ער דאָרטן אָנגעפירט מיט דעם בויען אַ נייעם אוניווערסיטעט. שפּעטער האָט ער עולה געווען קיין א"י. דאָרטן האָט ער פאַרגעלייגט אַ פּלאַן צו פאַרגרעסערן דאָס בויען וואוינונגען פאַר די מאַסן. עס האָט אים עפּעס נישט אָפּגעגליקט אויף דעם געביט, און ער אַרבעט אַלס בוי־אינזשעניר אין פאַרשיידענע מלוכה אַרבעטן.

שפּעטער ווערט ער אַנגעשעטלט דורך דער איד. אַגענטור אָפּצושאַצן די ווערט פון אַמעריקאַנער מיליטער לאַגער, וואָס איז געבויט געוואָרן אין פראַנקרייך, צום אַריבערפירן קיין ארץ ישראל. מיט איבערגעגעבנקייט און דערפאָלג האָט ער אויסגעפירט זיין אויפגאַבע, און דעם 22טן אָקטאָבער איז ער מיט איניקע מיטגלידער פון דער אַגענטור אַרויסגעפלויגן קיין א"י. עס טרעפט אַן אומגליק: איבער די זאַמדן פון עגיפּטישן מדבר עקספּלאָדירט דער עראָפּלאַן און יוסף פּערעלמאַן ווערט שטערבלעך פאַרוואונדעט. אין צוויי טעג שפּעטער שטאַרבט ער אין גרויסע יסורים.

יוסף פּערעלמאַן אַלס אַ פלייסיקער און געוויסנהאַפטיקער אַרבעטער און מזג־טוב, איז געווען באַליבט ביי אַלע וואָס האָבן אים געקענט.

## נחום כ"ץ

אַ געבוירענער אין יעדוואַבנע, האָט ער זיך אין לאָמזשע באַזעצט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. צו זעכצן יאָר שליסט ער זיך אָן אין דער באַוועגונג „יוגנט" ביים „פּועלי ציון" און איז דאָרטן זייער אַקטיוו. ער צייכנט זיך אויס מיט זיין גראָדן שכל און אָרגאַניזיר־פעאיקייטן, און הגם ער האָט בילדונג אויסער די פון „חדר" זיך נישט דערוואָרבן, האָבן זיינע רעפעראַטן און רעדעס צוגעצויגן אַ סך צוהערער, אויף וועלכע ער פלעגט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

נאָך זיין חתונה מיט סימקע אַטלאַס, ווערט זיין הויז פאַרוואַנדלט אין אַ קלוב פאַר אַלע פאַרטייען. יעדעס שווער געמיט געפינט באַרואיקונג אין זיין הויז; אָן אונטערשייד פון פאַרטיי איז יעדער אויפגענומען געוואָרן מיט ליבשאַפט; פאַר יעדן איז געווען אַ גלאָז־טיי און פּרוכט. באַראַטונגען וועגן אַרעסטירטע, גערודפטע, פּאָליטישע פּראָבלעמען — אַלץ ווערט אויפגענומען און אָפּגעהאַלטן אין זיין הויז. פאַר דער פּאָליציי, וואָס אויס חשד האָט געמאַכט ביי אים נישט זעלטן זוכונגען, האָט נ. כ"ץ געוואוסט צו מאַכן אַלץ זאָל אויסזען ווי אַ קלוב צו שפּילן קאָרטן, דאָמקע א. ד. ג. אין זיין

הויז זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן קאָמיטעטן צו העלפן פּאָ־ליטישע אַרעסטירטע, צו איינאָרדענען אָוונטן פאַר זייער טובה, פאַרקויפן בלומען א״אז״וו. דאָ איז אַנטשטאַנען דער ספּאָרט־קלוב „שטערן״; וויכוחים, סתם געשפּרעכן, אַנעקדאָטן, מעשה׳ס זיינען דערציילט געוואָרן; פֿאָלקס־לידער זיינען געזונגען געוואָרן — זיין הויז איז געוואָרן אַ פֿאָלקס־הויז.

## מיכל גיבסאָן

אַ זון פון וועלוול גזשיבאָוויץ, משולח פאַר לאָמזשער ישיבה אין ארץ ישראל, האָט ער געלערנט אין חדרים און ישיבה. שוין אין דער פריסטער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן אַקטיאָרישע נייגונגען און טאַקע טאַלאַנט אויך. ער פלעגט צייטנווייז נאָכמאַכן זיין טאַטנס דרשות, תפילות און תנועה׳ס פון באַוואוסטע פּערזאָנען וואָס ער האָט געקענט און האָט גענומען אַנטייל אין די „פּורים־שפּילן״ אין דער ישיבה. ווען ער וואַקסט־אונטער ווערט ער „פריי״, זינגט ביים חזן און ווערט אַקטיוו אין דער דראַמאַטישער סעקציע פון „הזמיר״. אַפילו אַ הויפּט ראָל אין „גאַבראַכענע הערצער״. ער שטייט־צו צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווערט אַרעסטירט און זיצט דריי חדשים אין טורמע; אַנטלויפט קיין פּאַריז. דאָרט שליסט ער זיך אָן אין אַ וואַנדער־טרופּע אַקטיאָרן און גייט מיט זיי קיין לאָנדאָן, ער שפּילט דאָרט אַ סך יאָרן אויף דער אידישער בינע. שפּעטער עמיגרירט ער קיין אַמעריקע, וואו ער אַרבעט אַ געוויסע צייט אַלס קאָנדוקטאָר אויף אַ טראַמוואַי. מאָריס שוואַרץ האָט אים אַנטדעקט און אַריינגענומען אין זיין אַנסאַמבל. אַזוי אַרום פאַרבלייבט מיכל גיבסאָן איינער פון די באַרימטע אידישע אַקטיאָרן אין אַמעריקע.

ש. ב.

## יעקב קאָפּל ברוכאָנסקי



יעקב קאָפּל ברוכאָנסקי

דער אידישער איבערזעצער פון לאָמזשער פּינקס, יעקב קאָפּל ברוכאָנסקי, איז פון די טיפן לערנער און משכילים וואָס די ישיבות פון מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום האָבן אַרויסגעגעבן אין די לעצטע הונדערט יאָר, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. פון זיי זיינען געקומען דאָס רוב העברעאישע און אידישע שרייבער, געלערנטע און דענקער, שאַפער פון אידישער קולטור, לערער און אַנדערע, וואָס האָבן אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דער קולטורעלער און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג ביי אידן.

יעקב קאָפּל איז געוואָרן אַ יתום צו 8 יאָר. זיין פאָטער איז געווען אליהו, אַ חזן־שוחט. זיין מוטער גוטע־רייזל, אַ באַוואוסטע פון דער משפּחה שיינקאָפּ אין לאָמזשע. בלייבנדיק אָן אַרעמע, יונגע אלמנה מיט קליינע קינדער, האָט זי, פאַרשטייט זיך, זייער ווייניק געקענט ביישטייערן צו דער דערציאונג און בילדונג פון אירע קינדער — זי האָט קוים פאַרדינט זיי צו שפּייזן.

יעקב קאָפּל איז אַריינגעגעבן געוואָרן אין לאָמזשער תלמוד־תורה, און נאָכן ענדיקן די 10טע כיתה ביי ר׳ גבריאל קאַרניקס דעם מלמד, וואו ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שנעלער תפיסה און גלייכן שכל, איז ער אַוועק לערנען אין אייניקע קליינע ישיבות, ביז ער איז אָנגעקומען אין דער ישיבה פון „חפץ חיים״ אין ראַדין. דאָרט האָט ער געלערנט עטלעכע יאָר. שפּעטער האָט ער געלערנט אייניקע יאָר אין וואָלאָזשינער ישיבה, וואו ער האָט, ווי פיל אַנדערע פאַר אים און אין זיין צייט, אויך אָנגעפאַנגען צו לערנען השכלה.

נאָכן פאַרלאָזן די וואָלאָזשינער ישיבה, נישט קוקנדיק אויף זיין באַזיצן היתר־הוראה, גייט יעקב קאָפּל אַלץ מער אויפן וועג פון דורכגעדרונגען ווערן פולשטענדיק מיטן השכלה־גייסט. ער לערנט שפּראַכן און לייענט זייערע ליטעראַטורן. ער באַזיצט די העברעאישע שפּראַך און ברייטע ידיעות אין אידישער געשיכטע. ער ווערט אַן איבערגעגעבענער ציוניסט.

ווען די דייטשן אָקופּירן לאָמזשע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און די אידישע באַפעלקערונג געניסט פון געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער פרייהייט, גרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התחיה״ העברעאישע אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. יעקב קאָפּל ווערט אַנגאַזשירט אַלס לערער פון אידישער געשיכטע אויף די קורסן. ער גיט אויך אין „התחיה״ פאַר אַ געוויסער צייט רעפעראַטן אויף היסטאָרישע טעמעס פאַר מאַסן צוהערער. שפּעטער דינט ער אַלס לערער פון העכערע העברעאישע לימודים אויף די קורסן פאַר אַבסאָלווענטן פון די 3־יאָריקע אָוונט־קורסן אין „התחיה״. דאָס זעלבע לייסטעט ער פיל אויפן געביט פון אידישער קולטור אויף אַנדערע אופנים אין „התחיה״, וואו ער איז אַלע צייטן געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג.

פון יאָר 1919 פירט ער אָן און לערנט 2 יאָר אין די העברעאישע אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע אין ראַדאָם. ער טוט דאָס אויף דער רעקאָמענדאַציע פון ציוניסטישן צ. ק. אין וואַרשע. אין יאָר 1921 טוט ער דאָס זעלבע ווידער אין לאָמזשע אויף די קורסן ביים „התחיה״, וואו ער איז פאַר אַ צאָל יאָרן סעקרעטאַר און מנהל פון ארץ־ישראל־אַמט. גלייכצייטיק איז ער אַ לערער פון העברעאיש אין גימנאַזיע פון דר. גאָלדלוסט. די שטעלע פאַרלאָזט ער אין מיטן שול־יאָר פון 1928, ווען ער עמיגרירט קיין אַמעריקע מיט זיין פרוי טויבע, פון דער משפּחה אָקון. ער באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק, וואו ער גיט זיך אָפּ מיט לערעריי אין פאַרשיידענע ישיבות.

ווען עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביים אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן „לאָמזשער פּינקס״, אַז די איבערזעצונג פון דעם העברעאישן בוך אויף אידיש וועט מוזן געמאַכט ווערן אין אַמעריקע, איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר אַז קיין פּאַסיקערער פאַר דעם ווי יעקב קאָפּל ברוכאָנסקי איז נישטאָ, און ס׳איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן די אַרבעט. אין דער דערקלערונג פון קאָמיטעט אין אָנהויב פון בוך איז שוין אָנגעמערקט געוואָרן אַז ער האָט די אַרבעט געטאָן בשלימות

# כאַראַקטעריסטישע טיפּן

## יודל לאָמזשער פון ירושלים׳ער העלדן

פון די באַרימטע מענטשן אין ירושלים אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט איז געווען ר׳ יהודה בלומענפעלד, אָדער יודל לאָמזשער, געבוירן אין לאָמזשע אין 1820 אויף די ריבאַקי׳ס. צו ניין יאָר איז ער געוואָרן אַ יתום נאָך זיין טאַטן און די ברידער להאַרין האַלטן אים אויס אין דער ישיבה פון אַמסטערדאַם. צו זעכצן יאָר איז ער עולה קיין א״י אין תקצ״ו (1866). ער לערנט דאָרט אין דער ישיבה און שמ׳ט אַלס עילוי. דערצו נאָך איז ער געווען פון שיינעם אויסזען און אַ גיבור. ווען אימיצער פלעגט מורא האָבן צו גיין צום כתל־מערבי אָדער קבר רחל, פלעגט ער בעטן יודל לאָמזשער ער זאָל אים באַגלייטן. און נישט איינמאָל האָט ער טאַקע באַוויזן זיין כח אַזוי, אַז מען פלעגט ציטערן פאַר אים.

ר׳ יודל לאָמזשער האָט חתונה געהאַט מיט פּינה ר׳ ישראל׳ס טאָכטער, דער ערשטער דרוקער אין ארץ ישראל, געקומען פון צפת קיין ירושלים. זי איז געווען אַ שיינע טיכטיקע פרוי און דערצו נאָך אַ שדכנטע אָן געלד. אין „רשומות״ זעקסטער באַנד, זייט 274, ווערט דערציילט, אַז ער איז געווען דער גרעסטער חשובסטער מלמד אין ישיבה „עץ חיים״ און אין „חורבת ר׳ יהודה החסיד״. אַ גרויסער בעל־מידות און אַ בעל הגיון אין לערנען. מען האָט אים גערופן „דער חקרן״. ער איז אויך געווען זייער פּעדאַנטיש אויף זיין קליידונג. זיינע זין זיינען געווען גיבורים ווי דער טאַטע.

אין זשורנאַל „המוריה״ אַרויסגעגעבן פון יצחק־יעקב יעלין, ווערט געזאָגט אויף ר׳ יודל לאָמזשער, אַז ס׳איז שווער צו געפינען אַזאַ טיפּ צווישן גלות־אידן מיט זיין העלדן מוט; אַז ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשוויגן קיין באַליידיקונג מצד אַראַבער. ער פלעגט זיך נישט אָפּשרעקן אַפילו ווען זיינע קעגנער זיינען געווען אַ סך אין צאָל. די אַראַבער פלעגן זיין איבערראַשט פון דעם וואָס אַ איד שטעלט זיך אַקעגן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 90 יאָר.

יו״ט ל.

## דער פּרוש פון „הכנסת אורחים״

ר׳ הערש־לייב, זון פון מלמד ר׳ ברוך יאַבלאָנקער, האָט געהאַט אַ פרוי מיט קינדער. ער האָט זיך עפּעס נישט אויסגעטויגט אויסער צו זיינע ספרים און עס איז דערגאַנגען דערצו, אז ער האָט פאַרלאָזן די משפּחה און געוואָרן אַ „פּרוש״, פאַרברענגענדיק איינזאַם אין „הכנסת אורחים״־בית־מדרש איבער די ספרים. פרוי גיטל (משה יאָסעלעכעס) האָט אַכטונג געגעבן אויף אים. זי האָט געשאַפן פאַר אים טעג אין בית־מדרש, דאָס הייסט יעדן טאָג, אויך שבת און יום־טוב פלעגט זי אים ברענגען פון אַן אַנדער בעל־הבית עסן. אַפילו די סדרים־נעכט פלעגט ער זיין אַליין אין בית מדרש נישט וועלנדיק גיין צו קיינעם אין הויז. ביינאַכט פלעגט ער שלאָפן אויף אַ בעטל וואָס פאַר די אורחים. ווען אַלע בעטלעך זיי׳נען געווען פאַרנומען, פלעגט ער שלאָפן אויף דער האַרטער באַנק אין בית מדרש. ווען גיטל האָט באַמערקט אויף אים אַ ברודיקן טלית־קטן פלעגט זי אַוועק צו איינעם פון „הכנסת אורחים״, נעמען זיין שבת׳דיקן טלית קטן און ברענגען צום פּרוש: דאַווענען פלעגט ער זייער לאַנג לויטן נוסח „בית אל״ פון די מקובלים אין ירושלים. ביי טאָג פלעגט ער זיך עוסק׳ן אין אויפשטעלן אַ לעקסיקאָן, וואָס איז באַשטאַנען אין דערקלערן יעדן העברעאישן וואָרט לויט זיינע ראשי־תיבות לויטן ביישפּיל ווי די חכמי התלמוד האָבן דערקלערט דאָס וואָרט זקן — זה קנה חכמה (דער האָט זיך פאַרשאַפט חכמה); אַזוי האָט ער אַנאַליזירט בחור — בו חום רב; איש — אדם יסודו שוא. אַמאָל פלעגט ער זיך אַרומדרייען שעה׳ן נאָכאַנאַנד און ברעכנדיק דעם קאָפּ פלעגט ער זיין שטאַרק פאַרזאָרגט וואָס ער קען נישט געפינען עפּעס אַן דערקלערונג אויף אַ וואָרט.

מיט דער צייט איז דער פּרוש אין זיין איינזאַמקייט געוואָרן פאַרשמוצט און פאַרוועדעמט פון נישט גיין אין מרחץ און נישט בייטן אָפּט קיין אונטער־וועש און נישט רייניקן זיינע בגדים. וועלנדיק ווירקן אויף אים ער זאָל גיין אין מרחץ און מער אויפפּאַסן אויף זיך, האָט דער שמש אים געדראָט איבערצוגעבן צו דער פּאָליציי. אויפן פּרוש האָט די וואָרנונג געווירקט אַזוי שטאַרק, אַז זיין פאַרשטאַנד איז צעמישט געוואָרן. ער איז געקומען צולויפן צו גיטלען אַנטקעגן דעם שפּיטאָל און געבעטן מיט מורא און ציטער, זי זאָל אים באַהאַלטן, ווייל פּאָליציי קומט אים אַרעסטירן. זי האָט אים באַרואיקט, אַז קיין געפאַר פון אַרעסט דראָט אים נישט און ער קען גיין צוריק אין „הכנסת אורחים״. ער איז צוריקגעגאַנגען אָבער דער שרעק־צושטאַנד איז פון אים נישט אַוועק. ער האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ מעסער צו מאַכן אַן ענדע צו זיין לעבן. איינמאָל, אין צייט פון מאָרגנדאַווענען, האָט אימיצער דערהערט דעם פּרוש אויסרופנדיק: „שחט גוט״, הירש לייב, „שחט גוט״! מ׳איז גלייך צוגעלאָפן צו אים — ער האָט שוין געהאַט איינגעשניטן זיין האַלז. מען האָט אַרויסגעריסן פון אים דאָס פאַרבלוטיקטע מעסער, גערופן דר. קאַרבאָווסקי, וועלכער האָט אים פאַרנייט דעם שניט.

ר׳ משה־יאָסל האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין זיין דירה און שפּיטאָל געביידע, אָבער די דאָקטוירים האָבן נישט דערלויבט אים דאָרטן צו האַלטן, מורא האָבנדיק אַז ער זאָל ווידער עפּעס נישט באַגיין אַ געוואַלט־טאַט. משה־יאָסל און זיין פרוי גיטל האָבן געטאָן פאַר אים וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. זי האָט אים געזאָגט, ער זאָל אויף איר נישט קוקן ווי אויף אַ פרוי נאָר ווי אויף אַ שטיק ערד. דער פּרוש האָט אָנערקענט די גוט־האַרציקייט פון גיטלען, אַז זי איז געווען צו אים בעסער ווי אַ מאַמע. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער פּרוש געשטאָרבן אַן איינזאַמער, פאַרלאָזענער. זיינע קינדער האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע. וואָס איז געוואָרן מיט זיין חיבור, אויף וועלכע ער האָט געאַרבעט אַזוי שווער און לאַנג?.

ישראל לעווינסקי

## „משיח״ דער טרעגער

דאָס איז געווען אַ הויכער ברייט־פּלייציקער מאַן מיט אַ לאַנגלעכן פּנים, באַדעקט מיט אַ האַרטער צוזאַמענגעקלעפּטער באָרד. דאָס לינקע אויג קליין, האַלב־צוגעמאַכט, מיט לאַנגע ברעמען איבער דעם; דאָס רעכטע — גרעסער פון גרוילעכן קאָליר. האָט אויסגעדריקט האַרטקייט און צאָרן ווי ביי אַ חיה. געקליידט איז ער געווען אין בלויזע לאַטעס מיט אַ פאַרטוך פון אַ זאַק און שטריק אַרומגענומען. מיט די שטריק האָט עס „משיח״ געטראָגן די גרויסע משאות. ס׳איז בעסער געווען פאַר יעדן זיך אויסצוהיטן פון משיח׳ס מויל, אָדער אויג. „משיח״ איז געווען דער ראש פון די טרעגערס,

וועלכע האָבן געבילדעט מיט זיך אַ קאָאָפּעראַטיוו. אַלע אַרבעטן און דאָס געצאָלט איז געוואָרן צעטיילט דורך אים, לויט אַ געוויסן שליסל, ווייל אָט דער — אויפן־קוק ווילדער־מענטש — איז געווען אַ געוויסנהאַפּטער, ערלעכער מאַן, וואָס האָט קיינעם נישט געקריוודעט, און האָט דעריבער געגאָסן אַלעמענס צוטרוי.

די חברה טרעגער זיינען געווען מיטן „בונד", אַזוי אַז זיי האָבן געוואוסט ווי צו אָרגאַניזירן אַ שטרייק פאַר אַ געלט־העכערונג און גוט אַכטונג געבן, אַז אימיצער זאָל דעם שטרייק נישט ברעכן. אין קעגנטייל איז נישט געווען מקנא צו זיין דעם שטרייק־ברעכער, און דער בעל־סחורה האָט אויך געקראָגן זיינס — מען האָט זיינע זעק אויפגעשניטן און געלאָזן אויסשיטן אויף דער ערד: דאָס מעל, צוקער, זאַלץ, תבואה א. ד. ג. אַ נייער מיטגליד אין דער חברה טרעגער איז אָנגענומען געוואָרן מיט דער הסכמה פון אַלע און אַ פאַרפליכטונג מצד דעם נייעם חבר אָפּצוהיטן אַלע תקנות פון דער חברה. אָבער דער הויפּט, „משיח", האָט עס אַלץ אָנגעפירט.

דאָס איז בנוגע דעם קאָאָפּעראַטיוו. וואָס אָנבאַלאַנגט זיין פריוואַטער הנהגה, האָט „משיח" באַזעסן אַ וואַרעם מיטפילנדיק האַרץ צו געבן „מתן־בסתר" — צדקה, העלפן אָרעמע קראַנקע מיט רפואות, אָדער אַ דאָקטאָר. ער פלעגט קלייבן געלט צו העלפן באַדערפטיקע אין גרעסערע זאַכן, ווי: קויפן אַ פערד פאַר אַן אָרעמען בעל־עגלה, ווען זיינער איז געפאַלן; אָדער קויפן חתונה־אויסשטייער פאַר אַן אָרעמער יתומה א. ד. ג.

נישט קוקנדיק אויף „משיח'ס" אָפיציעלער אָנגעהעריקייט צום „בונד", האָט ער אַ סך מיטגעפילט און שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט די „חלוצים", — זייערע שטרעבונגען, אָנשטרענגונגען און גרייטקייט צו טאָן יעדע שווערע אַרבעט, אַבי צו קריגן „הכשרה" פאַר עליה קיין א"י ער האָט די הכשרה־פּונקטן באַזוכט און אַליין געזען אַלץ וואָס די חלוצים שטייען זיך דאָרטן אויס. ער איז מיט דער צייט באַווירקט געוואָרן און ביי אים האָט זיך זייער געשטאַרקט דער חשק עולה צו זיין קיין ארץ ישראל — ווען דער אַנטי־סעמיטיזם האָט זיך געלאָזט אָנזען און די עקאָנאָמישע לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער.

אַזוי פלעגט „משיח באַזוכן דעם „התחיה" בנוגע אַ סערטיפיקאַט. איבערהויפּט ווען עס פלעגט אָראָפּקומען אימיצער פון די ציוניסטישע מנהיגים, אָדער ווען ס'פלעגט אָנקומען אַ נייע קוואָטע פאַר עולים, פלעגט ער גלייך קומען און ווייזן זיינע מוסקולן טענה'נדיק אַז ער וועט קענען זיין אַ גוטער טרעגער אין חיפה־פּאָרט, נישט ערגער ווי די סאַלאָניקער טרעגער דאָרטן (ער האָט געמיינט די גרופּע טרעגער וואָס די איד. אַגענטור האָט געהאַט אַריבערגעבראַכט פון סאַלאָניקי קיין חיפה אין דער צייט פון דער מאַנדאַט־רעגירונג). ער האָט נישט אָנגענומען דעם מאָטיוו, אַז די מאַנדאַטן־רעגירונג דערלויבט נישט קיין עולים אין זיין עלטער, ספּעציעל אַזאַ גרויסער בעל־משפחה ווי ער איז געווען. מען האָט אים געמוזט צוזאָגן אַריינצושטעלן זיין נאָמען אין דער רשימה פון די קאַנדידאַטן. דאָס האָט אים באַרואיקט. ער פלעגט דאָס דערציילן זיינע חברים און האָט זיי געמוטיקט זיי זאָלן נאָכטאָן זיין ביישפּיל.

„משיח" איז געווען ביי די חברה טרעגער נישט נאָר אַן אָנפירער, אין מאַטעריעלן הינזיכט, ער האָט אויך געזאָרגט פאַר זייערע גייסטיקע נויטן. ער האָט געשאַפן פאַר זיי אַ דירה פאַר אַ בית מדרש, וואו זיי זאָלן דאַווענען בהשכמה און פאַרנאַכט לערנען מיט אַ רבי'ן די סדרה פון דער וואָך, אָדער „חיי אדם". פרייטאָג פאַרנאַכט איז „משיח" געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער: שיין אָנגעטאָן, די באָרד ווייך אויסגעקעמט, דער בליק און פנים מילד, אָנגענעם. אָט הייסט ער, אַלס גבאי, דעם חזן צוגיין צום עמוד און פירט אַן אַלץ מיט אַ סדר. צומאָרגנס אין דערפרי טיילט ער די עליות און נאָכן דאַווענען זיצט ער נאָענט צום רבי'ן און הערט זיך צו צו די אויסטייטשונגען פון דער סדרה און הפטרה. שפּעטער נאָכן שלאָף, לערנט דער רבי פּרקי־אבות, אָדער תהלים און ער, קוקנדיק אויף די חברים, „זיינע געהאָרכזאַמע קינדער", האָט הנאה וואָס זיי הערן זיך איין.

צום רבי'ן האָט ער אַ פּשוטע „טרעגערישע" באַציאונג און זאָגט אים גוט צו באַצאָלן: „ער אַרבעט גלייך מיט אונז. מיר הייבן משאות און דער רבי הייבט אויף די שווערע לימודים און לייגט זיי אַריין אין אונזערע פאַרשטאָפּטע מוחות", פלעגט „משיח" געבן צו פאַרשטיין. פאַר אַ געוויסער צייט האָט א. מזרח געלערנט ביי די חברה טרעגער. ווען ער האָט רעזיגנירט האָבן זיי שטאַרק באַדויערט, ווייל זיי פלעגן שטאַרק הנאה האָבן פון זיין שטייגער לערנען. ער פלעגט געפינען אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די קעגנוואַרטיקע פּראָבלעמען און געשעענישן און די סדרה אָדער הפטרה.

זיינע קינדער, זעקס זין און דריי טעכטער, האָט „משיח" דערצויגן ווי אַן איבערגעגעבענער פאָטער. די אינגלעך זיינע האָבן געלערנט אין תלמוד־תורה און אין די פאָלקס־שולן. „זאָלן זיי אויסוואַקסן קענער נישט ווי איך", פלעגט ער זאָגן. זיין עלטסטער זון איז געווען אַ גיבור, געראָטן אין טאַטן, און געוואָרן אַ טרעגער. פון אָנהייב איז ער געווען נוטה צום „בונד", אָבער דערוויסנדיק זיך אַז עס איז געעפנט געוואָרן אַ נייער פּאָרט אין תל־אביב, דאַרף מען דאָך דאָרטן יונגע שטאַרקע טרעגער, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין „הנוער העובד" און האָט געקראָגן אַן „הכשרה". דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט „משיח'ס" האָפנונג. די מלחמה האָט צונישט געמאַכט זיין האָפנונג. זיין שנור איז דורך גילגול־ציפערן אָנגעקומען אין א"י.

טוביה פענסטער

## עבער פראַנקעל דער שדכן

ער איז געווען דער קעניג פון שדכנים אין לאָמזשע. איז געווען אַ בר־אורין און אַ וועלטלעכער, דורכגעטריבענער מענטש. ער האָט געקענט אַלע משפחה'ס ביי אידן מיט יעדנס יחוס און משפחה־פאַרבינדונגען. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „מסתרי נכבדות" (די סעקרעטן פון שידוכים). ער באַווייזט, אַז שדכנות איז אַ תורה וואָס מען דאַרף לערנען. אליעזר'ן, אברהם אָבינו'ס קנעכט, באַווייזט פרענקעל, איז געווען גרינג צו קריגן רבקה'ן פאַר אַ כלה פאַר יצחק'ן, ווייל אברהם אָבינו איז געווען גרויסמוטיק און נישט געפאָדערט קיין נדן פאַר יצחק'ן זיין איינציקן זון — ער האָט געגעבן אליעזר'ן גרויסע מתנות פאַר דער כלה. היינטיקע צייטן דאַקעגן איז שווער, מען דאַרף זיין זייער קלוג און געשיקט צו שדכנען, ווייל די נדן־פאָדערונגען זיינען גרויס און דווקא ביי די רייכע. ער דערציילט דעם פאַל מיט דער באַוואוסטער געבילדעטער פרוי, שרה נימצאָוויץ פון ביאַליסטאָק, אַן אייניקל פון הרב דיסקין פון לאָמזשע. זי האָט צוגעזאָגט צו געבן איר איינציקן זון צען טויזנט רובל נדן, אָבער זי פאָדערט פינף און צוואַנציק טויזנט מצד הכלה, און נאָר זיין, פרענקלס חכמה, האָט געקענט דורכפירן אַזאַ שידוך בשלום.

## אברהם אורי קאָוונער
### (אַרקאַדי גרעגאָרעוויץ)

אברהם־אורי איז געווען דער צווייטער זון ביי אַ אידן אין ווילנע, ישראל קאָוונער. זיין עלטערער ברודער איז אַלס סטודענט פון קיעווער אוניווערסיטעט געוואָרן באַרימט דורך זיין בראָשור וועגן דעם רמב״מ׳ס שיטה אין מעדיצין. אברהם־אורי איז נישט געווען קיין מוצלח. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין ישיבה׳ס, געגעסן טעג, געוואָרן פריי און פאַרהאַסט די אידישע אמונה, וועלכער ער האָט גערופן אין זיין פאַסקוויל, וואָס ער האָט פאַרשפרייט, „גל של הבל״ — אַ הויפן מיט נאַרישקייטן. ער דערשלאָגט זיך קיין פעטערסבורג און קריגט דאָרט אַ שטעלע אין דער באַנק פון ה׳ זאק. אויף אַ פאַלשער אָנווייזונג קריגט ער אַרויס פון באַנק הונדערט־טויזנט רובל און אַנטלויפט מיט זיין קראַנקגעוואָרענער געליבטער קיין אויסלאַנד צו דאָקטוירים. מען כאַפט זיי און קאָוונער ווערט אָנגעקלאָגט אין געריכט. זיין פראָקוראָר איז געווען גראַף מוראַוויאָוו, שפעטער יוסטיץ־מיניסטער. קאָוונער האָט זיך אַליין פאַרטיידיקט. ער האָט דאָ געפונען אַ גוטע טריבונע, פון וואַנען צו קענען אַרויסברענגען פאַר דער געזעלשאַפט זיינע געדאַנקען און געפילן קעגן די עקזיסטירנדיקע געזעצן און מנהגים. זיין רעדע מיט אַ שאַרפער לאָגיק און איבערצייגנדיקער אַנאַליזירונג פון פאַקטן האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די ריכטער און די רוסישע פרעסע האָט געדרוקט זיין גאַנצע רעדע. ער האָט געקראָגן אַ קליינע שטראָף — ער ווערט פאַרשיקט אויף אַ קורצער צייט קיין סיביר.

זייענדיק דאָרטן ווענדעט זיך קאָוונער צו זיין געוועזענעם פראָקוראָר, דאַן שוין יוסטיץ־מיניסטער, נאָך הילף אין זיין ביטערער לאַגע. מוראַוויאָוו שיקט אים אַ סומע געלד און עצה׳ט אים גלייכצייטיק זיך צו שמדן און דאַן וועט ער באַקומען אַ גוטן פאָסטן. קאָוונער פאָלגט אים און ער ווערט באַשטימט פאַר דעם דירעקטאָר פון מלוכה פאַרמעגן (קאַזנאָצייסטוואָ) אין לאָמזשע. מאַטעריעל איז קאָוונער שוין באַזאָרגט, אָבער זיין נשמה איז צעריסן. נאָך מערער פילט ער זיין איינזאַמקייט און חרטה־יסורים, דערוויסנדיק זיך, אַז זיין אַמאָליקער פריינט, דער פאָעט קאָנסטאַנטין שאַפּיראָ, האָט אויך שטאַרק חרטה אויף זיין שמד׳ן זיך, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין זיין שיר: „לשוא טבלתי את בשרי בירדן״. קאָוונער דריקט אויס זיינע חרטה־געפילן אין אַ בריוו צום שרייבער א. מ. פיורקאַ אין גראַיעווע, וועלכער עצה׳ט אים זיך אומצוקערן צום לערנען, איבערהויפט תנ״ך. לעבנדיק איינזאַם אין זיין אָפגעזונדערטן צימער, איז נישט באַוואוסט צו קיינעם וועגן זיין לעצטן גייסטיקן צושטאַנד. ער איז געשטאָרבן אַזוי פאַרלאָזן און איז באַגראָבן געוואָרן אויפן רוסישן צמענטאַר.

טוביה פענסטער

## יעקב חנוך גלאָבאַץ

ער איז געווען אַן אָנשטענדיקער סוחר, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין קאַפּיטאַל און איז געוואָרן אַ מלמד. ער איז געווען אַ למדן און אַ פּיקח אין וועלטלעכע ענינים. זיינע גלייכווערטלעך פלעגן דערציילט ווערן פון איינעם צום אַנדערן. געוואוינט האָט ער אויף ריבאַקי אין אַ קליין הייזל. זיין זון איז געווען פּריוואַט לערער, ער האָט געגעבן „שטונדן״ צו די איינוואוינער פון קולקינ׳ס הויז. אין 1910 האָט ער אַרויסגעגעבן די משלים און גלייכווערטלעך פון זיין פאָטער מיט אַ צוגאָב פון זיינע אייגענע אין אַ בוך־פאָרם, מיטן נאָמען „אמרי יושר״.

אָט דער ר׳ יעקב־העניאָך איז געקומען צו אונז אין דאָרף שומאָוואַ לעבן זאָמבראָוו, און איז געוואָרן דער רבי פון שומאָוואַ און פון די ישובים אַרום. ביי אונז איז ער געווען אַ בן־בית. ער האָט מיט זיינע הומאָריסטישע ווערטלעך זיך באַמיט שטענדיק צו פאַרשאַפן אַ נחת־רוח מיין מוטער, די באַלעבאָסטע. „ס׳איז נישט גענוג צו זאָגן פון סידור אשת חייל מי ימצא, נאָר מען דאַרף טאַקע איר ווייזן אונזער דאַנקבאַרקייט״, פלעגט ער זאָגן.

## אברהם מרדכי פיורקאַ

באַוואוסטער העברעאישער שרייבער, איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע אין 1853 אין אַ משפחה פון האָרעפאַשניקעס. ער האָט געלערנט אין ישיבות און זיך פאַרפאָלקאָמט אין אַלגעמיינער בילדונג. איז געווען אַ טיפער פאָרשער און געשריבן שירים און דערציילונגען. ער האָט זיך באַזעצט אין גראַיעווע און זיך אויסגעהאַלטן פון לערערי. זיין הויז איז געווען אַ זאַמל־פונקט, אַ קלוב פאַר משכילים, ציונים און בכלל אינטעליגענטן. עס פאַרלייגט אַ העברעאישע דרוקעריי, וואו ער דרוקט פון צייט צו צייט זיינע שאַפונגען. ער איז געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט די גרויסע ליטעראַטן פון זיין צייט און האָט זיך באַטייליקט אין אַלע פעריאָדישע אויסגאַבן און אין די זאַמל־ביכער.

פון זיינע שאַפונגען זיינען כדאי דערמאָנט צו ווערן די פאָעמע „יפתח׳ס־טאָכטער״, אַ קריטישער מאמר אויפן תנ״ך און תלמוד, אונטערן נאָמען „די ווערטער פאַסן זיך פאַר די וואָס האָבן זיי געזאָגט״, „אַ פולשטענדיקער בריוונשטעלער״ — בריוו־מוסטערן פאַר יונגוואַרג, סוחרים און סטודענטן און אַ סך אַנדערע ביכער און צענדליקער דערציילונגען וועגן באַוואוסטע גרויסע פערזענלעכקייטן. אין יאָר 1899—1901 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ קינדער זשורנאַל „גן שעשועים״. צוליב צענזור שוועריקייטן האָט ער אים געדרוקט אין ליד, פּרייסן.

ישראל לעווינסקי

## גיטל (משה־יאָסעלעכע) וויניצקי אין ישראל

עס איז דערציילט געוואָרן וועגן דער דאָזיקער מערקווירדיקער גוטהאַרציקער פרוי און אירע פילע וואוילטעטיקייטן אין לאָמזשע און טיילווייז אין א״י. דאָ וועלן צוגעגעבן ווערן אייניקע פּרטים וועגן דער פאָרזעצונג פון אירע חסדים. זי האָט נישט געוואָלט וואוינען מיט איר טאָכטער צוזאַמען, נאָר פאַר זיך, און זי האָט זיך אויסגעהאַלטן פון באַנקעס־שטעלן און העלפן פרויען אין זייער שטוב־אַרבעט. דערוויסנדיק זיך וועגן דער נויט פון דער ישיבה „בית יוסף״, איז זי אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער פון פאַרמעגלעכע און געזאַמלט עסנוואַרג. דאָס זעלבע האָט זי שוין געטאָן שפּעטער יעדן פרייטאָג פאַר סתם־אָרעמע. פרוי פערל צענטנערשווער, אויך אַ לאָמזשערין, האָט איר געהאָלפן. גיטל האָט בייגעטראָגן צום בנין פון דער ישיבה אויפן נאָמען פון הרב עמיאל; זי האָט אויפגעשטעלט אַן ארון־קדוש אין כפר אוריה־שול און געקויפט אַ ש״ס, אַ ספר תורה, פּרוכת, הדס, זילבערנעם בעכער. זי האָט חתונה געמאַכט אַ סך אָרעמע כלה׳ס, געקויפט ש״ס׳ן פאַר אָרעמע רבנים, געשאָנקען אַ פענסטער אין דער נייער שול

„יבנה" אין ירושלים. „אויף אויסצוהאַלטן מיין מאָגערן קערפּער, פלעגט זי זאָגן, דאַרף איך זייער ווייניק. מיין נשמה אָבער איז אַ גרויסע פרעסערין, זי ווערט גאָרנישט זאַט". זי האָט זיך געקויפט אַ פלאַץ פאַר אַ קבר אויפן הר הזיתים און זיך פאַרזאָרגט מיט תכריכים, כדי אַז ווען די צייט וועט קומען זאָל זי זיין גרייט.

## אברהם הערשל מעדעק

אברהם הערשל קאַנאָוויץ, מיטן צונאָמען „מעדעק", האָט פאַרדינט אַז מען זאָל וועגן אים דערציילן אין פינקס. אַ פשוטער בחור, אַ בעל־עגלה'ס אַ זון פון די ריבאַקי'ס, האָט אַביסל געלערנט אין תלמוד תורה. דאָס לערנען האָט זיך נישט געקלעפּט צו אים. אַ נשמה האָט ער געהאַט פון אַ פאָלקס־אַקטיאָר; אַלץ און אַלעמען האָט ער נאָכגעמאַכט: די פאַיאַצן פון צירק, די שפילער אויפן לייוונט פון סינעמאַ — אַפילו די העלדן־טאַטן פון זישע ברייטבאַרד דעם גיבור, ווי אויפצוהייבן גרויסע משאות, צעברעכן אייזערנע פאָטקאָוועס, אַרויסציען נאָגלען מיט די ציין — אַלץ האָט ער געקענט נאָכטאָן. פון די לעצטע קונצן האָט ער זיך גאָר געמאַכט אַ פרנסה: ער פלעגט זיי דעמאָנסטרירן אויף יאַרידן און דערנאָך זאַמלען קאָפּיקעס אין זיין היטל. אַלס גוטער טענצער האָט ער געעפנט אַ טאַנץ־סאַלאָן צו לערנען טאַנצען. ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די אויטאָבוס־געזעלשאַפט איז מעדעק געוואָרן דער בילעטן־אָפּנעמער און דאָס האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט פריילעך צו מאַכן די פאַסאַזשירן מיט זיינע קונצן און דערציילן וויצן אויפן גאַנצן וועג. ער האָט אַמאָל מצרף געווען זיין געהילף, אַ שגץ, צו אַ מנין אין אַ האָטעל אויפן וועג פון וואַרשע, און נאָכן דאַוונען האָט ער דערציילט די דאַוונער וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. די קאָמוניסטן האָבן אַמאָל צוגעגרייט אַ יום־כפור־סעודה לכבוד זייערן אַ חבר, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון טורמע. געטאָן האָבן זיי דאָס אויף צו־להכעיס די רעליגיעז־געשטימטע אידן. נעמט מעדעק און גנב'עט אַרויס מיט אַ נאַכט פריער דאָס גאַנצע עסן, כדי צו פאַרהיטן די קאָמוניסטן פון זינדיקן...

מעדעק איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה און האָט ליב געהאַט צו געבן אַ „גמילת חסד" צו אַ בעל עגלה, וואָס זיין פערד איז פלוצלונג געפאַלן, כדי צו קויפן אַן אַנדערן; העלפן חתונה־מאַכן אָרעמע כלה'ס; קויפן נייע בגדים פאַר באַפרייטע פון טורמע; זאָרגן צו באַשפייזן און באַקליידן משוגעים און אַכטונג געבן מען זאָל זיי נישט נאָכלויפן. ער האָט אַמאָל אַרויסגעכאַפּט אַן אָנצוג פון פעלטינאָוויצעס געשעפט, ווען יענער האָט נישט געוואָלט געבן מיט גוטן. מיטן אָנצוג איז ער אַריינגעלאָפן אין חברה ש"ס בית מדרש, וואו ברוך זעליג דער משוגענער איז געווען, האָט אים אָנגעטאָן דעם אָנצוג און אים פאָרגעשטעלט פאַר פעלטינאָוויצ'ן זאָגנדיק: „אויב דו ווילסט נעם דאָס איצט צוריק".

דינענדיק אין דער פוילישער אַרמיי, איז ער געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון די אידישע סאָלדאַטן פון 30טן נאָוואָ־גרודסקער פולק, וועלכן מען האָט געגעבן דעם צונאָמען „משה רבנו'ס פולק", ווייל אין אים האָבן געדינט 500 אידישע סאָלדאַטן. ער האָט געזאָרגט פאַר דעם, זיי זאָלן זיין פריי פון דינסט און עסן כשר'ס אין די ימים־טובים און זיי זאָלן האָבן אַ "סדר" אויף פסח. די סאָלדאַטן האָבן מעדעק'ן גערופן דאָס „גאָלדן האַרץ". די קראַנקע און שוואַכע האָט ער זיך באַמיט צו באַפרייען. ער פלעגט שטערן אידישע מיידלעך אַרומצוגיין מיט שקצים; צוליב דעם פלעגט ער זיך שלאָגן מיט זיי. ער איז געווען גרייט זיך מוסר־נפש זיין נישט צו דערלאָזן טאָן אַ אידן אַ קריוודע.

אברהם הערשל מעדעק האָט פריער באַלאַנגט צום „בונד", אין דער דראַמאַטישער־סעקציע. שפּעטער איז ער אַריבער צו „פועלי־ציון, ווייל ער האָט געשטרעבט עולה צו זיין קיין א"י ער האָט אָבער נישט זוכה געווען צו דעם. ווען דער פיאָנטניצער רב האָט אים נישט דערלאָזט צו הייראַטן זיין טאָכטער, וועלכער ער האָט שטאַרק געליבט, איז ער געווען שטאַרק פאַרצווייפלט.

אָט דאָס איז געווען אברהם הערשל מעדעק — אַ זעלטענער עמך טיפּ. נישט געבילדעט, און נישט געלערנט, אָבער אַ זעלטענער בעל מידות. ער איז פאַרברענט געוואָרן אין אָשוויענצים צוזאַמען מיט אַלע לאָמזשער.

## יהודה לייב (דער שוסטער) קרימקעוויץ

דאָס איז געווען אַ איד אַ תמים, נישט געהאַט קיין גרויסע שטרעבונגען — געניית שטיוול און געלאַטעט אַלטע. אָבער אַ בעל־צדקה איז ער געווען אַ גרויסער און זיך געטיילט מיט אָרעמע לייט מיט דאָס קנאַפּע וואָס ער האָט געהאַט. זייענדיק אַ חבר אין דער „חברה־תהלים", האָט ער זיך געפירט, אַז זיין יום־תהלים פלעגט ער גיין זאָגן ביי אַ קראַנקן אין הויז אָדער ביי אַ נפטר. אָפּגעזאָגט, פלעגט ער קושן די מזוזה און אַוועקגיין. פרייטאָג־צו־נאַכטס פלעגט ער נישט גיין עסן אָן, לפחות, איין אורח.

אין אַ שבת חול־המועד־סוכות שטאַרבט יהודה־לייב. אויף מאָרגן הושענה־רבה האָט די חברה קדישא געהאַט נאָך אַ בר־מנן, קולקין דעם אַדוואָקאַט (געשטאָרבן צו 88 יאָר). דער לעצטער האָט זיך געהאַט איינגעשאַפט פאַר אַ גוטן פרייז אַן אָנשטענדיקן קבר־פלאַץ. אָבער קרימקעוויצ'ן דעם אָרעמאַן האָט מען באַשטימט צו באַגראָבן לעבן פאַרקאַן —אַן אומזיסטע קרקע. די קינדער אַלס פראָטעסט קעגן אַזאַ הרפה, האָבן זיך געפעדערט און מקבר געווען זייער פאָטער אין קולקינ'ס קבר און האָבן נישט געלאָזן די חברה קדישא אַרויסנעמען דעם מת. מען האָט געפרעגט דעם רב און ער האָט גע'פסק'נט, אַז די קינדער פון קרימקעוויץ האָבן רעכט, זייער פאָטער דאַרף באַערדיקט ווערן אויף אַן אָנשטענדיקן פלאַץ. חברה קדישא האָט געמוזט געבן אַן אַנדער קבר, לעבן קולקינ'ס, פאַר קרימקעוויצ'ן. די קינדער האָבן געבעטן מחילה ביי קולקין פאַר אָפּהאַלטן זיין קבורה, און זיי זיינען צוריק געקומען אין שטאָט אַלס זיגער.

א. ריזוועס

## נאָטיצן

### טשערוואָניעץ דער מלמד

דאָס איז געווען מיין גמרא־מלמד. אַ נידעריקער מיט אַ דאַרן פנים און אַ גרויע־באָרד. ער האָט ליב געהאַט, ווען נאָר מעגלעך, צו ציען און סמאַקעווען פון זיין ליולקע מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן מיט הנאה; ער פלעגט דאַן, ווייזט אויס, פאַרגעסן זיין נעבעכדיקע לאַגע, זיין מלמדות סיי מיט די קינדער און אויך מיט די טרעגער־חברה „פועל צדק".

זיין זון מיט אַ שוואַרצער באָרד און שיינע שוואַרצע אויגן איז געגאַנגען אין פאָטערס דרכים; געווען אַ מלמד מיט קינדער און אַ מגיד אין „חברה תהלים". געוואוינט האָט ער אין פיאָנטניצע און פלעגט איבער די בריקן פון נאַרעוו גיין צו־פוס יעדן טאָג צו האַלטן זיינע דרשה'ס. ער

פלעגט צו־הוסטן מיט אַ פּישץ פון אַ סך אָנשטרענגען זיין האַלז ביים רעדן און פון די נאַסע ווינטן אַרום נאַרעוו.ביידע, פאָטער און זון, פלעגן זיך ביטער באַקלאָגן אויף דעם אומיושר אין דער געזעלשאַפט, וואָס מאַכט זיי צו זיין אין אַזאַ טרויעריקער לאַגע. דער זון פלעגט יעדן טאָג איבער־זאָגן פאַר זיין פאָטער די דרשה, וואָס ער גייט האַלטן. דער פאָטער האָט זיך גוט צוגעהערט סמאַקעווענדיק מיטן צונג די לאַנגע ליולקע.

דער טאַטע האָט ליב געהאַט צו געניסן אַביסל פון דעם ביטערן טראָפּן פאַרן עסן. איך האָב געהאַט דעם כבוד צו ברענגען אים די משקה, וואָס מען האָט גערופן „טאָדרעס" (פאַרבריצירט אומלעגאַל). עס האָט פאַרשפּרייט אַ נאָך־ריח און מען האָט עס אויך גערופן „שטינקאָווקע". אויך זיין טאַבאַק צו דער ליולקע פלעג איך פאַר אים קויפן. דאָס איז געווען דער ביליקער סאָרט „מאַכאָרקע". די „טאָדרעס"־משקה פלעג איך פאַר אים קויפן ביי איינעם אַ חסיד. ער פלעגט פון אַ געהיימער קאַמער אַרויסברענגען אַ שימע־רירענדיק פלעשל מיט משקה און געבנדיק מיר, שטאַרק אָנזאָגן עטלעכע מאָל איך זאָל עס למעה"ש גוט באַהאַלטן, כדי די פּאָליציי זאָל חו"ש נישט דערזען. טראָגנדיק דאָס פלעשל גוט פאַרשטעקט אין גאַס, האָט זיך מיר טאַקע אויסגעדוכט, אַז פּאָליציי גייט מיר נאָך...

איין מאָל, אין אַ קאַלטן פאַרנאַכטיקן שניי־שטורעם, איז דער רבי נישט צוריקגעקומען פון זיינע מגידות. נו, האָט די רביצין זיך זייער געשראָקן. מיר קינדער אין „חדר" האָבן באַשלאָסן צו גיין זען וואו דער רבי געפינט זיך. פּלוצ־לונג האָט מען פון אַ זייטיק הויז אַרויסגעטראָגן דעם רבי'ן. דאָס האָבן טרעגער, זיינע צוהערער, אים געטראָגן אַהיים. מיר זיינען נאָכגעגאַנגען. פאַרמאַטערטע, אויסגע־שעפּטע זיינען מיר אַריין אין הויז און אים איבערגעגעבן צו דער רביצין, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט וועגן רבי'ן און וועגן אונז. נאָכן אַרונטערנעמען פון רבי'ן אַלע זאַכן ,מיט וועלכע ער איז געווען פאַרוויקלט איז אונזער מלמד און מגיד אין די זאָקן און שטיוול געשטאַנען אַ דער־שלאָגענער, מיזערנער און זיך באַקלאָגט: נו, נו, האָסטו דיר אַ וויסטע פרנסה.

## פייוול דער סטאָלער, שמש פון „הכנסת אורחים"

עס איז שוין דערציילט געוואָרן (אין אָפּטיילונג וועגן „הכנסת אורחים") וועגן דעם אַנשטאַלט, חברה און בית־מדרש „הכנסת אורחים" און אויך וועגן פייוול דעם שמש, סטאָלער און רבי פון משניות, שולחן ערוך מיטן עולם. דאָ זאָל נאָר צוגעגעבן ווערן אייניקע פּרטים. דער בית־מדרש פון „הכנסת אורחים". פאַרהעלניסמעסיק קליין, האָט געהאַט זיין ווייבער שול איבערן בית מדרש, דורך אַ פיר־עקיקער עפענונג אין מיטן סופיט, איבער די בימה. האָבן די פרויען געקענט הערן דעם בעל־תפילה'ס ווערטער פון אונטן. פאַרשטייט זיך אַז ימים נוראים פלעגן די מאַנסבילן אונטן הערן אויך די יללות און קולות פון די ווייבער פון אויבן. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געשטערט דעם בעל־תפילה, אָדער בעל־קורא. פייוול דער שמש פלעגט קלאַפּן אויף דער בימה און אַרויפשרייען: „שאַ, שטיל זאָל זיין"!

שמחת תורה האָט פייוול דער שמש געהאַט אַ חזקה אויף דער עליה „עם כל הנערים", ווען ער פלעגט אַרונטער־נעמען אַלע קלענערע אינגלעך אונטער זיין גרויסן טלית און מאַכן זיי מיטזאָגן די ברכות איבערן ספר און „המלאך הגואל..." צווישן די אינגלעך איז געווען אויך זיין אייניקל, זכריה שוסטער, מיט זיינע שוואַרצע געקרייזלטע האָר און שוואַרצע, אָפענע, רונדע, קלוגע אויגן; יעדן יאָר, אַ טאָג פאַר הושענא רבה, פלעגט פייוול דער שמש ברענגען צו אונז אין הויז הושענא'ס פאַר דער גאַנצער משפּחה וועלכע האָבן פאַרשפּרייט אַ פרישן ריח הגם זיי זיינען געווען פאַרוויקלט אין אַ רויט טיכל. מיין מוטער האָט אים גערופן דוד און מכבד געווען מיט טיי. איך האָב שטענדיק געשפּירט פון אים אַ ריח פון פרישע געהובלטע ברעטער. טרינקנדיק האָט ער געהאַלטן אין איין לויבן זיין אייניקל זכריה ווי גוט ער איז אין דער ישיבה. דאָס איז דער זעלבער זכריה, וואָס איז באַלד געוואָרן אַ צייטונג־שרייבער אין קאָוונע און פלעגט שיקן געלט זיין טאַטן, דעם אָרעמען שניידערל, און זיין זיידן פייוול'ן. דער זעלבער זכריה שוסטער קומט שפּע־טער אָן אין אַמעריקע און ווערט מיטאַרבעטער אין „טאָג". לעצטנס איז זכריה שוסטער פון די וויכטיקסטע דיפּלאָמאַ־טען פון „אַמעריקאַנער אידישן קאָמיטעט".

## עזריאל־לייב (זעליק) וויבראַנציק, דער סטאָלער

דאָס איז געווען אַ הויכער איד, מיט אַן אָדלער־נאָז; אויפן קאָפּ אַ הויכע זיידענע היטל צוזאַמענגעשטעלט פון אַ סך קוואַטערן מיט אַ קנאָפּ אין מיטן. זיין באָרד — שוואַרץ נאָר דאָ און דאָרטן באַזילבערט. די אויגן אונטער זיינע לאַנגע ברעמען האָבן נישט געקוקט גלייך צום מיטשמועס־ער ווי ער וואָלט געזאָגט: „נישט דו ביסט דער עיקר — ס'איז דאָ אַ גרויסע וועלט". עזריאל־לייב איז געווען אַ למדן, „שומר מצוות און — פילאָסאָף. ער איז געווען קלאָר אין „מורה נבוכים" און געוואוסט אַלע פילאָסאָפישע שיטות. ער איז געווען פון די ערשטע „חובבי ציון" און זיין ווערק־שטאַט־צימער האָט געדינט פאַר דער ערשטער חובבי־ציון שול, כדי איינצושפּאָרן די ציוניסטן דירה געלט. אין זיין פאַך איז ער געווען אַ קינסטלער. דער באַרימטער געשניצ־טער ארון קודש פון לאָמזשער שול איז געווען זיין אַרבעט, מיט דער מיטהילף פון זיין חבר פייוול, פערעלמאַנ'ס פאָטער פון שיקאַגאָ, וועלכער איז געווען מיין פאָטער'ס אַ קוזין. זעליג־לייב פלעגט אויסדריקן זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען ביי די משפּחה צוזאַמענקונפטן געלאַסן און קלאָר.

ביי מיין געזעגענען זיך פאַר מיין עולה זיין קיין א"י איז ער מיטגעגאַנגען באַגלייטן מיך ביז דעם סוף פון גאַס. ער האָט גערעדט זיינע הויכע געדאַנקען און האָט מיר דערקלערט אַ פּסוק אין תהלים אויף אַ פילאָזאָפישן אופן. ביים סאַמע אָפּשייד האָט ער אַזוי ווי געקוקט אין די מרחקים צו דעם לאַנד וואו איך פאָר און וואו זיין זון נתן איז דאָ. „זאָל ער נאָר נישט פאַרגעסן דעם טאַטן", האָט ער מיר אָנגעזאָגט.

## אַ פּאָליטישער אַטענטאַט אין סליחות־נאַכט

איינמאָל אַ שבת־צו־נאַכט'ס פון די ערשטע סליחה'ס איז לעבן אונזער טויער אויף לאַנגע גאַס, ר' חיים־זלמן יעלינ'ס הויז, געשאָסן געוואָרן אַ מאַן. מען האָט באַלד דערקענט דעם הויפּט פון געהיים־פּאָליציי. דאָס האָבן אַנאַר־כיסטן זיך נוקם געווען אין אים פאַר זיינע רדיפות אויף זיי, בעת זיין דינסט אין וואַרשע. די פּאָליציי, ווי איר שטייגער אין יענע צייטן בעת דעם צאַר־רעזשים, איז שטענ־דיק געגאַנגען זוכן טעראָריסטן צווישן אידן. איז זי טאַקע גלייך אַוועק אין חברה ש"ס בשעת סליחות זאָגן, צו זוכן דאָרטן דעם אָנפאַלער. פאַרשטייט זיך אַז ס'איז געווען אומזיסט זייער שטערן און איבערשרעקן די אידן. שפּעטער האָבן זיי געפונען דעם אָנפאַלער אין אַ פּאַס אַ דערשאָסענעם און זיין רעוואָלווער לעבן אים.

# די דערנידעריקטע און געקריוודעטע

(שטאָט־משוגעים)

## קדיש דן

דאָס איז געווען אַ נידעריקער איד מיט אומעטיקע שוואַרצע אויגן און שטענדיק רויטלעכער נאָז. שטענדיק איז ער געווען פאַרוויקלט, אָנגעפּענטעט אין זומערדיקע און ווינטערדיקע בגדים, מיט אַ גרויסער וואַטענער היטל אַראָפּגערוקט איבער די אויערן, אין וואָלענע גראָבע זאָקן אויף די פיס. ער איז געווען אַ מלמד פון סידור מיט מיידלעך. ער האָט שטענדיק געליטן אויפן מאָגן און האָט אויסגעגעבן אַלע זיינע פאַרדינסטן אויף בלעטער און גראָזן, וועלכע ער פלעגט קאָכן און טרינקען די זופּ פאַר רפואה׳ס. זיינע פאַרדינסטן זיינען אָבער נישט געווען גענוג און ער האָט נאָך געמוזט צו־בעטלען. ער פלעגט בשעת מעשה צו־זינגען. ער האָט געהאַט אַ שטימע און איז אַמאָל געווען אַ חזן אין אַ קלויז ערגעץ אין דייטשלאַנד, פון וואַנען ער איז געקומען קיין פוילן. קדיש־דן האָט ליב געהאַט קינדער און האָט געבענקט נאָך אַ משפחה. ער האָט ליב געהאַט צו קויפן בייגל און צעטיילן זיי צווישן קינדער.

## ש ל מ ה

שלמה איז געווען אין אַ מרה־שחורה און איז געווען שטענדיק פאַרמעלט, ווייל ער האָט ליב געהאַט צו ליגן און שלאָפן אויף די זעק מעל אין די בעקערייען. ער האָט שטענדיק עקשנות׳דיק געשוויגן, אַזוי ווי ער וואָלט באַהאַלטן עפּעס וויכטיגעס. מ׳האָט געזאָגט, אַז די מפּלה פון די טערקן אין זייער מלחמה מיט די רוסן האָט עס געווירקט אויף אים אַריינצופאַלן אין דער מרה־שחורה־שווייגעניש, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער „חסיד״ פון די טערקן. מיינסטנס פלעגט ער זיצן אין גרויסן בית מדרש איבער אַ גמרא, אַמאָל אַריינקוקן און טראַכטן, אָדער מישן פון טאָוול צו טאָוול און שוויגן, אָדער גאָר סתם אַזוי אַריינשמייכלענדיק אין זיין פאַרמעלטער באָרד, קוקן אין דער אומענדלעכקייט און שווייגן.

## ש מ ו ל י

שמולי „דער משוגענער״ איז געווען רויט אויפן פּנים מיט צעפלאָשעטע האָר אויפן קאָפּ, פול מיט פעדערן; די באָרד־קאָלטענאָוואַטע; אויגן קעלבעוואַטע, אַרומגענומען מיט רויטע ברעמען באַדעקט מיט מאַטעריע און שטענדיק נאַס פון טרערן, דעריבער שטענדיק שמוציק און קראַנק. זיין משוגעת איז געווען די נישט זיכערקייט אין ריכטיקן אויסדרוק פון אַ צאָל אותיות, וועלכע האָבן געהאַט ענלעכע קלאַנגען און אַזוי אַרום האָט מען זיי געקענט פאַרבייטן מיט אַנדערע ווי למשל: א׳ און ה׳; ב׳ און פ׳; ז׳ און ס׳. ער פלעגט דעריבער אַ סך מאָל איבערזאָגן אַ סך ווערטער פון דאַוונען. נאָך יעדן אויסדרוק פלעגט ער אַ מאָמענט זיך פאַרטראַכטן צי דאָס איז געווען דער ריכטיקער קלאַנג פון צווייפלהאַפטן אות. נישט זייענדיק זיכער אין דעם פלעגט ער עס איבערחזר׳ן, כדי צו אַקצענטירן און פאַרבעסערן. אַזוי איז ער אָנגעגאַנגען מיטן דאַווענען שחרית און נישט קענען ענדיקן ביז מנחה־מעריב און דערווייל נישט עסן גאַנצע טעג. דער הונגער האָט אים זייער אָפּגעשוואַכט און אויסגעצערט אַזוי אַז ער פלעגט אַלע ווילע טיף אָפּקרעכצן. אָפט פלעגט ער פרעגן דעם וואָס איז געשטאַנען נאָענט, צי ער האָט ריכטיק אַרויסגעזאָגט אַ געוויסן וואָרט.

און וואונדער איבער וואונדער — אָט דער משוגענער צווייפלער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן זיכרון און געוואוסט גאַנץ תורה אויסנווייניק מיטן טראָפּ פון יעדן וואָרט און אַלע דקדוק־כללים ווי צו לייענען. ער איז געווען קלאָר אויך אין דער מסורה איבער „קרי״ און „כתיב״ פון דער גאַנצער תורה. אַז ער פלעגט אַמאָל לייענען שבת־צו־מנחה אין ספר־תורה, האָט מען אים געמוזט היטן ער זאָל נישט לייענען אויסנווייניק. לויט א. מזרח, איז שמולי אַמאָל געפאָרן קיין ליטע צו „שטודירן״ ווי אויסצורעדן דעם ה׳. קומענדיק צוריק האָט ער כסדר געחזרט דאָס וואָרט „ואהבת״ און אַזוי איז ער פאַרבליבן מיט זיין משוגעת. שמולי האָט געשטאַמט פון דער משפחה צעשלוק.

## א ב ר ה מ ׳ ל

אברהמ׳ל האָט זיך געריבן ביי די ווענט, ווי אַ שאָטן, מיט זיין קאָפּ און פלאַכן נאָז אַרונטערגעלאָזן. אברהמ׳ל איז געווען אַ גרויסער פעסימיסט: „דאָס לעבן איז פאַרווערימט״, פלעגט ער טענה׳ן, ווייל ער האָט געאַרבעט ביי זיין טאַטן פאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט און האָט קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה צו באַנעצן זיין גאָרגל מיטן ביטערן טראָפּן. אברהמ׳ל איז געווען זייער אײדל און אפילו קליינע קינדער האָט ער „געאירצט״. אַ גאַנצן פאַפּיראָס האָט ער ניט געהאַט קיין העזה צו בעטן, דערפאַר ווען ער האָט געקראָגן אַמאָל אַ גאַנצן פאַפּיראָס האָט עס געענדערט זיין גאַנצן געמיט־צו־שטאַנד און ער איז געוואָרן אַן אָפּטימיסט. עס פלעגט פון אים אַרויסזינגען אַ לידל, און פלעגט נאָך אַמאָל כאַפּן אויך אַ טענצל. צווישן זיינע מקורבים איז אומגעגאַנגען זיינס אַ לידל וועגן „נאַראָדני דאָם״ וואו אידן זיינען מחלל שבת געווען און די גוים האָבן געשיכור׳ט דאָרט זייענדיק נאָענט צום „מאָנאָפּאָל״.

## חיים פּול

ער איז געווען הויך געוויקסיק מיט אַן איינגעבויגענער „קעמלדיקער״ פּלייצע, מיט אַ לאַנגן שופר־נאָז און שפּיציקער גאָמבע. ער האָט אויסגעזען ווי אַ טערק. חיים פלעגט נאָכגיין זיין פאָטער ר׳ משה גראָדע פון נידעריקן וואוקס. אָט דער ר׳ משה איז אַמאָל געווען אַן אָפּטער שרייבער אין „המליץ״ און „הצפירה״ און אויך אַן אַגענט פון צייטונגען, וועלכע ער פלעגט צעטיילען מיט דער הילף פון חיימ׳ען צווישן זיינע קונדן. חיים גייט נישט, ער ווערט ווי געטראָגן דורך אַ שטורעם אין מיטן גאַס. די פּאָלעס פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע שפּרייטן זיך פאַנאַנדער אין דער לופט אויף די זייטן ווי פליגלען פון אַ גיגאַנטישן פויגל. קינדער שרייען אים דאַן נאָך צום טאַקט. ער שטעלט זיך פלוצים אַוועק, ווישט אָפּ זיין שטערן מיט דער האַנט און אַרויסרעדנדיק זידל־ווערטער, גיט ער אַ זאָג: „איך ווייס נישט וואָס זיי ווילן פון מיר, כ׳לעבן איך וואָלט געדאַרפט איצט זיין אין וואַרשע״. און אָט גייט ער צוריק צום טאַטן און פרעגט אים: „האָסטו מיך גערופן?.

## ר׳ איצקע

אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ פאַרשווייסטע (פאַרשמאָלצענע) היטל, וואָס האָט געגלאַנצט ווי פאַרמעט; דאָס בערדל גרינלעך און אויפגעשטעלט פאָראויס; זיינע אויגן האַלב־צוגעמאַכט ווי ביי איינעם וואָס איז פאַרטיפט אין טראַכטן. ער איז נישט בשוה מיט זיין צווייטער פרוי, ווייל זי איז אַן אויסברענגערקע און ער איז אַ מאַטעמאַטיש־אויסגערעכנטער. „אַפילו שבת דאַרף מען נישט עסן קיין חלה״, איז געווען זיין איבערצייגונג. פאַר אים איז גענוג

צוויי זעמל אַ טאָג. לופט ריינע קען מען און מען דאַרף שעפּן — דאָס קאָסט נישט קיין געלד און ס׳איז אַזוי געזונט. פלעגט ער טאַקע דעריבער פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג אין שפּאַציר־גאָרטן. געגאַנגען איז ער פּאַמעלעך — אַזוי רייסט זיך נישט קיין סך די שיך. זיינע בגדים האָט ער געקראָגן בירושה. זיין מאַנטל מיט די משונה׳דיקע קנעפּ האָט גיכער געהערט צו אַ מוזעאום פון אַלטערטימלעכקייטן. זיין געלט, וואָס ער האָט באַקומען בירושה, איז אַוועקגעליהען אין זיכערע הענט און ער לעבט פון פּראָצענט. אָבער לויט זיינע פּינקטלעכע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען איז אים אויסגעקומען, אַז זיין גאַנצער פאַרמעגן וועט אים נישט זיין גענוג פאַר זיין גאַנצן לעבן, צוליב זיין ווייב׳ס אויסברענגעניש, דעריבער האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן.

## הערשעלע

אַ פּרינץ וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעטלער. ער האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ רייכער, מיוחסדיקער משפּחה און געלעבט ווי אַ וואַנדערער־בעטלער. פאַרוויקלט זיין קורצן מאַנטל מיט אַ שאַל אויפן האַלז, וואָס האָט דערגרייכט אַזש ביזן נאָז, דאָס פּנים טונקל, שטענדיק אויפגעלייגט, און אַ דראָטעוואַטע באָרד. אָט אַזוי איז ער שטענדיק געווען אין באַוועגונג פון שטאָט צו שטאָט. אַ פלעשל מיט וואַלעריאַן־טראָפּנס האָט ער שטענדיק געהאַט מיט זיך, און דאָס האָט זיך געפילט פון אים. אַזוי האָט ער אין זיינע וואַנדערונגען אָנגעשפּאַרט אין וואַרשע און אין פּעטערסבורג, כדי צו אַפּעלירן קעגן די באַשלוסן פון די נידעריקע געריכטן אַוועקצונעמען פון אים די ירושה פון זיינע רייכע קרובים. דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַן אָרעמאַן. פון זיינע קעשענעס זיינען שטענדיק אַרויסגעפאַלן פאַרשיידענע ביטעס צו מיניסטאָרן, סענאַטאָרן. מ׳האָט געזאָגט אַז ער איז געווען אין אויסלאַנד, אין בערלין און לאָנדאָן. ער איז דאָרטן איינגעשטאַנען אין „הכנסת אורחים" פון דער קהלה, אָבער ער איז צוריקגעקומען קיין לאָמזשע.

## ברוך זעליק

געוויקסיק און גראָב מיט אויגן פון אַ שיכור און אַ דאָפּעלע גאָמבע. רעדן פלעגט ער מיט אַ גרילציקן קול, אַמאָל דין און גלייך גראָב ווי אַ באַס. זיין חיונה האָט ער געהאַט פון אַרויסטראָגן דעם שמוץ פון די גבירישע הייזער, און פאַר דעם פלעגט ער באַקומען אַביסל איבערגעבליבענע געקעכץ, שטיקלעך ברויט א. ד. ג. אַמאָל נאָך אויך אַן אַלטן אויסגעריבענעם בגד. נישט קוקנדיק אויף די אַלע גוטסקייטן זייערע, פלעגט ברוך־זעליג זיי שילטן, די גבירים, מיט באַנומענע קללות. פיינט געהאַט האָט ער די גבירים אַזוי ווי אַ באַוואוסטזיניקער סאָציאַליסט...

אויסער זיינע „באַשעפטיקונגען" האָט ברוך זעליק ליב געהאַט אַרומצוגיין איבער די הויפן און זיך צוקוקן ווי מען זעגט האָלץ, אָדער ווי מען האַקט און מ׳שפּאַלט עס נאָך דעם, און דאַן ווי מען לייגט עס איין אין האָלץ־שטאַל ביי די ווענט אין גלייכע שורות. ביי אים איז נישט געווען קיין אונטערשייד ווער ס׳זיינען די העקערס: צי גויים מיט זייער אַלטע טראַדיציע און קנעכטשאפט, חלוצישע יוגנט, וואָס טרענירן אין פיזישער אַרבעט אַלס „הכשרה" פאַר זייער עליה קיין א"י, אָדער אימיצער פון די פּליטים — וואו נאָר ברוך־זעליג האָט געהערט דעם קלאַנג פון די זעגן אָדער דעם עכאָ פון דער האַק ביים שפּאַלטן, דאָרטן איז ער געשטאַנען, האָט זיך צוגעקוקט און אַלע ווילע זאָגן: „יע, איך האָב ליב, אַז מען זעגט און מ׳האַקט האָלץ".

ישראל לעווינסקי

## נחומקע פּיעטרושקאַ

ווען ער איז שוין געווען דערוואַקסן האָבן זיך ביי אים באַוויזן סימנים פון משוגעת. ער האָט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער ביי יוחנן קריסטאַל דער „קישקע"־מאַכער (וואורשט מאַכער). נאָך יונגערהייט, צוקוקנדיק זיך צו די גרויסע זייטן פלייש, וואָס מ׳פלעגט דאָרטן אַריינברענגען און דערנאָך שניידן אויף שטיקער און מאָלן, האָט עפּעס געווירקט צום שלעכטן אויף זיין שוואַכן מוח און ער האָט אָנגעהויבן צו זען אין יעדער זאַך אכזריות, וואָס האָט אַרויסגערופן זיין רחמנות.

זיינע אידעלע געפילן און צאַרטע נשמה זיינען געווען זייער עמפּפינדלעך צו מוזיק. דערהערנדיק שפּילן אויפן פּאָרטעפּיאַן, פידל, אָדער אַן אַנדער אינסטרומענט, פלעגט



נחומקע פּיעטרושקע

ער זיך אַוועקשטעלן ווי פאַרשטיינערט און זיך צוהערן. אויף זיין האַרמאָניקע פלעגט ער אויסשפּילן יעדן ניגון, וואָס ער האָט אַפילו נאָר איין מאָל געהערט. אין די מלוכה חגאות (גאַלואווקעס) פלעגט ער שטיין ביים סאַמע קאַפּעל־מייסטער, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן זעלנערישן אָרקעסטער, אויף פּלאַץ שענקעוויץ, און מיט אַ דין שטעקעלע נאָכמאַכן זיינע תנועות און מיט־פייפן דאָס געשפּילטע און קיינער האָט אים נישט געשטערט. דאָס זעלבע, ווען דער אָרקעסטער האָט זיך צוריקגעקערט אין קאַזאַרמע, איז נחומקע געגאַנגען פאָראויס, מיטן שטעקעלע דעריגירט און מיטן פייפל געפייפט די מאַרשן, און דערביי זיך אַלע ווילע אָנשפּאַרן אויף איין פוס און די צווייטע אויפהייבן אין דער לופט.

נחומקעס מאַמע האָט זיך שטאַרק געמיט און געפונען פאַר אים אַ בת־זוג, מסתמא אויך נישט קיין צו־גרויסע חכמה, און נחומקע האָט שוין געהאַט אַן עול־פּרנסה פאַר זיין ווייב. ער פלעגט פון דאַן אָן בעטן קאָפּיקעס פאַר זיין טאַנצן און שפּילן. אָדער ער פלעגט העלפן די באַלעבאָסטעס אַוועקטראָגן די קוישן מיט די איינגעפּאַקטע פּראָדוקטן צו זייערע היימען און קריגן באַצאָלט עטלעכע קאָפּיקעס. נחומ׳קע איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

יצחק אייזיק הלוי הערצאָג
הויפּט־רב אין מדינת־ישׂראל

# זכרונות פון מיין געבורטס־שטאָט



יינע זכרונות הויבן זיך אָן נאָך פון מיין פריסטער יוגנט, בעסער געזאָגט — קינדהייט, ווען איך בין אַלט געווען אין גאַנצן צוויי יאָר. די ערשטע דערשיינונג, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין מוח, איז געווען די נישט־פאַרענדיקטע גרויסע שול. עס האָט געמאַכט אויף מיר אַ שלעכטן איינדרוק, וואָס אינעווייניק איז נישט געווען אַלץ שיין ווי אַ מקום קדוש דאַרף זיין. איך האָב געהאַט פאַרדרוס אויף די מנהיגים וואָס שטעלן זיך צופרידן מיט אַזאַ פשוטן ארון קודש. אַן אויסנאַם צום גוטן איז געווען דער עמוד, וועלכער האָט געהאַט ביי זיינע זייטן אַרטיסטיש־אויסגעשניצטע זילבערנע פייגעלעך.

ווען איך בין געווען בלויז דריי יאָר אַלט, געדענק איך, האָט מיך מיין מוטער גענומען צום גרויסן בית מדרש צו הערן אַ דרשה פון „חפץ חיים", וועלכער האָט דאַן באַזוכט לאָמזשע. ווען מיר זיינען אָנגעקומען, איז דער בית מדרש שוין געווען פול געפּאַקט, און האַלטנדיק מיר אויף אירע הענט, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אין גאָרטן לעבן די אָפענע פענסטער. איך האָב נאָר געהערט זיינע רייד אָבער נישט געקענט זען. דער גרויסער עולם צוהערער איז געווען שטאַרק באַווירקט פון „חפץ־חיים׳ס" האַרציקע פשוטע מוסר־רייד.

מיין פאָטער ז״ל פלעגט אַמאָל דרשנען יעדן פאַרנאַכט אין דערוואָכן אין „חברה תהלים" פאַר אַ גרויסן עולם. ווען איך בין געווען זיבן יאָר אַלט האָב איך דאָרטן אַמאָל געהערט אַ דרשה פון אַ משולח פאַר קאָוונער כולל, הרב באַקשט ז״ל. איך האָב דאַן אויסגעדריקט מיין באַגייסטערונג פאַר די אידן אַרום מיך, וועלכע האָבן מיר געפרעגט צי איך וועל קענען איבערזאָגן די דרשה. ווען איך האָב געענטפערט אַז יאָ, האָט מען מיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול אויף דער בימה, מיך פאַרוויקלט אין אַ טלית און איך האָב איבערגעזאָגט די דרשה וואָרט ביי וואָרט. דער גבאי האָט מיר דערפאַר געגעבן אַ מתנה אַ זילבערנעם זייגער.

איך האָב זייער ליב געהאַט צו באַזוכן די גרויסע ישיבה, מיינסטנס אום שבועות און פורים. איך פלעג אָנקוועלן פון דעם ספּעקטאַקל פון „פורים רב" און זיין חריפות׳דיקער הומאָרפולע דרשה. איך האָב דאַן זייער מקנא געווען די „משמר" בחורים, וואָס לערנען אין דער שטילער נאַכט ווען אַלע שלאָפן. איך האָב זייער געוואָלט זיי נאָכטאָן, אָבער מיין פאָטער ז״ל האָט מיר נישט דערלויבט, ווייל איך בין נאָך געווען יונג פאַר אַזאַ התמדה. איין מאָל האָב איך רעוואָלטירט און איין אַן אָוונט אַנטלאָפן פון שטוב אין דער ישיבה צו לערנען אַ „משמר". מיינע עלטערן האָבן זיך שטאַרק געשראָקן און נאָכן וואַרטן אויף מיין קומען עטלעכע שעה, האָבן זיי מודיע געווען די פּאָליציי.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די רייזע, וואָס מיין פאָטער ז״ל האָט געמאַכט קיין ביאַליסטאָק צו ר׳ שמואל מאהילעווער ז״ל, וועגן פאַרשטאַרקן די חיבת־ציון באַוועגונג אין לאָמזשע און איר סביבה, און זיינע איינדרוקן וואָס ער האָט נאָך דעם איבערגעגעבן. איין עפּיזאָד איז כדאי דאָ איבערצוגעבן.

דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם באַזוך פון ר׳ שמואל מאָהילעווער ביי דעם לאָרד נ. ראָטשילד אין לאָנדאָן, וועגן זיין הילף פאַר ישוב א״י. דער לאָנדאָנער רב־הכולל דר. אַדלער האָט אַראַנזשירט אַ צוזאַמענטרעף פון ר׳ שמואל מאָהילעווער און דאָס גאַנצע הויז־געזינד פון לאָרד נתן ראָטשילד אין פּאַלאַץ פון לאָרד. דאָרטן, אין גרויסן זאַל, זיינען אַלע ראָטשילד׳ס געווען פאַרזאַמלט. אַלע זיינען געשטאַנען אויף די פיס, נאָר אויף צוויי שטולן זיינען געזעסן דער רב הכולל און ר׳ שמואל מאהילעווער. נאָכן רעדן פון לאָרד נ. ראָטשילד וועגן זיינע אידעען איבער ישוב א״י, האָט ר׳ שמואל מאהילעווער געקראָגן דאָס וואָרט און האָט גערעדט אַ פשוטן קלאָרן אידיש.

ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן טאָן גוטס פאַר אידן דאַרף מען זיך נישט רעכענען מיט דער שפּראַך אין וועלכער עס ריידן די מלכים ושרים, צו וועלכע מען דאַרף זיך וועגן דעם ווענדן, נאָר ריידן אין דער שפּראַך, וואָס דער שליח קען און איז פעאיק צו ריידן. ער האָט באַזירט דעם פּרינציפּ אויף משה רבנו. ווען גאָט האָט אים געשיקט ריידן צו פרעה מלך מצרים, האָט ער פון אָנהייב געזאָגט: „לא איש דברים אנכי" — איך בין נישט קיין מענטש פון ווערטער. דערקלערט עס דער רשב״ם: „איך קען נישט ריידן ווייל איך האָב שוין פאַרגעסן די שפּראַך פון פּאַלאַץ". האָט גאָט אים אויף דער טענה געענטפערט, אַז אהרן זיין ברודער וועט פאַר אים ריידן, ער וועט איבערזעצן זיינע רייד. דאָס זעלבע איז איצט, ווען גאָט האָט אין אים, ר׳ שמואל מאהילעווער, דערוועקט דעם ווילן און גייסט צו מעורר זיין נגידים פאַר דער גרויסער זאַך, ישוב ארץ ישראל, דאַרף ער ריידן אין דער פשוטער שפּראַך, אידיש, און דער רב הכולל דר. אַדלער, אויך אַ כהן פון אהרנ׳ס אָפּשטאַם, וועט שוין אַזוי גוט זיין און איבערזעצן אין דער שפּראַך פון די נדיבים.

דער לאָרד האָט נאָכן אויסהערן די איבערזעצונג אין ענגליש געדאַנקט האַרציק ר׳ ש. מאהילעווער פאַר דער אינטערעסאַנטער לעקציע. ער האָט גלייכצייטיק צוגעגעבן, אַז דאָס הויז פון די ראָטשילד׳ס וועט נישט טאָן קיין וויכטיקע זאַך נישט באַראַטנדיק זיך פריער מיט דער בריטישער רעגירונג. צו פינאַנסירן דעם ישוב ארץ ישראל אין יענער צייט איז נישט געווען צו דערוואַרטן, ווייל דאָס וואָלט געשטאַרקט אין אַ געוויסער מאָס די טערקישע מלוכה, וועמענס נאָענטער צוזאַמענבראָך עס האָט זיך שוין דאַן געזען אין דער דיפּלאָמאַטישער וועלט. דער סוף איז געווען, אַז ר׳ שמואל מאָהילעווער׳ס רייזע און מי אין לאָנדאָן איז געווען אַ דורכפאַל.

אין דעם יאָר תרנ״ט (1899), אין דער נאַכט פון שושן פורים, האָט אונזער הויז־געזינד פאַרלאָזט פּוילן און אַוועק קיין מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, וואו מיין פאָטער ז״ל איז אויפגענומען געוואָרן פאַר רב אין דער קהלה פון „דער נייער שול". פון דאַן אָן האָב איך פּוילן נישט געזען.

אין יאָר 1946 בין איך געווען אין וואַרשע און געוואָלט אויך באַזוכן לאָמזשע, אָבער פון דער רעגירונג האָט מען מיר נישט געראַטן צוליב דער זיכערקייט פון מיין לעבן, ווייל פיר אידישע אָפיצירן זיינען נישט צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אויפן לאָמזשער בית עולם.

וואָס פאַראַ טראַגעדיע! אַזאַ קהלה מיט אידן, אויסגעצייכנטע אין תורה, יראת שמים, גמילות חסדים און חיבת ציון, איז אַזוי אָפּגעמעקט געוואָרן פון פּנים פון דער ערד דורך די רשעות הגויים.

משה גאָלדין

# מיין שטאָט לאָמזשע

## ווי איך האָב זי געקענט פון מיין יוגנט ביזן פאַרלאָזן

שוין 57 יאָר ווי איך בין אַוועק פון מיין געבורטס־שטאָט לאָמזשע, זי איז מיר אָבער שטענדיק געשטאַנען פאַר די אויגן. אַפילו ווען זי איז אַ חרוב׳ע, אַ פאַרברענטע, זע איך זי נאָך אַלץ אין איר שיינקייט. אירע גאַסן אויסגעלייגט מיט אַ סדר. דער אַלטער מאַרק און דער נייער מאַרק



משה גאָלדין

ווערן צונויפגעבונדן דורך דער לאַנגער גאַס פון איין זייט, און דורך דער זשאַנדאָווער גאַס פון דער צווייטער זייט. דאָס איז דער מיטלפונקט פון שטאָט.

פון נייעם מאַרק ציען זיך וועגן, וואָס פירן צום נאַרעוו, קיין פּיאָנטניצע, דורך דער „גראַבליע" פאַרביי דער גימנאַזיע. עס פירן אויך וועגן צום שפּאַציר־גאָרטן, אַלטער טורמע, גובערנאַטאָרס־הויז, רעמבעלין, „אוטשאַסטאָק", נייער טורמע, צערקווע און קיין לאָמזשיצע. פון דער אַנדערער זייט פירן גאַסן צום אַלטן מאַרק, זעמבראָווער שאָסיי, וויאַטראַקן, „מאָגילקע", נייעם בית עולם און ריבאַקעס.

איך נעם זיך נישט אונטער צו שילדערן די שיינקייט פון שטאָט און איר אַרכיטעקטור, דאָס וועלן מסתמא אַנדערע טאָן. איך וויל באַרירן אייניקע עפּיזאָדן און מאָמענטן, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר לאָמזשע.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ר׳ אליעזר שמחה ז״ל איז געווען רב. ווי באַוואוסט, איז ביי אונז אידן, ווי דער תלמוד זאָגט: „א־ין כתובה בלי תגרא", עס איז זעלטן צו טרעפן אַ שטאָט אָן אַ מחלוקה. אַמאָל צוליב אַ רב, אָדער צוליב אַ שוחט, אָדער צוליב אַ מקווה. טאָמער איז פאָרט נישטאָ? זוכט מען אַזוי לאַנג ביז מען געפינט עפּעס: יגעת ומצאת. איז טאַקע אַרויס אַ קריג צוליב אַ „סרחא". (מדקדקים עסן נישט קיין פלייש מיט אַ „סרחא" נאָר גלאַט כשר). זיי זיינען געווען אידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט עסן די פלייש, וואָס איז געשאָכטן געוואָרן פון אַ געוויסן שוחט (עס זיינען דאַן געווען דריי שוחטים). עס זיינען געווען גרויסע מחלוקות׳ן צוליב דעם. לאָמזשער רב האָט נישט געקענט אויסגלייכן דעם ענין. האָט מען אַראָפּגעבראַכט דעם ראַדזינער רבי, ר׳ גרשון העניאָך, וועלכער, וועלכער איז געווען אָסטראָווער רב. ער איז געווען באַוואוסט אַלס מחבר פון „סדרי טהרות", וואו ער האָט אויפגעוויזן אַז מ׳דאַרף האָבן דעם תכלת אין די ציצית. ער איז אויך געווען דאָקטאָר־מעדיצין. חוץ דעם איז ער אויך געווען אַ דערפינדער פון אַ וואַסערמיל.

ווען מען האָט אים אַראָפּגעבראַכט אין לאָמזשע, האָט זיך אין שטאָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. דערביי האָבן זיך גלייך געמאַכט רייבונגען: ווער — וועמען דאַרף גיין באַזוכן: דער רבי דעם רב, ווייל ער איז דאָך מרא דאתרא, אָדער דער רב דעם רבי׳ן, ווייל ער איז דאָך עפּעס אַזאַ גרויסער מענטש? וואָס פון דעם איז געוואָרן געדענק איך נישט. דער רבי איז איינגעשטאַנען ביי בערקאָווסקי׳ן אין הויז, נעבן דער שול

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ווען דער רבי איז געווען אין שטאָט איז אין לשער. אַ חוץ וואָס עס האָט זיך געקאָכט איבער דעם סיכסוך פון „סיר הבשר", איז גלאַט געווען „ליהודים" אין שטאָט. מענטשן זיינען געגאַנגען אַריין און אַרויס געבן „שלום" דעם רבי׳ן. פאַר דער צייט וואָס דער רבי איז געווען אין שטאָט, האָט ער „געפּראַוועט טיש" פרייטאָג צו־נאַכט, שבת נאָכן דאַוונען און שלש סעודות — מיט אַלע פּינטעלעך, אַפילו שריים

שבת־צו־נאַכט בין איך געווען בעטן דעם רבי׳ן שלום. עס איז ווערט געווען! זיין אויסזען, עטוואָס העכער פון מיטעלן וואוקס, ברייט־ביינערדיק, אַ ליכטיק פּנים, בלאָנדלעך, אַ הויכער שטערן מיט טיפע ווינקלען, פרייע אויגן, אַ וואַרעם שמייכל, און אַ וואונדער שיינע באָרד. זיין פּנים קען מען זאָגן, איז געווען כמעט „כפני חמה". אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיט אַ ברייטן גאַרטל, ווייסע, לאַנגע זאָקן מיט שטעק־שיך, לויט דער דאַמאָלסדיקער מאָדע. ער האָט זיך באַוויזן פאַרן עולם, יעדן געגעבן שלום. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן היפּשע עטלעכע וואָכן. ענדלעך איז געקומען דער פּסק דין, נעמלעך, אַז מען זאָל צושטעלן נאָך אַ שוחט. דער רבי האָט אַריינגעשטעלט זיינעם אַ שוחט. מיט פיר שוחטים איז שוין געווען פלייש לרוב און עס איז געווען שלום על ישראל!

* * *

עס ווילט זיך אַביסל שילדערן די גאַסן און דעם נייעם מאַרק. מיר דאַכט זיך זיך אַז עפּעס האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר דער גאַס גערופן צו ווערן „מאַרק" גיכער האָט מען דאָס געדאַרפט רופן... דער פאַרוויילונגס־פּלאַץ פאַר די שטעקל־דרייער און יונגוואַרג (זכר ונקבה ברא אותם). דאָרט האָט מען נישט געהאַנדלט, נאָר געשפּאַצירט, אונטערלענט דאָס האַרץ אין צוקערניע אַאַז״וו.

זעט איר, דער אַלטער האָט כשר פאַרדינט ז׳עם נאָמען. דאָרט האָט מען נישט גערוט, דאָרט האָט מען געהאַנדלט און געוואַנדלט מיט וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט.

היינט די שענקן אין אַלטן מאַרק! אָן זיי, ווער ווייס ווי דער האַנדל וואָלט אויסגעמאַכט. אַ סך פון די גרעסערע, ווי אויך די קלענערע מסחרים זיינען „צוגעפּאַטשט" געוואָרן ביי אַ גלעזל שנאַפּס. איך דערמאָן זיך ווי עס פלעגט אַרומגיין אַ מעשה׳לע: אין מאַרק פלעגן קומען איינקויפן לעבנסמיטלען אפילו גלחים מיט זייערע דינסטן אָדער דינער. איין גלח פלעגט שטענדיק קומען צו דער זעלבער פּשעקופּניצע. דער גלח האָט געהאַט אַ טבע, ביים פרעגן דעם מקח פאַר די אַרטיקלען, אַז וואָס די פּשעקופּקע פלעגט זאָגן, איז ער איינגעגאַנגען. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געדונגען. איינמאָל האָט די פאַרקויפערין אים אַ זאָג געטאָן: „פּשעפּראַשאַם, פּאַניע, דו ביזט זייער אַ גוטער מענטש; קיינמאָל דינגסטו זיך נישט". דער גלח האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „איך טו דאָס אויף צופּיקעניש, כדי עס זאָל דיר פאַרדריסן פאַרוואָס דו האָסט נישט געבעטן מער".

איידער איך גיי אַוועק פון אַלטן מאַרק, וויל איך איבערגעבן אַ געשיכטע. עס האָט זיך פאַרוואָלט די שטאָט פאַרזאָרגער מאַכן אַ ברונעם אין מיטן אַלטן מאַרק וועלכן יאָר דאָס איז געווען, געדענק איך נישט, נאָך געווען צו

יונג. אַ איד האָט אָנגענומען דעם פּאָדראַט. דער איד איז געווען אַ ברודער פון איינעם, וועלכער פלעגט ברוקירן די גאַסן פון שטאָט (איך ווייס ביידנס נעמען נישט). מען האָט געגראָבן די ערד, אַריינגעשטעלט גרויסע רערן. עס האָט גענומען אַ סך וואָכן. ביז איינמאָל אַ פרייטיק האָט זיך די ערד שטאַרק צערודערט, און עס זיינען פאַרשאָטן געוואָרן דריי מענטשן. איינער פון זיי איז געווען דער פּאָדראַטשיק. דער רב (דאַן געווען ר׳ אליעזר שמחה), האָט מתיר געווען צו גראָבן אַ גאַנצע נאַכט מיט שטאָרקאַצן. אָבער קיין לעבעדיקע האָט מען זיי נישט אַרויסגענומען. קיין גוטע וואַסער איז פון דאָרטן קיינמאָל נישט אַרויס.

עס שטעלט זיך מיר פאַר אַזאַ בילד: פרייטאָג, דער אַלטער מאַרק איז פאַרטאָן אין געשעפטן אויף פאַרשיידענע געביטן; גויים און אידן זיינען פאַרטאָן מיט מקח וממכר; עס איז לעבעדיק, נאָר עפּעס איז געשען: די זון האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן מער צו מערב און עס הויבט זיך אָן צו מערקן אַן ענדערונג צווישן די מענטשן אין מאַרק. עס ווערט שיטערער צווישן זיי. וואָס איז? דער שבת קודש קומט. חיים לייב, דער שול־שמש, מיט זיין שניי־ווייסער באָרד, איילט זיך מיט אָנצינדן אַלע באַלייכטונגען, ווי אויך די מנורה אין שול. אידן כאַפּן אויף דאָס בילד. האַ! מען צינד שוין ליכט אין שול! עס נעמט נישט לאַנג דער מאַרק ווערט אָפּגעליידיקט פון די אידן, וועלכע גייען זיך צוגרייטען אויפצונעמען די „שבת מלכתא“. גויים, להבדיל, כאַפּן זיך שטילערהייט אַראָפּ פון מאַרק.

* * *

אין דעם קעלער פון דעם גורסקי הויז האָט אייזיק בעקער געהאַט זיין בעקעריי. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין צוויי זאַכן, פון וועלכע מיר אידן האָבן שטאַרק הנאה געהאַט. ער איז געווען אַ כהן. ווי באַוואוסט איז די „ברכת כהנים“ איינגעטיילט אין דריי טיילן: ביי יעדן טייל, ווען דער חזן ענדיקט, הויבן אָן די כהנים אויסצוזינגען אַ ניגון, וואָס אומעטום, בכל תפוצות ישראל, גייט ער אויף די זעלבע סקאַרבאָווע טענער. אָבער אייזיק בעקער האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם „קוועטש“ — דאַכט זיך אויפן זעלבן וועג, אָבער דאָך אַנדערש. מ׳האָט אין שטאָט גערעדט וועגן דעם.

די צווייטע זאַך האָט צו טאָן מיט פּסח און מיטן אַריבערשפּרייזן דעם ים סוף. אייזיק בעקער פלעגט אָפּריכטן דעם סדר אַזוי, אַז ביי אים איז נישט גענוג געווען צו זאָגן די הגדה, ער האָט עס באַגלייט מיט מעשים. עס האָט געמוזט זיין אַ באַליע מיט וואַסער, אַלס אַ זכר פון ים, און ער פלעגט אָנטאָן אַ זאַק אויף די פּלייצעס, נעמען אַ שטעקן אין האַנט און אַזוי אַריבערשפּאַנען דעם ים סוף. דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען יאָר־איין, יאָר־אויס.

טראַכנדיק וועגן אַ צאָל נעמען וואָס זיינען נאָך נישט דערמאָנט געוואָרן, ווי זעליק שעפּסל דער מעל־הענדלער, נחמיה מעלער (דעם פּאַלשן דיינ׳ס אַ זון) טרוסקער, שמואל טשאַרקע, אברהם יצחק פּאָדריאַטשיק, איז מיר אַרויף אויפן געדאַנק דער נאָמען משה שפּוק. געווען אַ גביר, אָבער אַ קאַרגער. מ׳האָט געזאָגט אויף אים אַז ווען ער פלעגט וועלען טרינקען אַ גלאָז ביר, פלעגט ער אַריינוואַרפן אין אַ גלאָז וואַסער אַ מטבע און זאָגן „יהי רצון ווי איך וואָלט געטרונקען ביר“.

אַז לאָמזשע האָט געהאַט וואוילע יונגען אויך, איז קיין פראַגע נישט. איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער „כאַליאַסטרע“, אָבער וועגן די וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום בית המדרש, קען מען יאָ עפּעס שרייבן. עס איז געווען אַ געוויסער חברה־מאַן מיטן נאָמען „יאָפּ“.

ער איז געווען משונה׳דיק גראָב מיט אַ שטאַרק געשטופּלט פּנים. כאָטש ער האָט געהאַט נישט מער ווי צוויי אויגן, האָט ער אויף אַלעמען געהאַט אַן אויג, קיינעם נישט דורכגעלאָזט. מילא, אויסער דעם בית מדרש איז געווען יענעמס זאָרג, אָבער ער פלעגט ליב האָבן אָפּטאָן שפּיצלעך אַפילו אין בית המדרש. כידוע, זיינען מיר, די באַלעבאַטישע בחורים, געווען די יחסנים. מאַכט זיך אַ מעשה, אַ שמיני עצרת ביינאַכט פאַר מעריב, שפּאַציר איך מיר אַזוי הינטער דער בימה. נעמט דער „יאָפּ“ און שטעלט מיר אונטער אַ פיסל. פאַר זיין חוצפה האָב איך אים געגעבן אַ פּאַטש. פון זיכערקייט וועגן בין איך באַלד אַרויף צו מזרח און אַוועק פון בית מדרש, צוזאַמען מיט מיין פאָטער ז״ל, וועלכער האָט פון דעם נישט געטאָרט וויסן. אַ גאַנצן ווינטער האָב איך זיך אויסגעהיט פון אים. נאָר ווען עס איז געקומען פאַר פּסח, דאָס אייז האָט גענומען אָפּלאָזן, בין איך געגאַנגען צום פּיאָנטניצער בריק זען ווי דער אייז שפּאַלט זיך. פּלוצלונג — דער „יאָפּ“ שטייט שוין נישט ווייט פון מיר. עס איז מיר נישט גוט געוואָרן, אָבער איך בין גראָד אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק (אַז מען וויל קען מען פון דעם דרינגען, אַז אַפילו די לאָמזשער „יאָפּעס“ זיינען געווען ניט שלעכט).

* * *

עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אַ טיפּ פון אַ אידן, וועמען איך וויל דערמאָנען: דאָס איז געווען נחמן דרעקסלער, אַ איר אַ מושלם בכל המעלות. איינע פון די מעלות מיט וועלכע ער פלעגט זיך אויסצייכענען גאָר גרויס, איז געווען וואָס ער פלעגט מאַכן רעצעפּטן פאַר אָרעמע קראַנקע. ער האָט געוואוסט די אַלע מינים רעצעפּטן ווי אַזוי זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט.

איך דערמאָן זיך אַ וויץ וואָס עס איז דערציילט געוואָרן וועגן דר. לאַנדינסקי וואָס פלעגט קומען אין אידישן שפּיטאָל. איינמאָל איז ער פאַרבייגעגאַנגען צווישן די שורות קראַנקע. דערזען אַן אַלטיטשקע, האָט ער איר געפרעגט, ווי זי פילט זיך. זי האָט אים געענטפערט מיט אַ קרעכץ: אַלע משומדים זאָלן אַזוי פילן ווי איך פיל, האָט ער צו איר געזאָגט: נעמט מען איין. פרעגט זי אים: וואָס? ענטפערט ער: אַ מיתה משונה (ער איז געווען אַ משומד).

עס איז געווען אַ מאַן מיטן נאָמען שמואל, גערופן האָט מען אים „שמול“. אַ קליין אידעלע מיט אַ הויכן קערגל און אַ נאַריששעוואַטן פּנים. דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, האָט ער אָבער שטאַרק מורא געהאַט פאַר זַ קאַץ. כאָטש ער איז שוין געווען אַ קרוב לשישים, איז ער נאָך געווען צום האָבן. עס איז אויך געווען אַ בתולה, מיטן נאָמען פרומע, אַן אמת׳ע „יפת תואר“, מיט די זעלבע געזיכטצוגן ווי „שמול“, דאָס הייסט, נאַרישער פּנים. אַ צוגאָב צו דעם האָט זי מורא געהאַט פאַר אַ ברענענדיקער שטרוי.

נאָר וואָס איז דאָ צום ריידן? זיי זיינען שטאַרק צונויץ געקומען. הערט און שטוינט אַ מעשה שהיה: עס האָט זיך געמאַכט אַ שלעכטע צייט אין שטאָט, אַ מגפה ר״ל. עס האָט געריסן שטיקער. איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק ווי צו פאַרטרייבן דעם שטן המשחית — זיי חתונה מאַכן — און טאַקע אויפן עולם האמת. עס איז געווען אַ חתונה מיט אַלע פּיטשעווקעס: מיט וואַקסענע ליכט, מיט אַ „טהרה־ברעט“ און נאָך סגולות. צי דאָס האָט געהאָלפן, קען איך ניט פאַרזיכערן.

* * *

עס איז געווען אויף די ריבאַקעס אַ פיינער אידישער בעל־הבית (איך בין נאָך דאַן געווען אַ קליינער אינגל). ער האָט געהאַט אַ טאָכטער, וועלכע האָט זיך פאַרליבט אין

אַ סאָלדאַט און אפשר איז דאָס געווען פאַרקערט: דער סאָלדאַט האָט זיך פאַרליבט אין איר. עס איז דאָך תמיד אַזוי געווען: דאַכט זיך, מען האָט געהאַסט דעם איד, אָבער נישט די אידישע טאָכטער. זי האָט זיך געשמדט און איך געדענק נאָך ווי היינט, ווי פון די ריבאַקעס זיינען זיי אַרויס אין שטאָט, צו די וויעטראַקעס. די אידישע שטאָט יונג און אַלט, טף ונשים, זיינען זיי נאָכגעלאָפן. די קולות זיינען געווען עד לשמים: משומדת! משומדת! דער סאָלדאַט איז געווען אַ פּראָסטער; איך ווייס נישט צי ער האָט געהאַט אַ פאָר בענדלעך. זי איז אַוועק מיט אים אין טיף רוסלאַנד. דער סוף איז געווען אַז מיט אַ צייט שפּעטער איז זי פון אים אַנטלאָפן. ער איז געווען זייער שלעכט צו איר. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַנאַדע, וואו זי האָט זיך צוריקגעקערט צום אידישן גלויבן. ווען זי איז געשטאָרבן האָט מען זי מקבר געווען כדת ישראל.

עס איז געווען נאָך איינע, אַ טאָכטער פון אַ געוויסן בעל הבית פון אַ פיינער משפחה, וועלכער האָט געוואוינט אין שול־גאַס. ער האָט געהאַט אַ אייזן־קראָם. אַן אָפיציר האָט זיך פאַרליבט אין איר. זי איז אָבער אויך געווען אַ גרויסע חצופה: זי פלעגט זיך אַרויסזעצן אויפן באַלקאָן שבת מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל (דאַן געווען פון די גרעסטע פאַרברעכנס ביי אַלע קלאַסן אידן). זי פלעגט זיך רייצן מיט אַלעמען. דער אידישער עולם, וועלכער איז געשטאַנען אונטן, האָט געברענט מיט צאָרן און געשריען: חצופה! משומדת! (וואָס נאָך האָט מען געקענט טאָן?) נאָך אַ מאָדנע משומדת איז געווען אין לאָמזשע. אַליין איז זי טאַקע געווען אַן אמתע גויע, אָבער צוליב איר מאַן דעם משומד האָט מען איר גערופן משומדת׳טע. אייגענטלעך האָט ער זיך גאָר נישט אָנגעזען. ער איז געווען אַ פּראָסטאַק, אַ גאָרנישט און וואָלט אפשר פאַרגעסן געוואָרן אין גאַנצן, ווען נישט דער פאַקט, וואָס זיין ווייב איז געווען די אידישע וועשערין. זיי זיינען געווען אָרעם און אידישע באַלעבאָסטעס פלעגן איר געבן וועש צום וואַשן.

עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק נאָך אַ אידישער טיפּ אין מיין שטאָט: אברהם יצחק זייגער־מאַכער, גאָלאָמבעק. ער איז געווען אַ שם דבר. אַ קליין געוויקסיקער מיט אַ כמעט רויט געל בערדל און אַ ליכטיק פּנים. ער פלעגט כסדר אַרומגיין מיט אַ רויטער פאַטשיילע אין האַנט נאָך נדבות. ער האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטן פלאַץ. וואו אַ בית מדרש, וואו אַ מנין, איז ער דאָרט געווען. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע וואָך. פרייטאָג צונאַכטס האָט ער נישט גערוט ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט פאַרזאָרגן אורחים, ווי אויך אידישע סאָלדאַטן מיט שבת.

* * *

איך קום איצט צו אַ קאַפּיטל געשיכטע, וואָס מיט פאַרדרוס גיי איך שרייבן: די מעשה איז פאַרלאָפן אין דער צייט, ווען ר׳ אליעזר שמחה ז״ל איז געווען רב אין לאָמזשע. זיין פאַרלויף פון מיין שרייבן האָב איך דערמאָנט עטלעכע מאָל די „מדקדקים מן המדקדקים" (קנאים ר״ל). טאָמער איז צוליב שוחטים געווען מחלוקות, און דאָס איז איינגעשטילט געוואָרן — האָט מען אָנגעפאַנגען זוכן עוולות אויפן רב (עס איז נישט וויכטיק צוליב וואָס). איין זאַך איז קלאָר: די קנאים האָבן דערפירט אַזוי ווייט, אַז אין אַ געוויסן פרייטאָג, אַ זומערדיקן פרימאָרגן, האָבן אָט די „קנאַת הצבאות׳ניקעס" אַרויסגעשטעלט דעם רב פון זיין דירה איבערן בית המדרש הגדול. עס איז פשוט אויסגעקומען אַז די גאַנצע משפחה זאָל בלייבן אין גאַס איבער שבת!

אין מיין צייט איז געווען דער משגיח אין דער תלמוד־תורה ר׳ איטשע מאיר. ער איז געווען זייער איבערגעגעבן די תלמוד תורה אינגלעך. ער איז אויף אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז ער האָט זיך דערלויבט געבן די קינדער געוויסע מעדיציינישע הילף — אַפילו ווען עס האָט זיך געפאַסט ווי אַ פאַטש צו גוט שבת. מען דערציילט, אַז ער האָט איינמאָל באַמערקט ווי אַ אינגל הינקט אונטער אַביסל, האָט ער געהייסן אים איינגעבן ריצן־אייל. נו, איז אָבער די גאַנצע מעשה געווען לא היו דברים מעולם (להד״ם) דער אינגל האָט געהונקען, ווייל דער אָבצאַס פון איין שוך איז אַראָפּגעפאַלן...

## לאָמזשער „מאַכערס"
### די ארבעה בנים

לאָמיר דאָ פאַראייביקן די לאָמזשער „מאַכערס". פיר זיינען זיי געווען: ישראל מאיר, אפרים קייזער, צבי און הלל דער בלעכער... וואָס האָבן זיי אַזוינס געמאַכט? פעלערן האָבן זיי געמאַכט...

אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן און שפּעטער ביי ניקאָלאַי דעם צווייטן (דעם לעצטן) פלעגט גלייך נאָך סוכות זיך אָנהייבן דער „פּריזיוו". קיינער האָט פאַרשטייט זיך נישט געוואָלט גיין דינען דעם קיסר. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער „יריד" ביי די „מאַכערס".

וואָס איינער האָט געוואָלט האָבן, האָבן זיי אים געמאַכט, דער עיקר — זיי האָבן אים געמאַכט פאַר אַ קאַליקע: וועמען אַ אויסגעדרייטע האַנט, אַ פוס, אַן אויער, מאַכן רינען און מאַכן טויב אויך. אויסמאָגערן, אַפילו אַרויסנעמען געזונטע ציין פלעגן זיי. זייער פּאָפּולער איז געווען דאָס מאַכן אַ ברוך (אַרונטערלאָזן די געדערים).

די קאַליקעס פלעגן טאַקע באַפרייט ווערן פון מיליטער דינסט, אָבער „ביקאָלייקע" פלעגט פאַרלאַנגען די פּולעצאָל רעקרוטן. פלעגט מען אָנשטאַט זיי נעמען ערשטע לעגאָטניקעס, צווייטע לעגאָטניקעס, די וואָס פלעגן אַרויסציען גרויסע נומערן און וואָלטן נישט געדאַרפט גיין. דער שרייבער פון די שורות איז אַליין געווען אַזאַ קרבן. די מאַכערס האָבן זיך אָנגעשטאָפּט מיט געלט. צבי דער מאַכער איז גאָר געווען אַן אויסנאַם. זעקס און אַ האַלב פוס הויך, אַ ברייט־ביינִיקער, הדרת פנים, ליכטיקע אויגן, אַ פיין שמייכעלע. ווען מ׳פלעגט שפּאַסן איבער זיין פעט בייכל, פלעגט ער זאָגן: „פאַרמאָגן זאָל איך וואָס דאָס האָט אָפּגעקאָסט, פאַרמאָגן זאָלט איר, וואָס דאָס איז ווערט". מערסטע פון די וואָס האָבן זיך געמאַכט די פעלערן זיינען פאַרבליבן קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן. אַנדערע זיינען אַפילו דורך דעם פון דער וועלט געגאַנגען.

איך ענדיק מיט מאַכן צוויי הזכרות פאַר די לאָמזשער וואָס זיינען געשטאָרבן כדרך הטבע. זיי קומט דער געוויינלעכער „יזכר". איך קען אָבער נישט מאַכן די זעלבע הזכרה פאַר די קדושים אשר נהרגו על ידי היטלער, והפאָליאַקן און אוקראַיינער, ימח שמם וזכרם! פאַר די קדושים וויל איך מאַכן די הזכרה: יזכור ה׳ כה היה לנו! איך מיין אויך אַז צוליב דעם שארית הפליטה, ווי אויך דער טייל אידן, וואָס איז געבליבן אין אַנדערע לענדער, כן ירבו, וויל איך ענדיקן מיט די טרייסט ווערטער פון ישעיהו הנביא: נחמו, נחמו, עמי! און מיט עוד לא אבדה תקוותנו!...

פון מיר הקטן משה בן ר׳ פסח איסר ז״ל, ראש ישיבה דלומזה, ואמי היקרה נחמה זלאַטע ז״ל.

ש. באַנטשעק

# אַנגענעמע זכרונות פון לאָמזשע

מיין דור געדענקט אַן אַנדער לאָמזשע, ווי עס איז געווען נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה. פאַקטיש האָט זיך לאָמזשע נאָך גענומען ענדערן אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

ביז דאַן איז לאָמזשע געווען אַ געוויינלעכע שטאָט, ווי הונדערטער אַנדערע פּוילישע שטעט און שטעטלעך. כמעט אַלע אידישע שטעט האָבן געהאַט אַן „אַלטן מאַרק" און אַ נייעם מאַרק" ; אַרום דעם „נייעם מאַרק" פלעגט זיך פאַר־זאַמלען די לאָמזשער יוגנט, באַזונדערס אין די שבת׳דיקע נאָכמיטאָגן. ווי אַלע שטעט און שטעטלעך האָט אויך לאָמזשע געהאַט וואַסער־פירערס, וואָס האָבן געפירט פעסלעך מיט וואַסער פאַר די בעלי־בתים. ס׳איז אויך געווען אַ „פּלומפּ" וואָס מ׳פלעגט דרייען מיט אַ קאָלבע כדי אַרויפצוברענגען אַן עמער וואַסער. כמעט אַלע שטעט און שטעטלעך פלעגן האָבן „וואַסער־טרעגער" וואָס פלעגן „דזשוויגען" (טראָגן) צוויי עמער וואַסער אויף אַ „קאַראָמיסלע" און אויסגעשניצ־טע ברעטלעך (כמעט ווי אַ צלם), וואָס פלעגן אַריינגעלייגט ווערן אין די עמערס, כדי צו פאַרהאַלטן דאָס וואַסער עס זאָל זיך צופיל ניט אויסגיסן. כמעט אַלע שטעט און שטעטלעך פלעגן האָבן אַ גאַס, אויף וועלכער עס פלעגט וואוינען די אַזוי־גערופענע „אונטערוועלט", אָדער די „בלאַטע" יונגען. טאָמער פלעגט ערגעץ־וואו געשען אַ גניבה, פלעגט מען זיך ווענדן צו איינעם (אויב מ׳האָט ביי אים געהאַט אַ „פּול"), און ער פלעגט שוין זען, אַז די גניבה זאָל צוריק אָפּגעגעבן ווערן.

מ׳האָט דאַן ניט געוואוסט פון קיין „פּיקניקס". די אַר־בעטער־יוגנט פלעגט זיך טרעפן אין די בעקערייען (אויף די ריבאָקעס ביי חיה די בעקערקע) און פלעגט דאָרט פאַרברענ־גען אין שמועסן, לייענען די קאָפּיקע־ראָמאַנען און שפּילן זיך אין ליבע. דאָרט פלעגט מען אויך פאַרקויפן פאַר אַ קאָפּיקע אַ פולע „באַנקע" הייס וואַסער פאַר שלוש־סעודות׳ן. גוטע „קאָסטימערס" פלעגן עס קריגן אויף קרעדיט. אייניקע פלעגן זיך אַוועק׳גנב׳נען אויף די וויאַטראַקן, וואו דאָס פעלד פאַר שפּילן איז געווען פריי, ווייל די שקצים פלעגן עס נוצן זונטיק.

כמעט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פלעגן די קבצנים שפּאָרן געלט, און די דאָזיקע האָבן אויך נישט געפעלט אין לאָמזשע.

אין אַ רעגענדיקן טאָג פלעגט מען אונטערשטעלן די עמערס אונטער די רינעס פון די הייזער, וואו דאָס וואַסער פלעגט אַראָפּרינען פון די דעכער... און אַז עס פלעגט קומען דער שבת — פלעגן די הייזער ווערן ריין, ציכטיק און אויסגעפּוצט, און אַז ס׳זיינען ניט געווען קיין הילצערנע פּאָדלאָגעס, פלעגט מען לכבוד שבת באַשיטן די ערד מיט געלן זאַמד, וואָס האָט מיט זייער קאָליר אַריינגעטראָגן גע־מיטלעכקייט און דערהויבן די שטימונג אין הויז, ווי אָרעם עס איז ניט געווען.

איז לאָמזשע אויך אַזוי געווען? יאָ און ניין. לאָמזשע האָט זיך געפירט ווי אַלע אַנדערע שטעט, אָבער דאָך האָט עס אויסגעזען אַנדערש. אַזוי זע איך איצט, אין די עלטערע יאָרן, מיין היימשטאָט.

לאָמזשע איז געווען אַ הויך־קולטורעלע שטאָט, אייגנאַרטיק אין איר כאַראַקטער. דער פּראָצעס פון דערוואַכונג, צי עס איז געווען דער משכילישער, צי דער רעוואָלוציאָ־נערער פון די אידישע בעלי־מלאכות — איז אויך געווען אייגנאַרטיק.

לאָמזשע איז געווען אַ מתנגדישע שטאָט, מיט גאָר אַ קליינער גרופּע חסידים, וואָס האָבן געהאַט זייער „שטיבל" אין אונזער הויף אויף דער לאַנגער גאַס. ווען מיר זיינען שוין געווען פאַרטיק מיטן בענטשן נאָכן עסן פרייטיק נאַכט אָדער שבת פרי, פלעגן זיי ערשט אָנהויבן דאַווענען און מיט אַזעלכע קולות (אַזוי האָט זיך מיר דאַן אויסגעוויזן) אַז עס פלעגט זיך דאַכטן, אַז אַ גאַנצן שבת גייען זיי נישט אַרויס פון שטיבל.

לאָמזשע איז געווען פון די ערשטע שטעט אין פּוילן, וואָס האָט באַנומען דעם ציוניזם פריער ווי אַ סך גרעסערע ישובים.

דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך בייגעוואוינט אַ חנוכה־אָוונט אין דער שענסטער „סאַלע", וואָס לאָמזשע האָט געהאַט. „התקוה" האָב איך געהערט זינגען צום ערשטן מאָל פון דער דאַן גאָר יונגער מיידל, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע שטימע — רחל־לאה, חנא שלייפער׳ס טאָכטער. צומאָרגנס האָט גאַנץ לאָמזשע — די האַלב־פאַרענדיקטע גרוי־סע שול און בית המדרש, און די חברה תהלים, וואו מיין פאָטער פלעגט דאַוונען — גערעדט אין איין רעדן פון דעם אָוונט.

מען האָט אַפילו געשמועסט, אַז די חברה תהלים זאָל קויפן צוזאַמען אַן אַקציע פון דער קאָלאָניאַל באַנק, צו דער־מעגלעכן שנעלער די גאולה...

לאָמזשע האָט געהאַט ווייניק יוגנטלעכע, וואָס האָבן צוזאַמען מיטן חדר־לימוד ניט געהאַט געלערנט אַביסל אַל־געמיינע לימודים. די „רוסישע" לערער, פאַקטיש אַלע אידן וואָס פלעגן לויטן „זאַקאָן" מוזן איין שעה אין טאָג לערנען רוסיש מיט די קינדער, האָבן באַווירקט, אַז נאָך פאַרן ענדיקן די חדרים, אָדער תלמוד תורות, זאָלן די קינדער אַליין זיך לערנען פּויליש, חשבון און אַפילו אַנדערע קעגנ־שטאַנדן.

לאָמזשע, ווי אַ סך שטעט, פלעגט געבן „טעג" צו ישיבה בחורים. עס זיינען געווען אַפילו לאָמזשער גופא, וואָס פלעגן „עסן טעג" ביי לאָמזשער בעלי בתים, וואָס האָבן געהאָלפן אויפצוהאַלטן תורה.

ווען עס איז אויפגעשטאַנען די רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג, איז דער עלטערער דור — אונזערע עלטערן — פּלוצלונג דערשטוינט געוואָרן פון אַזאַ דרייסטקייט. די דאָ־זיקע נייע ווינטן זיינען אין לאָמזשע אויך באַגעגענט געוואָרן אַנדערש ווי אין אַנדערע שטעט. די רעוואָלוציע האָט אַפילו דערגרייכט די ישיבות. אין די יאָרן 1905—1906 זיינען פאָרגעקומען אמת׳ע שטרייקן אין דער ישיבה און דער „אויפשטאַנד" האָט אָפּגעקלונגען אפילו אין אַמעריקע און האָט אַרויסגערופן אַ סך סימפּאַטיע ביי די אידן. נאָך אַ געוויסער צייט זיינען די באַדינגונגען טאַקע געוואָרן בעסער פאַר די ישיבה־בחורים.

עס איז אויך מערקווירדיק, אַז בעת עס זיינען אויס־געבראָכן פּאָגראָמען אין די נאָענטסטע שטעט לעבן לאָמזשע, איז אָבער לאָמזשע געווען אַזוי פאָרגעברייט, אַז אין יע־נער צייט (נאָך דער קאָנסטיטוציע) האָבן די שונאי־ישראל ניט געוואַגט צו מאַכן אַ פּאָגראָם. דער וואָס האָט אָרגאַניזירט

די יוגנט קעגן פּאָגראָם איז געווען אַן עלטערער חשובער איד, „חנא שליפּער“. זיין אמת׳ער נאָמען איז געווען פלאַטא. זיין הויז איז געווען אַ קאָנצענטראַציע, וואָס היינט וואָלט מען עס באַצייכנט אַ קולטור הויז פון דער יוגנט, אָדער אַ בית ועד פאַר עלטערן. ער, ר׳ חנא, האָט אָרגאַניזירט די זעלבשוץ און די גויים און פויערים וואָס פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעבליקט רציחה און מאָרד, האָבן דערפילט לכתחילה, אַז דאָ וועלן זיי אַרויס בשן ועין...

לאָמזשע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער רבנישער וועלט. סיי אין מיין צייט און סיי נאָך דעם ווי איך בין שוין געווען אין אַמעריקע. דער גאון ר׳ חיים העלער האָט אַ סך מאָל אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, אַז ער איז געווען אַ קורצע צייט אין לאָמזשע. הרב הערצאָג, דער רב הראשי אין מדינת ישראל, שטאַמט פון לאָמזשע און אַ סך, סך אַנדערע. אַזוי האָט לאָמזשע אַרויסגעגעבן פּראָמינענטע אידן אויף אַלע אַנדערע געביטן. אַ סך פון זיי פאַרנעמען אַן ערשטראַנגיק אָרט אין מדינת ישראל.

מיך האָבן זיך איינגעקריצט אייניקע מאָמענטן פון לאָמזשע, וואָס רופן ביי מיר שטענדיק אַרויס געפילן פון פּראָטעסט. איך האָב אַלס קינד ניט געקאָנט פאַרטראָגן די אינסטיטוציע, הגם זי איז אפשר געווען אַ נויטווענדיקייט, דאָך האָט זי ביי מיר איבערגעלאָזט אַ ביטערן טעם — די „השגחת יתומים“, וואו אַלע אינגלעך האָבן געמוזט טראָגן „יוניפאָרמס“: די קיילעכדיקע בלויע היטעלעך אָן אַ דאַשעק מיט ווייסע בענדלעך אַרומגענייט און די בלויע מאַנטלען. אָט דער הילוך האָט געדאַרפט דערמאָנען אַז זיי זיינען יתומים און זיי געהערן צו דער אינסטיטוציע. צי עס איז שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרן ווייס איך ניט. ביי מיר האָט עס אָבער איבערגעלאָזט אַ ווייטיק אין האַרצן עד היום הזה.

דעם צווייטן אומאַנגענעמען מאָמענט פלעג איך שטאַרק פילן אין די פרייטיק־צו־נאַכטן נאָכן דאַווענען, ווען די גבירישע בעלי בתים פלעגן זיך אויסקלייבן די אורחים און איבערלאָזן די שלעכט אויסזעענדע, אָדער ערגער געקליידטע — דערפאַר טאַקע פלעגט זיך מיין פאָטער ע״ה, אליין אַ גרויסער אָרעמאַן, מחיה זיין און נעמען צו זיך יעדן פרייטיק אַן איבערגעלאָזענעם אורח.

אָבער להיפוך צו דעם, שטייען און שיינען פאַר מיר די שענסטע דעראינערונגען. זייענדיק אַ אינגל פון ניין אָדער צען יאָר, האָב איך שוין דאַן געזען ווי אַלץ ענדערט זיך, ווי עס פאָרמירט זיך אַ נייע געזעלשאַפט. די תפארת בחורים אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן לייענען, רעדן, דיסקוטירן פון זאַכן וואָס מען פלעגט פריער מורא האָבן אַפילו צו טראַכטן וועגן זיי.

די שענסטע פרילינג־און זומער־טעג אין מיין לעבן האָב איך געהאַט אויף די וויאַטראַקן. דאָס איז געווען כמעט אַ פּוסטע גאַס מיט אַ פּאָר שטיבלעך, אָבער דערפאַר אָן אַ צאָל פייגל, וואָס פלעגן מיט זייערע דערקוויקנדיקע טשוויטשערייען פאַרהילכן דעם אַרום. מיר האָבן אַזוי שטאַרק ליב געהאַט צו שטיין פון ווייטנס און אָבסערווירן ווי די סאָלדאַטן מאַרשירן און מאַכן איבונגען צו „גיין ריכטיק“, לויפן און מאַכן גימנאַסטיק אויף דעם „וואָיענעם פּלאַץ“ פּאַראַלעל מיט די „ריבאַקעס“ וואו די קאַזאַרמעס זיינען געשטאַנען. ווי מיר האָבן עס מקנא געווען די אינגלעך וואָס זייערע עלטערן פלעגן זיי לאָזן שפּילן מיט טויבן! גליקלעך פלעגט זיין דאָס אינגל, וואָס זיינע טויבן האָבן פאַרנאַרט אַ טויב פון אַ שגץ צו זיך אין טויבנשלאַק. אָבער נישט אַלע אינגלעך האָבן זוכה געווען צו וואוינען לעבן די הייזער וואו מען פלעגט כאָווען טויבן.

ניט אַלעמען איז געווען באַשערט צו קאָנען גיין זיך גליטשן אין די פרעסט, זיך אָוועקגנב׳נען פון הויז שבת נאָכמיטאָג ווען אַלע פלעגן שלאָפן, און — לעבן טייך אין אַ סאַזשעלקע, און די געוואַגטערע אויפן טייך נאַרעוו גופא — פלעגן זיך גליטשן מיט אַזאַ ריטמישקייט און בעת מעשה פלעגן זיי קינסטלעריש אויסקריצן מיט זייערע אַליין־געמאַכטע הילצערנע גליטשערס גאַנצע פּאַנאָראַמעס. פלעגט אַ שגץ אויסקריצן אַ קריסטלעכן סימבאָל, האָט זיך שוין געפונען אַן אייגענער „יאַט“ וואָס האָט קינסטלעריש אויסגעקריצט אַ מגן דוד און די שקצים, אין זייער צעהיצטקייט, פלעגן זיך דערשרעקן פאַרן „מיסטישן“ צייכן.

ביים זעלבן טייך פלעגן זומער פאַרברענגען די אידישע אינגלעך ניט נאָר מיט שווימען, נייערט מיט בענקשאַפט פלעגן זיי קוקן אינם בין־השמשות׳דיקן פאַרנאַכט, ווען מען פלעגט זיך איילן צו מנחה און מקנא זיין די פּאָליאַקן, וואָס פלעגן פירן זייער געהילץ (גדויסע, לאַנגע, צוגעבונדענע, נאָר־וואָס אויסגעהאַקטע ביימער), וואָס פלעגן שווימען אין דער ריכטונג, בעת די קריסטן פלעגן זיצן רואיק, רויכערן זייערע לולקעס, צייטנווייז אויך זינגען זייערע פּוילישע פאָלקס־און רעליגיעזע ניגונים, וואָס פלעגן אָנפילן דאָס האַרץ מיט בענקשאַפט נאָך עפּעס אומבאַוואוסטעס.

עס פלעגט זיך דאַן דאַכטן, אַז דאָס געהילץ און דער פויער שווימען ערגעץ ווייט־ווייט אין אַ נייער וועלט, וואוהין עס האָט זיך אויך געוואָלט אַוועק.

מער פון אַלץ פלעגט די יוגנט דאַן גיין דאָנערשטיק (דאָנערשטיק ספּעציעל) אין דעם „נאַראָדנע דאָם“ — אַ שיינער זאַל, קינסטלעריש אויסגעפּוצט, מיט אַ גוטן מיליטערישן אָרקעסטער, וואָס האָט דאָרט געשפּילט. די יוגנט פלעגט מיט אַ גוואַלדיקן אייפער טאַנצן, ווער מיט אַ שילערין, ווער מיט אַ געלאַדענער פריילין. די אינסטיטוציע האָט געשאַפן דער פּאָליציי־מייסטער פאַר דער יוגנט, כדי זיי אָפּצוציען פון דער דאַן אויפוואַכנדיקער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע וואָס האָט זיך געטראָגן איבער גאַנץ רוסלאַנד. אַ סך האָבן זיך געלאָזט אַריינאַרן אין דעם „נאַראָדנע דאָם“ און האָבן פאַרגעסן אין אַלץ וואָס אַרום זיי האָט זיך געטאָן.

דערפאַר איז די לאָמזשער יוגנט טיילווייז צוגעשטאַנען צו אַלע באַוועגונגען אַ ביסל שפּעטער ווי אין אַנדערע שטעט.

איך געדענק אָבער, אַז ווען איך בין געפאָרן פון וואַרשע איבערצוגעבן שליחות׳ן צו די חברות וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרן פאַר פּוע״צ אַרבעט אין לאָמזשער טורמע, האָב איך שוין פאַר זיך געזען אַ גאַנץ נייע יוגנט אין אַלע באַוועגונגען.

צוויי פאַרזאַמלונגען אין וואַלד געדענק איך קלאָר: איינע פון „בונד“, מיט אַ גרעסערער צאָל מענטשן, וואו אַ פּרוי האָט גערעדט קעגן ציוניזם; און אַ צווייטע, אַ קלענערע, אויך אין וואַלד — פון די פּועלי־ציון.

אין די פּוע״צ פאַרזאַמלונגען האָט זיך על פּי רוב באַטייליקט די שטודירנדיקע יוגנט און פון די עלטערע — כמעט בלויז פּראָפעסיאָנאַלן. אפשר איז ווערט צו פאַרצייכענען דעם קלימאַט פון די צוויי וואַלד־פאַרזאַמלונגען. בעת ביים „בונד“ האָט די פּרוי גערעדט וועגן דעם, אַז ציוניזם שטערט די אַרבעטער צו פאַרבעסערן זייער לאַגע און איז ניט אַקטיוו אין דער רעוואָלוציע געגן צאַריזם,

איז ביי דער פּועלי־צ וואַלד־פאַרזאַמלונג גערעדט געוואָרן וועגן דער קעגנוואַרט — וועגן דער אידישער לאַגע, און וועגן דער צוקונפט — וועגן ארץ־ישראל. אויך די לידער איןביידע וואַלד־פאַרזאַמלונגען זיינען געוועזן גרונט פאַרשידן: ביים „בונד" — אַרבעטער־און רעוואָלוציאָנערע לידער; ביי דער פּועלי ציון — אידישע און העברעאישע פאָלקס־געזאַנגען און אויך רעוואָלוציאָנערע לידער...

אויף וויפיל מיין זכרון דינט מיר, האָט זיך שטאַרק אָנגעזען דער אונטערשיד צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט מיט אירע ספּעציעלע „יוניפאָרמס", און דער אַלגעמיינער יוגנט. אַפילו די ישיבה בחורים פלעגן טראָגן אַ כעס און געהאַט אַ ווידערווילן צו די בחורים און מיידלעך וואָס פלעגן טראָגן זייערע ספּעציעלע אָנצוגן און טראָגן זייערע קעס־טעלעך מיט שרייב־מכשירים און ביכער.

איך געדענק, אַז אַ סך ישיבה בחורים, סיי לאָמזשער און באַזונדערס די בחורים וואָס פלעגן קומען פון אַנדערע שטעט, פלעגן ניט וועלן גיין עסן אין די הייזער וואו עס פלעגן זיך געפינען די אַזוי־גערופענע „סטודענטן". עס איז געווען אַ גרויסע מחיצה צווישן די „סטודענטן און סטודענט־קעס" אַפילו אין די באַוועגונגען, שפּראַכלעך און מאַנירלעך.

די צייט, זעט אויס, האָט אַלץ אויסגעגליכן; מיט העכער פופציק יאָר צוריק, נאָך זייענדיק אין וואַרשע, פלעג איך אַ סך הערן וועגן דעם, אַז דווקא פיל פון צווישן די סטודענטן האָבן אָנגעפירט מיט פּאַרטייאישע אַרבעטן אויף פאַרשידענע געביטן, און דאַן האָב איך אויך דערזען, אַז אַפילו קריגנדיק צווישן זיך, האָט יעדער טייל געשטרעבט צו אַ רייכערן, שענערן קולטורעלן לעבן. אַ סך חלוצים זיינען צו פאַרצייכענען פון לאָמזשע פון יענער צייט. אַ סך פירנדיקע געזעל־שאַפטלעכע מענטשן סיי אין אַמעריקע און באַזונדערס אין מדינת ישראל זיינען פון יענער וייט־פאַרגאַנגענער יוגנט אויסגעוואָקסן.

פאַר וואָס לייקענען? עס בענקט זיך שטאַרק נאָך דעם דלות, נאָך די חדרים, נאָך די מלמדים, נאָך דער פריש־אויפוואַכנדער סטודענטנשאַפט וואָס האָט מיט אַזאַ גוואַלדיקן אימפּעט זיך געוואָרפן צו לערנען מיטן זעלבן אייפער ווי די הונדערטער, טויזנטער, ישיבה בחורים פון אַלע עקן פון פוילן און רוסלאַנד — עס בענקט זיך אַפילו נאָך דער ישיבה קטנה, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון לאָמזשער אַליין.

לאָמזשע אַלס אַ גאַנצע — מיט איר גייסטיקן רייכטום, מיט אירע תורה־און קולטור־ווערטן — האָט צו אונזער אומ־גליק ניט דערלעבט דאָס ביסעלע נחת וואָס מיר האָבן היינט, זייענדיק אליין עדות פון אידישער זעלבסטשטענדיקייט אין ישראל. טאָ זאָל אויף אייביק איינגעקריצט ווערן אין אונזער זכרון און האַרץ די הערלעכע שיינע שטאָט לאָמזשע. זאָל זי אין אונזערע געפילן בלייבן מיט איר שיינקייט.

## די עליה פון דוד טביא יעלין קיין ארץ ישראל

(אויסצוגן פון ר' יהושע יעלינ'ס בוך „זכרונות לבן ירושלים")

מיין פאָטער, ר' דוד ב"ר יהושע ילין ז"ל, איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע, פוילן. ער איז געווען אַ תלמיד־חכם, אַ ירא שמים און אַ סוחר נכבד, פאַררעכנט אין שטאָט פון די חשובסטע נגידים. מיין מוטער, ליבע בת ר' ירחמיאל ז"ל, איז געבוירן געוואָרן אין יעדוואַבנע.

ווען איך בין געווען אין פוילן אין יאָר תרכ"ו האָב איך נישט געפונען קיינעם וועלכער זאָל קענען מיין פאָטער. אין יעדוואַבנע האָב איך געפונען עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך געקענט מיין מאַמעס פאָטער, ר' ירחמיאל. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז ער פלעגט לערנען תורה איינ־געהילט אין טלית און תפילין. די שטאָט־לייט האָבן אים גערופן ר' ירחמיאל הצדיק.

נאָך אין לאָמזשע האָט מיין מוטער געבוירן אַ טאָכטער, מיטן נאָמען חוה ע"ה. ווען זי האָט מער קיין קינדער נישט געהאַט און קיין סגולות האָבן נישט געהאָלפן, האָבן מיינע עלטערן באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל — אפשר אין זכות פון דעם הייליקן לאַנד וועט מיין מוטער זוכה זיין צו בנים־זכרים.

ווען מענטשן האָבן געהערט וועגן דעם פּלאַן, האָבן זיי אים אָנגעשראָקן און האָבן אים דערציילט וועגן די געפאַרן פון אַזאַ נסיעה. האָט ער אָפּגעלייגט זיין רייזע. אָבער ווען ער איז קראַנק געוואָרן, און דאָקטוירים האָבן אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, האָט ער אַ נדר געטאָן, אויב גאָט וועט אים ברענגען אַ רפואה, וועט ער פאָרן קיין ארץ ישראל, און קיין זאַך וועט אים נישט אָפּהאַלטן. אין יאָר 1831, זיינען מיינע עלטערן אַרויסגעפאָרן פון שטאָט. נאָך צען וואָכן פון אויסערגעוויינלעכע רייזע שוועריקייטן זיינען זיי אָנגעקומען אין דער שטאָט עכו, אין ארץ ישראל.



יהושע יעלין

פאָטער פון פּראָפ. דוד יעלין, בעת זיין באַזוך אין לאָמזשע אין 1866

נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אויסגערוט פון זייער לאַנגער רייזע, האָבן זיי זיך באַזעצט אין דער הייליקער שטאָט צפת. אָבער גלייך ווי מיין פאָטער האָט דערזען דעם מצב פון דער שטאָט און אירע איינוואוינער, האָט ער חרטה געהאַט אויף זיין באַשלוס זיך צו באַזעצן אין צפת און האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַזעצן אין ירושלים.

מיין פאָטער'ס פאַמיליע נאָמען איז געווען יעלין, וואָס דאָס מיינט אין פויליש אַ הערש. צוליב זיין גרויסער ליבע צו אונזער הייליקער שפּראַך, האָט ער געוואָלט בייטן זיין נאָמען אויף אַ העברעאישן נאָמען. אַזוי ווי דער נאָמען צבי איז נישט קיין משפחה נאָמען, האָט ער איבערגעזעצט דעם נאָמען אין אַראַמיש, מיט וועלכן דער תלמוד באַנוצט זיך. ער האָט זיך דעריבער גערופן אַנשטאָט יעלין „טביא".

אין יענער צייט איז געקומען קיין ירושלים מיין קוזין ר' יודל בלומענפעלד פון לאָמזשע, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט מיין שוועסטער. זי האָט אים געבוירן צוויי טעכטער. ווען מיין שוועסטער איז שווער קראַנק געוואָרן, איז די משפחה צוריקגעפאָרן קיין אָדעס. די כאָלערע האָט דאַן שטאַרק געבושעוועט דאָרט און מיין שוועסטער מיט אירע טעכטער זיינען פון דער קראַנקהייט געשטאָרבן.

נחמן יאקובי

## דער שוואַרצער פרייטאָג אין לאָמזשע

מיטוואָך כ״ז אב, תרצ״ד (דעם 8טן אויגוסט 1934), עלף אין דער פרי, האָט לאָמזשע אַ ציטער געטאָן פון די נייעס וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס עס האָט גע־טראָפן לעבן דעם דאָרף סאַדאָווניאַ: אַן אויטאָבוס מיט פּאַסאַזשירן פון לאָמזשע קיין וואַרשע דורך אָסטראָוו־מאַ־זאָוויעצק איז אַריינגעפאַלן אין טייך בוג בעת׳ן דורכ־פאָרן אַ בריק און כמעט אַלע פּאַסאַזשירן זיינען דערטרונקען געוואָרן, בלויז איינער, משה שקליאַניעוויץ פון קאָלנע, איז פאַרוואונדעט געוואָרן, אָבער ער איז דערנאָך געשטאָרבן אין שפּיטאָל. נאָר דער מאַשיניסט, בילינסקי, האָט זיך געראַטעוועט.

די טרויעריקע ידיעה האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין לאָמזשע און אין איר סביבה. אַ סך מענטשן, קרובים פון די דערטרונקענע זיינען אָנגעקומען צום אומגליקס־פּלאַץ און געוואַרט לאַנגע שעה׳ן מ׳זאָל אַרויסציען פון אויטאָבוס די דערטרונקענע. ס׳זיינען אָנגעקומען גרופּן סאַפּיאָרן פון דער פּוילישער אַרמיי מיט שיפן און רעטונגס־געצייג, פּאָ־ליציי, געריכטס־אויספאָרשער, רעגירונגס־באַאַמטע און סתם פיל נייגעריקע. די גאַנצע פּרעסע, די אידישע ווי די פּוילישע, האָט געשריבן וועגן דעם אומגליק און פּרובירט אַנווייזן די סיבות. אַ סך האָבן באַשולדיקט דעם וועג־מיניסטער, וואָס פאַרנאַכלעסיקט זיינע וויכטיגסטע אויפגאַבן, לאָזנדיק די באַריערן אויפן בריק אין אַ פאַרפוילטן צושטאַנד.

נאָך צוויי טעג פון אָנגעשטרענגטע פאַרזוכן, האָט זיך איינגעגעבן די שיפערס און טויכערס, אונטער דער אָנפי־רונג פון ה׳ מעגאַרסקי פון גדיניע, אויפצוהייבן מיט קייטן דעם אויטאָבוס. דער לובלינער וואָיעוואָדע איז געקומען צו דער טרויעריקער סצענע. ניינצן קרבנות זיינען געווען פּאַסאַזשירן פון לאָמזשע, אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק און וואַרשע. מען האָט אויסגעלייגט די טויטע איינעם לעבן צווייטן, מען האָט זיי פאָטאָגראַפירט, אידענטיפיצירט און דורכ־געזוכט זייערע טאַשן און וואַליזעס. דער לאָמזשער סטאַראָסטע האָט געקראָגן אַ טעלעפאָנישע דערלויבניש זיי צו באַער־דיקן אין לאָמזשע.



פּוילישע סאַפּיאָרן ציען אַרויס דעם אויטאָבוס פון וואַסער.

אַ דעלעגאַציע פון חברה קדישא איז אַרויסגעפאָרן צום אומגליקס־פּלאַץ. זי איז באַשטאַנען פון ח. אייזענשטאַט, מ. קאַלינסקי, י. געלצינסקי, יחיאל קמחי און צבי קאָוואָקעוויץ. דער 33טער פּולק האָט געשיקט זיין לאַסט אויטאָמאָביל צו ברענגען די מתים קיין לאָמזשע. פינף פאַרנאַכט איז די לוויה אָנגעקומען אין שטאָט. די קהלה האָט איינגעאָרדנט די לוויה אויף איר חשבון. די גאַנצע שטאָט האָט זיך באַ־טייליקט אין דער לוויה מיט געוויינען און קרעכצן. דער ביסקופּ לוקאָווסקי האָט דורך דעם כומר קיטאַ געשיקט קאָנדעלענצן צו דעם הויפּט פון דער קהלה, ה׳ צבי עפּשטיין. צוליב שבת האָט מען נישט געהאַלטן קיין הספּדים, אָבער די שטאָט האָט געטרויערט סיי ווי סיי און יענער פרייטאָג איז פאַרבליבן אין דער געשיכטע פון לאָמזשער געמיינדע אַלס דער „שוואַרצער פרייטאָג״. צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען די פאָלגנדע: יצחק לעווינסקי, 39 יאָר אַלט, אַ זון פון ר׳ ישראל לעווינסקי, געבוירן אין זאַמבראָוו.



יצחק לעווינסקי

ווען ער איז אַלט געווען זעכצן יאָר איז ער געשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד צו לערנען אַגראָנאָמיע, לעבן האַ־נאָווער אין אַ איק״אַ אַגראָנאָם־שולע אַלס „הכשרה״ צו פאָרן שפּעטער קיין א״י און דאָרטן אויסנוצן זיין פאַך. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט יצחק געענדיקט זיין קורס. ער איז פאַרבליבן אין דייטשלאַנד אונטער דער גאַראַנטיע פון דער האַנאָווער קהלה און איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון אַן אַגריקולטור דאָרף, וואו די בעלי־בתים זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער דייטשישער אַרמיי. אין 1916 איז ער געקומען קיין לאָמזשע, האָט זיך באַשעפטיקט מיט גערטנעריי און האַנדל בשותפות מיט זיין שוואָגער אברהם־הערש שיינקאָפּ. גלייכצייטיק איז ער געווען אַקטיוו אין דער „פּועלי ציון״־באַוועגונג און אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע געביטן.

גרייטנדיק זיך צו עליה קיין א״י מיט זיין פרוי פרומקע, איז ער געווען פון די איניציאַטאָרן צו גרינדן דאָס דאָרף דזשעדאַ, לעבן נהלל, וועמענס בעלי־בתים זאָלן פירן אַ געמישטע ווירטשאַפט — אַגריקולטור און וועבעריי (לעצטנס ווערן אויסגעאַרבעט וועבעריי־שטאָפן אין דאָרף ישי, אויפן נאָמען ישי אַדלער). יצחק לעווינסקי האָט אינ־וועסטירט זיין קאַפּיטאַל צו אויסקויפן דעם באָדן, ער האָט געזאָלט זיין דער אָנפירער פון דער אַגריקולטור־ווירט־שאַפט. ער האָט אָבער נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זיין לעבנס־אידעאַל. אין יענעם אומגליקלעכן טאָג, כ״ז חדש אב, איז ער געפאָרן קיין וואַרשע באַגלייטן זיין שוועגערין שרה שיינקאָפּ, וועלכע איז געפאָרן דאָרטן זיך זען מיט איר חתן דוד כץ.

דער צווייטער קרבן פון זעלבן אומגליקס־פאַל איז געווען יצחק ראַטאָוויץ (איצי מאַמע), שטאָטישער סאַניטאַר, אַקטיווער מיטגליד אין „פועלי ציון" און אין דער פייערלעשער קאָמאַנדע. אַן ערלעכער גוטהאַרציקער מענטש. הגם אָן בילדונג, איז ער דורך פּראַקטיק געוואָרן איינער פון די בעסטע פעלדשערס. בעת אויספלוגן פון גרעסערע מאַסן, אָדער אויף גרויסע מאַסן פאַרזאַמלונגען פלעגט ער אָפט אָרגאַניזירן די „ערשטע הילף". אין צייט פון עפּידעמיעס פלעגט ער דורכפירן אין די אָרעמע שכונות פון שטאָט סאַניטאַרע מאַסן רייניגונגען. ער האָט זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט זיין ליבשאַפט צו אידן, פאַר וועלכע ער איז געווען גרייט זיך מוסר־נפש־זיין.

דער דריטער קרבן איז געווען יונה ראָטשילד, פון די פירער פון „בונד", אַ סטאָלער פון פאַך. ער איז געווען זיין גאַנצן לעבן איבערגעגעבן צום אידעאַל פון פאַרבעסערן דעם מעמד פון אידישן אַרבעטער. ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קראַנקען קאַסע, חבר אין דער אידישער קהלה, וואו ער האָט געקעמפט לטובת דער „בונד" באַוועגונג.

נאָך אידישע קרבנות זיינען געווען: חנה פראדשטיין, שרה שיינקאָפּ (פריער דערמאָנט) און משה שקלאַניעוויץ פון קאָלנע.



יונה ראָטשילד׳ס משפחה ביי דער מצבה אויף זיין קבר.

אינהאַלט אויף דער מצבה: יונה ראָטישלד, איבערגעגעבענער אַרבעטער טוער, גרינדער פון „בונד" אין לאָמזשע און איינער פון זיינע פירער. האָט געליטן הונגער, איז געפייניקט געוואָרן אין טורמע, פאַרשיקט געווען אויף סיביר פאַר זיין קאַמף קעגן צאַריזם. האָט געטראָגן מיט שטאָלץ די פרייהייט־פאָן, האָט פאַרשפרייט צווישן די אַרבעטער־מאַסן האָפענונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

וואָלף אָקון

## פון מיין נאָטיץ־ביכל אין שטאָט־ראַט *

די פּוילישע לאָמזשע, ווי מערסטן טייל גרעסערע און קלענערע שטעט, איז שטענדיק געווען אונטער דער השפּעה פון די אַנטיסעמיטישע ענדעקעס. דער בישאָף לוקאָמסקי, אַ שונא ישראל, האָט פאַרשפּרייט זיינע אַנטיסעמיטישע לאָזונגען צווישן די גלחים אונטער אים און צווישן די טעאָ־



וואָלף אָקון

לאָגישע סעמינאַריסטן. ווען ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אומפּאַרטייאישער סיים, האָט מיניסטער סלאַוועק פאַנאַנדערגעלאָזן די ביז דאַן עקזיסטירנדיקע שטאָט־ראַטן און פאַראָרדנט אויסצוקלייבן נייע, אונטער אַנדערע לאָזונגען. דאָס איז געשען אויך אין לאָמזשע. אָבער כדי אידן זאָלן נישט זיין ווי געהעריק פאַרטראָטן, לויט זייער פּראָפּאָרץ אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, האָט מען אַזוי צונויפגעשטעלט די וואַל באַצירקן, אַז פּאָליאַקן זאָלן בילדן אַ מערהייט. אַלס רעזולטאַט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן נאָר זיבן אידן: נ. ראַפּאָלאָווסקי — סוחרים פאַראיין; מ. קאַלינסקי — אגודת ישראל; צ. מאַרק — ציוניסטן; דר. העפּנער — „פועלי ציון"; פ. גייסט און ל. כאַנילעווסקי — „בונד"; וואָלף אָקון — ב. ב. פּאָליאַקן זיינען דערוויילט געוואָרן 21. אין דער עקזעקוטיווע (לאַוניקעס־קערפּערשאַפט) קיין איין איד. פריער זיינען דער וויצע פּאָרזיצער פון שטאָט און איינציקע לאַוניקעס געווען אידן. די פּאָליאַקן וואָלטן שוין אפשר איינגעוויליקט, לויט מיין פאָרשלאַג, צו לאָזן אויסקלייבן אַ אידישן לאַוניק, אָבער צוליב זייער קעגנערשאַפט צו פ. גייסט, וואָס האָט קאַנדידירט אויף דער שטעלע, האָבן זיי קיין אידן נישט דערוויילט. דער פינאַנציעלער מצב פון שטאָט־פאַרוואַלטונג איז געווען שלעכט און אויף די ערשטע זיצונגען האָבן זיי פאָרגעשלאָגן צו פאַרקלענערן די סובסידיעס צו די איד. אַנשטאַלטן ווי „קינדער־היים", „מושב זקנים" און שפּיטאָל. מיינע אויפקלערונגען און פּראָטעסטן קעגן באַוועלה׳ן די הילפלאָזע קינדער, זקנים און קראַנקע האָבן געווירקט און די געפּלאַנטע שניטן זיינען דערוויל נישט אָנגענומען געוואָרן.

אין יאָר 1932, ווען פּ. פּיראַצקי איז געוואָרן פּוילישער אינערן־מיניסטער, האָט דער אַנטיסעמיטיזם מאַניפעסטירט מיט מעשים ווי אַקטיווער באָיקאָט אויף איד. אונטערנעמונגען און שאַפונגען א. ד. ג. די שטודירנדיקע פּוילישע יוגנט האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין געוואַלט־טאַטן

* די פּוילישע רעגירונג האָט אים באַלוינט מיט אַ גרויסער ציווילער אויסצייכענונג, אָבער ער האָט זיך אַנטזאַגט דאָס אָנצונעמען ביי אַ צערעמאָניע אין לאָמזשער מאַגיסטראַט. ער האָט פאַרלאַנגט אַז די צערעמאָניע זאָל דורכגעפירט ווערן אין דער אידישער קהילה.

קעגן אידן, איבערהויפּט קעגן איד. סטודענטן אין די הויך־שולן. אין לאָמזשער אינסטיטוט פאַר וואַלד און פעלד אינ־זשענירונג איז דער אַנטיסעמיטיזם דערגאַנגען צו פּשוט'ן כוליגאַניזם.

איינמאָל אַ דאָנערשטאָג פאַרנאַכט האָבן זיך סטודענטן פון דעם אינסטיטוט צעווילדעוועט און פאַרוואונדעט אַ אידן אין גאַס. איך בין דאַן פאַרבייגעגאַנגען און דאָס געזען. האָב איך זיי אויסגעמוסרט. איינער פון זיי האָט אויף מיר אויפגעהויבן זיין שטעקן מיך צו שלאָגן. איך האָב מאָמענטאַל אַרויסגעצויגן מיין רעוואָלווער, וואָס איך האָב געטראָגן מיט דער דערלויבניש פון דער מאַכט, און געשאָסן אויף מיין אָנגרייפער, סטודענט גאָנישעווסקי, און אים פאַרוואונדעט אין באַק אַרויסהאַקנדיק אים פערצן ציינער. די כוליגאַנעס זיינען זיך צעלאָפן. צומאָרגנס בין איך גערופן געוואָרן אין פּאָליציי־אַמט מיט מיין רעוואָלווער. נאָך דעם אויספרעגן, האָב איך אַוועקגעלייגט מיין רעוואָלווער אויפן טיש פון פּאָליציי־הויפּט און זיך מודה געווען, אַז איך האָב געשאָסן אין סטודענט גאָנישעווסקי. איך האָב אָבער דעם פּראָטאָקאָל וועגן דעם טרוקענעם פאַקט נישט געוואָלט אונטערשרייבן. איך האָב אָנשטאָט דעם דערקלערט מיין נוסח: „וואָלף אָקון מיטגליד פון פּ. נ. באַשאָנקענער מיט אַ העלדן־קרייץ, האָט נישט געקענט צוזען ווי אַ גרופּע פּוילישע סטודענטן שלאָגן אידן, האָט ער זיי אויסגעמוסרט. ווען איינער פון זיי האָט אים, אָקונען, אויך געוואָלט שלאָגן, האָט ער אין זעלבסט־פאַרטיידיקונג געשאָסן און פאַרוואונדעט איינעם פון זיי". דער פּאָליציי־הויפּט האָט מיך שוין נישט געצוואונגען צו אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל ער האָט מיר נאָר געהייסן איבערלאָזן דעם רעוואָלווער, לויט דער פאָדערונג פון סטאַ־ראָסטע. איך בין אַוועק אָן רעוואָלווער צום סטאַראָסטע. נאָך אים צו דעם הויפּט פון זיכערקייטס־אַמט, זשעלינסקי. ער האָט מיך אויפגענומען גראָב און געלאָזט מיר וויסן, אַז 14 אידן זיינען שוין אַרעסטירט געוואָרן און דר. יוסף העפּנער איז איינער פון זיי, און אַז דער גאַנצער ענין איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן צום אינערן־מיניסטער אין וואַרשע. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס אַרעסטירט ער מיך אויך נישט, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט נאָך נישט אויף דעם קיין פאַראָרדענונג. איך בין אַ ברוגזער אַוועק קיין וואַרשע. אויפן וועג האָב איך זיך געטראָפן מיט ה' הירש עפּשטיין, ראש הקהל, און אים איבערגעגעבן, אַז זשעלינסקי גרייט צו פּאָגראָמען אויף אידן.

אין וואַרשע בין איך דערשינען פאַר דעם מיניסטער, איבער „דער לאַנד־זיכערקייט" און אים אַלץ דערציילט. נאָך אַ טעלעפאָנישער אינפאָרמאַציע האָט ער פאַראָרדנט איבער־צוזעצן דעם לאָמזשער סטאַראָסטע אין אַן אַנדער שטאָט, און זשעלינסקי'ן אַראָפּצוזעצן פון זיין אַמט, אויך זאָל מען מיר צוריקגעבן מיין רעוואָלווער. דערווייל איז די גאַנצע זאַך אָנגעקומען צום אינערן מיניסטער און ער האָט פאַראָרדנט צו אַרעסטירן מיך און די 14 אידן, וועלכע זיינען אינצווישן באַפרייט געוואָרן. איך האָב זיך דאַן געווענדעט צום פרע־מיער מיניסטער סלאַוועק, האָבנדיק זיך פריער פאַרזאָרגט מיטן באַוואוסטן אַדוואָקאַט עטינגער. ה' סלאַוועק האָט זיך געהייסן ברענגען דעם גאַנצן מאַטעריאַל פון לאָמזשע וועגן דעם ענין. נאָכן דורכשטודירן אַלע פּאַפּירן האָט ער זיי פאַר־שטראָכן מיט רויטן טינט און האָט פאַראָרדנט בטל צו מאַכן אַלע קלאַגעס קעגן מיר און די אידן און נאָך געהייסן מיר צוריקגעבן מיין רעוואָלווער.

נאָך איין עפּיזאָד איז כדאי דאָ איבערצוגעבן פון דער צייט פון מיין דינען אין לאָמזשער שטאָט־ראַט. אין יאָר 1937 האָט דער שטאָט־ראַטגעבער, אַרטור מאַיער, אַריינ־געבראַכט אַ פאָרשלאַג צו באַשטייערן די שחיטה פון עופות ביי אידן: 30 גראָשן פון אַ הון, און 75 גראָשן פון אַ גאַנדז, קאַטשקע און אינדיק. צוועלף ראַטמענער האָבן דעם פאָר־שלאַג אונטערשטיצט שריפטלעך. ס'זיינען געווען אויסזיכטן ער זאָל ווערן אָנגענומען. בעת דער דעבאַטע האָב איך גענומען דאָס וואָרט און געפרעגט: ערשטנס, ווי קאָן מען אַזעלכעס פאָרשלאָגן, ס'איז קעגן דער פּוילישער קאָנסטיטו־ציע. צווייטנס, אַ שונא פון פּוילן, ווי אַרטור מאַיער איז, זייענדיק אַ מיטגליד פון ק. ה. ט. (אַ דייטשישע אַנטי־פּוילישע אָרגאַניזאַציע) טאָר דאָס געוויס נישט טאָן. ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם. אַרטור מאַיער האָט זיך געפילט באַליידיקט און מיך געקלאָגט אין געריכט. איך האָב אַראָפּ־געבראַכט פון וואַרשע מיין אַדוואָקאַט ה' עטינגער, וועלכער האָט געפאָדערט ביים פּראָצעס אויסצוהערן אַלס עדות דעם אינערן־מיניסטער און דעם זיכערקייטס־מיניסטער. אויך זאָל מען צושטעלן אין געריכט דעם געהיימען רעקאָרד וועגן אַרטור מאַיער'ס פערזענלעכקייט פון דעם זעלבן מיניס־טעריום. ס'איז דאַן אויסגעפונען געוואָרן, אַז אַרטור מאַיער איז טאַקע אַ מיטגליד פון ק. ה ט. אויף דעם גרונד האָט ה' עטינגער געפאָדערט פון געריכט, אַז מען זאָל אַוועקנעמען דעם פּאָסטן פון דעם קלעגער אַלס שונא פון פּוילן.

זעענדיק די שוואַכקייט פון זיין צד, האָט דער פּראָ־קוראָר, נאָך אַ באַראַטונג, פאָרגעלייגט מבטל צו מאַכן די מאָנונג און דער פּראָצעס זאָל בטל ווערן. אָבער איך האָב נישט מער געשוויגן. איך בין געפאָרן קיין וואַרשע און איבערגעגעבן דעם גאַנצן ענין צום אינערן־מיניסטער. אין אייניקע טעג אַרום איז געקומען אַ פאַראָרדנונג צו דער־ווייטערן אַרטור מאַיער פון זיין פּאָסטן אין לאָמזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

יוסף זיידענשטאַט

## זעלבסט-שוץ אין לאָמזשע

לאָמזשער אינזשיניערן אינסטיטוט איז געווען אַ נעסט פון אַנטיסעמיטיזם אַ סך יאָרן. איינמאָל אין האַרבסט פון 1932 איז צו די סטודענטן פון דעם אינסטיטוט דערגאַנגען די נייעס, אַז אין ווילנע האָבן אידן דערהרג'עט אַ פּוילישן סטודענט. זיי זיינען געוואָרן אויפגערעגט און באַשלאָסן צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע אין די אידישע גאַסן פרייטאָג אָונט, ווען אידן גייען אין און פון די שולן. זיי האָבן געקראָגן אַ דערלויבעניש פון סטאַראָסטע, בתנאי אַז זיי זאָלן נישט מאַכן קיין אומרועז. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. שוין פון אין דער פרי האָבן גרופּן פון פּוילישער יוגנט באַפאַלן אידן. אויך דר. העפּנער איז באַפאַלן געוואָרן גייענדיק אין שפּי־טאָל, נאָר אַ דאַנק די אידישע טרעגערס, וועלכע האָבן אים באַשיצט און געגעבן קלעפּ די כוליגאַנעס, איז דער דאָקטאָר אַרויס גאַנץ. זיי זיינען זיך צעלאָפן, אָבער זיי האָבן צוגעזאָגט ווידער צו קומען אין אָוונט און אָפּצאָלן די אידן.

די אידן זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן צו פאַרבלייבן אין אָוונט אין זייערע היימען און האַלטן פאַרמאַכט די פענסטער פון די פּראָנטאָווע די פענסטער, אויך שליסן אַלע בתי־מדרשים און מנינים. אָבער די ספּאָרט־יוגנט האָט נישט גערוט. אַלס חבר פון דער פאַרוואַלטונג פון ספּאָרט פאַראיין „שטערן", האָב איך גלייך אָרגאַניזירט אַ דרינגנדע זיצונג מיטן „מכבי", וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ צו באַ־שיצן די איד. הייזער. פון פּוילישע קאָמוניסטן האָבן מיר געקראָגן אינפאָרמאַציע וועגן דעם מאַרשרוט און כאַראַקטער פון דער דעמאָנסטראַציע. מיר האָבן אַוועקגעשיקט גרופּן פון

אונזעריקע אין די גאַסן אויף סטראַטעגישע פונקטן וואו די דעמאָנסטראַנטן דאַרפן דורכגיין. יעדער איז באַוואָפנט געוואָרן מיט שטעקנס, שטיינער, אייזערנע הענטשקעס, אייזערנע שטאַנגען וויפיל און וואָס נאָר מיר האָבן געקענט באַקומען. באַזונדערס האָבן מיר געהיט אַרום דער גרויסער שול און דעם אַלטן מאַרק — דער הויפט־ציל פון די דעמאָנסטראַנטן. די קאָרידאָרן פון די הייזער דאָרטן זיינען באַזעצט געוואָרן פון אונזערע, באַוואָפנט ווי נאָר מעגלעך. איך בין געוואָרן אַוועקגעשטעלט מיט מיין גרופּע אין קראָם פון שלמה כמיעלעווסקי און אַ רעזערוו־גרופּע האָט זיך פאַרשטעקט אין דער איד. באַנק (ווינקל פון אַלטן מאַרק און וואַזשיוואדזקע גאַס). מיר האָבן געקראָגן אַ פאַראָרדענונג נישט צו לאָזן זיך פּראָוואָצירן און נאָר פאַרטיידיקן ווען אידן וועלן ווערן אָנגעגריפן.

זיבן אין אָוונט איז די דעמאָנסטראַציע אַרויס פון דער סטאַראָסטווע־געביידע. אין דער ערשטער רייע זיינען געגאַנגען רעגירונגס און שטאָטישע באַאַמטע, אויך צאָכאַנסקי, טעאַטער־אייגנטימער; נאָך זיי זיינען געגאַנגען די סטודענטן־דעמאָנסטראַנטן, באַוואָסטע אין שטאָט אַלס אַוואַנטוריסטן; נאָך זיי — אַלערליי געזעלנס פון פּוילישע קצבים, קיילערס, און אַנדערע פאַרדעכטיקע טיפּן. ביי די זייטן זיינען געגאַנגען פּוילישע פּרויען פאַרוויקלט אין פאַטשיילעס מיט זעקלעך און וואַליזעס גרייט אַריינצוטאָן אַהין דאָס גערויבטע אידישע פאַרמעגן. מיט אַנטי־אידישע לאָזונגען און קריטישע באַמערקונגען קעגן די מלוכה באַאַמטע, וואָס פּראָטעזשירן די אידן, האָבן זיי אַרויסגעמאַרשירט צום שול.

נישט באַגעגענענדיק קיין אידן, ווייל אַלע בתי־מדרשים און שולן זיינען געווען געשלאָסן און פינסטער, האָבן זיי געוואָרפן שטיינער אין די פענסטער און זיך פאַרנומען צו דער זייט פון מאַגיסטראַט. ווייטער־צו, ביים ווינקל פון וואַזיוואַדזקע גאַס, האָבן זיי באַמערקט אַ אידן, וועלכער איז איבערגעגאַנגען שנעל די גאַס. צען שקצים האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים מיט געשרייען: „כאַפּט אים“, און אים דערגרייכט. אין דעם מאָמענט זיינען אַרויסגעשפּרונגען עטלעכע אונזעריקע און האָבן אָנגעהויבן „דערלאַנגען“ מיט זייערע מכשירים. די כוליגאַנעס, נישט ריכטנדיק זיך אויף אַזאַ פּלוצלונגדיקן איבערפאַל, האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן אין שרעק. אייניקע האָבן גוט „אַריינגעכאַפּט“ און געוואָרן פאַרוואונדעט. מיר זיינען גלייך אַוועק צוריק צו אונזערע באַשטימטע פּלעצער. די פּאָליציי, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט די דעמאָנסטראַנטן, האָט זיי צוגעלייגט קלעפּ, ווייל קיין אַנדערע שלעגער האָט זי דאָך נישט געזען. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ טומל און אַ פּחד, אַז די אידן לויערן אויף זיי פון אַלע הייזער.

דער פּאָליציי־הויפּט האָט פאַראָרדנט גלייך זיך פונאַנדערצוגיין און אויב נישט וועט מען שיסן. אַ סך כוליגאַנעס זיינען אַרעסטירט געוואָרן. פאַרשעמטע זיינען נעבעך צוריקגעגאַנגען דער פּעבל און די גוי׳עס מיט זייערע ליידיקע זעק. דערוויסנדיק זיך, אַז די דעמאָנסטראַנטן קאָנצענטרירן זיך אַרום קולקינס הויף, מיט פּאָגראָם־צילן, ווייל דאָרט וואוינען אַ סך אידישע משפּחות, האָבן מיר שנעל אַוועקגעשיקט אין די געסלעך אַרום אייניקע פון אונזערע גרופּן צו זיין גרייט. אָבער די שקצים האָבן שוין מורא געהאַט און זיינען נישט געקומען. אַזוי אַרום איז לאָמזשע ניצל געוואָרן יענעם אָוונט פון אַ גוט אָרגאַניזירטן פּאָגראָם. די אידישע געזעלשאַפט האָט נאָך דער מעשה באָיקאָטירט צאָכאַנסקי׳ס קינאָ־טעאַטער. ווען ער האָט עס דערשפּירט, איז ער אַרויס אין דער פּרעסע מיט אַ חרטה אויף זיין באַטייליקן זיך אין דער דעמאָנסטראַציע.

יוסף זיידענשטאַט

## קולקינ׳ס הויף

אין דער היסטאָריע פון דער איד. לאָמזשע פאַרנעמט דער דאָזיקער הויף אַן אָנגעזעענעם אָרט. אַ לאַנגער באַרגיקער הויף, פּאַראַלעל צו קאָפּוצינסקי באַרג פון רעכטס און צו דער גראַבליע פון לינקס, גרענעצט זיך מיט ביאַליקאָווסקי׳ס גאָרטן. מער ווי הונדערט איד. משפּחות האָבן דאָרט געוואוינט. הונדערטער קינדער זיינען דאָ געבוירן געוואָרן, דאָ געלערנט אין חדרים און שפּעטער דערוואָרבן אַ פאַך אַרויסצוגיין אין דער וועלט. אויך איך בין דאָרט געבוירן געוואָרן און זיך דערצויגן ביז פערצן יאָר.

אָט דער גרויסער הויף איז געווען אַ גאַנץ שטעטל מיט אַלע פאַרשיידענע קלאַסן, באַרופן און סאָרטן־מענטשן: רייכע און אָרעמע, מיוחסים און עמך, חסידים און מתנגדים; האָראָפּאַשנע אידן, וואָס אַרבעטן שווער אויפן שטיקל ברויט און פּראָצענטניקעס — ליידיק־גייער. אַרום צען שוסטערס פלעגן טעגלעך קלאַפּן מיט זייערע העמערלעך; אייניקע גוטע בעלי־מלאכה׳ס און אייניקע — לאַטוטניקעס. פינף שניידערס, אויסער נייטאָרקעס, האָבן געדרייט די רעדלעך פון זינגער־מאַשינען. דאָס גלייכן זיינען דאָרט געווען סטאָלערס, קאַמאַשן־שטעפּערס, בעקערס, פאַרבערס, טרעגערס, בעלי־עגלות און, ועל כולם, פינף מלמדים מיט איבער 200 קינדער; גבאים פון חברה קדישא; האָלץ־סוחרים; אַ „מילכיקער“, וואָס פלעגט באַזאָרגן דעם הויף מיט מילך פון זיינע מעלקעדיקע קי; אַ פרידנס־געריכט און אַ גענעראַל אויף וועמען אַ דראָזשקע האָט שטענדיק געוואַרט צו פירן אים.

דער טומל און באַוועגונג פלעגט זעלטן זיך איינשטילן, ווייל דער הויף האָט אַחוץ זיינע איינוואוינער געדינט אויך ווי אַ פאַרקירצונגס־וועג פאַר די, וואָס פלעגן גיין קיין פּיאָנטניצע און צוריק, אָדער פאַר די, וואָס פלעגן גיין זיך באָדן אין טייך אָדער וואַנעס ביים טייך און אויך פאַר אַ סך איינוואוינער פון ריבאַקי צו גיין אין שטאָט אַרויף אָדער צוריק צו זייערע היימען. אַממיינסטן פלעגן דורך דעם הויף דורכגיין די אידן וואָס פלעגן זיך איילן פרייטיק פאַרנאַכט צו גיין אין באָד אריין (מרחץ).



משה׳קע ניימאַרק׳ס באָד

די גרויסע עמיגראַציע קיין אַמעריקע פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך קאָנצענטרירט אין קולניקס הויף. דאָ פלעגן קומען די אַגענטן און צוגרייטן די עמיגראַנטן צו שוואַרצן דעם פרייסיש׳ן גרענעץ און פירן זיי גרופּנווייז גלייך מיטן פיאָנטניצער שאָסיי אין דער פינסטערקייט פון דער נאַכט צו די שטעטלעך ביים גרענעץ, ווי קאָלנע, גראַיעווע אאַז״וו.

ווען די קינדער זיינען געווען פריי פון חדר, פלעגן דאָ פאָרקומען „מלחמות“ פון איין חדר מיט אַ צווייטן אָדער שפּילערייען פון אייניקע חדרים צוזאַמען, וואָס ס׳פלעגט פאַרגרעסערן דעם טומל.

קולקינס הויף האָט געהאַט אַ צוציאונגס־קראַפט און באַרימטע מענטשן האָבן זיך געצויגן אַהער. דער באַוואוסטער אַרטיסט א. י. קאַמינסקי האָט דאָ געוואוינט ביז זיין קראַנק־ווערן און אַוועקגיין אין שפּיטאָל.

דאָ האָט געאַרבעט אין דער בעקעריי פון די ברידער פאַניץ „אורקע נאַכאַלניק“, איידער ער איז באַוואוסט געוואָרן אַלס שרייבער; דער אַטלעט בראָצקי, וואָס האָט באַוויזן וואונדער מיט זיין גבורה און האָט דערהויבן דעם איד. כבוד, און דער אַלטער חזן פון לאָמזשער שול האָבן דאָ געוואוינט און געלאָזט זיך הערן אין שטעטל.

די בעלי־בתים פון דעם ריזיקן הויף זיינען געווען די קולקינס: פאָטער, זון און אייניקל. קיין פרויען זיינען דאָרטן נישט געווען. דער אַלטער קולקין, אַ געשוואוירענער אַדוואָקאַט, איז געווען געזונט און פריש אויף זיינע עלטערע יאָרן. יעדן טאָג, אויסער אין די פרעסט, פלעגט ער זיך באָדן אין נאַרעוו. אין די יזכור־טעג און ימים נוראים פלעגט ער קומען אין שול. זיין זון, אויך אַ געענדיקטער אַדוואָקאַט, איז געווען אַן אַסימילאַטאָר פריער צווישן די רוסן און שפּעטער צווישן די פּאָליאַקן. ער איז געווען ווייט פון אידן. דער אייניקל האָט שוין געלערנט אין דר. גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע. נאָך דעם האָט ער שטודירט אין פּאָליטעכניקום אין דאַנציג. אויך ער פלעגט זיך שטענדיק חבר׳ן מיט שקצים.

דירה־געלט פלעגט אויפמאָנען אַן אַטענדאַנט — אַ כיטרער גוי, אַ וויצלינג. אַלע ענינים פלעגט ער אַליין דערליידיקן פאַרן בעל־הבית, וועלכער האָט געהייסן גיין מיט די איינוואוינער מיט אַ שטאַרקער האַנט. אין אַ סך הינזיכטן פלעגט ער פשוט טאָן אויף צו להכעיס די איינוואוינער, ווי קערן דעם הויף זומערצייט, גראָד פרייטאָג פאַרנאַכט, ווען אידן גייען דאַוונען אין זייערע ריינע שבת־בגדים, כדי עס זאָל ווערן אַ גרויסער שטויב. די קינדער, וועלכע ער פלעגט אויך רייצן, פלעגן אים ענטפערן מיט שטיינער אויף זיין בלעכענעם דאַך, אויסהאַקן שויבן, נישט לאָזן אים שלאָפן בייטאָג.

אייניקע מאָל איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דער אַלטער קולקין איז געשטאָרבן. דער שמש פון „השגחת יתומים“ איז געקומען מיט זיינע קינדער צו זאָגן תהלים איבערן מת. מען גייט אַריין אין הויז ערשט דער אַלטער זיצט ביים טיש, טרינקט טיי מיט איינגעמאַכץ „ווי קיינמאָל גאָרנישט“.

ווען פאַרטייען זיינען אַרויס אין דער עפנטלעכקייט בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט קולקינס הויף אָפט געדינט אַלס פלאַץ פאַר מאַסן פאַרזאַמלונגען, אַמאָל אַפילו נישט דערלויבטע דעמאָנסטראַציעס. עס איז געווען אַ פּאַסיקער פלאַץ צוליב די סך אויסגאַבן וואָס זיינען דאָרטן געווען אין פאַל ווען מען האָט געדאַרפט צעלויפן זיך. אַרום ניינציק פּראָצענט פון די איינוואוינער פון קולקינס הויף זיינען געווען פון אָרעמען קלאַס, האָרעפּאַשנע אידן. אויסנאַמען זיינען געווען ווינציק, דאָרט האָט געוואוינט ה׳ שטיין, דער פיאָנטניצער פריץ, אויך ה׳ רוזשינאָווער, דער ציגל־פאַבריקאַנט; פעצינער, דער פאַרוואַלטער פון באַנק. אויך אייניקע פוילישע באַאַמטע און אָפיצירן. אין קורצן — אַ אידיש שטעטל מיט אַלע סימנים און אייגנשאַפטן, נישט צו פאַרפעלן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „צעירי ציון“ „החלוץ“, וואָס האָבן דאָ געהאַט זייערע לאָקאַלן. איצט איז דאָס אַלץ פאַרוויסט.

## די איינוואוינער פון די ריבאַקים

די ווייט גרעסטע צאָל פון די איינוואוינער אויף ריבאַקיס זיינען געווען אידן. אַ קליינע צאָל זיינען געווען פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געוואוינט מערסטנס נאָענטער צום פיאָנטניצער שאָסיי. זיי זיינען באַשטאַנען איבערהויפּט פון דער אונטער־וועלט, פאַרדעכטיקע אין גניבה, גזילה, פּראָסטיטוציע און אַנדערע זינד. די אידישע איינוואוינער דאַקעגן זיינען געווען כמעט אַלע פון האָראָפּאַשנעם עלעמענט, ווי הענדלער מיט קוישן קליינע סחורה׳ס, און פלעגן אַרומגיין איבער די הייזער אָדער דערפער; גאַסן־שטייערס איבער טישלעך מיט עפּל, גרינס אאַז״וו., וועלכע, ווי זייערע פנימער האָבן עדות געזאָגט, זיינען אויסגעשטאַנען אויף זייערע אויסגעמאַטערטע קערפּערס אַלע קאַפּריזן פון די וועטערן. היצן, קעלטן, רעגנס, שניי־שטורעמס אאַז״וו.; טרעגערס, בעלי־עגלה׳ס מיט זייערע מאָגערע פערדלעך צו פירן משאות; וואַסער־פירערס אאַז״וו. צווישן די פורמאַנעס זיינען געווען באַוואוסט זאַוול דער בעל עגלה מיט זיין משפחה, און הערשל מעדעקס פאָטער מיט דער שוואַרצער באָרד ווי אַ תימנער. ער האָט שטענדיק געדינט אין נאַפט געשעפט פון ה׳ יאַקאָבי מיט זיינע זין, אין די עקספּעדיציעס און אַנדערע.

כמעט אַלע וואַסער־פירערס האָבן דאָ געוואוינט. ווייל ס׳איז געווען נאָענט צום וואַסער־טורעם ביים סאַמע נאַרעוו; דאָ האָבן זייערע פערד געטרונקען פון טייך, זיך געבאָדן אין טייך, אין פרייע צייטן, ווי אין די זומער־נעכט אָדער שבת נאָך דער סעודה, פלעגן זיי זיך פיטערן אויף די לאָנקעס ביי די ווערבעס מיט די פאָדערשטע פיס געבונדן לויז זיי זאָלן נישט קענען אַוועקגיין ווייט. ער אַליין דער בעל עגלה אָדער וואַסער־פירער פלעגט זיך דאַן צולייגן אין שאָטן פון אַ בוים און כאַפּן אַ דרימל, אָדער זאָגן אַ שטיקל תהילים האַלב שלאָפנדיק.

דאָ אויף די ריבאַקיס האָבן אויך געוואוינט בעטלערס וואָס פלעגן „גיין איבער די הייזער“ אַלע טאָג אָדער נאָר אין באַשטימטע טעג, ווי יעדן דאָנערשטאָג, אָדער ראש חודש פלעגן זיי גיין „בעטלען“. אייניקע זיינען געווען טאַקע אָרעמע לייט; ס׳זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע וואָס שנאָרן איז ביי זיי געווען אַ פאַך, און נאָך זייער טויט פלעגט טאַקע בלייבן גרעסערע סומען געלט. צו מאַכן פול דאָס בילד דאַרף מען נישט אַרויסלאָזן די קאַטערינטשיקעס, וואָס פלעגן אַרומגיין איבער די הויפן, אויף די טראָטואַרן פאַר די קראָמען אָדער אויפן אַלטן מאַרק אין די האַנדלס־טעג פאַר אַרומשטייענדיקע נייגעריקע אויפשפּילן אַ פּאָפּולערן וואַלץ אויף דער קאַטערינקע. דער פּאָפּאַגיי פלעגט מיטן שנאָבל אַרויסציען און דערלאַנגען אַ קאַרטעלע מיט זיין צוקונפטיקן גורל. פאַר דעם פלעגט מען שוין דאַרפן באַצאָלן. פון די ריבאַקיס זיינען אַרויסגעקומען אַרבעטער טוער פון „בונד“, „פועלי ציון“, אַנאַרכיסטן, קאָמוניסטן א. אַ.

פון דאָרטן האָבן זיך נישט זעלטן באַוויזן גוטע קעפּלעך צום לערנען אין דער תלמוד־תורה און דערנאָך אין דער ישיבה, און ווערן רבנים, למדנים, מלמדים אאַז״וו.

מנוחה אַלפּערן

# טיפּן פון די ריבאַקים

(פון מיין אַלבום)

## 1. ציגן

די ציג איז געווען זייער פאַרשפּרייט צווישן די איינוואוינער פון די ריבאַקים. די ציג איז אַ בהמה, וואָס אויך נישט פאַרמעגלעכע קענען איר האָדעווען. ערשטנס, זי איז



מנוחה אַלפּערן

נישט שטאַרק קאָסטלעך ביים איינשאַפן; צווייטנס, איר עסן איז נישט קאָסטלעך — ברעקלעך פון די בני־בית־טיש, מייסטנס די שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, טיילווייז כאַפּט זי אַליין וואָס זי געפינט אויף איר וועג און עסט; דריטנס, איר מילך איז זייער נאַרהאַפטיק און נוצליך פאַר דער אייגענטימער־משפחה. און ווען פאַרקויפט, פלעגט מען קריגן גוט באַצאָלט. דעריבער האָבן זייער אַ סך ריבאַקיס־איינוואוינער געהאָדעוועט די עכט־אידישע בהמה׳לע — די ציג.

## 2. ערב שבת אויף די ריבאַקים

פרייטאָג אויף די ריבאַקעס איז געווען זייער קענטיק. די בעלי מלאכה׳ס פלעגן פאַרענדיקן שנעל זייער אַרבעט כדי צו קענען קריגן זייערע שווער פאַרהאָרעוועטע פאַר גילדן. זיי פלעגן זיך היילן כדי צו האָבן פאַר וואָס צו כאַפּן אַ מציאה ביי די דאָרפישע גויים, וואָס פלעגן דאָרטן פאַרבייגיין ווי: אַ פּאָר אייער, אַ שטיקל פּוטער א. ד. ג. די דאָרפישע פּויערים האָבן זיך אַלע געצויגן צום אַלטן מאַרק. די פרויען פלעגן איינקויפן שפּעטער נאָך האַלבן טאָג, ווען זיי פלעגן באַקומען זייער געצאָלט פון די רייכערע באַלעבאָסטעס אויבן אין שטאָט פאַר העלפן זיי. דאַן פלעגן זיי קריגן אַ סך זאַכן בחצי־חינם.

ביים נאַרעוו זומער־צייט האָט מען געטראָפן אַ סך מיטגלידער פון דער משפחה: דער פרויען עלעמענט פלעגט שייערן, וואַשן אאַז״וו. קינדער פלעגן צוהעלפן און פאַר איין וועג זיך באָדן. דער שטראָמיקער טייך האָט אַלץ אַוועקגעשווענקט. שפּעטער האָבן די פרויען געגרייט דעם טשאָלנט, וואָס איז באַשטאַנען אָפט פון צוויי ערדענע טעפּלעך, איינער מיט קאַרטאָפל אָדער קאַשע מיט בעבעלעך און שטיקלעך ביליקע רויע רינדענע שמאַלץ. דער צווייטער טעפּל איז געווען אָנגעפילט מיט וואַסער און אַ שטיקל רינד־פלייש פאַר אַ יויך. אַנדערע פלעגן נאָך אָנפילן אַ דריטן טעפּל מיט אַ קוגל. די טעפּלעך, גוט פאַרדעקט מיט שטיקלעך לייוונט, אויף וועלכע ס׳איז געווען אַ שיכט נאַסע ליים מיט שטיקלעך שאָלעכץ פון קאַרטאָפל. די טעפּלעך פלעגן געבראַכט ווערן צו די הייזער, וואָס פלעגן האָבן אויוונס, ווי די פון די בעקערס, צו שטעלן טשאָלנט. פאַרטיק מיטן טשאָלנט פלעגן די פרויען זיך נעמען אויפרוימען די שטוב. כדי נישט צו ווערן געשטערט, פלעגן זיי אַרויסשיקן די קינדער אין דרויסן, אויסקערן גוט די שטוב און אָנשיטן געלן זאַמד. אַמאָל פלעגן זיי וואַשן דעם דיל (אויף אַ יום־טוב), דאַן לייגן אַ ווייסן טישטוך, שטעלן די לייכטער און לייגן די חלות — אַלץ גרייט אויפצונעמען שבת המלכה. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם אויפרוימען פלעגט מען צוגרייטן דאָס פרייטאָג־צו־נאַכטס עסן לויטן טראַדיציאָנעלן שטייגער. די קינדער דערווייל אין דרויסן פלעגן גרופּנווייז איינאָרדענען שפּילערייען מיט געשרייען אָדער געזאַנג. אָפט פלעגט זיך באַווייזן נחומקע פּיעטרושקע און ער פלעגט פירן די קאַפּעלע ביז דער טאַטע האָט גערופן צו גיין דאַווענען אין בית מדרש.

## 3. חיה הינדע בזשאָזא

זי איז געווען נאָך זייער יונג, ווען זי איז געוואָרן אַן אַלמנה נאָך איר עלטערן מאַן, וועלכער האָט איר געלאָזן פינף יתומים און דריי הייזער. זי האָט געשטאַמט פון סובאַלק, וואו זי איז געווען באַוואוסט פון איר פאָטערס הויז אַלס משכלת און שיינהייט. אַן עלטערער אַלמן פון לאָמזשע, אַ צושטעלער פאַר מיליטער, האָט איר דערזען און שטאַרק געוואָלט איר האָבן פאַר אַ ווייב. האָט ער געשיקט שדכנים. איר פאָטער איז שוין דאַן געווען געדריקט און ער איז באַשטאַנען. חיה־הינדע האָט נישט געוואָלט לכתחילה חתונה האָבן מיט אַן עלטערן אלמן, דערצו נאָך אַ מטופל מיט פינף קינדער. האָט איר עלטסטער ברודער איר געגעבן אַ פּאַטש און זי האָט חתונה געהאַט. זי האָט געהאַט פון אים פינף קינדער. נאָך דעם איז איר מאַן געשטאָרבן און זי האָט געפירט אַלע זיינע עסקים מיט גוטן דערפאָלג. זי איז געווען באַליבט און רעספּעקטירט ביי אַלעמען. די אַלטע לייט האָבן דערציילט, אַז חיה־הינדע האָט אַמאָל פאַרשטעלט דעם וועג גענעראַל קראָפּאָטקין, גערעדט מיט אים אַ האַלבע שעה דערלאַנגענדיק אים אַ ביטע אין רוסיש, געשריבן דורך איר אַליין, און ער האָט דערפילט איר בקשה. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי איבערגעגעבן אַלע אירע הייזער פאַר אָרעמע פליכטלינגע. אויף איר עלטער איז זי געווען איינזאַם, געזעסן און געלעזן ביכער און קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט.

## 4. „שמיינקלעכע" די וועשערין

זי האָט געהייסן סיי הינדע און סיי „שמיינקלעכע". איר צונאָמען האָט זי געקראָגן פאַר איר טבע צו האָבן אַלץ, אומעטום; שטענדיק שיין, ריין, פינקלדיק (אין פּאָלקס אויסדרוק שיין ווערט פאַרצויגן צו „שמיין"). „שמיינקלעכע" האָט געוואוינט אין אַ ליימענער הייזקע; זי האָט געהאַט איין זון אַ סטאָלער און צוויי טעכטער, איינע אַ פאַרשוין און די אַנדערע אַ נידעריקע, מיט אַ געבויגענער פּלייצע. איר פּנים איז געווען ענערגיש און פאַרביטערט. איר מאַן „שמיינער" פלעגט אַרומגיין אין די נאָענטע שטעטלעך איבער די הייזער און זי איז געווען אַ וועשערין. זי איז געווען זייער ענערגיש, געהאַט אַ ריינע נשמה און ריין האָט זי געהאַלטן איר נעסט, צו שטוינען. מיט פוירינגלעך אויף די טירן און פענסטער, מיט אַלערליי געשניצטע פּאַפּירן פון פאַרשיידענע קאָלירן. הונגעריק זיינען זיי געווען אָבער אַלץ האָט געבלאַנקט פון ציכטיקייט, ווייל: „דאָס זעען דאָך מענטשן, אָבער אין מאָגן קוקט קיינער נישט אַריין", פלעגט זי אָפט זאָגן. אַזוי האָט זי געשלעפּט דעם יאָך ביז — איינמאָל האָט מען איר געפונען אַ געהאָנגענע איבער דער באַלעיע וועש...

### 5. דער וואַסער־טרעגער

אַלע האָבן אים גערופן מיטן צונאָמען „גראַנסקי״ און זיין ווייב — גראַנציכע. זיין ריכטיקער נאָמען איז נישט געווען באַוואוסט. זיין גאַנצן לעבן איז ער געווען אַ וואַסער־טרעגער און פאַרבראַכט אַ שווערן לעבן. מיט זיין געלער פאַרוואַקסענער באָרד און פּאות, גוטמוטיקן פּנים און אומעטיקע אויגן איז ער געווען ווי ער וואָלט געזאָגט: „זייט מיר מוחל, אויף דעם בין איך באַשאַפן געוואָרן״. אין אָוונט, קומענדיק אַהיים, וואָלט ער זיך שוין געפילט בעסער אויפגעלייגט, באַגעגנט אים זיין ווייב „גרונציכע״ מיט אַ צעקנייטשטן געלן פּנים שטענדיק פאַרדאגה׳ט און פאַרביטערט, מיט געשרייען און זילזולים. באַלד שטילט זי זיך איין און פאַרענטפערט זיך: „זינט מיין אָפּעראַציע אין קעניגסבערג בין איך אַרויס פון די כלים״. אַ טאָכטער האָט זי געהאַט אַ שיינע, אַ צנועה, זיך שטענדיק געקלעפּט צו איר מאַמען. זי פלעגט מאַכן אַ מוציא הויך אויפן קול מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ. זי פלעגט אָפּט שווערן: „ג׳ זאָל מיר אַזוי צושיקן אַ גוטן זיווג״.

### 6. מאַרקוס די אָלייערקע

אַלע האָבן איר גוט געקענט, די אָליי־מאַכערקע ביים ברעג טייך. זי איז געווען פון מיטעלן וואוקס און שיינע אויגן מיט אַ אידישן אויסדרוק. אַ געבוירענער אַ לאָמזשער. איר מאַן, אַ שטילער, באַשיידענער מענטש, האָט געטאָן די אַרבעט — פּרעסן אָליי — און זי האָט אויפגעהאָדעוועט איר איינציקן זון (געלערנט אין דער ישיבה) און אירע טעכטער. מיט דער צייט האָט זי זיי חתונה געמאַכט מיט בני תורה. איינע פון זיי, רייזל, האָט עמיגרירט קיין פּאַריז.

מארקוס די אָלייערקע האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט די מעשים טובים פאַר אירע אייגענע, זי האָט געזאָרגט פאַר די געדריקטע און שעמעוודיקע צו בעטן, און זיי געהאָלפן מיט געלט און שפּייז. אַמיינסטן האָט זי אויסגעשפּרייט אירע וואוילטעטיקייטן צו די מלחמה פּליטים. פאַר זיי האָט מאַרקוס געטראָגן דעם גאַנצן יאָך. זי האָט זיי באַזאָרגט יעדן מיט אַ דירה, שטעלע צו אַרבעטן אאַז״וו.

איך געדענק ווען חיה־הינדע, בזשאָזאַס טאָכטער, איז אַראָפּ פון זינען, און איר מאַן דער אַדוואָקאַט און אירע קינדער זיינען פון חרפּה אַוועק וואוינען אין אַן אַנדער שטאָט. די משוגענע איז אַרומגעלאָפן אין די גאַסן און אַלעמאָל אַריינגעקוקט אין איר חרוב׳דיקער הויז. האָט מאַרקוס די אָלייערקע איר אַריינגענומען צו זיך אין הויז, איר געלייגט אין בוידעם־שטיבל, איר דאָרטן געבראַכט עטלעכע מאָל אַ טאָג עסן און אַנדערע הצטרכות׳ן צופרידנגעשטעלט. אַפילו מאַרקוס׳עס טעכטער האָבן נישט געוואוסט פון דעם.

### 7. אלי דער בלינדער

ער איז געווען אַן איייניקל פון חיה־הינדע בזשאָזאַ. זיין צווייטער נאָמען איז געווען פראַנסקי. נאָך חיה־הינדע׳ס טויט איז ער געקומען מיט זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער פון צעכאַנאָווצע, איבערצונעמען די ירושה פון זיין באָבען. זיי האָבן זיך באַזעצט אין איינער פון אירע הייזער אויף די ריבאַקיס.

אויסער זיין בלינדקייט איז א. פראַנסקי געווען אַ פול־שטענדיק נאָרמאַלער מענטש אין זיין געזונט־צושטאַנד און איז נאָך געווען געבענטשט מיט אַן אָפּטימיסטישן גייסט. איין יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער איז בלינד געוואָרן אויף איין אויג און אויף זיין אַכטן יאָר האָט ער פאַרלאָרן דאָס צווייטע אויג. פון די עטלעכע קינדער־יאָרן איז ביי אים פאַרבליבן אין זכרון דער אונטערשייד פון נאַכט און טאָג און פון די קאָלירן. ווי ביי מיינסטנס בלינדע זיינען ביי אים געווען אַנטוויקלט זייער שאַרף די געפילן פון הערן און אָנטאַפּן. ער פלעגט קומען אין געזעלשאַפט פון יונגוואַרג און זיך באַטייליקן אין וויכוחים וועגן פאַרשיידענע קולטורעלע פּראָבלעמען. די גרונט־ידיעות זיינע זיינען געווען דאָס, וואָס ער האָט געהאַט די געלעגנהייט אין די פאָר יאָר ווען ער האָט געזען, אין זיין קינדהייט, צו לערנען צוזאַמען מיט אַנדערע פון זיין עלטער. ער האָט אויך געהאַלטן רעפעראַטן אין די שטעטלעך אַרום לאָמזשע איבער פאַרשיידענע ליטעראַרישע און קולטורעלע פּראָבלעמען.

מיט דער הילף פון זיינע גוטע פריינט איז ה׳ פראַנסקי אַוועק קיין וואַרשע, האָט דאָרטן געלערנט צו זיין אַ מאַסאַזשיסט. ער האָט נאָכדעם געאַרבעט אַלס מאַסאַזשיסט אין איד. שפּיטאָל אויף טשיסטע גאַס. אַדאַנק זיינע פעאיקייטן און איבערגעגעבנקייט איז ער געוואָרן, מיט די דאָקטוירים׳ס רעקאָמענדאַציע, אַ ספּעציאַליסט אין דעם פאַך. ער האָט פאַרנומען די שטעלע פון ה׳ איבוניץ. ער האָט דאָרטן חתונה געהאַט מיט אַ געבילדעטער פרוי און געלעבט אַ גליקלעך פאַמיליען־לעבן.

### 8. ניסקע דער שמיד

גאַנצע טעג און אָפטמאָל אין די אָוונטן איז ער געשטאַנען אין זיין קוזניע, באַוועגט דעם בלאָז־זאַק און גלייך געהאַמערט אויף זיין אַמבאָס, געבויגן דאָס רויט־פייערדיקע אייזן־שטיק און עס אויסגעפאָרמט אין דאָס געוואונטשענע געצייג. אָדער ער האָט באַשמידט די פיס פון די פערד, די רעדער פון די וועגענער, אאַז״וו.

זיין פרוי ריבצע איז געווען אַ שיינע, אידעלע און גוט־האַרציקע, אַ מכנסת אורחים. איר טיש איז געווען שטענדיק געגרייט פאַר אורחים אָדער אָרעמע־לייט. זי האָט געהאַט פאַר זיי מילך פון איר אייגענער קו. אין איר זכות איז ניסקע געווען אַ געהויבענער בעל־בית. דער גבאי און שמש פון זיין בית מדרש פלעגן זיך מיט אים מישב זיין וועגן חברה־ענינים. ער פלעגט געבן אָנשטענדיקע סומען פאַר צרכי ציבור.

ניסקע האָט אַמאָל געוויזן זיין גוט־האַרציקייט און זיין מוט: ער האָט אויסגעלייזט אַ גנבה, וועלכע גנבים האָבן גע׳גנב׳עט ביי אַן אָרעמע משפּחה און צוריקגעקערט צו די געליטענע, נישט נעמענדיק צוריק קיין גראָשן.

## לאָמזשע צו דער וועלט

די באַן־רעלסן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דער ווייטער, פרעמדער וועלט, זיינען ווייטער ניט געגאַנגען. ווי געבנדיק זיך אַ נדר — שטיין בלייבן!

איז דער באַן־פאַרקער שטיין געבליבן און, ווי אַ די־רעקטער וועלט־שטאָפּעט געבראַכט אירע ידיעות, אויפגענומען שטאָטישן פאַסאַזשיר־געזינדל און, ווי אַ געטרייער שליח, זיך צוריקגעקערט צו וועלט. דערפאַר האָבן זיך פריי־לעך אַראָפּגעגליטשט פון באַרג־שטאָט, צווישן גראָזן און בלומען אין קייטלדיקן זיג־זאַג, ווייס־זאַמדיקע, שמאָלע וועגן און סטעשקעס; פריילעך האָבן זיך אַוועקגעאיילט אין געדרייטע שלאַנגען־פיגורן דורך דער שפע פון אָפּן־צעגרינטע לאָנקעס און צעבליטע פעלדער־זאַנגען; וועגן, ציענדיק זיך צום ברייטן שליאַך, וואָס פאַראייניקט אַלע קלענערע און גרעסערע ישובים פון דער ארומרינגלענדיקער סביבה. די אַלע וועגן און שטעגן האָבן זיך אויסגעפורעמט ווי אַ ברייטע האַנט, ווי אַ דלאָניע, וואָס דערלאַנגט שלום דער שטאָט לאָמזשע.

מנוחה אלפּערין

# ביי דער משפּחה סאַבאַטקאַ

צווישן די זכרונות פון מיין יוגנט־עפּאָכע שוועבט פאַרביי מיינע אויגן דאָס בילד פון אַ פּילפאַרביקער פּאַנאָראַמע, מיט דער טיפער בענקשאַפט נאָך דער ליכטיקער נעסט פון דער משפּחה סאַבאַטקאַ, וואָס האָט מיט וואַרעמקייט אויסגעוויגט אין איר שויס דער דערציערישער יוגנט און געעפנט ברייט איר היים פאַר דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ פון דער שטאָט לאָמזשע.

צוזאַמען מיט דעם אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר אַ שטיק שפּרודלדיק לעבן פון אידישע קינדער, וואָס רינגלען כסדר אַרום די היים סאַבאַטקאַ — די אידיש־פּוילישע פּאַלקשול.

אַ גראַנדיעזע, 3־שטאָקיקע אַלטע געביידע הויבט זיך אויף איבערן ריזיק־אָפענעם שענקעוויטש־פּלאַץ און קוקט אַרויס צו דער דוואָרנער גאַס ווי מיט אויגן פון אַ שטאַרקער זקנה׳שער פאַרטראַכטקייט און פאַרוואונדערונג צו די אידישע קינדערלעך, וואָס ציען זיך אַהער אין מוטערלעכער באַגלייטונג, אָדער לויפן אַליין מיט די רענצלעך אויף די פּלייצעלעך פון די שטאָטישע גאַסן און געסלעך; קינדערלעך לאַכנדיקע, ברויזנדיקע, שטיפעריש־הילכנדיקע, מיט די ראָזע פּנים׳לעך און רויטע מיילעכלעך, מיט די צעפּינקלטע, איילנדיק־ברענ־נעדיקע אידישע אויגעלעך און יאָגן זיך אין געלאָף אַהער, צו דער אידישער פּאָלקשול און פּילן אָן דעם אַרום מיטן אָטעם פון אידיש לעבן, וואוקס און בליענדיקן אויפקום.

איבער דער צעזונגענער קינדער־וועלט, אויפן 2טן שטאָק, געפינט זיך דער קאָרידאָר וואָס פירט צו די פיר צימערן פון דער פאַמיליע סאַבאַטקאַ: אַ טאַטע, מאַמע, 1 טאָכטער און 3 זין — איינער גערעטענער פון אַנדערן. דער טאַטע יצחק סאַבאַטקאַ, אַ מיטל־וואוקסיקער, אַ טונקעלער, מיט אַ קליין געזיכט און שאַרפע אויסדריקלעכע שטריכן, דינע ליפּן, לענג־לעך־טונקעלע, טיף־איינגעזעצטע אויגן, וואָס האָבן דורכגע־


יצחק


דבוירקע

נומען מיט אַ דורכדרינגלעכן ערנסטן בליק, שאַרפער חכמה און טיפער פאַרטראַכטונג. געמאַכט האָט ער דעם איינ־דרוק פון אַ טיפזיניקן משכיל פון דער געבילדעטער וועלט. לויט זיין איבערצייגונג איז ער געווען אַ ציוניסט; לויט דער פּראָפעסיע — אַ העברעאישער לערער.

די מוטער דבורה (דבורקע) — אַ וואונדערבאַרער קאָמ־פּלעקס: אַ געמישטער טיפּ פון אַלעמענס שיינקייטן, אַ מעסיק־וואוקסיקע, אַ גלייכע, שטיל־ריידנדיקע, מיט אַן איידעלן, סובטעל־שמייכלדיקן פּנים און טונקעלע סאַמעט־ווייכע אויגן. זיי האָבן שטענדיק אויסגעדריקט האַרציקייט און מוטערשאַפט. אין איר שטילער גוטסקייט איז געווען נאָך עפּעס: עס איז געווען דער נאַטירלעכער, אינעווייניקסטער שטאָלץ פון אַ פרוי, וואָס ווייסט אַז זי איז קלוג, אָבער פאַרשטייט אַז זי דאַרף זיך האַלטן באַשיידן און דערביי זיין צניעות׳דיק אין אַלע אירע מאַניערן און גענג.

דער עלטסטער זון הענאָך: העכער פון מיטעלן וואוקס, אַ קרעפטיקער, ברייט־פּלייציקער, פּעאיקער, אימפּולסיווער אידישער בחור; אַ ברוין־הויטיקער מיט גרויסע, קיילעכדיק־קלוגע — אפילו ממזריש־קלוגע אויגן און טונקל־געלאָקטן קאָפּ. אין זיין הייזעריק־ווייכער שטים איז געלעגן עפּעס


הענאָך

ענלעכעס פון דער מוטער׳ס ווייכקייט. באַלאַנגט האָט ער צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און איז געווען איר הויפּט־אָנפירער אין שטאָט.

דער צווייטער זון, אברהם אליהו, אויך זייער אַ פּעאי־קער, זיך גוט געלערנט און זיין גאַנצע צייט געווידמעט דער


אברהם־אליהו


מוישקע

יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון „בונד". איז געווען ביי זיי שטאַרק באַליבט, מחמת זיין עמפּפינדלעכקייט און חכמה. ער איז, ליידער, פרי אַוועק פון דער וועלט. דער אינגסטער זונעלע זייערס, משה׳קע, איז געווען די געמישטע ענלעכקייט פון טאַטע־מאַמע: פלינק, בליציק, שיין, אַביסל וואָוילויונגעריש, אָבער זייער פּעאיק און אינטערעסאַנט.

איין טאָכטער, אַ בת־יחידה, האָבן זיי פאַרמאָגט, ריווטשע: אַ וואונדערלעך־שיינע, גראַציע; אַ קיילעכדיק, פול פּנים מיט


ריבטשע

רויטע, לאַכנדיקע ליפּן און גרויסע גרויע, ליכטיק־ריידנדיקע אויגן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיט זייער אומשולד און רייץ. געווען איז זי קאָקעטיש, אָבער דאָך באַשיידן און קלוג.

כאָטש דאָס הויז פון סאָבאָטקא האָט פאַרמאָגט אַ געמיש פון אידייען: דער פאָטער אַ ציוניסט, די זין — בונדיסטן, דאָך איז די משפּחה־ליבשאַפט נישט איבערגעריסן געוואָרן. אין גאַס, אויף יענער זייט הויז, אויף די עפנטלעכע פּלעצער, ביי שטאָטישע מיטינגען, אין צייטן פון פאַרשידענע וואַלן, האָבן זיך פאָטער און זין קעגנזייטיק באַקעמפט ביי זייערע אַקטיווע, פאַרטייאישע אַרויסטריטן. אָבער ביי זיך אין הויז האָט צווישן פאָטער, מוטער און זין געהערשט פולשטענדיקע האַרמאָניע. און ווייל אין געפעכט פון אידייען זיינען נישט געקומען צו קיין שום ערנסטע הויז־מחלוקת׳ן, ווי ס׳איז געווען ביי אַנדערע, האָבן מיר זיך מיט חברישער ליבשאַפט און אָנערקענונג באַצויגן צו דעם שטילן, בכבוד׳יקן שלום־בית פון די דריי אַרבעטער־פאַרטייען, וואָס האָבן דאַן באַהערשט די אידישע אַרבעטער־גאַס פון לאָמזשע, ווי די פּועלי־ציון, „פאַראייניקטע" און „בונד". אַלע דעלעגירטע פאָרשטייער פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", אפילו צווישן־פאַר־טייאישע קאָמיטעטן, האָבן געפונען דאָ, אין די שטילע, ריינע צימערן, זייער באַשיידענעם אָפּרו און געמיטלעכקייט.

מער פון אַלץ האָט זיך מיר פון יענע אומפאַרגעסלעכע טעג איינגעקריצט אין זכרון די יום־טובים און ליאמעס, וואָס זיינען שטענדיק געפייערט געוואָרן מיט גרויס פאַטאָס. ביים גרויסן טיש אין עס־צימער, וואו ס׳איז געווען פאַרזאַמלט דער אַזוי־גערופענער היימישער קרייז מיט די געקומענע געסט, אין דער אָנוועזנהייט פון דעם פאָטער נאַטירלעך, האָט זיך שטענדיק פאַרבונדן אַ העפטיקער פאַרטייאישער וויכוח, וואָס איז שטענדיק דיריגירט געוואָרן דורכן פאָטער דעם ציוניסט, און זון — דעם בונדיסט. ס׳איז אָבער קיינמאָל נישט געקומען צו וועלכע ס׳איז פערזענלעכע אַמביציעס. דער פאָ־טער — דערציעריש, פאָרזיכטיק־נאָכפאָרשעריש; דער זון — רואיק, איבערצייגנד, פעסט־אייגנאַרטיק, פלעגט באַשטרייטן די אָפּאָזיציעס פון „בונד", ווי די פּועלי־ציון, ציוניסטן אָדער „פאַראייניקטע", וואָס האָבן געזוכט זייער טעריטאָריע — ווי ער פלעגט זיי אויסלאַכן — אויפן מאַרס.

אין פייערדיקן געווירבל פון דיסקוסיעס, בעת דער היל־צערנער טיש האָט קאָנוואולסיוו געציטערט פון די צעהיצטע געמיטער, איז שטיל, יעדע ווײַלע, אויסגעוואָקסן מיטן זאַפּ־טיקן שמייכל אויף איר גוטן פּנים די פרוי סאָבאָטקא, ווי אַ שרה בת־טובים, און דערלאַנגנדיק די געשמאַקע גלאָז טיי מיט צובייס, אַריינגיסן אין דער צעהיצטער מחנה די שלווה וואָס איז געווען אַ טייל פון איר שלום־בית, דער נחת פון דער פאַמיליע. נישט ווייל דער עלטסטער זון העניאָך איז געווען איר ליבלינג האָט זי סימפּאַטיזירט מיטן „בונד" און האָט באַלאַנגט צום „יאפ" (אידישע אַרבעטער־פרוי), נאָר ווייל אי־דייאיש איז זי געווען נענטער צו די זין; דערפאַר איז אונ־טער איר השגחה אַ סך מאָל פאַרטרויט געוואָרן אינערלעכע פאַרטייאישע סודות, און האָט טאַקע, ווי גאָרקי׳ס „מאַמע", טעכניש מיטגעהאָלפן חברים מיט אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקענט. איר ענערגיע האָט געשראָמט אויף פיל געביטן.

אָט זע איך איר אין דער ראָל פון דער פלעגערין פון דער קינדער־הילף ביים פאַרטיילן די בולקעלעך מיט די מילך־קאַקאָ, וואָס אַמעריקע האָט געשיקט פאַר די אָרעמע אידישע קינדער אין פוילן. מיט וואָס פאַראַ אומדערמידלעכער וואַכ־זאַמקייט און גרייטקייט זי האָט געאַרבעט! דער פּנים ראָז, די אויגן צעפלאַמט, די הענט אַרבעטן שנעל, שנעל — זי זעט ניט דעם מאַן, ניט אירע קינדער. זי איז איצטער די מאַמע פון הונדערטער פאַראָרעמטע, פאַרהונגערטע אידישע קינדער; זי איז איצט די גרויסע מאַמע, די גוטע, האַרציקע אידישע מאַמע דבורה׳קע!

מאָרים ראָזען (זודקעוויץ)

# לאָמזשע 1927

שוין דריי צענדליק יאָר זינט יענעם סעפּטעמבער־פרי־מאָרגן, ווען איך האָב זיך אויף אייביק געזעגנט מיט מיין באַליבטער געבורט־שטאָט, אַוועקלאָזנדיק זיך איבער דער ברייטער וועלט צו זוכן ערגיץ אַ מקום־מנוחה, און דאָך האָט צייט און רוים נישט פאַרטושט דאָס בילד פון מיין לאָמזשע,



מאָרים ראָזען (זודקעוויץ)

וואָס בליצט שטענדיק אויף אין מיין זכרון מיט איר גאַנצער פילפאַרביקער פאַנאָראַמע און עס אַנטפּלעקן זיך די גאַסן, געסלעך, הויפן און פאָדוואָרעס און דער גאַנצער פולסיווער לעבן אַרום.

אָט זע איך זי, מיין לאָמזשע, די גובערניע־שטאָט, ווי זי טורעמט זיך אויף אַ הויכן באַרג און ווי אַ לייכט־טורעם וואַרפט זי אירע ליכט־שטראַלן צו די אַלע שטעט, שטעטלעך און ישובים אַרום. און אידן פון אומעטום קומען און שיקן זייערע קינדער צו שטילן זייער דורשט ביי די ברייט־צעעפנטע גייסטיקע ברונימער פון דער אידישער לאָמזשע.

עס שפּרייט זיך אויס פאַר מיינע אויגן דער אַלטער מאַרק, דער ברייטער סקווער מיט די צוויי־און דריי־שטאָקיקע מויערן, אָנגעפּיקעוועט מיט אידישע קראָמען און געשעפטן, און אידן מיט פאַרזאָרגטע, פאַרגעלטע פּנימ׳ער קוקן אויס די אויגן אויף פּרנסה. און פּרנסה איז זייער בצמצום, ווייל דער כוליגאַנישער אַנטיסעמיטיזם האָט ווי אַ וואַלד־גזלן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די אידישע הענדלער און וואַרגט זיי און שטיקט, און פון אַלע ווינקעלעך הערט זיך דער ביטערער קרעכץ: „אוי, פּרנסה!", באַגלייט מיט אַ קללה אויף די קעפּ פון די אַנטיסעמיטן.

פאָרט פאַרביי אַ פּויער, לויפן אידן גלייך אַ טאָפּ טאָן אין וואָגן און דערפילן באַלד דעם טעם פון דער פּויערישער בייטש, וואָס גיט גלייכצייטיק אַ יאָג די פערד אַהין צו די וויעטראַקן, צו די גרויסע שפּייכלערס פון די אַנטיסעמיטישע קלעריקאַלן, וואָס אַגיטירן די פּויערים נישט צו האַנדלען מיט די אידן. אָט זיינען די אידישע יאַטקעס מיט אַלע ריחות פון פריש־צאַפּלדיקע פיש, מיט אַלע חנ׳ען פון די האָרעפּאַשנע טיפּן — אידישע קצבים און פישער, און באַלעבאָסטעס מיט קוישעלעך וואָס קומען איינקויפן אויף שבת. גלייך אַנטקעגן, לעבן דער לאַנגער גאַס, זיצן אָנגעשפּאַרט ביי דער וואַנט די אידישע טרעגערס און פורמאַנעס מיט פאַרשטויבטע און פאַר־מעלטע קורטקעס, מיט גראָבע שטריק אויף די לענדן. קעגנ־איבער זיי, ביים צווייטן ווינקל, לעבן קאַמערניצקי׳ס אַפּטייק, איז די בירזשע און פאַרשמאַיעטע אידן האַנדלען מיט וואַ־ליוטע: דאָלאַרן.

אַביסעלע ווייטער, ביים ווינקל פון געלטשינסקי און די שולגאַס, שטייט די גרויסע, פּראַכטפולע לאָמזשער שול, דער גייסטיקער צענטער פון דער אידישער לאָמזשע. די וואונדערבאַרע תפילה־ניגונים פון די חזנים הירשאָוו און לוצקי, און זייערע כאָרן און סאָלאָ־זינגער יאַנקעלעוויטש און העלפּמאַן, זיינען דער עונג־רוחני, דער יום־טוב׳דיקער פאַרגעניגן פון דעם ביטערן אינדערוואָכן אַרום. דער עכאָ פון די האַרציקע ניגונים קלינגען שפּעטער אָפּ פון אונטער דעם האַמער, דראַטווע און נאָדל אין די אידישע וואַרשטאַטן.

די שול־גאַס — באַוואוסט ווי אַ רעזידענץ־גאַס מיט הויפן און פּאָדוואָרעס, אָנגעפּיקעוועט מיט כאַטעס און שטעבלעך, אַרום וועלכע קליינע חנ׳עוודיקע אידישע קינדער שפּילן זיך מיט זאַמד און שטיינער, און קולות טראָגן זיך דורך טיר און פענצטער; ציגן גריזשען די קלעצער וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרן פאַר באַהייצונג; הינער קרייען און קאַטשקעס קוואָקען, און העכער פון אַלע אין אָט דער סימפאָניע קלינגען די שיינע עפּיטעטן פון צוויי זיך־קריגנדיקע ווייבער.

אין צפון־מערב־ווינקל פונם אַלטן מאַרק שניידט זיך אַריין די זשאָנדאָווע גאַס. אָט־דאָ האָבן זיך קאָנצענטרירט פיל פון די אידישע אינסטיטוציעס און פּאַרטייען, ווי „התחיה", פּועלי־ציון, החלוץ, „בונד" א. אַנד., רייכע אידישע און העבּרעאישע ביבליאָטעקן. די לאָמזשער אידישע יוגנט פלעגט טאַקע טרינקען מיט דורשט פון אָט די רייכע קוואַלן.

ביים ענד זשאָנדאָווע פאַרנעמט זיך אויף לינקס די קרוטקע גאַס, אויף וועלכער ס׳האָט זיך געפונען דער באַרימטער חדר מתוקן, אין וועלכן די אידישע קינדער האָבן באַקומען אַ קאָמבינאַציע פון רעליגיעזער, נאַציאָנאַלער און וועלטלעכער דערציאונג. פונקט אַנטקעגן אויף דער זעלבער קרוטקע גאַס געפינט זיך די „שאָפּע" פון דער „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע" — די פייערלעשער וואָס פלעגן טאַקע שיין פּאַראַדירן און דורכפירן געלונגענע „וויאַנקעס" אויפן טייך נאַרעוו, ביים קאַלינאָווער בריק, נאָר זעלטן ווען האָבן זיי אויסגעלאָשן אַ פייער...

דער נייער בית־יתומים, דער גרויסער בית־מדרש און באַלד דערנעבן דער אידישער שפּיטאָל. וואָס פאַראַ הערלעכע אינסטיטוציעס! און דאָ ביים ווינקל — די נייע תלמוד־תורה, וואו אידישע קינדער פון די אָרעמע שיכטן לערנען תורה. אַנטקעגן איז חיים וועלוול׳ס קרעמל, אַן אָרט פאַר די ישיבה־בחורים זיך צו טרעפן ביי דער באַרימטער לאָמזשער ישיבה. נאָך אויף דער גאַס הערט מען שוין דעם „תנו רבנן" און „אמר אביי", וואָס טראָגט זיך פון דער געביידע אויפן הויף. אינעווייניק שטייען ישיבה־בחורים ביי די שטענדערס, פאַרטיפטע אין שווערע סוגיות און פּלפּולים, און דער יונגער משגיח מיט די שוואַרצע, פרומע אויגן און שוואַרץ בערדל אויפן אויסגעצערטן פּנים, שפּאַנט אום הין און צוריק, פאַרטיפט אינ׳ם רמב"ם אָדער זוהר הקדוש. פונדאַנען קומען דאָך טאַקע אַרויס די גדולי־הדור און בתוכם דער רב הראשי פון מדינת ישראל, הרב הערצאָג.

די באַקאַנטע וואָזשיוואָדסקי־גאַס, ביים ראַנד פון אַ באַרג, וואָס בלויז ניסים האַלטן אויף די כאַטעס פון אַראָפּקייקלען זיך אין טאָל וואָס רופט זיך ריבאַקעס. און אָט זיינען טאַקע די שטיינערנע טרעפּ וואָס פירן צו די ריבאַקעס, די אָרעמסטע געגנט אין שטאָט, און צום שטענדיק־שטראָמיקן טייך נאַרעוו. אין זיינע פלאַכע וואַסערן קלאַפּן דאָ פרויען אויס זייער וועש; אַנדערע באָדן זיך דאָ אין לאַנגע, נאַסע העמדער. אַביסעלע ווייטער באָדן זיך מענער מוטער־נאַקעט, נאָר לעצטנס באָדט מען זיך שוין אין באָד־קאָסטיומען, און פרויען שוין צוזאַמען מיט מענער, וואָס רופט אַרויס אַ טומל אין שטאָט... ציט זיך אַזוי דער נאַרעוו און וואַשט מיט זיינע כוואַליעס די ווענטלעך פון די כאַטקעס ביים ברעג. ביינאַכט לאָזט מען זיך אַרויס אין שיפלעך אַנטקעגן שטראָם צו דער נייער בריק, ביים שמעקנדיקן געבלי פון די סעדער און גערטנער אַרום.

עס בליצט אויף דער נייער מאַרק און דעפּטאַק, דער שפּאַציר־פּלאַץ פון דער לאָמזשער אידישער יוגנט: אַ גרויסער סקווער מיט בלומען אין מיטן און צוויי אַלייען אויף מזרח און מערב. אָט דאָ פלעגט די אידישע יוגנט טומלען אין די אָוונטן; די אידישע יוגנט וואָס פלעגט אַרומגיין שלינג און שלאַנג, אָן אַן אויסקוק, אָן אַ צוועק, מיטן פּסיכאָז פון אַ געיאָגטער חיה, און מיטן איינציקן פאַרלאַנג זיך אַרויסצורייסן אין דער גרויסער, פרייער וועלט. אַ יוגנט אַן אינטעליגענטע, אָבער אַ דערדריקטע צוליב דער עקאָנאָמישער אומזיכערקייט און פּשוט׳ער אָרעמקייט, וואָס איז צייטנווייז דערגאַנגען צו דעם, אַז מ׳האָט זיך געטיילט מיט אַ פּאַפּיראָס און געלייענט אַ פאַרעלטערטע צייטונג וואָס איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

דער קינאָ־טעאַטער „מיראַזש" ווייזט אַ בילד מיטן נאָמען „נאָוואַ פּאַלעסטינאַ", און עס פלאַטערן הערצער... עס צינדן זיך פאַנטאַזיעס... אַביסעלע ווייטער איז דער „רעדוטא". דאָ גאַסטראָלירן אידישע טרופּן, און די היגע טרופּן שפּילן דאָ גאָלדפאַדען און גאָרדין און אפילו שעקספּיר. אַנטקעגן איז דער גרויסער שפּאַציר־גאָרטן מיט זיינע פאַר׳כישופדיקע אַלייען און סטעזשקעס. צו שפּאַצירן דאָ אין אַ שמעקנדיקן מאַיאָוון אָוונט איז דער אמת׳ער טעם גן־עדן! אָבער גאַנץ אָפט גיסט זיך בלוט פון אידישע קעפּ פון די אָנפאַלנדיקע כוליגאַנישע שקצים. און ווער קען פאַרגעסן דעם טעם פון אַ סעפּטעמבער־טאָג, טרעטנדיק ביז די קני אין די קאַשטאַן־בלעטער קלייבנדיק קאַשטאַנעס?

דוואָרנע־גאַס — די לענגסטע אין שטאָט. אויפן צערקווע פּלאַץ, איז די פּאָלקשולע און אידישע קינדער באַקומען דאָ ממש שלאַכטן צווישן אידישע און גויאישע אינגלעך. אַביסל העכער — גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע פאַר די מער פאַרמעגלעכע. אָט איז די פאַרנע טיפלע, פון וואַנען עס האָט געשטראָמט דער קאַניבאַלישער אַנטיסעמיטיזם. דאָ, ביים ווינקל פון צערקווע־פּלאַץ, איז די פּאָלקשולע און אידישע קינדער באַקומען דאָ עלעמענטאַרע בילדונג. פון דעם ווינקל, איבערשניידנדיק די פולאווע גאַס, פאַנגט זיך אָן די אַלייע לעגיאָנאָוו; לינקס — אַ לאַנגע שיינע אַלייע מיטן „נאַראָדנעם דאָם"; אַ שפּאַצירגאָרטן אַנטקעגן דעם „וואָדיטשאָנג", פון וואַנען די וואַסערטרעגער צעפירן וואַסער אין פעסער צו די הייזער אין שטאָט. באַלד דערנעבן איז די טרויעריג־באַרימטע לאָמזשער טורמע: אַ סך רויט־ציגלדיקע געביידעס מיט קליינע פענסטערלעך, הינטער וועלכע עס שמאַכטן פיל פון דער לאָמזשער יוגנט בלויז פאַרן פאַרדאַכט פון קאָמוניזם.

אַזוי ציט זיך אָט דער לאַנגער וועג ביזן אָטשאַסטאָק, און ביז געלטשין, וואו די נאַציס האָבן אין 1941 אויסגעקוילעט אַזוי פיל לאָמזשער אידן, פּראַווענדיק דערביי הוליאַנקעס און אָרגיעס צוזאַמען מיט זייערע פּוילישע אַרויסהעלפער. דאָ באַלד, לעבן דער טורמע, פאַרנעמט זיך אַ וועג רעכטס צום וואָקזאַל, וואָס פירט צו שניאַדאָווע, וואַרשע און צו דער פרייער וועלט.

---

ביי די גריבער אין געלטשין איך שטיי מיט קאָפּ געבויגן
און איך שווער ביי דער האַנט מיינער דער רעכטער:
אייביק טרויערן וועט האַרץ, אייביק פייכטן וועלן אויגן
נאָך די קדושים וטהורים, נאָך לאָמזשער זין און טעכטער.

מאָרים ראָזען

# פּ י אַ נ ט נ י צ ע

פּיאַנטניצע איז געווען אַ שטעטל אויף דער רעכטער זייט פון טייך נאַרעוו, צוויי וויאָרסט ווייט פון לאָמזשע, מיטן שאָסיי צו סטאַווויסק, שצוצין, גראַיעווע (וואַרשע פּעטערסבורגער שאָסיי), אויך קיין קאָלנע, יעדוואַבנע, וויזנע. פּיאַנטניצע איז פאַרבליבן אַ טיפּיש קליין שטעטל, הגם עס איז געווען נאָענט צו לאָמזשע. מיט רעכט איז פּיאַנטניצע גערופן געוואָרן די „מוטער פון לאָמזשער קהלה", ווייל דאָ האָבן געוואוינט אייניקע דורות אידן אין די צייטן ווען לאָמזשע איז געווען פאַרבאָטן פאַר זיי.

פּיאַנטניצע איז אַמאָל געווען „אַן אכסניה פון תורה". ס'איז דאָ אַ השערה, אַז דער נאָמען פּיאַנטניצע, וואָס שטאַמט פון פּוילישן „פּיאָנטי", דער פינפטער, איז געקומען צום שטעטל צוליב די פינף חומשים, די תורה, וואָס מען האָט דאָרטן אַ סך געלערנט. גיכער שיינט עס, אַז עס האָט געקראָגן דעם נאָמען צוליב די פינף טייכן וואָס זיינען געווען אין שטעטל: דער נאַרעוו און זיינע פיר צופלוסן.

הגם אַ קליין שטעטל, זיינען דאָ געווען גרויסע רבנים ווי ר' דוד־בער ראַבינאָוויץ. ער האָט געפירט די קהלה צוואַנציק יאָר, ביז 1888. זיין זון ר' עקיבא איז שפּעטער געווען רב אין פּאָלטאַווע (עקיבא פּאָלטאַווער, מער פּרטים וועגן אים — אין אָפּטיילונג וועגן „לאָמזשער רבנים"). נאָך דעם זיינען געווען: הרב יצחק בורשטיין, הרב טיקאָצינסקי, הרב דוד־טוביה דיינאָווסקי (חפץ חיים'ס שוואָגער), וועלכער איז אומגעקומען אין לאַגער פון זאַמבראָוו אין יאַנואַר 1943.

די הויפּט פּרנסה האָט פּיאַנטניצע געצויגן פון שטוב־מלאכה'ס, האַנדל מיט לאָמזשע און איבערהויפּט פון באַזאָרגן די מיליטער־אָפּטיילונגען פון די דערבייאיקע פאָרטן (פעסטונגען) מיט זייערע הצטרכות'ן. די פּיאַנטניצער האָבן צוגעשטעלט צו די לאָמזשער איינוואוינער מילך פּראָדוקטן, פלייש, אויל פון די פּרימיטיווע אויל פאַבריקלעך. איינע אַזאַ איז געטריבן געוואָרן פון ר' אליעזר'ס פאָטער, מנהל פון לאָמזשער ישיבה.

ה' אריה מושינסקי האָט דערציילט פון זיין פּיאַנטניצע: דריי משפחות פון קצבים זיינען דאָרט געווען, וואָס האָבן אַקטיוויזירט דאָס אידישע לעבן פון פּיאַנטניצע. פון זיי האָבן זיך אָפּגעצווייגט אַנדערע משפחות. זיי זיינען געווען די נכבדים, וואוילטעטיקע און געזעלשאַפטלעכע עסקנים. צענדליקער איד. משפחות האָבן געלעבט אַרום זיי פון צושטעלן פלייש פאַר דער רוסישער אַרמיי. די ערשטע, וויכטיגסטע פון די דריי איז געווען די זשאַלאָנדזש משפחה, וועלכע, ווי דער שטייגער אַמאָל אין די קליינע שטעטלעך, האָט דעם צונאָמען „פּאַליוואָדאַ" (צונויפגעשטעלט פון די פּוילישע ווערטער: פּאַלי — ס'ברענט, און וואָדאַ — וואַסער), ווייל ה' זשאַלאָנדזש האָט אַמאָל אין אַ שריפה, שרייענדיק נאָך הילף, צונויפגעפּאָרט דיביידע ווערטער.

דאָס צווייטע קצבים הויז איז געווען ה' וורובלעווסקי'ס. דער ערשטער פון זיי האָט געהייסן יהודה, האָט מען די נאָענטע אָנגעהעריקע גערופן יודאַקעס און אַביסל ווייטערע — האַלבע יודאַקעס אאַז"וו. דאָס דריטע קצבים הויז איז באַשטאַנען פון די טשערוואָנקעס, וועמען מען האָט גערופן נפתליאַקעס. אויסער די דריי משפחות זיינען געווען די משפחות וויערניק, רוטקעוויץ, קשיוואָנאָז א. אַ.

אַ טיפּישער עמך איד איז געווען ר' לייזער פרידשטיין דער הויזן שניידער, מיטן צונאָמען באַלימייקאַ, וועלכער פלעגט נייען הויזן פאַר די גויים אַרום, און הגם ס'איז שטענדיק ביי אים אַרויסגעקומען איין הויז ברייטער און לענגער ווי דער צווייטער, איז ער געווען פאַררעכנט פאַר אַן עקספּערט הויזן־שניידער. אָבער נישט קוקנדיק אויף זיינע קליינע פאַרדינסטן איז ער געווען דער הויפּט פון חברה קדישא. ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „אָן באַלימייקען קען קיינער אין פּיאַנטניצע נישט שטאַרבן".

אין אָנהייב פון דער חורבן־צייט, ווען אַלע פּיאַנטניצער זיינען אַנטלאָפן קיין לאָמזשע, איז דער זקן באַלימייקאַ געבליבן אַליין היטן דעם בית מדרש און זיינע הייליקייטן. אין דער צייט האָט אויסגעבראָכן דאָרטן אַ שריפה, וועלכע ער האָט אַליין געפּרואווט לעשן און איז אומגעקומען אין די חורבות.

אַ צווייטער טיפּישער איד פאַר פּיאַנטניצע און איר סביבה איז געווען ר' יענקל דער גלעזער. ער פלעגט ליב האָבן צונויפזאַמלען אַרום זיך אידן אין בית מדרש און נישט זעלטן אַפילו אין אַ גאַס־ווינקל און דערציילן זיי מעשיות פון רבה־בר־בר־חנא פון דער אגדתא פון תלמוד. זיין טאָכטער האָט עולה געווען קיין א"י און זי האָט אים געשיקט די נויטיקע דאָקומענטן צו קומען צו איר. ער איז געקומען קיין תל־אביב. אָבער נישט האָבנדיק דאָרט ווער עס זאָל זיך צוהערן צו זיינע מעשיות האָט ער זיך געלאַנגווייליקט און צוריק געפאָרן קיין פּיאַנטניצע...

ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט זיינען אין פּיאַנטניצע געווען 2372 נפשות, פון זיי זיינען 1239 געווען אידן. לערנאַנשטאַלטן זיינען דאָ געווען ווינציק, ווייל די קינדער פלעגן לערנען אין לאָמזשער חדרים, תלמוד תורה, ישיבה אָדער גאָר אין גימנאַזיע. אייניקע מלמדים זיינען דאָך געווען ווי ר' יהושע מלמד, פאָטער פון דר. גראָסמאַן ז"ל, וואָס איז געווען פאָרזיצער פון פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט אין אַמעריקע א. נ.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז פּיאַנטניצע פאַרערעמט געוואָרן, פאַרלירנדיק די קוואַלן פון פּרנסה צוליב דעם שחיטה־פאַרבאָט אין פּוילן. אַפילו דער הויפּט פון קצבים־צעך, ה' זאַלאָנדזש האָט נישט געטאָרט האָבן קיין יאַטקע. דער אַנטיסעמיטיזם, ווי איבעראַל, האָט זיך דאָ געשטאַרקט און פלעגט זיך אויסדריקן אין אָנפאַלן אויף אידן, באָיקאָט אאַז"וו. אין זומער פון 1938 איז מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט" געגרינדעט געוואָרן אַ גמילות־חסדים חברה צו געבן קליינע הלוואה'ס צו סוחרים און בעלי־מלאכה'ס אָן פּראָצענט. די עסקנים פון דער חברה זיינען געווען: אלי שמוקלאַרעוויץ, דוד און יחזקאל זאַגראַבאָוויץ, שרגא־פּסח און יעקב זאַלאָנדזש, יעקב כמיעל, חיים און אַברהם־יצחק נאָוואָגראָדזקי, נחמן מאַרקאָוויץ, עקיבא גאָלאָמב שמואל כץ א. אַ.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין פּיאַנטניצע האָט געהאַט איר אָנשפּאַר אויף דער לאָמזשער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער טיכטיקער עסקן יצחק לעוויטע (איצט אין רחובות), ה' וויערניק (אמיתי), די אייניקלעך פון שוחט יצחק־שלמה כאָמאַנטאָוויץ א. אַ. זיינען געווען די אַקטיווע ציוניסטן. זיי האָבן געגרינדעט אַ ביבליאָטעק מיט הונדערטער ביכער, געעפנט אַ בית ספר עברי מיטן הויפּט לערער גראָדזענסקי פון וואַרשע (היינט אין ישראל). זיי האָבן אויך אַריינגעבראַכט דעם ציוניסטישן גייסט אין דער קהלה און אַנדערע אַנ־

שטאָלטן. נאָך דער עליה פון ה׳ לעוויטע זיינען די ציוניס־טישע טעטיקייטן שוואַך געוואָרן און דער „החלוץ" איז גע־וואָרן מער אַקטיוו. פון אָנהייב זיינען פּיאָנטניצער חלוצים געווען אונטער דער הנהגה פון לאָמזשער „החלוץ". אָבער אין יאָר תרפ״ט, אין דער צייט פון די א״י אומרועןן, איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ ראַיאָן־הכשרה קורס. די נייע „החלוץ" אָרגאַניזאַציע האָט געקראָגן פון דעם ליקווידירטן פאַראיין אַלע מעבל זאַכן, די ביבליאָטעק א. נ. ז. זי האָט איבערגע־נומען אַלע ציוניסטישע טעטיקייטן: האָט געעפנט אָוונט־קורסן פאַר אירע חברים און פאַר די חברים פון „החלוץ הצעיר", האָט פאַרגרעסערט מיט אייניקע הונדערט די צאָל ביכער אין ביבליאָטעק, האָט אָרגאַניזירט אַ כאָר, וועלכער איז אָפט געלאָדן געוואָרן קיין לאָמזשע אויף פייערונגען און מאַסן פאַרזאַמלונגען, און האָט אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן הכשרה־פּונקטן אין נאָוואָגראָד און אַנדערע שטעטלעך.

לינקע אָרגאַניזאַציעס האָבן דאָ כמעט נישט עקזיסטירט זעלבסטשטענדיק. לינקע עלעמענטן האָבן געהערט צו די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס וואָס אין לאָמזשע. די „אגודת ישראל" האָט דאָ געפירט אַן אַנטי־ציוניסטישע טעטיקייט דורך דעם רב טעוול דיינאָווסקי, וויערניק, פּיגאָלסקי און אַנדערע. איינמאָל ביי די וואַלן צום פּוילישן סיים האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז ווער עס וועט שטימען פאַר די ציוניסטן אין די בחירות וועט אויף אים קומען „מכת בכורות".

די „צעירי ציון" און די „פּועלי ציון" אין פּיאָנטניצע זיינען געווען מיטגלידער אין זייערע לאָמזשער אָרגאַני־זאַציעס. דאָ האָבן זיי פונדעסטוועגן געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון „הפּועל" ספּאָרט אָרגאַניזאַציע און אָנגעפירט ספּאָרט אַקטיוויטעטן, אויסנוצנדיק זייער נאָענטקייט צום טייך נאַרעוו. זיי האָבן געמאַכט כמעט די גאַנצע יוגנט פאַר שווימער. אָט דער „הפּועל" פאַרבאַנד איז אין פּוילן געווען פון די ערשטע נאָך ארץ ישראל. זיינע חברים האָבן זיך אויסגעצייכנט אין פוט־באָל שפּילן מיט מיליטערישע און אַנדערע ספּאָרט־גרופּן. דער „הפּועל" האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ סך חברים, האָבן געקראָגן אויך מיליטערישע „הכשרה" ווי די פון דער „הגנה".

ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אָנפאַלן אויף אידן אין די מאַרק־טעג, האָט דער „הפּועל" אָרגאַניזירט אַן אייגענע פאַרטיידיקונג גרופּע באַוואָפנט מיט שטעקנס און געווער. זיי האָבן אויך צוגעגרייט אַ „וואַרעמען" קבלת פּנים פאַר די כוליגאַנישע טעראָריסטן פון לאָמזשער אינזשינירן־אינס־טיטוט, וועלכע האָבן געזאָלט קומען קיין פּיאָנטניצע זיך פאַרווילן דורך שלאָגן אידן. אָבער די כוליגאַנעס זיינען עפּעס נישט געקומען.

די חברה ביקור חולים אין פּיאָנטניצע האָט געהאָלפן און געשטיצט אירע קראַנקע. אין שווערע פאַלן פלעגט זי זיי איבערפירן קיין לאָמזשע צו דאָקטוירים אָדער אין שפּי־טאָל.

די יוגנט האָט געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז אונטער דער לייטונג פון יעקב שייקע זשאָלאָנדזש׳ס זון, און מיט דער הילף פון יואל׳קע בדחנ׳ס זין. זיי האָבן אויפגעפירט מיט דערפאָלג אייניקע ספּעקטאַקלען, וועלכע אַ סך לאָמזשער זיינען געקומען זען און הנאה געהאַט.

ווען די חורבן־צייט האָט זיך דערנענטערט, האָבן פּיאָנ־טניצער אידן נישט געוואָלט זיין אָפּגעריסן פון גרעסערן איד. קיבוץ, פון לאָמזשע, און אַלע זיינען זיי אַנטלאָפן און אַריין אין לאָמזשער געטאָ. דאָס שטעטל, ווי אַלע אידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע איז פאַרברענט, חרוב.

## הרב דוד טעוול דיינאָווסקי

דער לעצטער רב אין פּיאָנטניצע, ר׳ ד. ט. דיינאָווסקי, איז געווען דורכגעדרונגען מיטן מוסר־גייסט פון ליטווישע ישיבות. ער האָט געהאַט אַ ליבשאַפט צו אידן בכלל און זיך באַמיט צו משפּיע זיין אויף זיי מיטן רוח התורה והמצוות.



ר׳ דוד טעוול דיינאָווסקי

ער איז געווען, ווי אַלע מוסר׳ניקעס, אַ קעגנער פון ציוניזם. עולים קיין א״י זיינען ביי אים געווען פאַררעכנט ווי געצנ־דינער. פאַרן חורבן האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ספר מיטן נאָמען „לקראת צמא" (קעגן דורשטיקן). ער האָט דאָס וואָרט „צמא" געמאַכט פאַר אַ ראשי תיבות: ציוניסטן, מזרחיסטן, אגודיסטן. אין דעם ספר איז הרב דיינאָווסקי קעגן אַלע פאַרטייען, נאָר דער בית מדרש און די תורה איז גוט פאַר אידן. ווען אין א״י האָבן אויסגעבראָכן אומרועןן, האָט ער געדרשנט אין זיין בית מדרש, אַז אידן דאַרפן זיין ווי אַ וואָ־רעם (תולעת), וועלן זיי נישט האָבן וואָס מורא צו האָבן (באַציענדיק זיך אויפן פסוק אין ישעיהו: אל תיראי תולעת יעקב). ווען זיי וועלן אָבער אויפהויבן דעם קאָפּ, פאָדערנדיק אַ אידישע מדינה, וועלן די אַראַבער זיי צעטרעטן. פונ־דעסטוועגן האָבן די ציוניסטן, און באַזונדערס די ציוניסטישע יוגנט, געהאַט די הויפּט השפּעה אויפן אידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן.

נחמה יאַסקאָוויץ־מאַליניק

## געשטאַלטן פון מיין שטעטל

### א. מיין פאָטער, דער חזן ר׳ שלמה מנחם

אַ הויכער, אַ דאַרער מיט בלויע גוטמוטיקע אויגן, בלאָנדע האָר און אַ פּירעקיקע, נישט צו־לאַנגע באָרד — אַזוי שטעל איך מיר פאָר מיין פאָטער, דער חזן־שוחט און אונזער



נחמה יאַסקאָוויץ־מאַלינעק

שטעטל פּיאַנטניצע. ער האָט באַזעסן אַן אַנגענעמען, טיפן באַריטאָן, מיט וועלכן ער פלעגט האַרציק אַרויסבערענגען די געזאַנגען, וואָס ער פלעגט אַליין פאַרפאַסן אויף נאָטן. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ כאָר אין וועלכן זיינע פיר אינגלעך האָבן זיך באַטייליקט. אַלע משוררים האָבן געלערנט און געזונגען פון נאָטן. מיין פאָטער פלעגט מקפּיד זיין אויף אַ פאַלשן טאָן פון אימעצן. אַ סך פון זיינע משוררים


שלמה מנחם יאַסקאָוויץ

זיינען שפּעטער געוואָרן אָנגעזעענע חזנים אין אַמעריקע. איינער פון זיינע משוררים האָט בעסער אויסגעקליבן צו זיין דאָקטאָר אין אַמעריקע. דאָס איז דר. גראָסמאַן ז״ל.

אין די נעכט פלעגט מיין פאָטער זיצן און לערנען תלמוד. אויך זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין גייסט פון תורה, געשיקט זיי אין ישיבות. מיין פאָטער איז געווען אַ וואוילטעטיקער מענטש מיט אַ גוט האַרץ. ער פלעגט ליב האָבן צו ברענגען אורחים אויף שבת. שבת־צו־נאַכטס האָט ער זיך באַמיט צו שיידן מיט זיי מיט כבוד און געבן זיי אויף הוצאות און שפּייז. ערב שבת אָדער יום־טוב פלעגן אַ סך פּיאַנטניצער איינוואוינער שטיין ביי אונזערע פענסטער און זיך צוהערן צו די רעפּעטיציעס פון די ניגונים וואָס האָבן געדאַרפט געזונגען ווערן אין שול. נאָך זיין דאַווענען מיטן כאָר פלעגן אַ סך איבערזינגען די ניגונים. שבת־צו־נאַכטס פלעגן די משוררים און בעלי־בתים קומען צו אונז אין שטוב צו פאַרברענגען איבער אַ גלעזל טיי, שפּילן שאָך. זיי פלעגן דערביי שמועסן פּאָליטיק ווייל מיין פאָטער פלעגט אַבאָנירן די „הצפירה" און גוט געוואוסט „וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט".

מיין פאָטער איז געווען אַ הייסער ציוני, און ווען ער פלעגט ערגעץ געבן קאָנצערט מיט זיין כאָר פון שול־תפילות, פלעגט ער אויך זינגען „שירי ציון". אין יאָר 1930 האָט מיין פאָטער פאַרלאָזן פּיאַנטניצע און זיך באַזעצט אין ווילנע, כדי צו קענען געבן זיינע קינדער אַ נאַציאָנאַלע און אַלגעמיינע אויסבילדונג. ער איז דאָרטן אויך געווען שוחט און זיך גע׳עסק׳ט אין צדקה־זאַכן. אין יאָר 1934 איז געשטאָרבן מיין מוטער ע״ה. זי האָט געהאַט אַ צאַרטע נשמה. זי איז געווען אַ חזנ׳ס אַ טאָכטער מיטן נאָמען ר׳ יהושע־לייב גאָרדאָן פון ליטע. מיין פאָטער איז אומגעקומען אין ווילנער געטאָ דורך די נאַציס

### ב. דער לערער ר׳ ישראל־חיים פּיקל

דאָס איז געווען אַ מאָדערנער מלמד, ווייל ער האָט געלערנט לויט פּעדאַגאָגישע כללים און דעריבער האָט ער פאַר אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט קיין סך תלמידים. מ׳האָט אים חושד געווען אַז ער האָט אַ נטיה צו אַפּיקורסות. איך בין געווען פון די ערשטע תלמידות זיינע. ער איז געווען אַ שיינער מיט אַן אידעלער נשמה. ער האָט אונז געלערנט לויט דער שיטה עברית בעברית. מיר זיינען דורך אים באַרייכערט געוואָרן מיט אַ סך וויסן און ברייטע ידיעות. מיר האָבן געלערנט מיט שמחה אַדאַנק זיין ליבשאַפט צו אונז און צו לערעריי. ער איז געווען אַ הינקעדיקער און דאָך פלעגט ער איינאָרדענען גרויסע שפּאַציר־גאַנגען מיט אונז. ווען איך בין אויפגעוואַקסן און געלערנט פּעדאַגאָגיע, האָב איך אויסגעפונען, אַז ר׳ ישראל־חיים האָט מיט זיין איינגעבוירענער אינטואיציע געלערנט אונז לויט דער פּרעבל מעטאָדע, הגם ער האָט קיין מאָל קיין פּעדאַגאָגיע נישט געלערנט.

אונזער חדר איז געווען גרויס און ריין. זיין פרוי, אַ קליינינקע, נאָך מיט אַ הויכער פּלייצע דערצו, אַ טאָכטער פון אסתר מלכה בוראַקאָוויץ, האָט געהאַלטן די הויז מוסטערהאַפט ריין און דערצו אים נאָך געהאָלפן שלעפּן דעם יאָך פון פרנסה, ווייל די מלמדות איז געווען צו ווינציק. זי האָט געהאָדעוועט אייניקע ציגן און פאַרקויפט דאָס מילך. מיט דער צייט האָט ר׳ ישראל־חיים געוואונען צוטרוי מצד די פּיאַנטניצער בעלי בתים און זיין חדר איז געוואָרן פול מיט תלמידים אָבער דאַן איז ער פּלוצלונג געשטאָרבן. אַלע האָבן אים באַוויינט. מיר, זיינע תלמידים־ות, האָבן זיך גאָרנישט געקענט טרייסטן און געהאַלטן אין איין וויינען. ער האָט געהאַט אַ זון, משה, וועלכער האָט געזונגען ביי מיין טאַטן, און אַ טאָכטער. ווער ווייס זייער גורל?

### ג. יואלקע דער בדחן

דאָס איז געווען אַ איד פון נידעריקן וואוקס, געשיקט, קלוג און פול מיט הומאָר. זיין נאָמען איז געווען יואל וואָלאָווסקי. גערופן האָט מען אים יואלקע דער בדחן, ווייל מיט זיינע שאַרפע און קלוגע וויציקע איינפאַלן איז ער געווען אַן אויסגעצייכנטער בדחן. ער איז געווען באַרימט איבער לאָמזשע און ווייט אַרום און ביי יעדער אָנגעזעענער חתונה איז ער געווען געלאַדן צו אונטערהאַלטן דעם עולם. די


יואל׳קע בדחן

בדחנות איז ביי אים געווען אַ זייטיקע באַשעפטיקונג. דער עיקר פרנסה זיינע איז אים געקומען פון מאַכן פּאַפּיראָסן. ער איז געווען זייער געשיקט אין דער דאָזיקער אַרבעט פון אָנפילן די גילזעס מיט טאַבאַק און דערנאָך מיט אַ שערל אָפּשערן, גלייך מאַכן. בעת אַט דער פּראָדוקציע האָט דער לץ אין אים נישט גערוט. ער האָט געהאַלטן אין איין דערציילן הומאָריסטישע מעשה׳לעך און זאָגן וויצן. ער האָט באַזעסן אַ טאַלאַנט פון אַן עכטן אַקטיאָר, מיט אַ סך בינע קונסט. ער פלעגט זייער געלונגען נאָכמאַכן אַלע באַוואוסטע בעלי־בתים און פאַרשיידענע טיפּן. ווען ער נוצט זיין טאַלאַנט פאַר דער בינע, וואָלט ער געקענט זיין פון די אויסגעצייכנטע אַרטיסטן. ער פלעגט אַמוזירן די

מחותנים און חתונה־געסט מיט זיינע לידער, וויצן, גראַ־מען און זיינע אימפּראָוויזירנדיקע פאַרשטעלונגען. זיינע דריי טעכטער און צוויי זין האָט ער דערצויגן אין מאַ־דערנעם גייסט. איינער פון זיינע זין איז דער באַוואוסטער מוזיקער און אַרטיסט חיים וואָלאָווסקי אין אַרגענטינע (מער וועגן אים — אין דער אָפּטיילונג וועגן אידישן טעאַטער אין לאָמזשע).

### ד. שרה׳קע די פאַרבערקע

פון דער גאַנצער סביבה זיינען די פויערים געקומען פאַרבן זייער געשפּונענע פלאַקס צו איר. זי איז געווען שטענדיק פאַרפאַרבט, פאַרטאָן, גערעדט הויך און הייזעריק. אַ פאַרביטערטע נשמה האָט זי געהאַט, אירע קינדער האָבן זיך נישט געהאַלטן ביי איר, און אָט די אומגליקלעכע פרוי האָט באַזעסן אַזוי פיל צאַרטקייט און האַרציקייט. אירע יסורים, האָט זיך געדוכט, האָבן איר געלייטערט און מיט איר גאַנצן וועזן איז זי געווען איבערגעגעבן צו העלפן אָרעמע קראַנקע, איבערהויפּט אָרעמע קימפּעטאָרינס.

דערוויסנדיק זיך נאָר וועגן אַזאַ פאַל האָט שרה׳קע זיך אַרומגעוואַשן, זיך אָנגעטאָן אַ ריינעם, ווייסן פאַרטוך, אַוועק צו דער פרוי וואָס איז געגאַנגען צו קינד און גלייך צוגעטראָטן אָפּצונעמען דאָס קינד. זי פלעגט עס טאָן מיט אַן אומגלויבלעכער רואיקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייטס־געפיל ווי דער גרעסטער אַקושער־דאָקטאָר, דערביי באַרו־איקן, ווי ווייט מעגלעך, די געווינערין. אַרויסבאַקומען דאָס נייע נפש׳ל, פלעגט זי גוט אַרומטאַפּן, באַקוקן און גלייך אויסשרייען „מזל־טוב" און אַרויסגיין אין אַ טענצל איבערן צימער האַלטענדיק עס אויף די הענט. גלייך נאָך דעם פלעגט זי איילנדיק פונאַנדערנעמען און אַוועקלייגן די וויקל־שנורן און וויגדעלעך פאַרן קינד. אויך פלעגט זי שאַפן אַביסל יויך פאַר דער קימפּעטאָרין, אויפראַמען די שטוב און אַוועקגיין צו נאָך אַזוינע פאַלן, וואו מען האָט געוואַרט אויף איר.

### ה. חיה־ליבע די בעקערקע

מיט אַ קיילעכדיקן פּנים, די באַקן אַזוי ווי אָנגעבלאָזן, שמייכלענדיקע אויגן — דאָס איז געווען דאָס געשטאַלט פון חיה־ליבע די בעקערקע. פאַרנומען מיט אירע קינדער, האָט זי דאָך געבאַקן פלעצל און זעמל פון אָנהייב וואָך ביז פאַרטאָג. פרייטאָג גאַנץ פרי פלעגן שוין פרויען ברענ־גען זייערע חלות און קיכלעך צו באַקן ביי איר אין אויוון. איר שטוב איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן, פונדעסט־וועגן האָט די דאָזיקע אַזוי פאַרנומענע פרוי געפונען צייט נאָכשפּירן אַלע געדריקטע שעמעוודיקע משפּחות, כדי צו וויסן צו עס נויטיקט זיך ווער אין שטיצע. און ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון אַזאַ פאַל פלעגט זי שוין אַרומגיין איבער די פאַרמעגלעכע הייזער און אָנקלייבן אין איר ברייטן פאַרטוך אַלעס נויטיגעס און נאָכדעם עס אויסטיילן צו די באַדערפטיקע. ווען אימיצער איז אַרעסטירט געוואָרן האָט חיה־ליבע געשאַפן געלט פאַר פדיון־שבויים און קודם־כל צושיקן פעקלעך שפּייז אין טורמע. מיט אירע מעשים טובים איז זי געווען אַ מוסטער פאַר אַ סך פרויען. זיי פלעגן שיקן זייערע טעכטער צו איר זיך צו לערנען פון איר ווי צו אַרבעטן פאַר פּרנסה, אויפהאַלטן אַ הויז און נאָך האָבן צייט פאַר וואוילטעטיקייטן איבערן שטאָט.

חיה־ליבע איז נאָך געווען דערצו אַ הייסע ציוניסטקע. נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע, הערענדיק פון אַ רעדנער, אַז גוטהאַרציקע פרויען דאַרפן אָפּגעבן זייערע צירונג פאַרן „קרן היסוד", האָט זי די ערשטע אַראָפּגענומען איר גאָלדענע קייט פון האַלז און איבערגעגעבן צו דעם רעדנער.

יצחק־יעקב לעוויטא

## „תושיה"

קנאַפּע צוויי יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך זיך איבערגעצויגן פון לאָמזשע קיין פּיאַנטניצע. אַלס חבר פון לאָמזשער „התחיה", פול מיט התלהבות פאַרן ציוניסטישן אידעאַל, האָב איך קאָנצענטרירט אַרום מיר אַ גרופּע יוגנטלעכע און אָרגאַניזירט אַ ציוניסטישן קרײַנדל אין פּיאַנטניצע. עס איז אָנגעקומען נישט גרינג אונטער דעם צאַרישן רעזשים. גלייך נאָך דער דייטשישער אָקופּאַציע האָבן מיר מיט דער דערלויבניש פון דער דייטשישער מאַכט געעפנט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „תושיה". אונזער לאָקאַל איז געווען אין דעם הויז פון אלתר רוט־קעוויץ אין צענטער פון שטעטל.



יצחק יעקב לעוויטא

אין אַ קורצער צייט איז „תושיה" געוואָרן דער צענטער נישט נאָר פון ציוניזם, נאָר אויך פון גאַנצן קולטורעלן לעבן און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אין פּיאַנטניצע. אַר־בעט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, שקלים פאַרקויפן, ליטעראַרישע און פאַרוויילונגס־אָוונטן, הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע, אויס־טיילן ידיעות און הילף פון קרובים אין אַמעריקע, וואָס מיר פלעגן קריגן דורך דעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, זאָרגן פאַר קינדער דערציאונג, שטיצע פאַר אָרעמע קינדער — אַלץ איז געווען קאָנצענטרירט אין „תושיה". אירע חברים האָבן אָרגאַניזירט סאַניטאַרע סטאַנ־ציעס. די יוגנט איז געווען גרייט טאָג און נאַכט צו געבן די נויטיקע הילף אין דער צייט, ווען ס׳איז אַרומגעגאַנגען די כאָלערע־מגפה. כמעט די גאַנצע שטעטלשע יוגנט איז געווען אָרגאַניזירט אין די רייען פון „תושיה" און האָט מיט ליבשאַפט געאַרבעט לטובת די ברייטע שיכטן פון פּיאַנט־ניצע און פאַרן ציוניזם. דאָס האָט ביסלעכוויַיז אַרויסגערופן אַ גוטע באַציאונג צו אונז אויך מצד ציוניסטישע קעגנער.

פון לאָמזשער ציונים האָבן מיר שטענדיק געקראָגן הילף. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אונז געשיקט רעדנער פון די בעסטע פון זייערע חברים, צו האַלטן רע־פעראַטן און פאָרומס, ווי דר. י. קאַווקעוויץ, י. פּיאַנטניצקי, מ. גאָלדמאַן א. אַ.

אין 1922 האָב איך מיט מיין פאַמיליע עולה געווען קיין א״י. אַכט יאָר בין איך געווען פאָרזיצער פון „תושיה". וואָס מיר האָבן פאָרזייט איז שפּעטער אויסגעוואַקסן. „תושיה" האָט זיך טאַקע געשלאָסן אָבער וואָס מיר האָבן געשאַפן, ספּעציעל אונזער אינוועטאַר און איבערהויפּט אונזער ביבליאָטעק, איז איבערגעגאַנגען אין געטרייע הענט פון „החלוץ", וועלכער האָט פאַרזאָרגט און נאָך מער פאַר־ברייטערט די ציוניסטישע אַרבעט.

# לאָמזשיצע

אויפֿן צווייטן וויאָרסט פֿון לאָמזשע, פֿון ביידע זייטן פֿון אָסטראָלענקער שאָסיי (וואַרשע־פּעטערסבורגער שאָסיי) איז געלעגן דער דאָרף, אָדער דאָס שטעטל לאָמזשיצע. אַמאָל האָט עס געהערט צום אידישן פּריץ ראָזענבלום, וואָס האָט געוואוינט אַליין אין צעכאַנאָוצע. אין לאָמזשיצע האָט זיך מיט דער צייט געבילדעט אַ קהלה, הגם אין אַ סך רעליגיעזע און געזעלשאַפֿטלעכע ענינים איז לאָמזשיצע געווען צוגעבונדן צו לאָמזשער קהלה. ה׳ טעוול אַבראַמסאָן האָט דאָרטן אויסגעבויט אַ בית מדרש, וואו עס פֿלעגן קומען דאַווענען, איבערהויפּט אין שבת און יום־טוב, אידן ישובניקעס פֿון ווייסקי, כאָיני און שטשעפּאַנקאָוואַ, מילכיקערס, מילנערס א. אַ. אין די לעצטע יאָרן איז די שול געוואָרן אָפּגעלאָזן, ניט האָבנדיק קיין מיטלען צו רעמאָנטירן. נאָענט פֿאַרן חורבן האָבן לאָמזשיצער אין אַמעריקע געשיקט 300 דאָלאַר אַלס הילף פֿאַר נויטבאַדערפֿטיקע. די גבאים האָבן בעסער פֿאַרנוצט דאָס געלט צו פֿאַרריכטן די שול. די לופֿט איז שוין דאַן געווען פֿאַרסמ׳ט מיטן אָנקומענדיקן פֿאַרניכטונגס־גייסט. זיינען געקומען צוויי שכנים, פּאָליאַקן, כאָינאַצקי און קאָשיצקי, בעת דער אַרבעט און געוואָרנט: „אידן בויט נישט און רעמאָנטירט נישט, אין גיכן וועט מען אייך סיי ווי אויסשחט׳ן ווי חזרים“. אָבער די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען. די שול, ווי אין אַלע קליינע אידישע ישובים, האָט געדינט פֿאַר אַלע עפֿנטלעכע רעליגיעזע און געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַראַנשטאַלטונגען ווי חתונות, ברית׳ן, אסיפֿות אאַז״וו.

צופֿיל פּרנסה האָבן דאָ נישט געהאַט די אַרום הונדערט איד. משפּחות. מערסטע טייל פֿון זיי זיינען געווען בעלי־מלאכות ווי סטאָלאַרעס, וואָגן מאַכערס (סטעלמאַכעס), שמידן. אַ קליינע צאָל אידן האָט אַרומגעטראָגן פֿלייש צו פֿאַרקויפֿן אויך קיין לאָמזשע פֿון די בהמה׳ס וואָס זיי פֿלעגן שחט׳ן אין שטאַלן אָן אַ דערלויבניש פֿון דער מאַכט. אַנדערע פֿלעגן אַרומטראָגן מילכיגס: מילך, פּוטער, קעז; נאָך אַנדערע פֿלעגן באַקן ברויט און אַרומטראָגן צו פֿאַרקויפֿן. לאָמזשער בעלי־בתים האָבן דאָרטן אויפֿגעשטעלט ווינט־מילן, ציגל־פֿאַבריקן (בזשעזשינסקי־בענגעלסדאָרף), אַ ביר ברויערײ (טולינסקי) א. אַ. אין די אונטערנעמונגען האָבן אידן געפֿונען אַרבעט.

פֿון די ערשטע לאָמזשיצער עסקנים עולה צו זיין קיין ארץ ישראל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען די משפּחה קאַץ. זיי האָבן זיך באַזעצט אין „ראשון־לציון“. דוד קאַץ, אַ ישיבה־תלמיד, איז דאָרטן פֿון די אַלטע איבערגעגעבענע אַרבעטערס אין די וויין־קעלערס. די משפּחה סאָלאַרציק איז געווען באַוואוסט אַלס אַקטיווע ציוניסטן. דער חזן־שוחט יואל סאָלאַרציק, האָט דאָרטן געגרינדעט אַ ציוניסטישן קרייז (היינט אין ישראל). לייבל סאָלאַרציק איז געווען באַוואוסט אַלס אינסטרוקטאָר און מוזיקאַנט אין דער פֿייער־לעשער קאָמאַנדע אין לאָמזשע. אויך די משפּחה ירוזאַלימסקי איז געווען טעטיק געזעלשאַפֿטלעך. ס׳איז דאָרט געווען אַ צווייג פֿון לאָמזשער „בונד“ און קאָמוניסטישע קעמערלעך. אַרום פּופּ־ציק פּראָצענט פֿון לאָמזשיצער איינוואוינער זיינען געווען פֿאַרשריבן אין די געבורטס־ביכער פֿון לאָמזשע. די איבעריקע — אין קופּיסק, אַ דאָרף, דריי קילאָמעטער פֿון לאָמזשיצע, ווייל דאָרטן איז געווען די „גמינע“, רעגירונגס־פֿאַרוואַלטענדער אַמט.

אין די גוטע צייטן זיינען אידן דאָרטן נישט געווען קיין פּחדנים און געוואוסט זיך קעגנצושטעלן אין צייט פֿון אַן אָנפֿאַל, ווי דער אַלטער קאָהען האָט מיט דער הילף פֿון זיינע



פּאַסמאַניקס צייטונגס־קיאָסק אויף לאָמזשיצער וועג.



קלאַס פון פאָלקס־שול אין לאָמזשיצע.
נאָטע קאָסטעלאַנסקי — לערער, אומגעקומען אין ווילנער געטאָ.

זין און אייניקלעך זיך קעגנגעשטעלט אַ באַנדע אָנפאַלנדע ציגיינער און דערשאָסן איינעם פון זיי. די איבעריקע זיינען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. די דאָזיקע געשעעניש האָט אַ סך מוט צוגעגעבן די אידן פון יענעם געגענט.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען לאָמזשיצער אידן אַנטלאָפן און אַריין אין לאָמזשער געטאָ. פּליטים פון אָשוויענטשים־לאַגער האָבן דערציילט אַז צוויי טעכטער פון יאַנקל גאָלאָנסקער פון לאָמזשיצע האָבן זיך געראַטעוועט: זיי זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער און זיך אויסגעמישט צווישן „אַריער", פּאָליאַקן.



קלאַס פון דער פאָלקס־שול אין לאָמזשיצע.
חנה קאָסטעלאַנסקי — לערערין.

# נאָוואָגראָד

דאָס שטעטל נאָוואָגראָד, פערצן קילאָמעטער פון לאָמזשע, האָט אַ סך געגנאָסן פון לאָמזשע און הגם דער נאָמען מיינט אין פויליש: אַ נייע שטאָט, איז עס שוין געווען באַוואוסט אין 15טן יאָרהונדערט. אין 1434 איז דערלויבט געוואָרן צו עפענען אין נאָוואָגראָד אַ קהלה׳שן מרחץ, אַ פריזורי אאַז״וו. ווען מען הכנסות האָט געדאַרפט געהערן צום שטאָט־אַמט. אין יאָר 1564 זיינען אין נאָוואָגראָד געווען 300 הייזער. די באַשעפטיקונגען פון די נאָוואָגראָדער אידן זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיקע. ס׳זיינען דאָן געווען פערצן שוסטערס, זעכצן וועגענער־מאַכער (סטעלמאַכעס), מוליאַרעס, שמידן, פישערס. זיבעצן וואַסער־מילן זיינען געווען אין נאָוואָגראָד און אומגעגנט ביי דעם טייך נאַרעוו און דער פיזאַ, אַן אויסגוס פון נאַרעוו.

די אידן אין נאָוואָגראָד האָבן נישט געליטן פון באַגרעניצונגען אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט, אַזוי ווי לאָמזשע האָט געהאַט אויסצושטיין. אין יאָר 1856 פאַרן פוילישן אויפשטאַנד האָבן די רוסן דורכגעפירט אַ ציילונג, לויט וועלכער נאָוואָגראָד האָט געהאַט 1185 קריסטן און 186 אידן. אין די נאָכפאָלגנדיקע פערציק יאָר איז די באַפעלקערונג פאַרגרעסערט געוואָרן מיט 50 פּראָצענט. אין 1897 זיינען אין נאָוואָגראָד געווען 3029 נפשות, צווישן זיי 1177 אידן.

פייוול ווישניאַק

## געשטאַלטן פון מיין שטעטל

### די דריי פּרנסה־טעג

דריי פּרנסה־טעג אין וואָך האָט נאָוואָגראָד געהאַט. דינסטאָג — דער לאַנגער־מאַרק־טאָג, יאַריד; פרייטאָג — דער קורצער מאַרק־טאָג און זונטאָג, ווען די קראָמען זיינען טאָקע געווען פאַרמאַכט פון דער פראָנט זייט, אָבער אָפן פון דער הינטער טיר, דורך וועלכער ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ נישקשה׳דיקער מסחר מיט די גויים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס פלעגן קומען אין שטעטל צו גיין אין תיפלה און פאַראיין־וועג עפעס איינצוהאַנדלען, אָדער כאַפּן אַ טרונק אין שענק. אין די איבעריקע טעג פון דער וואָך האָבן אידן דאָ זיך גע׳עסק׳ט אין אידישע ענינים, ווי צדקה־זאַכן, חברה׳ס, גבאות אאַז״וו.

### רעוואָלוציאָנערן אין 1905

ווי איבעראַל אין יענער שטורמישער צייט, האָט נאָוואָגראַד אויך געהאַט אַ צאָל רעוואָלוציאָנערע יוגנט. איך געדענק אייניקע פון זיי, ווי מרדכי שקלאַזשעווסקי, אלתר זאַביעלאַק, בערל לאָקשעוויץ, איטשע זלמנ׳קעס א. אַ. איינמאָל, ווען איך בין אַלט געווען אַכט יאָר, אין אַ יאַריד טאָג, בין איך מיטגעפאָרן מיט מיין פאָטער קיין לאָמזשע. אונזער פערד־און־וואָגן האָט זיך איינגעשטעלט צווישן אַ סך אַנדערע אויפן אַלטן מאַרק, אויף דער זייט פון משה־אהרן העפּנערס געשעפט. מיין פאָטער האָט מיך איבערגעלאָזן אויפן וואָגן פאַר שמירה וועגן. בין איך געזעסן און געקוקט אַרום זיך. ער איז אַוועק מיט גויים זיך אויסצורעכענען מיט זיי. פּלוצלונג איז דערשינען מ. שקלאַזשעווסקי, וועמען איך האָב גוט געקענט, ווייל ער פלעגט זיך חבר׳ן מיט מיין שוועסטער, און פון הינטערן אַן אַנדער וואָגן האָט זיך באַוויזן נאָך אַ נאָוואָגראָדער בחור, וועלכער האָט מיר געגעבן צוקערקעס. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שאָס, די ביידע יונגע לייט זיינען געלאָפן צו אַ געוויסן פּאָליציאַנט, וואָס איז דאָן געגאַנגען אויף יענעם טראָטואַר. ער איז געפאַלן לעבן מ. א. העפּנערס קראָם. די בחורים האָבן זיך אויסגעמישט צווישן די וועגענער מיט דער מאַסע מענטשן, און זיינען נישט געכאַפּט געוואָרן. די אַלע אָנגעפאָרענע גויים האָבן מאָמענטאַל פאַרלאָזן מיט זייערע פורן דעם אַלטן מאַרק פאַר שרעק. איך מיט מיין פאָטער זיינען אויך שנעל אַוועק אַהיים. די בחורים־אָנפאַלער האָבן נאָך אַ געוויסער צייט אויסבאַהאַלטן זיך צוריקגעקומען קיין נאָוואָגראָד. דאָס זיינען געווען מיטגלידער פון דער ס. ר. (סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן) וועלכע האָבן דאָן אָנגעפירט מיטן טעראָר איבער דער רוסישער אימפּעריע.



פייוול ווישניאַק

### אַ „מיטינג" אין שול

אין דעם זעלבן יאָר, איינמאָל אַ שבת, אין מיטן מוסף דאַוונען זיינען אַריין אין שול פערציק בחורים מיט לאַנגע טשופּרינעס פון לאָמזשע און האָבן פאַרנומען די אַרויסגענג. זיי האָבן אַרויסגעלאָזן נאָר קינדער און אַלטע. דער זעלבער מ. שקלאַזשעווסקי, אַ געוועזענער ישיבה בחור, איז אַרויף אויף דער בימה און האָט געהאַלטן אַ רעדע, וועגן די געשעענישן אין יענער צייט אין רוסלאַנד, וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פאַר פרייהייט אאַז״וו. אַרום זיינען געשטאַנען „שומרים" מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן אין די הענט. די מתפּללים האָבן געמוזט אַלץ אויסהערן און זיך נישט רירן פון אָרט. נאָך דעם רעדן האָבן זיי אויסגעשאָסן אייניקע מאָל אין דער לופטן און זיינען אַוועק צו זייערע וועגענער וואָס זיי האָבן געלאָזן הינטערן שטעטל.

### ביי אַ געהיימער באַראַטונג

איינמאָל אַ דינסטאָג, אין אַ יאַריד, איז די שענק פון זלמן־ברוך טאַביאַש (פאָטער פון באַוואוסטן לערער יעקב טאַביאַש), ווי דער שטייגער, געווען פול מיט טרינקענדיקע פויערים, אָבער אין אַ צימער אויפן הויף זיינען געזעסן יונגע לייט פון די רעוואָלוציאָנערן און זיך באַראַטן. פּלוצלונג האָט אַן אָפּטיילונג פון פּאָליציאַנטן אַרומגערינגלט דאָס הויז. דאָס געוועזער זייערס מיט די פּאַפּירן האָבן די בחורים נאָך באַוויזן ערגעץ צו באַהאַלטן, אָבער זיי אַליין זיינען אַרעסטירט געוואָרן און געקראָגן פיר יאָר טורמע. מען האָט זיי אין קורצן אויף אַ געהיימען אופן אַרויסגעקראָגן פון טורמע

און אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. שקלאַזשעווסקי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דער פּאָליציי. נאָך אַ לאַנגן אַרומזוכן האָט מען אים געכאַפּט אין לאָמזשער שפּאַציר־גאָרטן. אויך דאָרטן האָט ער געקעמפט מיט דער פּאָליציי מיט אַ צווייג וואָס ער האָט אָפּגעבראָכן פון בוים. מען איז אים דאָך ביי־געקומען, אַרעסטירט און אָפּגעפריט צום אויספאָרשונגס־אַמט. אָבער אויפן וועג האָט ער זיך ווידער אַרויסבאַקומען, זיך באַהאַלטן און נאָך איניקע טעג איז ער אַריבער דעם פּריי־סישן גרענעץ און אַוועק קיין אַמעריקע. אָט דער שקלאַ־זשעווסקי איז געווען באַוואוסט אין דער גאַנצער סביבה. ער איז געווען אַ מיטגליד פון ס. ר.־ראַיאָן קאָמיטעט פון ביאַליסטאָק. אין אַמעריקע איז ער אויך טעטיק צווישן די אַרבעטער אונטערן פסעוודאָנים דר. ראָזענבערג.

## „הכנסת־כלה" פון חברה שוסטער

אין יאָר 1909 האָבן איניקע שוסטער און שניידער זיך אָפּגעשיידט פון גרויסן בית מדרש און געמאַכט אַ באַזונדערן „מנין" אין אַ פּריוואַט הויז. פון די הכנסות פון עליות האָבן זיי געהאַט פאַר הוצאות פון „מנין" און צו שטיצן „חברה תהלים" און „הכנסת כלה". צוויי שוסטערס זיינען געווען די גבאים: ה׳ מ. ווישניאַק און מאיר דער גרויער. דער „מנין" האָט מער געזאָרגט פאַר „הכנסת כלה". פון לאָמזשע איז מען אַמאָל געקומען בעטן ביי מ. ווישניאַק, מיין פעטער, פאַר אַן אָרעמער כלה, וואָס האָט געשטאַמט פון נאָוואָגראַד. מיין פעטער האָט געגעבן. שפּעטער האָט געטראָפן מען האָט געדאַרפט 200 רובל פאַר אַן אָרעמער כלה און ס׳איז נישט געווען. האָט מען דערווייל אָפּגעלייגט די חתונה ביז חודש ניסן, און אין פּורים האָט די חברה איינגעאָרדנט אַ ספּעק־טאַקל פון אַן אָריגינעלער חתונה. הילקע דעם דרייערס זון, אַ יונגער שניידער, האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ כלה און איטשע באָגל פאַר אַ חתן. אַנדערע מיטגלידער פון דער חברה, שיין אָנגעטאָן ווי מחותנים, האָבן זיי געפירט צו דער חופּה מיט מוזיק און טענץ דורכן גאַנצן שטעטל. לעבן יעדעס הויז האָט זיך די חתונה אָפּגעשטעלט און יעדער האָט געגעבן אַ שיינע נדבה, נישט ווייניקער ווי אַ רובל. אויך צו די רייכע גויים זיינען זיי געגאַנגען און האָבן געקראָגן נדבות. די פּויערים האָט מען דאַן נישט געלאָזן פאָרן אַהיים און זיי האָבן אויך געגעבן. אַזוי אַרום האָט מען אין יענעם טאָג צונויפגעקליבן 230 רובל — נאָך מיט 30 רובל מער ווי מען האָט געדאַרפט, פאַר דעם וויכטיקן צוועק „הכנסת כלה".

## חברה שוסטער ברענגען אַריין אַ נייע ספר־תורה

איינמאָל בעת׳ן קידוש פון שבת בראשית האָבן די הויפּטן פון חברה שוסטער באַשלאָסן צו שרייבן אַ ספר תורה. נאָך אַ יאָר איז די ספר תורה פאַרטיק געוואָרן. מען האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ גרויסן פּאַראַד און שמחה צו דעם סיום התורה. צוויי חברה׳ס פון יונגוואַרג: „תפארת בחורים", וועמענס מיטגלידער פלעגן לערנען און קויפן ספרים פאַרן בית מדרש, און תהלים יוגנט, וועמענס מיטגלידער פלעגן יעדן טאָג זאָגן אַ יום־תהלים, האָבן איינגעאָרדנט אַ גרויסן פּאַראַד דורך די גאַסן. אַ סך פון זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען פון קאָזאַקן, אָפיצירן, גענעראַלן. מען האָט געבראַכט כלי־זמרים פון לאָמזשע און זאַמבראָוו. ר׳ יואל־יאָסל דער גלעזער האָט געמאַכט אַ גרויסע לאַמטערן, אויף די שויבן איז געווען אויסגעמאָלט ווי אידן מיט בערד טאַנ־צען מיט אַ ספר תורה. נאָך אַזאַ פייערונג מיט אַזאַ פּאַראַד איז אין נאָוואָגראָד נישט געווען. שפּעטער אַז מען האָט דאָ געפייערט אַ סיום הספר פלעגט מען זאָגן: „עס קומט נישט צו דער פייערונג פון די שוסטערס".

## פאַר׳מיאוס׳ן אַ מאָדע

נאָוואָגראָדער יונגע בחורים איז אַמאָל נישט געפעלן געווען אַ נייע מאָדע פון יונגע מיידלעך צו טראָגן מיט גאווה אַ פאַרטוכל, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון צוויי קאָלירטע מיט בלומען־טיכלעך. האָבן זיי געמאַכט אַזאַ פאַרטוכל און עס אָנגעטאָן דער שטאָט־משוגענער אסתר די טויבע (די טויביצע), וועלכע האָט נישט געקענט ריידן מער ווי צוויי ווערטער: „אַ שלאַג אַ דונער". מיט שטאָלץ איז זי אַזוי אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל און באַוויזן זיך פאַר אַלעמען. ביסלעכווייז האָבן די מיידלעך גענומען אויס־טאָן די דערמאָנטע פאַרטוכלעך.

## הכנסת־אורחים

אין נאָוואָגראַד פלעגן אָרעמע לייט נישט דאַרפן „גיין איבער די הייזער". די חברה „תומכי עניים" פלעגט יעדן אָרימאַן געבן שטיצע. אַז עס פלעגן קומען אורחים, פלעגט מען זיי באַשטעלן „פלעטן" ביי בעלי־בתים. איינמאָל זיינען פאָרגעקומען אין און אַרום נאָוואָגראָד גרויסע מאַ־נעוורעס פון דער רוסישער אַרמיי. אין נאָוואָגראָד האָבן געלאַגערט צוויי פּולקן סאָלדאַטן. 500 פון זיי זיינען געווען אידישע. די ימים נוראים האָבן זיך דערנענטערט און נאָוואָ־גראָדער אידן האָבן נישט דערלאָזן אַז אידן זאָלן זיין אין אַזוינע ימים טובים צווישן גויים! און צוויי ראשי קהל, משה־אליהו מאָרגענשטערן און משה־יוסף ראָזענבוים, מיטן רב נח אין דער שפּיץ, זיינען אַוועק קיין קאָלנע צום הויפּט־שטאַב צו בעטן מ׳זאָל באַפרייען די אידישע זעלנער פון דינסט אין די יום־טובים. צוויי טעג האָט זיך די דעלע־גאַציע אַרומגעדרייט ביז זי איז אויפגענומען געוואָרן און געפועל׳ט איר פאַרלאַנג. מען האָט דאַן געמאַכט אַ רשימה פון די בעלי־בתים און צעטיילט די איד. סאָלדאַטן צווישן די בעלי־בתים אויף ראש השנה, יום־כיפור און סוכות. בעלי־בתים האָבן זיך געאַמפּערט מיט די גבאים, ווייל זיי האָבן געוואָלט האָבן ביי זיך מערער אידישע עלנטע סאָל־דאַטן. אַ סך האָבן זיך געמוזט באַגנוגענען מיט איינעם.

## די פּאָסט

אין יאָר 1912 האָט די רוסישע רעגירונג דערלויבט צו עפענען אין נאָוואָגראָד אַ פּאָסט אָפּטיילונג, בתנאי אַז דאָס שטעטל זאָל אויסהאַלטן די הוצאות פון דער דירה און דעם באַאַמטן. מען האָט געדאַרפט אַרויפלייגן אַן אָפּצאָל אויף יעדן געגענשטאַנד. מיין שוואָגער פּינחס ליפּקעוויץ האָט נאָך אַ שתדלנות באַקומען די פּאָסט באַזאָרגונג. דער עקסטראַ־אָפּצאָל איז געווען: צוויי קאָפּיקעס פון אַ קאַרטל און פיר קאָפּ. פאַר אַ פאַרמאַכטן בריוו. ווען ער איז אַוועק קיין אויסלאַנד אין אַ קור־אָרט, האָט יעקב־משה פּערקאַל דער שמש איבערגענומען די פּאָסט און ער פלעגט אַ טייל פון זיינע פאַרדינסטן געבן מיין שוועסטער.

## דער פּאַראָם איבערן נאַרעוו

פון דער סביבה קיין נאָוואָגראָד איז מען געקומען מיט אַ פּאַראָם איבערן נאַרעוו. קיין בריק איז נישט געווען. ה׳ פייוול כמעלעווסקי איז יאָרן־לאַנג געווען דער אַרענ־דאַטאָר פון דעם שווימענדיקן בריק, פון וואָס ער האָט געהאַט שיין פּרנסה. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָבן די דייטשן אויסגעבויט דאָרטן צוויי בריקן, אין קאָלנע און אין מישעניץ, און דער פּאַראָם איז געוואָרן אומנויטיק. אונז יונגוואַרג האָט נאָך דעם געפעלט מיט וואָס זיך צו אַמוזירן.

## רבנים

נאָוואָגראָדער רבנים זיינען געווען באַוואוסט מיט זייער תורה און יראת שמים. אויף ר' הערשעלען, באַוואוסט אַלס בעל מקובל, ווערט דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל אָפּגעראַטעוועט דאָס שטעטל פון אַ שרפה מיט אַ שאָקל־טאָן זיין טיכל קעגן גרויסן פייער, וואָס איז געקומען פון אויסערן שטאָט. דאָס פייער האָט זיך גלייך פון זיך אַליין אויסגעלאָשן. נאָוואָגראָד האָט זיך געהאַלטן באַשיצט פון אַ פייער כל זמן ר' הערשעלע דער רב האָט געלעבט. נאָך אים איז פופציק יאָר געווען רב ר' נח. ער איז אַלט געווען 75 יאָר ביי זיין פּטירה. ער איז געווען אַ הדרת פּנים, באַוואוסטער דרשן. זיין הכנסה האָט ער געהאַט פון פאַרקויפן פאַרן גאַנצן שטעטל הייוון, דאָס הייסט זיין ווייב, די רביצין האָט עס פאַרקויפט, ער אַליין האָט נישט געוואוסט קיין צורת מטבע. ער איז געזעסן און געלערנט. דער אַלטער שמש ר' הערש־פּייוול פלעגט יעדן פרייטאָג פאַר ליכטבענטשן רופן: „אין שול אַריין!" און גלייך נאָך דעם פירן דעם רב אין שול. די גויים פלעגן אים אָפּטרעטן דעם וועג און אַראָפּנעמען די היטלען פאַר אים.

נאָך זיין פּטירה זיינען געווען אַ סך קאַנדידאַטן אויף דעם כסא־הרבנות. מען האָט געזוכט אַ למדן און אַ דרשן. יעדן שבת האָט אַן אַנדערער געדרשנט. עס זיינען געבליבן צוויי קאַנדידאַטן: דעם רב'ס איידעם, ר' שמואל שפּיראָ, און ר' שמואל הירשביין, אַן איידעם פון האָלץ־סוחר ר' לייבצע. יעדער האָט געהאַט זיין צד. איז ר' נתן שרה באַשע'ס ליבינגער אַוועק, און אַראָפּגעבראַכט פון ליטע אַ רב, אַ משכיל און אַ דרשן, וועלכער איז געפעלן געוואָרן אַ סך. די קעגנער זיינע האָבן געמסר'ט אויף אים, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער און ער איז אַרעסטירט געוואָרן. נאָך אַ געשפּרעך מיטן גובערנאַטאָר האָט מען אים באַפרייט און נאָך צוריקגעשיקט קיין נאָוואָגראָד מיט כבוד. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר רב. אָבער אין קורצן האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און ר' שמואל הירשביין איז געוואָרן רב. אים האָבן אַלע געוואָלט.

ס'זענען דאַן אָנגעקומען שלעכטע צייטן פאַרן שטעטל. יעדער קאָמענדאַנט האָט געוועלטיקט און אַרויסגעבן נייע גזירה'ס ביז מען האָט אַרויסגעטריבן אַלע איינוואוינער פון שטעטל (פּורים 1915). די פּאָליאַקן זיינען צוריקגע:ומען, אָבער אַ סך פון די אידן זיינען צעשפּרייט געוואָרן אין אַ סך שטעט. מערסטע פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין לאָמזשע וועמענס עסקנים האָבן אַ סך געהאָלפן מיט דירה'ס פאַר די אומפאַרמעגלעכע, ביליקע קיכן, דערציאונגס־אַנשטאַלטן פאַר די קינדער אאַז"וו. מיין שוועסטער סלאַווע (אומגעקומען אין אָשוויענצים), און די פליכטלינגע, פרוי נחמה פון ראַדזילאָוו, אונטער דער אויפזיכט פון לאָמזשער עסקן ח. י. גלינקע, האָבן צוגעגרייט עסן פאַר 200 פליכטלינגע. די ביליקע קיך האָט עקזיסטירט ביז דער דייטשישער אָקופּאַציע.

## פּאַרטייען

מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע האָבן זיך אַרום 150 משפּחות צוריקגעקערט קיין נאָוואָגראָד. מיר האָבן אָנגעהויבן צוריק אויפבויען די חורבות. מיט פּרנסה איז געווען שווערלעך, אָבער מען איז געווען פריי. אין 1917 האָבן מיר געגרינדעט, לויטן מוסטער פון לאָמזשע, אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התחיה". צו דער דערעפענונגס־פייערונג זיינען געקומען פון לאָמזשע: א. דאָמאָוויץ, גלינקאָ און אַ זינגער. צום ערשטן וועד פון אונזער „התחיה" זיינען דערווילט געוואָרן: מאָטל לאָרען, וועלוול טריצאַנאָוויץ, גרשון זיידענשטאַט, חנה־שרה הירשביין און אסתר־הינדע מאָרגענשטערן.

שמחת תורה פון יענעם יאָר האָבן מיר געפייערט מיט גרויס פּאַראַד: די ציוניסטישע יוגנט אונטער דער ציוניסטישער ווייס־בלויער פאָן איז אַרויס פון שול מיט שירי ציון געזאַנג און מאַרשירט אַזוי איבערן שטעטל. אין יעדן פענסטער האָט מען אַריינגעשטעלט ליכט פאַר אונדזער כבוד. די וואָס האָבן אונדז נישט באַערט אַזוי, זיינען באַשטראָפט געוואָרן צו געבן אַן אָפּצאָל פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד.

ביים אָנהייב פון פוילנס זעלבסשטענדיקייט איז אין אונזער „התחיה" אַנטשטאַנען אַ שפּאַלטונג: פופציק חברים זיינען אַרויס און געגרינדעט אַן אגודה „צעירי ציון". צען חברים זיינען געבליבן מיט דער דערלויבניש. אין ערשטן וועד פון צ. צ. זיינען געווען: אַלתר שקלאַזשעווסקי, קלמן זאַביילאַק, זעליג כהן, גוטקע מאָרגענשטערן און דער שרייבער פון די שורות. דער צ. צ. פאַראיין האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער רוסיש־פוילישער מלחמה אין 1920. אין יאָר 1925 איז געגרינדעט געוואָרן די פאַר־:ייניקטע אגודה פון צ. צ. און פּ. צ.

## די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק

אין יאָר 1922 האָבן מיר געגרינדעט אַן אומפּאַרטייאישן קולטור־פאַרבאַנד, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער ביבליאָטעק אויפן נאָמען י. ל. פּרץ. די ביבליאָטעק האָט געציילט אַרום טויזנט ביכער אין אידיש, העברעאיש און פּויליש, און איז געווען די איינציקע אין דער גאַנצער סביבה. די אידישע לערן־יוגנט האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער ביבליאָטעק, וואו עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן, פאָרומס און לייען מאַטעריאַל.

## וואַלן

אין די צייטן פון דער רוסישער ממשלה איז נישט געווען קיין וואַלן צום שטאָט־ראַט. צו די פּוילישע ראַטמענער איז באַשטימט געוואָרן איין איד און דאָס איז געווען ר' משה־אליהו מאָרגענשטערן, אַן איבערגעגעבענער כלל־טוער און ציוני. ווען פּוילן איז געוואָרן אַ רעפּובליק זיינען פאָרגעקומען וואַלן. די אידן האָבן געהאַט צוויי רשימות. אין גאַנצן האָבן דאַן געדאַרפט געווילט ווערן בלויז צוועלף. זיינען זיבן אידן אויסגעקליבן געוואָרן: צוויי לאַווניקעס און פינף ראַטמענער. די קאָנקורירנדיקע קאַנדידאַטן האָבן געדונגען בעלי־עגלות און געפירט צו די אורנעס אַלטע און שוואַכע. פונדעסטוועגן האָבן די אידן נישט באַקומען דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט פון שטעטל.

די וואַלן צו דער קהלה זיינען אויך געווען שטורמישע. אַלס ראשי קהל זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: משה־יוסף ראָ:ענבלום, אַ איד אַ תקיף; משה־אליהו מאָרגענשטערן, שלמה שטשאַווינאָוויץ, אַ איד אַ תלמיד־חכם, אומפּאַרטייאיש, אַ שטילער עסקן; יעקב סרעבראָוויץ, אַ פּיפּיקער איד, גענויגט צו דער „אגודה"; אלתר זשאָטקעוויץ, אַ תלמיד חכם און אַ גומל־חסדים. ער פלעגט פון זיין אייגן געלד כסדר אויסלייען געוויסע סומעס צו אָרעמע בעלי־מלאכה'ס און קליינע קרעמערס אָן פּראָצענט. ער האָט געהערט צום „מזרחי". און אַ זעקסטער, דוד ראובן יאַבלאָנקעוויץ, אַ יונגערמאַן 35 יאָר אַלט. פון אַ שוסטער איז ער געוואָרן אַ קצב. ער איז געווען אַ משכיל און געקענט רעדן און שרייבן פּויליש. דאָס איז געווען די לעצטע קהלה פון נאָוואָגראָד. אַלע זיינען אומגעקומען פון די נאַציס.

## „החלוץ"

אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון יצחק זאָליצקי פון קאָלנע און מיט דער הילף פון אַ דעלעגאַציע פון לאָמזשע מיט

מאיר לעווינסקי אין דער שפּיץ, איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ „החלוץ״ אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַנטוויקלט אַ שטאַרקע אַקטיוויטעט. 90 פּראָצענט פון נאָוואָגראָדער יוגנט זיינען געווען מיטגלידער אין „החלוץ״. עס זיינען דאַן געגרינדעט געוואָרן העברעאישע אָוונט־קורסן מיט ידיעות וועגן א״י. בערל זשאַלאָנדזש איז אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס מנהל פון די קורסן (היינט אין מדינת ישראל, הייסט ער אלוני). ער האָט געפירט די קורסן מיט דערפאָלג. אויך אַ העברעאישן „גן ילדים״ האָבן מיר געגרינדעט. ה׳ פילאַר פון אָסטראָלענקע האָט אָנגעפירט מיטן „גן״ אין עכט העברעאיש־נאַציאָנאַלן גייסט, נישט קוקנדיק אויף זיינע נייגונגען צום קאָמוניזם. ער האָט זיך געקליבן עולה צו זיין קיין א״י, אָבער עס האָט זיך אים עפּעס נישט איינגעגעבן. אין יאָר 1929 בעת די א מרועז אין א״י האָבן מיר אַוועקגעשיקט די ערשטע פיר חברים פון אונזער „החלוץ״ קיין קלאָסאָוואַ צו קריגן „הכשרה״. זיי זיינען געווען: חיים פּינסקי, רבקה גראָדנער, שרה שוויצקאָווסקי און רבקה סרעבראָוויץ. אַלע זיינען היינט אין מדינת ישראל. אין זעלבן יאָר איז ביי אונז געגרינדעט געוואָרן אויך אַ „החלוץ הצעיר״, וועלכער האָט געציילט 80 חברים און איז געווען זייער טעטיק אין ציוניסטישער אַרבעט. נאָוואָגראָד איז געווען אַ פּונקט פון „החלוץ״־צוזאַמענקונפטן פון אַ גרויסן טייל פון פוילן, הכשרה־פּונקטן און זומער לאַגערן. אונזערע אָרטיקע חברים האָבן שטענדיק אַרויסגעוויזן אַן ערנסטע באַציאונג פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט און איבערגעגעבנקייט.

איינמאָל אין זומער־צייט האָבן גרופּן פון „השומר הצעיר״ געלאַגערט אַרום נאָוואָגראָד. ווען עס האָט זיך דערנעענטערט כ׳ תמוז האָבן זיי געוואָלט איינאָרדענען אַ הערצל פייערונג אין אונזער שטעטל. איך האָב דערלאַנגט אַ ביטע וועגן אַ דערלויבעניש צום לאָמזשער סטאַראָסטע. נאָך דריי טעג האָבן מיר נישט געקראָגן קיין ענטפער. מיר האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ פּאָזיטיוון צייכן. עס איז אויסגעקומען אין אַ זונטאָג און אין אָוונט האָבן אַלע גרופּן, אַרום 500 יונגוואַרג מיט זייערע פאָנען און אָרקעסטערס, מיט אָנגעצונדענע פאַקעלן, אַריינמאַרשירט אין דער גאַס, וואָס פירט צום שטעטל. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה און די גויים האָבן נישט געלאָזן זיי אַריינמאַרשירן אין שטעטל. די פייערונג, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין דעם דעפּאָ פון פייער־לעשער, איז נישט צושטאַנד־געקומען. די אידן זיינען געווען אויפגערעגט.

אויף צומאָרגנס האָבן די אידן, לויט אַן אָנווייזונג פון אַן אַדוואָקאַט פון לאָמזשע, זיך נוקם געווען אין דעם פּרעזידענט פון שטאָט־פאַרוואַלטונג: אַלע זיינע קרעדיטאָרן זיינען מיט איינמאָל געקומען מיט זייערע וועקסלען, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן שוין אַ לאַנגע צייט, נישט וועלנדיק דריקן אים אין זיין נישט צו־גוטן פינאַנציעלן מצב, און אַלע האָבן זיי געפאָדערט זייערע סומען, וואָס ער איז זיי שולדיק. דער פּרעזידענט איז אַ צעטומלטער געקומען צו דעם שרייבער פון די שורות (דאַן געאַרבעט אין שטאָט פאַרוואַלטונג) צו בעטן מחילה און פאַרגעלייגט גלייך צו געבן דעם פייער־לעשער־דיפּאָ פאַר דער פייערונג אומזיסט. דעם צווייטן זונטאָג האָבן מיר אָפּגעהאַלטן די כ׳ תמוז פייערונג אין בעסטן אָרדענונג. נאָך דעם האָט ער דערלויבט אויך ה׳ טאַבענקין פון א״י צו רעדן פאַר אַן עולם פון 600 מאַן זײַן אַ דערלויבעניש פון סטאַראָסטע פון לאָמזשע.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז נאָוואָגראָדער קהלה הרוב געוואָרן. פון אירע 330 משפּחות איז נישט געבליבן קיין זכר, אויסער די וועלכע האָבן אין צייט עמיגרירט קיין אַמעריקע אָדער ע״לה געווען קיין א״י.



# אונטערגאַנג פון דער אידישער לאָמזשע

## חורבן לאָמזשע

טויט שטיל איז די אידישע לאָמזשע.
שוין אַ לענגערע צייט ווי די שטאָט איז באַצוואונגען
אין די הענט פון די דייטשן.
דורך דער צייט האָבן מיר גאָרנישט געהערט דאָ
וועגן איר;
קיין איינציק קול איז צו אונז נישט דערגאַנגען פון
אונזער ליבער שטאָט.
איז מעגלעך אַז קיין איין אידישע נשמה איז דאָרט
איבערגעבליבן?
האָבן די טמאים דאָרטן פאַרטיליקט דאָס גאַנצע
הויז פון ישראל?
מיר האָבן דיך פאַרלאָזן, לאָמזשע, אָבער נישט
פאַרגעסן!
שטייסט פאַר אונזערע אויגן מיט דיין גאַנצער שיינ־
קייט, דערהויבנדיק זיך אויפן הויכן ברעג פון
נאַרעוו!
און ווען אפילו ביזט אינגאַנצן חרוב, מיינע ברידער
און שוועסטער זיינען שוין מער נישטאָ צווישן
דיר, וועסטו אונז דאָך פאַרבלייבן אַ טרויער־
מצבה און אַ דערמאָנונג פון זינד און שאַנד
פאַר אַלע זינדיקע פעלקער, וואָס האָבן מיטגע־
האָלפן צו פאַרטיליקן אומשולדיקע מענטשן.

אויסצוג פון אַ רעדע פון א. מזרח ז״ל
פאַר לאָמזשער לאַנדסלייט אין תל־
אביב, סוף יאָר 1943.

# קאפיטלעך פון חורבן

דערציילט פון אַדוואָקאַט **בנימין מאַסאַנזשניק**

## די געשיכטע פון פאַרטיליקונג און פאַרניכטונג



די דייטשן האָבן געהאַט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן מעטאָדישן סיסטעם, ווי אַזוי צו פאַרניכטן דאָס אידישע פאָלק אין אייראָפּע. די לאָמזשער אידישע באַפעלקערונג איז פאַרטיליקט געוואָרן לויט דעם זעלבן סיסטעם. עס איז מיין אויפגאַבע דאָ צו געבן אַ קורצן איבערבליק איבער די געשעענישן פון 1939—1945, וואָס זיינען זיך פאַרלאָפן אין לאָמזשע און אין זאַמבראָוו, ווי זיי זיינען געוועזן רינגעלעך אין דער גאַנצער קייט פון וועגן און מיטלען צום מערדערישן ציל.

נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, דעם 30טן יאַנואַר, האָט היטלער (י"ש) דערקלערט אין רייכסטאַג, אַז אַלס רעזולטאַט פון דער צוקונפטיקער מלחמה, וועט דער אידישער שטאַם אָפּגעמעקט ווערן אין אייראָפּע. און ווירקלעך האָט די פאַרניכטונג זיך אָנגעפאַנגען גלייך מיטן אַריינדרינגען פון די דייטשן אויף דער פּוילישער ערד.

ווי באַוואוסט האָבן די פּוילישע אַרמייען נישט געקענט שטעלן קיין ריכטיקן ווידערשטאַנד צו די נאַציִשע חיילות (די פּוילישע אָפיצירן זיינען באַלד אַנטלאָפן קיין רומעניע), וועלכע האָבן שנעל פאַרנומען פּוילן, אויסער מערב־ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע, וואו עס האָבן געקעמפט סאָוועטישע כחות. די מלחמה איז געווען געענדיקט אין איין מאָנאַט סעפּטעמבער, אָבער די ליקווידאַציע פון אידישן ישוב האָט זיך ערשט אָנגעהויבן און האָט זיך געצויגן: דערנידערונגען, באַגרעניצונגען אין רעכט, די געלע לאַטע, ספּעציעלע בענדער אויפן אַרבל, קאָנפיסקאַציעס פון פאַרמעגן, ריינינונגען אין די אידישע קוואַרטאַלן דורך אַלע תחבולות פון אָפּנאַרערײַ, מאַסן־שטראָפן פון געלט און לעבן, איבערזידלונגען פון אָרט צו אָרט, א. אַנד. און צום סוף — די געטאָ. טויט־שטראָף איז געקומען דעם וואָס האָט די געטאָ פאַרלאָזן, עלטערע און יונגע זיינען אומגעקומען פון שווערער אַרבעט.

אויב פון אָנפאַנג זיינען די אידן אויסגעזעצט געווען צו פּאָגראָמען און אַנדערע סאַדיסטישע מעשים, זיינען די דייטשן שפּעטער, נאָך דעם מלחמה אויסברוך צווישן זיי אין רוסלאַנד, איבערגעגאַנגען צו מאַסקירן און צוגרייטן זייער מעטאָדע מיט אַלע סאָרטן טייוולאָנישע שפּיצלעך.

דאַקעגן די אידן פון ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע האָבן זיך געפונען אויפן שוועל פון אָפּגרונט גלייך ווי די מלחמה צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד איז אויסגעבראָכן. אין מאָנאַט יוני 1941 האָבן די דייטשן איינגענומען די דערמאָנטע שטחים און זיינען אַריינגעדרונגען אין לאָמזשע, און אין אָנפאַנג נאָוועמבער 1942 שטייען שוין די אידן פאַר דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ — אַלץ לויט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן, לויט דעם באַשלוס נאָך פון פאַר דער מלחמה פון 1941, מיט דער באַטייליקונג פון הימלער און פאָרשטייער פון גענעראַל שטאַב: צו פאַרטיליקן אַלע אידן אין די מזרח־שטחים. איין טאָג פאַר



בנימין מאַסאַנזשניק

דעם דייטשישן אָנפאַל אויף רוסלאַנד איז אַרויסגעגעבן געוואָרן היטלערס אָרדער: אַז עס איז דערלויבט צו רויבן און מאָרדן די באַפעלקערונג אָן שטראָף. אין ביאַליסטאָק אַליין זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן 2000 אידן גלייך מיטן אַריינדרינגען פון די נאַציס אין שטאָט דעם 27טן יוני, 1941.

לאָמזשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן פון דער לופט דעם 22טן יוני 1941 אין דער פרי. אַ טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די אָפּטרעטנדיקע רוסן. פון זיי איז אַ טייל ווידער פאַרבליבן אין מערב־ווייס־רוסלאַנד ווי סלאָנים, וואָלקאָוויסק, א. אַנד. זיי זיינען שפּעטער אומגעקומען. דעם 24טן און 25טן יוני איז לאָמזשע איינגענומען געוואָרן דורך די דייטשן און גלייך זיינען זיי צוגעטראָטן, לויט עדות פון ה' וויערניק, צו מאָרדן אַלע וואָס האָבן פריער קאָאָפּערירט מיט דער סאָוועטישער מאַכט, שטיצענדיק זיך אויף די אָנווייזונגען פון פּוילישע פאַשיסטן. שפּעטער, דעם 16טן אויגוסט, האָבן זיי דאָס געטאָ דורך צוזאַמענברענגען די אידן אויפן גרינעם מאַרק.

דעם 4טן יולי איז אַרויס די גזירה צו טראָגן די געלע לאַטע אויפן ברוסט און רוקן. עס פאַנגט זיך אָן דאָס כאַפּן צו „אַרבעט" פון וואַנען מען איז שוין צוריק נישט געקומען: די דייטשן פלעגן אָנפילן לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט אידן, אַריינגעוואָרפן זיי אין די קעלערן פון דער געסטאַפּאָ, אויף נאָוואַ גאַס, און ווען די קעלערן זיינען געווען פול, פלעגן זיי אַרויספירן די געכאַפּטע קיין געלצין און דאָרטן זיי אויסשיסן. אַזוי זיינען געפאַלן צרום 2000 אידן.

ווי איבעראַל איז אויך אין לאָמזשע באַשטימט געוואָרן אַ „יודענראַט", וועלכער איז געווען נאָר אַ געצייג אין די הענט פון די דייטשן אויסצופירן די אָרדערס פון דער געסטאַפּאָ, און נישט קיין אידישע רעפּרעזענטאַנץ, ווייל די אידן האָבן נישט געהאַט קיין השפעה אויף דער באַשטימונג פון די מיטגלידער. אַ פאַקט איז אַז אייניקע פון „יודענראַט" פלעגן נישט אויספאָלגן די גזירות פון די נאַציס און נאָך אפילו זיך קעגנשטעלן.

ב. מאַרק, דירעקטאָר פון אידיש־היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן, שרייבט אין זיין העפט: „דער אויפשטאַנד

אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ" וועגן לאָמזשער יודענראַט: די ליקווידאַציע פון לאָמזשער געטאָ גייט אָן. די מיטגלידער פון „יודענראַט" ווילן נישט קאָאָפּערירן מיט די דייטשן. איינער פון „יודענראַט" דר. העפּנער נעמט זיך ליבערשט דאָס לעבן, איידער צו העלפן די געסטאַפּאָ. די ה"ה טאַבאָליצקי און י. געלצינסקי באַצאָלן מיט זייער לעבן און פירן נישט אויס די גזירות פון געסטאַפּאָ. עס איז אָבער דאָך פאַראַן אַ קליינער טייל, וואָס העלפט יאָ די דייטשן. נאָר אַ קליינער טייל פון לאָמזשער אידן האָט זיך געראַטעוועט אין די נאָענטע וועלדער.

דעם 12טן אויגוסט איז אַרויס די גזירה אַז לאָמזשער אידן זאָלן ווערן איינגעשלאָסן אין אַ געטאָ, וואָס איז געוואָרן אַרומגענומען מיט שטעכיקן דראָט. אין תחום פון געטאָ זיינען אַריין די גאַסן: אַלטער מאַרק, סענאַטאָרסקא גאַס, זעלאָני, ריבאַקי, א. אַנד. וויפיל אידן זיינען געוואָרן אַריינגעדריקט אין דעם קליינעם שטח? ס'איז נישטאָ קיין באַשטימטער ענטפער. איין מיינונג איז 18 טויזנט — שוין מיט די פליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך איינגעשלאָסן. נאָך אַ מיינונג איז אַז 12 טויזנט — דאָס איז געווען די צאָל אידן פון לאָמזשע אין אָנפאַנג פון דער מלחמה. אַ דריטע מיינונג רעדוצירט די צאָל צו 10 טויזנט. לויט אַלע מיינונגען איז דער שטח פון דער געטאָ געווען שרעקלעך ענג פאַר דער צאָל נפשות, וועלכע האָט געמוזט זיין איינגעדריקט צו 6 נפשות און מער אין איין צימער.

אין מאָנאַט אָקטאָבער פון יענעם יאָר האָבן די דייטשן באַפוילן צונויפצוזאַמלען אויפן גרינעם מאַרק אַלע וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט. צוועלף הונדערט מאַן האָבן זיך פאַרזאַמלט. אַלע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין געלצין און דערשאָסן געוואָרן.

אין דער צווייטער העלפט פון 1942 קומט שוין פאָר אַ מאַסן איבערזידלונג פון אידן אין אָקופּירטן שטח. אַלע ווערן פירן צו די גאַז קאַמערן און קרעמאַטאָריעס.

צי זאָל מען אַלע אידן אויסמאָרדן פאַר אַמאָל אָדער איבערלאָזן אַ טייל פון זיי צו אַרבעט? אין פריער־דערמאָנטן העפט שרייבט ב. מאַרק, אַז אויף אַ קאָנפערענץ פון די נאַציס, 20־22 סעפּט. 1942 אין בערלין האָט היטלער געפּסק'נט אַז מען מעג זיך צייטווייליק באַנוצן מיט אידישע כחות נאָר אין די גרעניצן פון צענטראַל פּוילן. ביאַליסטאָק און לאָמזשע, וואָס זיינען געוואָרן פאַראייניקט מיט מזרח־פּרייסן, זייער גורל איז געווען ערגער. אין אָנפאַנג נאָוועמבער 1942 איז שוין אָנגעגאַנגען די ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן; דאָס זעלבע מיט לאָמזשע. אַ טייל פון די אידן זיינען געוואָרן אַריינגעפּאַקט אין די וועגענער, וואָס די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט ביי די פּויערים און אַ טייל זיינען געטריבן געוואָרן צופוס צו די לאַגערן פון זאַמבראָוו, קילבאַסין, און צו די קאַזאַרמעס פון 10טן פּאָלק נעבן ביאַליסטאָק.



Feldkommandantur 581.
Lomza, den 4. Juli 1941.

**ANORDNUNG.**

Sämtliche Juden und Jüdinnen vom 12. Lebensjahr an haben auf Brust und Rücken einen runden gelben Fleck von mindestens 10 cm Durchmesser sichtbar zu tragen. Diese Massnahme muss bis zum 7 Juli 1941 durchgeführt sein.

Zuwiderhandelnde werden bestraft.

Krüger
Major u. Feldkommandant.

Komenda Polowa 581.
Łomża, 4 lipca 1941.

**ZARZĄDZENIE.**

Wszyscy Żydzi i Żydówki od 12 roku życia począwszy, obowiązani są nosić naszyte na piersiach i plecach żółte, okrągłe łaty o średnicy conajmniej 10 cm. Łaty te mają być zawsze widoczne. Zarządzenie to ma być wykonane do dnia 7 lipca 1941.

Nie stosujący się do niniejszego zarządzenia będą ukarani.

Krüger
Major i Komendant Polowy.

„פאַראָרדענונג וועגן דער געלער לאַטע", 4טן יולי 1941. יעדער מאַן און פרוי, אין עלטער פון 12 יאָר און העכער, מוז טראָגן אַ געלע לאַטע, אָם ווינציקסטן 10 סענטימעטער די גרויס, אין אַ פּלאַץ וואו עס איז אָנזעעוודיק. פאַר ניט אויספאָלגן וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן.
(אונטערגעשריבן: קריגער — מיליטערישער קאָמענדאַנט.)

אויסצומיידן נישט נויטיקע פאַר זיי צוזאַמענשטויסן האָבן די דייטשן באַנוצט זייערע טייוולאָנישע שפּיצלעך. זיי האָבן מודיע געווען אַז מען פירט זיי אויף אַרבעט און דעריבער געהייסן די געטריבענע אומגליקלעכע מיטנעמען די גאָר נויטיקע זאַכן ווי: קליינע קישעלעך, דעקעס, געשיר, דאָקומענטן, קאָסטבאַרע זאַכן, ווערט־פּאַפּירן, געלט, צירונג, עסן אויף 3 טעג, אונטער־וועש, אַ. אַנד. אין די זאַמבראָווער קאַזאַרמעס זיינען געווען אויך אידן פון אַנדערע פּלעצער ווי וויסאָקי מאַזאָוויעצק, זאַמבראָוו אַליין און אומגעגנט. דאָ איז אויך שווער פעסטצושטעלן די צאָל פון די אָנגעטריבענע. 18 טויזנט — פון זיי 10 טויזנט אידן פון לאָמזשע אַליין.

גרינער מאַרק נאָכן חורבן. מ'האָט אים אויך גערופן חזיר מאַרק. אויפן וועג צו אַן אייזערנעם בריק אין קאַלענאַווע. דאָ פלעגן די דייטשן צוזאַמענטרייבן די אידן איידער זיי פלעגן דורכפירן אַן „אַקציע".



אַנדערע שאַצן די אַלגעמיינע צאָל אין לאַגער ביי אַרום 12 טויזנט. די דייטשן האָבן גערופן דעם זאַמבראָווער לאַגער „דער אויפזאַמלער" (אויפפאַס־לאַגער), אַ זאַמל־פּונקט צום צעשיקן צו די מאָרד פאַבריקן.

לויט פרוי שרה בלומאָוויץ־קנוט, האָבן די דייטשן נאָך אַלץ פאַרשפּרייט זייערע ליגנערישע צוזאָגעכצן וועגן עפּענען דאָרט וואַרשטאַטן פאַר פאַרשידענע אַרבעטן. דאָס האָבן זיי געטאָן מיט דעם ציל צו איינשלעפערן די געפילן און אָפּטעמפּן די דענקונגס־קראַפט ביי די איינגעשפּאַרטע (עס איז דאָך פאַראַן אַ האָפענונג צו בלייבן לעבן). די אידן האָבן בכלל נישט געגלויבט, אַז אַלע וועלן זיי אויסגעמאָרדעט ווערן. די באַדינגונגען זיינען געווען שרעקלעכע: א מורא־דיקע ענגשאַפט, טיפוס־מגפה, 50 טויטע יעדן טאָג, הונגער, קעלט (עס איז געווען פאַרבאָטן צו הייצן), אַזוי אַז זאַמבראָווער לאַגער איז באמת געווען נישט אַ זאַמל־פּלאַץ, נאָר אַ לאַגער פון פּאַמעלעכדיקער פאַרטיליקונג פון אידן, אָבער אַזוי ווי די דייטשן האָבן זיך געאיילט האָבן זיי די אידן אין גיכן אַוועקגעשיקט צו די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס.

דעם 9טן יאַנואַר 1943 איז געקומען דער באַפעל צו ליקווידירן דעם לאַגער און די איינגעשלאָסענע זאָלן ווערן אַוועקגעשיקט קיין אָשווענצים „צו אַרבעט". די אומגליקלעכע האָבן נישט געוואוסט וועגן דעם לאַגער. זיי זיינען געווען אָנגעשראָקן פון טרעבלינקא. לויט די עדות פון דר. קנוט האָט מען געבראַכט די אידן פון זאַמבראָווער לאַגער צו דער באַן־סטאַנציע ציזשעוו אין פויערישע וועגענער. עס איז דאַן געווען אַ גרויסער פראָסט. 1 בלאָק, אַרום 3 טויזנט נפשות, איז געווען דער ערשטער טראַנספּאָרט. 60 נפשות זיינען געשטאָרבן אין וועג פון קעלט. ביי פיל זיינען די הענט און פיס אָפּגעפרוירן געוואָרן. מעדיקאַמענטן האָט מען געגעבן. אַנדערע מעדיצינישע געצייג האָבן די דאָק־



היימלאָזע.

טוירים זאָליין געבראַכט. אָבער וואָס האָט עס געטויגט, אַז די קראַנקע זיינען געלעגן אויף שטרוי, אָן קישנס, אָן צודעק, אין נישט געהייצטע הייזער אין שרעקלעכע פרעסט.

אין יענער צייט האָבן די דייטשן פאָרגעלייגט דעם דר. קנוט ער זאָל פאַרגיפטן די שווערע קראַנקע, ווייל סיי ווי איז דאָך נישטאָ ווער עס זאָל זיך אָפּגעבן מיט זיי. אָבער ער האָט דעם פאָרשלאַג מיט שוידער אָפּגעוואָרפן. אין יענעם „קראַנקן הויז", אין דעצעמבער 1942, איז געשטאָרבן דר. שמעון גאָלדלוסט, פּראָוואַלטער פון דער אידישער גימנאַזיע אין לאָמזשע, וואָס האָט דערצויגן אַ גאַנצן דור מיט תלמידי־חכמים.

דער גורל פון לאָמזשער אידן אין אָשוויענצים איז געווען דער זעלבער ווי פון אַלע אַנדערע אידן געבראַכטע דאָרטן. פון דר. קנוט'ס טראַנספּאָרט פון 2000 זיינען געבליבן לעבן אַ 3־4. וויפיל לאָמזשער האָבן זיך געראַטעוועט? ס'איז שווער



אידן פאַרזאַמלט אויפן גרינעם מאַרק אין לאָמזשע פאַר אַ נאַציִשער אַקציע.

צו זאָגן באַשטימטעס. באַזונדערס, ווייל זיי זיינען צעשפּרייט איבער דער וועלט. וועלכע באַדינגונגען האָבן דערמעגלעכט זיך צו ראַטעווען? איניקע פון זיי זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד. אַנדערע מיט פאַלשע אַרישע פּאַספּאָרטן האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. נאָר אַ קליינער הייפל האָט זוכה געווען צו אַנטרינען פון די מאָרד־פאַבריקן.

די גרעסטע מערהייט איז געגאַנגען אַהין צום־טויט — אויסגעמאַטערטע און צעבראָכענע, הונגעריקע און דערדריקטע, דערנידעריקטע ביז'ן גרוב, דורכגעפּרעסענע פון פאַרצווייפלונג און פאַריתום'ט, אַוועקגעגעבענע צום אַלעם שלעכטן, דערשראָקענע און פאַרווירטע דורך די ליגנס פון די דייטשן און דאָס פאָלגן פון די יודענראַטן — זיינען זיי געגאַנגען צום טויט אָן שום ווידערשטאַנד. אי'ן אַלגעמיין איז אַזוי געווען. אָבער איינצעלנע זיינען געווען, וואָס האָבן געשאַפן באַוועגונגען צום אויפשטאַנד, נישט רעכענענדיק די מאַסן אויפשטאַנדן פון וואַרשעווער געטאָ, אין אַפּריל 1943; פון ביאַליסטאָקער געטאָ אין אויגוסט פון זעלבן יאָר, און העלדן־טאַטן אין טרעבלינקא, סאביבאזש, א. אַנד. וועגן לאָמזשער איז נישטאָ קיין ידיעה וועגן גרופּן־באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. איינצעלנע פאַלן זיינען יאָ געווען, ווי מעשה גאגאוויץ, אַ זון פון בערצע גאגאוויץ, וואָס האָט אונטערגעצונדן אַ סקלאַד מיט אַמוניציע אין לאָמזשע.

האָבנדיק ידיעות וועגן הכנות צו ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָק, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן אין זאַמבראָווער לאַגער צו באַקומען געווער פון פּאָליאַקן און טאָן עפּעס פאַר אַ ווידערשטאַנד. אָבער דער יודענראַט איז געווען קעגן דעם. דאָס אַריינבאַקומען עסנוואַרג אין דער געטאָ איז אויך געווען אַ סאָרט ווידערשטאַנד. אָבער פילע האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן דערפאַר.

וועגן אָנטייל פון לאָמזשער אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג מוז מען נעמען אין אָנבאַטראַכט נאָר די דינסט אי'ן דער פאָלקס־גוואַרדיע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין מאַי 1942. דאָרטן, אין וואַרשעווער אַרבעטער־פּאַרטיי, איז טעטיק געווען אַ לאָמזשער ה' גרשון אַלעף. לויט אַ באַפעל פון הויפּט שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע האָט ער אַרויסגעפירט פון וואַרשעווער געטאָ אַ גרופּע קעמפער קיין גרויצע, דאַן אין ראַדאָמיר געגנט, דאַן צו די וועלדער פון קאָן. דאָ איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן. נאָכן אויסהיילן קומט ער צוריק צו די פּאַרטיזאַנער אַרום מינסק מאַזאָוויעצק (ב. מאַרק אין זיין העפט זייט 122).

דאַקעגן די פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען, וואָס האָבן באַקומען זייערע באַפעלן פון דער לאָנדאָנער פּוילישער רעגירונג, האָבן נישט אַריינגענומען קיין אידן. לויט עדות פון פילע, האָבן זיי נאָך געהרג'ט די אידן וואָס פלעגן אַנטלויפן אין די וועלדער.

אין האַרבסט פון 1944 האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד פון די שמשים פון די קרעמאַטאָריעס אין אָשוויענצים (זונדער־קאָמאַנדאָ). מיט רעוואָלווערן אין די הענט האָבן אָנטייל גענומען די לאָמזער: קאלניאק זעליג און אייזיק, פאניץ לייב־הירש, ריבאַק (פון רזאנדאָוואַ גאַס), לאכאוויץ פון לאָמזיצע, א. אַנד. פּאָדרוזניק'ן האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצוגיין אין די רייען פון דער פאָלקס־אַרמיי מיט אַ פּוילישן פּאַספּאָרט.

ווייט פון לאָמזשע, אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער, איז געווען טעטיק דר. אברהם בן יעקב בלומאָוויץ, איניקל פון יודל בלומאָוויץ. ב. מאַרק דערציילט אויך וועגן זאַמבראָווער, קאָלנער און לאָמזשער יוגנט־גרופּן, וואָס זיינען אַנטלאָפן אין



פאַרפּייניקטע צום טויט אידן אין אָשווענטשים ווערן געלאָדן אויף וועגענער.

די וועלדער (זייט 86). מער באַשטימטעס וועגן ווידערשטאַנד פון לאָמזשער איז נישטאָ, ווייל עס פעלן בכלל ידיעות וועגן לאָמזשער אונטער די נאַציס.

## לאָמזשער געטאָ און איר סוף

גע'שילדערט פון **יעקב־צבי פּרום**

### א. סעפּטעמבער 1939

ס'איז געווען אַ דאָנערשטיק נאָכמיטאָג. די דייטשן באָמבאַרדירן פון לופט די שטאָט. די איינוואוינער באַהאַלטן זיך אין די קעלערן; אַנדערע אַנטלויפן. אַנטלאָפענע פון דער אומגעגנט קאלנא, שניאַדאָוואַ, יעדוואָבנא קומען קיין לאָמזשע. אַזוי גייט עס אָן דעם גאַנצן טאָג און צומאָרגנס. שמואל אָרלאָווסקי, אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי שיסט אַרונטער אַ דייטשישן עראָפּלאַן. פיל הייזער זיינען איינגעפאַלן און די איינוואוינער באַגראָבן אונטער די חורבות. די שטאָט האָט געברענט פון אַלע זייטן. מער אידן פאַרלאָזן די שטאָט דערשראָקענע, שטויסנדיק אַליין די וועגענער מיט די קינדער אין זיי. אַנדערע, וואָס האָט זיי אָפּגעגליקט צו קריגן אַ וואָגן צו דינגען, זיינען געפאָרן קיין רוטקי און גאַטש. צווישן זיי איז געווען הרב שאַצקעס מיט זיין משפחה און פיל פון דער ישיבה. די איינוואוינער פון די שטעטלעך האָבן געבאַקן ברויט פאַר די פּליטים און בכלל אויפגענומען מיט צופרידנהייט. די פּאָליאַקן טרעטן אָפּ קיין ביאַליסטאָק. די דייטשן פאַרנעמענדיק רוטקי, זאַמלען אויף אַלע אָן אויסנאַם מענער אויפן מאַרק. פון דאָרטן צו אַן אָפענער פעלד, וואו זיי ווערן באַפוילן צו ליגן מיטן פּנים אַראָפּ אויף דער ערד. פאַר ווידערשטאַנד וועט מען דערשאָסן ווערן. אַזוי ליגן די מענער אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פרי זאַמלט מען זיי אויף אין תפילה, די פרויען מוזן קאָכן און ברענגען עסן פאַר די מענער. דערווייל ווערן אַלע מענער פון 18־40 אַוועקגעפירט קיין מזרח פּרייסן. אין לאָמזשע ווערן די מענער נאָך אַזאַ קאָנצענטראַציע אין דער עוואַנגעלישער קירכע אויך אַוועקגעשיקט אַהין. אין ראַסטענבורג טרעפן זיך אויך ביידע מחנות. פאַרזאָרגנדיק זיי מיט עסן — אַ לעבל ברויט פאַר 3 מענטשן, ווערן זיי געבראַכט מיט דער באַן קיין קליין־דעקסען נעבן סטאבלאג. אַ גאַנצע נאַכט ליגט מען אין דרויסן

אונטער אַ גוס־רעגן. די פּאָליאַקן האָבן פּאַלאַטקעס. אין איינעקע טעג אַרום באַקומען די אידן אויך פּאַלאַטקעס. ס׳איז נישט צו־גוט. עסן גיט מען 2 מאָל אין טאָג. בייטאָג גרינס־זופּ און אין אָוונט אַ לעבל ברויט פאַר 6 מענטשן און אַ פּאָרציע שווייצאַרישע פּוטער. צו קיין אַרבעט גייט מען נאָך נישט.

אין אַ וואָך אַרום ווערן די פּאָליאַקן באַפרייט מיט די דייטשן און גלייך קומען מסירות אויף אידן. די פּאָליאַקן בריה׳ן זיך פאַר די דייטשן: זיי באַפאַלן די אידן, צעשטערן די פּאַלאַטקעס, ציען אַראָפּ די קליידער פון די אידן, און נעמען אַלעס צו. די אידן, באין ברירה, לייזען אויס זייערע זאַכן פון די פּאָלאַקן פאַר פיל געלט. אַרום 6 טויזנט אידן זיינען דאָרטן געווען. 3 וואָכן האָט מען זיי געמאַטערט.

## ב. צוריק אין דער סאָוויעטישער לאָמזשע

קורץ נאָך דעם זיינען באַפרייט געוואָרן 3000 מאַן צוריקצוגיין צו זייערע פריערדיקע וואוין־ערטער אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע; מיטן באַן קיין אָסטראָלענקאָ און דערנאָך זיינען זיי געקומען קיין לאָמזשע. די דאָזיקע האָבן גוט אָפּגעשניטן. אַנדערע האָט מען פריער געבראַכט קיין וואָלאָוואַ און ערשט דאָרטן אָפּגעלאָזן פריי. אָבער די נאַציס האָבן אויף זיי, סתם אַזוי, גענומען שיסן און פיל אַוועקגעלייגט. די רעשט קומענדיק אין רוסיש אָקופּירטן שטח זיינען אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוועטישע מאַכט־האָבער, חושד־זייענדיק זיי אין שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד. צווישן זיי זיינען געווען: מ. טוכוועבער, בערל לעוו, א. אַנד. לאָמזשע איז געווען צעשטערט. דער גאַנצער האַנדל איז באַשטאַנען פון פאַרקויף פון שוועבעלעך, פּאַפּיראָסן, שטוב־זאַכן און צירונג. אַ גרויסע נאָכפראַגע איז געווען אויף זייגערלעך פאַר יעדן פּרייז.

דער צושטאַנד האָט זיך שנעל געביטן. די רוסן האָבן אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מענטשן, אָן אונטערשייד, ביי פאַרשידענע אַרבעטן אין פאַבריקן, ביוראָס, א. א. אויף גוטע באַדינגונגען און לוין. די באַציאונג צו אידן איז געווען אַ גוטע, אַנדערע האָבן נאָך געמאַכט קאַפּיטאַל. קיין געזעלשאַפטלעכער לעבן איז נישט געווען אויסער קאָמסאָמאָל־יוגנט־קלובן פאַר אידן און פּאָליאַקן צוזאַמען. דאָס רעליגיעזע לעבן איז, פאַרהעלטנישמעסיק, נישט געשטערט געוואָרן.

באַלד האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סעריע אַרעסטן. צוערשט טראָצקיסטן, צווישן זיי: ווייסבאָרד, אליאַך און סרעבראָוויץ. נאָכדעם — די טעטיקע רעוויזיאָניסטן: י. ש. אָרלאָווסקי, קיילער, פּעפּער (קליינ׳ס אידעם), א. אַנד. אויך פיל פון „בונד“. פיל אידן זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און די יונגע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד. עלטערע זיינען נאָר גענומען געוואָרן אויף איבונגען, פאַר 6—8 וואָכן, אָדער אין אַרבעט אַרמייען. אַ האַלבן טאָג אַרבעט און אַ האַלבן — מיליטער איבונגען. די משפחות פון די מאָביליזירטע האָבן באַקומען שטיצע: 75% פון דער סומע פון הויפּט פון דער משפחה, דאָס איבעריקע האָט געקראָגן דער אַרבעטער אַליין.

## ג. די מלחמה רוסלאַנד־דייטשלאַנד

איך האָב געדינט אין דער רויטער אַרמיי, ווען די מלחמה צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד האָט אויסגעבראָכן. ביי ביאַליסטאָק בין איך פאַרוואונדעט געוואָרן. פאַרנעמענדיק די שטאָט, האָבן די דייטשן אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע אויף דער שטאָט: 25 קילאָגראַם זילבער און 10 קילאָ גאָלד. 500 מאַן זיינען גענומען געוואָרן אַלס משכנות. אָבער אויך



אין קלאַס אין דער אידישער גימנאַזיע אין דער צייט פון דער רוסישער אָקופּאַציע.

נאָכן דערהאַלטן די סכומים זיינען זיי אומגעבראַכט געוואָרן אָנשטאָט באַפרייט צו ווערן. אַלס אַ לאָמזשער האָט מען מיך נישט פאַרהאַלטן. מיט איינעקע אַנדערע זיינען מיר צוריקגעקומען קיין לאָמזשע.

## ד. די געטאָ

אין מיטן סעפּטעמבער 1941 איז אויפגעשטעלט געוואָרן די לאָמזשער געטאָ (לויט אַדוואָקאַט מעסאָנזניק איז דאָס געווען מיט אַ חודש פריער), וואָס האָט אַרומגענומען דעם שטח צווישן סענאַטאָרסקי, שקאָלנאַ, ישיבה געסל, זיעלאָנאַ, וואָזיאַוואַדזקאַ, זידאָווסקאַ, ריבאַקי און טייל פון קשיווע־קאָלאָ. די אונטערהאַנדלונגען מיט מתנות פון גאָלד און זילבער פון די אידישע פאַרשטייער מיט די דייטשן צו פאַרגרעסערן דעם שטח פון דער געטאָ מיט רזשאַנדאָוואַ און דלוגאַ גאַסן, האָבן נישט געהאָלפן. דאַן איז דאָס אַנשטאַנען דער „יודענראַט“, מיינסטנס פון די מיטגלידער פון דער פריערדיקער קהילה: מענדל מושינסקי — פאָרזיצער; מ. קאַלינסקי — געהילף; דר. ש. גאָלדלוסט — ראַטגעבער; סטאַוויסקער רב — פּרעזידענט פון געריכט; משה מושינסקי — אַדוואָקאַט; דאָקטוירים העפּנער, מענקעס, גימפּל און איינעקע שוועסטער פון אידישן שפּיטאָל — דער סאַניטאַציע־קאָמיטעט; אינזש. ראָזענטאַל — דירעקטאָר פון הויזינג אָפּטייל; ז. צימערמאַן — אַרבעט פירער; ז. נאָמבערג — באַהייצונג פירער; וויערניק פון פיאַנטניצע — דירעקטאָר פון שפּייז פאַרטיילונג; אסאָוויעצקי און ראָזענבלום אברהם — פינאַנץ קאָמיטעט; קריסטאָל — זיכערקייטס דירעקטאָר און הויפּט פון אידישער פּאָליציי. אַלץ צוזאַמען אַ גאַנצע אויטאָנאָמיע: ממונים אויף אַלע צווייגן פון לעבן; אידישער הונגער; ריין אידישע ליידן. די פּאָליציי האָט געהאַט אַרום 100 מאַן לאָמזשער אידן מיט אַ קאָמענדאַנט אין דער שפּיץ, אַ אידישער פּליט, סאַלאָמאָן הערבערט. צווישן די לאָמזשער זיינען געווען: בערל באַצקאָ, מרדכי יעלין, פייוול פערקאל, אברהם חיימאָוויץ, יוסף פעלדמאַן, א. אַנד. מייסטן האָבן זיי געהאַט גוטע באַציאונגען צו די געטאָ איינוואוינער. אויסנאַמען זיינען געווען נאָר איינעקע, וועלכע האָבן פאַרשאַפט פילע צרות. כמעט אַלע האָבן גענומען אונטערקויף־געלט.

דאָס אומגליקלעכע לעבן איז אַזוי געגאַנגען אין דער געטאָ: אַרבעט, הונגער, גייסטיקע יסורים, שרעק פאַרן מאָרגן. פאַך־לייט האָבן געאַרבעט ביי זייער פאַך. נישט קוואַליפיצירטע — ביי פאַבריקאַציע, שניידן וועלדער צוגרייטן אַמוניציע, בויען וועגן, א. א. פרויען האָבן געדינט ביי די דייטשן פאַר אַ קליינעם געהאַלט. דורכן טאָג זיינען

אין געטאָ פאַרבליבן אַלטע און קינדער. די וואָס פלעגן אַרבעטן אויסער דער געטאָ זיינען געווען אין אַ בעסערער לאַגע: זיי פלעגן קויפן ביי די פויערים עסנוואַרג אין אויסטויש פאַר עפּעס אַ מלבוש, אַ שטוב־אַרטיקל אָדער פאַר באַרעס געלט. אין געטאָ איז די פּאָרציע עסן פאַר אַ פּערזאָן געווען: 300 גראַם ברויט, אַ האַלב ליטער וואַסערדיקע מילך און עפּעס עיפּושדיקע פלייש, וואָס מען האָט זיך נישט געוואָלט צורירן צו דעם. אַמאָל פלעגט מען קריגן נאָך עפּעס עסנוואַרג. עס איז אָנגעגאַנגען אַ געהיימע שחיטה. ווינטערצייט איז געווען שווער צוליבן מאַנגל אין הייצונג־מאַטעריאַל, אָבער — מען האָט עקזיסטירט נאָר מיט דער האָפענונג און אויסקוק אויף דער נאָענטער מפלה פון די דייטשן.

עס הויבט זיך אָן דער גייעג אויף מענטשן. מען כאַפּט אַרויס מענטשן פון געטאָ און זיי פאַרשווינדן אויף אייביק. איינמאָל ווערן אַרעסטירט 20 מענטשן. מען זעצט זיי אַריין אין קעלער פון געסטאַפּאָ־קוואַרטיר, אין בזשאָזינסקי׳ס הויז אויף די וויעטראַקן. אַלע 20 אַנטלויפן. צו מאָרגנס פאָדערן די דייטשן פון דער געטאָ: אָדער די אַנטלאָפענע אָדער 50 אַנדערע. דער יודענראַט האָט זיי נישט אַרויסגעגעבן פון געטאָ — און 50 אַנדערע זיינען גענומען געוואָרן, צווישן זיי: יעקב געלצינסקי (דער אַלטער), מרדכי ראָזען, דער אַלטער שני־דער סענדאַטש, א. אַנד. פילע, פילע משוגעים און קאַליקעס זיינען דאַן איבערגעגעבן געוואָרן דורכן יודענראַט. סענדאַצן האָבן די דייטשן געצוואונגען זיך איינצואוויקלען אין טלית און תפילין און אַזוי האָבן זיי זיי געפירט אונטערן גרעסטן שפּאָט.

## ה. אָנפאַנג פון דער ליקווידאַציע

דעם 25טן אלול תש״א האָבן, לויט זיי באַפעל, אַלע פון 13 ביז 80 יאָר זיך פאַרזאַמלט אויפן גרינעם מאַרק נעבן דעם אַלטן בית־עולם (די אידישע פּאָליציי האָט זיי צוגעזאָגט אַז עס וועט זיי נישט טרעפן קיין שלעכטס). זיי ווערן אַרומגערינגלט פון דייטשישע זעלנער. אַלטע, פרויען, קינדער ווערן אַריינגעוואָרפן אין די לאַסט אויטאָמאָבילן צוגעגרייטע צו דעם. פיל נעמען אַנטלויפן און ווערן געשאָסן. אַנדערע ראַטעווען זיך צוריק אין געטאָ. אַרום 3000 מאַן ווערן אַזוי אַרום אַרויסגעפירט צום טויט. באַוואוסטע צווישן זיי: טוביה בערמאַן מיט זיין זון, בערענזאָן, זבאַנאָוויץ משה (וויעסקער מילנער), נ. פיאַנקאַ מיט זיין פרוי און זון. אַלע ווערן זיי געבראַכט קיין געלצין און דאָרטן ווערן זיי דערשאָסן אין וואַלד. אָט די גרויסע אַקציע איז געווען אַ הקדמה צו דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ. דאָרט גייט נאָך אַלץ אָן דאָס טראַגישע ראַנגלעניש צו עקזיסטירן און דערלעבן די ענדע. קיין באַוועגונג צו פאַרלאָזן די געטאָ קומט נישט פאָר, וואַרטנדיק אויף אַ נס. אַנדערע האָבן נאָך געהייראַט און געבאָרן קינדער. צווישן זיי — שמחה סאַפּירשטיין, ווייל עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ פאַרהעלנישמעסיקע שטילקייט נאָך דער גרויסער „אַקציע״, נישט קוקנדיק אויף די שרעק און ציטערניש פאַר דער צוקונפט.

טיף געפילט האָט עס דר. העפנער, הויפּט פון אידישן שפּיטאָל. נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז געווען באַפריינדעט מיטן הויפּט פון געסטאַפּאָ אַזוי, אַז ער איז אַמאָל געבראַכט געוואָרן קיין דייטשלאַנד ביי־צו־זיין ביי אַ גרויסער אָפּעראַציע — האָט דאָך נישט געזען קיין אויסוועג פון דער לאַגע און אַליין געמאַכט אַן ענדע צו זיין לעבן. ער האָט איבערגעלאָזן אַ קורצן בריוועלע: „איך ווייס וואָס עס דערוואַרט אונז אַלעמען. איך זע נישט קיין מאָטיוו פאַר מיין ווייטערדיקן לעבן״. נאָך אַנדערע האָבן אַזוי געטאָן. אייניקע האָבן פּרובירט זיך צו באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן פאַר גרויסע סומען געלט, ווי: רובינשטיין מיט זיין פאַמיליע, ג. קוויאַטעק מיט זיין פרוי, שטראַקס, א. אַנד. די פּאָליאַקן האָבן דאָס געלט צוגענומען פון זיי און דערנאָך זיי איבערגעגעבן צו דער געסטאַפּאָ. אַנדערע האָט אָפּגעגליקט צו בלייבן לעבן ווי: סלאָווע זבאַנאָוויץ, די משפחה לובעל, לאה בורשטין מיט איר טאָכטער, א. נ.

## ו. די ליקווידאַציע

אין אָקטאָבער 1942 איז פאָרגעקומען דאָס אַריבערפירן די אידן קיין זאַמבראָוו, ווי עס איז געשילדערט אין באַריכט (די דאַטעס שטימען נישט). איך האָב דאַן געאַרבעט ביי די דייטשן אין זאַראמב־קאָשצעלנא. אין מיטן נאַכט האָט מען מיך אויפגעוועקט, געבונדן אין קייטן און צוגעבונדן מיט אַ קייט צו אַ וואָגן, נאָך וועלכן איך בין געלאָפן ביז ציזשעוו. דאָרטן בין איך אַריינגעזעצט געוואָרן אין טורמע ביזן נעקסטן טאָג. דאַן צוזאַמען מיט אַנדערע בין איך געבראַכט געוואָרן קיין זאַמבראָוו. לאָמזשער האָבן דאָרטן פאַרנומען דריי בלאָקן.

דעם 7טן יאַנואַר 1943 האָט דער געסטאַפּאָ־הויפּט און אייניקע אידישע מיליציאָנערן איבערגעגעבן דעם באַפעל, אַז אַלע דאַרפן פאַרלאָזן דעם לאַגער און פאָרן צו „אַרבעט אין גוטע פלעצער״ (אויבן איז אָנגעגעבן געוואָרן די דאַטע פון 9טן יאַנואַר). צומאָרגן ביינאַכט אין אַ שטאַרקן פראָסט האָט מען אַרויסגענומען דעם ערשטן בלאָק, אַריינגעפּאַקט אין פויערישע וועגענער און געפירט צו דער באַן־סטאַנציע טשיזשעוו. פון דאָרטן קיין אָשוויענצים, וואו עס זיינען שוין געווען פאַר זיי צוגעגרייט די קרעמאַטאָריע־אויוונס. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן אַ בלאָק מענטשן. קיינער פון זיי האָט נישט געוואוסט וואוהין מען פירט זיי. קומענדיק דאָרטן ערשט האָט מען גלייך געוואוסט וואו און צו וואָס מען איז געבראַכט געוואָרן: דייטשן און אוקראַינער האָבן אונז מקבל־פּנים געווען. מיט גראָבע שטעקנס האָט מען אונז געשלאָגן מכות־רצח; דאָס איז געווען אַ צוגאָב צו די ווילדע הינט, וואָס זיי האָבן אָנגערייצט אויף אונז. דאָס געפּעק האָט מען געמוזט איבערלאָזן אין די וואַגאָנעס. די מענער זיינען סאָרטירט געוואָרן לויט זייערע כּוחן און געזונט־צושטאַנד. פרויען און קינדער זיינען גלייך געפירט געוואָרן צו די גרויסע קוימענס.

די פּאַר אַרבעט אָפּגעקליבענע זיינען געבראַכט געוואָרן צו פון ברעטער אויפגעשלאָגענע שטיבלעך. דאָרט האָבן מיר געקראָגן נאָך אַ קבלת־פּנים מיט קלעפּ און זידלערייען (די מאַכערס דאָ זיינען געווען אידן פון אויסלאַנד): מיר׳ן טאָן מיט אייך ווי מיט אייערע קרובים, איר זייט נישט געקומען צום לעבן. צומאָרגנס, נאָך זייער אַ שטרענגן זוכן און באַזוכן דעם גוף אין אַלע פאַרבאָרגענע ערטער, און נאָך אַ וואַשן זיך אין באָד, האָט מען אונז אָנגעטאָן „אפלינגס־קליידער״, ווידער סאָרטירט לויט די פאַכן צו אַרבעטן אין בירקענאַו, ווישאָוויץ, יאַבאָזנאַ, צו די קוילן־גרובן וואַלבינאַ, א. א. דאָס עסן איז געווען זייער שלעכט: שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, שוואַרצע, פאַרפוילטע. פיל פון די גרובן אַרבעטער זיינען צעשטאָרבן פון דער הונגער־מגפה. צו אַ דאָקטאָר צו גיין איז געווען אַ סכנה — ווער ס׳איז געגאַנגען, איז שוין צוריק נישט געקומען קיין לעבעדיקער. אין יענע טעג זיינען געשטאָרבן: אל. עוורעוויץ, מ. ל. אודינער, מ. אודינער (קאָשנער), מ. בינשטיין, י. סלאַוואַטיס, ש. מאַרקוס, ש. לאַשקעוויץ, מ. מ. בזשאָזינסקי (מעטעק). פיל זיינען געשטאָרבן גלייך ביים קומען קיין אָשוויענצים: ז. ציטערמאַן, ברידער כץ, ברידער גרינבערג, כאַלופּאָוויץ א. אַנד.

# וואָס מ. י. ווייסבאַרד דערציילט

באַמערקונג פון רעדאַקציע:

[פון מ. י. ווייסבאַרד'ס דעראינערונגען זיינען די ווייטערדיקע פּאַסירונגען כדאי איבערצוגעבן, ווייל קיין אַנדערע דערציילער ריידן נישט וועגן זיי. בכלל, אין דעם מאַטעריאַל וועגן חורבן לאָמזשע און אומקום פון אירע אידן, וועגן וואָס עס ווערט דער־ציילט פון עטלעכע פּערזאָן, האָט דער רעדאַקטאָר פון לאָמזשער פּנקס אין אידיש זיך געריכטעט לויט דער נייקייט און אַנדערש־קייט פון די פּרטים; דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט פון מער ווי איינעם, ווערט נישט איבערגעחזר'ט. אויך געשעענישן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט אַ יחיד אָן דירעקטן, באַלדיקן צוזאַמענהאַנג מיטן כלל, איז אינגאַנצן אויסגעלאָזן].

## דער לעצטער וועג פון לאָמזשער ישיבה

דאָס איז געווען נאָך סוכות פון יאָר 1939. די אָקופּאַציע־מאַכטן האָבן זיך געביטן, דייטשן זיינען אַרויס און רוסן — אַריין. וויסענדיק דעם גורל פון ישיבה־בחורים אונטערן סאָוויעטישן רעזשים, האָט אויפגעהערט דער קול פון די לומדים. אַ שווערע דריקונג אויפן האַרצן און געמיט. דאָס איז געוואָרן פאַרערגערט פון דעם רעש און געפילדער פון די אַנגעלאָפענע, מער ווי 50 משפּחות פּליטים, וואָס האָבן זיך צעלייגט אין דער ישיבה. די בחורים זיינען אַריבער אויבן אין דעם מוסר־שטיבל. דער משגיח, ר׳ משה ראָזענ־שטיין, גייט אום ווי אַ שאָטן. אָפט חזר׳ט ער איבער די ווערטער: „מ׳דאַרף זיך שטאַרקן בייצושטיין דעם נסיון פון קדוש השם...״

## וואוהין זאָל מען גיין?

עס איז אַרומגעגאַנגען אַזאַ בשורה: „ווילנע האַלט ביים איבערגיין צו ליטע און די גרענעץ וועט זיין אָפן פאַר איי־ניקע טעג. דאַרף מען גיין קיין ווילנע. נאָך אַנדערע ישיבות זיינען דאָרטן אַוועק״. אין גרופּע האָט זיך אַרויסגעלאָזן אין וועג מיט ר׳ זעליג ראַך אַלס פאַרשטייער. אין ווילנע האָט מען אונז גוט אויפגענומען. ר׳ יחיאל מרדכי׳ס איידעם, ר׳ אייזיק קאַשטשישאַווסקי, האָט אונז איינגעאָרדנט נישט שלעכט אין בית מדרש אויף קוויאַטאָווע 12. נאָך אַ קורצער צייט האָבן מיר אויסגעוואַנדערט קיין פּלונגיאַן. די דאָרטיקע בעלי־בתים זיינען געווען איבערגליקלעך. לאָמזשער הייליקע ישיבה קומט צו זיי! מיט געזאַנג און כלי־זמר האָט מען אונז אויפגענומען. דער קול־תורה האָט זיך שוין גענומען הערן פון די ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. אָבער ר׳ משה דער משגיח האָט שוין מער נישט געקענט טראָגן זיין אויסגעמאַטערטן גוף פון 20 יאָר פאַסטן און פּייניקן זיך און י״ג ניסן, תש״א, איז ער נפטר געוואָרן. ער איז געווען אַ צדיק־תמים, אַ תלמיד פון ר׳ שמחה זיסל, פון די גרויסע בעלי מוסר אין זיין דור. אַ גרויסער טרויער געווען. פון פיל אַנדערע ישיבות זיינען געקומען לומדים אים מספּיד צו זיין.

דערווייל האָבן זיך געביטן די מאַכט־האָבערס. די נאַציס קאָנפיסקירן אונזערע דירות. מיר ווערן געכאַפּט צו צוואַנגס־אַרבעט. באַלד ווערן הונדערט ישיבה־בחורים אויסגעהרג׳עט מיט זייערע פירער: ר׳ יהושע זעליג ראַך, ר׳ לייזער שו־ליאַוויץ׳ס איידעם, גרינדער פון לאָמזשער ישיבה אין פּתח־תקוה; ר׳ אייזיק, איידעם פון ר׳ יחיאל מרדכי; ר׳ שבתי ווירעניקאָווסקי; ר׳ אריה פּרוסקין; ר׳ לייזער אגולסקי, איידעם פון „אַלטן״ משגיח; ר׳ אלחנן זאַיאַשצער א. נ. אַנד.



קרעמאַטאָריום־אויוון

די איבעריקע האָבן געאַרבעט אונטער שרעקלעכע נגי־שות, אָבער האָבן זיך אויפגעפּאַסט נישט צו קרענקען. פון די 1000 לאָמזשער, וואָס האָבן דאַן נאָך עקזיסטירט, האָבן 100 דערלעבט די באַפרייאונג. פון צייט צו צייט פלעגן גע־מאַכט ווערן „סעלעקציעס״, ד. ה. אונטערזוכן אַלעמען, אַרויס־נעמען די שוואַכע, קראַנקע און אַוועקפירן זיי אין די קרעמאַ־טאָריעס. ווען ביי אַזאַ סעלעקציע האָט אַמאָל געפעלט אימי־צער, האָט מען אונז געהייסן שטיין 18 שעה אין אַ גרויסן פראָסט. פיל זיינען פאַרפרוירן געוואָרן צום טויט אַזוי שטייענדיק.

אין דער „זאָנדער־קאָמאַנדאָ״ ביי די קרעמאַטאָריעס האָבן געאַרבעט אויך איניקע לאָמזשער. זיי האָבן געלעבט אין בע־סערע באַדינגונגען, בעסער עסן. אין דעם באַוואוסטן אויפ־שטאַנד אין בירקענאַו, ימים־טובים צייט פון 1944, איז צע־שמעטערט געוואָרן איין אויוון און פילע דייטשן זיינען גע־וואָרפן געוואָרן אין די קאַלך־אויוונס. פיל זיינען געפאַלן מיט געווער אין די הענט. צווישן זיי לאָמזשער: זעליג און אייזיק קאַלניאַק, פאַניע לייב־הערש, ריבאַק פון רזשאַנדאָווע גאַס, חיים־יעקב לאַכאָוויץ פון לאָמזיצע, א. אַנד. ווען דער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרן (צוליב אַ מסירה פון אינווייניק איז ער דורכגעפאַלן) זיינען מיר געשטעלט געוואָרן צום משפּט. מיר זיינען צעשפּרייט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן אין עסטרייך (אין יאַנואַר, 1945). דאָרטן זיינען מיר פאַרבליבן ביז די באַפרייאונג איז געקומען, דורך דער אַמע־ריקאַנער אַרמיי, אין מאַי 1945.

(פאַרנאָטירט דורך יאַגאָדאָווסקי, ירושלים)

## פון אַ טאָג־בוך פון ה. פאָררוזניק

דעם 2טן אויגוסט 1941 בין איך צוריק געקומען קיין לאָמזשע. די אידן גייען גערן צו צוואַנגס־אַרבעט, רעכענענדיק אַזוי אַרום ניצול צו ווערן פון טויט: „די דייטשן נויטיקן זיך דאָך אין זיי, וועלן זיי בלייבן לעבן‟. נאָך 4 שטילע וואָכן אַריבער. פלוצלונג פאַרווילט זיך דער געסטאַפּאָ די שיינע הויז פון ס. דונאָוויץ. מאַכט זי אַ בילבול, אַז אין יענער הויז איז באַהאַלטן געוואָרן אַ רוסישער שפּיאָן. די גאַנצע משפחה דונאווייץ ווערן אויסגעהרג׳עט אין די הויז באַזעצט. דאָס איז געווען די הקדמה צו דער סעריע פון מערדערייען, וואָס עס האָט זיך באַלד גענדאַרפט אָנפאַנגען. צו מאָרגנס זיינען לאַסט אויטאָמאָבילן אָנגעפילט געוואָרן מיט 50 מאַן פון פאַרשידענע ווערקשטאַטן און פאַרשוואונדן געוואָרן מיט זיי. אַזוי אַרום פלעגן פאַרשווינדן טעגלעך הונדערטער אידן. די פּאָליאַקן פלעגן צוהעלפן מיט אָנווייזונגען צו געסטאַפּאָ. די אידן האָבן נישט געגלויבט, אַז די אַלע געכאַפּטע וועלן נישט צוריקקומען. די פּויערים פון געלצין האָבן דערציילט, אַז יעדן אינדערפרי הערן זיי אַ שיסעריי פון מאַשין־ביקסן. די אומגליקלעכע געכאַפּטע האָט מען נאָך פאַרן טויט געפייניקט און פאַרשעמט מיט כלערליי דערנידעריקונגען און זיי האָבן געמוזט אַליין גראָבן זייערע קברים.

אַזוי האָט מען געזען דעם אַלטן ברעגמאַן אַ צעבלוטיקטן געשלעפּט פון די געסטאַפּאָ־לייט וואָס האָבן געפליקט זיין באָרד. אין נאָך אַן ערגערן צושטאַנד איז געווען שיינקאָפּ פון אַלטן מאַרק וועלכער איז געשאָסן געוואָרן פאַר נישט אַראָפּנעמען זיין היטל פאַר אַ דייטש. אַמאָל פלעגט מען אָנהויבן שיסן אין פרויען, סתם אַזוי, פאַר שפּאַס און אָנרייצן הינט אויף זיי. לויט אַ רשימה פלעגן זיי אַרויסנעמען די אינטעליגענציע. די ערשטע קרבנות זיינען געווען: דר. ליכטער מיט זיין פרוי, אַדוואָקאַט קאקאשקאַ, נחמיה ווישאוואטי, יעקב ראָזענטאַל. נאָך דעם טרעט אַריין אַ שטילקייט: צו פאַרשלעפּערן און אָפּטעמפּן די געדאַנקען.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „יודענראַט‟, וועמעס מיטגלידער זיינען פאַרשריבן געוואָרן פריער. דעם 12טן אויגוסט 1941 (דורך י. צ. פרום איז אָנגעגעבן געוואָרן אַ מאָנאַט שפּעטער) האָבן אַלע לאָמזשער אידן געמוזט אַריבערגיין אין געטאָ אין פאַרלויף פון 1 שעה צייט דורכן טויער ביי סענאַטאָרסקע גאַס. וואָס גרעסער די דריקעניש איז געוואָרן אַלץ מער שטעקנס זיינען געפאַלן אויף די אומגליקלעכע. אייניקע מאָל האָבן נאָך די דייטשן געשאָסן אין די געדיכטע מאַסן. אייניקע זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן ביי דעם אַריינגאַנגס טויער, סתם אַזוי. קובעק העפּנער איז געווען איינער פון זיי. מיט טרערן (זי איז נאָך געווען נאַאיוו צו גלויבן, אַז אַ פרוי׳ס טרערן וועלן ווירקן אויף די תּליינים) אין די אויגן איז זיין פרוי געגאַנגען פרעגן וועגן איר מאַן. ביידע זיינען פאַרשוואונדן, איבערלאָזנדיק צוויי יתומים.

איצט איז שוין געווען גרינג פאַר די דייטשן צו פאַרנעמען יעדן מאָל אַזוי פיל אידן וויפיל זיי האָבן געוואָלט און פאַרניכטן זיי. ס׳איז שוין נישט נויטיק געווען קיין זוכעניש אָדער אָנווייזונגען אויף אידישע הייזער. די אידישע פּאָליציי האָט זיי נאָך געהאָלפן אַרויסצובאַקומען די אידן פון יעדן הויף. זיי פלעגן אויסשרייען: „אידן, אַרויס‟. אייניקע פלעגן אָפּנאַרן און באַהאַלטן זייערע נאָענטע. אייניקע האָבן טאַקע באַצאָלט מיטן לעבן דערפאַר. אַזוי איז סענדאָץ דערשאָסן געוואָרן פאַר אַלעמענס אויגן און עקיבא פיעקאראָוויץ איז אומגעקומען פאַר וועלן באַהאַלטן זיינע עלטערן.

די דייטשן פלעגן זיך באַנוצן מיט יעדער געלעגנהייט צו זייערע מאַסן־מערדערייען. אַז דעם קאָמיסאַרס הונט איז אַמאָל נישט צוריקגעקומען צו זיין באַלעבאָס, האָט מען 40 אידן אויסגעשאָסן. אין פאַלן פון כאַפּן די וואָס פלעגן וועלן מיט געלט זיך אויסבאַהאַלטן ביי די פּאָליאַקן, פלעגן די לעצטע גוט דינען די דייטשן: זיי פלעגן נעמען די גרעסטע סומען געלט ביי די אומגליקלעכע צוזאָגענדיק פּראָטעקציע, שוץ און דערנאָך זיי איבערגעבן צום טויט. צווישן אַנדערע קדושים זיינען אַזוי אַרום אומגעקומען: פרישמאַן, בנימין אַלטאַזש, נאָמבערג (אייגנטימער פון ווינט־מיל), ליאָלקע דזשיגאוווסקאַ, פאַניץ (אייגנטימער פון מעבל־קראָם), א. אנד. דער לעצטער האָט זיך שרעקלעך אָנגעליטן ביז זיין טויט. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין הויז פון זיין באַקאַנטן פּאָליאַק, נאָכן אַראָפּשפּרינגען פון לאַסט־אויטאָ אויפן וועג קיין געלצין. נאָכהער, אויסניצנדיק יעדע לאָך אין שטאָט אויסער דער געטאָ, האָט ער זיך באַהאַלטן, אַ פאַרוואונדעטער אין קאָפּ, אויגן, הענט, א. אנד. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט פון די תּליינים נישט אַנטרינען. ער האָט געזען די סצענע מיט דעם אַלטן סענדאטש דעם שניידער, ווי די דייטשן האָבן אים אין טלית־און־תּפילין געפייניקט און אָפּגעלאַכט פון אים. שפּעטער איז טאַקע פאַניטש אַריינגעפאַלן צו די דייטשן און אומגעקומען אויפן זעלבן אופן, ווי זיין טאַטע, וועלכער האָט פּרובירט זיך אויסבאַהאַלטן.

פון די שטעטלעך אַרום לאָמזשע זיינען געקומען אַנטרונענע פון די אויסגעשלאַכטעטע קהילות צו די לאָמזשער אומגליקלעכע. לויט ווי זיי האָבן איבערגעגעבן זיינען אין יעדוואַבנאַ אין אַ שייער אומגעקומען 15 הונדערט אידן, זיי זיינען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. אין קאָלנע האָט מען אויף אַ לאַסט אויטאָ אַרויסגעפירט אַלע אידן אין וואַלד טשערוואָני און דאָרט זיי צעשאָסן. אין סטאַוויסק האָט מען אויסגעהרג׳עט אַלע אידן אויסער 30 בעל־מלאכות וואָס די דייטשן האָבן זיך גענויטיקט אין זייער אַרבעט. דאָס זעלבע איז אויסגעגאַנגען צו די קהילות וויזנא, רוטקי. נאָר זאמבראָוו איז געבליבן אויף שפּעטער.

צוויי מאָל האָט מען אונז פאַרזאַמלט אויפן גרינעם מאַרק. דער פאָרזיצער פון דעם יודענראַט האָט געלאָזט וויסן אין נאָמען פון געסטאַפּאָ, אַז אין אַ געוויסן פרימאָרגן דאַרפן זיך אַלע אידן אָן אויסנאַם פאַרזאַמלען פאַרן צוועק פון סאָרטירן, אָפּזונדערן מענער, פרויען, אַלטע, יונגע, געזונטע און קראַנקע. אויס מורא האָבן אַלע אידן דערפילט דעם באַפעל נישט קוקנדיק אויפן שטורעם־רעגן וואָס האָט דאַן געגאָסן. די תּליינים האָבן געלויערט אויף די אידן אין אַלע עקן פון די גאַסן. ווער ס׳איז זיי נישט געפעלן געוואָרן מיט זיין האַלטן זיך האָבן זיי אים צורעכטגעמאַכט מיט זייערע ריטער אין די הענט. זיי האָבן דאַן אויפגעזאַמלט אַלע קאַליקעס, אַלטוואַרג און שוואַכע און האָבן זיי פילמירט כדי צו צייגן נאָך דעם אין די דייטשישע קינאָ־טעאַטערס וואָס פאַר אַ מיאוס פאָלק אידן זיינען.

נאָכדעם איז איבערגעגעבן געוואָרן צום פאָרזיצער אַ רשימה פון מענטשן, וואָס דאַרפן אַרויס פון די מאַסן און זיך שטעלן אין דער ערשטער שורה. מיטן גאַנצן כח האָט דער פאָרזיצער אויסגערופן די נעמען פון דער ליסטע. דאָס זיינען געווען פאַרדעכטיקטע אין קאָמוניזם און אויך אַזוינע וואָס אַנטיסעמיטן־פּאָליאַקן האָבן געוואָלט האָבן זייערע גוטע מאַטעריעלע שטעלעס. מער ווי צוויי הונדערט נעמען האָט

אַנטהאַלטן די רשימה. מיטן גרעסטן פחד האָבן מיר זיך צוגעהערט צו יעדן נייעם נאָמען: ווער האָט דען נישט געדינט מיט עפּעס אַן אופן אין די צייטן פון דער סאָוויעטן־רעגירונג? איין פרוי האָט אין איר צעשראָקנקייט זיך אויסגעדוכט אַז זי האָט געהערט אויסרופן איר נאָמען איז זי אַרויס פון די מאַסן און זיך געשטעלט אין שורה... עס האָט נישט געהאָלפן קיינע דערקלערונגען און צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע איז זי פאַרנומען געוואָרן אויפן לאַסט־אויטאָ און פאַרשוואונדן. אַנדערע האָבן געוואַגט און זיך נישט אָפּגערופן הערענדיק זייערע נעמען. מ׳שטיינס־געזאָגט וואָס האָבן זיי דאַן געהאַט צו פאַרלירן. דער טויט איז סיי ווי געווען פאַר די אויגן. נאָכן לייענען די נעמען האָט מען געלאָזט וויסן, אַז צוואַנגס אַרבעט וועט שוין אויפהערן. מען וועט דאַרפן אַרבעטן לטובת דער גרויסער דייטשלאַנד. פאַר די, וואָס האָבן געהאַט שטעלעס צו אַרבעטן, האָט מען אויסגעטיילט אַזעלכע בילעטן. נאָכן אַרויפלייגן אויף די אידן אַ שטראָף פון אַ מיליאָן מאַרק (הונדערט טויזנט דאָלאַר), זיינען מיר נאָך געשטאַנען אַרום 8 שעה אויסגענעצטע, פאַרקילטע, צעבראָכענע.

אַ קורצע צייט נאָך דעם זיינען צו אונז אָנגעקומען אידן פון פּיאָנטניצע, לאָמזשיצע. עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ וואו זיי זאָלן הויזן צוליב דער שרעקלעכער ענגשאַפט אין געטאָ — 10 נפשות אין איין צימער. אפילו בוידעמער, קעלער און שטאַלן זיינען געווען געפּאַקט. לויט אַ באַשלוס פון יודענראַט איז דער פאָרזיצער געגאַנגען בעטן ביי דער געסטאַפּאָ צו פאַרגרעסערן די געטאָ כאָטש מיט איין גאַס. צו אונזער דערשטוינונג האָבן די דייטשן איינגעשטימט פאַר אַ סומע פון אַ האַלב מיליאָן מאַרק — אַלס שטראָף. פאַרן פאַרלייגן אַ מתנה דעם הויפּט פון געסטאַפּאָ, האָבן די תליינים שווער צעשלאָגן דעם פאָרזיצער.

פון אָנפאַנג איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מען גייט פאַרגרעסערן די געטאָ מיט דער רזאַנדאווא גאַס און קזשיוואַקאַלאַ. אָבער אין גיכן האָבן מיר אויסגעפונען אונזער טעות. אַ נייער באַפעל איז אַרויס: „אַלע נישט באַשעפטיקטע מוזן זיך פאַרזאַמלען אין בגדי שבת אויפן גרינעם מאַרק 5 אַזייגער פאַרטאָג". זעקס באַוואָפנטע תליינים מיט האַנט־גראַנאַטן, רעוואָלווערן, מאַשינען־געווער, א. אַנד. זיינען אָנגעקומען און געאָרדערט די פאַרזאַמלטע צו 6 זיין אַ שורה. אַ גאַנצער פינפטער־טייל פון געטאָ, אַרום 2000 נפשות, איז דאָ געווען פאַרזאַמלט. די אידישע פּאָליציי אין דער יודענראַט אַרום זיי. אַ טומל. דר. העפּנער איז אַנטלאָפן קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס. ער האָט גע׳חלש׳ט מורמלענדיק: „אַלעמען, אַלעמען האָבן זיי אַוועקגענומען קיין געלצין". נאָר איין פרוי, בוכבינדער (איר מאַן איז געווען אַ בעדנאַר) האָט געזאָגט נישט צו גיין קיין געלצין. האָבן די תליינים זי געשלאָגן מיט דער גרעסטער אכזריות צום טויט אויפן אָרט. אַן אַנדערער ווידער איז אַליין געגאַנגען נישט ווערנדיק גערופן: העניעך בערמאַן האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין אַלטן קראַנקן פאָטער, טוביה, און איז אַליין מיטגעגאַנגען קיין געלצין... אונטערן באַפעל האָבן די אידישע פּאָליציסטן געמוזט זיי באַגלייטן. נאָר אין מיטן וועג האָט מען זיי געהייסן זיך אומקערן, זיי האָבן דערציילט אַז ווען זיי זיינען אַרויס אויפן וועג האָבן די תליינים זיי געצוואונגען צו זינגען „התקוה". אין דעם זעלבן טאָג זיינען געכאַפּט געוואָרן אַלע לאָמזשיצער און פּיאָנטניצער אידן און אויך פיל פון די בעסטע און פיינסטע פון לאָמזשער קהילה, וואָס האָבן נישט געקענט אַרבעטן פיזיש; ביי זייער לעבן זיינען זיי געווען באַשעפטיקט צו טאָן חסד און צדקה. מיין מוטער איז דאַן געשטאָרבן אויפן גרינעם מאַרק פון אַ האַרץ־שלאַג.

נאָך דעם זיינען די אידן פון געלצין גופא געכאַפּט געוואָרן, אַרום 30 נפשות, צווישן זיי אַלטע לייט און קינדער, און זיינען געבראַכט געוואָרן אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ. אָט די אַלע האָבן נאָכגעפאָלגט אַ ביישפּיל פון 2 פּאָליאַקן, וואָס זיינען דאָרט געווען פון פריער, און צעברעכנדיק דעם שלאָס זיינען אַלע אַנטלאָפן. די אידן נישט האָבנדיק וואו אַנדערש צו גיין זיינען געקומען אין געטאָ. צומאָרגנס האָט דער פאָרזיצער פון יודענראַט געקראָגן אַ באַפעל איבערצוגעבן צו דער געסטאַפּאָ 40 נפשות פון געטאָ לויטן אויסקליב פון די אידן, און 2 פּערזאָן פון יודענראַט לויט דעם אויסוואַל פון געסטאַפּאָ.

דאָס איז געווען אַ גרויסע טראַגעדיע: ווי קענען אידן אַליין איבערגעבן זייערע ברידער צום טויט?! אָבער ס׳איז נישט געווען אפילו קיין צייט צו קלערן, ווייל בלויז 2 שעה איז געגעבן געוואָרן צו דערפילן דעם ערשטן באַפעל, און אויב ס׳וועט דויערן לענגער, וועט די שטראָף זיין שווערער און די מיטלען האַרבער. די אידישע פּאָליציי וויינען מיט טרערן: ניין זיי וועלן דאָס נישט טאָן! די געסטאַפּאָ האָט אַליין געמוזט צוטרעטן צו דער אַרבעט. טאַבאַליצקי און יאַנקל געלצינסקי ווערן אַרויסגענומען פון דעם פאַרזאַמלטן יודענראַט. נאָכדעם ווערן גענומען פון זייערע הייזער 2 ברידער שאַרקאַנסקי, אייגע פאַניטש און דוד דזובקעוויץ. די אידישע פּאָליציי איז געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך זיי צוצושטעלן צו געסטאַפּאָ מיט דער געפאָדערטער צאָל נפשות. אין קעגנפאַל וועט מען דאַרפן צושטעלן אַ דאָפּלטע צאָל. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט מען צונויפגעזאַמלט אַלע גייסטיק קראַנקע, בעלי־מומים און אַלטע, און אין שורות צו דריי, אַוועקגעפירט צו דער געסטאַפּאָ.

דער דריילינג: טאַבאַליצקי י. געלצינסקי, און אייגע פאַניטש אַלע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זייער גאַנצן לעבן געווידמעט פאַר די טובות פון אַנדערע — אָט די דריי זיינען געגאַנגען אין דער שפּיץ פון דער פּראָצעסיע צום טויט דורך געסטאַפּאָ!

אייגע פאַניטש: וואו אַ נויטבאַדערפטיקער, וואו אַ ליידנדער, וואָס נויטיקט זיך אין הילף אַז קיינער זאָל נישט וויסן, קראַנקע, שוואַכע — האָט זי דאָך באַזאָרגט! אויף דעם האָט זי דאָך געלעבט; מיט דעם איז זי דאָך שטענדיק געווען פאַרנומען פריער צו שאַפן די מיטלען און דערנאָך צעטיילן זיי, און נישט מיט אירע אייגענע הצטרכות׳ן. איצט האָט זי געטראָטן פעסט, מיט גבורה אַנטקעגן טויט אַזוי ווי פריער אַנטקעגן די מצות; נישט געוויינט, נישט געקרעכצט...

אין די צוויי לעבנס־נאָענטע פריינט, טאַבאַליצקי און געלצינסקי, וואָס זיינען שטענדיק געווען צוזאַמען פאַרן וואוילזיין פון אידן: אין באַנק, אין שפּיטאָל, אין שולע, אין בית־מדרש. צוזאַמען פאַר אַנדערע ביים לעבן און צוזאַמען פאַר זיך ביים שטאַרבן! געלצינסקי מיט זיין שטענדיקן, גוט־מוטיקן שמייכל און טאַבאַליצקי מיט זיין שטענדיקן ערנסטן פנים. געלצינסקי האָט זיך נאָך געזעגנט מיט אַלעמען (דאָס איז געווען 2 טעג נאָך דער קבורה פון זיין פרוי). אָט די דריי זיינען געווען די ערשטע שורה.

די צווייטע שורה איז באַשטאַנען פון נחום פּעטרושקע, וועלוועלע זיין ברודער און זייער מוטער — אַלע גייסטיק־קראַנקע — האָבן זיי אָבער גוט פאַרנומען אין וועלכער סיטואַציע זיי זיינען געווען. די מאַמע האָט כסדר געריסן שטיקער פון די שמאַטעס וואָס אויף איר לייב. די דריטע שורה האָבן

אָנגעפילט אַ געלצינער איד און פ׳ן זיינע בײדע זייטן צוויי קינדער: אַ דריי־יעריק אינגעלע און פיר־יעריק מיידעלע — פאַרשטייט זיך ביידע ווײנענדיקע. ביידע ברידער שאַרקאַנסקי האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער מאַסע מיט זייערע גרויסע קעפּ און אַריסטאָקראַטישן אויסקוק. אַן אַלטע פרוי, אָנגעשפּאַרט אויף אַ פּאָליציאַנט, איז געגאַנגען נעבן זיי. אַלע זיינען געווען באַגלייט פון די טויזנטער הילפלאָזע נפשות מיט פנימער פון פאַרצווייפלונג און געוויין...

איין דוד דזובקעוויץ איז געקומען צוריק. דאָס איז געווען אין טאָג פון טויט פון דזובקעוויצעס פרוי. זיין זון און זיין אײדעם זיינען שוין געווען טויט. געבליבן לעבן זיינען נאָר זיין טאָכטער גוטקע מיט אַ קינד. זי האָט זיך געשטופּט שרייענדיק: „הרג׳עט מיך אויך. איך קען נישט לעבן אָן מיין טאַטן". דער פּאָליציאַנט האָט, אויס רחמנות, געבעטן דער געסטאַפּאָ זי זאָל באַפרייען דזובקעוויצן ווייל עס איז זיין פאָטער...

נאָך דעם ביטערן טאָג האָט אונז די געסטאַפּאָ אַביסל אָפּגעלאָזן. אונזערע תלינים האָבן זיך געביטן. די נייע האָבן גערופן דעם פאָרזיצער פון יודענראַט און באַפוילן אים איינצואָרדענען דאָס לעבן אין געטאָ לויט אונזער פאַרשטאַנד און ווילן. אויך דאַרפן מיר אויפשטעלן אַ יורידיש־אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנץ. מיר וועלן דאַרפן אַרבעטן, פאַר וואָס מיר וועלן קריגן באַצאָלט מיט שפּ׳יז און געלט. אַלע באַפעלן מוזן ווערן אויסגעפירט. מיר האָבן שוין געוואוסט וואָס עס מיינען די צוזאָגן, עצות און באַפעלן פון דער געסטאַפּאָ.

די געטאָ איז דערווייל אַרומגענומען געוואָרן מיט שטעכיקן דראָט. אויף סענאַטאָרסקאַ גאַס, איבער אַ טויער, איז געווען אַ גרויסער שילד: "Zaraza", מגפה־געפאַר, עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו אַריינגיין אָדער אַרויסגיין פון געטאָ אונטער טויט שטראָף. ביים טויער אינווייניק האָבן געהיט אידישע פּאָליציסטן; אויסווייניק — דייטשישע און פּוילישע פּאָליציאַנטן. 5 אַזייגער אין דער פרי פלעגן גרופּן אַרויסגיין צו דער אַרבעט; אין אָוונט פלעגן זיי צוריקקומען. דאָס טרויעריקע פינצטערע לעבן איז געוואָרן סטאַביל.

עס איז יעצט נויטיק געוואָרן אַן אַדמיניסטראַציע צו אָרדענען דאָס טראַגישע לעבן: צו זאָרגן וועגן די גאָר אָרעמע, קראַנקע און צו שיקן מענער צו דער אַרבעט. די עסקנים וואָס האָבן געאַרבעט אויף דעם געביט האָבן דאָס געטאָן פון ריין מענטשלעכן געפיל אָן עפּעס צו קריגן פאַר זיך מאַטעריעלע נוצן. עס איז געעפנט געוואָרן אַ קיך, וואָס האָט אַרויסגעגעבן טויזנט מאָלצייטן אַ טאָג. דאָס איז געווען אַ ביישפּילפולע אונטערנעמונג, וואו די עסקנים האָבן אַרויסגעוויזן זייערע געפילן פון רחמים און ליבע איינער צום צווייטן. אַממייסטן האָבן זיך אויסגעצייכנט פאָלגנדע: פעלאַ בזעזינסקאַ, זינאַ קאַקאשקאַ, קאַרבאַווסקאַ. אויך זיינען געגרינדעט געוואָרן אַ בית־יתומים, מושב־זקנים און אַ שפּיטאָל. די צרה מיט אָט די אונטערנעמונגען איז געווען דער מאַנגל אין כלים, בגדים און, דער עיקר, פּראָדוקטן צום עסן. די בענק, למשל, זיינען געווען שמוציק און אַ שלעכטער גערוך איז פון זיי געגאַנגען צוליבן מאַנגל אין זייף. די בעטן האָבן געפאָדערט ריינע בעטצייג און בעטגעוואַנט, א. אַ. וו.

נאָך מער אַקטיוויקייט האָבן מאַניפעסטירט די לערער. אָן באַפעלן, פון זיך אַליין האָבן די לערער גרופּירט און אָרגאַניזירט די קינדער אויף אַזאַ אופן, אַז יעדער לערער האָט געלערנט מיט די קינדער פון זעלבן עלטער און גראַד אַזוי ווי ער האָט עס געטאָן פריער אין די נאָרמאַלע צייטן; און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן פאַר דער טובה פון די קינדער, זיי זאָלן נישט פאַרלירן צייט אין דער טרויעריקער עפּאָכע.

די זייער קנאַפּע באַשפייזונג פון די געטאָ־איינוואוינער, אַ פערטל קילאָ־גראַם ברויט אַלס שפּייז פאַר אַ גאַנצן טאָג, האָט פאַראורזאַכט טרויעריקע, פאַטאַלע רעזולטאַטן. ערשטנס האָט עס געשאַפן אַ צאָל שמוגלערס פון עסנוואַרג אין דער געטאָ. די צוריקקומענדיקע אַרבעטער פון דער אַרבעט האָבן אַריינגעשמוגלט עסנוואַרג, נישט אַכטנדיק אויף דער לעבנס־געפאַר, וואָס האָט גערדראָט דעם שמוגלער אָדער טויט־קלעפּ און יסורים. ווי זאָגט דאָס שפּריך־וואָרט: „נויט ברעכט אייזן".

אָבער מיט דאָס געשמוגלטע איז עס נאָך געווען גאַנץ ווייט פון שטילן דאָס סאַמע נויטיקסטע פאַרן קיום פון די לעבעדיקע נפשות פון געטאָ. עס האָבן אויסגעבראָכן קראַנקייטן, וועלכע קומען אויף אויסגעצערטע גופים אין נישט היגיענישע באַדינגונגען, ווי צ. ב. טיפוס און דיזענטעריע. אין אַ קורצער צייט זיינען די קראַנק־געוואָרענע געשטאָרבן. אַלטע און קינדער זיינען געשטאָרבן אין די מאַסן. עס האָט נישט געהאָלפן די איבערמענטשלעכע אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון די דאָקטוירים פון שפּיטאָל, באַזונדער פון דר. העפּנער און מענקעס. דאָך נאָך אַ לאַנגן פאַרצווייפלטן קאַמף האָבן די דאָקטוירים יאָ באַזיגט די דיזענטעריע מגפה.

די טעוטאָנישע חיילות האָבן אין דער צייט פּראָגרעסירט אַלץ מער און אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ האָבן זיי זיך גענויטיקט אַלץ מער אין אויסגעאַרבעטע און רויע פּראָדוקטן און אין עסנוואַרג פאַר דעם גוטן אויפהאַלט פון זייערע מחנות. פאַר דעם האָבן זיי זיך גענויטיקט אין מענטשלעכע הענט. עס איז געגעבן געוואָרן פולע פרייהייט פון אַרבעט און אונטערנעמונגען צו פּראָדוצירן וואָס נאָר מעגלעך: זייף, לעדער, פעטס, שיך, א. אַנד. און דערצו נאָך אַליין שאַפן די רויע שטאָפן. די אומגליקלעכע, מיינענדיק אַז מיטן זיך מאַכן ניצלעך וועלן זיי דערהאַלטן ווערן ביי זייער מיזעראַבעלן לעבן, האָבן געאַרבעט איבערמענטשלעכע אַרבעט און אויף אַלץ פאַרקוקט: אויפן עסן, שטענדיק הונגעריק, אויפן קליידן זיך — מען איז געגאַנגען קרוע־בלוע אין שמאַטעס. פילע פלעגן נאָך קומען פון דער אַרבעט צעהאַקט און פאַרוואונדעט, אָבער דער אָדער פון לעבן האָט אין זיי געקלאַפּט און געוועקט האָפענונג.

צוויי שווער־טרויעריקע אַרבעט צענטערן זיינען ביי אונז געווען. יעדער פון זיי האָט באַשעפטיקט 300 מאַן. דער ערשטער איז געווען דאָס בויען אַ שאָסיי אַרום רוטקי. אומאָפּהענגיק פון וועטער האָבן זיי געאַרבעט אין דרויסן און ביינאַכט געשלאָפן אין שייערן פון די נאָענטע פויערים. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַ ביסל שיטערע שמוציקע זופּ און — קלעפּ פון די תלינים. פילע זיינען געקומען אין אַ קורצער צייט פון דאָרטן פאַרקילטע מיט שווינדזוכט און שוואַכע הערצער.

דער צווייטער אַרבעט פּלאַץ איז געווען אסטראלענקאָ. דאָרטן זיינען די באַדינגונגען געווען נאָך ערגערע: ממש סאַדיסטן האָבן זיך איזדעקעוועט איבער די אומגליקלעכע. די דאָזיקע האָבן מיר מיט דער צייט אויסגעלייזט מיט גאָלד און זיי זיינען צוריקגעקומען. אָבער אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד?! מיט טרערן און ציטערניש פונם גאַנצן קערפּער האָט אליעזר יאסטשאמב דערציילט וועגן זייערע ענויים דורך די תליינים.

אין צוגאָב צו די פריער־דערמאָנטע אַרבעטן און אונ־

טערנעמונגען, האָבן מיר געהאַט אויך ווערקשטאַטן צום אויסאַרבעטן וואָס עס איז געווען נויטיק פאַר די אָרטיקע דייטשן אונטער דער אָנפירונג פון אייגענע מייסטער־קרעפטן. דאָס זיינען געווען: שיך, בגדים, זייגערס, א. אַנד. אַרטיקלען, און אַלץ האָט געמוזט זיין אין בעסטן צושטאַנד. פיל מאָל זיינען די פאָדערונגען געווען שווער צו דערפילן.

איינמאָל האָט דער געסטאַפּאָ־הויפּט געפאָדערט אַ פוטער פאַר זיין ווייב. ווען מיט גרויס מי פון דער גאַנצער געטאָ איז געבראַכט געוואָרן אַ פוטער פון אָנפאַנג אַלס מתנה אָבער באַלד נאָכדעם מיט אַ פרייז פון 200 מאַרק זייענדיק פּרינציפּיעל קעגן נעמען מתנות פון אידן — איז דער פוטער גאָר נישט געפעלן געוואָרן זיין ארורה. מושינסקי, דער פאָרזיצער פון יודענראַט, איז דאַן באַפאַלן געוואָרן פון געסטאַפּאָ־הויפּט און צוזאַמען מיט דער גאַנצער געטאָ באַשולדיקט געוואָרן אין נאַרן אים און ער האָט געדראָט אַז ער וועט ציען די געהעריקע באַשלוסן פון דעם אינצידענט און אומברענגען די גאַנצע געטאָ. נאָך אַ באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן קיין ביאַליסטאָק דעם שניידער קאַמינסקי צו ברענגען פון דאָרטן דעם פוטער וואָס זאָל געפעלן ווערן. דער געסטאַפּאָ־הויפּט האָט אים געגעבן אַ פּאַספּאָרט. דער שערער גרושניעווסקי, דערוויסנדיק זיך דערפון האָט געפונען אַ געלעגנהייט צו „באַגראָבן" דעם געסטאַפּאָ־הויפּט און האָט טעלעפאָנירט וועגן קאַמינסקי׳ס נסיעה צום הויפּט פון ביאַליסטאָקער געסטאַפּאָ. יענער האָט אַרעסטירט קאַמינסקי׳ן און אים צוריקגעשיקט קיין לאָמזשע, וואו זיין פּאַספּאָרטן־געבער האָט אים באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש, און — אַז מען האָט אים געזען דערוויל ביי די פּאַרטיזאַנער אין באַראַנאָוויץ און אין סלאָנים. דער סוף — עס האָט געקאָסט ריזיקע סומען געלט און אַזוי פיל פעלצן פאַר אונזערע פייניקער, וויפיל עס האָבן נאָר געוואוסט דערפון. אָט אַזוי זיינען מיר שטענדיק געווען אין אַ צושטאַנד פון שרעק, אָנגעצויגנקייט און טעראָר.

ביטער אַנטוישט זיינען געוואָרן די אַלע וואָס האָבן געהאַט אַן אילוזיע וועגן די געפילן פון מענטשלעכקייט ביי די דייטשן.ביישפּילן: געווען איז דאָס, ווען צוליב גרויסע פרעסט און זייענדיק שלעכט געקליידעט, זיינען אייניקע אידן נישט געקומען צו דער אַרבעט. נישט שפּעטער ווי אין 2 שעה זיינען שוין די תלינים געווען טעטיק ביים אַרויסנעמען — אַלס שטראָף — אַלע קראַנקע און שוואַכע פון די הייזער. אַזוי איז ר׳ אברהם־משה קאכאנאוויץ אַרויסגעוואָרפן געוואָרן דורכן פענצטער אַ צעהאַקטער מיט שטעקנס און פאַרבלוטיקט פון בית מדרש חברה־ש״ס אין מיטן זיין דאַוונען, פאַרן נישט אומקוקן זיך צו זיי, די מערדער.

ווען דער אויסברוך פון סאַדיזם איז געקומען, האָבן די תלינים נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַ פרומען אָדער געוויינלעכן אידן: אל. קולקין האָט געפירט אַ געשפּרעך מיט אַ געסטאַפּאָניק, וועלכער האָט אים בעת׳ן געשפּרעך געשלאָגן און צעבלוטיקט מיט אַ נאַגייקע צווישן די אויגן. דער געסטאַפּאָניק האָט געקוואָלן פון דעם און קולקין האָט נאָך געמוזט שמייכלען דערביי.

באַצקא און פאַניץ, פון דער אידישער מיליץ (אַ ברודער פון דעם אויבן־דערמאָנטן), זיינען אַמאָל געשלאָגן געוואָרן אין געסטאַפּאָ קוואַרטיר ביז צו באַוואוסלאָזיקייט פאַרן קויפן אַ הון, צוריקקערנדיק זיך פון אַ מיסיע, צו ברענגען עסן צו אַרבעטער אויף אַ שאָסיי. נאָכן שלאָגן האָבן זיי נאָך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל די אומגליקלעכע זאָלן זיך ראַנגלען איינער מיטן צווייטן, און ווער עס וועט זיגן דער וועט פריער באַפרייט ווערן. פאַניץ האָט זיך גַעמאַכט פאַרן שוואַכן, כדי באַצקא, וואָס איז געווען מער צע׳הרג׳עט, זאָל פריער זיך קענען באַפרייען.

אַן אויסנאַם איז געווען די שטראָף, וואָס משה׳קע כץ און יהודה גאָלדבערג האָבן געקראָגן פאַרן איינהערן זיך און צעשפּרייטן די ידיעות, וואָס זיי האָבן אויפגעכאַפּט אויף די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן פון די דייטשן, ביי וועלכע זיי האָבן געאַרבעט. ווייל די דייטשן האָבן זיך געניצט אין זייער מעכאַנישער קענטעניש. זיי זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט שמיץ. אין דער געטאָ זיינען זיי געווען דער איינציקער קוואַל פון וואַנען מיר האָבן געשעפּט ידיעות וועגן קלעגלעכן צושטאַנד פון די נאַצישע חיילות וואָס עס האָט דערוועקט אין אונז האָפענונג אויפן פינצטערן סוף פון די תליינים. אויך די דייטשישע צייטונגען, וואָס פלעגן דערגיין צו אונז, האָבן געדינט פאַר דעם צוועק.

פון איינער אַזאַ צייטונג, וואָס איז דערשינען אין לאָמזשע, האָבן מיר געפילט אַ באַזונדערן שטאָלץ און פרייד הגם אויך שרעק. דאָס איז געווען צוליב אַן אַרטיקל געדרוקט דאָרט וועגן הרב שאצקעס, אַז ער פירט אין יאַפּאַן אַגיטאַציע קעגן דער נאַצישער דייטשלאַנד. אונזערע תליינים האָבן שוין געהאַט נאָך אַ בלבול באַשולדיקונג קעגן אונז, זיי האַלטן שטאַרק פון ישראל ערבים זה בזה. אָט אַזוי זיינען מיר שטענדיק געווען אין אַ צושטאַנד פון שרעק פאַר אַ נייער סכנה פון טויט אָדער יסורים. אָבער מיט מתנות האָבן מיר איינגעשטילט אַביסל די חיה׳שע געפילן פון אונזערע פייניקער. נאָך פילע וואָכן האָבן זיי אויפגעהערט צו ריידן וועגן הרב שאצקעס טעטיקייטן, אָבער מיר האָבן נישט געקענט פאַרגעסן דעם פאַקט אַז אונזער רב איז פון די וויכטיקע פערזענלעכקייטן, אויף אַ וועלט פאַרנעם, וואָס פאַרטיידיקט אונז. דאָס איז געווען פאַר אונז אַ קוואַל פון שטאָלץ און גלויבן. מיר האָבן אונזער ווירדיקן רב נאָך געדענקט פון זיינע גלענצענדע רעדעס קעגן פוילישן אַנטיסעמיטיזם. אין אַ געוויסן צייט אָפּשניט האָט זיך אונז איינגעגעבן מיט אויסלייז געלט צו פאַרווישן די שפּורן פון פיל אינצידענטן אין וועלכע די אומגליקלעכע אין דער געטאָ זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די תליינים. נאָר ה׳ גארבארסקי, פון פאַרבן־קראָם, און זעליאזא, דער סטאָליער, זיינען געפאַלן קרבנות. צוויי פאַרשטעלטע פּאָליציסטן האָבן אָפּגעמאַכט מיט זיי צו אָפּקויפן די נאַפט, וואָס זיי האָבן געהאַט ערגעץ־וואו אויסער דער געטאָ. זיי זיינען געוואָרן אַרעסטירט און צוזאַמען מיט נאָך ניין שמוגלער דערשאָסן געוואָרן. דאָס איז געשען נאָכן צווייטן מאָל אַרעסטירט ווערן. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר זיי אויסגעלייזט מיט געלט פאַר 2 וואָכן.

דער אָנקומענדיקער ווינטער איז געווען אַ טרויעריקשווערער פאַר די אומגליקלעכע. זעלטן נאָר האָבן מיר פאַרזוכט וואַרעמע עסן. וויסט און קאַלט זיינען געווען אונזערע דירות. קיין באַהייצונג האָבן מיר נישט געקראָגן. קיין טיר און פענצטער איז ערגעץ נישט געווען. אפילו די אָפּטריטן זיינען געווען אָפן. מיטן אָנקומען פון פרילינג איז דער שמוץ צעגאַנגען און גערונען גלייך אין נארעוו און זיך אויסגעמישט מיט די אַרישע שמוץ. איך כדי אָפּצושטעלן אַזאַ „אַסימילאַציע" האָט מען אונז פאַראָרדנט אַרונטערצערייסן די הייזער פון דער לינקער זייט פון די גאַסן וואזיוואדזקא און זשידאָווסקאַ.

דער זומער איז אַריבער אָן אויפטרייסלונגען. אין האַרבסט ערשט האָבן צו אונז דערגרייכט דערשיטערנדע בשורות דורך איינצלנע פּליטים פון שטעטלעך אַרום וואַרשע,

וואלאמין, ראַדזימין, א. אַנד. וועגן ליקווידאַציע פון קהילות אין דער מאָרד־פאַבריק טרעבלינקא. שפּעטער זיינען געקומען אייניקע אַנטלאָפענע פון סלאָנים וועלכע האָבן דער־ציילט וועגן טראַגישן אומקום פון זייער שטאָט: ווי אַלע אידן זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן אויף אַ פעלד הינטערן שטאָט, און דאָרטן זיינען זיי מיט מאַשין־געווער און גראַנאַטן צעשאָסן געוואָרן אויף שטיקער און פילע האָבן נאָך פאַרן טויט געמוזט גראָבן זייערע אייגענע קברים און זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט. נאָר איינצלנע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס איז געווען דר. אב. בלומאָוויץ פון לאָמזשע.

דאַן האָבן מיר אָנגעפאַנגען פילן אַ טויט־שרעק און אַ ברענענדיקן ווייטיק אין אונזערע קערפּערס. מיר האָבן שוין גוט געוואוסט, וואָס אונז שטייט פאָר ביי אונזער הילפּס־לאָזיקייט. אין אָקטאָבער האָט זיך גענומען אָנזען אונזער אַרבעטסלאָזיקייט און גלייכצייטיק אַ שטרענגקייט צו דעם אַריין און אַרויסקומען פון געטאָ. יוסף ווראנא איז דאַן אַרעסטירט געוואָרן פאַרן העלפן אַריינברענגען קי אין געטאָ און מיעטעק בזשעזינסקי — פאַרן פּרובירן באַזאָרגן זיך מיט אַ פּוילישן פּאַספּאָרט. זיי האָבן מיטגעמאַכט אַלעליידן מיט אַלע אומגליקלעכע ביז זאמבראוו און ווייטער.

דעם 31טן אָקטאָבער האָב איך געקראָגן פון מיין שווער די טרויעריקע בשורה אַז די פּאָליציי נעמט אַרויס פון די ווערקשטאַטן די נישט־פאַרענדיקטע מלבושים און שיך. מיט מיר זיינען דאַן געווען אויך קאלווארייסקי, בזשאָזאָווסקי, אינזשעניר ראָזענטאַל, קאלקא צעכאַנאָווסקי. מיר זיינען געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערטע. באַלד זיינען אָנגעקומען די שכנים פרעגן וואָס צו טאָן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדער איינער פון אונז זאָל זיך דערוויסן ביי די דייטשן, מיט וועלכע ער איז נעענטער, וואָס עס שטייט־פאָר די געטאָ איינוואוינער און לאָזן עס וויסן צו דעם יודענראַט. מיין באַקאַנטער דייטש, וואָס האָט זיך געצייגט כלומרשט ווי אַ קאָמוניסט רײידנדיק קעגן דעם פירער פאָר זיינע עקלהאַפטע מעשים קעגן אונז, האָט מיט אַ שמייכל אָוועקגעמאַכט מיינע טענות זאָגנדיק, אַז מיר, אידן, האָבן שטענדיק עפּעס משונה׳דיקע געדאַנקען און געפילן. קומענדיק צוריק אין געטאָ, האָב איך געטראָפן אַלעמען אין די גאַסן, צוליב נייגיר און שרעק. מיט גרויס מי בין איך אָנגעקומען צום אסיפה צימער פון יודענראַט, וואָס איז געווען אין דער תלמוד תורה־געביידע, און איבערגעגעבן מיין באַריכט. איך האָב דערביי אויסגעדריקט מיין מיינונג, אַז איך גלויב גאָר נישט מיין דייטש. פון די אָנטיילנעמער אין יענער זיצונג געדענק איך נאָר איינעם — דאָס איז געווען דר. ש. גאָלדלוסט מיט זיינע קוליעס. ער איז געזעסן און געוויינט מיט ביטערע טרערן ווי אַ קינד. אָט דער ענערגישער מענטש מיט זיין ווייך, איידל האַרץ האָט מער נישט געקענט פאַרטראָגן אָט דעם מבול פון יסורים, וואָס האָט געהאַלטן אין פלייצן אויף די אומגליקלעכע אידן. פּלוצלונג איז אַריינגעקומען אינזשעניר ראָזענטאַל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אויגן קוקנדיק צו דער ערד, און דערציילט, אַז זיין דייטש האָט אים געזאָגט, אַז עס האַלטביים ליקווידירן די געטאָ, נאָר דער דייטש מיינט אַז די גוטע בעל־מלאכות וועלן בלייבן לעבן, ווייל זיי זיינען ניצלעך. לויט זיין, ראָזענטאַלס מיינונג, דאַרפן אַלע זיין צוזאַמען און טיילן דעם גורל צוזאַמען.

די צעשמעטערנדיקע ידיעה האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער געטאָ. מען איז אַרומגעלאָפן ווי צעמישטע.

קלאַנגען זיינען שוין אַרומגעגאַנגען, אַז גלייך מאָרגן וועט זיך שוין אָנפאַנגען די „אַקציע". פילע האָבן געקלערט: „אַנטלויפן, באַהאַלטן זיך ביז נאָך דער אַקציע, וועלכע וועט דאָך געוויס דויערן נאָר עטלעכע טעג און דערנאָך וועט אפשר זיין שטיל אַזוי ווי ס׳איז געווען נאָך פריערדיקע „אַקציעס". מענטשן ווען דאָך זיך ראַטעווען".

איך בין שנעל אָוועק צום הויז פון מיין פרוי און שוועסטער. מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן. און כדי נישט באַמערקט צו ווערן, זאָל יעדער פון אונז דאָס טאָן אויף זיין אייגענער אחריות און גורל. עלף אַזייגער ביינאַכט בין איך מיט מיין פרוי אַרויס אָן געזעגענען זיך, אָן אַ ציל, נאָר אויף איין נאַכט און קומען צוריק. דורכן צוים זיינען מיר אָוועק צו אונזערע קריסטלעכע באַקאַנטע נעבן אונזער בית עולם. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַנדערע מענטשן וואַנדערנדיק אין דער פינצטערער נאַכט — מסתמא אויך זוכנדיק אַ באַהעלטעניש — אַ רעטונג. אונזערע פּוילישע פריינט האָבן, נישט רײידנדיק קיין וואָרט, נישט מצער צו זיין אונז, באַהאַלטן אונז אין אַ שייער, אויסצוהיטן אונז פון שכנישע אויגן און מסירות.

אַ שרעקלעכע לאַנגע און לײידנדע נאַכט איז דאָס געווען. שטום זיינען מיר געווען אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב קיין זאַך נישט געפילט נאָר נאַסע טרערן פאַלן אויף מיינע הענט און פּנים. מיטן אָנקומען פון מאָרגן איז אויף מיר אַרויף אַ משונה׳דיקע רואיקייט. אַ געוויסנס־פראַגע האָט געבויערט מיין מוח: „אפשר גיין צוריק אין געטאָ און טיילן דעם גורל פון אונזערע ברידער און שוועסטער?"

אינדערפרי האָבן אונזערע פריינט־באַהאַלטערס דער־ציילט אונז וועגן דעם טויט־טראַנספּאָרט, וואָס עס גייט אויפן שאָסיי צו זאמבראווו. מיר האָבן אים געזען, דעם טראַנס־פּאָרט, דורך אַ שפּאַלט אין דער וואַנט פון שייער: אָנגע־לאָדענע פויערישע פורן מיט אומגליקלעכע; פּאָליציי און געסטאַפּאָ תליינים אין דער באַגלייטונג פון יאַגד־הינט פון ביידע זייטן. אַ לאַנגע, לאַנגע צייט האָט זיך געצויגן אָט דער טויט־מאַרש. ביים סוף פון דער פּראָצעסיע — מאַסן באַוואָפנטע דייטשן און די געטאָ פּאָליציי.

אַזוי זיצנדיק אַ לענגערע צייט פאַרווירטע, האָבן מיר דערהערט, ווי אַ טאָכטער פון אונזערע באַהאַלטערס מיט אַ שטיקנדיקן קול פון טרערן, לאָזט אונז וויסן, אַז כדי נישט צו שטעלן אין געפאַר זייער לעבן, מיט וועלכן די תליינים האָבן געוואָרנט צו באַצאָלן פאַר באַהאַלטן אידן, מוזן מיר פאַרלאָזן אונזער באַהעלטעניש. זי האָט אונז געראָטן צו באַשליסן זיך און גיין קיין וואַרשע. מיר דאַרפן נעמען דעם שאַנס, ווייל מיר זיינען יונג, זעען אויס ווי אַריער, רעדן אַ גוטן פּויליש און, דער עיקר — שטאַרבן האָבן מיר שטענ־דיק צייט און געלעגנהייט.

פאַרשידענע שווערע געדאַנקען האָבן אונז געמאַטערט, געדאַנקען וועגן צוריק גיין צו אַלע אומגליקלעכע און טרינקען דעם ביטערן כוס צוזאַמען מיט זיי, ווייל ס׳איז צו שווער זיך צו לאָזן אין אַזאַ וועג, וואָס ס׳וועט זיין אומזיסט. מיין פרוי אָבער איז געווען מער מוטיק און אַנטשלאָסענער פון מיר: „שטאַרבן וועלן מיר נישט פאַרזאַמען".

צו מאָרגן אין דער פרי האָט די פּוילישע טאָכטער אונז געבראַכט ברויט און מיט טרערן און אַ שמייכל זיך געזעגנט מיט אונז. אינסטיקטיוו זיינען מיין פרוי און איך געגאַנגען צום בית עולם. דאָרטן האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונזערע קרובים. אָ, ווי מיר האָבן מקנא געווען זייער רו...

צום לעצטן מאָל האָב איך געזאָגט קדיש יתום אויפן קבר פון מיין פאָטער און ברודער. פון בית עולם האָבן מיר, מער באַרואיקטע, געלאָזט זיך גיין מיט זייטיקע וועגן אויסצומיידן די תליינים־אָקופּאַנטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין גרעסערע ישובים. נישט צו דערוועקן קיין פאַרדאַכט האָב איך געמוזט זיך אָפּגאָלן מיין פיל־טאָגיקע באָרד. אַריינטרעטנדיק אין דער ערשטער צופעליקער הויז, האָב איך דאָרטן געטראָפן אַ אידישע מוטער מיט אירע צוויי קינדער. זי אַ צעבראָכענע, אויסגעשעפּטע פון גיין 2 טעג אין וואַלד און די קינדער נאַקעט אין קעלט, האָט זי באַשלאָסן: זי גייט צוריק קיין לאָמזשע. וואָס דען איז איר געבליבן צו טאָן? אַ צעבראָכענער האָב איך זיך געלאָזט ווייטער גיין. שפּעטער האָבן מיר באַגעגנט לאָמזשער, וועלכע האָבן זיך אויסגעלאַכט פאַר אונזער פאַנטאַזירן צו גרייכן וואַרשע: „דער אָסטראָווער גרעניץ, פאַספּאָרטן, געלט?...״ זיי גייען צוריק. נאָך צוויי טעג פּרובירן האָבן זיי גענוג. מיר אָבער האָבן זיך גע־האַלטן ביי אונזערס: „שטאַרבן וועלן מיר נישט פאַרשפּע־טיקן״. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אין אונזער גיין אויסער צו פרעגן דעם וועג. הינטער שניאַדאָווא האָבן מיר באַגעגנט צוויי יונגען, לויט מיין השערה, אידישע אַנטלאָ־פענע פון געטאָ. אין אמת׳ן זיינען זיי גאָר געווען שמוגלערס פון נעבן וואַרשע. דערציילט זיי ווער מיר זיינען, האָבן מיר זיי פאָרגעלייגט אונז אַריבערצופירן דעם גרעניץ. זיי האָבן איינגעשטימט פאַר 200 מאַרק — אַ סכום וואָס איך האָב נאָך פאַרמאָגט. זאַלבעפערט זיינען מיר געגאַנגען און פאַרנאַכט זיינען מיר געקומען צום גרעניץ.

אין דער זעלבער נאַכט, 1טן נאָוועמבער 1942, נאָך אונזער פאַרלאָזן די געטאָ, זיינען אַלע מעגלעכע אויסגאַנגען פון דער געטאָ באַוואַכט געוואָרן מיט מאַשין־ביקסן. נאָכדעם האָט שוין קיינער נישט געקענט אַנטלויפן. 7 אין דער פרי האָט דער קאָמיסאַר פון געסטאַפּאָ גערופן דעם יודענראַט און די פּאָליציי און באַפוילן, אַז אַלע אין דער געטאָ זאָלן און מוזן אַריבערגעפירט ווערן אין זאמבראווו־לאַגער, וואו די אַרבעט און דאָס לעבן וועט זיין שווערער. פאַר ווידער־שטאַנד קומט — טויט. דר. העפנער איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד דורך אַן איינשפּריצונג.

ער האָט געלאָזן נאָך זיך דריי בריוו. איינעם צו דער געסטאַפּאָ, אַז מען זאָל קיינעם נישט באַשולדיקן פאַר זיין טויט. אַ צווייטער בריוו איז געווענדעט צו דר. קנוט, אַז ער זאָל אויפפּאַסן אויף די קראַנקע אין שפּיטאָל; און דער דריטער בריוו איז געווען צו זיין מוטער: אַ ביטע זי זאָל אים מוחל זיין פאַר זיין פאַרלאָזן איר אין אַזאַ פאַטאַלער צייט. זיין לויה איז באַשטאַנען פון זיין ברודער דוד און נאָך אימיצער. די דייטשן האָבן מיט שפּאָט געזאָגט אַז ער איז משוגע געוואָרן...

די קראַנקע פון שפּיטאָל האָט מען אויפן באַפעל פון דייטשישע דאָקטוירים אויפגעלאָדן אויף זייערע 3 אַמבולאַנסן און אַרויסגעפירט צו די פאָרטן. דאָרטן האָט מען זיי אומגע־בראַכט דורך שיסן. די זעלבע דאָקטוירים האָבן מערדערליך געשלאָגן די אידן וואָס האָבן געהאָלפן אויפשטיין מירקע באגאן, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַמבולאַנס. די באַשולדי־קונג איז געווען אַז די אידן שאַצן נישט אָפּ גענוג די הילף, וואָס די דייטשן ווילן געבן צו די קראַנקע...

# גלגולים און וואַנדערונגען

(נאָטירט פון ר׳ פישל גאַראַדזינסקי׳ס דערציילונג דורך י. לעווינסקי.)

דער ערשטער סעפּטעמבער 1939 איז אויסגעקומען ביי לאָמזשער ווי די זון וואָלט פינצטער געוואָרן פּלוצלונג אין מיטן טאָג. אָן מלחמה־דערקלערונג האָט פּלוצלונג גענומען פאַלן פון עראָפּלאַנען באָמבעס איבער דער שטאָט. פיל הייזער זיינען איינגעפאַלן ברענענדיק און באַגראָבן די איינ־וואוינער אונטער די חורבות. צו דערמאָנען אייניקע פון די טויט געשלאָגענע: דער אַלטער יאַנקעל געלצינסקי, זיין טאָכטער מיט איר מאַן, בערל באטקאָווסקי. די דאָזיקע זיינען געפאַלן אויפן אַלטן מאַרק פון אַ באָמבע. באט־קאָווסקיס הויז איז פריער צעשמעטערט געוואָרן. די גאַנצע שטאָט איז געשטאַנען אין פלאַמען.

לויט אַן עצה פון אַ פּוילישן אָפיציר זיינען מיר אַרויס, איך מיט מיינע שכנים און מיין משפּחה, פון קעלער, כדי נישט באַגראָבן צו ווערן לעבעדיקע אַזוי ווי אַנדערע, ווען זייערע הייזער זיינען באָמבאַרדירט געוואָרן. דורך דווארנא גאַס זיינען מיר אַרויף אויף זעמבראווער שאָסיי צו גיין קיין גאַטש. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן הרב שאַצקעס. מיר זיינען געגאַנגען צוזאמען. קומענדיק אין שטעטל, נאָך 16 קילאָמעטער גאַנג, האָבן מיר עס געפונען שוין פול מיט פּליטים. יעדער הויז איז שוין געווען פאַרפּאַקט מיט אַנט־רונענע קוים מיט זייער לעבן, אָן קיינע זאַכן. אַן איידים פון וועלוועל קשאנסקעוויץ, מיינער אַ גוטער פריינט, דער גאטשער רב, האָט מיר גאָרנישט געקענט העלפן, ווייל זיין הויז איז שוין געווען איבערגעפּאַקט. איך און מיין פרוי האָבן געטראָגן עפּעס פון אונזער פאַרמעגן אויפן גאַנצן וועג. מיר זיינען אַריין אין אַ שייער. דאָרטן אין אַ ווינקל איז געזעסן אברהם דאַמאָוויץ מיט זיין פרוי דערשלאָגענע, איינ־געשרומפּענע.

נאָענט צו מיר מיט מיין פרוי איז מיטגעגאַנגען קיין גאטש די אלמנה פון ר׳ אברהם דער בייגער, נישט אַכטנדיק מיינע וואָרענונגען, אַז עס איז צו ווייט און שווער פאַר אַזאַ שוואַכער און אַלטער פרוי. פאַרנאַכט זיינען מיר, איך און מיין משפּחה׳לע און דאַמאָוויץ, אַרויס פון שייער און זיך געזעצט אויף אַ שטיין. באַלד האָבן גענומען פליען באָמבעס. איינע איז געפאַלן אַזוי נאָענט צו מיר, אַז עס האָט מיר אַביסל אַ ברען געטאָן. איך זאָג דאַן צו דאַמאָוויצן אַז איך דאַרף פּרובירן גיין און זען צי איך לעב נאָך. ענטפערט ער אַז מיין ריידן איז שוין אַ גענוגענדער באַווייז אַז איך לעב. פּלוצלונג מיין פרוי אַ דערשראָקענע שרייט, אַז פרוי בייגער איז געטראָפן געוואָרן פון אַ באָמבע אין איר שלייף פון קאָפּ און געשטאָרבן קוים אַרויסשרייענדיק „שמע ישראל״. מיין פרויס קאָפּ־טיכל איז אויך געווען געלעכערט. אין 2טן שייער זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרן 18 פערזאָן, צווישן זיי דער בעל־הבית פון דעם הויז, וואו עס איז געווען דער בית־ספר „תורה ודעת״ אין לאָמזשע. אין פּנים פון אַזאַ סכנה האָבן מיר פאַרלאָזן דעם שייער און אַוועק אין וואַלד. זייענדיק הונגעריק זיינען מיר שפּעטער אַרויס אין פעלד וואו מיר האָבן אויפגעקליבן אַ ביסל קאַרטאָפל, נישט אַכטנדיק דערביי די פּראָטעסטן פון די פּאָליאַקן.

הרב שאצקעס האָט אין קורצן מספּיד געווען די הרוגים, וועלכע מיר האָבן באַגראָבן אין איין קבר, אויסער פרוי בייגער, וועלכע איך האָב צוגעזאָגט ביים לעבן איר צו מקבר זיין אין אירע תכריכים אין לאָמזשע. באַלד קערן מיר

זיך אום קיין לאָמזשע, וועלכע איז שוין געווען באַזעצט פון די דייטשן. אויפן וועג האָבן זיי אונז אויסגעליידיקט אונזערע בגדים און צוגענומען וואָס זיי האָבן נאָר געפונען. צו־הערנדיק מיינע רייד אַז איך בין שוואַך צו אַרבעטן פיזיש, האָבן זיי מיר אָפּגעלאָזן. מיין היים האָב איך געפונען אָפּן, די מעבל צעבראָכן, נאָר דאָס, וואָס איך האָב באַהאַלטן אין קעלער איז געווען גאַנץ. איך האָב פאַרריכט מיין אויסשטע־לונג פענצטער און זיך אָנגעפאַנגען גרייטן צו דער אַרבעט. דאַן האָב איך געדונגען צוויי מענטשן צו ברענגען פון גאטש דעם טויטן גוף פון פרוי בייגער. דער גבאי פון חברה־קדישא, יעקב געלצינסקי, האָט נישט געוואָלט נעמען פאַר הוצאות־הקבורה, אָבער איך בין שטאַרק באַשטאַנען און באַצאָלט 100 זלאָטעס, און געבראַכט איר צו קבר־ישראל אין אירע תכ־ריכים לויט איר בקשה.

פלוצלונג האָט די דייטשישע מאַכט פאַרלאָזן די שטאָט. דאָס איז געשען אינגאַנצן נאָך זעקס טעג פון זייער הערשן. אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט פלעג איך הערן ווי אין דער קאָמענדאַטור, איבער מיין הויז, פלעגן זיי איינטענה׳ן מיט די פּאָליאַקן זיי זאָלן צושטעלן דאָס נויטיקע פאַר די פּאָליאַקן, אידן האָט מען נישט דערמאָנט. אידן און קריסטן האָבן אָרגאַניזירט אַ בירגער־מיליץ. אויפן פערטן טאָג האָט שוין די רוסישע אַרמיי פאַרנומען לאָמזשע. דאַמאָלסט איז עס געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן סטאַלין און היטלער.

נאָכן איינקוואַרטירן זיך האָבן די רוסן איינגעלאַדן אַלע סוחרים צו דער קרייז־פאַרוואַלטונג אין דער דירה פון פּוי־לישן סטאַראָסטע. ווי שוין איבערגעגעבן פריער דורך אַנדע־רע, האָבן די רוסן אין די ערשטע עטלעכע טעג דערלויבט מסחר אָפּענערהייט, נאָר נישט אויפן שוואַרצן מאַרק. דער פּדיון איז דאַן אָנגעגאַנגען גאַנץ פיין, טאַקע דורך די רוסן אַליין, וועלכע זיינען געווען אויסגעהונגערט נאָך יעדן אַרטיקל, שטאָף, מאַטעריאַל, א. אַז. וו. אָבער אויפן 4טן טאָג זיינען די מאַכט־האָבער געקומען מיט לאַסט־אויטאָמאָבילן, אויסגעליידיקט אַלע קראָמען און קאָנפיסקירט אַלע סחורות. פאַרשטייט זיך, אַז די קראָמען האָבן זיך אַלע געשלאָסן. גלייך נאָך דעם האָבן זיך אָנגעפאַנגען אַרעסטן פון די הויפּטן פון די אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען. די ערשטע קרבנות זיינען געווען די וואָס האָבן אַ שייכות מיט ציוניזם, צ. ב. רעוויזיאָניסטן ווי: אָרלאָווסקי און זיין זון שמחה, גאגאוויצעס זון, פעפער, קיילער, א. אַנד. אָרלאָסקי׳ס זון און נאָמבערג,ביידע פּועלי־ציון, זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין מינסק און פון דאָרטן — פאַרשוואונדן. מיין זון איז אַרעסטירט געוואָרן אַלס בונדיסט.

איינמאָל שטייענדיק אין דער ריי ביים פּראָקוראָר׳ס ביוראָ, בין איך דורך אים אַליין אויסגערופן געוואָרן ביים נאָמען „חבר גאראַדזינסקי" און אַריינגעבעטן געוואָרן. ער האָט מיר געבעטן זיצן. איך האָב פאָרגעלייגט מיינע טענות, אַז מען קען נישט באַשטראָפן אַ פּערזאָן פאַר עפּעס, וואָס ס׳איז יעצט געוואָרן אַ זינד. און ווען ער איז דאָס באַגאַנגען איז דאָס געווען דערלויבט: ביי די פּאָליאַקן איז בונדיזם געווען אַ לעגאַלע פּאַרטיי. אויב ס׳איז יעצט, ביי די סאָוויעטן, פאַרבאָטן, קען ער דאָך ווערן אויס בונדיסט. דער פּראָקוראָר האָט מיר צוגעזאָגט אַריינצוטראַכטן אין מיין זונ׳ס ענין.

דערווייל — ביי אים, ווייזט אויס, איז דאָס געווען אַ הויפּט זאַך — האָט ער מיר געבעטן אַ זייגער, וואָס ער האָט נישט געהאַט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים געבעטן קומען אין מיין קראָם ער זאָל אויסקלייבן וואָס אים געפעלט, מיט דער האָפענונג, אַז דער שוחד וועט העלפן באַפרייען מיין זון. ער איז שנעל געקומען און אויסגעקליבן איינעם פון די פיינסטע שווייצאַרישע זייגערס. אַריבער אַ פּאָר טעג איך הער נישט וועגן מיין זון. איך גיי צום פּראָקוראָר. ער קוקט אַריין אין די פּאַפּירן און שווערט זיך, אַז מיין זון טאָר מען נישט און מען וועט נישט האַלטן אין אַרעסט. שפּעטער איז ער געקומען צו מיר און פאַרלאַנגט אַ גאָלדענעם זייגער צו מאַכן אַ סורפּריז זיין פרוי, וואָס איז נאָר וואָס געקומען צו אים. איך האָב אים דאָס אויך געגעבן און ער האָט ווידער געשוואוירן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין סיבה צו האַלטן מיין זון.

אין אַ דאָנערשטיק האָב איך געקראָגן אַן איינלאַדונג באַלד צו קומען צו אים. דאָרטן האָט ער מיר כאַ־זיכערט, אַז מיין זון איז אַ פיינער מאַן און עס איז נישטאָ קיין שום אמת אין דעם קלאַנג וואָס מען פאַרשפּרייט, אַז די עלטערן פון די אַרעסטירטע וועלן פאַרשיקט ווערן צוזאַמען מיט די קינדער. שבת אין דערפרי האָבן מיר געקראָגן אַ באַפעל זיך צו גרייטן אין וועג. עס איז דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען אַ ביסל פון ווייכע שטוב־זאַכן אין אַ פּעקל וועש. סאָלדאַטן האָבן מיך געהיט אויף יעדן טראָט. אויף מיין פרוי׳ס וויינען האָט זי געהערט אַ באַרואיקונג, אַז זי וועט פאָרן נישט מער ווי 100 קילאָמעטער פון לאָמזשע. דאָרטן וואַרט פאַר איר אַן אויסגעמעבעלירטע דירה פון 3 צימערן באַהייצט און באַ־לויכטן מיט עלעקטרע. איר מאַן וועט גלייך זיך קענען זעצן צו דער אַרבעט אין נחת. און אַז מיר׳ן גאָר וועלן, וועלן מיר קענען צוריקגיין קיין לאָמזשע. אין דער ווירקלעכ־קייט זיינען מיר געפאָרן 14 טעג אָן אָפּשטעל, אַ מרחק פון 7000 קילאָמעטער. דאָס איז געווען אין אַפּריל 1940. נאָך 15 לאָמזשער זיינען געווען מיט אונז פון אָנפאַנג. שפּעטער זיינען מיר צעשיידט געוואָרן. פון די בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן האָב איך זיך דערוואוסט אַז מיין זון איז פון מינסק פאַרשיקט געוואָרן קיין אקמאלינסק. שמחה אָרלאָווסקי און זיין שוואָגער האָבן אים געהאָלפן מיט 30 רובל, ווען ער איז געווען קראַנק אין מינסק. פון אקמאלינסק האָב איך גאָר נישט געהאַט מער קיין ידיעות וועגן אים.

פון באַן האָט אונז אַן אויטאָמאָביל געבראַכט אין אַ קאָלכאָז, אין דאָרף בעזבאָזשניק — אַמאָל — טיטיראָווקאַ, סיביר. אין גאַס אין מיטן דאָרף האָט מען אונז געהייסן אַרויסגיין פון אויטאָ. מיר זיינען געשטאַנען נישט וויסנדיק וואו צו גיין און וואָס צו טאָן. די איינוואוינער, קאָזאַקן, מוסולמענער, אָנגעטאָן אין צעריסענע שמאַטעס, האָבן אונז באַוואונדערט, זעענדיק אונזערע נאָך גאַנצע שיך און קליידער.

אַ מאַן אין גאַנצע מלבושים האָט זיך דערנענטערט צו אונז. מען האָט אונז געזאָגט אַז ער קען אונז העלפן. מיר האָבן זיך געווענדעט צו אים נאָך ראַט און הילף. „לעבט ווי איר קענט" האָט ער געזאָגט און פאַרשוואונדן. אַ פּויערטע פון דאָרף האָט אונז געבראַכט ברויט, פּוטער און אייער, און נישט געוואָלט נעמען קיין געלט און אַזוי האָט זי אונז גע־שפּייזט 3 וואָכן און נישט גענומען קיין געצאָלט. אויף אונזער שטאַרקן פאַרלאַנג צו צאָלן האָט זי דערקלערט, אַז דאָס צאָלט זי אָפּ פאַר דער גוטסקייט, וואָס אידן האָבן געטאָן צו איר אין אוקראַינע, ווען זי האָט געדינט ביי זיי. מיין פרוי האָט איר געגעבן אַ קלייד. זי האָט גענומען מיט גרויס צופרידנקייט.

דערווייל האָב איך געקראָגן אַ דירה צו דינגען, ד. ה. אַ צימער אַרויסגעדונגען פון אַ דירה פון 2 צימערן. פאַר מיין צימער האָט מען געפאָדערט 15 רובל פער פּערזאָן: איך, מיין פרוי און מיין שנור — 45 רובל אַ חודש. דער הויפּט פון קאָלכאָז האָט מיר דערלויבט צו פּאַשען קי און חזירים און נישט זייגערמאַכעריי. בין איך אַוועק צו דעם הויפּט פון

אויעזד (קרייז) און פאָרגעלייגט מיינע טענות. ער האָט געביטן מיין אויפהאַלטונגס פּלאַץ אויף וולאדאראווקא. איך האָב געמוזט האָבן אַ דערלויבניש פון פריערדיקן קאָלכאָז, אַז מען לאָזט מיך אָפּ און אויך פון נייעם קאָלכאָז אַ דערלויבניש, מיט דער צושטימונג פון דאָרטיקן זייגערמאַכער, אַז מען דערלויבט מיר צו אַרבעטן ביי זיי. איך האָב די אַלע דערלויבנישן געקראָגן. דאַן האָב איך געקראָגן אַ לאַסט־אויטאָמאָביל אונז אַריבערצופירן.

איך האָב דאָרט געפונען אַ גוט־מעבלירטן צימער. דריי מאָנאַטן האָב איך דאָרטן געוואוינט, געאַרבעט און פאַרדינט. שפּעטער האָב איך געקראָגן אַ דירה פאַר זיך אַליין מיט אַ קליינעם גאָרטן. מיין שנור האָט באַאַרבעט דעם גאָרטן און מיר האָבן געהאַט קאַרטאָפל, בוריקעס, מערן, א. אַנד. פאַר אַ גאַנץ יאָר. איינמאָל בין איך קראַנק געוואָרן. דער אידישער דאָקטאָר, נענקין, האָט מיר פאַרשריבן פּעניסילין. מיין שנור האָט פאַר מיר געקראָגן פּעניסילין פון נ. ז. ק. 12 טאַבלעטן. דאָס איז געווען אַ גרויסער אויסנאַמס־פאַל אין דער צייט פון מלחמה.

דערוויסנדיק זיך אַז אייניקע לאָמזשער געפינען זיך אין גאַנצן 40 קילאָמעטער פון מיר, האָב איך זיי געשריבן זיי זאָלן אַריבערקומען צו מיר. דאָס זיינען געווען אָרלאָווסקי׳ס פרוי און טאָכטער, פּעפּער, קיילער און פרוי גייסט. אייניקע זיינען פריער געקומען אַ קוק טאָן מיין אָרט. ווען זיי האָבן מיר געזען זיצנדיק ביי אַ טיש און אַרבעטן און איך האָב זיי נאָך פאַרבעטן צו מיטאָג, האָבן זיי געוויינט: זיי זיצן די גאַנצע צייט אויף דער ערד. זיי האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין מיין דאָרף. פרוי פּעפּער האָט געוואוינט מיט מיר. די איבעריקע האָבן געדונגען אַ דירה. זיי פלעגן פאַרקויפן אָפּט ווייסוואַרג, קליידער. שפּעטער פלעגן זיי קריגן פּאַקעטן פון „דזשאָינט״.

אָרלאָווסקי אַליין האָט געליטן נויט און געגאַנגען אָפּגעריסן ערגיץ אין אַן אַנדער אָרט. עס איז געווען שווער אים צו דערקענען. אַ לאָמזשער, וואָס האָט אים געטראָפן ביי אַ באַן־סטאַנציע וואו ער האָט געדאַרפט קריגן אַ פּאָרציע ברויט, האָט פון רחמנות געגעבן עפּעס געלט און פלעגט אים שיקן פּאַקעטן. נאָך אַ צייט האָט ער זיך פאַראייניקט מיט זיין פאַמיליע און מיר האָבן אַלע געלעבט צוזאַמען ביז דער ענדע פון דער מלחמה, ווען עס איז דערלויבט געוואָרן זיך אומצוקערן קיין פּוילן.

לאָמזשע איז געווען חרוב. קיין איד האָט זיך דאָרט מער נישט געטאָרט און נישט געקענט באַווייזן, נישט ריזיקירנדיק דערביי מיט זיין לעבן. איך האָב זיך באַזעצט צוערשט אין לאָדז. נאָכדעם האָב איך עולה־געווען קיין ישראל.

יעקב טאָביאַש

# אויפן קבר פון לאָמזשע

### אין יאָר 1947

פאַר מיין פאַרלאָזן פּוילן האָב איך באַשלאָסן צו באַזוכן די חורבות פון לאָמזשע. ווי קען דען זיין אַנדערש? דער וועג איז אָבער מסוכנ׳דיק פון שונאי־ישראל, וואָס לויערן אויף די וועגן אויף די דורכפאָרנדיקע אידן. מיינע קרובים רעדן מיר אָפּ פון דעם שריט. נאָך מיין פעסטן באַשלוס צו פאָרן איז צוגעשטאַנען צו מיר משה סטופּניק פון זאַמבראָוו, דער פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט זיך באַוואָפנט מיט האַנט־גראַנאַטן אין זיינע קעשענעס און איבער׳חזר׳נדיק מיין באַשלוס פאַר מיינע תלמידים, אַז איך פאָר, האָט דער אויטאָ געריירט פון אָרט.

דער וועג איז פון ביידע זייטן וועלדער. מען דאַרף אַ ביסל מזל און מיר וועלן אַריבער בשלום. כך הוה. מיר דערנענטערן זיך צו צערוואָני בור, דערנאָך — צום לאָמזשער נייעם בית־עולם. הונדערטער אויגן, דוכט זיך, קוקן אויף דיר; אויגן וואָס דו האָסט אַליין באַגלייט צום עולם האמת.



דער אוהל פון רבי מלכיאל אויפן נייעם בית־עולם אין לאָמזשע

מיר זיינען אין לאָמזשע אויף דוואָרנא נעבן דר. גאָלדלוסט׳ס גימנאַזיע; דער אַנשטאַלט, וואָס האָט געפורעמט די נשמות פון פיל אידישע יוגנטלעכע. איך גיי אַריין אין קאָרידאָר, אויף די טרעפּ אַרויף איז שווער צו גיין — שטיקער ברוך איבעראַל. די נאַציס האָבן אַלץ רואינירט פאַרן פאַרלאָזן. איך דערקען די קלאַס־צימערן. מיין טאָכטער, וואָס איז כסדר מיט מיר, וויל דאָ מער נישט זיין. מיר גייען צום אַלטן מאַרק. דאָס איז ער?! נאָר 3 הייזער זיינען געבליבן: דער מאַגיסטראַט — האַלב חרוב׳דיק, ראָזענטאַל׳ס הויז און דאָס הויז, וואו דר. פעלטין האָט געוואוינט פיל יאָרן. אויף דלוגאַ גאַס, פון דער לינקער זייט, אויך נאָר 3 הייזער געבליבן, פון לינאָוויצע׳ס אַפּטייק ביז אַריבער זלמן העפּנער׳ס הויז. אין דער רעכטער זייט איז געבליבן נאָר די גרויסע הויז פון קסאַנקעוויץ. אויף זשאָנדאָווא גאַס — אויך נאָר 3 הייזער געבליבן. קיין זכר איז נישטאָ פון נייעם־מאַרק, פאַרנא, יאַטקאָוואַ, א. אַנד. אויף קרוטקאַ גאַס זיינען געבליבן די הייזער פון דער אלמנה מאַרקאָוויץ און דער אַלטער בנין פון די פייערלעשער. פון סענאַטאָרסקא איז געבליבן דער בנין פון השגחת־יתומים און דאָס נעקסטע הויז פון נתן פּיאַנקאַ.

נישטאָ מער: דער אַלטער בית־מדרש, תלמוד־תורה, הכנסת אורחים, די ישיבה. קיין זכר פון די גאַסן: זשידאָווסקאַ, וואזיוואָדזקא, זעליאַזנאַ, שקולנאַ. געבליבן זיינען טיילן פון ריבאַקי, זאמבראָווסקא־גאַס און מאַרק, אַ טייל פון דוואָרנא, די געביידעס פון די באַנקן, די קהילה־אינסטיטוציעס, יתומים־הויז און מושב זקנים.

עס האָט מיר שטאַרק געצויגן צו די געלצינער וועלדער, וואו אַרום 3500 ברידער און שוועסטער אונזערע זיינען פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט און הונדערטער קינדער זיינען



דאָס הויז פון „השגחת יתומים״ און פיאַנקאָס הויז, געבליבן
אויף דער צעשטערטער סנאַטאָרסקע גאַס (שול גאַס)



די חרוב געוואָרענע „גרויסע שול״ אויפן ווינקל פון די גאַסן
געלצינסקא און „שול גאַס״ (סענאַטאָרסקא)



דער חרוב געוואָרענער גרויסער בית המדרש און דער צעשטערטער
אידישער שפּיטאָל




דער ווינקלשטיין פון דער צעשטערטער תלמוד
תורה איז געבליבן שטיין מיטן אויפשריפט אַז
עס איז געבויט געוואָרן אין יאָר תרפ״ב (1922)



שול גאַס (סענאַטאָרסקע) לעבן אַלטן מאַרק נאָכן חורבן



אַלטער מאַרק נאָכן חורבן.
דאָס גאַנץ געבליבענע הויז האָט באַלאַנגט צו שעניאַק. דער שוואַרצער
פלעק אויפן גאַס איז אַ צייכן וואו די געטאָ גרענעץ איז געווען.

אומגעקומען. ס׳איז אָבער אַ סכנה זיך צו באַווייזן דאָרטן. און קיין אידישער פוס האָט נאָך דאָרט נישט געטראָטן. אָבער ווי קען איך ניט זיין אין אַזאַ מקום קדוש ווען איך בין אין לאָמזשע? איך ווענד זיך צו דער פּאָליציי און איך באַקום אַן אויטאָ מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן פאַר שומרים. דער וויצע־פּרעזידענט פון שטאָט, פּארשוטא, פאַרענטפערט זיך פאַר וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט נאָך ביז דאַן נישט באַזוכט געלצין. ס׳איז אָבער נישטאָ קיין בענזין אין אויטאָ־מאַשין און איך באַצאָל טויזנט זלאָטעס פאַר בענזין און מיר פאָרן. אין 20 מינוט פאָרן מיר דורך די בלאָטיקע וועגן און מיר זיינען אין געלצין.

נישט מערקנדיק פון אָנפאַנג קיין זאַך זיינען מיר אַ ביסל אין אַ פאַרלעגנהייט. אָבער באַלד קומט דער סאלטיס אונז צו הילף און ציינט אונז אַ גרויסן ברעזינעם צלם און 4 גרויסע ליידיקע גריבער. אָט דאָ איז דאָס געווען אין ח. נ. ביאַליק׳ס לשון: „השמש זרחה, השטה פרחה והשוחט שחט״ („אין דער שחיטה שטאָט״). אָט דאָ האָט עס דער אַלטער מורה הוראה געטאַנצט צוזאַמען מיט זיינע קהילה־ברידער זייער לעצטן טאַנץ ביי די ברענענדיקע ספרי־תורה. אָט דאָ האָבן דאָס די שיכור׳ע ס. ס.־תליינים, ביי די געגרייטע טישן פון אַלעם בעסטן, זיך מחיה געווען נאָך זייער שווערער אַרבעט פון גרינעם מאַרק ביז דאָרטן. דאָ האָבן זיך אויס־געמישט די קולות פון די געפייניקטע, באַגראָבענע־נאָך־לע־בעדיקע מיט די קולות פון די ווילדע חזירים־מענטשן, וואָס האָבן אָנגעקוואָלן פון שמחה פון זייער בעסטיאַלישער אויפטו־עכץ. עס איז אַ שרעק אַ קוק צו טאָן אויף די גרויסע אָפענע גריבער, פון וואַנען, דוכט זיך, עס קוקן צו דיר אַרויס די אויגן פון טויזנטער מאַרטירער...

3 וואָכן פאַר זייער אָפּטרעטן האָבן די דייטשע תליינים געעפנט די 4 ברידער קברים, אַרויסגענומען אַלע הרוגים און זיי פאַרברענט כדי צו פאַרווישן יעדן שפור פון זייער סאַדיזם. די אַש האָבן זיי צעשפּרייט אין דער גאַנצער סביבה. איך האָב אָנגעפילט אַ צייטונג — דאָס איינציקע פּאַפּיר וואָס איך האָב מיט זיך געהאַט — מיט די ערד־אַש און מיטגענומען מיט זיך. איך האָב נאָכדעם געפונען אַן אָרעם פון אַ קינד, פון איין זייט צעברענט און פון דער צווייטער זייט איז גראָז אויסגעוואָקסן... די ליפּן שעפּטשען: צי וועט און צי קען אַמאָל געגומען ווערן נקמה און באַצאָלונג פאַר אַזוינע אכזריות׳ן. יודעל קאַמינסקי, דער שוסטער, דער ליבער, ערלעכער, דוכט מיר, פרעגט מיך: „דערצו ביזטו געקומען צו אונז? שטענדיק פלעגסטו דאָך ריידן צו אונז און היינט שווייגסטו?״ מיט אַ געשטיקטן קול פון טרערן זאָג איך: „יתגדל ויתקדש, אל מלא רחמים״.

איך קער זיך אום קיין לאָמזשע. איך גיי אַריין אין בית יתומים. עס איז אַזוי טייער יעדער ווינקל, וואו איך האָב געלערנט און דערצויגן די קינדער צו תורה און מעשים טובים. איך עפן דעם עס־צימער — דאָ איז איצט אַ פאַבריק פון חזיר־וואורשט. און דער בית־מדרש׳ל, דאָרט וואו דער איבערגעגעבענער גבאי שמולקע בלאשקא פלעגט דאַוונען פאַרן עמוד — אַן איקאָנע פון דער הייליקער מאַריאַ הענגט יעצט דאָרטן אויפן וואַנט. די שלאָף־צימערן זיינען פאַרנומען פון גויאישע פאַמיליעס. איך רייס אָפּ אַ שטיקל פאַרצעלאָן פון קאָרידאָר און אַ ברעקל ציגל פון דעם פּלאַץ וואו עס איז פריער געשטאַנען דער ארון קודש און איך פאַרלאָז דעם פּלאַץ...

צווישן די חורבות פון שפּיטאָל האָב איך געפונען אַ שטיקל פון דעם טעפּיך, וואָס די קראַנקע פלעגן גיין אויף אים. אוי ווי דאָס האַרץ וויינט! געפינסט נישט קיין איד אויף דיין וועג. אויפן בית־עולם זיינען זיי אַלע. דאָרטן איז אַלץ ווי געווען. נאָר לעצטנס האָבן די גויים אָנגעפאַנגען שלעפּן די מצבות פאַר בוי־מאַטעריאַל, שאַרף־שטיינער. איך בין אַרומ־געגאַנגען דאָרטן אויף די שמאָלע וועגלעך צווישן די מצבות. אָט דאָס זיינען די גאַסן פון לאָמזשע. ס׳איז נישטאָ און ס׳וועט שוין נישט זיין קיין אידישע לאָמזשע.

---

## מאָמענטן

### דער אידישער פּאָליציסט פאַניק

ווען לאָמזשער אידן זיינען געבראַכט געוואָרן אויפן גרינעם מאַרק, נעבן אַלטן בית־עולם און די מיטגלידער פון יודענראַט האָבן נאָך געמוזט קאָנטראַלירן, אַז קיינער זאָל נישט פעלן, האָט זיך פון צווישן די שורות אַרויסגעריסן דער פּאָליציסט פאַניק און אויסגערופן „אידן אַנטלויפט״! גלייך האָט אים אַ ס. ס.־תלין געטויט.

### טראַדיציאָנעלע פּרנסים וואָס האָבן זיך מקריב געווען

יצחק טאבאליצקי און יעקב געלצינסקי האָבן זיך מוסר־נפש־געווען פאַר זייערע מיט־ברידער. זיי זיינען געגאַנגען מוטיק צום טויט, נישט וועלנדיק אַרויסגעבן אידן צו דער געסטאַפּאָ, פאַרזעצערס פון דער אַלטער טראַדיציע פון פּרנסים.

### נחומקעס רעדע

ווען מען האָט אַרויסגעפירט נחומקע דעם משוגענעם צו דער שחיטה, האָט ער אויסגערופן צו די ס. ס.־תליינים: „מיך גייט איר טויטן? איך בין דאָך מיין גאַנצן לעבן געווען קעגן טויטן אפילו אַ פליג, נישט צו פאַרגיסן בלוט? מיך וועט איר נישט טויטן. איך וועל לעבן אפילו נאָך דעם ווי איר וועט מיך הענגען. דער 33טער פּאָלק וועט נאָך קומען צוריק״.

### די נאַציאָנאַלע פאָן

ווען דר. גאָלדלוסט איז געשטאָרבן פון טיפוס־מגפה אין זאמבראווער לאַגער, האָט מען אויפן וועג צום בית־עולם בעת דער לויה געפונען אַ שטיק לייוונט געפאַרבט ווייס־בלוי. האָט מען עס צוגעבונדן צו אַ שטעקל און געטראָגן

דער גרויסער צלם וואָס די געלצינער פויערים האָבן אַוועקגעשטעלט ביי די 4 גריבער, וואו עס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אַרום פינף טויזנט אידן פון לאָמזשע און אומגעגנט און זיינען דערנאָך פאַרברענט געוואָרן.



# ПРИКАЗ

## Верховного Главнокомандующего

### Генералу армии ЗАХАРОВУ

Войска 2-го БЕЛОРУССКОГО фронта сегодня, 13 сентября, в результате упорных боёв овладели городом и крепостью ЛОМЖА — важным опорным пунктом обороны немцев на реке НАРЕВ.

В боях за овладение городом и крепостью ЛОМЖА отличились войска генерал-лейтенанта ГРИШИНА, генерал-майора СМИРНОВА, генерал-майора ТЕРЕНТЬЕВА, генерал-майора КУСТОВА, полковника СУПРУНОВА, генерал-майора КРАСНОШТАНОВА, генерал-майора КИРИЛЛОВА, генерал-майора КРОНИКА, полковника ТАРАСОВА, генерал-майора СЛИЦ; артиллеристы генерал-лейтенанта артиллерии СОКОЛЬСКОГО, генерал-майора артиллерии РАЗИНЦЕВА, генерал-майора артиллерии ДЕГТЯРЁВА, полковника МИХНО, полковника ПАНКОВА, полковника КАМИНСКОГО, полковника КОРОЛЁВА, полковника РЫБКИНА, полковника УШАКОВА, полковника ТЮРИНА, полковника НОСЫРЕВА; танкисты полковника РОДИОНОВА, подполковника ГРДЗЕЛИШВИЛЛИ, подполковника РОЖКОВА, подполковника ШЕВЧЕНКО подполковника ПОВАРОВА; лётчики генерал-полковника авиации ВЕРШИНИНА, генерал-майора авиации ГЕТМАНА, полковника СМОЛОВИКА, полковника ВОЛКОВА, полковника ВУСС, полковника ПОКАЕВОГО, подполковника СТАРОВОЙТОВА, майора ШЕВЦОВА, подполковника КОЛОМИНА, майора АРБАТОВА, подполковника БАУТИНА, подполковника КАТРУХА, майора ФЕДОТОВА, подполковника БАРДЕЕВА, подполковника ЕЛИСЕЕВА, подполковника СОКОЛОВА; сапёры полковника ТРЕТЬЯКОВА, полковника МИРОТВОРСКОГО, майора БОНДОЗ, майора ШЕПЕЛЕВА; связисты генерал-майора войск связи БОРЗОВА, генерал-майора войск связи НОВАРЧУКА, полковника МИХАЙЛОВА, подполковника КОРБУТА.

В ознаменование одержанной победы соединения и части, наиболее отличившиеся в боях за овладение городом и крепостью ЛОМЖА, представить к присвоению наименования «ЛОМЖИНСКИХ» и к награждению орденами.

Сегодня, 13 сентября, в 21 час столица нашей Родины МОСКВА от имени Родины салютует доблестным войскам 2-го БЕЛОРУССКОГО фронта, овладевшим городом и крепостью ЛОМЖА, — двенадцатью артиллерийскими залпами из ста двадцати четырёх орудий.

За отличные боевые действия ОБЪЯВЛЯЮ БЛАГОДАРНОСТЬ руководимым Вами войскам, участвовавшим в боях за освобождение ЛОМЖА.

Вечная слава героям, павшим в боях за свободу и независимость нашей Родины!

Смерть немецким захватчикам!

**Верховный Главнокомандующий**
**Маршал Советского Союза И. СТАЛИН.**

13 сентября 1944 года.

הויפּט־קאָמאַנדיר מאַרשאַל סטאַלין באַגריסט דעם קאָמאַנדיר פון צווייטן פראָנט אין ווייס־רוסלאַנד מאַרשאַל זאַכאַראָוו צו זיין פאַרנעמען לאָמזשע.

אין דער שפּיץ פון דער לויה. נאָך דעם האָט מען אײנגעוויקלט זיין גוף אין דער פאָן און באַגראָבן אין דעם ברודער־קבר פון די געפאַלענע אין דער מגפה.

### איך וויל אַהיים

אַ מעשה מיט אַ מיידל, וואָס האָט אין אַ פרייטיק־צונאַכט אין זאמבראָווער לאַגער אָנגעפאַנגען זינגען דאָס ליד: „איך וויל אַהיים". פון אָנפאַנג — שטיל. ביסלעכווייז העכער און שטאַרקער. דאָס זינגען איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די אומגליקלעכע. אַנדערע האָבן אויך געוויינט ביים זינגען. 14 טויזנט אומגליקלעכע האָבן געזונגען. האָבן געזונגען און געוויינט אויף זייער הילפלאָזיקייט. די ס. ס.־תליינים מיינענדיק אַז אַן אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן, און דאָס איז אַ געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערן, האָבן זיי מיט מאַשין־געווער אַריינגעשאָסן דורך די פענצטער און ס'איז גלייך שטיל געוואָרן.

## אברהם־יצחק קיימאַן

# חורבן לאָמזשע

אַ פּאָר יאָר נאָך 1944 זיינען איניקע אידן געקומען קיין לאָמזשע צו ליקווידירן אָדער צונויפזאַמלען די רעשטלעך פון זייער פאַרמעגן. אָבער נאָך 1948 איז שוין מער קיין אידישער פוס נישט אַריבערגעטראָטן די שטאָט. נאָך אַ לאַנגן צווייפלען צי איך זאָל באַזוכן די לאָמזשע אָן אידן, האָב איך באַשלאָסן אַז יאָ. דעם 21טן פעברואַר, 1951, 7:50 אין דער פרי בין איך פון ווילנער וואָקזאַל, אין פּראַגע, אָפּגעפאָרן מיט דער באַן קיין לאָמזשע.

אַלע סטאַנציעס מיר גוט באַקאַנטע, וואָס זיינען אַמאָל געווען באַלעבט מיט אידן, זיינען איצט געווען ליידיק. איינע פון זיי איז געווען מאַלקין, דאָרט האָט זיך געפונען די גרויסע, שרעקלעכע מאָרד־פאַבריק טרעבלינקא, וואו מיליאָנען אידן זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. 3 בייטאָג איז דער צוג אָנגעקומען קיין לאָמזשע. פון דעם פון־ברעטער־צונויפגעשלאָגענעם וואָקזאַל בין איך אַוועק אין שטאָט אויפן אַלטן מאַרק. דאָרטן איז אַלץ אַרום געווען חרוב, נאָר דער מאַגיסטראַט איז געבליבן און אונזער הויז נומער 1. אויפן פלאַץ פון די חורבות — צייטווייליקע פון ברעטער בנינים. די האַנדל־האַלעס, זיינען אויטאָבוס סטאַנציעס. אַנדערע גאַסן זיינען אַזוי חרוב, אַז זיי איז שווער צו דערקענען. די גאַסן: דוואָרנאַ, פאַלנא, סענאַטאָרסקאַ, געלצינסקאַ — אין זיי זיינען געבליבן איניקע געביידעס. מען רופט זיי יעצט מיט אַנדערע נעמען לויט דעם נייעם פּאָליטישן גייסט. אויפן אָרט פון דער גרויסער שול — אַ באַרג מיט ברוך. דער שפּיטאָל, השגחת יתומים, תלמוד־תורה און די ישיבה — חרוב. ווייניק פאַרבייגייערס אויסער קעץ, הינט, הינער. נישטאָ קיין אידן — נישטאָ קיין לעבן. איך בין געווען איןביידע שטאָט־גערטנער וואו די פאַרקאַנעס זיינען פאַרשוואונדן.

עס רוקט זיך צו די נאַכט. ס'איז נישטאָ קיין האָטעל אין שטאָט, נאָר אַרום דער באַן סטאַנציע. גייענדיק צופוס בין איך פאַרביי די קאַטוילישע תפלה'ס, וועלכע זיינען געבליבן גאַנץ. דאָס זעלבע די פאָלקס־שולן און די הויך־שולע פאַר־לאַנד־און־וואַלד־אינזשענירן. אויפן וועג בין איך צוגעשטאַנען צו אַ גרופּע שיקסעס פון יעדוואָבנאַ, וואָס האָבן צווישן זיך גערעדט. איך האָב געהערט זיי זאָגן, אַז זייט דער אויסראָטונג פון די אידן איז ביי זיי נישטאָ קיין לעבן ווי אין אַ שטאָט — אַ וויסטעניש, אַפילו אָן באַלייכטונג ביי־נאַכט. אַמאָל האָט עס דער אידישער מילנער, לעוו, צוגעשטעלט פון זיין מיל־מאָטאָר. נישטאָ קיין פּרנסה און מען מוז פאַרוואָגלט ווערן ווייט צו קענען לערנען און עפּעס פאַרדינען.

איך בין אַריין אין האָטעל פון יוזעף דאָמבראָווסקי, נעבן וואָקזאַל. זיין זון אַ ספּאָרטלער אין פוס־באָל, האָט מיך דערקענט און אַ גאַנצן אָוונט האָבן מיר געשמועסט. פון אים



נייער בית עולם נאָכן חורבן.

האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זייט לאָמזע איז באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן זיינען דאָרט געווען: שעמיאַוויצעס אינגערע טאָכטער, ראָזענטאַלס טאָכטער, וועלכע האָט דאָ געפונען איר קליינע טאָכטער, וואָס זי האָט אָנגעטרויט צו האַלטן ביי דעם שטאָט־פּרעזידענט יאַניצקי; מ. אָרלאָווסקי (דער פּאָ־טער); די ברידער גאַלאמבעק וועלכע האָבן צונויפגעקליבן רעשטלעך פון זייער האָב־און־גוטס; פאַניץ; ביאַליס פרוי; וואַרשאַווציק און אסתר פשעפשאָוויץ. אַרום לאָמזשע וואוינען אייניקע משומדים.

אויף מאָרגן, דעם 23טן פעברואַר, בין איך אַוועק צום בית־עולם. עס האָט געשנייט. פויערים מיט אָנגעלאָדענע וועגענער מיט תבואה זיינען געפאָרן צו די רעגירונגס־קאָאָ־פּעראַטיווע מילן. דער בית־עולם איז דערווייל געבליבן. פיל ציגל זיינען אַרויסגעריסן געווען פון דעם פּאַרקאַן. פיל מצבות זיינען געלעגן אומגעוואָרפן. אַ סך זיינען געבליבן גאַנץ, איבערהויפּט פון די געשטאָרבענע אין די לעצטע יאָרן: 1934—1938. פון פיל מצבות זיינען די אותיות אָפּגעמעקט. אַ סך זיינען אַוועקגענומען געוואָרן.

צווישן די קברים האָב איך געטראָפן די פרוי פון פּאָליציאַנט יאַדלאָווסקי און זי האָט מיר דערציילט אַז: אין דער טהרה־שטוב וואוינען 3 פּוילישע משפּחות; די דייטשן האָבן אַוועקגענומען די טייערע מצבות ווי פון פרוי ביאַלי, א. אַנד. אָבער אין אַלגעמיין איז די צעשטערונג געקומען נאָך 1945 דורך די פּוילישע כנופיות, וואָס ווילן עס זאָל נישט בלייבן קיין זכר פון אַמאָליקע אידן. פון אָנפאַנג איז דער בית־עולם געהיט געוואָרן דורך 2 אידישע אַגענטן פון זי־כערקייטס־ביוראָ. אָבער נאָך זייער אַוועקגיין איז געוואָרן הפקר. זי האָט מיר אויך געוויזן דעם קבר, אָן אַ מצבה, פון דר. העפנער, נעבן זיין פאָטערס קבר. לויט איר דער־ציילונג האָבן אים די דייטשן באַגראָבן. ווען זיי האָבן גע־שלט'עוועט פלעגן זיי הייסן באַגראָבן פּוילישע בונטאָווש־צי־קעס און פּאַרטיזאַנער אויפן בית־עולם אַלס שטראָף און דערנידערונג. נישט ווייט פון יודקע־דעם־קברנ'ס הויז איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט אַ גרוי־סער צלם צום אָנדיינק פון די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט. עס איז אַ גרויסער ספק צי דאָס רעשטל פון בית עולם, וואו עס ליגן די אַזוי טייערע צו אונז, וועט אָפּגעהיט ווערן דורך די מאַכט־האָבער.

(1951)



לוויה אין געטאָ, 1942.
רעכטס דוד מאעל, לינקס „אייגע די נאָטאַרקע״.



צעשטערטער נייער בית־עולם



פאַניטש ביי דער צעבראָכענער מצבה פון יונה ראָטשילד

**געענדיקט קאַפּיטל לאָמזע, די הייליקע קהילה, זאָל די ערד נישט צודעקן איר בלוט.**

א. ריוועס (ניימאָוויץ)

# הספּד נאָך דער שטאָט לאָמזשע און אירע אידן*

## אומגעקומענע אין די גאַז־אויוונס פון אָשוויענטשים

לאָמזשע! מערקווירדיקע שטאָט פון קאָנטראַסטן, פון ליכט און שאָטן — איך זע דיך נישט מער פאַר מיינע אויגן!

שטילע, צניעות׳דיקע שטאָט, אין אַ ווינקל אויף פּוילישער ערד האָסטו זיך באַהאַלטן, האַרט ביי די גרענעצן פון



א. ריוועס (ניימאָוויץ)

פאַרשאָלטענעם מזרח־פּרייסן. דורות לאַנג איז צו דיר קיין באַן נישט דערגאַנגען, נישט געבראַכט דיר צוטראָגן אויף רעלסן דעם אומרו פון גרויס־שטאָט — און דאָך האָט דיר נישט געפעלט קיין גרויסקייט.

לאָמזשע! אין דיר איז געווען צאַפּל פון אַ לעגענדע, פון אַ נישט דערזאָגטן שפּרוך. דיינע שטילע, און דוכט זיך, פּראָזאַאישע גאַסן, מיט די קרעמער און האָרעפּאַשנע בעלי־מלאכות האָבן געפירט צום רואיקן שמאָלן טייך נאַרעוו — און אַליין האָסטו זיך אַנטפּלעקט אַ הויכע, אַ באַרגיקע, מיט שיינקייט פון פּאָעמע.

דורות־לאַנג ביסטו געווען איינגעגלידערט אין „קאָנגרעס־פּוילן" און דיינע אידן האָבן אויפגעהיט דעם ליטווישן אידיש, ווי נישט געוואָלט זיך אויסמישן מיטן חסידישן עולם אין פּוילן. האָסט זיך געקליידעט מתנגדיש, געדאַוונט נוסח אשכנז, געגרויסט זיך מיט די אייגענע באַרימטע רבנים, מיט דער אייגענער „לאָמזשער ישיבה".

לאָמזשע! אַ פאַרגאַפטע ביסטו געלעגן ביים מורמעלדיקן וואַסער, אַראָפּגעקוקט מיט וואונדער, צו די „פּאָרטן" מיט די פעסטונג־קאַנאָנען וואָס האָבן געשיצט די צאַרישע אימפּעריע קעגן די פּרייסישע יונקערס. האָסט געדרימלט אין עטער פון דיינע ברייז פאַרוויגט אין מיליטערישע פּאַראַדן, מאַרשן פון גאַרניזאָן אָרקעסטערס — און הינטער דיין נאַקן האָט זיך געשפּרייט די ריזיקע רויט־ציגעלדיקע צאַרישע טורמע (אַ טייערע ירושה פאַרבליבן פאַר דעם ענדעקישן פּוילן). טויזנטער זין און טעכטער פון ווייטע שטעט האָבן געשמאַכט הינטער די דיקע, גרויליקע ווענט. געחלומט פון רעוואָלוציע און אָפּגעקומען לאַנגע יאָרן פאַרן „חטא" פון סאָציאַליזם.

לאָמזשע! דיינע גאַסן „לאַנגע" און „זשאָנדאָווע", פּאַראַלעל מיטן פיר־קאַנטיקן „אַלטן מאַרק", מיט רואיקע, פאַרטראַכטע קלייטן פון לעדער, הערינג און נאַפט, מיט פאַרמעלטע ברייט־פּלייציקע טרעגער־אידן אויף די שוועלן, און פּסוקים תהלים אויף די פאַרהאָרעוועטע בערד — זיינען דערלאָפן צום „נייעם מאַרק" מיט זיינע קאַשטאַן־בוימער־אַלייען, וואו אידישע יוגנט איז אומאויפהערלעך געגאַנגען אַהין און צוריק נאָר זי איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען צו אַ תכלית. האָט זי געזוכט אויסצולאָדן די כוחות — און אַוועקגעריסן זיך איבער ווייטע מדינות.

אין ערשטן וועלט־קריג איז צו דיר דערגאַנגען די אייזנבאַן. זי האָט דיר געבראַכט צו פירן נייע אימפּולסן מיט צאַפּלדיקן אומרו. די געפּראָפּטע בתי־מדרשים זיינען שיטערער געוואָרן. מ׳איז שוין נישט געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ אויסצוהערן די וואונדערלעכע דרשות פון דעם סמאַראַגאָנער רב, ר׳ יהודה לייב גאָרדאָן, וואָס האָט באַגלייט מיטן „מורה נבוכים", גערעדט פון אַריסטאָטל׳ס חומר און צורה און פאַראיינוועגס געזאָגט מוסר די תלמידים פון מאַרקסן.

האָט די יוגנט דיינע געזוכט צו פאַרבינדן מאַרקסן מיט הערצלען. גאַסן האָבן געפיבערט מיט צעפלאַטערטע פענער. פעלקער דערוואַכן. אַמפּערייען מיט וועטעראַנען פון „בונד" און „ס. ס."; אַמפּערייען אַרום „ציון". אַמאָל, לאָמזשע, ביסטו געווען אַן אַכסניה פון סאָציאַליזם, פּונקט ווי דיין ישיבה — אַ קוואַל פון תורה פאַר יונגע תלמידי חכמים. ווער איז אַלץ נישט געווען אין דיינע מויערן און צעטראָגן דיין נאָמען איבער דער וועלט? וויפיל שריפטשטעלער און קינסטלער (זע זלמן רייזענס לעקסיקאָן), האָבן געטרונקען פון דיינע קוואַלן? — פון גאָר גרויסע ביז אורקע נאַכאַלניק.

לאָמזשע! איבער דיינע גאַסן האָבן נישט געשטראָמט מחנות פאַבריק אַרבעטער — האָסט זיי נישט פאַרמאָגט — נאָר מחנות תלמידים, שטראָמענדיק פון פּילצאָליקע גימנאַזיעס און סעמינאַרן. דו ביסט אויך געווען אַ צענטער פון פּוילישער השכלה. אין פאַרגלייך מיט דער קריסטלעכער עוואַנגעליע, האָט אויך געבליט די שנאה צום אידישן שכן וואָס דיין בן־עיר, דער באַוואוסטער אַרכי־אַנטעסימיט גלח לוטאָסלאַווסקי, האָט פאַרפלאַנצט איבער גאַנץ פּוילן. אָט־די שנאה, וואָס האָט זיך בהדרגה פאַרוואַנדלט אין קעמפערישן פאַשיזם פון „פּשיטעק" ביז צום הומאַניטאַרן „אַנטי־אידישן שחיטה געזעץ" פון מאַדאַם פּריסטאָר, היטלערס בוזים פריינדין, וואָס האָט צוגעגרייט די שחיטה אויפן אידישן פאָלק. דיין ראש־הקהל, ה. עפּשטיין, האָט מיט אַ ריטערלעך פיינלעכן זשעסט פאַרענדיקט זיין לעבן אַלס פּראָטעסט קעגן די מאָרד אַספּיראַציעס פון די מאַכט־האָבער לגבי זיינע אידישע ברידער. זיין טויט — דאָס זיינען ערשטע סטראָפן צו דער טרויעריקער באַלאַדע: אומקום לאָמזשע!

לאָמזשע! האָסט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ ווינקל אויף פּוילישער ערד — איז פאַר אונז, דיינע זין, אויסבאַהאַלטן

* דער הספּד איז געווען געדרוקט אין יאַנואַר 1946 אין אַ ישראל־צייטונג. מיר דרוקן אים דאָ איבער מיט עטלעכע פאַרקירצונגען. דער שרייבער פון דעם אַרטיקל איז אונזער לאַנדסמאַן אברהם ניימאָוויטש, וועמענס פען־נאָמען עס איז א. ריוועס.



אידישע גאַס (זשידאָווסקאַ) נאָכן חורבן לאָמזשע.

געוועזן דיין גרויס אומגליק. איצט ביסטו מער נישטאָ! קיינער, קיינער נישט פאַרבליבן! אויף דיין לעצטן וועג האָט מען דיך געפירט קיין אַשווענטשים.

איז שווער דאָס געמיט פון דיינע פאַרבליבענע יתומים. זיי טראָגן אין זיך די אַש פון פאַרברענטע טאַטע־מאַמע, פון פאַרברענטע שוועסטער און ברידער. דאָס בלוט קאָכט אויף מיט זייערע פאַרפייניקטע געוואַלדן, מיט אַ קללה פון דער־שטיקטע אַנגסטן: וויסט און חרוב זאָלסטו ווערן, אומריין, מערדעריש דייטשלאַנד! אָפּגעמעקט זאָלסטו ווערן פון דער ערד ווי סדום און עמורה!

ביזט שוין לאָמזשע מער נישטאָ. פאַרשניטן פון דער ערד, ווי ס'גאַנצע אידישע פוילן.



1. חרובע תלמוד־תורה; 2. חרובער שפּיטאָל; 3. דעם דייטשן פּאַסטאָרס הויז וואָס איז פאַרבליבן גאַנץ צווישן אַלע חורבות; 4. אָרלאָווסקיס צעשטערטע פאַבריק.

מנוחה אַלפּערין

# ביי די אַש פון אַ שטאָט אידן

## (לאָמזשער קדושים)

די לעצטע דריי מתנות פאַר ישראל, נאָכן אידנטום פון לאָמזשע און איר סביבה. די אומגעקומענע דורכן דייטשישן נאַציזם:

אַ קעסטל אַש, אַ האַנט־געלענק און אַ ציגל פון פאַרברענטן בית־המדרש.

אויסגעלאָשן האָט טאָג זיין פריידיקע שיין. שקיעה־דיקע האָריזאָנטן האָבן זייער גאָלד פאַרביטן אויף טונקעלע פלאַכטעס טרויער.

פריער, ווי שטענדיק האָט די נאַכט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער ישראל. נאָר אידיש־ערד האָט הייס געאָטעמט, גע־גליט מיט אויפברויז און געבריט די ווייענדיקע טריט פון די משפחות אבלים, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אַלע זייטן לאַנד אַהין, צו יענעם אומגליקלעך־הייליקן אָרט.

דער גרויסער זאַל פון בית־חלוצות, וואָס באַדינט תל־אביב אַלס אַ פאָלקס־טריבונע, האָט היינט צום ערשטן מאָל אין דער אידישער געשיכטע אויפגענומען אַזאַ אויסטער־לישן עולם און איז אויף אייביק פאַרבליבן דער עדות פון דאָס געשעענע. —

אַ מוראָ׳דיק בילד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די שעה. ביי אָנגעצונדענע ליכט האָבן אַ מנין אידן, מיט פאַרפינסטער־טע פנים׳ער, אין גרויסן יראת הכבוד, אַריינגעטראָגן די שוואַרצע מיטה־אַש איבערגעדעקט מיט אַ אידישער פאָן. עס איז אַ שוידערלעכער פחד אַדורך איבערן זאַל און פון טיפן, שטילן צער איז פּלוצלונג אויסגעבראָכן אַ שטורם פון גוואַלדן און ספּאַזמעס.

אַ ברענענדיקער ווייטיק האָט שאַרף דורכגעשניטן די גלידער, עס האָט זיך געוואָלט שרייען, רייסן די האָר פון קאָפּ, רעווען, ווי אַ ווילדע חיה; אויסציען זיך ביים ראַנד פון דעם ארון, אַריינאָטעמען אין זיך דעם גערוך פון מענטשן־אַש: ניין! — צוטוליען זיך, אַרומנעמען און אַריינלייגן טיף־טיף דעם קאָפּ אַהין, אַז אויער זאָל דערהערן דעם געשעפּטש פון מענטשן־אַש, ניין! — בעסער צולייגן צום קלאַפּנדיקן האַרץ, אָדער — איינשלינגען אין זיך דאָס אַש כדי אייביק טראָגן עס מיט זיך, אפשר וועלן זיי ווידער אַמאָל אויפבליען אין די בלוט־אָדערן, אין האַרץ מיט האָפענונג און — דער־וואַכטער טרייסט!...

אפשר, אפשר און אפשר (???)...

און אַ מלאך וויל איצטער איעדערער ווערן, אויף די פליגלען פון צער און צאָרן זיך אויפהויבן, אַנקלאַפּן אין כסא־הכבוד דריי מאָל און פרעגן: פאַרוואָס, פאַרוואָס? פאַר וועמען? פאַר וועלכע זינד?...

שטום, שטום — אַן ארון — אַש.

ווי דער עלטסטער פון זיין דור, אינ׳ם לבוש פון זיין בכבוד׳יקן עלטער, שטייט דער היימישער לערער, ר׳ ישראל לעווינסקי, טיף אַריבערגעבויגן איבער דער שוואַרצער מיטה. ברענענדיקע ליכט, ווי אַ מחיצה צווישן לעבן און טויט — האָבן סימבאָליש געפלעמלט מיט לעגענדע, און דורך ליפּן פון די בירגער ה״ה לעווינסקי און גאָלדמאַן, האָט לעגענדע גערעדט, דערציילט געשיכטע פון אַ לעבעדיקער, אידישער שטאָט; איר אַנטשטייאונג, איר געבורט, איר אַנטוויקלונג זייט לאַנגע יאָר־הונדערטער, איר אויפבליאונג אין געזעל־שאַטלעכקייט, איר קאַמף פאַר אייגענער און אַלעמענס פריי־הייט, איר רייך אידיש־קולטור־לעבן — פון דעם אַלעם, אַן ארון־אַש.

נאָכן ספּאַזמאַטישן שטורעם האָט זיך אויסגעשפּרייט הייליקע שטילקייט.

נאָכט. בית־עולמ׳דיק. וואו ניט וואו נאָך האָבן אָקסלען געצוקט, הענט זיך געבראָכן און, ווי אַן עכאָ פון באַזונדערע קברים, האָט שטיל זיך דערטראָגן אַן אַנגסטיק־געכליפּעריי און געפליסטער.

נאָכט אַרום האָט געשפּרייט טרויער. טונקעלע שאָטנס האָבן אַרומגערינגלט דעם בנין; זיך אַנגעשפּאַרט אָן די ווענט, אַריינגעבליקט דורך נאַכטיקע שויבן און אַריינגעשוועבט איינציקווייז, צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער באַגלייט



הספד אין בית החלוצות אין תל־אביב. אין ארון, איבערגעדעקט מיטן טלית, ליגט אַ זעקעלע אַש. אויף דער בימה 6 ליכט, אין אָנדענק פון די 6 מיליאָן אומגעבראַכטע, און איין ליכט אין אָנדענק פון די לאָמזשער קדושים. דער מספיד איז ישראל לעווינסקי, פאַרזיצער פון פאַראיין פון לאָמזשער לאַנדסלייט אין ישראל.

דורך מיליאָנען... — אַלע זייעריקע... געדאַכט האָט זיך: זיי זיינען געקומען מאָנען זייער יונג־פאַרשניטן לעבן, די אומשולדיק־פאַרגאָסענע בלוטן. — — —

אַ מיסטישער פּחד האָט אָנגעפּילט דעם אַרום און פאַרכאַפּט די הערצער מיט ווילד־צעוויטיקטן שרעק, פאַרדראָס און פלאַמיקער בענקשאַפט צום „קעסטל אַש"...

איז דער זאַל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טייכן טרערן, וואָס האָבן געשטראָמט פון איינעם צום אַנדערן און פון אַלע — צום קעסטל אַש...

און אַן עדה אין שוואַרצן געהילט, אַן אויסגעצופּטע פון אַלע פריידן, אַ פאַרצערטע, אַ מחנה בלאָנדזשענדיקע יתומים, האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן און זיך צונויפגעגאָסן אין איין יאָמערנדיקער משפחה מתפללים, אַ משפחה פון חורבן און תפילה...

ליכט ברענען און לעגענדע פלאַטערט ווי־טער:

ווי דאָס קעסטעלע מיט משה'ן, דער באַפרייער פון פאָלק, איבער דעם שטילן נילוס — אַזוי שוועבט איצטער, נאָך יאָרטויזנטער וואַנדערונג אין גלות, דאָס פאַרפייניקטע פאָלק אין אַ קעסטל מיט „אַשיקער אידן־שטאָט", איבער אַ ברענענדיקן ים פון מענטשלעכע טרערן, דורך אויגן פיבערנדיק־אַנגעצונדענע אויגן — פאַקעלן, וואָס שוידערן, ברענען, עלעקטריזירן, נעמען דורך, רעפלעקטירנדיק דעם ארון, גיסן אַריין אין אים חיות און געשענקטן לעבן און — ווי די עצמות יבשות ביים נביא אין טאָל האָט אין הייליק־אַנגסטיקער שטילקייט זיך דערהערט דאָס פליגל־געראַוש פון שוועבנדיקער באַוועגונג: יעדעס „אַש־שטויבעלע" האָט זיך דורך ברענענדיקער טרויער־ליכט אַריינגעוועבט און באַהעפט מיט דער מחשבה פון יעדן אבל און זיך געשטאַלטעט אין לעבעדיקן עבר...

— דורך שטיקנדיקע קרעכצן איז אַנטשטאַנען אַ שטילער, פיי־נלעכער שווייגן. ס'האָט זיך יעדערער פאַרשלאָסן מיט זיך און געמאַכט זיין חשבון־הנפש, רעדנדיק שטום צו זיין „אַש־קרוב"...

...פלוצלונג, האָבן אויגן זיך צעלאַרעמט אין גרויליקן שוידער: געראָפן, געפאָדערט און פּראָטעסטירט:

— אוי, מאַמע־מאַמעניו, פאַרוואָס בין איך ניט מיט דיר?!

— אוי, טאַטע־טאַטעניו, וואו ביסטו?!

— אוי, שוועסטערלעך בריליאַנטענע, כאַרוואָס האָט אי־ר מיר איבערגעלאָזן אַליין?!

— אוי, ברודער, האַרציקער, ווי קען איך לעבן אָן דיר?!

— אוי, טאָכטער מיינע, קינדערלעך מיינע, נשמות מיי־נע, וואו זייט איר?!

— אוי, זיידעניו, שיינע, געטרייע באָבעניו! וואו־זשע זייט איר, טייערע זקנים?!

— וואו זייט איר פרעכטיקע אי־דישע טעכטער?!

— וואו ביסטו העלדישע, אידישע יוגנט?!

— וואו ביסטו, אידישע, ליכטיק־צעזונגענע עדה פון לאַמזשע?!

— — — — — — — — — — — — — —

ציט זיך שטיל אַ לוויה איבערן שטח פון אידישן תל־אביב.

באַגלייטן צענדליקער — „אַ שטאָט" מיט צוואַנציקער־טויזנטער.

בלייבן גאַסן און פלעצער נבהל ונשתומם! שליסן זיי זיך איין אין אַן ענגן קרייז.

רינגלען אַרום דעם הייליקן ארון מיט אחדות און ברודערשאַפט; טראָגן די אָפענע פעלדער און יונגע וועלדלעך זייערע אַלע בלומען און אַראָמאַטן אַנטקעגן. און אידישערד ווערט פאַרציטערט און צעשיט זיך אויף איינציקע זילבער־שטויב, מיט דעם אויסגעוואַרעמטן אָטעם פון דערוואַרטנדיקע אבות:

אַברהם,
יצחק,
יעקב,
משה,
אהרן,
שרה,
רבקה,
רחל,
לאה,
מרים,
יהודית,

— נעמען אויף אין מוטערס שויס, די פאַרברענטע קינדער — פון גלות...

— — — — — — — — — — — — — — — —

באַגלייטנדיק צו דער אייביקער רו — האָבן זיך אין הייליקער שבועה, צווישן הימל און ערד, פויסטן געביילט קעגן שוואַרצער, רוצח'ישער וועלט:

נ ק מ ה, נ ק מ ה, נ ק מ ה!!!

(תל־אביב, יוני, 1950)



הרב הערצאָג, געבווירענער אין לאָמזשע, רעדט אויף אַ יזכור־פאַרזאַמלונג אין תל־אביב אין 1951, אין אָנדענק פון לאָמזשער קדושים.



בײַ דער לוויה פון אַש.

רעכטס : סולארציק, ברומבערג, **דוד** געלצינסקי ; לינקס : דוד סופינסקי.



הרב ציצעוויץ איז מספיד די קדושים בײַ דער קבורה.

לינקס פון אים איז דער חזן פון דער חברה קדישא אין תל־אביב. דער פינפ־טער פון רעכטס איז שלמה געלצינסקי, געוו. חברה קדישא מאַן פון לאַמזע.



הזכרת נשמות איבער דעם אַש.



לוויה אין ישראל פון דעם אַש פון די פאַרברענטע לאַמזשער אידן אין געלצין, געבראַכט דורך טאַביאַש.



נאָך אַ בילד פון דער זעלבער לוויה אין ישראל ביים באַערדיקן דאָס אַש פון די פאַרברענטע לאַמזשער אידן אין געלצין.



באַערדיקונג פון אַש אויפן בית־עולם נחלת יצחק אין תל־אביב אין יאָר 1950.

אין פראָנט: מ. גאָלדמאַן, י. סופינסקי.

מאָריס ראָזען (זודקעוויטש)

# טראָג דאָס, וועלט, אויף דיין געוויסן!

ווען לאָמזשע איז אַרויף אין פלאַמען
ווען אין שול־גאַס אין די געטאָ קלאַמען
האָט געבושעוועט די שווערד און קאַראַבין,
מיר פון לאָמזשע די פאַרטריבענע
מיר, די לעבעדיק־געבליבענע —
צי האָבן מיר פאַרהאַלטן די שחיטה אין געלטשין?

ווען געצאַפּט האָט נאַצי בלוט פון קינדער
און געשונדן הויטן האָט נאַצי שינדער
פאַר אַבאַזשורן פונ׳ם אילזאַ קאָך פאַסאָן,
מיר, פון לאָמזשע די אַנטרונענע
מיר, מיט יאָרן געוואוינענע —
וואָס האָבן מיר פאַר זיי געטאָן?

ווען ס׳האָט אידיש בלוט ווי וואַסער זיך געגאָסן
און אין קאַלוזשעס צום טייך אַראָפּגעפלאָסן
אַזש רויט געקאָכט האָט נאַרעוו און דער בוג,
מיר, וואָס האָבן שחיטות אויסגעמיטן
מיר, וואָס אונזער האַרץ עס האָט געשניטן —
צי האָבן מיר געשריגן הויך גענוג?

ווען געשאָכטן האָט דער נאַצי שעכטער
און ברוטאָל געשענדעט אידישע טעכטער
אויף צעריסן עופּהלעך אין וויגן —
האָט אַ וועלט מיט האַרץ פון קאַלטן שטאָל
אַראָפּגעקוקט צום יאָמער־טאָל
און אַ רואיקע גלייכגילטיק געשוויגן.

ווען סאָרטירט עס האָט רוצח
ווער צום טויט דורך קויל אין מוח
און ווער פון בייזע הינט צעריסן ווערן;
האָבן שכנים אויף צווייטער זייט וואַנט
צוגעלייגט אַ מערדערישע האַנט
און פלייסיק געפּלינדערט האָבן די וויעלמאָזשנע הערן.

ווען רויטע לאַווע האָט פון פּויליש ערד געשלאָגן
און שמע־ישראל׳ס צו די הימלען זיך געטראָגן
און געוויכערט אין דער לופט האָט קרעמאַטאָריע־בראָט;
נישט געזען האָט וועלט, נישט געהערט, נישט געפילט,
נישט אויפגעשוידערט ביזן ביין, די בלוטן נישט פאַרקילט
נאָר זיס־הכנעה׳דיק געקניט צו דעם מולך גאָט.

נאָך לאָמזשער אידן, מאַרטירער־קדושים
וועלן לדורות ציען זיך די שלושים
און אין האַרצן בלייבן אַ קריעה איינגעריסן
נאָך דער זעקסמיליאָנענדיקער שחיטה
פון אידן פּוילישע, אוקראַאינע און פון ליטע —
טראָג דאָס, וועלט, אויף דיין געוויסן!

# לאָמזשע, דו ביזט אַ מאַמע מיר!

לאָמזשע, דו ביסט אַ מאַמע מיר מיין שטעטל
און איך אַ זון דיר אַ געטרייער,
דו ביסט מיין וויג, מיין קינדהייט־בעטל,
אייביק בלייבסטו ביי מיר טייער.

איך האָב דורכגעשניטן זיבן ים׳ען
צו ווייטע ברעגעס זיך דערשלאָגן,
נאָר צו דיר, מיין לאָמזשע, ווי צו אַ מאַמען
וועט אַ בענקשאַפט אייביק נאָגן.

אין שעה׳ן איינזאַמע, פאַרבענקטע, פלעג איך זינגען דיר אַ אָדע,
אַ שירה דיר, מיין היימאַט, אַ נאָסטאַלגיש ליד אין גראַמען,
איצט איז מיין געזאַנג, אַ הספדיק מעלאָדיע,
אַ קדיש־יתום ביי דעם קבר פון זיין מאַמען.

נישטאָ דאָרט מער מיין הויז, נישטאָ קיין טאַטע־מאַמע,
אויסגעקוילעט ברידער, שוועסטער, קוזינס און קוזינעס;
ס׳האָט נאַצי לאַנג שוין אָפּגעשפּילט די בלוטיקע דראַמע,
נאָר דאָס בלוט פון די קדושים קאָכט און זידט אויף די רואינעס.

צו דיין טיר, מיין לאָמזשע, כ׳האָב דעם שליסל מיטגענומען,
געהיט אים און געצערטלט ווי אַ דימענט, אַ בריליאַנט,
פאַרוויסט איז איצט מיין שטעטל, נישטאָ צו וואָס צו קומען,
נאָר דער שליסל איז פאַרקלעמט אין מיין פאַרפויסטער האַנט...

מיט „נישט פאַרגעס און ניט פאַרגיב", מיט נישט
געשטילטן צאָרן;
אין טיפן טרויער נאָך די קדושים, מיט אַ יזכור־תפילה
עפן איך אויף פון לאָמזשע דעם ספר־הזכרון,
בלעטער איך פון עיר ואם די בלוטיקע מגילה.



חיים וואָלאָווסקי, וועלכער געפינט זיך היינט אין אַרגענטינע, איז געווען אַ פיינער מוזיקער (פידל־שפּילער) נאָך אין דער אַלטער היים.

אין אַרגענטינע האָט ער פאָרגעזעצט זיין מוזיקאַלישע קאַריערע. האָט פאַרפאַסט פיל מוזיקאַלישע נומערן, צווישן זיי אַ קאָמפּאָזיציע וועגן דעם באַרימטן טייך „לאַ פּלאַטאַ״.

דאָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער אַרגענטינער מוזיק־אַקאַדעמיע, פאַר וועלכער וואָלאָווסקי האָט געקראָגן אַן אויסצייכענונג.

מיר ברענגען דאָ זיין ספּעציעל־פאַרפאַסטע טרויער־קאָמפּאָזיציע נאָך דער שטאָט לאָמזשע.



חיים וואָלאָווסקי

## טרויער־קאָמפּאָזיציע נאָך לאָמזשע

פאַרפאַסט פון חיים וואָלאָווסקי






# זכור

גערענק וואָס עס האָט געטאָן מיט דיין פאָלק דער דייטשער נאַצי־עמלק!

גערענק די זעקס מיליאָן אידן, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם און על קידוש העם דורך די הענט פון די דייטשע רוצחים־תלינים!

געדענקט טרעבלינקע

געדענקט מאַידאַנעק

געדענקט אוישוויץ

געדענקט בוכנוואַלד

געדענקט דאַכאַו

געדענקט די גאַז־קאַמערן

געדענקט די קרעמאַטאָריעס

יזכור

6,000,000



## קדיש

פון

ז. סעגאַלאָוויטש

יתגדל ויתקדש
וויפל זיינען שוין נישטאָ?
זאָל געהייליקט זיין די שעה
מיר באַוויינען זיי אָן רעש,
יתגדל ויתקדש
וואָס געבליבן איז אונז מער
ווי די אָנגעגליטע טרער
אויף די קברים.
אויף די אַש
יתגדל ויתקדש

# וויכטיקע דאַטעס פון דער אידישער לאָמזשע

- די שטאָט לאָמזשע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1000 בערך.
- לאָמזשער אידן ווערן דערמאָנט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אין יאָר 1494.
- דער פאַרבאָט אויף אידן צו וואוינען אין לאָמזשע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1556.
- לאָמזשער קהלה איז אַנטשטאַנען פון דאָס ניי אין יאָר 1812, אין צייטן פון נאַפּאָלעאָן.
- דער פאַרבאָט אויף אידן צו וואוינען אין שטאָט איז אָפּיציעל בטל־געוואָרן דעם 10טן דעצעמבער 1822.
- אין זעלבן יאָר 1822 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז אידן דאַרפן וואוינען אין אַ געטאָ.
- דער אַלטער בית עולם איז פון ס'ניי געעפנט געוואָרן אין יאָר 1835. יענעם יאָר איז געגרינדעט געוואָרן די חברה קדישא.
- דער ערשטער תלמוד־תורה־בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1835.
- לאָמזשע איז אַריבער צו אווגוסטאָווער ראַיאָן אין יאָר 1837.
- משה מאָנטאָפיאָרי איז געווען אין לאָמזשע אויף זיין דורכפאָר־רייזע קיין פּעטערסבורג אין יאָר 1846.
- דוד יעקב יעלין, אַ לאָמזשער, האָט געשיקט צו די גרויס־מאַכטן אַ מעמאָראַנדום וועגן אומקערן צו די אידן ארץ ישראל אין יאָר 1863.
- די גרויסע שול איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1878.
- די פייער־לעשער קאָמאַנדע איז געגרינדעט געוואָרן בשותפות פון אידן און קריסטן, אין יאָר 1879. די אידן זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער קאָמאַנדע, נאָך 60 יאָר, אין 1938.
- אגודת חובבי ציון" מיט זייער בית־מדרש זיינען גע־גרינדעט געוואָרן אין יאָר 1891.
- די גרויסע ישיבה איז געגרינדעט געוואָרן דורך ר' לייזער שוליאַוויטש אין יאָר 1889.
- דער נייער בית עולם איז געעפנט געוואָרן אי'ן יאָר 1892.
- לאָמזשע איז דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ „גובערניע" אין יאָר 1897.
- די אַרבעטער באַוועגונגען: „בונד" און „פּועלי־ציון" זיינען אַנטשטאַנען אין לאָמזשע אין יאָר 1903.
- די ציוניסטישע אגודה „התחיה" איז געגרינדעט גע־וואָרן אין יאָר 1908.
- אַ אידישער פּאָליציי־הויפּט אין לאָמזשע איז באַ־שטימט געוואָרן דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט אין יאָר 1916.
- דער ספּאָרט־פאַראיין „מכבי" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1916.
- פּאָפּציק פראָצענט אידישע באַאַמטע אין מאַגיסטראַט און אַ אידישער וויצע־פּרעזידענט — אין יאָר 1919.
- אַ בלוטיקער פּאָגראָם אויף אידן אין שטאָט, דורך פּוילישע מיליטער־לייט און ציווילע, דעם 23טן אויגוסט 1920 (ט'אלול, תר"פ). דריי אידן זיינען גע־הרג'עט געוואָרן אין שטאָט און אַ סך אויף די וועגן.
- דער „סמיט־קאָמיטעט" — דער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט אין לאָמזשע פאַר אָפּנעמען און פונאַנדער־טיילן אַמעריקאַנער הילף, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1937.
- אַ אידישער פּאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט קעגן פּוילישע פּיקעטן און אַ צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט צו העלפן לאָמזשער פּליטים, אַרויסגעטריבענע פון דייטש־לאַנד, זיינען געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1937.
- דער נייער בית עולם איז פאַרשוועכט געוואָרן אין יאָר 1938.



# דאַטעס פון חורבן לאַמזשע

• **פרייטאָג, י״ז אלול, תרצ״ט (1טער סעפּטעמבער 1939)**
עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פּוילן; לאַמזשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן פון דייטשישע עראָפּלאַנען.

• **שבת, י״ח אלול, תרצ״ט (2טער סעפּטעמבער 1939)**
די דייטשן זיינען אַריינגעדרונגען אין שטאָט. טויזנטער זיינען אַנטלאָפן קיין רוטקי און גאַץ.

• **זונטאָג, ד׳ תשרי, ת״ש (17טער סעפּטעמבער 1939)**
די רויטע אַרמיי האָט איבערגענומען לאַמזשע דורך אַן אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד.

• **זונטאָג, כ״ז סיון, תש״א (22טער יוני 1941)**
אָפּמאַך צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד איז אָפּגע־בראָכן געוואָרן, און לאַמזשע איז ווידער באָמבאַדירט געוואָרן דורך די דייטשן.

• **מיטוואָך, ל׳ ניסן, תש״א (25טער יוני 1941)**
די דייטשן האָבן ווידער פאַרנומען לאַמזשע און האָבן אָנגעהויבן זייער פאַרניכטונגס־פּראָגראַם פון דער אידי־שער באַפעלקערונג.

• **פרייטאָג, ט׳ תמוז, תש״א (4טער יולי 1941)**
ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די גזירה אויף לאַמזשער אידן צו טראָגן אַ געלע לאַטע אויף זייערע קליידער.

• **דינסטאָג, י״ט אב, תש״א (12טער אויגוסט 1941)**
אַלע לאַמזשער אידן און פון די פאַרשטעט זיינען איינ־געשלאָסן געוואָרן אין געטאָ אין געציילטע שעה׳ן; זייער פאַרמעגן — צערויבט.

• **שבת, כ״ג אב, תש״א (16טער אויגוסט 1941)**
אַלע אידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן צום „גרינעם מאַרק״. די פעאיקע צו פיזישער אַרבעט האָבן באַקומען אַרבעטס־צעטלען. די איבעריקע ווערן טעגלעך אַרויס־געגומען און ערגעץ־וואו פאַרשיקט, פון וואַנען זיי קומען שוין נישט צוריק.

• **מיטוואָך, כ״ה אלול, תש״א (17טער סעפּטעמבער 1941)**
עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ציילונג פון אַלטע און שוואַכע אידן אויפן גרינעם מאַרק. אַרום 3,000 אידן זיינען דאָרט באַשטימט געוואָרן צום טויט.

• **מאָנטאָג, כ״ב חשון, תש״ג (2טער נאָוועמבער 1942)**
לאַמזשער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. די אידן זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן אין זאַמבראָווער קאַזאַרמעס.

• **דאָנערשטאָג, ח׳ שבט, תש״ג (14טער יאַנואַר 1943)**
מען האָט אָנגעהויבן אַריבערצופירן די אידן פון לאַמ־זשע, זאַמבראָוו, טשיזשעוו, וויסאָקי־מאַזאָוויעצק א״א קיין אָשוויענטשים. אין פאַרלויף פון זעקס טעג זיי־נען אַריבערגעשיקט געוואָרן צום אומקום אַכצן טראַנ־ספּאָרטן.

• **מאָנטאָג, י״ב שבט, תש״ג (18טער יאַנואַר 1943)**
ס׳זיינען אומגעקומען כמעט אַלע לאַמזשער אידן אין די גאַז־אויוונס אין אָשוויענטשים. נאָר אייניקע זיינען אַנט־לאָפן און זיך געראַטעוועט אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן.

• **מיטוואָך, כ״ה אלול, תש״ח (13טער סעפּטעמבער 1944)**
די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען לאַמזשע. אין יע־נעם טאָג האָבן געדונערט אין מאָסקווע לכבוד דעם נצחון צוועלף זאַלפן פון 124 האַרמאַטן. אָבער אין יענעם טאָג איז נישט געווען אַפילו קיין איין איד אין לאַמזשע.

ס׳איז געקומען די נחמה
נאָך יציאת נשמה.



# טאַבעלע פון דער אַלגעמיינער און אידישער באַפעלקערונג אין לאָמזשע

## אין די יאָרן 1826—1942

(פון זיכערע קוואַלן)

| יאָר | אַלגעמיינע באַפעלקערונג | אידן | פּאָליאַקן | רוסן | דייטשן | % פון אידן בערך | באַמערקונגען: |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1826 | 2,049 | 737 | 1,312 | | | 35.9 | די ערשטע ציילונג פון דער באַפעלקערונג, וואָס מיר האָבן באַקומען |
| 1856 | 5,762 | 2,574 | 3,188 | | | 44.7 | |
| 1860 | 6,020 | 2,680 | 3,340 | | | 44.5 | |
| 1869 | 16,760 | 7,933 | 8,827 | | | 47.3 | |
| 1895 | 20,578 | 9,822 | 9,054 | 6.4% | 1.9% | 47.7 | אויסער רוסיש מיליטער |
| 1897 | 26,093 | 9,244 | 16,849 | | | 31.5 | |
| 1900 | | | 45.3% | 6.1% | 2% | 46.3 | מיר האָבן נישט באַקומען די צאָל פון דער באַפעלקערונג נאָר אין % |
| 1910 | 27,671 | 12,334 | 12,542 | 2,795 | | 44.6 | אויסער רוסיש מיליטער |
| 1915 | 17,567 | 11,088 | 6,479 | | | 63 | אויסער מיליטער; לאָמזשער אידן זיינען געווען 9,524, די איבעריקע 1564 זיינען געווען פליכטלינגע פון דער סביבה |
| 1921 | 22,014 | 9,131 | 12,883 | | | 41.2 | דער שטאָט־ראַט האָט פאַראייניקט פיל דערפער מיט דער שטאָט, דעריבער איז גרעסער געוואָרן די פוילישע באַפעלקערונג |
| 1925 | 26,182 | 10,500 | 15,160 | | 225 | 40 | ווידער זיינען דערפער צוגערעכנט געוואָרן צו דער שטאָט |
| 1931 | 25,022 | 8,912 | 15,707 | | | 35.6 | אַ גרויסע אידישע עמיגראַציע |
| | | | | | | | אין די 10 יאָר האָבן מיר נישט געקראָגן קיין פינקטלעכע ידיעות וועגן דער שטאָטישער באַפעלקערונג |
| 6.22 1941 | | 12,000 | | | | | אין טאָג פון אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, בערך |
| 8.12 1941 | | 18,000 | | | | | אין טאָג ווען די אידן זיינען אַריין אין געטאָ; אַרום 7,000 פּליטים פון דער סביבה, וואָס האָבן געדענקט דאָ צו געפינען אַן אַנטרינונג |
| 11.2 1942 | | 10,000 | | | | | אין טאָג וואָס זיי זיינען אומגעקומען אין זאַמבראָוו־לאַגער. אַנדערע שאַצן לאָמזשער אידן אין זאַמבראָוו אַרום 12,000 |

י. ט. לעווינסקי

# דר. אברהם גראָסמאַן

**חשוב׳סטער לאָמזשער לאַנדסמאַן אין אַמעריקע, גרינדער פון פאַראייניקטן לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט און פאָטער פון געדאַנק אַרויסצוגעבן אין אַמעריקע דעם לאָמזשער יזכור־בוך אין אידישער איבערזעצונג**

דר. אברהם גראָסמאַן איז געבוירן געוואָרן אין פּיאָנטניצע אין יאָר 1891. זיין פאָטער איז געווען ר׳ יהושע מלמד, אַ איד אַן אָרימאַן. ער לערנט ביי זיין פאָטער, אין לאָמזשער תלמוד תורה, זינגט ביים חזן און ווען נאָך יונג זוכט ער שוין אַ „תכלית״. צו אַכצן יאָר גייט ער מיטן שטראָם קיין אַמעריקע. אַרבעט שווער בייטאָג און לערנט ביינאַכט ביז ער קומט אָן אין פאָרדהעם אוניווערזיטעט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט.



דר. אברהם גראָסמאַן

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה דינט ער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אַלס דאָקטאָר מיטן ראַנג פון אָפיציר. אין יאָר 1918 באַקומט ער זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם, באַזעצט זיך אין די בראָנקס און פּראַקטיצירט מעדיצין. גלייכצייטיק ווידמעט ער אַ סך צייט און גיט געלט פאַר געזעלשאַפטלעכער ארבעט, ווי אָרגאַניזירן אַרבעטער אין דערציאונג־און קולטור־אינסטיטוציעס, אין מוניציפּאַלע און סאָציאַלע אונטערנעמונגען, און אַלע אָנערקענען זיין ברייט האַרץ, פיינע מידות און איבערגעגעבנקייט לטובת הכלל. ער איז געווען אַקטיוו אין אָרגאַניזירן די אַמעריקאַנער דאָקטוירים, ספּעציעל די ניו־יאָרקער. ער איז געווען אַ שטאַרק־געאַכטעטער מיטגליד אין אָרדן „פרייע מויערער״ און אין פיל אַנדערע קערפּערשאַפטן. זייער פיל צייט און ענערגיע האָט ער אָפּגעגעבן פאַרן אַרבעטער־רינג ברענטש פון די לאָמזשער אין אַמעריקע.

אין יאָר 1931 באַזוכט ער מיט זיין פרוי לאָמזשע, פּיאָנטניצע און אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך און ער ווערט זייער באַווירקט פון דעם אופן ווי אידן לעבן דאָרט. ער פאַראייביקט עס אין זיינע פילע פאָטאָגראַפיעס און פילמס וואָס ער האָט געמאַכט. ביי זיין וויזיט אין אידישן שפּיטאָל זאָגט ער צו דר. קאַרבאָווסקי׳ן שטיצע פאַרן שפּיטאָל מצד לאָמזשער אין אַמעריקע. און ווען ער קומט צוריק קיין אַמעריקע גרינדעט ער טאַקע דעם „לאָמזשער האָספּיטאַל רעליף קאָמיטעט״ (ה׳ סאָבאָטקי איז געווען סעקרעטאַר פון דער אַקציע), דורך וועלכן אָנגעזעענע סכומים געלד זיינען געשיקט געוואָרן פאַרן שפּיטאָל. אין יאָר 1938 ווערט ער איינשטימיק אויסגעקליבן אַלס פאָרזיצער פון „הילפס קאָמיטעט״ אויפן אָרט פון רעזיגנירטן ה׳ משה גאָלדין. פון דאַן אָן ווידמעט דר. גראָסמאַן זיין גאַנצע ענערגיע און פרייע צייט פאַר דער דאָזיקער הילף. גלייכצייטיק איז ער אַקטיוו אין איד. וועלט־קאָנגרעס (אין דער בראָנקסער ליגע) און ער ווערט אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַט צו דער זשענעווער קאָנפערענץ. אין 1936, ווען היטלער האָט אָנגעהויבן זיינע רדיפות אויף אידן, איז דר. גראָסמאַן געווען פון די גרינדער פון דער באָיקאָט־באַוועגונג אויף דייטשישער סחורה און פון די קעמפער קעגן פאַרשפּרייטונג פון נאַציזם אין אַמעריקע. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה באַקומט ער אַ מעדאַל פון אַמעריקאַנער קאָנגרעס כאַר זיין איבערגעגעבענער דינסט פאַרן פאָטערלאַנד.

אַ פאַרטרויערטער און פאַרפינצטערטער גייט ער אַרום, ווען ער דערוויסט זיך וועגן די טראַגישע איבערלעבונגען פון אונזערע ברידער אין פּוילן און די פאַרשידענע פּליטים־לאַגערן. ווען ער דערוויסט זיך וועגן מעגלעכער הילף, וואַרט ער נישט קיין מינוט, אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון לאָמזשער רעליף־קאָמיטעט אַ שנעלע שיקונג פון שפּייז־פּעקלעך און קליידער. הונדערטער אַזעלכע פּעקלעך זיינען געשיקט געוואָרן דורך אים קיין סאָוועטן־רוסלאַנד, אין די געפאַנגען־לאַגערן אין דייטשלאַנד, איטאַליע, פראַנקרייך, ציפּערן א. אַ. אים האָט אַ סך אַרויסגעהאָלפן די געטרייע סעקרעטאַרין פון לאָמזשער רעליף־קאָמיטעט פרוי מ. מאַרגאָלעס,

ווי נאָר ער האָט זיך פאַרבונדן מיטן קאָמיטעט פון לאָמזשער עולים אין מדינת ישראל פלעגט ער שיקן אָפט געלט סומען פאַר עולים, אויך פּעקלעך שפּייז און קליידער. ער האָט מיטגעהאָלפן דעם ישראל קאָמיטעט פאַר אַרויסגעבן דעם לאָמזשער פנקס אין העברעאיש. פאַר דעם צוועק האָט ער איבערגעשיקט פון די פאָנדן פון „פאַראייניקטן לאָמזשער הילפס־קאָמיטע״ געוויסע סכומים געלט און שפּעטער אויף זיין אייגענעם חשבון — זיבן קאַסטנס מיט די בעסטע פּאַפּיר. ער האָט געגרינדעט דעם לאָמזשער קאָמיטעט אין אַמעריקע אַרויסצוגעבן דעם פּינקס אין אידיש. ער איז אָבער שוין דאַן קראַנק געווען אויף אַן אומהיילבאַרער

קראַנקהייט. ער האָט נאָך געחלומט צו באַזוכן צוזאַמען מיט זיין פרוי מדינת ישראל, זיך פרייען דאָרטן מיט זיינע פאַרערער־ברידער, האָט שוין אַפילו געהאַט באַשטעלט שיפס־קאַרטן. אָבער זיין קראַנקהייט איז געווען שטאַרקער פון זיין ענערגיע און גייסט און שבת ד׳ חשון תשי״ב (3טן נאָוועמבער 1951) אויף זיין 60טן יאָר איז ער נפטר געוואָרן. אַ גרויסע טרויער־פאַרזאַמלונג האָבן די א״י חברים איינגעאָרדנט אין ישראל אין „הויז פון חלוצות״. ער האָט איבערגעלאָזן אַ פרוי, אסתר, און אַן איינציקע טאָכטער העלענע ליפּטאָן, צוויי אייניקלעך, דריי ברידער: מאַקס אין ברוקלין, איזידאָר אין די בראָנקס און נתן אין סטורבענוויל, און צוויי שוועסטער מאַלע אַבראַמסאָן און דזשענסאָן.

זיין שוואָגער יצחק אייבראַמסאָן איז צערוואָנקאַ פון לאָמזשע, דערצויגן געוואָרן אין גרויסע ישיבות און נאָך אין זיין יוגנט האָט ער אָרגאַניזירט קלובן פאַר השכלה צווישן דער יוגנט. נאָך זיין חתונה עמיגרירט ער קיין אַמעריקע אין 1903 און ווערט דאָרטן איינער פון די וויכטיקע לערער און מחבר פון לערן־ביכער. ער האָט אַ סך געהאָלפן דר. גראָסמאַן אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

## ה. סאָבאָטקאַ — וועגן דר. גראָסמאַן

דר. אברהם גראָסמאַן איז געווען די פאַרקערפּערונג פון אַ באַוואוסטזיניקן, אינטעליגענטן מענטשן און ליבנדן פריינט צו יעדן איינעם. ער האָט זיך באַטראַכט ווי איינער פון פאָלק, וואָס לעבט פאַרן פאָלק און מיטן פאָלק. ער האָט געזוכט און פלעגט שטענדיק געפינען אַרבעט לטובת הכלל. גלייכצייטיק האָט ער מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן „מתן בסתר״ צו יעדן איינעם וואָס האָט זיך צו אים געווענדט פּערזענלעך, אָדער וועגן וועמען ער האָט דורך אַנדערע אויסגעפונען אַז זיי נויטיקן זיך אין הילף.

עס דאַרף שטאַרק אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז זיין שטרעבונג איז געווען נישט אַזוי צו געבן צדקה ווי צו געבן הילף. אפילו זיין באַטייליקן זיך אין די אַלע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון זיין דראַנג צו ברענגען הילף צום יחיד און צום כלל. ער האָט געזען דעם וואַלד; ער האָט אָבער אויך געזען יעדער בוימעלע און יעדער גרעזעלע.

דר. א. גראָסמאַן איז געווען אַ נאַציאָנאַלער איד. ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם אמת׳ן טיפּ פון אַ געטרייען אַמעריקאַנער בירגער און שטאָלצן איד. ער איז אויך געווען פּראָגרעסיוו אין זיין געדאַנקען־גאַנג און ליבעראַל אין זיינע האַנדלונגען.

די יאָרן וואָס איך בין געווען נאָענט צו אים, מיטאַרבעטנדיק מיט אים אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, זיינען געווען פאַר מיר יאָרן פון פרייד און פאַרגעניגן. ער פעלט מיר פּערזענלעך, ער פעלט דעם לאָמזשער ישוב אין אַמעריקע און ער פעלט דעם אידישן פאָלק.

## משה גאָלדמאַן — וועגן דר. גראָסמאַן

ווי זאָל דאָס האַרץ נישט ווי טאָן אויף דעם טייערן מענטשן, איינער פון די ווייניקע, וועמענס לעבן, וואָס איז אינגאַנצן געווען געווידמעט צו מענטשן־ליבע, איז איצט איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן. איך האָב אים נישט געקענט פנים־אל־פנים, איך האָב נישט זוכה געווען צו זיין אין זיין מחיצה, אין תחום פון זיין אַרבעט, איך האָב נישט זוכה געווען צו זען דאָס ליכט אַרויסשטראַלנדיק פון זיין נשמה, פון זיינע אויגן בעת זיין הומאַניטאַרער טעטיקייט.

איך האָב בלויז געקראָגן זיינע בריוו — און זיי האָבן גע׳בישופ׳ט מיט איידלקייט. זיי האָבן איבערגעגעבן פון וויטן די טענער פון זיין נשמה, וואָס האָט געקלאָגט אויפן אומקום פון זיינע ברידער. זאָל זיין גייסט רוען אויף אונז, זאָל די וואַרעמקייט פון זיין נשמה אונז באַגלייטן, זאָל די לויטערקייט פון זיינע מעשים זיך דערהייבן צווישן אונז.

ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מענטש — און ער איז נישטאָ מער!

# לאָמזשער איבער דער וועלט



די לאָמזשער אידן איז בייגעשטאַנען אַ זכות זיך צו צעשפּרייטן איבער אַ סך לענדער פאַרן חורבן און אַזוי אַרום איבערבלייבן אַלס זכר פון דער אַמאָליקער שטאָט, וואו עס האָבן געפונען אַן אָרט תורה, השכלה, אַלע אידעאָלאָגישע באַוועגונגען, אַלע צווייגן פון קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע און וואוילטעטיקע אַקטיוויטעטן. אין איניקע לענדער האָבן לאָמזשער זיך צוזאַמענגעהאַלטן, ווי מיר וועלן דאָס זען ווייטער, און אין פאַרלויף פון אַ פּאָר צענדליק יאָר האָבן זיי אויפגעשטעלט זייערע אָרגאַניזאַציעס, לאַנדסמאַנשאַפטן און קאָמיטעטן, מיטן צוועק צו געבן • הילף די איבערגעבליבענע אין לאָמזשע; אויך אויסצושטרעקן אַ ברודער־האַנט צו יעדן איינגעוואַנדערטן בן־עיר, וועלכער האָט זיך געגויטיקט אין אונטערשטיצונג, אין מעדיציניקער הילף אאַז״וו. זיי האָבן אויך אָנטייל גענומען אין די שמחות און טרויער פון זייערע מיטגלידער; זיי האָבן איינגעאָרדנט צוזאַמענקונפטן פון לאַנדסלייט, יובילעאום־פייערונגען א. ד. ג.

אין איניקע ערטער ווי ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, בוענאָס־איירעס האָבן לאָמזשער זיך איינגעשאַפט קרקעות פאַר בית־עולמ׳ס, אויפגעבויט שולן און אייגענע געביידעס. אין אַרגענטינע האָבן זיך אַרום די לאָמזשער קאָנצענטרירט: זאַמבראָווער, גאָטשער, שניאַדאָווער, יעדוואָבנער, טשיזשעווער, שצוצינער, רוטקער, נאָוואָגראַדער, מישניצער, וויזנער, גאָווראָווער, סטאַוויסקער, ראַדזשילאָווער א. אַ. עס זיינען דאָ לאָמזשער פאַראיינען אויך אין פראַנקרייך, אויסטראַליע און אַפילו אין מדינת ישראל מיט אַ צענטער אין תל־אביב און אָפּטיילונגען אין ירושלים, חיפה, פּתח־תקוה א. אַ.

אויך אין מעקסיקע האָט זיך לעצטנס אויסגעפורעמט אַ קערפּערשאַפט פון לאָמזשער ווי: מאַרקוס־משה, פּאָגאָוויץ שמואל און הערשל, קלינקאָווסטיין עזרא, פּערל יעקב, אָסאָוויעצקי משה, לעוואוש־אָרליך רייזל, קרעמער־בערנשטיין שיינע, קאַצאַנעק (קאַץ) שיינע, מאָרגענשטערן ברוך א. נ. אין קאַנאַדע איז אויך פאַראַן אַ גרופּע אַקטיווע לאָמזשער טוער: ניסן מראָזאַוויץ, חייקע ביאַליסטאָצקאַ א. נ. אַ. אַזעלכע קליינע גרופּעס פון לאָמזשער זיינען צעשפּרייט אויך אין דרום־אַפריקע, טשילי, אורוגוויי, בראַזיליע, קובאַ א. אַ.

עס ווערן אויך אָנגעגעבן קורצע רשימות פון די טעטיקייטן פון לאָמזשער אין איניקע וועלט־צענטערן, וואו זיי בילדן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן. צו ערשט קומט אַמעריקע, ווייל אַהין האָבן לאָמזשער אימיגרירט נאָך מיט 65 יאָר צוריק, און האָבן דאָרט אויפגעשטעלט אַן אָרגאַניזאַציע אַרום דער לאָמזשער שול, חברת „חכמת אדם אנשי לאָמזשע״.



אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פנקס

פון לינקס צו רעכטס (זיצנדיק): ש. וויס, פאַרזיצער; ווס. סיימאַן, טרעזשורער; ה. סאָבאָטקא, רעדאַקטאָר; מ. גאָלדין און מ. דאָלאָוויץ. צווייטע רייע (לינקס): מ. ראָזען, דזש. באָבראָוו, פרוי מ. טאָקער, אידאַ סאָבאָטקא, שיינטשע ביאָלי, מאָלי אַפּעלבאום, שלמה ברוכאַנסקי, פרוי ש. ווייליטש. דריטע רייע: ר. לעוואָהן, ר. טאָקער, ש. פיגא, נ. אַפּעלבאום (פּאָדביעלעוויץ), ל. מייזלער.

# לאמזשער אין אמעריקע

מ. ראָזענבערג

## חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאטש״

עס איז אַמאָל אין לאָמזשע געווען אַ חברה מתנגדים, וועמענס מיטגלידער פלעגן יעדן טאָג בין מנחה למעריב לערנען דעם ספר „חכמת אדם״ פון ר׳ אברהם דאַנציג, מחבר אויך פון פאָפולערן ספר „חיי אדם״ און „נשמת אדם״, וועלכער איז אין זיין צייט געווען דאַן אין ווילנע



י. מ. ראָזענבערג
לאַנג־יאָריקער פרעזידענט פון דער חברה
„חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאטש״

און געקעמפט קעגן חסידות. אָט די דאָזיקע טראַדיציע האָבן אַ סך לאָמזשער אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע.

אין יאָר תרנ״ב (1892) האָבן אַ צאָל לאָמזשער געגרינדעט אַ „מנין״ אין דעם הויז פון לאָמזשער לאַנדסמאַן, מאַנעס גאָלדשטיין, אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ ספר־תורה פון לאָמזשע. דאָ האָט מען געדאַוונט נאָר שבתים און ימים טובים. מיט דער צייט איז די צאָל מתפללים געוואַקסן און ס׳איז געוואָרן נויטיק אַ גרעסערער לאָקאַל. עס איז אויך אַנטשטאַנען אַ וואונטש ביי די לאָמזשער צו האָבן אַ פלאַץ, וואו זיך צונויפקומען און דאַוונען יעדן טאָג דריי מאָל. האָט מען אַזוי באַשלאָסן און געדונגען אַ גרעסערע באַזונדערע דירה פאַר אַ שול. דאַן איז געגרינדעט געוואָרן די חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע״. ר׳ מאַנעס גאָלדשטיין האָט אַריינגעבראַכט זיין ספר תורה אין ארון קודש און ער איז געוואָרן דער ערשטער גבאי.

די חברה איז געוואַקסן און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברה קדישא. איר גרינדער איז געווען ר׳ שמעון־נתן גרינבערג פון לאָמזשע. ער פלעגט דאַוונען מוספים אין די ימים נוראים און זיין האָנאָראַר פלעגט ער אַוועקשענקען צו קויפן קרקע פאַר אַ בית עולם פאַר לאָמזשער. צווישן די תקנות פון דער חברה קדישא איז געווען אַ תקנה וואָס האָט געזאָגט אַז נאָר אַ שומר שבת קען זיין אַ חבר אין חברה קדישא, אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט אין לאָמזשע. אויף דער איניציאַטיוו פון זַלתר שאַפּיראָ (פאָרזיצער) און זעליג גאָלדשטיין (קאַסירער) איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברה ביקור חולים.

אין יענער צייט איז אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט אין שכנות אויך די חברה „אהבת חסד״ פון גאַטשער „אָפּשטאַמיקע״ (אַ שטעטעלע נישט ווייט פון לאָמזשע. עס פלעגט אַרומגיין אַ ווערטל: „איכל דיר געבן אַ פאַטש וועסטו פליען קיין גאַטש״). דיביידע חברות האָבן באַשלאָסן זיך צו פאַראייניקן אין איין חברה פאַר ביידנס טובה וועגן. אָט די נייע חברה האָט מען גערופן חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאַטש״. די חברה איז געוואָקסן. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברה „גמילות חסדים״ צו געבן הלוואות צו חברים ביז 90 דאָלאַר אָן משכנות אין באַקוועמע אָפּצאָלונגען. דער ליי־קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון 4000 דאָלאַר.

שפּעטער איז געקויפט געוואָרן פאַר דער שול און איר׳ע אַנשטאַלטן אַ הויז אויף 23 העסטער סטריט. די חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאַטש״ האָט גענומען אָנטייל אין אויסטיילן הילף צו לאָמזשער געדריקטע אין ארץ ישראל ביי דעם הלוקה־כולל לאָמזשע־סואוואלק, און אויך צו לאָמזשע גופא ווי, דער ישיבה, תלמוד־תורה, צום פאַראייניקטן אידישן אַפּיל, צו דער אידישער אַגענטור, „מזרחי״, הסתדרות א. ב. ווען מען האָט אין לאָמזשע געבויט אַ נייע תלמוד תורה, האָט די חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאַטש״ בייגעשטייערט גאַנצע ווענט, און ווען עס האָט געפעלט געלט פאַר אַ דאַך, האָט הרב זאב־וואָלף ראָזענבערג, אַ לאָמזשער, צונויפגעקליבן דאָ די גאַנצע נויטיקע סומע. אויך האָט מען אויפן אַדרעס פון הרב גאָרדאָן געשיקט 200 דאָלאַר אויף ברויט פאַר אָרימעלייט.

די חברה „הכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאַטש״ האָט געהאַט די זכיה, אַז ביי איר און דורך איר איז אַנטשטאַנען די פאַראייניקונג פון אַלע לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע מיטן נאָמען „פאַראייניקטער לאָמזשער רעליעף קאָמיטעט״, וועמענס ערשטער פאָרזיצער איז געווען ר׳ משה גאָלדין, ר׳ פסח איסר׳ס זון. עס איז דאַן געשיקט געוואָרן קיין לאָמזשע אויסצופאָרשן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די אידן און גרינדן דאָרטן אַן אַלגעמיינעם הילפס־פאַראיין, דער אומפאַרטייאישער ה׳ ה. סמיט. עס איז כדאי צוצוגעבן אייניקע נעמען פון די געוועזענע און איצטיקע אַקטיווע עסקנים פון דער חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאַטש״: ר׳ ישראל משה ראָזענבערג ע״ה, געוועזענער פרעזידענט; אלתר קרעמער, איצטיקער פרעזידענט (צו לאַנגע יאָר); יעקב רובינשטיין, וויצע־פרעזידענט; ישראל ניומאַן, קאַסירער; מילטאָן פּעקער, סעקרעטאַר; סעם אַלפּערט, פאָרזיצער פון גמילת חסדים און הרב ר׳ זאב וואָלף ראָזענבערג, קאַסירער.

(אַרויסגענומען פון „לאָמזשע, מאָמענטן און זכרונות״)

ר. לעוווטאַהן

# לאַמזשער אייד סאָסייעטי

אין די לעצטע יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט, ווען די פאַרפאָלגונגען אויף אידן דורך דעם צאַרישן רעזשים זיינען געוואָרן גרעסער פון טאָג צו טאָג, איז די איינציקע האָפענונג דאַן געווען — עמיגראַציע, עמיגרירן קיין אַמעריקע. און זייט דער אימיגראַציע־שטראָם האָט אָנגעהויבן אַריינברענגען די לאַמזשער קיין אַמעריקע, איז אַ לאַמזשער פאַראיין געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכע נויטווענדיקייט, פשוט אַן עקזיסטענץ־פראַגע פאַר די לאַמזשער לאַנדסלייט, ווייל זיי זיינען געווען עלנט און איינזאַם. דורך דער איניציאַטיווע פון אַזעלכע חשוב׳ע, היינט שוין פאַרשטאָרבענע, לאַנדסלייט ווי לואיס לעווענטאַל און לואיס בריזמאַן, איז אין 1898 געגרינדעט געוואָרן די „לאַמזשער אייד סאָסייעטי״.



ראובן לעוווטאַהן

אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ איז זי געווען קליין אין כמות, אָבער גרויס אין איכות. אַ הייפעלע מענטשן האָבן איר געגרינדעט, אָבער פּלענער זיינען פאָרמולירט געוואָרן פאַר אַ צוקונפטיקער, שטאַרקער, פראָגרעסיווער, פראַטערנאַלער אָרגאַניזאַציע. אַ מיטינג פון דער סאָסייעטי איז דאַן געווען אַ פאַסירונג, אַ יום־טוב אין דעם לעבן פון די לאַמזשער. מען פלעגט וואַרטן אויפן טאָג ווען דער מיטינג דאַרף פאָרקומען.

היינט צו טאָג באַשטייט די סאָסייעטי פון אַרום 300 מיטגלידער און איז פאַררעכנט אַלס איינע פון די אָנגעזעענסטע סאָסייעטיס אין ניו יאָרק. מיט דעם וואוקס פון די מיטגלידער זיינען אויך געוואַקסן פאַרשידענע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען און עס איז געוואָרן נויטיק צו פאַרגרעסערן אירע אַקטיוויטעטן לטובת די ברידער.

אַזוי צום ביישפּיל איז געגרינדעט געוואָרן דער „מיו־טשועל דיוס פאָנד״. אין פאַל אַ ברודער ווערט הינטערשטעליק און קען נישט באַצאָלן זיין דיוס, צאָלט דער פאָנד די דיוס פאַר אים. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ „לאָון פאָנד״ און יעדער גוטשטייענדיקער ברודער קען באַקומען אַ הלוואה פון 50 ביז 75 דאָלאַר אויף זיין אייגענעם אונטערשריפט. די סומע קען פאַרגרעסערט ווערן מיט דער הילף פון אַ גוט־זאָגער.

די סאָסייעטי האָט אויך אַ „קראַנקען קאַסע״ און יעדער מיטגליד, וועלכער קען נישט אָנגיין מיט זיין טעגלעכער באַשעפטיקונג צוליב וועלכער ס׳איז קראַנקייט, באַקומט 10 דאָלאַר אַ וואָך פאַר 10 וואָכען פונם זעלבן יאָר. עס איז אויך אָנגעשטעלט אַ קאָמפּעטענטער מעדיצינישער סטעף מיט ספּעציאַליסטן, וועלכע די ברידער און זייערע פאַמיליעס קענען באַנוצן פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל. גלייכצייטיק איז אויך פאַראַן אַן „ענדאַומענט פאָנד״. אין פאַל אַ ברודער שטאַרבט באַקומט זיין פרוי די סומע פון 250 דאָלאַר. ווען די פרוי שטאַרבט באַקומט איר מאַן נאָר 100 דאָלאַר.

די סאָסייעטי פאַרמאָגט היינט דריי סעמעטעריס: מאַונט ציון, מאַונט לבנון און בית ישראל.

דער „מעות חטים״ פאָנד אַרויסצוהעלפן נויטבאַדערפטיקע ברידער האָט שוין דורך זיין עקזיסטענץ אויסגעצאָלט איבער 6,000 דאָלאַר.

אין עפנטלעכן אידישן לעבן אין ניו יאָרק פאַרנעמט אונזער סאָסייעטי אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. אַ דאַנק דער באַמיאונג פון די לעצטע אַדמיניסטראַציעס איז געשאַפן געוואָרן דער יערלעכער צדקה־בודזשעט, און אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי דער „האיאס״, „דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטע״, „רויטער קרייץ״, „אָרט״ און קלענערע אַנשטאַלטן ווערן געשטיצט יערלעך. מען ווערט אָפיציעל איינגעלאַדן צו זייערע קאָנווענשאַנס.

אין נאַציאָנאַלן אידישן לעבן איז די טעטיקייט פון דער סאָסייעטי קאָנצענטרירט אַרום ארץ ישראל. אַ מאַיאָריטעט פון די מיטגלידער, במילא אויך די סאָסייעטי, שטיצן פינאַנציעל און העלפן מאָראַליש די אַרבעטנדיקע מאַסן אין ארץ ישראל. אַ ספּעציעלער ארץ ישראל אָוונט ווערט יעדן יאָר אַראַנזשירט, וועלכער איז געווידמעט דער „הסתדרות״. אַ באַדייטנדע סומע געלט ווערט געזאַמלט. דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַר דער ישראל׳דיקער אַרבעטערשאַפט איז דער סאָסייעטיס ליבלינג־קאַמפּיין, איר ליבלינג־פּראָיעקט. נישט נאָר באַשטימט זי פאַר אים די גרעסטע סומע פון אַלגעמיינעם פאָנד, נאָר פירט דורך זאַמלונגען צווישן פריינט און באַקאַנטע. יעדן יאָר געווינט זי דעם ערשטן פרייז אין דעם „הסתדרות״־קאַמפּיין. די סאָסייעטי האָט אויך געקויפט פאַר עטלעכע טויזנט דאָלאַר ישראל־באַנדס.

אין אינערלעכן לעבן פון דער סאָסייעטי זיינען פאָרגעקומען פיל ענדערונגען אין די לעצטע יאָרן. די קאָנסטיטוציע איז רעווידירט געוואָרן און פיל אויסבעסערונגען זיינען געמאַכט געוואָרן. ענדערונגען זיינען אויך געמאַכט געוואָרן אין לאָון פאָנד לטובת די ברידער.



לאָמזשער אייד סאָסייעטי

ערשטע ריי זיצנדיק (פון רעכטס): א. קרעמער, מ. דאלאוויץ, ס. אלפערן, ד. טילמאַן, מ. גאָלדין, נ. אַראָנסאָן.
שטייענדיק (פון רעכטס): מ. ראָזענשיין, י. בריקמאַן, מרס. ס. אַלפערן, מילטאָן פעקער, ר. לעווטאָהן, ס. קאַפקאַ, י. גאָלדמאַן, ס. פיגא.

די פינאַנצן ווערן קאָנטראָלירט פון אַן אַקאַונטענט און אַלע דריי חדשים ווערט צוגעגרייט אַ פינאַנציעלער באַ־ריכט. עס איז אויך ווינטשנסווערט צו דערמאָנען דעם „לאָמ־זשער ביולעטין״, וועלכער דערשיינט צו יעדן מיטינג, און די רעדאַקציע־קאָמיטע שפּאָרט נישט קיין צייט און ענער־גיע בכדי צו מאַכן דעם ביולעטין גרעסער אין פאָרמאַט און שענער אין אינהאַלט.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען פיל מיטגלידער געווען טעטיק אין העלפן פאַרקויפן מלחמה־באָנדס. די סאָסייעטי אַליין האָט געקויפט פאַר אייניקע טויזנט דאָלאַר באָנדס. מען האָט אויך געשיקט פיל פּעקלעך צו די קינדער פון די מיטגלידער וועלכע זיינען געווען אין מילי־טער־דינסט.

די איצטיקע אַדמיניסטראַציע, אונטער דער פירערשאַפט פון א. קרעמער, פירט אָן אַ קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער. גלייכצייטיק מאַכט זי אַלע אָנשטרענגונגען צו מאַכן די מי־טינגען זייער אינטערעסאַנט. מען פּלאַנירט איינצואָרדענען לעקציעס, דעבאַטן און קאָנצערטן.

און אין דעם איצטיקן מאָמענט ווען, צום באַדויערן, קיין נייע לאָמזשער זיינען נישטאָ, פירט די עקזעקוטיווע אַן ענער־גישן קאַמפּיין כדי אַריינצוקריגן אין דער סאָסייעטי יונגע אַמעריקאַנער פון לאָמזשער אָפּשטאַם. הנחות ווערן געמאַכט אין באַצוג צו זייער איינטריט־געלט.

די יונגע מיטגלידער באַקומען אַלע מעגלעכקייטן אָנטייל־צונעמען אין די אַקטיוויטעטן פון דער סאָסייעטי און ווערן באַקאַנט מיט דער אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט, כדי צו זיין גרייט ממשיך צו זיין, ווי אויך צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט וועלכע זייערע עלטערן האָבן אָנגעפאַנגען און מיט אַזויפיל מי און ענערגיע אויפגעבויט אָט דעם בנין וועלכער הייסט „לאָמזשער אייד סאָסייעטי״ און איז דער שטאָלץ פון יעדן לאָמזשער אין אַמעריקע. וואָס מער יונגע מיטגלידער אַלץ זיכערער ווערט די עקזיסטענץ פון דער סאָסייעטי.

זייט דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה איז ארץ ישראל אויף דער טאָג־אָרדענונג פון יעדער מיטינג. אַלע אָנשטרענגונגען ווערן געמאַכט אַז יעדער מיטגליד זאָל קויפן וואָס מער ישראל־באָנדס. די סאָסייעטי אַלס אַ גאַנצע נעמט אויך אַן אַקטיוון אָנטייל אין יעדער אונטערנעמונג לטובת ארץ ישראל.



## וויליאַם סיימאָן

# לאָמזשער בראַנטש (צווייג) 216 אַרבעטער־רינג

דאָס איז געווען אין אַ שבת אָוונט, דעם צווייטן טאָג פּסח (17 אַפּריל 1908). ס׳זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אייניקע לאָמזשער אויף 73 לודלאָו גאַס אין ניו־יאָרק, אויף דער איני־ציאַטיוו פון סעם פּערלאָ, מאָריס קאָלצעוויץ און מאָריס בוד־ניק, און האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ לאָמזשער צווייג ביים


וויליאַם סיימאָן

אַרבעטער רינג. מיט קליינע געלטער האָבן זיי אָנגעהויבן די אַרבעט. אין קאַסע איז געווען דאַן $1.40 (אַ דאָלאַר מיט פערציק סענט). מ׳האָט פאָרגעלייענט די סטאַטוטן פון אַרבעטער רינג. אַ פאָרשטייער האָט פאָרגעלייענט פאַר די פאַרזאַמלטע די וויכטיקייט פון דעם אַרבעטער רינג פאַר די אידישע אַרבעטער און ווי נויטיק עס איז פאַר די אָפּשטאַ־מיקע פון איין שטאָט צו זיין פאַראייניקט אין אַ קערפּער־שאַפט. אויף דער דריטער פאַרזאַמלונג פון אָט די איני־ציאַטאָרן, שבת־צו־נאַכטס, דעם צווייטן מאַי, 1908) האָבן זיך באַטייליקט: מאָריס קאָלצעוויץ, סעם פּערלאָ, וויקטאָר עוורעט, דזשעק יאַקובסאָן, דזשעק בזשאָזאַ, סעם קאהן, סעם פּערעץ, יצחק פּערלאָ, מאַקס גאָלדבערג, מאָריס פראַנק, היימי סימאָוויץ, גדליהו גאָלדין, די ברידער גאָלדשטיין, און מאָריס בודניק (סעקרעטאַר).

דעם 23טן מאַי פון יענעם יאָר (שבת אָוונט) איז פאָר־געקומען די פערטע פאַרזאַמלונג אין דער הויז פון פּעני קאָהן. די צאָל פון די גרינדער איז געוואָרן גרעסער מיט דריי: פּעני קאהן, אברהם קאהן און מאָריס עפּשטיין. אין אויגוסט פון יענעם יאָר איז די צאָל גרינדער דער־גאַנגען פון 13 ביז 25 — די צאָל, וואָס האָט דערמעגלעכט צו גרינדן אַ צווייג פון אַרבעטער רינג. די לעצטע צוגעקומענע זיינען געווען: איזי ראָטשטיין, באַרנעט פּערלאָ, סעם זימאַן, מאָריס שניידער, מאָריס פּינקאָווסקי, גאָלדוואַסער, ווילי גאָלד, מאָריס גאַרבאַרסקי און היימי פּאָזניק.

שבת אָוונט דעם 15טן אויגוסט פון זעלבן יאָר זיינען אַלע איניציאַטאָרן־גרינדער אונטערזוכט געוואָרן פון אַ דאָקטאָר, און אין צוויי וואָכן שפּעטער, אויגוסט דעם 29טן, איז אַנטשטאַנען אָפיציעל דער צווייג פון „לאָמזשער פּראָגרע־סיוו אַסאָסיאיישאָן בראַנטש 216 אַרבעטער רינג". אָט די קער־פּערשאַפט איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר אַזוי, אַז צו איר צענטן יובילייִ האָט זי שוין פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַרבעטער־רינג באַוועגונג און ביי איר 20־יעריקער יובל־פייערונג איז די צאָל מיטגלידער געווען 355.

ביי דעם 30־יעריקן יובל, אין דעצעמבער 1938, האָט דער לאָמזשער אַרבעטער־רינג בראַנטש דערגרייכט זיין העכ־סטע מדרגה. די אַנשטאַלטן, וואָס דער בראַנטש האָט אויפ־געשטעלט, זיינען געווען אַ שטאָלץ אין דער איד. באַוועגונג, און געבראַכט אַ סך נוצן זיינע מיטגלידער. עס איז געגרינ־דעט געוואָרן אַ קראַנקן־פאָנד, פון וועלכן מען האָט אויס־געצאָלט צו אַ מיטגליד אין צייט פון קראַנקייט 6.00 (זעקס) דאָלאַר אַ וואָך אַלס צוגאָב צו די קראַנקן־בענעפיטן, וואָס די אַלגעמיינע אַרבעטער רינג אָרגאַניזאַציע צאָלט צו מיט־גלידער. אויך אַ ליי־קאַסע איז געעפנט געוואָרן צו געבן הלוואות פון 50 (פופציק) דאָלאַר צו אַ מיטגליד אָן פּראָ־צענט און אויף גרינגע אויסצאָלונגען. היינט איז דאָס געענ־דערט געוואָרן צו 75 דאָלאַר. צום 30טן יובל איז דער בראַנטש געווען אַ וויכטיקער רינג אין דער קייט פון אידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס און האָט דערפילט אַ וויכטיקע פונקציע אין לעבן פון לאָמזשער.

אין די לעצטע יאָרן ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיטן אָנקומען פון די טראַגישע געשעע־נישן אין דער געשיכטע פון דער וועלט און ספּעציעל אין דער אידישער וועלט, האָט זיך אַריינגעגנב׳עט אַ יאוש־שטימונג ביי די לאָמזשער: „די אידישע לאָמזשע איז חרוב, נישטאָ מער קיין עלטערן, קרובים אָדער פריינט, וועלכע נויטיגן זיך אין אונדזער הילף"... עס האָט זיך גענויטיקט אַ סך ענערגיע און אַרבעט אָנצוהאַלטן דעם מוט פון די לאַנדסלייט.

עס איז אָנגענעם אָנצואווייזן, אַז אַלע יאָרן פון זיין עק־זיסטענץ האָט דער בראַנטש אַ סך געהאָלפן די לאָמזשער און האָט זיי שטענדיק אונטערשטיצט; נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — דעם „פּיפּלס רעליף" און לעצטנס דעם לאָמזשער פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט מיט אָנגעזעענע געלט־סומעס. די מיטגלידער פון בר. האָבן פלייסיק מיטגעאַרבעט מיטן קאָמיטעט וואָס האָט געשטיצט שפּיטאָלן און אַנדערע אינ־סטיטוציעס, יחידים און גרופּן, געשיקט געלט, פּעקלעך מיט שפּייז אאַז"וו. דער בראַנטש איז געווען אַ מוסטער פאַר אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען. עס איז צום סוף


גרינדער פון לאָמזשער פּראָגרעסיוו אַסאָסיאיישאָן בראַנטש 216 אַ. ר. (געגרינדעט אין יאָר 1908)
אין פאָדערגרונט: די אָפיציעלע באַשטעטיקונג (טשאַרטער).



מאָריס אַקער
אַנגעזעענער מיטגליד אין בראַנטש 216 און פיל אַנדערע לאָמזשער און אַלגעמיינע אינסטיטוציעס און ביישטייערער צום לאָמזשער פנקס.

כדאי אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז די אַקטיוויסטע און פירנדע חברים פון „פאַראייניקטן לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט" זיינען גלייכצייטיק געווען אויך מיטגלידער פון בראַנטש, ווי פאָרזיצער דר. א. גראָסמאַן, וויצע־פאָרזיצער ווס. סיימאָן און סעקרעטאַר הערשל גראָסמאַן.

דער בראַנטש האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַלגעמיינע טעטיקייטן פון אידישן אַרבעטער־קלאַס, ווי „דער אידישער אַרבעטער קאָמיטעט", וועלכן מיר האָבן געהאַלטן פאַר זייער אַ וויכטיקער אינסטיטוציע פון ערשטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ, און דער „בונד"־באַוועגונג אין פוילן, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס די מערהייט פון די מיטגלידער פון בראַנטש זיינען געווען „בונד"־אָפּשטאַמיקע. אויך אין די פאָלגענדע אַלגעמיין־אידישע טעטיקייטן האָט מען געטראָפן דעם בראַנטש מיט זיין חלק ווי: אַנטי־נאַצי־קאָמיטעט, „האַיאַס", אָרט, רוסישע־מלחמה־הילף, ווילאַדעק קינדער־היים אין פראַנקרייך, „פאַראייניקטער אידישער אַפּיל", פאַר „מעות חטים", „פאָרווערטס" וואַקאַציע פאָנד פאַר קינדער, דערהאָלונגס־היימען, שפּיטאָלן, קולטור אינסטיטוציעס אאַז"וו. דער בראַנטש שטיצט אויך אַלע אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און אונטערנעמונגען, ווי: איווא, ציקאָ, צוקונפט, קולטור־קאָנגרעס און פיל אַנדערע.

ווען די מלחמה קעגן היטלער'ן איז אויסגעבראָכן, האָט זיך דער בראַנטש באַטייליקט אין אַלע מלחמה־קאַמפּיינס פון א. ר. און האָט געקראָגן אַ דאַנק־בריוו און אויסצייכענונגען פון דער רעגירונג.

ווען די קינדער פון די מיטגלידער זיינען אונטערגעוואָקסן, איז געגרינדעט געוואָרן פון זיי אַ יוגנט־בראַנטש 216. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען אַ סך מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און דער יוגנט בראַנטש האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. ווען זיי זיינען צוריקגעקומען פון דער מלחמה האָבן זיי זיך צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע קלובן און בראַנטשעס. אַנדערע זיינען אַריין צוריק אין בראַנטש 216 אַ. ר.

דער בראַנטש איז נישט געווען פאַרבונדן מיטן ציוניזם. פונדעסטוועגן ווען דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט זיך גענויטיקט אין הילף און די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־רינג האָט אונטערגענומען אַ הילפס־אַקציע פאַר דעם א"י ישוב, האָט דער לאָמזשער בראַנטש 216 זיך אויך אַריינגעוואָרפן אין דער דאָזיקער אַרבעט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און איבערגעגעבנקייט. ווען עס איז דערקלערט געוואָרן אַ קאַמפּעין פאַר אויפשטעלן אַ שפּיטאָל אין נגב, האָט דער בראַנטש בייגעטראָגן זיין חלק מיט אַ ברייטער האַנט. ווען מדינת ישראל איז אַנטשטאַנען און די „הגנה" האָט זיך גענויטיקט אין הילף, האָבן מיר אויסגעשטרעקט צו איר אונזער ברודער־האַנט זיי צו העלפן אין דער מלחמה קעגן די אַראַבישע אַריינדרינגער.

אין דעם באָנד פאַרקויף פאַר מדינת ישראל האָט בר. 216 גענומען אַ זייער טיכטיקן אָנטייל. בראַנטש 216 האָט פיל מיטגעהאָלפן אין אַלע ספּעציעלע אַקציעס און אונטערנעמונגען וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט אונטערגענומען. באַזונדערס העלפן מיר אין דעם אויפבוי און אויסברייטערונג פון דער אַרבעטער־רינג היים פאַר עלטערע מיטגלידער.

אַ ברייטער קולטורעלער פּראָגראַם ווערט יעדן יאָר דורכגעפירט, וואָס שליסט איין לעקציעס, אינסטרומענטאַלע און וואָקאַלע נומערן, אַלגעמיינע פאַרוויילונג און געשמאַקע צובייסן נאָך יעדער פאַרזאַמלונג.

יעדן יאָר פירט דער בראַנטש דורך אַ „געטאָ־אָוונט", געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד, ווי אויך דעם אָנדענק פון די לאָמזשער קדושים.

די מיטגלידער לעבן זיך אויס אין בראַנטש קולטורעל און געזעלשאַפטלעך, באַקומען די נויטיקע פאַרזיכערונגען און פאַרברענגען אין דער סביבה פון פריינט און לאַנדסלייט.

עקזעקוטיווע און באַאמטע פון לאָמזשער בראַנטש 21 א. ר. אין ניו־יאָרק (1957)
פון רעכטס צו לינקס. ערשטע רייע (זיצנדיק): ס. איזראַעל, האָספּיטעלער, ה. סאָבאָטקאָ, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר, ל. קעלער, פינאַנץ־סעקדעטאַר, ווס. סיימאָן, וויצע־פאָרזיצער פון בראַנטש און פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע, ווס. אַלפּערט, מ. מילער, קאַסירער, מ. ניימאַרק, האָספּיטעלער, מ. גאָלדין. צווייטע רייע: ס. אַלפּערט, ל. ראָזענבערג, מ. פיין, מ הארניק, דזש. הורוויץ, ווס. שניידער, ס. קאָפקאָ. דריטע רייע: ווס. מאָריס, דזש. שיין, פאָרזיצער פון בראַנטש, מ. גובערג.



אידא סאָבאָטקאַ

## פרויען קלוב פון ברענטש 216 אַ. ר.

ביים ברענטש 216 אַ. ר. איז פאַראַן אַ פרויען־קלוב, וועמענס ציל ס'איז אַוועקצונעמען די פאַרנומענע פרוי פון דער שטוב־ווירטשאַפט און זי פאַראינטערעסירן אין געזעלשאַפט־



אידא סאָבאָטקאַ
פאָרזיצערין פון פרויען־קלוב ביים
ברענטש 216 אַרבעטער־רינג.

לעכער און קולטורעלער אַרבעט, אָנטיילצונעמען אין פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקונפטן, צו פאַראינטערעסירן איר אין צייט פראַגן און פּראָבלעמען — אין קורצן, ווי מען פלעגט זאָגן: „אַריינברענגען איר צווישן מענטשן". און אַ סך האָט דער קלוב אויפגעטאָן. די צאָל מיטגלידער פון קלוב איז געוואַקסן און צוזאַמען מיט דעם איז גרעסער געוואָרן דער אינטערעס פון די פריינדינס צום געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן אים. זיי האָבן אָנטיילגענומען אין אַלע געביטן פון קלובס טעטיקייטן. נאָך מער: צייטנווייז האָבן זיי נאָך געמוטיקט זייערע מענער צו מער אַקטיווקייט. דאָס איז געווען אַ פּאָזיטיווע דערגרייכונג, ווייל די פרוי איז פון שטענדיק אָן געווען נישט צופרידן פון דעם מאַנ'ס אַוועקגיין פון הויז און איר איבערלאָזן אַליין.

די הויפּט־אויפגאַבן פון פרויען־קלוב זיינען אָבער פון אַן אינטימען, פּערזענלעכן כאַראַקטער צוזאַמען מיט דער געזעלשאַפטלעכער. די פריינדינס געפינען אין „קלוב" משפּחה־באַציאונגען; זיי באַטייליקן זיך אין שמחות פון די פריינדינס אָדער, חו"ש, אין טרויער, באַזוכן קראַנקע און העלפן זיי מיט וואָס נאָר מעגלעך, העלפן שיקן שוואַכע קינדער זומער אויף וואַקאַציעס, געבן פאַר מעות חיטין פאָנד און נאָך פון דעם סאָרט ממשות'דיקע הילף.

דער פרויען־קלוב האָט מיטגעהאָלפן אין די אַקציעס פאַר דער אַלטער היים לאָמזשע, און זיך באַטייליקט אין די טעטיקייטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין לאַנד.

אויך אין לעבן פון דעם ברענטש נעמט דער „קלוב" אַן אַקטיוון אָנטייל, ווי העלפן נויטבאַדערפטיקע פריינט און העלפט אויך אין אַלע אונטערנעמונגען וואָס דער ברענטש אַראַנזשירט.

אַלס פאָרזיצערין פון קלוב איז מיין פליכט צו דערמאָנען איניקע אַקטיווע פריינדינס, וואָס העלפן מיר אין דער אַרבעט: ראָוז מילער (וויצע פאָרזיצערין), סיידי קופּיעצקאַ (פינאַנץ־סעקרעטאַרין), בלומע סיימאָן (פּראָט.־סעקרעטאַרין), ב. ראָס (קאַסירערין), א. קעלער און פריינדין אייזלער (האָספּיטעלער). די עקזעקוטיווע באַשטייט פון די פריינדינס: פּעני פיין, גוירדי סיימאָן, א. אַלפּערט, ע. אַלפּערט, פּ. קאהן און לינאַ קעטץ.



פרויען־קלוב פון ברענטש 216 אַרבעטער־רינג
פון רעכטס צו לינקס (זיצנדיק): אסתר אלפערט, ראָוז מילער (וויצע־פאָרזיצערין), אידא סאָבאָטקאַ (פאָרזיצערין), בלומע סיימאָן (פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין), אסתר קעלער (ברוקלין האָספּיטעלער).
צווייטע רייע: גוירדי סיימאָן, לינא הורוויץ, ד. ראָזענבערג, סערא שניידער, ד. גובערג, עלעס אַלפּערט.

# צווייג 484 א. נ. א. פ.

צען יאָר עקזיסטענץ פון אַ באַוועגונג איז אַ צו קורצער פּעריאָד צו קענען שרייבן געשיכטע פון גרויסע דערגרייכונגען. ווי גרויס די אַרבעט זאָל נישט זיין איז דאָס ווי אַ טראָפּן אין ים אין דער איצטיקער גורל'דיקער צייט. אָבער ווייל עס זיינען געווען צען יאָר פון גרויסע איבערקערענישן אין אידישן לעבן, איז ווי קליין אָדער גרויס די אַרבעט איז געווען אין פאַרגלייך מיט דער צייט, איז ווערט איר צו פאַרצייכענען.

דער לאָמזשער יוגנט צווייג 484 פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד איז דער אינגסטער פון אַלע לאָמזשער פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק.

עס איז שוין איינמאָל געמאַכט געוואָרן אַ פּאַרזוך צו גרינדן אַ לאָמזשער צווייג פון פאַרבאַנד. דאָס איז געווען אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען אַ סך לאָמזשער זיינען אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דער עולם האָט זיך „אויסגעגרינט". זיי האָבן פאַרלוירן דעם אינטערעס זיך צו טרעפן מיט לאָמזשער און אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט לאַנדסלייט. דער צווייג איז אונטערגעגאַנגען, נישט קוקנדיק אויף דער אָנשטרענגונג פון דעם סעקרעטאַר אברהם גאָעל.

אין 1946, נאָך דער שחיטה אין אייראָפּע, האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע לאָמזשער, ביי וועמען עס האָט זיך דערוועקט אַ בענקשאַפט נאָך אַמאָליקע פריינט און חברים פון לאָמזשע, און האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ צענטער, וואו לאָמזשער זאָלן זיך קענען אויסלעבן אין אַ היימישער סביבה און גלייכצייטיק צו העלפן דער שארית הפליטה, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון היטלערס גיהנום. אין דער ערשטער זיצונג פאַר דעם צוועק, וואָס איז גערופן געוואָרן אין אָפיס פון פאַרבאַנד, האָבן זיך באַטייליקט: מיכל בוכבינדער, איינער פון די טוערס פון די פועלי ציון אין לאָמזשע און אַ לאַנג־יאָריקער מיטגליד אין אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, שאַרעק (פיגא), וואָס איז נאָר־וואָס געקומען קיין אַמעריקע, מאיר ווייס (שטשאַלקא) און שאול בורשטיין, דער דאַמאָלסדיקער סעקרעטאַר פון שטאָט־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד. עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון לאָמזשער אין האָטעל פּענסילווייניע און צו אַנאָנסירן אין דער אידישער פּרעסע וועגן דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג.

די ערשטע פאַרזאַמלונג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער דערפאָלג. עס זיינען געקומען הונדערטער מענטשן, לאָמזשער, וואָס האָבן זיך נישט באַוויזן פאַר לאַנגע יאָרן. אַלע האָבן אויסגעדריקט זייער דאַנקבאַרקייט פאַרן צוזאַמענרופן די לאָמזשער וועלכע זיינען, מיט קליינע אויסנאַמען, געקומען אַהער אין דער זעלבער צייט.

אין דער פראַגע פון גרינדן אַ לאָמזשער צווייג ביים פאַרבאַנד זיינען אויף דער פאַרזאַמלונג אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאַרשידענע מיינונגען. אייניקע האָבן געוואָלט גרינדן אַ „סאָשעל קלוב"; אַנדערע — אַ געוויסע פאָרעם פון אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע צו העלפן לאָמזשער איבער דער וועלט א. אַז. וו. נאָך לענגערע דיסקוסיעס פון די פאַרזאַמלטע איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן זיך אָנצושליסן אין נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אונטערן נאָמען לאָמזשער יוגנט צווייג 484 א. נ. א. פ.

עס האָבן זיך דאַן אָנגעשלאָסן אין צווייג: ל. פרידמאַן, ר. טאָקער (פון לאָמזשע טאָקאַרסקי), באָבראָוו (באָבראָווסקי), ה. פּושעל (פּוכאַלסקי), ש. סייבול (ציבולסקי), מ. שיינקאָפּ, נ. אַפּלבוים (פּאָדביעלעוויטש), ד. סענדיע (צדע) און מ. לעוו. אַלס ערשטע באַאַמטע פון צווייג זיינען דערוויילט געוואָרן: מ. ווייס, פּאָרזיצער; מ. בוכבינדער, סעקרעטאַר; י. ראָזען, וויצע פּאָרזיצער, און ה. פּושעל, קאַסירער. אין דער ערשטער עקזעקוטיווע זיינען אַריינגעגאַנגען די ח"ח: חברה ווינטער, קאַפקא, אַפּעלבוים, טאָקער, לעוו, זאָלאָנדזש, גראַובארד, שיינקאָפּ, חברה גאָלדשטיין.

דעם 26טן פעברואַר, 1946, איז פאָרגעקומען די אינסטאַלירונג פון צווייג ביי אַ פייערלעכן באַנקעט אין קאָמאָדאָר האָטעל. דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד, ח' ל. סיגאַל, האָט דאַן איבערגעגעבן דעם „טשאַרטער" צום פּאָרזיצער פון צווייג.

אין אַ קורצער צייט האָט זיך דער צווייג אַנטוויקלט אַריינגעמענדיק אַ סך פון די אַריבערגעקומענע געראַטעוועטע פון לאָמזשע, וועלכע זיינען געוואָרן פון די אַקטיווסטע חברים ביי אונז אין צווייג. דער צווייג האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו העלפן בויען מדינת ישראל, און ווען ישראל האָט געקעמפט פאַר איר עקזיסטענץ איז דער לאָמזשער צווייג געשטאַנען אין די ערשטע רייען איר צו העלפן, און דורך דער הילף פון די ח"ח פּושעל און באָבראָוו האָבן מיר אַוועקגעשיקט באַנדאַזשן, שפּיטאָל־בעטן און מעדיקאַמענטן, אפילו עטלעכע טויזנט פאַר הויזן פאַר דער הגנה און אויך אַן עקס־רעי מאַשין פאַר דער קופּת חולים.

די זעלבע חברים האָבן אויך באַוואויגן אונזער חבר און לאַנדסמאַן מאַרקוס צו שיקן אַן אַמבולאַנס פאַרן רויטן מגן דוד אויף דעם נאָמען פון זיין טראַגיש־אומגעקומענעם זון און פאַמיליע.

מיר האָבן געזאַמלט אין פאַרלויף פון די 10 יאָר אַ סומע קרוב צו 27 טויזנט דאָלאַר פאַר פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס אין מדינת ישראל און אין אַמעריקע. דורך דער צייט האָט דער צווייג פאַרקויפט ישראל־באָנדס אויף אַ סומע פון 25 טויזנט דאָלאַר.

עס עקזיסטירט אויך ביים צווייג אַ ליי־קאַסע, וועלכע באָרגט אויס געלט צו חברים אָן פּראָצענט. דורך דער לייַקאַסע האָבן מיר געהאָלפן פיל חברים.

אונזער צווייג איז געווען דער ערשטער אין פאַרבאַנד צו גרינדן אַ פרויען־קלוב. די גרינדער זיינען געווען די חברות: בוכבינדער, סייבול, טאָקער, ווײלעדזש, פּושעל, ווינטער און אַפּעלבוים. דער קלוב צייכנט זיך אויס מיט זיין אַקטיוויטעט, איבערהויפּט בנוגע מדינת ישראל. די ערשטע פאָרזיצערין פון קלוב איז געווען חברה ליליען בוכבינדער; די צווייטע חברה פּעני סייבול, און די איצטיקע איז חברה שרה ווײלעדזש.

לעצטנס האָט אונזער צווייג, צוזאַמען מיט דער לאָמזשער אייד סאָסייעטי, די לאָמזשער שול, די לאָמזשער לײדיס רעליף סאָסייעטי זיך אונטערגענומען צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון דער אידישער לאָמזשע דורך בויען אַ מיטל־שול אין אילת, מדינת ישראל, וואָס וועט זיין אַ דענקמאָל נאָך די קדושים פון לאָמזשע.




עקזעקוטיווע פון לאַמזשער צווייג 484 אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד און פרויען קלוב

אונטערשטע רייע, זיצנדיק (פון רעכטס): נ. אַפּעלבוים (פּאָדביעלעוויטש), מ. ווייס־סטשאַלקא (גרינדער און ערשטער פּאָרזיצער), ס. סייבעל (פּאָרזיצער), גאָלדשטיין (פּאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע), י. באַבראָוו (באַבראָווסקי), מ. בוכבינדער (מיטגרינדער און ערשטער וויצע־פּאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע).

צווייטע רייע, שטייענדיק (רעכטס): פאַניץ, מרס. וויילעדזש (פּאָרזיצערין פון פרויען־קלוב), מרס. כ״ץ, פעני סייבל, מ. טאָקער, ה. קיימאַן (פינאַנץ־סעקרעטאַר), הרב אַראָנסאָן, כ״ץ.

דריטע רייע, שטייענדיק: ברוך, מ. ראָזען, שאַרעק־פיגא (מיטגרינדער), רובינשטיין, ר. טאָקער, סעקרעטאַר שיינקאָפּ, ש. ברוכאַנסקי.

אונזער פרויען־קלוב איז זייער טעטיק פאַר דעם פּראָ־יעקט, און צוזאַמען מיט די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס איז שוין ביז איצט געשאַפן געוואָרן אַ סומע פון 5 טויזנט דאָלאַר.

מיר זיינען אויך געווען צווישן די ערשטע איניציאַטאָרן אַרויסצוגעבן דעם לאָמזשער פנקס, וועלכער וועט זיין אַ פאַר־אייביקונג פון דער געשיכטע פון דער אידישער לאָמזשע. אַ דאַנק דער מיטהילף פון אַ גרופּע פון אונזערע חברים איז דערמעגלעכט געוואָרן אַרויסצוגעבן דעם לאָמזשער פנקס אויף אידיש דאָ אין אַמעריקע.

אונזער קולטור־אַרבעט ווערט געטאָן אויף אַ פיינעם אופן. כמעט ביי יעדער פאַרזאַמלונג האָבן מיר לעקציעס און דיסקוסיעס וועגן אַקטועלע טאָג־פּראָבלעמען, מיט רעדנערס פון דער באַוועגונג און פון אייגענע חברים. עס ווערן דורכ־געפירט ימים טובים־פייערונגען אויף אַ אידישן טראַדיציאָ־נעלן שטייגער, און שמחות ביי חברים קומען פאָר אויף אַ פייערלעכן אופן. דעם 25טן נאָוועמבער, 1956, איז געפייערט געוואָרן דער 10־יאָריקער יובילעאום פון אונזער צווייג, וואו דער ערשטער פּאָרזיצער פון אונזער צווייג, ח. ווייס, האָט, ביי אַ פראַכטפולן באַנקעט, געגעבן אַן איבערזיכט איבער די פאַרגאַנגענע 10 יאָר פון אונזער עקזיסטענץ און האָט צוגעזאָגט, אין נאָמען פון אַלע פאַרזאַמלטע, צו אַרבעטן ווייטער מיט נאָך מער ענערגיע פאַר דעם וואוילזיין פון אַלע לאָמזשער און פאַר דעם אויפבוי פון מדינת ישראל.

עס האָבן באַגריסט דעם באַנקעט פאָרשטייער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד און פון שטאָט־קאָמי־טעט. עס זיינען אָנגעקומען באַגריסונגען פון דעם פּאַראיי־ניקטן אידישן אַפּיל, פון דער הסתדרות, קרן קימת און אַנ־דערע. עס זיינען אויך געקומען פאַרטרעטער פון לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק. עס זיינען אויך פאַרקויפט גע־וואָרן ישראל־באָנדס פאַר 10 טויזנט דאָלאַר לכבוד דעם געבורטסטאָג פון בן־גוריון.

דאָס איז אין קורצן די סומירונג פון 10 יאָר עקזיסטענץ פון לאָמזשער יוגנט צווייג 484, אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבע־טער פאַרבאַנד.

די עקזעקוטיווע

▼

## לאָמזשער פרויען הילפס-געזעלשאַפט

דעם 15טן מערץ 1909 האָבן זיך פאַרזאַמלט אייניקע לאָמזשער פרויען אין הויז פון גרינבערג און האָבן געגרינדעט אַט דעם פרויען פאַראיין פאַר אונטערשטיצונג. אין אַ צייט אַרום האָבן זיי זיך ווידער פאַרזאַמלט אין הויז פון שוועסטער פעני בערנשטיין און האָבן באַשטימט די סטאַטוטן פון דער געזעלשאַפט און איר ציל. דער הויפּט-ציל פון דעם פאַראיין איז אונטערשטיצונג צו אירע מיטגלידער, וועלכע רופן זיך „שוועסטער".

אין יענע צייטן זיינען געווען אַ סך לאָמזשער שוועסטער, איינזאַמע, וואָס האָבן געאַרבעט שווער, זיינען קראַנק געוואָרן און זיך גענויטיקט אין היילונג און דערהאָלונג. דאָס גלייכן האָט מען געדאַרפט אָרגאַניזירן הילף אין טויט-פאַלן ווי: טרייסטונג צו דער משפחה אין טרויער און אונטערשטיצונג צו אַלמנות און יתומים.

אויך הילף פאַר פרויען אין דער אַלטער היים, לאָמזשע, איז אריינגענומען געוואָרן אין אונזער טעטיקייט. אַזוי שנעל ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט פון אַ נויטליידנדיקער פרוי אָדער אַ געדריקטער משפחה, וואָס שעמט זיך צו בעטן הילף, האָבן מיר געשיקט שטיצע אין געהיים (מתן בסתר).

איין מאָל אין מאָנאַט, אין אַ שבת-צו-נאַכטס, קומען זיך צונויף די שוועסטער און דיסקוטירן די פּראָבלעמען פון די לעצטע פּאַסירונגען. דער „לאָמזשער פרויען הילפס-געזעלשאַפט פאַראיין" איז געווען פאַרטראָטן אין דעם „פאַראייניקטן לאָמזשער רעליף קאָמיטעט" און בייגעטראָגן זיין חלק.

די אַקטיווע שוועסטער אין דער סאָסייעטי זיינען: ב. אַלפּערן, פּאָרזיצערין; ט. ברוכאַנסקי, סעקרעטאַר; פ. בערנשטיין, קאַסירערין; ש. פינקעלשטיין, פ. העריס, ח. ש. גרינגלאַס, ר. שול, ג. ווינער, ר. ווערב, מ. טעף.

און זאָל דאָ באַזונדערס דערמאָנט ווערן צום אָנדענק און ברכה פרוי פערל הורוויץ, וועלכע האָט געהאַט גע'ירשנ'ט פון איר פאָטער, ר' יעקב צעשלוק, פון די פיינע בעלי-בתים פון לאָמזשע, גוטע מידות פון צדקה און הכנסת אורחים. זי איז געווען זייער אַקטיוו אין דער סאָסייעטי זינט זי איז געקומען אין אַמעריקע. מיט אירע לעצטע כוחות און איר גאַנצער נשמה האָט זי געאַרבעט צו באַזאָרגן הילף און שטיצע פאַר לאָמזשער און לאָמזשע. צען יאָר איז זי געווען פאָרזיצערין פון דער דאָזיקער וואוילטעטיקער סאָסייעטי. ס'איז גאָרנישט צו באַשרייבן אירע טאַטן. זי איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. זכרונה לברכה.

## אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער אין שיקאַגאָ

געננוג לאָמזשער אידן זיינען געווען אין שיקאַגאָ און איר סביבה, אָבער ערשט אין 1908 איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרבאַנד פון לאָמזשער צו העלפן די „גרינע" אימיגראַנטן זיך איינצואָרדענען אין דער פרעמד. אין יאָר 1910 האָבן זיך צופעליק געטראָפן אַ צאָל לאָמזשער אין אַ לאָקאַל. צווישן זיי זיינען געווען: ס. ראָזענטאַל, יעקב סענטמאַן, וועלוול גאָלדבערג, דוב לעווין, טשאַרלי טאַף, מאיר וויינער, דוד העריס און ס. קאָלקי. אויף דעם צוזאַמענטרעף איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרשטאַרקן דעם לאָמזשער פאַרבאַנד. יעדער איינער פון די אָנוועזנדע האָט בייגעשטייערט אין דאָלאַר פאַר די הוצאות פון סעקרעטאַריאַט. נאָך דעם ווערט איינגעאָרדנט אַ פאָרום אָוונט, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט פופציק נייע חברים אין דער אָרגאַניזאַציע. עס קומט פאַר אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וואו ס'ווערן איבערגעגעבן נייעס פון לאָמזשע. דאָרטן איז אויך באַשלאָסן געוואָרן זיך צוזאַמענטרעפן יעדע צוויי וואָכן און יעדער חבר זאָל דערציילן נייעס פון לאָמזשע פון דער-האַלטענע בריוו, פון דער פרעסע און פון נייע איינגעוואַנדערטע.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה איז די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע שוואַכער געוואָרן. אַ סך זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. דער קאָנטאַקט מיט לאָמזשע איז געוואָרן איבערגעריסן. גלייך אָבער ווי די שלאַכטן האָבן אויפגעהערט און מ'האָט אָנגעהויבן צו באַקומען ידיעות וועגן לאָמזשע, איז מען צוגעטראָטן צו הילפס-אַרבעט. אויפן אַדרעס פון דער משפחה ראָטשטיין איז געשיקט געוואָרן 500 (פינף הונדערט) דאָלאַר צו גרינדן אין לאָמזשע אַ קאָנסומער-פאַראיין-געשעפט, וואָס זאָל באַזאָרגן מיט ביליקע שפּייז אומפאַרמעגלעכע אידן.

נאָך 500 (פינף הונדערט) דאָלאַר איז געשיקט געוואָרן פאַר דער ישיבה, וועגן וועלכער מ'האָט געהערט אַז די תלמידים הונגערן. אין קורצן האָט מען געשיקט נאָך 500 (פינף הונדערט) דאָלאַר — די הכנסה פון אַ טעאַטער-פאָרשטעלונג. די לעצטע סומע איז געשיקט געוואָרן דורך דייכע ברוכאַנסקי-טאָוויאַן און איידאַ טשערנאָוו. פון דאַן אָן האָט דאָס שיקן געלט נישט אויפגעהערט יעדן ערב יום-טוב, דער עיקר ערב פּסח.



פייערונג פון 40 יאָריגן יובילייִ פון לאָמזשער לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין אין שיקאַגאָ, 1908—1948.

ערשטע רייע (שטייענדיק) רעכטס: מ. טאַפּט, ווּם. ציס, מ. שטרויס, ס. ראָזענטאַל, ש. בערקאָוויץ.

צווייטע רייע: ד. גאָלדשמיד, ס. נאָמבערג, ל. גאָלדמאַן, ס. פּישער, א. ראָזענטאַל.

דריטע רייע: די פרויען ב. האַריס, ר. בענדער, מ. גודמאַן, ד. גאָלדשמיד, ב. גאָלדבערג און פ. זלאָטניק.



לואי פּערלמאַן און זיין פרוי פון שיקאַגאָ גיבן אָפּ אַ גרוס די לאָמזשער לאַנדסלייט אין ישראל.

אויף איינער פון די שפּעטערדיקע אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו קויפן אַ קרקע פאַר אַ בית עולם פאַר לאָמזשער. דריי טיכטיקע חברים האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע דאָס אויסצופירן. אין דער קאַסע פון דער אָרגאַניזאַציע איז דאַן געווען 800 דאָלאַר און עס האָט זיך גענויטיקט 21 טויזנט דאָלאַר. אָבער מר. לואי פּערלמאַן (אַ זון פון אַברהם־פּייוול פּיורקאָ דער סטאָלער), ראָזנטאַל און סעם אַנטמאַן (ע״ה) האָבן נישט גערוט ביז זיי האָבן געשאַפן די נויטיקע סומע. עס האָבן זיי געהאָלפן: יעקב פיין, מאָריס קאהן און שלמה פישער.

אין אַ געהויבענער שטימונג איז געפייערט געוואָרן דאָס עפענען פון נייעם בית עולם פאַר לאָמזשער אין דער סביבה פון שיקאַגאָ. איין אַקט פון ברידערלעכקייט פירט צו אַ צווייטן. אַז מ׳זאָרגט פאַרן מיטגליד ביים לעבן און נאָכן טויט, דאַרף מען דאָך נישט פאַרגעסן זיינע יתומים און אַלמנה. דעריבער איז געגרינדעט געוואָרן אַ הילפס־פאָנד פאַר אַזוינע נויט־פאַלן. יעדער לאָמזשער האָט אַריינגע־טראָגן איין דאָלאַר אַ יאָר פאַר דעם צוועק. ווען אַ מיט־גליד שטאַרבט, האָט די אַלמנה באַקומען 150 דאָלאַר און ווען אַ מיטגלידערין שטאַרבט, האָט דער אַלמן באַקומען 100 דאָלאַר. די סומען זיינען געשטיגן לויט דער נויט און לויט דער צאָל פון מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. אַדאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון קאַסירער לואי גודמאַן זיינען די בית־עולם אויפהאַלטונג און דער דערמאָנטער פאָנד אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ געזונטן באַזיס.

עס איז דאַן אַנטשטאַנען אַ פּראָבלעם: וואָס טוט מען אַז דער יונגער דור זאָל אויך ווי ווייט מעגלעך זיין צוגע־בונדן צו זייער עלטערנס אָפּשטאַם פון לאָמזשע? און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו עטאַבלירן צוויי טעג אין יאָר אַ „פאָטערס טאָג״ און אַ „מוטערס טאָג״. אין די דאָזיקע טעג פאַרזאַמלען זיך לאָמזשער מיט זייערע פאַמיליעס אין אַ לאָקאַל, וואו די קינדער גיבן מתנות צום פאָטער אָדער צו דער מוטער (לויטן טאָג) און עס ווערן דאַן דערמאָנט אויך די נאָענטע, וואָס זיינען נאָך געבליבן אין לאָמזשע. מען דערציילט מעשיות און אַנעקדאָטן וועגן זיי און מען באַשליסט וואָס פאַר אַ מתנות מען זאָל שיקן צו זיי — ווי געלט, בגדים, בילדער אאַז״וו. גלייכצייטיק ווערט דערציילט וועגן לאָמזשער לעבן בכלל און וויכטיקע געשעענישן, בפרט פון דער צייט ווען אַ סך האָבן פאַרלאָזן לאָמזשע און עמי־גרירט קיין אַמעריקע.

יענע צייטן זיינען געווען גליקלעכע פאַר לאָמזשער אין שיקאַגאָ. די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען אינטים, נאָענט איינער מיטן צווייטן. מען האָט זיך גערופן ברודער און שוועסטער.

די אַקטיווע חברים אין יענער צייט זיינען געווען: אַביגדור טשעס, יעקב סענטערמאַן, נתן סטאָון, אַרטור ליכטמאַן (ער האָט געהייראַט מיט אַ לאָמזשער מיידל), סעם גאָלדבערג, די ברידער בענדער, טוביה פישער, דוד לעווין, וועלוול גאָלדבערג, זיסקינד, די ברידער כץ, צ. טשערנאָוו, מאיר שטרוס, דזשעק פיין, מאָריס טעף און דער לעצטער, דער חשובסטער, לואי פּערלמאַן, וואָס איז אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1912 און איז געווען זייער טעטיק אַלס קאַסירער אין פאַרלויף פון צען יאָר. די אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסן. אויך אַזעלכער, וואָס האָט זיך נאָר מתחתן געווען מיט לאָמזשע (געהייראַט אַ לאָמ־זשערין) איז פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ לאָמזשער און איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען באַוואוסט צווישן אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן אַלס: „די לאָמזשער פריילעכע קבצנים״.

די לאָמזשער האָבן זיך געהאַלטן ווי מיטגלידער פון אַ משפחה. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין איינעמס שמחה, אָדער, גאָט באַהיט, אין טרויער. בעת א חתונה ביי איינעם פון דער „משפחה״ (ביי אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע) האָט די אָרגאַניזאַציע געשיקט צען דאָלאַר דרשה געשאַנק און אַלע מיטגלידער זיינען געלאַדן געוואָרן צו דער חתונה. צו אַ בר־מצוה־פייערונג האָט מען געשיקט אַ מתנה פון פינף דאָלאַר. אַז אַ חבר איז קראַנק געוואָרן האָט די אָרג. אים געשיקט 5 דאָלאַר אַ וואָך פאַר אַ צייט פון 10 וואָכן. ווען אַ מיטגליד איז געשטאָרבן, און ער איז געווען רעליגיעז, האָט די אָרגאַניזאַציע באַזאָרגט אַ „מנין״ פאַר דער צייט פון שבעה אין הויז פון די אַבלים. דאָס איז געקומען אויסער דער אונטערשטיצונג, ווי דערמאָנט פריער. אַלע מיטגלידער פון דער אָרג. זיינען אויפגעפאָדערט גע־וואָרן צו גיין מנחם־אָבל־זיין. ערב פסח האָט מען געשיקט צו נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער און צו ניי־אָנגעקומענע „מעות חיטין״ געלט פאַר עסן און קליידונג. אין די לעצטע יאָרן האָט די אָרגאַניזאַציע אַריינגעשטעלט אין איר בו־דזשעט יערלעכע סובסידיעס פאַרן נאַצ. פאָנד, פאַראייניקטן אידישן אַפּיל, „אָרט״, היאַס, אַלגעמיינע אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אויסער די שטיצעס צו אַלע אַנדערע קאַמ־פּיינען און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

אַ בכבודיקן אָרט אין דער געשיכטע פון דער לאָמ־זשער אָרגאַניזאַציע אין שיקאַגאָ פאַרנעמט די זעלבסט־שטענדיקע „לאָמזשער פרויען אָרגאַניזאַציע״ מיט אירע אַקטיווע טוערינס: ראָוז בענדער, מאָלי גודמאַן, דאָליע קראַוויעץ, בתיה העריס, פּר. זלאַטניק, אסתר גאָלדבערג, דאָראָטי גאָלדשמיט, דאָראַ לעווינסאָן, דייכע טאָוויאַן, לילי לאַנדי, חיה טשערנאָוו, ליבריצאַ ראָזענטאַל, סאָפיע בענ־דער, ברײנע קאָלקי, ראָזאַ זיגמאַן, טילע וואַגנער, אַנאַ גרינ־בלאַט, סאָניע טשעס, רבקה לעוו, חיה־פייגל לעווינסאָן, דבורה סאַבל און אַנדערע.

אין יאָר 1948 האָט די לאָמזשער אָרגאַניזאַציע אין שיקאַגאָ געפייערט מיט גרויס פּאַראַד דעם 40טן יובל פון איר עקזיסטענץ. לכבוד דעם האָט זי אַרויסגעגעבן אַ בוך: „לאָמזשער יובל־בוך״, שיקאַגאָ, 1948, אונטער דער רע־דאַקציע פון דר. א. מאַראַלין, א. ראָזענטאַל, אַביגדור טשעס און מיטהילף פון סעם בערקאָוויץ, הרב חיים־דוד רעגענסבערג, י. פיין, מאָריס טעף, י. סענטמאַן, דוד טשערנאָוו א. א.

▼

דר. א. גראָסמאַן

# פאַראייניקטער לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט אין אַמעריקע

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי נאָר ס׳זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן דער לאַגע פון אונזערע ברידער אין לאָמזשע, האָבן זיך פאַרזאַמלט אייניקע לאָמזשער אין הויז פון ה׳ מאָסקאָוויץ און דעבאַטירט וועגן דעם מיטלען צו העלפן לאָמזשער מיט־ברידער אין לאָמזשע. צווישן זיי זיינען געווען: אַלעקסאַנדער פיאַנקאָ, מאָטל ניימאַרק, לינאַ און פריידע פראַנק א. אַ. עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ הילפס־קאָמיטעט, וועלכער וועט שטעלן אין טעאַטער די אָפּערעטע „שולמית“ און די הכנסה זאָל גיין פאַר הילף צו לאָמזשער. כדי צו מאַכן די דאָזיקע אונטערנעמונג דערפאָלגרייך זיינען קאָאָפּטירט געוואָרן צו דער אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג און צו פאַרשפּרייטן די בילעטן די פאָלגנדיקע מיטגלידער: סעם שניידער, יצחק קופּיעצקי, יצחק ראָטשטיין, פּענסקי, מאָריסאָן, סילוויאַ סנאָו, לואי קעלער און זיין שוועסטער, שלמה שיינקאָפּ מיט זיין ברודער, פּעני פינקלשטיין, שמעון לעווינסקי, סאָפיע קאַפּלאַן, דזשעני אַבראַמסאָן, דר. לאַקס, די ברידער ראָמאַן, צעכאַנאָוויץ, דזש. לעווענטאַל, חנה־רחל פרידשטיין, ח. באַראָד, שלמה בלום, וו. מאָריס, קאָטלאָוויץ א. אַ. קאָטלאָוויץ איז דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון הילפס־קאָמיטעט; מאָטל ניימאַרק — סעקרעטאַר; אל. פיאַנקאָ — קאַסירער.

די טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט געהאַט דערפאָלג. די הכנסה איז געווען גרויס. אין מיטן דער פאָרשטעלונג האָט גערעדט פאַרן עולם דער באַוואוסטער ציוניסטישער מטיף, הרב מאָסלאַנסקי, וועלכער האָט אויפגעוועקט די הערצער פון די צוהערער, צו שטיצן זייערע ברידער אין פוילן. דאָס גאַנצע געלט איז גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לאָמזשע. עס איז כדאי צו פאַרנאָטירן דעם פאָלגנדן פאַקט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טעאַטער־פאָרשטעלונג. נאָענט פאַר דער אויפפירונג פון „שולמית“ האָט זיך די פרימאַדאָנע, אידאַ וואָלאָוויץ, איינגעעקשנ׳ט, אַז זי וועט נישט שפּילן איר ראָל אָן זילבערנע שיך, לויט דער פאָדערונג פון רעקוויזיט. ס׳איז אָבער געווען זונטאָג אָוונט, און ס׳איז נישט געווען מעגלעך זיי צו באַקומען. דאָך האָט איינער פון לאָמזשער אידן, ה׳ דאָלאָוויץ, פון ערגעץ געקראָגן די זילבערנע שיך. עס איז קיינמאָל נישט באַוואוסט געוואָרן ווי אַזוי ער האָט זיי באַקומען און וויפל ער האָט באַצאָלט פאַר דעם.

ביסלעכווייז האָבן די אַנדערע לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס זיך גענומען קאָנצענטרירן אַרום דעם פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט, זייענדיק איבערצייגט, אַז מיט פאַראייניקטע כוחות קען מען אויפטאָן אַ סך מערער ווי זייענדיק צעשפּליטערט אין קליינע קערפּערשאַפטן און יעדע גרופּע זאָל „מאַכן שבת“ פאַר זיך. עס איז דאַן פאָרגעקומען אַ צוזאַמענקונפט אין שול „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאטש“ פון פאָרשטייער פון: לאָמזשער ברענטש 216 אַ. ר.; „לאָמזשער הילפס־געזעלשאַפט“; „לאָמזשער יאָנג מענס“ (שול פון לאָמזשער יוגנט) און אייניקע אַנדערע פרויען קערפּערשאַפטן. פון די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויסגעצייכנט: י. א. פינקעלשטיין, פעדלאָ, שאַפּיראָ, גידאַנסקי, פעני סילווערשטיין, דזשאָו לעווענטאַל, פעני פינקעלשטיין, שרה סילווערשטיין, שיינקאָפּ, א. נ. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט מיטן נאָמען: „לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט פאַר



פאַראייניקטער לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט אין אַמעריקע.

ערשטע רייע (זיצנדיק): קאזין, ר. לעפּטאַן, ה. גראָסמאַן ה. סאָבאָטקאַ, דר. א. גראָסמאַן, ס. שניידער, ס. זיספיין, מ. ראָזענבערג.

צווייטע רייע: ס. בלום, מ. גאָלדין, אידא סאָבאָטקאַ, עוואַ קופּער, טילי מאָריס, מרס. זיספיין, גאָלדמאַן.

דריטע רייע: ל. דזשייקאָבסאָן, מ. ניימאַרק, וום. סיימאָן, מ. קירשענבוים, וום. מאָריס, מ. עקער.

מלחמה געליטענע". פ. פינקעלשטיין איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַרין און א. סילווערמאַן — קאַסירער.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען זאַמלונגען אוןביישטייערונגען לטובת לאָמזשער קהלה און אירע הצטרכות'ן ביי יעדער געלעגנהייט ווען לאָמזשער וועלן זיך צוזאַמענקומען, אויף אַ שמחה, אַ טרויער און ימים־טובים. אויך זאָל מען אַרויפלייגן אַ יערלעכן אָפּצאָל אויף יעדן מיטגליד פון וועלכער ס'איז אָרגאַניזירטער לאָמזשער קערפּערשאַפט לטובת לאָמזשער קהלה; אָנצושלאָגן פּושקעס אין הויז פון יעדן לאָמזשער צו זאַמלען געלט פאַר דעם דאָזיקן צוועק. יעדער מאָל זיינען צוגעקומען נייע חברים־עסקנים, ווי: פינקוס, באָנטשעק, משה גאָלדין, לאַמפּערט, בריזמאַן, ראָזענבערג, קאַצאַנעק, ה. קאַפּלאַן, סאָניע פּאָליעסי, חנה רחל פרידשטיין, לעווינסקי, רוזש, וורובעל, מאַרקוס קאַפקאַ און נאָך אַנדערע.

אין מאַי 1926 זיינען אַנטשטאַנען ענדערונגען אין דער פאַרוואַלטונג. דער נאָמען איז געביטן געוואָרן אויף „לאָמזשער יוגנט רעליף קאָמיטעט". ס'זיינען דאַן אויסגעקליבן געוואָרן: ג. לעווענטאַל אַלס סעקרעטאַר, דר. לאַקס — פינאַנץ סעקרעטאַר און משה גאָלדין — קאַסירער. דער נייער ועד האָט פאַרשטאַרקט זיינע טעטיקייטן, ווי: צוזאַמענקונפטן, טעאַטער פאָרשטעלונגען, פאַרוויילונגס־אָוונטן. אַזוי אַרום איז די הכנסה פאַרגרעסערט געוואָרן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן קיין לאָמזשע אַ ספּעציעלן שליח, ה' מאָרעצקי (דאָ האָט ער זיך געלאָזט רופן „מאַרש") צו אויספאָרשן דעם צושטאַנד פון לאָמזשער אידן און זייערע נויטן. צו יענער פאַרזאַמלונג זיינען געקומען כמעט אַלע לאָמזשער מיט התלהבות, ווייל יעדער האָט געוואָלט שיקן אַ לעבעדיקן גרוס צו זיינע נאָענטע דורכן שליח. צוויי קאַנדידאַטן זיינען געווען אויף דער מיסיע פון זיין אַ שליח קיין לאָמזשע: מאָרעצקי און דער שרייבער פון די שורות. אויסגעקליבן געוואָרן כמעט איינשטימיק איז מאָרעצקי, ווייל איך בין ביז דאַן נישט געווען טעטיק אין קאָמיטעט. צום באַדויערן איז די מיסיע דורכגעפאַלן און דער פאַראייניקטער קאָמיטעט איז כמעט ווי אונטערגעגאַנגען.

אין יאָר 1931 בין איך געפאָרן קיין אייראָפּע און באַזוכט אויך מייך געבורט־שטאָט פיאָנטניצאַ, לאָמזשע. ווען איך בין צוריק געקומען האָב איך גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון אַלע לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס און האָב זיי איבערגעגעבן אַ טרויעריקן באַריכט וועגן דעם מצב פון לאָמזשער שפּיטאָל (אגב פון ביאַליסטאָק ביז וואַרשע איז ער געווען דער בעסט איינגעאָרדנטער און בעסט באַזאָרגטער קראַנקען אַנשטאַלט). איך האָב דערציילט אַז איך האָב צוגעזאָגט דר. קאַרבאָווסקי צו פאַראינטערעסירן די לאָמזשער אין אַמעריקע מיט די נויטן פון שפּיטאָל און זען שאַפן פאַר אים הילף. מיינע רייד האָבן געווירקט און ס'איז גלייך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר לאָמזשער שפּיטאָל, מיטן נאָמען: „לאָמזשער האָספּיטאַל רעליף קאָמיטעט". מאָריס סנאָו איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער; ח. סאָבאָטקאַ — סעקרעטאַר און פרוי פערל הורוויץ (ע"ה) — קאַסירערין. אין אַ קורצער צייט האָט דער קאָמיטעט באַוויזן איבערצושיקן אויפן אַדרעס פון לאָמזשער איד. שפּיטאָל אַנגעזעענע סומען.

פון לאָמזשע זיינען דערווייל געקומען אַלץ שטאַרקערע רופן נאָך הילף. דער באָיקאָט אויפן אידישן האַנדל און אינדוסטריע, אפילו אויף אידישע פּראָפעסיאָנאַלן, ווי דאָקטוירים, האָט פאַראָרעמט די איד. באַפעלקערונג און געבראַכט זיי צום צושטאַנד פון הונגערן. קיין פאַראייניקטע קערפּערשאַפט פאַר הילף פאַר לאָמזשער מיט־ברידער האָט נישט עקזיסטירט זינט 1919. איינציק און אַליין האָט געאַרבעט די צדיקת פרוי פערל הורוויץ, געזאַמלט געלט, פּעקלעך שפּייז און בגדים, און געשיקט יעדן וואָס האָט צו איר געשריבן און געבעטן.

אָבער ווען דער מצב אין לאָמזשע איז געוואָרן אַלץ ערגער, האָט גענומען ווידער די איניציאַטיוו די שול „חברה חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאַטש", און אין יאָר 1937 האָט זי גערופן צו אַ דרינגנדיקער אסיפה אַלע אָרגאַניזאַציעס פון לאָמזשער, ווי: ברענטש 216 אַ. ר.; אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער פרויען; פרויען קלוב ביי ברענטש 216 אַ. ר. א. אַ. נאָך האַרציקע אַפּעלירנדיקע רייד פון פּרעזידענט פון שול, מ. ראָזענבערג, איז געגרינדעט געוואָרן „דער פאַראייניקטער לאָמזשער הילפס־קאָמיטעט". אַלס פאָרזיצער איז דערווילט געוואָרן משה גאָלדין, אַ בכבודיקער מענטש, אַ תלמיד חכם; דזשעק ראָס — סעקרעטאַר; מ. ראָזענבערג — קאַסירער. אַלע פאָרשטייער פון די פאַרטראָטענע אָרגאַניזאַציעס זיינען דערווילט געוואָרן אַלס מיטגלידער פון דעם פאַראייניקטן קאָמיטעט. ווען מען איז שפּעטער צוגעטראָטן צו פּראַקטישער אַרבעט האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די מיטגלידער זיינען נישט פאַראייניקט, כאָטש זיי דאַרפן דאָס זיין לויט דעם נאָמען פון קאָמיטעט. יעדע פאָרשטייערשאַפט האָט געפאָדערט מער אָנזען דאָ, און אַ גרעסערן חלק פאַר אירע מיטגלידער אין לאָמזשע. ווען ה' סמיט האָט באַזוכט לאָמזשע האָט זיך אים איינגעגעבן צו גרינדן אַן אומפּאַרטייאישן הילפס־קאָמיטעט מיט הרב שאַצקיס בראש. אָט דעם קאָמיטעט האָט מען גערופן דעם „סמיט־קאָמיטעט".

צוליב פערזענלעכע סיבות, נישט שטימענדיק אין די מיינונגען, האָבן די חברים פון פאַראייניקטן קאָמיטעט נישט געקענט אַרבעטן צוזאַמען בשלום. ה' גאָלדין האָט געמוזט רעזיגנירן. אַ קורצע צייט האָט געפירט די אַרבעט דער סעקרעטאַר ראָס אַליין. אין יאָר 1938 איז געקומען אַדוואָקאַט גראָובאַרט פון לאָמזשע, מיטגליד פון סמיט־קאָמיטעט. איך בין געווען אויף דער פאַרזאַמלונג פון לאָמזשער צו הערן דעם גרוס וואָס ער האָט געבראַכט. נאָך זיין רעדן, זיינען אַ סך פון די פאַרזאַמלטע צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל איבערנעמען די פירערשאַפט פון פאַראייניקטן קאָמיטעט דאָ אין אַמעריקע אונטערשטרייכנדיק, אַז איך בין דער פּאַסיקער פאַר דער אויפגאַבע. איך האָב זיך באַטראַכט נישט ראוי און פּרובירט נישט איינשטימען, אָבער פון אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיי באַשלאָסן איינשטימיק, אַז נאָר איך דאַרף זיין דער פירער פון קאָמיטעט. איך האָב מסכים געווען און אָנגעהויבן צו אַרבעטן.

מיר האָבן אַרויפגעלייגט אַ יערלעכן אָפּצאָל אויף יעדער אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער און דאָס גלייכן אויף יעדן אינדיווידועלן מיטגליד פון יעדער אָרגאַניזאַציע. לויט מיין פאָרשלאַג האָט מען אויסגעקליבן פאַר אַ סעקרעטאַר מיין קוזין הערשל גראָסמאַן, וואָס וואוינט ווי איך אין די בראָנקס און איז נאָענט צו מיר, אָנשטאָט ה' ראָס, וואָס וואוינט אין ברוקלין. דער אויסוואַל איז געווען אַ דערפאָלג. מיר האָבן געזאַמלט געלט און געשיקט קיין לאָמזשע, פון וואַנען מיר האָבן געקראָגן קבלה'ס צוזאַמען מיט באַריכטן וועגן דער לאַגע פון די אידן דאָרטן, באַשטעטיקט דורך מ. ביאַלי, פּ. גייסט, בנימין גראָובאַרט א. אַ.

ס'האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. די

געגוצטע בגדים וואָס מיר האָבן געהאַט אָנגעזאַמלט פאַר לאָמזשע האָבן מיר געמוזט איבערגעבן פאַר מלחמה געליטענע אין ענגלאַנד. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר נישט געהערט פון לאָמזשע. איין מאָל האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון לאָמזשער פליטים־קאָמיטעט אין ווילנע. צווישן די אונטערגעשריבענע זיינען געווען אד. גראָובאַרט, מענדל צעכאַנאָוויץ און יצחק סטריקאָווסקי. מיר האָבן גלייך זיך מיט זיי פאַרבונדן און זיי איבערגעשיקט אַ סומע געלט, נישט זייענדיק אפילו זיכער אַז זיי וועלן דאָס געלט דערהאַלטן. ווען ה׳ גראָובאַרט האָט געקראָגן אַ וויזע אַריינצוקומען אין אַמעריקע, האָבן מיר אים גלייך געשיקט געלט אויף הוצאות. דאָס גלייכן האָבן מיר זיך באַטייליקט אויף אַן אָנגעזעענעם אופן אין דער רעטונג פון הרב שאַצקעס און זיין אַריבערברענגען קיין אַמעריקע. הרב יחיאל־מרדכי גאָרדאָן האָט אויך אַ סך מיטגעהאָלפן אין דער זאַך. דאָס האַרץ טוט אַזוי ווי פאַר וואָס אַזוי ווייניק לאָמזשער האָבן דאַן געקראָגן וויזעס צו קומען קיין אַמעריקע. מיר וואָלטן אַלעמען געשיקט די רייזע־קאָסטן!

ווען די שעה איז געקומען, די מלחמה האָט אויפגעהערט, האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַקומען בריוו פון לאָמזשע, איינצלנע, פון פייער געראַטעוועטע, פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דייטשלאַנד, פון אימיגראַציע־לענדער, פון אונטערגרונט. פון זיי אַלע האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן אונזער גרויסן אומגליק, וועגן אומקום פון פוילישן אידנטום, פון וועלכן נאָר געציילטע זיינען געבליבן. מיר האָבן נישט אַראָפּגעלאָזן די הענט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אויב די שוין טויטע קענען מיר אַפילו מיט תכריכים נישט באַזאָרגן, קענען און דאַרפן מיר געבן ברויט די לעבנגעבליבענע. מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן רשימות מיט אַדרעסן פון לאָמזשער איבער דער וועלט און וואו נאָר אַ לאָמזשער האָט זיך אָפּגעזוכט, האָבן מיר אים געשיקט פעקלעך מיט שפּייז און בגדים און אויך בריוו מיט טרייסטונג.

אין יאַנואַר 1949, ווען די טעטיקייטן פון „פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט" האָבן דערגרייכט זייער הויכע מדרגה, איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ זאַמל־העפט, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די טעטיקייטן פון קאָמיטעט, דערציילן וועגן יעדער אָרגאַניזאַציע, פון וועלכע דער פאַראייניקטער קאָמיטעט איז געווען צוזאַמענגעשטעלט; איבערגעבן מעמוארן און שילדערונגען ווינטשונגען און אינפאָרמאַציע. דער זאַמל־העפט מיטן נאָמען: „לאָמזשע, מאָמענטן און זכרונות" איז צונויפגעשטעלט געוואָרן מיט פאַכמענישקייט דורך ה. סאָבאָטקאַ. דער העפט איז שיין, מיט אַ סך בילדער און אַ רשימה פון לאָמזשער, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון אומקום דורך די דייטשן. די מיטגלידער פון דער רעדאַקציע זיינען געווען: דר. א. גראָסמאַן, וו. סיימאָן, ה. גראָסמאַן, ה. לעווטאָן, ס. שניידער און ס. זיספּיין. ביים סוף איז צוגעגעבן אַ קיצור אין ענגליש.

## אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פּינקס

דער קאָמיטעט פאַר דער אויסגאַבע פון לאָמזשער פּינקס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט דר. א. גראָסמאַן, פאָרזיצער פון פאַראייניקטן קאָמיטעט פאַר לאָמזשער הילף. אָבער צוליב פאַרשיידענע סיבות, פּערזענלעכע און פאַרטייאישע, האָט דר. גראָסמאַן נישט געקענט איינשליסן די אַרבעט פאַרן פּינקס צווישן די אַלגעמיינע אַרבעטן פון פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט. אויף זיין איניציאַטיוו האָבן זיך עטליכע מאָל פאַרזאַמלט, מיטן צוועק צו אונטערשטיצן די אונטערנעמונג, די לאַנדסלייט הענאך סאָבאָטקא, הערשל גראָסמאַן, אברהם גאָעל, מיכל בוכבינדער, ווּם. סיימאָן א. א. ווען דר. גראָסמאַן איז קראַנק געוואָרן און האָט נישט געקענט פאָרזעצן די אַרבעט, האָט ער פאָרגעשלאָגן די זאַך פאַר דעם פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט און דאַן איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט אין אַמעריקע פאַרן פּינקס. אַלס ערן פאָרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן דר. גראָסמאַן, אַקטיווער פאָרזיצער מ. ווייס־שטשאלקע, ה. סאָבאָטקא און ה. גראָסמאַן — סעקרעטאַרן, און וויליאַם סיימאָן — קאַסירער.



הערשל גראָסמאַן (חיים וועלוול הויסמאַנס זון)

אין דעם קאָמיטעט פאַרן פּינקס זיינען אַריין די פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס: לאָמזשער ברענטש 216 א. ר., לאָמזשער ברענטש 484, איד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד; „פרויען־קלוב פון לאָמזשער בר. 216 א. ר."; „פרויען־קלוב פון לאָמזשער בר. 484", פאַרבאַנד; „לאָמזשער עיד סאָסעיטע"; „הילפס קאָמיטעט פון לאָמזשער פרויען"; לאָמזשער שול „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאטש". אַלס חברים פון קאָמיטעט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די ה"ה: ס. אַלפּערן, פרוי אַלפּערן, ס. אַלפּערט, פרוי ש. ביאַלי, מ. בריזמאַן, פרוי פעני סייבעל, פרוי י. קאָרניק, מ. דאָלאָוויץ, שאַריק פיגא, משה גאָלדין, אַלתר קרעמער, ל. קעלער, י. קופּיעצקי, פרוי מ. טאָקער פרוי י. קאָזין, ראובן לעפּטאָן, פרוי מ. מאַרגאָליס, מ. פּעקער, מ. ראָזען, הרב זאב ראָזענבערג, פרוי א. סאָבאָטקאַ, פרוי ב. סיימאָן, פרוי י. שול, ר. טאָקער, ש. ווייסבערג.

די ערשטע אַרבעט פון קאָמיטעט איז געווען אַריבערצושיקן קיין מדינת ישראל די 7 (זיבן) קאַסטנס מיט פּאַפּיר, וואָס דר. גראָסמאַן האָט געקויפט פאַר זיין געלט פאַרן פּינקס. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן דורכצופירן אַ ספּעציעלן קאַמפּיין לטובת דאָס אַרויסגעבן פון לאָמזשער פּינקס און גלייך אָפּשיקן דאָס געלד קיין מדינת ישראל, און גלייכצייטיק זאָרגן וועגן איבערזעצן און אַרויסגעבן דאָס בוך אויף אידיש. דערווייל איז דר. א. גראָסמאַן געשטאָרבן. ער איז געווען די טרייב־קראַפט פון קאָמיטעט אפילו ווען ער איז שוין געלעגן אויפן קראַנקן בעט. די טעטיקייט פון קאָמיטעט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

מיט באַנייטן מוט האָבן זיך אין דער אַרבעט אַריינגעוואָרפן די מיטגלידער פון דעם רעאָרגאַניזירטן פּינקס־קאָמיטעט. אונטער דער אַקטיווער פירערשאַפט פון פאָרזיצער מ. ווייס, קאַסירער; ווּם. סיימאָן, דזש. באָבראָוו, ר. טאָקער, מ. דאָלאָוויץ, מ. ראָזען, ש. ברוכאַנסקי, ה. סאָבאָטקא, מ. גאָלדין א. אַ. איז די אַרבעט אַרום פּנקס אַוועק מיט גרויס שוואונג און איז דערפירט געוואָרן צו אַ דערפאָלגרייכן סוף.

# לאָמזשער אין מעקסיקע־סיטי

לאָמזשער אין מעקסיקע־סיטי זיינען נישט אָרגאַניזירט הגם זיי פלעגן זיך אָפט צוזאַמענטרעפן ביי משפחה־שמחות און ביי קבלת פנים׳ס פון אַ ניי אָנגעקומענעם צו זיי. ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טרויעריקע בשורות וועגן לאָמזשער חורבן, האָט דר. א. גראָסמאַן, פאָרזיצער פון פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט פאַר לאָמזשער, זיך געווענדעט צו די לאָמזשער אין מעקסיקע־סיטי זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ קערפּערשאַפט כדי צו זיין גרייט צו שיקן הילף צו די לאָמזשער פליטים וואו נאָר זיי זיינען. אין יאָר 1945 איז די קערפּערשאַפט געגרינדעט געוואָרן, אונטער דער אָנפירונג פון די ה״ה: שמואל פּאָגאָוויץ (פאָרזיצער), משה מאַרקוס, עזראַ קלינקאָוושטיין, וואָלף קרעמער און בנימין פּאָדביעלעוויץ. די חברים האָבן געזאַמלט געלט און עס איבערגעשיקט יעדעס מאָל צו דר. גראָסמאַן, אָדער צו די פליטים דירעקט.

אָט די הילפס־אַקטיוויטעטן האָט באַלעבט די לאָמזשער פון מעקסיקע־סיטי און האָט זיי דערנענטערט צוזאַמען. זיי פלעגן איינאָרדענען ליטעראַרישע און אַמוזירנדיקע אָוונטן, אויך קבלת־פּנים׳ס פאַר אורחים. דער אַקטיווסטער פון די לאָמזשער אין מעקסיקע־סיטי דאַן איז געווען וואָלף קרעמער, אין וועמענס וואוינונג די פאָרשטעלונגען לטובת הילף פאַר לאָמזשער זיינען פאָרגעקומען (היינט איז ה׳ וו. קרעמער אין מדינת ישראל אַן אינדוסטריאַליסט). אויסער אים זיינען געווען אַקטיוו: משה אָסאָוויעצקי, פרוי בלומאָוויץ־קאָריאַן, די ברידער כאָדאָקעוויץ, כיניץ, לעוויוש־אָרליך רייזל, מאָרגענשטערן־דריכאָווסקי, ברוך מאָרגענשטערן, יודל סלאָוואָטיצקי, צבי פּאָגאָוויץ (הענריקאַ), פעסל יעקב, קרעמער־בערנשטיין שיינע, קאַצאָנעק שיינע־איטקע, שלמה קאַצאָנעק־כץ, פרוי שטערן א. אַ.



אויף דעם בילד געפינען זיך סעם שניידער (אין צענטער), בנימין פאָדבעלעוויטש, קרעמער א. א.

# אָרג. פון לאָמזשער און אומגעגנט אין אַרגענטינע

**(BARTOLOME MITRE 4467-63, BUENOS-AIRES)**

די אָרגאַניזאַציע „לאַנדסלייט-פאַראיין פון לאָמזשע, זעמבראָווע און אומגעגנט" אין אַרגענטינע, שטעלט מיט זיך פאָר אַ מוסטערהאַפטע אָרגאַניזאַציע. אַ סך לאָמזשער און פון איר סביבה האָבן דאָ עמיגרירט. איינזאַמע זיינען זיי געווען ביים אָנקומען, אין קעגנזאַץ צו די עמיגראַנטן קיין אַמעריקע, וואָס פלעגן פאָרן מיינסטנס צו קרובים און פלעגן באַקומען שטיצע פון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי „האַיאַס". די עמיגראַציע קיין אַרגענטינע איז געווען אין גאַנצן פריי און ס'האָט זיך נישט געפאָדערט קיין אַרויספאָדערונג-פאַפירן פון קרובים און קיין אויפזיכט פון וועמען ס'איז איבערן אימיגראַנט, אָדער גאַראַנטיעס אַז דער עמיגרנט וועט נישט פאַלן צו לאַסט אויף דער געזעלשאַפט. פון אָנהייב האָבן די איינגעוואַנדערטע דאָ געפילט זיך פרעמד, איינזאַם צווישן די פילע אימיגראַנטן פון פאַרשיידענע אַנדערע פעלקער.



משה לייב ווישניא (פון גאַטש)

אָבער ווען די צאָל לאָמזשער איז שטאַרק געוואַקסן האָבן זיי נישט גערוט ביז זיי האָבן זיך געשאַפן אַ משפחה-סביבה, אַ צענטער פאַר צונויפטרעפן זיך, פאַר קעגנזייטיקער הילף, פאַר הילף צו ברידער אין אייראָפּע, פאַר קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — און אַלץ אין דער אייגענער מוטער-שפּראַך. און אַזוי ווי לאָמזשע איז געווען אַ מעטראָפּאָליע פאַר אירע ישובים אַרום, אַזוי האָט דער „לאַנדסלייט-פאַראיין פון לאָמזשע, זעמבראָווע און אומגעגענט" געדינט ווי אַ צענטער פאַר איינגעוואַנדערטע פון זעמבראָוו, גאַטש, גאָווואָראָוואַ, וויזנאַ, יעדוואַבנע, מישיניץ, נאָוואָגראָד, סטאַוויסט, טשיזשעוו, טשערוואָני-באָר, ראַדזילאָוואַ, רוטקי, שניאַדאָוואַ, שצוצין אאַז"וו.

ווי איבעראַל, אַזוי אויך דאָ, האָבן זיך אייניקע מיט-גלידער אויסגעטיילט און אַרויסגעוויזן מער אַקטיוויטעט אין אַליין טאָן, און צוציען און באַווירקן אַנדערע צו זיין טעטיק. דאָס זיינען די ה"ה: רודניק ח. י., גאָלדוואַסער, בועז כמיעל און מ. ל. ווישניאַ, יהושע וורוֹנאַ, דוד דאַמאָוויץ און חיים וואָלאָווסקי, מאַרקוס בערנשטיין, שלום מארציק, דזיווקאַ און לעווינסקי, בלייוויס, די ברידער וויניצקי און קרולעוועצקי, קוראָפּאַטאָוואַ און ציוואַן, פּיאַנקאַ און רו-בינשטיין, קאַמינסקי און אַראָנאָוויץ, מלינאַרסקי, יוסף רויזען און אַ סך אַנדערע גוטע, ערלעכע איבערגעגעבענע מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער וואַרעמע געפילן פון ליבשאַפט צו זייערע געבורטס-שטעטלעך, און האָבן געשטרעבט אָט די וואַרעמקייט אויפצוהאַלטן.

### 25 יאָר „לאַנדסלייט פאַראיין פון לאָמזשע, זעמבראָווע און אומגעגנט"

(לויטן באַריכט פון יהושע וורוֹנאַ און משה לייב ווישניאַ)

אַזוי ווי אַנדערע עמיגראַציע לענדער האָט אַרגענטינע אַריינגענומען אַ היפּשע צאָל אידן פון לאָמזשע און איר סביבה. קומענדיק אַליין אָן קרובים-אויפזיכט, האָבן זיי זיך געמוזט ווענדן נאָך הילף, ווען זיי האָבן זיך אין דעם געניטיקט, צו „הכנסת אורחים", „שוך-פאַראיין פאַר עמי-גראַנטן" א. אַ. די לאָמזשער פלעגן זיך צייטנווייז טרעפן אין הויז פון משה לייב קאַמינסקי, אַ לאָמזשער, וואָס האָט גע-וואוינט אין אַרגענטינע העכער פופציק יאָר, און זיין הויז איז געווען אַ קלוב פאַר איינגעזעסענע און ניי-געקומענע ביז ס'איז געקומען אַ צופאַל און ס'איז אַנטשטאַנען די אָר-גאַניזאַציע פון לאָמזשער, און אָט וואָס ס'האָט פאַסירט.

ס'איז געשטאָרבן אַ לאָמזשער, זדראָיעווסקי, און מען האָט געדאַרפט אויפפאַסן אויף דער עלנטער משפחה. אַ גרופּע חברים: יעקב מלינאַרסקי, נחום גאָלדבערג, מ. רובינשטיין, שטשאַלקע, האָלאַנד, יצחק זימנאָוויץ און חיים ווישניאַ האָבן דורכגעפירט צווישן זיך אַ זאַמלונג, הילף פאַר דער משפחה. אָט די גרופּע האָט שוין נישט גערוט ביז זי האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון לאָמזשער. אויגוסט דעם 22טן, 1926 האָבן זיי גערופן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמ-לונג מיט דער באַטייליגונג פון: ניסקע אַראַנאָוויץ, מאַרקוס בערענשטיין, שלום מאַרטשיק, יעקב מלינאַרסקי, עזריאל סוכערעוויץ, נחום גאָלדבערג, שטשאַלקי, האָלאַנד, יצחק און נאָטע לעוו, משה טשערוואָנקי, כמעלעווסקי, בענדעט נאָזשיק, יצחק און נאַטאַליאַ פּיאַנקאַ, חיים און פסח בודניעווסקי, ליאָן קאַגאַנאָוויץ, ח. ל. לעווינסקי, לייבל זאַלצמאַן און אַלתר בלאָמבערג.

צום ערשטן קאָמיטעט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די חברים: בערענשטיין, מאַרטשיק, סוכאָרעוויץ, מלינאַרסקי, מאַקס און משה רובינשטיין, גאָלדבערג, נאָזשיק, בערל פרידמאַן און מאַנעס סטאָליאַרסקי. די צאָל חברים איז גע-וואַקסן. אויף דער ערשטער זיצונג זיינען באַשטעטיקט גע-וואָרן 42 נייע חברים. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גערופן „הילפס-קאָמיטעט פאַר לאָמזשער און אומגעגנט". די הויפּט-אַרבעט פון קאָמיטעט איז טאַקע באַשטאַנען אין הילף צו אימיגראַנטן, אַרבעטסלאָזע און קראַנקע. די זיצונגען זיינען פאָרגעקומען: אין הויז פון דערמאָנטן ה' קאַמינסקי; אין הויז פון ניסקע אַראַנאָוויץ מיטן צונאָמען „דער פעטער", ווייל ער איז געווען ליבלעך צו יעדן לאָמזשער; ביי יעקב גרינוואַלד; און מער מאָל ביי פרוי חיה-ליבע פּיאַנקאַ, וועלכע איז געווען אַ מאַמע צו יעדן נויטבאַדערפטיקן אימי-גראַנט פון לאָמזשע. זי האָט פאָרגעזעצט די גוטע מידות פון איר פאָטער, יעקב-הערש דער פאַרבער, פאָלקס-עסקן אין לאָמזשע. אַ דאַנק אירע אָנגעזעענע נדבות איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער הילפס-פאָנד.

אין יאָר 1928 איז די צאָל חברים פון דער אָרגאַניזאַציע געווען 80; אין יאָר 1930 — 100. די אַקטיוויטעטן פאַרן



פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון לאָמזשער לאַנדסלייט און אומגעגנט אין אַרגענטינע.

שטייענדיק (רעכטס): י. ש. שקלארסקי, ל. וואדקאווסקי, ח. סלאדאוויץ, ח. קאצאנעק, ה. קוראפאטווא, ד. ציוואן, ה. בורשטיין, ה. באצאן, ז. ראַטבערג. זיצנדיק: ז. אפעלבוים, ה. לעווינסקי, ח. וויניצקי, ב. כמעל, ח. י. רודניק, ש. נאדווארני, ב. ניקס, בראַנשטיין.

פאָנד האָבן זיך פאַרשטאַרקט אין פראָפּאָרץ צו דער פאַרמערונג פון נויט און פאַרלאַנגען נאָך הילף. אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק האָט געמאַכט אויף די חברים די ידיעה, אַז אַ לאָמזשער, ה׳ בערקאָוויץ, איז געשטאָרבן איינזאַם און באַערדיקט געוואָרן אויף אַ קריסטלעכן צמענטאַר. לאָמזשער האָבן אויפגעציטערט און זיך נישט באַרואיקט ביז זיי האָבן אַריבערגעפירט זיין קערפּער און מקבר געווען אויף אַ אידישן בית־עולם און געשטעלט אַ מצבה אויפן קבר.

מיט דער צייט איז די אַרבעט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און די התלהבות אָפּגעקילט געוואָרן, הגם די הילף האָט נישט אויפגעהערט און איז געגעבן געוואָרן צו יעדן נויטבאַדערפטיקן, וואָס האָט נאָר געפאָדערט. פעברואַר דעם 13טן 1937, אין דעם 11טן יאָר פון דער אָרגאַניזאַציע־עקזיסטענץ, האָבן זיך באַנייט די טעטיקייטן. עס איז דאַן אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע טיכטיקע פאַרוואַלטונג פון פאָלגענדע חברים: רודניק (קאַסירער), בלאָמבערג, ז. צערוואָנקאַ (סעקרעטאַר), ל. קריסטאָל, סיוויק קאַן, מ. ל. ווישניאַ, י. מלינאַרסקי, ז. נילאָוויצקי און בערענשטיין.

אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין חודש אויגוסט פון זעלבן יאָר איז באַשלאָסן געוואָרן אַ נאָמען צו געבן די אָרגאַניזאַציע: „לאָמזשער לאַנדסלייט און אומגעגנט“. אַלס פאָרזיצער איז דערוויילט געוואָרן ה׳ מרדכי גאָלדוואַסער; הערש קוראָפּאַטוואַ — געהילף; מ. ל. ווישניאַ — סעקרעטאַר; זאַלצמאַן, מונקאַזש, דוד דאָמאָוויץ, מלינאַרסקי, נאַדוואָרני, דוד ציוואַן. דער נייער קאָמיטעט האָט געזאָרגט צו העלפן די חברים מיינסטנס אין צייט פון קראַנקייט. אויך אַ לייַ־קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן, אין וועמענס אַקטיוויטעטן ה׳ נילאָוויצקי האָט זיך אויסגעצייכנט. דער קאָמיטעט האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „צענטראַלע פאַראייניקונג פון פוילישע אידן“ און אין דעם „פאַרבאַנד פאַר אידישע וועלטלעכע שולן“. דער נייער פאָרזיצער, חיים־יוסף רודניק, גיט אָפּ זיין הויז פאַר די זיצונגען פון דער אָרגאַניזאַציע.

ווען עס קומען אָן טרויעריקע גרוסן פון פוילן, פאַרזאַמלען זיך די לאָמזשער צו באַטראַכטן ווי אַזוי צו העלפן אונזערע ברידער אין לאָמזשע. מ׳שליסט זיך אָן אין אַלגעמיינעם קאָמיטעט פאַר דירעקטע הילף און מ׳אָרגאַניזירט פאַרזאַמלונגען צו שאַפן פאָנדן. אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, וועמענס הכנסה זאָל גיין פאַר דעם צוועק, ווערט געשטעלט. מ׳קומט אין פאַרבינדונג מיטן אַמעריקאַנער „דזשוינט“ און אַנדערע לאָקאַלע קערפּערשאַפטן, סאָציאַלע און קולטורעלע. מ׳שטיצט „ייוואָ“, „איקוף“, מ׳פאַרברייטערט די איד. וועלטלעכע שולן. ס׳ווערט געגרינדעט אַ קאָמיטעט פון חברות אָנגעשלאָסן אין אידישן שפּיטאָל מיט אַן אָפּצאָל פון פופציק פעזאָס פער חודש, צו פאַרזיכערן הילף פאַר יעדן לאָמזשער אין צייט פון אַ קראַנקייט. דאַן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיווקייט: מרדכי גאָלדוואַסער אין דער לייַ־קאַסע; יעקב געבל מיט זיין זון דוד; בלאָמבערג (שפּעטער פאָרזיצער); צערוואָנקי, מאַרקוס בערענשטיין און איבערהויפּט — זיין זון דער דאָקטאָר, וועלכער האָט געהיילט קראַנקע אָן געצאָלט א. נ. אַ.

אין יאָר 1943 איז ווידער געקומען אַ שטילשטאַנד אין דער אָרגאַניזאַציע, נאָך אַדאַנק דעם פאָרזיצער, משה לייב ווישניאַ — וועלכער פלעגט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט זיך ווידמען מיט זיין גאַנצן וועזן אין די אָוונטן צו די טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע — האָבן זיך די חברים ווידער אויפגעוועקט צו מעשים. ס׳איז געשיקט געוואָרן צו לאָמזשער געראַטעוועטע פון אומקום 6000 פעזאָס; מ׳האָט זיך באַטייליקט אין דער ליגע צו קעמפן קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און קאַמפּיין צו העלפן די געליטענע פון ערדציטערניש אין סאַן כואַן.

אין יאָר 1945 איז דורכן פאָרזיצער ה׳ רובינשטיין איינגעאָרדנט געוואָרן דער „יוגנט צענטער“ ביי דער לאָמזשער אָרגאַניזאַציע. ס׳זיינען געשיקט געוואָרן 4000 פעזאָס, צו לאָמזשער פּליטים דורכן „דזשוינט“ אַלס די ערשטע ראַטע פון די 20,000 פעזאָס, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן



באַרימטער מאָלער משה רובינשטיין
ער האָט געצייכנט „די שול אין פלאָמען" א. א. (זע זייט 202)

צו זאַמלען פאַר דעם צוועק. ס'ווערן פאַרגעזעצש די פריי־ער דערמאָנטע אַקטיוויטעטן. ס'זיינען געשיקט געוואָרן 10 קאַסטנס מיט קליידער פאַר לאָמזשער פליטים אין ווערט פון 10,000 פעזאָס.

אין יאָר 1947, פסח־צייט איז געגרינדעט געוואָרן אַ פרויען קאָמיטעט פון לאָמזשער פרויען. מ'אָרדנט איין אַ „דריטן סדר", וואָס ברענגט אַריין אַ הכנסה פון 1200 פעזאָס. דאָס האָט מען באַשטימט פאַרן צוועק פון אויפשטעלן אַ מצבה נאָך די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ. דער קאָמי־טעט איז באַשטאַנען פון די פרויען: ראָזאַ מאַנקאַזש, א. דונאָוויץ, מאַטל שאַרפמאַן, אידאַ לעווינסקאַ, שיינע מלי־נאַרציק, אסתר רודניק, אירענאַ כמעלעווסקאַ, פליסאַ און חנה שוואַרצבאַרד.

אַזוי ווי די צאָל פון זאַמבראָווער אין דער אָרגאַניזאַציע איז געשטיגן, האָט מען באַשלאָסן צו רופן די קערפּער־שאַפט: „די אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער און זאַמבראָווער". די נעמען פון אַלע אַנדערע שטעטלעך אַנגעשלאָסענע אין דער אָרגאַניזאַציע זאָלן נאָר פיגורירן אויף די בריוו און מעלדונגען פון דער אָרגאַניזאַציע.

דעם 14טן מאַי 1947 איז פייערלעך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַן אייגענע הויז פאַר דער אָרגאַניזאַציע. דער באַ־שלוס איז געווען אַ געוואַגטער, אָבער די חברים האָבן אים אָנגענומען מיט התלהבות. אויף אַ צוזאַמענקונפט אין הויז פון ה' לייבל לעווינסקי, איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן די ערשטע 5000 פעזאָס. צוויי חברים האָבן בייגעשטייערט פאַר דעם צוועק גרעסערע סומען אויפן נאָמען פון זייערע ניי־געבוירענע קינדער (דזשאַוויקאַ און הערשל לעווינסקי). די זאַמבראָווער האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרעסערע מאָס התלהבות, ווייל זיי האָבן באַטראַכט דאָס ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע־הויז ווי אַ פאַרזעצונג פון זייער באַליבט שטעטל זאַמ־בראָווו, וואָס איז חרוב געוואָרן. נאָך אַ סך באַמיאונגען איז דאָס הויז געקויפט געוואָרן אויף באַרטאָלאָמאַ־מיטראַ גאַס, נומער 63־4467, אין בוענאָס איירעס, פאַר דער סומע פון 68,000 פעזאָס.

אין יענער צייט איז אויך פאַרגעזעצט געוואָרן דאָס שיקן פעקלעך צו לאָמזשער פליטים אין אייראָפּע. צו די וועלכע האָבן באַשלאָסן צו עמיגרירן קיין אַרגענטינע זיינען געשיקט געוואָרן שיפס־קאַרטן. דאָס גלייכן זיינען געשיקט געוואָרן פעקלעך און געלט צו לאָמזשער אויפן אינזל ציפּערן. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר קולטור טעטיקייטן אונטער דער פירערשאַפט פון ה' בועז כמעל מיט דער באַטייליקונג פון: יוסף רויזען, בלייוויס, וואַר־זשבאַ, ח. וואָלאָווסקי, צאַרני, פיאַנקאַ, באַטשאַן, וורענאַ.



מיטגלידער פון דער יובילעאום־אויסגאַבע „די שטימע" צום 25־יאָריקן יובל פון לאָמזשער, זאַמבראָווער און אַנדערע שטעטלעך אַרום אין אַרגענטינע.
רעכטס: משה לייב ווישניאַ, בועז כמיעל און יהושע ווראָנאַ

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרעפנטלעכן אַ זאַמל־בוך „לאָמזשער שטימע" לכבוד דעם חנוכת הבית. אין נאָוועמ־בער דעם 30טן, 1947 איז געפייערט געוואָרן דער חנוכת הבית, און דאָס דערשיינען פון „לאָמזשער שטימע". עס איז דאַן פייערלעך דערקלערט געוואָרן די ליבשאַפט און שטי־צע צו מדינת ישראל אין איר באַפרייאונגס־מלחמה. ה' דוד ציוואַן האָט צונויפגעקליבן אַ גרויסע סומע געלט פאַר דעם צוועק.

אין יאָר 1948 איז געשיקט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון לאָמזשער און זאַמבראָווער צו דער אויפדעקונג פון דענק־



צוזאַמענקונפט אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, לכבוד דעם דערשיינען פון דער אויסגאַבע „לאָמזשער שטימע" (22טן נאָוועמבער, 1947).

מאָל נאָך די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ. מיט גרויס פּאַראַד איז געפייערט געוואָרן דער יאָר־טאָג פון מדינת ישראל אויפקום. די יוגנט האָט דאַן מיט התלהבות באַשלאָסן צו שיקן אַן אַמבולאַנס פאַרן רויטן מגן דוד אין מדינת ישראל און ה׳ חיים וויניק האָט אויפן אָרט געגעבן 1000 פעזאָס פאַר דעם צוועק. דער אַמבולאַנס איז אָנגעקומען קיין ישראל ערב חנוכה תש״י. די אָרגאַניזאַציע האָט דערהאַלטן פון רויטן מגן דוד אין ישראל אַ בריוו פון דאַנק און טיפער אָנערקענונג (דעצעמבער דעם 11טן, 1949), מיט אַ מעלדונג, אַז דער אַמבולאַנס גייט גלייך אַריין אין פּראַקטיק.

אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, פעברואַר 1949, איז באַשלאָסן געוואָרן צו געבן דעם חבר ח. י. רודניק דעם טיטול „ערן פאָרזיצער". מיט גרויס באַגייסטערונג איז געגרינדעט געוואָרן „אַ דראַמאַטישער ווינקל" מיט דער באַטייליקונג פון ה׳ ח. וואָלאָווסקי. ה׳ ח. י. רודניק האָט געשאָנקען די הוצאות פון דער בינע און פרוי גאָלדוואַסער — אַן אַרטיסטיש אויסגעניייטן פאָרהאַנג. אין חודש יולי 1949 איז געעפנט געוואָרן אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו. ס׳זיינען געגרינדעט געוואָרן אָוונט־קורסן, פאַרפאָלקאָמונגס־קורסן אאַז״וו.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן צוגרייטונגען צו דער 25טער יובל־פייערונג פון דער אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט פון וויש־ניאַ־וורואָנאַ. דאָס האָט געזאָלט פאָרקומען מיט גרויס שמחה און פאַראַד אין ווינטער פון 1951. עס זיינען געשיקט געוואָרן יום־טובדיקע פעקלעך צום לאָמזשער־פאַרבאַנד אין ישראל, וועלכע זיינען אויסגענוצט געוואָרן אויף דער ספּעציעלער פייערונג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דעם, און לכבוד דעם 25טן יאָר זינט דאָס אָנקומען פון ערשטן „חלוץ" פון לאָמזשע אין ישראל — היינט דער הויפּט־אַקטיאָר פון טעאַטער „אהל", מאיר מאַרגאָליס. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַרן יזכור־בוך, וואָס מען גרייט צו אין ישראל און מען האָט אָנגעהויבן צו קלייבן געלט פאַר דעם צוועק. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו דערוויילן דעם טרייען עסקן מ. ל. ווישניאַ אַלס חבר פון ערן־קאָמיטעט פאַר דער אויסגאַבע פון יענעם בוך. לכבוד דעם 25טן יובל פון דער אָרגאַניזאַציע איז דערשינען אַן אינטערעסאַנט זאַמל־בוך „די שטימע", אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַ סך אַרטיקלען וועגן דער אַנטשטייאונג און די טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע; ליטעראַרישע שאַפונגען פון לאָמזשער; אַ סך בילדער און באַגריסונגען.

## לאָמזשער פרויען־קאָמיטעט

פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ האָט ער אָנגעפירט מיט די פאָלגנדע טעטיקייטן: אויסטיילן הילף צו פּליטים; אָרדענען דאָס שיקן פון פּאַקעטן צו נויטבאַדערפטיקע; אויפּפּאַסן אויף דעם הויז פון דער אָרגאַניזאַציע, האַלטן אָרדענונג און ריינקייט אינעווייניק; איינאָרדענען די פייערונגען און צוזאַמענקונפטן; אינטימע פאַרוויילונגען; דעם „דריטן סדר", וועמענס הכנסה גייט פאַר צוועקן פון קולטור און הילף; דורכפירן רעפעראַטן אויף דערציאונגס־טעמעס, איינאָרדענען לייען־קרייזן אין דער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון ש. דובנאָוו; דערמוטיקן משפחה־אָדער־פריינטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען צווישן די חברים.

די פאָלגענדע זיינען געווען די אַקטיווע חברות: באַשע פוקס (פאָרזיצערין), שיינע מלינאַרסקי, רחל וורואָנאַ, לאה קאַצאַנעק, פייגל לעוו, חנצע דזשיוואָקאַ, ביילע מאָדזעלעוויץ, פייגל פרידמאַן, ציוויע מלינאַרסקי, חאַסע דאַמאָוויץ, ביילקע סלאָדאָוויץ, רבקה גילאָדע, רחל חן, שיינדל בראַנדבערג, מיכלע קאַנדל און פרוי אַרנסאָן.

## לאָמזשער יוגנט־צענטער

דער לאָמזשער יוגנט־צענטער, איז געגרינדעט געוואָרן אין נאָוועמבער 1948. דאָס איז געווען די שיינע מתנה, וואָס די חברים האָבן געשענקט פאַר דער אָרגאַניזאַציע —זייערע זין און טעכטער. דער „צענטער" איז אַנטשטאַנען אַלס רעזולטאַט פון דער באַוועגונג צווישן דער יוגנט צו העלפען מדינת ישראל דורך שיקן געווער, שפּייז און וואָלונטירן צו קעמפען אין דער באַפרייאונג־מלחמה. די יוגנט פון די לאָמזשער־געבוירענע אין אַרגענטינע — האָבן גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם אַלעם. זייער בייטראָג צום קאַמפּיין פאַרן אַמבולאַנס פאַרן „רויטן מגן דוד" אין ישראל, איז געווען גרויס. זיי האָבן אויך געגרינדעט אָוונט־קורסן פאַר אידיש און אידישע ליטעראַטור. די יוגנט איז אויך געווען אַקטיוו אין דער פאַרגרעסערונג פון דער ביבליאָטעק, און אין יום־טוב׳דיקע צוזאַמענקונפטן. די מער אַקטיווע חברים זיינען געווען: דוד געבל (פאָרזיצער), דוד וויניצקי (סעקרעטאַר), אידאַ מאַכרון, ח. סוכאָרעוויץ, א. קוראָפּאַטוואַ, מ. כץ, א. געבל, שאול וואַסערמאַן, ט. וויניצקי, נ. רובינשטיין, מ. קוראָפּאַטוואַ, ד. בורשטין, ב. מלינאַרסקי, י. שלאָסקי, מ. פערלשטיין, ק. בוראַק א. אַ. דער יוגנט־צענטער האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך ביי אַ צוויי הונדערט יונגוואַרג, לאָמזשער און אַ „קאַדעטן גרופּע" פון פּופּציק מאַן.

## די לייַ־קאַסע

די לייַ־קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1938. פון אָנהויב קליין. ס׳זיינען געגעבן געוואָרן הלוואות ביז 250 פעזאָס. ביסלעכווייז איז די קאַסע פאַרגרעסערט געוואָרן. די צאָל פון די מיטגלידער־אַקציע־אייגענטימער איז געוואַקסן. דער לייַ־פאָנד איז געוואָרן גרויס און די לייַ־קאַסע איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דעם רעגירונגס־אויפזעער־אַמט. אין יאָר 1951 איז די לייַ־קאַסע געוואָרן אַ נאָרמאַל־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וועלכע איז געווען אָפן טעגלעך. זי פלעגט אָננעמען דעפּאָזיטן פון די חברים, פלעגט אויספירן אַלע אַנדערע באַנק־טראַנזאַקציעס און דערמעגלעכט יעדן חבר צו באַקומען אַן אָנלייַע אונטער לייכטע באַדינגונגען ביז 1600 פעזאָס און מערער.

## ש. דובנאָוו־ביבליאָטעק

די ש. דובנאָוו־ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן מיט גרויס פייערלעכקייט דעם 25טן יולי 1949. די אָרגאַניזאַציע איז פאַרגרעסערט געוואָרן, אַריינגעמענדיק קולטורעלע און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. אַרום דער ביבליאָטעק האָבן זיך גרופּירט יוגנט־קרייזן, צו הערן רעפעראַטן, שמועסן, לייענען ביכער, אויסטוישן מיינונגען און נאָך אַנדערע קולטורעלע טעטיקייטן. די צאָל פון די ביכער איז געוואַקסן גלייכצייטיק מיט דער צאָל לייענער. כדי צו דערנענטערן דער יוגנט זיינען איינגעשאַפט געוואָרן אַ סך וויכטיקע ביכער אין דער לאַנדס־שפּראַך.

▼

מ. ווייס

# פלאַמיקע אותיות...

(איינדרוקן פון אַ באַזוך אין בוענאָס איירעס, יולי, 1952)

ס׳איז דאָ נאָך פאַרוואָרפענע אידישע שטעטלעך
אין וועלכע עס רויכערט נאָך, צאַנקט אונזער ליכט;
וואו גאָט האָט אַ גליענדע קויל נאָך געלאָזן
וואָס גליט דורך דעם אַש, וואָס באַדעקט איר געדיכט...
ח. נ. ביאליק („המתמיד״)

ווען מ׳פאַרטראַכט זיך אויף דער גרויסער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע וואָס האָט געטראָפן דאָס וועלט־אידנטום; ווען מ׳טראַכט וועגן דעם פאַרלוסט פון אַ דריטל פון אידישן פאָלק מיט זיינע איינגעבירגערטע טראַדיציעס, לעבנס־שטייגער, קולטור — ווילט זיך קוים גלויבן, אַז דאָס איז געשען אינגאַנצן מיט בערך 16 יאָר צוריק.

אין דער ווייטער נאָסטאַלגיע דערוועקט זיך ביי יעדן איינעם פון אונז די נאַטירלעכע בענקשאַפט נאָך אַלץ וואָס איז געווען אין דער אַלטער היים; נאָך דעם טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער אין די אַלטע איינגעפונדעוועטע און איינגעזעסענע ישובים, וואָס דאָס פוילישע אידנטום האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט, די פולבלוטיקע קאָנצענטראַציע פון פאָלקסטימלעכער אידישער ענערגיע, מיט אירע קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס.

ס׳ווילט זיך טרעפן מיט פריינט, באַקאַנטע, חברים, לאַנדסלייט, אָפּפרישן אַלט־יונגע זכרונות פון נאָענטן אַמאָל.

ס׳איז דעריבער קיין וואונדער נישט ווען פאַר אַ מענטשן וואָס ס׳קומט אויס אַמאָל זיך אַרויסצורייסן און צייטנווייז מאַכן אַ שטיקל רייזע מחוץ די גרעניצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן — איז נאַטירלעך צו זוכן אין די פאַרשידענע לענדער, שטעט אין אויסלאַנד — פריינט פון דער אַלטער היים.

די גרויסע מאַסן־עמיגראַציע פון די צוואַנציקער יאָרן האָט איינגעשלונגען אויך פיל לאָמזשער אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט, איינשליסנדיק מדינת ישראל.

לאָמזשער אין קליינע צאָלן געפינט מען אין קובאַ, אַ גרעסערע צאָל אין מעקסיקע און אורוגווייי, אָבער זייער צאָל דערמעגלעכט נישט קיין שום פאָרם פון אָרגאַניזאַציע לויטן באַקאַנטן לאַנדסמאַנשאַפט־שטייגער, געוויס נישט לויט דעם גוט־באַקאַנטן אַמעריקאַנער שטייגער.

דאָס איינציקע לאַנד וואו לאָמזשער בילדן אַ יש, אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, איז אין דער ווייטער אַרגענטינע — אין בוענאָס איירעס. ס׳איז דעריבער געווען אַן אָנגענעמע איבעראַשונג פאַר מיר ווען כ׳האָב באַזוכט אַרגענטינע, זיך צוזאַמענצוטרעפן מיט די לאָמזשער דאָרטן אין זייער אייגענער היים. ס׳איז איינע פון די איבערלעבונגען, וואָס בלייבן לאַנג איינגעקריצט אין זכרון.

לויט דער טראַדיציאָנעלער לאַטיין־אַמעריקאַנער גאַסטפריינטלעכקייט ווערט אויף שנעל אָרגאַניזירט אַ גרויסער צוזאַמענקום פון לאָמזשער לאַנדסלייט, וועלכע קומען פון אַלע עקן פון דער גרויסער שטאָט, אָפּצונעמען אַ גרוס, פרעגן, ווילן וויסן פון נאָענטע און ווייטע, פון פריינט, באַקאַנטע און משפחה. הונדערטער מענער, פרויען און זייערע קינדער שטראָמען צום זאַל.

איך לאָז זיך גיין צום פאַראיין. אין אַ זייטיק, טונקל געסל, שטייט די געביידע „לאָמזשער פאַראיין״. אינעווייניק: גרויסע, דעקאָרירטע זאַלן, צימערן און צימערלעך. אָט איז אַ צימער וואו יוגנט שפּילט טומלדיק פינג־פּאָנג, שאַך. אָט איז די אידישע ביבליאָטעק, וואו מ׳נעמט ביכער צום לייענען. אַ קליינער צימער, איבערגעצאַמט — דאָס איז די באַנק, די גמילות חסדים קאַסע, וואו ביי די פענסטערלעך שטייען רייען מענטשן — ווער נאָך אַ הלואה, ווער אָפּצוצאָלן אַ פּאָר פּעזעס אויף דער קאָנטאָ.

ס׳איז רעש׳דיק, טומלדיק, פונקט ווי אַמאָל אין די אָוונטן אין די לאָמזשער פאַראיין. מען פירט מיך אַריין אין גרויסן זאַל — אין אוידיטאָריום, וואו דער עולם זיצט שוין ביי געדעקטע טישן מקבל פנים זיין דעם גאַסט.

גייסט אַריין — און בלייבסט שטיין פאַרשטיינערט, עלעקטריזירט, קענסט ווייטער ווי די שוועל נישט גיין; דאָס האַרץ ציטערט, די פיס ברעכן זיך אונטער, פילסט זיך ווי פאַראַליזירט. איבער דער בינע, אויף דער מזרח־וואַנט, אַ גרויסע מאָלעריי. די גאַנצע לענג פון דער וואַנט — די לאָמזשער שול אין פלאַמען: ציגל פאַלן, לאַנגע צונגען פון פייער און קנוילן פון רויך זעצן פון אינעווייניק צום הימל אַרויף — די שול ברענט!

און איבער דער מאָלעריי אַן אויפשריפט:

זכור את אשר עשה לך עמלק... וואָס מער קען מען זאָגן?

און אין אַ זייט, לינקס, ברענט דער נר תמיד — דער סימבאָל פון דער צייט, פון אייביקן יאָרצייט, אבלות און טרויער.

פאַרגליווערט בלייבט מען שטיין — און די פנימער אַרום זאָגן אַזוי פיל, אַזוי פיל...

פילסט אַז דו ביסט אין לאָמזשע, אויף לאָמזשער באָדן, אויף לאָמזשער טעריטאָריע, אין דער לאָמזשער קהלה. מאַכסט מיטאַמאָל מיט אַלץ וואָס ס׳האָט ביז נישט לאַנג צוריק געלעבט און היינט איז דאָס פאַרשניטן.

אין דער שטימונג פאַנגט מען אָן דעם מיטינג. אָט רעדט דוד דאַמאָוויטש, פאַרעלטערט, דערשלאָגן, קען נישט איינהאַלטן זיין עמאָציע, צעוויינט זיך אינמיטן, טרערן שטיקן...

אָט איז טשערוואָנקע מיט זיין פרוי, די אייביק לוסטיקע, פריילעכע טשיפקע (קרישטאַל).

און חיים וואָלאָווסקי, דער אונז אַזוי גוט באַקאַנטער גוטער ברודער, אינטימער חבר און פידל־קינסטלער, מיט אַ וואונק אויף דער מאָלעריי:

זכור!

געדענק!

אַזוי דערמאָנען מיר זיך אַליין, אַזוי זאָלן אונזערע קינדער געדענקען.

נישט פאַרגעסן!

געדענקען!! געדענקען!!!

מ׳וויל וויסן וועגן גאַנג פון פנקס, מ׳וויל אים שוין זען, מ׳וויל אים שוין האָבן, טייער האַלטן, זוכן, נישטערן אין די בלעטער אַלץ, אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט לאָמזשע... מיט דער היים... מ׳איז דאָך דאָ אַזוי עלנט...

פלוצלינג אַ רעש, אַ טומל, אַ געפילדער, הערצער ציטערן, מיילער שעפטשען: פּאָליציי!!!

פעראָנס פּאָליציי! פאַשיסטישע פּאָליציי!

אויספאָרשונג! יאָ געמאָלדן וועגן דער פאַרזאַמלונג, נישט געמאָלדן, יאָ געקראָגן אַ דערלויבעניש, נישט געקראָגן, זוויפּקלערונגען...

פּאָליציי, געקליידט אין נאַצי־אוניפאָרמען, גיט אַ באַפעל:

צעטרייבן די פאַרזאַמלונג! אַרעסטירן די פאַרזאַמלטע!

אויפן וועג צו דער פּאָליציי־סטאַנציע — אין קאָפּ שווינדלט, דו דערפילסט די אַסאָסיאַציע פון דער מאָלעריי:

זכור את אשר עשה לך עמלק...

דאָרטן אין לאָמזשע!

דאָ אין בוענאָס־איירעס!

אַ פאַרשטערטע שמחה.

הרב שלמה רוצקי

# לאָמזשער אין אויסטראַליע

הרב שלמה רוצקי איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע, געלערנט אין לאָמזשער ישיבה. ער איז דער גייסטיקער נערוו פון די לאָמזשער לאַנדסלייט אין אויסטראַליע, זייער אָנגעזען אין דער דאָרטיקער קהילה; אָנפירער פון די לערן־אנשטאַלטן ת״ת און „השכלה״. ער איז געוואָרן פּאָפּולער דורך זיין בוך „פון אַלטן קוואַל״ — אַ זאַ‍‍מלונג פון ווערטלעך פון חז״ל.

צדקה עשה הקב״ה עם ישראל שפזרן לבין האומות. (פּסחים פ״ז) — „דער אויבערשטער האָט געטאָן אַ טובה די אידן, וואָס ער האָט זיי צעשפּרייט צווישן די פעלקער״. דאָס



הרב שלמה רוצקי

איז מקויים געוואָרן אויך מיט לאָמזשער, וועלכע זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבער גאָר דער וועלט, אַוש אין דער ווייטער אויסטראַליע, און אַזוי אַרום איז אַ צאָל פון זיי, אַרום פופציק משפּחות, געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום.

דער ערשטער לאָמזשער צו קומען קיין אויסטראַליע, איז געווען רבי בנימין בן אהרן הכהן, פון פאַך אַ זייגערמאַכער. דאָס איז געווען אין 19טן יאָרהונדערט. ער איז געקומען דורך ענגלאַנד, צו די גאָלד־גרובן. ער איז דאַן אַלט־געווען אַכצן יאָר. ער האָט זיך באַזעצט אין מעלבורן, און געפירט אַן אידיש־פרומען לעבנס־שטייגער. ער האָט געגרינדעט ביי זיך אַ „מנין״, וואו ער האָט געדינט אַלס חזן און שמש. ער האָט אַזוי אַרום צופרידנגעשטעלט זיין באַגער פאַר חזנות. זיין זון אהרן הכהן איז געווען אַ נדבן און אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער אין מעלבורן.

אַרום פופציק לאָמזשער משפּחות האָבן זיך באַזעצט אין מעלבורן, פינף — אין סידנעי און נאָך פינף — אין אַנדערע שטעט. כמעט אַלע זיינען כלי־קודש. דעם אָנגעזעענסטן אָרט אין אידישן ישוב פון גאַנץ אויסטראַליע האָט פאַרנומען דר. אהרן פּאַטקין ז״ל, וועלכער איז געשטאָרבן פּלוצלינג אין יאָר 1950 אין רעכטן מיטן פון זיינע פרוכטבאַרע טעטיקייטן אויפן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן געביט. אַלע פון אידישן ישוב אין אויסטראַליע האָבן אים שטאַרק געאַכטעט און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. פּאַטקין האָט געלערנט אין לאָמזשע אייניקע יאָר, און איז דאָרטן געווען אַקטיוו ביי דער אַנטשטייאונג פון דער ציוניסטישער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג (מערער וועגן אים, אין אָפּטיילונג „פּאַדטייען אין לאָמזשע״).

אין יאָר 1927 איז פון ארץ ישראל געקומען קיין אויסטראַליע, משה פּאַטקין. פון אָנהויב איז ער געווען באַשעפטיקט ביי בוי־אַרבעט און אַנדערע באַשעפטיקונגען. אין קורצן האָט ער געעפנט אַ פאַבריק פון גומי, וועלכע איז מיט דער צייט געוואָרן די גרעסטע און אַמיינסטן באַוואוסטע אין אויסטראַליע און אין אַנדערע לענדער. משה פּאַטקין איז געוואָרן טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן מיט איבערגעגעבנקייט. נאָך אַקטיווע טוער אין דער איד. געזעלשאַפט אין אויסטראַליע זיינען געווען שמואל־אליעזר מילער (מלינאַרזשעוויטש) און זיין פרוי פייגע. זיי זיינען געקומען אין יאָר 1934. זייער הויז איז געווען אַזוי ווי אַ קלוב פאַר לאָמזשער, פאַר די אַלט־געזעסענע, אַזוי גוט ווי פאַר די ניי־איינגעוואַנדערטע.

אין יאָר 1937, אין דער צייט פון דער שטאַרקער עמיגראַציע קיין אויסטראַליע, זיינען אויך לאָמזשער געקומען. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך לאָמזשער פון אויסטראַליע באַטייליקט אין קאַמפן קעגן די נאַציס און זייערע פאַרבינדעטע און איינער פון זיי, נחמיה בן טוביה שיינבערג, איז געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד. ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען די שלעכטע נייעס וועגן פּוילישן אידנטום, האָבן די לאָמזשער זיך אָנגעהויבן אָפטער צו פאַרזאַמלען, זיך צוזאַמענקומען און אויסגעדריקט זייער וואונטש און גרייטקייט צו שיקן הילף צו לאָמזשער איבער דער וועלט.

אין סעפּטעמבער 1941 איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון לאָמזשער אָפּשטאַמיקע אין אויסטראַליע. די חברים פון קאָמיטעט זיינען געווען: הרב ש. רוצקי, זלמן מילער (מלינאַזשעוויטש), משה מילער (מלינאַזשעוויטש), בערל סיקאָנאָוו (צעכאַנאָוויטש), משה פּאַטקין און חיים בערצי שיינבערג. אַזוי ווי די גרענעצן זיינען געעפנט געוואָרן, זיינען די לאָמזשער אין אויסטראַליע געווען פון די ערשטע צו שיקן שטיצע — פעקלעך און געלט צו זייערע מיט־ברידער אומעטום.

ווען דר. אהרן פּאַטקין איז צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל, פול מיט התלהבות פון אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געזען און געהערט, האָט ער גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון לאָמזשער, וואו ער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די לאָמזשער עולים אין ארץ ישראל און וועגן זייער גוטער אַרבעט, צו פאַראייביקן דעם זכר פון לאָמזשער קהלה, אין אַ פּינקס. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר דעם צוועק. אויך געלט איז צוזאַמענגעקליבן געוואָרן. דר. פּאַטקין אַליין האָט זיך געגרייט צו שרייבן זיינע זכרונות פאַר דעם לאָמזשער פּינקס. אָבער זיינע טעטיקייטן פאַרן „פאַראייניקטן איד. אַפּיל״ און די רעפעראַטן איבער זיינע איינדרוקן אין ארץ ישראל, האָבן צוגענומען זיין צייט. ווען ער איז געוואָרן פריי — איז ער פּלוצלינג געשטאָרבן. ער פעלט זייער שטאַרק דעם אידישן ישוב אין אויסטראַליע.

▼

אלתר גאָלאָמבעק

# פאַראיין פון לאָמזשער אין פּאַריז

לאָמזשער און די פון איר סביבה האָבן געוואוינט אין פראַנקרייך נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ צאָל פון זיי האָבן געשטודירט אין דער סאָרבאָנע, אַנדערע האָבן באַזוכט קורסן פון וויסנשאַפט און קונסט. נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין יאָר 1905 האָבן אייניקע רעוואָלוציאָנערן עמיגרירט פון לאָמזשע קיין פּאַריז. פון זיי האָט זיך אַ צאָל צוריקגעקערט קיין לאָמזשע, נאָך דעם ווי ס'איז שטיל געוואָרן אין רוסלאַנד. אַנדערע האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע. פּאַריז האָט מײנסטנס געדינט אַלס ציטווײליקער וואוין־אָרט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אַרום צוויי־צענדליק לאָמזשער עמיגרירט קיין פּאַריז, ס'רוב בעלי־מלאכה'ס: היטל־מאַכער, שניידער, שמוקלער, וועלכע האָבן ביסלעכוויז זיך איינגעאָרדנט און זיך איינגעבירגערט אין דער אידישער געזעלשאַפט. אין יאָר 1911 איז אַ לאָמזשער רב אויפגענומען געוואָרן אין פּאַריז אַלס הויפּט־רב איבער די פאַרשיידענע קהילות. דאָס איז געווען ר' יואל הלוי הערצאָג (געגנויער וועגן אים — אין דער אָפּטיילונג וועגן רבנים). זיין הויז איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר לאָמזשער וואָס האָבן געזוכט הילף, ראַט און אָנווייזונגען. מיט זיין הילף און זיין פרויס מיטהילף האָבן אַ סך לאָמזשער זיך דאָ איינגעאָרדנט ביי אַרבעט און באַקומען דערלויבעניש צו פאַרבלייבן פּערמאַנענט.

לאָמזשער און די פון איר סביבה זיינען דאָ געווען אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די אידישע עמיגראַנטן, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען אינזשעניר ישראל ראקאָווסקי (זון פון ליטעראַט אבא ראקאָווסקי פון זאַמבראָוו); יצחק גראָדזינסקי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן די צייטונג „דער פּאַריזער היינט" (לעצטנס איז ער אין אַמעריקע), טשאַרני־גאָלדזאַק, דער גרינדער פון „אַרבעטער אָרדן", און אַנדערע.

דער פאַראיין פון לאָמזשער איז געגרינדעט געוואָרן אין פּאַריז אין יאָר 1946 פון ה' שמואל טריימאַן, אַ קרוב פון דר. א. גראָסמאַן פון אַמעריקע, וועמען דער לאָמזשער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט האָט באַשטימט זיך צו פאַרבינדן מיט די לאָמזשער אין פראַנקרייך. ער האָט דאָס ערלעך דורכגעפירט. ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט ה' לעווינסקי (זון פון לערער ישראל לעווינסקי), וועלכער האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט צוריקגעקערט פון פינף יאָר דייטשישער געפאַנגענשאַפט, אַלס סאָלדאַט פון דער פראַנצויזישער אַרמיי. צוזאַמען האָבן זיי צונויפגערופן די ערשטע פאַרזאַמלונג פון לאָמזשער, און עס איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון פאַראיין.

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן געוואוינט אין פראַנקרייך, דאָס רוב אין פּאַריז, אַרום זעכציק משפחות געקומענע פון לאָמזשע, אויסער אַ צאָל סטודענטן. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זיינען אַ סך אומגעקומען. די רעשט זיינען צעשפּרייט געוואָרן. די ערשטע אויפגאַבע פון פאַראיין איז דעריבער געווען צונויפצוזאַמלען אַלע לאָמזשער פון פּאַריז און פון אייניקע ווייטע פּלעצער. אין קאָמיטעט זיינען דאַן אַריין: צבי לעווינסקי (פאָרזיצער), שאַרל פרידלענדער (דעם אַלטן חזנ'ס זון), פייגעלע פרידמאַן־אַנדרע (גלעזערס טאָכטער), קאַמינסקי (שניידערס זון), דינה שאַפּיראָ־לאַנדוי (אייניקל פון ר' פסח־איסר מלמד), און נאָך אַנדערע.

לאָמזשער פאַראיין אין פּאַריז האָט זיך געהאַט געשטעלט פאַר זיין ציל: א) צו קאָנצענטרירן אַלע לאָמזשער, וואָס וואוינען אין פראַנקרייך; ב) צו קומען אין פאַרבינדונג מיט אַלע לאָמזשער, וואָס געפינען זיך אין אייראָפּע, די געראַטעוועטע פון אומקום, און געבן זיי מאַטעריעלע און גייסטיקע הילף, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך; ג) העלפן די לאָמזשער אין פראַנקרייך צוריקצוקומען צו אַ נאָרמאַלן לעבן, שאַפן הילף פאַר אלמנות, יתומים, שוואַכע, אַרבעטסלאָזע און דאָקומענטלאָזע.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז דער לאָמזשער פאַראיין האָט דערפילט זיין שווערע אויפגאַבע מיט כבוד. צענדליקער פּליטים זיינען דורכגעפאָרן פּאַריז אויף זייער וועג צו פאַרשיידענע לענדער און אַ צאָל פון זיי האָבן זיך דאָ באַזעצט. אַלע האָבן געקראָגן דורכן פאַראיין די נויטיקע הילף ווי: דירה, אַרבעט, פאַרזאָרגונג מיט נויטיקע דאָקומענטן אאַז"וו. די ביוראָ פון פאַראיין איז געווען דער אַדרעס פאַר יעדן לאָמזשער וואָס האָט דערגרייכט פראַנקרייך. דאָס הויז פון פאַראיין־פאָרזיצער, צבי לעווינסקי, איז געוואָרן אַ מקום מקלט פאַר יעדן לאָמזשער. זיין פרוי, ריימאָנד, האָט אים מיטגעהאָלפן צו טאָן וואָס נאָר מעגלעך צו פאַרגרינגערן די שוועריקייטן פון לאָמזשער פּליטים און עמיגראַנטן.

דאָס הויז פון פרוי פייגעלע פרידמאַן איז געווען אַן אכסניה פאַר אימיגראַנטן פון לאָמזשע און אומגעגנט. זי פלעגט זיי מקבל־פּנים זיין ביים באַן, ברענגען זיי אין איר הויז, גרייטן פאַר זיי אַ טיש מיט עסן און געבן אַ בעט צום שלאָפן, אַרומגיין פאַר זיי פון איין אַמט צום צווייטן און פאָדערן פאַר זיי אונטערשטיצונג זיך איינצואָרדענען. נישט אומזיסט האָט מען איר גערופן: „די מאַמע פון די לאָמזשער". מיט איר עמיגרירן קיין אַמעריקע האָט דער פאַראיין פאַרלוירן אַן אַקטיווע און איבערגעגעבענע טוערין.

קאָמיטעט פון לאָמזשער פאַראיין אין פּאַריז אין יאָר 1946

(זיצנדיק פון רעכטס): הירש לעווינסקי, אפשטיין. שטייענדיק: קאַמינסקי, דינה לאנדאו־שאַפּירא, פרוי אפשטיין און שאַרל פרידלענדער.






פייערונג לכבוד ז׳ער גרינדונג פון מדינת ישראל אין יאָר 1948 פון לאָמזשער לאַנדסלייט אין פאַריז

(רעכטס צו לינקס): סאָקאָל, אפשטיין, דינה לאנדאו, פרוי אַפשטיין, פרוי סאָקאָל, קאָמינסקי; זאליצקי, די „מאַמע" פון די לאָמזשער אין פאַריז פייגעלע, מאַרקעוויץ און זיין פרוי, הערש לעווינסקי און זיין פרוי, פרידלענדער און זיין פרוי.

אַ שטאַרקע איבערגעגעבנקייט צו דער הילפס־טעטיקייט פון פאַראיין האָט אַרויסגעוויזן שאַרל פרידלענדער — לאָמ־זשער אַלטן־חזנ׳ס זון — זיין פרוי און זייער זון. שאַרל האָט צוגעצויגן צו פאַראיין־טעטיקייטן אַ סך לאָמזשער אַלט־געזעסענע, ער האָט פון זיין אייגן געלט אונטערשטיצט לאָמ־זשער פליטים.

אויך מוז דערמאָנט ווערן דאָ די גוטע אַרבעט פון ה׳ עפשטיין מיט זיין פרוי. ער איז געווען דער קאַסירער פון פאַראיין און אַלע פאָנדן צו העלפן און אונטערשטיצן די לאָמזשער זיינען מיט גרויס מי געשאַפן געוואָרן דורך אים אויף פאַרשיידענע וועגן און מיטלען. פון פאַראייניקטן לאָמ־זשער הילפס־קאָמיטעט אין אַמעריקע פלעגן דערהאַלטן ווערן פון צייט־צו־צייט קלענערע סומעס געלט, וועלכע זיינען געווען ווייט נישט גענוג. אַנדערע פאַראיינען פלעגן באַקומען פון זייערע ברידער אין אַמעריקע אַלע נויטיקע סכומים פאַר הילף צו זייערע לאַנדסלייט. ה׳ עפשטיין אָבער מיט זיינע חברים האָבן געמוזט אַליין שאַפן פאָנדן, און נישט איינמאָל האָבן זיי געגעבן פון זייערע קעשענעס, אַבי עס זאָל נישט אויספעלן.

עס זיינען צוגעקומען נייע כוחות, צו הילף ווי: בער־נאַרד מאַרקעוויץ (זון פון אַן אָנשטענדיקן בעל־הבית אויף קרוטקע גאַס), וועלכער האָט אַריינגעטראָגן אַ סך מי און אייגן געלט אין דער אַרבעט פון פאַראיין. צוערשט איז ער געווען אַקטיוו, און פאָרזיצער פון פאַראיין פון עולים פון רומעניע און גלייכצייטיק אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון די פאַראייניקטע אידישע אָרגאַניזאַציעס. אָבער ער האָט די אַמטן אויפגעגעבן און האָט זיך געווידמעט, צוזאַמען מיט זיין פרוי און טעכטער, אויסשליסלעך צו דער הילף פאַר לאָמזשער.


בערנאַרד מאַרקעוויץ
אַקטיווער טוער צווישן די לאָמזשער אין פאַריז

ביי אַ צווייטער פאַרזאַמלונג פון לאָמזשער איז אויס־געקליבן געוואָרן א נייער וועד: צבי לעווינסקי — ערן פאָרזיצער; ב. מאַרקעוויץ — וויצע פאָרזיצער; ש. פריד־לענדער — וויצע־פאָרזיצער; קיימאַן — סעקרעטאַר (היינט אין מדינת ישראל); עפשטיין — קאַסירער; פייגעלע פריד־מאַן־אַנדרעס (היינט אין אַמעריקע); דינה שאַפּיראָ־לאַנדוי; סאָקאָל, און קאַמינסקי.

די הילפס־אַרבעט איז פאָרגעזעצט געוואָרן מיט מער ענערגיע. שוואַכע און קראַנקע זיינען אַריינגעגעבן געוואָרן אין באַטרעפנדיקע אָנשטאַלטן; יתומים — אין שוץ און דערציאונגס־אינסטיטוציעס; זומער־צייט זיינען זיי געשיקט געוואָרן אויף זומער־וואוינונגען. אַזוי ווי פאַריז איז געווען אַן איבערגאַנגס־צענטער פאַר אַלע פליטים פון אייראָפּע, האָבן זיך אַ סך פאַרוואָגלטע לאָמזשער געווענדעט נאָך הילף צום וועד פון פאַראיין, וועלכער האָט איינגעאָרדנט צוזאַמענקונפטן, פאַרוויילונגס־אָוונטן, לאָטעריעס און סתם אַקציעס, וועמענס הכנסה איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם צוועק. יעדן יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „יזכור־פאַרזאַמלונג" צום אָנדענק פון לאָמזשער מאַרטירער. אַ גרויסאַרטיקע פייערונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל. אויך איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קבלת פנים און מאַסן־פאַרזאַמלונגען לכבוד ה׳ בערל־מאַרק אונטערן פאָרזיץ פון צבי לעווינסקי, מיט דער באַטייליקונג פון גאַסט און פון ה׳ י. טאָביאַש. דער לעצטער איז געקומען קיין פאַריז מיט די יתומים וואָס אונטער זיין השגחה. ער האָט גענומען אַנטייל אין דער אַרבעט פון פאַר־איין.

נאָך צוזאַמענקונפטן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד די געסט אָרלאָווסקי.

# לאמזשער אין מדינת ישראל

## דרייסיק יאָר אַרבעט

לאָמזשער האָבן עולה געווען קיין ארץ ישראל אין אַלע פאָרמען און באַדינגונגען. איייניקע דאָקומענטן אין דעם דאָזיקן פּינקס, אויך רשימות פון חלוק־כולל, באַשטעטיקן דאָס. ביז דער באַלפור־דעקלאַראַציע זיינען עולה געווען יחידים צו שטאַרבן אין הייליקן לאַנד, אָדער צו לעבן דאָרטן, און בויען, אַזוי ווי יהושע קוזינסקי א״אַ האָבן דאָס געטאָן. זייער עליה האָט געמאַכט אַ רושם אין לאָמזשע. נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָרגאַניזירט צען משפחות, מעל־סוחרים, עולה צו זיין קיין א״י און גרינדן דאָרט אַ באַזונדערע קאָלאָניע. זיי האָבן געשיקט קיין ארץ ישראל ר׳ ברוך־יוסף לעווין דאָס צו אָרגאַניזירן. אים האָט זיך איינגעגעבן צו קויפן לאַנד אין שכנות פון „ראשון לציון״. ער האָט אויך געגעבן האַנטגעלט, אָבער די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און אַלץ איז צונישט געוואָרן.

נאָך דער מלחמה זיינען געמאַכט געוואָרן פּרואוון צו אָרגאַניזירן קיבוץ־עליות, פון אויסאַרבעטער פון צעמענט, בעטאָן, דאַכוואוקעס, אויך פון וועבער. איינצעלנע לאָמזשער זיינען שטענדיק עולה געווען קיין א״י זיך איינצואוואָרצלען דאָרטן. די הויפּט עליה הויבט זיך באמת אָן אין יאָר 1920—1921 דורך דער „החלוץ״ באַוועגונג.

הגם לאָמזשער לעבן בשלום אין מדינת ישראל, איז דאָך אָפּט צו זען אַ גלייכגילטיקייט צו זייער אייגענער אָרגאַניזאַציע, צוליב פאַרשידענע סיבות. איייניקע זיינען פּרינציפּיעל קעגן לאַנדסמאַנשאַפטן אין א״י וואו ס׳דאַרף זיין מיזוג גלויות, אַן איינהייטלעך פאָלק. אַנדערע האָבן סתם נישט קיין צייט זיך צו אינטערעסירן מיט אַזוינע פּראָבלעמען. זיי האַלטן אויך, אַז אַן עליה דאַרף נישט זיין אָנגעוויזן אויף דער הילף פון געוויסע לאַנדסלייט, ווי אין פרעמדע לענדער. ארץ ישראל איז יעדען איינעמס לאַנד. יעדער איד קומט צו זיין אייגן פאָלק, און ער דאַרף זיך צוזאַמענגיסן מיט אַלע, מיטן גאַנצן ישוב.

נאָר יחידים זיינען דאָ, וואָס זאָרגן ספּעציעל פאַר לאָמזשער. פון זיי צייכענען זיך באַזונדער אויס: ה׳ משה גאָלדמאַן און זיין פרוי חיה, וועמענס וואוינונג דינט פאַר אַ צוזאַמענקום־הויז פאַר יעדער צוזאַמענטרעפונג און מסיבה לטובת לאָמזשער און לטובת דער אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער, ווי אַ קערפּערשאַפט. אויף דעם געביט איז משה גאָלדמאַן זייער אַקטיוו אַלע יאָרן, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אויפגאַבן וואָס מען לייגט אַרויף אויף אים.

אויסער זיי, דאַרף מען פאַרצייכענען די נעמען פון אַנדערע עסקנים אויף דעם געביט. זיי זיינען: חנה צעכאַנאָווסקאַ, ישראל יפה־שניצער, מנוחה אַלפערין, יוסף זיידענשטאַט, יוסף ברומבערג, אביבה און יצחק פערלבערג, בנימין סורפינסקי, דוד נאַגעזשאָווער, דבורה קאָפּילאָוו, חוה קאַפּלאַנסקאַ, בתיה פלאָצניקאָוו, שרה זאַליצקי, בתיה בזשאָזא, רחל סלוצקי, אסתר שיינהויז, אלתר בייקאָווסקי, א״א. אין חיפה זיינען אַקטיוו: רבקה ערליך־פּאָדרוזניק, די ברידער מזרח, א״אַ. אין ירושלים איז אַקטיוו: יאַגאָדאָווסקי א״אַ.

באַזונדער דאַרף פאַרצייכנט ווערן ר׳ ישראל לעווינסקי וועלכער, נישט קוקנדיק אויף זיין טיפער עלטער, איז ער אַליין אַקטיוו און מאַכט אַנדערע טעטיק צו שאַפן הילף און אונטערשטיצונג, וואו מען דאַרף. ער איז בכלל שטענדיק גרייט צו טאָן פאַר דעם וואויל פון לאָמזשער. זיין זון מאיר לעווינסקי שטייגט נאָך אַריבער דעם פאָטער. מאיר איז דער לעבעדיקער גייסט פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע; דער ערשטער צו אָרגאַניזירן לאָמזשער פאַר יעדער טעטיקייט. ער איז עס דער, וועלכער פאַרטראַכט יעדע מסיבה, צוזאַמענקום און ברענגט זיי ארויס אין טאַט.



ישראל לעווינסקי
ערן־פּרעזידענט פון לאָמזשער לאַנדסלייט אין ישראל

אין דעם קורצן באַריכט, אין דער פאָרם פון אַ כראָניק פון די טעטיקייטן פון לאָמזשער פאַרבאַנד, אין א״י אין פאַרלויף פון דרייסיק יאָר, פאַרנעמען דעם הויפּט אָרט די מסיבות און צוזאַמענקונפטן, די אזכרות און פאַרזאַמלונגען, ווייל דורך זיי זיינען די חברים געוואָרן נאָענטער איינער צום אַנדערן, אינטערעסירן זיך איינער מיטן צווייטן. אַ דאַנק דעם זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ סך אונטערנעמונגען מיט גוטן דערפאָלג.

### די אַקטיוויטעטן פון לאָמזשער פאַרבאַנד אין מדינת ישראל

1921 — עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָרגאַניזירטע עליה פון לאָמזשער, דער עיקר פון „החלוץ״ חברים. די לאָמזשער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען ווי ברידער, איינגעאָרדנט בשותפות׳דיקע קיכן, אַ פאַמיליע־סדר יעדן פּסח אאַז״וו.

1922 — עס איז אַנטשטאַנען אַ לאָמזשער קבוצה אין ירושלימער גדוד־העבודה מיט דער באַטייליקונג פון שמחה כפרי (פעלכאָוויטש), מאיר מרגלית, בן דוד (ברויער) גרשון דער פאַסטוך (העפנער), בנימין עירוני (גאָרדזינסקי), עקיבא בן דוד (בורשטין) און אַנדערע. שמחה כפרי איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט לאָמזשער „החלוץ״.

1924 — בעת דער „גראַבסקי־עליה״ זיינען אָנגעקומען אַ סך לאָמזשער נישט קיין חלוצים. אַ סך פון זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי אַרבעט, פאַבריקאַציע, האַנדל און באַאַמטנטום. זשיך אַ צאָל אַרבעטסלאָזע. איייניקע האָבן אויך פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

1926 — אין וואוינונג פון משה גאָלדמאַן, אין ברענער שכונה, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע פּורים־פייערונג מיט אַ גלעזל ווייַן, לעבעדיקער צייטונג און פריילעכס.



צוזאַמענקום אין תל־אביב, אין יאָר 1936, לכבוד די געקומענע לאַנדסלייט אין ישׂראל, צווישן זיי דר. יום־טוב לעווינסקי און זיין פאַמיליע, אויך לכבוד דעם בינע־קינסטלער, מאיר מארגאָליס, צו זיין צוריקקומען קיין ישראל פון אייראָפּע.



גרופּע אַקטיווע טוער פון לאָמזשער לאַנדסלייט אין ישראל אין יאָר 1951

ערשטע רייע, שטייענדיק (פון רעכטס): פּ. לאווסקי, גילאַרי, רחל סלוצקי־ראָזענבלום און צירמאַן (ירושלים). צווייטע רייע, שטייענדיק (פון רעכטס): ווילימאַווסקי־קאַנטאָר, גרינבערג־וועגראוויץ, א. פּערלבערג־פּערשטענבערג, חיה גאָלדמאַן, א. שיין־הויז־פרידמאַן, חוה קאַפּלאַנסקי־ווינצקי, מנוחה אלפּערן, יהודית טענענבוים־זשוטקעוויץ, רבקה ארליך־פּאָדרוזשניק, מ. ציעכאַנאָווסקי, חוה פייגין־ביאַלי. דריטע רייע (זיצנדיק): י. יאַגאָדאָווסקי, ד. נאַגישאָווער, י. פּערלבערג, מ. גאָלדמאַן, י. עברי, יפה, ישראל שניצער (אין אוניפאָרם), הרב אביעזר ציצעוויץ, ישראל לעווינסקי, יום־טוב לעווינסקי, א. ניימאַוויץ (ריוועס). פערטע רייע (זיצנדיק): י. זיידענשטאַט, י. בראמבערג, ב. סופינסקי, ד. קאַפּילאָוו (מאיאק), שרה זאליצקא־בזשאָזא, מ. לעווינסקי און ש. פאניש.

ס׳זיינען געווען אָנוועזנד: יעקב פּיאָנטניצקי, דער גאַסט חיים ראָטשילד, א. ניימאָוויטש א״אַ.

1928 — עס האָט זיך אָנגעהויבן די פינפטע עליה. ס׳זיינען אָנגעקומען אַרום צוואָנציק חלוצים פון לאָמזשע. דער קאָנטאַקט צווישן זיי מיט די פריערדיקע עולים איז געשטאַרקט געוואָרן.

1930 — עס איז אַנטשטאַנען אָן אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער עולים אין ישראל. אין די זאַלן פון „תחכמוני" (ר׳ מאָנטיפיאָרי ת״א) איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ לאָמזשער פורים־אָוונט, מיט דער באַטייליקונג פון משה גאָלדמאַן, מאיר לעווינסקי און ניימאָוויטש אין דער אָנוועזנקייט פון אייניקע הונדערט לאָמזשער און פון איר סביבה. און אין יום־טוב שבועות פון יענעם יאָר איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענקום פון „החלוץ"־חברים, פון עולים פון לאָמזשע און פון איר סביבה, מיט דער באַטייליקונג פון בערל דזובקעוויטש, מאיר לעווינסקי, ב. עירוני, און שמחה כפרי. עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגן פון: ענגער מאַכן די פאַרבינדונגען מיט לאָמזשע, אויפשטעלן אַ ישוב־פונקט פון לאָמזשער און וועגן שיקן צייטונגען און זשורנאַלן מיט ארץ ישראל־נייעס קיין לאָמזשע.

1931 — עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ צווייטער פורים־אָוונט, וועלכער האָט צוגעצויגן אַלע לאָמזשער אין ישראל און האָט איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן איינדרוק. עס האָבן זיך באַטייליקט: משה גאָלדמאַן (פאָרזיצער) און פאָרשטייער פון פוילישע עולים: מאַרגאָליס, ניימאָוויטש און בן־משה (אַ מוזיקאַנט), אויך אַן אָרקעסטער. 300 מאַן זיינען געווען אָנוועזנד.

1932 — די פורים־אָוונטן זיינען שוין געוואָרן אַ טראַדיציע. אין דעם יאָר איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ גרוס פון לאָמזשע, דורך שטראָזענבערג. דער פּראָגראַם איז געווען אַמוזירנד: מסיבות, טענץ, געזאַנג בציבור, פּאַראָדיעס א. א.

1933 — מען האָט דורכגעפירט אַ פורים־אָוונט, און נאָכדעם אַ דערפאָלגרייכן עליה־אָוונט לכבוד די נייע עולים און לכבוד די לאָמזשער, וועלכע זיינען געקומען צו דער „מכביה" און דעם מזרח יאַריד. ס׳האָבן זיך באַטייליקט: גאָלדמאַן, גלוכאָוויטש, ברוידעס, בר־אדון, סלאָוויק, מאיר לעווינסקי, זשאָדקעוויטש, מאַרגאָליס א״אַ. דורך דעם יאָר איז אַ סך געטאָן געוואָרן לטובת די נייע עולים. אויך איז געשיקט געוואָרן דירה־געלט צום לאָמזשער „החלוץ".

1934 — דער מצב אין ארץ ישראל האָט זיך פאַרבעסערט. גלייכצייטיק האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון די נייע עולים, וועלכע האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי אַרבעט. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געזעגענונגס־אָוונט, פאַר ה׳ מאַרגאָליס, צו זיין אַוועקפאָרן קיין אייראָפּע מיטן „אהל"־אַנסאַמבל.

1936 — אין אָנהייב פעברואַר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מסיבה אין קאַפע „טיט" (נחלת בנימין) לכבוד די נייע עולים: ישראל לעווינסקי מיט זיין זון יום־טוב, נחמן און העניע, חיים־יצחק גלינקאַ מיט זיין פאַמיליע א״אַ. יום־טוב לעווינסקי באַגריסט מאיר מאַרגאָליס צו זיין אומקערן זיך צוריק קיין ארץ ישראל.

1937 — עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מסיבה פאַר לאָמזשער אין הויז פון אַרלאַזאַראָוו. משה גאָלדמאַן איז געווען פאָרזיצער. עס האָבן זיך באַטייליקט: ישראל און יום־טוב לעווינסקי, דר. יוריס, זרחי, גמליאלית (געזאַנג) און עברי (פאָרלעזן). דורך דער איניציאַטיוו פון אַ. אהרוני איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קליינע אויסשטעלונג פון בילדער און דאָקומענטן פון לאָמזשע.

1938 — עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט צו איינאָרדענען אַ פייערונג פון דרייסיק יאָר „התחיה" אין לאָמזשע. ס׳זיינען געזאַמלט געוואָרן פאָנדן פאַר דעם „התחיה" און ביכער פאַר זיין ביבליאָטעק. מ׳האָט געשאַפן אַבאָנענטן אויף צייטונגען פאַרן לייען־זאַל פון „התחיה". די אָנפירערס פון די אַקטיוויטעטן זיינען געווען ר׳ ישראל לעווינסקי, משה גאָלדמאַן, ישראל שניצער א״אַ.

1939 — עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מסיבה לכבוד יצחק עברי, אין שייכות מיטן דערשיינען פון זיינס אַ בוך מיט לידער: „צווישן בלוט און בלוט". פאָרזיצער איז געווען יום־טוב לעווינסקי. עס האָבן זיך באַטייליקט: א. בראָדעס, דוד זכאי, מאַנעלעס א״אַ.

1940 — ס׳זיינען אָנגעקומען איוב־בשורות פון פוילן, אויך פון לאָמזשע, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, זיינען אָנגעקומען טרויעריקע ידיעות. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אַסיפה פון לאָמזשער אין חלוצות־הויז, מיט דער באַטייליגונג פון יצחק גרינבוים, אברהם מזרח, ישראל לעווינסקי, משה גאָלדמאַן א״אַ. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די אידן אין לאָמזשע. נאָך דעם איז פאָרגעקומען אַ מסיבה לכבוד יצחק גרינבוים, אין הויז פון חייה און משה גאָלדמאַן.

1941 — עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוצושטיין צו דער „פאַראייניקונג פון עולים פון פוילן", וועלכער איז טעטיק בשותפות, כדי צו פאַרשנעלערן די הילף און באַפרייאונג פאַר די פוילישע אידן. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג וועגן דעם מצב פון די פוילישע אידן אונטערן פאָרזיץ פון יום־טוב לעווינסקי. עס האָבן זיך באַטייליקט: דר. דאַווידזאָן, פאָרזיצער פון „עולים פון פוילן", דר. העלער, מאַלער, דר. הורוויטש. משה גאָלדמאַן, אסנה ביבער, גאָלאָמבעק, נאַגישאָווער. דעם פאַרוויילונגס־פּראָגראַם האָבן דורכגעפירט מאיר מאַרגאָליס און זיין פרוי.

1942 — אין קלוב פון „התאחדות עולים פוילין" איז איינגעאָרדנט געוואָרן דאָס אַרויסגעבן מינדלעך אייניקע נומערן פון דער צייטונג, „לאָמזשער שטימע" אונטער דער רעדאַקציע פון יום־טוב לעווינסקי, און מיט דער באַטייליקונג פון: ישראל לעווינסקי, אברהם מזרח, משה גאָלדמאַן, צינאָוויטש, פיקאָרסקי, קוטינסקי, ניימאָוויטש, עברי, אייזיק רעמבאַ א״אַ. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טרויער פאַרזאַמלונג צום אָנדענק פון גיטל באָגושעוויטש, וואו ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ ליי־קאַסע (גמ״ח) אויף איר נאָמען מיט דעם געלט וואָס איז געבליבן אַלס ירושה נאָך איר. עס איז אויך אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן „הזכרה" נאָך פייוול קאַווקעוויטש.

1943 — עס איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענקונפט פון לאָמזשער צום אָנדענק פון לאָמזשער קדושים. קיין באַשטימטע ידיעות זיינען נאָך נישט דערהאַלטן געוואָרן, אָבער דאָס האַרץ איז געווען באַזאָרגט און האָט אָנגעזאָגט טרויעריקעס. עס האָבן זיך באַטייליקט: ישראל און יום־טוב לעווינסקי, משה גאָלדמאַן, א. מזרח, א״אַ. יום־טוב לעווינסקי האָט פאָרגעשלאָגן אַרויסצוגעבן אַן אָנדענק־בוך פון דער לאָמזשער קהלה.

1944 — עס איז פאָרגעקומען אַן אַסיפה פון לאָמזשער, ביי דער „התאחדות עולי פוילין". אויך איז איינגעאָרדנט

געוואָרן אַ קבלת פּנים צום אָנקומען פון מאָרגענשטערן פון פראַנקרייך. אַ טרויער פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען נאָך די לאָמזשערינס: זעלדע זילבערמאַן און פעטלוק. לאָמזשער עולים האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די טעטיקייטן פון „התאחדות עולי פולין" לטובת די פּליטים. די לייַ־קאַסע האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל הלוואות צו עולים און פּליטים.

1945 — ה' סלאָוואַטיס (היינט — אַדוואָקאַט שאַליט), פון די גערעטעוועטע פון לאָמזשע, איז אָנגעקומען קיין ישראל, נאָך אַ סך גלגולים און געפאַנגענשאַפט, אין אַן הויז פון „קרן קימת". ער האָט איבערגעגעבן ידיעות פון חורבן לאָמזשע. ס'איז געווען אַ גרויסע איופּרעגונג און עס איז געזאַמלט געוואָרן אויפן אָרט אַ סומע געלט פאַר אַ הילפס־פאָנד פאַר די פּליטים, צו שיקן פעקלעך מיט שפּייז, קליידער אאַז"וו. אין הילפס־קאָמיטעט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: ישראל לעווינסקי (פאָרזיצער) ישראל יפה (קאַסירער), חייה גאָלדמאַן און חנה צעכאַנאָווסקי.

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן הזכרה־אין הויז פון זיידענשטאַט, נאָך זיין פרויס טויט. אין „קרן קימת"־הויז איז פאָרגעקומען אַ טרויער פאַרזאַמלונג נאָכן טראַגישן טויט פון דר. י. נריה־קאַוואָקעוויטש, מיט דער באַטייליקונג פון לאָמזשער און דאָקטוירים, אַרבעטס־קאָלעגן. עס איז געגעבן געוואָרן גרויסע הילף צו צוויי לאָמזשער פּליטים — אינגלעך פון „יוגנט־עליה". עס זיינען פאָרגעקומען אַ סך צוזאַמענקונפטן און טעטיקייטן, מיטן ציל צו פאַרשנעלערן די הילף צו אָנגעקומענע פּליטים, כדי זיי איינצואָרדענען: באַזאָרגן מיט דירה און מעבל.

1946 — עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אסיפה פון לאָמזשער, אין הויז פון לערער לעווינסקי, לכבוד קאָלעגעל אלף, פאָרשטייער פון פוילן, וועלכער האָט דערציילט וועגן לאָמזשע און איר חורבן. נאָך דער אסיפה איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מסיבה אין הויז פון חיה און משה גאָלדמאַן.

נאָך דעם ווי עס זיינען דערהאַלטן געוואָרן פּאָזיטיווע ידיעות וועגן די געשעענישן אין לאָמזשע, און וואָס עס האָט געטראָפן צו די אַנטלאָפענע, איז באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען יעדעס יאָר אין 12טן טאָג פון חודש שבט אַ טרויער און געדענק־טאָג פאַרזאַמלונג, אין אָנדענק פון די לאָמזשער קדושים, ווייל אין דעם טאָג זיינען פאַרברענט געוואָרן אַ סך טויזנטער לאָמזשער קדושים אין די קרעמאַטאָריעס פון אָשווענצים. אין דער ערשטער טרויער־פאַרזאַמלונג פון דעם סאָרט האָבן זיך באַטייליקט: הרב ציצאָוויטש, משה גאָלדמאַן, ישראל און יום־טוב לעווינסקי, תנחום (טעדי) כהן, אַ לאָמזשער, וואָס איז געקומען פון אַמעריקע אַלס גאַסט. נאָך דעם איז פאָרגעקומען אַ מסיבה אין הויז פון חייה און משה גאָלדמאַן פאַר זיין כבוד־וועגן. צום באַדויערן איז כהן געשטאָרבן נאָענט נאָך זיין צוריקקומען קיין אַמעריקע.

צו דער געלעגנהייט, וואָס ר' ישראל לעווינסקי איז געוואָרן 75 יאָר אַלט, איז פאַר אים צוגעגרייט געוואָרן אַ שיינער באַנקעט מיט דער באַטייליקונג פון משה גאָלדמאַן (פאָרזיצער), די שרייבערס נתן גורן, דב סדן, א. ברוידעס, דר. העלער און אַ סך פון זיינע תלמידים און פאַרערערס. אין דעם פאַרוויילונגס־פּראָגראַם האָבן זיך באַטייליקט: נאָרדי און שרה יערי; נחום אבן שמואל. די אַנוועזנדע האָבן איינגעשריבן דעם יובילאַר אין ספר־הזהב פון נאַציאָנאַל־פאָנד.

ס'זיינען געטאָן געוואָרן וויכטיקע אַרבעטן פאַר לאָמזשער פּליטים. ס'האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די טעטיקייטן פון דעם לאָמזשער אָנדענק־בוך (העברעאישן). דר. יום־טוב לעווינסקי, דער איניציאַטאָר פון דער אונטערנעמונג, האָט צוגעגרייט אַ דעטאַליזירטן פּלאַן פון דעם בוך, וועלכער איז צעשיקט געוואָרן צו אַלע לאָמזשער אין ארץ ישראל, און גלייכצייטיק אויך צו אַלע אָרגאַניזאַציעס פון לאָמזשער איבער אַנדערע לענדער. מען האָט עס אויך פּובליקירט אין אַ סך צייטונגען אין ארץ ישראל און אין חוץ־לארץ. אונטער שווערע אומשטענדן אין ארץ ישראל איז מען צוגעטראָטן צו דער אויסגאַבע פון בוך: צו דער זאַמלונג פון מאַטעריאַל, בילדער. אין דעם יאָר איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַן הזכרה נאָך די פאַרשטאָרבענע: פרוי גאַרבאָרסקאַ, קאַווקעוויטש, תנחום כהן (פריער דערמאָנט), געשטאָרבן אין אַמעריקע, בריסקין, ד. געלצינסקי'ס איידעם, קאַלוואַרייסקי, רעמבאַ און יעקב נתן שופר.

י"ב שבט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טרויער־הזכרה נאָך די לאָמזשער קדושים אין תל־אביב אין דער שול „בילו" און אין ירושלים. אין תל־אביב האָבן אָנטייל גענומען: ישראל לעווינסקי, א. מזרח, הרב ציצאָוויטש א"אַ. עס זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן פּרקים פון חורבן, וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרן פאַרן אָנדענק־בוך דורך פּאַנוש און ראָזענבלום. מאיר לעווינסקי האָט געשלאָסן די טרויער־הזכרה. אין ירושלים האָבן זיך באַטייליקט אין דער הזכרה: משה גאָלדמאַן, אסנה ביבער, י. יאַגאָדאָווסקי א"אַ.

אין יענעם יאָר זיינען געווען אַ סך אַקטיוויטעטן אין דער לייַ־קאַסע. עס זיינען געגעבן געוואָרן אַסך הלוואות איינצואָרדענען אַ צאָל נייע עולים.

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קבלת־פּנים פאַר ר' פישל גאָראָדזניסקי, וואָס האָט זיך דאַן צוריקגעקערט פון רוסלאַנד, און פאַר ניסן מראָזאָוויטש, גאַסט פון קאַנאַדע, אַ לאָמזשער אַקטיווער עסקן אין די אָרגאַניזאַציעס פון פּוילישע אידן דאָרטן. אין הויז פון מ. גאָלדמאַן איז פאָרגעקומען אַ קבלת־פּנים פאַר הרב וויליאַמאָווסקי פון אַמעריקע, וועלכער האָט צוגעזאָגט אַקטיווע הילף צו זאַמלען די פאָנדן אויף אַרויסגעבן דאָס אָנדענק־בוך. אַ קבלת־פּנים און אַ צאָל צוזאַמענקונפטן זיינען פאָרגעקומען לכבוד דעם



הרב וויליאַמאָווסקי גיט אָפּ אַ גרוס פון די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט ביי אַ צוזאַמענקונפט אין הויז פון חיה און משה גאָלדמאַן אין ישראל (1947).

לאָמזשער שאול־יעקב בורשטין, וועלכער האָט געווײלט אין ארץ ישראל אין שליחות פון פאַרבאַנד, און האָט אָרגאַניזירט אַ וויזיט פון פריינט פון ארץ־ישראל אַרבעטער אין אַמעריקע.

עס זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן אַ גרופּע לאָמזשער פאַרטריבענע מעפּילים, וועלכע געפינען זיך אויפן אינזל ציפּערן. די ידיעה האָט געבראַכט דער לאָמזשער, אריה פּערעלבערג, וועלכער איז געווען אַ שליח און אַ קולטור־אינסטרוקטאָר אין ציפּערן. פון די נאַציאָנאַלע אָנשטאַלטן זיינען אַהין אַריבערגעשיקט געוואָרן אַ סך פּעקלעך מיט בגדים און סומען געלט. אויך האָט אונזער וועד זיך געווענדעט וועגן דעם קיין אַמעריקע צו די לאָמזשער קערפּערשאַפטן.

דערצויגן געוואָרן אין לאָמזשע, וואו זי האָט פאַרבראַכט איר יוגנט־צייט; אַדוואָקאַט בנימין מאָסאָנזניק, זון פון לערער, אַ מיטגליד פון אידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, וועלכער איז געקומען זיך באַזעצן אין ישראל, א"אַ.

עס האָבן זיך געשטאַרקט די אַקטיוויטעטן פאַר דער אויסגאַבע פון אָנדענק־בוך פאַר לאָמזשער קהלה: עס זיינען געזאַמלט געוואָרן די ערשטע געלטער. עס איז געקומען צו אַ קאָנטאַקט מיט דעם פאַראייניקטן לאָמזשער־קאָמיטעט אין אַמעריקע. דר. גראָסמאַן, דער פּאָרזיצער, האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע אַקטיוויטעט און אינטערעס אין דער אונטערנעמונג. עס זיינען דערהאַלטן געוואָרן געלטשיקונגען פאַרן בוך און פאַר הילף־צוועקן. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער וועד פון די חברים: משה גאָלדמאַן




לאָמזשער אידן אין אַן אינטערנירונגס־קעמפּ אין ציפּערן אין יאָר 1947

שטייענדיק (רעכטס): א. יעקאָבינסקי, ליכטנשטיין, מרים בלאוואַט, חיים סטאַווסקי, נחמה שציבאָוויץ און זאראמב. זיצנדיק: טויבע ווינאָגראַד, מרדכי טוכוועבער און חיה זאראמב.

1948 — צוליב דער אָנגעשטרענגטער פּאָליטישער לאַגע אין ארץ ישראל, זיינען די אַקטיוויטעטן שוואַך געוואָרן. דאָס רוב פון די חברים זיינען געווען פאַרנומען מיט די דרינגנדיקע פאָדערונגען פון דער צייט, און אויפגאַבן פון „הגנה". צוליב די מאָטיוון האָט מען נישט געקענט דורכפירן די טראַדיציאָנעלע הזכרה י"ב שבט. אָבער הילף, אינסטרוקציעס און צייטלעכע הלוואות האָבן נישט אויפגעהערט. שטענדיק האָבן געוואוסט די נייע עולים, מעפּילים, אָדער איינגעזעסענע, דעם אַדרעס פון די עסקנים פון לאָמזשער פאַרבאַנד.

1949 — די טעטיקייטן האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן. ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קבלת־פּנים פאַר די נייע עולים: מ. אָרלאָווסקי מיט זיין פרוי; די שרייבערין מנוחה אַלפּערין, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין פּינסק, אָבער

(פּאָרזיצער), ישראל לעווינסקי (ערן־פּאָרזיצער), מנוחה אַלפּערין, ישראל יפה, א. ניימאָוויטש, עברי און מאיר לעווינסקי. עברי האָט אַרויסגעוויזן אַקטיוויטעט אין אָרגאַניזירן דעם סעקרעטאַריאַט. מיט זיין השתדלות איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אויפרוף אין ישראל און אין אַנדערע לענדער וועגן דעם בוך.

אויף דער פאַרזאַמלונג פון לאָמזשער, סוכות צייט, אין זאַל פון „מוריה", האָט מען אויפגענומען מיט ברכות שרה און אברהם גאָעל, געקומענע פון אַמעריקע: יעקב טאָביאַש, וועלכער איז געקומען קיין ישראל נאָך זייער אַ סך גילגולים אוןליידן (היינט איז ער מנהל פון בית ספר אין צפת); און פרוי קאָרן פון אַרגענטינע (געקומען אַלס גאַסט). אויף אַ מסיבה, ספּעציעל איינגעאָרדנט פאַר י. טאָביאַש אין קאַפעי „רפאל", האָט ער איבערגעגעבן אַ באַריכט פון אַלץ, וואָס

ער האָט געזען אין לאָמזשע, וועלכע ער האָט באַזוכט גלייך נאָכן חורבן. אין דער זעלבער קאַפּעי איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מסיבה לכבוד ה׳ ש. באַנטשעק, אַ לאָמזשער, באַוואוסט אַלס פּאַרטיי־טוער פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין אַמעריקע, אין וועמענס שליחות ער איז געקומען קיין ישראל. אין הויז פון מ. גאָלדמאַן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מסיבה לכבוד דר. א. פּאַטקין.

1950 — די טראַדיציאָנעלע הזכרה, י״ב שבט, נאָך לאָמזשער קדושים, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט מער טרויער און איינדרוק, דורך דעם זעקעלע מיש אַש־ערד פון אונזערע ברידער־קדושים, פון ברודער־קבר אין געלצין, וואָס י. טאַביאַש האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, קומענדיק קיין ישראל (עס איז דערציילט געוואָרן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל וועגן זיין באַזוך אין לאָמזשע און אין געלצין). דאָס זעקעלע מיט אַש־ערד איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין אַן אָרון און געטראָגן געוואָרן אין זאַל אַרום דער פלאַטפאָרמע דורך: ישראל לעווינסקי, משה גאָלדמאַן, ישראל יפה, יצחק פּערעלבערג, בורשטין, קאַווקעוויטש, געלצינסקי, פּעני לעוויט — גאַסט פון אַמעריקע, מאַלינאָוויטש, סופינסקי, לאַווסקי און אַנדערע. הינטער זיי איז אַ שטומע פּראָצעסיע פון עולם געגאַנגען אַרום דער בימה זיבן מאָל. ס׳זיינען געזאָגט געוואָרן קאַפּיטלעך תהלים דורך הרב ציצאָוויטש, חזן כלודנעוויטש, לאַווסקי פּינחס און ידידיה.

די לוויה פון דעם זעקעלע אַש־ערד צו אייביקער רו אויפן בית הקברות אין נחלת־יצחק, תל־אביב, איז פאַרגעקומען אויף צומאָרגנס. צוערשט אַ טרויער פאַרזאַמלונג אין דער שול „מושב זקנים״. דאָרטן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן הזכרה דורך ישראל לעווינסקי, און קאַפּיטלעך תהלים און אל מלא רחמים דורך יוסף בן משה. אויפן בית עולם האָט הרב ציצאָוויטש מספּיד געווען די לאָמזשער מאַרטירער. עס איז אויך פאָרגעקומען אַן הזכרה נאָך פרוי אָרלאָווסקאַ.

1951 — די אַרבעט אַרום דער אויסגאַבע פון אָנדענקבוך פאַר לאָמזשע פּראָגרעסירט. אַלס רעזולטאַט פון דער אָנגעשטרענגטער לאַגע אין דער וועלט, די מלחמה אין קאָרעאַ און די קראַנקהייט פון דר. גראָסמאַן, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער אין אַמעריקע. דר. גראָסמאַן האָט געהאַט צוגעזאָגט צו שיקן דאָס נויטיקע וואַג פּאַפּיר, פאַרן אָנדענק־בוך און מיט אַ סך אָנשטרענגונגען, פאַר זיין אייגן געלט, האָט ער געקויפט דעם נויטיקן סכום־פּאַפּיר און עס איבערגעשיקט צו דעם ספּעציעלן קאָמיטעט פאַרן בוך, וואָס האָט זיך געהאַט געגרינדעט אין אַמעריקע. דאָס פּאַפּיר איז אָנגעקומען אין זומער פון יאָר 1951. מען איז צוגעטראָטן צום אַרויסגעבן דאָס בוך: מען איז געקומען אין פאַרבינדונג מיט אַ דרוקעריי, און צו שאַפן די ערשטע געלטער. פון אייניקע לענדער איז צוגעזאָגט געוואָרן הילף, אָבער די גאַנצע לאַסט איז געפאַלן אויף די לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס אין ישראל.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן די טראַדיציאָנעלע טרויער פאַרזאַמלונג, י״ב בשבט, מיט דער באַטייליקונג פון ישראל־הויפּט רב, י. א. הערצאָג. משה גאָלדמאַן האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג און נאָך אים האָט גערעדט מיט האַרץ־ווייטאָג דער רב וועגן לאָמזשע אַלס אַן אכסניה פון תורה און מעשים טובים. מיט אַ מאַגישער לאָמטערנע האָט מען געוויזן בילדער און געשטאַלטן פון שטאָט. עס האָבן זיך באַטייליקט: ניימאָוויטש, („אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פון לאָמזשע״), די חזנים: י. בן־משה, צבי ידידיה און פּינחס לאַווסקי. אַנוועזנד זיינען געווען אַרום 350 לאָמזשער און פון איר סביבה.

כדי צו באַזאָרגן אין צייט די פאָנדן, נויטיקע צום אַרויסגעבן דאָס אָנדענק־בוך, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין זאַל פון אַרלאָזאַראָוו־הויז אַ פּורים־אָוונט, מיט דער באַטייליגונג פון שרה יערי (גזואַנג), מיכאל גור (דעקלאַמאַציע) און די גאַסט־אַרטיסטין רחל האַלצער (פּאַרלעזן, דעקלאַמאַציע).

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן הזכרה אין זאַל פון „מזרחי״, צום שלשים טאָג נאָכן טויט פון צבי קאַווקעוויטש. ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קבלת־פּנים פאַר פרוי מלכה יעלין און יאַרמולקאָווסקי, און אין הויז פון חברה קאַפּלאַנסקי־וויניצקי איז פאַרגעקומען אַ סעודה לכבוד מושציצקי, שניידער, קאַלניאַק — לאָמזשער, געסט פון אַמעריקע און אַפריקע. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן עטלעכע קבלת־פּנים׳ס, מיטן רעדאַקטאָר פון אָנדענק־בוך, פריינט יום־טוב לעווינסקי, אין זיין הויז און אין הויז פון יפה־שניצער. עס זיינען געווען אַ סך געלאַדענע פאַרמעגלעכע אַקטיווע טוער און דער רעדאַקטאָר האָט רעפערירט איבער דעם בוך און זיין אינהאַלט.

אַ חברישע מסיבה איז פאָרגעקומען אין זאַל פון „צענטער פאַר פאַרגעשריטענער קולטור״ מיט דער באַטייליקונג פון: מאיר לעווינסקי, ניימאָוויטש, נאַגישאָווער, ראַבינאָוויטש הדסה (גזואַנג).

דער טויט פון דר. גראָסמאַן האָט אַרויסגערופן אַ טרויער אין דעם אירגון פון לאָמזשער עולים. צו די שלשים, דעם צוויטן דעצעמבער, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טרויער־פאַרזאַמלונג אין „בית החלוצות״ מיט דער באַטייליקונג פון: יום־טוב לעווינסקי, הרב ציצאָוויטש, מ. גאָלדמאַן, פרוי חוה פייגין, מנוחה אַלפּערין, א. ניימאָוויטש, נחמיה מאַלינער, אַבקעוויטש און נאָך. די בימה איז געווען פאַרזען מיטן בילד פון דר. גראָסמאַן און אויפשריפטן: „די אַרבעט אויסגעפירט פון יוסף זיידענשטאַט״.

1952 — אין אָנהייב פון חודש יאַנואַר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין הויז פון „אהל״, אויף דער איניציאַטיוו פון קינסטלער מאיר מרגלית און מיט זיין באַטייליקונג, אַ קונסט־אָוונט, וועמענס הכנסה איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם אָנדענק־בוך. געעפנט דעם אָוונט האָבן: מ. גאָלדמאַן און יום־טוב לעווינסקי. עס האָבן זיך באַטייליקט דער פידל־שפּילער יוסף קאַמינסקי, חנה זמיר־ווילקאָמירסקי (גזואַנג) און מאיר מרגלית (לייענען). ס׳זיינען געווען אַנוועזנד 600 מענטשן. די הכנסה — העכער 600 א״י פונט — איז איבערגעגעבן געוואָרן צום פאָנד פאַר דער אויסגאַבע פון אָנדענק־בוך. די פאָלגנדיקע האָבן זיך באַשטייערט פאַר דעם צוועק: ח. אייזענשטאַט, י. גבעולי, י. יפה, רוצקי, ראובן קאַפּלאַנסקי, א. קאַוויאַר, שרה זאַליצקי, רחל סלוצקאַ, א. בוקאָווסקי א״אַ.

י״ב בשבט איז איינגעאָרדנט געוואָרן די טראַדיציאָנעלע הזכרה נאָך די לאָמזשער קדושים. ר׳ ישראל לעווינסקי האָט אָנגעצונדן זעקס ליכט — אַ זכר נאָך די זעקס מיליאָן אידן, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די דייטשן. ס׳האָבן זיך באַטייליקט: ישראל לעווינסקי, משה גאָלדמאַן, בן־ציון ידידיה, קיימאַן, דער ראַדיאָ־רעדנער שמאי ראָזענבלום און די חזנים בן־משה און ידידיה. 250 פּערזאָן זיינען געווען אָנוועזנד.

אַ שיינע מסיבה איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַרלאָזאָראָוו־הויז לכבוד דעם בינע־קינסטלער מאיר מרגלית,



די ערשטע גרופּע חלוצים וואָס זיינען אַוועק פון לאָמזשע קיין ישראל אין 1922
פון רעכטס צו לינקס (שטייענדיק): מירוני (גראָדזשינסקי), ברויער. זיצנדיק: שמחה כפרי (פעלכאַוויץ), מאיר מאַרגאַלים (אַרטיסט פון „אוהל״־טעאַטער) און עקבה בורשטיין (בן־דוד).

זינט ס׳איז געוואָרן דרייסיק יאָר זינט ער האָט עולה געווען קיין א״י אַלס ערשטער „חלוץ״ פון לאָמזשע. דר. לעווינסקי האָט געעפנט די מסיבה. עס האָבן זיך באַטייליקט: זילבערשטיין, פאָרשטייער פון „אהל״, דער שרייבער נתן גורן — פאָרזיצער פון „עולי פולין״ אין ישראל, דר. העלער, י. זרובבל, י פינקעלשטיין פאָרשטייער פון אָסטראָלענקער עולים, משה גאָלדמאַן, מנוחה האַלפּערין, לאַכאָוויטש, מאיר לעווינסקי, דער קינסטלער סטוצעווסקי (טשעלאָ, ד. סאַמבורסקי (געזאַנג בציבור), שמאי ראָזענבלום (לייענען) און דער יובילאַר, וועלכער האָט געענטפערט אויף די באַגריסונגען. אויף דער זעלבער מסיבה האָט מען געוואונטשען אַ סך ברכות דער אָרגאַניזאַציע פון לאָמזשער און זאָמבראָווער אין אַרגענטינע, צו איר 25טן יובילײ. די אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט פּעקלעך מיט שפּייז צו דער געלעגנהייט. אויף אַן אסיפה איז אַרומגערעדט געוואָרן וועגן די טעטיקייטן און הילף פון לאָמזשער אין בוענאָס איירעס.

אין חודש אויגוסט איז געקומען פון אַרגענטינע ה׳ דוד דאַמאָוויטש (אַ ברודער פון באַוואוסטן ציוניסטישן מנהיג אברהם דאַמאָוויטש ז״ל) און ער האָט איבערגעגעבן צום לאָמזשער פאַרבאַנד אין ישראל אַ האַרציקן גרוס פון לאָמזשער אין בוענאָס איירעס. דאָרטן איז ה׳ ד. דאַמאָוויטש טעטיק אין אַ סך אָנשטאַלטן פון לאָמזשער. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר זיין כבוד אַ קבלת־פּנים אין גאָרטן־קאַפעי „פאר״ אונטערן פאָרזיץ פון מ. גאָלדמאַן. ברכות האָבן אויסגעדריקט: דר. לעווינסקי, דר. העלער (אין נאָמען פון „עולי פולין״), מ. אַלפּערין, א. ניימאָוויטש, מ. לעווינסקי, נאַגיזשאָווער, מאַגענצא. דער גאַסט איז געווען איבעררַאשט פון דעם קבלת־פּנים, און אין אַ שיינער רעדע האָט ער דערציילט וועגן זיין לעבנס־שטייגער אין די לעצטע יאָרן און וועגן דעם איבערברוך, וואָס איז געשען אין זיינע פּאָליטישע אָנבליקן, נאָכן אומגליק וואָס האָט געטראָפן דעם אידישן פאָלק אין מזרח־אייראָפּע און אין באַצוג צו מדינת ישראל.

דער וועד פון פאַרבאַנד פון לאָמזשער עולים איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע מיטגלידער: ישראל לעווינסקי (ערן־פאָרזיצער), משה גאָלדמאַן (פאָרזיצער), ישראל יפה שניצער, חנה צעכאַנאָווסקאַ, דוד נאַגישאָווער, ישראל בראָמבערג, מאיר לעווינסקי, מנוחה אַלפּערין, סופינסקי בנימין.

דער וועד פון גמ״ח איז געווען פון פאָלגענדיקע חברים: ישראל יפה, ישראל בראָמבערג, חייה גאָלדמאַן, חנה צעכאַנאָווסקאַ.

דער קאָמיטעט פאַר אַרויסגעבן אין ישראל דעם אָנדענק־בוך נאָך דער לאָמזשער קהלה איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע מיטגלידער: משה גאָלדמאַן, פאָרזיצער, רבקה ערליך־פּאָדרוזשניק (חיפה), חייה גאָלדמאַן, פייוול ווישניאַק, שרה זאַליצקי־בזשאָזאַ, יאַגאָדאָווסקי, יצחק (ירושלים) ניימאָוויטש אברהם, רחל סלוצקי־ראָזענבלום, דבורה קאָפּילאָוומאַיאַק, חנה קאָפּלאַנסקי־וויניצקי, אסתר שיינהויז־פרידמאַן, י. בראָמבערג.



אַ גרופּע חלוצים פון לאָמזשע אין ישראל

# לאָמזשער העלדן און מאַרטירער אין ישראל

צווישן ישראל גיבורים, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט און באַפרייט אונזער פאָטערלאַנד, זיינען לאָמזשער געווען נישט ווינציק אין צאָל. אַ סך פון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין שלאַכטן און אין אַנדערע וויכטיקע אַקטיוויטעטן אין אונטערגרונט פון „הגנה“ און אירע צווייגן: גדינ“ע, פלמ“ח, און בירגער־שוץ, פּאָליציי־דינסט, אין די אָפּטיילונגען פון אצ“ל און לח“י, אין דער בריטישער אַרמיי און אין דער אידישער בריגאַדע, אין נאַציאָנאַלע שליחות׳ן מיט מיליטערישע אויפגאַבן און בירגערלעכע.

פון די לאָמזשער וואָס לעבן היינט מיט אונז — אויף לאַנגע יאָרן — דאַרפן פאַרצייכנט ווערן: רות, טאָכטער פון מאַשאַ (ז“ל) און גרשון בורשטין, פון די העלדן פון „בית־אשל“; שירה, טאָכטער פון אסנת ביבער בונה, אַקטיווו אין דער פאַרטיידיקונג פון ירושלים; אלוף־משנה דר. אברהם עצמון־בלומאָוויטש — אין דער שפּיץ פון דער מעדיצינישער אָפּטיילונג אין צה“ל; שלמה בר־ניב (באַרנעוויטש) — חבר פון „קבוץ המאוחד“ אין שדה נחום, מיטגליד פון פלמ“ח און פון דער אָפּטיילונג „הרא“ל“. צווישן די, וועלכע האָבן דורכגעבראָכן דעם וועג קיין ירושלים: די ברידער גבעולי (זין פון יעקב פיאָנטניצקי); דער לערער נחמן, האָט געדינט פינף יאָר אין חי“ל און איז געווען סעקרעטאַר פון בריגאַדיר דזשיימס ראָטשילד, און דער צווייטער, שאול, איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכער קאָמאַנדיר אין „נירים“ אין דער באַלאַגערונגס־צייט פון מצרים און אין די צווייטע שלאַכטן אין נגב; יוסף, זון פון א. ז. און שרה גאָעל־שאַפּיראָ, האָט פאַרלאָזן זיין שטודירן אין אַמעריקע און איז אַריינגעטראָטן אין צה“ל אין מיטן דער באַפרייאונג־מלחמה; שמואל, זון פון חיים־יצחק גלינקאַ פון פלמ“ח־מיטגלידער, האָט זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן און דערגרייכט אַ הויכע מדרגה אין צה“ל; שרה און דינה, טאָכטער פון משה און חיה גאָלדמאַן, אַקטיווע טוערינס אין „הגנה“; אַ זון פון חיים־מאיר גלינקאַ — אַן אָפיציר אין צה“ל; רבקה, אַ טאָכטער פון ישעיה זאָלאָנדזש — פון דער אַרמיי־אָפּטיילונג א. ט. ס., האָט געטאָן די שווערסטע אַרבעט אין די מדבריות פון מצרים, אין קיך און אין די שפּיטאָלן. האָט געקראָגן פון דער בריטישער קאָמאַנדע דריי אויסצייכענונגען; יצחק יאַגאָדאָווסקי און נימרוד זיין זון: דער פאָטער — קאָמאַנדיר אין דער פאַרטיידיקונג פון ירושלים און דער זון — אַן אָפיציר אין צה“ל; ישראל יפה שניצער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין די יפה׳ער אומרוען אין יאָר 1934, איז געווען טעטיק אין בירגער־שוץ (משמר האזרחי) און אין דער „הגנה“, היינט אַ פאַראַנטוואָרטלעכער אָפיציר איבער די סקלאַדן מיט געווער אין צה“ל; נחמן לעווינסקי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אידישער בריגאַדע זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן אין איטאַליע און האָט נאָכדעם געדינט אין אַן אָפּטיילונג פון פלמ“ח און צה“ל; אריה מאָרגענשטערן, אָפיציר אין מעדיצינישער דינסט; אריה עירוני, זון פון בנימין און רבקה, האָט זיך באַטייליקט אין העלדישע שלאַכטן אויפן ים און יבשה אין דער „הגנה“ און אין צה“ל; די ברידער פערלבערג, זין פון יצחק און אביביה; דער עלטערער, אריה, איז געשיקט געוואָרן אויף די „מעפּילים“, און דער צווייטער, אברהם, אַ חבר פון פלמ“ח, פון די איינצלנע געבליבענע פאַרטיידיקער פון די פעסטונגען פון „גוש־עציון“, האָט געקעמפט פנים אל פנים, אַ קאָמאַנדיר פון דער הרא“ל, באַטייליקט זיך אין די קאַמפען פון „נחשון מכבי“, „עין“ (ביים באַרג סיני) און צווישן די וועג־דורכברעכער קיין ירושלים; קאַפּלאַנסקי, אַן אייניקל פון ר׳ פייוול קאָווקעוויטש ז“ל, פון די אַקטיווע חברים אין דער „הגנה“, האָט פאַרלוירן זיין האַנט אין דער מלחמה; י. ראָזענבלום — טעטיק אין דער רעליגיעזער אָפּטיילונג אין „הגנה“ און שפּעטער אַן אָפיציר אין צה“ל.

און נאָך אַ סך וואָס האָבן פאַרטיידיקט דאָס לעבן און פאַרמעגן פון אידן אין ארץ ישראל און זיי האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס פאַר דער באַפרייאונג פון אונזער פאָטערלאַנד אין פאַרשיידענע פונקטן פון ישוב, ביים גרענעץ און אין מיטן לאַנד, אין דער לופט און איבער די ים־כוואַליעס.

## לאָמזשער לאַנדסלייט אין דער ישראל־אַרמיי און אין דער הגנה


אברהם פערלבערג


שלמה בר־ניב (ברעזאָוויץ)


יצחק יאַגאָדאָווסקי און זיין זון נמרוד


נחמן גבעולי (פיאָנטניצקי)


שאול גבעולי (פיאָנטניצקי)



די פאַמיליע וואַסער פון גראַ־
יעווע וואָס איז געקומען קיין
לאַמזשע שטעלן אַ מצבה אויפן
קבר פון מאַן און פאָטער אין יאָר
.1896



די עגלה (דער טויטן־וואָגן)

אַ לוויה אין שטאָט



# אין אייביקן
# אָנדענק



חבל על דאבדין ולא משתכחין

---

# אין אייביקן אָנדענק

די לאָמזשער אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דעם אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן לאָמזשער פנקס, דריקן אויס דעם טיפסטן צער און טרויער איבער די זעקס מיליאָן אומגעקומענע אידן אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט.

באַזונדער טרויערן מיר אויף די אומגעקומענע לאָמזשער אידן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אונזערע משפחות, אונזערע נאָענטסטע און ליבסטע.

זייער אָנדענק וועט אייביק לעבן אין אונזערע הערצער.



לאָמזשער שול חברה „חכמת אדם אנשי לאָמזשע וגאטש״

לאָמזשער אייד סאָסייעטי

לאָמזשער ברענטש 216 אַרבעטער־רינג

לאָמזשער יוגנט צווייג ברענטש 484 אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד

פרויען קלוב פון ברענטש 216 אַרבעטער־רינג

פרויען קלוב פון צווייג 484 אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד

הילפס־געזעלשאַפט פון לאָמזשער פרויען (לאָמזשער ליידיס רעליף סאָסייעטי)

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם
לא נפרדו.

# אלה אזכרה...



מיין פאָטער און מוטער

## ר׳ חיים הערש און פייטשע סטזשאלקא

שוועסטער

רבקה און רחל

באָבע

צביה סטזשאלקא

זיידע

ר׳ שמואל בריזמאַן

אָנקל און טאַנטע

הערצקע און ענטשע סטזשאלקא

(פון דער היים אסאוויעצקא)

און פאַמיליע

אָנקל און טאַנטע

לייזער און פייגל סטזשאלקא

(פון דער היים זובערסקא)

און פאַמיליע

אָנקל און טאַנטע

שלום און נעכע האלצמאַן

און פאַמיליע

אומגעקומען על קידוש השם!

מאיר סטזשאלקא-וויים



מיין אומפאַרגעסלעכן

ברודער

## עזרא שימאנאָוויטש

אומגעקומען דורך די נאַצים

אין טרויער

וויליאַם און גוירדי סיימאַן

(ברודער און שוועגערין)



יזכור

# אברהם באָבראָווסקי
(פאָטער)

# עלקע
(מוטער)

# יודקע (ברודער) זכריה (ברודער)

דזשאָזעף באָבראָוו

בעקי וועב

דזשעני טייכמאַן

# אין אָנדענק פון אונזער פאַמיליע





פאָטער **שמואל טאקארסקי**
מוטער **פרומע**
שוועסטער **בעלאַ**
שוואָגער **דוד מעלניק**
פלימעניצע **דאָראַ מעלניק**
שוואָגער **סראָלקע ריבאַק**
שוועסטער **ראָוז ריבאַק**
שוועסטער **אדעס ריטשמאנד**
שוואָגער **דייוו ריטשמאַנד**
**מאָרים בעלגער** (ברודער פון מאשקע בעלגער)

## אין טרויער פאַרבליבענע

ראלה און מאשקע טאָקער
טשאַרלי און בערטאַ טאָקער
מיכל און ריבטשע טאָקאַרסקי
סראָלקע און גיטל בוכבינדער
סארא און חנא גראס
דושעק און סארא מעלניק





אין אַנדענק פון אונזערע עלטערן

## יונה פּוכאַלסקי
## מרים דבורה פּוכאַלסקי

די קינדער

יעקב
הענאַך
פּעני

שרה
ריקל
רחל



אין אָנדענק פון מיין ליבער אומפאַרגעסלעכער פרוי

# מאַטילדא

מאָריס דאָלאָוויץ

---

אין אָנדענק

פון

יהושע לייב ב״ר מאיר דאָלאָוויטש

יעקב שרגא ב״ר מאיר

לאה רבקה בת ר׳ מאיר

שרגא יעקב ספיוואק

חנה חיה ספיוואק

דר. און פרוי מאָריס דאָלאָוויט

---

אין אָנדענק

פון מיין אומגעקומענער פאַמיליע

היימי דאלאוויץ

אין אייביקן אָנדענק נאָך מיין ליבער אומפאַרגעסלעכער פרוי

# אַדעל איסמאַן

(געשטאָרבן דעם 15טן נאָוועמבער, 1952)

איר אָנדענק וועט מיר שטענדיק באַגלייטן.

מאָריס איסמאַן

---

מיין אָנקל, מיין מוטערס ברודער

## ר׳ שמואל בלאשקי

מיט דער גאַנצער פאַמיליע

מיין שוואָגער, מיין ווייבס ברודער

## ר׳ חיים יואלס פעלנער

(ווישקעווער שוחט׳ס זון)

פאָטער און זון געווען שוחט ובודק אין לאָמזשע איבער 50 יאָר

חיים יואלס פרוי ליבע מיט די קינדער
אַלע אויסגע׳הרג׳עט ר״ל.

ת נ צ ב ״ ה

מיין שוואָגער, מיין ווייבס ברודער

## ר׳ יצחק אליהו פעלנער

(ווישקעווער שוחט׳ס זון)

שוחט ובודק אין טלושץ, לעבן וואַרשע

די גאַנצע פאַמיליע אומגעקומען ז״ל.

הרב ר׳ חיים נתן גאָלדבערג

---

אין אָנדענק פון

## עלע טאקסאן

(געשטאָרבן דעם 22טן דעצעמבער, 1955)

מינדל טעקסאן
רחל קורלענדער
איילין און דזשערי קורלענדער
אייניקלעך



לזכר אבי היקר

## ר׳ עקיבא יעקב ז״ל



ומרת

## צירל יאקובי ע״ה

לזכר אחי היקרים

## ישעיהו, נחמן, אהרן לייב, אליהו, ופסח יאקובי

ז״ל

לזכר אחיותי היקרות

## לאה, ציפה, שרה ואסתר

ע״ה

יצחק יאקובי



צום אָנדענק פון אונזער ליבן
חשובן זיידן

## ר׳ גדליהו אַמבראָוויטש ז״ל

אונזער באָבע האשה הצנועה

## מרת סימע ע״ה

צום אָנדענק פון אונזער ליבן פאָטער
הרבני

## ר׳ יוסף הכהן עפשטיין ז״ל

אונזער ליבע מוטער

## מרת שיינע־שרה עפשטיין ע״ה

צום אָנדענק פון אונזערע ברידער

## אברהם יצחק
און
## פנחס עפשטיין

ז״ל

צום אָנדענק פון אונזער ליבער
שוועסטער

## מרת רחל קאַפּלאַן ע״ה

ביילע ווייל
משה עפשטיין
דוד עפשטיין
שלמה אליהו עפשטיין
חיים עפשטיין





אין אָנדענק פון מיין טאַטן
**אברהם־לייב ראַדינאָווסקי**
דער מאַמען **שיינע־לאה**

ברודער
**הערשל**
**ראַדינאָווסקי**

ברודער
**מרדכי**
**ראַדינאָווסקי**
און זיין פרוי



דער שוועסטער
**חיה־שרה** און איר מאַן **שמחה שומסקי**
און זייערע 4 קינדער

**יודל גאָלדבערג און פאַמיליע**

# אין אייביקן אָנדענק

פון מיין

פאָטער **יצחק סאבאטקא**

געשטאָרבן אין אַמעריקע

מוטער **דבורה**

געשטאָרבן אין געטאָ

ברודער **אברהם־אליהו**

געשטאָרבן אין לאָמזשע

ברודער **משה׳קע**

אומגעקומען

שוועסטער **ריווטשע**

מיט איר מאַן און קינד אומגעקומען

אין טרויער

**העניך סאבאטקא**



אין אייביקן אָנדענק פון אונזער פאָטער

**אברהם משה קרעמער**

מוטער

**מאַשע־איטקע**

און שוועסטער

**חנה ראָזענבערג**

די קינדער:

חייטשע סאַבאָטקא
לייטשע טאַבאַנצקעוויץ
בעני קרעמער

---

מיט פאַרוויטיקטע הערצער דערמאָנען מיר אונזער טייערן און ליבן פאָטער, וועמען אַלע אין לאָמזשע האָבן געקענט אַלס „מאַטעס דער בלעכער" פון דער לאַנגער גאַס 30, אין הערש־בער גערשטשינסקי׳ס הויף, און אונזער ליבער מוטער און טייערע שוועסטערס און ברודער. מיר קענען אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

לזכר אבינו היקר **מתתיהו לייביק**

״ אמנו היקרה **חוה שרה לייביק**

״ אחיותינו היקרות **ברכה ודבורה**

ואחינו היקר **יעקב**

מיר פאַראייביקן מיט גרויס כבוד דעם אָנדענק פון אונזער טייערער און ליבער פאַמיליע.

די קינדער:

**עזרא לייביק און זיין פאַמיליע**

און אייניקלעך:

**צבי, לאה** און **יצחק דורצין** (תל־אביב, ישראל)
**צבי, הדסה** און **חיה׳לע לייביק** (תל־אביב, ישראל)
**משה, גיטל, מרים** און **חוה׳לע בראון** (ירושלים, ישראל)

# לעווטאהן פאַמיליע



צום אייביקן אָנדענק פון אונזערע ליבע עלטערן, שוועסטער און ברידער

## חיים דוב און חנה דבורה לעווטאהן

## שיינע זעלדע לעווטאהן

און קינדער

**פסח לעווטאהן**
און פאַמיליע

**אלתר קאווקעוויץ**
און פאַמיליע

די קינדער

**נעכע סרעברעבראָוויץ**

**שרה בלומראזען**

**גאָסע גראַסמאַן**

**אהרן לעווטאהן**

**ראובן לעווטאהן**

## אין אייביקן אָנדענק




פון מיין אומפאַרגעסלעכן פאָטער

## ר׳ פסח־איסר גנעלצינסקי ז״ל

מוטער

## נחמה־זלאַטע



מיין געטרייע פרוי

## דינה גאָלדין

שוועסטער

## לייבל (איטשע מאַטל׳ס)

שוואָגער

## חינקע סאַפיר

שוועגערין

## חיה־שפרינצע (סאָניע) סאַפיר

משה גאָלדין
מרדכי-לייב (לואיס) גאָלדין
און פאַמיליע
יעקב-יוסף (דזשעק) גאָלדין
און פאַמיליע
שרה מאלווין און איר מאַן סידני
לילי גאָלדין

## לזכרון עולם

פון אונזער פאַרשטאָרבענער און אומגעקומענער משפחה





**שיינע קשיוואַנאָס**
(ר׳ פסח איסר׳ס טאָכטער)
פרוי פון מלמד
**אברהם-חיים קשיוואַנאָס**

**משה גאָלדינג**
(שיינע׳ס זון, פסח־איסר׳ס אייניקל)
אומגעקומען דורך די נאַציס אין פאַריז

**מיכל (מאַקס) ראַבינאָוויץ**
געשטאָרבן אין אַמעריקע

שיינעס טאָכטער **יענטע** און מאַן
געשטאָרבן אין פאַריז

אייניקלעך
**חיה-שפרה** און **אברהם׳ל**
אומגעקומען דורך די נאַציס אין לאָמזשע

**שרה ראַבינאָוויץ** (שיינע׳ס טאָכטער)
און קינדער
**רחל** און איר מאַן **אייב מאַלעסקי**
און קינדער
זון **סעם גאָלדין**
**דזשוליוס און פאַמיליע**
**סידני און פאַמיליע**
**משה גאָלדין** (אנקל) און קינדער

## לזכר



אונזער טייערער פאָטער **ר׳ אהרן אָקון**
(נפטר געוואָרן אין אַמעריקע א׳ ראש־השנה
תשי״א—1950)

אונזער טייערע מוטער **שיינע-שרה**
(געשטאָרבן אין סיביר ט׳ טבת, תש״ה
דעצעמבער 25, 1944)

אונזער טייערער ברודער **נחום אָקון**
(געשטאָרבן אין ראָסטאָוו־דאָן, ו׳ ניסן, 1920)



אונזער טייערער שוואָגער
**הרב ר׳ יהודה מוזיקאנט ז״ל**
אונזער טייערע שוועסטער **שאָשע מוזיקאַנט**
מיט זייערע קינדער
**בצלאל-אליעזר, רבקה** און **חנה**
אַלע אומגעקומען דורך די נאַצים אין לאָמזשע

די אין טרויער־געבליבענע מיטגלידער פון דער משפחה:

**ה׳ וואָלף אָקון**
**נח אָקון און זיין משפחה**
(ישראל־בירגער)
**לייב־הערש אָקון און זיין משפחה**
(אין סינסינעטי, אַמעריקע)

**יעקב אָקון און זיין משפחה**
(ניו־יאָרק)
**גבריאל אָקון** (אין ברוקלין)
**טויבע** מיט איר מאַן **יעקב־קאָפּעל ברוכאַנסקי**

**לאה** מיט איר מאַן **שלמה יצחק הלוי פאַרבער**
און זייער זון **נפתלי־גרשון**
(אין ברוקלין)

---





געשטאָרבן אין לאָמזשע
**פאָטער**
# ר׳ יצחק־אהרן וויערזשבא
מוטער **חיה**

אומגעקומענע
**אסתר, מלכה, שרה** און **לייבל**

**א ב ל י ם:**

| | |
|---|---|
| ישראל׳קע | יאַנקל |
| חוה | שמעון |
| דבורה׳קע | ראָכקע |
| רבקה | לאה׳צע |









## צום אײביקן געדענקען



אונזער
טײערער
פֿאָטער
**ר׳ אליהו**
**ברוכאַנסקי**



אונזער
ליבע
מוטער
**גוטע־רײזל**
**ברוכאַנסקי**
**(שײנקאָפּ)**
(געשט. אין לאָמזשע
אין 1930)





אונזער ברודער **חיים־מלכיאל**, געשטאָרבן אין לאָמזשע אין יאָר 1939 ; זײן פֿרוי **רחל־לאה**, זײער זון **הערשל** און טאָכטער **ברײנע** מיט איר מאַן און קינדער, װעלכע זײנען אומגעקומען אין סלאָנים אין יאָר 1939.

אונזער ברודער **מנחם**, געשטאָרבן פֿון הונגער אין סעראַצקער געטאָ אין יאָר 1940, זײן פֿרוי און קינדער : **אסתר לאה**, **שבתי**, **שײנדל**, **אברהם**, **שרה**, **רבקה**, **זיסל**, **רײזל** ; **שעפּסל** און **לאה** מיט איר פֿאַמיליע, אומגעקומען דורך די נאַצים אין יאָר 1943.



אונזער ברודער **משה־מיכל** און זײן פֿרוי **רחל** מיט זײערע צװײ טעכטער, װעלכע זײנען אומגעקומען על קידוש שם ישראל צוזאַמען מיט דער גאַנצער לאָמזשער אידישער באַפֿעלקערונג דורך די נאַצים אין אָשװיענצים אין יאָר 1943 ; אונזער שװעסטער **יוכבד**, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1954.

אויף די דאָזיקע ליבע און טײערע װעלן שטענדיק טרויערן מיר, די איבערגעבליבענע ברידער און שװעסטער :

**יעקב־קאָפּל, שלמה** און **שרה** (אין ניו־יאָרק)
און **דײכע** (אין שיקאַגאָ)

---

## אין אָנדענק פֿון אונזער

פֿאָטער **ר׳ משה צוקערמאַן**

מוטער **דבורה׳קע**

ברודער **לײבל צוקערמאַן**

שװעסטער **שרה**

שװעסטער **חנה**

**די אין טרויער־געבליבענע**

**מאַקס** (מאָטעס)
**בעלטשע** (כאַשקע)
**שײנע־רחל**
**סעם** (שמואל)
**דזשעק** (יעקב)



צום אָנדענק פון אונזער

## פאַמיליע פרידמאַן

אונזער מוטער
**דבורה פרידמאַן**
(געשטאָרבן תמוז, 1913)

אונזער פאָטער
**לייב פרידמאַן**

אונזער טאַנטע
**בלומע פרידמאַן**

אונזער ברודער
**מאָטל פרידמאַן**

אונזער שוועסטער
**מלכה פרידמאַן**

אַלע אומגעקומען דורך די נאַציס

אין טרויער פאַרבליבענע:
יוסף פרידמאַן און משפחה
ענע לאַווענטאַל און משפחה
שרה ענאָוויטץ און משפחה
פייגע אַנדער און משפחה
לעאָן פרידמאַן און משפחה

מיינע אומגעקומענע טאַטע־מאַמע
**איטשע מאיר און אַלטע אַלטשולד**

דער זון
**דוד אַנדער (אַלטשולד)**

אַ דענקמאָל נאָך דער

## פאַמיליע שעמיאַוויטש

אונזערע עלטערן
**יצחק און ליזאַ שעמיאַוויטש**

שוועסטער
**סאָניא און פעלאַ סערייסקא**
און פאַמיליע

ברודער
**דוד**

שוואָגער
**ארטור נאָווינסקי**

די פאַרבליבענע קינדער

**געניאַ פרידמאַן**
**און לעאָן**

**פאַניע אָרלאָווסקא**
**און פאַמיליע**



אין אָנדענק פון אונזער פאַמיליע

# הורוויץ

פאָטער **גדליהו**

מוטער **איטקע־חוה**

(פון הויז קאַפּלאַן)

**מאָטל**

**קלמן**

**חנה**

**וועלוול**

**פיינל**

אין טרויער

**דוד הורוויץ**

**און פאַמיליע**



אונזער באַליבטער זון און ברודער

# אַרקע

דערמאָרדעט געוואָרן צוזאַמען

מיט זיין פרוי

# מלכה

און צוויי אינגלעך

הינטער סלאָנים, אויפן וועג צו די פּאַרטיזאַנער.

אין טיפן טרויסטלאָזן טרויער

די עלטערן

**אברהם יצחק און טויבע**

**זודקעוויטש**

**די ברידער און שוועסטער אין**

**ישראל און אין אַמעריקע**

---

צום אייביקן אָנדענק פון מיין ליבן פאָטער

# ר׳ שמואל ב״ר יהודה מתתיהו בריזמאַן

באַוואוסט אלס „שמולקע דער בלעכער"

וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן דורך די גרויזאַמע נאַצים. ימח שמם!

דער זון **מאָריס בריזמאַן**

אין אייביקן אָנדענק פון אונזערע עלטערן

**יוסף און נחמה זילבערשטיין**

פון אונזער שוועסטער און שוואָגער

**צילא און אייזיק צוקערברוים**

און זייער טאָכטער

**מרים**

(אַלע אומגעקומען פון די נאַצים)

אונזער שוועסטער

**שרה (באָבע) ביאלי**

זון און ברודער
מרדכי (מארטי) סילווערסטיין
און פאַמיליע
טאָכטער און שוועסטער
שיינקע ביאלי

---

## אין אָנדענק

פון

יצחק ביאלי
אסתר־רייזל ביאלי
יצחק־יוסף (אילא) ביאלי
רפאל ביאלי
אומגעקומען דורך די נאַצים.

שיינקע ביאלי
מיכל ביאלי און פאַמיליע
און גבריאל ביאלי

---

שוואָגערס, שוועגערינס, אָנקלס, טאַנטעס
און זייערע קינדער

**מענדל און ליזאַ ביאַלי, אומגעקומען דורך די נאַצים**
**נחום בזשעזשינסקי**
**לענאַ בזשעזשינסקי, אומגעקומען דורך די נאַצים**
**זייערע קינדער משה (מיעטעק) בזשעזשינסקי**
**זיין פרוי בעלאַ און זון נאָרבערט (נאָלעק)**
**מירא בזשעזשינסקי**

אויך אונזערע נאָענטסטע קרובים:
**אברהם און ראָזע קאגאַן מיט זייערע קינדער**
**דניאל, זיין פרוי און טאָכטער**
**אויך אסתר און ישראל קאגאַן**
**פייגל (פעלע) בזשעזשינסקי**

שיינקע ביאַלי
מיכאל ביאלי
גבריאל ביאלי
חוה פייגין (ביאלי) און פאַמיליע
(תל־אביב)
ישראל ביאַלי און פאַמיליע
(תל־אביב)

## אין אָנדענק

פון מיינע פאַרשטאָרבענע

קרובים

**ס. גראָסמאַן**

---

## אין אָנדענק

פון

חיים ב״ר יעקב וויינשטיין

שרה בת ר׳ שבתי הלוי וויינשטיין

**דזשייקאָב שאאל**

אין אָנדענק פון מיינע עלטערן



מיין מוטער

# פערל סמיט

(מיידלשער נאָמען דאָמבאָוויץ)

איזידאָר סמיט

אין אָנדענק פון דער

## זאלאַנדזש פאַמיליע

פון פיאָנטניצע, ביי לאָמזשע

ציפע זאלאנדזש־פריימארק
אברהם פריימאַרק
זיסקינד פריימארק
יהודה פריימארק
מרדכי פריימארק

פאול זאלאנד

אין אָנדענק

פון מיין אומפאַרגעסלעכן מאַן

## לואי (לייבל) זעכנאָוויץ

נעמי זעכנאָוויץ



צום הייליקן אָנדענק פון מיין אומפאַרגעסלעכער

פרוי **פאני** און טאָכטער **דאָראַ**

מיין ברודער

**אברהם משה** און פרוי **פעשע**

און צוויי זין

**שמואל** און **דוד**

ביז צום סוף פון מיין לעבן וועל איך דעם צער טראָגן אין זיך.

סעם פיגא (שאריק)

---

אין אָנדענק פון

**משה מאיר ראטנער**

מאָריס סנאו און פאַמיליע

---

צום אָנדענק פון מיינע עלטערן

**יאָסל און שרה סלאמצעוויץ**

אַלעקס סלאם

---

**אין אָנדענק**

**פון די פאַרשטאָרבענע מיטגלידער**

**אין מיין פאַמיליע.**

מר. און מרס. גרין

---

**אין אָנדענק**

פון מיינע דריי שוועסטער

**עטקע, רבקה, מלכה**

און ברודער

**ישראל פינקעלשטיין**

וואָס זיינען אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער.

**נחמיה פינקעלשטיין**

(הערמאן פינק)



מיין ברודער
**יהודה**
מיין שוועסטער
**טויבע**

אומגעקומען דורך די נאַציס

סעם אַלפּערט און פרוי

---

אין ליכטיקן אָנדענק
פון די פאַרשטאָרבענע מיטגלידער פון דער
**קעלער פאַמיליע**
(קאקאשקא אין לאַמזשע)

פאָטער בנימין; מוטער חיה־פריידקע; ברודער זעליק; שוועסטער שרה־עטקע מיט איר מאַן אייזיק קאַץ; שוועסטער פייגל מיט איר מאַן מרדכי טאָביאַש און קינדער: רבקה׳לע און יעקב־הערשעלע.

אַלע אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער.

די שוועסטער: צביה עפּשטיין
רחל טאובמאַן
דבורקע ראַוועט

די ברידער: יצחק, לייזער און
מרדכי קעלער

---

אין אָנדענק פון מיין

פאָטער **הערשל** און מוטער **מלכה**
**מילעווסקי**

מאָרים מילער און פאַמיליע

---

אין אָנדענק פון מיין פרוי

**דזשעני**

דזשייקאָב שיין

---

אין אָנדענק פון אונזער

פאָטער **חיים** און מוטער **רחל**
**ראמאַן**

סילוויא, פּאָול און מערילין
ראמאַן

אין אָנדענק

פון מיינע ליבע עלטערן

פאָטער

# אברהם סאקאליק

מוטער

# שרה־דבורה סאקאליק

פון לאָמזשיצע, ביי לאָמזשע

דער זון

אהרן הירש (הערי) סאקאליק

סט. לואיס, מיזורי

---

אין אָנדענק

פון אונזער ליבן אומפאַרגעסלעכן מאַן

און פאָטער

# סעם שניידער

הילדאַ שניידער

בלענטש קאהן (שניידער)

---

אין אָנדענק פון דער

# קאַפּלאַן פאַמיליע

פאָטער הערש וואלף
מוטער חיה
ברודער אברהם
שוועסטער חוה

זעליג צירמאַן און פרוי
זייער טאָכטער רוט
זייער זון טאָמאַס

אומגעקומענע אין דער היטלער־שחיטה.

געשטאָרבענע אין אַמעריקע:

ברודער מאָרים קאַפּלאַן
היימאַן ס. קאַפּלאַן

סאָפי קאַפּלאַן

מילדרעד האָראָוויץ

---

אין אייביקן אָנדענק פון מיין מאַן

# ר׳ חיים ב״ר לייב מארגאָלים

פאָטער פון

שרה־טויבע און רחל־מרים

מיר וועלן אים שטענדיק געדענקען און טייער האלטן זיין נאָמען.

זיין פאָטער, לייב מאַרגאָלים, איז געשטאָרבן אין 1947.

זיין שוועסטער און שוואָגער

מרים און שמולקע מארגאָלים

זיינען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

אַנאַ (חנה) מאַרגאָלים

אין אָנדענק פון

## וויקטאָר פערלאַ
## יעטאַ פערלאַ
## ראָוז פערלאַ

לואי פערלאַ

---

אין אָנדענק פון דער

## ענאָוויץ און דרעקסלער פאַמיליע

פאָטער איציק ענאָוויץ ז״ל

אָנקל ר׳ נחמן דרעקסלער ז״ל

אדם, יהודה און מרים ענאָוויץ

---

אין אָנדענק פון מיין פאָטער

## לואיס בערענשטיין

(געשטאָרבן דעם 2טן סעפּטעמבער, 1946
אין אַמעריקע)

מיין טאַנטע

## מרים בערענשטיין

(געשטאָרבן דעם 12טן יאַנואַר, 1951)

מארי בערענשטיין

---

אין ליכטיקן אָנדענק

פון

## עליאש און ראָוז סטיין

